# י. סטאַלין

# פראַגן פון לעניניזם

איבערגעזעצט פון דער
10-טער רוסישער אויפלאַגע

פאַרלאַג „עמעס“, מאָסקווע 1936

# אינהאַלט

זייט

## די סאַכאַקלען פֿונעם ערשטן פֿינפֿיאָר



## וועגן דער אַרבעט אין דאָרף



## רעדע אויפֿן ערשטן אַלפֿאַרבאַנדישן צוזאַמענפֿאָר פֿון די קאָלווירטניקעס־שלאָגלער

זייט

# וועגן די יעסוידעס פונעם לעניניזם

לעקציעס, געלייענט אין סווערדלאָווער אוניווערסיטעט אָנהייב אפּרעל 1924 יאָר

דעם לענינשן פּריזיוו ווידמע איך
י. סטאַלין

יעסוידעס פונעם לעניניזם — דאָס איז א גרויסע טעמע. אַפּ אויסצושעפּן זי דארף מען האָבן א גאַנץ בוך. נאָכמער — מע דארף האָבן א גאַנצע ריי ביכער. איז דעריבער נאַטירלעך, אז מײַנע לעקציעס קאָנען ניט זײַן קיין אויסשעפּנדיקע איבערגעבונג פונעם לעניניזם. זיי קאָנען, אין בעסטן פאַל, זײַן בלויז א געפּרעסטער קאָנספּעקט פון די יעסוידעס פונעם לעניניזם. דאָך האַלט איך פאַר נוצלעך איבערצוגעבן דעם דאָזיקן קאָנספּעקט, קעדיי צו געבן אייניקע גרונטלעכע אויסגאַנג־פּונקטן, וועלכע זײַנען נייטיק פאַרן דערפאָלגרײַכן שטודירן דעם לעניניזם.

איבערגעבן די יעסוידעס פונעם לעניניזם הייסט נאָך ניט איבערגעבן די יעסוידעס פון לענינס וועלט־אָנשויונג. לענינס וועלט־נשויונג און די יעסוידעס פונעם לעניניזם — דאָס איז לויטן פאַרנעם ניט איינס און דאָס זעלביקע. לענין איז א מאַרקסיסט, און דער יעסאָד פון זײַן וועלט־אָנשויונג איז, פאַרשטייט זיך, דער מאַרקסיזם. דערפון איז אָבער קלאַל ניט געדרונגען, אז איבערגעבן די יעסוידעס פונעם לעניניזם דארף מען אָנהייבן פון איבערגעבן די יעסוידעס פונעם מאַרקסיזם. איבערגעבן דעם לעניניזם — הייסט איבערגעבן דאָס באַזונדערע און נײַע אין לענינס ווערק, דאָס, וואָס לענין האָט ארײַנגעבראַכט אינעם אַלגעמיינעם אוצער פון מאַרקסיזם און וואָס איז נאַטירלעך פאַרבונדן מיט זײַן נאָמען. בלויז אין דעם זינען וועל איך אין מײַנע לעקציעס ריידן וועגן די יעסוידעס פונעם לעניניזם.

אַלזאָ, וואָס איז אַזוינס לעניניזם?

איינע זאָגן, אז לעניניזם איז די אָנווענדונג פונעם מאַרקסיזם צו די אייגנאַרטיקע באַדינגונגען פון דער רוסלענדישער סוויווע. אין דער דאָזיקער דעפיניציע איז פאַראַן א טייל עמעס, זי שעפּט אָבער ווײַט ניט אויס דעם

גאנצן עמעס. לעניג האָט חירקלעכ אָנגעווענדט דעם מארקסיזם צו דער רוסלענדישער ווירקלעכקייט און אָנגעווענדט אים מייסטערהאפט. אָבער ווען דער לעניניזם וואָלט זיין בלויז אן אָנווענדונג פונעם מארקסיזם צו דער אייגנארטיקער סוויווע פון רוסלאנד, דעמלט וואָלט דער לעניניזם געווען א ריין נאציאָנאלע און בלויז א נאציאָנאלע, א ריין רוסישע און בלויז א רוסישע דערשיינונג. מיר ווייסן אָבער, אז דער לעניניזם איז א דערשיינונג אן אינטערנאציאָנאלע, וואָס האָט וואָרצלען אין דער גאנצער אינטערנאציאָנאלער אנטוויקלונג, און ניט בלויז א רוסישע. אָט פארוואָס איך מיין, אז די דאָזיקע דעפיניציע ליידט פון איינזייטיקייט.

אנדערע זאָגן, אז דער לעניניזם איז די אופלעבונג פון די רעוואָ־ליוציאָנערע עלעמענטן פונעם מארקסיזם פון די 40-ער יאָרן פון XIX יאָר־הונדערט, צום אונטערשייד פונעם מארקסיזם פון די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען ער איז קלוימערשט געוואָרן מעסיק, ניט־רעוואָליוציאָנער. אויב מע זאָל זיך אבסטראהירן פון אָט דער נארישער און וואולגארער איינטיילונג פון מארקס לערע אף צוויי טיילן, אף א רעוואָליוציאָנערן און א מעסיקן, מוז מען מודה זיין, אז אפילע אין אָט דער לאכלוטן ניט־גענוגער און ניט־באפרי־דיקנדיקער דעפיניציע איז פאראן א טייל עמעס. באשטיינ באשטייט ער, אָט־דער טייל עמעס, דערין, וואָס לעניג האָט ווירקלעכ אופגעלעבט דעם רעוואָליוציאָנערן אינהאלט פונעם מארקסיזם, וועלכן די אָפּאָך טוניסטן פו II אינטערנאציאָנאל האָבן געהאט פארמויערט. דאָס איז אָבער נאָר א טייל עמעס. דער גאנצער עמעס וועגן לעניניזם באשטייט דערין, וואָס דער לעניניזם האָט ניט בלויז אופגעלעבט דעם מארקסיזם, נאָר ער האָט נאָכ געמאכט א טריט פאָרויס, אנטוויקלענדיק דעם מארקסיזם ווייטער אין די נייע באדינגונגען פון קאפּיטאליזם און פונעם קלאסנקאמפּ פון פּראָלע־טאריאט.

וואָס זשע איז סאָפּקאָלסאָפּ אזוינס לעניניזם?

דער לעניניזם איז דער מארקסיזם פון דער עפּאָכע פונעם אימפּעריאַליזם און פּראָלעטארישער רעוואָליוציע. פּינקטלעכער: דער לעניניזם — דאָס איז די טעאָריע און טאקטיק פון דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע ביכלאל, די טעאָריע און טאקטיק פון דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט באזונדערס. מארקס און ענגעלס האָבן געקעמפט אינעם פאררעוואָליוציאָנערן פעריאָד (מיר האָבן אינזינען די פּראָלעטארישע רעוואָליוציע), ווען עס איז נאָכ ניט געווען קיין אנטוויקלטער אימפּעריאַליזם, אינעם פעריאָד פון דער צוגרייטונג פון די פּראָלעטאריער צו דער רעוואָליוציע, אין דעם פעריאָד, ווען די פּראָלע־טארישע רעוואָליוציע איז נאָכ ניט געווען קיין דירעקטע פּראקטישע אומ־פארמיידלעכקייט. לעניג אָבער, א שילער פון מארקסן און ענגעלסן,

האָט געקעמפט אין דעם פעריאָד פון אנטוויקלטן אימפעריאַליזם, אין דעם פעריאָד, ווען די פראָלעטארישע רעוואָליוציע וויקלט זיך פאנאנדער, ווען די פראָלעטארישע רעוואָליוציע האָט שוין געזיגט אין איין לאנד, האָט צעקלאפט די בורזשואזע דעמאָקראטיע און האָט געעפנט די ערע פון פראָלעטארישער דעמאָקראטיע, די ערע פון ראטן.

אָט פארוואָס דער לעניניזם איז די ווײַטערדיקע אנטוויקלונג פונעם מארקסיזם.

מע פארצייכנט, געוויינלעך, דעם אויסערסט־קריגערישן און אויסערסט־רעוואָליוציאָנערן כאראקטער פונעם לעניניזם. דאָס איז פולשטענדיק ריכטיק. אָבער די דאָזיקע אייגנשאפט פונעם לעניניזם דערקלערט זיך מיט צוויי סיבעס: ערשטנס, דערמיט, וואָס דער לעניניזם איז ארויסגעקומען פון דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע, וואָס איר שטעמפל קאָן ער ניט ניט טראָגן אף זיך; צווייטנס, דערמיט, וואָס ער איז אויסגעוואָקסן און האָט זיך פארפעסטיקט אין געראנגלען מיטן אָפּאָרטוניזם פונעם II אינטערנאציאָנאל, וואָס דער קאמף קעגן אים איז געווען און איז א נויטווענדיקער פאָרבאדינג פארן דערפאָלגרײַכן קאמף קעגן קאפּיטאליזם. מע דארף ניט פארגעסן, אז צווישן מארקסן און ענגעלסן, פון איין זײַט, און לענינען, פון דער אנדערער, ליגט א גאנצע עפּאָכע פון אבסאָלוטער הערשאפט פונעם אָפּאָרטוניזם פון II אינטערנאציאָנאל, וואָס דער אומראכמאָנעסדיקער קאמף קעגן אים האָט ניט געקאָנט ניט זײַן איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאבן פונעם לעניניזם.

## I

## די היסטאָרישע וואָרצלען פונעם לעניניזם

דער לעניניזם איז אויסגעוואָקסן און האָט זיך אויסגעפורעמט אין די באדינגונגען פון אימפעריאַליזם, ווען די ווידערשפרוכן פונעם קאפּיטאליזם זײַנען דערגאנגען ביז צום עקסטן פונקט, ווען די פראָלעטארישע רעוואָליוציע איז געוואָרן א פראגע פון אומיטלבארער פראקטיק, ווען דער אלטער פעריאָד פון צוגרייטונג פונעם ארבעטער־קלאס צו דער רעוואָליוציע האָט זיך אָנגעשטויסן און איז אריבערגעוואָקסן אין א נײַעם פעריאָד פון דירעקטן שטורעמען דעם קאפּיטאליזם.

לענין פלעגט רופן דעם אימפעריאַליזם „שטארבנדיקער קאפּיטאליזם“. פארוואָס? דערפאר, ווײַל דער אימפעריאַליזם דערפירט די ווידערשפרוכן פונעם קאפּיטאליזם ביזן לעצטן שטריך, ביז די לעצטע גרענעצן, וואָס נאָך זיי

הייבט זיכ אָנ רעוואָליוציע. פאר די סאמע וויכטיקע פונ די דאָזיקע ווידערשפרוכנ דארפ מענ רעכענענ דרײַ ווידערשפרוכנ.

דער ערשטער ווידערשפרוכ — דאָס איז דער ווידערשפרוכ צווישנ ארבעט אונ קאפיטאל. דער אימפעריאליזם — דאָס איז די אלמעכטיקײַט פונ די מאָנאָפאָליסטישע טרעסטנ אונ סינדיקאטנ, פונ די בענק אונ דער פינאנציעלער אָליגארכיע אינ די אינדוסטריעלע לענדער. אינעם קאמפ קעגנ דער דאָזיקער אלמעכטיקײַט האָבנ זיכ די געוויינלעכע מעטאָדנ פונעם ארבעטער-קלאס — די פראָפפאריינענ אונ קאָאָפעראטיוונ, פארלאמענטישע פארטייענ אונ פארלאמענטישער קאמפ — ארויסגעוויזנ פאר לאכלוטנ ניט גענוגנדיק. אָדער גיב זיכ איבער אפנ גנאָד פונעם קאפיטאל, מאטער זיכ ווי פריער אונ לאָז זיכ אראָפ אלצ טיפער, אָדער נעם זיכ פאר א נײַ געווער — אזוי שטעלט די פראגע דער אימפעריאליזם פאר די מיליאָניקע מאסנ פונעם פראָלעטאריאט. דער אימפעריאליזם פירט צו דעם ארבעטער-קלאס צו דער רעוואָליוציע.

דער צווייטער ווידערשפרוכ — דאָס איז דער ווידערשפרוכ צווישנ פארשיידענע פינאנציעלע גרופעס אונ אימפעריאליסטישע מעלוכעס אינ זייער קאמפ פאר די קוואלנ פונ רוישטאָפ, פאר פרעמדע טעריטאָריעס. אימפעריאליזם — דאָס איז עקספאָרט פונ קאפיטאל צו די קוואלנ פונ רוישטאָפ, ווילדער קאמפ פאר מאָנאָפאָלישנ באזיצנ די דאָזיקע קוואלנ, קאמפ פארנ איבערפארטיילנ די שוינ צעטיילטע וועלט, א קאמפ, וועלכער ווערט מיט א באזונדער פארביסנקײַט געפירט מיצאד די נײַע פינאנציעלע גרופעס אונ מעלוכעס, וואָס זוכנ „אנ אָרט אונטער דער זונ", קעגנ די אלטע גרופעס אונ מעלוכעס, וואָס האלטנ זיכ פעסט אָנגעקלאמערט פאר דעם, וואָס זיי האָבנ פארכאפט. דער דאָזיקער ווילדער קאמפ צווישנ פארשיידענע גרופעס קאפיטאליסטנ איז מערקווירדיק אינ דער הינזיכט, וואָס ער שליסט אײַנ אינ זיכ, ווי אנ אומפארמײַדלעכנ עלעמענט, אימפעריאליסטישע מילכאָמעס, מילכאָמעס פאר פארכאפנ פרעמדע טעריטאָריעס. דער דאָזיקער אומשטאנד ווידער איז מערקווירדיק אינ דער הינזיכט, וואָס ער פירט צו דער קעגנזײַטיקער אָפשוואכונג פונ די אימפעריאליסטנ, צום אָפשוואכנ די פאָזיציע פונעם קאפיטאליזם ביכלאל, צום דערנעענטערנ דעם מאָמענט פונ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע, צו דער פראקטישער נויטווענדיקײַט פונ דער דאָזיקער רעוואָליוציע.

דער דריטער ווידערשפרוכ — דאָס איז דער ווידערשפרוכ צווישנ דעם הײַפל הערשנדיקע „ציוויליזירטע" נאציעס אונ צווישנ די הונדערטער מיליאָנענ פונ די קאָלאָניאלע אונ אָפהענגיקע פעלקער פונ דער וועלט. דער אימפעריאליזם — דאָס איז די סאמע פרעכע עקספלואטאציע אונ די סאמע אומענטשלעכע אונטערדריקונג פונ הונדערטער מיליאָנענ באפעלקערונג פונ גאָר גרויסע קאָלאָניעס אונ אָפהענגיקע לענדער. ארויספרעסנ איבעררעוועכ — דאָס איז

דער ציל פון דער דאָזיקער עקספּלואַטאַציע און פון דער דאָזיקער אונטער-דריקונג. אָבער, עקספּלואַטירנדיק די דאָזיקע לענדער, איז דער אימפּעריאַליזם געצוווּנגען צו בויען דאָרט אײַזנבאַנען, פֿאַבריקן און זאַוואָדן, אינדוסטריעלע און האַנדל-צענטערס. דאָס אויפֿקומען פֿון אַ קלאַס פּראָלעטאַריער, די אַנט-שטייונג פֿון אַן אָרטיקער אינטעליגענץ, דאָס דערוואַכן פֿונעם נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַוווּסטזײַן, די פֿאַרשטאַרקונג פֿון דער באַפֿרײַונג-באַוועגונג — דאָס זײַנען די אומפֿאַרמײַדלעכע רעזולטאַטן פֿון דער דאָזיקער „פּאָליטיק". די פֿאַרשטאַרקונג פֿון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין אַלע אָן אויסנאַם קאָלאָניעס און אָפּהענגיקע לענדער זאָגט באַשײַמפּערלעך איידעס וועגן דעם. דער דאָזיקער אומשטאַנד איז וויכטיק פֿאַרן פּראָלעטאַריאַט אין דער הינזיכט, וואָס ער רײַסט אין וואָרצל אונטער די פּאָזיציעס פֿונעם קאַפּיטאַליזם, פֿאַר-וואַנדלענדיק די קאָלאָניעס און די אָפּהענגיקע לענדער פֿון רעזערוון פֿונעם אימפּעריאַליזם אין רעזערוון פֿון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

אָט דאָס זײַנען, אין אַלגעמיין, די הויפּט-ווידערשפּרוכן פֿונעם אימפּע-ריאַליזם, וועלכע האָבן פֿאַרוואַנדלט דעם אַלטן „בליענדיקן" קאַפּיטאַליזם אין אַ קאַפּיטאַליזם אַ שטאַרבנדיקן.

די באַדײַטונג פֿון דער אימפּעריאַליסטישער מילחמה, וועלכע האָט זיך פֿאַנאַנדערגעשפּילט מיט 10 יאָר צוריק, באַשטייט, אַגבֿ, דערין, וואָס זי האָט צוזאַמענגעקליבן אָט-די אַלע ווידערשפּרוכן אין איין קנופּ און האָט זיי אַרופֿגעוואָרפֿן אויף דער וואָגשאָל, פֿאַרגיכערנדיק און פֿאַרלײַכטערנדיק די רעוואָלוציאָנערע שלאַכטן פֿונעם פּראָלעטאַריאַט.

אַנדערש געזאָגט, דער אימפּעריאַליזם האָט געבראַכט ניט בלויז דערצו, וואָס די רעוואָלוציע איז געוואָרן אַ פּראַקטישע אומפֿאַרמײַדלעכקייט, נאָר אויך דערצו, אַז עס זײַנען געשאַפֿן געוואָרן גינסטיקע באַדינגונגען פֿאַרן דירעקטן שטורעמוואוען די פֿעסטונגען פֿונעם קאַפּיטאַליזם.

אָט דאָס איז די אינטערנאַציאָנאַלע סיטואַציע, וועלכע האָט געבאָרן דעם לעניניזם.

דאָס אַלץ איז גוט, וועט מען אונדז זאָגן, אָבער וואָס פֿאַר אַ שײַכעס האָט דערצו רוסלאַנד, וואָס איז דאָך ניט געווען און האָט ניט געקאָנט זײַן דאָס קלאַסישע לאַנד פֿון אימפּעריאַליזם? וואָס פֿאַר אַ שײַכעס האָט דערצו לענין, וועלכער האָט געאַרבעט פֿריִער פֿון אַלץ אין רוסלאַנד און פֿאַר רוס-לאַנד? פֿאַרוואָס איז גראָד רוסלאַנד געוואָרן די נעסט פֿון לעניניזם, דאָס פֿאָטערלאַנד פֿון דער טעאָריע און טאַקטיק פֿון דער פּראָלעטאַרישער רע-וואָלוציע?

דערפֿאַר, ווײַל רוסלאַנד איז געווען אַ קנופּ-פּונקט פֿון אָט-די אַלע ווי-דערשפּרוכן פֿונעם אימפּעריאַליזם.

דערפאַר, ווײַל רוסלאַנד איז געווען שוואַנגער מיט רעוואָליוציע מער, ווי אוואָסער-ניט-איז אַנדער לאַנד, און בלויז רוסלאַנד איז צוליב דעם געווען אימשטאַנד צו דערלייזן די דאָזיקע ווידערשפּרוכן אויף אַ רעוואָליוציאָנערן אופן.

אָנהייבן דערפון, וואָס דאָס צאַרישע רוסלאַנד איז געווען אַ נעסט פון יעדער אַרט אונטערדריקונג — סײַ קאַפּיטאַליסטישער, סײַ קאָלאָניאַלער, סײַ מיליטערישער, — גענומען אין איר סאַמע אומענטשלעכער און באַרבאַרישער פאָרם. ווער ווייסט עס ניט, אַז אין רוסלאַנד האָט זיך די אַלמעכטיקייט פונעם קאַפּיטאַל צונויפגעגאָסן מיט דער דעספּאָטישקייט פונעם צאַריזם, די אַגרעסיווקייט פונעם רוסישן נאַציאָנאַליזם — מיט דער הענקערישקייט פונעם צאַריזם בנוגע די ניט-רוסישע פעלקער, די עקספּלואַטאַציע פון גאַנצע ראַיאָנען — פון טערקײַ, פּערסיע, כינע — מיטן פאַרכאַפּן די דאָזיקע ראַיאָנען דורכן צאַריזם, מיט מילכאָמע צוליב פאַרכאַפּן? לענין איז גערעכט געווען, ווען ער האָט געזאָגט, אַז דער צאַריזם — דאָס איז „מיליטעריש-פעאָדאַלער אימפּעריאַליזם". דער צאַריזם איז געווען די קאָנצענטרירונג פון די סאַמע נעגאַטיווע זײַטן פונעם אימפּעריאַליזם, גענומען אין קוואַדראַט.

ווײַטער. דאָס צאַרישע רוסלאַנד איז געווען דער גרעסטער רעזערוו פאַרן מערבֿדיקן אימפּעריאַליזם ניט בלויז אין דעם זינען, וואָס עס האָט געגעבן פרײַען צוטריט דעם אויסלענדישן קאַפּיטאַל, וועלכער האָט געהאַלטן אין זײַנע הענט אַזעלכע אַנטשיידנדיקע צווײַגן פון דער פאָלקווירטשאַפט אין רוסלאַנד, ווי הייצוואַרג און מעטאַלורגיע, נאָר אויך אין דעם זינען, וואָס עס האָט געקאָנט צושטעלן פאַר די מערבֿדיקע אימפּעריאַליסטן מיליאָנען סאָלדאַטן. דערמאָנט זיך אָן דער 12-מיליאָניקער רוסישער אַרמיי, וועלכע האָט פאַרגאָסן בלוט אויף די אימפּעריאַליסטישע פראָנטן, קעדיי צו זיכערן ווילדע רעוואָכים פאַר די ענגליש-פראַנצויזישע קאַפּיטאַליסטן.

ווײַטער. דער צאַריזם איז געווען ניט בלויז דער וואַך-הונט פונעם אימפּעריאַליזם אויפן מיזרעך פון אייראָפּע, נאָר ער איז אויך געווען די אַגענטור פונעם מערבֿדיקן אימפּעריאַליזם אויף אַרויסצושלאָגן פון דער באַפעלקערונג הונדערטער מיליאָנען פּראָצענטן אויף די האַלוואָעס, וואָס זײַנען אים געגעבן געוואָרן אין פּאַריז און אין לאָנדאָן, אין בערלין און אין בריסעל.

דער צאַריזם איז, ענדלעך, געווען דער טרײַסטער פאַרבינדעטער פונעם מערבֿדיקן אימפּעריאַליזם בײַ דער צעטיילונג פון טערקײַ, פּערסיע, כינע אאַוו. ווער ווייסט עס ניט, אַז די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע האָט דער צאַריזם געפירט אין בונד מיט די אימפּעריאַליסטן פון דער אַנטאַנטע, אַז רוסלאַנד איז געווען אַ וועזנטלעכער עלעמענט אין דער דאָזיקער מילכאָמע?

אָט פאַרוואָס די אינטערעסן פונעם צאַריזם און פונעם מיליטערישן אימפּעריאַליזם האָבן זיך צונויפגעפלאָכטן איינע מיט די אַנדערע און האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין קנויל אינטערעסן פונעם אימפּעריאַליזם. האָט דען דער מיליטערישער אימפּעריאַליזם געקאָנט שאַפן מאַכן מיטן פאַרלירן אַזאַ מעכטיקן אָנשפּאַר אויפן מיזרעך און אַזאַ רייכן רעזערוואָאַר פון קרעפטן און מיטלען, ווי דאָס אַלטע, צאַרישע, בורזשואַזע רוסלאַנד, ניט אויספּרווונדיק אַלע זיינע קויכעס אויף צו פירן אַ קאַמף אויף לעבן און טויט קעגן דער רעוואָליוציע אין רוסלאַנד, מיטן צוועק צו פאַרטיידיקן און אייַנהיטן דעם צאַריזם? געוויס האָט ער ניט געקאָנט!

דערפון איז אָבער געדרונגען, אַז ווער עס האָט געוואָלט שלאָגן דעם צאַריזם, דער האָט זיך אומפאַרמיידלעך פאַרמאָסטן אויפן אימפּעריאַליזם, אַז ווער עס איז אויפגעשטאַנען קעגן צאַריזם, דער האָט געמוזט אויפשטיין אויך קעגן דעם אימפּעריאַליזם, ווייל ווער עס איז געגאַנגען אַראָפוואַרפן דעם צאַריזם, דער האָט געמוזט אַראָפוואַרפן אויך דעם אימפּעריאַליזם, אויב ער האָט אינדערעמעסן געהאַט בעדייע ניט בלויז צו צעקלאַפן דעם צאַריזם, נאָר אויך צו דערשלאָגן אים ביזן סוף. די רעוואָליוציע קעגן צאַריזם האָט זיך אויף אַזאַ אופן דערנענטערט און האָט געמוזט אַריבערוואַקסן אין אַ רעוואָליוציע קעגן דעם אימפּעריאַליזם, אין אַ רעוואָליוציע אַ פּראָלעטאַרישער.

און דערווייל האָט זיך אין רוסלאַנד געהויבן די גרעסטע פאָלק־רעוואָליוציע, וואָס אין איר שפּיץ איז געשטאַנען דער רעוואָליוציאָנערסטער פּראָלעטאַריאַט אין דער וועלט, וועלכער האָט אין זיין רעשוס געהאַט אַזאַ ערנסטן פאַרבינדעטן, ווי דאָס רעוואָליוציאָנערע פּויערטום פון רוסלאַנד. דאַרף מען דען דערווייזן, אַז אַזאַ רעוואָליוציע האָט זיך ניט געקאָנט אָפּשטעלן אין האַלבן וועג, אַז אין פאַל פון דערפאָלג האָט זי געמוזט גיין ווייטער, אויפהייבנדיק די פאָן פון אויפשטאַנד קעגן דעם אימפּעריאַליזם?

אָט פאַרוואָס רוסלאַנד האָט געמוזט ווערן דער קנופּ־פּונקט פון די ווידערשפּרוכן פונעם אימפּעריאַליזם ניט בלויז אין דעם זינען, וואָס די דאָזיקע ווידערשפּרוכן האָבן זיך לייכטער פון אַלץ אויפגעדעקט גראָד אין רוסלאַנד צוליב זייער באַזונדערס מיִעסן און באַזונדערס אומדערטרעגלעכן כאַראַקטער, און ניט בלויז דערפאַר, ווייל רוסלאַנד איז געווען דער וויכטיקסטער אָנשפּאַר פאַרן מיליטערישן אימפּעריאַליזם, וואָס פאַרייניקט דעם פינאַנץ־קאַפּיטאַל פון מערעוו מיט די קאָלאָניעס פון מיזרעך, נאָר אויך דערפאַר, ווייל בלויז אין רוסלאַנד האָט עקזיסטירט די רעאַלע קראַפט, וועלכע איז בעקויעך צו לייזן די ווידערשפּרוכן פונעם אימפּעריאַליזם אויף אַ רעוואָליוציאָנערן אופן.

דערפונ איז אָבער געדרונגענ, אז די רעוואָליוציע אינ רוסלאנד האָט ניט געקאָנט ניט ווערנ קיינ פּראָלעטארישע, אז זי האָט ניט געקאָנט ניט אָנעמענ גלײַכ אינ די ערשטע טעג פונ איר אנטוויקלונג אנ אינטערנאציאָנאלנ כאראקטער, אז זי האָט ניט געקאָנט, אזויארום, ניט אופטרייסלענ די עצעמ יעסוידעס פונעמ וועלט־אימפּעריאַליזמ.

האָבנ די רוסישע קאָמוניסטנ בא אזא זאכלאגע געקאָנט באגרענעצנ זיכ אינ זייער ארבעט מיט די ענג־נאציאָנאלע ראמענ פונ א רוסישער רעוואָליוציע? אוודע ניט! פּארקערט, די גאנצע סיטואציע, סײַ די אינערלעכע (דער טיפּער רעוואָליוציאָנערער קריזיס) סײַ די אויסערלעכע (די מילכאָמע), האָט זיי געשטויסנ דערצו, אז זיי זאָלנ אינ זייער ארבעט אריבערטרעטנ די דאָזיקע ראמענ, אז זיי זאָלנ דעמ קאמפּ אריבערטראָגנ אפ דער אינטערנאציאָנאלער ארענע, זיי זאָלנ אופדעקנ די מאקעס פונעמ אימפּעריאַליזמ, דערווײַזנ די אומפארמײַדלעכקײַט פונעמ קראכ פונ קאפּיטאַליזמ, צעקלאפּנ דעמ סאָציאַל־שאָוויניזמ אונ סאָציאַל־פּאציפיזמ, אז זיי זאָלנ, ענדלעכ, אראָפּווארפנ בא זיכ אינ לאנד דעמ קאפּיטאַליזמ אונ אויסשמידנ פארנ פּראָלעטאריאַט א נײַ געווער פונ קאמפּ, די טעאָריע אונ טאקטיק פונ דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע, קעדיי צו פארלײַכטערנ פאר די פּראָלעטאריער פונ אלע לענדער דאָס אראָפּווארפנ דעמ קאפּיטאַליזמ. די רוסישע קאָמוניסטנ האָבנ אנדערש גאָר ניט געקאָנט האנדלענ, ווײַל נאָר אפ דעמ דאָזיקנ וועג האָבנ זיי געקאָנט אויסרעכענענ אפ געוויסע ענדערונגענ אינ דער אינטערנאציאָנאלער סיטואציע, וועלכע קאָנענ גאראנטירנ רוסלאנד פונ רעסטאווירנ די בורזשואזע פּאָראָנדקעס.

אָט פארוואָס רוסלאנד איז געוואָרנ די נעסט פונ לעניניזמ, אונ דער פירער פונ די רוסישע קאָמוניסטנ — לענינ — איז געוואָרנ זײַנ שעפער.

מיט רוסלאנד אונ מיט לענינענ האָט דאָ „פּאסירט” אנ ערעכ דאָס זעלביקע, וואָס מיט דײַטשלאנד אונ מיט מארקסנ—ענגעלסנ אינ די פערציקער יאָרנ פונעמ פארגאנגענעמ יאָרהונדערט. דײַטשלאנד איז דעמאָלט, פּונקט ווי רוסלאנד אָנהייב XX יאָרהונדערט, געווענ שוואנגער מיט דער בורזשואזער רעוואָליוציע. מארקס האָט דעמאָלט געשריבנ אינעמ „קאָמוניסטישנ מאניפעסט”, אז:

„אפ דײַטשלאנד ווענדנ די קאָמוניסטנ זייער הויפּט־אופמערקזאמקײַט דערפאר, ווײַל דײַטשלאנד שטייט ערעוו דער בורזשואזער רעוואָליוציע, דערפאר, ווײַל דײַטשלאנד וועט די דאָזיקע איבערקערעניש דורכמאכנ בא מער פּראָגרעסיווע באדינגונגענ פונ דער אייראָפּייִשער ציוויליזאציע בכלל. מיט א פיל מער אנטוויקלטנ פּראָלעטאריאַט, ווי אינ ענגלאנד פונ XVII אונ אינ פראנקרײַכ פונ XVIII יאָרהונדערט. די דײַטשישע בורזשואזע רעוואָליוציע קאָנ, אלזאָ, זײַנ נאָר אנ אומיטלבארער פּראָלאָג פונ דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע”.

אנדערש גערעדט, דער צענטער פון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג האָט זיך איבערגעטראָגן קיין דייטשלאַנד.

מע קאָן קוים צווייפלען דערין, אַז גראָד אָט־דער אומשטאַנד, וועלכן מאַרקס האָט פאַרצייכנט אין דער געבראַכטער ציטאַטע, האָט געדינט אַלס וואַרשיינלעכע סיבע דערצו, וואָס גראָד דייטשלאַנד איז געוואָרן דאָס פאָ־טערלאַנד פונעם וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם, און די פירער פונעם דייטשישן פראָלעטאַריאַט — מאַרקס און ענגעלס — זיינען געוואָרן זיינע שעפער.

דאָס זעלביקע, אָבער נאָך אין אַ גרעסערער מאָס, דאַרף מען זאָגן וועגן רוסלאַנד פונעם אָנהייב XX יאָרהונדערט. רוסלאַנד האָט אין דעם פעריאָד זיך געפונען ערעוו דער בורזשואַזער רעוואָליוציע, רוסלאַנד האָט געדאַרפט דורכמאַכן די דאָזיקע רעוואָליוציע בא מער פּראָגרעסיווע באַדינגונגען אין איי־ראָפּע און מיט אַ מער אַנטוויקלטן פראָלעטאַריאַט, ווי דייטשלאַנד (שוין ניט ריידנדיק וועגן ענגלאַנד און פראַנקרייך), דערביי זיינען אַלע אָנגאַבן געווען דערפאַר, אַז די דאָזיקע רעוואָליוציע האָט געדאַרפט דינען אַלס אופבריי־זער און פראָלאָג פון דער פראָלעטאַרישער רעוואָליוציע. מע קאָן ניט רע־כענען פאַר אַ צופעליקייט דעם פאַקט, וואָס נאָך אין 1902 יאָר, ווען די רוסישע רעוואָליוציע האָט ערשט אָנגעהויבן שפּראָצן, האָט לענין אין זיין בראָשור „וואָס דאַרף מען טאָן?‟ געשריבן די נעוויִשע ווערטער וועגן דעם, אַז:

„די געשיכטע האָט איצט אַוועקגעשטעלט פאַר אונדז (דה. פאַר די רוסישע מאַרקסיסטן, י. סט.) אַ נאָענטסטע אופגאַבע, וועלכע איז די סאַמע רעוואָליוציאָנערע פון אַלע נאָענטסטע אופגאַבן פונעם פראָלעטאַריאַט פון אַוועלכן־ניט־איז אַנדער לאַנד‟... אַז... „די פאַר־ווירקלעכונג פון דער דאָזיקער אופגאַבע, די צעשטערונג פון דער סאַמע מעכטיקער פעסטונג ניט בלויז פון דער אייראָפּייִשער, נאָר אויך פון דער אַזיאַטישער רעאַקציע, וואָלט געמאַכט דעם רו־סישן פראָלעטאַריאַט פאַרן אַוואַנגאַרד פונעם אינטערנאַציאָנאַלן רעוואָליוציאָנערן פראָלעטאַריאַט‟ (זע ב. IV, ז. 382).

אַנדערש גערעדט, דער צענטער פון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג האָט זיך געדאַרפט איבערטראָגן קיין רוסלאַנד.

עס איז באַוווּסט, אַז דער גאַנג פון דער רעוואָליוציע אין רוסלאַנד האָט איבערגענוג באַרעכטיקט די דאָזיקע פּאָרויסזאָגונג לענינס.

איז דען נאָך דעם אַ כידעש, וואָס דאָס לאַנד, וואָס האָט דורכגעמאַכט אַזא רעוואָליוציע און האָט אַזא פראָלעטאַריאַט, איז געוואָרן דאָס היימלאַנד פון דער טעאָריע און טאַקטיק פון דער פראָלעטאַרישער רעוואָליוציע?

איז דען אַ כידעש, וואָס דער פירער פונעם דאָזיקן פראָלעטאַריאַט, לענין, איז צוזאַמען דערמיט געוואָרן דער שעפער פון דער דאָזיקער טעאָ־ריע און טאַקטיק און דער פירער פונעם אינטערנאַציאָנאַלן פראָלעטאַריאַט?

## II

# דער מעטאָד

אויבן האָב איך געזאָגט, אז צווישן מארקסן און ענגעלסן, פון איין זײַט, און לענינען, פון דער אנדערער, ליגט א גאנצע עפּאָכע פון הערשאפט פונעם אָפּאָרטוניזם פונעם II אינטערנאציאָנאל. אין די אינטערעסן פון פּינקטלעכקייט מוז איך צוגעבן, אז דאָ רעדט זיך ניט וועגן דער פאָרמעלער הערשאפט פונעם אָפּאָרטוניזם, נאָר בלויז וועגן זײַן פאקטישער הערשאפט. פאָרמעל זײַנען בעראָש פונעם II אינטערנאציאָנאל געשטאנען „רעכטגלויביקע“ מארקסיסטן, „אָרטאָדאָקסן“ — קאוטסקי און אנדערע. אינדערעמעסן אָבער איז די גרונט-ארבעט פונעם II אינטערנאציאָנאל געפירט געוואָרן לויט דער ליניע פון אָפּאָרטוניזם. די אָפּאָרטוניסטן פלעגן זיך צוּפּאסן צו דער בורזשואזיע מאכמעס זייער צופּאסלערישער, קליינבירגערלעכער נאטור, — די „אָרטאָדאָקסן“ ווידער פלעגן זיך, פון זייער זײַט, צוּפּאסן צו די אָפּאָרטוניסטן אין די אינטערעסן פון „אײַנהייטן די אייניקײַט“ מיט די אָפּאָרטוניסטן, אין די אינטערעסן פון „שאָלעם אין דער פּארטיי“. אין רעזולטאט פלעגט זיך באקומען די הערשאפט פונעם אָפּאָרטוניזם, ווײַל די קייט צווישן דער פּאָליטיק פון דער בורזשואזיע און דער פּאָליטיק פון די „אָרטאָדאָקסן“ פלעגט געשלאָסן ווערן.

דאָס איז געווען דער פּעריאָד פון פאַרהעלטניסמעסיק פרידלעכער אנטוויקלונג פונעם קאפּיטאליזם, דער, אזוי צו זאָגן, פארמילכאָמעדיקער פּעריאָד, ווען די קאטאסטראָפּישע ווידערשפּרוכן פונעם אימפּעריאליזם האָבן נאָך ניט באוויזן זיך אויפצודעקן מיט דער פולער קלאָרקײַט, ווען די עקאָנאָמישע שטרײַקן פון די ארבעטער און די פּראָפאריינען האָבן זיך אנטוויקלט מער אָדער ווייניקער „נאָרמאל“, ווען דער וואל-קאמף און די פּארלאמענטישע פראקציעס האָבן געגעבן „קאָפּשווינדלדיקע“ דערפאָלגן, ווען די לעגאלע קאמף-פאָרמען זײַנען געלויבט געוואָרן ביזן הימל און דורך לעגאלקײַט האָט מען געמיינט „אוועקצוהארגענען“ דעם קאפּיטאליזם, — מיט איין וואָרט, ווען די פּארטייען פונעם II אינטערנאציאָנאל זײַנען באוואָקסן געוואָרן מיט שמאלץ און עס האָט זיך ניט געוואָלט ערנסט טראכטן וועגן רעוואָליוציע, וועגן דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט, וועגן רעוואָליוציאָנערער דערציִונג פון די מאסן.

אָנשטאָט א פארגאנצטער רעוואָליוציאָנערער טעאָריע, — ווידערשפּרעכיקע טעאָרעטישע האנאָכעס און ברעקלעכע טעאָריע, אָפּגעריסענע פונעם לעבעדיקן רעוואָליוציאָנערן קאמף פון די מאסן און פארוואנדלטע אין פארשימלטע

דאָגמעס. לעפּאָנעם, פּלעגט מען, פאַרשטייט זיך, דערמאָנען מאַרקס טעאָריע, אָבער נאָר קעדיי אויסצוהוילן פון איר די לעבעדיקע רעוואָליוציאָנערע נעשאָמע.

אָנשטאָט רעוואָליוציאָנערער פּאָליטיק — צעקראָכענע פיליסטערישקייט און ניכטערדיקע פּאָליטיקאַנעריי, פּאַרלאַמענטישע דיפּלאָמאַטיע און פּאַרלאַמענטישע קאָמבינאַציעס. לעפּאָנעם, פּלעגן, פאַרשטייט זיך, אָנגענומען ווערן „רעוואָליוציאָנערע“ באַשלוסן און לאָזונגען, אָבער נאָר קעדיי אוועקצולייגן זיי אונטערן געוואַנט.

אָנשטאָט דערציִען און לערנען די פּאַרטיי ריכטיקע רעוואָליוציאָנערע טאַקטיק אַף די אייגענע פעלערן — פלעגט מען זאָרגזאַם אויסמיידן די אָנגעווייטעקטע פראַגן, פאַרטושן און פאַרשמירן זיי. לעפּאָנעם, פאַרשטייט זיך, איז מען אַמאָל געווען באַלאָנים אַף דורכשמועסן זיך וועגן די ווייטעקדיקע פראַגן, אָבער נאָר קעדיי צו פאַרענדיקן די זאַך מיט אַ וועלכער־ניט־איז „גומענער“ רעזאָליוציע.

אָט ווי עס האָט אויסגעזען די פיזיאָנאָמיע פונעם II אינטערנאַציאָנאַל, זיין אַרבעט־מעטאָד, זיין אַרסענאַל.

דערווייל האָט זיך אָנגערוקט אַ נייער פּעריאָד פון אימפּעריאַליסטישע מילכאָמעס און רעוואָליוציאָנערע געראַנגלען פונעם פּראָלעטאַריאַט. די אַלטע קאַמפ־מעטאָדן האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר בעפיירעש ניט גענוג און אָנמעכטיק קעגן דער אַלמעכטיקייט פונעם פינאַנץ־קאַפּיטאַל.

עס איז נייטיק געווען איבערצוקוקן די גאַנצע אַרבעט פונעם II אינטערנאַציאָנאַל, זיין גאַנצן אַרבעט־מעטאָד, אַרויסיאָגנדיק די פיליסטערישקייט, די שמאָלקעפּיקייט, די פּאָליטיקאַנעריי, די רענעגאַטישקייט, דעם סאָציאַל־שאָוויניזם, דעם סאָציאַל־פּאַציפיזם. עס איז נייטיק געווען דורכצורעווידירן דעם גאַנצן אַרסענאַל פונעם II אינטערנאַציאָנאַל, אַרויסוואַרפן אַלץ, וואָס איז פאַרזשאַווערט און פאַרעלטערט, אויסשמידן נייע מינים געווער. אָן אַזאַ פאָראַרבעט האָט מען אפילע ניט געקאָנט זיך לאָזן גיין אַף מילכאָמע קעגן קאַפּיטאַליזם. אָן דעם האָט דער פּראָלעטאַריאַט ריזיקירט צו בלייבן שטיין פאַר די נייע רעוואָליוציאָנערע געראַנגלען ניט גענוג באַוואָפנט אָדער אפילע פּאָשעט אומבאַוואָפנט.

אָט דער קאָוועד פון מאַכן די גענעראַלע רעוויזיע און גענעראַלע ריי־ניקונג פון אוגיאַס פערדשטאַלן פונעם II אינטערנאַציאָנאַל איז אויסגעפאַלן אַפן גוירל פונעם לעניניזם.

אָט אין וואָס פאַר אַ סיטואַציע עס איז געבאָרן געוואָרן און עס האָט זיך אויסגעשמידט דער מעטאָד פון לעניניזם.

אין וואָס ווערן סומירט די פּאָדערונגען פון דעם דאָזיקן מעטאָד?

ערשטנס, אינעם דורכקאָנטראָלירן די טעאָרעטישע דאָגמעס פונעם II אינטערנאַציאָנאַל אין פײַער פון רעוואָליוציאָנערן קאמף פון די מאסן, אין פײַער פון לעבעדיקער פּראַקטיק, דה. אינעם ווידערופשטעלן די צע־שטערטע איינהייט צווישן דער טעאָריע און פּראַקטיק, אינעם ליקווידירן דעם אײַנרײַס צווישן זיי, ווײַל נאָר אַזוי קאָן מען שאַפן אַן עמעסע פּראָ־לעטארישע פּאַרטיי, אַ באַוואָפנטע מיט דער רעוואָליוציאָנערער טעאָריע.

צווייטנס, אין דורכקאָנטראָלירן די פּאָליטיק פון די פּאַרטייען פונעם II אינטערנאַציאָנאַל ניט לויט זייערע לאָזונגען און רעזאָליוציעס (וועלכע מע טאָר ניט גלייבן), נאָר לויט זייערע מעשים, לויט זייער האַנדלונג, ווײַל נאָר אַזוי קאָן מען דעראָבערן און פאַרדינען דעם צוטרוי פון די פּראָ־לעטארישע מאסן.

דריטנס, אין איבערבויען די גאַנצע פּאַרטיי־אַרבעט אַפ אַ נײַעם רעוואָליוציאָנערן שטייגער אינעם גײַסט פון דערציִען און צוגרייטן די מאסן צום רעוואָליוציאָנערן קאמף, ווײַל נאָר אַזוי קאָן מען צוגרייטן די מאסן צו דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע.

פערטנס, אין זעלבסטקריטיק פון די פּראָלעטארישע פּאַרטייען, אין לערנען און דערציִען זיי אַפ די אייגענע פעלערן, ווײַל נאָר אַזוי קאָן מען דערציִען ווירקלעכע קאַדרען און ווירקלעכע פירערס פאַר דער פּאַרטיי.

אָט דאָס איז דער יעסאָד און דער טאָך פונעם מעטאָד פון לע־ניניזם.

וויאַזוי איז דער דאָזיקער מעטאָד אָנגעווענדט געוואָרן אין דער פּראַקטיק?

בײַ די אָפּאָרטוניסטן פונעם II אינטערנאַציאָנאַל עקזיסטירט אַ ריי טעאָ־רעטישע דאָגמעס, פון וועלכע זיי הייבן שטענדיק אָן. לאָמיר נעמען אייניקע פון זיי.

ערשטע דאָגמע: וועגן די באַדינגונגען, בײַ וועלכע דער פּראָלעטאריאַט קאָן נעמען די מאכט. די אָפּאָרטוניסטן פאַרזיכערן, אַז דער פּראָלעטאריאַט קאָן ניט און טאָר ניט נעמען די מאכט, אויב ער אַליין בילדעט ניט די מערהייט אין לאַנד. קיינע באַווײַזן ברענגען זיי ניט, ווײַל עס איז ניטאָ קיין מעגלעכקייט צו באַרעכטיקן אָט־די אומגעלומפּערטע האַנאָכע ניט טעאָ־רעטיש, ניט פּראַקטיש. זאָל זײַן, אַז ס'איז אַזוי, ענטפערט לענין די הערן פונעם II אינטערנאַציאָנאַל. נו, און אויב עס האָט זיך געשאַפן אַזאַ היס־טאָרישע סיטואַציע (אַ מילכאָמע, אַן אַגראַר־קריזיס אאַוו.), ווען דער פּראָ־לעטאַריאַט, וואָס בילדעט אַ מינדערהייט פון דער באַפעלקערונג, האָט די מעגלעכקייט צו באַהעפטן אַרום זיך די גוואַלדיקע מערהייט פון די אַר־

בעטנדיקע מאסן, — פארוואָס זאָל ער ניט נעמען די מאכט? פארוואָס זאָל דער פראָלעטאריאַט ניט אויסנוצן די גינסטיקע צווישנפעלקערלעכע און אינערלעכע סיטואציע, קעדיי דורכצוברעכן דעם פראָנט פונעם קאפיטאל און פארגיכערן דעם אַלגעמיינעם פינאל? האָט דען מארקס נאָך אין די 50-ער יאָרן פונעם פאָריקן יאָרהונדערט ניט געזאָגט, אז דער איניער פּראָלעטארישע רעוואָליוציע אין דייטשלאנד וואָלט געקאָנט האָבן „אויסגעצייכנט", ווען מע וואָלט געקאָנט שאפן פאר דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע א שטיצע, „אזוי צו זאָגן, דורך א צווייטער אויפלאגע פון דער פויערשער מילכאָמע"? איז דען ניט באקאנט יעדן איינעם, אז פּראָלעטאריער איז אין דייטשלאנד דעמאָלט געווען פארהעלטניסמעסיק ווייניקער, ווי, לעמאָשל, אין רוסלאנד אין 1917 יאָר? האָט דען די פּראקטיק פון דער רוסישער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע ניט באוויזן, אז די דאָזיקע באליבטע דאָגמע פון די העלדן פון II אינטערנאציאָנאל האָט ניט קיין שום לעבן-באדייטונג פארן פּראָלעטאריאַט? איז דען ניט קלאָר, אז די פּראקטיק פון רעוואָליוציאָנערן קאמף פון די מאסן שלאָגט און צעקלאַפּט אָט-די פארשימלטע דאָגמע?

צווייטע דאָגמע: דער פּראָלעטאריאַט קאָן ניט איינהאלטן די מאכט, אויב ער האָט ניט פארטיק קיין גענוגנדיקע צאָל גרייטע קולטורעלע און אדמיניסטראטיווע קאדרען, וועלכע זיינען פייִק אוועקצושטעלן ווי געהעריק די פארוואלטונג מיטן לאנד, — אפריִער דארף מען אויסארבעטן די דאָזיקע קאדרען אין די באדינגונגען פון קאפיטאליזם, און דערנאָך נעמען די מאכט. זאָל זיין, אז ס'איז אזוי, ענטפערט לענין, פארוואָס קאָן מען אָבער ניט א קער טאָן די זאך אזוי, אז פריִער זאָל מען נעמען די מאכט, שאפן גינסטיקע באדינגונגען פאר דער אנטוויקלונג פונעם פּראָלעטאריאַט, און דערנאָך — לאָזן זיך פאָרויס מיט זיבנמייליקע טריט אפ צו הערכערן דעם קולטורעלן ניוואָ פון די ארבעטנדיקע מאסן, אפ אויסצוארבעטן פילצאָליקע קאדרען אָנפירער און אדמיניסטראטערס פון צווישן די ארבעטער? האָט דען די רוסלענדישע פּראקטיק ניט באוויזן, אז די קאדרען אָנפירער פון צווישן די ארבעטער וואקסן בא דער פּראָלעטארישער מאכט הונדערט מאָל גיכער און גרינטלעכער, ווי בא דער מאכט פון קאפיטאל? איז דען ניט קלאָר, אז די פּראקטיק פון רעוואָליוציאָנערן קאמף פון די מאסן שלאָגט אָן ראכמאָנעס אויך די דאָזיקע טעאָרעטישע דאָגמע פון די אָפּאָרטוניסטן?

דריטע דאָגמע: דער מעטאָד פון אַן אלגעמיינעם פּאָליטישן שטרייק איז ניט אָנעמבאר פארן פּראָלעטאריאַט, ווייל טעאָרעטיש איז ער ניט אויסגעהאלטן (זע די קריטיק בא ענגעלסן), פּראקטיש איז ער געפערלעך (ער קאָן צעשטערן דעם געוויינלעכן גאנג פונעם ווירטשאפטלעכן לעבן פון לאנד, קאָן אויסליידיקן די קאסעס פון די פּראָפעסיאָנעלע פאריינען), ער קאָן ניט

פארבײַטנ די פארלאמענטישע קאמפ-פאָרמענ, וואָס זיי זײַנענ די הויפט־פאָרמ פונ קלאסנקאמפ פונ פראָלעטאריאט. גוט, ענטפערנ די לענינצעס. אָבער, ערשטנס, האָט ענגעלס קריטיקירט ניט יעטווידער אלגעמײנעמ שטרײַק, נאָר בלויז א באשטימטנ מינ אלגעמײנעמ שטרײַק, דעמ אלגעמײנעמ עקאָנאָמישנ שטרײַק פונ די אנארכיסטנ, וועלכנ די אנארכיסטנ האָבנ ארויסגעשטעלט אָנשטאָט דעמ פאָליטישנ קאמפ פונעמ פראָלעטאריאט, — איז וואָס פאר א שײַכעס האָט אהער דער מעטאָד פונ אנ אלגעמײנעמ פאָליטישנ שטרײַק? צווייטנס, ווער אונ ווו האָט דערוויזנ, אז די פארלאמענטישע פאָרמ פונ קאמפ איז די הויפט-פאָרמ פונ קאמפ פונעמ פראָלעטאריאט? באווײַזט דענ ניט די געשיכטע פונ דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג, אז דער פארלאמענטישער קאמפ איז בלויז א שול אונ אונטערשטיצונג פאר אָרגאניזירנ דעמ אויסערפארלאמענטישנ קאמפ פונעמ פראָלעטאריאט, אז די גרונט-פראגנ פונ דער ארבעטער־באוועגונג ווערנ באמ קאפיטאליזמ געלייזט דורכ קראפט, דורכנ דירעקטנ קאמפ פונ די פראָלעטארישע מאסנ, דורכ זייער אלגעמײנעמ שטרײַק, דורכ זייער אופשטאנד? דריטנס, פונוואנענ האָט זיכ גענומענ די פראגע וועגנ פארבײַטנ דעמ פארלאמענטישנ קאמפ דורכנ מעטאָד פונ אלגעמײנעמ פאָליטישנ שטרײַק? ווו אונ ווענ האָבנ די אָנהענגער פונעמ אלגעמײנעמ פאָליטישנ שטרײַק זיכ געפרווט פארבײַטנ די פארלאמענטישע קאמפ־פאָרמענ מיט אויסערפארלאמענטישע קאמפ־פאָרמענ? פערטנס, האָט דענ די רעוואָליוציע אינ רוסלאנד ניט באוויזנ, אז דער אלגעמײנער פאָליטישער שטרײַק איז די גרעסטע שול פונ פראָלעטארישער רעוואָליוציע אונ אנ אומפארבײַטלעכ מיטל אפ צו מאָביליזירנ אונ אָרגאניזירנ די ברייטסטע מאסנ פונעמ פראָלעטאריאט ערעוו דעמ שטורעמענ די פעסטונגענ פונ קאפיטאליזמ, — איז צו וואָס די פיליסטערישע יעלאָמעס וועגנ דער צעשטערונג פונעמ געוויינלעכנ גאנג פונעמווירטשאפטלעכנ לעבנ אונ וועגנ די קאסעס פונ די פראָפעסיאָנעלע פאריינענ? איז דענ ניט קלאָר, אז די פראקטיק פונ רעוואָליוציאָנערנ קאמפ צעקלאפט אויכ די דאָזיקע דאָגמע פונ די אָפּאָרטוניסטנ?

אאוו. אדג.

אָט פארוואָס לענינ האָט געזאָגט, אז די „רעוואָליוציאָנערע טעאָריע איז ניט קיינ דאָגמע", אז „זי בילדעט זיכ ענדגילטיק אויס בלויז אינ ענגנ צוזאמענבונד מיט דער פראקטיק פונ א ווירקלעכ מאסעווער אונ ווירקלעכ רעוואָליוציאָנערער באוועגונג" („די קינדער־קראנקײַט"), ווײַל די טעאָריע דארפ דינענ דער פראקטיק, ווײַל „די טעאָריע דארפ ענטפערנ אפ די פראגנ, וועלכע ווערנ ארויסגערוקט דורכ דער פראקטיק" („פאָלק־פרײַנט"), ווײַל זי דארפ קאָנטראָלירט ווערנ דורכ די אָנגאבנ פונ דער פראקטיק.

וואָס איז שייעכ די פּאָליטישע לאָזונגענ און פּאָליטישע באשלוסנ פונ די פּארטייענ פונ II אינטערנאציאָנאל, איז גענוג צו דערמאָנענ די געשיכטע מיטנ לאָזונג „קריג דעמ קריג" אפּ צו פארשטיינ די גאנצע פאלשקייט און די גאנצע צעפוילטקייט פונ דער פּאָליטישער פּראקטיק פונ די דאָזיקע פּארטייענ, וועלכע פארדעקנ זייער אנטירעוואָליוציאָנערע ארבעט מיט פּאָמפּעזע רעוואָליוציאָנערע לאָזונגענ און רעזאָליוציעס. אלע געדענקענ די פּאָמפּעזע דעמאָנסטראציע פונעמ II אינטערנאציאָנאל אפּנ באזעלער קאָנגרעס מיטנ דראָענ די אימפּעריאליסטנ מיט אלע שרעקנ פונ אופשטאנד, אויב די אימפּעריאליסטנ וועלנ זיכ באשליסנ אָנצוהייבנ א מילכאָמע, און מיטנ גרויזאמענ לאָזונג „קריג דעמ קריג". ווער געדענקט אָבער ניט, אז אינ א געוויסער צייט ארומ, פּארנ סאמע אָנהייב פונ דער מילכאָמע, איז די באזעלער רעזאָליוציע אוועקגעלייגט געוואָרנ אונטערנ געוואנט, און די ארבעטער איז געגעבנ געוואָרנ א נייער לאָזונג — אויסראָטנ איינער דעמ אנדערנ צומ רומ פונעמ קאפּיטאליסטישנ פאָטערלאנד? איז דענ ניט קלאָר, אז די רעוואָליוציאָנערע לאָזונגענ און רעזאָליוציעס זיינענ קיינ גראָשנ ניט ווערט, אויב זיי ווערנ ניט געקרעפטיקט דורכ טאט? עס איז גענוג בלויז צו פארגלייכנ די לענינישע פּאָליטיק פונ פארוואנדלענ דעמ אימפּעריאליסטישנ קריג אינ א בירגערקריג מיט דער פארעטערישער פּאָליטיק פונעמ II אינטערנאציאָנאל בעשאס דער מילכאָמע, קעדיי צו פארשטיינ די גאנצע געמיינהייט פונ די פּאָליטיקאנער פונעמ אָפּאָרטוניזמ, די גאנצע גרויסקייט פונעמ מעטאָד פונ לעניניזמ. איכ קאָנ ניט דאָ ניט ברענגענ איינ אָרט פונ לענינס בוכ „די פּראָלעטארישע רעוואָליוציע און דער רענעגאט קאוטסקי", וווּ ער שמייסט שארפּ דעמ אָפּאָרטוניסטישנ פּרווו פונעמ לידער פונעמ II אינטערנאציאָנאל ק. קאוטסקי צו אורטיילנ וועגנ פּארטייענ ניט לויט זייערע מייסימ, נאָר לויט זייערע פּאפּירענע לאָזונגענ און דאָקומענטנ:

„קאוטסקי פירט דורכ א טיפּיש באלעבעסלדיקע, א פּיליסטערישע פּאָליטיק, פאָרשטעלנדיק זיכ... אז דאָס ארויסשטעלנ א לאָזונג ענדערט קלוימערשט די לאגע. די גאנצע געשיכטע פונ דער בורזשואזער דעמאָקראטיע דעמאסקירט די דאָזיקע איליוזיע: קעדיי אָפּצונארנ דאָס פּאָלק האָבנ די בורזשואזע דעמאָקראטנ שטענדיק ארויסגערוקט און רוקנ שטענדיק ארויס „לאָזונגענ" וועלכע איר ווילט. עס גייט דעריב, אז מע זאָל דורכקאָנטראָלירנ זייער אופריכטיקייט, אז מע זאָל מיט די ווערטער פארגלייכנ: די מייסימ, אז מע זאָל זיכ ניט באנוגענענ מיט קייג אידעאליסטישער אָדער שארלאטאנישער פראזע, נאָר מע זאָל זיכ דערקלייבנ צו דער קלאסנ-רעאלקייט" (זע ב. XXIII, ז. 377).

איכ רייד שוינ ניט וועגנ דער מוירע פונ די פּארטייענ פונ II אינטערנאציאָנאל פאר זעלבסטקריטיק, וועגנ זייער מאניר צו באהאלטנ זייערע

פעלערן, צו פארטושן ווייטעקדיקע פראגן, צו פארדעקן זייערע דעפעקטן מיט א פאלשן ווילשטאנד־פאראד, וואָס פארטעמפּט דעם לעבעדיקן געדאנק און טאָרמאָזירט די ארבעט פון רעוואָליוציאָנערן דערציִען די פארטיי אף אירע אייגענע פעלערן, א מאניר, וועלכן לענין האָט אויסגעלאכט און צו־געגאָלט צום שאנדסלופּ. אָט וואָס לענין האָט געשריבן וועגן זעלבסט־קריטיק פון פּראָלעטארישע פארטייען אין זיין בראָשור „די קינדער־קראנקייט״:

„די האַציִונג פון א פּאָליטישער פארטיי צו אירע פעלערן איז איינער פון די וויכטיק־סטע און זיכערסטע קריטעריִען פון דער ערנסטקייט פון דער פארטיי און פון דעם, וויאַזוי זי פילט פּאַקטיש אויס אירע פליכטן בענעגייע צו איר קלאַס און צו די ארבעטנדיקע מאַסן. אָפן אנערקענען א פעלער, אופדעקן זיינע סיבעס, דורכאנאליזירן די סיטואציע, וועלכע האָט אים ארויסגערופן, באטראכטן אופמערקזאם די מיטלען, פאריכטן דעם פעלער — אָט דאָס איז א סימען פון אן ערנסטער פארטיי, אָט דאָס הייסט, אז זי פילט אויס אירע פליכטן, אָט דאָס הייסט דערציִען און לערנען דעם קלאַס, און דערנאָך אויך די מאַסע״ (זע ב. XXV, ז. 201).

אנדערע זאָגן, אז דאָס אופדעקן די אייגענע פעלערן און די זעלבסט־קריטיק איז געפערלעך פאר א פארטיי, ווייל די קעגנער קאָנען דאָס אויס־נוצן קעגן דער פארטיי פונעם פּראָלעטאריאט. לענין האָט אזוינע דערווידע־רונגען געהאלטן פאר ניט קיין ערנסטע און פאר אבסאָליוט ניט קיין ריכ־טיקע. אָט וואָס ער האָט געזאָגט וועגן דעם נאָך אין 1904 יאָר אין זיין בראָשור „א טראָט פאָרויס״, ווען אונדזער פארטיי איז נאָך געווען שוואך און קליין:

„זיי (דה. די קעגנערס פון די מארקסיסטן. י. סט.) פרייען זיך בייז און קרימען זיך, צוקוקנדיק זיך צו אונדזערע שטרייטן; זיי וועלן זיך, פארשטייט זיך, באמיִען ארויסצוצופּן צוליב זייערע צילן איינצלנע שטעלן פון מיין בראָשור, וועלכע איז געווידמעט די פעלערן און דעפעקטן פון אונדזער פארטיי. די רוסישע מארקסיסטן זיינען שוין גענוג באשאָסן אין שלאכטן, אז זיי זאָלן ניט ביספּאָעל ווערן פון אזוינע קניפּן, אז זיי זאָלן ווייטער פירן טראָץ דעם זייער ארבעט פון זעלבסטקריטיק און אָנראכמאָנעסדיקן אופדעקן די אייגענע מינוסן, וועלכע וועלן אומבאדינגט און אומפארמיידלעך אריבערגעשטיגן ווערן דורכן וווּקס פון דער ארבעטער־באוועגונג״ (זע ב. VI, ז. 161).

אָט דאָס זיינען, אין אלגעמיין, די כאראקטעריסטישע שטריכן פונעם מעטאָד פון לענינזום.

דאָס, וואָס עס איז געגעבן אין לענינס מעטאָד, איז אין גרונט שוין געווען אין מארקסעס לערע, וועלכע איז, לויט מארקס ווערטער, „אין איר טאָך א קריטישע און רעוואָליוציאָנערע״. טאקע אָט־דער קריטישער און רעוואָ־ליוציאָנערער גייסט דרינגט דורך פון אָנהייב ביזן סאָף לענינס מעטאָד. עס וואָלט אָבער ניט ריכטיק געווען צו מיינען, אז לענינס מעטאָד איז אן איינפאכע

ווידערופשטעלונג פונ דעם, וואָס מארקס האָט געגעבנ. אינדערעמעסנ איז לע-
נינס מעטאָד ניט נאָר א ווידערופשטעלונג, נאָר אויכ א קאָנקרעטיזירונג אונ
ווײַטערדיקע אנטוויקלונג פונ מארקס קריטישנ אונ רעוואָלוציאָנערנ מעטאָד,
פונ זײַנ מאטעריאַליסטישער דיאַלעקטיק.

## III

## די טעאָריע

פונ דער דאָזיקער טעמע נעם איכ דרײַ פראגנ: א) וועגנ דער באַדײַ-
טונג פונ טעאָריע פאר דער פראָלעטארישער באוועגונג, ב) וועגנ דער קרי-
טיק פונ דער סטיכישקײַט-„טעאָריע“ אונ ג) וועגנ דער טעאָריע פונ דער
פראָלעטארישער רעוואָלוציע.

1) וועגנ דער באַדײַטונג פונ טעאָריע. אײַניקע מיינענ, אז דער
לעניניזם — דאָס איז פרימאט פונ פראקטיק איבער טעאָריע אינ דעם זינענ,
וואָס דער איקער אינ אים איז די פארוואנדלונג פונ די מארקסיסטישע האנאָ-
כעס אינ טאט, די „דורכפירונג“ פונ די דאָזיקע האנאָכעס, וואָס איז אָבער
שײַעכ טעאָריע, איז דער לעניניזם אינ דעם פראט קלוימערשט גאנצ זאָרגלאָז.
עס איז באוווסט, אז פלעכאנאָוו האָט זיכ ניט איינ מאָל לוסטיק געמאכט איבער
לענינס „זאָרגלאָזיקײַט“ בענעגייע טעאָריע אונ באזונדערס פילאָסאָפיע. עס איז
אויכ באוווסט, אז פילע איצטיקע פראקטיקער לענינצעס האלטנ ניט זייער
שטארק פונ טעאָריע, באזונדערס צוליב דעם טהאָם פראקטישער ארבעט, וואָס
זיי זײַנענ לויט די אומשטענדנ געצווונגענ צו טאָנ. איכ מוז דערקלערנ, אז
אָט-די מער ווי מעשונעדיקע מיינונג וועגנ לענינענ אונ וועגנ לעניניזם איז
אבסאָליוט ניט ריכטיק אונ שטימט אינ קיינ אויפנ ניט מיט דער ווירקלעכקײַט,
אז די שטרעבונג פונ די פראקטיקער אוועקצומאכנ די טעאָריע מיט דער האנט
ווידערשפרעכט דעם גאנצנ גײַסט פונ לעניניזם אונ אנטהאלט אינ זיכ גרויסע
געפארנ פאר דער ארבעט.

די טעאָריע — דאָס איז די דערפארונג פונ דער ארבעטער-באוועגונג פונ
אלע לענדער, גענומענ אינ איר אלגעמיינער פאָרם. פארשטייט זיכ, די טעאָריע
ווערט זאכלאָז, אויב זי ווערט ניט פארבונדנ מיט דער רעוואָליוציאָנערער
פראקטיק, פונקט ווי די פראקטיק ווערט בלינד, אויב זי באלײַכט ניט דעם
וועג פאר זיכ מיט רעוואָליוציאָנערער טעאָריע. די טעאָריע קאָנ זיכ אָבער
פארוואנדלענ אינ דער גרעסטער קראפט פונ דער ארבעטער-באוועגונג, ווענ
זי בילדעט זיכ אויס אינ אנ אומצערײַסלעכער פארבינדונג מיט דער רעוואָ-
ליוציאָנערער פראקטיק, ווײַל זי, אונ נאָר זי, קאָנ צוגעבנ דער באוועגונג זי-

כערקייט, אָריִענטירונג־קראפט און פארשטענדעניש פאר דעם אינערלעכן צו־זאמענבונד פון די ארומיקע געשעעניש‏ן, ווייל זי, און נאָר זי, קאָן מיט־העלפן דער פראקטיק צו פארשטיין ניט בלויז, וויאזוי און וווּהין עס באוועגן זיך איצט די קלאסן, נאָר אויך וויאזוי און וווּהין זיי דארפן זיך באוועגן אין דער נאָענטסטער צוקונפט. ניט קיין אנדערער, נאָר גראָד לענין האָט ארויסגעזאָגט און צענדליקער מאָל איבערגעכאזערט די באוווּסטע האנאָ־כע, אז:

„אָן רעוואָלוציאָנערער טעאָריע קאָן אויך ניט זיין קיין רעוואָלוציאָנערע באוועגונג“[1] (זע ב. IV, ז. 380).

לענין האָט מער, ווי ווער־עס־איז אנדערש, פארשטאנען די וויכטיקע באַ־דייטונג פון טעאָריע, באזונדערס פאר אזא פארטיי, ווי אונדזערע, מאכמעס דער ראָליע פון א פּאָרגעשריטענעם קעמפער פונעם אינטערנאציאָנאלן פראָ־לעטאריאט, וועלכע איז ארויסגעפאלן אף איר גורל, און מאכמעס דער קאָמ־פליצירטקייט פון דער אינערלעכער און אינטערנאציאָנאלער סיטואציע, וועלכע רינגלט זי ארום. פאָרויסזעענדיק די דאָזיקע באזונדערע ראָליע פון אונדזער פארטיי נאָך אין 1902 יאָר, האָט ער שוין דעמלט געהאלטן פאר נייטיק צו דערמאָנען, אז:

„די ראָליע פון א פאָרגעשריטענעם קעמפער קאָן אויס־פילן נאָר א פארטיי, וואָס ווערט אָנגעפירט פון א פאָרגע־שריטענער טעאָריע“ (זע ב. IV, ז. 380).

עס איז קוים נייטיק צו דערווייזן, אז איצט, ווען לענינס פאָרויסזאָגונג וועגן דער ראָליע פון אונדזער פארטיי איז שוין פארווירקלעכט געוואָרן אין לעבן, באקומט די דאָזיקע האנאָכע לענינס א באזונדערע קראפט און א באַ־זונדערע באדייטונג.

פאר דעם בוילעטסטן אויסדרוק פון דער הויכער באדייטונג, וואָס לענין האָט צוגעגעבן דער טעאָריע, וואָלט מען עפשער געדארפט רעכענען דעם פאקט, וואָס ניט קיין אנדערער, נאָר גראָד לענין, האָט זיך גענומען אויספירן די ביז גאָר ערנסטע אופגאבע צו פאראלגעמיינערן לויט דער מאטעריאַליסטי־שער פילאָסאָפיע דאָס וויכטיקסטע פון דעם, וואָס די וויסנשאפט האָט געגעבן פאר דעם פעריאָד פון ענגעלסן ביז לענינען, ווי אויך אלזייטיק צו קריטיקירן די אנטימאטעריאַליסטישע שטרעמונגען צווישן די מארקסיסטן. ענגעלס האָט גע־זאָגט, אז „דעם מאטעריאַליזם קומט אויס אָנצונעמען א נייעם אויסזען מיט יעדער נייער גרויסער אנטדעקונג“. עס איז באוווּסט, אז די דאָזיקע אופגאבע האָט פאר זיין צייט אויסגעפילט ניט קיין אנדערער, נאָר גראָד לענין, אין זיין אויסגע־

[1] מיין קורסיוו. י. סט.

צייכנטן בוך „מאטעריאַליזם און עמפּיריאָקריטיציזם“. עס איז באַוווּסט, אַז פּלעכאַנאָוו, וועלכער האָט ליב געהאַט זיך לוסטיק צו מאַכן איבער לענינס „זאָרגלאָזיקייט“ בנוגע פילאָסאָפיע, האָט זיך ניט באַשלאָסן ערנסט אַפילו צוטרעטן צום אויספירן אַזאַ אויפגאַבע.

2) די קריטיק פון דער סטיכישקייט־„טעאָריע“, אָדער וועגן דער ראָליע פונעם אַוואַנגאַרד אין דער באַוועגונג. די „טעאָריע“ פון סטיכישקייט איז די טעאָריע פונעם אָפּאָרטוניזם, די טעאָריע פון בוקן זיך פאַר דער סטיכישקייט פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, די טעאָריע פון פאַקטישן אָפּלייקענען די אָנפירנדיקע ראָליע פונעם אַוואַנגאַרד פונעם אַרבעטער־קלאַס, פון דער פּאַרטיי פונעם אַרבעטער־קלאַס.

די טעאָריע פון בוקן זיך פאַר דער סטיכישקייט איז אַנטשיידן קעגן דעם רעוואָלוציאָנערן כאַראַקטער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, זי איז קעגן דעם, אַז די באַוועגונג זאָל געריכט ווערן אויף דער ליניע פון קאַמף קעגן די יעסוידעס פון קאַפּיטאַליזם, — זי איז פאַר דעם, אַז די באַוועגונג זאָל גיין אויסשליסלעך לויט דער ליניע פון „אויספילבאַרע“, פאַרן קאַפּיטאַליזם „אָננעמבאַרע“ פאָדערונגען, זי איז אינגאַנצן פאַר דער „ליניע פון קלענסטן ווידערשטאַנד“. די טעאָריע פון סטיכישקייט איז די אידעאָלאָגיע פון טרעד־יוניאָניזם.

די טעאָריע פון בוקן זיך פאַר דער סטיכישקייט איז אַנטשיידן קעגן דעם, אַז מע זאָל דער סטיכישער באַוועגונג צוגעבן אַ באַוווּסטזיניקן, פּלאַנמעסיקן כאַראַקטער, זי איז קעגן דעם, אַז די פּאַרטיי זאָל גיין פאָרויס פאַרן אַרבעטער־קלאַס, אַז די פּאַרטיי זאָל אויפהייבן די מאַסן צו דער מאַדרייגע פון באַוווּסטזיניקייט, אַז די פּאַרטיי זאָל פירן נאָך זיך די באַוועגונג, — זי איז דערפאַר, אַז די באַוווּסטזיניקע עלעמענטן פון דער באַוועגונג זאָלן ניט שטערן דער באַוועגונג צו גיין מיט איר וועג, זי איז דערפאַר, אַז די פּאַרטיי זאָל זיך בלויז צוהערן צו דער סטיכישער באַוועגונג און זאָל זיך נאָכשלעפּן אין עק נאָך איר. די טעאָריע פון סטיכישקייט איז אַ טעאָריע פון פאַרמינערן די ראָליע פונעם באַוווּסטזיניקן עלעמענט אין דער באַוועגונג, די אידעאָלאָגיע פונעם „עקיזם“, דער לאָגישער יעסאָד פון יעטווידער אָפּאָרטוניזם.

פּראַקטיש האָט די דאָזיקע טעאָריע, וועלכע איז אַרויסגעטראָטן אויף דער סצענע נאָך פאַר דער ערשטער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, געפירט דערצו, אַז אירע אָנהענגער, די אַזוי־גערופענע „עקאָנאָמיסטן“, האָבן געלייקנט די נויטווענדיקייט פון אַ זעלבשטענדיקער אַרבעטער־פּאַרטיי אין רוסלאַנד, זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף פונעם אַרבעטער־קלאַס צו אַראָפּוואַרפן דעם צאַריזם, האָבן געפּרידיקט אַ טרעד־יוניאָניסטישע פּאָליטיק

אין דער באוועגונג און האָבן ביכלאל אָפּגעגעבן די ארבעטער-באוועגונג אונ־טער דער העגעמאָניע פון דער ליבעראלער בורזשואזיע.

דער קאמף פון דער אלטער „איסקרא" און די גלענצנדיקע קריטיק פון דער טעאָריע פונעם „עקיזם", וואָס לענין האָט געגעבן אין זיין בראָשור „וואָס דארף מען טאָן?", האָט ניט נאָר צעקלאפּט דעם אזויגערופענעם „עקאָנאָמיזם", נאָר האָט אויך געשאפן די טעאָרעטישע יעסוידעס פאר דער ווירקלעך רעוואָ־ליוציאָנערער באוועגונג פונעם רוסישן ארבעטער-קלאס.

אָן דעם דאָזיקן קאמף איז גאָר ניט געווען וואָס צו טראכטן אפילע וועגן שאפן א זעלבשטענדיקע ארבעטער-פארטיי אין רוסלאנד און וועגן איר אָנפירנדיקער ראָליע אין דער רעוואָליוציע.

אָבער די טעאָריע פון בוקן זיך פאר דער סטיכישקייט איז ניט בלויז א רוסישע דערשיינונג. זי איז וויט פארשפרייט, עמעס, א ביסל אין אַן אַנ־דער פאָרם, אין אלע אָן אויסנאם פארטייען פונעם II אינטערנאציאָנאל. איך מיין דאָ די אזויגערופענע טעאָריע פון „פּראָדוקטיווע קרעפטן", וואָס די לי־דערס פונעם II אינטערנאציאָנאל האָבן פארפלאכט, די טעאָריע, וואָס בארעכטיקט אלץ און מאכט שאָלעם צווישן אלעמען, וואָס קאָנסטאטירט פאקטן און דערקלערט זיי נאָך דעם, ווי זיי זיינען שוין אלעמען דערעסן געוואָרן, און, קאָנסטאטירנדיק, בארויקט זי זיך דערויף. מארקס האָט געזאָגט, אז די מאטעריאליסטישע טעאָריע קאָן זיך ניט באגנוגענען מיטן דערקלערן די וועלט, זי דארף זי נאָך אומענדערן. אָבער קאוטסקין און קאָמפּ. גייט דאָס ניט אָן, זיי האלטן בעסער פון פארבלייבן באַם ערשטן טייל פון מארקס פאָרמולע. אָט איז איינער פון די פילע ביישפילן פון אָנווענדן די דאָזיקע „טעאָריע". מע זאָגט, אז פאר דער אימפּעריאליסטישער מילכאָמע האָבן די פארטייען פונעם II אינטערנאציאָנאל געסטראשעט, אז זיי וועלן דערקלערן א „מילכאָמע דער מילכאָמע", אויב די אימפּעריאליסטן וועלן אָנהייבן א מילכאָמע. מע זאָגט, אז סאמע ערעוו דער מילכאָמע האָבן די דאָזיקע פארטייען באהאלטן אונטערן געווער דעם לאָזונג פון „מילכאָמע דער מילכאָמע" און האָבן דורכגעפירט אין לעבן א קעגנזעצלעכן לאָזונג וועגן „מילכאָמע פארן אימפּעריאליסטישן פאָטערלאנד". מע זאָגט, אז דער רעזולטאט פון דעם דאָזיקן פארבייט פון לאָזונגען איז געווען מיליאָנען קאָרבאָנעס פון די ארבעטער. עס וואָלט אָבער געווען א טעות צו מיינען, אז דאָ זיינען פאראן שולדיקע, אז עמעצער האָט דאָ געפעלשט אינעם ארבעטער-קלאס, אָדער פאראטן אים. עס הייבט זיך ניט אָן! אלץ איז פאָרגעקומען אזוי, ווי דאָס האָט געדארפט פאָרקומען. ערשטנס, דערפאר, ווייל דער אינטערנאציאָנאל איז אַן „אינסטרומענט פון שאָלעם", און ניט פון מילכאָמע. צווייטנס, דערפאר, ווייל בא דעם „ניוואָ" פון די פּראָדוק־טיווע קרעפטן", וועלכער איז צו יענער צייט געווען, האָט מען קיין שום אַנ־

דער זאך ניט געקאָנט מאכן. „שולדיק" זײַנען די „פּראָדוקטיווע קרעפטן". דאָס דערקלערט „אונדז" פינקטלעך הער קאוטסקיס „טעאָריע פון פּראָדוקטיווע קרעפטן". און ווער עס גלייבט ניט אין דער דאָזיקער „טעאָריע", דער איז קיין מארקסיסט ניט. די ראָליע פון די פּארטייען? זייער באַדײַטונג אין דער באַוועגונג? וואָס קאָן אָבער טאָן די פּארטיי מיט אזא אנטשיידנדיקן פאקטער, ווי דער „ניוואָ פון די פּראָדוקטיווע קרעפטן"?..

אזעלכע בײַשפּילן פון פאלסיפיצירן דעם מארקסיזם וואָלט מען געקאָנט ברענגען א גאנצן פּאַק.

עס איז קוים נייטיק צו דערווײַזן, אז אָט-דער פאלסיפיצירטער „מארקסיזם", וועלכער איז בארופן צו פארדעקן די נאקעטקײַט פונעם אָפּאָרטוניזם, איז בלויז א װאַריאַציע אַף אַן אייראָפּעיִשן שטייגער פון דער זעלבער טעאָריע פון „עקיזם", קעגן וועלכער לענין האָט מילכאָמע געהאלטן נאָך פאר דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע.

עס איז קוים נייטיק צו דערווײַזן, אז דאָס צעשטערן די דאָזיקע טעאָרעטישע פאלסיפיקאציע איז א פּאָרבאדינג אַף צו שאפן ווירקלעך רעוואָליוציאָנערע פּארטייען אַפן מײַרעוו.

3) די טעאָריע פון דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע.

די לענינישע טעאָריע פון דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע גייט ארויס פון דרײַ גרונט-האנאָכעס.

ערשטע האנאָכע. די הערשאפט פונעם פינאנץ-קאפּיטאל אין די פּאָרגעשריטענע לענדער פונעם קאפּיטאליזם; די עמיסיע פון ווערט-פּאפּירן, אלס ווי‏כטיקסטע אָפּעראציע פונעם פינאנץ-קאפּיטאל; דער עקספּאָרט פון קאפּיטאל צו די קוואלן פון רוישטאָף, אלס איינער פון די יעסוידעס פונעם אימפּעריאליזם; די אלמעכטיקײַט פון דער פינאנציעלער אָליגארכיע, אלס רעזולטאט פון דער הערשאפט פונעם פינאנץ-קאפּיטאל,—דאָס אלץ דעקט אוף דעם גראָב-פּאראזיטישן כאראקטער פונעם מאָנאָפּאָליסטישן קאפּיטאליזם, מאכט אין הונדערט מאָל פילבארער דעם יאָך פון די קאפּיטאליסטישע טרעסטן און סינדיקאטן, פארשטארקט דעם וווקס פון צאָרן פונעם ארבעטער-קלאס קעגן די יעסוידעס פונעם קאפּיטאליזם, פירט צו די מאסן צו דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע, אלס צו דער איינציקער רעטונג (זע לענינס „אימפּעריאליזם").

דערפון קומט דער ערשטער אויספיר: די פארשארפונג פונעם רעוואָליוציאָנערן קריזיס אינווייניק אין די קאפּיטאליסטישע לענדער, דער אָנוווּקס פון אויפרײַס-עלעמענטן אַפן אינערלעכן, פּראָלעטארישן פראָנט אין די „מעטראָפּאָליעס".

צווייטע האנאָכע. דער פארשטארקטער עקספּאָרט פון קאפּיטאל אין

די קאָלאָניאַלע און אָפּהענגיקע לענדער; די פאַרברייטערונג פון די „איינפלוס-ספערן" און קאָלאָניאַלע באַזיצן, ביז צום ארומכאַפּן דעם גאַנצן ערד-קיילעך; די פאַרוואַנדלונג פונעם קאַפּיטאַליזם אין אַ אַלוועלטלעכער סיסטעם פון פינאַנציעלער פאַרשקלאַפונג און קאָלאָניאַלער אונטערדריקונג פון דער גיגאַנטישער מערהייט באַפעלקערונג אויף דער ערד דורך אַ הייפּל „פאָרגעשריטענע" לענדער, — דאָס אַלץ האָט, פון איין זייט, פאַרוואַנדלט די באַזונדערע נאַציאָנאַלע ווירטשאַפטן און נאַציאָנאַלע טעריטאָריעס אין רינגען פון איין איינהייטלעכער קייט, וועלכע הייסט וועלט-ווירטשאַפט, פון דער אַנדערער זייט — האָט עס צעשפּאָלטן די באַפעלקערונג פונעם ערד-קיילעך אויף צוויי לאַגערן: אויף אַ הייפּל „פאָרגעשריטענע" קאַפּיטאַליסטישע לענדער, וועלכע עקספּלואַטירן און אונטערדריקן די גרויסע קאָלאָניאַלע און אָפּהענגיקע לענדער, און אויף אַ קאָלאָסאַלער מערהייט קאָלאָניאַלע און אָפּהענגיקע לענדער, וועלכע זיינען געצוווּנגען צו פירן אַ קאַמף פאַר באַפרייען זיך פון אונטערן אימפּעריאַליסטישן יאָך (ז. „אימפּעריאַליזם").

דערפון קומט דער צווייטער אויספיר: די פאַרשאַרפונג פונעם רעוואָלוציאָנערן קריזיס אין די קאָלאָניאַלע לענדער, דער אָנוווּקס פון די עלעמענטן פון צאָרן קעגן אימפּעריאַליזם אויפן אויסערלעכן, קאָלאָניאַלן פראָנט.

דריטע האַנאַכע: דער מאָנאָפּאָלער באַזיץ פון „איינפלוס-ספערן" און קאָלאָניעס; די ניט-גלייכמעסיקע אַנטוויקלונג פון פאַרשיידענע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, וואָס דאָס פירט צו אַ ווילדן קאַמף פאַר דער איבערפאַרטיילונג פון דער וועלט צווישן די לענדער, וועלכע האָבן שוין פאַרכאַפּט טעריטאָריעס, און צווישן די לענדער, וועלכע ווילן באַקומען זייער „חלק"; אימפּעריאַליסטישע מלחמות, אַלס דאָס איינציקע מיטל ווידערופצושטעלן דעם געשטערטן „גלייכגעוויכט", — דאָס אַלץ פירט צו דער פאַרשטאַרקונג פונעם דריטן פראָנט, פונעם צווישנקאַפּיטאַליסטישן פראָנט, וועלכער שוואַכט אָפּ דעם אימפּעריאַליזם און פאַרלייכטערט די פאַראייניקונג פון די צוויי ערשטע פראָנטן קעגן דעם אימפּעריאַליזם, פונעם רעוואָלוציאָנער-פּראָלעטאַרישן פראָנט און קאָלאָניאַל-באַפרייערישן פראָנט (ז. „אימפּעריאַליזם").

דערפון קומט דער דריטער אויספיר: די אומאָפּווענדבאַרקייט פון מלחמות באַם אימפּעריאַליזם און די אומפאַרמיידלעכקייט פון דער קאָאַליציע צווישן דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע אין אייראָפּע מיט דער קאָלאָניאַלער רעוואָלוציע אויפן מיזרעך אין איין איינהייטלעכן אַלוועלטלעכן פראָנט פון רעוואָלוציע קעגן דעם אַלוועלטלעכן פראָנט פון אימפּעריאַליזם.

די אַלע אויספירן ווערן באַ לענינען פאַראייניקט אין איין אַלגעמיינעם אויספיר וועגן דעם, אַז „דער אימפּעריאַליזם איז דער

ערעוו פונ דער סאָציִאַליסטישער רעוואָליוציע"[1] (זע ב. XIX, ז. 71).

אינ העסקעמ דערמיט בײַט זיכ אויכ דער צוגאנג גופע צו דער פראגע וועגנ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע, וועגנ דעמ כאראקטער פונ דער רעוואָליוציע, איר פארנעמ, איר טיפקײַט, די סכעמע פונ דער רעיואָליוציע ביכלאל.

פריִער פלעגט מענ צומ אנאליזירנ די פאָרהאנאָכעס פונ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע צוגיינ געווײנלעכ פונעמ שטאנדפונקט פונעם עקאָנאָמישנ צושטאנד פונ דעמ אָדער יענעמ באזונדערנ לאנד. איצט איז שוינ דער דאָזיקער צוגאנג ניט גענוג. איצט מוז מענ צוגיינ צו דעמ איניענ פונעמ שטאנדפונקט פונעמ עקאָנאָמישנ צושטאנד פונ אלע אָדער פונ דער מערהײַט לענדער, פונעמ שטאנדפונקט פונעמ צושטאנד פונ דער וועלט-ווירטשאפט, ווײַל באזונדערע לענדער אונ באזונדערע נאציִאָנאלע ווירטשאפטנ האָבנ אופגעהערט צו זײַנ זעלבסטגעניגנדיקע אײנסנ, זיי זײַנענ פארוואנדלט געוואָרנ אינ רינגענ פונ איינ אײנהײַטלעכער קײט, וועלכע הייסט וועלט-ווירטשאפט, ווײַל דער אלטער „קולטורעלער" קאפיטאליזמ איז אריבערגעוואָקסנ אינ אימפעריִאליזמ, אונ דער אימפעריִאליזמ איז אנ אלוועלטלעכע סיסטעמ פונ פינאנציִעלער פארשקלאפונג אונ קאָלאָניִאלער אונטערדריקונג פונ דער גיגאנטישער מערהײַט באפעלקערונג אפ דער ערד דורכ א הײַפל „פאָרגעשריטענע" לענדער.

פריִער איז אָנגענומענ געווענ צו ריידנ וועגנ דעמ, צי ס'זײַנענ פאראנ אָדער עס זײַנענ ניטאָ די אָביעקטיווע באדינגונגענ פאר דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע אינ אײנצלנע לענדער, אָדער פינקטלעכער — אינ דעמ אָדער יענעמ אנטוויקלטנ לאנד. איצט איז שוינ אזא שטאנדפונקט ניט גענוג. איצט מוז מענ ריידנ וועגנ דעמ, צי עס זײַנענ פאראנ אָביעקטיווע באדינגונגענ פאר דער רעוואָליוציע אינ דער גאנצער סיסטעמ פונ דער אלוועלטלעכער אימפעריִאליסטישער ווירטשאפט, אלס אנ אײנהײַטלעכ גאנצעס, דערבײַ איז דאָס, וואָס אינעמ באשטאנד פונ דער דאָזיקער סיסטעמ זײַנענ פאראנ אײניקע לענדער, וועלכע זײַנענ ניט גענוג אנטוויקלט אינ אינדוסטריִעלער הינזיכט, — אָט דאָס קאָנ ניט דינענ אלס אנ אומבאזיגלעכע שטערונג פאר דער רעוואָליוציע, אויב די סיסטעמ אינגאנצנ גענומענ אָדער, ריכטיקער, ווײַל די סיסטעמ אינגאנצנ גענומענ איז שוינ רײַפ געוואָרנ פאר דער רעוואָליוציע.

פריִער איז אָנגענומענ געווענ צו ריידנ וועגנ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע אינ דעמ אָדער יענעמ אנטוויקלטנ לאנד, ווי וועגנ א באזונדערער זעלבסגעניגנדיקער גרייס, וואָס ווערט אנטקעגנגעשטעלט דעמ באזונדערנ,

[1] מײַנ קורסיוו. י. סט.

נאציאָנאלן פראָנט פון קאפּיטאל, אלס זײַן אנטיפּאָד. איצט איז שוין אזא שטאנדפּונקט ניט גענוג. איצט מוז מען ריידן וועגן דער אלוועלטלעכער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע, ווײַל די איינצלנע נאציאָנאלע פראָנטן פון קאפּיטאל זײַנען פארוואנדלט געוואָרן אין רינגען פון איין איינהײַטלעכער קייט, וועלכע הייסט אלוועלטלעכער פראָנט פון אימפּעריאליזם, וואָס איר דארף אנטקעגנגעשטעלט ווערן דער אלגעמיינער פראָנט פון דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג פון אלע לענדער.

פריִער פלעגט מען באטראכטן די פּראָלעטארישע רעוואָליוציע, ווי א רעזולטאט אויסשליסלעך פון דער אינערלעכער אנטוויקלונג פונעם געגעבענעם לאנד. איצט איז שוין אזא שטאנדפּונקט ניט גענוג. איצט דארף מען באטראכטן די פּראָלעטארישע רעוואָליוציע, פריִער פאר אלץ, ווי א רעזולטאט פון דער אנטוויקלונג פון די ווידערשפּרוכן אין דער אלוועלטלעכער סיסטעם פונעם אימפּעריאליזם, ווי א רעזולטאט פון דעם, וואָס די קייט פונעם אלוועלטלעכן אימפּעריאליסטישן פראָנט אין דעם אָדער יענעם לאנד איז צעריסן געוואָרן.

ווו וועט זיך אָנהייבן די רעוואָליוציע, ווו קאָן, פריִער פון אלץ, דורכגעריסן ווערן דער פראָנט פונעם קאפּיטאל, אין וועלכן לאנד?

דאָרט, ווו עס איז מער אנטוויקלט די אינדוסטריע, ווו דער פּראָלעטאריאט בילדעט די מערהײַט, ווו עס איז פאראן מער קולטורעלקײַט, ווו עס איז פאראן מער דעמאָקראטיע, — פלעגט מען געוויינלעך ענטפערן פריִער.

ניין, — דערווידערט די לענינישע טעאָריע פון רעוואָליוציע, — ניט אומבאדינגט דאָרט, ווו די אינדוסטריע איז מער אנטוויקלט אא. דער פראָנט פונעם קאפּיטאל וועט דורכגעריסן ווערן דאָרט, ווו די קייט פונעם אימפּעריאליזם איז שוואכער, ווײַל די פּראָלעטארישע רעוואָליוציע איז א רעזולטאט פון צערײַסן די קייט פונעם אלוועלטלעכן אימפּעריאליסטישן פראָנט אין איר שוואכסטן אָרט, דערבײַ קאָן זיך ארויסווײַזן, אז דאָס לאנד, וואָס האָט אָנגעהויבן די רעוואָליוציע, דאָס לאנד, וואָס האָט דורכגעריסן דעם פראָנט פון קאפּיטאל, איז ווייניקער אנטוויקלט אין קאפּיטאליסטישער הינזיכט, ווי אנדערע, מער אנטוויקלטע, לענדער, וועלכע זײַנען פונדעסטוועגן פארבליבן אין די ראמען פון קאפּיטאליזם.

אין 1917 יאָר האָט זיך די קייט פונעם אימפּעריאליסטישן אלוועלטלעכן פראָנט ארויסגעוויזן אין רוסלאנד שוואכער, איידער אין אנדערע לענדער. דאָרט האָט זי זיך טאקע דורכגעריסן און באפרײַט דעם וועג פאר דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע. פארוואָס? דערפאר, ווײַל אין רוסלאנד האָט זיך פאנאנדערגעוויקלט די גרעסטע פאָלק־רעוואָליוציע, וואָס בעראָש פון איר איז געגאנגען דער רעוואָליוציאָנערער פּראָלעטאריאט, וואָס האָט

געהאט אזא ערנסטן פארבינדעטן, ווי דאָס פּילמיליאָניקע פּויערטום, וואָס איז אונטערדריקט און עקספּלואטירט געוואָרן דורך די פּריצים. דערפאר, ווײַל קעגן דער רעוואָליוציע איז דאָרט געשטאנען אזא עקלהאפטער פאָרשטייער פונעם אימפּעריאַליזם, ווי דער צאריזם, וועלכער האָט ניט פארמאָגט קיין שום מאָראַלישן געוויכט און האָט פארדינט אַלגעמיינעם האס פון דער באפעלקערונג. אין רוסלאנד האָט זיך די קייט ארויסגעוויזן שוואכער, הגם רוסלאנד איז געווען ווייניקער אנטוויקלט אין קאפּיטא־ליסטישער הינזיכט, ווי, לאָמיר זאָגן, פראנקרײַך אָדער דײַטשלאנד, ענגלאנד אָדער אמעריקע.

ווו וועט דורכגעריסן ווערן די קייט אין דער נאָענטסטער צוקונפט? ווידעראמאָל דאָרט, ווו זי איז שוואכער. עס איז ניט אויסגעשלאָסן, אז די קייט קאָן זיך דורכרײַסן, לאָמיר זאָגן, אין אינדיע. פארוואָס? דערפאר, ווײַל דאָרט איז פאראן א יונגער קעמפערישער רעוואָליוציאָנערער פּראָלעטאריאַט, וועלכער האָט אזא פארבינדעטן, ווי די נאציאָנאַלע באפרײַונג־באוועגונג, — אָן סאָפעק א גרויסער און אָן סאָפעק אן ערנסטער פארבינדעטער. דערפאר, ווײַל קעגן דער רעוואָליוציע שטייט דאָרט אזא, אלעמען באקאנטער, קעגנער, ווי דער פרעמדלענדישער אימפּעריאַליזם, וועלכער פארמאָגט ניט קיין מאָראַלישן קרעדיט און וועלכער האָט פארדינט אַלגעמיינעם האס פון די אונטערדריקטע און עקספּלואטירטע מאסן פון אינדיע.

עס איז אויך גאנץ מעגלעך, אז די קייט קאָן זיך דורכרײַסן אין דײַטשלאנד. פארוואָס? דערפאר, ווײַל די פאקטאָרן, וועלכע ווירקן, לאָמיר זאָגן, אין אינדיע, הייבן אָן צו ווירקן אויך אין דײַטשלאנד, דערבײַ איז פארשטענדלעך, אז דער גוואלדיקער אונטערשייד אין דער אנטוויקלונג־שטופע, וואָס איז פאראן צווישן אינדיע און דײַטשלאנד, קאָן ניט ארופלייגן זײַן שטעמפּל אפן גאנג און אויסגאנג פון דער רעוואָליוציע אין דײַטשלאנד.

אָט פארוואָס לענין זאָגט, אז:

„די מײַרעוו־אײראָפּײַשע קאפּיטאַליסטישע לענדער פארענדיקן זייער אנטוויקלונג צום סאָציאַליזם... ניט דורך דעם, וואָס אין זיי ווערט גלײַכמעסיק „רײַפּ“ דער סאָציאַליזם, נאָר דורך דער עקספּלואטאציע פון אײנע מעלוכעס דורך אנדערע, דורך דער עקספּלואטאציע פון דער ערשטער צווישן די מעלוכעס, וואָס זײַנען באזיגט געוואָרן בײַס דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, פארייניקט מיט דער עקספּלואטאציע פונעם גאנצן מיזרעך. און דער מיזרעך, פון דער צווייטער זײַט, איז ענדגילטיק געקומען אין רעוואָליוציאָנערער באוועגונג גראָד מאכמעס דער דאָזיקער ערשטער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע און ער האָט זיך ענדגילטיק ארײַנגעצויגן אינעם אַלגעמיינעם קרײַזלויף פון דער אַלוועלטלעכער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג“. (זע ב. XXVII, ז. 415—416).

קירצער געזאגט: די קייט פונעם אימפעריאליסטישן פראָנט מוז זיך, אלס קלאל, דורכרייסן דאָרט, ווו די רינגען פון דער קייט זיינען שוואַכער, און, אלנפאלס, איז שוין גאָר קיין מוז ניט, אז זי זאָל זיך דורכרייסן דאָרט, ווו דער קאפיטאליזם איז מער אנטוויקלט, ווו עס איז פאַראַן פראָלעטאריער אזויפיל און אזויפיל פראָצענט, און פויערים אזויפיל און אזויפיל און אזוי ווייטער.

אָט פארוואָס די סטאטיסטישע כעזשבוינעס וועגן דער פראָצענט-אויסרעכענונג פונעם פראָלעטארישן באשטאנד פון דער באפעלקערונג אין אן איינצלנעם לאנד פארלירן יענע אויסשליסלעכע באדייטונג באם לייזן די פראגע וועגן דער פראָלעטארישער רעוואָלוציע, וואָס עס פלעגן איר מיט אזא בּיישעק צוגעבן די לאָמדים פון II אינטערנאציאָנאל, וועלכע האָבן ניט פארשטאנען דעם אימפעריאליזם און האָבן מוירע געהאט פאר דער רעוואָלוציע, ווי פאר פעסט.

ווייטער. די העלדן פון II אינטערנאציאָנאל פלעגן טענהן (און טענהן נאָך איצט אויך), אז צווישן דער בורזשואז-דעמאָקראטישער רעוואָלוציע, פון איין זייט, און דער פראָלעטארישער, פון דער אנדערער, איז פאראַן אַן אָפּגרונט אָדער, אלנפאלס, א כינעזישע וואנט, וועלכע טיילט אָפּ איינע פון דער אנדערער מיט א מער אָדער ווייניקער דויערנדיקן אינטערוואל, אין פארלויף פון אָט־דעם אינטערוואל אנטוויקלט די בורזשואזיע, וועלכע איז געקומען צו דער מאכט, דעם קאפיטאליזם, דער פראָלעטאריאט ווידער זאמלט אָן קויכעס און גרייט זיך צום „אנטשיידענעם קאמף" קעגן דעם קאפיטאליזם. דער דאָזיקער אינטערוואל ווערט געווײנלעך אויסגערעכנט אָפּ פיל צענדליקער יאָרן, אויב ניט מער. עס איז קוים נייטיק צו דערווייזן, אז די דאָזיקע „טעאָריע" פון א כינעזישער וואנט האָט ניט קיין שום וויסנשאפטלעכן זינען אין די אומשטענדן פון אימפעריאליזם, אז זי איז, און קאָן ניט ניט זיין, בלויז א צודעק, א פארפוצונג פון די קאָנטררעוואָלוציאָנערע באגערן פון דער בורזשואזיע. עס איז קוים נייטיק צו דערווייזן, אז אין די אומשטענדן פון אימפעריאליזם, וועלכער איז שוואנגער מיט צוזאמענשטויסן און מילכאָמעס, אין די אומשטענדן פון אן „ערעוו סאָציאליסטישער רעוואָלוציע", ווען דער „בליענדיקער" קאפיטאליזם פארוואנדלט זיך אין א „שטארבנדיקן" קאפיטאליזם, און די רעוואָלוציאָנערע באוועגונג וואקסט אין אלע לענדער פון דער וועלט, ווען דער אימפעריאליזם פארייניקט זיך מיט אלע, אָן אויסנאם, רעאקציאָנערע קויכעס, ביזן צאריזם און לייבייגנטום איינגעשלאָסן, און דערמיט גופע מאכט ער נויטווענדיק די קאָאלירונג פון אלע רעוואָלוציאָנערע קויכעס, אָנגעהויבן פון דער פראָלעטארישער באוועגונג אפן מייַרעוו ביז דער נאציאָנאלער באפרייַונג-באוועגונג אפן מיזרעך,

ווען אראָפּווארפן די רעשטן פון די פעאָדאל־לײַבייגנטימערישע פּאָראָנדקעס ווערט אומעגלעך אָן א רעוואָליוציאָנערן קאמף קעגן אימפּעריאליזם, — איז קוים נייטיק צו דערווײַזן, אז די בורזשואז־דעמאָקראטישע רעוואָליוציע, א״נ א מער אָדער ווייניקער אנטוויקלטן לאנד, מוז זיך בא אזוינע באדינגונגען דערנעענטערן צו דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע, אז די ערשטע מוז אריבערוואקסן אין דער צווייטער. די געשיכטע פון דער רעוואָליוציע אין רוסלאנד האָט באשײַמפּערלעך דערוויזן די ריכטיקייט און אומבאשטרײַטלעכקייט פונעם דאָזיקן טעזיס. ניט אומזיסט האָט לענין נאָך אין 1905 יאָר, ערעוו דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע, אין זײַן בראָשור „צוויי טאקטיקעס“, געשילדערט די בורזשואז־דעמאָקראטישע רעוואָליוציע און די סאָציאליסטישע איבערקערעניש ווי צוויי רינגען פון איין קייט, ווי אן איינהײַטלעך און פארגאנצט בילד פונעם פארמעסט פון דער רוסישער רעוואָליוציע.

„דער פּראָלעטאריאט דארף דורכפירן ביזן סאָף די דעמאָקראטישע איבערקערעניש, פאראייניקנדיק צו זיך די מאסע פויערטום, קעדיי צו דערשטיקן מיט קראפט דעם ווידערשטאנד פון דער זעלבסטהערשונג און פאראליזירן די ניט־שטאנדהאפטיקייט פון דער בורזשואזיע. דער פּראָלעטאריאט דארף מאכן די סאָציאליסטישע איבערקערעניש, פאראייניקנדיק צו זיך די מאסע האלב־פּראָלעטארישע עלעמענטן פון דער באפעלקערונג, קעדיי צו צעברעכן מיט קראפט דעם ווידערשטאנד פון דער בורזשואזיע און פאראליזירן די ניט־שטאנדהאפטיקייט פונעם פויערטום און פון דער קלײַנבורזשואזיע. אָט דאָס זײַנען די אופגאבן פונעם פּראָלעטאריאט, וואָס די נײַ־איסקראָווצעס שטעלן אזוי שמאָל פאָר אין אלע זייערע בקירעס און רעזאָלוציעס וועגן דעם פארמעסט פון דער רעוואָליוציע“ (זע ב. VIII, ז. 96).

איך רייד שוין ניט וועגן אנדערע, שפּעטערדיקע ווערק לענינס, ווו די אידיי פונעם אריבערוואקסן פון דער בורזשואזער רעוואָליוציע אין א פּראָלעטארישער טרעט ארויס מער רעליעף, איידער אין די „צוויי טאקטיקעס“, אלס איינער פון די ווינקלשטיינער פון דער לענינשער טעאָריע פון רעוואָליוציע.

אייניקע כאווירים, ווײַזט זיך ארויס, מיינען, אז לענין איז געקומען צו דער דאָזיקער אידיי ערשט אין 1916 יאָר, אז ביז יענער צײַט האָט ער קלוימערשט גערעכנט, אז די רעוואָליוציע אין רוסלאנד וועט זיך פארהאלטן אין בורזשואזע ראמען, אז די מאכט וועט, הייסט עס, פון די הענט פונעם אָרגאן פון דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט און פויערטום אריבערגיין אין די הענט פון דער בורזשואזיע, און ניט פונעם פּראָלעטאריאט. מע זאָגט, אז אָט־די באהויפּטונג איז ארײַנגעדרונגען אפי־

לע אינ אונדזער קאָמוניסטישער פּרעסע. איך מוז זאָגנ, אז די דאָזיקע באהויפּטונג איז לאכלוטנ ניט קיינ ריכטיקע, אז זי אנטשפּרעכט לאכלוטנ ניט דער ווירקלעכקייט.

איך וואָלט זיך געקאָנט פאַרופנ אפ לענינס באוווסטער רעדע אפנ III צוזאמענפאָר פונ דער פּארטיי (1905 יאָר), ווו ער האָט די דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט אונ פונעם פויערטום, ד. ה. דעם ניצאָכנ פונ דער דעמאָקראטישער רעוואָליוציע, קוואליפיצירט ניט ווי אנ „אָרגאניזאציע פונ „אָרדענונג", נאָר ווי אנ „אָרגאניזאציע פונ קריג" (זע ב. VII, ז. 264).

איך וואָלט, ווייטער, געקאָנט זיך פאַרופנ אפ לענינס באוווסטע ארטיקלענ וועגנ דער „צייטווייליקער רעגירונג" (1905 יאָר), ווו ער מאָלט די פּערספּעקטיוו פונ דער פאנאנדערוויקלונג פונ דער רוסישער רעוואָליוציע, אונ שטעלט פאר דער פּארטיי די אופגאבע „זיך צו דערשלאָגנ, אז די רוסישע רעוואָליוציע זאָל זיינ ניט קיינ באוועגונג פונ עטלעכע כאדאָשימ, נאָר א באוועגונג פונ א סאך יאָרנ, אז זי זאָל ברענגענ ניט בלויז צו קליינע האנאָכעס מיצאד די מאכטהאָבער, נאָר דערצו, אז די דאָזיקע מאכטנ זאָלנ אינגאנצנ ארויפגעוואָרפנ ווערנ"; ער וויקלט דאָרט ווייטער פאנאנדער די דאָזיקע פּערספּעקטיוו אונ, פארבינדנדיק זי מיט דער רעוואָליוציע אינ אייראָפּע, זעצט ער פאָר:

„אונ אויב דאָס וועט זיך איינגעבנ, — דעמלט... דעמלט וועט א רעוואָליוציאָנערע סרייפע אָנצינדנ אייראָפּע; דער אייראָפּייִשער ארבעטער, אנ אויסגעמאטערטער אינ דער בורזשואזער רעאקציע, וועט זיך, פונ זיינ זייט, אופהייבנ אונ וועט אונדז באווייזנ: „ווי אזוי מע מאכט דאָס"; דעמלט וועט דער רעוואָליוציאָנערער אופשטייג פונ אייראָפּע האָבנ א צוריקווירקונג אפ רוסלאנד אונ וועט פונ אנ עפּאָכע פונ עטלעכע רעוואָליוציאָנערע יאָר מאכנ אנ עפּאָכע פונ עטלעכע רעוואָליוציאָנערע יאָרצענדליקער..." (זע ד א ר ט, ז. 191).

איך וואָלט זיך, ווייטער, געקאָנט פאַרופנ אפ לענינס באוווסטנ ארטיקל, וועלכער איז פאַרעפנטלעכט געוואָרנ אינ נאָיאבער 1915 יאָר, ווו ער שרייבט:

„דער פּראָלעטאריאט קעמפט אונ וועט מיט מעסירעסנעפעש קעמפנ פאר דעראָבערנ די מאכט, פאר דער רעפּובליק, פאר קאָנפיסקירנ די ערד... פאַרנ אָנטייל פונ די „נ י ט - פּראָלעטארישע פאָלקמאסנ" אינעמ באפרייענ ד אָ ס ב ו ר ז ש ו א ז ע רוסלאנד פונ אונטער דעמ מ י ל י ט ע ר י ש - פ ע אָ ד א ל נ „אימפּעריאליזמ" (= צאריזמ). אונ מיט דעמ דאָזיקנ באפרייענ דאָס בורזשואזע רוסלאנד פונעמ צאריזמ, פונ דער אגרארער מאכט פונ די פּריצימ וועט זיך דער פּראָלעטאריאט ט ײ ק ע פ [1] באנוצנ ניט אפ צו העלפנ די פארמעגלעכע פויערימ אינ זייער קאמפ קעגנ דאָרפישנ ארבעטער, נאָר — אפ דורכצופירנ די סאָציאליסטישע רעוואָליוציע אינ בונד מיט די פּראָלעטאריער פונ אייראָפּע" (זע ב. XVIII, ז. 318).

---

[1] מיינ קורסיוו י. ס ט.

איך וואָלט זיך, ענדלעך, געקאָנט פארופן אפן באקאנטן אָרט אין לענינס בראָשור „די פּראָלעטארישע רעוואָליוציע און דער רענעגאט קאוטסקי”, וווּ, אָנווייַזנדיק אף דער אויבן געבראכטער ציטאטע פון די „צוויי טאקטיקעס” וועגן דעם פארמעסט פון דער רוסישער רעוואָליוציע, קומט ער צו אזא אויספיר:

„עס האָט זיך באקומען טאקע אזוי, ווי מיר האָבן געזאָגט. דער גאנג פון דער רעוואָליוציע האָט באשטעטיקט די ריכטיקייט פון אונדזער גערדאנקענגאנג. צוערשט צוזאמען מיטן „גאנצן” פויערטום קעגן דער מאָנארכיע, קעגן די פּריצים, קעגן דעם מיטלאלטער (און אף אזויפיל פארבלייַבט די רעוואָליוציע א בורזשואזע, א בורזשואזי־דעמאָקראטישע). דערנאָך, צוזאמען מיטן אָרעמסטן פויערטום, צוזאמען מיטן האלב־פּראָלעטאריאַט, צוזאמען מיט אלע עקספּלואטירטע, קעגן דעם קאפּיטאליזם, דערונטער אויך קעגן די דאָרפישע גווירים, באלעגופים, ספּעקוליאנטן, און אף אזויפיל ווערט די רעוואָליוציע א סאָציאליסטישע. פּרווון זיך אוועקשטעלן א קינסטלעכע כינעזישע וואנט צווישן איינער און דער אנדערער, אָפּטיילן זיי איינע פון דער אנדערער מיט עפּעס־וואָס אנדערש, אחוץ דער שטופע פון צוגעגרייטקייט פונעם פּראָלעטאריאַט און דער שטופע פון זייַן פאראייניקונג מיט דער דאָרפישער אָרעמשאפט, איז די גרעסטע פארקריפּלונג פונעם מארקסיזם, דאָס הייסט פארפלאכן אים, פארבייַטן אים אף ליבעראליזם” (זע ב׳ XXIII, ז׳ 391).

דאכט זיך, גענוג.

גוט, וועט מען אונדז זאָגן, אָבער אויב אזוי, פארוואָס האָט לענין מילכאָמע געהאלטן קעגן דער אידיי פון „פּערמאנענטער (קעסיידערדיקער) רעוואָליוציע”?

דערפאר, ווייַל לענין האָט פאָרגעלייגט „אויסצושעפּן” די רעוואָליוציאָנערע פייִקייטן פונעם פויערטום און אויסנוצן ביזן גרונט זייַן רעוואָליוציאָנערע ענערגיע פאר דער פולער ליקווידאציע פונעם צאריזם, פארן איבערגאנג צו דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע, בעשאס די אָנהענגער פון „פּערמאנענטער רעוואָליוציע” האָבן ניט פארשטאנען די ערנסטע ראָליע פונעם פויערטום אין דער רוסישער רעוואָליוציע, האָבן ניט דערשאצט די קראפט פון דער רעוואָליוציאָנערער ענערגיע פונעם פויערטום, האָבן ניט דערשאצט די קראפט און פייִקייט פונעם רוסישן פּראָלעטאריאַט צו פירן נאָך זיך דאָס פויערטום און האָבן, אזויארום, פארשווערט דאָס ארויסבאפרייַען דאָס פויערטום פון אונטער דער ווירקונג פון דער בורזשואזיע, דאָס באהעפטן דאָס פויערטום ארום דעם פּראָלעטאריאַט.

דערפאר, ווייַל לענין האָט פאָרגעלייגט צו באקרוינען די רעוואָליוציע מיטן איבערגאנג פון דער מאכט צום פּראָלעטאריאַט, בעשאס די אָנהענגער פון דער „פּערמאנענטער” רעוואָליוציע האָבן געמיינט אָנצוהייבן די זאך גלייַך פון דער מאכט פונעם פּראָלעטאריאַט, ניט פארשטייענדיק, אז דערמיט אליין פארמאכן זיי די אויגן אף אזא „קלייניקייט”, ווי די רעשטן

לײַבייגנטומ, אונ נעמענ ניט אינ כעזשבנ אזא ערנסטע קראפט, ווי דאָס רוסישע פויערטומ, ניט פארשטייענדיק, אז אזא פּאָליטיק קאָנ בלויז פארהאלטנ די זאכ פונ דעראָבערנ דאָס פויערטומ אפ דער זײַט פונעמ פּראָלעטאריאט.

לענינ האָט, אלזאָ, מילכאָמע געהאלטנ קעגנ די אָנהענגער פונ דער „פּערמאנענטער" רעוואָליוציע ניט צוליב דער פראגע וועגנ אָנופהערלעכקײַט, ווײַל לענינ אליינ איז געשטאנענ אפנ שטאנדפונקט פונ אָנופהערלעכער רעוואָליוציע, נאָר צוליב דעמ, ווײַל זיי האָבנ ניט-דערשאצט די ראָליע פונעמ פויערטומ, וואָס איז דער גרעסטער רעזערוו פונעמ פּראָלעטאריאט, ווײַל זיי האָבנ ניט פארשטאנענ די אידיי פונ דער העגעמאָניע פונעמ פּראָלעטאריאט.

די אידיי פונ „פּערמאנענטער" רעוואָליוציע איז ניט קיינ נײַע אידיי. צומ ערשטנ מאָל האָט זי ארויסגערוקט מארקס צומ סאָפ פונ די 40־ער יאָרנ אינ זײַנ באקאנטער „ווענדונג" צומ „קאָמוניסטנ-בונד" (1850). פונ דעמ דאָזיקנ דאָקומענט האָבנ עס אונדזערע „פּערמאנענטניקעס" גענומענ די אידיי פונ אָנופהערלעכער רעוואָליוציע. מע דארפ באמערקנ, אז, נעמענדיק די דאָזיקע אידיי בא מארקסנ, האָבנ אונדזערע „פּערמאנענטניקעס" זי א ביסל אומגעענדערט, אונ, אומענדערנדיק, האָבנ זיי זי „קאַליע געמאכט", געמאכט זי פאר אומטויגבאר פארנ פּראקטישנ געברויכ. עס איז נייטיק געווענ לענינס דערפארענע האנט אפ צו פאריכטנ אָט־דעמ פעלער, נעמענ מארקס אידיי פונ אָנופהערלעכער רעוואָליוציע אינ איר ריינער פאָרמ אונ מאכנ זי פאר איינעמ פונ די ווינקלשטיינער פונ זײַנ טעאָריע פונ רעוואָליוציע.

אָט וואָס עס זאָגט מארקס אינ זײַנ „ווענדונג" וועגנ דער אָנופהערלעכער רעוואָליוציע, נאָכ דעמ, ווי ער רעכנט אויס א רײ רעוואָליוציאָנער-דעמאָקראטישע פאָדערונגענ, וואָס צו דעראָבערנ זיי רופט ער די קאָמוניסטנ:

„אינ דער צײַט, ווענ די דעמאָקראטישע קליינבירגער ווילנ מיטנ דורכפירנ א מעגלעכ גרעסערע צאָל אויבנ אָנגעוויזענע פאָדערונגענ ווי אמשנעלסטנ פארענדיקנ די רעוואָליוציע, באשטייענ אונדזערע אינטערעסנ אונ אונדזערע אופגאבנ דערינ, אז מיר זאָלנ מאכנ די רעוואָליוציע פאר אנ אָנופהערלעכע אזוי לאנג, ביז אלע מער אָדער ווייניקער פארמעגלעכע קלאסנ וועלנ ניט באזײַטיקט ווערנ פונ דער הערשאפט, ביז דער פּראָלעטאריאט וועט ניט דעראָבערנ די מעלוכע־מאכט, ביז די אסאָציאציעס פּראָלעטאריער ניט נאָר אינ איינ לאנד, נאָ־ אינ אלע הערשנדיקע לענדער פונ דער וועלט וועלנ זיכ ניט אנטוויקלענ אפ אזוי־פיל, אז די קאָנקורענצ צווישנ די פּראָלעטאריער פונ די דאָזיקע לענדער וועט אופהערנ, אונ ביז, ווײַניקסטנס, די אנטשיידנדיקע פּראָדוציר־קרעפטנ וועלנ ניט קאָנצענטרירט זײַנ אינ די הענט פונ די פּראָלעטאריער".

אנדערש גערעדט:

א) מארקס האָט קלאָר ניט פאָרגעלייגט אַנצוהייבנ די רעוואָליוציע אינ דײַטשלאנד אינ די 50־ער יאָרנ גלײַכ פונ א פראָלעטארישער מאכט טראָצ די פלענער פונ אונדזערע רוסישע „פערמאנענטניקעס“;

ב) מארקס האָט פאָרגעלייגט בלויז צו באקרוינענ די רעוואָליוציע דורכ דער פראָלעטארישער מעלוכע-מאכט, אראָפּשטויסנדיק טריט נאָכ טריט פונ דער הייכ פונ מאכט איינ פראקציע פונ דער בורזשואזיע נאָכ דער אנדערער, קעדיי דערנאָכ, דערשלאָגנדיק זיכ צו דער מאכט פונעם פראָלעטאריאט, פאנאנדערצינדנ די רעוואָליוציע אינ אלע לענדער, — אינ פולנ העסקעם מיט דעם אלעם, וואָס עס האָט געלערנט לענינ אונ וואָס ער האָט דורכגעפירט אינ לעבנ אינעם גאנג פונ אונדזער רעוואָליוציע, נאָכפאָלגנדיק זײַנ טעאָריע פונ פראָלעטארישער רעוואָליוציע אינ די אומשטענדנ פונ אימפעריאליזם.

קומט אויס, אז אונדזערע רוסישע „פערמאנענטניקעס“ האָבנ ניט בלויז ניט דערשאצט די ראָליע פונעם פויערטום אינ דער רוסישער רעוואָליוציע אונ די באַדײַטונג פונ דער אידיי פונ העגעמאָניע פונעם פראָלעטאריאט, נאָר זיי האָבנ נאָכ אויכ אומגעענדערט (צום ערגערנ) מארקס אידיי פונ „פערמאנענטער“ רעוואָליוציע, מאכנדיק זי אומטויגבאר פאר דער פראקטיק.

אָט פארוואָס לענינ האָט אויסגעלאכט די טעאָריע פונ אונדזערע „פערמאנענטניקעס“, גערופנ זי „אָריגינעלע“ אונ „גרויסארטיקע“ אונ ער האָט זיי באשולדיקט אינ ניט וועלנ „א טראכט טאָנ וועגנ דעם, איבער וועלכע סיבעס דאָס לעבנ איז אינ מעשעכ פונ גאנצע צענ יאָר געגאנגענ פארבײַ דער דאָזיקער גרויסארטיקער טעאָריע“ (לענינס ארטיקל איז געשריבנ געוואָרנ אינ 1915 יאָר, אינ צענ יאָר ארום נאָכ דעם, ווי אינ רוסלאנד איז אופגעקומענ די טעאָריע פונ די „פערמאנענטניקעס“, — זע ב. XVIII, ז. 317).

אָט פארוואָס לענינ האָט געהאלטנ די דאָזיקע טעאָריע פאר א האלב־מענשעוויסטישע, זאָגנדיק, אז זי „נעמט בא די באָלשעוויקעס דעם רופ צו אנ אנטשלאָסענעם רעוואָליוציאָנערנ קאמפ פונעם פראָלעטאריאט אונ צום דעראָבערנ די פאָליטישע מאכט דורכ אים, אונ בא די מענשעוויקעס — „די „אָפּלייקענונג“ פונ דער ראָליע פונעם פויערטום“ (ז. לענינס ארטיקל „וועגנ צוויי ליניעס פונ דער רעוואָליוציע“, דאָרטנ).

אזוי האלט עס מיט לענינס אידיי וועגנ דעם אריבערוואקסנ פונ דער בורזשואז-דעמאָקראטישער רעוואָליוציע אינ א פראָלעטארישער, וועגנ אויסנוצנ די בורזשואזע רעוואָליוציע פארנ „באלדיקנ“ אריבערגאנג צו דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע.

ווײַטער. פריִער האָט מענ געהאלטנ דעמ זיג פונ דער רעוואָלוציע אינ איינ לאנד פאר אומעגלעכ, מיינענדיק, אז פאר א זיג איבער דער בורזשואזיע איז נייטיק א געמיינזאמע ארויסטרעטונג פונ די פראָלעטאריער פונ אלע פאָרגעשריטענע לענדער אָדער, אלנפאלס, פונ דער מערהײַט אזעלכע לענדער. איצט אנטשפרעכט שוינ ניט דער דאָזיקער שטאנדפונקט דער ווירקלעכקײַט. איצט דארפ מענ ארויסגיינ פונ דער מעגלעכקײַט פונ אזא זיג, ווײַל דער ניט-גלײַכמעסיקער אונ שפרונגארטיקער כאראקטער פונ דער אנטוויקלונג פונ פארשיידענע קאפיטאליסטישע לענדער אינ די אומשטענדנ פונעמ אימפעריאליזמ, די אנטוויקלונג פונ קאטאסטראָפישע ווידערשפרוכנ אינווייניק אינעמ אימפעריאליזמ, וואָס פירנ צו אומפארמײַדלעכע מילכאָמעס, דער וווּקס פונ דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג אינ אלע לענדער פונ דער וועלט, — דאָס אלצ פירט ניט בלויז צו דער מעגלעכקײַט, נאָר אויכ צו דער נויטווענדיקײַט פונעמ זיג פונעמ פראָלעטאריאט אינ באזונדערע לענדער. די געשיכטע פונ דער רעוואָלוציע אינ רוסלאנד איז א דירעקטער באווײַז דערצו. עס איז נאָר נייטיק צו געדענקענ דערבײַ, אז דאָס אראָפווארפנ די בורזשואזיע קאָנ מיט דערפאָלג דורכגעפירט ווערנ בלויז אינ דעמ פאל, אויב עס זײַנענ פאראנ איינִקע, אבסאָליוט נייטיקע, באדינגונגענ, וואָס אָנ זיי קאָנ מענ אפילע ניט טראכטנ וועגנ דעמ, אז דער פראָלעטאריאט זאָל נעמענ די מאכט.

אָט וואָס לענינ זאָגט וועגנ די דאָזיקע באדינגונגענ אינ זײַנ בראָשור „די קינדער־קראנקײַט“:

„דער גרונט־געזעצ פונ דער רעוואָלוציע, וועלכער איז באשטעטיקט געוואָרנ דורכ אלע רעוואָלוציעס, אונ, ביפראט, דורכ אלע דרײַ רוסישע רעוואָלוציעס אינעמ XX יאָרהונדערט, באשטייט אָט אינ וואָס: פאר דער רעוואָלוציע איז ניט גענוג, אז די עקספלואטירטע אונ אונטערדריקטע מאסנ זאָלנ באנעמענ די אומעגלעכקײַט צו לעבנ אפנ אלטנ שטייגער אונ זאָלנ אָנהייבנ פאָדערנ ענדערונגענ; פאר דער רעוואָליוציע איז נייטיק, אז די עקספלואטאטערס זאָלנ ניט קאָנענ לעבנ אונ רעגירנ אפנ אלטנ שטייגער. ערשט דאנ, ווענ די *„אונטערשטע שיכטנ“* *ווילנ ניט* דאָס אלטע אונ ווענ די „אויבערשטע שיכטנ“ *קאָנענ ניט לעבנ אפנ אלטנ שטייגער*, ערשט דאנ קאָנ די רעוואָליוציע זיגנ. דער דאָזיקער עמעס קאָנ אנדערש אויסגעדריקט ווערנ מיט די ווערטער: *א רעוואָליוציע איז אומעגלעכ אָנ אנ אלגעמיינ־נאציאָנאלנ קריזיס (וואָס בארירט סײַ די עקספלואטירטע סײַ די עקספלואטאטערס)*[1]. הייסט עס, אז פאר דער רעוואָליוציע דארפ מענ זיכ, ערשטנס, דערשלאָגנ, אז די מערהײַט ארבעטער (אָדער, אלנפאלס, די מערהײַט באוווּסטזיניקע, דענקענדיקע, פאָליטיש־אקטיווע ארבעטער) זאָל פולקומ פארשטיינ די נייטיקײַט פונ אנ איבערקערעניש אונ זאָל גרייט זײַנ צו גיינ אפ טויט צוליב איר; צווייטנס, אז די רעגירנדיקע קלאסנ זאָלנ איבערלעבנ א רעגירונג־קריזיס, וועלכער ציט ארײַנ אינ דער פאָליטיק אפילע די סאמע אָפ־

1 מײַנ קורסיוו. י. סט.

געשטאַנענע מאַסן... שוואַכט אָפּ די רעגירונג און מאַכט מעגלעך פאַר די רעוואָלוציאָנערן דאָס גיכע אראָפּוואַרפן זי" (זע ב. XXV, ז. 223).

אָבער אראָפּוואַרפן די מאַכט פון דער בורזשואַזיע און אוועקשטעלן די מאַכט פונעם פּראָלעטאַריאַט אין איין לאַנד באַטייט נאָך ניט זיכערן דעם פולן זיג פונעם סאָציאַליזם. האָבנדיק פאַרפעסטיקט זײַן מאַכט און מיטגעצויגן נאָך זיך דאָס פּויערטום, קאָן און מוז דער פּראָלעטאַריאַט פונעם לאַנד, וואָס האָט געזיגט, אויסבויען די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט. אָבער צי באַטײַט דאָס, אַז דערמיט גופא וועט ער דערגרייכן דעם פולשטענדיקן, ענדגילטיקן זיג פונעם סאָציאַליזם, דה. צי באַטײַט דאָס, אַז ער קאָן מיט די קרעפטן בלויז פון איין לאַנד פאַרפעסטיקן ענדגילטיק דעם סאָציאַליזם און פולשטענדיק גאַראַנטירן דאָס לאַנד פון אַן אינטערווענץ, און, דאָס הייסט, אויך פון רעסטאַווראַציע? ניין, עס באַטײַט ניט. צוליב דעם איז ניטיק דער זיג פון דער רעוואָלוציע ווייניקסטנס אין עטלעכע לענדער. דעריבער איז די אַנטוויקלונג און אונטערשטיצונג פון דער רעוואָלוציע אין אַנדערע לענדער אַ וועזנטלעכע אויפגאַבע פון דער זיגרײַכער רעוואָ־לוציע. דעריבער דאַרף די רעוואָלוציע פונעם לאַנד, אין וועלכן זי האָט געזיגט, באַטראַכטן זיך ניט ווי אַ זעלבסטגענוגנדיקע גרייס, נאָר ווי אַן אָנשפּאַר, ווי אַ מיטל אָפּ צו פאַרגיכערן דעם ניצאָכן פונעם פּראָלעטאַריאַט אין אַנדערע לענדער.

לענין האָט דעם דאָזיקן געדאַנק אויסגעדריקט אין צוויי ווערטער, זאָגנדיק, אַז די אויפגאַבע פון דער זיגרײַכער רעוואָלוציע באַשטייט אין דורכפירן דעם „מאַקסימום, וואָס עס איז מעגלעך צו פאַרווירקלעכן אין איין לאַנד, קעדיי צו אַנטוויקלען, אונטערשטיצן, אויפוועקן די רעוואָלוציע **אין אַלע לענדער**" (זע ב. XXIII, ז. 385).

אָט דאָס זײַנען, אין אַלגעמיין, די כאַראַקטער־שטריכן פון דער לענינ־שער טעאָריע פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

## IV

## די דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט

פון דער טעמע נעם איך דרײַ גרונט־פראַגן: א) די דיקטאַטור פונעם פּראָ־לעטאַריאַט, אַלס וועדקצײַג פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע; ב) די דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט, אַלס הערשאַפט פונעם פּראָלעטאַריאַט איבער דער בורזשואַזיע; ג) די ראַטנמאַכט, אַלס מעלוכישע פאָרם פון דער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט.

1) די דיקטאטור פונעם פראָלעטאריִאט, אלס ווערקצייג פון דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע. די פראגע וועגן דער פראָלעטארישער דיקטאטור איז פריִער פאר אלץ א פראגע וועגן גרונט־אינהאלט פון דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע. די פראָלעטארישע רעוואָליוציע, איר באַוועגונג, איר פארמעסט, אירע דערגרייכונגען באקומען בלוט און פלייש ערשט דורך דער דיקטאטור פונעם פראָלעטאריִאט. די דיקטאטור פונעם פראָלעטאריִאט איז דאָס ווערקצייג פון דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע, איר אָרגאַן, איר וויכטיקסטער שטיצפונקט, וועלכער איז ארויסגערופן געוואָרן צום לעבן, ערשטנס, קעדיי צו דערשטיקן דעם ווידערשטאנד פון די אראָפּגעוואָרפענע עקספּלואטאַטערס און פארפעסטיקן די אייגענע דערגרייכונגען, צווייטנס, קעדיי צו דערפירן ביזן סאָף די פראָלעטארישע רעוואָליוציע, דערפירן די רעוואָליוציע ביזן פולשטענדיקן זיג פונעם סאָציִאליזם. באזיגן די בורזשואזיע, אראָפּוואַרפן איר מאכט וועט די רעוואָליוציע קאָנען אויך אָן דער דיקטאטור פונעם פראָלעטאריִאט. אָבער דערשטיקן דעם ווידערשטאנד פון דער בורזשואזיע, פארהיטן דעם זיג און זיך לאָזן ווייטער צום ענדגילטיקן זיג פונעם סאָציִאליזם איז שוין די רעוואָליוציע נישט אימשטאנד, אויב זי וועט אין א געוויסער שטופע פון איר אנטוויקלונג ניט באשאפן קיין ספּעציִעלן אָרגאַן אין דער פאָרם פון דער דיקטאטור פונעם פראָלעטאריִאט, אלס גרונט־שטיצע אירע.

„די גרונט־פראגע פון דער רעוואָליוציע איז די פראגע וועגן מאכט" (לענין). צי הייסט דאָס, אז דאָ באגרענעצט זיך די זאך מיטן נעמען די מאכט, מיטן פארכאפּן זי? ניין, דאָס הייסט ניט אזוי. דאָס נעמען די מאכט — איז נאָר אן אָנהייב פון דער ארבעט. די בורזשואזיע, וואָס איז אראָפּגעוואָרפן אין איין לאנד, פארבלייבט נאָך, צוליב פיל סיבעס, אף לאנג שטארקער פונעם פראָלעטאריִאט, וואָס האָט זי אראָפּגעוואָרפן. דעריבער באשטייט די גאנצע זאך דערין, אז מע זאָל אייַנהאלטן די מאכט, פארפעסטיקן זי, מאכן זי אומבאזיגבאר. וואָס דארף מען האָבן אף דערשלאָגן זיך דעם דאָזיקן ציל? דערצו איז נייטיק אויסצופילן ווייניקסטנס דריי הויפּט־אויפגאבן, וועלכע שטעלן זיך פאר דער דיקטאטור פון פראָלעטאריִאט „אף מאָרגן" נאָכן ניצחון:

א) צעברעכן דעם ווידערשטאנד פון די גוטבאזיצער און קאפּיטאליסטן, וואָס די רעוואָליוציע האָט אראָפּגעוואָרפן און עקספּראָפּריִרט, ליקווידירן אלע און אלערליי פּרווון זייערע ווידערופצושטעלן די מאכט פונעם קאפּיטאל;

ב) אָרגאניזירן די בויונג אין גייסט פון באהעפטן אלע ארבעטנדיקע ארום דעם פראָלעטאריִאט און פירן די ארבעט אין דער ריכטונג, וואָס גרייט צו די ליקווידאציע, די פארניכטונג פון די קלאסן;

ג) באוואָפענען די רעוואָליוציע, אָרגאניזירן די ארמיי פון דער רעוואָליוציע צום קאמף קעגן די אויסערלעכע סאָנים, צום קאמף קעגן דעם אימפּעריִאליזם.

### די דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט איז נייטיק, קעדיי דורכצופירנ, אויסצופילנ די דאָזיקע אופגאבנ.

„ד. ר איבערגאנג פונעמ קאפיטאליזמ צומ קאָמוניזמ, — זאָגט לענינ, — איז א גאנצע היסטאָרישע עפּאָכע. קאָלזמאנ זי איז ניט פארענדיקט, פארבלייבט אומפארמיידלעכ בא די עקספּלואטאטערס די האָפענונג אפ רעסטאווראציע, אונ די דאָזיקע האָפענונג ווערט פארוואנדלט אינ פּרוּוונ פונ רעסטאווראציע. די ארויסגעוואָרפענע עקספּלואטאטערס, וועלכע האָבנ זיכ ניט גערעכנט, אז מע זאָל זיי ארויסוואַרפנ, וועלכע האָבנ ניט געגלייבט דעריינ, ניט צוגעלאָזנ דעמ געדאנק וועגנ דעמ, ווארפנ זיכ נאָכ דער ערשטער ערנסטער מאפּאָלע אינ שלאכט מיט א פארצענפאכטער ענערגיע, מיט ווילדער ליידנשאפט, מיט האס, וואָס איז אויסגעוואקסנ אינ הונדערט מאָל מער, זיי ווארפנ זיכ אינ שלאכט, קעדיי צוריק צו באקומענ דעמ אָפּגענומענעמ „גאַניידנ“ פאר זייערע פאמיליעס, וועלכע האָבנ אזוי זיס געלעבט אונ וועלכע די „האמוינישע אויסווורפנ“ פארמישפּעטנ איצט אפ רוּינירונג אונ דאלעס (אָדער אפ „פּראָסטע“ ארבעט...). אונ נאָכ די עקספּלואטאטערס די קאפּיטאליסטנ ציט זיכ די ברייטע מאסע קליינבירגערטומ, וואָס צענדליקער יאָרנ היסטאָרישע דערפארונג פונ אלע לענדער זאָגנ וועגנ איר איידעס, אז זי שאָקלט זיכ אונ וואקלט זיכ, היינט גייט זי נאָכ דעמ פּראָלעטאריאט, מאָרגנ דערשרעקט זי זיכ פאר די שוועריקייטנ פונ דער איבערקערעניש, פאלט אריינ אינ פּאניק פונעמ ערשטנ דורכפאל אָדער האלבנ דורכפאל פונ די ארבעטער, דענערווירט זיכ, ווארפט זיכ, קרעכצט, לויפט אריבער פונ איינ לאגער אינ צווייטנ“ (זע ב. XXIII, ז. 355).

### אונ די בורזשואזיע האָט אירע גרונטנ צו מאכנ פּרוּוונ פונ רעסטאווראציע, ווייל א לאנגע צייט נאָכ דעמ, ווי זי ווערט ארויסגעוואָרפנ, פארבלייבט זי נאָכ שטארקער פונעמ פּראָלעטאריאט, וועלכער האָט זי ארויסגעוואָרפנ.

„אויב די עקספּלואטאטערס זיינענ צעקלאפּט נאָר אינ איינ לאנד, — זאָגט לענינ, — אונ דאָס איז, פארשטייט זיכ, דער טיפּישער פאל, ווייל א גלייכצייטיקע רעוואָליוציע אינ א ריי לענדער איז א זעלטענער אויסנאמ, — בלייבנ זיי פונדעסטוועגנ שטארקער פונ די עקספּלואטירטע“ (זע דאָרטנ, ז. 354).

### אינ וואָס באשטייט די קראפט פונ דער ארויסגעוואָרפענער בורזשואזיע?

ערשטנס, „אינ דער קראפט פונעמ צווישנפעלקערלעכנ קאפּיטאל, אינ דער קראפט אונ פעסטקייט פונ די אינטערנאציאָנאלע פארבינדונגענ פונ דער בורזשואזיע“ (זע ב. XXV, ז. 173).

צווייטנס, דעריינ, וואָס בא „די עקספּלואטאטערס פארבלייבט אומפארמיידלעכ אפ א לאנגער צייט נאָכ דער איבערקערעניש א ריי קאָלאָסאלע פאקטישע פאָרצוגנ: בא זיי פארבלייבט דאָס געלט (פארניכטנ דאָס געלט מיטאמאָל קאָנ מענ ניט), א געוויס באוועגלעכ פארמעגנ, אָפטמאָל א באדייטנדיקס, עס פארבלייבנ די פארבינדונגענ, די געניטקייט אינ אָרגאניזאציע אונ פארוואלטונג, דאָס וויסנ אלע „סוידעס“ (מינהאָגימ, גענג, מיטלענ, מעגלעכקייטנ) פונ פארוואלטונג, עס פארבלייבט העכערע בילדונג, די נאָענטקייט צומ טעכניש העכערנ (וואָס לעבט אונ דענקט אפ א בורזשואזנ אויפנ) פּערסאָנאל, עס פארבלייבט די אָנ אנ ערעכ גרויסע גניטקייט אינ קריג-איניאָנימ (דאָס איז זייער וויכטיק) אונ אזוי ווייטער, אונ אזוי ווייטער“ (זע ב. XXIII, ז. 354).

דריטנס, „אינ דער קראפט פונ דער געוווינהייט, אינ דער קראפט פונ דער קליינפּראָדוקציע. ווייל קליינפּראָדוקציע איז נאָכ, צומ באדויערנ, פארבליבנ אפ

רער וועלט זייער אינ זייער א סאכ, אונ די קליינפראָדוקציע געבוירט קאפּיטאליזמ אונ בורזשואזיע שטענדיק, יעדנ טאָג, יעדע שאָ, סטיכיש אונ אינ א מאסנ־מאסשטאב"... ווײַל „פארניכטנ די קלאסנ — הייסט ניט בלויז פארטרײַבנ די גוטבאזיצער אונ קאפּיטאליסטנ, — דאָס האָבנ מיר פארהעלטניסמעסיק לײַכט דורכגעמאכט, — דאָס הייסט אויכ פארניכטנ די קליינע סכוירע־פּראָדוצירער, אונ זיי קאָנ מענ ניט פארטרײַבנ, זיי קאָנ מענ ניט דערשטיקנ, מיט זיי מוז מענ זיכ אײַנלעבנ, זיי קאָנ מענ (אונ מע דארפ) איבערמאכנ, איבערדערציִענ בלויז דורכ זייער א דויערנדיקער, לאנגזאמער, פאָרזיכטיקער אָרגאניזאטארישער ארבעט" (זע ב. XXV, ז. 173 אונ 190).

אָט פארוואָס לענינ זאָגט, אז:

„די דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט איז די סאמע מעסירעסנעפּעשדיקע אונ סאמע אָנראכמאָנעסדיקע מילכאָמע פונ א נײַעמ קלאס קעגנ א מער מעכטיקנ פײַנט, קעגנ דער בורזשואזיע, וואָס איר ווידערשטאנד ווערט פארצענפאכט דורכ דעמ, וואָס זי איז אראָפּגעוואָרפנ געוואָרנ", אז „...די דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט איז א הארטנעקיקער קאמפּ, א בלוטיקער אונ א בלוטלאָזער, אנ איבערגוואלטיקער אונ א פרידלעכער, א מיליטערישער אונ א ווירטשאפטלעכער, א פּעדאגאָגישער אונ אנ אדמיניסטראטארישער, קעגנ די קרעפטנ אונ טראדיציעס פונ דער אלטער געזעלשאפט" (זע דאָרטנ, ז. 173 אונ 191).

עס איז קוימ נייטיק צו דערווײַזנ, אז אויספילנ אָט־די אופגאבנ אינ א קורצנ טערמינ, דורכפירנ דאָס אלץ אינ עטלעכע יאָר — איז ניטאָ קיינ שומ מעגלעכקײַט. דעריבער דארפ מענ די דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט, דעמ איבערגאנג פונעמ קאפּיטאליזמ צומ קאָמוניזמ באטראכטנ ניט ווי א גיכדורכגייענדיקנ פּעריאָד אינ דער פאָרמ פונ א ריי „רעוואָליוציאָנערסטע" אקטנ אונ דעקרעטנ, נאָר ווי א גאנצע היסטאָרישע עפּאָכע, פול מיט בירגערקריגנ אונ אויסערלעכע צוזאמענשטויסנ, מיט אקשאָנעסדיקער אָרגאניזירארבעט אונ ווירטשאפטלעכער בויונג, אָנגריפנ אונ צוריקמארשנ, ניצכוינעס אונ מאפּאָלעס. די דאָזיקע היסטאָרישע עפּאָכע איז נייטיק ניט בלויז קעדיי צו שאפנ די ווירטשאפטלעכע אונ קולטורעלע פאָרהאנאָכעס פארנ פולשטענדיקנ ניצאָכנ פונעמ סאָציאליזמ, נאָר אויכ קעדיי צו געבנ דעמ פּראָלעטאריאט די מעגלעכקײַט, ערשטנס, — צו דערציִענ אונ פארהארטעווענ זיכ, אלס קראפט, וואָס זאָל זײַנ פעיִק אָנצופירנ מיטנ לאנד, צווייטנס, — קעדיי צו איבערדערציִענ אונ איבערמאכנ די קליינבירגערלעכע שיכטנ אינ דער ריכטונג, וואָס גאראנטירט די אָרגאניזירונג פונ דער סאָציאליסטישער פּראָדוקציע.

„איר דארפט, — האָט מארקס געזאָגט צו די ארבעטער, — איבערלעבנ 15, 20, 50 יאָר בירגערקריג אונ צווישנפעלקערלעכע שלאכטנ, ניט בלויז קעדיי צו ענדערנ די עקזיסטירנדיקע פארהעלטענישנ, נאָר אויכ קעדיי צו ענדערנ זיכ אליינ אונ ווערנ פעיִק צו פּאָליטישער מאכט" (זע ב. VIII פונ מארקס־ענגעלסעס ווערק, ז. 506).

פאָרזעצנדיק אונ אנטוויקלענדיק ווײַטער מארקס געדאנק, שרײַבט לענינ:

„בא דער דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט וועט אויסקומען איבערדערציִען מיליאָנען פויערים און קליינע באלעבאטימלעך, הונדערטער טויזנטער אָנגעשטעלטע, באאמטע, בורזשואזע אינטעליגענטן, אונטערוואַרפן זיי אלע דער פראָלעטארישער מעלוכע און דער פראָלעטארישער אָנפירונג, באזיגן אין זיי די בורזשואזע געוווינהייטן און טראדיציעס", פונקט אזוי, ווי עס וועט נייטיק זיין „...איבערדערציִען .. אין דויערנדיקן קאמף, אפן באָדן פון דער דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט, אויך די פראָלעטאריער גופא, וועלכע באפרייען זיך פון זייערע קליינבירגערלעכע פאָרורטיילן ניט מיטאמאָל, ניט דורך א נעס, ניט לויטן געבאָט פון גאָטס מוטער, ניט לויטן געבאָט פון א לאָזונג, רעזאָליוציע, דעקרעט, נאָר בלויז אין לאנגן און שווערן מאסן-קאמף קעגן די מאסנווע קליינבירגערלעכע איינפלוסן" (זע ב. XXV, ז. 248 און 247).

2) די דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט, אלס הערשאפט פונעם פראָלעטאריאט איבער דער בורזשואזיע. שוין פונעם געזאָגטן קאָן מען זען, אז די דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט איז ניט קיין פּאָשעטער אומבייט פון פּערזאָנען אין דער רעגירונג, ניט קיין אומבייט פונעם „קאבינעט" אא., ווען עס בלייבן אומבארירט די אלטע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פּאָראָנדקעס. די מענשעוויקעס און אָפּאָרטוניסטן פון אלע לענדער, וועלכע האָבן מוירע פאר דער דיקטאטור, ווי פאר פייער, און פארבייטן מאכמעס שרעק דעם באגריף דיקטאטור מיטן באגריף „דעראָבערונג פון דער מאכט", דערפירן געוויינלעך די „דעראָבערונג פון דער מאכט" צו אן אומבייט פונעם „קאבינעט", דערצו, וואָס בא דער מאכט שטעלט זיך אוועק א נייַ מיניסטעריום פון אזוינע מענטשן, ווי שיידעמאן און נאָסקע, מאקדאָנאלד און הענדערסאָן. עס איז קוים נייטיק צו דערקלערן, אז אזוינע און ענלעכע אומבייטן פון קאבינעטן האָבן גאָרניט צו טאָן מיט דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט, מיטן דעראָבערן דיווירקלעכע מאכט דורכן ווירקלעכן פראָלעטאריאט. די מאקדאָנאלדס און די שיידעמאנס בא דער מאכט, בעשאס עס בלייבן די אלטע בורזשואזע פּאָראָנדקעס, זייערע, אזוי צו זאָגן, רעגירונגען קאָנען ניט זיין קיין אנדער זאך, ווי נאָר א באדינונג-אפּאראט אין די הענט פון דער בורזשואזיע, נאָר א צודעק אף די מאקעס פונעם אימפּעריאליזם, נאָר א ווערקצייג אין די הענט פון דער בורזשואזיע קעגן דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג פון די אונטערדריקטע און עקספּלואטירטע מאסן. זיי, אָט די רעגירונגען, זיינען נייטיק דעם קאפּיטאל, ווי א שירמע, ווען אים איז ניט באקוועם, עס לוינט אים ניט, עס איז אים שווער צו אונטערדריקן און עקספּלואטירן די מאסן אָן א שירמע. פארשטייט זיך, דער אופקום פון אזוינע רעגירונגען איז א סימען, אז „בא זיי דאָרט" (דה. בא די קאפּיטאליסטן) איז ניט רויִק, אָבער, ניט געקוקט דערויף, פארבלייבן דאָך אזוינע רעגירונגען אומפארמיידלעך צוגעפּאסטע רעגירונגען פונעם קאפּיטאל. פון א מאקדאָנאלד- אָדער א שיידעמאן-רעגירונג ביז דעראָבערונג פון דער מאכט דורכן פראָלעטאריאט איז

פונקט אזוי ווײַט, ווי פון דער ערד ביז צום הימל. די דיקטאטור פונעם פראָ־לעטאריאַט איז ניט קיין אומבײַט פון דער רעגירונג, נאָר א נײַע מעלוכע, מיט נײַע מאכט־אָרגאנען אין צענטער און אף די ערטער, א מעלוכע פונעם פראָלעטאריאט, וואָס איז אנטשטאנען אף די כורוועס פון דער אלטער מעלוכע, פון דער מעלוכע פון דער בורזשואזיע.

די דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאַט אנטשטייט ניט אפן גרונט פון די בורזשואזע פאָראָנדקעס, נאָר אינעם גאנג פון צעברעכן זיי, נאָכן אראָפּ־ווארפן די בורזשואזיע, אינעם גאנג פון עקספּראָפּריִירן די גוטבאזיצער און קאפּיטאליסטן, אינעם גאנג פון סאָציאַליזירן די גרונטלעכע פּראָדוציר־געצײַג און פּראָדוציר־מיטלען, אינעם גאנג פון דער איבערגוואלטיקער רע־וואָליוציע. די דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאַט איז א מאכט א רעוואָליוציאָנערע, וואָס שטיצט זיך אף גוואלדטאט איבער דער בורזשואזיע.

די מעלוכע איז א מאשין אין די הענט פונעם הערשנדיקן קלאס אף צו אונטערדריקן דעם ווידערשטאנד פון זײַנע קלאסן־קעגנער. אין דער הינזיכט אונטערשיידט זיך די דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט אין טאָכ מיט גאָרניט פון דער דיקטאטור פון יעדן אנדערן קלאס, ווײַל די פּראָ־לעטאריש̈ע מעלוכע איז א מאשין אף אונטערצודריקן די בורזשואזיע. עס איז אָבער דאָ פאראן איין וועזנטלעכער אונטערשייד. ער באשטייט דערין, וואָס אלע קלאסן־מעלוכעס, וועלכע האָבן ביז אהער עקזיסטירט, זײַנען געווען א דיקטאטור פון דער עקספּלואטירנדיקער מינדערהײַט איבער דער עקספּלואטיר־טער מערהײַט, בעשאס די דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט איז א דיקטאטור פון דער עקספּלואטירטער מערהײַט איבער דער עקספּלואטירנדיקער מינדערהײַט.

קירצער געזאָגט: **די דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט — דאָס איז די הערשאפט פונעם פּראָלעטאריאַט איבער דער בור־זשואזיע, וואָס איז ניט באגרענעצט דורכן געזעץ און שטיצט זיך אף גוואלט, די הערשאפט, וואָס האָט דעם מיט־געפיל און די אונטערשטיצונג פון די ארבעטנדיקע און עקספּלואטירטע מאסן** („מעלוכע און רעוואָליוציע").

דערפון דרינגען ארויס צוויי גרונט־אויספירן:

**דער ערשטער אויספיר.** די דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט קאָן ניט זײַן קיין „פולשטענדיקע" דעמאָקראטיע, קיין דעמאָקראטיע **פאר אלעמען**, סײַ פאר רײַכע סײַ פאר אָרעמע, — די דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט „מוז זײַן א מעלוכע א דעמאָקראטישע אף א **נײַעם שטייגער**, — **פאר**[1] די פּראָלעטאריער און פאר די אומפארמעגלעכע

---

1 מײַן קורסיוו. י. סט.

ביכלאל, און אפ א נײַעם שטײַגער דיקטאטעריש, — קעגן[1] דער בורזשואזיע..." (זע ב. XXI, ז. 393). די ריידערײַען פון קאוטסקי און קאָמפּ. וועגן אלגעמיינער גלײַכקײַט, וועגן „ריינער" דעמאָקראטיע, וועגן „פולקומער" דעמאָקראטיע אאוו. זײַנען א בורזשואזער צודעק אפ דעם אָנצווייפלדיקן פאקט, אז גלײַכקײַט פון עקספּלואטירטע און עקספּלואטא-טערס איז אומעגלעך. די טעאָריע פון „ריינער" דעמאָקראטיע איז א טעאָריע פו-נעם אויבערשיכט פונעם ארבעטער-קלאס, וועלכער (אויבערשיכט) איז אויסדרע-סירט און ווערט אונטערגעהאָדעוועט דורך די אימפּעריאליסטישע רויבער. זי איז ארויסגערופן געוואָרן צום לעבן, קעדיי צו פארדעקן די מאקעס פונעם קא-פּיטאליזם, צופּוצן דעם אימפּעריאליזם און צוגעבן אים מאָראלישע קראפט אינעם קאמף קעגן די עקספּלואטירטע מאסן. עס איז ניטאָ און עס קאָנען ניט זײַן באם קאפּיטאליזם קייןווירקלעכע „פרײַהײַטן" פאר די עקספּלואטירטע, כאָטשבי דערפאר אליין, וואָס די לאָקאלן, דרוקערײַען, פּאפּיר-לאגערס אאוו., וועלכע זײַנען נייטיק אפ אויסצונוצן די „פרײַהײַטן", זײַנען א פּריווילעגיע פון די עקספּלואטאטערס. עס איז ניטאָ און עס קאָן באם קאפּיטאליזם ניט זײַן קיין ווירקלעכער אָנטייל פון די עקספּלואטירטע מאסן אין דער פאר-וואלטונג מיטן לאנד, כאָטשבי דערפאר, וואָס בא די סאמע דעמאָקראטישע פּאראָנדקעס אין די באדינגונגען פון קאפּיטאליזם ווערן די רעגירונגען אוועקגעשטעלט ניט דורכן פאָלק, נאָר דורך די ראָטשילדס און סטינעסעס, ראָקפעלערס און מאָרגאנס. די דעמאָקראטיע באם קאפּיטאליזם איז א דע-מאָקראטיע א קאפּיטאליסטישע, א דעמאָקראטיע פון דער עקספּלוא-טאטערישער מינדערהײַט, וועלכע באזירט זיך אפן באגרענעצן די רעכט פון דער עקספּלואטירטער מערהײַט און איז געווענדט קעגן אָט-דער מערהײַט. נאָר בא דער פּראָלעטארישער דיקטאטור זײַנען מעגלעך ווירקלעכע „פרײַ-הײַטן" פאר די עקספּלואטירטע און א ווירקלעכער אָנטייל פון די פּראָלע-טאריער און פּויערים אין דער פארוואלטונג מיטן לאנד. די דעמאָקראטיע בא דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט איז א דעמאָקראטיע א פּראָלע-טארישע, א דעמאָקראטיע פון דער עקספּלואטירטער מערהײַט, וועלכע באזירט זיך אפן באגרענעצן די רעכט פון דער עקספּלואטאטערישער מינ-דערהײַט און איז געווענדט קעגן אָט-דער מינדערהײַט.

דער צווייטער אויספיר. די דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט קאָן ניט אנטשטיין אין רעזולטאט פון פרידלעכער אנטוויקלונג פון דער בורזשו-אזער געזעלשאפט און בורזשואזער דעמאָקראטיע, — זי קאָן אנטשטיין בלויז אין רעזולטאט פון צעברעכן די בורזשואזע מעלוכע-מאשין, די בורזשואזע ארמיי, דעם בורזשואזן באאמטן-אפּאראט, די בורזשואזע פּאָליציי.

[1] מײַן קורסיוו. י. ס ט.

„דער ארבעטער־קלאס קאָן ניט פּאָשעט באהערשן די פארטיקע מעלוכע־מאשין און לאָזן זי אין גאנג צוליב זײַנע אײגענע צוועקן“, — זאָגן מארקס און ענגעלס אין עם פאָר־וואָרט צום „בירגערקריג“. — די פּראָלעטארישע רעוואָליוציע דארף „...ניט איבערגעבן פון אײנע הענט אין די אנדערע די ביוראָקראטיש־מיליטערישע מאשין, ווי עס פלעגט פאָרקומען ביז אהער, נאָר צעברעכן זי... — אָט דאָס איז דער פאָרבאדינג פאר יעדער ווירקלעכער פאָלק־רעוואָליוציע אפן קאָנטינענט“, — זאָגט מארקס אין זײַן בריוו צו קוגעלמאנען אין 1871 יאָר.

מארקס באגרענעצנדיקע פראזע וועגן קאָנטינענט האָט געגעבן די אָפּאָר־טוניסטן און מענשעוויקעס פון אלע לענדער א גרונט אויסצושרײַען, אז מארקס האָט, הייסט עס, געהאלטן, אז עס איז מעגלעך א פרידלעכע אנט־וויקלונג פון דער בורזשואזער דעמאָקראטיע אין א דעמאָקראטיע א פּראָלע־טארישער, לעכאָלאָפּאָכעס פאר אײניקע לענדער, וועלכע גײען ניט ארײַן אין באשטאנד פונעם אײראָפּײַשן קאָנטינענט (ענגלאנד, אמעריקע). מארקס האָט, ווירקלעך, געהאלטן פון אזא מעגלעכקײַט, און ער האָט געהאט א גרונט אזוי צו האלטן פאר ענגלאנד און אמעריקע אין די 70-ער יאָרן פונעם פאר־גאנגענעם יאָרהונדערט, בעשאס עס איז נאָך ניט געווען קײן מאָנאָפּאָליס־טישער קאפּיטאליזם, עס איז ניט געווען קײן אימפּעריאליזם און די דאָזיקע לענדער האָבן נאָך, אדאנק די אײגנארטיקע באדינגונגען פון זײער אנטוויק־לונג, ניט געהאט קײן אנטוויקלטן מיליטאריזם און ביוראָקראטיזם. אזוי האָט עס געהאלטן ביז עס איז אנטשטאנען דער אנטוויקלטער אימפּעריאליזם. דערנאָך אָבער, מיט 30—40 יאָר שפּעטער, ווען די זאכלאגע אין די דאָזיקע לענדער האָט זיך אין גרונט געענדערט, ווען דער אימפּעריאליזם האָט זיך אנטוויקלט און האָט ארומגעכאפּט אלע קאפּיטאליסטישע לענדער אָן אויסנאַם, ווען דער מיליטאריזם און ביוראָקראטיזם האָט זיך באוויזן אויך אין ענגלאנד און אין אמעריקע, ווען די באזונדערע באדינגונגען פון פרידלעכער אנטוויק־לונג פון ענגלאנד און אמעריקע זײַנען פארשוווּנדן, — דארף די באגרענעצונג וועגן די דאָזיקע לענדער בעמײַלע אָפּפאלן.

„איצט, — זאָגט לענין, — אין 1917 יאָר, אין דער עפּאָכע פון דער ערשטער גרויסער אימפּעריאליסטישער מילכאָמע, פאלט אָפּ די דאָזיקע מארקס באגרענעצונג. סײַ ענגלאנד סײַ אמעריקע, די גרעסטע און לעצטע פאָרשטײער — אפּ דער גאנצער וועלט — פון דער ענגליש־זאקסישער „פרײַהײַט“ אין דעם זין, וואָס דאָרט איז ניט געווען קײן מיליטאריזם און קײן ביוראָקראטיזם, האָבן זיך פולשטענדיק אראָפּגעקײַקלט אין דעם אלגעמײַן־אײראָפּײַשן שמוציקן, בלוטיקן זומפּ פון ביוראָקראטיש־מיליטערישע אינסטיטוציעס, וואָס ווארפן אלץ אונטער אונטער זיך, וואָס דערשטיקן מיט זיך אלץ. איצט איז סײַ אין ענגלאנד סײַ אין אמעריקע „דער פאָרבאדינג פאר יעדער ווירקלעכער פאָלק־רעוואָליוציע“ — צעברעכן, צעשטערן די „פארטיקע“ (אין די יאָרן 1914 — 1917 דאָרט געשאפענע ביז „אײראָפּײַשער“, אלגעמײַן־אימפּעריאליסטישער, פולקומענקײַט) „מעלוכע־מאשין“ (זע ב. XXI, ז. 395).

אנדערש גערעדט, דער געזעץ וועגן דער איבערגוואלטיקער רעוואָליוציע פונעם פּראָלעטאריאט דער געזעץ וועגן צעברעכן די בורזשואזע מעלוכע־מאשין,

אלס פאָרבאַדינג פאַר אזא רעוואָליוציע, איז אנ אומפארמײַדלעכער געזעצ פאר דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג אינ די אימפעריאַליסטישע לענדער פונ דער וועלט.

פארשטײט זיכ, אינ דער ווײַטער צוקונפט, אויב דער פראָלעטאַריאַט וועט זיגנ אינ די וויכטיקסטע לענדער פונעמ קאפיטאליזמ און אויב די איצטיקע קא־פיטאליסטישע ארומרינגלונג וועט פארביטנ ווערנ מיט א סאָציאַליסטישער ארומרינגלונג, איז פולשטענדיק מעגלעכ א „פרידלעכער" אנטוויקלונג־וועג פאר אײניקע קאפיטאליסטישע לענדער, וואָס זײערע קאפיטאליסטנ וועלנ, איבער דער „אומגינסטיקער" אינטערנאציאָנאַלער סיטואציע, האלטנ פאר צוועקמעסיק „פרײַוויליק" צו גײנ אפ ערנסטע האנאָכעס דעמ פראָלע־טאַריאַט. די דאָזיקע האשאָרע איז אָבער שײַעכ בלויז צו דער ווײַטער אונ מעגלעכער צוקונפט. פאר דער נאָענטסטער צוקונפט האָט ניט די דאָזיקע האשאָרע קײנע, אבסאָלוט קײנע גרונטנ.

דערפאר איז לענינ גערעכט, ווענ ער זאָגט:

„די פראָלעטארישע רעוואָליוציע איז אומעגלעכ אָנ דעמ איבערגוואלטיקנ צעשטערנ די בורזשואזע מעלוכע־מאַשינ אונ פארבײַטנ זי מיט א נײַער" (זע ב. XXIII, ז. 342).

3) די ראטנמאכט, אלס מעלוכע-פאָרמ פונ דער דיקטא־טור פונעמ פראָלעטאַריאַט. דער זיג פונ דער דיקטאטור פונעמ פראָלע־טאַריאַט באַטײַט — דערשטיקנ די בורזשואזיע, צעברעכנ די בורזשואזע מע־לוכע-מאַשינ, פארבײַטנ די בורזשואזע דעמאָקראטיע אפ א דעמאָקראטיע א פראָלעטארישער. דאָס איז קלאָר. וואָסערע זײַנענ אָבער די אָרגאניזאציעס, וואָס מיט זײער הילפ קאָנ דורכגעפירט ווערנ אָט־די קאָלאָסאלע ארבעט? אז די אלטע אָרגאניזאציע-פאָרמענ פונעמ פראָלעטאַריאַט, וועלכע זײַנענ אויס־געוואקסנ אפנ גרונט פונעמ בורזשואזנ פארלאמענטאריזמ, זײַנענ ניט גענוג פאר אזא ארבעט, — דערינ קאָנ מענ קוימ צווייפלענ. איז וועלכע זײַנענ עס די נײַע אָרגאניזאציע-פאָרמענ פונעמ פראָלעטאַריאַט, וואָס זאָלנ פײַיק זײַנ צו שפילנ די ראָליע פונעמ קאברענ פונ דער בורזשואזער מעלוכע-מאַשינ אונ וואָס זאָלנ פײַיק זײַנ ניט בלויז צו צעברעכנ די דאָזיקע מאַשינ אונ ניט בלויז צו פארבײַטנ די בורזשואזע דעמאָקראטיע אפ א דעמאָקראטיע א פראָלע־טארישע, נאָר אויכ ווערנ דער יעסאָד פונ דער פראָלעטארישער מעלוכע-מאכט?

אָט־די נײַע אָרגאניזאציע-פאָרמ פונעמ פראָלעטאַריאַט זײַנענ די ראטנ.

אינ וואָס באַשטײט די קראפט פונ די ראטנ אינ פארגלײַכ מיט די אלטע אָרגאניזאציע-פאָרמענ?

דערינ, וואָס די ראטנ זײַנענ די אמערסטנ אלצארומנעמענדיקע מאסנ-אָרגאניזאציעס פונעמ פראָלעטאַריאַט, ווײַל זײ, אונ נאָר זײ, כאַפּנ ארומ אלע ארבעטער אָנ אויסנאמ.

דערינ, וואָס די ראטנ זײַנענ די אײנציקע מאסנ-אָרגאניזאציעס, וועלכע נעמענ ארומ אלע אונטערדריקטע און עקספּלואטירטע, ארבעטער און פּויערים, סאָלדאטנ און מאטראָסנ, און ווו די פּאָליטישע אָנפירונג מיטנ קאמפּ פונ די מאסנ מיצאד דעמ אוואנגארד פונ די מאסנ, מיצאד דעמ פּראָלעטאריאַט, קאָנ צוליב דעם פּארווירקלעכט ווערנ אמלײַכטסטנ און אמפולסטנ.

דערינ, וואָס די ראטנ זײַנענ די סאמע מעכטיקע אָרגאנענ פונ רעוואָליוציאָנערנ מאסנ-קאמפּ, פונ פּאָליטישע ארויסטרעטונגענ פונ די מאסנ, פונ אופשטאנד פונ די מאסנ, אָרגאנענ, וועלכע זײַנענ פּײַיק צו צעברעכנ די אלמעכטיקײַט פונעמ פינאנצ-קאפּיטאל און פונ זײַנע פּאָליטישע צוגאָבנ.

דערינ, וואָס די ראטנ זײַנענ אומיטלבארע אָרגאניזאציעס פונ די מאסנ גופע, דה. די סאמע דעמאָקראטישע, און, הייסט עס, די סאמע אווטאָריטעטע אָרגאניזאציעס פונ די מאסנ, וואָס פארלײַכטערנ פאר זיי אפּנ מאקסימאלסטנ אויפנ דעמ אָנטייל אינ דער אײַנאָרדענונג פונ דער נײַער מעלוכע און אינ דער אָנפירונג מיט איר און וועלכע צעבינדנ מאקסימאל די רעוואָליוציאָנערע ענערגיע, די איניציאַטיוו, די שעפערישע פּײַיקײַטנ פונ די מאסנ אינעמ קאמפּ פאר דער צעשטערונג פונ דער אלטער אָרדענונג, אינעמ קאמפּ פאר א נײַער, פּראָלעטארישער אָרדענונג.

די ראטנמאכט איז א פאראייניקונג און אויספורעמונג פונ די אָרטיקע ראטנ אינ איינ אלגעמײַנער מעלוכע-אָרגאניזאציע, אינ א מעלוכע-אָרגאניזאציע פונעמ פּראָלעטאַריאַט, אלס דעמ אוואנגארד פונ די אונטערדריקטע און עקספּלואטירטע מאסנ און אלס דעמ הערשנדיקנ קלאס, — א פאראייניקונג אינ א רעפּובליק פונ ראטנ.

דער סאָכ פונ דער ראטנמאכט באשטייט דערינ, וואָס די סאמע מאסעווע און סאמע רעוואָליוציאָנערע אָרגאניזאציעס גראָד פונ יענע קלאסנ, וועלכע זײַנענ אונטערדריקט געוואָרנ דורכ די קאפּיטאליסטנ און פּריצים, — זײַנענ איצט „די שטענדיקע און אײנציקע באזע פונ דער גאנצער מעלוכע-מאכט, פונעמ גאנצנ מעלוכע-אפּאראט”, וואָס „גראָד יענע מאסנ, וואָס אפילע אינ די סאמע דעמאָקראטישע בורזשואזע רעפּובליקנ”, זײַענדיק לויטנ געזעצ גלײַכבארעכטיקט, פלעגנ זיי „אינ דער ווירקלעכקײַט דורכ אלערליי מיטלענ און שפּיצלעכ באזײַטיקט ווערנ פונעם אָנטייל אינעמ פּאָליטישנ לעבנ און פונעמ באנוצנ זיכ מיט די דעמאָקראטישע רעכט און פרײַהײַטנ”, — גראָד אָט די מאסנ „ווערנ איצט צוגעצויגנ צומ שטענדיקנ און אָבליגאטערישנ, דערבײַ אנטשיידנדיקנ אָנטייל אינעמ דעמאָקראטישנ פארוואלטנ מיט דער מעלוכע”[1] (זע ב. XXIV, ז. 13).

---

1 דער קורסיוו איז אומעטום מײַנער. י. ס ט.

אָט פארוואָס די ראטנמאכט איז א נ ײַ ע פ אָ ר מ פונ מעלוכישער אָרגאניזאציע, וואָס אונטערשיידט זיכ פרינציפּיעל פונ דער אלטער, בורזשואז-דעמאָקראטישער אונ פארלאמענטארישער פאָרמ, א נ ײַ ע ר ט י פ מעלוכע, וועלכע איז צוגעפאסט ניט צו די אופגאבנ פונ עקספלואטירנ אונ אונטערדריקנ די ארבעטנדיקע מאסנ, נאָר צו די אופגאבנ פונ זייער פולשטענדיקער באפרײַונג פונ אונטער יעטווידער יאָכ אונ עקספלואטאציע, צו די אופגאבנ פונ דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט.

לענינ איז גערעכט, ווענ ער זאָגט, אז מיטנ אופקומ פונ דער ראטנמאכט „האָט זיכ די עפּאָכע פונעמ בורזשואז-דעמאָקראטישנ פארלאמענטאריזמ פארענדיקט, עס האָט זיכ אָנגעהויבנ א נײַ קאפיטל אינ דער וועלט-געשיכטע: די עפּאָכע פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור“.

אינ וואָס באשטייענ די כאראקטעריסטישע שטריכנ פונ דער ראטנמאכט?

דערינ, וואָס די ראטנמאכט איז די אמערסטנ מאסעווע אונ די אמערסטנ דעמאָקראטישע מעלוכע-אָרגאניזאציע פונ צווישנ אלע מעגלעכע מעלוכע-אָרגאניזאציעס בא די באדינגונגענ פונ עקזיסטענצ פונ קלאסנ, ווײַל, זײַענדיק אנ ארענע פארנ צוזאמענשלוס אונ מיטארבעט פונ די ארבעטער אונ עקספלואטירטע פויערימ אינ קאמפ קעגנ די עקספלואטאטערס אונ שטיצנדיק זיכ אינ איר ארבעט אפ אָט-דעמ צוזאמענשלוס אונ אָט-דער מיטארבעט, איז זי דערמיט גופע די מאכט פונ דער מערהײַט באפעלקערונג איבער דער מינדערהײַט, די מעלוכע פונ דער דאָזיקער מערהײַט, דער אויסדרוק פונ איר דיקטאטור.

דערינ, וואָס די ראטנמאכט איז די אמערסטנ אינטערנאציאָנאליסטישע פונ אלע מעלוכישע אָרגאניזאציעס פונ דע קלאסנ-געזעלשאפט, ווײַל, צעשטערנדיק יעטווידער נאציאָנאלנ דרוק אונ אָנשפארנדיק זיכ אפ דער מיטארבעט פונ די א-בעטנדיקע מאסנ פונ פארשיידענע נאציאָנאליטעטנ, פארגרינגערט זי דערמיט אלײנ די פארייניקונג פונ די דאָזיקע מאסנ אינ אנ אײנהײַטלעכנ מעלוכע-פארבאנד.

דערינ, וואָס די ראטנמאכט פארלײַכטערט, לויט דער עצעמ סטרוקטור אירער, דאָס אָנפירנ מיט די אונטערדריקטע אונ עקספלואטירטע מאסנ מיצאד דעמ אוואנגארד פונ די דאָזיקע מאסנ, מיצאד דעמ פראָלעטאריאט, אלס דעמ אמערסטנ צוזאמענבאהעפטנ אונ אמערסטנ באוווסטזיניקנ קערנ פונ די ראטנ.

„די דערפארונג פונ אלע רעוואָליוציעס אונ פונ אלע באוועגונגענ פונ די אונטערדריקטע קלאסנ, די דערפארונג פונ דער סאָציאליסטישער וועלט-באוועגונג לערנט אונדז, — זאָגט לענינ, — אז נאָר דער פראָלעטאריאט איז אימשטאנד צו פאראייניקנ אונ פירנ נאָכ זיכ די צעשטויבטע אונ אָפּ-

געשטאנענע שיכטן פון דער ארבעטנדיקער און עקספּלואַטירטער באַפעל־קערונג" (זע ב. XXIV, ז. 14). די סטרוקטור פון דער ראטנמאכט פאַרלייכטערט דורכצופירן אין לעבן די אָנווייזונגען פון דער דאָזיקער דערפאַרונג.

דערין, וואָס, פאַרייניקנדיק די געזעצגעבערישע און אויספירערישע מאכט אין אן איינהייטלעכער מעלוכע־אָרגאניזאציע און פאַרבײַטנדיק די טעריטאָריעלע וואל־קרײַזן מיט פּראָדוציר־איינסן, זאוואָדן און פאבריקן, — בינדט די ראטנמאכט דירעקט צונויף די ארבעטער און ביכלאַל די ארבעטנדיקע מאסן מיט די אפּאראטן פון דער מעלוכישער פאַרוואלטונג, לערנט זיי פאַרוואַלטן מיטן לאַנד.

דערין, וואָס נאָר די ראטנמאכט איז פײַיק צו באַפרײַען די ארמיי פון אונטערגעוואָרפנקייט דער בורזשואזער קאָמאַנדירונג און פון א געצײַג אָפּ אונטערדריקן דאָס פאָלק, ווי זי איז בא די בורזשואזע פּאַראָנדקעס, פאַרוואנדלען זי אין א געצײַג אָפּ באַפרײַען דאָס פאָלק פון אונטערן יאָך פון דער בורזשואזיע, דער אייגענער און דער פרעמדער.

דערין, „וואָס נאָר די סאָוועטישע אָרגאניזאציע פון דער מעלוכע איז אים־שטאנד ווירקלעך מיטאמאָל צעקלאַפּן און ענדגילטיק צעשטערן דעם אלטן, ד.ה. דעם בורזשואזן, טשינאָווניקישן און ריכטערישן אַפּאראַט" (זע דאָרטן).

דערין, וואָס נאָר די ראטן־פאָרעם פון דער מעלוכע, וועלכע ציט צו די מאסן־אָרגאניזאציעס פון די ארבעטנדיקע און עקספּלואַטירטע צום שטענדיקן און אומבאדינגטן אָנטייל אין דער מעלוכע־פאַרוואלטונג, נאָר זי איז פײַיק צוצוגרייטן יענע אָפּשטארבונג פון דער מעלוכישקײַט, וואָס איז איינער פון די גרונט־עלעמענטן פון דער צוקינפטיקער אָנמעלוכישער, קאָמוניסטישער געזעלשאפט.

די ראטנרעפּובליק איז, אזוי־ארום, יענע געזוכטע און, ענדלעך, געפונענע פּאָליטישע פאָרם, וואָס אין איר ראמען דארף דורכגעפירט ווערן די עקאָנאָמישע באַפרײַונג פונעם פּראָלעטאַריאַט, דער פולער זיג פונעם סאָציאַליזם.

די פּאריזשער קאָמונע איז געווען אן עמבריאָן פון דער דאָזיקער פאָרם. די ראטנמאכט — דאָס איז איר אנטוויקלונג און פאַרענדיקונג.

אָט פארוואָס לענין זאָגט, אז:

„די רעפּובליק פון די ראטן פון ארבעטערשע, סאָלדאטישע און פּויערשע דעפּוטאטן איז ניט בלויז א פאָרם פון א העכערן טיפּ דעמאָקראטישע אנשטאלטן... נאָר אויך די איינציקע[1] פאָרם, וועלכע איז פײַיק צו גאראנטירן דעם סאמע אָנווייטעקדיקן איבערגאנג צום סאָציאַליזם" (זע ב. XXII, ז. 131).

[1] מײַן קורסיוו. י. סט.

# V

## די פויערים־פראַגע

פון דער דאָזיקער טעמע נעם איך פיר פראַגן: א) די שטעלונג פון דער פראַגע; ב) דאָס פויערטום אין דער צייַט פון דער בורזשואַז־דעמאָקראַטישער רעוואָליוציע; ג) דאָס פויערטום אין דער צייַט פון דער פראָלעטאַרישער רעוואָליוציע; ד) דאָס פויערטום נאָך דער פאַרפעסטיקונג פון דער ראַטנמאַכט.

1) די שטעלונג פון דער פראַגע. אייניקע מיינען, אַז דאָס איקערדיקע אינעם לעניניזם — דאָס איז די פויערים־פראַגע, אַז דער אויסגאַנג־פונקט פונעם לעניניזם איז די פראַגע וועגן פויערטום, זייַן ראָליע, זייַן ספּעציפישן געוויכט. דאָס איז אַבסאָליוט ניט ריכטיק. די גרונט־פראַגע אינעם לעניניזם, זייַן אויסגאַנג־פונקט איז ניט די פויערים־פראַגע, נאָר די פראַגע וועגן דער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט, וועגן די באַדינגונגען פון דערגרייכן זי, וועגן די באַדינגונגען פון פאַרפעסטיקן זי. די פויערים־פראַגע, אַלס פראַגע וועגן דעם פאַרבינדעטן פונעם פּראָלעטאַריאַט אין זייַן קאַמף פאַר דער מאַכט, איז אַן אַרויסדרינגענדיקע פראַגע.

דער דאָזיקער אומשטאַנד נעמט אָבער בא איר קלאַל ניט אָפּ יענע ערנסטע, אַקטועלע באַדייַטונג, וועלכע זי האָט, אָן ספק, פאַר דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע. עס איז באַוווּסט, אַז די ערנסטע פאַנאַנדערגעאַרבעטונג פון דער פויערים־פראַגע האָט זיך אין די רייען פון די רוסישע מאַרקסיסטן אָנגעהויבן גראָד ערעוו דער ערשטער רעוואָליוציע (פון 1905 יאָר), ווען די פראַגע וועגן אַן אָפּוואַרפן דעם צאַריזם און דורכפירן די העגעמאָניע פונעם פּראָלעטאַריאַט האָט זיך געשטעלט פאַר דער פאַרטיי אין איר גאַנצער גרייס, און די פראַגע וועגן דעם פאַרבינדעטן פונעם פּראָלעטאַריאַט אין דער פאָרשטייענדיקער בורזשואַזער רעוואָליוציע האָט באַקומען אַן אַקטועלן כאַראַקטער. עס איז אויך באַוווּסט, אַז די פויערים־פראַגע האָט אין רוסלאַנד באַקומען נאָך אַ מער אַקטועלן כאַראַקטער אין דער צייַט פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע, ווען די פראַגע וועגן דער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט, וועגן דערגרייכן און אייַנהאַלטן זי האָט געבראַכט צו דער פראַגע וועגן די פאַרבינדעטע פונעם פּראָלעטאַריאַט אין דער פאָרשטייענדיקער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע. און עס איז טאַקע פאַרשטענדלעך: ווער עס גייט און גרייט זיך צו נעמען די מאַכט, דער קאָן ניט זיך ניט אינטערעסירן מיט דער פראַגע וועגן זייַנע ווירקלעכע פאַרבינדעטע.

אין דעם זין איז די פויערים־פראַגע אַ טייל פון דער אַלגעמיינער פראַגע וועגן דער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט, און, אַלס אַזעלכע, איז זי איינע פון די סאַמע אַקטועלע פראַגן פונעם לעניניזם.

די גלײַכגילטיקע, אָדער גאָר די פּאַשעט נעגאַטיװע באַציִונג צו דער פּױערים־פראַגע מיצאַד די פּאַרטײען פונעם II אינטערנאַציִאָנאַל דערקלערט זיך ניט בלויז מיט די באַזונדערע אַנטװיקלונג-באַדינגונגען אױפן מײַרעװ. זי דערקלערט זיך פריִער פאַר אַלץ דערמיט, װאָס די דאָזיקע פּאַרטײען גלייבן ניט אין דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריִאַט, האָבן מוירע פאַר דער רעװאָלוציע און טראַכטן ניט צו פירן דעם פּראָלעטאַריִאַט צו דער מאַכט; און װער עס האָט מוירע פאַר רעװאָלוציע, װער עס װיל ניט פירן דעם פּראָלעטאַריִאַט צו דער מאַכט, דער קאָן זיך ניט אינטערעסירן מיט דער פראַגע װעגן די פאַרבינדעטע פונעם פּראָלעטאַריִאַט אין דער רעװאָלוציע,— פאַר דעם איז די פראַגע װעגן די פאַרבינדעטע אַן אינדיפערענטע, ניט קײן אַקטועלע פראַגע. די איראָנישע באַציִונג פון די העלדן פונעם II אינטערנאַציִאָנאַל צו דער פּױערים-פראַגע רעכנט זיך בא זײ פאַר אַ סימען פון גוטן טאָן, פאַר אַ סימען פון „עכטן" מאַרקסיזם. אינדערעמעסן איז דאָ ניטאָ אפילע קײן טראָפּן מאַרקסיזם, װײַל די גלײַכגילטיקײַט צו אַזא װיכטיקער פראַגע, װי די פּױערים־פראַגע, ערעװ דער פּראָלעטאַרישער רעװאָלוציע איז די אַנדערע זײַט פונעם אָפּלייקענען די דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריִאַט, איז אַן אָנצװײפלדיקער סימען פון דירעקטן פאַראַט קעגן מאַרקסיזם.

די פראַגע שטײט אַזױ: צי זײַנען שױן אױסגעשעפּט די רעװאָלוציִאָנערע מעגלעכקײַטן, װעלכע זײַנען פאַרבאָרגן אין די טיפּעניש פונעם פּױערטום, מאַכמעס געװיסע באַדינגונגען פון זײַן עקזיסטענץ, אָדער ניט, און אױב זײ זײַנען ניט אױסגעשעפּט, צי איז פאַראַן אַ האָפענונג, אַ גרונט אױסצונוצן די דאָזיקע מעגלעכקײַטן פאַר דער פּראָלעטאַרישער רעװאָלוציע, פאַרװאַנדלען דאָס פּױערטום, זײַן עקספּלואַטירטע מערהײַט, פון אַ רעזערװ פון דער בורזשואַזיע, װאָס אַזא איז דאָס געװען בעשאַס די בורזשואַזע רעװאָלוציעס אױפן מײַרעװ און װאָס אַזא פאַרבלײַבט דאָס אױך איצט,— אין אַ רעזערװ פונעם פּראָלעטאַריִאַט, אין זײַנעם אַ פאַרבינדעטן?

דער לעניניזם ענטפערט אױף דער דאָזיקער פראַגע פּאָזיטיװ, ד.ה. אין גײַסט פון אָנערקענען רעװאָלוציִאָנערע פעיִקײַטן אין די רײען פון דער מערהײַט פּױערטום און אין גײַסט פון דער מעגלעכקײַט זײ אױסצונוצן אין די אינטערעסן פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור. די געשיכטע פון די דרײַ רעװאָלוציעס אין רוסלאַנד באַשטעטיקט אין דער פולער מאָס די אױספירן פונעם לעניניזם אין דעם פּראַט.

דערפון קומט דער פּראַקטישער אױספיר װעגן שטיצן, אומבאַדינגט שטיצן די אַרבעטנדיקע מאַסן פונעם פּױערטום אין זײער קאַמף קעגן דער פאַרשקלאַפונג און עקספּלואַטאַציע, אין זײער קאַמף פאַר דער באַפרײַונג פון אונטערדריקונג

און דאַלעס. דאָס באַטײַט ניט, פאַרשטייט זיך, אַז דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף שטיצן יעדע פּויערשע באַוועגונג. עס רעדט זיך דאָ וועגן שטיצן אַזאַ באַוועגונג און אַזאַ קאַמף פונעם פּויערטום, וועלכע פאַרלייכטערן דירעקט אָדער אומדירעקט די באַפרײַונג-באַוועגונג פונעם פּראָלעטאַריאַט, וועלכע גיסן אַזוי אָדער אַנדערש וואַסער אויף די מיל-רעדער פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, וועלכע ווירקן מיט דער פאַרוואַנדלונג פונעם פּויערטום אין אַ רעזערוו און אין אַ פאַרבינדעטן פונעם אַרבעטער-קלאַס.

2) דאָס פּויערטום אין דער צײַט פון דער בורזשואַז-דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע. דער דאָזיקער פּעריאָד נעמט אַרום די צײַט פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע (1905 יאָר) ביז דער צווייטער (פעברואַר 1917 יאָר) אײַנגעשלאָסן. דער כאַראַקטער-שטריך פון דעם דאָזיקן פּעריאָד איז די אַרויסבאַפרײַונג פונעם פּויערטום פון אונטערן אײַנפלוס פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע, דער אָפּגאַנג פונעם פּויערטום פון די קאַדעטן, דער קער פונעם פּויערטום צום פּראָלעטאַריאַט, צו דער פּאַרטיי פון די באָלשעוויקעס. די געשיכטע פון דעם דאָזיקן פּעריאָד איז די געשיכטע פונעם קאַמף פון די קאַדעטן (די ליבעראַלע בורזשואַזיע) און די באָלשעוויקעס (דער פּראָלעטאַריאַט) פאַרן פּויערטום. דעם גורל פון דעם דאָזיקן קאַמף האָט געלייזט דער דומע-פּעריאָד, ווײַל דער פּעריאָד פון די פיר דומעס האָט געדינט פאַר אַן אָנשוילעכע לעקציע דעם פּויערטום, און די דאָזיקע לעקציע האָט באַשײַמפּערלעך באַוויזן די פּויערים, אַז זיי וועלן ניט באַקומען פון די הענט פון די קאַדעטן ניט קיין ערד, ניט קיין פרײַהייט, אַז דער צאַר איז אינגאַנצן פאַר די פּריצים, און די קאַדעטן שטיצן דעם צאַר, אַז די איינציקע קראַפט, אויף וועמעס הילף מע קאָן אויסרעכענען, — דאָס זײַנען די שטאָטישע אַרבעטער, דער פּראָלעטאַריאַט. די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע האָט בלויז באַשטעטיקט די לעקציע פונעם דומע-פּעריאָד, דערמיט, וואָס זי האָט פאַרענדיקט דעם אָפּגאַנג פונעם פּויערטום פון דער בורזשואַזיע, פאַרענדיקט די איזאָליאַציע פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע, ווײַל די מילכאָמע-יאָרן האָבן באַוויזן די גאַנצע פּוסטקייט, די גאַנצע אילוזאָרישקייט פון די האָפענונגען צו באַקומען דעם שאָלעם פונעם צאַר און פון זײַנע בורזשואַזע פאַרבינדעטע. אָן די אָנשוילעכע לעקציעס פונעם דומע-פּעריאָד וואָלט די העגעמאָניע פונעם פּראָלעטאַריאַט געווען אומעגלעך.

אָט אַזוי האָט זיך אויסגעבילדעט דער בונד צווישן די אַרבעטער און די פּויערים אין דער בורזשואַז-דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע. אַזוי האָט זיך אויסגעבילדעט די העגעמאָניע (אָנפירונג) פונעם פּראָלעטאַריאַט איבערן אַלגעמיינעם קאַמף פאַר אַראָפּוואַרפן דעם צאַריזם, די העגעמאָניע, וועלכע האָט געבראַכט צו דער פעברואַר-רעוואָלוציע פון 1917 יאָר.

די בורזשואזע רעוואָליוציעס פון מערעו (ענגלאנד, פראנקרייך, דייטש־לאנד, עסטרייך) זיינען, ווי באוווסט, אוועק מיט אן אנדער וועג. דאָרט האָט די העגעמאָניע אין דער רעוואָליוציע געהערט ניט דעם פּראָלעטאַ־ריאט, וועלכער האָט מאכמעס זיין שוואכקייט ניט פאָרגעשטעלט און ניט גע־קאָנט פאָרשטעלן קיין זעלבשטענדיקע פּאָליטישע קראפט, נאָר דער ליבע־ראלער בורזשואזיע. די באפרייונג פון די לייבייגנטימערישע פּאַראָנדקעס האָט דאָרט דאָס פויערטום באקומען ניט פון די הענט פונעם פּראָלעטאַריאַט, וועלכער איז געווען קליין אין צאָל און ניט אָרגאניזירט, נאָר פון די הענט פון דער בורזשואזיע. דאָרט איז דאָס פויערטום געגאנגען קעגן די אלטע פּאַראָנדקעס צוזאמען מיט דער ליבעראלער בורזשואזיע. דאָרט האָט דאָס פויער־טום פאָרגעשטעלט מיט זיך א רעזערוו פון דער בורזשואזיע. דאָרט האָט דעריבער די רעוואָליוציע געבראכט צו א גוואלדיקער פארשטארקונג פונעם פּאָליטישן געוויכט פון דער בורזשואזיע.

אין רוסלאנד האָט די בורזשואזע רעוואָליוציע, פארקערט, געגעבן פונקט קעגנזעצלעכע רעזולטאטן. די רעוואָליוציע אין רוסלאנד האָט געבראכט ניט צו דער פארשטארקונג, נאָר צו דער אָפּשוואכונג פון דער בורזשואזיע, אלס פּאָליטישע קראפט, ניט צו דער פארגרעסערונג פון אירע פּאָליטישע רע־זערוון, נאָר דערצו, אז זי האָט פארלאָרן איר גרונט־רעזערוו, זי האָט פאר־לאָרן דאָס פויערטום. די בורזשואזע רעוואָליוציע אין רוסלאנד האָט ארויס־גערוקט אין פאָדערגרונט ניט די ליבעראלע בורזשואזיע, נאָר דעם רעוואָ־ליוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט, באהעפטנדיק ארום אים דאָס פילמיליאָניקע פויערטום.

דערמיט, אגעוו, דערקלערט זיך טאקע דער פאקט, וואָס די בורזשואזע רעוואָליוציע איז אין רוסלאנד אריבערגעוואָקסן אין א פּראָלעטארישער רעוואָליוציע אין א פארהעלטניסמעסיק קורצן טערמין. די העגעמאָניע פונעם פּראָלעטאַריאַט איז געווען דער עמבריאָן און די איבערגאנג־שטופע צו דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאַריאַט.

מיט וואָס קאָן מען דערקלערן אָט־די אייגנארטיקע דערשיינונג אין דער רוסישער רעוואָליוציע, וועלכע האָט ניט קיין פּרעצעדענטן אין דער געשיכטע פון די בורזשואזע רעוואָליוציעס אפן מערעו? פונוואנען האָט זיך גענומען אָט־די אייגנארטיקייט?

זי דערקלערט זיך דערמיט, וואָס די בורזשואזע רעוואָליוציע האָט זיך אין רוסלאנד פאנאנדערגעוויקלט בא מער אנטוויקלטע באדינגונגען פון קלאסנקאמף, ווי אפן מערעו, וואָס דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט האָט שוין באוויזן צו דער צייט זיך צו פארוואנדלען אין א זעלבשטענדיקער פּאָלי־טישער קראפט, בעשאס די ליבעראלע בורזשואזיע, אָנגעשראָקן פון דער

רעוואָליוציאָנערישקייט פונעם פראָלעטאריאַט, האָט פארלאָרן אפילו די ענלעכ־קייט צו אוועלכער-ניט־איז רעוואָליוציאָנערישקייט (באזונדערס נאָך דער לערע פון 1905 יאָר) און איז אריינגעטראָטן אין א בונד מיטן צאר און מיט די פריצים קעגן דער רעוואָליוציע, קעגן די ארבעטער און פויערים.

מע דארף נעמען אין אכט פאָלגנדיקע אומשטענדן, וועלכע האָבן באשטימט די אייגנארטיקייט פון דער רוסישער בורזשואזער רעוואָליוציע:

א) די אויסערגעוויינלעכע קאָנצענטראציע פון דער רוסישער אינדוסטריע ערעוו דער רעוואָליוציע. עס איז, לעמאָשל, באוווסט, אז אין אונטערנעמונגען מיט א צאָל ארבעטער העכער פון 500 מאַן האָבן אין רוסלאַנד געארבעט 54% פון אלע ארבעטער, בעשאס אין אזא אנטוויקלט לאַנד, ווי צפון־אמעריקע, האָבן אין אנאָלאָגישע אונטערנעמונגען געארבעט אינגאנצן 33% פון אלע ארבעטער. עס איז קוים נייטיק צו דערווייזן, אז שוין דער דאָזיקער אומשטאַנד אליין, בא דער אָנוועזנקייט פון אזא רעוואָליוציאָנערער פארטיי, ווי די פארטיי באָלשעוויקעס, האָט פארוואנדלט דעם ארבעטער-קלאַס פון רוסלאַנד אין דער גרעסטער קראַפט אינעם פאָליטישן לעבן פונעם לאַנד.

ב) די עקלהאפטע פאָרמען פון עקספּלואטאציע אין די אונטערנעמונגען פליוס דער אומדערטרעגלעכער פאָליצייישער רעזשים פון די צארישע אָפּריטשניקעס, — אַן אומשטאַנד, וועלכער האָט יעדן ערנסטן שטרייק פון די ארבעטער פארוואנדלט אין א קאָלאָסאלן פאָליטישן אקט און האָט פארהארטעוועט דעם ארבעטער־קלאַס, ווי א קראַפט, וואָס איז רעוואָליוציאָנער ביזן סאָף.

ג) די פאָליטישע צעקראָכנקייט פון דער רוסישער בורזשואזיע, וואָס האָט זיך נאָך דער רעוואָליוציע פון 1905 יאָר פארוואנדלט אין לאקייִישקייט צום צאריזם און אין דירעקטער קאָנטררעוואָליוציאָנערישקייט, וועלכע מע קאָן דערקלערן ניט בלויז מיט דער רעוואָליוציאָנערישקייט פונעם רוסישן פראָלעטאריאַט, וואָס האָט אָפּגעוואָרפן די רוסישע בורזשואזיע אין די אָרעמס פונעם צאריזם, נאָר אויך דערמיט, וואָס די בורזשואזיע איז דירעקט געווען אָפּהענגיק פון די קאזיאָנע באשטעלונגען.

ד) דאָס פאראנענזיין פון די סאמע עקלהאפטע און סאמע אומדערטרעגלעכע רעשטן פון לייבייגנטימערישע פּאָראָנדקעס אין דאָרף, דערגאנצט דורך דער אלמעכטיקייט פונעם פּאָרעץ, — אַן אומשטאַנד, וואָס האָט געוואָרפן דאָס פויערטום אין די אָרעמס פון דער רעוואָליוציע.

ה) דער צאריזם, וועלכער האָט געשטיקט אלדאָס לעבעדיקע און האָט מיט זיין ווילקיר נאָך פארשטארקט דעם יאָך פונעם קאפּיטאליסט און גוטבאזיצער, — אַן אומשטאַנד, וואָס האָט פאראייניקט דעם קאמפ

פון די ארבעטער און פויערים אין אן איינהייטלעכן רעוואָליוציאָנערן שטראָם.

ו) די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע, וועלכע האָט צוזאמענגעגאָסן די אַלע ווידערשפּרוכן פונעם פּאָליטישן לעבן פון רוסלאנד אין א טיפן רעוואָליוציאָנערן קריזיס און האָט צוגעגעבן דער רעוואָליוציע אן אויסערגעוויינלעכע דראנג־קראפט.

וווהין האָט געהאט זיך א קער צו טאָן דאָס פויערטום בא אזוינע באדינגונגען? בא וועמען זוכן שטיצע קעגן דער אַלמעכטיקייט פונעם גוט־באזיצער, קעגן דעם ווילקיר פונעם צאר, קעגן דער אומברענגענדיקער מילכאָמע, וואָס האָט רויִנירט זיין ווירטשאפט? בא דער ליבעראַלער בורזשואזיע? זי איז אָבער א סוינע, — דערויף האָט איידעס געזאָגט די לאנגיאָריקע דערפארונג פון אַלע פיר דומעס. בא די עסערן? די עסערן זיינען, פארשטייט זיך, „בעסער" פון די קאדעטן, און די פּראָגראם איז בא זיי א „פּאסיקע", קימאט א פויערשע, אָבער וואָס קאָנען געבן די עסערן, אויב זיי מיינען זיך שטיצן נאָר אפ די פויערים אַליין און אויב זיי זיינען שוואך אין שטאָט, ווו עס שעפּט פריער פון אַלץ זיינע קויכעס דער קעגנער? ווו איז די נייע קראפט, וועלכע וועט זיך פאר קיין זאך ניט אָפּשטעלן ניט אין דאָרף, ניט אין שטאָט, וועלכע וועט גיין דרייסט אין די ערשטע רייען קעמפן קעגן דעם צאר און פּאָרעץ, וועלכע וועט העלפן דעם פויער זיך ארויסרייסן פון פארשקלאפונג, פון ערדלאָזיקייט, פון אונטערדריקונג, פון דער מילכאָמע? צי איז ביכלאל געווען אזא קראפט אין רוסלאנד? יאָ, עס איז געווען. דאָס איז געווען דער רוסישער פּראָלעטאריאַט, וועלכער האָט באוויזן זיין קראפט, זיין קענען קעמפן ביזן סאָף, זיין דרייסטקייט, זיין רעוואָליוציאָנערישקייט נאָך אין 1905 יאָר.

אַלנפאלס, קיין אנדער קראפט אזא איז ניט געווען, און נעמען זי איז ניט געווען פונוואנען.

אָט פארוואָס דאָס פויערטום איז, אָפּגייענדיק פון די קאדעטן און צושטייענדיק צו די עסערן, געקומען צוזאמען דערמיט צו דער נייטיקייט זיך אונטערצוווארפן דער אָנפירונג פון אזא מוטיקן פירער פון דער רעוואָליוציע, ווי דער רוסישער פּראָלעטאריאַט.

אָט דאָס זיינען די אומשטענדן, וועלכע האָבן באשטימט די אייגנארטיקייט פון דער רוסישער בורזשואזער רעוואָליוציע.

3) דאָס פויערטום אין דער צייט פון דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע. דער דאָזיקער פעריאָד נעמט ארום די צייט צווישן דער פעברואר־רעוואָליוציע (פון 1917 יאָר) ביז דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע (1917 יאָר). דער דאָזיקער פעריאָד איז בעערעך ניט קיין לאנגער,

אינגאנצן אכט כאדאָשים, — אָבער פונ שטאנדפונקט פונ פּאָליטישער אופקלערונג און רעוואָליוציאָנערער דערציִונג פונ די מאסן קאָנען די דאָזיקע אכט כאדאָשים דרייסט אוועקגעשטעלט ווערן אפּ איינ גראד מיט גאנצע יאָרצענדליקער פונ געוויינלעכער קאָנסטיטוציאָנעלער אנטוויקלונג, וויַיל זיי באטיַיטן אכט כאדאָשים רעוואָליוציע. דער כאראקטעריסטישער שטריכ פונ דעמ דאָזיקנ פעריִאָד איז די וויַיטערדיקע רעוואָליוציאָניזירונג פונעם פּויערטום, זייַנ אנטוישונג אינ די עסערנ, דער אָפּגאנג פונעם פּויערטום פונ די עסערנ, דער נײַער קער פונעם פּויערטום אינ דער ריכטונג פונ דירעקטער באהעפטונג ארומ דעמ פּראָלעטאריִאט, אלס איינציקע ביזנ סאָפּ רעוואָליוציאָנערע קראפט, וועלכע איז פייִק ברענגען דאָס לאנד צו שאָלעמ. די געשיכטע פונ דעמ דאָזיקנ פעריִאָד איז א געשיכטע פונ קאמפּ צווישנ די עסערנ (קליינבירגערלעכע דעמאָקראטיע) און די באָלשעוויקעס (פּראָלעטארישע דעמאָקראטיע) פארנ פּויערטום, פאר באהערשנ די מערהייַט פּויערטום. דעמ גוירל פונ דעמ דאָזיקנ קאמפּ האָט געלייזט דער קאָאליציע-פעריִאָד, דער פעריִאָד פונ דער קערענשטשינע, דער אָפּזאָג פונ די עסערנ און מענשעוויקעס צו קאָנפיסקירנ די פּריצישע ערד, דער קאמפּ פונ די עסערנ און מענשעוויקעס פאר פאָרזעצנ די מילכאָמע, דער יונ-אָנגריפ אפנ פראָנט, די טויטשטראָפ פאר די סאָלדאטנ, קאָרנילאָווס אופשטאנד.

אויב פריִער, אינעמ פאָריקנ פעריִאָד, איז די גרונט-פּראגע פונ דער רעוואָליוציע געווענ — אראָפּווארפנ דעמ צאר און די פּריצישע מאכט, איז איצט, אינעמ פעריִאָד נאָכ דער פעווראל-רעוואָליוציע, ווענ קיינ צאר איז שוינ ניט געווענ, און די פארשלעפּטע מילכאָמע האָט א טעל געמאכט פונ דערווירטשאפט פונעמ לאנד, רויִנירנדיק אינגאנצנ דאָס פּויערטום, — איז איצט די גרונט-פּראגע פונ דער רעוואָליוציע געוואָרנ די פּראגע וועגנ ליקווידירנ די מילכאָמע. דער שווערפּונקט איז באשיַימפערלעכ אריבערגעטראָגנ געוואָרנ פונ די פּראגנ, וואָס האָבנ א ריינ-אינערלעכנ כאראקטער, צו דער גרונט-פּראגע — וועגנ דער מילכאָמע. „מאכנ א סאָפּ צו דער מילכאָמע“, „ארויסריַיסנ זיכ פונ דער מילכאָמע“, — אָט דאָס איז געווענ דער אלגעמיינער געשריי פונעמ אויסגעמאטערטנ לאנד און, פריִער פאר אלצ, פונעמ פּויערטום.

אָבער, קעדיי ארויסצוריַיסנ זיכ פונ דער מילכאָמע, האָט מענ געמוזט אראָפּווארפנ די צייַטוויַיליקע רעגירונג, מע האָט געמוזט אראָפּווארפנ די מאכט פונ דער בורזשואזיע, מע האָט געמוזט אראָפּווארפנ די מאכט פונ די עסערנ און מענשעוויקעס, וויַיל זיי און נאָר זיי האָבנ פארצויגנ די מילכאָמע ביז א „זיגרייַכנ סאָפּ“. קיינ אנדער וועג ארויסצוגיינ פונ דער מילכאָמע, ווי אראָפּווארפנ די בורזשואזיע, איז אינ דער פּראקטיק ניט געווענ.

דאָס איז געווען א נייע רעוואָליוציע, א פראָלעטארישע רעוואָליוציע, ווייל זי האָט אראָפּגעוואָרפן פון דער מאכט די לעצטע, די עקסט־לינקע פראקציע פון דער אימפעריאליסטישער בורזשואזיע, די פארטיי פון עסערן און מענשעוויקעס, קעדיי צו באשאפן א נייע, א פראָלעטארישע מאכט, די מאכט פון די ראטן, קעדיי אוועקצושטעלן בא דער מאכט די פארטיי פונעם רעוואָליוציאָנערן פראָלעטאריאט, די פארטיי באָלשעוויקעס, די פארטיי פון רעוואָליוציאָנערן קאמף קעגן דער אימפעריאליסטישער מילכאָמע פאר א דעמאָקראטישן שאָלעם. די מערהייט פונעם פויערטום האָט געשטיצט דעם קאמף פון די ארבעטער פאר שאָלעם, פאר דער מאכט פון די ראטן.

קיין אנדער אויסוועג איז פארן פויערטום ניט געווען. קיין אנדער אויסוועג האָט גאָר ניט געקאָנט זיין.

דער פעריאָד פון דער קערענשטשינע איז, אזויארום, געווען די גרעסטע אָנשוילעכע לעקציע פאר די ארבעטנדיקע מאסן פונעם פויערטום, ווייל ער האָט אָנשוילעך באוויזן, אז בא דער מאכט פון די עסערן און מענשעוויקעס וועט זיך דאָס לאנד ניט ארויסרייסן פון דער מילכאָמע, וועלן די פויערים ניט זען ניט קיין ערד און ניט קיין פרייהייט, אז די מענשעוויקעס און עסערן אונטערשיידן זיך פון די קאדעטן נאָר מיט זיסע רייד און פאלשע צוזאָגן, אינדערעמעסן אָבער פירן זיי דורך די זעלביקע אימפעריאליסטישע, קאדעטישע פאָליטיק, אז די איינציקע מאכט, וועלכע איז פייִק ארויסצופירן דאָס לאנד אפ א וועג, קאָן זיין נאָר די מאכט פון די ראטן. דאָס ווייטערדיקע פארציִען די מילכאָמע האָט בלויז באשטעטיקט די ריכטיקייט פון אָט־דער לעקציע, האָט אָנגעטרייבן די רעוואָליוציע און האָט אונטערגעיאָגט די מיליאָניקע מאסן פויערים און סאָלדאטן אפן וועג פון **דירעקטער באהעפטונג** ארום דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע. די איזאָליאציע פון די עסערן און מענשעוויקעס איז געוואָרן אן אומבאשטרייטלעכער פאקט. אָן די אָנשוילעכע לעקציעס פונעם קאָאליציע־פעריאָד וואָלט די דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט געווען אומעגלעך.

אָט דאָס זיינען די אומשטענדן, וועלכע האָבן פארלייכטערט דעם פראָצעס פונעם אריבערוואקסן פון דער בורזשואזער רעוואָליוציע אין א רעוואָליוציע א פראָלעטארישער.

אזוי האָט זיך אויסגעבילדעט די דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט אין רוסלאנד.

4) **דאָס פויערטום נאָך דער פארפעסטיקונג פון דער ראטנמאכט.** אויב פריִער, אינעם ערשטן פעריאָד פון דער רעוואָליוציע, האָט זיך געהאנדלט הויפּטזאכלעך וועגן אראָפּוואַרפן דעם צאריזם, און דערנאָך, נאָך דער פעוראל־רעוואָליוציע, האָט זיך פריִער פון אלץ געהאנדלט וועגן

ארויסגיין פון דער אימפעריאַליסטישער מילכאָמע דורכן אראָפּוואַרפן די בורזשואזיע, איז איצט, נאָך דעם, ווי עס איז ליקווידירט געוואָרן דער בירגערקריג און עס האָט זיך פאַרפעסטיקט די ראַטנמאַכט, — זיינען אפן ערשטן פּלאַן ארויסגעטראָטן די פראַגן פון ווירטשאַפטלעכער בויונג. פאַרשטאַרקן און אַנטוויקלען די נאַציאָנאַליזירטע אינדוסטריע; פאַרבינדן צוליב דעם די אינדוסטריע מיט דער פּויערשער ווירטשאַפט דורכן האַנדל, וועלכער ווערט רעגולירט פון דער מעלוכע; פאַרבייטן די „פּראָדראַזוויאָרסטקע" דורכן נערשטייער, קעדיי דערנאָך, ביסלעכווייז פאַרקלענערנדיק די גרייס פונעם נערשטייער, דערפירן צום אויסטויש פון די אינדוסטריע־פאַבריקאַטן אַף פּראָדוקטן פון דער פּויערשער ווירטשאַפט; אויפלעבן דעם האַנדל און אַנטוויקלען די קאָאָפּעראַציע, אַרייַנציִענדיק אין איר מיליאָנען פונעם פּויערטום — אָט ווי לענין האָט געמאָלט די אָרדנטלעכע אויפגאַבן פון דער ווירטשאַפטלעכער בויונג אַפן וועג צום אויסבויען דעם פונדאַמענט פון דער סאָציִאַליסטישער עקאָנאָמיק.

מע זאָגט, אַז די דאָזיקע אויפגאַבע קאָן זיך ארויסווייזן איבער די קויכעס פאַר אַזאַ פּויעריש לאַנד, ווי רוסלאַנד. אייניקע סקעפּטיקער ריידן אפילע וועגן דעם, אַז זי איז פּאָשעט אוטאָפּיש, ניט אויספירבאַר, ווייל פּויערטום בלייבט פּויערטום, — עס באַשטייט פון קליינע פּראָדוצירער און קאָן דעריבער ניט אויסגענוצט ווערן צום אָרגאַניזירן דעם פונדאַמענט פון דער סאָציִאַליסטישער פּראָדוקציע.

אָבער די סקעפּטיקער האָבן אַ טאָעס, ווייל זיי דיסקאָנטירן ניט אייניקע אומשטענדן, וועלכע האָבן אין דעם געגעבענעם פאַל אַן אַנטשיידנדיקע באַדייטונג. לאָמיר באַטראַכטן די וויכטיקסטע פון זיי.

ע ר ש ט נ ס. מע טאָר ניט צונויפמישן דאָס פּויערטום פונעם ראַטנפאַרבאַנד מיטן פּויערטום פונעם מייַרעוו. דאָס פּויערטום, וואָס איז דורכגעגאַנגען אַ שול פון דריי רעוואָליוציעס, וואָס האָט געקעמפט קעגן דעם צאַר און קעגן דער בורזשואזער מאַכט צוזאַמען מיטן פּראָלעטאַריִאַט און מיטן פּראָלעטאַריִאַט בעראָש, דאָס פּויערטום, וואָס האָט באַקומען ערד און שאָלעם פון די הענט פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע און וואָס איז מאַכמעס דעם געוואָרן אַ רעזערוו פונעם פּראָלעטאַריִאַט — אָט דאָס פּויערטום קאָן ניט ניט אונטערשיידן זיך פונעם פּויערטום, וואָס האָט אין דער צייַט פון דער בורזשואזער רעוואָליוציע געקעמפט בעראָש מיט דער ליבעראַלער בורזשואזיע, וואָס האָט באַקומען ערד פון די הענט פון דער דאָזיקער בורזשואזיע און וואָס איז דעריבער געוואָרן אַ רעזערוו פון דער בורזשואזיע. עס איז קוים נייטיק צו דערווייַזן, אַז דאָס סאָוועטישע פּויערטום, וואָס איז געוווינט צו שעצן די פּאָליטישע פריַינטשאַפט און די פּאָליטישע מיטאַר-

בעט מיטנ פראָלעטאריאַט אונ וואָס האָט פאר זײַנ פרײַהײַט צו פארדאנקענ אָט־דער פרײַנטשאפט אונ אָט־דער מיטארבעט, — קאָנ ניט זײַנ קיינ אויסשליסלעכ גינסטיקער מאטעריאַל פאר דער עקאָנאָמישער מיטארבעט מיטנ פראָלעטאריאַט.

ענגעלס האָט געזאָגט, אז „די דעראָבערונג פונ דער פאָליטישער מאכט דורכ דער סאָציאַליסטישער פארטיי איז געוואָרנ א זאכ פונ דער נאָענטער צוקונפט“, אז „קעדיי זי צו דעראָבערנ, דארפ די פארטיי אפריִער גיינ פונ שטאָט אינ דאָרפ ארײַנ אונ ווערנ שטארק אינ דאָרפ“ (זע ענגעלסעס „פויערים־פראגע“). ער האָט וועגנ דעם געשריבנ אינ די 90-ער יאָרנ פונעמ פארגאנגענעמ יאָרהונדערט, האָבנדיק אינזינענ דאָס מײַרעוודיקע פויערטומ. צי דענ דארפ מענ דערווײַזנ, אז די רוסישע קאָמוניסטנ, וועלכע האָבנ אינ דער הינזיכט דורכגעמאכט א קאָלאָסאלע ארבעט אינ מעשעכ פונ דרײַ רעוואָליוציעס, האָבנ שוינ באוויזנ צו שאפנ זיכ אינ דאָרפ אזא אײַנפלוס אונ אזא אָנפּאר, וועגנ וועלכע עס וואגנ אפילע ניט צו טרוימענ אונדזערע מײַרעוודיקע כאווײרים? ווי קאָנ מענ אָפלייקענענ, אז דער דאָזיקער אומשטאנד קאָנ ניט ניט פארלײַכטערנ אפ א ראדיקאלנ אויפנ די ארבעט פונ אײַנלאדענ די עקאָנאָמישע מיטארבעט צווישנ דעמ ארבעטער־קלאס אונ דעמ פויערטומ פונ רוסלאנד?

די סקעפּטיקער טײַנענ וועגנ די קליינפויערים, ווי וועגנ א פאקטאָר, וועלכנ מע קאָנ ניט צונויפפּאָרנ מיט סאָציאַליסטישער בויונג. הערט אָבער, וואָס ענגעלס זאָגט וועגנ די קליינפויערים פונעמ מײַרעוו:

„מיר זײַנענ אנטשיידנ אפ דער זײַט פונעמ קליינפּויער; מיר וועלנ טאָנ אלצ, וואָס מעגלעכ, קעדיי אימ זאָל זיכ לעבנ דערטרעגלעכער, קעדיי צו פארלײַכטערנ פאר אימ דעמ אריבערגאנג צו געמיינשאפטלעכקײַט, אינ פאל, אויב ער וועט זיכ דערופ אנטשליסנ; אינ פאל ווידער, אויב ער וועט נאָכ ניט אימשטאנד זײַנ אָנצונעמענ דעמ דאָזיקנ באשלוס, וועלנ מיר זיכ באמיִענ צו געבנ אימ ווי ווײַט מעגלעכ מער צײַט אפ צו טראכטנ וועגנ דעמ אפ זײַנ שטיקל ערד. מיר וועלנ אזוי טאָנ ניט נאָר דערפאר, וואָס מיר האלטנ פאר מעגלעכ דעמ אריבערגאנג אפ אונדזער זײַט פונעמ זעלבשטענדיק ארבעטנדיקנ קליינפּויער, נאָר אויכ ארויסגייענדיק פונ די אומיטלבארע פארטיי־אינטערעסנ. וואָס גרעסער עס וועט זײַנ די צאָל פויערימ, וועלכע מיר וועלנ ניט לאָזנ זיכ ארAפּלאָזנ ביזנ צושטאנד פונ פראָלעטאריער אונ וועלכע מיר וועלנ צוציִענ אפ אונדזער זײַט נאָכ ווי פויערימ, אלצ גיכער אונ לײַכטער וועט פארקומענ די געזעלשאפטלעכע איבערגעשטאלטונג. עס וואָלט אומנוצלעכ געווענ פאר אונדז צוווארטנ מיט דער דאָזיקער איבערגעשטאלטונג ביז די קאפיטאליסטישע פראָדוקציע וועט זיכ אומעטומ אנטוויקלענ ביז אירע לעצטע קאָנסעקווענצנ, ווענ אויכ דער לעצטער קליינהאנטווערקער אונ דער לעצטער קליינפּויער וועלנ פאלנ אלס קאָרבאָנעס פונ דער גרויסער קאפיטאליסטישער פראָדוקציע. די מאטעריעלע קאָרבאָנעס, וועלכע עס וועט אויסקומענ אינ דעמ זינענ צו ברענגענ פונ די געזעלשאפטלעכע מיטלענ צוליב די אינטערעסנ פונ די פויערימ, קאָנענ פונ שטאנדפּונקט פונ דער קאפּיטאליסטישער עקאָנאָמיק מאכנ אנ אײַנדרוק פונ ארויסגעוואָרפנ געלט, — אונ דאָכ איז עס אנ אויס־

געצייכנטע פארוועגדונג פונ קאפיטאל, ווײַל זיי וועלנ עפשער אײַנשפּאָרנ א צענ מאָל גרעסערע סומע בא די הויצאָעס אפּ דער געזעלשאפטלעכער רעאָרגאניזאציע אינגאנצנ גענומענ. אינ דעמ זינ קאָנענ מיר אלזאָ זײַנ זייער מילד בענעגייע די פויערימ" (זע ד אָ ר ט נ).

אזוי האָט געזאָגט ענגעלס, האָבנדיק אינ אכט דאָס מײַרעוודיקע פויערטומ. אָבער צי דענ איז ניט קלאָר, אז דאָס, וואָס ענגעלס האָט געזאָגט, קאָנ אינערגעצ ניט פארווירקלעכט ווערנ אזוי לײַכט און אזוי פולשטענדיק, ווי אינעמ לאנד פונ דער דיקטאטור פונ פּראָלעטאריאט? צי דענ איז ניט קלאָר, אז נאָר אינ ראטנרוסלאנד קאָנענ שוינ איצט און פולשטענדיק דורכגעפירט ווערנ אינ לעבנ סײַ „דער אריבערגאנג אפּ אונדזער זײַט פונעמ זעלבשטענדיק ארבעטנדיקנ קליינפויער", סײַ די נויטווענדיקע דערצו „מאטעריעלע קאָרבאָנעס", סײַ די נייטיקע דערצו „מילדקייט בענעגייע די פויערימ", אז די דאָזיקע און ענלעכע מיטלענ לעטוויועס די פויערימ ווערנ שוינ דורכגעפירט אינ רוסלאנד? ווי קאָנ מענ אָפּלייקענענ, אז אָט־דער אומשטאנד, ווידער, דארפּ פארלײַכטערנ און א רוק טאָנ פאָרויס די ווירטשאפטלעכע בויונג פונעמ ראטנלאנד?

צ ו וו ײ ט נ ס. מע טאָר ניט צונויפּמישנ די לאנדווירטשאפט פונ רוסלאנד מיט דער לאנדווירטשאפט פונ מײַרעוו. דאָרט גייט די אנטוויקלונג פונ דער לאנדווירטשאפט לויט דער געוויינלעכער ליניע פונעמ קאפּיטאליזמ, אינ באדינגונגענ פונ טיפער דיפערענצירונג פונעמ פויערטומ, מיט גרויסע גיטער און פּריוואט-קאפּיטאליסטישע לאטיפונדיעס אפּ איינ פּאָליוס, און פאפעריזמ, אָרעמקייט און לוינ־שקלאפערײַ — אפנ צווייטנ. דאָרט איז דעריבער די צעפאלונג און צעלייגונג גאנצ נאטירלעכ. ניט אזוי איז אינ רוסלאנד. בא אונדז קאָנ די אנטוויקלונג פונ דער לאנדווירטשאפט ניט גיינ מיט דעמ וועג שוינ דערפאר אליינ, וואָס דאָס פאראנענזײַנ פונ ראטנמאכט און נאציאָנאליזאציע פונ די גרונטלעכע פּראָדוציר-געצײַג און פּראָדוציר-מיטלענ דערלאָזנ ניט אזא אנטוויקלונג. אינ רוסלאנד מוז די אנטוויקלונג פונ דער לאנדווירטשאפט גיינ מיט אנ אנדער וועג, מיטנ וועג פונ קאָאָפערירנ די מיליאָנענ פונ קליינ־ און מיטל־פויערטומ, מיטנ וועג פונ אנטוויקלענ אינ דאָרפּ א מאסנ־קאָאָפּעראציע, וועלכע ווערט געשטיצט דורכ דער מעלוכע אינ סיידער פונ להאָטנע קרעדיטנ. לענינ האָט ריכטיק אָנגעוויזנ אינ זײַנע ארטיקלענ וועגנ קאָאָפּעראציע, אז די אנטוויקלונג פונ דער לאנדווירטשאפט מוז בא אונדז גיינ מיט א נײַעמ וועג, מיטנ וועג פונ ארײַנציענ די מערהײַט פויערימ אינ דער סאָציאליסטישער בויונג דורכ דער קאָאָפּעראציע, מיטנ וועג פונעמ אײַנפלאנצנ ביסלעכווײַז אינ דער לאנדווירטשאפט די יעסוידעס פונ קאָלעקטיוויזמ צוערשט אינ געביט פונ אָפּזאצ, דערנאָכ — אינ געביט פונ פּראָדוצירנ די פּראָדוקטנ פונ לאנדווירטשאפט.

ביז גאָר אינטערעסאנט זיינען אין אָט-דער הינזיכט איייניקע נייע דערשיינונגען אין דאָרף אין צוזאמענהאנג מיט דער ארבעט פון דער לאנדווירטשאפטלעכער קאָאָפעראציע. עס איז באוווּסט, אז אינעווייניק אינעם לאנדווירטשאפטלעכן קאָאָפעראטיוון פארבאנד זיינען אנטשטאנען נייע, גרויסע אָרגאניזאציעס לויט די צווייגן פון לאנדווירטשאפט, — ליין, קארטאָפל, פוטער א.א., וועלכע האָבן א גרויסע צוקונפט. פון זיי פאררייניקט, למשל, דער „ליין-צענטער" א גאנצע נעץ פראָדוציר-געזעלשאפטן פון פויערים ליין-פלאנצער. דער ליין-צענטער פארנעמט זיך דערמיט, וואָס ער באזאָרגט די פויערים מיט זריע און פראָדוציר-געצייג, דערנאָך קויפט ער אָפּ בא די זעלביקע פויערים די גאנצע ליין-פראָדוקציע, זעצט זי אָפּ אין א מאסן-מאסשטאב אפן מארק; גאראנטירט די פויערים זייער אָנטייל אין די רעוואָכים און פארבינדט, אזוי ארום, די פויערישע ווירטשאפט דורכן לאנדווירטשאפטלעכן קאָאָפּפארבאנד מיט דער מעלוכישער אינדוסטריע. ווי זאָל מען אָנרופן אזא פאָרם פון אָרגאניזירן די פראָדוקציע? דאָס איז, לויט מיין מיינונג, א היימישע סיסטעם פון גרויסער מעלוכיש-סאָציאליסטישער פראָדוקציע אינעם געביט פון לאנדווירטשאפט. איך רייד דאָ וועגן א היימישער סיסטעם פון א מעלוכיש-סאָציאליסטישער פראָדוקציע לויט דער אנאלאָגיע מיט דער היימישער סיסטעם פון קאפיטאליזם אין געביט, לאָמיר זאָגן, פון דער טעקסטיל-פראָדוקציע, ווו די קוסטארן, באקומענדיק פונעם קאפיטאליסט רוישטאָף און געצייג און אָפּגעבנדיק אים זייער גאנצע פראָדוקציע, זיינען פאקטיש געווען האלבע לוין-ארבעטער אין דער היים. דאָס איז איינער פון די פילע צייגערס דערפון, מיט וואָס פאר א וועג עס מוז בא אונדז גיין די אנטוויקלונג פון דער לאנדווירטשאפט. איך רייד שוין דאָ ניט וועגן אנדערע צייגערס פונעם זעלביקן מין אין אנדערע געביטן פון דער לאנדווירטשאפט.

עס איז קוים נייטיק צו דערווייזן, אז די גוואלדיקע מערהייט פונעם פויערטום וועט זיך גערן שטעלן אפן דעם דאָזיקן נייעם אנטוויקלונג וועג, אָפּוואַרפנדיק דעם וועג פון פריוואט-קאפיטאליסטישע לאטיפונדיעס און לוין-שקלאפעריי, דעם וועג פון דאלעס און רויִנירונג.

אָט וואָס עס זאָגט לענין וועגן די אנטוויקלונג-וועגן פון אונדזער לאנדווירטשאפט:

„די מאכט פון דער מעלוכע אפן אלע גרויסע פראָדוציר-מיטלען, די מאכט פון דער מעלוכע אין די הענט פונעם פראָלעטאריאט, דער בונד פון אָט-דעם פראָלעטאריאט מיט די פיל מיליאָנען קליינע און גאָר קליינינקע פויערים, דאָס זיכערן דעם דאָזיקן פראָלעטאריאט די אָנפירונג בענוגייע דעם פויערטום א.א.וו., — צי דען איז דאָס ניט אלץ, וואָס עס איז נייטיק דערצו, קעדיי פון דער קאָאָפעראציע, בלויז פון דער קאָאָפעראציע אליין, וועלכע מיר האָבן פריִער טרעטירט, ווי א הענדלערישע, און וועלכע מיר האָבן דאָס רעכט פון א געוויסער זייט אזוי צו טרעטירן אויך איצט באם נעפ, צי דען איז דאָס ניט אלץ,

וואָס עס איז נויטווענדיק אפּ אויסצובויען א פולשטענדיקע סאָציאַליסטישע געזעלשאפט? דאָס איז נאָך ניט די אויסבויונג פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאפט. דאָס איז אָבער אלץ, וואָס עס איז נויטווענדיק און גענוג פאר דער דאָזיקער אויסבויונג" (זע ב. XXVII, ז. 392).

ריידנדיק ווײַטער וועגן דער נייטיקייַט פון פינאנציעלער און אנדערע שטי־צע דער קאָאָפּעראציע, אלס „נײַעם פּרינציפּ פון אָרגאניזירן די באפעל־קערונג" און נײַער „געזעלשאפטלעכער אָרדענונג" בא דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט, זאָגט לענין ווײַטער:

„יעדע געזעלשאפטלעכע אָרדענונג אנטשטייט בלויז בא דער פינאנציעלער אונטערשטיצונג מיצאד א באשטימטן קלאס. עס איז איבעריק צו דערמאָנען די הונדערטער און הונדערטער מיליאָנען רובל, וועלכע עס האָט געקאָסט דער געבורט פונעם „פרײַען" קאפּיטאליזם. איצט דארפן מיר באנעמען און פארוואנדלען אין טאט, אז די געזעלשאפטלעכע אָרדענונג, וועלכע מיר דארפן בא היינטיקן טאָג שטיצן מער ווי געוויינלעך — דאָס איז די קאָאָפּעראטיווע אָר־דענונג. אָבער שטיצן זי דארף מען אינעם ווידקלעכן זין פון דעם וואָרט, דהי. די דאָ־זיקע שטיצע איז ניט גענוג צו פארשטיין אזוי, אז מע דארף שטיצן יעטווידן קאָאָפּעראטיוון אומזאצ, — די דאָזיקע שטיצע דארף מען פארשטיין, ווי שטיצע פון אזא קאָאָפּעראטיוון אומזאצ, אין וועלכן עס באטייליקן זיך ווירקלעכע די ווירקלעכע מאסן באַ־פעלקערונג" (זע דאָרטן, ז. 393).

וועגן וואָס זאָגן אָט־די אלע אומשטענדן?

וועגן דעם, אז די סקעפּטיקער זײַנען ניט גערעכט.

וועגן דעם, אז גערעכט איז דער לעניניזם, וועלכער באטראכט די אר־בעטנדיקע מאסן פונעם פויערטום ווי א רעזערוו פונעם פּראָלעטאריאט.

וועגן דעם, אז דער פּראָלעטאריאט, וועלכער שטייט בא דער מאכט, קאָן און דארף אויסנוצן דעם דאָזיקן רעזערוו, קעדיי צוזאמענצושליסן די אינדו־סטריע מיט דער לאנדווירטשאפט, אופהייבן די סאָציאַליסטישע בויונג און אונ־טערפירן אונטער דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט יענעם נייטיקן פונדא־מענט, אָן וועלכן עס איז אומעגלעך דער אריבערגאנג צו דער סאָציאַליסטי־שער עקאָנאָמיק.

# VI

## די נאציאָנאלע פראגע

פון דער דאָזיקער טעמע נעם איך צוויי הויפּט־פראגן: א) די שטעלונג פון דער פראגע, ב) די באפרײַונג־באוועגונג פון די אונטערדריקטע פעלקער און די פּראָלעטארישע רעוואָלוציע.

1) די שטעלונג פון דער פראגע. פאר די לעצטע צוויי צענד־ליק יאָר האָט די נאציאָנאלע פראגע אריבערגעטראָגן א ריי ביז גאָר ערנסטע

ענדערונגענ. די נאַציִאָנאַלע פראַגע אינעם פעריִאָד פונעם II אינטערנאַציִאָנאַל אונ די נאַציִאָנאַלע פראַגע אינעם פעריִאָד פונעם לעניניזם איז ווײַט ניט איינס אונ דאָס זעלבע. זיי אונטערשיידנ זיכ טיפ איינע פונ דער צווייטער ניט בלויז לויטנ פאַרנעם, נאָר אויכ לויט זייער אינערלעכנ כאַראַקטער.

פריִער פלעגט די נאַציִאָנאַלע פראַגע, געוויינלעכ, אײַנגעשלאָסנ ווערנ אינ אַנ ענגנ קרײַז פראַגנ, וועלכע זײַנענ שײַעכ דעריקער די „קולטורעלע" נאַציִאָנאַליטעטנ. די אירלענדער, אונגאַרנ, פּאָליאַקנ, פינענ, סערבנ אונ אייניקע אַנדערע נאַציִאָנאַליטעטנ פונ איירָאָפּע — אָט דאָס איז דער קרײַז ניט-פולבאַרעכטיקטע פעלקער, מיט וועמעס גוירל עס האָבנ זיכ אינטערעסירט די העלדנ פונ II אינטערנאַציִאָנאַל. צענדליקער אונ הונדערטער מיליאָנענ פונ די אַזיִאַטישע אונ אַפריקאַנישע פעלקער, וועלכע לײַדנ פונ נאַציִאָנאַלנ דרוק אינ דער סאַמע גראָבער אונ אַכזאָריעסדיקער פאָרם, פלעגנ געוויינלעכ בלײַבנ אויסער באַטראַכט. ווײַסע אונ שוואַרצע, „קולטורעלע" אונ „אומקולטורעלע" האָט מענ זיכ ניט באַשלאָסנ צו שטעלנ אַפ איינ גראַד. צוויי—דרײַ פוסטע אונ זיסלעכזיִערע רעזאָליוציעס, וועלכע מײַדנ זאָרגזאַם אויס די פראַגע וועגנ דער באַפרײַונג פונ די קאָלאָניעס, — אָט דאָס איז אַלצ, מיט וואָס עס האָבנ זיכ געקאָנט באַרימענ די טוער פונעם II אינטערנאַציִאָנאַל. איצט דאַרפ מענ די דאָזיקע צווייִקײַט אונ האַלבקײַט אינ דער נאַציִאָנאַלער פראַגע האַלטנ פאַר ליקווידירט. דער לעניניזם האָט אויפגעדעקט אָט-די שרײַענדיקע דיסהאַרמאָניע, האָט צעשטערט די וואַנט צווישנ די ווײַסע אונ שוואַרצע, צווישנ די איירָאָפּייער אונ אַזיִאַטנ, צווישנ די „קולטורעלע" אונ „אומקולטורעלע" שקלאַפנ פונעם אימפּעריִאַליזם, אונ האָט, אַזויאַרום, צוזאַמענגעבונדנ די נאַציִאָנאַלע פראַגע מיט דער פראַגע וועגנ די קאָלאָניעס. דערמיט אַלײנ איז די נאַציִאָנאַלע פראַגע פאַרוואַנדלט געוואָרנ פונ אַ פּריוואַטער אונ אינערלעכ-מעלוכישער אינ אַנ אַלגעמיינער, אינטערנאַציִאָנאַלער, אינ אַ וועלט-פראַגע וועגנ דער באַפרײַונג פונ די אונטערדריקטע פעלקער פונ די אָפּהענגיקע לענדער אונ פונ די קאָלאָניעס פונ אונטערנ יאָכ פונעם אימפּעריִאַליזם.

פריִער פלעגט דער פּרינציפּ פונ זעלבסטבאַשטימונג פונ די נאַציעס געוויינלעכ אויסגעטײַטשט ווערנ ניט ריכטיק, ניט זעלטנ פאַרשמעלערט ביזנ רעכט פונ די נאַציעס אַפ אווטאָנאָמיע. אייניקע לידערס פונעם II אינטערנאַציִאָנאַל זײַנענ אַפילע דערגאַנגענ דערצו, אַז זיי האָבנ דאָס רעכט אַפ זעלבסטבאַשטימונג פאַרוואַנדלט אינ רעכט אַפ קולטור-אווטאָנאָמיע, דה. אינ דעם רעכט פונ די אונטערדריקטע נאַציעס צו האָבנ זייערע קולטור-אַנשטאַלטנ, איבערלאָזנדיק די גאַנצע פּאָליטישע מאַכט אינ די הענט פונ דער הערשנדיקער נאַציע. דער דאָזיקער אומשטאַנד האָט געפירט דערצו, אַז די אידיי פונ זעלבסטבאַשטימונג האָט ריזיקירט פונ אַ קאַמפּ-געצײַג קעגנ אַנעקסיעס צו ווערנ אַ גע-

צייַג אפ בארעכטיקנ אנעקסיעס. איצט דארפ מענ שוינ דעמ דאָזיקנ פלאָנטער האלטנ פאר א בייַגעקומענעמ. דער לעניניזמ האָט פארברייטערט דעמ באגריפ זעלבסטבאשטימונג, אויסטייַטשנדיק אימ, ווי דאָס רעכט פונ די אונטערדריקטע פעלקער פונ די אָפהענגיקע לענדער אונ פונ די קאָלאָניעס זיכ אינגאנצנ אָפצוטיילנ, ווי דאָס רעכט פונ די נאציעס אפ זעלבשטענדיקער מלוכישער עקזיסטענצ. דערמיט גופע איז אויסגעשלאָסנ געוואָרנ די מעגלעכקייַט צו בארעכטיקנ די אנעקסיעס דורכ דער אויסטייַטשונג פונעמ רעכט אפ זעלבסטבאשטימונג, ווי א רעכט אפ אווטאָנאָמיע. דער פרינציפ גופע פונ זעלבסטבאשטימונג איז אזויארומ פונ א געצייַג אפ אָפצונארנ די מאסנ, וואָס דאָס איז ער, אָנ ספק, געווענ אינ די הענט פונ די סאָציאַל-שאָוויניסטנ אינ דער צייַט פונ דער אימפעריאַליסטישער מילכאָמע, פארוואנדלט געוואָרנ אינ א געצייַג אפ דעמאסקירנ אלע אונ אלערליי אימפעריאַליסטישע באגערנ אונ שאָוויניסטישע מאכינאציעס, אינ א געצייַג פונ פאָליטישער אופקלערונג פונ די מאסנ אינ גייַסט פונ אינטערנאציאָנאליזמ.

פריִער פלעגט די פראגע וועגנ די אונטערדריקטע נאציעס געוויינלעכ באטראכט ווערנ, ווי א פראגע א ריינ רעכטלעכע. פייַערלעכע פראָקלאמירונג פונ „נאציאָנאלער גלייַכבארעכטיקונג", אָנצאָליקע דעקלאראציעס וועגנ דער „גלייַכהייַט פונ נאציעס" — אָט מיט וואָס עס פלעגנ אָפקומענ די פארטייענ פונעמ II אינטערנאציאָנאל, וועלכע פארשמירנ דעמ פאקט, אז די „גלייַכהייַט פונ נאציעס" באמ אימפעריאַליזמ, ווענ איינ גרופע נאציעס (די מינדערהייַט) לעבט אפנ כעזשבנ פונ עקספלואטירנ א צווייטע גרופע נאציעס, — איז א כויזעק איבער די אונטערדריקטע פעלקער. איצט דארפ מענ אָט־דעמ בורזשואזי-רעכטלעכנ שטאנדפונקט אינ דער נאציאָנאלער פראגע האלטנ פאר דעמאסקירט. דער לעניניזמ האָט אראָפגעצויגנ די נאציאָנאלע פראגע פונ די הויכנ פונ פאָמפעזע דעקלאראציעס אפ דער ערד, דערקלערנדיק, אז דעקלאראציעס וועגנ דער „גלייַכהייַט פונ נאציעס", אויב זיי ווערנ ניט געקרעפטיקט מיצאד די פראָלעטארישע פארטייענ מיט דירעקטער שטיצע פונ באפרייַונג-קאמפ פונ די אונטערדריקטע פעלקער, — זייַנענ זיי פוסטע אונ פאלשע דעקלאראציעס. דערמיט אליינ איז די פראגע וועגנ די אונטערדריקטע נאציעס געוואָרנ א פראגע וועגנ שטיצע, וועגנ הילפ, ווירקלעכער אונ באשטענדיקער הילפ די אונטערדריקטע נאציעס אינ זייער קאמפ קעגנ אימפעריאַליזמ פאר דער ווירקלעכער גלייַכהייַט פונ נאציעס, פאר זייער זעלבשטענדיקער מלוכישער עקזיסטענצ.

פריִער פלעגט די נאציאָנאלע פראגע באטראכט ווערנ רעפאָרמיסטיש, ווי א באזונדערע זעלבשטענדיקע פראגע, אויסערנ צוזאמענהאנג מיט דער אלגעמיינער פראגע וועגנ דער מאכט פונעמ קאפיטאל, וועגנ אראָפווארפנ דעמ אימפעריאַליזמ, וועגנ דער פראָלעטארישער רעוואָלוציע. מע האָט שווייַגעוו-

דיק אָנגענומען, אז דער זיג פונעם פּראָלעטאַריאַט אין אייראָפּע איז מעגלעך אָן א דירעקטן בונד מיט דער באַפרייונג-באַוועגונג אין די קאָלאָניעס, אז די לייזונג פון דער נאַציאָנאַל־קאָלאָניאַלער פראַגע קאָן דורכגעפירט ווערן שטילערהייט, דורך „זעלבשטראָם", אין א זייט פונעם גרויסן שליאַך פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע, אָן א רעוואָליוציאָנערן קאַמף קעגן אימפּעריאַליזם. איצט דאַרף מען אָט דעם אַנטירעוואָליוציאָנערן שטאַנדפּונקט האַלטן פאַר דעמאַסקירט. דער לעניניזם האָט דערוויזן, און די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע און די רעוואָליוציע אין רוסלאַנד האָבן באַשטעטיקט, אז די נאַציאָנאַלע פראַגע קאָן געלייזט ווערן נאָר אין צוזאַמענהאַנג און אפן באָדן פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע, אז דער וועג פון ניצאָכן פון דער רעוואָליוציע אפן מײַרעוו גייט דורכן רעוואָליוציאָנערן בונד מיט דער באַפרייונג-באַוועגונג פון די קאָלאָניעס און אָפּהענגיקע לענדער קעגן דעם אימפּעריאַליזם. די נאַציאָנאַלע פראַגע איז א טייל פון דער אַלגעמיינער פראַגע וועגן דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע, א טייל פון דער פראַגע וועגן דער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט.

די פראַגע שטייט אזוי: צי זיינען שוין אויסגעשעפּט די רעוואָליוציאָנערע מעגלעכקייטן, וועלכע זיינען פאַראַן אין די טיפענישן פון דער רעוואָליוציאָנערער באַפרייונג-באַוועגונג פון די אונטערדריקטע לענדער, אָדער ניט, און אויב זיי זיינען ניט אויסגעשעפּט, — צי איז פאַראַן א האָפענונג, א גרונט אויסצונוצן די דאָזיקע מעגלעכקייטן פאַר דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע, פאַרוואַנדלען די אָפּהענגיקע און קאָלאָניאַלע לענדער פון א רעזערוו פון דער אימפּעריאַליסטישער בורזשואַזיע אין א רעזערוו פונעם רעוואָליוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט, אין דעם לעצטנס א פאַרבינדעטן?

דער לעניניזם ענטפערט אף דער דאָזיקער פראַגע פּאָזיטיוו, ד. ה. אין גייסט פון אַנערקענען, אז אין די טיפענישן פון דער נאַציאָנאַלער באַפרייונג־באַוועגונג פון די אונטערדריקטע לענדער זיינען פאַראַן רעוואָליוציאָנערע פּאָטענצן און אין גייסט פון אַנערקענען די מעגלעכקייט זיי אויסצונוצן צוליב די אינטערעסן פון שטירצן דעם געמיינזאַמען סוינע, אין די אינטערעסן פון שטירצן דעם אימפּעריאַליזם. די מעכאַניק פון דער אַנטוויקלונג פונעם אימפּעריאַליזם, די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע און די רעוואָליוציע אין רוסלאַנד באַשטעטיקן אינגאַנצן די אויספירן פונעם לעניניזם מיקויעך דעם.

דערפון שטאַמט די נויטווענדיקייט, אז דער פּראָלעטאַריאַט זאָל שטיצן, אַנטשיידן און אַקטיוו שטיצן די נאַציאָנאַל־באַפרייערישע באַוועגונג פון די אונטערדריקטע און אָפּהענגיקע פעלקער.

דאָס הייסט ניט, פאַרשטייט זיך, אַז דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף שטיצן **יעדע** נאַציאָנאַלע באַוועגונג, אומעטום און שטענדיק, אין אַלע באַזונדערע קאָנקרעטע פאַלן. עס רעדט זיך וועגן שטיצן אַזעלכע נאַציאָנאַלע באַוועגונגען, וועלכע זיינען געווענדעט אויף אָפּשוואַכן, אויף אָפּוואַרפן דעם אימפּעריאַליזם, און ניט אויף פאַרפעסטיקן און איינהאַלטן אים. עס טרעפן פאַלן, ווען די נאַציאָנאַלע באַוועגונגען פון איינצלנע אונטערדריקטע לענדער קומען אין צוזאַמענשטויס מיט די אינטערעסן פון דער אַנטוויקלונג פון דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אין אַזעלכע פאַלן קאָן אַפילו קיין רייד ניט זיין וועגן אונטערשטיצונג. די פראַגע וועגן רעכט פון די נאַציעס איז ניט קיין איזאָלירטע, זעלבסטגענוגנדיקע פראַגע, נאָר א טייל פון דער אַלגעמיינער פראַגע וועגן דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, א טייל, וואָס איז אונטערגעוואָרפן דעם גאַנצן און פאָדערט, אַז ער זאָל באַטראַכט ווערן פון שטאַנדפּונקט פון אָטדעם גאַנצן. אין די 40־ער יאָרן פונעם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט איז מאַרקס געווען פאַר דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג פון די פּאָליאַקן און אונגאַרן און קעגן דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג פון די טשעכן און דאָרעמדיקע סלאַוון. פאַרוואָס? דערפאַר, ווייל די טשעכן און דאָרעמדיקע סלאַוון זיינען דעמאָלט געווען „רעאַקציאָנערע פעלקער", „רוסישע פאָרפּאָסטנס" אין אייראָפּע, פאָרפּאָסטנס פונעם אַבסאָליוטיזם, בעת די פּאָליאַקן און אונגאַרן זיינען געווען „רעוואָלוציאָנערע פעלקער", וואָס האָבן געקעמפט קעגן דעם אַבסאָליוטיזם. דערפאַר, ווייל שטיצן די נאַציאָנאַלע באַוועגונג פון די טשעכן און דאָרעמדיקע סלאַוון האָט דעמאָלט געהייסן אומדירעקט שטיצן דעם צאַריזם, דעם געפערלעכסטן סוינע פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין אייראָפּע.

„די באַזונדערע פאָדערונגען פון דעמאָקראַטיע, — זאָגט לענין, — דערונטער אויך די זעלבסטבאַשטימונג, זיינען ניט קיין אַבסאָליוט, נאָר א **טיילעכל** פון דער אַלגעמיין־דעמאָקראַטישער (איצט אַלגעמיין־סאָציאַליסטישער) **אַלוועלטלעכער** באַוועגונג. מעגלעך, אַז אין באַזונדערע קאָנקרעטע פאַלן זאָל דאָס טיילעכל ווידערשפּרעכן דעם גאַנצן, דעמאָלט דאַרף מען עס אָפּוואַרפן" (זע ב. XIX, ז. 257—258).

אָט אַזוי האַלט עס מיט דער פראַגע וועגן באַזונדערע נאַציאָנאַלע באַוועגונגען, וועגן דעם מעגלעכן רעאַקציאָנערן כאַראַקטער פון די דאָזיקע באַוועגונגען, אויב, פאַרשטייט זיך, מע שאַצט זיי אָפּ ניט פון פאָרמעלן שטאַנדפּונקט, ניט פון שטאַנדפּונקט פון אַבסטראַקטע רעכט, נאָר קאָנקרעט, פון שטאַנדפּונקט פון די אינטערעסן פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

דאָס זעלביקע דאַרף מען זאָגן וועגן רעוואָלוציאָנערן כאַראַקטער פון די נאַציאָנאַלע באַוועגונגען בכלל. די אָנצווייפלדיקע רעוואָלוציאָנערישקייט

פונ דער גוואַלדיקער מערהײט נאַציאָנאַלע באַוועגונגענ איז פּונקט אַזוי פאַרהעלטניסמעסיק אונ אײגנאַרטיק, ווי פאַרהעלטניסמעסיק אונ אײגנאַרטיק עס איז די מעגלעכע רעאַקציאָנערישקײט פונ אײניקע באַזונדערע נאַציאָנאַלע באַוועגונגענ. דער רעוואָליוציאָנערער כאַראַקטער פונ דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג אינ דער אומגעבונג פונ דער אימפּעריאַליסטישער אונטערדריקונג מײנט גאָרניט פאָרויס, אַז אינ דער באַוועגונג מוזנ זיכ דאַפקע אַנטהאַלטנ פּראָלעטאַרישע עלעמענטנ, אַז עס מוז עקזיסטירנ אַ רעוואָליוציאָנערע אָדער רעפּובליקאַנישע פּראָגראַמ פונ דער באַוועגונג, אַז די באַוועגונג מוז האָבנ אַ דעמאָקראַטישנ יעסאָד. דער קאַמפּ פונעמ אַפגאַנישנ עמיר פאַר דער אומאָפּהענגיקײט פונ אַפגאַניסטאַנ איז אָביעקטיוו אַ רעוואָליוציאָנערער קאַמפּ, ניט געקוקט אַפנ מאָנאַרכיסטישנ אַרט דענקענ פונעמ עמיר אונ פונ זײַנע מיטקעמפער, ווײַל ער שוואַכט אָפּ, צעלײגט, טאָטשעט אונטער דעמ אימפּעריאַליזמ, בעשאַס דער קאַמפּ פונ אַזוינע „פאַרביסענע" דעמאָקראַטנ אונ „סאָציאַליסטנ", „רעוואָליוציאָנערנ" אונ רעפּובליקאַנער, ווי, לאָמיר זאָגנ, קערענסקי אונ צערעטעלי, רענאָדעל אונ שײדעמאַנ, טשערנאָוו אונ דאַנ, הענדערסאָנ אונ קלײַנס בײַמ דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, איז געווענ אַ רעאַקציאָנערער קאַמפּ, ווײַל זײַנ רעזולטאַט איז געווענ די באַפּוצונג, די פאַרפעסטיקונג, דער ניצאָכנ פונ אימפּעריאַליזמ. דער קאַמפּ פונ די עגיפּטישע סאָכרימ אונ בורזשואַזע אינטעליגענטנ פאַר דער אומאָפּהענגיקײט פונ עגיפּעט איז, צוליב די זעלבע סיבעס, אָביעקטיוו אַ רעוואָליוציאָנערער קאַמפּ, ניט געקוקט אַפּ דער בורזשואַזער אָפּשטאַמונג אונ בורזשואַזנ טיטל פונ די לידערס פונ דער עגיפּטישער נאַציאָנאַלער באַוועגונג, ניט געקוקט דערויפ, וואָס זײ זײַנענ קעגנ סאָציאַליזמ, בעשאַס דער קאַמפּ פונ דער ענגלישער אַרבעטער־רעגירונג פאַר אײַנהאַלטנ די אָפּהענגיקע לאַגע פונ עגיפּעט איז, צוליב די זעלבע סיבעס, אַ רעאַקציאָנערער קאַמפּ, ניט געקוקט אַפּ דער פּראָלעטאַרישער אָפּשטאַמונג אונ פּראָלעטאַרישנ טיטל פונ די מיטגלידער פונ דער דאָזיקער רעגירונג, ניט געקוקט דערויפ, וואָס זײ זײַנענ „פאַר" סאָציאַליזמ. איכ רייד שוינ ניט וועגנ דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג פונ אַנדערע, גרעסערע, קאָלאָניאַלע אונ אָפּהענגיקע לענדער, ווי אינדיע אונ כינע, וואָס יעדער טריט זײערער אַפנ וועג צו באַפרײַונג, ווענ אַפילע ער איז אַריבער אַפּ די פאָדערונגענ פונ דער פאָרמעלער דעמאָקראַטיע, איז ער אַ קלאַפּ פונ אַ דאַמפּ־האַמער איבערנ אימפּעריאַליזמ, ד. ה. אַ טריט, אָנ סאָפעק, אַ רעוואָליוציאָנערער.

לענינ איז גערעכט, ווענ ער זאָגט, אַז די נאַציאָנאַלע באַוועגונג פונ די אונטערדריקטע לענדער דאַרפ מענ אָפּשאַצנ ניט פונעמ שטאַנדפּונקט פונ

פּאַרמעלער דעמאָקראַטיע, נאָר פונעם שטאַנדפּונקט פון די פּאַקטישע רעזול־טאַטן אין דעם אַלגעמיינעם באַלאַנס פון קאַמף קעגן דעם אימפּעריאַליזם, דה. „ניט איזאָלירט, נאָר אינעם אַלוועלטלעכן מאַסשטאַב“ (זע ב. XIX, ז. 257).

2) די באַפרייונג־באַוועגונג פון די אונטערדריקטע פעלקער און די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע. באַם לייזן די נאַציאָנאַלע פראַגע גייט דער לעניניזם ארויס פון פאָלגנדיקע האַנאָכעס:

א) די וועלט איז צעטיילט אַף צוויי לאַגערן: אַף א לאַגער פון א הייפל ציוויליזירטע נאַציעס, וועלכע פאַרמאָגן פינאַנץ-קאַפּיטאַל און עקס־פּלואַטירן די גוואַלדיקע מערהייט באַפעלקערונג פונעם ערד־קיילעך, און א לאַגער אונטערדריקטע און עקספּלואַטירטע פעלקער פון די קאָלאָניעס און אָפּהענגיקע לענדער, וועלכע בילדן די דאָזיקע מערהייט;

ב) די קאָלאָניעס און אָפּהענגיקע לענדער, וועלכע ווערן אונטערדריקט און עקספּלואַטירט דורכן פינאַנץ-קאַפּיטאַל, בילדן דעם גרעסטן רעזערוו און דעם סאַמע ערנסטן קוואַל פון די קויכעס פונעם אימפּעריאַליזם;

ג) דער רעוואָלוציאָנערער קאַמף פון די אונטערדריקטע פעלקער פון די אָפּהענגיקע און קאָלאָניאַלע לענדער קעגן דעם אימפּעריאַליזם איז דער איינציקער וועג פאַר זייער באַפרייונג פון אונטערדריקונג און עקספּלואַ־טאַציע;

ד) די וויכטיקסטע קאָלאָניאַלע און אָפּהענגיקע לענדער זיינען שוין ארופגעטראָטן אַפן וועג פון דער נאַציאָנאַל-באַפרייערישער באַוועגונג, וועל־כע קאָן ניט ניט ברענגען צום קריזיס פונעם אַלוועלטלעכן קאַפּיטאַליזם;

ה) די אינטערעסן פון דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג אין די אַנט־וויקלטע לענדער און פון דער נאַציאָנאַל-באַפרייערישער באַוועגונג אין די קאָלאָניעס פאָדערן, אַז די ביידע מינים רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג זאָלן פאַרייניקט ווערן אין איין אַלגעמיינעם פראָנט קעגן דעם אַלגעמיי־נעם סוינע, קעגן דעם אימפּעריאַליזם;

ו) דער זיג פונעם ארבעטער־קלאַס אין די אַנטוויקלטע לענדער און די באַפרייונג פון די אונטערדריקטע פעלקער פון אונטערן יאָך פונעם אימפּעריאַליזם זיינען אומעגלעך אָן דער אויסבילדונג און פאַרפעסטיקונג פון אַן אַלגעמיינעם רעוואָלוציאָנערן פראָנט;

ז) די אויסבילדונג פון אַן אַלגעמיינעם רעוואָלוציאָנערן פראָנט איז אומעגלעך אָן דער דירעקטער און אַנטשיידענער שטיצע פאַר דער באַפריי־ונג־באַוועגונג פון די אונטערדריקטע פעלקער מיצאַד דעם פּראָלעטאַריאַט פון די אונטערדריקנדיקע נאַציעס קעגן דעם „פאָטערלענדישן“ אימפּעריאַ־ליזם, ווייל „עס קאָן ניט זיין פריי א פאָלק, וואָס אונטערדריקט אַנדערע פעלקער“ (מאַרקס);

ט) די דאָזיקע שטיצע באטייט: זיך איינשטעלן, פארטיידיקן, דורכ־פירן אין לעבן דעם לאָזונג — רעכט פון נאציעס אפ אָפטיילן זיך, אפ א זעלבשטענדיקער מעלוכישער עקזיסטענץ;

י) אָן דער דורכפירונג פון דעם דאָזיקן לאָזונג איז אוממעגלעך איינ־לאדען ווי געהעריק די פאראייניקונג און מיטארבעט פון די נאציעס אין דער איינהייטלעכער וועלט־ווירטשאפט, וועלכע בילדעט די מאטעריעלע באזע פארן זיג פונעם סאָציאליזם;

כ) די דאָזיקע פאראייניקונג קאָן זיין נאָר א פרייוויליקע, וואָס זאָל אנטשטיין אפן גרונט פון קעגנזייטיקן צוטרוי און ברידערלעכע קעגנזייטיקע פארהעלטענישן פון די פעלקער.

דערפון שטאמען צוויי זייטן, צוויי טענדענצן אין דער נאציאָנאלער פראגע: א טענדענץ צו פאָליטישן באפרייען זיך פון די אימפעריאליס־טישע קייטן און צו דער אויסבילדונג פון א זעלבשטענדיקער נאציאָנא־לער מעלוכע, א טענדענץ, וועלכע איז אנטשטאנען אפן גרונט פון דער אימפעריאליסטישער אונטערדריקונג און פון דער קאָלאָניאלער עקספּלואטא־ציע, — און א טענדענץ צו ווירטשאפטלעכער דערנעענטערונג פון די נא־ציעס, וועלכע איז אנטשטאנען אין צוזאמענהאנג מיט דער אויסבילדונג פונעם וועלט־מארק און פון דער וועלט־ווירטשאפט.

„דער זיך אנטוויקלענדיקער קאפיטאליזם, — זאָגט לענין, — ווייסט פון צוויי היסטאָרישע טענדענצן אין דער נאציאָנאלער פראגע. די ערשטע: דאָס איז די דערוואכונג פון נאציאָנאלן לעבן און פון נאציאָנאלע באוועגונגען, דער קאמף קעגן יעטווידער נאציאָנאלער אונטערדרי־קונג, די באשאפונג פון נאציאָנאלע מעלוכעס. די צווייטע: דאָס איז די אנטוויקלונג און פאר־אָפטערונג פון אלערליי באציִונגען צווישן די נאציעס, דאָס צעברעכן די נאציאָנאלע מעכיצעס, דאָס שאפן אן אינטערנאציאָנאלע איינהייט פון קאפיטאל, פון דעם עקאָנאָמישן לעבן בכלל, פון דער פאָליטיק, וויסנשאפט אאזו. ביידע טענדענצן זיינען אן אלוועלטלעכער געזעץ פונעם קאפיטאליזם. די ערשטע דאָמינירט אין אָנהייב פון זיין אנטוויקלונג, די צווייטע כאראַק־טעריזירט דעם רייפן קאפיטאליזם, וועלכער גייט צום פארוואנדלט ווערן אין א סאָציאליסטי־שער געזעלשאפט" (זע ב. XVII, ז. 139 — 140).

פארן אימפעריאליזם זיינען די דאָזיקע צוויי טענדענצן אומקאָמפּראָמיס־לעכע ווידערשפּרוכן, ווייל דער אימפעריאליזם קאָן ניט לעבן אָן עקספּלו־אטאציע און איבערגוואלדיקן איינהאלטן די קאָלאָניעס אין די ראַמען פון אן „איינהייטלעכן גאנצן", ווייל דער אימפעריאליזם קאָן דערנעענטערן די נא־ציעס נאָר דורך אנעקסיעס און קאָלאָניאלע גזיילעס, וואָס אָן דעם איז ער, בכלל גערעדט, ניט דענקבאר.

פארן קאָמוניזם, פארקערט, זיינען די דאָזיקע טענדענצן בלויז צוויי זייטן פון איין זאך, — פון דער זאך פון באפרייען די אונטערדריקטע פעל־קער פון אונטערן יאָך פון אימפעריאליזם, ווייל דער קאָמוניזם ווייסט, אז

די פאַרייניקונג פונ די פעלקער אינ אנ איינהייַטלעכער וועלט-ווירטשאַפט איז מעגלעכ בלויז אפ די יעסוידעס פונ קעגנזייַטיקנ צוטרוי אונ פרייַוויליקנ אויסגלייַכ, אז דער וועג צו דער אויסבילדונג פונ א פרייַוויליקער פעלקער-פאַרייניקונג גייט דורכ אָפּטיילנ די קאָלאָניעס פונעמ „איינהייַטלעכנ" אימפּעריאַליסטישנ „גאַנצנ", דורכ זייער פאַרוואַנדלונג אינ זעלבשטענדיקע מעלוכעס.

דערפונ נעמט זיכ די נויטווענדיקייַט פונ אנ אקשאָנעסדיקנ, אָנופהערלעכנ, אנטשיידענעמ קאַמפּ קעגנ דעמ גרויסמעכטישנ שאָוויניזמ פונ די „סאָציאַליסטנ" פונ די הערשנדיקע נאַציעס (ענגלאַנד, פראַנקרייַכ, אַמעריקע, איטאַליע, יאַפּאָניע אאַ.), וואָס ווילנ ניט קעמפנ קעגנ זייערע אימפּעריאַליסטישע רעגירונגעג, ווילנ ניט שטיצנ דעמ קאַמפּ פונ די אונטערדריקטע פעלקער פונ „זייערע" קאָלאָניעס פאַר באַפרייַענ זיכ פונ דער אונטערדריקונג, פאַר אָפּטיילנ זיכ מעלוכיש.

אָנ אזא קאַמפּ איז אומדערקבאַר צו דערציִענ דעמ אַרבעטער-קלאַס פונ די הערשנדיקע נאַציעס אינ גייַסט פונ ווירקלעכנ אינטערנאַציאָנאַליזמ, אינ גייַסט פונ דערנענטערונג מיט די אַרבעטנדיקע מאַסנ פונ די אָפּהענגיקע לענדער אונ קאָלאָניעס, אינ גייַסט פונ ווירקלעכער צוגרייטונג פונ דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע. די רעוואָליוציע אינ רוסלאַנד וואָלט ניט געזיגט, אונ קאָלטשאַק מיט דעניקינענ וואָלטנ ניט צעקלאַפּט געוואָרנ, ווענ דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט זאָל ניט געווענ האָבנ קיינ מיטגעפיל אונ אונטערשטיצונג מיצאַד די אונטערדריקטע פעלקער פונ דער געוועזענער רוסלענדישער אימפּעריע. קעדיי אָבער צו דעראָבערנ דעמ מיטגעפיל אונ אונטערשטיצונג פונ די דאָזיקע פעלקער, האָט ער פריִער פאַר אלצ געמוזט צעקלאַפּנ די קייטנ פונעמ רוסישנ אימפּעריאַליזמ אונ באַפרייַענ די דאָזיקע פעלקער פונ נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג. אָנ דעמ וואָלט אומעגלעכ געווענ צו פאַרפעסטיקנ די ראַטנמאַכט, אייַנפלאַנצנ ווירקלעכנ אינטערנאַציאָנאַליזמ אונ באַשאַפנ אָט-די מערקווירדיקע אָרגאַניזאַציע פונ צוזאַמענאַרבעט פונ פעלקער, וועלכע רופט זיכ פאַרבאַנד פונ די סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליקנ אונ וועלכע איז א לעבעדיק פאָרבילד פונ דער צוקינפטיקער פעלקער-פאַרייניקונג אינ אנ איינהייַטלעכער אלוועלטלעכער ווירטשאַפט.

דערפונ שטאַמט די נויטווענדיקייַט צו פירנ א קאַמפּ קעגנ דער נאַציאָנאַלער אָפּגעשלאָסנקייַט, שמאָלקייַט, אָפּגעזונדערטקייַט פונ די סאָציאַליסטנ פונ די אונטערדריקטע לענדער, וועלכע ווילנ זיכ ניט שטעלנ העכער פונ זייער נאַציאָנאַלנ קלייַזל אונ פאַרשטייענ ניט דעמ צוזאַמענבונד צווישנ דער באַפרייַונג-באַוועגונג פונ זייער לאַנד אונ דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג פונ די הערשנדיקע לענדער.

אָנ אזא קאמפ איז אומדענקבאר אײַנצוהיטנ א זעלבשטענדיקע פּאָליטיק פונעמ פּראָלעטאריאט פונ די אונטערדריקטע נאציעס אונ זײַנ קלאסנ־סאָלידאריטעט מיטנ פּראָלעטאריאט פונ די הערשנדיקע לענדער אינ קאמפ פאר אראָפּווארפנ דעמ געמיינזאמענ סוינע, אינ קאמפ פאר אראָפּווארפנ דעמ אימפּעריאליזמ,—אָנ אזא קאמפ וואָלט דער אינטערנאציאָנאליזמ געווענ אומעגלעכ.

אָט דאָס איז דער וועג צו דערציִענ די ארבעטנדיקע מאסנ פונ די הערשנדיקע אונ פונ די אונטערדריקטע נאציעס אינ גײַסט פונ רעוואָליוציאָנערנ אינטערנאציאָנאליזמ.

אָט וואָס עס זאָגט לענינ וועגנ דער דאָזיקער צווייזײַטיקער ארבעט פונעמ קאָמוניזמ אפּ צו דערציִענ די ארבעטער אינ גײַסט פונ אינטערנאציאָנאליזמ:

„צי קאָנ די דאָזיקע דערציִונג... זײַנ *קאָנקרעט איינע אונ די זעלביקע* בא נאציעס גרויסע אונ אונטערדריקנדיקע אונ בא נאציעס קלייניקע, אונטערדריקטע? בא נאציעס אנעקסירנדיקע אונ בא נאציעס אנעקסירטע?

ס'איז קלאָר, אז ניט. דער גאנג צו איינ ציל: צו דער פולער גלײַכבארעכטיקונג, צו דער ענגסטער דערנענטערונג אונ ווײַטערדיקער *צונויפגיסונג* פונ *אלע* נאציעס גייט דאָ, ווי ס'איז קלאָר, מיט צוויי קאָנקרעטע וועגנ, — אלציינס, ווי דער וועג, לאָמיר זאָגנ, צו א פונקט, וועלכער געפינט זיך אינמיטנ פונעמ געגעבענעמ זײַטל, גייט אפּ לינקס פונ איינ קאנט זײַנעמ, אונ אפּ רעכטס פונעמ פארקערטנ קאנט. אויב א סאָציאליסט פונ א גרויסער, אונטערדריקנדיקער, אנעקסירנדיקער נאציע, — וואָס איז ביכלאל אנ אָנהענגער פונ דער צונויפגיסונג פונ נאציעס, זאָל כאָטש אפּ איינ מינוט פארגעסנ אז „זײַנ" ניקאָליי II, „זײַנ" ווילהעלמ, געאָרג, פּואנקארע אא. זײַנענ אויך *פאר צונויפגיסונג* מיט די קליינע נאציעס (דורכ אנעקסיעס) — ניקאָליי II פאר א „צונויפגיסונג" מיט גאליציע, ווילהעלמ II — פאר א „צונויפגיסונג" מיט בעלגיע אא., וועט זיך אזא סאָציאליסט ארויסווײַזנ פאר א לעכערלעכנ דאָקטרינער אינ דער טעאָריע, פאר א מיטהעלפער פונ אימפּעריאליזמ אינ דער פּראקטיק.

דער שווערפּונקט פונ דער אינטערנאציאָנאליסטישער דערציִונג פונ די ארבעטער אינ די אונטערדריקנדיקע לענדער מוז אומבאדינגט באשטיינ דערינ, אז זיי זאָלנ פּרעדיקנ אונ פארטיידיקנ די פרײַהײַט פונ די אונטערדריקטע לענדער זיך אָפּצוטיילנ. אָנ דעמ איז *ניטאָ* קיינ אינטערנאציאָנאליזמ. מיר האָבנ דאָס רעכט אונ זײַנענ מעכוייעוו צו טרעטירנ יעדנ סאָציאליסט פונ אנ אונטערדריקנדיקער נאציע, וועלכער פירט *ניט* אזא פּראָפּאגאנדע, ווי אנ אימפּעריאליסט אונ מענוול. דאָס איז אנ אומבאדינגטע פאָדערונג, ווענ אפילע דער *פאל* פונ אָפּטיילנ זיך וואָלט געווענ מעגלעכ אונ „אויספירבאר" ביזנ סאָציאליזמ בלויז אינ איינ פאל פונ טויזנט...

פארקערט. א סאָציאליסט פונ א קליינער נאציע דארפ דעמ שווערפּונקט פונ זײַנ אגיטאציע לייגנ אפּנ *צווייטנ* וואָרט פונ אונדזער אלגעמיינער פאָרמולע: „פרײַוויליקע *פאַרייניקונג*" פונ די נאציעס. ניט אויוועער זײַענדיק אפּ זײַנע פליכטנ, אלס אינטערנאציאָנאליסט, קאָנ ער זײַנ סײַ פאר דער פּאָליטישער אומאָפּהענגיקײַט פונ זײַנ נאציע סײַ פאר דעמ, אז זי זאָל אײַנגעשלאָסנ ווערנ אינ דער שכיינישער מעלוכע x, y, z, אא. אָבער אינ אלע פאלנ דארפ ער קעמפנ *קעגנ* דער קליינלעכ־נאציאָנאלער שמאָלקײַט, אָפּגעשלאָסנקײַט, אָפּגעזונדערטקײַט, פאר דיסקאָנטירנ דאָס גאנצע אונ אלגעמיינע, פאר אונטערווארפנ די אינטערעסנ פונעמ פּראט אונטער די אינטערעסנ פונעמ קלאל.

מענטשן, וועלכע האָבן זיך ניט אריַינגעטראכט אין דער פראגע, האלטן פאר א „ווידערשפרוך", אז די סאָציאַליסטן פון די אונטערדריקנדיקע נאציעס זאָלן פאַרטיידיקן די „פריַיהיַיט אָפּצוטיילן זיך", און די סאָציאַליסטן פון די אונטערדריקטע נאציעס זאָלן פאַרטיידיקן די „פריַיהיַיט פון פאַראייניקן זיך". אָבער א קליינע באטראכטונג וויַיזט, אז קיין אנדער וועג צום אינטערנאציאָנאַליזם און צו דער צונויפגיסונג פון די נאציעס, קיין אנדער וועג צו דעם ציל פון דער געגעבענער לאגע איז ניטאָ און קאָן ניט זיַין" (זע ב. XIX, ז. 261—262).

# VII

## סטראטעגיע און טאקטיק

פון דער טעמע נעם איך זעקס פראגן: א) סטראטעגיע און טאקטיק, אלס וויסנשאפט וועגן דער אָנפירונג מיטן קלאסנקאמף פונעם פראָלעטאריאַט; ב) די עטאפּן פון דער רעוואָליוציע און די סטראטעגיע; ג) צופלוסן און אָפּפלוסן פון דער באוועגונג און די טאקטיק; ד) די סטראטעגישע אָנפירונג; ה) די טאקטישע אָנפירונג; ו) רעפאָרמיזם און רעוואָליוציאָניזם.

1) סטראטעגיע און טאקטיק, אלס וויסנשאפט וועגן דער אָנפירונג מיטן קלאסנקאמף פונעם פראָלעטאריאַט. דער הערשאפט-פּעריאָד פונעם II אינטערנאציאָנאל איז געווען א פּעריאָד הויפּטזאכלעך פון אויספורעמען און אויסשולן די פּראָלעטארישע ארמייען אין דער אומגעבונג פון א מער אָדער ווייניקער פרידלעכער אנטוויקלונג. דאָס איז געווען א פּעריאָד פון פּארלאמענטאריזם, אלס דאָמינירנדיקע פאָרם פון קלאסנקאמף. די פראגן וועגן גרויסע קלאסן-צוזאמענשטויסן, וועגן דער צוגרייטונג פונעם פּראָלעטאריאַט צו רעוואָליוציאָנערע געראנגלען, וועגן די וועגן אָפּ צו דעראָבערן די דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט זיַינען דעמלט, ווי עס האָט זיך געדאכט, ניט געשטאנען אין טאָג־סיידער. די אויפגאבע איז באשטאנען דערין, אז מע זאָל אויסנוצן אלע וועגן פון לעגאלער אנטוויקלונג אָפּ פאָרמירן און אויסשולן די פּראָלעטארישע ארמייען, אויסנוצן דעם פּארלאמענטאריזם צוגעפּאסט צו די באדינגונגען, בא וועלכע דער פּראָלעטאריאט פלעגט בלייַבן און, ווי עס האָט זיך געדאכט, האָט געמוזט פארבלייַבן אין דער לאגע פון אן אָפּאָזיציע. עס איז קוים נייטיק צו דערוויַיזן, אז אין אזא פּעריאָד און בא אזא פארשטיין די אויפגאבן פונעם פּראָלעטאריאט האָט ניט געקאָנט זיַין ניט קיין פארגאנצטע סטראטעגיע, ניט קיין פאנאנדערגעארבעטע טאקטיק. עס זיַינען געווען ברעקלעך, איינצלנע געדאנקען וועגן טאקטיק און סטראטעגיע, אָבער קיין טאקטיק און סטראטעגיע איז ניט געווען.

די טויט-זינד פון II אינטערנאציאָנאַל באשטייט ניט דערין, וואָס ער האָט אין זיין צייט דורכגעפירט די טאַקטיק פון אויסנוצן די פּאַרלאַמענטי־שע פאָרמען פון קאַמף, נאָר דערין, וואָס ער האָט איבערגעשאַצט די באַ־דייטונג פון די דאָזיקע פאָרמען, האַלטנדיק זיי שיר ניט פאַר די איינציקע, און ווען עס איז געקומען דער פּעריאָד פון אָפענע רעוואָליוציאָנערע גע־ראַנגלען און די פראַגע וועגן די אויסערפּאַרלאַמענטישע פאָרמען פון קאַמף האָט זיך געשטעלט אין דער ערשטער ריי, האָבן זיך די פּאַרטייען פונעם II אינטערנאַציאָנאַל אָפּגעקערט פון די נייע אויפגאַבן, האָבן די דאָ־זיקע אויפגאַבן ניט אָנגענומען.

ערשט אין פאָלגנדיקן פּעריאָד, אינעם פּעריאָד פון אָפענע אַרויסטרע־טונגען פונעם פּראָלעטאַריאַט, אינעם פּעריאָד פון דער פּראָלעטאַרישער רע־וואָליוציע, ווען די פראַגע וועגן אַראָפּוואַרפן די בורזשואַזיע איז געוואָרן אַ פראַגע פון דירעקטער פּראַקטיק, ווען די פראַגע וועגן די רעזערוון פו־נעם פּראָלעטאַריאַט (די סטראַטעגיע) איז געוואָרן איינע פון די סאַמע אַק־טועלסטע פראַגן, ווען אַלע פאָרמען פון קאַמף און אָרגאַניזאַציע — סיי די פּאַרלאַמענטישע סיי די אויסערפּאַרלאַמענטישע (די טאַקטיק) — זיינען קלאָר געוואָרן מיט פולקומער באַשטימטקייט, — ערשט אין דעם פּעריאָד האָבן געקאָנט אויסגעאַרבעט ווערן אַ פאַרגאַנצטע סטראַטעגיע און אַ פאַנאַנדער־געאַרבעטע טאַקטיק פאַרן קאַמף פונעם פּראָלעטאַריאַט. די געניאַלע געדאַנ־קען פון מאַרקסן און ענגעלסן וועגן טאַקטיק און סטראַטעגיע, וועלכע זיי־נען פאַרמויערט געוואָרן דורך די אָפּאָרטוניסטן פונעם II אינטערנאַציאָנאַל, האָט לענין אַרויסגעשלעפּט אויף דער ליכטיקער שיין גראָד אין דעם דאָזיקן פּעריאָד. לענין האָט זיך אָבער ניט באַגרענעצט מיטן ווידערופשטעלן די באַ־זונדערע טאַקטישע האַנאָכעס פון מאַרקסן און ענגעלסן. ער האָט זיי אַנט־וויקלט ווייטער און דערגאַנצט מיט נייע געדאַנקען און האַנאָכעס, פאַריי־ניקנדיק דאָס אַלץ אין איין סיסטעם קלאָלים און אָנפירנדיקע פּרינציפּן אויף אָנצופירן מיטן קלאַסנקאַמף פונעם פּראָלעטאַריאַט. אַזוינע בראָשורן לע־נינס, ווי „וואָס דאַרף מען טאָן?“, „צוויי טאַקטיקעס“, „אימפּעריאַליזם“, „מע־לוכע און רעוואָלוציע“, „די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע און דער רענעגאַט קאַ־וטסקי“, „די קינדער־קראַנקייט“, וועלן אָן ספק אַריין אַלס ווערטפולסטער ביישטייער אינעם אַלגעמיינעם אוצר פונעם מאַרקסיזם, אין זיין רעוואָלוציאָ־נערן אַרסענאַל. די סטראַטעגיע און טאַקטיק פונעם לענויניזם — דאָס איז די וויסנשאַפט וועגן דער אָנפירונג מיטן רעוואָלוציאָנערן קאַמף פונעם פּראָ־לעטאַריאַט.

2) די עטאַפּן פון דער רעוואָלוציע און די סטראַטע־גיע. סטראַטעגיע איז דאָס באַשטימען די ריכטונג פונעם הויפּט־קלאַפּ פונעם

פראָלעטאריאַט אפּן גרונט פונעם געגעבענעם רעוואָליוציע-עטאפּ, דאָס אויסאַר-בעטן אַן אַנטשפּרעכיקן פּלאַן פון דער דיספּאָזיציע (פאַנאַנדערשטעלונג) פון די רעוואָליוציאָנערע קויכעס (די הויפּטלעכע און צווייטראַנגיקע רעזערוון), דער קאַמף פאַר דורכפירן דעם דאָזיקן פּלאַן אין גאַנצן מעשעך פונעם גע-געבענעם עטאפּ פון דער רעוואָליוציע.

אונדזער רעוואָליוציע האָט שוין דורכגעלעבט צוויי עטאַפּן און איז נאָך דער אָקטיאַבער-איבערקערעניש אַרײַנגעטראָטן אינעם דריטן עטאַפּ. אַנ-טשפּרעכיק דערצו האָט זיך געביטן אויך די סטראַטעגיע.

דער ערשטער עטאַפּ. 1903 יאָר — פעוורואַר 1917 יאָר. דער ציל איז — אַראָפּוואַרפן דעם צאַריזם, ליקווידירן אינגאַנצן די רעשטן מיטלאַלטער. די גרונט-קראַפט פון דער רעוואָליוציע איז — דער פּראָלעטאַריאַט. דער נאָענטסטער רעזערוו איז — דאָס פּויערטום. די ריכטונג פונעם גרונט-קלאַפּ: דאָס איזאָלירן די ליבעראַל-מאָנאַרכיסטישע בורזשואַזיע, וועלכע סטאַרעט זיך באַ-הערשן דאָס פּויערטום און ליקווידירן די רעוואָליוציע דורך אַן אויסגלײַך מיטן צאַריזם. דער פּלאַן פון דער קרעפטן-דיספּאָזיציע איז: אַ בונד פונעם אַרבעטער-קלאַס מיטן פּויערטום. „דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף דורכפירן ביזן סאָף די דעמאָקראַטישע איבערקערעניש, פאַרייניקנדיק צו זיך די מאַסע פּוי-ערטום, קעדיי צו דערשטיקן מיט קראַפט דעם ווידערשטאַנד פון דער זעלבסטהערשונג און פאַראַליזירן די ניט-שטאַנדהאַפטיקייט פון דער בורזשו-אַזיע" (זע ב. VIII, ז. 96).

דער צווייטער עטאַפּ. מאַרט 1917 יאָר — אָקטיאַבער 1917 יאָר. דער ציל איז — אַראָפּוואַרפן דעם אימפּעריאַליזם אין רוסלאַנד און אַרויסגיין פונעם אימפּעריאַליסטישן קריג. די גרונט-קראַפט פון דער רעוואָליוציע איז — דער פּראָלעטאַריאַט. דער נאָענטסטער רעזערוו איז — דאָס אָרעמסטע פּויערטום. דער פּראָלעטאַריאַט פון די שכייניש לענדער אַלס וואַרשײַנלעכער רעזערוו. די פאַרצויגענע מילכאָמע און דער קריזיס פונעם אימפּעריאַליזם, אַלס גינסטי-קער מאָמענט. די ריכטונג פונעם גרונט-קלאַפּ: דאָס איזאָלירן די קליינבירגערלע-כע דעמאָקראַטיע (די מענשעוויקעס, עסערן), וועלכע באַמיט זיך צו באַ-הערשן די אַרבעטנדיקע מאַסן פונעם פּויערטום און ענדיקן די רעוואָליוציע דורך אַן אויסגלײַך מיטן אימפּעריאַליזם. דער פּלאַן פון דער קרעפטן-דיספּאָ-זיציע: אַ בונד פונעם פּראָלעטאַריאַט מיטן אָרעמסטן פּויערטום. „דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף מאַכן די סאָציאַליסטישע איבערקערעניש, פאַריי-ניקנדיק צו זיך די מאַסע האַלב-פּראָלעטאַרישע עלעמענטן פון דער באַפעלקערונג, קעדיי צו צעברעכן מיט קראַפט דעם ווידערשטאַנד פון דער בורזשואַזיע און פאַראַליזירן די ניט-שטאַנדהאַפטיקייט פונעם פּויערטום און פון דער קליינ-בורזשואַזיע" (זע דאָרטן).

*דער דריטער עטאַפּ*. אָנגעהויבן האָט ער זיך נאָך דער אָקטיאַ־
בער־איבערקערעניש. דער ציל איז — פֿאַרפֿעסטיקן די דיקטאַטור פֿונעם פּראָ־
לעטאַריאַט אין איין לאַנד, אויסנוצנדיק זי, ווי אַ שטיץ־פּונקט אַף אַראָפּ־
צוואַרפֿן דעם אימפּעריאַליזם אין אַלע לענדער. די רעוואָליוציע גייט אַרי־
בער די ראַמען פֿון איין לאַנד, עס האָט זיך אָנגעהויבן די עפּאָכע פֿון
דער וועלט־רעוואָליוציע. די גרונט־קויכעס פֿון דער רעוואָליוציע: די דיקטאַטור
פֿונעם פּראָלעטאַריאַט אין איין לאַנד, די רעוואָליוציאָנערע באַוועגונג פֿונעם
פּראָלעטאַריאַט אין אַלע לענדער. די הויפּט־רעזערוון: די האַלבפּראָלעטאַרי־
שע און קלייןפּויערישע מאַסן אין די אַנטוויקלטע לענדער, די באַפֿרייַונג־
באַוועגונג אין די קאָלאָניעס און אָפּהענגיקע לענדער. די ריכטונג פֿונעם
גרונט־קלאַפּ: דאָס איזאָלירן די קלייןבירגערלעכע דעמאָקראַטיע, דאָס איזאָלירן די
פּאַרטייען פֿונעם II אינטערנאַציאָנאַל, וועלכע זייַנען די גרונט־שטיצע פֿאַר
דער פּאָליטיק פֿון *אַן אויסגלייַך* מיטן אימפּעריאַליזם. דער פּלאַן פֿון
דער קרעפֿטן־דיספּאָזיציע: אַ בונד פֿון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליר־
ציע מיט דער באַפֿרייַונג־באַוועגונג פֿון די קאָלאָניעס און אָפּהענגיקע
לענדער.

די סטראַטעגיע האָט צו טאָן מיט די גרונט־קויכעס פֿון דער רעוואָ־
ליוציע און מיט זייערע רעזערוון. זי בייַט זיך אין צוזאַמענהאַנג מיטן אי־
בערגאַנג פֿון דער רעוואָליוציע פֿון איין עטאַפּ צום אַנדערן, פֿאַרבלייַבנדיק
אין גרונט ניט געענדערט פֿאַרן גאַנצן פּעריאָד פֿונעם געגעבענעם עטאַפּ.

3) *די צופֿלוסן און אָפּפֿלוסן פֿון דער באַוועגונג און
די טאַקטיק*. טאַקטיק איז דאָס באַשטימען די אויפֿפֿירונג־ליניע פֿונעם פּראָ־
לעטאַריאַט פֿאַר אַ פֿאַרהעלטנישמעסיק קורצן פּעריאָד פֿון צופֿלוס אָדער אָפּ־
פֿלוס פֿון דער באַוועגונג, אופֿשטייַג אָדער יערידע פֿון דער רעוואָליוציע, קאַמף
פֿאַר דורכפֿירן די דאָזיקע ליניע דורך פֿאַרבייַטן די אַלטע פֿאָרמען פֿון קאַמף
און אָרגאַניזאַציע אַף נייַע, דורך פֿאַרבייַטן די אַלטע לאָזונגען אַף נייַע, דורך
קאָמבינירן די דאָזיקע פֿאָרמען אַאַוו. אויב די סטראַטעגיע האָט דעם צוועק
אויסצושפּילן די מילכאָמע, לאָמיר זאָגן, קעגן צאַריזם אָדער קעגן דער
בורזשואַזיע, דערפֿירן ביזן סאָף דעם קאַמף קעגן צאַריזם אָדער קעגן
דער בורזשואַזיע, שטעלט זיך די טאַקטיק ווייניקער וויכטיקע צילן, ווייַל
זי שטרעבט צו געווינען ניט די מילכאָמע אינגאַנצן גענומען, נאָר די אָדער
יענע שלאַכטן, די אָדער יענע קאַמפֿן, דערפֿאָלגרייַך דורכפֿירן די אָדער יענע
קאַמפּאַניעס, די אָדער יענע אַרויסטרעטונגען, וועלכע זייַנען צוגעפּאַסט צו דער
קאָנקרעטער סיטואַציע אינעם פּעריאָד פֿונעם געגעבענעם אופֿשטייַג אָדער יע־
רידע פֿון דער רעוואָליוציע. די טאַקטיק איז אַ טייל פֿון דער סטראַטעגיע, און איז
איר אונטערגעאָרדנט, באַדינט זי.

די טאקטיק בייט זיך אָפּהענגיק פון די צופלוסן און אָפּפלוסן. אין דער צייט, ווען דער סטראטעגישער פּלאן אינעם פּעריאָד פונעם ערשטן עטאפּ פון דער רעוואָלוציע (1903 — 1917, פעברואר) איז געבליבן אָן ענדערונגען, האָט זיך די טאקטיק פאר דער צייט געביטן עטלעכע מאָל. אינעם פּעריאָד פון 1903 — 1905 יאָרן איז די טאקטיק פון דער פּארטיי געווען אן אָנגרייפערישע, ווייל דאָס איז געווען די צייט פון צופלוס פון דער רעוואָלוציע, די באוועגונג איז געגאנגען בארג-ארויף, און די טאקטיק האָט געדארפט ארויסגיין פון אָט-דעם פאקט. אין העסקעם דערמיט זיינען אויך די פאָרמען פון קאמף געווען רעוואָלוציאָנערע, וואָס אנטשפּרעכן די פאָדערונגען פונעם צופלוס פון דער רעוואָלוציע. אָרטיקע פּאָליטישע שטרייקן, פּאָליטישע דעמאָנסטראציעס, אלגעמיינער פּאָליטישער שטרייק, בויקאָט פון דער דומע, אופשטאנד, רעוואָלוציאָנערע שלאכט-לאָזונגען,—דאָס זיינען די קאמף-פאָרמען, וואָס פארבייטן איינע די אנדערע אין דעם דאָזיקן פּעריאָד. אין צוזאמענהאנג מיט די קאמף-פאָרמען האָבן זיך דאן געענדערט אויך די פאָרמען פון אָרגאניזאציע. פאבריק-זאוואָדישע קאָמיטעטן, פּויערישע רעוואָלוציאָנערע קאָמיטעטן, שטרייק-קאָמיטעטן, ראטן פון ארבעטער-דעפּוטאטן, א מער אָדער ווייניקער אָפענע ארבעטער-פּארטיי, — אָט דאָס זיינען די פאָרמען פון אָרגאניזאציע פאר דעם דאָזיקן פּעריאָד.

אינעם פּעריאָד פון די יאָרן 1907—1912 איז די פּארטיי געצוווּנגען געווען אריבערצוגיין צו דער טאקטיק פון צוריקטריט, ווייל מיר האָבן דאן געהאט א יערידע פון דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג, אן אָפּפלוס פון דער רעוואָלוציע, און די טאקטיק האָט זיך ניט געקאָנט ניט רעכענען מיט דעם דאָזיקן פאקט. אנטשפּרעכיק דערצו האָבן זיך געענדערט אויך די פאָרמען פון קאמף, פּונקט ווי די פאָרמען פון אָרגאניזאציע. אָנשטאָט דעם בויקאָט פון דער דומע — דער אָנטייל אין דער דומע, אָנשטאָט אָפענע אויסערדומישע רעוואָלוציאָנערע ארויסטרעטונגען — ארויסטרעטונגען אין דער דומע און ארבעט אין דער דומע, אָנשטאָט אלגעמיינע פּאָליטישע שטרייקן — טיילווייזע עקאָנאָמישע שטרייקן אָדער פּאָשעט שטילשטאנד. פארשטייט זיך, אז די פּארטיי האָט אין דעם דאָזיקן פּעריאָד געמוזט אוועקגיין אין אונטערערד, די מאסעווע רעוואָלוציאָנערע אָרגאניזאציעס ווידער זיינען פארביטן געוואָרן אף קולטורעל-אופקלערישע, קאָאָפּעראטיווע, סטראכיר-אָרגאניזאציעס און אנדערע לעגאלע אָרגאניזאציעס.

דאָס דאָזיקע דארף מען זאָגן אויך וועגן דעם צווייטן און דריטן עטאפּ פון דער רעוואָלוציע, וואָס אין פארלויף פון זיי האָט זיך די טאקטיק געביטן צענדליקער מאָל, אין דער צייט, ווען די סטראטעגישע פּלענער זיינען געבליבן ניט געענדערט.

די טאקטיק האָט צו טאָן מיט די פאָרמען פון קאמף און מיט די פאָרמען פון אָרגאניזירונג פונעם פּראָלעטאריאט, מיט זייער בייטן זיך, מיט זייער

קאָמבינירונג. אפנ גרונט פונעם געגעבענעמ עטאַפּ פונ דער רעוואָליוציע קאָנ
זיכ די טאַקטיק בײַטנ עטלעכע מאָל, אָפּהענגיק פונ די צופלוסנ און אָפּפלוסנ,
פונעמ אופשטײַג אָדער יערידע פונ דער רעוואָליוציע.

4) די *סטראַטעגישע אָנפירונג*. רעזערוונ פונ דער רעוואָליוציע
קאָנענ זײַנ:

*דירעקטע*: א) דאָס פויערטומ און ביכלאַל די איבערגאַנג-שיכטנ פונעמ
אייגענעמ לאַנד, ב) דער פּראָלעטאַריאַט פונ די שכײנישע לענדער, ג) די רע-
וואָליוציאָנערע באַוועגונג אינ די קאָלאָניעס און אָפּהענגיקע לענדער, ד) די
דעראָבערונגענ און דערגרייכונגענ פונ דער דיקטאַטור פונעמ פּראָלעטאַריאַט,—
וואָס פונ א טייל פונ זיי קאָנ זיכ דער פּראָלעטאַריאַט צײַטווײַליק אָפּזאָגנ, אי-
בערלאָזנדיק פאַר זיכ דעמ איבערוואָג פונ קויכעס, קעדיי אונטערצוקויפנ דעמ
שטאַרקנ קעגנער און באַקומענ א מעגלעכקײַט איבערצוכאַפּנ דעמ אָטעמ, און

*אומדירעקטע*: א) די ווידערשפּרוכנ און קאָנפליקטנ צווישנ די ניט-
פּראָלעטאַרישע קלאַסנ פונעמ אייגענעמ לאַנד, וואָס קאָנענ אויסגענוצט ווערנ
דורכנ פּראָלעטאַריאַט אפ אָפּצושוואַכנ דעמ קעגנער, אפ צו פאַרשטאַרקנ די
אייגענע רעזערוונ, ב) ווידערשפּרוכנ, קאָנפליקטנ און מילכאָמעס (לעמאָשל,
די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע) צווישנ די בורזשואַזע מעלוכעס, וועלכע זײַ-
נענ פײַנטלעכ צו דער פּראָלעטאַרישער מעלוכע, ווידערשפּרוכנ, וואָס קאָנענ אויס-
גענוצט ווערנ דורכנ פּראָלעטאַריאַט בעשאַס זײַנ אָנגריפ אָדער בייסנ מאַנעווּרירנ
אינ פאַל פונ געצווּנגענעמ צוריקמאַרש.

וועגנ די רעזערוונ פונ ערשטנ מינ לוינט ניט קיינ סאַכ צו ריידנ,
ווײַל זייער באַדײַטונג איז פאַרשטענדלעכ פאַר אַלעמענ און פאַר יעדנ. וואָס
איז שײַעכ די רעזערוונ פונ צווייטנ מינ, וואָס זייער באַדײַטונג איז ניט
שטענדיק קלאָר, דאַרפ מענ זאָגנ, אז זיי האָבנ צומאָל אַנ ערשטראַנגיקע
באַדײַטונג פאַרנ גאַנג פונ דער רעוואָליוציע. עס איז קוימ מעגלעכ אָפּצו-
לייקענענ די גוואַלדיקע באַדײַטונג, לעמאָשל, פונ יענעמ קאָנפליקט צווישנ
דער קליינבירגערלעכער דעמאָקראַטיע (די עסערנ) און דער ליבעראַל-מאָ-
נאַרכיסטישער בורזשואַזיע (די קאַדעטנ) בעשאַס דער ערשטער רעוואָליוציע
און נאָכ איר, פונ יענעמ קאָנפליקט, וואָס האָט אָנ סאָפעק געשפּילט אַנ
אַנטשפּרעכיקע ראָליע אינ דער זאַכ פונ אַרויסבאַפרײַענ דאָס פויערטומ פונ
אונטערנ אײַנפלוס פונ דער בורזשואַזיע. נאָכ ווייניקער גרונטנ איז פאַראַנ
אָפּצולייקענענ די קאָלאָסאַלע באַדײַטונג פונעמ פאַקט פונ דער מילכאָמע אפ
לעבנ און טויט צווישנ די גרונט-גרופּעס אימפּעריאַליסטנ אינעמ פּעריאָד פונ דער
אָקטיאַבער-איבערקערעניש, ווענ די אימפּעריאַליסטנ, פאַרנומענע מיט מיל-
כאָמע צווישנ זיכ, האָבנ ניט געהאַט קיינ מעגלעכקײַט צו קאָנצענטרירנ
די קויכעס קעגנ דער יונגער ראַטנמאַכט, און דער פּראָלעטאַריאַט האָט

דעריבער טאקע באקומענ די מעגלעכקייַט צו נעמענ זיכ דירעקט אָר־גאניזירנ זייַנע קויכעס, פארפעסטיקנ זייַנ מאכט און צוגרייטנ די צעגראָמירונג פונ קאַלטשאקנ און דעניקינען. מע דארפ רעכענענ, אז איצט, ווענ די ווידערשפרוכנ צווישנ די אימפעריאַליסטישע גרו־פעס ווערנ אַלצ טיפער און ווענ א נייַע מילכאָמע צווישנ זיי ווערט אומפארמייַדלעכ, וועלנ רעזערוונ פונ אזא מינ האָבנ פארנ פראָלעטאריאַט אלצ א מער ערנסטע באַדייַטונג.

די אויפגאבע פונ דער סטראַטעגישער אָנפירונג באשטייט דערינ, אז מע זאָל ריכטיק אויסנוצנ די אַלע רעזערוונ אפ צו דערגרייכנ דעמ גרונט־ציל פונ דער רעוואָליוציע אפנ געגעבענעמ עטאפ פונ איר אנטוויקלונג.

אינ וואָס באשטייט דאָס ריכטיקע אויסנוצנ די רעזערוונ?

אינעמ אויספילנ אייניקע נויטווענדיקע באדינגונגענ, וואָס פאר די וויכטיקסטע פונ זיי דארפ מענ רעכענענ אָט וועלכע:

ע ר ש ט נ ס. קאָנצענטרירנ די הויפט-קויכעס פונ דער רעוואָליוציע אינעמ אנטשיידנדיקנ מאָמענט אפנ פארוווּנדבארסטנ פונקט פארנ קעגנער דעמלט, ווענ די רעוואָליוציע איז שוינ רייפ געוואָרנ, ווענ דער אָנגריפ גייט מיטנ גאנצנ אימפעט, ווענ דער אופשטאנד קלאפט שוינ אינ טיר, און ווענ דאָס אונטערציִענ די רעזערוונ צומ אוואנגארד איז אנ אנטשיידנדיקער באדינג פארנ דערפאָלג. אלס בייַשפיל, וואָס דעמאָנסטרירט אזא ארט אויסנוצנ די רעזערוונ, קאָנ מענ רעכענענ די סטראטעגיע פונ דער פארטיי אינעמ פעריאָד אפרעל—אָקטיאבער 1917 יאָר. עס איז אויסער צווייפל, אז דער פארוווּנדבארסטער פונקט באמ קעגנער איז אינ דעמ פעריאָד געווענ די מילכאָמע. עס איז אויסער צווייפל, אז גראָד אפ דער דאָזיקער פראגע, אלס גרונט־פראגע, האָט די פארטיי צוזאמענגעקליבנ ארומ דעמ פראָלעטארישנ אוואנגארד די ברייטסטע מאסנ באפעלקערונג. די סטראטעגיע פונ דער פארטיי איז אינ דעמ פעריאָד באשטאנענ דערינ, וואָס באגלייַכ מיטנ לערנענ דעמ אוואנגארד דורכ מאניפעסטאציעס און דעמאָנסטראציעס, וויאַזוי צו מאכנ גאסנ-ארויס־טרעטונגענ, האָט זי אונטערגעצויגנ די רעזערוונ צומ אוואנגארד דורכ די ראטנ אינ הינטערלאנד און דורכ די סאָלדאטישע קאָמיטעטנ אפנ פראָנט. דער אויסגאנג פונ דער רעוואָליוציע האָט באוויזנ, אז דאָס אויסנוצנ די רעזערוונ איז געווענ ריכטיק.

אָט וואָס עס זאָגט לענינ וועגנ דעמ דאָזיקנ באדינג פונ סטראטעגישנ אויסנוצנ די קויכעס פונ דער רעוואָליוציע, איבערפראזירנדיק די באוווּסטע האנאָכעס פונ מארקסנ און ענגעלסנ וועגנ אופשטאנד:

„קיינמאָל זיכ ניט שפילנ מיט קיינ אופשטאנד, נאָר אז מע הייבט אימ אָנ, וויסנ פעסט, אז מע דארפ גיינ ביזנ סאָפ. מע דארפ צונויפקלייַבנ א גרויסע איבערוואָג

פֿון קויכעס אינעם אַנטשיידנדיקן אָרט, אינעם אַנטשיידנדיקן מאָמענט, ווײַל אַנדערש וועט דער סוינע, וועלכער פֿאַרמאָגט אַ בעסערע צוגרייטונג און אָרגאַניזאַציע, פֿאַרניכטן די אויפֿשטענדלער. איז שוין דער אויפֿשטאַנד אָנגעהויבן, דאַרף מען האַנדלען מיט דער גרעסטער אַנטשלאָסנקייט און דורכויס, אומבאַדינגט אַריבערגיין אין אָנגריף. „פֿאַרטיידיקונג איז אַ טויט פֿאַר אַ באַוואָפֿנטן אויפֿשטאַנד". מע דאַרף זיך באַמִיען צו פֿאַרכאַפּן דעם סוינע אומגעריכט, כאַפּן דעם מאָמענט, קאָלזמאַן זײַנע מיליטער איז צעוואָרפֿן. מע דאַרף זיך זען דערשלאָגן יעדן טאָג כאָטש קלײנינקע דערפֿאָלגן (מע קאָן זאָגן: יעדע שאָ, אויב עס רעדט זיך וועגן איין שטאָט), אונטערהאַלטנדיק, אום יעדן פּרײַז, די „מאָראַלישע איבערוואָג" (זע ב. XXI, ז. 319—320).

צווייטנס. אויסקלײַבן דעם מאָמענט פֿונעם אַנטשיידנדיקן קלאַפּ, דעם מאָמענט פֿון אָנהייבן דעם אויפֿשטאַנד, וואָס זאָל זײַן אויסגערעכנט דערויף, אַז דער קריזיס איז שוין דערגאַנגען ביזן העכסטן פּונקט, אַז די גרייטקײַט פֿונעם אַוואַנגאַרד זיך צו שלאָגן ביזן סאָף, די גרייטקײַט פֿון די רעזערוון צו שטיצן דעם אַוואַנגאַרד און די מאַקסימאַלע פֿאַרלאָרנקײַט אין די רייען פֿונעם קעגנער — זײַנען שוין פֿאַראַן.

„די אַנטשיידנדיקע שלאַכט, — זאָגט לענין, — קאָן מען רעכענען פֿאַר פֿולקום רייף געוואָרן", אויב „אַלע פֿײַנטלעכע צו אונדז קלאַסן-קויכעס האָבן זיך שוין גענוג פֿאַרפּלאָנטערט, האָבן זיך גענוג צעשלאָגן צווישן זיך, האָבן גענוג אָפּגעשוואַכט איינער דעם אַנדערן דורכן קאַמף, וואָס איז איבער זייערע קויכעס"; אויב „אַלע וואַקלדיקע, שאָקלדיקע, ניט-שטאַנדהאַפֿטיקע צווישן-עלעמענטן, ד. ה. דאָס קליינבירגערטום, די קליינבירגערלעכע דעמאָקראַטיע, האָבן זיך שוין, צום אונטערשייד פֿון דער בורזשואַזיע, אין אַ גענוגער מאָס דעמאַסקירט פֿאַרן פֿאָלק, זײַנען שוין גענוג צו שאַנד געוואָרן דורך זייער פּראַקטישן באַנקראָט"; אויב „אינעם פּראָלעטאַריאַט האָט זיך אָנגעהויבן און ס'האָט גענומען מעכטיק שטײַגן די מאַסן-שטימונג לטובֿת די סאַמע אַנטשלאָסענע, מעסירעסנפֿעשדיק דרייסטע, רעוואָליוציאָנערע מײַסים קעגן דער בורזשואַזיע. אָט דעמאָלט איז די רעוואָליוציע רייף, אָט דעמאָלט, אויב מיר האָבן ריכטיק באַרעכנט די אַלע אויבן אָנגעמערקטע... באַדינגונגען און ריכטיק אויסגעקליבן דעם מאָמענט — איז אונדזער ניצאָכן גאַראַנטירט" (זע ב. XXV, ז. 230—231).

אַלס מוסטער פֿון אַזאַ סטראַטעגיע קאָן מען רעכענען די דורכפֿירונג פֿונעם אָקטיאַבער-אויפֿשטאַנד.

דאָס אויסוער זײַן אָפּ דעם דאָזיקן באַדינג פֿירט צו אַ געפֿערלעכן פֿעלער, וועלכער הייסט „פֿאַרלירן דעם טעמפּ", ווען די פּאַרטיי שטייט אָפּ פֿונעם גאַנג פֿון דער באַוועגונג אָדער פֿאַרלויפֿט ווײַט פֿאָרויס, שאַפֿנדיק אַ געפֿאַר פֿון אַ דורכפֿאַל. אַלס בײַשפּיל פֿון אַזאַ „פֿאַרלירן דעם טעמפּ", אַלס בײַשפּיל דערפֿון, וויאַזוי מע דאַרף ניט אויסקלײַבן דעם מאָמענט פֿון אויפֿשטאַנד, דאַרף מען רעכענען דעם פּרוּוו פֿון אַ טייל אונדזערע כאַווייריִם אָנהייבן דעם אויפֿשטאַנד פֿונעם אַרעסטירן די דעמאָקראַטישע באַראַטונג אין אויגוסט 1917 יאָר, ווען אין די ראַטן האָט זיך נאָך געפֿילט אַ וואַקלעניש, דער פֿראָנט איז נאָך געווען אָפּן שייד-וועג, און די רעזערוון זײַנען נאָך ניט געווען אונטערגעצויגן צום אַוואַנגאַרד.

ד ר י ט נ ס. דורכפירנ אָנ אָפּנייגונגענ דעמ שוינ אָנגענומענעמ קורס דורכ אַלע אונ אַלערלײ שוועריקײַטנ אונ פארוויקלונגענ אפנ וועג צומ ציל, וואָס דאָס איז נייטיק, קעדײ דער אוואנגארד זאָל ניט פארלירנ פונ אויג דעמ גרונט־ציל פונעמ קאמפּ, אונ די מאסנ זאָלנ ניט אראָפּ פונ וועג, גייענדיק צו דעמ דאָזיקנ ציל אונ באמיִענדיק זיכ צו באהעפטנ זיכ ארומ דעמ אוואנגארד. דאָס אויווער זײַנ אפ דעמ דאָזיקנ באדינג פירט צו זייער א שווערנ פעלער, וועלכער איז גוט באקאנט די יאמ-לײַט אונטערנ נאָמענ „פארלירנ דעמ קורס". פאר א בײַשפּיל פונ אזא ארט „פארלירנ דעמ קורס" דארפ מענ רעכענענ די פעלערהאפטע אופירונג פונ אונדזער פארטײ גלײַכ נאָכ דער דעמאָקראטישער באראטונג, ווענ זי האָט אָנגענומענ דעמ באשלוס אָנטײלצונעמענ אינעמ פּאָרפּארלאמענט. די פארטײ האָט ווי געהאט פארגעסנ אינ דעמ מאָמענט, אז דער פּאָר־פּארלאמענט איז א פּרוּוו פונ דער בורזשואזיע אריבערצופירנ דאָס לאנד פונעמ וועג פונ ראטנ אפנ וועג פונ בורזשואזנ פּארלאמענטאריזמ, אז דער אָנטייל פונ דער פארטײ אינ אזא אנשטאלט קאָנ צעמישנ אַלע קאָרטנ אונ אראָפּפירנ פונ וועג די ארבעטער אונ פּויערימ, וועלכע פירנ דעמ רעוואָליוציאָנערנ קאמפּ אונטערנ לאָזונג: „די גאנצע מאכט די ראטנ". דער דאָזיקער פעלער איז פאריכט געוואָרנ דורכ דעמ, וואָס די באָלשעוויקעס זײַנענ אוועק פונעמ פּאָרפּארלאמענט.

פ ע ר ט נ ס. מאנעווירנ מיט די רעזערוונ, וואָס זאָל זײַנ אויסגערעכנט אפ א רעגולערנ צוריקמארש, אויב דער סוינע איז שטארק, אויב דער צוריקמארש איז אומפארמײַדלעכ, אויב אָנעמענ די שלאכט, וואָס די קעגנער בינדנ אָנ, לוינט בעפייִרעש ניט, אויב דער צוריקמארש ווערט בא דער געגעבענער קרעפטנ-פארהעלטעניש דאָס אײנציקע מיטל ארויסצופירנ דעמ אוואנגארד פונ אונטערנ קלאַפּ אונ אײַנהיטנ פאר אימ די רעזערוונ.

„די רעוואָליוציאָנערע פארטייענ, — זאָגט לענינ, — דארפנ זיכ נאָכ צולערנענ. זיי האָבנ זיכ געלערנט אָנגרייפנ. איצט דארפ מענ פארשטיינ, אז די דאָזיקע וויסנשאפט דארפ מענ דערגאנצנ מיט דער וויסנשאפט, וויאַזוי ריכטיקער אָפּצוטרעטנ. עס קומט אויס צו פארשטיינ, — אונ דער רעוואָליוציאָנערער קלאס לערנט זיכ פארשטיינ אפ זײַנ אייגענער ביטערער דערפאַרונג, — אז מע קאָנ ניט זיגנ, אויב מע לערנט זיכ ניט אויס ריכטיק אָנגרײַפנ אונ ריכטיק אָפּטרעטנ" (זע ב. XXV, ז. 177).

דער ציל פונ אזא סטראטעגיע איז צו געווינענ צײַט, דעמאָראליזירנ דעמ קעגנער אונ אָנקלײַבנ קויכעס אפ אריבערצוגיינ דערנאָכ אינ אָנגריפ.

אַלס מוסטער פונ אזא סטראטעגיע קאָנ מענ רעכענענ דאָס שליסנ דעמ בריסקער שאָלעמ, וועלכער האָט געגעבנ דער פארטײ די מעגלעכקײַט צו געווינענ צײַט, אויסנוצנ די צוזאמענשטויסנ אינעמ לאגער פונעמ אימפּע-

ריִאַליזם, דעמאָראַליזירנ די קױכעס פונעם קעגנער, אײַנהיטנ פאַר זיך דאָס פױערטום און אָנקלײַבנ קױכעס אױף צוצוגרײטנ דעם אָנגריף אױף קאַלטשאַקנ און דעניקינען.

„שליסנדיק דעם סעפּאַראַטנ שאָלעם, — האָט דעמאָלט געזאָגט לענינ, — באַפרײַענ מיר זיך אױפנ העכסטנ פּאַרנ געגעבענעם מאָמענט מעגלעכנ גראַד פונ בײדע קעמפנדיקע אימפּעריִאַליסטישע גרופּעס, אױסנוצנדיק זײער קעגנזײַטיקע סינע און מילכאָמע, — װעלכע מאַכט פאַר זײ שװער דאָס צונױפרײדנ זיך קעגנ אונדז, — מיר נוצנ דאָס אױס, באַקומענדיק אױף א געװיסנ פּעריִאָד צעבונדענע הענט, קעדײ פאָרזעצנ און פאַרפעסטיקנ די סאָציִאַליסטישע רעװאָליוציִע“ (ז. ב. XXII, ז. 198).

„איצט זעט שױנ אפילע דער גרעסטער נאַר“, — זאָגט לענינ אינ דרײַ יאָר אַרום נאָכנ בריסקער שאָלעם, — „אַז דער „בריסקער שאָלעם“ איז געװענ א האַנאָכע, װעלכע האָט פאַרשטאַרקט אונדז און האָט צעבראָקלט די קױכעס פונעם צװישנפעלקערלעכנ אימפּעריִאַליזם“ (זע ב. XXVII, ז. 7).

אָט דאָס זײַנען די הױפּט-באַדינגונגען, װעלכע גאַראַנטירנ די ריכטיקײַט פונ דער סטראַטעגישער אָנפירונג.

5) די טאַקטישע אָנפירונג. די טאַקטישע אָנפירונג איז א טײל פונ דער סטראַטעגישער אָנפירונג און איז אונטערגעאָרדנט אונטער אירע אױפגאַבנ און פאָדערונגען. די אױפגאַבע פונ דער טאַקטישער אָנפירונג באַשטײט דערינ, אַז מע זאָל באַהערשנ אַלע פאָרמענ פונ קאַמף און אָרגאַניזאַציע פונעם פּראָלעטאַריִאַט און באַװאָרענענ די ריכטיקע אױסנוצונג זײערע אױף צו דערשלאָגנ זיך דעם מאַקסימום רעזולטאַטנ בא דער געגעבענער קרעפטנ-פאַרהעלטעניש, װעלכער איז נײטיק אױף צוצוגרײטנ דעם סטראַטעגישנ דערפאָלג.

אינ װאָס באַשטײט דאָס ריכטיקע אױסנוצנ די פאָרמענ פונ קאַמף און אָרגאַניזאַציע פונעם פּראָלעטאַריִאַט?

אינ אױספילנ אײניקע נױטװענדיקע באַדינגונגען, װאָס פאַר די װיכטיקסטע פונ זײ דאַרף מענ רעכענענ פאָלגנדיקע:

ערשטנס. אַרױסרוקנ אױפנ ערשטנ פּלאַנ גראָד יענע פאָרמענ פונ קאַמף און אָרגאַניזאַציע, װעלכע אַנטשפּרעכנ מער פונ אַלץ די באַדינגונגען פונעם געגעבענעם צופלוס אָדער אָפּפלוס פונ דער באַװעגונג און זײַנען דערױבער פײִיק צו פאַרלײַכטערנ און גאַראַנטירנ דאָס צופירנ די מאַסנ צו די רעװאָליוציִאָנערע פּאָזיציעס, דאָס צופירנ די מיליאָניקע מאַסנ צום פראָנט פונ דער רעװאָליוציִע, זײער פאַנאַנדערשטעלונג אױפנ פראָנט פונ דער רעװאָליוציִע.

עס האַנדלט זיך ניט װעגנ דעם, אַז דער אַװאַנגאַרד זאָל באַנעמענ די אומעגלעכקײַט אײַנצוהיטנ די אַלטע פּאָראָנדקעס און די אומפאַרמײַדלעכקײַט פונ זײער שטירצונג. עס האַנדלט זיך װעגנ דעם, אַז די מאַסנ, די

מיליאָניקע מאסנ זאָלנ פארשטיינ אָט די דאָזיקע אומפארמיידלעכקייט אונ זאָלנ ארויסווייזנ גרייטקייט אונטערצושטיצנ דעמ אוואנגארד. פארשטיינ אָבער קאָנענ דאָס די מאסנ בלויז דורכ אייגענער דערפארונג. געבנ די מיליאָניקע מאסנ די מעגלעכקייט צו דערקענענ אפ זייער אייגענער דערפארונג די אומפארמיידלעכקייט פונ אראָפוואַרפנ די אלטע מאכט, ארויסרוקנ אזוינע מעטאָדנ פונ קאמפ אונ אזוינע פאָרמענ פונ אָרגאניזאציע, וועלכע זאָלנ פארלייכטערנ פאר די מאסנ צו דערקענענ אפ דער דערפארונג די ריכטיקייט פונ די רעוואָליוציאָנערע לאָזונגענ — דערינ באשטייט די אופגאבע.

דער אוואנגארד וואָלט זיכ אָפגעריסנ פונעמ ארבעטער-קלאס, אונ דער ארבעטער-קלאס וואָלט פארלאָרנ די פארבינדונגענ מיט די מאסנ, ווענ די פארטיי וואָלט ניט באשלאָסנ אינ דער געהעריקער צייט אָנטיילצונעמענ אינ דער דומע, ווענ זי וואָלט ניט באשלאָסנ צו קאָנצענטרירנ אירע קויכעס אפ דער ארבעט אינ דומע אונ צו פאנאנדערוויקלענ דעמ קאמפ אפנ גרונט פונ דער דאָזיקער ארבעט, קעדיי צו פארלייכטערנ פאר די מאסנ אפ זייער אייגענער דערפארונג צו דערקענענ די נישטיקייט פונ דער דומע, די ליגנערישקייט פונ די קאדעטישע צוזאָגנ, די אומעגלעכקייט פונ אנ אויסגלייכ מיטנ צאריזמ, די אומפארמיידלעכקייט פונ א בונד צווישנ דעמ פויערטומ מיטנ ארבעטער-קלאס. אָנ דער דערפארונג פונ די מאסנ אינעמ פעריאָד פונ דער דומע וואָלט דאָס דעמאסקירנ די קאדעטנ אונ די העגעמאָניע פונעמ פראָלעטאריאט געווענ אומעגלעכ.

די געפערלעכקייט פונ דער טאקטיק פונ „אָפרופנ" (אָטזאָוויזמ") איז באשטאנענ דערינ, וואָס זי האָט געשאפנ די געפאר, אז דער אוואנגארד זאָל זיכ אָפרייסנ פונ זיינע מיליאָניקע רעזערוונ.

די פארטיי וואָלט זיכ אָפגעריסנ פונעמ ארבעטער־קלאס, אונ דער ארבעטער־קלאס וואָלט פארלאָרנ זיינ איינפלוס אינ די ברייטע מאסנ פויערימ אונ סאָלדאטנ, ווענ דער פראָלעטאריאט וואָלט נאָכגעגאנגענ די לינקע קאָמוניסטנ, וועלכע האָבנ גערופנ צו אנ אופשטאנד אינ אפרעל 1917 יאָר, בעשאס די מענשעוויקעס אונ עסערנ האָבנ נאָכ ניט באוויזנ זיכ אליינ צו דעמאסקירנ, אלס אָנהענגער פונ מילכאָמע אונ אימפעריאליזמ, ווענ די מאסנ האָבנ נאָכ ניט באוויזנ אפ זייער אייגענער דערפארונג צו דערקענענ די ליגנערישקייט פונ די מענשעוויסטיש-עסערישע רעדעס וועגנ שאָלעמ, וועגנ ערד, וועגנ פרייהייט. אָנ דער דערפארונג פונ די מאסנ אינעמ פעריאָד פונ קערענשטשינע וואָלטנ די מענשעוויקעס אונ עסערנ ניט איזאָלירט געוואָרנ, אונ די דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט וואָלט געווענ אומעגלעכ. דעריבער

איז די טאַקטיק פון „געדולדיקן דערקלערן“ די פּעלערן פון די קליינביר־גערלעכע פּאַרטייען און פונעם אָפענעם קאַמף אינוויייניק אין די ראַטן געווען די איינציק ריכטיקע טאַקטיק.

די געפערלעכקייט פון דער טאַקטיק פון די לינקע קאָמוניסטן איז באַשטאַנען דערין, וואָס זי האָט געדראָעט צו פאַרוואַנדלען די פּאַרטיי פון א פירער פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע אין א הייפל פוסטע און באָדנלאָזע פאַרשווערערס.

„מיטן אוואַנגאַרד אליין,—זאָגט לענין,—קאָן מען ניט זיגן. וואַרפן נאָר דעם אוואַנגאַרד אליין אין דער אנטשיידנדיקער שלאַכט, קאָלזמאַן דער גאַנצער קלאַס, קאָלזמאַן די ברייטע מאַסן האָבן נאָך ניט פאַרנומען קיין פּאָזיציע אָדער פון דירעקטער שטיצע פאַר דעם אוואַנגאַרד, אָדער, וויינינקסטנס, פון פריינטלעכן נייטראַליטעט בענעגייע צו אים... וואָלט געווען ניט נאָר א נאַרישקייט, נאָר אויך א פאַרברעכן. אָבער קעדיי ווירקלעך דער גאַנצער קלאַס, קעדיי ווירקלעך די ברייטע מאַסן ארבעטנדיקע און אונטערדריקטע דורכן קאַפּיטאַל זאָלן דערגיין צו אזא פּאָזיציע, דערצו איז פּראָפּאַגאַנדע אליין, אגיטאַציע אליין ווייניק. דערצו איז נייטיק די אייגענע פּאָליטישע דערפאַרונג פון די דאָזיקע מאַסן. דאָס איז דער גרונט־געזעץ פון אלע גרויסע רעוואָליוציעס, וועלכער איז איצט באַשטעטיקט געוואָרן מיט וווּנדערבאַרער קראַפט און רעליעפקייט ניט נאָר דורך רוסלאַנד, נאָר אויך דורך דייטשלאַנד. ניט נאָר פאַר די אומקולטורעלע, אָפטמאָל אנאַלפאַבעטישע מאַסן פון רוסלאַנד, נאָר אפילע פאַר די הויך־קולטורעלע, אלע ביז איינעם אלפאַבעטישע מאַסן פון דייטשלאַנד איז נייטיק געווען אויסצופּרוּוון אַף זייער אייגענער פעל די גאַנצע אָנמעכטיקייט, די גאַנצע כאַראַקטערלאָזיקייט, די גאַנצע אומבאַהאָלפנקייט, די גאַנצע לאַקייִשקייט פאַר דער בורזשואַזיע, די גאַנצע נידערטרעכטיקייט פון דער רעגירונג פון די ריטערס פונעם II אינטערנאַציאָנאַל, די גאַנצע אומפאַרמיידלעכקייט פון דער דיקטאַטור פון די עקסטע רעאַקציאָנערן (קאָרנילאָוו אין רוסלאַנד, קאַפּ און קאָמפּ. אין דייטשלאַנד), אלס איינציקער אלטערנאַטיוו בענעגייע דער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט, קעדיי אנטשלאָסן זיך א קער צו טאָן צום קאָמוניזם“ (זע ב. XXV, ז. 229—230).

צווייטנס. געפינענדיק אין יעדן געגעבענעם מאָמענט יענעם באַזונדערן רינג אין דער קייט פּראָצעסן, וואָס, אָנכאַפּנדיק זיך פאַר אים, קאָן מען איינהאַלטן די גאַנצע קייט און צוגרייטן די באַדינגונגען אַף צו דערגרייכן דעם סטראַטעגישן דערפאָלג.

עס גייט דערין, אז פון דער ריי אויפגאַבן, וועלכע שטייען פאַר דער פּאַרטיי, זאָל מען אויסטיילן גראָד די אָרדנטלעכע אויפגאַבע, וואָס איר לייזונג איז דער צענטראַלער פּונקט און וואָס איר דורכפירונג גאַראַנטירט די דערפאָלגרייכע לייזונג פון די איבעריקע אָרדנטלעכע אויפגאַבן.

די באַדייטונג פון דער דאָזיקער האַנאָכע וואָלט מען געקאָנט דעמאָנסטרירן אַף צוויי ביישפּילן, וואָס איינעם פון זיי וואָלט מען געקאָנט נעמען פון דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט (דער פּעריאָד פון אויסבילדן די פּאַרטיי), און דעם צווייטן — פון דער סאַמע נאָענטער צו אונדז קעגנוואַרט (דער פּעריאָד פון נעפּ).

אינעם פּעריאָד פון אויסבילדן די פּאַרטיי, ווען די אָנצאָליקע קרײַז-לעך און אָרגאַניזאַציעס זײַנען נאָך ניט געווען פאַרבונדן צווישן זיך, ווען די קוסטאַרעריַי און קרײַזלערײַ פּלעגן צעפּרעסן די פּאַרטיי פון אויבן ביז אַראָפּ, ווען די אידיייִשע צעשפּליטערטקײַט איז געווען אַ כאַראַקטעריסטי־שער שטריך פאַרן אינערלעכן לעבן פון דער פּאַרטיי, — אין דעם דאָזיקן פּעריאָד איז דער גרונט־רינג און די גרונט-אויפגאַבע אין דער קייט פון רינגען און אין דער קייט פון אויפגאַבן, וואָס זײַנען דאַן געשטאַנען פאַר דער פּאַרטיי, געווען צו שאַפן אַן אַלגעמיין־רוסישע אומלעגאַלע צײַטונג. פאַרוואָס? דערפאַר, ווײַל נאָר דורך אַן אַלגעמיין-רוסישער אומלעגאַלער צײַטונג האָט מען בא די דעמאָלטיקע באַדינגונגען געקאָנט שאַפן אַ צונויפגעאַרבעטן קערן פון דער פּאַרטיי, וואָס זאָל פייִק זײַן צונויפצובינדן צוזאַמען די אָנצאָליקע קרײַזלעך און אָרגאַניזאַציעס, צוגרייטן די באַדינגונגען פאַר דער אידיייִשער און טאַקטישער אייניקײַט און פאַרלייגן אַזוי אַרום דעם פונ-דאַמענט פאַרן אויסבילדן אַ ווירקלעכע פּאַרטיי.

אינעם פּעריאָד פון איבערגאַנג פון דער מילכאָמע צו ווירטשאַפטלעכער בויונג, ווען די אינדוסטריע האָט קוים געזשיפּעט אין די נעגל פונעם כורבן, און די לאַנדווירטשאַפט האָט געליטן פון מאַנגל אין שטאָטישע פאַבריקאַטן, ווען דער צוזאַמענשלוס פון דער מעלוכישער אינדוסטריע מיט דער פּויערשער ווירטשאַפט האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ גרונט-באַדינג פאַר דער דערפאָלגרײַכער סאָציאַליסטישער בויונג, — אין דעם דאָזיקן פּעריאָד איז דער גרונט-רינג אין דער קייט פּראָצעסן, די גרונט-אויפגאַבע צווישן אַנדערע אויפגאַבן געוואָרן — אַנטוויקלען דעם האַנדל. פאַרוואָס? דער-פאַר, ווײַל בא די באַדינגונגען פון נעפּ איז דער צוזאַמענשלוס פון דער אינדוסטריע מיט דער פּויערשער ווירטשאַפט ניט מעגלעך אַנדערש, ווי דורכן האַנדל, דערפאַר, ווײַל די פּראָדוקציע אָן אָפּזאַץ בא די באַדינגונגען פון נעפּ איז אַ טויט פאַר דער אינדוסטריע, דערפאַר, ווײַל די אינדוסטריע קאָן מען פאַרברייטערן בלויז דורך דער פאַרברייטערונג פונעם אָפּזאַץ דורך אַנטוויקלען דעם האַנדל, דערפאַר, ווײַל, נאָר פאַרפעסטיקנדיק זיך אינעם גע-ביט פון האַנדל, נאָר באַהערשנדיק דעם האַנדל, נאָר באַהערשנדיק אָט-דעם רינג, וועט מען קאָנען האָפן, אַז מע וועט צוזאַמענשליסן די אינדוסטריע מיטן פּויערשן מאַרק און מיט דערפאָלג לייזן די אַנדערע אָרדנטלעכע אויפגאַבן, קעדיי צו שאַפן די באַדינגונגען פאַרן אויפבויען דעם פונדאַ-מענט פון דער סאָציאַליסטישער עקאָנאָמיק.

„עס איז ניט גענוג צו זײַן אַ רעוואָלוציאָנער און אַן אָנהענגער פון סאָציאַליזם אָדער קאָמוניזם ביכלאַל..., — זאָגט לענין. — מע דאַרף קאָנען געפינען אין יעדן מאָמענט יענעם באַזונדערן רינג פון דער קייט, פאַר וועלכן מע דאַרף זיך אָנכאַפּן מיט אַלע קויכעס, קעדיי

איינצוהאלטן די גאנצע קייט און צוגרייטן פעסט דעם איבערגאנג צום פאָלגנדיקן רינג"... "אינעם געגעבענעם מאָמענט... איז אזא רינג די אופלעבונג פונעם אינערלעכן האנדל בא דעם טנאי, אז ער זאָל מעלוכיש רעגולירט (געריכטעט) ווערן. האנדל — אָט דאָס איז דער "רינג" אין דער היסטאָרישער קייט פון געשעענישן, אין די איבערגאנג־פאָרמען פון אונדזער סאָציאַליסטישער בויונג פון די יאָרן 1921 1922, "פאַר וועלכן מע דארף זיך אָנכאפן מיט אלע קויכעס"... (זע ב. XXVII, ז. 82).

אָט דאָס זיינען די הויפט־באדינגונגען, וועלכע גאראנטירן די ריכטי־קייט פון דער טאקטישער אָנפירונג.

6) רעפאָרמיזם און רעוואָליוציאָניזם. מיט וואָס אונטערשיידט זיך די רעוואָליוציאָנערע טאקטיק פון דער רעפאָרמיסטישער טאקטיק?

אנדערע מיינען, אז לעניניזם איז קעגן רעפאָרמעס, קעגן קאָמפּראָמיסן און אויסגלייכן ביכלל. דאָס איז לאכלוטן ניט ריכטיק. די באָלשעוויקעס ווייסן ניט ווייניקער, ווי יעדער אנדערער, אז אין א געוויסן זין איז "וואָס מע גיט איז גוט", אז בא געוויסע באדינגונגען זיינען רעפאָרמעס ביכלל, קאָמפּראָמיסן און אויסגלייכן ביפראט — נויטווענדיק און נוצלעך.

"פירן א מילכאָמע, — זאָגט לענין, — פאַר אראָפּוואַרפן די אינטערנאציאָנאַלע בורזשו־אזיע, א מילכאָמע, וואָס איז הונדערט מאָל שווערער, לאנגדויערנדיקער קאָמפּליצירטער, ווי די סאמע אקשאָנעסדיקע פון די געוויינלעכע מילכאָמעס צווישן מעלוכעס, און דערביי זיך פאָרויס אָפּזאָגן פון לאווירן, פון אויסנוצן (זאָל זיין אפילע צייטווייליק) די אינטערעסן־ווידער־שפרוכן צווישן די סאָנימ, אָפּזאָגן זיך פון אויסגלייכערײַ און קאָמפּראָמיסן מיט מעגלעכע (זאָל זיין אפילע צייטווייליקע, ניט פעסטע, וואקלדיקע, ביטנאייקע) פארבינדעטע, — איז עס דען ניט א הוכסט לעכערלעכע זאך? איז עס דען ניט ענלעך דערויף, ווי מיר וואָלטן בא א שווערן אופשטייג אף א נאָך ניט אויסגעפאָרשטן און ביז אהער ניט צוטריטלעכן בארג לע־כאטכילע זיך אָפּגעזאָגט פון גיין אמאָל מיט זיגזאגן, אומקערן זיך אמאָל צוריק, אָפּזאָגן זיך פון דער איינמאָל אויסגעקליבענער ריכטונג און פרוון פארשיידענע ריכטונגען?" (זע ב. XXV, ז. 211).

ס'איז קלאָר, אז עס האנדלט זיך ניט וועגן רעפאָרמעס אָדער קאָמ־פּראָמיסן און אויסגלייכן, נאָר וועגן דעם געברויך, וואָס מענטשן מאכן פון רעפאָרמעס און אויסגלייכן.

פארן רעפאָרמיסט איז די רעפאָרם — אלץ, די רעוואָליוציאָנערע ארבעט — איז זיך גלאט אזוי, צוליב רייד, אף צו פארבלענדן די אויגן. דעריבער איז בא א רעפאָרמיסטישער טאקטיק, אין די באדינגונגען פון עקזיסטענץ פון דער בורזשואזער מאכט, ווערט די רעפאָרם אומפארמיידלעך פארוואנדלט אין א געצייג צו פארפעסטיקן די דאָזיקע מאכט, אין א געצייג פון דעמאָ־ראליזירן די רעוואָליוציע.

פארן רעוואָליוציאָנער ווידער איז, פארקערט, די הויפט־זאך — די רע־וואָליוציאָנערע ארבעט, און ניט די רעפאָרם, פאַר אים איז די רעפאָרם א ביי־פּראָדוקט פון דער רעוואָליוציע. דעריבער איז בא א רעוואָליוציאָנערער

טאקטיק אין די באדינגונגען פון עקזיסטענץ פון דער בורזשואזער מאכט ווערט די רעפאָרם, נאטירלעך, פארוואנדלט אין א געצייג פון דעמאָראליזירן די דאָזיקע מאכט, אין א געצייג צו פארפעסטיקן די רעוואָליוציע, אין א שטיצפונקט פאר דער ווייטערדיקער אנטוויקלונג פון דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג.

דער רעוואָליוציאָנער נעמט אָן די רעפאָרם, כדי אויסנוצן זי ווי א קלאמער אפ צונויפפאָרן די לעגאלע ארבעט מיט דער אומלעגאלער, כדי אויסנוצן זי ווי א צודעק אפ צו פארשטארקן די אומלעגאלע ארבעט מיטן צוועק פון רעוואָליוציאָנערן צוגרייטן די מאסן אפ אראָפּווארפן די בורזשואזיע.

ד ע ר י ן באשטייט דער טאָכ פונעם רעוואָליוציאָנערן אויסנוצן די רעפאָרמעס און אויסגלייכן אין די באדינגונגען פונעם אימפעריאליזם.

פארקערט, דער רעפאָרמיסט נעמט אָן די רעפאָרם, כדי אָפּצוזאָגן זיך פון יעטווידער אומלעגאלער ארבעט, כדי ארונטערצורייסן די ארבעט פון צוגרייטן די מאסן צו דער רעוואָליוציע און בלייבן רוען אונטער די פליגל פון דער „געשענקטער" רעפאָרם.

ד ע ר י ן באשטייט דער טאָכ פון דער רעפאָרמיסטישער טאקטיק.

אזוי האלט עס מיט רעפאָרמעס און אויסגלייכן אין די באדינגונגען פונעם אימפעריאליזם.

די זאך בייט זיך אָבער א ביסל נאָך דעם, ווי מע ווארפט אראָפּ דעם אימפעריאליזם, בא דער דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט. בא געוויסע באדינגונגען, בא געוויסע אומשטענדן קאָן די פראָלעטארישע מאכט זיין געצוווּנגען פונעם וועג פון רעוואָליוציאָנערן איבערבויען די עקזיסטירנדיקע פאָראָנדקעס צייטווייליק אראָפּצוגיין אפן וועג פון ביסלעכווייזן איבעראנדערשן זיי, „אפ א רעפאָרמיסטישן וועג", ווי לענין זאָגט אין זיין באוווסטן ארטיקל „וועגן דער באדייטונג פון גאָלד", אפן וועג פון ארומגייענדיקע באוועגונגען, אפן וועג פון רעפאָרמעס און האנאָכעס פאר די ניט־פראָלעטארישע קלאסן, כדי צו דעמאָראליזירן די דאָזיקע קלאסן, געבן דער רעוואָליוציע די מעגלעכקייט איבערצוכאפן דעם אָטעם, אָנצוקלייבן קויכעס און צוגרייטן די באדינגונגען פאר א נייעם אָנגריף. מע קאָן ניט לייקענען, אז דער דאָזיקער וועג איז אין א געוויסן זין א רעפאָרמיסטישער וועג. מע דארף אָבער געדענקען, אז מיר האָבן דאָ איינע קארדינאלע באזונדערקייט, וועלכע באשטייט דערין, וואָס די רעפאָרם גייט ארויס אינעם געגעבענעם פאל פון דער פראָלעטארישער מאכט, וואָס זי פארפעסטיקט די פראָלעטארישע מאכט, וואָס זי גיט איר די נייטווענדיקע מעגלעכקייט איבערצוכאפן דעם אָטעם, וואָס זי איז בארופן צו דעמאָראליזירן ניט די רעוואָליוציע, נאָר די ניט־פראָלעטארישע קלאסן.

די רעפאָרם ווערט בא אזוינע באדינגונגען פארוואנדלט, אזויארום, אין איר קעגנזאץ.

די דורכפירונג פונ אזא פאָליטיק מיצאד דער פראָלעטארישער מאכט ווערט מעגלעך דערפאר אונ נאָר דערפאר, ווײַל דער פארמעסט פונ דער רעוואָליוציע איז אינעם פארגאנגענעם פעריאָד געווען גענוג גרויס, אונ ער האָט, אזויארום, געגעבנ א גענוג ברייטנ פרײַען שטעטעך, אז עס זאָל זײַנ וווהינ אָפּצוטרעטנ, פארבײַטנדיק די טאקטיק פונ אָנגריפ אפ דער טאקטיק פונ צײַטווײַליקנ צוריקמארש, אפ דער טאקטיק פונ ארומגייענדיקע באוועגונגען.

אזויארום, אויב פריִער, בא דער בורזשואזער מאכט, זײַנען די רעפאָרמעס געווען א בײַפּראָדוקט פונ דער רעוואָליוציע, איז איצט, בא דער דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט, איז דער קוואל פונ רעפאָרמעס — די רעוואָליוציאָנערע דעראָבערונגען פונעם פראָלעטאריאט, דער ריעזערוו, וואָס האָט זיך אָנגעזאמלט אינ די הענט פונעם פראָלעטאריאט אונ וואָס באשטייט פונ די דאָזיקע דעראָבערונגען.

„די פארהעלטעניש פונ רעפאָרמעס צו רעוואָליוציע, — זאָגט לענינ, — איז פינקטלעך אונ ריכטיק דעפינירט נאָר דורכנ מארקסיזמ, דערבײַ האָט מארקס געקאָנט זענ די דאָזיקע פארהעלטעניש נאָר פונ איינ זײַט, נעמלעך: אינ דער סיטואציע, וועלכע קומט פאר דעם ערשטנ, וויפל־ניט־איז פעסטנ, וויפל־ניט־איז לאנגדויערנדיקנ זיג פונעם פראָלעטאריאט, זאָל זײַנ אפילע אינ איינ לאנד. בא אזא סיטואציע איז דער יעסאָד פונ דער ריכטיקער פארהעלטעניש געווענ: די רעפאָרמעס זײַנענ א בײַפּראָדוקט פונעם רעוואָליוציאָנערנ קלאסנקאמפ פונעם פראָלעטאריאט... נאָכנ ניצחונ פונעם פראָלעטאריאט, זאָל זײַנ אפילע אינ איינ לאנד, קומט אופ עטוואָס נײַס אינ דער פארהעלטעניש פונ רעפאָרמעס צו רעוואָליוציע. פרינציפּיעל בלײַבט עס דאָס זעלביקע, אָבער לויט דער פאָרמ קומט אָנ אנ ענדערונג, וועלכע מארקס האָט פערזענלעך ניט געקאָנט פאָרויסזענ, וועלכע מע קאָנ אָבער באנעמענ נאָר אפנ באָדנ פונ דער פילאָסאָפיע אונ פאָליטיק פונ מארקסיזמ... נאָכנ ניצחונ זײַנענ זיי (דה. די רעפאָרמעס. י. סט.) (וואָס אינ אינטערנאציאָנאלנ מאסשטאב בלײַבנ זיי דער זעלבער „בײַפּראָדוקט“) פארנ לאנד, אינ וועלכנ דער ניצחונ איז אָפּגעהאלטנ, אכוץ דעמ, א נייטיקער אונ געזעצלעכער אָטעמ־איבערכאפּ אינ די פאלנ, ווענ עס קלעקט בעפיירעש קיינ קויכעס ניט, נאָכ דעמ, ווי זיי זײַנענ אפנ מאקסימאלסטנ אויפנ אָנגעשטרענגט געוואָרנ, פאר דער רעוואָליוציאָנערער אויספירונג פונ אזא אָדער אזא מינ איבערגאנג. דער ניצחונ ג'יט אזא „רעזערוו פונ קויכעס“, אז עס איז פאראנ מיט וואָס זיך צו האלטנ אפילע בא א געצוווּנגענעם צוריקמארש, — זיך האלטנ סײַ אינ מאטעריעלנ סײַ אינ מאָראלישנ זינ“ (זע ב. XXVII, ז. 84—85).

# VIII

## די פּאַרטיי

אינעמ פאררעוואָליוציאָנערנ פעריאָד, אינ פעריאָד פונעמ מער אָדער ווייניקער פרידלעכער אנטוויקלונג, ווענ די פּאַרטייענ פונעמ II אינטערנאַציאָנאַל האָבנ אינ דער ארבעטער-באַוועגונג פאָרגעשטעלט די הערשנדיקע קראַפט, און די פּאַרלאַמענטישע פאָרמענ פונ קאַמפּ האָבנ זיכ גערעכנט פאַר די גרונט-פאָרמענ, — אינ די דאָזיקע באַדינגונגענ האָט די פּאַרטיי ניט געהאַט און ניט געקאָנט האָבנ יענע ערנסטע און אנטשיידנדיקע באַדייַטונג, וואָס זי האָט באַקומענ דערנאָכ, אינ די באַדינגונגענ פונ אָפענע רעוואָליוציאָנערע געראַנגלענ. פאַרטיידיקנדיק דעמ II אינטערנאַציאָנאַל קעגנ אָנפאַלנ, זאָגט קאַוטסקי, אז די פּאַרטייענ פונעמ II אינטערנאַציאָנאַל זייַנענ אַנ אינסטרומענט פונ שאָלעמ, און ניט פונ מילכאָמע, אז דעריבער טאַקע זייַנענ זיי ניט בעקויעכ געווענ אופּצוטאָנ עטוואָס ערנסטעס בעשאַס דער מילכאָמע, אינעמ פעריאָד פונ די רעוואָליוציאָנערע ארויסטרעטונגענ פונעמ פּראָלעטאַריאַט. דאָס איז אבסאָליוט ריכטיק. אָבער וואָס באַטייַט עס? דאָס באַטייַט, אז די פּאַרטייענ פונ II אינטערנאַציאָנאַל טויגנ ניט פאַרנ רעוואָליוציאָנערנ קאַמפּ פונעמ פּראָלעטאַריאַט, אז זיי זייַנענ ניט קיינ שלאַכט-פּאַרטייענ פונעמ פּראָלעטאַריאַט, וואָס פירנ די ארבעטער צו מאַכט, נאָר אַ וואַל-אַפּאַראַט, וואָס איז צוגעפּאַסט צו די פּאַרלאַמענט-וואַלנ און צו פּאַרלאַמענטישנ קאַמפּ. דערמיט איינגנטלעכ דערקלערט זיכ דער פאַקט, וואָס אינעמ פעריאָד פונ דער הערשאַפט פונ די אָפּאָרטוניסטנ פונעמ II אינטערנאַציאָנאַל איז די פּאָליטישע גרונט-אָרגאַניזאַציע פונעמ פּראָלעטאַריאַט געווענ ניט די פּאַרטיי, נאָר די פּאַרלאַמענט-פראַקציע. עס איז באַקאַנט, אז אינדערעמעסנ איז די פּאַרטיי אינ דעמ פעריאָד געווענ אַ צוגאָב און אַ באַדינענדיקער עלעמענט בא דער פּאַרלאַמענט-פראַקציע. עס איז קוימ נייטיק צו דערווייַזנ, אז בא אזוינע באַדינגונגענ און מיט אזא פּאַרטיי בעראָש האָט גאָר קיינ רייד ניט געקאָנט זייַנ וועגנ צוגרייטנ דעמ פּראָלעטאַריאַט צו דער רעוואָליוציע.

די זאַכ האָט זיכ אָבער ראַדיקאַל געענדערט, ווענ עס איז אָנגעקומענ דער נייַער פעריאָד. דער נייַער פעריאָד איז אַ פעריאָד פונ אָפענע צוזאַמענשטויסנ צווישנ די קלאַסנ, אַ פעריאָד פונ רעוואָליוציאָנערע ארויסטרעטונגענ פונעמ פּראָלעטאַריאַט, אַ פעריאָד פונ פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע, אַ פעריאָד פונ דירעקטנ צוגרייטנ די קויכעס אפּ אראָפּצוווארפנ דעמ אימפּעריאַליזמ, אפּ צו פאַרכאַפּנ די מאַכט דורכנ פּראָלעטאַריאַט. דער

דאָזיקער פעריִאָד שטעלט פארן פראָלעטאריִאט נײַע אופגאבן וועגן איבערבויען די גאנצע פארטיי-ארבעט אפ א נײַעם, רעוואָליוציאָנערן שטייגער, וועגן דערציִען די ארבעטער אינעם גײַסט פון רעוואָליוציאָנערן קאמף פאר דער מאכט, וועגן צוגרייטן און אונטערציִען רעזערוון, וועגן א בונד מיט די פראָלעטאריער פון די שכייניש לענדער, וועגן אײַנשטעלן פעסטע פארבינדונגען מיט דער באפרײַונג-באוועגונג פון די קאָלאָניעס און אָפהענגיקע לענדער א. א. וו. אדג. מיינען, אז די דאָזיקע נײַע אופגאבן קאָנען געלייזט ווערן דורך די קויכעס פון די אלטע סאָציאל־דעמאָקראטישע פארטייען, וועלכע זײַנען דערצויגן געוואָרן אין די פרידלעכע באדינגונגען פון פארלאמענטאריזם — הייסט פארמישפעטן זיך אפ האָפענונגלאָזער פארצווייפלונג, אפ אן אומפארמײַדלעכער מאפאָלע. מיט אזוינע אופגאבן אפ די פלייצעס פארבלײַבן מיט די אלטע פארטייען בעראָש — הייסט פארבלײַבן אין א צושטאנד פון פולשטענדיקער אנטוואָפענונג. עס איז קוים נייטיק צו דערווײַזן, אז דער פראָלעטאריִאט האָט ניט געקאָנט שאָלעם מאכן מיט אזא לאגע.

דערפון שטאמט די נויטווענדיקײַט פון א נײַער פארטיי, פון א שלאכט־פארטיי, א רעוואָליוציאָנערער פארטיי, וואָס זאָל זײַן גענוג דרייסט אפ צו פירן די פראָלעטאריער צום קאמף פאר דער מאכט, וואָס זאָל זײַן גענוג דערפארן אפ פאנאנדערצוקלײַבן זיך אין די קאָמפליצירטע באדינגונגען פון דער רעוואָליוציאָנערער סיטואציע, און וואָס זאָל זײַן גענוג בייגעוודיק אפ אויסצומײַדן אלע און אלערליי אונטערוואסער-שטיינער אפן וועג צום ציל.

אָן אזא פארטיי איז ניטאָ אפילע וואָס צו טראכטן וועגן אראָפוואַרפן דעם אימפעריִאליזם, וועגן דעראָבערן די דיקטאטור פונעם פראָלעטאריִאט.

די דאָזיקע נײַע פארטיי איז די פארטיי פונעם לעניניזם.

אין וואָס באשטייען די באזונדערקײַטן פון אָט־דער נײַער פארטיי?

1) **די פארטיי, אלס אוואנגארד פונעם ארבעטער־קלאס.** די פארטיי דארף זײַן, פריִער פאר אלץ, דער **אוואנגארד** פונעם ארבעטער־קלאס. די פארטיי דארף ארײַננעמען אין זיך די בעסטע עלעמענטן פונעם ארבעטער-קלאס, זייער דערפארונג, זייער רעוואָליוציאָנערישקײַט, זייער גרענעצלאָזע איבערגעגעבנקײַט צו דער זאך פונעם פראָלעטאריִאט. קעדיי אָבערווירקלעך צו זײַן אן אוואנגארד, דארף די פארטיי זײַן באוואָפנט מיט דער רעוואָליוציאָנערער טעאָריע, מיטן וויסן די געזעצן פון דער באוועגונג, מיטן וויסן די געזעצן פון דער רעוואָליוציע. אָן דעם איז זי ניט בעקויעך אָנצופירן מיטן קאמף פונעם פראָלעטאריִאט, פירן נאָך זיך דעם פראָלעטאריִאט. די פארטיי קאָן ניט זײַן קיין ווירקלעכע

פּאַרטיי, אויב זי באַנוגנט זיך מיט רעגיסטרירן דאָס, וואָס עס לעבט איי־בער און וואָס עס טראַכט די מאַסע פונעם אַרבעטער־קלאַס, אויב זי שלעפּט זיך נאָך אין עק נאָך דער סטיכישער באַוועגונג, אויב זי קען ניט בייקומען די אינערטקייט און פּאָליטישע גלייכגילטיקייט פון דער סטיכישער באַוועגונג, אויב זי קען זיך ניט אויפהייבן העכער פון די מי־נוט-אינטערעסן פונעם פּראָלעטאַריאַט, אויב זי קען ניט אויפהייבן די מאַסן ביז צום ניוואָ פון די קלאַסן-אינטערעסן פונעם פּראָלעטאַריאַט. די פּאַרטיי דאַרף שטיין פאָרויס פאַרן אַרבעטער־קלאַס, זי דאַרף זען ווייטער פונעם אַרבעטער-קלאַס, זי דאַרף פירן נאָך זיך דעם פּראָלעטאַריאַט און ניט נאָכשלעפּן זיך אין עק נאָך דער סטיכישקייט. די פּאַרטייען פונעם II אינטערנאַציאָנאַל, וועלכע פּריידיקן „עקיזם", זיינען דורכפירער פון דער בורזשואַזער פּאָליטיק, וועלכע פאַרמישפּעט דעם פּראָלעטאַריאַט אַף דער ראָליע פון אַ געצייג אין די הענט פון דער בורזשואַזיע. נאָר אַ פּאַרטיי, וועלכע האָט זיך געשטעלט אַפן שטאַנדפּונקט פון אַן אַוואַנגאַרד פונעם פּראָלעטאַריאַט און וועלכע איז פייִק אויפצוהייבן די מאַסן ביז צו דעם ניוואָ פון די קלאַסן-אינטערעסן פונעם פּראָלעטאַריאַט, — נאָר אַזאַ פּאַרטיי איז פייִק אָראָפּצוציִען דעם אַרבעטער־קלאַס פונעם וועג פון טרעד-יוני־אָניזם און פאַרוואַנדלען אים אין אַ זעלבשטענדיקער פּאָליטישער קראַפט. די פּאַרטיי איז דער פּאָליטישער פירער פונעם אַרבעטער־קלאַס.

איך האָב אויבן גערעדט וועגן די שוועריקייטן פונעם קאַמף פונעם אַרבעטער-קלאַס, וועגן דער קאָמפּליצירטקייט פון די אומשטענדן פונעם קאַמף, וועגן דער סטראַטעגיע און טאַקטיק, וועגן די רעזערוון און מאַ־נעווּרירונג, וועגן אָנגריף און צוריקטריט. די דאָזיקע באַדינגונגען זיינען ניט ווייניקער קאָמפּליצירט, אויב ניט מער, ווי מיליטערישע-באַדינגונגען. ווער קאָן זיך פאַנאַנדערקלייבן אין די דאָזיקע באַדינגונגען, ווער קאָן געבן אַ ריכטיקע אָריענטירונג די מיליאָניקע מאַסן פּראָלעטאַריער? קיין איין אַרמיי אַף דער מילכאָמע קאָן זיך ניט באַגיין אָן אַ דערפאַרענעם שטאַב, אויב זי וויל זיך ניט פאַרמישפּעטן אַף אַ מאַפּלע. צי דען איז ניט קלאָר, אַז דער פּראָלעטאַריאַט קאָן זיך אַוודע ניט באַגיין אָן אַזאַ שטאַב, אויב ער וויל ניט דערלאָזן, אַז זיינע פאַרביסענע סאָנים זאָלן אים אויס־פרעסן? ווו איז אָבער דער דאָזיקער שטאַב? אַזאַ שטאַב קאָן זיין נאָר די רעוואָליוציאָנערע פּאַרטיי פונעם פּראָלעטאַריאַט. דער אַרבעטער־קלאַס אָן אַ רעוואָליוציאָנערער פּאַרטיי איז אַן אַרמיי אָן אַ שטאַב. די פּאַרטיי — דאָס איז דער שלאַכט־שטאַב פונעם פּראָלעטאַריאַט.

די פּאַרטיי קאָן אָבער ניט זיין בלויז דער **פאָדערשטער אָטריאַד**. זי דאַרף צוזאַמען דערמיט זיין אויך אַן אָטריאַד **פונעם קלאַס**, אַ טייל

פונעמ קלאס, וואָס זאָל זײַנ ענג צוזאמענגעבונדנ מיט אימ דורכ אלע וואָרצלענ פונ איר עקזיסטענצ. דער אונטערשייד צווישנ דעמ אוואנגארד אונ דער איבעריקער מאסע פונעמ ארבעטער־קלאס, צווישנ די פארטייִשע אונ אומפארטייִשע קאָנ ניט פארשווינדנ, קאָלזמאנ עס וועלנ ניט פארשווינדנ די קלאסנ, קאָלזמאנ צומ פראָלעטאריִאט וועלנ נאָכ אלצ צוקומענ מענטשנ, וואָס שטאמענ פונ אנדערע קלאסנ, קאָלזמאנ דער ארבעטער-קלאס אינגאנצנ וועט ניט האָבנ די מעגלעכקײַט זיכ אופצוהייבנ צו דעמ ניוואָ פונעמ אוואנגארד. די פארטיי וואָלט אָבער אופגעהערט צו זײַנ א פארטיי, ווענ דער דאָזיקער אונטערשייד וואָלט פארוואנדלט ווערנ אינ אנ אײַנרײַס, ווענ זי זאָל זיכ פארשליסנ אינ זיכ אליינ אונ זאָל זיכ אָפרײַסנ פונ די אומפארטייִשע מאסנ. די פארטיי קאָנ ניט אָנפירנ מיטנ קלאס, אויב זי איז ניט פארבונדנ מיט די אומפארטייִשע מאסנ, אויב עס איז ניטאָ קיינ צוזאמענשלוס צווישנ דער פארטיי אונ די אומפארטייִשע מאסנ, אויב די דאָזיקע מאסנ נעמענ ניט אָנ איר אָנפירונג, אויב די פארטיי האָט ניט אינ די מאסנ קיינ מאָראלישנ אונ פאָליטישנ קרעדיט. ניט לאנג צוריק זײַנענ אינ אונדזער פארטיי אופגענומענ געוואָרנ צוויי הונדערט טויזנט נײַע מיטגלידער פונ צווישנ די ארבעטער. מערקווירדיק איז דאָ דאָס, וואָס אָט־די מענטשנ זײַנענ ניט אזוי אליינ געקומענ אינ דער פארטיי, ווי זיי זײַנענ געשיקט געוואָרנ אהינ דורכ דער גאנצער איבעריקער אומפארטייִשער מאסע, וועלכע האָט גענומענ אנ אקטיוונ אָנטייל אינעמ אופנעמענ די נײַע מיטגלידער אונ וואָס אָנ איר באוויליקונג זײַנענ ביכלאל קיינ נײַע מיטגלידער ניט אָנגענומענ געוואָרנ. דער דאָזיקער פאקט רעדט וועגנ דעמ, אז די ברייטע מאסנ אומפארטייִשע ארבעטער האלטנ אונדזער פארטיי פאר ז ײ ע ר פארטיי, פאר א פארטיי א נ אָ ע נ ט ע ר אונ א ײ ג ע נ ע ר, וואָס אינ איר פארברייטערונג אונ פארפעסטיקונג זײַנענ זיי בלוטיק פארינטערעסירט אונ וואָס איר אָנפירונג פארטרויענ זיי פרײַוויליק זייער גורל. עס איז קוימ נייטיק צו דערווײַזנ, אז אָנ די דאָזיקע מאָראלישע פעדעמ, וועלכע מע קאָנ ניט אָנכאפנ, וואָס בינדנ צוזאמענ די פארטיי מיט די אומפארטייִשע מאסנ, וואָלט די פארטיי ניט געקאָנט ווערנ די אנטשיידנדיקע קראפט פונ איר קלאס. די פארטיי איז אנ אומאָפרײַסלעכער טייל פונעמ ארבעטער־קלאס.

„מיר, — זאָגט לענינ, — זײַנענ די פארטיי פונ א קלאס, אונ דעריבער דאַרפ ק י מ א ט ד ע ר ג א נ צ ע ר ק ל א ס (אונ אינ קריג־צײַט, אינ דער עפּאָכע פונ בירגערקריג, אפילע אבסאָליוט דער גאנצער קלאס) ווירקנ אונטער דער אָנפירונג פונ אונדזער פארטיי, ער דארפ צושטיינ צו אונדזער פארטיי ווי מעגלעכ פעסטער. עס וואָלט אָבער געווענ מאנילאָווטשינע אונ „עקיזמ“ צו מיינענ, אז קימאט דער גאנצער קלאס אָדער דער גאנצער קלאס איז באמ קאפיטאליזמ ווענ־ניט־איז אימשטאנד זיכ אופהייבנ ביז דער באוווּסטזיניקײַט אונ אקטיווקײַט פונ זײַנ אוואנגארד, פונ זײַנ סאָציִאליסטישער פארטיי. קיינ איינ פארשטאנ־

דיקער סאָציאליסט האָט נאָכ ניט געצווייפלט דערינ, אז באמ קאפיטאליזמ איז אפילע א פראָ־פעסיאָנעלע אָרגאניזאציע (וועלכע איז מער פרימיטיוו, מער צוטריטלעכ פארנ באוווסטזיינ פונ די ניט־אנטוויקלטע שיכטנ) ניט אימשטאנד ארומצוכאפנ קימאט דעמ גאנצנ אָדער דעמ גאנצנ ארבעטער־קלאס. עס וואָלט געהייסנ נאָר אָפנארנ זיכ, פארמאכנ די אויגנ אפ דער קאָלאָסאלקייט פונ אונדזערע אופגאבנ, פארשמעלערנ די דאָזיקע אופגאבנ, ווענ מיר וואָלטנ פארגעסנ וועגנ דעמ כילעק צווישנ דעמ אוואנגארד און די גאנצע מאסנ, וועלכע ציענ זיכ צו אימ, פארגעסנ וועגנ דער שטענדיקער פליכט פונעמ אוואנגארד *אופצוהייבנ* אלצ ברייטערע און בריי־טערע שיכטנ צו דעמ דאָזיקנ אוואנגארדישנ ניוואָ" (זע ב. VI, ז. 205—206).

2) *די פארטיי, אלס אָרגאניזירטער אָטריאד פונעמ ארבעטער-קלאס.* די פארטיי איז ניט בלויז דער *אוואנגארד* פו־נעמ ארבעטער־קלאס. אויב זי ווילווירקלעכ אָנפירנ מיטנ קאמפ פונעמ קלאס, דארפ זי צוזאמענ דערמיט זיינ דער *אָרגאניזירטער אָטריאד* פונ איר קלאס. די אופגאבנ פונ דער פארטיי אינ די באדינגונגענ פונ קאפיטאליזמ זיינענ אויסערגעוויינלעכ גרויס און פארשיידנארטיק. די פארטיי דארפ אָנפירנ מיטנ קאמפ פונעמ פראָלעטאריאט בא אויסערגעוויינלעכ שווערע באדינגונגענ פונ אינערלעכער און אויסערלעכער אנטוויקלונג, זי דארפ פירנ דעמ פראָלעטאריאט אינ אָנגריפ, ווענ די סיטואציע פאָדערט אָנגריפ, זי דארפ ארויספירנ דעמ פראָלעטאריאט פונ אונטערנ קלאפ פונעמ שטארקנ קעגנער, ווענ די סיטואציע פאָדערט א צוריקטריט, זי דארפ ארייַנטראָגנ אינ די מיליאָניקע מאסנ ניט־אָרגאניזירטע אומפארטייישע ארבעטער דעמ גייסט פונ דיסציפּלינ און פלאנמעסיקייט אינ קאמפ, דעמ גייסט פונ אָר־גאניזירטקייט און אויסגעהאלטנקייט. די פארטיי קאָנ אָבער אויספילנ די דאָזיקע אופגאבנ נאָר אינ דעמ פאל, ווענ זי איז אליינ די פארקערפּע־רונג פונ דיסציפלינ און אָרגאניזירטקייט, אויב זי אליינ איז אנ *אָרגאני־זירטער* אָטריאד פונעמ פראָלעטאריאט, אָנ אָט־די באדינגונגענ קאָנ גאָר קיינ רייד ניט זיינ וועגנ ווירקלעכער אָנפירונג מיצאד דער פארטיי מיט די מיליאָניקע מאסנ פונעמ פראָלעטאריאט. די פארטיי איז דער אָרגאניזירטער אָטריאד פונעמ ארבעטער־קלאס.

דער געדאנק וועגנ דער פארטיי, ווי וועגנ אנ אָרגאניזירט גאנצעס, איז פיקסירט אינ לענינס בארימטער פאָרמולירונג פונעמ ערשטנ פונקט פו־נעמ סטאטוט פונ אונדזער פארטיי, ווו די פארטיי ווערט באטראכט, ווי א *סומע* אָרגאניזאציעס, און די מיטגלידער פונ דער פארטיי — ווי מיט־גלידער פונ איינער פונ די פארטיי-אָרגאניזאציעס. די מענשעוויקעס, וועלכע האָבנ דערווידערט קעגנ דער דאָזיקער פאָרמולירונג נאָכ אינ 1903 יאָר, האָבנ אָנשטאָט איר פאָרגעלייגט א „סיסטעמ" פונ זעלבסטפארעכענענ זיכ אינ דער פארטיי, א „סיסטעמ" פונ פארשפרייטנ דעמ „נאָמענ" פארטיי־מיטגליד אפ יעדנ „פראָפעסער" און „גימנאזיסט", יעדנ „מיטפילנדיקנ" און

„שטרייקער“, וועלכער שטיצט אזוי אָדער אנדערש די פּארטיי, אָבער ער גייט ניט אריין און וויל ניט אריינגיין אין קיין איינער פון די פּארטיי־אָרגאניזאציעס. עס איז קוים נייטיק צו דערווייזן, אז די דאָזיקע אָריגינעלע „סיסטעם“, ווען זי וואָלט זיך פארפעסטיקט אין אונדזער פּארטיי, וואָלט זי אומפארמיידלעך געבראכט דערצו, אז אונדזער פּארטיי וואָלט איבערפולט געוואָרן מיט פּראָפעסאָרן און גימנאזיסטן און זי וואָלט דעגענערירט אין א צעשוווּמענער, ניט־אויסגעפורעמטער, דעזאָרגאניזירטער „אויסבילדונג“, וואָס פארלירט זיך אינעם יאם „מיטפילנדיקע“, וואָס פארווישט די גרענעץ צווישן דער פּארטיי און דעם קלאַס און ווארפט אום די אויפגאבע פון דער פּארטיי אויפצוהייבן די ניט־אָרגאניזירטע מאסן ביז דעם ניוואָ פונעם אוואנגארד. ניטאָ וואָס צו ריידן, אז בא אזא אָפּאָרטוניסטישער „סיסטעם“ וואָלט אונדזער פּארטיי ניט געקאָנט אויספילן די ראָליע פון אן אָרגאניזירנדיקן קערן פונעם ארבעטער־קלאַס אין גאנג פון אונדזער רעוואָליוציע.

„פון מארטאָווס שטאנדפונקט, — זאָגט לענין, — פארבלייבט די גרענעץ פון דער פּארטיי אינגאנצן אן אומבאשטימטע, ווייל „יעדער שטרייקער“ קאָן „זיך דערקלערן פאר א מיטגליד פון דער פּארטיי“. וואָס פאר א נוצן קאָן מען האָבן פון דער דאָזיקער צעשוווּמענקייט? א ברייטע פארשפּרייטונג פונעם „נאָמען“. דער שאָדן אירער באשטייט אינעם אריינטראָגן די דעזאָרגאניזירנדיקע אידיי וועגן צונויפמישן דעם קלאַס און די פּארטיי“ (זע ב. VI, ז. 211).

די פּארטיי איז אָבער ניט בלויז א סומע פון פּארטיי־אָרגאניזאציעס. די פּארטיי איז, צוזאמען דערמיט, אן איינהייטלעכע סיסטעם פון די דאָזיקע אָרגאניזאציעס, זייער פאָרמעלע פאראייניקונג אין אן איינהייטלעך גאנצעס, מיט העכערע און נידעריקערע אָנפירנדיקע אָרגאנען, מיט דער אונטערגעוואָרפנקייט פון דער מינדערהייט אונטער דער מערהייט, מיט פּראקטישע באשלוסן, וועלכע זיינען אָבליגאטעריש פאר אלע פּארטיי־מיטגלידער. אָן די דאָזיקע באדינגונגען איז די פּארטיי ניט אימשטאנד צו זיין אן איינהייטלעך אָרגאניזירט גאנצעס, וואָס איז פייאיק צו פארווירקלעכן די פּלאנמעסיקע און אָרגאניזירטע אָנפירונג מיטן קאמף פונעם ארבעטער־קלאַס.

„פריער, — זאָגט לענין, — איז אונדזער פּארטיי ניט געווען קיין פאָרמעל אָרגאניזירט גאנצעס, נאָר בלויז א סומע פון באזונדערע גרופּעס, און דעריבער האָבן קיין אנדערע באציונגען צווישן די דאָזיקע גרופּעס, אחוץ אידייִשער איינווירקונג, אפילו ניט געקאָנט זיין. איצט זיינען מיר געוואָרן אן אָרגאניזירטע פּארטיי, און דאָס באטייט דאָקע דאָס שאפן א מאכט, דאָס פארוואנדלען דעם אווטאָריטעט פון אידייען אין אן אווטאָריטעט פון מאכט, דאָס אונטערוואַרפן זיך אונטער די העכערע פּארטייִשע אינסטאנצן מיצאד די נידעריקערע“ (זע דאָרט, ז. 291).

דער פרינציפ פונ אונטערוואַרפנ זיכ דער מערהייַט מיצאַד דער מינדערהייַט, דער פרינציפ פונ אָנפירנ מיט דער פאַרטיי־אַרבעט פונ צענטער רופט ניט זעלטנ אַרויס אָנפאַלנ מיצאַד די ניט־שטאַנדהאַפטיקע עלעמענטנ, באַשולדיקונגענ אינ „ביוראָקראַטיזמ“, „פאָרמאַליזמ“ אאַוו. עס איז קוימ נייטיק צו דערווייַזנ, אַז די פּלאַנמעסיקע אַרבעט פונ דער פאַרטיי, אַלס גאַנצעס, אונ די אָנפירונג מיטנ קאַמפ פונעמ אַרבעטער־קלאַס וואָלטנ אומעגלעכ געווענ אָנ דער דורכפירונג פונ די דאָזיקע פרינציפנ. לעניניזמ אינ דער אָרגאַניזאַציאָנעלער פראַגע באַטייַט אומאָפּנייגלעכע דורכפירונג פונ די דאָזיקע פרינציפנ. דעמ קאַמפ קעגנ די דאָזיקע פרינציפנ רופט לענינ „רוסישער ניהיליזמ“ אונ „פּריצישער אַנאַרכיזמ“, וועלכע פאַרדינענ, אַז מע זאָל זיי אויסלאַכנ אונ אָפּשלייַדערנ.

אָט וואָס עס זאָגט לענינ וועגנ די דאָזיקע ניט־שטאַנדהאַפטיקע עלעמענטנ אינ זייַנ בוכ „א טראָט פאָרויס“:

„דעמ רוסישנ ניהיליסט איז דער דאָזיקער פּריצישער אַנאַרכיזמ באַזונדערס אייגנטימלעכ. אימ דוכט זיכ, אַז די פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע איז א מוירעדיקע „פאַבריק“, אימ שטעלט זיכ פאָר, אַז דאָס, וואָס א טייל זיכ אונטערוואַרפט דעמ גאַנצנ אונ די מינדערהייַט — דער מערהייַט — אַז דאָס איז „פאַרשקלאַפונג“... די צעטיילונג פונ דער אַרבעט אונטער דער אָנפירונג פונעמ צענטער רופט אַרויס פונ זייַנ זייַט טראַגיקאָמישע גוואַלד־געשרייענ קעגנ פאַרוואַנדלענ די מענטשנ אינ „רעדעלעכ אונ שרייַפעלעכ“..., דאָס דערמאָנענ וועגנ אָרגאַניזאַציאָנעלנ סטאַטוט פונ דער פאַרטיי רופט אַרויס א פאַראַכטלעכע גרימאַסע אונ א ביטלדיקע... באַמערקונג, אַז מע וואָלט קאָנענ אויסקומענ גאָר אָנ א סטאַטוט...“. „דאַכט זיכ, קלאָר, אַז די געשרייענ וועגנ קלוימערשטנ ביוראָקראַטיזמ איז אַנ אייַנפאַכער צודעק פונ דער אומצופרידנקייַט מיטנ פּערזענלעכנ באַשטאַנד פונ די צענטערס, אַז ס'איז א פייַגנבלעטל... דו ביסט א ביוראָקראַט, ווייַל דו ביסט באַשטימט פונעמ צוזאַמענפאָר ניט לויט מייַנ ווילנ, נאָר קעגנ אימ; דו ביסט א פאָרמאַליסט, ווייַל דו שטיצסט זיכ אָפּ די פאָרמעלע באַשלוסנ פונעמ צוזאַמענפאָר, אונ ניט אָפּ מייַנ האַסקאָמע; דו באַגייסט זיכ גראָבּ־מעכאַניש, ווייַל דו פאַרופסט זיכ אָפּ דער „מעכאַנישער“ מערהייַט פונעמ פאַרטיי־צוזאַמענפאָר אונ רעכנסט זיכ ניט מיט מייַנ ווילנ צו ווערנ קאָאָפּטירט; דו ביסט א זעלבסטהערשער, ווייַל דו ווילסט ניט אָפּגעבנ די מאַכט אינ די הענט פונ דער אַלטער ווילער קאָמפּאַניע“[1] (זע ב. VI; ז. 310 אונ 287).

**3) די פאַרטיי, אַלס העכסטע פאָרמ פונ קלאַסנ־אָרגאַניזאַציע פונעמ פּראָלעטאַריאַט.** די פאַרטיי איז אַנ אָרגאַניזירטער אָטריאַד פונעמ אַרבעטער־קלאַס. די פאַרטיי איז אָבער ניט די אייַנציקע אָרגאַניזאַציע פונעמ אַרבעטער־קלאַס. דער פּראָלעטאַריאַט האָט נאָכ א גאַנצע ריי אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, אָנ וועלכע ער קאָנ ניט פירנ קיינ ריכטיקנ קאַמפ קעגנ קאַפּיטאַל: פּראָפעסיאָנעלע פאַרייַנענ, קאָאָפּעראַטיווג,

[1] עס רעדט זיכ וועגנ דער „קאָמפּאַניע“ אַקסעלראָד, מאַרטאָוו, פּאָטרעסאָוו אאַ., וועלכע האָבנ זיכ ניט אונטערגעוואָרפנ די באַשלוסנ פונעמ II צוזאַמענפאָר אונ האָבנ באַשולדיקט לענינענ אינ „ביוראָקראַטיזמ“. י. ס ט.

פאבריק־זאוואָדישע אָרגאניזאציעס, פארלאמענט-פראקציעס, אומפארטייִשע פרויענ-פאריינִיקונגענ, פרעסע, קולטור-אופקלערערישע אָרגאניזאציעס, יוגנט-פארבאנדנ, רעוואָליוציאָנערע שלאכט־אָרגאניזאציעס (בעשאס אָפענע רעוואָליוציאָנערע ארויסטרעטונגענ), דעפוטאטנ־ראטנ אלס מעלוכישע פאָרמ פונ אָרגאניזאציע (אויב דער פראָלעטאריאַט שטייט בא דער מאכט) אאוו. די גוואלדיקע מערהייַט פונ די דאָזיקע אָרגאניזאציעס זייַנענ אומפארטייִשע, אונ נאָר א געוויסער טייל פונ זיי שליסט זיכ אָנ דירעקט אָנ דער פארטיי אָדער ער בילדעט אירע אָנ אָפצווייַגונג. די אלע אָרגאניזאציעס זייַנענ בא באשטימטע באדינגונגענ אבסאָליוט נויטווענדיק פארנ ארבעטער־קלאס, ווייַל אָנ זיי איז אומעגלעכ צו פארפעסטיקנ די קלאסנ־פאָזיציעס פונעם פראָלעטאריאַט אינ די פארשיידנארטיקע קאמפ-ספערנ, ווייַל אָנ זיי איז אומעגלעכ צו פארהארטעווענ דעמ פראָלעטאריאַט ווי א קראפט, וואָס איז באַרופנ צו פארבייַטנ די בורזשואזע פאָראָנדקעס אפ סאָציאַליסטישע. אָבער וויאַזוי קאָנ מענ פארווירקלעכנ אנ איינהייַטלעכע אָנפירונג בא אזא גרויסער צאָל אָרגאניזאציעס? ווו איז די גאראנטיע, אז דאָס פאראנענזייַנ פונ אזא גרויסער צאָל אָרגאניזאציעס וועט ניט ברענגענ צו קיינ מישמאש אינ דער אָנפירונג? מע קאָנ זאָגנ, אז יעדע פונ די דאָזיקע אָרגאניזאציעס פירט אנ ארבעט אינ איר אָפגעזונדערטער ספערע אונ אז זיי קאָנענ דעריבער ניט שטערנ איינע דער אנדערער. דאָס איז, פארשטייט זיכ, ריכטיק. ריכטיק איז אָבער אויכ, אז די אלע אָרגאניזאציעס דארפנ פירנ די ארבעט אינ איינ ריכטונג, ווייַל זיי באדינענ איינ קלאס, דעמ קלאס פראָלעטאריער. פרעגט זיכ: ווער באשטימט די ליניע, די אלגעמיינע ריכטונג, לויט וועלכער עס דארפנ פירנ זייער ארבעט די אלע אָרגאניזאציעס? ווו איז יענע צענטראלע אָרגאניזאציע, וואָס, פארמאָגנדיק די נייטיקע דערפארונג, איז זי ניט בלויז פייִק אויסצוארבעטנ אָט־די אלגעמיינע ליניע, נאָר, האָבנדיק דערצו דעמ נייטיקנ אויטאָריטעט, האָט זי אויכ די מעגלעכקייַט צו באוועגנ די אלע אָרגאניזאציעס, אז זיי זאָלנ דורכפירנ אינ לעבנ די דאָזיקע ליניע, קעדיי צו דערשלאָגנ זיכ צו איינהייַט אינ דער אָנפירונג אונ אויסשליסנ די מעגלעכקייַט פונ שטערונגענ?

אזא מינ אָרגאניזאציע איז די פארטיי פונעמ פראָלעטאריאַט.

די פארטיי האָט דערצו אלצ, וואָס נייטיק איז, ערשטנס, דערפאר, ווייַל די פארטיי איז דער זאמלפונקט פונ די בעסטע עלעמענטנ פונעמ ארבעטער-קלאס, וואָס האָבנ דירעקטע פארבינדונגענ מיט די אומפארטייִשע אָרגאניזאציעס פונ פראָלעטאריאַט אונ וואָס זייער אָפט פירנ זיי מיט זיי אָנ; צווייטנס, דערפאר, ווייַל די פארטיי, אלס זאמלפונקט פונ די בעסטע מענטשנ פונעמ ארבעטער־קלאס, איז די בעסטע שול אפ אויסצו-

ארבעטנ לידערס פונעם ארבעטער-קלאס, וועלכע זאָלן פייִק זײַן אָנצופירן מיט אלע פאָרמען פון אָרגאניזאציע פון זייער קלאס; דריטנס, דערפאר, ווײַל די פארטיי, אלס די בעססטע שול פון לידערס פונעם ארבעטער-קלאס, איז לויט איר דערפארונג און אוטאָריטעט די איינציקע אָרגאניזאציע, וועלכע איז פייִק צו צענטראליזירן די אָנפירונג מיטן קאמף פונעם פראָלעטאריִאט און פארוואנדלען, אזוי-ארום, די אלע און אלערליי אומפּארטייִשע אָרגאניזאציעס פונעם ארבעטער-קלאס אין באדינענדיקע אָרגאנען און טרײַב-רימענס, וועלכע פארייניקן זי מיטן קלאס. די פארטיי איז די העכסטע פאָרם פון קלאסן־אָרגאניזאציע פונעם פראָלעטאריִאט.

דאָס הייסט ניט, פארשטייט זיך, אז די אומפּארטייִשע אָרגאניזאציעס, די פּראָפפאריינען, קאָאָפּעראטיוון אאזוו., מוזן פאָרמעל זײַן אונטערגעוואָרפן דער פּארטייִשער אָנפירונג. עס האנדלט זיך נאָר וועגן דעם, אז די פּארטיי-מיטגלידער, וועלכע גייען ארײַן אין די דאָזיקע אָרגאניזאציעס, זאָלן, אלס מענטשן, אָן ספּעק, אײַנפלוסרײַכע, אָנעמען אלע איבערצײַגונג-מיטלען, אז די אומפּארטייִשע אָרגאניזאציעס זאָלן אין זייער ארבעט זיך דערנעענטערן צו דער פּארטיי פונעם פּראָלעטאריִאט און זאָלן פרײַוויליק אָנעמען איר פּאָליטישע אָנפירונג.

אָט פארוואָס לעניִן זאָגט, אז „די פּארטיי איז די ה ע כ ס ט ע פאָרם פון קלאסן־פאריייניקונג פון די פּראָלעטאריער", וואָס איר פּאָליטישע אָנפירונג מוז פארשפרייט ווערן אויף אלע אנדערע אָרגאניזאציע-פאָרמען פונעם פּראָלעטאריִאט (זע ב. XXV, ז. 195).

אָט פארוואָס די אָפּאָרטוניסטישע טעאָריע וועגן „אומאָפּהענגיקײַט" און „נייטראַלקײַט" פון די אומפּארטייִשע אָרגאניזאציעס, וועלכע פּרוכפּערט אוּן מערט די צאָל א ו מ אָ פּ ה ע נ ג י ק ע פּארלאמענטאריער און אָ פּ ג ע-ר י ס ע נ ע פון דער פּארטיי פּרעסע־טוער, ש מ אָ ל ק ע פּ י ק ע פּראָפעסיִאָנאליסטן און פ א ר ק ל ײ נ ב י ר ג ע ר ט ע קאָאָפּעראטערס, — קאָן אבסאָלוט ניט צונויפגעפּאַרט ווערן מיט דער טעאָריע און פּראַקטיק פון לעניניזם.

4) ד י פּ א ר ט ײ, א ל ס ג ע צ ײַ ג פ ו ן ד ע ר ד י ק ט א ט ו ר פ ו-נ ע ם פ ר אָ ל ע ט א ר י ִ א ט. די פּארטיי איז די העכסטע אָרגאניזאציע-פאָרם פונעם פּראָלעטאריִאט. די פּארטיי איז דער אָנפירנדיקער גרונט-יעסאָד אינעם קלאס פּראָלעטאריער און צווישן די אָרגאניזאציעס פונעם דאָזיקן קלאס. דערפון איז אָבער קלאר ניט געדרונגען, אז די פּארטיי קאָן מען באטראכטן, ווי א זעלבסטציל, ווי א זעלבסטשטענדיקע קראפט. די פּארטיי איז ניט בלויז די העכסטע פאָרם פון דער קלאסן-פאריייניקונג פון די פּראָלעטאריער, — זי איז צוזאמען דערמיט א ג ע צ ײַ ג אין די הענט פונעם פּראָלעטאריִאט אויף צו דעראָבערן די דיקטאטור, ווען זי איז נאָך ניט דער־

ראָבערט, אַפּ צו פאַרברייטערן און פאַרפעסטיקן די דיקטאַטור, ווען זי איז שוין דעראָבערט. די פּאַרטיי וואָלט זיך ניט געקאָנט אופהייבן אַזוי הויך אין איר באַדײַטונג, און זי וואָלט ניט געקאָנט דעקן מיט זיך אַלע איבעריקע אָרגאַניזאַציע-פאָרמען פונעם פּראָלעטאַריאַט, ווען דער פּראָלעטאַריאַט וואָלט ניט געשטאַנען פאַר דער פראַגע וועגן מאַכט, ווען די באַדינגונגען פון אימפּעריאַליזם, די אומפאַרמײַדלעכקײַט פון מילכאָמעס, די אָנוועזנקײַט פון א קריזיס וואָלטן ניט געפאָדערט די קאָנצענטרירונג פון אַלע קויכעס פונעם פּראָלעטאַריאַט אין איין פּונקט, די קאָנצענטרירונג פון אַלע פעדעם פון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג אין איין אָרט, כּדי איבערצוּוואַרפן די בורזשואַזיע און דעראָבערן די דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט. די פּאַרטיי איז נייטיק דעם פּראָלעטאַריאַט פריִער פאַר אַלץ אַלס אַן אייגענער שטאַבּ, וועלכער איז נויטווענדיק צום דערפאָלגרײַכן פאַרכאַפּן די מאַכט. עס איז קוים נייטיק צו דערווײַזן, אַז אָן אַ פּאַרטיי, וועלכע איז פייִק צונויפצוזאַמלען אַרום זיך אַלע מאַסן-אָרגאַניזאַציעס פונעם פּראָלעטאַריאַט און צענטראַליזירן אינעם גאַנג פון קאַמף די אָנפירונג מיט דער גאַנצער באַוועגונג, וואָלט דער פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד ניט געקאָנט פאַרווירקלעכן זײַן רעוואָליוציאָנערע דיקטאַטור.

די פּאַרטיי איז אָבער נייטיק דעם פּראָלעטאַריאַט ניט בלויז אַפּ צו דעראָבערן די דיקטאַטור, זי איז אים נאָך מער נייטיק אַפּ אײַנצוהאַלטן די דיקטאַטור, פאַרפעסטיקן און פאַרברייטערן זי אין די אינטערעסן פונעם פולן ניצחון פון סאָציאַליזם.

„געוויס זעט שוין איצט קימאַט יעדערער, — זאָגט לענין, — אַז די באָלשעוויקעס וואָלטן זיך ניט אײַנגעהאַלטן בא דער מאַכט ניט נאָר קיין $2^1/_2$ יאָר, נאָר אפילע קיין $2^1/_2$ כאָדאָשים, ווען ניט די שטרענגסטע, בעעמעס אײַזערנע דיסציפּלין אין אונדזער פּאַרטיי, ווען ניט די פולסטע און מעסירעסנעפּעשדיקע שטיצע פאַר איר מיצאַד דער גאַנצער מאַסע פונעם אַרבעטער-קלאַס, דהי. מיצאַד אַלץ, וואָס איז פאַראַן אין אים דענקענדיקס, ערלעכס, מעסירעסנעפּעשדיקס, אײַנפלוסרײַכס, פייִקס צו פירן נאָך זיך אָדער מיטרײַסן די אָפּגעשטאַנענע שיכטן“ (זע ב. XXV, ז. 173).

וואָס הייסט אָבער „אײַנהאַלטן“ און „פאַרברייטערן“ די דיקטאַטור? דאָס הייסט — אַרײַנברענגען אין די מיליאָניקע מאַסן פּראָלעטאַריער דעם גײַסט פון דיסציפּלין און אָרגאַניזירטקײַט; דאָס הייסט — באַשאַפן אין די פּראָלעטאַרישע מאַסן א באַפעסטיקונג און א שוץ קעגן די צעפרעסנדיקע ווירקונגען פון דער קלייןבירגערלעכער סטיכיע און קעגן די קלייןבירגערלעכע געוווינהײַטן; דאָס הייסט — קרעפטיקן די אָרגאַניזאַטאָרישע אַרבעט פון די פּראָלעטאַריער אַפּ איבערדערציִען און איבערצומאַכן די קלייןבירגערלעכע שיכטן; דאָס הייסט — העלפן די פּראָלעטאַרישע מאַסן צו

דערצייִענ זיכ, אלס קראפט, וועלכע איז פייִק צו פארניכטנ די קלאסנ אונ צוגרייטנ די באדינגונגענ פאר דער אָרגאניזירונג פונ דער סאָציאליסטישער פּראָדוקציע. אָבער דורכמאכנ דאָס אלצ איז אומעגלעכ אָנ א פּארטיי, וואָס איז שטארק מיט איר באהעפטקייט אונ דיסציפּלינ.

„די דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט, — זאָגט לענינ, — איז א הארטנעקיקער קאמפּ, א בלוטיקער אונ א בלוטלאָזער, אנ איבערגוואלטיקער אונ א פרידלעכער, א מיליטערישער אונ אווירטשאפטלעכער, א פּעדאגאָגישער אונ אנ אַדמיניסטראטיווער, קעגנ די קרעפטנ אונ טראדיציעס פונ דער אלטער געזעלשאפט. די קראפט פונ געוווינהייט פונ מיליאָנענ אונ צענדליקער מיליאָנענ — איז די סאמע שרעקלעכע קראפט. אָנ א פּארטיי, אנ אײַזערנער אונ פארהארטעוועטער אינ קאמפּ, אָנ א פּארטיי, וועלכע פארמאָגט דעמ צוטרוי פונ אלצ, וואָס איז ערלעכ אינעמ געגעבענעמ קלאס, אָנ א פּארטיי, וועלכע קאָנ נאָכשפּירנ נאָכ דער שטימונג פונ דער מאסע אונ ווירקנ אפ איר, איז פירנ דערפאָלגרייִכ אזא קאמפּ אומעגלעכ“ (זע ב. XXV, ז. 191).

די פּארטיי איז נייטיק דעמ פּראָלעטאריאט, קעדיי ער זאָל קאָנענ דעראָבערנ אונ אײַנהאלטנ די דיקטאטור. די פּארטיי איז א געצײַג פונ דער דיקטאטור פונ פּראָלעטאריאט.

דערפונ איז אָבער געדרונגענ, אז מיטנ פארשווינדנ פונ קלאסנ, מיטנ אָפּשטארבנ פונ דער דיקטאטור פונ פּראָלעטאריאט דארפ אָפּשטארבנ אויכ די פּארטיי.

5) די פּארטיי, אלס אײנהייט פונ ווילנ, וואָס קאָנ ניט צונויפגעפּאָרט ווערנ מיט דער עקזיסטענצ פונ פראקציעס. דעראָבערנ אונ אײַנהאלטנ די דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט איז אומעגלעכ אָנ א פּארטיי, וועלכע איז שטארק מיט איר באהעפטקייט אונ אײַזערנער דיסציפּלינ. אָבער אנ אײַזערנע דיסציפּלינ אינ דער פּארטיי איז אומדענקבאר אָנ דער אײנהייט פונ ווילנ, אָנ דער פולער אונ אומבאדינגטער אײנהייט פונ טאט פונ אלע פּארטיי־מיטגלידער. דאָס הייסט ניט, פארשטייט זיכ, אז דערמיט אלייג ווערט אויסגעשלאָסנ די מעגלעכקייט פונ א מיינונגענ-קאמפּ אינווייניק אינ דער פּארטיי. פּארקערט, אײַזערנע דיסציפּלינ שליסט ניט אויס, נאָר זי זעצט פּאָרויס קריטיק אונ מיינונגענ־קאמפּ אינ דער פּארטיי. נאָכמער באטייט עס ניט, אז די דיסציפּלינ דארפ זײַנ א „בלינדע“. פּארקערט, די אײַזערנע דיסציפּלינ שליסט ניט אויס, נאָר זי זעצט פּאָרויס באוווסטזיניקייט אונ פרײַוויליקייט פונ אונטערווארפנ זיכ, ווײַל נאָר א באוווסטזיניקע דיסציפּלינ קאָנ ווירקלעכ זײַנ אנ אײַזערנע דיסציפּלינ. אָבער נאָכ דעמ, ווי דער מיינונגענ-קאמפּ איז פארענדיקט, די קריטיק איז אויסגעשעפּט אונ דער באשלוס איז אָנגענומענ געוואָרנ, איז די אײנהייט פונ ווילנ אונ די אײנהייט פונ טאט פונ אלע פּארטיי־מיטגלידער אָט־דער נויטווענדיקער באדינג, וואָס אָנ אימ זײַנענ ניט דענקבאר ניט קײנ אײנהייטלעכע פּארטיי, ניט קײנ אײַזערנע דיסציפּלינ אינ דער פּארטיי.

„אינ דער איצטיקער עפּאָכע פונ פאַרשאַרפטנ בירגערקריג, — זאָגט לענינ, — וועט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי קאָנענ אויספילנ איר כויוו נאָר אינ דעמ פאַל, אויב זי וועט אָרגאַניזירט זײַנ אפנ טאמע צענטראַליסטישנ אופנ, אויב אינ איר וועט הערשנ אַנ אײַזערנע דיסציפּלינ, וועלכע גרענעצט מיט א מיליטערישער דיסציפּלינ, אונ אויב איר פּאַרטיי־צענטער וועט זײַנ א מאַכטפולער אווטאָריטעטער אָרגאַנ מיט ברייטע פולמאַכטנ, וואָס האָט דעמ אַלגעמיינעמ צוטרוי פונ די פּאַרטיי־מיטגלידער“ (זע „די באַדינגונגענ פונעמ אופנעמ אינ קאָמינטערנ“).

אַזוי האַלט עס מיט דער דיסציפּלינ אינ דער פּאַרטיי בא די באַדינגונגענ פונ קאַמפּ איידער עס ווערט דעראָבערט די דיקטאַטור.

דאָס זעלביקע, אָבער נאָכ אינ א גרעסערער מאָס, דאַרפ מענ זאָגנ וועגנ דער דיסציפּלינ אינ דער פּאַרטיי נאָכנ דעראָבערנ די דיקטאַטור.

„ווער עס שוואַכט אָפּ כאָטש אפ וויפל־ניט־איז, — זאָגט לענינ, — די אײַזערנע דיסציפּלינ אינ דער פּאַרטיי פונעמ פּראָלעטאַריאַט (באַזונדערס אינ דער צײַט פונ זײַנ דיקטאַטור), דער העלפט פאַקטיש מיט דער בורזשואַזיע קעגנ דעמ פּראָלעטאַריאַט“ (זע ב. XXV, ז. 191).

דערפונ איז אָבער געדרונגענ, אַז די עקזיסטענצ פונ פראַקציעס פּאָרט זיכ ניט ניט מיט דער איינהײַט פונ דער פּאַרטיי, ניט מיט איר אײַזערנער דיסציפּלינ. עס איז קוימ נייטיק צו דערווײַזנ, אַז דאָס פאַראַנענזײַנ פונ פראַקציעס פירט צו דער עקזיסטענצ פונ עטלעכע צענטערס, די עקזיסטענצ ווידער פונ עטלעכע צענטערס באַטײַט, אַז עס איז ניטאָ קיינ אַלגעמיינער צענטער אינ דער פּאַרטיי, באַטײַט א צעשפּליטערונג פונעמ איינהײַטלעכנ ווילנ, אַנ אָפּשוואַכונג אונ צעפאַלונג פונ דער דיסציפּלינ, אַנ אָפּשוואַכונג אונ צעפאַלונג פונ דער דיקטאַטור. פאַרשטייט זיכ, די פּאַרטייענ פונעמ II אינטערנאַציאָנאַל, וועלכע קעמפנ קעגנ דער דיקטאַטור פונעמ פּראָלעטאַריאַט אונ ווילנ ניט פירנ די פּראָלעטאַריער צו דער מאַכט, קאָנענ זיכ דערלויבנ אַזא ליבעראַליזמ, ווי פרײַהײַט פונ פראַקציעס, ווײַל זיי נייטיקנ זיכ גאָר ניט אינ קיינ אײַזערנער דיסציפּלינ. אָבער די פּאַרטייענ פונעמ קאָמוניסטישנ אינטערנאַציאָנאַל, וועלכע בויענ זייער אַרבעט אפנ גרונט פונ די אופגאַבנ צו דעראָבערנ אונ פאַרפעסטיקנ די דיקטאַטור פונעמ פּראָלעטאַריאַט, קאָנענ ניט אײַנגיינ ניט אפ קיינ „ליבעראַליזמ“, ניט אפ קיינ פרײַהײַט פונ פראַקציעס.

די פּאַרטיי איז אַנ איינהײַט פונ ווילנ, וועלכע שליסט אויס יעדע פראַקציאָנעלקײַט אונ צעשפּליטערונג פונ דער מאַכט אינ דער פּאַרטיי.

דערפונ נעמט זיכ לענינס דערקלערונג וועגנ דער „געפערלעכקײַט פונ פראַקציאָנעלקײַט פונעמ שטאַנדפּונקט פונ פּאַרטיי־איינהײַט אונ פונ פאַרווירקלעכנ די איינהײַט פונעמ ווילנ פונעמ אַוואַנגאַרד פונ פּראָלעטאַריאַט, אַלס גרונט־באַדינג פאַרנ דערפאָלג פונ דער דיקטאַטור פונעמ פּראָלעטאַריאַט“, וואָס איז פאַרפיקסירט געוואָרנ אינ דער ספּעציעלער רעזאָלוציע פונעמ X צוזאַמענפאָר פונ אונדזער פּאַרטיי „וועגנ דער פּאַרטיי־איינהײַט“.

דערפונ נעמט זיכ לענינס פאָדערונג וועגנ „פולשטענדיקנ פארניכטנ יעטווידע פראקציאָנעלקײַט“ און דעמ „באַלדיקנ פאנאנדערלאָזנ אלע אָנ אויסנאמ גרופּעס, וועלכע האָבנ זיכ געבילדעט אפ דער אָדער יענער פּלאטפאָרמ“, אונטער דער דראָונג פונ „אומבאדינגטנ און באַלדיקנ אויסשליסנ פונ דער פארטיי“ (זע די רעזאָליוציע „וועגנ דער פארטיי-אייניקײַט“).

6) *די פארטיי ווערט פארשטארקט דורכ דעמ, וואָס זי רייניקט זיכ אָפּ פונ אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטנ.* דער קוואל פונ פראקציאָנעלקײַט אינ דער פארטיי זײַנענ אירע אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטנ. דער פּראָלעטאריאַט איז ניט קיינ אָפּגעשלאָסענער קלאס. צו אימ קומענ צו אָנ אופהער מענטשנ, וואָס שטאמענ פונ פּויערימ, קליינבירגער, אינטעליגענצ, וועלכע זײַנענ פּראָלעטאריזירט געוואָרנ דורכ דער אנטוויקלונג פונעמ קאפּיטאליזמ. גלײַכצײַטיק קומט פאָר א דעמאָראליזירונג־פּראָצעס אינ די אויבערשטע שיכטנ פונעמ פּראָלעטאריאַט, הויפּטזאכלעכ פונ צווישנ די פּראָפעסיאָנאליסטנ און פארלאמענטאריער, וועלכע ווערנ אונטערגעהאָדעוועט דורכ דער בורזשואזיע אפנ כעזשבנ פונ קאָלאָניאַלנ איבערעוועכ. „דער דאָזיקער שיכט פארבורזשואזעוועטע ארבעטער, — זאָגט לענינ, — אָדער „ארבעטער־אריסטאָקראטיע“, אינגאנצנ באלעבעסלדיקע לויטנ ארט לעבנ, לויט דער גרייס פונ די פארדינסטנ, לויט זייער גאנצער וועלט־אָנשויונג — איז די הויפּט־שטיצע פונעמ II אינטערנאציאָנאל, און אינ אונדזער צײַט — דער *סאָציאַלער* (ניט מיליטערישער) *אָנשפּאר פונ דער בורזשואזיע.* ווײַל דאָס זײַנענ עמעסע *אגענטנ פונ דער בורזשואזיע אינ דער ארבעטער־באוועגונג,* ארבעטער־פּריקאשטשיקעס פונעמ קלאס קאפּיטאליסטנ, עמעסע דורכפירער פונעמ רעפאָרמיזמ און שאָוויניזמ“ (זע ב. XIX, ז. 77).

אָט די אלע קליינבירגערלעכע גרופּעס דרינגענ אזוי אָדער אנדערש ארײַנ אינ דער פארטיי, ארײַנטראָגנדיק אהינ דעמ גײַסט פונ וואקלעניש און אָפּאָרטוניזמ, דעמ גײַסט פונ דעמאָראליזאציע און אומזיכערקײַט. זיי זײַנענ עס, הויפּטזאכלעכ, דער קוואל פונ פראקציאָנעלקײַט און צעפּאלונג, דער קוואל פונ דעזאָרגאניזירונג און פונ אופרײַסנ די פארטיי פונ אינעווייניק. מילכאָמע האלטנ קעגנ אימפּעריאַליזמ, האָבנדיק אינ הינטערלאנד אזעלכע „פארבינדעטע“, הייסט ארײַנפאלנ אינ דער לאגע פונ מענטשנ, וועלכע ווערנ באשאָסנ פונ צוויי זײַטנ — סײַ פונ פראָנט סײַ פונ הינטערלאנד. דעריבער איז דער אומראכמאָנעסדיקער קאמפּ קעגנ אזעלכע עלעמענטנ, דאָס פארטרײַבנ זיי פונ דער פארטיי — א פאָרבאדינג פארנ דערפאָלגרײַכנ קאמפּ קעגנ דעמ אימפּעריאַליזמ.

די טעאָריע פון „בײַקומענ״ די אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטנ דורכ אנ אידײיִשנ קאמפּ אינווײניק אינ דער פּארטײ, די טעאָריע פונ „אויסהאָבנ״ די דאָזיקע עלעמענטנ אינ די ראמענ פונ איינ פּארטײ איז א פוילע אונ געפערלעכע טעאָריע, וועלכע דראָעט צו פארמישפּעטנ די פּארטײ צו זײַנ פּאראליזירט אונ כראָניש קרענקלעכ, זי דראָעט אָפּצוגעבנ די פּארטײ דעמ אָפּאָרטוניזמ אפּ אופרעסנ זי, זי דראָעט צו לאָזנ דעמ פּראָלעטאריאט אָנ א רעוואָליוציאָנערער פּארטײ, זי דראָעט אָפּצונעמענ באמ פּראָלעטאריאט דאָס הויפּט-געווער אינעמ קאמפּ קעגנ דעמ אימפּעריאַליזמ. אונדזער פּארטײ וואָלט ניט געקאָנט ארויסגײנ אפּ א וועג, זי וואָלט ניט געקאָנט נעמענ די מאכט אונ אָרגאניזירנ די דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט, זי וואָלט ניט געקאָנט ארויס ווי א זיגערנ פונעמ בירגערקריג, ווענ זי וואָלט געהאט אינ אירע רײענ די מארטאָווס אונ דאנס, די פּאָטרעסאָווס אונ אקסעלראָדס. אויב אונדזער פּארטײ האָט זיכ אײַנגעגעבנ צו שאפנ בא זיכ אינער-לעכע אײנהײַט אונ אומגעווײנלעכע באהעפטקײַט פונ אירע רײענ, איז עס, פריִער פונ אלצ, דערפאר, ווײַל זי איז אימשטאנד געווענ באצײַטנס אָפּצורײניקנ זיכ פונ דער אומצוכט פונעמ אָפּאָרטוניזמ, זי איז אימשטאנד גע-ווענ ארויסצוטרײַבנ פונ דער פּארטײ די ליקווידאטערס אונ מענשעוויקעס. דער וועג פונ אנטוויקלענ אונ פארפעסטיקנ די פּראָלעטארישע פּארטײענ גײט דורכ אָפּרײניקנ זײ פונ אָפּאָרטוניסטנ אונ רעפאָרמיסטנ, פונ סאָציאַל-אימפּעריאליסטנ אונ סאָציאַל-שאָוויניסטנ, סאָציאַל-פּאטריאָטנ אונ סאָציאַל-פּאציפיסטנ. די פּארטײ ווערט פארשטארקט דורכ דעמ, וואָס זי רײניקט זיכ אָפּ פונ אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטנ.

„האָבנדיק בא זיכ אינ די רײענ רעפאָרמיסטנ, מענשעוויקעס, — זאָגט לענינ, — קאָנ מענ ניט זיגנ אינ דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע, קאָנ מענ זי ניט פּארטײ-דיקנ. דאָס איז פּרינציפּיעל קלאָר. דאָס איז אָנשוילעכ באשטעטיקט געוואָרנ דורכ דער דערפא-רונג סײַ פונ רוסלאנד סײַ פונ אונגארנ... אינ רוסלאנד זײַנענ פיל מאָל געווענ שווערע לאגעס, בא וועלכע עס וואָלט אפּ געוויס אראָפּגעוואָרפנ געוואָרנ דער ראטנ-רעזשימ, ווענ די מענשע-וויקעס, רעפאָרמיסטנ, קלײנבירגערלעכע דעמאָקראטנ וואָלטנ פארבליבנ אינווײניק אינ אונדזער פּארטײ... אינ איטאליע גײט עס, לויט דער אלגעמײנער אנערקענונג, צו אנטשײדנדיקע שלאכטנ צווישנ דעמ פּראָלעטאריאט אונ דער בורזשואזיע פאר באהערשנ די מעלוכע-מאכט. אינ אזא מאָמענט איז ניט נאר אומבאדינגט נויטווענדיק צו דערווײַטערנ די מענשעוויקעס, רעפאָרמיסטנ, טוראטיאַנער פונ דער פּארטײ, עס קאָנ זיכ אויכ אפילע ארויסווײַזנ פאר נײטיק צו דערווײַ-טערנ אויסגעצײכנטע קאָמוניסטנ, וועלכע זײַנענ פעיִק צו וואקלענ זיכ אונ וועלכע ווײַזנ ארויס וואקלעניש אינ דער ריכטונג פונ „אײנהײַט״ מיט די רעפאָרמיסטנ, — דערווײַטערנ זײ פונ אלע פאראנטוואָרטלעכע פּאָסטנס... ערעוו דער רעוואָליוציע אונ אינ די מאָמענטנ פונ סאמע פארביטערטנ קאמפּ פאר איר ניצחונ זײַנענ די מינדסטע וואקלונגענ אינ דער פּארטײ אימשטאנד אומברענגענ אלצ, ארונטערצורײַסנ די רעוואָליוציע, ארויסרײַסנ די מאכט פונ די הענט פונעמ פּראָלעטאריאט, ווײַל די דאָזיקע מאכט איז נאָכ ניט פעסט, ווײַל דער

דראנג אפ איר איז נאָכ צו שטארק. אויב די וואקלדיקע פירער גייענ אוועק אינ אזא צײַט, איז שוואכט עס ניט אָפּ, נאָר עס פארשטארקט סײַ די פּארטיי, סײַ די ארבעטער־באוועגונג, סײַ די רעוואָליוציע" (זע ב. XXV, ז. 462—464).

# IX

## דער סטיל אינ דער ארבעט

עס רעדט זיכ ניט וועגנ ליטעראַרישנ סטיל. איכ מיינ דעמ סטיל אינ דער ארבעט, אָט דאָס באזונדערע און אייגנארטיקע אינ דער פּראקטיק פונעמ לעניניזמ, וואָס שאפט דעמ באזונדערנ טיפּ פונ א לעניניסט — א טוער. דער לעניניזמ איז א טעאָרעטישע אונ פּראקטישע שול, וועלכע ארבעט אויס א באזונדערנ טיפּ פּארטייִשנ אונ מעלוכישנ טוער, וועלכע שאפט א באזונדערנ, לענינישנ סטיל אינ דער ארבעט. אינ וואָס באשטייענ די כאראקטער-שטריכנ פונעמ דאָזיקנ סטיל? וועלכע זײַנענ עס זײַנע באזונדערקײַטנ?

אזוינע באזונדערקײַטנ זײַנענ פאראנ צוויי: א) דער רוסישער רעוואָליוציאָנערער פּארמעסט אונ ב) די אמעריקאנישע זאכלעכקײַט. דער סטיל פונ לעניניזמ באשטייט אינ דער פאראייניקונג פונ די דאָזיקע צוויי באזונדערקײַטנ אינ דער פּארטייִשער אונ מעלוכישער ארבעט.

דער רוסישער רעוואָליוציאָנערער פּארמעסט איז א קעגנגיפט קעגנ דער אינערטקײַט, קעגנ דער רוטינע, קאָנסערוואטיזמ, פארגליווערטקײַט פונ געדאנק, שקלאפערישע באציִונג צו די טראדיציעס פונ די זיידעס. דער רוסישער רעוואָליוציאָנערער פּארמעסט — דאָס איז יענע באלעבנדיקע קראפט, וועלכע וועקט דעמ געדאנק, רוקט פאָרויס, ברעכט די פארגאנגענהײַט, גיט א פּערספּעקטיוו. אָנ אימ איז ניט מעגלעכ קיינ שומ באוועגונג פאָרויס.

ער האָט אָבער אלע שאנסנ דעגענערירט צו ווערנ אינ דער פּראקטיק אינ פּוסטער „רעוואָליוציאָנערער" מאנילאָווטשינע, אויב מע זאָל אימ ניט פאראייניקנ מיט דער אמעריקאנישער זאכלעכקײַט אינ דער ארבעט. בײַשפּילנ פונ אזא דעגענעראציע איז פאראנ אָנ א שיר. וועמענ איז דענ ניט באקאנט די קרענק פונ „רעוואָליוציאָנערער" פארפאסערײַ אונ „רעוואָליוציאָנערער" פּלאנמאכערײַ, וואָס דער קוואל דערפונ איז דער גלויבנ אינ דער קראפט פונעמ דעקרעט, וועלכער איז בעקויעכ אלצ אײַנצואָרדענענ אונ אלצ איבערצומאכנ? איינער פונ די רוסישע שרײַבער, אי. ערענבורג, האָט אינ א דערציילונג „אויסקאָמטשעל" (פארקירצונג פונ «Усовершенствованный коммунистический человек» — פאָלפולקומטער קאָמוניסטישער מענטש) באשריבנ א טיפּ פונ א „באָלשעוויק", וואָס לײַדט אפ אזא קרענק אונ וואָס האָט זיכ געשטעלט פאר א ציל אָנצוווארפנ א סכעמע פונ אנ

אידעאל-פארפולקומטן מענטשן און... איז אין דער דאָזיקער „ארבעט" „דער־טרונקענע געוואָרן". אין דער דערציילונג איז פאראן א סאך איבערגעטריבנ־קייט, אָבער אז ער כאפט ריכטיק אוף די קרענק — דאָס איז אָן סאָפעק. קיי־נער האָט אָבער, דאכט זיך, איבער אזא קרענק ניט געשפּאָט אזוי ביין און אָן ראכמאָנעס, ווי לענין. „קאָמוניסטישע גייוווע" — אזוי האָט ער טרע־טירט דעם דאָזיקן קרענקלעכן גלויבן אין פארפאסערײַ און דעקרעטנ־מאכערײַ.

„קאָמוניסטישע גייוווע הייסט דאָס, — זאָגט לענין, — וואָס א מענטש, וועלכער איז א מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פארטיי און איז נאָך פון דאָרטן ניט אויסגערייניקט געוואָרן, שטעלט זיך פאָר, אז אלע זײַנע אופגאבן קאָן ער לייזן דורך קאָמוניסטישער דעקרעטירונג־(זע ב. XXVII, ז. 50—51).

דער „רעוואָליוציאָנערער" פלאפלערײַ פלעגט לענין גע־ווײנלעך אנטקעגנשטעלן אײַנפאכע און וואָכעדיקע מײַסים, אונטערשטרײַכנדיק דערמיט, אז „רעוואָליוציאָנערע" פארפאסערײַ איז דערווידער סײַ דעם גײַסט סײַ דעם וואָרט פון עכטן לענינים.

„וואָס ווייניקער אופגעבלאָזענע פראזעס, — זאָגט לענין, — און וואָס מער אײנפאכע, וואָ־כעדיקע, ארבעט... וואָס ווייניקער פּאָליטישן טאראראם, וואָס מער אופמערקזאמקײַט צו די סאמע אײנפאכע, אָבער לעבעדיקע... פאקטן פון קאָמוניסטישער בויונג..." (זע ב. XXIV, ז. 343 און 335).

די אמעריקאנישע זאכלעכקײַט איז, פארקערט, א קעגנגיפט קעגן דער „רעוואָליוציאָנערער" מאנילאָווטשינע און פאנטאסטישער פארפאסערײַ. די אמעריקאנישע זאכלעכקײַט — דאָס איז יענע ניט-געצוימטע קראפט, וועלכע ווייס ניט און אנערקענט ניט קיין שטערונגען, וועלכע צעשווענקט מיט איר זאכלעכער אקשאָנעס אלע און אלערליי שטערונגען, וועלכע קאָן ניט ניט דערפירן ביזן סאָף אן אָנגעהויבענע זאך, אויב דאָס איז אפילע ניט קיין גרויסע זאך, און אָן וועלכער עס איז אומדענקבאר יעדע ערנסטע בוי־ארבעט. די אמעריקאנישע זאכלעכקײַט האָט אָבער אלע שאנסן דעגענערירט צו ווערן אין שמאָלער און פּרינציפּלאָזער געשעפטמאכערײַ, אויב מע זאָל זי ניט פארייניקן מיטן רוסישן רעוואָליוציאָנערן פארמעסט. וועמען איז דען ניט באקאנט די קרענק פון שמאָלן פּראקטיציזם און פּרינציפּלאָזער גע־שעפטמאכערײַ, וועלכע דערפירן ניט-זעלטן אייניקע „באָלשעוויקעס" צו איבערגעגעבנקייט און צום אוועקגיין פון דער זאך פון דער רעוואָליוציע? אָט־די אייגנארטיקע קרענק האָט באקומען איר אָפּשפּיגלונג אין דער דערציי־לונג פון ב. פּילניאק „דאָס הוילע יאָר", ווו עס ווערן געשילדערט טיפּן פון רוסישע „באָלשעוויקעס", וועלכע זײַנען פול מיט ווילן און פּראקטי־שער אנטשלאָסנקײַט, וועלכע „פוקצירן" גאנץ „ענערגיש", אָבער זיי פאר־

מאָגן ניט קיין פערספעקטיוו, זיי ווייסן ניט „וואָס-וווהין“ און שלאָגן זיך דעריבער אַראָפּ פונעם וועג פון רעוואָליוציאָנערער אַרבעט. קיינער האָט נאָך אַזוי בײַסיק ניט כויזעק געמאַכט פון דער דאָזיקער געשעפטמאַכערישער קרענק, ווי לענין. „שמאָלקעפיקער פראַקטיציזם“, „אָנקעפיקע געשעפטמאַכערײַ“ — אַזוי האָט לענין טרעטירט די דאָזיקע קרענק. ער האָט איר קעגנגעשטעלט געוויינלעך די לעבעדיקע רעוואָליוציאָנערע אַרבעט און די נויטווענדיקייט פון רעוואָליוציאָנערע פערספעקטיוון אין אַלע איניאָנים פון אונדזער אַלטעג־לעכער אַרבעט, אונטערשטרײַכנדיק דערמיט אַליין, אַז די פרינציפלאָזע געשעפטמאַכערײַ איז פונקט אַזוי דערווידער דעם לעניניזם, ווי עס זײַנען אים דערווידער די „רעוואָליוציאָנערע“ פאַרזאַסערײַ.

די פאַרייניקונג פונעם רוסישן רעוואָליוציאָנערן פאַרמעסט מיט דער אַמעריקאַנישער זאַכלעכקייט — דערין ליגט דער טאָך פונעם לעניניזם אין דער פאַרטייִשער און מעלוכישער אַרבעט.

בלויז אַזאַ פאַרייניקונג גיט אונדז אַ פאַרענדיקטן טיפ פון אַ טוער — אַ לעניניסט, דעם סטיל פון לעניניזם אין דער אַרבעט.

# די אָקטיאבער־רעוואָליוציע און די טאַקטיק פון די רוסישע קאָמוניסטן

פאָרע־ע צום בוך „אף די וועגן צום אָקטיאבער"

## I

## די אויסערלעכע און אינערלעכע אומגעבונג פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע

דריי אויסערלעכע אומשטענדן האָבן באשטימט יענע פארהעלטניסמעסיקע לייכטקייט, מיט וועלכער דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע אין רוסלאנד האָט זיך איינגעגעבן צו צעקלאַפּן די קייטן פונעם אימפּעריאַליזם און אראָפּצוּווארפן אזויארום, די מאכט פון דער בורזשואזיע.

ערשטנס, דער אומשטאנד, וואָס די אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט זיך אָנגעהויבן אינעם פּעריאָד פון פארביסענעם קאמף צווישן די צוויי גרונטלעכע אימפּעריאַליסטישע גרופּעס, צווישן דער ענגליש-פראנצויזישער און דער עסטרייכיש-דייטשישער, ווען די דאָזיקע גרופּעס, פארנומענע מיט א קאמף אף לעבן און טויט איינע מיט דער אנדערער, האָבן ניט געהאט ניט קיין צייט, ניט קיין מיטלען אָפּצוגעבן ערנסטע אופמערקזאמקייט דעם קאמף קעגן דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע. דער דאָזיקער אומשטאנד האָט געהאט א קאָלאָסאלע באדייטונג פאר דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע, וואָרעם ער האָט איר געגעבן א מעגלעכקייט אויסצונוצן די פארביסענע צוזאמענשטויסן אינווייניק אינעם אימפּעריאַליזם אף צו פארפעסטיקן און אָרגאניזירן אירע קרעפטן.

צווייטנס, דער אומשטאנד, וואָס די אָקטיאבער-רעוואָליוציע האָט זיך אָנגעהויבן אינעם גאנג פון דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, ווען די ארבעטנדיקע מאסן, אויסגעמאטערטע פון דער מילכאָמע און דורשטיקע נאָך שאָלעם, זיינען דורך דער עצעם לאָגיק פון די זאכן צוגעפירט געוואָרן צו דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע, ווי צום איינציקן אויסוועג פון דער מילכאָמע. דער דאָזיקער אומשטאנד האָט געהאט ביז גאָר אַן ערנסטע באדייטונג פאר דער

אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, וואָרעמ ער האָט איר געגעבנ אינ די הענט דאָס מעכ־טיקע געווער פונ שאָלעמ, ער האָט איר פארגרינגערט די מעגלעכקײַט צו פארייניקנ די סאָוועטישע איבערקערעניש מיטנ פארענדיקנ די פארהאסטע מיל־כאָמע און געשאפנ פאר איר דעריבער א מאסעווג מיטגעפיל סײַ אפנ מײַרעוו, צווישנ די ארבעטער, סײַ אפנ מיזרעכ, צווישנ די אונטערדריקטע פעלקער.

דריטנס, דאָס פאראנענזײַנ פונ א מעכטיקער ארבעטער־באוועגונג אינ איי־ראָפּע און דער פאקט, וואָס אפנ מײַרעוו און אפנ מיזרעכ האָט אָנגעהויבנ רײַפּ ווערנ א רעוואָליוציאָנערער קריזיס, וואָס איז געשאפנ געוואָרנ דורכ דער דויערנדיקער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע. דער דאָזיקער אומשטאנד האָט געהאט פאר דער רעוואָליוציע אינ רוסלאנד א באַדײַטונג, וואָס לאָזט זיכ ניט אָפּשאצנ, וואָרעמ ער האָט איר געזיכערט אינ איר קאמפּ קעגנ דעמ וועלט־אימפּעריאַליזמ געטרײַע פארבינדעטע אויסער רוסלאנד.

אָבער אכוצ די אויסערלעכע אומשטענדנ, האָט די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע געהאט נאָכ א גאנצע ריי אינערלעכע גינסטיקע באדינגונגענ, וואָס האָבנ איר פארגרינגערט דעמ זיג.

אלס וויכטיקסטע פונ די דאָזיקע באדינגונגענ דארפ מענ רעכענענ אָט וועלכע:

ערשטנס, האָט די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע געהאט פאר זיכ די אקטיווסטע אונטערשטיצונג מיצאד דער קאָלאָסאלער מערהײַט פונעמ ארבעטער־קלאס אינ רוסלאנד.

צווייטנס, האָט זי געהאט אָנצווייפלדיקע אונטערשטיצונג מיצאד דער פויער־שער אָרעמשאפט און מיצאד דער מערהײַט סאָלדאטנ, וואָס האָבנ געלעכצט נאָכ שאָלעמ און ערד.

דריטנס, האָט זי געהאט אינ שפּיצ, אלס אָנפירנדיקע קראפט, אזא אויס־געפּרוּווטע פארטיי, ווי די פארטיי באָלשעוויקעס, וואָס איז שטארק ניט בלויז מיט איר דערפארונג און דיסציפּלינ, וואָס האָט זיכ אויסגעארבעט אינ מעשעכ פונ יאָרנ, נאָר אויכ מיט אירע קאָלאָסאלע פארבינדונגענ מיט די ארבעטנדיקע מאסנ.

פערטנס, האָט די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע געהאט פאר זיכ אזעלכע פײַנט, וואָס מע קאָנ זיי פארהעלטניסמעסיק לײַכט בײַקומענ, ווי די מער אָדער ווי־ניקער שוואכע רוסישע בורזשואזיע, דעמ קלאס פּריצימ, וואָס איז געווענ ענדגילטיק דעמאָראליזירט דורכ די פויערשע „בונטנ", און די פּשאָרעמאכע־רישע פארטייענ (די פארטייענ מענשעוויקעס און עסערנ), וואָס האָבנ אינ גאנג פונ דער מילכאָמע פולשטענדיק באנקראָטירט.

פינפטנס, האָט זי געהאט אינ איר רעשוס די קאָלאָסאלע שעטעכנ פונ א יונגער מעלוכע, ווו זי האָט געקאָנט פרײַ מאנעווירנ, אָפּטרעטנ, ווענ

דאָס האָט געפאָדערט די סיטואַציע, איבערכאַפּנ דעם אָטעם, אָנזאַמלענ קרעפטנ אא.

זעקסטנס, האָט די אָקטיאַבער-רעוואָליוציע אינ איר קאַמפ קעגנ דער קאָנטררעוואָליוציע געקאָנט אויסרעכענענ דערויפ, וואָס אינווייניק אינ לאַנד איז פאַראַנ א גענוגנדיקער סכום רעסורסנ פונ דערנערונג, הייצוואַרג אונ רוישטאָפ.

די פאַרייניקונג פונ די דאָזיקע אויסערלעכע אונ אינערלעכע אומשטענדנ האָט געשאַפנ די אייגנאַרטיקע סיטואַציע, וואָס האָט באַשטימט די פאַרהעלטניסמעסיקע לײַכטקײַט פונעמ זיג פונ דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע.

דאָס באַטײַט ניט, פאַרשטייט זיכ, אַז די אָקטיאַבער-רעוואָליוציע האָט ניט געהאַט אירע מינוסנ אינ זינ פונ דער אויסערלעכער אונ אינערלעכער סיטואַציע. וואָס איז ווערט, צומבײַשפּיל, אַזאַ מינוס, ווי די באַוווּסטע איינזאַמקײַט פונ דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע, דאָס, וואָס לעבנ איר, אינ שכיינעס מיט איר איז ניט געווענ קיינ סאָוועטיש לאַנד, אַפ וועלכעס זי זאָל זיכ קאָנענ שטיצנ? ס'איז קיינ ספק ניט, אַז די קומענדיקע רעוואָליוציע, צומבײַשפּיל, אינ דײַטשלאַנד, וואָלט אינ דער הינזיכט געווענ אינ א מער גינסטיקער לאַגע, ווײַל זי האָט אינ שכיינעס אַזאַ ערנסט, לויט זײַנ קראַפט, סאָוועטיש לאַנד, ווי אונדזער ראַטנפאַרבאַנד. איכ רייד שוינ ניט וועגנ אַזאַ מינוס פונ דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע, ווי דאָס פעלנ פונ א פּראָלעטאַרישער מערהײַט אינעם לאַנד.

די דאָזיקע מינוסנ שטרײַכנ אָבער בלויז אונטער די קאָלאָסאַלע באַדײַטונג פונ דער אייגנאַרטיקײַט פונ די אינערלעכע אונ אויסערלעכע באַדינגונגענ פונ דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע, וועגנ וועלכע ס'איז אויבנ גערעדט געוואָרנ.

וועגנ דער דאָזיקער אייגנאַרטיקײַט טאָר מענ ניט פאַרגעסנ אַפ קיינ איינ מינוט. וועגנ איר דאַרפ מענ באַזונדערס געדענקענ באַמ אַנאַליזירנ די דײַטשישע געשעענישנ אינ האַרבסט 1923 יאָר. וועגנ איר דאַרפ פריִער פאַר אַלצ געדענקענ דער כ' טראָצקי, וועלכער פירט דורכ אַנ אָהולנע אַנאַלאָגיע צווישנ דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע מיט דער רעוואָליוציע אינ דײַטשלאַנד אונ זידלט אָנ א שיר די דײַטשישע קאָמפּאַרטיי פאַר אירע ווירקלעכע אונ קלוימערשטע טאָעסנ.

„רוסלאַנד, — זאָגט לענינ, — איז אינ דער קאָנקרעטער, היסטאָריש אויסערגעוויינלעכ-אָריגינעלער סיטואַציע פונ 1917 יאָר געווענ לײַכט אָנצוהייבנ די סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע, בייס פאָרזעצנ זי אונ דערפירנ זי ביזנ סאָפ וועט רוסלאַנד זײַנ שווערער, איידער די אייראָפּייִשע לענדער. מיר איז נאָכ אינ אָנהייב 1918 יאָר אויסגעקומענ אָנצווײַזנ אַפ דעם דאָזיקנ אומשטאַנד, אונ די צוויייאָריקע דערפאַרונג נאָכ דעם האָט פולשטענ-

דיק באשטעטיקט די ריכטיקײַט פונ דעמ דאָזיקנ געדאנק. אזעלכע ספּעציפישע באדינגונגענ, ווי: 1) די מעגלעכקײַט צו פאראייניקנ די סאָוועטישע איבערקערעניש מיטנ פארענדיקנ, אדאנק איר, די אימפּעריאליסטישע מילכאָמע, וואָס האָט אומגעהייער אויסגעמאטערט די ארבעטער און פּויערימ; 2) די מעגלעכקײַט אויסצונוצנ אפ א באשטימטער צײַט דעמ קאמפּ אפ לעבנ און טויט צווישנ די צוויי אלוועלטלעכ מעכטיקע גרופּעס אימפּעריאליסטישע רויבער, גרופּעס, וואָס האָבנ זיכ ניט געקאָנט פאראייניקנ קעגנ דעמ סאָוועטישנ פײַנט; 3) די מעגלעכקײַט אויסצוהאלטנ א פארהעלטניסמעסיק לאנגנ בירגערקריג, טיילווײַז אדאנק דער גיגאנטישער גרייס פונעמ לאנד און די שלעכטע פארקער־מיטלענ; 4) דאָס פאראנענזײַנ פונ אזא טיפער בורזשואז־דעמאָקראטישער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג אינעמ פּויערטומ, אז די פּארטיי פונעמ פּראָלעטאריאט האָט גענומענ די רעוואָליוציאָנערע פאָדערונגענ בא דער פּארטיי פונ די פּויערימ (די עסערישע פּארטיי, וואָס איז אינ איר מערהײַט שארפ פײַנטלעכ צומ באָלשעוויזמ) און האָט זיי מיטאמאָל פארווירקלעכט אדאנק דעמ, וואָס דער פּראָלעטאריאט האָט דעראָבערט די פּאָליטישע מאכט; — אזעלכע ספּעציפישע באדינגונגענ זײַנענ אינ מײַרעװ־אייראָפּע איצט ניט פאראנ און דאָס ווידערקומענ פונ אזעלכע אָדער פונ ענלעכע באדינגונגענ איז ניט גאָר גרינג. אָט פארוואָס, אגעוו, — אכוץ א רײ אנדערע סיבעס, — איז אָ נ ה י י ב נ די סאָציאליסטישע רעוואָליוציע פאר מײַרעװ־אייראָפּע שווערער, ווי פאר אונדז" (זע ב. XXV, ז. 206—207).

**די דאָזיקע ווערטער לענינס טאָר מענ ניט פארגעסנ.**

## II

## וועגנ צוויי באזונדערקײַטנ פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, אָדער דער אָקטיאבער און כ׳ טראָצקיס טעאָריע פונ פּערמאנענטער רעוואָליוציע

עס עקזיסטירנ צוויי באזונדערקײַטנ פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, וואָס קלאָר מאכנ זיי איז נייטיק פריִער פאר אלצ, קעדיי צו פארשטיינ דעמ אינערלעכנ זינ און די היסטאָרישע באדײַטונג פונ דער דאָזיקער רעוואָליוציע.

וואָס זײַנענ דאָס פאר א באזונדערקײַטנ?

דאָס איז, ערשטנס, דער פאקט, וואָס די דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט איז בא אונדז געבאָרנ געוואָרנ, ווי א מאכט, וואָס איז אופגעקומענ אפנ גרונט פונ א בונד צווישנ דעמ פּראָלעטאריאט און די ארבעטנדיקע מאסנ פונעמ פּויערטומ, בא דער אָנפירונג מיט די ארבעטנדיקע מאסנ מיצאד דעמ פּראָלעטאריאט. דאָס איז, צווייטנס, דער פאקט, וואָס די דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט האָט זיכ פארפעסטיקט בא אונדז, אלס א רעזולטאט פונעמ זיג פונעמ סאָציאליזמ אינ איינ לאנד, א קאפּיטאליסטיש ווייניק אנטוויקלטעס, בייס דער קאפּיטאליזמ איז אײַנגעהיט געוואָרנ אינ אנדערע לענדער, קאפּיטאליסטיש מער אנטוויקלטע. דאָס באטײַט ניט, פארשטייט זיכ, אז די אָק־

טיאבער־רעוואָליוציע האָט ניט קיינ אנדערע באזונדערקייטנ. פאר אונדז זײַנענ אָבער איצט וויכטיק גראָד אָט־די צוויי באזונדערקייטנ ניט בלויז דערפאר, ווײַל זיי דריקנ בוילעט אויס דעם טאָכ פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, נאָר אויכ דערפאר, ווײַל זיי דעקנ אויסגעצייכנט אופ די אָפאָרטוניסטישע נאטור פונ דער טעאָריע וועגנ דער „פערמאנענטער רעוואָליוציע“.

לאָמיר אינקורצנ באטראכטנ די דאָזיקע באזונדערקייטנ.

די פראגע וועגנ די ארבעטנדיקע מאסנ פונעמ קליינבירגערטומ, פונעמ שטאָטישנ אונ פונעמ דאָרפישנ, די פראגע וועגנ דעראָבערנ די דאָזיקע מאסנ אפ דער זײַט פונעמ פראָלעטאריאט איז א העכסט וויכטיקע פראגע פאר דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע. וועמענ וועלנ אינעמ קאמפ פאר דער מאכט שטיצנ די ארבעט־לײַט פונ שטאָט אונ דאָרפ, דער בורזשואזיע אָדער דעמ פראָלעטאריאט, וועמעס רעזערווונ וועלנ זיי ווערנ, א רעזערוו פונ דער בורזשואזיע אָדער א רעזערוו פונעמ פראָלעטאריאט,— דערפונ איז אָפהענגיק דער גורל פונ דער רעוואָליוציע אונ די פעסטקײַט פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור. די רעוואָליוציעס פונ די יאָרנ 1848 אונ 1871 אינ פראנקרײַכ זײַנענ אומגעקומענ, הויפטזאכלעכ, דערפאר, ווײַל די פויערימ־רעזערווונ זײַנענ געווענ אפ דער זײַט פונ דער בורזשואזיע. די אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט געזיגט דערפאר, ווײַל זי האָט באוויזנ אָפצונעמענ בא דער בורזשואזיע אירע פויערשע רעזערווונ, ווײַל זי האָט באוויזנ צו געווינענ די דאָזיקע רעזערווונ אפ דער זײַט פונעמ פראָלעטאריאט, אונ דער פראָלעטאריאט האָט זיכ אינ דער דאָזיקער רעוואָליוציע ארויסגעוויזנ אלס די איינציקע אָנפירנדיקע קראפט פונ די מיליאָניקע מאסנ ארבעט־לײַט אינ שטאָט אונ אינ דאָרפ.

ווער ס'האָט דאָס ניט פארשטאנענ, דער וועט קיינמאָל ניט פארשטיינ ניט דעמ כאראקטער פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, ניט די נאטור פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור, ניט די אייגנארטיקײַט פונ דער אינערלעכער פאָליטיק פונ אונדזער פראָלעטארישער מאכט.

די דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט איז ניט קיינ פאָשעט רעגירונג־קעפל, וואָס איז „געניט“ „אָפגעקליבנ“ דורכ א זאָרגזאמער האנט פונ א „דערפארענעמ סטראטעג“ אונ וואָס „שטיצט זיכ פארנינפטיק“ אפ די אָדער אנדערע שיכטנ באפעלקערונג. די דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט איז א קלאסנ־בונד פונעמ פראָלעטאריאט מיט די ארבעטנדיקע מאסנ פונעמ פויערטומ אפ ארָאָפצוווארפנ דעמ קאפיטאל, צוליבנ ענדגילטיקנ זיג פונעמ סאָציאליזמ, בא דעמ באדינג, אז די אָנפירנדיקע קראפט פונ דעמ דאָזיקנ בונד איז דער פראָלעטאריאט.

עס האנדלט זיכ דאָ אזויארומ ניט וועגנ „א ביסעלע“ ניט־דערשאצנ

אָדער „א ביסעלע“ איבערשאצנ די רעוואָליוציאָנערע מעגלעכקייטנ פונ דער פויערשער באוועגונג, ווי אייניקע דיפּלאָמאטישע פארטיידיקער פונ דער „פערמאנענטער רעוואָליוציע“ האָבנ איצט ליב זיך אויסצודריקנ. עס האנדלט זיך וועגנ דער נאטור פונ דער נייער פראָלעטארישער מעלוכע, וואָס איז אנטשטאנענ אלס רעזולטאט פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. עס האנדלט זיך וועגנ דעמ כאראקטער פונ דער פראָלעטארישער מאכט, וועגנ די יעסוידעס פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור גופע.

„די דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט, — זאָגט לענינ, — איז א באזונדערע פאָרמ פונ א קלאסנ־בונד צווישנ דעמ פראָלעטאריאט, דעמ אוואנגארד פונ די ארבעטנדיקע, און די פילצאָליקע ניט־פראָלעטארישע שיכטנ ארבעטנדיקע (די קליינבורזשואזיע, די קליינע באלעבאטימלעכ, דאָס פויערטום, די אינטעליגענצ אאוו.), אָדער מיט זייער מערהייט, א בונד קעגנ דעמ קאפּיטאל, א בונד מיטנ צוועק פולשטענדיק אראָפּצוווארפנ דעמ קאפּיטאל, פולשטענדיק צו דערשטיקנ דעמ ווידערשטאנד פונ דער בורזשואזיע און די רעסטאווראציע־פּרווונ פונ איר זייט, א בונד מיטנ צוועק ענדגילטיק צו שאפנ און צו פארפעסטיקנ דעמ סאָציאליזמ“ (זע ב. XXIV, ז. 311).

און ווייטער:

„דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט, אויב מע זאָל איבערזעצנ דעמ דאָזיקנ לאטייניש, ווייסנשאפטלעכנ, היסטאָריש־פילאָסאָפישנ אויסדרוק אפ א מער פּאָשעטער שפּראכ, באטייט עס אָט וואָס: בלויז א באשטימטער קלאס, נעמלעכ די שטאָטישע און ביכלאל די פאבריק־זאוואָדישע, אינדוסטריעלע ארבעטער, זיינענ אימשטאנד אָנצופירנ מיט דער גאנצער מאסע ארבעטנדיקע און עקספּלואטירטע אינעמ קאמפ פאר אראָפּווארפנ דעמ יאָכ פונעמ קאפּיטאל, אינעמ גאנג פארנעמ עצעמ אראָפּווארפנ, אינעמ קאמפ פאר אייַנהאלטנ און פארפעסטיקנ דעמ זיג, אינעמ שאפנ די נייע, די סאָציאליסטישע, געזעלשאפטלעכע אָרדענונג, אינעמ גאנצנ קאמפ פאר דער פולשטענדיקער פארניכטונג פונ די קלאסנ“ (זע ב. XXIV, ז. 336).

אָט דאָס איז די טעאָריע פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור, וואָס לענינ האָט געגעבנ.

איינע פונ די באזונדערקייטנ פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע באשטייט דערינ, וואָס די דאָזיקע רעוואָליוציע איז א קלאסישע דורכפירונג פונ דער לענינישער טעאָריע וועגנ פראָלעטארישער דיקטאטור.

אייניקע כאווירימ מיינענ, אז די דאָזיקע טעאָריע איז א ריינ „רוסישע“ טעאָריע, וואָס האָט א שייכעס בלויז צו דער רוסלענדישער ווירקלעכקייט. דאָס איז ניט ריכטיק. דאָס איז לאכלוטנ ניט ריכטיק. ריידנדיק וועגנ די ארבעטנדיקע מאסנ פונ די ניט־פראָלעטארישע קלאסנ, וואָס ווערנ אָנגעפירט דורכנ פראָלעטאריאט, האָט לענינ אינזינענ ניט בלויז די רוסישע פויערימ, נאָר אויכ די ארבעטנדיקע עלעמענטנ פונ די ראנד־געגנטנ פונעמ ראטנפארבאנד, וואָס זייַנענ נאָכ ניט לאנג צוריק געווענ קאָלאָניעס פונ רוסלאנד. לענינ האָט אומדערמידלעכ געטייַנעט, אז אָנ א בונד מיט די־

דאָזיקע מאסן פון אנדערע נאציעס וועט דער פּראָלעטאריאַט פון רוסלאנד ניט קאָנען זיגן. אין זיינע ארטיקלען וועגן דער נאציאָנאלער פראגע און אין די רעדעס אפ די קאָנגרעסן פונעם קאָמינטערן האָט לענין ניט איין מאָל געזאָגט, אז דער זיג פון דער וועלט-רעוואָליוציע איז אומעגלעך אָן א רע-וואָליוציאָנערן בונד, אָן א רעוואָליוציאָנערן בלאָק פון דעם פּראָלעטאַריאַט פון די פאָרגעשריטענע לענדער מיט די אונטערדריקטע פעלקער פון די פארשקלאפטע קאָלאָניעס. אָבער וואָס זיינען אזוינס די קאָלאָניעס, אויב ניט די זעלבע אונטערדריקטע ארבעטנדיקע מאסן, און פריער פאר אלץ די אר-בעטנדיקע מאסן פונעם פויערטום? וועמען איז דען ניט באוווּסט, אז די פראגע וועגן דער באפרייונג פון די קאָלאָניעס איז אין טאָך גענומען א פראגע וועגן באפרייען די ארבעטנדיקע מאסן פון די ניט-פּראָלעטאַ-רישע קלאסן פון אונטערן דרוק און עקספּלואטאציע פונעם פינאנץ-קאפיטאל?

דערפון אָבער איז געדרונגען, אז די לענינישע טעאָריע וועגן דער פּראָלעטארישער דיקטאטור איז ניט קיין ריין „רוסישע" טעאָריע, נאָר א טעאָריע, וואָס איז אָבליגאטאריש פאר אלע לענדער. דער באָלשעוויזם איז ניט בלויז א רוסישע דערשיינונג. „דער באָלשעוויזם", — זאָגט לענין, — איז „א מוס-טער פון טאקטיק פאר אלעמען" (זע באנד XXIII, ז. 386).

אָט דאָס זיינען די כאראקטעריסטישע שטריכן פון דער ערשטער באַ-זונדערקייט פון דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע.

וויאזוי האלט עס פונעם שטאנדפּונקט פון דער דאָזיקער אייגנשאפט פון דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע מיט כ' טראָצקיס טעאָריע וועגן דער „פּער-מאנענטער רעוואָליוציע"?

מיר וועלן קיין סאך ניט ריידן וועגן כ' טראָצקיס פּאָזיציע אין 1905 יאָר, ווען ער האָט „פּאָשעט" פארגעסן אָנעם פויערטום, אלס א רעוואָליו-ציאָנערע קראפט, ארויסרוקנדיק דעם לאָזונג „אָן א צאר, און די רעגירונג אָן ארבעטערשע", ד.ה. א לאָזונג וועגן א רעוואָליוציע אָן דעם פויערטום. אפילע דער כ' ראדעק, אָט-דער דיפּלאָמאטישער פארטיידיקער פון דער „פּערמא-נענטער רעוואָליוציע", איז איצט געצוווּנגען צו אנערקענען, אז די „פּערמא-נענטע רעוואָליוציע" אין 1905 יאָר האָט באטייט א שפּרונג אינדער-לופטן" פון דערווירקלעכקייט (זע „פּראוודא" פון 14-טן דעקאבער 1924 יאָר). איצט, זעט אויס, אנערקענען אלע, אז מיט דעם דאָזיקן „שפּרונג אינדער-לופטן" לוינט מער ניט צו האָבן צו טאָן.

מיר וועלן אויך קיין סאך ניט ריידן וועגן כ' טראָצקיס פּאָזיציע אינעם פּעריאָד פון דער מילכאָמע, לאָמיר זאָגן, אין 1915 יאָר, ווען אין זיין ארטיקל „קאמף פאר מאכט", ארויסגייענדיק דערפון, אז „מיר לעבן אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאליזם", אז דער אימפּעריאליזם „שטעלט אנטקעגן

ניט די בורזשואזע נאציע קעגן דעם אַלטן רעזשים, נאָר דעם פּראָלעטאריאַט — קעגן דער בורזשואזער נאציע", איז ער געקומען צום אויספיר, אַז די רעוואָליוציאָנערע ראָליע פונעם פויערטום מוז קלענער ווערן, אַז דער לאָזונג וועגן קאָנפיסקירן די ערד האָט שוין ניט די באַדײַטונג, וואָס ער האָט געהאַט פריער (זע „דאָס 1905־טע יאָר", ז. 289—292). עס איז באַוווּסט, אַז פאַרנאַנדערקלײַבנדיק דעם דאָזיקן אַרטיקל פון כ' טראָצקיס, האָט אים לענין דעמאָלט באַשולדיקט אין „אָפּלייקענען" „די ראָליע פונעם פויערטום", זאָגנדיק, אַז טראָצקי העלפט פאַקטיש די ליבעראַלע אַרבעטער־פּאָליטיקער פון רוסלאַנד, וואָס אונטערן „אָפּלייקענען" די ראָליע פונעם פויערטום פאַרשטייען זיי דאָס ניט וועלן אויפהייבן די פויערים צו אַ רעוואָליוציע" (זע ב. XVIII, ז. 318).

מיר וועלן בעסער איבערגיין צו די שפּעטערדיקע ווערק פונעם כ' טראָצקי איבער דער דאָזיקער פראַגע, צו די ווערק פון יענעם פּעריאָד, ווען די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור האָט שוין באַוויזן צו פאַרפעסטיקן זיך און ווען דער כ' טראָצקי האָט געהאַט אַ מעגלעכקײַט דורכצוקאָנטראָלירן זײַן טעאָריע פון „פּערמאַנענטער רעוואָליוציע" אין דער פּראַקטיק און צו פאַריכטן זײַנע טעאָסן. מיר וועלן נעמען כ' טראָצקיס „פאָרעדע" צום בוך „דאָס 1905־טע יאָר", וואָס איז געשריבן געוואָרן אין 1922 יאָר. אָט וואָס כ' טראָצקי זאָגט אין דער דאָזיקער „פאָרעדע" וועגן דער „פּערמאַנענטער רעוואָליוציע":

„גראָד אינעם פּעריאָד צווישן דעם 9־טן יאַנוואַר און דעם אָקטיאבער־שטרײַק פון 1905 יאָר האָבן זיך אויסגעבילדעט באַם אויטער יענע אָנשויונגען אויפן כאַראַקטער פון דער רעוואָליוציאָנערער אַנטוויקלונג פון רוסלאַנד, יענע אָנשויונגען, וועלכע האָבן באַקומען דעם נאָמען טעאָריע פון דער „פּערמאַנענטער רעוואָליוציע". דער דאָזיקער טיפּזיניקער נאָמען האָט אויסגעדריקט דעם געדאַנק, אַז די רוסישע רעוואָליוציע, וואָס אומיטלבאַר שטייען פאַר איר בורזשואזע צילן, וועט פונדעסטוועגן ניט קאָנען זיך אָפּשטעלן אויף זיי. די רעוואָליוציע וועט ניט קאָנען לייזן אירע נאָענטע בורזשואזע אויפגאַבן אַנדערש, ווי דורך אַוועקשטעלן בײַ דער מאַכט דעם פּראָלעטאַריאַט. און אָט־דער פּראָלעטאַריאַט, ווען ער וועט נעמען אין די הענט די מאַכט, וועט ניט קאָנען באַגרענעצן זיך מיט בורזשואזע ראַמען אין דער רעוואָליוציע. פאַרקערט, טאַקע קעדיי צו זיכערן זײַן ניצאָכן, וועט דעם פּראָלעטאַרישן אַוואַנגאַרד שוין אין די ערשטע צײַטן פון זײַן הערשאַפט אויסקומען אַרײַנצורײַסן זיך זייער טיף ניט בלויז אין דעם פעאָדאַלן, נאָר אויך אין דעם בורזשואזן אייגנטום. דערבײַ וועט ער קומען אין פײַנטלעכע צוזאַמענשטויסן ניט בלויז מיט אַלע גרופּירונגען פון דער בורזשואזע, וועלכע האָבן אים געשטיצט אין די ערשטע צײַטן פון זײַן רעוואָליוציאָנערן קאַמף, נאָר אויך מיט די ברייטע מאַסן פונעם פויערטום, וואָס מיט זייער מיטווירקונג איז ער געקומען צו דער מאַכט. די ווידערשפּרוכן אין דער לאַגע פון אַן אַרבעטער־רעגירונג אין אַן אָפּגעשטאַנענעם לאַנד, מיט אַן איבערוועגנדיקער מערהײַט פויערשער באַפעלקערונג, וועלן קאָנען געפינען זייער לייזונג בלויז אין אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב, אויף דער אַרענע פון דער אַלוועלטלעכער רעוואָליוציע פונעם פּראָלעטאַריאַט" (זע די אויבן דערמאָנטע „פאָרעדע" צום כ' טראָצקיס בוך „דאָס 1905־טע יאָר").[1]

---

1 מײַן קורסיוו. י. ס ט.

אָט אזוי רעדט כ׳ טראָצקי וועגן זײַן „פּערמאַנענטער רעװאָליוציע״.

עס איז גענוג בלויז צו פאַרגלײַכן די דאָזיקע ציטאַטע מיט די אויבן גע־בראַכטע ציטאַטעס פון לענינס ווערק וועגן דער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט, כדי צו פאַרשטיין דעם גאַנצן אָפּגרונט, וואָס טיילט אָפּ די לענינישע טעאָ־ריע וועגן דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט פון כ׳ טראָצקיס טעאָריע וועגן „פּער־מאַנענטער רעװאָליוציע״.

לענין רעדט וועגן א ב ו נ ד פונעם פּראָלעטאַריאַט מיט די אַרבעטנדיקע שיכטן פונעם פּויערטום, אלס יסוד פון דער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט. בא טראָצקין ווידער באַקומען זיך „פ ײַ נ ט ל ע כ ע צ ו ז א מ ע נ ש ט ו י ס ן״ פונעם „פּראָלעטאַרישן אַוואַנגאַרד״ מיט „די ברייטע מאַסן פונעם פּויערטום״.

לענין רעדט וועגן אָ נ פ י ר ו נ ג מיט די אַרבעטנדיקע און עקספּלואַטירטע מאַסן מיצד דעם פּראָלעטאַריאַט. בא טראָצקין ווידער באַקומען זיך „ווי־ד ע ר ש פּ ר ו כ ן אין דער לאַגע פון אַן אַרבעטער־רעגירונג אין אַן אָפּגע־שטאַנענעם לאַנד, מיט אַן איבערוועגנדיקער מערהייט פּויערשער באַפעלקערונג״.

לויט לענינען שעפּט די רעװאָליוציע אירע קרעפטן פריער פון אַלץ צווישן די אַרבעטער און פּויערים פון רוסלאַנד גופא. בא טראָצקין ווידער באַקומט זיך, אַז די נייטיקע קרעפטן קאָן מען שעפּן ב ל ו י ז „אין דער אַרענע פון דער אַלוועלטלעכער רעװאָליוציע פונעם פּראָלעטאַריאַט״.

און ווי זאָל זײַן, אויב דער אינטערנאַציאָנאַלער רעװאָליוציע איז באַ־שערט צו קומען מיט א פאַרשפּעטיקונג? צי איז פאַראַן וואָסער־ניט־איז ליכטיקע אויסזיכט פאַר אונדזער רעװאָליוציע? דער כ׳ טראָצקי גיט ניט קיין שום ליכטיקע אויסזיכט, ווארעם „די ווידערשפּרוכן אין דער לאַגע פון אַן אַרבעטער־רעגירונג... וועלן קאָנען געפינען זייער לייזונג בלויז... אין דער אַרענע פון דער אַלוועלטלעכער רעװאָליוציע פונעם פּראָלעטאַריאַט״. לויט דעם דאָזיקן פּלאַן פאַרבלײַבט פאַר אונדזער רעװאָ־ליוציע בלויז איין פּערספּעקטיוו: מאַטערן זיך אין אירע אייגענע ווידער־שפּרוכן און פוילן אויפן וואָרצל, וואַרטנדיק אויף דער אַלוועלטלעכער רע־װאָליוציע.

וואָס איז אזוינס דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט לויט לענינען?

דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט איז א מאַכט, וואָס שפּאַרט זיך אָן אויפן בונד פונעם פּראָלעטאַריאַט מיט די אַרבעטנדיקע מאַסן פונעם פּויערטום צוליב „דעם פולן אַראָפּוואַרפן דעם קאַפּיטאַל״, צוליב דער „ענדגילטיקער שאַפונג און פאַרפעסטיקונג פונעם סאָציאַליזם״.

וואָס איז אזוינס דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט לויט טראָצקין?

דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט איז א מאַכט, וואָס טרעט אַרײַן „אין פײַנטלעכע צוזאַמענשטויסן״ מיט „די ברייטע מאַסן פונעם פּויערטום״ און

וואָס זוכט א לייזונג פון די „ווידערשפרוכן" בלויז „אפ דער ארענע פון דער אלוועלטלעכער רעוואָליוציע פונעם פראָלעטאריאט".

מיט וואָס אונטערשיידט זיך די דאָזיקע „טעאָריע פון פערמאנענטער רעוואָליוציע" פון דער באוווסטער טעאָריע פונעם מענשעוויזם, וואָס לייקנט אָפּ די אידיי וועגן דער דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט?

אין טאָך גענומען, מיט גאָרנישט.

ספייקעס זיינען אומעגלעך. די „פערמאנענטע רעוואָליוציע" איז ניט קיין פּשוטע ניט־דערשאצונג פון די רעוואָליוציאָנערע מעגלעכקייטן פון דער פויערשער באוועגונג. די „פערמאנענטע רעוואָליוציע" איז אזא ניט־דערשאצונג פון דער פויערשער באוועגונג, וואָס פירט צום אָפּלייקענען די לענינישע טעאָריע וועגן דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט.

די „פערמאנענטע רעוואָליוציע" פון כ' טראָצקי איז א וואריאציע פונעם מענשעוויזם.

אזוי האלט עס מיט דער ערשטער באזונדערקייט פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע.

וועלכע זיינען עס די כאראקטעריסטישע שטריכן פון דער צווייטער באזונדערקייט פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע?

שטודירנדיק דעם אימפּעריאליזם, באזונדערס אינעם מילכאָמע־פּעריאָד, איז לענין געקומען צום געזעץ וועגן דער ניט־גלייכמעסיקייט, דער שפּרונג־ארטיקייט פון דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער אנטוויקלונג פון די קאַפּיטאליסטישע לענדער. לויטן זין פון אָט־דעם געזעץ, קומט פאָר די אנטוויקלונג פון אונטערנעמונגען, טרעסטן, אינדוסטריע־צווייגן און פון באזונדערע לענדער ניט גלייכמעסיק, ניט אין אָרדענונג פון א פעסטגעשטעלטער ריי, ניט אזוי, אז איין טרעסט, איין אינדוסטריע־צווייג אָדער איין לאנד זאָל גיין די גאנצע צייט פאָרויס, און די אנדערע טרעסטן אָדער לענדער זאָלן אין א געוויסן סיידער אָפּשטיין איינס פונעם אנדערן, — נאָר שפּרונג־ארטיק, מיט איבעררייסן אין דער אנטוויקלונג פון איינע לענדער און מיט שפּרונגען פאָרויס אין דער אנטוויקלונג פון אנדערע לענדער. די „פולקום געזעצלעכע" שטרעבונג פון די אָפּשטייענדיקע לענדער צו איינהיטן די אלטע פּאָזיציעס און די פונקט אזוי „געזעצלעכע" שטרעבונג פון די לענדער, וואָס זיינען פארשפּרונגען פאָרויס, צו פארכאַפּן נייע פּאָזיציעס פירט דערביי דערצו, אז מיליטערישע צוזאמענשטויסן צווישן די אימפּעריאליסטישע לענדער זיינען אן אומפארמיידלעכע נויטווענדיקייט. אזוי איז געווען, צום ביישפּיל, מיט דייטשלאנד, וואָס איז מיט פופציק יאָר צוריק, אין פארגלייך מיט פראנקרייך און ענגלאנד, געווען אן אָפּגעשטאנענע לאנד. דאָס זעלביקע דארף מען זאָגן וועגן יאפּאָניע אין פארגלייך מיט רוסלאנד. עס איז דאָך

באוווסט, אז שוינ אינ אָנהייב XX יאָרהונדערט האָבנ דײַטשלאנד אונ יאַפּאָניע א שפּרונג געטאָנ אזוי ווײַט, אז דאָס ערשטע האָט באוויזנ אריבעריאָגנ פראנקרײַכ אונ האָט אָנגעהויבנ אפּנ וועלט-מארק צו שטויסנ ענגלאנד, אונ די צווייטע — רוסלאנד. פונ די דאָזיקע ווידערשפּרוכנ איז אויכ אנטשטאנענ, ווי באוווסט, די אימפּעריאליסטישע מילכאָמע, וואָס איז ניט לאנג פאָרגעקומענ.

דער דאָזיקער געזעצ גייט ארויס דערפונ, וואָס:

1) „דער קאפּיטאליזמ איז אריבערגעוואָקסנ אינ אנ אלוועלטלעכער סיסטעמ פונ קאָלאָניאלער אונטערדריקונג אונ פינאנציעלנ דערשטיקנ די גיגאנטישע מערהײַט באפעלקערונג פונ דער ערד דורכ א הײַפעלע „פאָרגעשריטענע“ לענדער“ (זע די פאָרעדע צו דער פראנצויזישער אויסגאבע פונ לענינס „אימפּעריאליזמ“, ב. XIX, ז. 74).

2) „די צעטיילונג פונ דעמ דאָזיקנ „רויב“ קומט פאָר צווישנ צוויי—דרײַ אלוועלטלעכ־מעכטיקע, פונ קאָפּ ביז די פיס באוואָפנטע רויבער (אמעריקע, ענגלאנד, יאפּאָניע), וועלכע ציִענ ארײַנ אינ זייער מילכאָמע איבער דער צעטיילונג פונ זייער רויב די גאנצע ערד“ (זע דאָרטנ).

3) דער וווּקס פונ די ווידערשפּרוכנ אינעווייניק אינ דער וועלט־סיסטעמ פונ פינאנציעלער אונטערדריקונג אונ די אומפארמײַדלעכקײַט פונ קריג־צוזאמענשטויסנ פירנ דערצו, אז דער וועלט־פראָנט פונעמ אימפּעריאליזמ ווערט לײַכט פארווונדבאר מיצאד דער רעוואָליוציע, אונ דער דורכרײַס פונ דעמ דאָזיקנ פראָנט מיצאד באזונדערע לענדער ווערט ווארשײַנלעכ.

4) דער דאָזיקער דורכרײַס קאָנ פאָרקומענ ווארשײַנלעכער פונ אלצ אינ יענע פונקטנ אונ אינ יענע לענדער, ווו די קייט פונעמ אימפּעריאליסטישנ פראָנט איז שוואכער, דה. ווו דער אימפּעריאליזמ איז אמווייניקסטנ אונטערגעשמידט, אונ דער רעוואָליוציע איז לײַכטער פונ אלצ פאנאנדערצוּוויקלענ זיכ.

5) דעריבער איז דער זיג פונעמ סאָציאליזמ אינ איינ לאנד, אויב אפילע דאָס דאָזיקע לאנד איז קאפּיטאליסטיש ווייניקער אנטוויקלט, באמ פארבלײַבנ פונעמ קאפּיטאליזמ אינ אנדערע לענדער, אויב אפילע די דאָזיקע לענדער זײַנענ קאפּיטאליסטיש מער אנטוויקלט, — פולשטענדיק מעגלעכ אונ ווארשײַנלעכ.

אָט דאָס זײַנענ אינ צוויי ווערטער די יעסוידעס פונ דער לענינישער טעאָריע פונ דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע.

אינ וואָס באשטייט די צווייטע באזונדערקײַט פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע?

די צווייטע באזונדערקײַט פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע באשטייט

דערינ, וואָס די דאָזיקע רעוואָליוציע איז א מוסטער פונ אָנווענדנ אינ דער פראקטיק די לענינישע טעאָריע פונ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע.

ווער עס האָט ניט פארשטאנענ די דאָזיקע באזונדערקייט פונ דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע, דער וועט קיינמאָל ניט פארשטיינ ניט די אינטער-נאציאָנאלע נאטור פונ דער דאָזיקער רעוואָליוציע, ניט איר קאָלאָסאלע אינטערנאציאָנאלע מעכטיקייט, ניט איר אייגנארטיקע אויסערלעכע פאָליטיק.

„די ניט-גלייכמעסיקייט פונ דער עקאָנאָמישער אונ פאָליטישער אנטוויקלונג, — זאָגט לענינ, — איז אנ אומבאדינגטער געזעצ פונעמ קאפיטאליזמ. פונדאנענ איז געדרונגענ, אז עס איז מעגלעכ דער זיג פונעמ סאָציאַליזמ צוערשט אינ א קליינער צאָל אָדער אפילע אינ איינ, באזונדער גענומענ, קאפיטאליסטיש לאנד. דער זיגרייכער פראָלעטאריאט פונ דעמ דאָזיקנ לאנד וואָלט נאָכנ עקספראָפריִרנ די קאפיטאליסטנ אונ נאָכנ אָרגאניזירנ בא זיכ די סאָציאַליסטישע פראָדוקציע אופגעשטאנענ קעגנ דער איבעריקער, קאפיטאליסטישער וועלט, צוציענדיק צו זיכ די אונטערדריקטע קלאסנ פונ אנדערע לענדער, אופהייבנדיק אינ זיי אנ אופשטאנד קעגנ די קאפיטאליסטנ, ארויסטרעטנדיק אינ פאל פונ נויטווענדיקייט אפילע מיט מיליטערישער קראפט קעגנ די עקספלואטאטאָרישע קלאסנ אונ זייערע מעלוכעס". ווייל „עס איז אוממעגלעכ א פרייע פאראייניקונג פונ נאציעס אינעמ סאָציאַליזמ אָנ א מער אָדער ווייניקער דויערנדיקנ, הארטנעקיקנ קאמפ פונ די סאָציאַליסטישע רעפובליקנ קעגנ די אָפגעשטאנענע מעלוכעס" (זע ב. XVIII, ז. 232—233).

די אָפאָרטוניסטנ פונ אלע לענדער באהויפטנ, אז די פראָלעטארישע רעוואָליוציע קאָנ זיכ אָנהייבנ — אויב זי דארפ זיכ בכלל ערגעצ אָנהייבנ לויט זייער טעאָריע — בלויז אינ די אינדוסטריעל-אנטוויקלטע לענדער, אז וואָס מער די דאָזיקע לענדער זיינענ אנטוויקלט אינ אינדוסטריעלער הינזיכט, אלצ מער שאנסנ איז פאראנ פארנ זיג פונעמ סאָציאַליזמ, דערביי ווערט בא זיי די מעגלעכקייט, אז דער סאָציאַליזמ זאָל זיגנ אינ איינ לאנד, אונ נאָכ אינ א קאפיטאליסטיש ווייניק אנטוויקלט לאנד, אויסגעשלאָסנ, ווי עטוואָס לאכלוטנ ניט-ווארשיינלעכעס. לענינ האָט נאָכ בייס דער מילכאָמע, שטיצנדיק זיכ אפנ געזעצ פונ ניט-גלייכמעסיקער אנטוויקלונג פונ די אימפעריאַליסטישע מעלוכעס, אנטקעגנגעשטעלט קעגנ די אָפאָרטוניסטנ זיינ טעאָריע פונ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע וועגנ דעמ זיג פונעמ סאָציאַליזמ אינ איינ לאנד, אויב אפילע דאָס דאָזיקע לאנד איז קאפיטאליסטיש ווייניקער אנטוויקלט.

עס איז באוווסט, אז די אָקטיאבער-רעוואָליוציע האָט אינגאנצנ באשטעטיקט די ריכטיקייט פונ דער לענינישער טעאָריע פונ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע.

ווי האלט עס מיט כ' טראָצקיס „פערמאנענטער רעוואָליוציע" פונעמ שטאנדפונקט פונ דער לענינישער טעאָריע פונ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע?

מיר וועלן נעמען כ׳ טראָצקיס בראָשור „אונדזער רעוואָליוציע״ (1906 י.).
כ׳ טראָצקי שרײַבט:

„אָן דער דירעקטער מעלוכישער שטיצע מיצאַד דעם אייראָפּייִשן פּראָלעטאַריאַט וועט דער ארבעטער־קלאַס פון רוסלאַנד ניט קאָנען אײַנהאַלטן זיך בא דער מאַכט און פאַרוואַנדלען זײַן צײַטווײַליקע הערשאַפט אין א דויערנדיקער סאָציאַליסטישער דיקטאַטור. דעריבער קאָן מען ניט צווייפלען קיין איין מינוט״ (זע „אונדזער רעוואָליוציע״, ז. 278).

וועגן וואָס רעדט די דאָזיקע ציטאַטע? וועגן דעם, אז דער זיג פון סאָציאַליזם אין איין לאַנד, אינעם געגעבענעם פאַל אין רוסלאַנד, איז אומעגלעך „אָן דער דירעקטער מעלוכישער שטיצע מיצאַד דעם אייראָפּייִשן פּראָלעטאַריאַט״, דה. ביז דער אייראָפּייִשער פּראָלעטאַריאַט וועט ניט דעראָבערן די מאַכט.

וואָס איז פאַראַן געמיינזאַמעס צווישן דער דאָזיקער „טעאָריע״ מיט לענינס האַנאָכע וועגן דער מעגלעכקייט, אז דער סאָציאַליזם זאָל זיגן „אין איין, באַזונדער גענומען, קאַפּיטאַליסטיש לאַנד״?

ס׳איז קלאָר, אז דאָ איז קיין שום געמיינזאַמעס ניט פאַראַן.

נאָר לאָמיר נאָכגעבן, אז די דאָזיקע בראָשור פונעם כ׳ טראָצקי, וואָס איז ארויסגעגעבן געוואָרן אין 1906 יאָר, ווען ס׳איז שווער געווען צו באַשטימען דעם כאַראַקטער פון אונדזער רעוואָליוציע, אנטהאַלט ניט־ווילנדיקע טאָעסן און אנטשפּרעכט ניט אינגאַנצן דעם כ׳ טראָצקיס אָנשויונגען אין א מער שפּעטערדיקן פּעריאָד. לאָמיר באַטראַכטן דעם כ׳ טראָצקיס א צווייטע בראָשור, זײַן „שאָלעם־פּראָגראַם״, וואָס איז דערשינען פאַר דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע פון 1917 יאָר און וואָס איז נאָכאַמאָל ארויסגעגעבן געוואָרן איצט (אין 1924 יאָר) אינעם בוך „1917״. אין דער דאָזיקער בראָשור קריטיקירט כ׳ טראָצקי די לענינישע טעאָריע פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע וועגן זיג פונעם סאָציאַליזם אין איין לאַנד און שטעלט איר קעגן דעם לאָזונג וועגן פאַראייניקטע שטאַטן פון אייראָפּע. ער באַהויפּט, אז דער זיג פון סאָציאַליזם אין איין לאַנד איז אומעגלעך, אז דער זיג פונעם סאָציאַליזם איז מעגלעך בלויז ווי א זיג פון עטלעכע גרונטלענדער פון אייראָפּע (ענגלאַנד, רוסלאַנד, דײַטשלאַנד), וואָס פאַראייניקן זיך אין פאַראייניקטע שטאַטן פון אייראָפּע, אָדער ער איז אינגאַנצן אומעגלעך. ער זאָגט בעפּירעש, אז „א זיגרײַכע רעוואָליוציע אין רוסלאַנד אָדער אין ענגלאַנד איז אומדענקבאַר אָן א רעוואָליוציע אין דײַטשלאַנד, און פאַרקערט״ (זע „1917״, ב. III פון כ׳ טראָצקיס ווערק, טייל 1, ז. 89).

„דער איינציקער וויפל־ביט־איז קאָנקרעטער היסטאָרישער ארגומענט, — זאָגט כ׳ טראָצקי, — קעגן דעם לאָזונג פאַראייניקטע שטאַטן איז געווען פאָרמולירט אינעם שווייצערישן „סאָציאַל־דעמאָקראַט״ (דער דעמאָלטיקער צענטראַלער אָרגאַן פון די באָלשעוויקעס. י. ס ט.) אין דער פאָלגנ־

דיקער פראזע: „די ניט־גלײַכמעסיקײַט פונ דער עקאָנאָמישער אונ פּאָליטישער אנטוויקלונג איז אנ אומבאדינגטער געזעצ פונעם קאפּיטאליזמ“. פונראנענ האָט דער „סאָציאל־דעמאָקראט“ גע־מאכט דעמ אויספיר, אז עס איז מעגלעכ דער זיג פונעמ סאָציאליזמ אינ אײנ לאנד אונ אז עס איז דעריבער ניטאָ צוליב וואָס צו שטעלנ אלס באדינג פאר דער דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט אינ יעדער באזונדער מעלוכע דאָס שאפנ פאדייניקטע שטאטנ פונ אײראָפּע. אז די קאפּיטאליסטישע אנטוויקלונג פונ פארשיידענע לענדער איז ניט־גלײַכמעסיק, דאָס איז א געדאנק, וואָס קאָנ לאכלוטנ ניט באשטריטנ ווערנ. די דאָזיקע ניט־גלײַכמעסיקײַט גופע איז אָבער זייער ניט־גלײַכ־מעסיק. דער קאפּיטאליסטישער ניוואָ פונ ענגלאנד, עסטרײַכ, דײַטשלאנד אָדער פראנקרײַכ איז ניט אײנער אונ דער זעלבער. אינ פארגלײַכ אָבער מיט אפריקע אונ אזיע בילדנ אָט־די אלע לענדער די קאפּיטאליסטישע „אײראָפּע“, וואָס איז רײַפ געוואָרנ פאר דער סאָציאלער רעוואָליוציע. אז קײנ אײנ לאנד דארפ אינ זײַנ קאמפ ניט „ווארטנ“ אפ אנדערע, — דאָס איז אנ עלעמענטא־רער געדאנק, וועלכנ עס איז נוצלעכ אונ נייטיק איבערצוכאזערנ, קעדיי די אידיי פונ פּאראַ־לעלער אינטערנאציאָנאלער טאט זאָל ניט פארביטנ ווערנ אפ דער אידיי פונ אויסווארטנדיקער אינטערנאציאָנאלער אומטעטיקײַט. ניט ווארטנדיק אפ אנדערע, הייבנ מיר אָנ אונ זעצנ פאָר דעמ קאמפ אפ א נאציאָנאלנ באָדנ אינ דער פולער זיכערקײַט, אז אונדזער איניציאטיוו וועט געבנ א שטויס דעמ קאמפ אינ אנדערע לענדער; אונ אויב דאָס וואָלט ניט פאָרגעקומענ, איז האָפענונגלאָז צו מיינענ — אזוי זאָגנ אײדעס אי די דערפארונג פונ דער געשיכטע אי די טעאָרעטישע באטראכטונגענ, — אז, צומבײַשפּיל, דאָס רעוואָליוציאָנערע רוסלאנד וואָלט געקאָנט בײַשטײנ דער קאָנסערוואטיווער אײראָפּע, אָדער דאָס סאָציאליסטישע דײַטשלאנד וואָלט געקאָנט פארבלײַבנ איזאָלירט אינ דער קאפּיטאליסטישער וועלט“ (זע ב. III פונ כ' טראָצקיס ווערק, טײל I, ז. 89—90).

ווי איר זעט, האָבנ מיר פאר זיכ די זעלביקע טעאָריע וועגנ א גלײַכצײַטיקנ זיג פונעמ סאָציאליזמ אינ די גרונט־לענדער פונ אײראָפּע, וואָס, אלס קלאל, שליסט זי אויס די לענינישע טעאָריע פונ רעוואָליוציע וועגנ זיג פונעמ סאָציאליזמ אינ אײנ לאנד.

ס'איז טאקע ריכטיק, אז פארנ *פולשטענדיקנ* זיג פונעמ סאָציאליזמ, פאר דער *פולשטענדיקער* גאראנטיע קעגנ אופשטעלנ צוריק די אלטע פּאָראָנדקעס זײַנענ נויטווענדיק די געמיינזאמע אָנשטרענגונגענ פונ די פּראָלעטאריער פונ עטלעכע לענדער. ס'איז טאקע ריכטיק, אז וועג אונדזער רעוואָליוציע זאָל ניט געווענ האָבנ די שטיצע פונעמ פּראָלעטא־ריאט פונ אײראָפּע, וואָלט דער פּראָלעטאריאט פונ רוסלאנד ניט געקאָנט בײַשטײנ דעמ אלגעמיינעמ דראנג, פונקט אזוי ווי די רעוואָליוציאָ־נערע באוועגונג אפנ מײַרעוו וואָלט אָנ דער אונטערשטיצונג מיצאד דער רעוואָליוציע אינ רוסלאנד ניט געקאָנט זיכ אנטוויקלענ מיט יענעמ טעמפּ, מיט וועלכנ די דאָזיקע באוועגונג האָט זיכ אָנגעהויבנ אנטוויקלענ נאָכ דער פּראָלעטארישער דיקטאטור אינ רוסלאנד. עס איז טאקע ריכטיק, אז אונדז איז נייטיק אונטערשטיצונג. וואָס הייסט אָבער אונטערשטיצונג פאר אונדזער רעוואָליוציע מיצאד דעמ מײַרעוו־אײראָפּײַשנ פּראָלעטאריאט? דאָס מיטגעפיל פונ די אײראָפּײַשע ארבעטער צו אונדזער רעוואָליוציע,

זייער גרייטקייט צו צעשטערן די פּלענער פון די אימפּעריאַליסטן וועגן אן אינטערווענץ, — צי איז דאָס אלץ אונטערשטיצונג, ערנסטע הילף? גע־וויס, יאָ. אָן אזא הילף ניט בלויז מיצאד די אייראָפּייִשע ארבעטער, נאָר אויך מיצאד די קאָלאָניאַלע און אָפּהענגיקע לענדער, וואָלט די פּראָלעטארישע דיקטאטור אין רוסלאנד געהאַלטן גאנץ שמאָל. צי האָט ביז איצט דאָס דאָזיקע מיטגעפיל און די דאָ־זיקע הילף, פאריייניקט מיט דער מעכטיקייט פון אונדזער רויטער ארמיי און מיט דער גרייטקייט פון די ארבעטער און פויע־ים פון רוסלאנד צו פארטיידיקן מיט זייער ברוסט דאָס סאָציאַליסטישע פאָטערלאנד, — צי האָט דאָס אלץ געקלעקט אָפּצושלאָגן די אטאקעס פון די אימפּעריא־ליסטן און אָפּ צו דעראָבערן פאר אונדז די נייטיקע באדינגונגען פאר ערנסטער בוי־ארבעט? יאָ, ס'האָט געקלעקט. צי וואקסט דאָס דאָזיקע מיטגעפיל אָדער עס קומט אָפּ? געוויס, וואקסט עס. צי האָבן מיר, אזויארום, גינסטיקע באדינגונגען ניט בלויז אָפּ א רוק צו טאָן פאָ־רויס די אָרגאניזירונג פון דער סאָציאַליסטישער ווירטשאפט, נאָר אויך דערצו, אז מיר זאָלן, פון אונדזער זייט, געבן שטיצע סיי די מייַרעוו־אייראָפּייִשע ארבעטער סיי די אונטערדריקטע מיזרעח־פעלקער? יאָ, מיר האָבן. וועגן דעם רעדט איבערצייַגנדיק די זיבניאָריקע געשיכטע פון דער פּראָלעטארישער דיקטאטור אין רוסלאנד. צי קאָן מען דען לייקענען, אז דער מעכטיקער ארבעט־אופשטייַג האָט זיך שוין בא אונדז אָנגעהויבן? ניין, מע קאָן ניט לייקענען.

וואָס פאר א באטייַט קאָן נאָך דעם אלעם האָבן דעם כ' טראָצקיס דערקלערונג וועגן דעם, אז דאָס רעוואָליוציאָנערע רוסלאנד וואָלט ניט געקאָנט בייַשטיין דער קאָנסערוואטיווער אייראָפּע?

זי קאָן האָבן בלויז איין באטייַט: ערשטנס, אז דער כ' טראָצקי פילט ניט די אינערלעכע קראַפט פון אונדזער רעוואָליוציע; צווייטנס, אז דער כ' טראָצקי פארשטייט ניט די אומאָפּשאצלעכע באדייַטונג פון יענער מאָ־ראלישער אונטערשטיצונג, וואָס די ארבעטער פון מייַרעוו און די פויערים פון מיזרעח גיבן אונדזער רעוואָליוציע; דריטנס, אז דער כ' טראָצקי פאסט ניט אוף די אינערלעכע אָנמעכטיקייַט, וואָס צעפרעסט איצט דעם אימפּעריאַליזם.

פארקאָכט אין דער קריטיק פון דער לענינישער טעאָריע פון דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע, האָט כ' טראָצקי אומגערן זיך אליין אינ־גאנצן צעקלאפּט אין זייַן בראָשור „די שאָלעם־פּראָגראַמע״, וואָס איז דער־שינען אין 1917 יאָר און ארויסגעגעבן געוואָרן נאָכאמאָל אין 1924 יאָר.

נאָר, עפּשער, איז אויך די דאָזיקע בראָשור פונעם כ' טראָצקי פאר־

עלטערט, און האָט צוליב עפּעס אויפגעהערט צו אנטשפּרעכן זײַנע איצטי־קע אָנשוווּנגען? לאָמיר נעמען כ׳ טראָצקיס שפּעטערדיקע ווערק, וואָס זײַנען אָנגעשריבן געוואָרן נאָך זיג פון דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע אין איין לאַנד, אין רוסלאַנד. לאָמיר נעמען, צומבײַשפּיל, דעם כ׳ טראָצקיס „נאָכוואָרט" צו דער נײַער אויסגאַבע פון דער בראָשור „די שאָלעם-פּראָגראַם", אָט דאָס „נאָכוואָרט", וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן אין 1922 יאָר. אָט וואָס ער שרײַבט אין דעם דאָזיקן „נאָכוואָרט":

„אייניקע לייענער וועט זיך, עפּשער, אויסווײַזן, אז די באהויפּטונג, וואָס כאַזערט זיך עטלעכע מאָל איבער אין דער „שאָלעם־פּראָגראַם", אז די פּראָלעטארישע רעוואָליוציע קאָן זיך ניט פאַ־רענדיקן זיגרײַך אין נאַציאָנאלע ראַמען, איז אָפּגעלייגט דורך דער קימאַט פינפיאָריקער דער־פארונג פון אונדזער סאָוועטישער רעפּובליק. אזא אויספיר וואָלט אָבער געווען אומבאַגרינדעט. דער פאַקט, וואָס די ארבעטער־מעלוכע האָט זיך אײַנגעהאַלטן קעגן דער גאַנצער וועלט אין איין לאַנד, און דערבײַ נאָך אין אַן אָפּגעשטאַנענעם לאַנד, זאָגט עדות וועגן דער קאָלאָסאַלער מעכטיקייט פונעם פּראָלעטאריאַט, וועלכע וועט אין אַנדערע, מער פאָרגעשריטענע, מער ציוויליזירטע לענדער פּייַק זײַן אויפצוטאָן בעממעס וווּנדער. האַבנדיק אין פּאָליטישן און אין מיליטערישן זינען זיך פארפעסטיקט אלס מעלוכע, זײַנען מיר נאָך אָבער צו דער שאַ־פונג פון א סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט ניט געקומען און אפילו ניט צוגעגאַנגען... קאָלזמאַן אין די איבעריקע אייראָפּייִשע מעלוכעס שטייט בא דער מאַכט די בורזשואַזיע, זײַנען מיר געצוווּנגען, אין קאַמף קעגן דער עקאָנאָמישער איזאָלירטקייט, צו זוכן אַן אויסגלײַך מיט דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט; אין דער זעלביקער צײַט קאָן מען מיט זיכערקייט זאָגן, אז די דאָזיקע אויסגלײַכן קאָנען אונדז, אין בעסטן פאַל, העלפן צו פארהיילן די אָדער אַנדערע עקאָנאָמישע ווונדן, מאַכן דעם אָדער יענעם טריט פאָרויס, אָבער דער ווירקלעכער אויפשטײַג פון דער סאָציאַליסטישער ווירטשאַפט אין רוסלאַנד וועט מעגלעך ווערן ערשט נאָכן זיג[1] פונעם פּראָלעטאריאַט אין די ווי**כטיקסטע לענדער פון אייראָפּע**" (זע ב. III פון כ׳ טראָצקיס ווערק, טייל 1, ז. 92—93).

אזוי זאָגט כ׳ טראָצקי, זינדיקנדיק בעפּייִרעש קעגן דער ווירקלעכ־קייט און באַמיִענדיק זיך אקשאָנעסדיק צו ראַטעווען די „פּערמאַנענטע רעוואָליוציע" פון אַן ענדגילטיקן צוזאַמענבראָך.

ס׳קומט אויס, אז ווי דו זאָלסט זיך ניט דרייען, נאָר צו דער שאַ־פונג פון א סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט איז מען ניט בלויז נאָך „ניט געקומען", נאָר אפילו „ניט צוגעגאַנגען". עס איז געווען, ווײַזט זיך ארויס, בא אייניקע א האָפענונג אַף „אויסגלײַכן מיט דער קאַפּיטאַליסטי־שער וועלט", אָבער פון די דאָזיקע אויסגלײַכן, ווײַזט זיך ארויס, קומט אויך גאָרנישט ארויס, ווײַל, ווי דו זאָלסט זיך ניט דרייען, אָבער קיין „ווירקלעכן אויפשטײַג פון דער סאָציאַליסטישער ווירטשאַפט" וועט זיך ניט באַקומען, ביז עס וועט ניט זיגן דער פּראָלעטאריאַט „אין די וויכ־טיקסטע לענדער פון אייראָפּע".

[1] מײַנ קורסיוו. י. ס ט.

נו, און אזוי ווי קיין זיג איז נאָך ניטאָ אפן מײַרעוו, בלײַבט פאַר דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד אַן „אויסוואַל“: אָדער פאַרפוילט ווערן אפן וואָרצל, אָדער איבערגעבוירן ווערן אין אַ בורזשואַזער מעלוכע.

ניט אומזיסט רעדט כ׳ טראָצקי שוין אָט באַלד צוויי יאָר וועגן „איבערגעבורט“ פון אונדזער פאַרטיי.

ניט אומזיסט האָט כ׳ טראָצקי פאַראיאָרן נעוויִעס געזאָגט וועגן „אומקום“ פון אונדזער לאַנד.

ווי זאָל מען צונויפּפּאַסן די דאָזיקע מאָדנע „טעאָריע“ מיט לענינס טעאָריע וועגן „דעם זיג פונעם סאָציאַליזם אין איין לאַנד“?

ווי זאָל מען צונויפּפּאַסן אָט-די מאָדנע „פּערספּעקטיוו“ מיט לענינס פּערספּעקטיוו וועגן דעם, אַז די נײַע עקאָנאָמישע פּאָליטיק וועט אונדז געבן אַ מעגלעכקײַט „אויסצובויען דעם פונדאַמענט פון דער סאָציאַליסטישער עקאָנאָמיק“?

ווי זאָל מען צונויפּפּאַסן די דאָזיקע „פּערמאַנענטע“ האָפענונגלאָזיקײַט, צומבײַשפּיל, מיט פאָלגנדיקע ווערטער לענינס:

„דער סאָציאַליזם איז שוין איצט ניט קיין פראַגע פון דער ווײַטער צוקונפט, אָדער פון עפּעס אַן אַבסטראַקט בילד, אָדער פון עפּעס אַן איקאָנע. מיקויעך איקאָנעס זײַנען מיר געבליבן בײַ דער אַלטער מיינונג, בײַ זייער אַ שלעכטער מיינונג. דעם סאָציאַליזם האָבן מיר דורכגעשלעפּט אין אַלטעגלעכן לעבן און דאָ דאַרפן מיר זיך פאַנאַנדערקלײַבן. אָט וואָס עס איז די אויפגאַבע פון אונדזער טאָג, אָט וואָס עס איז די אויפגאַבע פון אונדזער עפּאָכע. דערלויבט מיר צו פאַרענדיקן מיטן אויסדריקן די זיכערקײַט, אַז ווי שווער די דאָזיקע אויפגאַבע זאָל ניט זײַן, ווי נײַ זי איז ניט אין פאַרגלײַך מיט אונדזער פריִערדיקער אויפגאַבע, און וויפל שוועריקייטן זי זאָל אונדז ניט פאַרשאַפן, — וועלן מיר אַלע צוזאַמען, ניט מאָרגן, נאָר אין עטלעכע יאָר, וועלן מיר אַלע צוזאַמען לייזן די דאָזיקע אויפגאַבע, עס מעג זיך זײַן וואָס עס וויל, אַזוי אַז פונעם נעפּישן רוסלאַנד וועט זײַן אַ רוסלאַנד אַ סאָציאַליסטישעס“ (זע ב. XXVII, ז. 366).

וויִאַזוי זאָל מען צונויפּפּאַסן אָט די „פּערמאַנענטע“ אויסוועגלאָזיקײַט, צומבײַשפּיל, מיט פאָלגנדיקע ווערטער לענינס:

„אײַנדערעמעסן, די מאַכט פון דער מעלוכע אף אַלע גרויסע פּראָדוציר-מיטלען, די מאַכט פון דער מעלוכע אין די הענט פונעם פּראָלעטאַריִאַט, דער בונד פון אָט דעם פּראָלעטאַריִאַט מיט די פיל מיליאָנען קליינע און גאָר קליינינקע פּויערים, דאָס זיכערן פאַר דעם דאָזיקן פּראָלעטאַריִאַט די אָנפירונג בענעגייע דעם פּויערטום אאַוו., — צי דען איז דאָס ניט אַלץ, וואָס עס איז נייטיק, קעדיי פון דער קאָאָפּעראַציע, בלויז פון דער קאָאָפּעראַציע אַליין, וועלכע מיר האָבן פריִער טרעטירט, ווי אַ הענדלערישע, און וועלכע מיר האָבן דאָס רעכט פון אַ געוויסער זײַט אַזוי צו טרעטירן אויך איצט באַם נעפּ, צי דען איז דאָס ניט אַלץ, וואָס איז נויטווענדיק אף אויסצובויען אַ פולשטענדיקע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט? דאָס איז נאָך ניט די אויסבויונג פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, דאָס איז אָבער אַלץ, וואָס איז נויטווענדיק און גענוג פאַר דער דאָזיקער אויסבויונג“ (זע ב. XXVII, ז. 392).

ס'איז קלאָר, אַז דאָ איז ניט פאַראַן און עס קאָן ניט זײַן קיין שום צונויפפּאַסונג. כ' טראָצקיס „פּערמאַנענטע רעוואָליוציע" איז אַן אָפּלייקענונג פון דער לענינישער טעאָריע פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע, און פאַרקערט — די לענינישע טעאָריע פון פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע איז אַן אָפּלייקענונג פון דער טעאָריע פון „פּערמאַנענטער רעוואָליוציע".

דאָס ניט־גלויבן אין די קרעפטן און פייִקייטן פון אונדזער רעוואָליוציע, דאָס ניט־גלויבן אין די קרעפטן און פייִקייטן פונעם רוסלענדישן פּראָלעטאַריאַט — אָט דאָס איז דער אונטערבאָדן פון דער טעאָריע פון „פּערמאַנענטער רעוואָליוציע".

ביז איצט פלעגט מען געוויינלעך באַצייכענען איין זײַט פון דער טעאָריע פון „פּערמאַנענטער רעוואָליוציע" — דאָס ניט־גלויבן אין די רעוואָליוציאָנערע מעגלעכקייטן פון דער פּויערשער באַוועגונג. איצט, פון גערעכטיקייט וועגן, מוז מען די דאָזיקע זײַט דערגאַנצן מיט אַ צווייטער זײַט — מיטן ניט־גלויבן אין די קרעפטן און פייִקייטן פונעם פּראָלעטאַריאַט פון רוסלאַנד.

מיט וואָס אונטערשיידט זיך כ' טראָצקיס טעאָריע פון דער געוויינלעכער טעאָריע פון מענשעוויזם וועגן דעם, אַז דער זיג פונעם סאָציאַליזם אין איין לאַנד, דערצו נאָך אין אַן אָפּגעשטאַנענעם לאַנד, איז אוממעגלעך אָן אַ פאָרויסיקן זיג פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע „אין די גרונט־לענדער פון מערב־אייראָפּע"?

אין טאָג גענומען — מיט גאָרנישט ניט.

ספּייקעס זײַנען אוממעגלעך. כ' טראָצקיס טעאָריע פון „פּערמאַנענטער רעוואָליוציע" איז אַ וואַריאַציע פון מענשעוויזם.

די לעצטע צײַט האָבן זיך אין אונדזער פּרעסע באַוויזן פוילע דיפּלאָמאַטן, וואָס באַמיִען זיך דורכצושלעפּן די טעאָריע פון „פּערמאַנענטער רעוואָליוציע", אַלס עפּעס אַזויניס, וואָס מע קאָן צונויפּפּאָרן מיטן לענעניזם. ס'פאַרשטייט זיך, זאָגן זיי, אַז די דאָזיקע טעאָריע האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר ניט־טויגבאַר אין 1905 יאָר. כ' טראָצקיס טעות באַשטייט אָבער דערין, וואָס ער איז דעמלט פאַרלאָפן פאָרויס, פּרוּווּנדיק זיך אָנווענדן אין דער סיטואַציע פון 1905 יאָר דאָס, וואָס מע האָט דעמלט ניט געטאָרט אָנווענדן.

שפּעטער אָבער, זאָגן זיי, צומבײַשפּיל, אין אָקטיאַבער 1917 יאָר, ווען די רעוואָליוציע האָט באַוויזן אינגאַנצן רײַף צו ווערן, האָט כ' טראָצקיס טעאָריע, הייסט עס, זיך אַרויסגעוויזן פולשטענדיק אַמפּלאַץ. ס'איז ניט שווער אָנצורשטויסן זיך, אַז דער הויפּט־דיפּלאָמאַט פון די דאָזיקע דיפּלאָמאַטן איז דער כ' ראַדעק. זײַט איר עפּשער אַ באַלן צו הערן:

„די מילכאָמע האָט אויסגעגראָבן אן אָפּגרונט צווישן דעם פויערטום, וואָס שטרעבט צו דעראָבערן ערד און צו שאָלעם, און די קליינבירגערלעכע פּארטייען; די מילכאָמע האָט אָפּגעגעבן דאָס פויערטום אונטער דער אָנפירונג פונעם ארבעטער־קלאס און פון זיין אוואנגארד — דער פּארטיי באָלשעוויקעס. ס׳איז מעגלעך געוואָרן ניט קיין דיקטאטור פונעם ארבעטער־קלאס און פונעם פויערטום, נאָר א דיקטאטור פונעם ארבעטער־קלאס, וואָס שטיצט זיך אפן פויערטום. דאָס, וואָס ראָזע ליוקסעמבורג און טראָצקי האָבן אין 1905 יאָר ארויסגערוקט קעגן לענינען (דה. די „פּערמאנענטע רעוואָליוציע“. י. ס ט.), האָט זיך אין דער ווירקלעכקייט ארויסגעוויזן פארן צווייטן עטאפּ פון דער היסטאָרישער אנטוויקלונג“ (זע „פּראוודא“ פון 21־טן פעוורואל 1924 יאָר, נום. 42).

וואָס א וואָרט איז דאָ איבערגעדרייט.

עס איז ניט ריכטיק, אז בייס דער מילכאָמע „איז מעגלעך געוואָרן ניט קיין דיקטאטור פונעם ארבעטער־קלאס און פונעם פויערטום, נאָר א דיקטאטור פונעם ארבעטער־קלאס, וואָס שטיצט זיך אפן פויערטום“. אינדערעמעסן איז די פעוורואל־רעוואָליוציע פון 1917 יאָר געווען א פאַרווירקלעכונג פון דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט און פונעם פויערטום אין אייגנארטיקן איבערפלעכט מיט דער דיקטאטור פון דער בורזשואזיע.

עס איז ניט ריכטיק, אז די טעאָריע פון „פּערמאנענטער רעוואָליוציע“, וועגן וועלכער כ׳ ראדעק שווייגט שעמעוודיק, האָבן אין 1905 יאָר ארויסגערוקט ראָזע ליוקסעמבורג און טראָצקי. אינדערעמעסן איז די דאָזיקע טעאָריע געווען ארויסגערוקט דורך פּארוווסן און טראָצקין. איצט, אין צען כאדאָשים ארום, פּאריכט זיך דער כ׳ ראדעק, האלטנדיק פאר נייטיק א זידל צו טאָן פּארוווסן פאר דער „פּערמאנענטער רעוואָליוציע“ (זע זיין ארטיקל וועגן פּארוווסן אין „פּראוודא“). די גערעכטיקייט אָבער פאָדערט פונעם כ׳ ראדעק, עס זאָל אָפּגעזידלט ווערן אויך פּארוווסעס קאָמפּאניאָן — כ׳ טראָצקי.

עס איז ניט ריכטיק, אז די „פּערמאנענטע רעוואָליוציע“, וואָס איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן דורך דער רעוואָליוציע פון 1905 יאָר, האָט זיך ארויסגעוויזן פאר ריכטיק אפן „צווייטן עטאפּ פון דער היסטאָרישער אנטוויקלונג“, דה. בייס דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. דער גאנצער גאנג פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, איר גאנצע אנטוויקלונג האָבן באוויזן און דערוויזן דעם פולשטענדיקן באנקראָט פון דער טעאָריע פון „פּערמאנענטער רעוואָליוציע“, אז זי פּאָרט זיך איינגאנצן ניט מיט די יעסוידעס פונעם לעניניזם.

מיט זיס׳נקע רעדעס און מיט פוילער דיפּלאָמאטיע איז ניט צו פארדעקן דעם טיפן אָפּגרונט, וואָס ליגט צווישן דער טעאָריע פון „פּערמאנענטער רעוואָליוציע“ און דעם לעניניזם.

## III

## וועגנ אייניקע באזונדערקייטנ פונ דער טאקטיק פונ די באָל-שעוויקעס אינעמ פעריאָד פונ צוגרייטנ דעמ אָקטיאבער

קעדיי צו פארשטיינ די טאקטיק פונ די באָלשעוויקעס אינעמ פעריאָד פונ צוגרייטנ דעמ אָקטיאבער, איז נייטיק קלאָר צו מאכנ זיך, ווייניקסטנס, אייניקע באזונדערס וויכטיקע באזונדערקייטנ פונ דער דאָזיקער טאקטיק. דאָס איז נאָך מער נייטיק דערפאר, וויילָ אינ די פילָצאָליקע בראָשורנ וועגנ דער טאקטיק פונ די באָלשעוויקעס ווערנ ניט זעלטנ אויסגעמיטנ גראָד די דאָזיקע באזונדערקייטנ.

וואָס זיינענ דאָס פאר א באזונדערקייטנ?

די ערשטע באזונדערקייט. ווענ מע הערט דעמ כ' טראָצקי, קאָנ מענ מיינענ, אז אינ דער געשיכטע פונעמ צוגרייטנ דעמ אָקטיאבער עק-זיסטירנ אינגאנצנ צוויי פעריאָדנ, דער פעריאָד פונ אויסשפירונג אונ דער פעריאָד פונ אופשטאנד, אונ וואָס עס איז אויסער דעמ, איז פונ טייוולָ. וואָס איז אזוינס די אפרעלָ־מאניפעסטאציע פונ 1917 יאָר? „די אפרעלָ-מאניפעסטאציע, וואָס האָט גענומענ „לינקער", ווי מע האָט באדארפט, איז געווענ אנ אויסשפיר־ארויסטריט אפ דורכקאָנטראָלירנ די שטימונג פונ די מאסנ אונ די קעגנזייטיקע באציִונגענ צווישנ זיי מיט דער סאָוועטישער מערהייט" (ז. ב. III, טייל 1 פונ כ' טראָצקיס ווערק, ז. XXVII). אונ וואָס איז אזוינס די יולָ־דעמאָנסטראציע פונ 1917 יאָר? לויט כ' טראָצקיס מיינונג, איז „לויטנ טאָכ האָט זיך די זאכ אויכ דאָס מאָל אויסגעלאָזנ מיט א נייער ברייטערער אויסשפירונג אפ א נייעמ העכערנ עטאפ פונ דער באוועגונג" (זע דאָרט, XXXII). ס'איז אָפגערעדט, אז די יונ־דעמאָנסטראציע פונ 1917 יאָר, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרנ לויט דער פאָדערונג פונ אונדזער פארטיי, דארפ לויט כ' טראָצקיס פאָרשטעלונג שוינ געוויס הייסנ „אויסשפירונג".

קומט אויס, אזויארומ, אז די באָלשעוויקעס האָבנ שוינ אינ מארט 1917 יאָר געהאט א גרייטע פאָליטישע ארמיי פונ ארבעטער אונ פויערימ, אונ אויב זיי האָבנ זי ניט געלאָזנ אינ גאנג צוליב אנ אופשטאנד ניט אינ אינ אפרעלָ, ניט אינ יונ, ניט אינ יולָ, אונ האָבנ זיך פארנומענ בלויז מיט „אויסשפירונג", איז דאָס דערפאר, אונ בלויז דערפאר, וואָס די „אָנגאבנ פונ דער אויסשפירונג" האָבנ ניט געגעבנ דעמלט קיינ גינסטיקע „באווייזנ".

ס'איז אָפגערעדט, אז די דאָזיקע פאריינפאכטע פאָרשטעלונג וועגנ דער פאָליטישער טאקטיק פונ אונדזער פארטיי איז ניט מער, ווי א צונויפמישונג

פון געוויינלעכער מיליטערישער טאקטיק מיט דער רעוואָליוציאָנערער טאקטיק פון די באָלשעוויקעס.

אינדערעמעסן זיינען אָבער אָט-די אַלע דעמאָנסטראציעס געווען, פריער פאר אלץ, א רעזולטאט פונעם סטיכישן דראנג פון די מאסן, א רעזולטאט פון דער אופגעבראכטקייט פון די מאסן קעגן דער מילכאָמע, פון דער אופגעבראכטקייט, וואָס רייסט זיך אפ דער גאס ארויס.

אינדערעמעסן איז דאָ די ראָליע פון דער פארטיי באשטאנען אין אויספורעמען און אין אָנפירן מיט די סטיכיש אנטשטייענדיקע ארויסטרעטונגען פון די מאסן לויט דער ליניע פון די רעוואָליוציאָנערע לאָזונגען פון די באָלשעוויקעס.

אינדערעמעסן האָבן די באָלשעוויקעס אין מארט 1917 יאָר ניט געהאט און ניט געקאָנט האָבן קיין גרייטע פאָליטישע ארמיי. די באָלשעוויקעס האָבן ערשט גענומען שאפן אזא ארמיי (און האָבן זי, ענדלעך, געשאפן צו אָקטיאבער 1917) אין גאנג פונעם קאמף און פון די צוזאמענשטויסן צווישן די קלאסן פאר דער צייט פון אפרעל ביז אָקטיאבער 1917 יאָר, זיי האָבן זי געשאפן אי דורך דער אפרעל-מאניפעסטאציע, אי דורך דער יונ- און יול-דעמאָנסטראציעס, אי דורך די וואלן אין די ראיאָנע און אַלשטאָטישע דומעס, אי דורכן קאמף קעגן דער קאָרנילאָווטשינע, אי דורכן דעראָבערן די ראטן. א פאָליטישע ארמיי איז ניט דאָס, וואָס א מיליטערישע ארמיי. אויב א מיליטערישע קאָמאנדירונג טרעט צו צו מילכאָמע דאן, ווען זי האָט שוין א פארטיקע ארמיי, קומט דער פארטיי אויס צו שאפן איר ארמיי אינעם גאנג פון קאמף גופע, אינעם גאנג פון די צוזאמענשטויסן צווישן די קלאסן, אין דער מאָס, ווי די מאסן גופע איבערצייגן זיך אפ זייער אייגענער דערפארונג אין דער ריכטיקייט פון די פארטיי-לאָזונגען, אין דער ריכטיקייט פון איר פאָליטיק.

ס'פארשטייט זיך, אז יעדע דעמאָנסטראציע אזא האָט צוזאמען דערמיט געגעבן א געוויסע באלויכטונג פון די פארבאָרגענע קרעפטן-פארהעלטענישן, א געוויסע אויסשפירונג, אָבער די אויסשפירונג איז דאָ געווען ניט דער מאָטיוו פון דער דעמאָנסטראציע, נאָר איר נאטירלעכער רעזולטאט.

אנאליזירנדיק די געשעענישן פארן אופשטאנד אין אָקטיאבער און פארגלייכנדיק זיי מיט די געשעענישן אין אפרעל — יול, זאָגט לענין:

„די זאך האלט גראָד ניט אזוי, ווי פארן 20 — 21 אפרעל, ווי פארן 9-טן יונ, 3-טן יול, ווארעמ דאן איז געווען א סטיכישע אופרעגונג, וואָס מיר, ווי א פארטיי, האָבן אָדער זי ניט אופגעכאפט (דעם 20-טן אפרעל), אָדער איינגעהאלטן און אויסגעפורעמט אין א פרידלעכער דעמאָנסטראציע (דעם 9-טן יונ און 3-טן יול). ווייל מיר האָבן דעמלט גוט געוווסט, אז די ראטן זיינען נאָך ניט אונדזערע, אז די פויערים גלויבן נאָך אין

דעם ליבעראַניש־טשערנאָווישן וועג, און ניט אין דעם באָלשעוויסטישן וועג (אינעם אופשטאַנד), איז, הייסט עס, די מערהייט פון פאָלק קאָן נאָך ניט זײַן מיט אונדז, איז אַן אופשטאַנד, הייסט עס, איז פריצײַטיק" (זע ב. XXI, ז. 345).

ס'איז קלאָר, אַז בלויז אַף דער איינער „אויסשפּירונג" וועסטו ווײַט ניט פאַרפאָרן.

ס'איז קלאָר, אַז עס האַנדלט זיך ניט וועגן „אויסשפּירונג", נאָר וועגן דעם, וואָס:

1) פאַרן גאַנצן פּעריאָד פון צוגרייטן דעם אָקטיאַבער האָט זיך די פּאַרטיי אין איר קאַמף אומאָפּנייגלעך געשטיצט אַפן סטיכישן אופשטײַג פון דער מאַסעווער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג;

2) שטיצנדיק זיך אַפן סטיכישן אופשטײַג, האָט זי אײַנגעהיט פאַר זיך די אומגעטיילטע אָנפירונג מיט דער באַוועגונג;

3) אַזאַ אָנפירונג מיט דער באַוועגונג האָט איר פאַרלײַכטערט די אַרבעט פון פאָרמירן אַ מאַסעווע פּאָליטישע אַרמיי פאַרן אָקטיאַבער-אופשטאַנד;

4) אַזאַ פּאָליטיק האָט ניט געקאָנט ניט ברענגען דערצו, אַז די גאַנצע צוגרייטונג פונעם אָקטיאַבער איז דורכגעגאַנגען אונטער דער אָנפירונג פון איין פּאַרטיי, פון דער פּאַרטיי באָלשעוויקעס;

5) אַזאַ צוגרייטונג פונעם אָקטיאַבער האָט, פון איר זײַט, געבראַכט דערצו, אַז אַלס רעזולטאַט פונעם אָקטיאַבער־אופשטאַנד האָט זיך די מאַכט אַרויסגעוויזן אין די הענט פון איין פּאַרטיי, פון דער פּאַרטיי באָלשעוויקעס.

אַלזאָ, די אומגעטיילטע אָנפירונג פון איין פּאַרטיי, פון דער פּאַרטיי קאָמוניסטן, אַלס גרונט-מאָמענט פון צוגרייטן דעם אָקטיאַבער, — אָט דאָס איז דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, אָט דאָס איז די ערשטע באַזונדערקייט פון דער באָלשעוויסטישער טאַקטיק אינעם פּעריאָד פון צוגרייטן דעם אָקטיאַבער.

עס איז קוים נייטיק צו דערווײַזן, אַז אָן דער דאָזיקער באַזונדערקייט פון דער טאַקטיק פון די באָלשעוויקעס וואָלט דער זיג פון דער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט אין די אומשטענדן פונעם אימפּעריאַליזם געווען אוממעגלעך.

דערמיט אונטערשיידט זיך צום גוטן די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע פון דער רעוואָליוציע פון 1871 יאָר אין פראַנקרײַך, ווו די אָנפירונג מיט דער רעוואָליוציע האָבן געטיילט צווישן זיך צוויי פּאַרטייען, וואָס קיין איינע פון זיי קאָן ניט אָנגערופן ווערן קאָמוניסטישע פּאַרטיי.

די צווייטע באַזונדערקייט. די צוגרייטונג פון אָקטיאַבער איז,

אזויארום, דורכגעגאנגענע אונטער דער אָנפירונג פון איין פּאַרטיי, פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי. אָבער וויאַזוי האָט די פּאַרטיי פּאַרווירקלעכט די דאָזיקע אָנפירונג, לויט וואָס פאַר א ליניע איז די אָנפירונג געגאַנגען? די דאָזיקע אָנפירונג איז געגאַנגען לויט דער ליניע פון איזאָלירן די פשאַרעמאַכערישע פּאַרטייען, אַלס סאַמע געפערלעכע גרופּירונגען אינעם פּעריאָד פון צעבינדן די רעוואָליוציע, לויט דער ליניע פון איזאָלירן די עסערן און מענשעוויקעס.

אין וואָס באַשטייט דער סטראַטעגישער גרונט-קלאַל פונעם לעניניזם? ער באַשטייט אינעם אָנערקענען, אַז:

1) די סאַמע געפערלעכע סאָציאַלע שטיצע פון די פיינט פון דער רעוואָליוציע אינעם פּעריאָד, ווען עס דערנענטערט זיך דער רעוואָליוציאָנערער פינאַל, זיינען די פשאַרעמאַכערישע פּאַרטייען;

2) אַראָפּוואַרפן דעם פיינט (דעם צאַריזם אָדער די בורזשואַזיע) איז אוממעגלעך אָן דער איזאָלירונג פון די דאָזיקע פּאַרטייען;

3) די הויפּט-פיילן אינעם פּעריאָד פון צוגרייטן די רעוואָליוציע דאַרפן דעריבער זיין געווענדט אַף איזאָלירן די דאָזיקע פּאַרטייען, אַף אָפּצוּרייסן פון זיי די ברייטע מאַסן אַרבעטנדיקע.

אינעם פּעריאָד פון קאַמף קעגן דעם צאַריזם, אינעם פּעריאָד פון צוגרייטן די בורזשואַז-דעמאָקראַטישע רעוואָליוציע (1905—1916) איז די סאַמע געפערלעכע סאָציאַלע שטיצע פונעם צאַריזם געווען די ליבעראַל-מאָנאַרכיסטישע פּאַרטיי, די קאַדעטישע פּאַרטיי. פאַרוואָס? דערפאַר, וויל זי איז געווען א פשאַרעמאַכערישע פּאַרטיי, א פּאַרטיי פון פשאַרע צווישן דעם צאַריזם מיט דער מערהייט פון פאָלק, דה. מיטן פּויערטום אינגאַנצן גענומען. ס'איז נאַטירלעך, וואָס די פּאַרטיי האָט דאַן געריכטעט די הויפּט-קלעפּ קעגן די קאַדעטן, וויל, ניט האָבנדיק איזאָלירט די קאַדעטן, האָט מען ניט געקאָנט אויסרעכענען, אַז דאָס פּויערטום זאָל אייַנרייסן מיטן צאַריזם, ניט האָבנדיק ווידער געזיכערט דעם דאָזיקן אייַנרייס, — האָט מען ניט געקאָנט אויסרעכענען אַפן זיג פון דער רעוואָליוציע. פיל האָבן דאַן ניט פאַרשטאַנען די דאָזיקע באַזונדערקייט פון דער באָלשעוויסטישער סטראַטעגיע און האָבן באַשולדיקט די באָלשעוויקעס אין איבעריקער „קאַדעטן-פרעסעריי", באַהויפּטנדיק, אַז דער קאַמף קעגן די קאַדעטן „פאַרשטעלט" בא די באָלשעוויקעס דעם קאַמף קעגן דעם הויפּט-פיינט — קעגן דעם צאַריזם. די דאָזיקע גרונטלאָזע באַשולדיקונגען האָבן אָבער אויפגעדעקט דאָס בעפיירעשע ניט-פאַרשטיין די באָלשעוויסטישע סטראַטעגיע, וועלכע פאָדערט די איזאָלירונג פון די פשאַרעמאַכערישע פּאַרטייען, קעדיי צו פאַרלייכטערן, צו דערנענטערן דעם זיג איבערן הויפּט-פיינט.

עס איז קוים נייטיק צו דערווייזן, אַז אַן אַזאַ סטראַטעגיע וואָלט די העגעמאָניע פונעם פּראָלעטאַריאַט אין דער בורזשואַז-דעמאָקראַטישער רע־וואָליוציע געוועזן אומעגלעך.

אינעם פּעריאָד פון צוגרייטן דעם אָקטיאַבער האָט זיך דער שווער־פּונקט פון די קעמפנדיקע קריכעס אריבערגעטראָגן אַף אַ נייער פּלאַך. דער צאַר איז שוין ניט געווען. די קאַדעטישע פּאַרטיי האָט זיך פון אַ פּשאָ־רעמאַכערישער קראַפט פארוואַנדלט אין אַ רעגירנדיקער קראַפט, אין אַ הערשנדיקער קראַפט פונעם אימפּעריאַליזם. דער קאַמף איז שוין געגאַנגען ניט צווישן דעם צאַריזם מיטן פאָלק, נאָר צווישן דער בורזשואַזיע מיטן פּראָלעטאַריאַט. אין דעם דאָזיקן פּעריאָד זיינען די סאַמע געפערלעכע סאָציאַלע שטיצע פונעם אימפּעריאַליזם געוועזן די קליינבירגערלעכע דע־מאָקראַטישע פּאַרטייען, די פּאַרטייען עסערן און מענשעוויקעס. פאַרוואָס? דערפאַר, ווייל די דאָזיקע פּאַרטייען זיינען דאַן געווען פּשאָרעמאַכערישע פּאַרטייען, פּאַרטייען פון פּשאָרע צווישן דעם אימפּעריאַליזם און די אַרבעטנדיקע מאַסן. ס'איז נאַטירלעך, אַז די הויפּט-קלעפּ פון די באָלשע-וויקעס פלעגן דאַן געריכטעט ווערן קעגן די דאָזיקע פּאַרטייען, ווייל אָן דער איזאָלירונג פון די דאָזיקע פּאַרטייען האָט מען ניט געקאָנט אויסרע־כענען, אַז די אַרבעטנדיקע מאַסן זאָלן איינרייסן מיטן אימפּעריאַליזם, ניט האָבנדיק ווידער געזיכערט דעם דאָזיקן איינרייס, האָט מען ניט געקאָנט אויסרעכענען אַפן זיג פון דער ראַטן-רעוואָליוציע. פיל האָבן דאַן ניט פאַרשטאַנען די דאָזיקע באַזונדערקייט פון דער באָלשעוויסטישער טאַקטיק, און האָבן באַשולדיקט די באָלשעוויקעס אין „איבעריקן האַס" צו די עסערן און מענשעוויקעס און אין „פאַרגעסן" דעם הויפּט-ציל. אָבער דער גאַנצער פּעריאָד פון צוגרייטן דעם אָקטיאַבער רעדט קלאָר וועגן דעם, אַז בלויז מיט אַזאַ טאַקטיק האָבן די באָלשעוויקעס געקאָנט זיכערן דעם ניצאָחן פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע.

דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פונעם דאָזיקן פּעריאָד איז די ווייַ־טערדיקע רעוואָליוציאָניזירונג פון די אַרבעטנדיקע פּויערשע מאַסן, זייער אַנטוישונג אין די עסערן און אין די מענשעוויקעס, זייער אָפּגאַנג פון די דאָזיקע פּאַרטייען, זייער קער אין דער זייט פון דירעקטער באַהעפטונג אַרום דעם פּראָלעטאַריאַט, אַלס דער איינציקער ביז סאָף רעוואָליוציאָנע־רער קראַפט, וואָס איז פייִק צו ברענגען דאָס לאַנד צום שאָלעם. די גע־שיכטע פונעם דאָזיקן פּעריאָד איז די געשיכטע פון קאַמף פון די עסערן און מענשעוויקעס, פון איין זייט, און פון די באָלשעוויקעס, פון דער צווייטער זייט, פאַר די אַרבעטנדיקע פּויערשע מאַסן, פאַר געווינען די דאָזיקע מאַסן. דעם גורל פון דעם דאָזיקן קאַמף האָבן געלייזט דער

קאָאליציע־פעריאָד, דער פעריאָד פון קערענשטשינע, דאָס, וואָס די עסערן און מענשעוויקעס האָבן זיך אָפגעזאָגט צו קאָנפיסקירן די פריצישע ערד, דער קאמף פון די עסערן און מענשעוויקעס פאַר פאָרזעצן די מילכאָמע, דער יונ־אָנגריף אפן פראָנט, די טויט־שטראָף פאר סאָלדאטן, דער קאָר־נילאָוו־אופשטאנד. און געלייזט האָבן זיי דעם דאָזיקן גורל אויסשליסלעך לעטויוועס דער באָלשעוויסטישער סטראטעגיע. ווייל אָן דער איזאָלירונג פון די עסערן און מענשעוויקעס איז אומעגלעך געווען אראָפצווארפן די רעגירונג פון די אימפעריאליסטן, אָן דעם אראָפווארפן די דאָזיקע רעגי־רונג איז אומעגלעך געווען ארויסצורייסן זיך פון דער מילכאָמע. די פאָ־ליטיק פון איזאָלירן די עסערן און מענשעוויקעס האָט זיך ארויסגעוויזן פאר דער איינציק ריכטיקער פאָליטיק.

אלזאָ, דאָס איזאָלירן די פארטייען עסערן און מענשעוויקעס, אלס גרונט־ליניע פונעם אָנפירן מיט דער צוגרייטונג פונעם אָקטיאבער—אָט דאָס איז די צווייטע באזונדערקייט פון דער באָלשעוויסטישער טאקטיק.

עס איז קוים נייטיק צו דערווייזן, אז אָן דער דאָזיקער באזונדער־קייט פון דער טאקטיק פון די באָלשעוויקעס וואָלט דער בונד פונעם ארבעטער־קלאס מיט די ארבעטנדיקע מאסן פונעם פויערטום געבליבן הענגען אינדערלופטן.

ס'איז כאראקטעריסטיש, אז וועגן דער דאָזיקער באזונדערקייט פון דער באָלשעוויסטישער טאקטיק רעדט כ' טראָצקי גאָרניט, אָדער קימאט גאָרניט, אין זיינע „לעקציעס פונעם אָקטיאבער".

די דריטע באזונדערקייט. די אָנפירונג פון דער פארטיי מיטן צוגרייטן דעם אָקטיאבער איז דורכגעגאנגען, אזויארום, לויט דער ליניע פון איזאָלירן די פארטייען עסערן און מענשעוויקעס, לויט דער ליניע פון אָפרייסן פון זיי די ברייטע מאסן ארבעטער און פויערים. וויאזוי האָט אָבער די פארטיי פארווירקלעכט די דאָזיקע איזאָלירונג קאָנקרעט, אין וואָס פאר א פאָרם, אונטער וואָס פאר א לאָזונג? זי האָט פארווירקלעכט די דאָזיקע איזאָלירונג אין דער פאָרם פון א רעוואָלוציאָנערער באוועגונג פון די מאסן פאר דער מאכט פון די ראטן, אונטערן לאָזונג „די גאנצע מאכט די ראטן", דורכן קאמף פאר פארוואנדלען די ראטן פון אָרגאנען אפ צו מאָביליזירן די מאסן אין אָרגאנען פון אופשטאנד, אין אָרגאנען פון מאכט, אין אן אפאראט פון דער נייער פראָלעטארישער מעלוכישקייט.

פארוואָס האָבן די באָלשעוויקעס זיך אָנגעכאפט גראָד פאר די ראטן, אלס גרינטלעכן אָרגאניזאציאָנעלן הייבער, וואָס קאָן פארלייכטערן די איזאָלירונג פון די מענשעוויקעס און עסערן, וואָס איז פייִק א רוק צו טאָן פאָרויס די פראָלעטארישע רעוואָלוציע און איז באַרופן צוצופירן די

## מיליאָניקע מאסנ ארבעטנדיקע צום זיג פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור?

### וואָס זײַנענ אזוינס די ראטנ?

„די ראטנ, — האָט לענינ געזאָגט נאָכ אינ סענטיאבער 1917 יאָר, — דאָס איז א נײַער מעלוכישער אפאראט, וואָס גיט, ערשטנס, א באוואָפנטע קראפט פונ ארבעטער אונ פויערים, דערבײַ איז די דאָזיקע קראפט ניט אָפּגעריסנ פונעמ פאָלק, ווי די קראפט פונ דער אלטער שטענדיקער ארמיי, נאָר זי איז אפנ ענגסטנ אויפנ פארבונדנ מיט אימ; אינ מיליטערישער הינזיכט איז די דאָזיקע קראפט אומפארגלײַכלעכ מעכטיקער, איידער די פריערדיקע; אינ רעוואָליוציאָנערער הינזיכט קאָנ מענ זי מיט קיינ אנדער זאכ ניט פארבײַטנ. צווייטנס, גיט דער דאָזיקער אפאראט א פארבינדונג מיט די מאסנ, מיט דער מערהײַט פונעמ פאָלק, א פארבינדונג אזוי אנגע, אזוי אומצערײַסלעכע, א לײַכט קאָנטראָלירבארע אונ באנײַבארע, אז פונ עטוואָס ענלעכס דערצו איז אינ דעמ פריערדיקנ מעלוכישנ אפאראט אפילע קיינ זייכער ניטאָ. דריטנס, איז דער דאָזיקער אפאראט, אדאנק דעמ, וואָס ער ווערט אויסגעוויילט אונ וואָס זײַנ באשטאנד ווערט געביטנ לויטנ ווילנ פונעמ פאָלק, אָנ ביוראָקראטישע פאָרמאליטעטנ, א פיל מער דעמאָקראטישער, איידער די פריערדיקע אפאראטנ. פערטנס, גיט ער א פעסטע פארבינדונג מיט די סאמע פארשיידענע פראָפעסיעס אונ פארגרינגערט דערמיט די פארשיידנסטע רעפאָרמענ פונ טיפסטנ כאראקטער אָנ ביוראָקראטיע. פינפטנס, גיט ער א פאָרמ אפּ צו אָרגאניזירנ דעמ אוואנגארד, דה. דעמ סאמע באוווסטזיניקנ, דעמ סאמע ענערגישנ, פאָרגעשריטענעמ טייל פונ די אונטערדריקטע קלאסנ, פונ די ארבעטער אונ פויערימ, זײַענדיק אזויארומ, אנ אפאראט, דורכ וועלכנ דער אוואנגארד פונ די אונטערדריקטע קלאסנ קאָנ אויפהייבנ, דערציִענ, לערנענ אונ פירנ נאָכ זיכ די גאנצע גיגאנטישע מאסע פונ די דאָזיקע קלאסנ, וועלכע איז ביז אהער געשטאנענ אבסאָליוט אויסער דעמ פאָליטישנ לעבנ, אויסער דער געשיכטע. זעקסטנס, גיט ער א מעגלעכקײַט צו פארייניקנ די מײַלעס פונ פארלאמענטאריזמ מיט די מײַלעס פונ אומיטלבארער אונ דירעקטער דעמאָקראטיע, דה. צו פארייניקנ אינ געשטאלט פונ די אויסגעוויילטע פארטרעטער פונעמ פאָלק אי די געזעצגעבערישע פונקציע אי די אויספילונג פונ די געזעצנ. אינ פארגלײַכ מיטנ בורזשואזנ פארלאמענטאריזמ איז דאָס אזא טריט פאָרויס אינ דער אנטוויקלונג פונ דער דעמאָקראטיע, וואָס האָט אנ אלוועלטלעכ־היסטאָרישע באדײַטונג... ווענ די פאָלק־שאפונג פונ די רעוואָליוציאָנערע קלאסנ וואָלט ניט באשאפנ די ראטנ, וואָלט די פראָלעטארישע רעוואָליוציע אינ רוסלאנד געווענ א האָפענונגלאָזע זאכ, ווײַל מיטנ אלטנ אפאראט וואָלט דער פראָלעטאריאט, אָנ ספק, ניט געקאָנט אײַנהאלטנ די מאכט, אונ שאפנ א נײַעמ אפאראט מיטאמאָל קאָנ מענ ניט" (זע ב. XXI, ז. 258—259).

אָט פארוואָס די באָלשעוויקעס האָבנ זיכ אָנגעכאפּט פאר די ראטנ, ווי פארנ אָרגאניזאציאָנעלנ גרונט־רינג, וואָס קאָנ פארלײַכטערנ די אָרגאניזירונג פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע אונ די שאפונג פונ א נײַעמ מעכטיקנ אפאראט פונ דער פראָלעטארישער מעלוכישקײַט.

דער לאָזונג „די גאנצע מאכט די ראטנ" איז פונ שטאנדפונקט פונ זײַנ אינערלעכער אנטוויקלונג דורכגעגאנגענ צוויי סטאדיעס, די ערשטע (ביז דער יול־מאפּאָלע פונ די באָלשעוויקעס, בײַס דער צווייטער) אונ די צווייטע (נאָכ דער מאפּאָלע פונ קאָרנילאָווס אויפשטאנד).

אין דער ערשטער סטאדיע האָט דער דאָזיקער לאָזונג באטײַט דאָס צע־רײַסן דעם בלאָק פון די מענשעוויקעס און עסערן מיט די קאַדעטן, דאָס אויס־בילדן א סאָוועטישע רעגירונג פון מענשעוויקעס און עסערן (ווײַל די ראטן זײַנען דאַן געווען עסעריש־מענשעוויסטישע), דאָס רעכט פון פרײַער אגיטאציע פאר דער אָפּאָזיציע (דה. פאר די באָלשעוויקעס) און פרײַען קאמף פון די פארטייען אינעווייניק אין די ראטן מיט דער אויסרעכענונג, אז דורכ אזא קאמף וועט זיכ די באָלשעוויקעס אײַנגעבן צו דעראָבערן די ראטן און צו ענדערן דעם באשטאנד פון דער סאָוועטישער רעגירונג אין אָרדענונג פון פרידלעכער אנטוויקלונג פון דער רעוואָליוציע. דער דאָזיקער פלאן האָט, פארשטייט זיך, ניט באטײַט דיקטאטור פונעם פראָלעטא־ריאַט. ער האָט אָבער אָן סאָפעק פארגרינגערט די צוגרייטונג פון די באַ־דינגונגען, וואָס זײַנען נויטווענדיק אפ צו זיכערן די דיקטאטור, ווײַל, שטעלנ־דיק בא דער מאכט די מענשעוויקעס און עסערן און צווינגענדיק זיי דורכצופירן פראקטיש זייער אנטירעוואָליוציאָנערע פלאטפאָרמע, האָט ער פארגיכערט די דעמאסקירונג פון דער עמעסער נאטור פון די דאָזיקע פאר־טייען, האָט פארגיכערט זייער איזאָלירונג, זייער אָפּרײַסן זיך פון די מאסן. די יול־מאפּאָלע פון די באָלשעוויקעס האָט אָבער איבערגעריסן די דאָזיקע אנטוויקלונג, האָט געגעבן אַן איבערוואָג דער גענעראליש־קאַדעטישער קאָנטררעוואָליוציע און האָט אָפּגעוואָרפן אין אירע אָרעמס די עסערן־מענ־שעוויקעס. דער דאָזיקער אומשטאנד האָט געצוווּנגען די פארטיי צײַטווײַ־ליק אראָפּצונעמען פון טאָגסיידער דעם לאָזונג „די גאנצע מאכט די ראטן", קעדיי אפסנײַ אים ארויסצושטעלן אין די באדינגונגען פון א נײַעם אופ־שטײַג פון דער רעוואָליוציע.

די מאפּאָלע פונעם קאָרנילאָוו־אופשטאנד האָט אופגעעפנט די צווייטע סטאדיע. דער לאָזונג „די גאנצע מאכט די ראטן" האָט זיך איבעראנײַס געשטעלט אפן טאָגסיידער. איצט אָבער האָט שוין דער דאָזיקער לאָזונג בא־טײַט ניט דאָס, וואָס אין דער ערשטער סטאדיע. זײַן אינהאלט האָט זיך אפ א ראדיקאלן אויפן געענדערט. איצט האָט דער דאָזיקער לאָזונג בא־טײַט א פולשטענדיקן אײַנרײַס מיטן אימפּעריאַליזם און אַן איבערגאנג פון דער מאכט צו די באָלשעוויקעס, ווײַל די ראטן זײַנען שוין אין זייער מערהײַט געווען באָלשעוויסטישע. איצט האָט דער דאָזיקער לאָזונג באטײַט א דירעקטן צוגאנג פון דער רעוואָליוציע צו דער דיקטאטור פונעם פראָלע־טאריאַט דורכ אַן אופשטאנד. נאָכ מער, איצט האָט דער דאָזיקער לאָזונג באטײַט די אָרגאניזירונג און די מעלוכישע אויספאָרמירונג פון דער דיק־טאטור פונעם פראָלעטאריאַט.

די אומאָפּשאצלעכע באדײַטונג פון דער טאקטיק פון פארוואנדלען די

ראטן אין אָרגאנען פון מעלוכע־מאכט איז באשטאנען דערין, וואָס זי האָט אָפּגעריסן מיליאָנען מאסן ארבעטנדיקע פונעם אימפּעריאַליזם, וואָס זי האָט אנטקרוינט די פּארטייען מענשעוויקעס און עסערן, אלס געווער פונעם אימפּעריאַליזם, און האָט צוגעפּירט די דאָזיקע מאסן, אזוי צו זאָגן, מיט א דירעקטן מארשרוט צו דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט.

אלזאָ, די פּאָליטיק פון פארוואנדלען די ראטן אין אָרגאנען פון מעלוכע־מאכט, אלס וויכטיקסטער באדינג פאר דער איזאָלירונג פון די פּשאָרעמאכערישע פּארטייען און פאר דעם זיג פון דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט — אזא איז די דריטע באזונדערקייט פון דער באָלשעוויסטישער טאקטיק אינעם פּעריאָד פון צוגרייטן דעם אָקטיאבער.

די פערטע באזונדערקייט. דאָס בילד וואָלט ניט געווען פול, אויב מיר וואָלטן זיך ניט פארנעמען מיט דער פראגע וועגן דעם, וויאזוי און פארוואָס די באָלשעוויקעס האָט זיך איינגעגעבן צו פארוואנדלען זייערע פּארטייִשע לאָזונגען אין לאָזונגען פאר די מיליאָניקע מאסן, וואָס באוועגן פּאָרויס די רעוואָלוציע, וויאַזוי און פארוואָס זיי האָט זיך איינגעגעבן צו איבערצייַגן אין דער ריכטיקייט פון זייער פּאָליטיק ניט בלויז דעם אוואנגארד און ניט בלויז די מערהייט פונעם ארבעטער־קלאַס, נאָר אויך די מערהייט פונעם פאָלק.

די זאך באשטייט דערין, וואָס פארן זיג פון דער רעוואָלוציע, אויב די דאָזיקע רעוואָלוציע איז טאקע ווירקלעך א פאָלק־רעוואָלוציע, וואָס פארכאפּט מיליאָניקע מאסן, — איז ניט גענוג בלויז די איינע ריכטיקייט פון די פּארטייִשע לאָזונגען. פאר דעם ניצחון פון דער רעוואָלוציע פאָדערט זיך נאָך איין נויטווענדיקער באדינג, נעמלעך: אז די מאסן גופא זאָלן זיך איבערצייַגן אפ זייער אייגענער דערפארונג אין דער ריכטיקייט פון די דאָזיקע לאָזונגען. בלויז דאן ווערן די פּארטיי־לאָזונגען — לאָזונגען פון די מאסן גופא. בלויז דאן ווערט די רעוואָלוציע ווירקלעך א פאָלק־רעוואָלוציע. איינע פון די באזונדערקייטן פון דער באָלשעוויסטישער טאקטיק אינעם פּעריאָד פון צוגרייטן דעם אָקטיאבער באשטייט דערין, וואָס זי האָט געקענט ריכטיק באשטימען די וועגן און ווענד־פּונקטן, וואָס פירן צו די מאסן אפ א נאטירלעכן אויפן צו די לאָזונגען פון דער פּארטיי, צו דער סאמע, אזוי צו זאָגן, שוועל פון דער רעוואָלוציע, פארלייַכטערנדיק זיי, אזויארום, צו עמפּינדן, דורכצוקאָנטראָלירן, דערקענען אפ דער אייגענער דערפארונג די ריכטיקייט פון די דאָזיקע לאָזונגען. אנדערש גערעדט, איינע פון די באזונדערקייטן פון דער באָלשעוויסטישער טאקטיק באשטייט דערין, וואָס זי מישט ניט צונויף די אָנפירונג מיט דער פּארטיי און די אָנפירונג מיט די מאסן, וואָס זי זעט קלאָר דעם אונטערשייד צווישן דער

אָנפירונג כּונעם ערשטנ מינ אונ דער אָנפירונג פונעם צווייטנ מינ, וואָס זי איז, אזויארום, א וויסנשאפט ניט בלויז וועגנ דער אָנפירונג מיט דער פּארטיי, נאָר אויך וועגנ דער אָנפירונג מיט די מיליאָניקע מאסנ ארבעטנדיקע.

אנ אָנשוילעכער בײַשפּיל פונ אנטפּלעקנ די דאָזיקע באזונדערקײַט פונ דער באָלשעוויסטישער טאקטיק איז די דערפארונג מיטנ צונויפרופנ און צעטרײַבנ די גרינדונג־פארזאמלונג.

ס'איז באוווּסט, אז די באָלשעוויקעס האָבנ ארויסגעדרוקט דעם לאָזונג וועגנ א ראטנ־רעפּובליק נאָך אינ אפּרעל 1917 יאָר. ס'איז באוווּסט, אז די גרינדונג־פארזאמלונג איז א בורזשואזער פּארלאמענט, וואָס ווידערשפּרעכט אינ גרונט די יעסוידעס פונ א ראטנ־רעפּובליק. וויאזוי האָט געקאָנט פּאסירנ, אז די באָלשעוויקעס, גייענדיק צו א ראטנ־רעפּובליק, האָבנ צוזאמענ דערמיט געפאָדערט בא דער צײַטווײַליקער רעגירונג, זי זאָל טייקעפ צונויפרופנ די גרינדונג־פארזאמלונג? וויאזוי האָט עס געקאָנט פּאסירנ, אז די באָלשעוויקעס האָבנ ניט בלויז גענומענ אנ אָנטייל אינ די וואלנ, נאָר זיי האָבנ אפילע אליינ צונויפגערופנ די גרינדונג־פארזאמלונג? וויאזוי האָט עס געקאָנט פּאסירנ, אז די באָלשעוויקעס האָבנ א כוידעש פארנ אופשטאנד, באַם אריבערגיינ פונעם אלטנ צום נײַעם, דערלאָזנ די מעגלעכקײַט פונ א צײַטווײַליקער קאָמבינאציע פונ א ראטנ־רעפּובליק מיט א גרינדונג־פארזאמלונג?

„פּאסירט“ האָט דאָס דערפאר, ווײַל:

1) די אידיי פונ א גרינדונג־פארזאמלונג איז געווענ איינע פונ די פּאָפּולערסטע אידייענ צווישנ די ברייטע מאסנ באפעלקערונג;

2) דער לאָזונג טייקעפ צונויפצורופנ די גרינדונג־פארזאמלונג האָט פארגרינגערט דאָס דעמאסקירנ די קאָנטררעוואָליוציאָנערע נאטור פונ דער צײַטווײַליקער רעגירונג;

3) קעדיי צו אנטקרוינענ אינ די אויגנ פונ די פאָלק־מאסנ די אידיי פונ א גרינדונג־פארזאמלונג, איז נויטווענדיק געווענ צוצופירנ די דאָזיקע מאסנ צו די ווענט פונ דער גרינדונג־פארזאמלונג מיט זייער פאָדערונג וועגנ ערד, וועגנ שאָלעם, וועגנ מאכט פונ די ראטנ, צוזאַמענשטויסנ זיי, אזוי־ארום, מיט דער ווירקלעכער און לעבעדיקער גרינדונג־פארזאמלונג;

4) נאָר אפּ אזא אופנ האָט מענ געקאָנט פארגרינגערנ די מאסנ צו איבערצײַגנ זיך אפּ זייער אייגענער דערפארונג אינ דער קאָנטררעוואָליוציאָנערישקײַט פונ דער גרינדונג־פארזאמלונג און אינ דער נויטווענדיקײַט צו צעטרײַבנ זי;

5) דאָס אלץ האָט נאטירלעך פּאָרויסגעזעצט די מעגלעכקײַט צו דערלאָזנ א צײַטווײַליקע קאָמבינאציע פונ א ראטנ־רעפּובליק מיט א

גרינדונג־פאַרזאַמלונג, אַלס איינס פון די מיטלען אויסצולעבן די גרינדונג־פאַרזאַמלונג;

6) אַזאַ קאָמבינאַציע, אויב זי וואָלט פאַרווירקלעכט געוואָרן באַם באַדינג, אַז די גאַנצע מאַכט זאָל איבערגיין צו די ראַטן, וואָלט געקאָנט בלויז באַטייטן, אַז די גרינדונג־פאַרזאַמלונג ווערט אונטערגעוואָרפן די ראַטן, אַז זי ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ צוגאָב צו די ראַטן, אַז זי שטאַרבט אָפּ שמערצלאָז.

עס איז קוים נייטיק צו דערווייזן, אַז אָן אַזאַ פּאָליטיק פון די באָלשעוויקעס וואָלט דאָס צעטרייבן די גרינדונג־פאַרזאַמלונג ניט דורכגעגאַנגען אַזוי גלאַטיק, און די ווייטערדיקע אַרויסטרעטונגען פון די עסערן און מענשעוויקעס אונטערן לאָזונג „די גאַנצע מאַכט דער גרינדונג־פאַרזאַמלונג" וואָלטן ניט דורכגעפאַלן מיט אַזאַ קנאַק.

„מיר האָבן זיך באַטייליקט, — זאָגט לענין, — אין די וואַלן צום רוסלענדישן בורזשואַזן פּאַרלאַמענט, צו דער גרינדונג־פאַרזאַמלונג, אין סענטיאַבער—נאָיאַבער 1917 יאָר. צי איז אונדזער טאַקטיק געווען אַ ריכטיקע אָ־ער ניט ?.. צי האָבן מיר, רוסישע באָלשעוויקעס, אין סענטיאַבער — נאָיאַבער 1917 יאָר ניט געהאַט מער רעכט, ווי וואָסערע איר ווילט מערעווידיקע קאָמוניסטן, צו רעכענען, אַז אין רוסלאַנד איז דער פּאַרלאַמענטאַריזם פּאָליטיש אויסגעלעבט? אוואַדע, געהאַט, ווײַל ניט דעריין האַנדלט זיך עס דאָך, צי די בורזשואַזע פּאַרלאַמענטן עקזיסטירן לאַנג אָדער ניט לאַנג, נאָר דעריין, אויף וויפל די ברייטע מאַסן אַרבעטנדיקע זײַנען גרייט (אידייִיש־פּאָליטיש, פּראַקטיש) אָנצונעמען די סאָוועטישע אָרדענונג און צעטרייבן (אָדער דערלאָזן צו צעטרייבן) דעם בורזשואַז־דעמאָקראַטישן פּאַרלאַמענט. אַז אין רוסלאַנד אין סענטיאַבער — נאָיאַבער 1917 יאָר איז דער אַרבעטער־קלאַס פון די שטעט, זײַנען די סאָלדאַטן און פּויערים, מאַכמעס אַ ריי ספּעציעלע באַדינגונגען, געווען זעלטן גוט צוגעגרייט צום אָננעמען די סאָוועטישע אָרדענונג און צום צעטרייבן דעם סאַמע דעמאָקראַטישן בורזשואַזן פּאַרלאַמענט, דאָס איז אַן אַבסאָליוט אומבאַשטרײַטלעכער און אַ פולשטענדיק פעסטגעשטעלטער היסטאָרישער פאַקט. און פונדעסטוועגן האָבן די באָלשעוויקעס ניט בויקאָטירט די גרינדונג־פאַרזאַמלונג און האָבן זיך באַטייליקט אין די וואַלן אי פאַר דעם אי נאָך דעם, ווי דער פּראָלעטאַריאַט האָט דעראָבערט די פּאָליטישע מאַכט" (זע ב. XXV, ז. 202 — 203).

פאַרוואָס זשע האָבן זיי ניט בויקאָטירט די גרינדונג-פאַרזאַמלונג? דער-פאַר, זאָגט לענין, וואָס:

„אַפילע עטלעכע וואָכן פאַרן זיג פון דער סאָוועטישער רעפּובליק, אַפילע נאָך אַזאַ זיג איז דאָס באַטייליקן זיך אין אַ בורזשואַז־דעמאָקראַטישן פּאַרלאַמענט ניט בלויז וואָס עס שאַדט ניט דעם רעוואָליוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט, נאָר עס פאַרלײַכטערט אים די מעגלעכקײַט צו דערווײַזן די אָפּגעשטאַנענע מאַסן, פאַרוואָס אַזעלכע פּאַרלאַמענטן פאַרדינען, מע זאָל זיי צעטרייבן, עס פאַרלײַכטערט דעם דערפאָלג פונעם צעטרייבן זיי, עס פאַרלײַכטערט „פּאָליטיש אויסצולעבן" דעם בורזשואַזן פּאַרלאַמענטאַריזם" (זע דאָרט).

כאַראַקטעריסטיש, אַז כ' טראָצקי פאַרשטייט ניט די דאָזיקע באַזונ־דערקײַט פון דער באָלשעוויסטישער טאַקטיק, ווען ער קרימט זיך אָפּ

דער „טעאָריע“ פון צוניפּפּאָרן די גרינדונג-פאַרזאַמלונג מיט די ראטן, ווי אַפּ הילפערדינגיזם.

ער פאַרשטייט ניט, אז דערלאָזן אזא צוניפּפּאָרונג באַם לאָזונג פון אופשטאַנד און באַם וואַרשײַנלעכן זיג פון די ראטן, וועלכע איז פאַרבונדן מיט צוניפּרופן די גרינדונג-פאַרזאַמלונג, איז די איינציק רעוואָליוציאָנערע טאַקטיק, וואָס האָט קיין שום געמיינזאַמעס ניט מיט דער הילפערדינגישער טאַקטיק פון פאַרוואַנדלען די ראטן אין א צוגאָב צו דער גרינדונג־פאַרזאַמלונג, אז דער טאָעס פון אייניקע כאַווײרים אין דער דאָזיקער פראַגע גיט אים קיין גרונט ניט צו טאַדלען די אבסאָליוט ריכטיקע פּאָזיציע פון לענינען און פון דער פּאַרטײ וועגן א „קאָמבינירטער מעלוכישקײַט“ בא געוויסע באַדינגונגען (פרג. ב. XXI, ז. 338).

ער פאַרשטייט ניט, אז אָן דער אייגנאַרטיקער פּאָליטיק פון די באָלשעוויקעס, גענומענע אין פאַרבינדונג מיט דער גרינדונג־פאַרזאַמלונג, וואָלט זיך זיי ניט געווען אײַנגעגעבן צו דעראָבערן אַפּ זייער זײַט די מיליאָניקע מאַסן פונעם פאָלק, און, ניט האָבנדיק דעראָבערט די דאָזיקע מאַסן, וואָלטן זיי ניט געקאָנט פאַרוואַנדלען דעם אָקטיאַבער-אופשטאַנד אין א טיפער פאָלק-רעוואָליוציע.

ס'איז אינטערעסאַנט, אז דער כ' טראָצקי קרימט זיך אפילע בענעגייע די ווערטער „פאָלק“, „רעוואָליוציאָנערע דעמאָקראַטיע“ אדג., וואָס מע קאָן טרעפן אין אַרטיקלען פון באָלשעוויקעס, — ער האַלט, אז די דאָזיקע ווערטער זײַנען ניט אָנשטענדיק פאַר א מאַרקסיסט.

דער כ' טראָצקי פאַרגעסט, ווײַזט אויס, אז לענין, אָט־דער אָנסאָפּעקדיקער מאַרקסיסט, האָט אפילע אין סענטיאַבער 1917 יאָר, א כוידעש פאַרן זיג פון דער דיקטאַטור, געשריבן וועגן דער „נויטווענדיקײַט, אז די גאַנצע מאַכט זאָל טייקעף אריבערגיין אין די הענט פון דער רעוואָליוציאָנערער דעמאָקראַטיע, מיטן רעוואָליוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט אין דער שפּיץ“ (זע ב. XXI, ז. 198).

דער כ' טראָצקי פאַרגעסט, ווײַזט אויס, אז, ציטירנדיק מאַרקס באַוווּסטן בריוו צו קוגעלמאַנען (אַפּרעל 1871 יאָר) וועגן דעם, אז דאָס צעברעכן דעם ביוראָקראַטיש־מיליטערישן מעלוכע-אַפּאַראַט איז א פאָרבאַדינג פאַר יעדער ווירקלעכער פאָלק־רעוואָליוציע אַפּן קאָנטינענט, שרײַבט לענין, אָט־דער אָנסאָפּעקדיקער מאַרקסיסט, שוואַרץ אַפּ ווײַס פאָלגנדיקע שורעס:

„א באַזונדערע אופמערקזאַמקײַט פאַרדינט מאַרקס אויסערגעוויינלעך טיפע באַמערקונג, אז די צעשטערונג פון דער ביוראָקראַטיש-מיליטערישער מעלוכישער מאַשין איז „א פאָרבאַדינג פאַר יעדער ווירקלעכער פאָלק-רעוואָליוציע“. דער דאָזיקער באַגריף „פאָלק“-רעוואָליוציע זעט אויס מאָדנע בא מאַרקסן, און די רוסישע פּלעכאַנאָווצעס און מענשעוויקעס, אָט־די נאָכפאָלגער

פונ סטרוּווענ, וואָס ווילנ זיכ רעכענענ פאַר מאַרקסיסטנ, וואָלטנ מינאַסטאַמ געקאָנט דערקלערנ אַזאַ אויסדרוק בא מאַרקסנ פאַר א „ליאַפּסוס״. זיי האָבנ דערפירט דעמ מאַרקסיזמ ביז צו א נעבעכדיק ליבעראַלער פאַרקריפּלונג, אַז אַכוצ דער קעגנשטעלונג פונ בורזשואַזער אונ פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע עקזיסטירט פאַר זיי גאָרנישט ניט, אונ אַפילע די דאָזיקע קעגנשטעלונג פאַרשטייענ זיי ביז גאָר טויט... אינ אייראָפּע פונ 1871 יאָר, אפנ קאָנטינענט, האָט אינ קיינ איינ לאַנד דער פּראָלעטאַריאַט ניט אויסגעמאַכט די מערהייט פונעמ פאָלק. א „פאָלק״־רעוואָליוציע, וואָס ציט ווירקלעכ אַרייַנ אינ דער באַוועגונג די מערהייט, האָט געקאָנט זייַנ אַזאַ בלויז ווענ זי כאַפּט אַרומ אי דעמ פּראָלעטאַריאַט אי דאָס פּויערטומ. ביידע קלאַסנ האָבנ טאַקע דאַנ געבילדעט דאָס „פאָלק״. ביידע קלאַסנ זייַנענ פאַרייניקט דערמיט, וואָס זיי אונטערדריקט, שטיקט, עקספּלואַטירט די „ביוראָקראַטיש־מיליטערישע מעלוכע־מאַשינ״. צעקלאַפּנ די דאָזיקע מאַשינ, צעברעכנ זי — אַזאַ איז דער ווירקלעכער אינטערעס פונעמ „פאָלק״, פונ זייַנ מערהייט, פונ די אַרבעטער אונ פונ דער מערהייט פּויערימ, אַזאַ איז דער „פאָרבאַדינג״ פאַר א פרייַענ בונד פונ די אָרעמסטע פּויערימ מיט די פּראָלעטאַריער, אונ אָנ אַזאַ בונד איז ניט פעסט די דעמאָקראַטיע אונ ס׳איז ניט מעגלעכ קיינ סאָציאַליסטישע איבערגעשטאַלטונג״ (זע ב. XXI, ז. 395 — 396).

די דאָזיקע ווערטער לענינס טאָר מענ ניט פאַרגעסנ.

אַלזאָ, קענענ איבערצייַגנ די מאַסנ אפ זייער אייגענער דערפאַרונג אינ דער ריכטיקייט פונ די פּאַרטייישע לאָזונגענ דורכ צופירנ די דאָזיקע מאַסנ צו די רעוואָליוציאָנערע פּאָזיציעס, אַלס וויכטיקסטער באַדינג פאַר דעראָבערנ אפ דער זייַט פונ דער פּאַרטיי מיליאָנענ אַרבעטנדיקע, — אַזאַ איז די פּערטע באַזונדערקייט פונ דער באָלשעוויסטישער טאַקטיק אינעמ פּעריאָד פונ צוגרייטנ דעמ אָקטיאַבער.

איכ דענק, אַז דאָס געזאָגטע איז פולשטענדיק גענוג אפ קלאָר צו מאַכנ זיכ די כאַראַקטעריסטישע שטריכנ פונ דער דאָזיקער טאַקטיק.

## IV

## די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, אַלס אָנהייב אונ פאָר־האַנאָכע פונ דער וועלט־רעוואָליוציע

ס׳איז קיינ סאָפעק ניט, אַז די אוניווערסאַלע טעאָריע וועגנ גלייַכצייַטיקנ זיג פונ דער רעוואָליוציע אינ די גרונט־לענדער פונ אייראָפּע, די טעאָריע וועגנ דער אומעגלעכקייַט, אַז דער סאָציאַליזמ זאָל זיגנ אינ איינ לאַנד, — האָט זיכ אַרויסגעוויזנ פאַר א קינסטלעכער, ניט־לעבנפייִקער טעאָריע. די זיבניאָריקע געשיכטע פונ דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע אינ רוסלאַנד רעדט ניט פאַר, נאָר קעגנ דער דאָזיקער טעאָריע. די דאָזיקע טעאָריע איז ניט אָנגעמבאַר ניט נאָר אַלס אַנטוויקלונג־סכעמע פונ דער וועלט־רעוואָליוציע, ווייַל זי ווידערשפּרעכט די בעפּיירעשע פאַקטנ. זי איז נאָכ מער ניט אָנגעמבאַר אַלס לאָזונג, ווייַל זי בינדט צונויפ אונ ניט זי בינדט פאַ־

נאנדער די איניציאַטיוו פונ איינצלנע לענדער, וואָס באקומענ די מעגלעכקײַט, צוליב געוויסע היסטאָרישע באדינגונגענ, זעלבשטענדיק דורכצורײַסנ דעם פראָנט פונעם קאפיטאל, ווײַל זי גיט א סטימול ניט צומ אקטיוונ דראנג אפנ קאפיטאל מיצאד איינצלנע לענדער, נאָר צומ פאסיוונ אויסווארטנ אפנ מאָמענט פונ „אלגעמיינער אנטשיידונג“, ווײַל זי קולטיווירט צווישנ די פראָלעטאריער פונ באזונדערע לענדער ניט דעם גײַסט פונ רעוואָליוציאָנערער אנטשלאָסנקײַט, נאָר דעם גײַסט פונ האמלעטישע ספייקעס מיקויעכ דעם, אז „טאָמער וועלנ אנדערע ניט אונטערשטיצנ“. לענינ איז אבסאָליוט גערעכט, ווענ ער זאָגט, אז דער זיג פונעמ פראָלעטאריאַט אינ איינ לאנד איז דער „טיפישער פאל“, אז א „גלײַכצײַטיקע רעוואָליוציע אינ א ריי לענדער“ קאָנ זײַנ בלויז „א זעלטענער אויסנאם“ (זע ב. XIII, ז. 354).

אָבער די לענינישע טעאָריע פונ רעוואָליוציע באגרענעצט זיכ ניט, ווי עס איז באוווסט, בלויז מיט דער דאָזיקער איינער זײַט פונ דער זאכ. זי איז צוזאמענ דערמיט די טעאָריע וועגנ דער אנטוויקלונג פונ דע־ וועלט־רעוואָליוציע.[1] דער זיג פונעמ סאָציאַליזמ אינ איינ לאנד איז ניט קיינ זעלבסטגעניגנדיקע אויפגאבע. די רעוואָליוציע פונעמ לאנד, וואָס האָט געזיגט, דארפ זיכ באטראכטנ, ניט ווי א זעלבסטגעניגנדיקע גרייס, נאָר אלס אנ אָנשפאר, אלס א מיטל צו פארגיכערנ דעמ זיג פונעמ פראָלעטאריאַט אינ אלע לענדער. ווײַל דער זיג פונ דער רעוואָליוציע אינ איינ לאנד, אינעמ געגעבענעמ פאל אינ רוסלאנד, איז ניט בלויז א פראָדוקט פונ דער ניט־גלײַכמעסיקער אנטוויקלונג אונ פונ דער פראָגרעסירנדיקער צעפאלונג פונעמ אימפעריאַליזמ. ער איז צוזאמענ דערמיט אנ אָנהייב אונ א פאָרהאנאָכע פונ דער וועלט־רעוואָליוציע.

ס'איז קיינ סאָפעק ניט, אז די אנטוויקלונג־וועגנ פונ דער וועלט־רעוואָליוציע זײַנענ ניט אזוי פאָשעט, ווי דאָס וואָלט זיכ געקאָנט דוכטנ פריִער, ביזנ זיג פונ דער רעוואָליוציע אינ איינ לאנד, ביז ס'איז אויפגעקומענ דער אנטוויקלטער אימפעריאַליזמ, וואָס איז דער „ערעוו פונ דער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע“. ווײַל ס'איז אויפגעקומענ אזא נײַער פאקטאָר, ווי דער געזעצ פונ דער ניט־גלײַכמעסיקער אנטוויקלונג פונ די קאפיטאליסטישע לענדער, וואָס ווירקט אינ די באדינגונגענ פונעמ אנטוויקלטנ אימפעריאַליזמ, וואָס רעדט וועגנ דער אומפארמײַדלעכקײַט פונ מילכאָמע־צוזאמענשטויסנ, וועגנ דער אלגעמיינער אָפשוואכונג פונ דעמ וועלט־פראָנט פונעמ קאפיטאל אונ וועגנ דער מעגלעכקײַט פונ א זיג פונעמ סאָציאַליזמ אינ איינצלנע לענדער. ווײַל ס'איז אויפגעקומענ אזא נײַער פאקטאָר, ווי

1 זע אויבנ — „וועגנ די יעסוידעס פונעמ לעניניזמ“. י. סט.

דאָס קאָלאָסאַלע סאָוועטישע לאַנד, וואָס ליגט צווישנ מײַרעוו און מיזרעכ, צווישנ דעמ צענטער פונ דער פינאַנציעלער עקספּלואַטאַציע פונ דער וועלט און דער אַרענע פונ קאָלאָניאַלער אונטערדריקונג, — דאָס סאָוועטישע לאַנד, וואָס בלויז מיט דער עקזיסטענצ אַליינ זײַנער רעוואָליוציאָניזירט עס די גאַנצע וועלט.

דאָס זײַנענ אַלצ אַזעלכע פאַקטאָרנ (איכ רייד שוינ ניט וועגנ אַנדערע, וויניקער וויכטיקע פאַקטאָרנ), וואָס קאָנענ ניט ניט דיסקאָנטירט ווערנ באַמ שטודירנ די וועגנ פונ דער וועלט־רעוואָליוציע.

פריִער פלעגט מענ געוויינלעכ מיינענ, אַז די רעוואָליוציע וועט זיכ אַנטוויקלענ דורכ אַ גלײַכמעסיקנ „רײַפ“ ווערנ פונ די עלעמענטנ פונעמ סאָציאַליזמ, פריִער פונ אַלצ אינ די מער אַנטוויקלטע, אינ די „פאָר־געשריטענע“ לענדער. איצט נייטיקט זיכ די דאָזיקע פאָרשטעלונג אינ וועזנטלעכע ענדערונגענ.

„די סיסטעמ פונ צווישנפעלקערלעכע באַציִונגענ, — זאָגט לענינ, — האָט זיכ איצט אויסגע־בילדעט אַזאַ, אַז אינ אייראָפּע איז איינע פונ די מעלוכעס פאַרשקלאַפט דורכ די מעלוכעס די זיגער, דאָס איז — דײַטש־לאַנד. ווײַטער, אַ ריי מעלוכעס, און דערבײַ די סאַמע אַלטע מעלו־כעס פונעמ מײַרעוו, האָבנ זיכ, מאַכמעס דעמ ניצחונ זייערנ, אַרויסגעוויזנ אינ באַדינגונגענ, ווענ זיי קאָ־נענ אויסנוצנ דעמ דאָזיקנ ניצאָכנ צוליב אַ ריי ניט קיינ וויכטיקע האַנאָכעס פאַר זייערע אונטערדריק־טע קלאַסנ, — האַנאָכעס, וואָס ציִענ פונדעסטוועגנ אָפּ די רעוואָליוציאָנערע באַוועגונג אינ זיי און שאַפנ עטוואָס ענלעכס אָפּ אַ „סאָציאַלנ שאָלעמ“.

„אינ דער זעלביקער צײַט האָט זיכ אַ גאַנצע ריי לענדער: דער מיזרעכ, אינדיע, כינע אאַז״וו, גראָד מאַכמעס דער לעצטער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, אַרויסגעוויזנ פאַר ענדגילטיק אַרויס־געשלאָגנ פונ זייער געוויינלעכנ וועג. זייער אַנטוויקלונג איז ענדגילטיק אַוועק לויטנ אַלגעמיינ־אייראָפּעיִשנ קאַפּיטאַליסטישנ מאַסשטאַב. אינ זיי האָט זיכ אָנגעהויבנ די אַלגעמיינ־אייראָפּעיִשע יווירונג. און פאַר דער גאַנצער וועלט איז איצט קלאָר, אַז זיי האָבנ זיכ אַרײַנגעצויגנ אינ אַזאַ אַנטוויקלונג, וואָס קאָנ ניט ניט ברענגענ צו קיינ קריזיס פונ דעמ גאַנצנ אַלוועלטלעכנ קאַפּיטאַ־ליזמ“.

מאַכמעס דעמ און אינ פאַרבינדונג דערמיט „פאַרענדיקנ די מײַרעוו־אייראָפּעיִשע קאַפּיטאַ־ליסטישע לענדער זייער אַנטוויקלונג צומ סאָציאַליזמ... ניט אַזוי, ווי מיר האָבנ פריִער דערוואַרט. זיי פאַרענדיקנ זי ניט דורכ דעמ, וואָס אינ זיי ווערט גלײַכמעסיק „רײַפ“ דער סאָציאַליזמ, נאָר דורכ דער עקספּלואַטאַציע פונ איינע מעלוכעס דורכ אַנדערע, דורכ דער עקספּלואַטאַציע פונ דער ערשטער צווישנ די מעלוכעס, וואָס זײַנענ באַזיגט געוואָרנ בײַס דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, פאַרייניקט מיט דער עקספּלואַטאַציע פונעמ גאַנצנ מיזרעכ. און דער מיזרעכ אַ ז, פונ דער צווייטער זײַט, ענדגילטיק געקומענ אינ רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג גראָד מאַכמעס דער דאָזיקער ערשטער אימפּעריאַליס־טישער מילכאָמע און ער האָט זיכ ענדגילטיק אַרײַנגעצויגנ אינעמ אַלגעמיינעמ קרײַזלויפ פונ דער אַלוועלטלעכער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג“ (זע ב. XXVII, ז. 415—416).

אויב מע זאָל דערצו צוגעבנ דעמ פאַקט, אַז ניט בלויז די באַזיגטע לענדער און די קאָלאָניעס ווערנ עקספּלואַטירט דורכ די לענדער, וואָס האָבנ געזיגט, נאָר אַז אויכ אַ טייל פונ די לענדער, וואָס האָבנ געזיגט,

פאלט אריין אין קרייז פון פינאנציעלער עקספלואטאציע מיצאד די סאמע מעכטיקע לענדער די זיגער, אמעריקע און ענגלאנד; אז די ווידערשפרוכן צווישן אָט־די אַלע לענדער זיינען דער ווכטיקסטער פאקטאָר פון פא-גאנדערלייגן דעם וועלט-אימפעריאַליזם; אז אכוץ די דאָזיקע ווידער-שפרוכן עקזיסטירן נאָך און אנטוויקלען זיך די טיפסטע ווידערשפרוכן אינ-ווייניק אין יעדן פון די דאָזיקע לענדער; אז אָט-די אלע ווידערשפרוכן ווערן פארטיפט און פארשארפט דורך דעם פאקט, וואָס זייט-בא-זייט מיט די דאָזיקע לענדער עקזיסטירט די גרויסע ראטן-רעפובליק, — אויב מע זאָל דאָס אלץ נעמען אין אכט, וועט דאָס בילד פון דער אייגנארטיקייט פון דער צווישנפעלקערלעכער לאגע ווערן מער אָדער ווייניקער פולשטענדיק.

ס'איז ווארשיינלעכער פון אַלץ, אז די וועלט-רעוואָליוציע וועט זיך אנט-וויקלען אזוי, אז א ריי נייע לענדער וועט אפ א רעוואָליוציאָנערן אויפן אָפפאלן פון דער סיסטעם פון די אימפעריאַליסטישע מעלוכעס בא דער אונ-טערשטיצונג פון די פראָלעטאריער פון די דאָזיקע לענדער מיצאד דעם פראָ-לעטאריאַט פון די אימפעריאַליסטישע מעלוכעס. מיר זעען, אז דאָס ערשטע אָפגעפאלענע לאנד, דאָס ערשטע לאנד, וואָס האָט בעזיגט, ווערט שוין גע-שטיצט דורך די ארבעטער און ביכלאל דורך די ארבעטנדיקע פון אנדערע לענדער. אָן דער דאָזיקער שטיצע וואָלט אָט דאָס לאנד ניט געקאָנט זיך האלטן. ס'איז קיין ספק ניט, אז די דאָזיקע שטיצע וועט שטארקער ווערן און אָנוואקסן. ס'איז אָבער אויך קיין ספק ניט, אז די עצעם אנטוויקלונג פון דער וועלט-רעוואָלוציע, דער עצעם פראָצעס, אין וועלכן א ריי נייע לענדער וועט אָפפאלן פונעם אימפעריאַליזם, וועט פאָרקומען אלץ גיכער און גרינטלעכער, וואָס גרינטלעכער ס'וועט זיך פארפעסטיקן דער סאָציאַליזם אינעם ערשטן לאנד, וואָס האָט געזיגט, וואָס גיכער דאָס דאָזיקע לאנד וועט פארוואנדלט ווערן אין א באזע פאר דער ווייטערדיקער פאנאנדער-וויקלונג פון דער וועלט-רעוואָליוציע, אין א הייבער פאר דער ווייטערדיקער פאנאנדערלייגונג פונעם אימפעריאַליזם.

אויב ס'איז ריכטיק די האנאָכע, אז דער **ענדגילטיקער** זיג פונעם סאָציאַליזם אין דעם ערשטן לאנד, וואָס האָט זיך באפרייט, איז אומעגלעך אָן די אלגעמיינע אָנשטרענגונגען פון די פראָלעטאריער פון עטלעכע לענדער, איז פונקט אזויפיל ריכטיק אויך, אז די וועלט-רעוואָליוציע וועט זיך פאנאנ-דערוויקלען אלץ שנעלער און גרינטלעכער, וואָס ווירקלעכער ס'וועט זיין די הילף מיצאד דעם ערשטן סאָציאַליסטישן לאנד פאר די ארבעטער און ארבעטנדיקע מאסן פון אלע איבעריקע לענדער.

אין וואָס דארף זיך אויסדריקן די דאָזיקע הילף?

זי דארף זיך אויסדריקן, ערשטנס, דערין, אז דאָס לאנד, וואָס האָט גע-

זיגט, „זאָל דורכפירן דעם מאַקסימום פון דעם, וואָס איז מעגלעך צו פאַר־ווירקלעכן אין איין לאַנד, פאַר דער אַנטוויקלונג, אונטערשטיצונג, אויפוואַכונג פון דער רעוואָליוציע אין אַלע לענדער" (זע ב. XXIII, ז. 385).

זי דאַרף זיך אויסדריקן, צווייטנס, דערין, וואָס „דער זיגרייכער פּראָלעטאַריאַט" פון איין לאַנד זאָל „נאָכן עקספּראָפּריִרן די קאַפּיטאַליסטן און נאָכן אָרגאַניזירן בא זיך די סאָציאַליסטישע פּראָדוקציע, אויפשטיין... קעגן דער איבעריקער, קאַפּיטאַליסטישער וועלט, צוציִענדיק צו זיך די אונטערדריקטע קלאַסן פון אַנדערע לענדער, אויפהייבנדיק אין זיי אַן אויפשטאַנד קעגן די קאַפּיטאַליסטן, ארויסטרעטנדיק אין פאַל פון נויטווענדיקייט אפילו מיט מיליטערישער קראַפט קעגן די עקספּלואַטאַטאָרישע קלאַסן און זייערע מעלוכעס" (זע ב. XVIII, ז. 232—233).

די כאַראַקטעריסטישע באַזונדערקייט פון דער דאָזיקער הילף מיצאַד דעם לאַנד, וואָס האָט געזיגט, באַשטייט ניט בלויז דערין, וואָס זי פאַרגי־כערט דעם זיג פון די פּראָלעטאַריער פון אַנדערע לענדער, נאָר אויך דערין, וואָס, פאַרלייכטערנדיק דעם דאָזיקן זיג, זיכערט זי דערמיט גופע דעם ענד־גילטיקן ניצאָכן פונעם סאָציאַליזם אינעם ערשטן לאַנד, וואָס האָט גע־זיגט.

ס'איז וואַרשיינלעכער פון אַלץ, אַז אינעם אַנטוויקלונג־גאַנג פון דער וועלט־רעוואָליוציע וועלן, באַגלייך מיט די נעסטן פונעם אימפּעריאַליזם אין איינצלנע קאַפּיטאַליסטישע לענדער און מיט דער סיסטעם פון די דאָזיקע לענדער אין דער גאַנצער וועלט, געשאַפן ווערן נעסטן פון סאָציאַליזם אין איינצלנע סאָוועטישע לענדער און אַ סיסטעם פון די דאָזיקע נעסטן אין דער גאַנצער וועלט, דערביי וועט דער קאַמף צווישן די דאָזיקע צוויי סיס־טעמען אָנפילן די געשיכטע פון פאַנאַנדערוויקלען די וועלט־רעוואָליוציע.

„ווייל, — זאָגט לענין, — ס'איז אוממעגלעך אַ פרייע פאַראייניקונג פון נאַציעס אינעם סאָציאַליזם אָן אַ מער אָדער ווייניקער דויערנדיקן, האַרטנעקיקן קאַמף פון די סאָציאַליסטישע רעפּובליקן קעגן די אָפּגעשטאַנענע מעלוכעס" (זע דאָרט).

די אַלוועלטלעכע באַדייטונג פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע באַשטייט ניט בלויז דערין, וואָס זי איז דער גרויסער אָנהייב פון איין לאַנד אינעם דורכרייסן די סיסטעם פונעם אימפּעריאַליזם און די ערשטע נעסט פונעם סאָציאַליזם אינעם אָקעאַן פון די אימפּעריאַליסטישע לענדער, נאָר אויך דערין, וואָס זי איז דער ערשטער עטאַפּ פון דער וועלט־רעוואָליוציע און אַ מעכטיקע באַזע פאַר איר ווייטערדיקער פאַנאַנדערוויקלונג.

ניט גערעכט זיינען דעריבער ניט בלויז די, וואָס פאַרגעסן וועגן דעם אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע און דערקלערן דעם זיג פון דער רעוואָליוציע אין איין לאַנד פאַר אַ ריין נאַציאָנאַלער

און בלויז נאציאָנאלער דערשיינונג. ניט גערעכט זיינען אויך די, וואָס, גע־דענקענדיק וועגן דעם אינטערנאציאָנאלן כאראקטער פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, זיינען גענייגט צו באטראכטן די דאָזיקע רעוואָליוציע אלס עטוואָס פאסיווער, וואָס איז בארופן בלויז אָנצונעמען שטיצע פון דרויסן. אינדערעמעסן איז ניט בלויז די אָקטיאבער־רעוואָליוציע נייטיקט זיך אין שטיצע מיצאד דער רעוואָליוציע אין די אנדערע לענדער, נאָר אויך די רע־וואָליוציע פון די דאָזיקע לענדער נייטיקט זיך אין שטיצע מיצאד דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, כדיי צו פאָרגיכערן אין א רוק טאָן פאָרויס די זאך פון אראָפוואַרפן דעם אלוועלטלעכן אימפעריאליזם.

17 דעקאבער 1924

# צו די פראגנ פונעמ לעניניזמ

דער לענינגראדער אָרגאניזאַציע פונ אלקפּ(ב) ווידמע איכ:

י. סטאלינ

I

## די דעפיניציע פונעמ לעניניזמ

אינ דער בראָשור „וועגנ די יעסוידעס פונעמ לעניניזמ" איז געגעבנ געוואָרנ די באוווסטע דעפיניציע פונעמ לעניניזמ, וועלכע האָט, ווי ס'ווייַזט אויס, באקומענ בירגער־רעכט. זי זאָגט:

„דער לעניניזמ איז דער מארקסיזמ פונ דער עפּאָכע פונעמ אימפּעריאַליזמ אונ פּראָלעטארישער רעוואָליוציע. פּינקטלעכער: דער לעניניזמ—דאָס איז די טעאָריע אונ טאקטיק פונ דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע ביכלאל, די טעאָריע אונ טאקטיק פונ דער דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאַט באזונדערס".

צי איז ריכטיק די דאָזיקע דעפיניציע?

איכ מיינ, אז ריכטיק. זי איז ריכטיק, ערשטנס, דערפאר, ווייַל זי ווייַזט ריכטיק אָנ אפ די היסטאָרישע וואָרצלענ פונעמ לעניניזמ, כאראקטעריזירנדיק אימ אלס דעמ מארקסיזמ פונ דער עפּאָכע פונעמ אימפּעריאַליזמ, אינ קעגנגעוויכט צו אייניקע קריטיקער פונ לענינענ, וואָס מיינענ ניט ריכטיק, אז דער לעניניזמ איז אנטשטאנענ נאָכ דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע. זי איז ריכטיק, צווייטנס, דערפאר, ווייַל זי פארצייכנט ריכטיק דעמ אינטערנאציאָנאלנ כאראקטער פונעמ לעניניזמ, אינ קעגנגעוויכט צו דער סאָציאַל־דעמאָקראטיע, וועלכע האלט, אז דער לעניניזמ איז אָנווענדבאר בלויז אינ די נאציאָנאל רוסישע אומשטענדנ. זי איז ריכטיק, דריטנס, דערפאר, ווייַל זי פארצייכנט ריכטיק די אָרגאנישע פארבינדונג פונעמ לעניניזמ מיט דער לערע פונ מארקסנ, כאראקטעריזירנדיק דעמ לעניניזמ אלס דעמ מארקסיזמ פונ דער עפּאָכע פונעמ אימפּעריאַליזמ, אינ קעגנגעוויכט צו אייניקע קריטיקער פונעמ לעניניזמ, וואָס האלטנ

אים ניט פאר קיין ווײַטערדיקער אנטוויקלונג פונעם מארקסיזם, נאָר בלויז פאר א ווידערופשטעלונג פונעם מארקסיזם און פאר אן אָנווענדונג פונעם מארקסיזם צו דער רוסישערווירקלעכקײַט.

דאָס אלץ, דוכט זיך, נייטיקט זיך ניט אין קיין באזונדערע קאָמענטארן.

פונדעסטוועגן זײַנען, ווײַזט זיך ארויס, פאראן אין אונדזער פארטיי באוויירים, וואָס האלטן פאר נייטיק צו דעפינירן דעם לעניניזם א ביסל אנדערש. אָט, צומבײַשפּיל, מיינט דער כ׳ זינאָוויעוו, אז:

„דער לעניניזם איז דער מארקסיזם פון דער עפּאָכע פון אימפּעריאליסטישע מילכאָמעס און פון דער וועלט-רעוואָליוציע, וועלכע האָט זיך אומיטלבאר אָנגעהויבן אין א לאנד, ווו עס דאָמינירט דאָס פּויערטום" 1 (זע דעם כ׳ זינאָוויעווס ארטיקל „באָלשעוויזם אָדער טראָצקיזם". „פּראווּדא", נומ. 273 פון 30/XI 1924 יאָר).

וואָס קאָנען באטײַטן די ווערטער, וועלכע דער כ׳ זינאָוויעוו האָט אונטערגעשטראָכן? וואָס באטײַט ארײַנפירן אין דער דעפיניציע פונעם לעניניזם די אָפּגעשטאנענקײַט פון רוסלאנד, זײַן פּויערישן כאראקטער?

דאָס באטײַט — פארוואנדלען דעם לעניניזם פון אן אינטערנאציאָנאלער פּראָלעטארישער לערע אין א פּראָדוקט פון דער רוסלענדישער אייגנארטיקײַט.

דאָס באטײַט — שפּילן אין האנט אריין באוערן און קאוטסקין, וועלכע לייקענען, אז דער לעניניזם טויג פאר אנדערע לענדער, קאפּיטאליסטיש מער אנטוויקלטע.

געוויס, די פּויערים־פראגע האָט פאר רוסלאנד א העכסט וויכטיקע באדײַטונג, אז דאָס לאנד איז בא אונדז א פּויערישעס. וואָס פאר א באטײַט אָבער קאָן האָבן דער דאָזיקער פאקט פאר דער כאראקטעריסטיק פון די יעסוידעס פונעם לעניניזם? צי דען האָט זיך דער לעניניזם אויסגעארבעט בלויז אפן באָדן פון רוסלאנד און פאר רוסלאנד, און ניט אפן באָדן פונעם אימפּעריאליזם און ניט פאר די איפּעריאליסטישע לענדער ביכלאל? צי דען האָבן אזעלכע לענינס ווערק, ווי „אימפּעריאליזם", „מעלוכע און רעוואָליוציע", „די פּראָלעטארישע רעוואָליוציע און דער רענעגאט קאוטסקי", „די קינדער־קראנקײַט פון „לינקײַט" אאוו. א באטײַט בלויז פאר רוסלאנד און ניט פאר אלע אימפּעריאליסטישע לענדער ביכלאל? צי דען איז דער לעניניזם ניט קיין פאראלגעמיינערונג פון דער דערפארונג פון דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג פון אלע לענדער? צי זײַנען דען ניט טויגבאר, ניט אָבליגאטע־

---

1 כ׳ זינאָוויעווס קורסיוו. י. ס ט.

ריש פאר די פראַקטישע פארטייען פון אלע לענדער די יעסוידעס פון דער טעאָריע און פראקטיק פונעם לעניניזם? צי איז דען לענין ניט געווען גערעכט, ווען ער האָט געזאָגט, אז „דער באָלשעוויזם טויג אלס מוסטער פון טאקטיק פאר אלעמען"[1]? (זע ב. XXIII, ז. 386) ? צי איז דען לענין ניט געווען גערעכט, ווען ער האָט גערעדט וועגן דער „אינטערנאציאָנאלער באדייטונג"[1] פון דער ראטנמאכט און פון די יעסוידעס פון דער באָלשעוויסטישער טעאָריע און טאקטיק"? (זע ב, XXV, ז. 171—172). צי זיינען דען ניט ריכטיק, צומביישפיל, פאָלגנדיקע ווערטער לענינס:

„אין רוסלאנד מוז זיך די דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט אומפארמיידלעך אויסצייכענען מיט אייניקע באזונדערקייטן אין פארגלייך מיט די פארגעשריטענע לענדער מאכמעס דער זייער גרויסער אָפגעשטאנענקייט און קליינבירגערלעכקייט פון אונדזער לאנד. אָבער די גרונט-קרעפטן — און די גרונט-פאָרמען פון דער געזעלשאפטלעכערווירטשאפט — זיינען אין רוסלאנד די זעלביקע, וואָס אין יעטווידער קאפיטאליסטיש לאנד, אזוי אז די דאָזיקע באזונדערקייטן קאָנען האָבן א שייכעס נאָר ניט צום סאמע איקער" [1] (זע ב. XXIV, ז. 508).

אויב אָבער דאָס אלץ איז ריכטיק, צי דרינגט דען ניט דערפון ארויס, אז די דעפיניציע פונעם לעניניזם, וואָס דער כ' זינאָוויעוו האָט געגעבן, קאָן ניט אנערקענט ווערן פאר קיין ריכטיקע?

ווי אזוי זאָל מען צונויפפאָרן די דאָזיקע נאציאָנאל-באגרענעצטע דעפיניציע פונעם לעניניזם מיטן אינטערנאציאָנאליזם?

## II

# דאָס איקערדיקע אינעם לעניניזם

אין דער בראָשור „וועגן די יעסוידעס פונעם לעניניזם" ווערט געזאָגט:

„אייניקע מיינען, אז דאָס איקערדיקע אינעם לעניניזם—דאָס איז די פויערים-פראגע, אז דער אויסגאנג-פונקט פונעם לעניניזם איז די פראגע וועגן פויערטום, זיין ראָליע, זיין ספעציפישן געוויכט. דאָס איז אבסאָליוט ניט ריכטיק. די גרונט-פראגע אינעם לעניניזם, זיין אויסגאנג-פונקט איז ניט די פויערים-פראגע, נאָר די פראגע וועגן דער דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט, וועגן די באדינגונגען פון דעראָבערן זי, וועגן די באדינגונגען פון פארפעסטיקן זי. די פויערים-פראגע, אלס פראגע וועגן דעם פארבינדעטן פונעם פראָלעטאריאט אין זיין קאמף פאר דער מאכט, איז אן ארויסגעדרינגענדיקע פראגע".

צי איז ריכטיק דער דאָזיקער טעזיס?

איך מיין, אז ריכטיק. די דאָזיקע האנאָכע דרינגט פולשטענדיק ארויס

1 מיין קורסיוו. י. סט.

פון דער דעפיניציע פונעם לעניניזם. אינדערעמעסן, אויב דער לעניניזם איז די טעאָריע און טאַקטיק פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, און דער גרונט־אינהאַלט פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע איז די דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט, — איז קלאָר, אַז דאָס איקערדיקע אינעם לעניניזם באַשטייט אין דער פראַגע וועגן דער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט, אין דער פאַנאַנדעראַרבעטונג פון דער דאָזיקער פראַגע, אין דער באַגרינדונג און קאָנקרעטיזירונג פון דער דאָזיקער פראַגע.

דער כ׳ זינאָוויעוו, זעט אויס, איז פונדעסטוועגן ניט מאַסקים מיט דער דאָזיקער האַנאָכע. אין זיין אַרטיקל „לענינס אָנדענק״ זאָגט ער:

די פראַגע וועגן דער ראָליע פונעם פּויערטום איז, ווי איך האָב שוין געזאָגט, די גרונט־פראַגע[1] פונעם באָלשעוויזם, לעניניזם״ (זע „פּראַוודאַ״, נומ. 35, פון 13־טן פעוראַל 1924 יאָר).

די דאָזיקע האַנאָכע כ׳ זינאָוויעווס שטאַמט, ווי איר זעט, אינגאַנצן פון דער ניט-ריכטיקער דעפיניציע פונעם לעניניזם, וואָס דער כ׳ זינאָוויעוו האָט געגעבן. דעריבער איז זי פונקט אַזוי ניט ריכטיק, ווי עס איז ניט ריכטיק זיין דעפיניציע פונעם לעניניזם.

צי איז ריכטיק לענינס טעזיס וועגן דעם, אַז די דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט איז דער „איקערדיקער אינהאַלט פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע״? (זע ב. XXIII, ז. 337). אומבאַדינגט ריכטיק. צי איז ריכטיק דער טעזיס וועגן דעם, אַז דער לעניניזם איז די טעאָריע און טאַקטיק פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע? איך מיין, אַז ריכטיק. וואָס זשע איז אָבער דערפון געדרונגען? דערפון איז געדרונגען, אַז די גרונט־פראַגע פונעם לעניניזם, זיין אויסגאַנג-פונקט, זיין פונדאַמענט איז די פראַגע וועגן דער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט.

צי דען איז ניט ריכטיק, אַז די פראַגע וועגן אימפּעריאַליזם, די פראַגע וועגן דעם שפּרונגאַרטיקן כאַראַקטער פון דער אַנטוויקלונג פונעם אימפּעריאַליזם, די פראַגע וועגן דעם זיג פונעם סאָציאַליזם אין איין לאַנד, די פראַגע וועגן דער מעלוכע פונעם פּראָלעטאַריאַט, די פראַגע וועגן דער סאָוועטישער פאָרם פון דער דאָזיקער מעלוכע, די פראַגע וועגן דער ראָליע פון דער פּאַרטיי אין דער סיסטעם פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, די פראַגע מיקויעכ די וועגן פון בויען דעם סאָציאַליזם, — אַז אָט די אַלע פראַגן זיינען פאַנאַנדערגעאַרבעט געוואָרן גראָד דורך לענינען? צי דען איז ניט ריכטיק, אַז גראָד די דאָזיקע פראַגן בילדן טאַקע דעם

[1] מיין קורסיוו. י. סט.

גרונט, דעם פונדאמענט פון דער אידיי װעגן פראָלעטארישער דיקטאטור? צי איז דען ניט ריכטיק, אז אָן דער פאנאנדערארבעטונג פון די דאָזיקע גרונט-פראגן װאָלט אומדענקבאר געװען דאָס פאנאנדערארבעטן די פויערים-פראגע פונעם שטאנדפונקט פון דער דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט?

געװיס איז לעניןן געװען א קענער פון דער פויערים־פראגע. ס'איז ניטאָ װאָס צו ריידן, אז די פויערים-פראגע, אלס די פראגע װעגן דעם פארבינדעטן פונעם פראָלעטאריאט, האָט א העכסט װיכטיקע באדײַטונג פארן פראָלעטאריאט און איז א באשטאנדטייל פון דער גרונט-פראגע װעגן דיק-טאטור פונעם פראָלעטאריאט. צי דען איז אָבער ניט קלאָר, אז אויב פארן לעניניזם װאָלט ניט געשטאנען די גרונט-פראגע װעגן דער דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט, װאָלט אויך ניט געװען די ארויסדרינגענדיקע פראגע װעגן דעם פארבינדעטן פונעם פראָלעטאריאט, די פראגע װעגן דעם פויערטום? צי דען איז ניט קלאָר, אז אויב פארן לעניניזם װאָלט ניט געשטאנען די פראקטישע פראגע װעגן דעם, אז דער פראָלעטאריאט זאָל דעראָבערן די מאכט, װאָלט אויך ניט געװען די פראגע װעגן דעם בונד מיטן פויערטום?

לענין װאָלט ניט געװען דער גרעסטער פראָלעטארישער אידעאָלאָג, װאָס אזא איז ער אָן סאָפעק, ער װאָלט געװען אַן איינפאכער „פויערשער פילאָסאָף", װאָס אזוי שילדערן אים אָפט די אויסלענדישע ליטעראַרישע באלעבעס-לעך, װען ער װאָלט געפירט די פאנאנדערארבעטונג פון דער פויערשער פראגע ניט אפ דער באזע פון דער טעאָריע און טאקטיק פון דער דיקטא-טור פונעם פראָלעטאריאט, נאָר פארבײַ דער דאָזיקער באזע, אויסער דער דאָזיקער באזע.

איינס פון די ביידע:

אָדער די פויערים־פראגע איז דאָס איקערדיקע אינעם לעניניזם, און דאן טויג ניט דער לעניניזם, דאן איז ער ניט אָבליגאטעריש פאר די קאפיטאליסטיש אנטװיקלטע לענדער, פאר די לענדער, װאָס זײַנען ניט קיין פויערשע לענדער;

אָדער דאָס איקערדיקע אינעם לעניניזם איז די דיקטאטור פונעם פראָ-לעטאריאט, און דאן איז דער לעניניזם אַן אינטערנאציאָנאלע לערע פון די פראָלעטאריער פון אלע לענדער, א לערע, װאָס טויג און איז אָבלי-גאטעריש פאר אלע לענדער אָן אויסנאם, דערין אויך פאר די קאפיטא-ליסטיש אנטװיקלטע.

דאָ דארף מען אויסקלײַבן.

## III

## די פראגע וועגן דער „פערמאנענטער" רעוואָליוציע

אין דער בראָשור „וועגן די יעסוידעס פונעם לעניניזם" ווערט „די טעאָריע וועגן דער פערמאנענטער רעוואָליוציע" אָפּגעשאצט אלס א „טעאָריע" פון ניט־דערשאצן די ראָליע פונעם פויערטום. דאָרט איז געזאָגט געוואָרן:

„לענין האָט מילכאָמע געהאלטן קעגן די אָנהענגער פון דער „פערמאנענטער" רעוואָליוציע ניט צוליב דער פראגע וועגן אָנופהערלעכקייט, ווייל לענין אליין איז געשטאנען אפן שטאנדפונקט פון אָנופהערלעכער רעוואָליוציע, נאָר צוליב דעם, ווייל זיי האָבן ניט־דערשאצט די ראָליע פונעם פויערטום, וואָס איז דער גרעסטער רעזערוו פונעם פראָלעטאריאט".

די דאָזיקע כאראקטעריסטיק פון די רוסישע „פערמאנענטניקעס" האָט זיך גערעכנט ביז דער לעצטער צייט פאר אן אלגעמיין אנערקענטער. פונדעסטוועגן איז, כאָטש זי איז בכלל א ריכטיקע, קאָן זי דאָך ניט אנערקענט ווערן פאר קיין אויסשעפנדיקער. די דיסקוסיע פון 1924 יאָר, פון איין זייט, און דער גענויער אנאליז פון לענינס ווערק, פון דער צווייטער זייט, האָבן באוויזן, אז דער טעות פון די רוסישע „פערמאנענטניקעס" איז באשטאנען ניט בלויז אינעם ניט־דערשאצן די ראָליע פונעם פויערטום, נאָר אויך אינעם ניט־דערשאצן די קרעפטן און פייִקייטן פונעם פראָלעטאריאט צו פירן נאָך זיך דאָס פויערטום, אינעם ניט־גלויבן אין דער אידיי פון העגעמאָניע פונעם פראָלעטאריאט.

דעריבער האָב איך אין מיין בראָשור „די אָקטיאבער־רעוואָליוציע און די טאקטיק פון די רוסישע קאָמוניסטן" (דעקאבער 1924 יאָר) פארברייטערט די דאָזיקע כאראקטעריסטיק און פארביטן זי אף א צווייטער, אף א פולערער. אָט וואָס עס איז געזאָגט געוואָרן וועגן דעם אין דער דאָזיקער בראָשור:

„ביז איצט פלעגט מען געוויינלעך באצייכענען איין זייט פון דער טעאָריע פון „פערמאנענטער רעוואָליוציע" — דאָס ניט־גלויבן אין די רעוואָליוציאָנערע מעגלעכקייטן פון דער פויערשער באוועגונג. איצט, פון גערעכטיקייט וועגן, מוז מען די דאָזיקע זייט דערגאנצן מיט א צווייטער זייט — מיטן ניט־גלויבן אין די קרעפטן און פייִקייטן פונעם פראָלעטאריאט פון רוסלאנד".

דאָס באטייט ניט, פארשטייט זיך, אז דער לעניניזם איז געווען אָדער ער איז קעגן דער אידיי פון דער פערמאנענטער רעוואָליוציע, אָן גענדזנפיסלעך, וועלכע איז פראָקלאמירט געוואָרן דורך מארקסן אין די פערציקער יאָרן פונעם פאָריקן יאָרהונדערט. פארקערט. לענין איז געווען דער איינציקער מארקסיסט, וואָס האָט ריכטיק פארשטאנען און אנטוויקלט די אידיי פון

דער פערמאנענטער רעוואָליוציע. דער אונטערשייד צווישן לענינען און די „פערמאנענטניקעס“ אין דער דאָזיקער פראגע באשטייט דערין, וואָס די „פערמאנענטניקעס“ האָבן פארקריפּלט די אידיי פון מארקס פערמאנענטער רעוואָליוציע, וואָס זיי האָבן זי פארוואנדלט אין א בוכ־כאָכמע, אָן לעבן, דאן ווען לענין האָט זי גענומען אין דער ריינער פאָרם און האָט זי גע־מאכט פאר איינעם פון די יעסוידעס פון זיין טעאָריע וועגן רעוואָליוציע. מע דארף געדענקען, אז די אידיי פונעם אריבערוואקסן פון דער בורזשואז־דעמאָקראטישער רעוואָליוציע אין א סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע, וואָס לענין האָט געגעבן נאָכ אין 1905 יאָר, איז איינע פון די פארקערפּערונג־פאָרמען פון מארקס טעאָריע וועגן פערמאנענטער רעוואָליוציע. אָט וואָס לענין האָט געשריבן וועגן דעם נאָכ אין 1905 יאָר:

„פון דער רעוואָליוציע דער דעמאָקראטישער וועלן מיר טייקעפּ אָנהייבן אריבערגיין, און פונקט אין דער מאָס פון אונדזער קראפט, דער קראפט פונעם באוווסטזיניקן און אָרגאניזירטן פּראָלעטאריאַט, וועלן מיר אָנהייבן אריבערגיין צו דער סאָציאליסטישער רעוואָליוציע. מיר זיינען פאר אן אָנופּהערלעכער רעוואָליוציע.[1] מיר וועלן זיכ ניט אָפּשטעלן אפן האלבן וועג...

ניט ארייַנפאלנדיק אין אוואנטיוריזם, ניט פאראטנדיק אונדזער וויסנשאפטלעכ געוויסן, ניט יאָגנדיק זיכ נאָכ ביליקער פּאָפּולערקייַט, קאָנען מיר זאָגן און מיר זאָגן בלויז איינס: מיר וועלן מיט אלע קרעפטן העלפן דעם גאנצן פויערטום מאכן די דעמאָקראטישע רעוואָליוציע, כדי עס זאָל זייַן גרינגער פאר אונדז, פאר דער פארטיי פונעם פּראָלעטאריאַט, אריבערצוגיין ווי ווייַט מעגלעכ שנעלער צו א נייַער און העכערער אופגאבע — צו דער סאָציאַ־ליסטישער רעוואָליוציע“ (זע ב. VIII, ז. 186 — 187).

און אָט וואָס לענין שרייַבט אפ דער דאָזיקער טעמע אין זעכצן יאָר ארום, נאָכ דעם, ווי דער פּראָלעטאריאט האָט דעראָבערט די מאכט:

„די קאוטסקיס, די הילפערדינגס, די מארטאָווס, די טשערנאָווס, די הילקוויטס, די לאָנגעס, די מאקדאָנאלדס, די טוראטיס און די איבעריקע העלדן פונעם „$II^{1}/_{2}$“־יקן“ מארקסיזם האָבן ניט געקאָנט פארשטיין... די פארהעלטעניש צווישן דער בורזשואז־דעמאָקראטישער און דער פּראָלע־טאריש־סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע. די ערשטע וואקסט אריבער אין דער צווייטער.[1] די צווייטע לייזט פארבייַגייענדיק די פראגן פון דער ערשטער. די צווייטע פארפעס־טיקט די זאכ פון דער ערשטער. דער קאמפ און בלויז דער קאמפ לייזט, אפ וויפל דער צווייטער גיט זיכ איַין אריבערצוּוואקסן די ערשטע“ (זע ב. XXVII, ז. 26).

איכ וועגד א באזונדערע אופמערקזאמקייַט אפ דער ערשטער ציטא־טע, וואָס איז גענומען פון לענינס ארטיקל „די באציִונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראטיע צו דער פויערים־באוועגונג“, פארעפנטלעכט דעם

---

1 מייַן קורסיוו. י. ס ט.

1-טן סעפטעמבער 1905 י. איך שטרייך דאָס אונטער צו קענטעניש פון די כאווײרים, וואָס באהויפּטן נאָך אלץ, אז לענין איז, קלוימערשט, געקומען צו דער אידיי וועגן דעם אריבערוואקסן פון דער בורזשואז־דעמאָקראטי־שער רעוואָליוציע אין א סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע, צו דער אידיי וועגן פערמאַנענטער רעוואָליוציע, נאָך דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, אנ ערעך, אין 1916 יאָר. די דאָזיקע ציטאַטע לאָזט ניט קיינע ספּייקעס, אז די דאָזיקע כאווײרים האָבן א טיפן טאָעס.

## IV

## די פּראָלעטארישע רעוואָליוציע און די דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט

אין וואָס באשטייען די כאראקטעריסטישע שטריכן פון דער פּראָלע־טארישער רעוואָליוציע צום אונטערשייד פון דער בורזשואזער רעוואָליוציע?

דעם אונטערשייד צווישן דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע און דער בורזשואזער רעוואָליוציע וואָלט מען געקאָנט פאָרמולירן אין פינף גרונט־פונקטן:

1) די בורזשואזע רעוואָליוציע הייבט זיך אָן געוויינלעך, ווען ס'זיי־נען פאראן מער אָדער ווייניקער גרייטע פאָרמען פון דער קאפּיטאליסטישער סיסטעם, וואָס זיינען אויסגעוואָקסן און רייף געוואָרן אין די טיפענישן פון דער פעאָדאלער געזעלשאפט נאָך ביז דער אָפענער רעוואָליוציע, בייס די פּראָלעטארישע רעוואָליוציע הייבט זיך אָן דאן, ווען ס'זיינען ניט פאראן, אָדער קימאט ניט פאראן, קיין גרייטע פאָרמען פון דער סאָציאַ־ליסטישער סיסטעם.

2) די גרונט־אויפגאבע פון דער בורזשואזער רעוואָליוציע באשטייט אין פארכאפּן די מאכט און ברענגען זי אין איינקלאנג מיט דער פאראַ־נענער בורזשואזער עקאָנאָמיק, בייס די גרונט־אויפגאבע פון דער פּראָ־לעטארישער רעוואָליוציע באשטייט דערין, אז נאָכן פארכאפּן די מאכט זאָל מען אויסבויען א נייע, סאָציאַליסטישע עקאָנאָמיק.

3) די בורזשואזע רעוואָליוציע פ א ר ע נ ד י ק ט זיך געוויינלעך מיטן פארכאפּן די מאכט, בייס פאר דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע איז דאָס פארכאפּן די מאכט בלויז איר אָ נ ה י י ב, דערביי ווערט די מאכט אויסגענוצט אלס הייבער פארן איבערבויען די אלטע עקאָנאָמיק און פארן אָרגאניזירן א נייע.

4) די בורזשואזע רעוואָליוציע באגרענעצט זיך מיט פארבייטן בא

דער מאכט איינ עקספלואטאטערישע גרופע אפ א צווייטער עקספלואטאטע־רישער גרופע, אונ מאכמעס דעמ נייטיקט זי זיכ ניט אינ צעברעכנ די אלטע מעלוכע־מאשינ, בייס די פראלעטארישע רעוואליוציע נעמט אראפ פונ דער מאכט אלע אונ יעטווידע עקספלואטאטערישע גרופעס אונ שטעלט אוועק בא דער מאכט דעמ פירער פונ אלע ארבעטנדיקע אונ עקספלואטירטע, דעמ קלאס פראלעטאריער, אונ מאכמעס דעמ קאנ זי זיכ ניט באגיינ אנ צעברעכנ די אלטע מעלוכע־מאשינ אונ אנ פארבייטנ זי אפ א נייער.

5) די בורזשואזע רעוואליוציע קאנ ניט באהעפטנ ארומ דער בורזשו־אזיע אפ א וויפל־ניט־איז דויערנדיקנ פעריאד די מיליאנענ ארבעטנדיקע אונ עקספלואטירטע מאקע דערפאר, ווייל זיי זיינענ ארבעטנדיקע אונ עק־ספלואטירטע, בייס די פראלעטארישע רעוואליוציע קאנ אונ דארפ זיי פארבינדנ מיטנ פראלעטאריאט אינ א דויערנדיקנ בונד דאפקע אלס ארבעטנדיקע אונ עקספלואטירטע, אויב זי וויל אויספילנ איר גרונט־אופגאבע צו פארפעסטיקנ די מאכט פונעמ פראלעטאריאט אונ אויס־צובויענ א נייע סאציאליסטישע עקאנאמיק.

אט זיינענ אייניקע גרונט־האנאכעס לענינס וועגנ דעמ:

„איינער פונ די גרונט־אונטערשיידנ, — זאגט לענינ, — צווישנ דער בורזשואזער אונ סאציאליסטישער רעוואליוציע באשטייט דערינ, וואס פאר דער בורזשואזער רעוואליוציע, וועלכע וואקסט ארויס פונעמ פעאדאליזמ, שאפנ זיכ ביסלעכווייז אינ שויס פונ דער אלטער ארדענונג די נייע עקאנאמישע ארגאניזאציעס, וועלכע ענדערנ ביסלעכווייז אלע זייטנ פונ דער פעאדאלער געזעלשאפט. פאר דער בורזשואזער רעוואליוציע איז געווענ בלויז איינ אופגאבע — אוועקוואַרפנ, אפווארפנ, צעשטערנ אלע פענטעס פונ דער פריערדיקער געזעלשאפט. אויספילנדיק די דאזיקע אופגאבע, פילט אויס יעטווידע בורזשואזע רעוואליוציע אלצ, וואס פונ איר פאדערט זיכ: זי פארשטארקט דעמ וווקס פונעמ קאפיטאליזמ. גאר אינ אנ אנדער לאגע איז די סאציאליסטישע רעוואליוציע. וואס מער אפגעשטאנענ עס איז דאס לאנד, וועלכנ עס איז איבער די זיגזאגנ פונ דער געשיכטע אויסגעקומענ אנצוהייבנ די סאציאליסטישע רעוואליוציע, אלצ שווערער איז פאר אט־דעמ לאנד דער איבערגאנג פונ די אלטע קאפיטאליסטישע פארהעלטענישנ צו די סאציאליסטישע. צו די אופגאבנ פונ צעשטערנ קומענ דא צו נייע אופגאבנ פונ אומגעהערטער שווועריקייט — ארגאניזאציאנעלע אופגאבנ“ (זע ב. XXII, ז. 315).

„ווענ די פאלקסמאסנ, — זעצט פאר לענינ, — פונ דער רוסישער רעוואליוציע, וועלכע איז דורכגעגאנגענ דורכ דער גרויסער דערפארונג פונעמ 1905 יאר, וואלט ניט געשאפנ קיינ ראטנ נאכ אינ פעברואר 1917 יאר, וואלטנ זיי אינ קיינ פאל ניט געקאנט נעמענ די מאכט אינ אקטיאבער, ווייל דער דערפאלג איז אפהענגיק געווענ בלויז פונעמ פאראנענזיינ פונ שוינ גרייטע ארגאניזאציאנעלע פארמענ פאר דער באוועגונג, וואס האט ארומגעכאפט מיליאנענ. די דאזיקע גרייטע פארמענ זיינענ געווענ די ראטנ, אונ דערפאר האבנ אינ פאליטישנ געביט אונדז דערווארט יענע גלענצנדיקע דערפאלגנ, יענער דורכויסיקער טריומפ־מארש, וועלכנ מיר האבנ איבערגעלעבט, ווייל די נייע פארמ פונ פאליטישער מאכט איז שוינ געווענ גרייט, אונ אונדז איז פארבליבנ בלויז מיט עטלעכע דעקרעטנ צו פארוואנדלענ די ראטנמאכט פונ דעמ

עמבריאָנעלנ צושטאנד, אינ וועלכנ זי האָט זיכ געפונענ אינ די ערשטע כאדאָשימ פונ דער רעוואָליוציע, אינ אנ אָפּיציעלער אנערקענטער פאָרמ, וואָס האָט זיכ פארפעסטיקט אינ דער רוסלענדישער מעלוכע — אינ דער רוסלענדישער ראטנ־רעפּובליק" (זע ד אָ ר ט נ, ז. 315).

„עס זײַנענ נאָכ פארבליבנ, — זאָגט לענינ, — צוויי אופגאבנ פונ גיגאנטישער שווערקײַט, וואָס זייער לייזונג האָט אינ קיינ אופנ ניט געקאָנט זײַנ דער טריומפ־מארש, וואָס מיט אימ איז אינ די ערשטע כאדאָשימ געגאנגענ אונדזער רעוואָליוציע" (זע ד אָ ר ט נ, ז. 315).

„ערשטנס, זײַנענ דאָס געווענ די אופגאבנ פונ אינערלעכער אָרגאניזאציע, וואָס שטייענ פאר יעדער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע. דער אונטערשייד צווישנ דער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע אונ דער בורזשואזער באשטייט טאַקע דערינ, וואָס אינ צווייטנ פאל זײַנענ פאראנ גרייטע פאָרמענ פונ קאפּיטאליסטישע פארהעלטענישנ, אונ די ראטנמאכט — די פּראָלעטארישע מאכט — באקומט ניט די דאָזיקע גרייטע פארהעלטענישנ, אויב מע זאָל ניט נעמענ די סאמע אנטוויקלטע פאָרמענ פונעמ קאפּיטאליזמ, וועלכע האָבנ, אינ טאָכ, ארומגעכאפּט ניט גרויסע אויבערשיכטנ פונ דער אינדוסטריע אונ האָבנ נאָכ גאָר קנאפּ אָנגערירט די לאנדווירטשאפט. די אָרגאניזירונג פונ דיסקאָנט, דער קאָנטראָל איבער די גרעסטע אונטערנעמונגענ, דאָס פארוואנדלענ דעמ גאנצנ מעלוכישנ עקאָנאָמישנ מעכאניזמ אינ אנ איינהייטלעכער גרויסער מאשינ, אינ א ווירטשאפטלעכנ אָרגאניזמ, וואָס ארבעט אזוי, אז הונדערטער מיליאָנענ מענטשנ זאָלנ זיכ האלטנ בא איינ פּלאנ, — אָט דאָס איז די גיגאנטישע אָרגאניזאציאָנעלע אופגאבע, וואָס האָט זיכ געלייגט אפ אונדזערע פּלייצעס. לויט די איצטיקע ארבעט־באדינגונגענ האָט זי בעשומ־אופנ ניט געקאָנט דערלאָזנ קיינ „אורא"־לייזונג, אָט אזוי ווי אונדז פלעגט זיכ אײַנגעבנ לייזנ די אופגאבנ פונעמ בירגערקריג" (זע ד אָ ר ט נ, ז. 316).

„די צווייטע פונ די גיגאנטישע שווערקײַטנ... איז די אינטערנאציאָנאלע פראגע. אויב מיר האָבנ זיכ אזוי לײַכט ספּראוועט מיט קערענסקיס באנדעס, אויב מיר האָבנ אזוי לײַכט געשאפנ בא אונדז א מאכט, אויב מיר האָבנ אָנ דער מינדסטער מי באקומענ א דעקרעט וועגנ סאָציאַליזירנ די ערד, וועגנ ארבעטער־קאָנטראָל, — אויב מיר האָבנ דאָס אלצ באקומענ אזוי לײַכט, איז עס בלויז דערפאר, ווײַל די באדינגונגענ, וואָס האָבנ זיכ אזוי גליקלעכערווײַז געשאפנ, האָבנ אפ א קורצנ מאָמענט אונדז באשיצט פונעמ אינטערנאציאָנאלנ אימפּעריאליזמ. דער אינטערנאציאָנאלער אימפּעריאליזמ מיט דער גאנצער מעכטיקײַט פונ זײַנ קאפּיטאל, מיט זײַנ הויכ־אָרגאניזירטער מיליטערישער טעכניק, וואָס שטעלט פאָר אנ עכטע קראפט, אנ עכטע פעסטונג פונעמ אינטערנאציאָנאלנ קאפּיטאל, האָט אינ קיינ פאל, בא קיינע שומ באדינגונגענ ניט געקאָנט אײַנלעבנ זיכ באנאנד מיט דער סאָוועטישער רעפּובליק סײַ לויט זײַנ אָביעקטיווער לאגע, סײַ לויט די עקאָנאָמישע אינטערעסנ פונ דעמ קאפּיטאליסטישנ קלאס, וואָס איז געווענ פארקערפּערט אינ אימ, — ער האָט דאָס ניט געקאָנט מאכמעס די האנדל־פארבינדונגענ, מאכמעס די צווישנפעלקערלעכע פינאנציעלע באציונגענ. א קאָנפליקט זעט דאָ אויס צו זײַנ אומפאַרמײַדלעכ. אָט דאָ ליגט די גרעסטע שווערקײַט פונ דער רוסישער רעוואָליוציע, איר גרעסטע היסטאָרישע פּראָבלעמ: די נויטווענדיקײַט צו לייזנ אינטערנאציאָנאלע אופגאבנ, די נויטווענדיקײַט ארויסצורופנ אנ אינטערנאציאָנאלע רעוואָליוציע" (זע ד אָ ר ט נ, ז. 317).

**אָט דאָס איז דער אינערלעכער כאראקטער אונ דער גרונט־זינענ פונ דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע.**

**צי קאָנ מענ דורכמאכנ אזא ראדיקאלע איבערבויונג פונ די אלטע, בורזשואזע פאָראָנדקעס אָנ א גוואלט־רעוואָליוציע, אָנ דער דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט?**

קלאָר, אז מע קאָן ניט. מיינען, אז אזא רעוואָליוציע קאָן מען דורכ־מאכן פרידלעך, אין די ראמען פון דער בורזשואזער דעמאָקראטיע, וואָס איז צוגעפּאסט צו דער הערשאפט פון דער בורזשואזיע, — באטייט אָדער אראָפּגיין פון זינען און פארלירן די נאָרמאלע מענטשלעכע באגריפן, אָדער זיך אָפּזאָגן גראָב און אָפן פון דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע.

די דאָזיקע האנאָכע דארף אונטערגעשטראָכן ווערן נאָך מיט א גרע־סערער קראפט און קאטעגאָרישקייט, ווייל מיר האָבן צו טאָן מיט א פּראָלעטארישער רעוואָליוציע, וואָס האָט געזיגט דערווייל אין איין לאנד, וואָס איז ארומגערינגלט מיט פיינטלעכע קאפּיטאליסטישע לענדער און וואָס עס קאָן ניט זיין, אז דער אינטערנאציאָנאלער קאפּיטאל זאָל ניט שטיצן די בורזשואזיע פון אָט־דעם לאנד.

אָט פארוואָס לענין זאָגט, אז „די באפרייאונג פונעם אונטערדריקטן קלאס איז אומעגלעך ניט בלויז אָן א גוואלט-רעוואָליוציע, נאָר אויך אָן דער פארניכטונג פון דעם אפּאראט פון דער מעלוכע-מאכט, וועלכן עס האָט געשאפן דער הערשנדיקער קלאס" (זע ב. XXI, ז. 373).

„זאָל אפריער, באַם איינהיטן דאָס פּריוואט־אייגנטום, ד. ה. באַם איינהיטן די מאכט און דעם יאָך פונעם קאפּיטאל, די מערהייט באפעלקערונג זיך ארויסזאָגן פאר דער פארטיי פונעם פּראָלעטאריאט, — ערשט דאן קאָן זי און דארף נעמען די מאכט" — אזוי זאָגן די קליינ־בירגערלעכע דעמאָקראטן, די פאקטישע מעשאָרסים פון דער בור־זשואזיע, וועלכע רופן זיך אָן „סאָציאַליסטן" [1] (זע ב. XXIV, ז. 647).

„זאָל אפריער דער רעוואָליוציאָנערער פּראָלעטאריאט אראָפּוואַרפן די בורזשואזיע, צע־ברעכן דעם יאָך פונעם קאפּיטאל, צעקלאפּן דעם בורזשואזן מעלוכע־אפּאראט, — דאן וועט דער פּראָלעטאריאט, וואָס האָט אָפּגעהאלטן דעם ניצחון, קאָנען שנעל צוציען אפ זיין זייט דעם מיטגעפיל און די אונטערשטיצונג פון דער מערהייט ארבעטנדיקע פון די ניט־פּראָלעטארישע מאסן, באפרידיקנדיק זיי אפּן כעזשבן פון די עקספּלואטאטערס" — זאָגן מיר [1] (זע דאָרטן).

„כדיי צו געווינען די מערהייט באפעלקערונג אפ זיין זייט, — זעצט פאָר לענין, — מוז דער פּראָלעטאריאט, ערשטנס, אראָפּוואַרפן די בורזשואזיע און פארכאפּן די מעלוכע־מאכט אין זיינע הענט; ער מוז, צווייטנס, איינפירן די ראטנמאכט און צעברעכן אפ פּיצ־לעך דעם אלטן מעלוכע־אפּאראט, וואָס דערמיט רייסט ער מיטאמאָל אונטער די הערשאפט, דעם אווטאָריטעט, דעם איינפלוס פון דער בורזשואזיע און פון די קליינבירגערלעכע פּשאָרע־מאכערס צווישן די ניט־פּראָלעטארישע ארבעטנדיקע מאסן. ער מוז, דריטנס, דערשלאָגן דעם איינפלוס פון דער בורזשואזיע און פון די קליינבירגערלעכע פּשאָרעמאכערס צווישן דער מערהייט ניט־פּראָלעטארישע ארבעטנדיקע מאסן דורך פארווירקלעכן אפ א רעוואָלוציאָנערן אויפן זייערע עקאָנאָמישע נויטן אפּן כעזשבן פון די עקס־פּלואטאטערס (זע דאָרטן, ז. 641).

אָט דאָס זיינען די כאראקטעריסטישע סימאָנים פון דער פּראָלעטארי־שער רעוואָליוציע.

---

[1] מיין קורסיוו. י. סט.

וועלכע זײַנען, אין צוזאמענהאנג דערמיט, די גרונט־שטריכן פון דער דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאַט, אויב עס איז אנערקענט, אז די דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאַט איז דער גרונט־אינהאלט פון דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע?

אָט איז די סאמע אלגעמיינע דעפיניציע פון דער דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט, וואָס לענין האָט געגעבן:

„די דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאַט איז ניט קיין פארענדיקונג פון דעם קלאסנקאמף, נאָר א פאָרזעצונג פון דעם קלאסנקאמף אין נײַע פאָרמען. די דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאַט, איז דער קלאסנקאמף פונעם פראָלעטאריאַט, וואָס האָט געזיגט און גענומען אין זײַנע הענט די פּאָליטישע מאכט קעגן דער באזיגטער, אָבער נאָך ניט פארניכטעטער, ניט פארשוווּנדענער בורזשואזיע, קעגן דער בורזשואזיע, וועלכע האָט נאָך ניט אופגעהערט ארויסצוּווײַזן א ווידערשטאנד, וועלכע האָט פארשטארקט איר ווידערשטאנד" (זע ב. XXIV, ז. 311).

דערווידערנדיק קעגן צונויפמישן די דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאַט מיט אן „אלנאציאָנאלער", „אלגעמיין־אויסגעווײלטער" מאכט, מיט אן „אָנקלאסעווער" מאכט, זאָגט לענין:

„דער קלאס, וואָס האָט גענומען אין זײַנע הענט די פּאָליטישע הערשאפט, האָט זי גענומען, אנערקענענדיק, אז ער נעמט זי איינער אליין. דאָס ליגט אינעם באגריף דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאַט. דער דאָזיקער באגריף האָט בלויז דאן א זינען, ווען איין קלאס ווייסט, אז ער איינער אליין נעמט צו זיך אין די הענט די פּאָליטישע מאכט און ער נארט ניט אָפּ ניט זיך און ניט אנדערע מיט רייד וועגן אן „אלנאציאָנאלער, אלגעמיין־אויסגעווײלטער, דורכן גאנצן פאָלק פארהייליקטער" מאכט" (זע ב. XXVI, ז. 286).

דאָס באטײַט אָבער ניט, אז די מאכט פון איין קלאס, פונעם קלאס פראָלעטאריער, וועלכער טיילט ניט און קאָן זי ניט טיילן מיט אנדערע קלאסן, נייטיקט זיך ניט אין הילף, אין א בונד מיט די ארבעטנדיקע און עקספּלואטירטע מאסן פון אנדערע קלאסן. פארקערט. די דאָזיקע מאכט, די מאכט פון איין קלאס, קאָן פארפעסטיקט ווערן און דורכגעפירט ווערן ביזן סאָף בלויז דורך א באזונדערער פאָרם פון א בונד צווישן דעם קלאס פראָלעטאריער מיט די ארבעטנדיקע מאסן פון די קלײנבירגערלעכע קלאסן, פריער פאר אלץ מיט די ארבעטנדיקע מאסן פונעם פּויערטום.

וואָס איז דאָס פאר א באזונדערע פאָרם פון א בונד, אין וואָס באשטייט זי? צי ווידערשפּרעכט ניט ביכלאל דער דאָזיקער בונד מיט די ארבעטנדיקע מאסן פון אנדערע, ניט־פראָלעטארישע קלאסן דער אידיי פון דיקטאטור פון איין קלאס?

זי באשטייט, די דאָזיקע באזונדערע פאָרם פון א בונד, דערין, וואָס די אָנפירנדיקע קראפט פונעם דאָזיקן בונד איז דער פראָלעטאריאַט. זי באשטייט, די דאָזיקע באזונדערע פאָרם פון א בונד, דערין, וואָס דער

אָנפירער פונ דער מעלוכע, דער אָנפירער אינ דער סיסטעמ פונ דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריִאט איז איינ פארטיי, די פארטיי פונעמ פראָלעטא־ריִאט, די פארטיי קאָמוניסטנ, וועלכע טיילט ניט אונ קאָנ ניט טיילנ די אָנפירונג מיט אנדערע פארטייענ.

ווי איר זעט, איז דער ווידערשפרוכ דאָ בלויז א קלוימערשטער, א שייַנבארער.

„די דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריִאט, — זאָגט לענינ, — איז א באזונדערע פאָרמ פונ א קלאסנ־בונד[1] צווישנ דעמ פראָלעטאריִאט, דעמ אוואנגארד פונ די ארבעטנדיקע, אונ די פילצאָליקע ניט־פראָלעטארישע שיכטנ ארבעטנדיקע (די קלייִנבורזשואזיע, די קליינע באלעבאטימלעכ, דאָס פויערטומ, די אינטעליגענצ אאוו.), אָדער מיט דער מערהייַט פונ זיי, א בונד קעגנ דעמ קאפיטאל, א בונד מיטנ צוועק פולשטענדיק אראָפּצוווארפנ דעמ קאפיטאל, פולשטענדיק צו דערשטיקנ דעמ ווידערשטאנד פונ דער בורזשואזיע אונ די רעסטאווראציע־פרווונ פונ איר זייַט, א בונד מיטנ צוועק ענדגילטיק צו שאפנ אונ צו פארפעסטיקנ דעמ סאָציִאליזמ. דאָס איז א באזונדערער מינ בונד, וואָס בילדעט זיכ אויס אינ א ספעציעלער סיטואציע, געמלעכ, אינ דער סיטואציע פונ ווילדנ בירגערקריג. דאָס איז א בונד פונ פעסטע אָנהענגערס פונעמ סאָציִאליזמ מיט זייַנע וואקלדיקע פארבינדעטע, צומאָל מיט „נייטראלע“ (פונ א פארשטענדיקונג וועגנ קאמפ ווערט דאנ דער בונד א פארשטענדיקונג וועגנ נייטראליטעט). א בונד צווישנ עקאָנאָמיש, פּאָליטיש, סאָציִאל, גייַסטיק ניט־אלצייִנע קלאסנ“[1] (זע ב. XXIV, ז. 311).

אינ איינעמ פונ זייַנע אינסטרוקטיווע פאָרטראָגנ האָט דער כ׳ קאמע־ניעוו, פּאָלעמיזירנדיק מיט אזא מינ פארשטייִנ די דיקטאטור פונעמ פראָלע־טאריִאט, געזאָגט:

„די דיקטאטור איז ניט[1] קיינ בונד פונ איינ קלאס מיט א צווייטנ“ (זע „פראוודא“ נומ. 11 פונ 14 יאנואר 1925 יאָר).

איכ מיינ, אז דער כ׳ קאמעניעוו האָט דאָ אינזינענ, פריִער פאר אלצ, איינ אָרט פונ מייַנ בראָשור „די אָקטיאבער־רעוואָליוציע אונ די טאקטיק פונ די רוסישע קאָמוניסטנ“, ווו עס ווערט געזאָגט:

„די דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריִאט איז ניט קיינ פּאָשעט רעגירונג־קעפּל, וואָס איז „גע־ניט“ „אָפּגעקליבנ“ דורכ א זאָרגזאמער האנט פונ א „דערפארענעמ סטראטעג“, אונ וואָס „שטיצט זיכ פארנינפטיק“ אפ די אָדער אנדערע שיכטנ באפעלקערונג. די דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריִאט איז א קלאסנ־בונד פונעמ פראָלעטאריִאט מיט די ארבעטנדיקע מאסנ פונעמ פויערטומ אפ אראָפּצוווארפנ דעמ קאפיטאל, צוליבנ ענדגילטיקנ זיג פונעמ סאָציִאליזמ, בא דעמ באדינג, אז די אָנפירנדיקע קראפט פונעמ דאָזיקנ בונד איז דער פראָלעטאריִאט“.

איכ שטיצ פולשטענדיק די דאָזיקע פאָרמולירונג פונ דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריִאט, ווייַל איכ מיינ, אז זי פאלט אינגאנצנ אונ פולשטענדיק צונויפ מיט לענינס נאָרוואָס געבראכטער פאָרמולירונג.

---

[1] מייַנ קורסיוו. י. סט.

איך באהויפּט, אז דעם כ׳ קאמעניעווס דערקלערונג, אז „די דיקטאטור איז ניט קיין בונד פון איין קלאס מיט א צווייטן״, די דערקלערונג, וואָס איז געגעבן געוואָרן אין אזא קאטעגאָרישער פאָרם, האָט קיין שום געמיינזאמעס ניט מיט דער לענינשער טעאָריע פון דיקטאטור פונעם פּראָלע־טאריאט.

איך באהויפּט, אז אזוי קאָנען ריידן בלויז מענטשן, וואָס האָבן ניט פארשטאנען דעם זין פון דער אידיי וועגן צוזאמענשלוס, פון דער אידיי וועגן א בונד פונעם פּראָלעטאריאט מיטן פּויערטום, פון דער אידיי וועגן דער הע גע מאָ ניע פונעם פּראָלעטאריאט אין דעם דאָזיקן בונד.

אזוי קאָנען ריידן בלויז מענטשן, וואָס האָבן ניט פארשטאנען דעם לענינשן טעזיס וועגן דעם, אז:

„בלויז אן אויסגלייך מיטן פּויערטום[1] קאָן ראטעווען די סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע אין רוסלאנד, קאָלזמאן עס איז נאָך ניט געקומען די רעוואָליוציע אין אנדערע לענדער״ (זע ב. XXVI, ז. 238).

אזוי קאָנען ריידן בלויז מענטשן, וואָס האָבן ניט פארשטאנען לענינס האנאָכע וועגן דעם, אז:

„דער העכסטער פּרינציפּ פון דער דיקטאטור[1] — דאָס איז שטיצן דעם בונד פונעם פּראָלעטאריאט מיטן פּויערטום, כדי דער פּראָלעטאריאט זאָל קאָנען איינהאלטן די אָנפירנדיקע ראָליע און די מעלוכישע מאכט״ (זע ב. XXVI, ז. 460).

פארצייכענענדיק איינעם פון די וויכטיקסטע צילן פון דער דיקטאטור, דעם ציל צו דערשטיקן די עקספּלואטאטערס, זאָגט לענין:

„דער וויסנשאפטלעכער באגריף פון דיקטאטור באטייט ניט קיין אנדער זאך, ווי א מאכט, וואָס איז רייט גאָרנישט ניט באגרענעצט, א מאכט, וואָס איז מיט קיינע געזעצן, אבסאָליוט מיט קיינע קלאָלים ניט געפּענטעט, א מאכט, וואָס שטיצט זיך דירעקט אף געוואלט״... „דיקטאטור באטייט — נעמט דאָס איינמאָל פאר אלעמאָל צו קענטעניש, הערן קאדעטן,— א מאכט אן אומבאגרענעצטע, וואָס שטיצט זיך אף קראפט און ניט אפן געזעץ. בייס א בירגערקריג קאָן יעטווידע מאכט, וואָס האָט געזיגט, זיין בלויז א דיקטאטור״ (זע ב. XXV, ז. 441 און 436).

מיט געוואלט אָבער ווערט, פארשטייט זיך, ניט אויסגעשעפּט די דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט, האגאם אָן געוואלט איז ניטאָ קיין דיקטאטור.

„דיקטאטור, — זאָגט לענין, — באטייט ניט בלויז געוואלט, האגאם זי איז אומעגלעך אָן געוואלט, זי באטייט אויך אן ארבעט־אָרגאניזאציע א מער העכערע, ווי די פריערדיקע אָרגאניזאציע״ (זע ב. XXIV, ז. 305).

„דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט... איז ניט בלויז געוואלט איבער די עקספּלואטאטערס און ניט אפילע הויפּטזאכלעך געוואלט. דער עקאָנאָמישער גרונט פון דער דאָזיקער רעוואָליוציאָ־

[1] מיין קורסיוו. י. סט.

נערער געוואלט, די גאראנטיע פאר איר לעבנפייִקײַט און דערפאָלג איז דאָס, וואָס דער פראָלעטאריאַט שטעלט פאָר און פאַרווירקלעכט א העכערן טיפּ געזעלשאפטלעכע ארבעט־אָרגא־ניזאציע, אין פארגלײַך מיטן קאפיטאליזם. דערין באשטייט דער טאָכ. דערין באשטייט דער קוואל פון קראפט און די גאראנטיע פונעם אומפארמײַדלעכן און פולשטענדיקן זיג פונעם קאָמוניזם" (זע ב. XXIV, ז. 335—336)... „דער הויפּט־מעהוס אירער (דה. פון דער דיקטאטור. י. ס ט.) באשטייט אין דער אָרגאניזירטקײַט און דיסציפּלינירטקײַט פונעם פאָרגעשריטענעם אָטריאד פון די ארבעטנדיקע, פון זײַן אוואנגארד, פון זײַן איינציקן אָנפירער — פונעם פראָלעטאריאַט. זײַן ציל איז צו שאפן דעם סאָציאַליזם, צו פארניכטן די טיילונג פון דער געזעלשאפט אף קלאסן, צו מאכן אלע מיטגלידער פון דער געזעלשאפט פאר ארבעטנדיקע, אָפּצונעמען דעם באָדן פאר יעטווידער עקספּלואטאציע פון מענטשן דורך מענטשן. דעם דאָזיקן ציל קאָן מען ניט פארווירקלעכן מיט־אמאָל, ער פאָדערט א גאנצן דויערנדיקן איבערגאנג־פּעריאָד פונעם קאפיטאליזם צום סאָציאַ־ליזם, — אי דערפאר, ווײַל די איבעראָרגאניזירונג פון דער פּראָדוקציע איז א שווערע זאך, אי דערפאר, ווײַל עס פאָדערט זיך צײַט פאר ראדיקאלע ענדערונגען אין אלע לעבן־געביטן, אי דערפאר, ווײַל די קאָלאָסאלע קראפט פון דער געוווינטקײַט צו דער קליינבירגערלעכער און בורזשואזערווירטשאפט־פירונג קאָן מען בײַקומען בלויז אין א לאנגן, אקשאָנעסדיקן קאמף. דעריבער טאקע רעדט מארקס וועגן א גאנצן פּעריאָד פון דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאַט, ווי וועגן א פּעריאָד פון איבערגאנג פון קאפיטאליזם צום סאָציאַליזם" (זע דאָרטן, ז. 314).

אָט דאָס זײַנען די כאראקטעריסטישע שטריכן פון דער דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאַט.

פונדאנען נעמען זיך די דרײַ גרונט־זײַטן פון דער דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאַט:

1) דאָס אויסנוצן די מאכט פונעם פראָלעטאריאַט צום דערשטיקן די עקספּלואטאטערס, צום באשיצן דאָס לאנד, צום פארפעסטיקן די פארבינדונגען מיט די פראָלעטאריער פון אנדערע לענדער, צו דער אנט־וויקלונג און צום זיג פון דער רעוואָליוציע אין אלע לענדער.

2) דאָס אויסנוצן די מאכט פונעם פראָלעטאריאַט צום ענדגילטיקן אָפּרײַסן פון דער בורזשואזיע די ארבעטנדיקע און עקספּלואטירטע מאסן, צום פארפעסטיקן דעם בונד פונעם פראָלעטאריאַט מיט די דאָזיקע מאסן, צום ארײַנציִען די דאָזיקע מאסן אין דער סאָציאַליסטישער בויונג, פאר דער מעלוכישער אָנפירונג מיט די דאָזיקע מאסן מיצאד דעם פראָלעטאריאַט.

3) דאָס אויסנוצן די מאכט פונעם פראָלעטאריאַט צום אָרגאניזירן דעם סאָציאַליזם, צום פארניכטן די קלאסן, צום אריבערגאנג אין א געזעל־שאפט אָן קלאסן, אין א געזעלשאפט אָן א מעלוכע.

די פראָלעטארישע דיקטאטור איז א פאראייניקונג פון אָט־די אלע דרײַ זײַטן. קיין איינע פון די דאָזיקע זײַטן קאָן ניט ארויסגערוקט ווערן אלס דער איינציק כאראקטעריסטישער סימען פון דער דיקטאטור פון פראָ־לעטאריאַט, און, פארקערט, עס איז גענוג, עס זאָל פעלן כאָטש איינער

פון די דאָזיקע סימאָנים, אַז די דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט זאָל אופהערן צו זײַן אַ דיקטאַטור אין דער סיטואַציע פון אַ קאַפּיטאַליסטישער אַרומרינגלונג. דעריבער קאָן קײנע אײנע פון די דאָזיקע דרײַ זײַטן ניט אויסגעשלאָסן ווערן אָן דער געפאַר צו פאַרקריפּלען דעם באַגריף דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט. בלויז אָט־די אַלע דרײַ זײַטן, צוזאַמען גענומען, גיבן אונדז אַ פולשטענדיקן און פאַרענדיקטן באַגריף פון דער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט.

די דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט האָט אירע פּעריאָדן, אירע באַזונדערע פאָרמען, פאַרשײדנאַרטיקע מעטאָדן פון אַרבעט. אינעם פּעריאָד פון בירגערקריג וואַרפט זיך באַזונדערס אין די אויגן די געוואַלט־זײַט פון דער דיקטאַטור. דערפון איז אָבער לאַכלוטן ניט געדרונגען, אַז אינעם פּעריאָד פון בירגערקריג קומט ניט פאָר קײן שום בויונג־אַרבעט. אָן אַ בויונג־אַרבעט איז אוממעגלעך צו פירן אַ בירגערקריג. פאַרקערט, אינעם פּעריאָד פון בויען דעם סאָציאַליזם וואַרפט זיך אין די אויגן באַזונדערס די פרידלעכע, אָרגאַניזאַטאָרישע, קולטורעלע אַרבעט פון דער דיקטאַטור, די רעוואָלוציאָנערע געזעצלעכקײַט אאַז"וו. דערפון איז אָבער ווידעראַמאָל גאָר ניט געדרונגען, אַז די געוואַלט־זײַט פון דער דיקטאַטור איז אָפּגעפאַלן אָדער קאָן אָפּפאַלן אינעם פּעריאָד פון בויונג. די רעפּרעסיע־אָרגאַנען, די אַרמײ און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, זײַנען נויטווענדיק איצט, אינעם מאָמענט פון בויונג, פונקט אַזוי, ווי אינעם פּעריאָד פון בירגערקריג. אָן די דאָזיקע אָרגאַנען איז אוממעגלעך אַ וויפל־ניט־איז געזיכערטע בויונג־אַרבעט פון דער דיקטאַטור. מע דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז די רעוואָלוציע האָט געזיגט דערווײַל בלויז אין אײן לאַנד. מע דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז קאָלזמאַן עס איז פאַראַן אַ קאַפּיטאַליסטישע אַרומרינגלונג, וועט זײַן אויך אַ געפאַר פון אַן אינטערווענץ מיט אַלע פאָלגן, וואָס דרינגען אַרויס פון דער דאָזיקער געפאַר.

## V

## די פּאַרטײ און דער אַרבעטער־קלאַס אין דער סיסטעם פון דער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט

אויבן האָב איך גערעדט וועגן דער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט פונעם שטאַנדפּונקט פון איר היסטאָרישער אוממפאַרמײַדלעכקײַט, פונעם שטאַנדפּונקט פון איר קלאַסן־אינהאַלט, פונעם שטאַנדפּונקט פון איר מעלוכע־נאַטור, ענדלעך, פונעם שטאַנדפּונקט פון אירע צעשטערערישע און שאַפערישע אופגאַבן, וועלכע ווערן אויסגעפילט אין פאַרלויף פונעם גאַנצן

היסטאָרישן פעריאָד, וואָס הייסט איבערגאנג-פעריאָד פונעם קאפּיטאליזם צום סאָציאַליזם.

איצט דארפן מיר ריידן וועגן דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט פונעם שטאנדפּונקט פון איר געבוי, פונעם שטאנדפּונקט פון איר „מעכאניזם", פונעם שטאנדפּונקט פון דער ראָליע און באדייטונג פון די „טרייַב-רימענס", „הייבערס" און פון דער „ריכטונג-געבנדיקער קראפט", וואָס זיי אַלע צוזאמען בילדן „די סיסטעם פון דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט" (לענין) און וואָס מיט זייער הילף ווערט פארווירקלעכט די טאָגטעגלעכע ארבעט פון דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט.

וואָס זיַינען עס פאר א „טרייַב-רימענס" אָדער „הייבערס" אין דער סיסטעם פון דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט? וואָס איז דאָס פאר א „ריכטונג-געבנדיקע קראפט"? צוליב וואָס דארף מען זיי?

די הייבערס אָדער טרייַב-רימענס — דאָס זיַינען אָט יענע מאסן-אָרגאניזאציעס פונעם פּראָלעטאריאַט, וואָס אָן זייער הילף איז אומעגלעך צו פארווירקלעכן די דיקטאטור.

די ריכטונג-געבנדיקע קראפט — דאָס איז דער פאָרגעשריטענער אָטריאַד פונעם פּראָלעטאריאַט, דאָס איז זיַין אוואנגארד, וואָס איז די גרונטיקע אָנפירנדיקע קראפט פון דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט.

די דאָזיקע טרייַב-רימענס, הייבערס און די ריכטונג-געבנדיקע קראפט זיַינען נייטיק פארן פּראָלעטאריאַט דערפאר, וויַיל אָן זיי וואָלט ער אין זיַין קאמף פארן זיג זיך ארויסגעוויזן אין דער לאגע פון א ניט-באוואָפנטער ארמיי אין אָנגעזיכט פונעם אָרגאניזירטן און באוואָפנטן קאפּיטאַל. די דאָזיקע אָרגאניזאציעס זיַינען נייטיק דעם פּראָלעטאריאַט דערפאר, וויַיל אָן זיי וואָלט ער געליטן אן אומפארמיַידלעכע מאפּאָלע אין זיַין קאמף פאר אראָפּוואַרפן די בורזשואזיע, אין זיַין קאמף פאר פארפעסטיקן זיַין מאכט, אין זיַין קאמף פאר בויען דעם סאָציאַליזם. די סיסטעמאטישע הילף פון די דאָזיקע אָרגאניזאציעס און די ריכטונג-געבנדיקע קראפט פונעם אוואנגארד זיַינען נייטיק דערפאר, וויַיל אָן די דאָזיקע באדינגונגען איז אומעגלעך א וויפל-ניט-איז דויערנדיקע און פעסטע דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט.

וואָס זיַינען דאָס פאר אָן אָרגאניזאציעס?

דאָס זיַינען, ערשטנס, די פּ ר אָ פ פ א ר ײַ נ ע נ פון די ארבעטער, מיט זייערע פארצוויַיגונגען אין צענטער און אף די ערטער אין דער פאָרם פון א גאנצער ריי פּראָדוצירישע, קולטורעלע, דערציִערישע און אנדערע אָרגאניזאציעס. זיי פאראייניקן די ארבעטער פון אַלע פּראָפעסיעס. דאָס איז אָן אָרגאניזאציע ניט קיין פארטייִשע. די פּראָפפאראיינען קאָן מען אָנרופן א דורכויסיקע אָרגאניזאציע פונעם ארבעטער-קלאַס, וואָס הערשט בא

אונדז. זיי זײַנען א שוף פון קאָמוניזם. זיי טיילן אויס פון זייער סוויווע די בעסטע מענטשן אפ אָנפירנדיקער ארבעט אין אַלע פארוואַל־טונג-צווײַגן. זיי פארווירקלעכן די פארבינדונג צווישן די פאָרגעשריטענע און אָפגעשטאַנענע אינעם ארבעטער־קלאַס. זיי פארייניקן די ארבעטער־מאסן מיטן אוואנגארד פונעם ארבעטער-קלאַס.

דאָס זײַנען, צווייטנס, די ראטן מיט זייערע פילצאָליקע פארצווײַגונגען אין צענטער און אפ די ערטער אין דער פאָרם פון אדמיניסטראַטיווע, ווירטשאפטלעכע, מיליטערישע, קולטורעלע און אנדערע מעלוכישע אָרגאניזאציעס, פּליוס די אָנצאָליקע סטיכיש אנטשטאַנענע מאסן־פארייניקונגען פון די ארבעטנדיקע, וואָס רינגלען ארום די דאָזיקע אָרגאניזאציעס און פארייניקן זיי מיט דער באפעלקערונג. די ראטן זײַנען א מאסן־אָרגאניזאציע פון אלע ארבעטנדיקע פון שטאָט און דאָרף. דאָס איז אן אָרגאניזאציע ניט קיין פּארטייִשע. די ראטן זײַנען א דירעקטער אויסדרוק פון דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט. דורך די ראטן גייען דורך אלע און אַלערליי מאָסמיטלען פאר דער פארפעסטיקונג פון דער דיקטאַטור און פאר דער בויונג פונעם סאָציאַליזם. דורך די ראטן ווערט פארווירקלעכט די מעלוכישע אָנפירונג מיטן פויערטום מיצאַד דעם פּראָלעטאַריאַט. די ראטן פארייניקן מיליאָניקע מאסן ארבעטנדיקע מיטן אוואנגארד פונעם פּראָלעטאריאַט.

דאָס איז, דריטנס, די קאָאָפּעראַציע פון אלע מינים מיט אַלע אירע פארצווײַגונגען. דאָס איז א מאסן-אָרגאניזאציע פון די ארבעטנדיקע, אן אָרגאניזאציע ניט קיין פּארטייִשע, וואָס פארייניקט זיי, פריִער פון אלץ, אלס געברויכער, און, מיט דער צײַט, אויך אלס פּראָדוצירער (די לאנדווירטשאפטלעכע קאָאָפּעראציע). זי באקומט א באזונדערע באדײַטונג נאָכן פארפעסטיקן די דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט, אינעם פעריאָד פון דער ברייטער בויונג. זי פארגרינגערט די פארבינדונג פונעם אוואַנגארד פונעם פּראָלעטאריאַט מיט די מאסן פונעם פויערטום און שאפט א מעגלעכקײַט ארײַנצוציִען די מאסן פונעם פויערטום אינעם שטראָם פון דער סאָציאַליסטישער בויונג.

דאָס איז, פערטנס, דער יוגנט-פארבאנד. דאָס איז א מאסן־אָרגאניזאציע פון דער ארבעטערשער און פויערשער יוגנט, אן אָרגאניזאַציע ניט קיין פּארטייִשע, נאָר אזא, וואָס שליסט זיך אָן אָן דער פּארטיי. איר אויפגאבע איז — צו העלפן דער פּארטיי דערציִען דעם יונגן דאָר אין גײַסט פון סאָציאַליזם. זי גיט יונגע רעזערוון פאר אַלע איבעריקע מאסן־אָרגאניזאציעס פונעם פּראָלעטאריאַט אין אַלע געביטן פון פארוואַלטונג. דער יוגנט-פארבאנד האָט באקומען א באזונדערע באדײַטונג נאָכן

פארפעסטיקנ די דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאַט, אינעם פעריאָד פונ דער ברייטער קולטורעלער אונ דערציִערישער ארבעט פונעם פראָלעטאריאַט.

דאָס איז, ענדלעכ, די פ א ר ט ײ פונעם פראָלעטאריאַט, זײַנ אוואנ-גארד. איר קראפט באשטײט דערינ, וואָס זי נעמט ארײַנ אינ זיכ אלע בעסטע מענטשנ פונעם פראָלעטאריאט פונ אלע זײַנע מאסנ־אָרגאניזאציעס. איר באשטימונג באשטײט דערינ, אז זי זאָל פ א ר א ײ נ י ק נ די ארבעט פונ אלע אָנ אויסנאמ מאסנ־אָרגאניזאציעס פונעם פראָלעטאריאַט אונ צו ר י כ ט נ זײער טעטיקײַט צו אײנ ציל, צומ ציל פונ באפרײַענ דעמ פראָלעטאריאַט. אונ פאראײניקנ אונ ריכטנ זײ לויט דער ליניע פונ אײנ ציל איז אבסאָליוט נויטווענדיק, ווײַל אָנ דעמ איז אומעגלעכ די אײני-קײַט פונעם פראָלעטארישנ קאמפ, ווײַל אָנ דעמ איז אומעגלעכ די אָנפירונג מיט די פראָלעטארישע מאסנ אינ זײער קאמפ פאר מאכט, אינ זײער קאמפ פאר בויענ דעמ סאָציאַליזמ. פאראײניקנ אָבער אונ ריכטנ די ארבעט פונ די מאסנ-אָרגאניזאציעס פונעם פראָלעטאריאַט איז פײַיִק בלויז דער אוואנגארד פונעם פראָלעטאריאַט, זײַנ פארטײ. בלויז די פארטײ פונעם פראָלעטאריאַט, בלויז די פארטײ קאָמוניסטנ איז פײַיִק אויסצופילנ די דאָזיקע ראָליע פונ א הויפט-אָנפירער אינ דער סיסטעמ פונ דער דיקטא-טור פונעם פראָלעטאריאַט.

פארוואָס?

„ערשטנס, דערפאר, ווײַל די פארטײ איז דער זאמלפונקט פונ די בעסטע עלעמענטנ פונעמ ארבעטער־קלאס, וואָס האָבנ דירעקטע פארבינדונגענ מיט די אומפארטײיִשע אָרגאניזאציעס פונעמ פראָלעטאריאַט אונ וואָס זײער אָפט פירנ זײ מיט זיי אָנ; צווײטנס, דערפאר, ווײַל די פארטײ, אלס זאמלפונקט פונ די בעסטע מענטשנ פונעמ ארבעטער־קלאס, איז די בעסטע שול אפ אויסצוארבעטנ לידערס פונעמ ארבעטער־קלאס, וועלכע זאָלנ פײַיִק זײַנ אָנצופירנ מיט אלע פאָרמענ פונ אָרגאניזאציע פונ זײער קלאס; דריטנס, דערפאר, ווײַל די פארטײ, אלס די בעסטע שול פונ לידערס פונעמ ארבעטער־קלאס, איז לויט איר דערפארונג אונ אווטאָריטעט די אײנציקע אָרגאניזאציע, וועלכע איז פײַיִק צו צענטראליזירנ די אָנפירונג מיטנ קאמפ פונעמ פראָלעטא־ריאַט אונ פארוואנדלענ, אזויארומ, די אלע אונ אלערלײ אומפארטײיִשע אָרגאניזאציעס פונעמ ארבעטער־קלאס אינ באדינענדיקע אָרגאנענ אונ טרײַב־רימענס, וועלכע פאראײניקנ זי מיטנ קלאס" (זע „וועגנ די יעסוידעס פונעמ לעניניזמ").

די פארטײ איז די איקערדיקע אָנפירנדיקע קראפט אינ דער סיסטעמ פונ דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאַט.

„די פארטײ איז די העכסטע פאָרמ פונ קלאסנ-פאראײניקונג פונעמ פראָלעטאריאַט" (לענינ).

אלזאָ: די פ ר אָ פ א ר א ײ נ ע נ, אלס א מאסנ-אָרגאניזאציע פונעמ פראָ־לעטאריאַט, וועלכע פארבינדט די פארטײ מיטנ קלאס, פריִער פאר אלצ לויט דער פראָדוקטירישער ליניע; די ר א ט נ, אלס א מאסנ-אָרגאניזאציע פונ

די ארבעטנדיקע, וועלכע פארבינדט די פארטיי מיט די ארבעטנדיקע, פריער פאר אלצ לויט דער מעלוכישער ליניע; די קאָאָפעראציע, אלס א מאסנ־אָרגאניזאציע, הויפטזאכלעכ, פונעמ פויערטומ, וואָס פארבינדט די פארטיי מיט די פויערשע מאסנ, פריער פאר אלצ לויט דער ווירטשאפטלעכער ליניע, לויט דער ליניע פונ אריינציִענ דאָס פויערטומ אינ דער סאָציִאליסטישער בויונג; דער יוגנט־פארבאנד, אלס א מאסנ־אָרגאניזאציע פונ דער ארבעטערשער אונ פויערשער יוגנט, וואָס איז באַרופנ צו פארלייכטערנ פארנ אוואנגארד פונ פראָלעטאריִאט די סאָציִאליסטישע דערציִונג פונעמ נייעמ דאָר אונ די אויסארבעטונג פונ יונגע רעזערוונ; אונ, ענדלעכ, די פארטיי, אלס איקערדיקע ריכטונג־געבנדיקע קראפט אינ דער סיסטעמ פונ דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריִאט, וואָס איז באַרופנ אָנצופירנ מיט אָט־די אלע מאסנ־אָרגאניזאציעס, — אָט אזא איז, אינ אלגעמיינ, דאָס בילד פונעמ „מעכאניזמ" פונ דער דיקטאטור, דאָס בילד פונ „דער סיסטעמ פונ דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריִאט".

אָנ דער פארטיי, אלס איקערדיקע אָנפירנדיקע קראפט, איז אומעגלעכ א ווייפל־ניט־איז דויערנדיקע אונ פעסטע דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריִאט.

אזויארומ, איז, ריידנדיק מיט לענינס ווערטער, „באַקומט זיכ, אינ אלגעמיינ אונ אינגאנצנ, פאָרמעל ניט קיינ קאָמוניסטישער, א בייגעוודיקער אונ א פערהעלטניסמעסיק ברייטער, זייער א מעכטיקער, פראָלעטארישער, אפאראט, דורכ וועלכנ די פארטיי איז ענג פארבונדנ מיטנ קלאס אונ מיט דער מאסע אונ דורכ וועלכנ עס ווערט, בא דער אָנפירונג פונ דער פארטיי, פארווירקלעכט די דיקטאטור פונעמ קלאס". (זע ב. XXV, ז. 193).

דאָס באַטייט ניט, פארשטייט זיכ, אז די פארטיי קאָנ אָדער דארפ פארבייטנ די פראָפאריינענ, די ראטנ אונ אנדערע מאסנ־אָרגאניזאציעס. די פארטיי פארווירקלעכט די דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריִאט. זי פארווירקלעכט זי אָבער ניט אומיטלבאר, נאָר מיט דער הילפ פונ די פראָפאריינענ, דורכ די ראטנ אונ זייערע פארצווייגונגענ. אָנ די דאָזיקע „טרייב־רימענס" וואָלט א ווייפל־ניט־איז פעסטע דיקטאטור געווענ אומעגלעכ.

„מע קאָנ ניט, — זאָגט לענינ, — פארווירקלעכנ די דיקטאטור אָנ עטלעכע „טרייב־רימענס" פונעמ אוואנגארד צו דער מאסע פונעמ פאָרגעשריטענעמ קלאס, פונ אימ צו דער מאסע ארבעטנדיקע"... „די פארטיי נעמט אריינ, אזוי צו זאָגנ, אינ זיכ דעמ אוואנגארד פונעמ פראָלעטאריִאט, אונ דער דאָזיקער אוואנגארד פארווירקלעכט די דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריִאט. אונ, ניט־האָבנדיק אזא פונדאמענט ווי די פראָפאריינענ, קאָנ מענ ניט פארווירקלעכנ די דיקטאטור, קאָנ מענ ניט אויספילנ די מעלוכישע פונקציעס. פארווירקלעכנ זיי ווידער קומט אויס דורכ[1] א ריי ספעציִעלע אנשטאלטנ, ווידעראמאָל פונ עפעס א נייעמ טיפ, נעמלעכ: דורכנ סאָוועטישנ אפאראט" (זע ב. XXVI, ז. 64 אונ 65).

1 מיינ קורסיוו. י. סט.

פארנ העכסטנ אויסדרוק פונ דער אָנפירנדיקער ראָליע פונ דער פאר־טיי, צומבײַשפּיל, בא אונדז, אינ ראטנפארבאנד, אינעמ לאנד פונ דער פראָלע־טארישער דיקטאטור, דארפ מענ אנערקענענ דעמ פאקט, וואָס קײנ אײנ וויכטיקע פּאָליטישע אָדער אָרגאניזאציאָנעלע פראגע ווערט ניט געלייזט בא אונדז דורכ אונדזערע סאָוועטישע אונ אנדערע מאסנ־אָרגאניזאציעס אָנ די אָנפירנדיקע אָנווײַזונגענ פונ דער פארטיי. אינ דעמ זינ וואָלט מענ געקאָנט זאָגנ, אז די דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט איז, אינעמ טאָכ, א „דיקטאטור" פונ זײַנ אוואנגארד, א „דיקטאטור" פונ זײַנ פאר־טיי, אלס איקערדיקע אָנפירנדיקע קראפט פונעמ פראָלעטאריאט. אָט וואָס לענינ האָט געזאָגט וועגנ דעמ אפנ II קאָנגרעס פונעמ קאָמינטערנ:

„טענער זאָגט, אז ער איז פאר דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט, אָבער די דיקטאטור פונ פּראָלעטאריאט שטעלט זיכ אימ פאָר ניט אינגאנצנ אזוי, ווי מיר שטעלנ זי זיכ פאָר. ער זאָגט, אז מיר פארשטייענ אונטער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט אינ טאָכ [1] די דיקטאטור פונ זײַנ אָרגאניזירטער אונ באוווסטזיניקער מינדערהײַט. אונ ווירקלעכ, אינ דער עפּאָכע פונ קאפּיטאליזמ, ווענ די ארבעטער־מאסנ ווערנ אומופהערלעכ עקספּלואטירט אונ קאָנענ ניט אנטוויקלענ זייערע מענטשלעכע פייִקײַטנ, איז פאר די פאָליטישע ארבעטער־פארטייענ אמערסטנ כאראקטעריסטיש גראָד דאָס, וואָס זיי קאָנענ ארומכאפּנ בלויז א מינדערהײַט פונ זייער קלאס. די פאָליטישע פאר־טיי קאָנ פארייניקנ בלויז א מינדערהײַט פונעמ קלאס, פונקט ווי די ווירקלעכ באוווסטזיניקע אר־בעטער אינ יעדער קאפּיטאליסטישער געזעלשאפט זײַנענ בלויז א מינדערהײַט פונ אלע ארבע־טער. דעריבער זײַנענ מיר געצוווּנגענ צו אנערקענענ, אז בלויז די דאָזיקע באוווסטזיניקע מינדער־הײַט קאָנ אָנפירנ מיט די ברייטע ארבעטער־מאסנ אונ פירנ זיי נאָכ זיכ. אונ אויב ה' טענער זאָגט, אז ער איז א סוינע פונ דער פארטיי, אונ אינ דער זעלביקער צײַט איז ער פאר דעמ, אז די מינדערהײַט פונ די בעסער פונ אלע אָרגאניזירטע אונ פונ די אמערסטנ רעוואָליוציאָ־נערע ארבעטער זאָל אָנווײַזנ דעמ וועג דעמ גאנצנ פראָלעטאריאט, זאָג איכ, אז צווישנ אונדז איז אינ דער ווירקלעכקײַט קײנ אונטערשייד ניטאָ" (זע ב. XXV, ז. 347).

צי באטײַט דאָס אָבער, אז צווישנ דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטא־ריאט אונ דער אָנפירנדיקער ראָליע פונ דער פארטיי („דיקטאטור" פונ דער פארטיי) קאָנ מענ דורכפירנ א גלײַכונג־צייכנ, אז מע קאָנ אידענ־טיפיצירנ די ערשטע מיט דער צווייטער, אז מע קאָנ פארבײַטנ די ערשטע מיט דער צווייטער? פארשטייט זיכ, אז עס באטײַט ניט. פאר־שטייט זיכ, אז מע קאָנ ניט. אָט, לעמאָשל, זאָגט דער כ' סאָרינ, אז „די דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט איז די דיקטאטור פונ אונדזער פארטיי" (זע „לענינס לערע וועגנ דער פארטיי", ז. 95). די דאָזיקע האנאָכע, ווי איר זעט, אידענטיפיצירט די „דיקטאטור פונ דער פארטיי" מיט דער דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט. צי קאָנ מענ אנערקענענ

[1] מײַנ קורסיוו. י. ס ט.

פאר ריכטיק די דאָזיקע אידענטיפיצירונג, פארבלײַבנדיק אפֿן באָדן פֿון לע-
ניניזם? ניין, מע קאָן ניט. און אָט פארוואָס.

ערשטנס. אין דער אויבן געבראכטער ציטאטע פֿון לענינס רעדע
אפֿן II קאָנגרעס פֿונעם קאָמינטערן אידענטיפֿיצירט גאָר ניט לענין די אָנפירנ-
דיקע ראָליע פֿון דער פארטיי מיט דער דיקטאטור פֿונעם פראָלעטאריאט. ער
רעדט נאָר וועגן דעם, אז „בלויז די באוווסטזיניקע מינדערהייט (דה. די
פארטיי י. סט.) קאָן אָנפירן מיט די ברייטע ארבעטער-מאסן און פירן זיי
נאָך זיך", אז טאקע אין דעם דאָזיקן זין איז „אונטער דער דיק-
טאטור פֿונעם פראָלעטאריאט פארשטייען מיר, אין טאָך,[1] די דיקטאטור פֿון
זײַן אָרגאניזירטער און באוווסטזיניקער מינדערהייט". זאָגן — „אין טאָך" באַ-
טײַט נאָך ניט זאָגן — „אינגאנצן". מיר זאָגן אָפטמאָל, אז די נאציאָנאַלע
פראגע איז, אין טאָך, א פויערשע פראגע. און דאָס איז אבסאָליוט ריכ-
טיק. דאָס באטײַט אָבער נאָך ניט, אז די נאציאָנאלע פראגע דעקט זיך
מיט דער פויערשער פראגע, אז די פויערשע פראגע איז גלײַך צו דער נא-
ציאָנאלער פראגע לויט איר פארנעם, אז די פויערשע פראגע איז אידענ-
טיש מיט דער נאציאָנאלער פראגע. עס איז ניט נייטיק צו דערווײַזן, אז
די נאציאָנאלע פראגע איז לויטן פארנעם ברייטער און רײַכער פֿון דער
פויערים-פראגע. דאָס זעלביקע דארף מען זאָגן, לויט אן אנאלאָגיע דער-
מיט, וועגן דער אָנפירנדיקער ראָליע פֿון דער פארטיי און וועגן דער
דיקטאטור פֿונעם פראָלעטאריאט. אויב די פארטיי פירט דורך די דיקטאטור
פֿונעם פראָלעטאריאט, און אין דעם זינען איז די דיקטאטור פֿונעם פראָלעטא-
ריאט, אין טאָך, די „דיקטאטור" פֿון זײַן פארטיי, הייסט דאָס נאָך
ניט, אז די „דיקטאטור פֿון דער פארטיי" (די אָנפירנדיקע ראָליע) איז
אידענטיש מיט דער דיקטאטור פֿונעם פראָלעטאריאט, אז די ערשטע
איז גלײַך צו דער צווייטער לויט איר פארנעם. עס איז ניט נייטיק צו
דערווײַזן, אז די דיקטאטור פֿון פראָלעטאריאט איז לויטן פארנעם ברייטער
און רײַכער פֿון דער אָנפירנדיקער ראָליע פֿון דער פארטיי. די פארטיי
פירט דורך די דיקטאטור פֿונעם פראָלעטאריאט, זי פירט אָבער דורך די דיק-
טאטור פֿונעם פראָלעטאריאט, און ניט עפּעס אן אנדער דיקטאטור.
ווער עס אידענטיפֿיצירט די אָנפירנדיקע ראָליע פֿון דער פארטיי מיט דער
דיקטאטור פֿונעם פראָלעטאריאט, דער פארבײַט די דיקטאטור פֿונעם פראָ-
לעטאריאט אפֿ דער „דיקטאטור" פֿון דער פארטיי.

צווייטנס. קיין איינ וויכטיקער באשלוס פֿון די מאסן-אָרגאניזאציעס
פֿונעם פראָלעטאריאט באגייט זיך ניט אָן אָנפירנדיקע אָנווײַזונגען מיצאד

[1] מײַן קורסיוו. י. סט.

דער פארטיי. דאָס איז אבסאָליוט ריכטיק. צי באטײַט דאָס אָבער, אז די דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט שעפּט זיך אויס מיט די אָנפירנדיקע אָנווײַזונגען פון דער פארטיי? צי באטײַט דאָס, אז די אָנפירנדיקע אָנווײַזונגען פון דער פארטיי קאָנען מען, מאכמעס דעם, אידענטיפיצירן מיט דער דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט? פארשטייט זיך, אז עס באטײַט ניט. די דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט באשטייט פון אָנפירנדיקע אָנווײַזונגען פון דער פארטיי פּליוס די דורכפירונג פון די דאָזיקע אָנווײַזונגען דורך די מאסן-אָרגאניזאציעס פונעם פראָלעטאריאט פּליוס דאָס רעאַליזירן זיי דורך דער באפעלקערונג. ווי איר זעט, האָבן מיר דאָ צו טאָן מיט א גאנצער ריי איבערגענג און צווישנ־שטופעס, וואָס בילדן גאָר ניט קיין אומבאדײַטנדיקן מאָמענט אין דער דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט. צווישן די אָנפירנדיקע אָנווײַזונגען פון דער פארטיי און זייער רעאַליזירונג ליגן, הייסט עס, דער ווילן און די מײַסים פון די אָנגעפירטע, דער ווילן און די מײַסים פונעם קלאס, זײַן גרייטקײַט (אָדער ניט ווען) צו שטיצן אזעלכע אָנווײַזונגען, זײַן קענען (אָדער ניט קענען) דורכפירן די דאָזיקע אָנווײַזונגען, זײַן קענען (אָדער ניט קענען) דורכפירן זיי גראָד אזוי, ווי דאָס פאָדערט די סיטואציע. עס איז קוים נייטיק צו דערווײַזן, אז די פארטיי, וואָס האָט גענומען אפ זיך די אָנפירונג, קאָן ניט ניט רעכענען זיך מיטן ווילן, מיטן צושטאנד, מיטן ניוואָ פונעם באוווסטזײַן פון די, וואָס ווערן אָנגעפירט, קאָן ניט אראָפּוואַרפן פון כעזשבן דעם ווילן, דעם צושטאנד און דעם ניוואָ פונעם באוווסטזײַן פון איר קלאס. דעריבער איז ווער עס אידענטיפיצירט די אָנפירנדיקע ראָליע פון דער פארטיי מיט דער דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט, דער פארבײַט דעם ווילן און די מײַסים פונעם קלאס אפ די אָנווײַזונגען פון דער פארטיי.

דריטנס. „די דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט,—זאָגט לענין,—איז דער קלאסנקאמף פונעם פראָלעטאריאט, וואָס האָט געזיגט און האָט גענומען אין זײַנע הענט די פּאָליטישע מאכט“ (זע ב. XXIV, ז. 311). אין וואָס קאָן זיך אויסדריקן דער דאָזיקער קלאסנ־קאמף? ער קאָן זיך אויסדריקן אין א ריי באוואָפנטע ארויסטרעטונגען פונעם פראָלעטאריאט קעגן די אָנפאלן פון דער אראָפּגעוואָרפענער בורזשואזיע אָדער קעגן דער אינטערווענץ פון דער אויסלענדישער בורזשואזיע. ער קאָן זיך אויסדריקן אין א בירגער־קריג, אויב די מאכט פונעם פראָלעטאריאט איז נאָך ניט פארפעסטיקט. ער קאָן זיך אויסדריקן אין א ברייטער אָרגאניזאטארישער ארבעט און בויונג־ארבעט פונעם פראָלעטאריאט, ווען צו דער ארבעט ווערן צוגעצויגן די ברייטע מאסן, נאָך דעם, ווי די מאכט האָט זיך שוין פארפעסטיקט. אין אָט־די אַלע פאלן איז די ווירקנדיקע פערזאָן—דער פראָלעטאריאט, אלס קלאס.

עס האָט נאָכ ניט געטראָפנ, אז די פארטיי, בלויז די פארטיי אליינ, זאָל אָרגאניזירנ אָט-די אלע ארויסטרעטונגענ אויסשליסלעכ מיט אירע אייגענע קרעפטנ, אָנ דער אונטערשטיצונג פונעם קלאס. געווייגלעכ פירט זי בלויז אָנ מיט די דאָזיקע ארויסטרעטונגענ און פירט אָנ מיט זיי אפ אזויפיל, אפ וויפל זי האָט אונטער זיכ די אונטערשטיצונג פונעם קלאס. ווייַל די פארטיי קאָנ ניט דעקנ, קאָנ ניט פארבייַטנ דעם קלאס. ווייַל די פארטיי, בא איר גאנצער וויכטיקער, אָנפירנדיקער ראָליע, פארבלייַבט פאָרט א טייל פונעם קלאס. דעריבער איז, ווער עס אידענטיפיצירט די אָנפירנ-דיקע ראָליע פונ דער פארטיי מיט דער דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאַט, דער פארבייַט דעם קלאס מיט דער פארטיי.

פ ע ר ט נ ס. די פארטיי פארווירקלעכט די דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאַט. „די פארטיי — דאָס איז דער אומיטלבאר־רעגירנדיקער אוואנגארד פונעם פראָלעטאריאַט, דאָס איז — דער אָנפירער" (לענינ). אינ דעם זינ איז די פארטיי נ ע מ ט די מאכט, ד י פ א ר ט י י ר ע ג י ר ט מ י ט נ ל א נ ד. דאָס באטייַט אָבער נאָכ ניט, אז די פארטיי פארווירקלעכט די דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט אויסער דער מעלוכישער מאכט, אָנ דער מעלוכע־מאכט, אז די פארטיי רעגירט מיטנ לאנד אויסער די ראטנ, ניט דורכ די ראטנ. דאָס באטייַט נאָכ ניט, אז די פארטיי קאָנ מענ אידענטיפיצירנ מיט די ראטנ, מיט דער מעלוכישער מאכט. די פארטיי איז דער קערנ פונ דער מאכט. זי איז אָבער ניט און קאָנ ניט אידענטיפיצירט ווערנ מיט דער מעלוכע-מאכט. „אלס רעגירנדיקע פארטיי, — זאָגט לענינ, — האָבנ מיר ניט געקאָנט ניט צונויפגיסנ מיט די פארטייישע „אויבערשיכטנ" די סאָוועטישע „אויבערשיכטנ", — זיי זייַנענ בא אונדז צונויפגעגאָסנ און וועלנ זייַנ אזוי צונויפגעגאָסנ" (זע ב. XXVI, ז. 208). דאָס איז אבסאָליוט ריכטיק. דערמיט וויל אָבער לענינ גאָר ניט זאָגנ, אז אונדזערע סאָוועטישע אנ־שטאלטנ אינגאנצנ גענומענ, צומבייַשפיל, אונדזער ארמיי, אונדזער טראנס־פאָרט, אונדזערע ווירטשאפטלעכע אנשטאלטנ אאוו., זייַנענ אנשטאלטנ פונ אונדזער פארטיי, אז די פארטיי קאָנ פארבייַטנ די ראטנ און זייערע פאר־צווייַגונגענ, אז די פארטיי קאָנ מענ אידענטיפיצירנ מיט דער מעלוכע-מאכט. לענינ האָט ניט איינ מאָל געזאָגט, אז „די סיסטעמ פונ די ראטנ איז די דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאַט", אז די „ראטנמאכט איז די דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאַט" (זע ב. XXIV, ז. 14 און 15), ער האָט אָבער קיינמאָל ניט געזאָגט, אז די פארטיי איז די מעלוכע־מאכט, אז די ראטנ און די פארטיי זייַנענ איינס און דאָס זעלביקע. די פארטיי, וואָס האָט עטלעכע הונדערט טויזנט מיטגלידער, פירט אָנ מיט די ראטנ און זייערע פארצווייַ־גונגענ אינ צענטער און אפ די ערטער, וועלכע נעמענ ארומ עטלעכע

מיליאָנ מענטשנ, פאַרטײיִשע און אומפאַרטײיִשע, זי קאָנ אָבער ניט און דאַרפ ניט פאַרבײַטנ זײ מיט זיכ. אָט פאַרוואָס לענינ זאָגט, אַז „די דיקטאַטור פאַרווירקלעכט דער פּראָלעטאַריִאַט, וואָס איז אָרגאַניזירט אינ ראַטנ, וואָס מיט אים פירט אָנ די קאָמוניסטישע פאַרטײ באָלשעוויקעס", אַז „די גאַנצע אַרבעט פונ דער פאַרטײ גײט *דורכ*[1] די ראַטנ, וועלכע פאַראײניקנ די אַרבעטנדיקע מאַסנ אָנ אונטערשײד פונ פּראָפעסיעס" (זע ב. XXV, ז. 193 און 194), אַז די דיקטאַטור „קומט אויס צו פאַרווירקלעכנ... *דורכ*[1] דעמ סאָוועטישנ אַפּאַראַט" (זע ב. XXVI, ז. 64). דעריבער איז ווער עס אידענטיפיצירט די אָנפירנדיקע ראָליע פונ דער פאַרטײ מיט דער דיקטאַטור פונעמ פּראָלעטאַריִאַט, דער פאַרבײַט די ראַטנ, די מעלוכע-מאַכט, מיט דער פאַרטײ.

*פינפטנס*. דער באַגריפ דיקטאַטור פונ פּראָלעטאַריִאַט איז אַ באַגריפ אַ מעלוכישער. די דיקטאַטור פונעמ פּראָלעטאַריִאַט שליסט אומבאַדינגט אײַנ אינ זיכ דעמ באַגריפ פונ געוואַלט. אָנ געוואַלט איז ניטאָ קײנ דיקטאַטור, אויב מע זאָל פאַרשטײנ די דיקטאַטור אינ פּינקטלעכנ זינ פונעמ דאָזיקנ וואָרט. לענינ דעפינירט די דיקטאַטור פונעמ פּראָלעטאַריִאַט, ווי „אַ מאַכט, וואָס שטיצט זיכ אומיטלבאַר אַפ *געוואַלט*" (זע ב. XIX, ז. 315). רײדנ דעריבער וועגנ דיקטאַטור פונ דער פאַרטײ *בענעגײע* *דעמ* *קלאַס* *פּראָלעטאַריער* און אידענטיפיצירנ זי מיט דער דיקטאַטור פונעמ פּראָלעטאַריִאַט, — הײסט רײדנ וועגנ דעמ, אַז די פאַרטײ דאַרפ זײַנ בענעגײע איר קלאַס ניט בלויז אַנ אָנפירער, ניט בלויז אַ פירער און לערער, נאָר אויכ אַ מינ מעלוכישע מאַכט, וואָס ווענדט אָנ צו אים געוואַלט. דעריבער איז ווער עס אידענטיפיצירט די „דיקטאַטור פונ דער פאַרטײ" מיט דער דיקטאַטור פונעמ פּראָלעטאַריאַט, דער גײט שווײַגנדיק אַרויס דערפונ, אַז מע קאָנ בויענ דעמ אויטאָריטעט פונ דער פאַרטײ אַפ געוואַלט, און דאָס איז אַבסורדיש און בינדט זיכ לאַכלוטנ ניט מיטנ לעניניזמ. דער אויטאָריטעט פונ דער פאַרטײ ווערט אונטערגעהאַלטנ דורכנ צוטרוי פונעמ אַרבעטער-קלאַס. דער צוטרוי פונעמ אַרבעטער-קלאַס ווערט אָבער דעראָבערט ניט דורכ געוואַלט, — ער ווערט בלויז אָוועקגעהאַרגעט דורכ געוואַלט, — נאָר דורכ דער ריכטיקער טעאָריע פונ דער פאַרטײ, דורכ דער ריכטיקער פּאָליטיק פונ דער פאַרטײ, דורכ דער איבערגעגעבנקײַט פונ דער פאַרטײ דעמ אַרבעטער-קלאַס, דורכ איר פאַרבינדונג מיט די מאַסנ פונעמ אַרבעטער-קלאַס, דורכ איר גרײטקײַט, דורכ איר קענענ *איבערצײַגנ* די מאַסנ אינ דער ריכטיקײַט פונ אירע לאָזונגענ.

1 מײַנ קורסיוו. י. ס ט.

וואָס זשע איז פונ דעמ אַלעמענ געדרונגענ?

פונ דעמ איז געדרונגענ, אַז:

1) לענינ געברויכט דאָס וואָרט דיקטאַטור פונ דער פּאַרטיי ניט אינ פּינקטלעכנ זינ פונעמ דאָזיקנ וואָרט („די מאַכט, וואָס שטיצט זיך אַפ געוואַלט"), נאָר אינעמ פיגוראַלנ זינ, אינעמ זינ פונ אָנפירנ;

2) ווער עס אידענטיפיצירט די אָנפירונג פונ דער פּאַרטיי מיט דער דיקטאַטור פונעמ פּראָלעטאַריאַט, דער פאַרקריפּלט לענינענ, צוגעבנדיק ניט ריכטיק דער פּאַרטיי פונקציעס פונ געוואַלט בענעגייע דעמ אַרבעטער-קלאַס אינגאַנצנ גענומענ;

3) ווער עס גיט צו דער פּאַרטיי די פונקציעס פונ געוואַלט בענעגייע דעמ אַרבעטער-קלאַס, פונקציעס, וואָס זײַנענ איר ניט אייגנטימלעכ, דער איז אויווער אַפ די עלעמענטאַרע פּאָדערונגענ פונ ריכטיקע קעגנזײַטיקע באַציִונגענ צווישנ דעמ אַוואַנגאַרד אונ דעמ קלאַס, צווישנ דער פּאַרטיי אונ פּראָלעטאַריאַט.

מיר זײַנענ, אַזוי אַרומ, האַרט צוגעקומענ צו דער פראַגע וועגנ די קעגנזײַטיקע באַציִונגענ צווישנ דער פּאַרטיי אונ קלאַס, צווישנ די פּאַרטיישע אונ אומפּאַרטייִשע אינעמ אַרבעטער-קלאַס.

לענינ דעפינירט די דאָזיקע קעגנזײַטיקע באַציִונגענ אַלס „קעגנזײַטיקער צוטרוי[1] צווישנ דעמ אַוואַנגאַרד פונעמ אַרבעטער-קלאַס אונ דער אַרבעטער-מאַסע" (זע ב. XXVI, ז. 235).

וואָס באַטײַט דאָס?

דאָס באַטײַט, ערשטנס, אַז די פּאַרטיי דאַרפ זיך פּילבאַר צוהערנ צו דער שטימ פונ די מאַסנ, אַז זי דאַרפ זיך אופמערקזאַמ באַציִענ צומ רעוואָליוציאָנערנ אינסטינקט פונ די מאַסנ, אַז זי דאַרפ שטודירנ די קאַמפּ-פּראַקטיק פונ די מאַסנ, דורכקאָנטראָלירנדיק דערופ די ריכטיקײַט פונ איר פּאָליטיק, אַז זי דאַרפ, הייסט עס, ניט בלויז לערנענ, נאָר אויכ לערנענ זיך בא די מאַסנ.

דאָס באַטײַט, צווייטנס, אַז די פּאַרטיי דאַרפ טאָג-אײַנ טאָג-אויס דעראָבערנ פאַר זיך דעמ צוטרוי פונ די פּראָלעטאַרישע מאַסנ, אַז זי דאַרפ מיט איר פּאָליטיק אונ מיט איר אַרבעט שמידנ פאַר זיך די אונטערשטיצונג פונ די מאַסנ, אַז זי דאַרפ נימ קאָמאַנדעווענ, נאָר, פריִער פאַר אַלצ, איבערצײַגנ, פאַרלײַכטערנדיק פאַר די מאַסנ צו דערקענענ אַפ דער אייגענער דערפאַרונג די ריכטיקײַט פונ דער פּאַרטיי-פּאָליטיק, אַז זי דאַרפ, הייסט עס, זײַנ דער אָנפירער, פירער, לערער פונ איר קלאַס.

---

1 מײַנ קורסיוו. י. ס ט.

**אויווער זײַנען אפ די דאָזיקע באדינגונגען באטײַט אויווער זײַנען אפ די ריכטיקע קעגנזײַטיקע באציִונגען צווישן דעם אוואנגארד און דעם קלאס, אונטערײַסן דעם „קעגנזײַטיקן צוטרוי״, צעוואלגערן אי די קלאסעווע אי די פארטייִשע דיסציפלין.**

„געוויס, — זאָגט לענין, — זעט שוין איצט קימאט יעדערער, אז די באָלשעוויקעס וואָלטן זיך ניט אײַנגעהאלטן בא דער מאכט ניט נאָר קיין צוויי א האלב יאָר, נאָר אפילע קיין צוויי א האלב כאדאָשים, ווען ניט די שטרענגסטע, בעעמעס אײַזערנע דיסציפלין אין אונדזער פארטיי, ווען ניט די פולסטע און מעסירעסנעפעשדיקע שטיצע פאר איר מיצאד דער גאנצער מאסע פונעם ארבעטער-קלאס,[1] דה. מיצאד אלץ, וואָס איז פאראן אין אים דענקענדיקס, ערלעכס, מעסירעסנעפעשדיקס, אײַנפלוסרײַכס, פייִקס צו פירן נאָך זיך אָדער מיטרײַסן די אָפגעשטאנענע שיכטן״ (זע ב. XXV, ז. 173).

„די דיקטאטור פונעם פראָלעטאריִאט, — זאָגט ווײַטער לענין, — איז א הארטנעקיקער קאמף, א בלוטיקער און א בלוטלאָזער, אן איבערגוואלטיקער און א פרידלעכער, א מיליטערישער און א ווירטשאפטלעכער, א פעדאגאָגישער און אן אדמיניסטראטערישער, קעגן די קרעפטן און טראדיציעס פון דער אלטער געזעלשאפט. די קראפט פון דער געוווינהײַט פון מיליאָנען און צענדליקער מיליאָנען איז די סאמע שרעקלעכע קראפט. אָן א פארטיי, אן אײַזערנער און א פארהארטעוועטער אין קאמף, אָן א פארטיי, וועלכע פארמאָגט דעם צוטרוי פון אלץ, וואָס איז ערלעך אינעם געגעבענעם קלאס,[1] אָן א פארטיי, וועלכע קען נאָכשפירן נאָך דער שטימונג פון דער מאסע און ווירקן אפ איר, איז פירן דערפאָלגרײַך אזא קאמף אומעגלעך״ (זע ב. XXV, ז. 191).

**וויִאזוי אָבער דערווערבט די פארטיי דעם דאָזיקן צוטרוי און די אונטערשטיצונג פונעם קלאס? וויִאזוי בילדעט זיך אויס די אײַזערנע דיסציפלין, וועלכע איז נייטיק פאר דער דיקטאטור פונעם פראָלעטאריִאט, אפ וואָס פאר א באָדן וואקסט זי אויס?**

**אָט וואָס לענין זאָגט וועגן דעם:**

„אפ וואָס האלט זיך די דיסציפלין פון דער רעוואָליוציִאָנערער פארטיי פונעם פראָלעטאריִאט? מיט וואָס ווערט זי קאָנטראָלירט? מיט וואָס ווערט זי געפעסטיקט? ערשטנס, מיט דער באוווסטזיניקײַט פונעם פראָלעטארישן אוואנגארד און מיט זײַן איבערגעגעבנקײַט דער רעוואָליוציע, מיט זײַן אויסגעהאלטנקײַט, מעסירעסנעפעשדיקײַט, העראָיִזם. צווייטנס, מיט זײַן קענען זיך פארבינדן, דערנעענטערן זיך, ביז א געוויסן גראד, אויב איר ווילט, זיך צונויפגיסן מיט דער סאמע ברייטער מאסע ארבעטנדיקע,[1] אין דער ערשטער ריי מיט דער פראָלעטארישער, אָבער אויך מיט דער ניט-פראָלעטארישער ארבעטנדיקער מאסע. דריטנס, מיט דער ריכטיקײַט פון דער פאָליטישער אָנפירונג, וואָס ווערט פארווירקלעכט דורך דעם דאָזיקן אוואנגארד, מיט דער ריכטיקײַט פון זײַן פאָליטישער סטראטעגיע און טאקטיק, בא דעם באדינג, אז די סאמע ברייטע מאסן זאָלן מיט זייער אייגענער דערפארונג זיך איבערצײַגן אין דער דאָזיקער ריכטיקײַט. אָן די דאָזיקע באדינגונגען קאָן ניט פארווירקלעכט ווערן קיין דיסציפלין אין א רעוואָליוציִאָנערער פארטיי, וואָס איז ווירקלעך פייִק צו זײַן די פארטיי פונעם פאָרגעשריטענעם קלאס, וועלכער דארף אראָפוואַרפן די בורזשואזיע און איבערגעשטאלטן די גאנצע געזעלשאפט. אָן די דאָזיקע בא-

[1] מײַן קורסיוו. י. סט.

דינגונגען פארוואנדלען זיך אומפארמײַדלעך די פּרווון צו שאפן א דיסציפּלין אין א פּוסטער זאך, אין א פראזע, אין נאָכקרימעניש, אָט די דאָזיקע באדינגונגען, פון דער אנדערער זײַט, קאָנען אָבער ניט אופקומען מיטאמאָל. זיי ארבעטן זיך אויס בלויז דורך לאנגער ארבעט, דורך שווערער דערפארונג; דאָס אויסארבעטן זיי ווערט פארלײַכטערט בלויז דורך א ריכטיקער רעוואָליוציאָנערער טעאָריע, וואָס איז, פון איר זײַט, ניט קיין דאָגמע, נאָר זי בילדעט זיך ענדגילטיק אויס בלויז אין ענגער פארבינדונג מיט דער פּראקטיק פון אווירקלעך מאסנווער און ווירקלעך רעוואָליוציאָנערער באוועגונג" (זע ב. XXV, ז. 174).

## און ווײַטער:

„פארן דערפאָלג פונעם זיג איבערן קאפּיטאליזם פאָדערט זיך א ריכטיקע פארהעלטעניש צווישן דער אָנפירנדיקער, קאָמוניסטישער, פּארטיי, דעם רעוואָליוציאָנערן קלאס, דעם פּראָלעטאריאט — און דער מאסע, ד. ה. מיטן גאנצן סכום ארבעטנדיקע און עקספּלואטירטע. בלויז די קאָמוניסטישע פּארטיי, אויב זי איז ווירקלעך דער אוואנגארד פונעם רעוואָליוציאָנערן קלאס, אויב זי שליסט אײַן אין זיך אלע בעסטע פאָרשטייער זײַנע, אויב זי באשטייט פון פולקום באוווסטזיניקע און איבערגעגעבענע קאָמוניסטן, וועלכע זײַנען אופגעקלערט און פארהארטעוועט דורך דער דערפארונג פונעם אקשאָנעסריקן רעוואָליוציאָנערן קאמף, אויב די דאָזיקע פּארטיי האָט געקענט אומצערײַסלעך פארבינדן זיך מיטן גאנצן לעבן פון איר קלאס און דורך אים מיט דער גאנצער מאסע עקספּלואטירטע, אֵת ארויסרופן בא דעם דאָזיקן קלאס און בא דער דאָזיקער מאסע פולן צוטרוי,[1] — בלויז אזא פּארטיי איז פעיִק אָנצופירן מיטן פּראָלעטאריאט אינעם סאמע אָנראכמאָנעסדיקן, אנטשיידענעם, לעצטן קאמף קעגן אלע קרעפטן פונעם קאפּיטאליזם. פון דער צווייטער זײַט, איז בלויז אונטער דער אָנפירונג פון אזא פּארטיי דער פּראָלעטאריאט פעיִק פאנאנדערצוּוויקלען די גאנצע מעכטיקײַט פון זײַן רעוואָליוציאָנערן דראנג, פארוואנדלענדיק אין גאָרנישט די אומפארמײַדלעכע אפּאטיע און טיילווײַז דעם ווידערשטאנד פון דער קליינער מינדערהײַט ארבעטער־אריסטאָקראטיע, וועמען דער קאפּיטאליזם האָט פארדאָרבן, פון די אלטע טרעד־יוניאָניסטישע און קאָאָפּעראטיווע פירער א"ג, — איז ער פעיִק צו פאנאנדערוויקלען זײַן גאנצע קראפט, וועלכע איז, מאכמעס דעם עצעם עקאָנאָמישן געבוי פון דער קאפּיטאליסטישער געזעלשאפט, אָן אן ערעך גרעסער, ווי זײַן צייִלעך אין דער באפעלקערונג" (זע ב. XXV, ז. 315).

**פון די דאָזיקע ציטאטעס איז געדרונגען, אז:**

**1) דער אווטאָריטעט פון דער פּארטיי און די אײַזערנע דיסציפּלין אינעם ארבעטער־קלאס, וועלכע איז נייטיק פאר דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט, ווערן געבויט ניט אפ מוירע אָדער „אומבאגרענעצטע" רעכט פון דער פּארטיי, נאָר אפן צוטרוי פונעם ארבעטער־קלאס צו דער פּארטיי, אפ דער אונטערשטיצונג פון דער פּארטיי מיצאד דעם ארבעטער־קלאס;**

**2) דער צוטרוי פונעם ארבעטער־קלאס צו דער פּארטיי ווערט דערוואָרבן ניט מיטאמאָל און ניט דורך געוואלט בענעגייע דעם ארבעטער־קלאס, נאָר דורך א דויערנדיקער ארבעט פון דער פּארטיי אין די מאסן, דורך א ריכטיקער פּאָליטיק פון דער פּארטיי, דורך דעם, וואָס די פּארטיי קען**

[1] מײַן קורסיוו. י. סט.

איבערצייַגן די מאסן אין דער ריכטיקייַט פון איר פּאָליטיק אף דער אייגענער דערפארונג פון די מאסן, דורך דעם, וואָס די פארטיי קען זיכערן פאר זיך די אונטערשטיצונג פונעם ארבעטער־קלאַס, פירן נאָך זיך די מאסן פונעם ארבעטער־קלאַס;

3) אָן א ריכטיקער פּאָליטיק פון דער פארטיי, וואָס איז געפעסטיקט מיט דער דערפארונג פונעם קאמף פון די מאסן, און אָן דעם צוטרוי פונעם ארבעטער־קלאַס איז ניטאָ און קאָן ניט זייַן קיין עמעסע אָנפירונג פון דער פארטיי;

4) די פארטיי און איר אָנפירונג, אויב זי געניסט דעם צוטרוי פונעם קלאַס, און אויב די דאָזיקע אָנפירונג איז א ווירקלעכע אָנפירונג, קאָנען ניט אנטקעגנגעשטעלט ווערן דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט, ווייַל אָן דער אָנפירונג פון דער פארטיי („דיקטאטור" פון דער פארטיי), וואָס געניסט דעם צוטרוי פונעם ארבעטער־קלאַס, איז אומעגלעך א וויפל־ניט־איז פעסטע דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט.

אָן די דאָזיקע באדינגונגען איז דער אויטאָריטעט פון דער פארטיי און די אייַזערנע דיסציפּלין אָדער א פוסטע פראזע, אָדער בארימערייַ און אוואנטיורע.

מע טאָר ניט אנטקעגנשטעלן די דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט דער אָנפירונג („דיקטאטור") פון דער פארטיי. מע טאָר ניט, ווייַל די אָנפירונג פון דער פארטיי איז דאָס איקערדיקע אין דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט, אויב מע זאָל האָבן אינזינען א וויפל־ניט־איז פעסטע און פולע דיקטאטור, און ניט אזא, ווי עס איז געווען, צומבייַשפּיל, די פּארישער קאָמונע, וועלכע האָט פאָרגעשטעלט א דיקטאטור ניט קיין פולע און ניט קיין פעסטע. מע טאָר ניט, ווייַל די דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט און די אָנפירונג פון דער פארטיי ליגן, אזוי צו זאָגן, אף איין ארבעט־ליניע, ווירקן אין איין ריכטונג.

„שוין די שטעלונג אליין פון דער פראגע, — זאָגט לענין, — „דיקטאטור פון פארטיי **אָדער** דיקטאטור פון קלאַס? דיקטאטור (פארטיי) פון די פירער **אָדער** דיקטאטור (פארטיי) פון די מאסן?" זאָגט איידעס וועגן א סאמע אומגעהייערן און אויסגאנגלאָזיקן פּלאָנטער פון געדאנק... אלעמען איז באוווסט, אז די מאסן טיילן זיך אף קלאסן... אז מיט די קלאסן פירן אָן געוויינלעך און אין דער מערהייַט פאלן, ווייניקסטנס אין די מאָדערנע ציוויליזירטע לענדער, פּאָליטישע פארטייען; — אז די פּאָליטישע פארטייען ווערן אלס אלגעמיינער קלאל אָנגעפירט דורך מער אָדער ווייניקער שטאנדהאפטיקע גרופּעס פון די מער אויטאָריטעטע, אייַנפלוסרייַכע, דערפארענע פּערזאָנען, וועלכע ווערן אויסגעוויילט אף די סאמע פאראנטוואָרטלעכע פּאָסטנס, וועלכע ווערן אָנגערופן פירער... זיך דעריידן... ביז אנטקעגנשטעלן די דיקטאטור פון די מאסן **בכלל** דער דיקטאטור פון די פירער איז א לעכערלעכע אומגעלומפּערטקייַט און נארישקייַט" (זע ב׳ XXV, ז. 188 און 189).

דאָס איז פולשטענדיק ריכטיק. די דאָזיקע ריכטיקע האנאָכע אָבער גייט ארויס פון דער פאָרהאנאָכע, אז עס זיינען פאראנג ריכטיקע קעגנזייטיקע באַציונגען צווישן דעם אוואנגארד און די ארבעטער-מאסן, צווישן דער פארטיי און דעם קלאס. זי גייט ארויס פון דעם געדאנק, אז די קעגנזייטיקע באַציונגען צווישן דעם אוואנגארד און דעם קלאס פארבלייבן, אזוי צו זאָגן, נאָרמאַלע, פארבלייבן אין די גרענעצן פון „קעגנזייטיקן צוטרוי".

נו, און ווי וועט זיין, אויב די ריכטיקע קעגנזייטיקע באַציונגען צווישן דעם אוואנגארד און דעם קלאס, אויב די באַציונגען פון „קעגנזייטיקן צוטרוי" צווישן דער פארטיי און דעם קלאס זיינען געשטערט? ווי וועט זיין, אויב די פארטיי אליין הייבט אָן אזוי אָדער אנדערש קעגנשטעלן זיך דעם קלאס, ברעכנדיק די יעסוידעס פון די ריכטיקע קעגנזייטיקע באַציונגען מיטן קלאס, ברעכנדיק די יעסוידעס פונעם „קעגנזייטיקן צוטרוי"? צי זיינען ביכלאל מעגלעך אזעלכע פאלן? יאָ, מעגלעך. זיי זיינען מעגלעך:

1) אויב די פארטיי הייבט אָן בויען איר אויטאָריטעט אין די מאסן ניט אף איר ארבעט און אפן צוטרוי פון די מאסן, נאָר אף אירע „אומבאגרענעצטע" רעכט;

2) אויב די פּאָליטיק פון דער פארטיי איז בעפּירעש ניט קיין ריכטיקע און זי וויל ניט איבערקוקן און פאריכטן איר פעלער;

3) אויב די פּאָליטיק איז, אין אלגעמיין, א ריכטיקע, נאָר די מאסן זיינען נאָך אָבער ניט גרייט צו באנעמען זי, און די פארטיי וויל ניט אָדער קען ניט אויסוואַרטן, קעדיי צו געבן די מאסן א מעגלעכקייט צו איבערציַיגן זיך אף זייער אייגענער דערפארונג אין דער ריכטיקייט פון דער פּאָליטיק פון דער פארטיי.

די געשיכטע פון אונדזער פארטיי גיט א גאנצע ריי אזעלכע פאלן. פארשיידענע גרופּירונגען און פראקציעס אין אונדזער פארטיי זיינען געפאלן און זיינען צעזייט געוואָרן דערפאר, ווייל זיי האָבן געבראָכן איינע פון די דאָזיקע דריי באדינגונגען, און צומאָל אויך די אלע באדינגונגען, צוזאמען גענומען.

דערפון איז אָבער געדרונגען, אז דאָס קעגנשטעלן די דיקטאטור פונעם פּראָלעטאַריאַט דער „דיקטאטור" (אָנפירונג) פון דער פארטיי קאָן ניט אנערקענט ווערן פאר ריכטיק בלויז אין דעם פאל:

1) אויב אונטער דיקטאטור פון דער פארטיי בענעגייע דעם ארבעטער-קלאס זאָל מען פארשטיין ניט דיקטאטור אינעם אייגנטלעכן זין פון דאָזיקן וואָרט („א מאכט, וואָס שטיצט זיך אף געוואלט"), נאָר די אָנפירונג פון דער פארטיי, אָן אָנפירונג, וואָס שליסט אויס געוואלט איבערן קלאס אין־גאנצן גענומען, איבער זיין מערהייט, טאקע אזוי, ווי לענין פארשטייט דאָס;

2) אויב די פארטיי האָט אלע אָנגאבנ צו זײַנ דערווירקלעכער אָנפירער פונעם קלאס, דה. אויב די פאָליטיק פונ דער פארטיי איז א ריכטיקע, אויב די דאָזיקע פאָליטיק אנטשפרעכט די אינטערעסנ פונעם קלאס;

3) אויב דער קלאס, אויב די מערהײַט פונעם קלאס נעמט אָנ די דאָזיקע פאָליטיק, באנעמט זי, איבערצײַגט זיכ, אדאנק דער ארבעט פונ דער פארטיי, אינ דער ריכטיקײַט פונ דער דאָזיקער פאָליטיק, געטרויט דער פארטיי אונ שטיצט זי.

דאָס ברעכנ די דאָזיקע באדינגונגענ רופט אומפארמײַדלעכ ארויס א קאָנפליקט צווישנ דער פארטיי אונ דעם קלאס, א צעשפאלטונג צווישנ זיי, זייער קעגנשטעלנ זיכ איינס דעם אנדערנ.

צי קאָנ מענ מיט געוואלט אָנבינדנ דעם קלאס די אָנפירונג פונ דער פארטיי? ניינ, מע קאָנ ניט. אלנפאלס, אזא אָנפירונג קאָנ ניט זײַנ קיינ וויפל־ניט־איז דויערנדיקע. די פארטיי, אויב זי וויל פארבלײַבנ די פארטיי פונעם פראָלעטאריאט, דארפ זי וויסנ, אז זי איז, פריִער פאר אלצ אונ הויפטזאכלעכ, דער אָנפירער, פירער, לערער פונעם ארבעטער־קלאס. מיר קאָנענ ניט פארגעסנ לענינס ווערטער, וואָס ער האָט געזאָגט וועגנ דעם אינ דער בראָשור „מעלוכע אונ רעוואָליוציע":

„דערציִענדיק די ארבעטער־פארטיי, דערציט דער מארקסיזם דעם אוואנגארד פונעם פראָלעטאריאט, דעם אוואנגארד, וואָס איז פײִיק צו נעמענ די מאכט אונ פירנ דאָס גאנצע פאָלק צום סאָציאליזם, צו ריכטנ אונ אָרגאניזירנ די נײַע אָרדענונג, צו זײַנ דער לערער, אָנפירער, פירער[1] פונ אלע ארבעטנדיקע אונ עקספלואטירטע אינעם אײַנאָרדענענ זייער געזעלשאפטלעכנ לעבנ אָנ דער בורזשואזיע אונ קעגנ דער בורזשואזיע" (זע ב. XXI, ז. 386).

צי קאָנ מענ רעכענענ, אז די פארטיי איז דער ווירקלעכער אָנפירער פונעם קלאס, אויב איר פאָליטיק איז ניט קיינ ריכטיקע, אויב איר פאָליטיק קומט אינ א צוזאמענשטויס מיט די אינטערעסנ פונעם קלאס? פארשטייט זיכ, אז מע קאָנ ניט. אינ אזעלכע פאלנ דארפ די פארטיי, אויב זי וויל פארבלײַבנ דער אָנפירער, איבערקוקנ איר פאָליטיק, זי דארפ פאריכטנ איר פאָליטיק, זי דארפ אנערקענענ איר פעלער אונ פאריכטנ אים. צוליב באשטעטיקנ די דאָזיקע האנאכע וואָלט מענ זיכ געקאָנט פארופנ זאָפ זײַנ אפילע אפ אזא פאקט פונ דער געשיכטע פונ אונדזער פארטיי, ווי דער פעריאָד פונ אָפשאפנ די „פראָדראזוויאָרסטקע", ווענ די ארבעטערשע אונ פויערשע מאסנ זײַנענ געווענ בעפייערש אומצופרידנ מיט אונדזער פאָליטיק אונ ווענ אונדזער פארטיי איז געגאנגענ, אָפנ אונ ערלעכ איז זי געגאנ־

1 מײַנ קורסיוו. י. ס.

גענ אפ איבערקוקנ די דאָזיקע פּאָליטיק. אָט וואָס לענינ האָט דאנ געזאָגט אפנ X צוזאמענפאָר איבער דער פראגע וועגנ אָפּשאפנ די „פּראָדראז-וויאָרסטקע“ אונ וועגנ אײַנפירנ די נײַע עקאָנאָמישע פּאָליטיק:

„מיר דארפנ זיכ ניט סטארענ צו באהאלטנ עפּעס, נאָר מיר דארפנ זאָגנ אָפנ, אז דאָס פּױ-ערטום איז מיט דער פאָרמ באציִונגענ, וועלכע עס האָט זיכ בא אונדז מיט אים אײַנגעשטעלט, ניט צופרידנ, אז די דאָזיקע פאָרמ פונ באציִונגענ וויל דאָס פּױערטום ניט אונ ווײַטער אזוי עקזיסטירנ וועט עס ניט. דאָס איז אומבאשטרײַטלעכ. דער דאָזיקער ווילנ זײַנער האָט זיכ אויסגעדריקט באַשטימט. דאָס איז דער ווילנ פונ קאָלאָסאלע מאסנ פונ דער ארבעטנדיקער באפעלקערונג. מיר דארפנ זיכ דערמיט רעכענענ, אונ מיר זײַנענ גענוג ניכטערע פּאָליטיקער, קעדיי צו זאָגנ אָפנ: לאָמיר איבערקוקנ אונדזער פּאָליטיק בענעגײַע דעמ פּויער-טומ“ 1 (זע ב. XXVI, ז. 238).

צי קאָנ מענ רעכענענ, אז די פּארטיי דארפ נעמענ אפ זיכ די איני-ציִאטיוו אונ די אָנפירונג אינ אָרגאניזירנ אנטשיידנדיקע ארויסטרעטונגענ פונ די מאסנ בלויז אפ דעמ גרונט, וואָס איר פּאָליטיק איז אינ אלגעמיינ א ריכטיקע, אויב די דאָזיקע פּאָליטיק באגעגנט נאָכ ניט קיינ צוטרוי אונ קיינ אונטערשטיצונג מיצאד דעמ קלאס, מאכמעס, לאָמיר זאָגנ, זײַנ פּאָליטישער אָפּגעשטאנענקײַט, אויב דער פּארטיי האָט זיכ נאָכ ניט אײַנ-געגעבנ צו איבערצײַגנ דעמ קלאס אינ דער ריכטיקײַט פונ איר פּאָליטיק, מאכמעס דעמ, לאָמיר זאָגנ, וואָס די געשעענישנ זײַנענ נאָכ ניט רײַפ געוואָרנ? ניינ, מע טאָר ניט. אינ אזעלכע פאלנ דארפ די פּארטיי, אויב זי וויל זײַנ אווירקלעכער אָנפירער, קענענ אויסווארטנ, זי דארפ איבער-צײַגנ די מאסנ אינ דער ריכטיקײַט פונ איר פּאָליטיק, זי דארפ העלפנ די מאסנ צו איבערצײַגנ זיכ אפ זייער אייגענער דערפארונג אינ דער ריכטי-קײַט פונ דער דאָזיקער פּאָליטיק.

„אויב די רעוואָליוציִאָנערע פּארטיי האָט ניט, — זאָגט לענינ, — קיינ מערהײַט אינ די פאָ-דערשטע אָטריאדנ פונ די רעוואָליוציִאָנערע קלאסנ אונ אינ לאנד, קאָנ קיינ רייד ניט זײַנ וועגנ אנ אופשטאנד“ (זע ב. XXI, ז. 282).

„אָנ אנ ענדערונג אינ די אָנשויונגענ פונ דער מערהײַט פונעמ ארבעטער-קלאס איז א רע-וואָליוציע אומעגלעכ, די דאָזיקע ענדערונג ווידער ווערט געשאפנ דורכ דער פּאָליטישער דערפארונג פונ די מאסנ“ (זע ב. XXV, ז. 223).

דער פּראָלעטארישער אוואנגארד איז אידייִש דעראָבערט. דאָס איז דער איקער. אָנ דעמ קאָנ מענ ניט מאכנ אפילע דעמ ערשטנ טראָט צומ זיג. דערפונ איז אָבער נאָכ גענוג ווײַט צו א זיג. מיטנ אוואנגארד אליינ קאָנ מענ ניט זיגנ. ווארפנ אינ דער אנטשיידענער שלאכט בלויז דעמ אוואנגארד אליינ, קאָלזמאנ דער גאנצער קלאס, קאָלזמאנ די ברייטע מאסנ האָבנ ניט פארנומענ קיינ פּאָזיציע אָדער פונ דירעקטנ שטיצנ דעמ אוואנגארד, אָדער, ווײניקסטנס, פונ פרײַנטלעכער נייטראליטעט בענעגײַע צו אימ אונ פונ פולער אומפײִקײַט צו שטיצנ זײַנ קעגנער, וואָלט געווענ ניט נאָר א נארישקײַט, נאָר אויכ א פארברעכנ. אונ קעדיי ווירקלעכ דער גאנצער קלאס, קעדיי

1 מײַנ קורסיוו. י. סט.

ווירקלעכ די ברייטע מאסנ ארבעטנדיקע אונ אונטערדריקטע דורכנ קאפיטאל זאָלנ דערגייג צו אזא פּאָזיציע, דערצו איז פּראָפּאגאנדע אליינ, אגיטאציע אליינ ווייניק. צוליב דעמ איז נייטיק די אייגענע פּאָליטישע דערפארונג פונ די דאָזיקע מאסנ" (זע ר אָ ר ט ג, ז. 229).

עס איז באוווסט, אז אונדזער פארטיי האָט אזוי טאקע געהאנדלט אינעמ פעריִאָד פונ לענינס אפּרעל-טעזיסנ ביז דעמ אָקטיאבער-אופשטאנד פונ 1917 יאָר. אונ טאקע דערפאר, וואָס זי האָט געהאנדלט לויט די דאָזיקע אָנווײַזונגענ לענינס, האָט זי געווונענ דעמ אופשטאנד.

אָט דאָס זײַנענ אינ גרונט די באדינגונגענ פונ ריכטיקע קעגנזײַטיקע באציִונגענ צווישנ דעמ אוואנגארד אונ דעמ קלאס.

וואָס באטײַט אָ נ פ י ר נ, אויב די פּאָליטיק פונ דער פארטיי איז א ריכטיקע, אונ די ריכטיקע באציִונגענ צווישנ דעמ אוואנגארד אונ דעמ קלאס ווערנ ניט געבראָכנ?

אָנפירנ בא אזעלכע באדינגונגענ באטײַט — קענענ איבערצײַגנ די מאסנ אינ דער ריכטיקײַט פונ דער פּאָליטיק פונ דער פארטיי, ארויסרוקנ אונ דורכפירנ אזעלכע לאָזונגענ, וועלכע פירנ צו די מאסנ צו די פּאָזיציעס פונ דער פארטיי אונ פארלײַכטערנ זיי צו דערקענענ אפ זייער אייגענער דערפארונג די ריכטיקײַט פונ דער פּאָליטיק פונ דער פארטיי, אופהייבנ די מאסנ צומ באוווסטזײַנ-ניוואָ פונ דער פארטיי אונ זיכערנ, אזויארומ, די אונטערשטיצונג פונ די מאסנ, זייער גרייטקײַט צומ אנטשיידענעמ קאמפ.

דעריבער איז דער איבערצײַגונג-מעטאָד — דער גרונט-מעטאָד פונ דער פּארטיי-אָנפירונג מיטנ קלאס.

„אויב מיר, — זאָגט לענינ, — וואָלטנ איצט אינ רוסלאנד, נאָכ צוויי א האלב יאָר ניט-געזעענע ניצחונעס איבער דער בורזשואזיע פונ רוסלאנד אונ פונ דער אנטאנטע, אוועקגעשטעלט פאר די פּראָפאריינען, אלס ארײַנטריט-באדינג דאָס „אנערקענענ די דיקטאטור", וואָלטנ מיר געטאָנ א נארישקײַט, וואָלטנ מיר קאליע געמאכט אונדזער אײַנפלוס אפ די מאסנ, וואָלטנ מיר געהאָלפנ די מענשעוויקעס. ווײַל די גאנצע אופגאבע פונ די קאָמוניסטנ איז — קענענ א י ב ע ר צ ײַ ג נ די אָפּגעשטאנענע, קענענ ארבעטנ צ ו ו י ש נ זיי, אונ ניט אָ פּ צ א מ ע נ זיכ פונ זיי מיט אויסגעטראכטע קינדעריש-„לינקע" לאָזונגענ" (זע ב. XXV, ז. 199).

דאָס באטײַט ניט, פארשטייט זיכ, אז די פּארטיי דארפ איבערצײַגנ אלע ארבעטער, ביזנ לעצטנ מענטשנ, אז ערשט נאָכדעמ קאָנ מענ צוטרעטנ צו אקציעס, אז ערשט דערנאָכ קאָנ מענ אָנהייבנ אקציעס. אפ קיינ האָר ניט. עס באטײַט בלויז, אז די פארטיי דארפ פריִער, איידער זי גייט אפ אנטשיידנדיקע פּאָליטישע אקציעס, זיכערנ פאר זיכ, דורכ א דויערנדיקער רעוואָליוציאָנערער ארבעט, די אונטערשטיצונג פונ דער מערהײַט ארבעטער-מאסנ, לעכאָלאפּאָכעס א גינסטיקע נייטראליטעט פונ דער מערהײַט פונעמ קלאס. אינ קעגנפאל וואָלט לענינס האנאָכע וועגנ דעמ, אז

דאָס דעראָבערן די מערהײַט פֿונעם ארבעטער־קלאַס אַפֿ דער זײַט פֿון דער פּאַרטיי איז א נויטווענדיקער באַדינג פאר א זיגרײַכער רעוואָליוציע, — ניט געהאַט קיין שום זין.

נו, און ווי זאָל זײַן מיט דער מינדערהײַט, אויב זי וויל ניט, אויב זי איז ניט מאַסקים פרײַוויליק אונטערצוּוואַרפֿן זיך דעם ווילן פון דער מערהײַט? צי קאָן די פּאַרטיי, צי דאַרף די פּאַרטיי, וואָס געניסט דעם צוטרוי פון דער מערהײַט, צווינגען די מינדערהײַט אונטערצוּוואַרפֿן זיך דעם ווילן פון דער מערהײַט? יאָ, זי קאָן און זי דאַרף. די אָנפירונג ווערט געזיכערט דורכן מעטאָד פון איבערצײַגן די מאַסן, אַלס גרונט־מעטאָד פון דער פּאַרטיי־אָפּווירקונג אַפֿ די מאַסן. דאָס שליסט אָבער ניט אויס, נאָר עס זעצט פאָרויס צוואַנג, אויב דער דאָזיקער צוואַנג האָט אַלס באַזע דעם צוטרוי און די אונטערשטיצונג פון דער פּאַרטיי מיצאַד דער מערהײַט פונעם ארבעטער־קלאַס, אויב ער ווערט אָנגעווענדט צו דער מינדערהײַט נאָך דעם, ווי מע האָט באַוויזן צו איבערצײַגן די מערהײַט. מע וואָלט באַדאַרפֿט דערמאָנען די שטרײַטן אין אונדזער פּאַרטיי מיקויעך דעם, די שטרײַטן, וועלכע זײַנען פאָרגעקומען אינעם פעריאָד פון דער פּראָפאַריינישער דיסקוסיע. אין וואָס איז דאַן באַשטאַנען דער פעלער פון דער אָפּאָזיציע, דער פעלער פון צעקטראַן? עפּשער דערין, וואָס די אָפּאָזיציע האָט דאַן געהאַלטן פאַר מעגלעך צוואַנג? ניין, ניט דערין. דער פעלער פון דער אָפּאָזיציע איז דאַן באַשטאַנען דערין, וואָס זי, כאָטש זי איז ניט געווען אימשטאַנד צו איבערצײַגן די מערהײַט אין דער ריכטיקײַט פון איר פּאָזיציע, כאָטש זי האָט געהאַט פאַרלאָרן דעם צוטרוי פון דער מערהײַט, האָט זי דאָך אָנגעהויבן אָנווענדן צוואַנג, האָט אָנגעהויבן פאָדערן, מע זאָל „איבערטרייסלען“ די מענטשן, וואָס האָבן געהאַט דעם צוטרוי פון דער מערהײַט.

אָט וואָס לענין האָט דאַן געזאָגט אַפֿן X פּאַרטיי־צוזאַמענפֿאָר אין זײַן רעדע וועגן די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען:

„כדי אײַנצושטעלן די קעגנזײַטיקע באַציִונג, קעגנזײַטיקן צוטרוי צווישן דעם אוואַנגאַרד פונעם ארבעטער־קלאַס און דער ארבעטער־מאַסע, האָט מען באַדאַרפֿט, אויב דער צעקטראַן האָט געמאַכט א טאָעס... האָט מען באַדאַרפֿט אים פאַריכטן. אָבער אַז מע הייבט אָן דעם דאָזיקן טאָעס פאַרטיידיקן, ווערט דאָס א קוואַל פון א פּאָליטישער געפאַר. ווען מע וואָלט פון יענע שטימונגען, וועלכע עס דריקט דאָ אויס קוטוזאָוו, ניט האָבן געטאָן דאָס מאַקסימאַל מעגלעכע אין זין פון דעמאָקראַטיע, וואָלטן מיר געקומען צו א פּאָליטישן קראַך. פריער פאַר אַלץ דאַרפֿן מיר איבערצײַגן, און דערנאָך צווינגען. מיר מוזן אום יעדן פרײַז פריער איבערצײַגן און דערנאָך צווינגען. מיר האָבן ניט געקענט איבערצײַגן די ברייטע מאַסן און האָבן געבראָכן די ריכטיקע קעגנזײַטיקע פאַרהעלטענישן פונעם אוואַנגאַרד מיט די מאַסן“ (זע ב. XXVI, ז. 235).

דאָס זעלביקע זאָגט לענינ אינ זײַנ בראָשור „וועגנ די פּראָפּארײַנענ“:

„מיר האָבנ דעמלט ריכטיק אונ מיט דערפאָלג אָנגעווענדט צוואנג, ווענ מיר האָבנ געקענט אפּריִער אונטערפירנ אונטער אימ א באזע פונ איבערצײַגונג“ (זע ד אָ ר ט נ, ז. 74).

אונ דאָס איז פולקומ ריכטיק. ווײַל אָנ די דאָזיקע באדינגונגענ איז ניט מעגלעכ קײנ שומ אָנפירונג. ווײַל בלויז אפ אזא אופנ קאָנ מענ זיכערנ די אײנהײַט פונ טאט אינ דער פארטײ, אויב עס רעדט זיכ וועגנ דער פארטײ, די אײנהײַט פונ טאט פונעמ קלאס, אויב עס רעדט זיכ וועגנ דעמ קלאס אינגאנצנ גענומענ. אָנ דעמ — איז צעשפּאלטונג, צעשפּליטערונג, פאנאנדערלײגונג אינ די רײענ פונעמ ארבעטער־קלאס.

דאָס זײַנענ אינ אלגעמײנ די יעסוידעס פונ ריכטיקער פארטײ־אָנפירונג.

יעדעס אנדערע פארשטײנ די אָנפירונג איז סינדיקאליזמ, אנארכיזמ, ביוראָקראטיזמ, אלצ, וואָס איר ווילט, — נאָר ניט קײנ באָלשעוויזמ, נאָר ניט קײנ לעניניזמ.

מע טאָר ניט אנטקעגנשטעלנ די דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריִאט דער אָנפירונג („דיקטאטור“) פונ דער פארטײ, אויב עס זײַנענ פאראנ ריכטיקע קעגנזײַטיקע באציִונגענ צווישנ דער פארטײ אונ דעמ ארבעטער־קלאס, צווישנ דעמ אוואנגארד אונ די ארבעטער־מאסנ. דערפונ איז אָבער געדרונגענ, אז נאָכ מער טאָר מענ ניט אידענטיפיצירנ די פארטײ מיטנ ארבעטער־קלאס, די אָנפירונג („דיקטאטור“) פונ דער פארטײ מיט דער דיקטאטור פונעמ ארבעטער־קלאס. אפ דעמ גרונט, וואָס די „דיקטאטור“ פונ דער פארטײ טאָר מענ ניט אנטקעגנשטעלנ דער דיקטאטור פונ פּראָלעטאריִאט, איז דער כ׳ סאָרינ געקומענ צומ ניט־ריכטיקנ אויספיר, אז „די דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריִאט איז די דיקטאטור פונ אונדזער פארטײ“. לענינ אָבער רעדט ניט בלויז וועגנ דער ניט־דערלאָזבארקײַט פונ אזא קעגנשטעלונג. ער רעדט צוזאמענ דערמיט וועגנ דעמ, אז עס איז ניט־דערלאָזבאר אנטקעגנצושטעלנ „די דיקטאטור פונ די מאסנ דער דיקטאטור פונ די פירער“. עפּשער זאָל מענ אפ דעמ גרונט אידענטיפיצירנ די דיקטאטור פונ די פירער מיט דער דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריִאט? אויב מע זאָל גײנ מיט דעמ וועג, וואָלטנ מיר באדארפט זאָגנ, אז „די דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריִאט איז די דיקטאטור פונ אונדזערע פירער“. אונ גראָד צו דער דאָזיקער נארישקײַט פירט, אײגנטלעכ גערעדט, די פּאָליטיק פונ אידענטיפיצירנ

1 מײַנ קורסיוו. — ל. סט.

די „דיקטאטור״ פונ דער פארטיי מיט דער דיקטאטור פונעם פראָלע־טאריאַט...

ווי האלט עס אינ דעם פראט באם כ׳ זינאָוויעוו?

דער כ׳ זינאָוויעוו שטייט, אינ טאָכ גענומענ, אפ דעמ זעלבנ שטאנד־פונקט פונ אידענטיפיצירנ די „דיקטאטור״ פונ דער פארטיי מיט דער דיק־טאטור פונעם פראָלעטאריאַט, ווי דער כ׳ סאָרינ, אָבער מיט דעמ אונטערשייד, וואָס כ׳ סאָרינ דריקט זיכ אויס אָפענער אונ קלאָרער, דער כ׳ זינאָוו־יעוו ווידער „דרייט זיכ״. עס איז גענוג צו נעמענ, זאָל זײַנ אפילע, דאָס פאָל־גנדיקע אָרט פונ כ׳ זינאָוויעווס בוכ „לענינִיזם״, קעדיי צו איבערצײַגנ זיכ דערינ:

„וואָס איז אזוינס, — זאָגט כ׳ זינאָוויעוו, — די אָרדענונג, וואָס עקזיסטירט אינ פססר, פונעם שטאנדפונקט פונ איר קלאסנ־אינהאלט? דאָס איז — די דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאַט. וואָס איז די דירעקטע פרוזשינע פונ דער מאכט אינ פססר? ווער פארווירקלעכט די מאכט פונעם ארבעטער־קלאס? די קאָמוניסטישע פארטיי! אינ דעם זינענ איז בא אונדז[1] די דיקטאטור פונ דער פארטיי. וועלכע איז עס די יורידישע פאָרמ פונ דער מאכט אינ פססר? וועלכער איז דער נײַער טיפ מעלוכע־רעזשימ, וואָס עס האָט געשאפנ די אָקטיאבער־רעוואָליוציע? דאָס איז די סאָוועטישע סיסטעמ. איינס ווידערשפרעכט לאכלוטנ ניט דעמ צווייטנ״ (זע „לענינִיזמ״, ז. 370 — 371).

אז איינס ווידערשפרעכט ניט דעמ צווייטנ, דאָס איז, פארשטייט זיכ, ריכטיק, אויב מע זאָל אונטער דיקטאטור פונ דער פארטיי בענעמענ דעמ ארבעטער־קלאס אינגאנצנ גענומענ פארשטיינ די אָנפירונג פונ דער פארטיי. וויאזוי קאָנ מענ אָבער אפ אָט־דעמ גרונט שטעלנ א גלײַכ־צייכנ צווישנ דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאַט אונ דער „דיקטאטור״ פונ דער פארטיי, צווישנ דער סאָוועטישער סיסטעמ אונ דער „דיקטאטור״ פונ דער פארטיי? לענינ האָט אידענטיפיצירט די ראטנ־סיסטעמ מיט דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאַט, אונ ער איז געווענ גערעכט, ווײַל די ראטנ, אונדזערע ראטנ, זײַנענ אנ אָרגאניזאציע אפ צו באהעפטנ די ארבעטנדיקע מאסנ ארומ דעמ פראָלעטאריאַט בא דער אָנפירונג פונ דער פארטיי. ווענ אָבער, ווו, אינ וועלכנ ווערק זײַנעמ האָט לענינ געשטעלט א גלײַכ־צייכנ צווישנ דער „דיקטאטור״ פונ דער פארטיי אונ דער דיקטא־טור פונעמ פראָלעטאריאַט, צווישנ דער „דיקטאטור״ פונ דער פארטיי אונ דער סיסטעמ פונ די ראטנ, ווי דאָס טוט איצט דער כ׳ זינאָוויעוו? דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאַט ווידערשפרעכט ניט ניט בלויז די אָנפירונג („דיקטאטור״) פונ דער פארטיי, נאָר אויכ די אָנפירונג („דיקטאטור״) פונ די פירער. איז עפשער זאָלנ מיר, אפ אָט־דעמ גרונט, פראָקלאמירנ,

1 מײַנ קורסיוו. י. סט.

אז אונדזער לאנד איז א לאנד פון דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאַט, דאָס הייסט, א לאנד פון דיקטאטור פון דער פארטיי, דאָס הייסט, א לאנד פון דיקטאטור פון די פירער? און גראָד צו דער דאָזיקער נארישקייט פירט דאָך דער „פרינציפ“ פון אידענטיפיצירן די „דיקטאטור“ פון דער פארטיי מיט דער דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאַט, וואָס כ׳ זינאָוויעוו פירט דורך ביגנייווע און ניט דרייסט.

אין לענינס פילצאָליקע ווערק האָט זיך מיר איינגעגעבן צו פארצייכענען בלויז פינף פאלן, ווו לענין באַרירט פארבייגייענדיק די פראגע וועגן דער דיקטאטור פון דער פארטיי.

דער ערשטער פאל — דאָס איז די פּאָלעמיק מיט די עסערן און מענשעוויקעס, ווו ער זאָגט:

„ווען מע ווארפט אונדז אוף די דיקטאטור פון איין פארטיי און מע לייגט פאָר, ווי איר האָט געהערט, אַן איינהייטלעכן סאָציאַליסטישן פראָנט, זאָגן מיר: „יאָ, די דיקטאטור פון איין פארטיי! מיר זיינען פאר איר און פון דעם דאָזיקן באָדן קאָנען מיר ניט אראפגיין דערפאר, ווייל דאָס איז די פארטיי, וועלכע האָט אין משך פון יאָרצענדליקער זיך דעראָבערט די לאגע פון אַן אוואנגארד פון דעם גאנצן פאבריק־זאוואָדישן און אינדוסטריעלן פראָלעטאריאַט“ (זע ב. XXVI, ז. 423).

דער צווייטער פאל — דאָס איז דער „בריוו צו די ארבעטער און פויערים אין צוזאמענהאנג מיטן זיג איבער קאָלטשאקן“, ווו ער זאָגט:

„די פויערים שרעקט מען (באזונדערס די מענשעוויקעס און די עסערן, אלע, אפילו די „לינקע“ פון זיי) מיט דער סטראשידלע פון „דיקטאטור פון איין פארטיי“, פון דער פארטיי באָלשעוויקעס־קאָמוניסטן. אפן ביישפיל פון קאָלטשאקן האָבן די פויערים זיך אויסגעלערנט ניט מוירע צו האָבן פאר קיין סטראשידלע. אָדער די דיקטאטור (דה. די אייזערנע מאכט) פון די פריצים און קאפיטאליסטן, אָדער די דיקטאטור פונעם ארבעטער־קלאס“ (זע ב. XXIV, ז. 436).

דער דריטער פאל — דאָס איז לענינס רעדע אפן II קאָנגרעס פונעם קאָמינטערן אין דער פּאָלעמיק מיט טענערן. די דאָזיקע רעדע האָב איך ציטירט אויבן.

דער פערטער פאל — דאָס זיינען עטלעכע שורעס אין דער בראָשור „קינדער־קראנקייט“. די אנטשפרעכיקע ציטאטעס זיינען שוין געבראכט געוואָרן אויבן.

און דער פינפטער פאל — דאָס איז אַן עסקיז פון א סכעמע וועגן דער דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאַט, וואָס איז פארעפנטלעכט אינעם III „לענינשן זאמלבוך“, ווו עס איז פאראן אַן אונטערקעפל אונטערן נאָמען „דיקטאטור פון איין פארטיי“ (זע „לענינשער זאמלבוך“ III, ז. 497).

מע דארף פארצייכענען, אז אין צוויי פאלן פון די פינף, אינעם

לעצטן און אין דעם צווייטן פאל, נעמט לענין די ווערטער „דיקטאטור פון איין פארטיי” אין גענדזנפיסלעך, אונטערשטרייכנדיק בעפיירעש דעם ניט־פינקטלעכן, פיגוראלן זין פון דער דאָזיקער פאָרמולע.

מע דארף אויך פארצייכענען, אז אונטער „דיקטאטור פון דער פארטיי” בענעגייע דעם ארבעטער־קלאס פארשטייט לענין אין אַט-די אלע פאלן ניט דיקטאטור אינעם אייגנטלעכן זינען פונעם דאָזיקן וואָרט („א מאכט, וואָס שטיצט זיך אף געוואַלד”), נאָר די אָנפירונג פון דער פארטיי.

ס'איז כאראקטעריסטיש, וואָס אין קיין איינעם פון זיינע ווערק, די גרונטיקע און די צווייטראנגיקע, ווו לענין באהאנדלט אָדער דער־מאָנט פּאָשעט וועגן דער דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט און וועגן דער ראָליע פון דער פארטיי אין דער סיסטעם פון דער דיקטאטור פונעם פראָלע־טאריאט, איז אפילע קיין רעמעז ניטאָ וועגן דעם, אז „די דיקטאטור פונעם פראָ־לעטאריאט איז די דיקטאטור פון אונדזער פארטיי”. פארקערט, יעדעס זייטל, יעדע שורע פון די דאָזיקע ווערק שרייט קעגן אזא פאָרמולע (זע „מע־לוכע און רעוואָליוציע”, „די פראָלעטארישע רעוואָליוציע און דער רענע־גאט קאוטסקי”, „קינדער-קראנקייט” אאוו.).

נאָך מער כאראקטעריסטיש איז דאָס, וואָס אין די טעזיסן פונעם II קאָנגרעס פונעם קאָמינטערן וועגן דער ראָליע פון א פּאָליטישער פארטיי, וועלכע זיינען אויסגעארבעט געוואָרן אונטער לענינס דירעקטער אָנפירונג, אף וועלכע לענין האָט זיך ניט איין מאָל פארופן אין זיינע רעדעס, ווי אף א מוסטער פון ריכטיקן פאָרמולירן די ראָליע און די אופגאבן פון דער פארטיי, — געפינען מיר ניט קיין איין, בוכשטעבלעך קיין איין וואָרט ניט וועגן דיקטאטור פון דער פארטיי.

וועגן וואָס זאָגט דאָס אלץ?

וועגן דעם, אז:

א) לענין האָט ניט געהאלטן די פאָרמולע „דיקטאטור פון דער פאר־טיי” פאר אזא, וואָס מע קאָן קעגן איר קיין טיינעס ניט האָבן, פאר א פינקטלעכער, און דעריבער ווערט זי באנוצט אין לענינס ווערק זייער זעלטן און זי ווערט צומאָל גענומען אין גענדזנפיסלעך;

ב) אין דער קליינער צאָל פאלן, ווו לענין איז געווען געצוווּנגען, אין פּאָלעמיק מיט קעגנערס, צו ריידן וועגן דיקטאטור פון דער פארטיי, האָט ער גערעדט געווינלעך וועגן דער „דיקטאטור פון איין פארטיי”, דה. וועגן דעם, אז אונדזער פארטיי שטייט בא דער מאכט אליין, אז זי טיילט ניט די מאכט מיט קיין אנדערע פארטייען, דערביי פלעגט ער שטענדיק אופקלערן, אז אונטער דיקטאטור פון דער פארטיי

בענעגייע דעם ארבעטער-קלאס דארף מען פארשטיין די אָנ-פירונג פון דער פארטיי, איר אָנפירנדיקע ראָליע;

ג) אין די אלע פאלן, ווען לעניז האָט געהאלטן פאר נייטיק צו דע־פינירן וויסנשאפטלעך די ראָליע פון דער פארטיי אין דער סיסטעם פון דער דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאַט, האָט ער גערעדט אויסשליסלעך וועגן דער אָנפירנדיקער ראָליע פון דער פארטיי (און אזעלכע פאלן זײַ-נען פאראן טויזנטער) בענעגייע דעם ארבעטער־קלאס;

ד) טאקע דערפאר איז „לעניז ניט געפאלן אפן סייכל״ אײַנצושליסן אין דער גרונט־רעזאָליוציע וועגן דער ראָליע פון דער פארטיי — איך האָב אינזינען די רעזאָליוציע פונעם II קאָנגרעס פון קאָמינטערן — די פאָרמו־לע „דיקטאטור פון דער פארטיי״;

ה) ניט גערעכט פונעם שטאנדפונקט פון לעניניזם און פאָליטיש קורצ־זיכטיק זײַנען די כאוויירים, וואָס אידענטיפיצירן אָדער פרוּוון זיך אידענ־טיפיצירן די „דיקטאטור״ פון דער פארטיי, און, הייסט עס, אויך די „דיקטאטור פון די פירער״, מיט דער דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאַט, ווײַל דערמיט ברעכן זיי די באדינגונגען פון ריכטיקע קעגנזײַטיקע פארהעלטענישן צווישן דעם אוואנגארד מיטן קלאס.

איך רייד שוין ניט וועגן דעם, אז די פאָרמולע „דיקטאטור פון דער פארטיי״, גענומען אָן די אויבן אָנגעוויזענע רעזערוואציעס, קאָן שאפן א גאנצע ריי געפארן און פאָליטישע מינוסן אין אונדזער פראקטישער אר-בעט. מיט דער דאָזיקער פאָרמולע, גענומען אָן רעזערוואציעס, וואָלט מען ווי אונטערגעזאָגט:

א) די אומפארטייִשע מאסן: דערוועגט זיך ניט ווידער-שפרעכן, דערוועגט זיך ניט ארויסצוזאָגן אײַער אייגענע מיינונג, ווײַל די פארטיי קאָן אלץ, ווײַל בא אונדז איז דיקטאטור פון דער פארטיי;

ב) די פארטייִשע קאדרען: האנדלט דרייסטער, דריקט אָן שטארקער, מע מעג זיך גאָר ניט צוהערן צו דער שטים פון די אומפאר־טייִשע מאסן, — בא אונדז איז דיקטאטור פון דער פארטיי;

ג) דעם פארטייִשן אויבערשיכט: מע מעג זיך פארגינען דעם לוקסוס פון א געוויסער זעלבסטצופרידנקײַט, מע מעג עפשער אפילע א ביסעלע זיך איבערנעמען, ווײַל בא אונדז איז דיקטאטור פון דער פארטיי, און, „הייסט עס״, אויך דיקטאטור פון די פירער.

וועגן די דאָזיקע געפארן פאסט טאקע צו דערמאָנען גראָד איצט, אינעם פעריאָד, ווען עס שטײַגט די פאָליטישע אקטיווקײַט פון די מאסן, ווען די גרייטקײַט פון דער פארטיי צוצוהערן זיך אופמערקזאם צו דער שטים פון די מאסן האָט פאר אונדז א באזונדער ווערט, ווען די פיל־

בארקײַט צו די פּאָדערונגען פון די מאסן איז דער גרונט־געבאָט פון אונדזער פארטיי, ווען פון דער פארטיי פּאָדערט זיך א באזונדערע פּאָר־זיכטיקײַט און א באזונדער בײַגעוודיקײַט אין דער פּאָליטיק, ווען די געפאר פון איבערנעמען זיך איז איינע פון די סאמע ערנסטע געפארן, וואָס שטייען פאר דער פארטיי אין געביט פון ריכטיקן אָנפירן מיט די מאסן.

מע קאָן ניט ניט דערמאָנען לענינס גאָלדענע ווערטער, וואָס ער האָט געזאָגט אפן XI צוזאמענפאָר פון אונדזער פארטיי:

„אין דער פאָלק־מאסע זײַנען מיר (די קאָמוניסטן. י. סט.) דאָך א טראָפּן אין יאַם, און מיר קאָנען רעגירן בלויז דאן, ווען מיר דריקן אויס ריכטיק דאָס, וואָס דאָס פאָלק באַ־נעמט. אָן דעם וועט די קאָמוניסטישע פארטיי ניט פירן דעם פּראָלעטאריאַט, און דער פּראָלע־טאריאַט ווידער וועט ניט פירן נאָך זיך די מאסן, און די גאנצע מאשין וועט צעפאלן ווערן" (זע ב. XXVII, ז. 256).

„ריכטיק אויסדריקן דאָס, וואָס דאָס פאָלק באנעמט" — דאָס איז טאקע דער נייטיקער באדינג, וואָס זיכערט פאר דער פארטיי די בעקאָוועדיקע ראָליע פון דער איקערדיקער אָנפירנדיקער קראפט אין דער סיסטעם פון דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט.

# VI

## די פראגע וועגן דעם זיג פונעם סאָציאַליזם אין איין לאנד

אין דער בראָשור „וועגן די יעסוידעס פונעם לעניניזם" (אפּרעל, 1924 יאָר, ערשטע אויפלאגע) זײַנען פאראן צוויי פאָרמולירונגען פון דער פראַ־גע וועגן דעם זיג פונעם סאָציאַליזם אין איין לאנד. די ערשטע פאָרמולי־רונג זאָגט:

„פריִער האָט מען געהאלטן דעם זיג פון דער רעוואָלוציע אין איין לאנד פאר אוממע־גלעך, מיינענדיק, אז פאר א זיג איבער דער בורזשואזיע איז נייטיק א געמיינזאמע ארויסטרע־טונג פון די פּראָלעטאריער פון אלע פאָרגעשריטענע לענדער, אָדער, אלנפאלס, פון דער מער־הײַט אזעלכע לענדער. איצט אנטשפּרעכט שוין ניט דער דאָזיקער שטאנדפּונקט דערווירקלעכ־קײַט. איצט דארף מען ארויסגיין פון דער מעגלעכקײַט פון אזא זיג, ווײַל דער ניט־גלײַכמע־סיקער און שפּרונגארטיקער כאראקטער פון דער אנטוויקלונג פון פארשיידענע קאפּיטאליסטישע לענדער אין די אומשטענדן פונעם אימפּעריאליזם, די אנטוויקלונג פון קאטאסטראָפישע ווידער־שפּרוכן אינעווייניק אינעם אימפּעריאליזם, וואָס פירן צו אוממײַדלעכע מילכאָמעס, דער וווקס פון דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג אין אלע לענדער פון דער וועלט, — דאָס אלץ פירט ניט בלויז צו דער מעגלעכקײַט, נאָר אויך צו דער נויטווענדיקײַט פונעם זיג פונעם פּראָלע־טאריאַט אין באזונדערע לענדער" (זע „וועגן די יעסוידעס פונעם לעניניזם").

די דאָזיקע האנאָכע איז אבסאָליוט ריכטיק, און זי נייטיקט זיך ניט אין קיין קאָמענטארן. זי איז געווענדט קעגן דער טעאָריע פון די סאָ-

ציאַל-דעמאָקראַטן, וועלכע האַלטן דאָס נעמען די מאַכט דורכן פּראָלעטאַ-ריאַט אין איין לאַנד, אָן דער גלייכצייטיקער זיגרייכער רעוואָליוציע אין אַנדערע לענדער—פאַר אַן אוטאָפּיע.

אין דער בראָשור „וועגן די יעסוידעס פונעם לעניניזם" איז אָבער פאַ-ראַן נאָך אַ צווייטע פאָרמולירונג. דאָרט ווערט געזאָגט:[1]

„אָבער אַראָפּוואַרפן די מאַכט פון דער בורזשואַזיע און אַוועקשטעלן די מאַכט פונעם פּראָלעטאַריאַט אין איין לאַנד באַטייט נאָך ניט זיכערן דעם פולן זיג פונעם סאָציאַליזם. די הויפּט-אויפגאַבע פונעם סאָציאַליזם — די אָרגאַניזירונג פון דער סאָציאַליסטישער פּראָדוקציע — בלייבט נאָך פאָרויס. צי קאָן מען לייזן די דאָזיקע אויפגאַבע, צי קאָן מען זיך דערשלאָגן אַן ענדגילטיקן זיג פונעם סאָציאַליזם אין איין לאַנד אָן די געמיינזאַמע אָנ-שטרענגונגען פון די פּראָלעטאַריער פון עטלעכע פאָרגעשריטענע לענדער? ניין, עס איז אוממעגלעך. אַף אַראָפּצוואַרפן די בורזשואַזיע זיינען גענוג די אָנשטרענגונגען פון איין לאַנד, — וועגן דעם זאָגט אונדז די געשיכטע פון אונדזער רעוואָליוציע. פאַרן ענדגילטיקן זיג פונעם סאָ-ציאַליזם, פאַר דער אָרגאַניזירונג פון דער סאָציאַליסטישער פּראָדוקציע זיינען די אָנשטרענגונגען פון איין לאַנד, באַזונדערס פון אַזאַ פּויערישן לאַנד, ווי רוסלאַנד, שוין ניט גענוג, — דערצו זיינען נייטיק די אָנשטרענגונגען פון די פּראָלעטאַריער פון עטלעכע פאָרגעשריטענע לענדער" (זע „וועגן די יעסוידעס פונעם לעניניזם", ערשטע אויפלאַגע).

די דאָזיקע צווייטע פאָרמולירונג איז געווען געווענדט קעגן דער באַ-הויפּטונג פון די קריטיקער פונעם לעניניזם, קעגן די טראָצקיסטן, וואָס פלעגן דערקלערן, אַז די דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט אין איין לאַנד, ביים עס איז ניטאָ קיין זיג אין אַנדערע לענדער, קאָן ניט „ביישטיין דער קאָנסער-וואַטיווער אייראָפּע".

אַף אַזויפיל, — אָבער בלויז אַף אַזויפיל, — איז די דאָזיקע פאָרמולירונג דאַן (אין אַפּריל 1924 יאָר) געווען גענוג, און זי האָט, אָן ספק, געבראַכט געוויסע נוצן.

שפּעטער אָבער, ווען די קריטיק פונעם לעניניזם אין אָט-דעם טייל איז שוין אין דער פּאַרטיי בייגעקומען געוואָרן און ווען אין טאָגסאָרדער האָט זיך געשטעלט אַ נייע פראַגע, די פראַגע וועגן דער מעגלעכקייט אויסצו-בויען אַ פולשטענדיקע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט מיט די קרעפטן פון אונדזער לאַנד, אָן הילף פון אויסן, — האָט זיך שוין די צווייטע פאָרמו-לירונג אַרויסגעוויזן פאַר בעפיירעש ניט קיין גענוגנדיקער און, דערפאַר, פאַר ניט קיין ריכטיקער.

אין וואָס באַשטייט דער כיסאָרן פון דער דאָזיקער פאָרמולירונג?

איר כיסאָרן באַשטייט דערין, וואָס זי בינדט צונויף אין איין פראַגע צוויי פאַרשיידענע פראַגן: די פראַגע וועגן דער מעגלעכקייט אויסצובויען

1 עס רעדט זיך וועגן דער ערשטער אויפלאַגע.

דעמ סאָציאַליזמ מיט די קרעפטנ פונ אײנ לאַנד, וואָס דערופ דאַרפ געגעבנ ווערנ א פּאָזיטיווער ענטפער, אונ די פראַגע וועגנ דעמ, צי קאָנ דאָס לאַנד מיט דער דיקטאַטור פונעמ פּראָלעטאַריאַט זיכ רעכענענ *פולשטענדיק גאַראַנטירט* פונ אנ אינטערווענצ אונ, הייסט עס, פונ רעסטאווירנ די אַלטע פּאָראָנדקעס אָנ א זיגרײַכער רעוואָליוציע אינ א רײ אַנדערע לענדער, וואָס דערופ דאַרפ געגעבנ ווערנ א נעגאַטיווער ענטפער. איכ רײד שוינ ניט וועגנ דעמ, אז די דאָזיקע פאָרמולירונג קאָנ ארופירנ אפנ געדאַנק, אז אָרגאַניזירנ א סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט מיט די קרעפטנ פונ אײנ לאַנד איז אומעגלעכ, וואָס דאָס איז, פאַרשטײט זיכ, ניט ריכטיק.

אפ דעמ גרונט האָב איכ געענדערט, פאַריכט די דאָזיקע פאָרמולירונג אינ מײַנ בראָשור „די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע אונ די טאַקטיק פונ די רוסישע קאָמוניסטנ" (דעקאַבער 1924 יאָר), איכ האָב צעגלידערט די דאָזיקע פראַגע אפ צוויי פראַגנ, אפ דער פראַגע וועגנ דער *פולשטענדיקער גאַראַנטיע קעגנ רעסטאַווירנ די בורזשואַזע פּאָראָנדקעס* אונ אפ דער פראַגע וועגנ דער *מעגלעכקײַט אויסצובויענ א פולשטענדיקע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט* אינ אײנ לאַנד. דאָס איז דערגרײכט געוואָרנ, ערשטנס, דורכ דעמ, וואָס איכ באַטראַכט דעמ „פולשטענדיקנ זיג פונעמ סאָציאַליזמ", אלס א „פולשטענדיקע גאַראַנטיע קעגנ ווידערופשטעלנ די אַלטע פּאָראָנדקעס", וואָס דאָס איז מעגלעכ בלויז דורכ „די געמײנזאַמע אָנשטרענגונגענ פונ די פּראָלעטאַריער פונ עטלעכע לענדער", אונ, צווייטנס, דורכ פּראָקלאַמירנ, אפנ גרונט פונ לענינס בראָשור „וועגנ קאָאָפּעראַציע", דעמ אומבאַשטרײַטבאַרנ עמעס, אז מיר האָבנ אַלדאָס נײטיקע צומ אויסבויענ א פולשטענדיקע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט (זע „די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע אונ די טאַקטיק פונ די רוסישע קאָמוניסטנ").[1]

די דאָזיקע נײַע פאָרמולירונג פונ דער פראַגע איז טאַקע געלייגט געוואָרנ אינ גרונט פונ דער באַוווּסטער רעזאָלוציע פונ דער XIV פּאַרטיי־קאָנפערענצ „וועגנ די אופגאַבנ פונעמ קאָמינטערנ אונ פונ דער רקפּ", וועלכע באַטראַכט די פראַגע וועגנ דעמ זיג פונעמ סאָציאַליזמ אינ אײנ לאַנד אינ פאַרבינדונג מיט דער סטאַביליזאַציע פונעמ קאַפּיטאַליזמ (אַפּרעל, 1925 יאָר) אונ וועלכע האַלט דאָס אויסבויענ דעמ סאָציאַליזמ מיט די קרעפטנ פונ אונדזער לאַנד פאַר מעגלעכ אונ נויטווענדיק.

זי האָט אויכ געדינט אלס גרונט פאַר מײַנ בראָשור „צו די סאַכאַקלענ פונ דער אַרבעט פונ דער XIV פּאַרטיי־קאָנפערענצ", וועלכע איז

1 די דאָזיקע נײַע פאָרמולירונג פונ דער פראַגע האָט פאַרביטנ דערנאָכ איר אַלטע פאָרמולירונג אינ די ווײַטערדיקע אופלאַגעס פונ דער בראָשור „וועגנ די יעסוידעס פונעמ לענינизמ".

ארויסגעגעבנ געוואָרנ גלײַכ נאָכ דער XIV פארטיי-קאָנפערענצ, אינ מײַ 1925 יאָר.

איבער דער פראגע וועגנ דער שטעלונג פונ דער פראגע מיקויעכ דעמ זיג פונעמ סאָציאַליזמ אינ איינ לאנד איז אינ דער דאָזיקער בראָשור געזאָגט:

„אונדזער לאנד שטעלט פאָר צוויי גרופעס ווידערשפרוכנ. איינ גרופע ווידערשפרוכנ — דאָס זײַנענ די אינערלעכע ווידערשפרוכנ, וואָס עקזיסטירנ צווישנ דעמ פראָלעטאריאַט אונ דעמ פויערטומ (דאָ האנדלט זיכ וועגנ אויסבויענ דעמ סאָציאַליזמ אינ איינ לאנד. י. סט.). די צווייטע גרופע ווידערשפרוכנ — דאָס זײַנענ די אויסערלעכע ווידערשפרוכנ, וואָס זײַנענ פאראנ צווישנ אונדזער לאנד, אלס א לאנד פונ סאָציאַליזמ, מיט אלע איבעריקע לענדער, אלס לענדער פונ קאַפיטאליזמ (דאָ האנדלט זיכ וועגנ דעמ ענדגילטיקנ זיג פונ סאָציאַליזמ. י. סט.)“... „ווער עס מישט צונויפ די ערשטע גרופע ווידערשפרוכנ, וואָס מע קאָנ זיי פולשטענדיק בײַקומענ דורכ די אָנשטרענגונגענ פונ איינ לאנד, מיט דער צווייטער גרופע ווידערשפרוכנ, וואָס פאר זייער לייזונג פאָדערט זיכ די אָנשטרענגונג פונ די פראָלעטאריער פונ עטלעכע לענדער, — דער דערלאָזט דעמ גראָבסטנ פעלער קעגנ לעניניזמ, דער איז אָדער א פלאָנטער-קאָפּ, אָדער א פארפאלענער אָפּאָרטוניסט“ (זע „צו די סאכאקלענ פונ דער ארבעט פונ דער XIV פארטיי-קאָנפערענצ“).

איבער דער פראגע וועגנ דעמ זיג פונעמ סאָציאַליזמ אינ אונדזער לאנד זאָגט די בראָשור:

„מיר קאָנענ אויסבויענ דעמ סאָציאַליזמ, אונ מיר וועלנ אימ בויענ צוזאמענ מיטנ פויערטומ אונטער דער אָנפירונג פונעמ ארבעטער-קלאס“... ווײַל „בא דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאַט זײַנענ בא אונדז פאראנ... אלע אָנגאבנ, וואָס זײַנענ נייטיק, קעדיי אויסצובויענ א פולשטענדיקע סאָציאַליסטישע געזעלשאפט, בײַקומענדיק אלע אונ אלערליי אינערלעכע שוועריקײַטנ, ווײַל מיר קאָנענ אונ מיר דארפנ זיי בײַקומענ מיט אונדזערע אייגענע קרעפטנ“ (זע דאָרט נ).

איבער דער פראגע ווידער וועגנ דעמ ענדגילטיקנ זיג פונעמ סאָציאַליזמ איז דאָרט געזאָגט:

„דער ענדגילטיקער זיג פונעמ סאָציאַליזמ איז א פולשטענדיקע גאראנטיע קעגנ די פרוווּנ פונ אנ אינטערווענצ אונ, הייסט עס, אויכ קעגנ רעסטאווראציע, ווײַל א וויפל-ניט-איז ערנסטער פרווו פונ רעסטאווראציע קאָנ פאָרקומענ בלויז בא אנ ערנסטער אונטערשטיצונג פונ דרויסנ, בלויז בא דער אונטערשטיצונג מיצאד דעמ אינטערנאציאָנאלנ קאפיטאל. דעריבער איז די אונטערשטיצונג פונ אונדזער רעוואָליוציע מיצאד די ארבעטער פונ אלע לענדער, אונ ביפראט נאָכ דער זיג פונ די דאָזיקע ארבעטער כאָטש אינ עטלעכע לענדער, א גויטוועדיקער באדינג אפ צו גאראנטירנ אינ דער פולער מאָס דאָס לאנד, וואָס האָט דאָס ערשטע געזיגט, קעגנ די פרווונ פונ אינטערווענצ אונ רעסטאווראציע, א נויטווענדיקער באדינג פארנ ענדגילטיקנ זיג פונעמ סאָציאַליזמ“ (זע דאָרט ב).

דוכט זיכ קלאָר.

עס איז באוווּסט, אז אינ דעמ זעלביקנ גײַסט ווערט געטײַטשט די דאָזיקע פראגע אינ מײַנ בראָשור „פראגנ אונ ענטפערנ“ (יונ 1925 יאָר) אונ אינעמ פאָליטבאריכט פונעמ צק אפנ XIV צוזאמענפאָר פונ אלקפ (דעקאבער 1925 יאָר).

אָט דאָס זײַנענ די פאקטנ.

די דאָזיקע פאקטנ זײַנענ באוווּסט, מײנ איכ, אַלעמענ אונ יעדנ, דערונטער אויכ דעמ כ׳ זינאָוויעוו.

אויב איצט, קימאט אינ צוויי יאָר ארומ נאָכנ אידײיִשנ קאמפ אינ דער פארטײ אונ נאָכ דער רעזאָליוציע, וואָס איז אָנגענומענ געוואָרנ אפ דער XIV פארטקאָנפערענצ (אפרעל 1925 יאָר), האלט כ׳ זינאָוויעוו פאר מעגלעכ אינ זײַנ שלוסוואָרט אפנ XIV פארטײ־צוזאמענפאָר (דעקאבער 1925 יאָר) ארויסצושלעפנ די אלטע, אבסאָליוט ניט-גענוגנדיקע פאָרמולע פונ סטאלינס בראָשור, וואָס איז געשריבנ געוואָרנ אינ אפרעל 1924 יאָר, אלס א באזע צומ לײזנ שוינ א געלײזטע פראגע וועגנ דעמ זיג פונעמ סאָציִאליזמ אינ אײנ לאנד, — באווײַזט די דאָזיקע אײגנארטיקע מאניר פונעמ כ׳ זינאָוויעוו בלויז, אז ער האָט זיכ ענדגילטיק פארפלאָנטעוט אינ דער דאָזיקער פראגע. שלעפנ די פארטײ אפ צוריק, נאָכ דעמ, ווי זי איז אוועק פאָרויס, ארומגײנ די רעזאָליוציע פונ דער XIV פארטײ־קאָנפערענצ, נאָכ דעמ, ווי זי איז באשטעטיקט דורכנ פלענומ פונ צק, — דאָס באטײַט האָפענונג־לאָז פארזינקענ אינ ווידערשפרוכנ, ניט גלײבנ אינ דער בויִונג פונעמ סאָציִאליזמ, ארופגײנ פונ לענינס וועג אונ באשטעטיקנ די אײגענע מאפאָלע.

וואָס איז אזוינס די *מעגלעכקײַט* פונעמ זיג פונעמ סאָציִאליזמ אינ אײנ לאנד?

דאָס איז די מעגלעכקײַט צו לײזנ די ווידערשפרוכנ צווישנ דעמ פראָלעטאריאט אונ דעמ פויערטומ מיט די אינערלעכע קרעפטנ פונ אונדזער לאנד, די מעגלעכקײַט, אז דער פראָלעטאריאט זאָל נעמענ די מאכט אונ אויסנוצנ די דאָזיקע מאכט אפ אויסבויענ אינ אונדזער לאנד א פולשטענדיקע סאָציִאליסטישע געזעלשאפט, באמ מיטגעפיל אונ בא דער אונטערשטיצונג מיצאד די פראָלעטאריער פונ אנדערע לענדער, נאָר אָנ א פאָרויסיקנ זיג פונ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע אינ אנדערע לענדער.

אָנ אזא מעגלעכקײַט איז די בויִונג פונעמ סאָציִאליזמ א בויִונג אָנ א פערספעקטיוו, א בויִונג אָנ א זיכערקײַט אויסצובויענ דעמ סאָציִאליזמ. מע קאָנ ניט בויענ דעמ סאָציִאליזמ, ווענ מע איז ניט זיכער, אז מע קאָנ אימ אויסבויענ, ווענ מע איז ניט זיכער, אז די טעכנישע אָפגעשטאנענקײַט פונ אונדזער לאנד איז ניט אזא שטערונג פארנ אויסבויענ די פולשטענדיקע סאָציִאליסטישע געזעלשאפט, *וואָס מע זאָל ניט קאָנענ בײַקומענ*. אָפלײקענענ אזא מעגלעכקײַט הײסט ניט־גלויבנ אינ דער בויִונג פונעמ סאָציִאליזמ, הײסט אָפגײנ פונעמ לענינִיזמ.

**וואָס איז אזוינס די אומעגלעכקײַט פונ א פולשטענדיקנ, ענדגילטיקנ זיג פונעמ סאָציאַליזמ אינ איינ לאנד אָנ דעמ זיג פונ דער רעוואָליוציע אינ אנדערע לענדער?**

**דאָס איז די אומעגלעכקײַט פונ א פולשטענדיקער גאראנטיע קעגנ אנ אינטערווענצ און, הייסט עס, אויכ קעגנ רעסטאווראציע פונ די בורזשואזע פאַראָנדקעס, אָנ דעמ זיג פונ דער רעוואָליוציע, ווייניקסטנס, אינ א ריי לענדער. אָפלייקענענ די דאָזיקע אומבאשטרײַטלעכע האנאָכע הייסט אָפגיינ פונעמ אינטערנאציאָנאליזמ, הייסט אָפגיינ פונעמ לענינ־יזמ.**

„מיר לעבנ, — זאָגט לענינ, — ניט בלויז אינ א מעלוכע, נאָר אויכ אינ א ס י ס ט ע מ פ ו נ מ ע ל ו כ ע ס, און די עקזיסטענצ פונ דער סאָוועטישער רעפובליק נעבנ די אימפעריאַליסטישע מעלוכעס אינ מעשעכ פונ א דויערנדיקער צײַט איז אומדענקבאר. סאָפקאָלסאָפ וועט זיגנ אָדער איינס אָדער דאָס צווייטע. און ביז דער דאָזיקער סאָפ וועט קומענ, איז א ריי זייער שרעקלעכע צוזאַמענשטויסנ צווישנ דער סאָוועטישער רעפובליק מיט די בורזשואזע מעלוכעס אומפארמײַדלעכ. דאָס באטײַט, אז דער הערשנדיקער קלאס, דער פראָלעטאריאט, אויב ער וויל נאָר און ער וועט הערשנ, דארפ ער דאָס דערווײַזנ אויכ מיט זײַנ מיליטערישער אָרגאניזאציע" (זע ב. XXIV, ז. 122).

„מיר האָבנ פאר זיכ, — זאָגט לענינ — אינ א צווייט אָרט, — אינ העכסטנ גראד א ניט שטאנדהאפטיקנ, אָבער דאָכ אָנצוווײפלדיקנ, אומבאשטרײַטלעכנ, געוויסנ גלײַכגעוויכט. צי דאָס איז אפ לאנג — ווייס איכ ניט, איכ מיינ, אז וויסנ דאָס קאָנ מענ ניט. און דעריבער איז פונ אונדזער זײַט נייטיק די גרעסטע פאָרזיכטיקײַט. און דער ערשטער געבאָט פונ אונדזער פאָליטיק, די ערשטע לעקציע, וואָס דרינגט ארויס פונ אונדזער רעגירונג־טעטיקײַט פארנ יאָר, די לעקציע, וואָס עס דארפנ באנעמענ אלע ארבעטער און פויערימ, דאָס איז — זײַנ אפ דער וואכ, געדענקענ, אז מיר זײַנענ ארומגערינגלט מיט מענטשנ, מיט קלאסנ, מיט רעגירונגענ, וואָס דריקנ אָפנ אויס דעמ גרעסטנ האס צו אונדז. מע דארפ געדענקענ, אז פונ יעטווידער אָנפאל זײַנענ מיר שטענדיק אפ א האָר" (ב. XXVII, ז. 117).

**דוכט זיכ, קלאָר.**

**וויאַזוי האלט עס באמ כ' זינאָוויעוו מיקויעכ דער פראגע וועגנ דעמ זיג פונעמ סאָציאַליזמ אינ איינ לאנד?**

**הערט:**

„אונטערנ ענדגילטיקנ זיג פונעמ סאָציאַליזמ דארפ מענ פארשטיינ, ווייניקסטנס: 1) דאָס פארניכטנ די קלאסנ און, הייסט עס, 2) דאָס אָפשאפנ די דיקטאטור פונ איינ קלאס, אינעמ געגעבענעמ פאל, די דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט"... „קעדיי נאָכ פינקטלעכער קלאָר מאכנ פאר זיכ, — זאָגט ווײַטער כ' זינאָוויעוו, — וויאַזוי די פראגע שטייט בא אונדז אינ פססר אינ 1925 יאָר, דארפ מענ אונטערשיידנ צווויי זאכנ: 1) די געזיכערטע מ ע ג ל ע כ ק ײַ ט צו בויענ דעמ סאָציאַליזמ — אזא מעגלעכקײַט צו בויענ דעמ סאָציאַליזמ קאָנ, פארשטייט זיכ, פולשטענדיק דענקבאר זײַנ אויכ אינ די ראמענ פונ איינ לאנד, און 2) דאָס ענדגילטיקע אויסבויענ און פארפעסטיקנ דעמ סאָציאַליזמ, דה. דאָס פארווירקלעכנ די סאָציאַליסטישע אָרדענונג, די כאָציאַליסטישע געזעלשאפט" (זע כ' זינאָוויעווס „לענינ־יזמ", ז. 291 און 293).

װאָס קאָן דאָס אַלץ באַטײַטן?

דאָס, אַז אונטערן ענדגילטיקן זיג פונעם סאָציאַליזם אין אײן לאַנד פאַרשטײט כ׳ זינאָװיעװ ניט די גאַראַנטיע קעגן אַן אינטערװענץ און רעסטאַװראַציע, נאָר די מעגלעכקײַט אױסצובױען אַ סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט. אונטערן זיג װידער פונעם סאָציאַליזם אין אײן לאַנד פאַרשטײט כ׳ זינאָװיעװ אַזאַ בױונג פונעם סאָציאַליזם, װעלכע קאָן ניט און דאַרף ניט ברענגען צום אױסבױען דעם סאָציאַליזם. אַ בױונג אױף טאָמער, אָן אַ פּערספּעקטיװ, אַ בױונג פון סאָציאַליזם בײַ דער אוממעגלעכקײַט אױסצובױען אַ סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט, — אָט דאָס איז דעם כ׳ זינאָװיעװס פּאָזיציע.

בױען דעם סאָציאַליזם אָן דער מעגלעכקײַט אױסצובױען אים, בױען, װען דו װײסט, אַז דו װעסט ניט אױסבױען, — אָט צו װאָסערע אַבסורדן עס האָט זיך דערעדט דער כ׳ זינאָװיעװ.

דאָס הײסט דאָך אָבער מאַכן כױזעק פון דער פראַגע און ניט לײזן די פראַגע!

און אָט איז נאָך אײן אָרט פון כ׳ זינאָװיעװס שלוסװאָרט אױפן XIV פּאַרטײ-צוזאַמענפאָר:

„טוט אַ קוק, צו װאָס, אַשטײגער, עס האָט זיך דערעדט דער כ׳ יאַקאָװליעװ אױף דער לעצטער קורסקער גובפּאַרטקאָנפערענץ. „צי קאָנען מיר אין אײן לאַנד, — פרעגט ער, — בײַס מיר זײַנען אַרומגערינגלט פון אַלע זײַטן מיט קאַפּיטאַליסטישע סאָנים, צי קאָנען מיר אין אַזעלכע באַדינגונגען אױסבױען אין אײן לאַנד דעם סאָציאַליזם?“ און ער ענטפערט: „אױפן גרונט פון אַלדעם געזאָגטן האָבן מיר דאָס רעכט צו זאָגן, אַז ניט בלױז װאָס מיר בױען דעם סאָציאַליזם, נאָר אַז, ניט געקוקט דערױף, װאָס מיר זײַנען דערװײַל אַלײן, װאָס מיר זײַנען דערװײַל דאָס אײנציקע סאָװעטישע לאַנד אין דער װעלט, די אײנציקע סאָװעטישע מעלוכע, — װעלן מיר אױסבױען דעם דאָזיקן סאָציאַליזם“ („קורסקאַיאַ פּראַװדאַ“, נום. 279 פון 8־טן דעקאַבער 1925 יאָר). איז דאָס דען אַ לעניניסטישע שטעלונג פון דער פראַגע, פילט זיך דען דאָ ניט קײן גערוך פון נאַציאָנאַלער באַגרענעצטקײַט“?[1]

אַזױ־אַרום, קומט אױס לױט זינאָװיעװן, אַז אָנערקענען די מעגלעכקײַט פון אױסבױען דעם סאָציאַליזם אין אײן לאַנד — הײסט שטעלן זיך אױפן שטאַנדפּונקט פון נאַציאָנאַלער באַגרענעצטקײַט, אָפּלײקענען װידער אַזאַ מעגלעכקײַט הײסט שטעלן זיך אױפן שטאַנדפּונקט פון אינטערנאַציאָנאַליזם.

נאָר אױב דאָס איז ריכטיק, — צי לױנט דען ביכלאַל פירן אַ קאַמף פאַרן זיג איבער די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן פון אונדזער װירטשאַפט? צי דרינגט ניט דערפון אַרױס, אַז אַזאַ זיג איז אוממעגלעך?

1 מײַן קורסיװ. י. סט.

קאפיטוליאציע פאר די קאפיטאליסטישע עלעמענטן פון אונדזערווירטשאפט — אָט צו וואָס עס פירט די אינערלעכע לאָגיק פון כ׳ זינאָוויעווס ארגומענטאציע.

און די דאָזיקע אבסורדישקייט, וואָס האָט קיין שום געמיינזאמעס ניט מיטן לעניניזם, טראָגט אונדז אונטער כ׳ זינאָוויעוו אלס „אינטערנא-ציאָנאליזם״, אלס „הונדערטפראָצענטיקן לעניניזם״!

איך באהויפּט, אז אין דער וויכטיקסטער פראגע וועגן דער בויונג פון סאָציאליזם גייט כ׳ זינאָוויעוו אָפּ פונעם לעניניזם און קײַקלט זיך אראָפּ אפן שטאנדפונקט פונעם מענשעוויק סוכאנאָוו.

לאָמיר זיך ווענדן צו לענינען. אָט וואָס ער האָט געזאָגט וועגן דעם זיג פונעם סאָציאליזם אין איין לאנד נאָך פאר דער אָקטיאבער־רעוואָליו-ציע, אין אווגוסט 1915 יאָר.

„די ניט־גלײַכמעסיקײַט פון דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער אנטוויקלונג איז אן אומ־באדינגטער געזעץ פונעם קאפּיטאליזם. פונדאנען איז געדרונגען, אז עס איז מעגלעך דער זיג פונעם סאָציאליזם צוערשט אין א קליינער צאָל אָדער אפילע אין איין, באזונדער גענומענע, קאפּיטא־ליסטיש לאנד. דער זיגרײַכער פּראָלעטאריאט פונעם דאָזיקן לאנד וואָלט נאָכן עקספּראָפּריִרן די קאפּיטאליסטן און נאָכן אָרגאניזירן בא זיך די סאָציאליסטישע פּראָ־דוקציע[1] אופגעשטאנען קעגן דער איבעריקער, קאפּיטאליסטישער וועלט, צוציִענדיק צו זיך די אונטערדריקטע קלאסן פון אנדערע לענדער, אופהייבנדיק אין זיי אן אופשטאנד קעגן די קאפּיטאליסטן, ארויסטרעטנדיק אין פאל פון נויטווענדיקײַט אפילע מיט מיליטערישער קראפט קעגן די עקספּלואטאטערישע קלאסן און זייערע מעלוכעס״ (זע ב. XVIII, ז. 232 — 233).

וואָס באטײַט די אונטערגעשטראָכענע פראזע לענינס: „נאָכן אָרגאני־זירן בא זיך די סאָציאליסטישע פּראָדוקציע״? דאָס באטײַט, אז דער פּראָ-לעטאריאט פון דעם לאנד, וואָס האָט געזיגט, קאָן און דאַרף נאָכן נעמען די מאכט אָרגאניזירן בא זיך די סאָציאליסטישע פּראָדוקציע. און וואָס באטײַט „אָרגאניזירן די סאָציאליסטישע פּראָדוקציע״? דאָס באטײַט אויסבויען א סאָציאליסטישע געזעלשאפט. עס איז קוים נייטיק צו דער־ווײַזן, אז די דאָזיקע קלאָרע און באשטימטע האנאָכע לענינס נייטיקט זיך ניט אין קיין ווײַטערדיקע קאָמענטארן. אין קעגנפאל וואָלט ניט געווען פארשטענדלעך לענינס רוף אין אָקטיאבער 1917, אז דער פּראָלעטאריאט זאָל נעמען די מאכט.

איר זעט, אז די דאָזיקע קלאָרע האנאָכע לענינס אונטערשיידט זיך, ווי דער הימל פון דער ערד, פון כ׳ זינאָוויעווס פארפּלאָנטערטער און אנטי-לענינישער „האנאָכע״ וועגן דעם, אז מיר קאָנען בויען דעם סאָציאליזם

---

1 מײַן קורסיוו. י. סט.

„אינ די ראַמענ פונ איינ לאַנד״ בא דער *אומעגלעכקײַט* אויסצובויענ אים.

דאָס האָט לענינ געזאָגט אינ 1915 יאָר, איידער דער פּראָלעטאַריאַט האָט גענומענ די מאַכט. נאָר, עפּשער, האָבנ זיכ בא אים געביטנ די אָנשויוּנגענ נאָכ דער דערפאַרונג פונ נעמענ די מאַכט, נאָכנ 1917 יאָר? לאָמיר זיכ ווענדנ צו לענינס בראָשור „וועגנ קאָאָפּעראַציע״, וואָס איז געשריבנ געוואָרנ אינ 1923 יאָר.

„אינדערעמעסנ, — זאָגט לענינ, — די מאַכט פונ דער מעלוכע אפ אַלע גרויסע פּראָדוציר־מיטלענ, די מאַכט פונ דער מעלוכע אינ די הענט פונעמ פּראָלעטאַריאַט, דער בונד פונ אָט דעמ פּראָלעטאַריאַט מיט די פיל מיליאָנענ קליינע אונ גאָר קליינינקע פּויערימ, דאָס זיכערנ פאַר דעמ דאָזיקנ פּראָלעטאַריאַט די אָנפירונג בענעגייע דעמ פּויערטומ אאַוו., — צי דענ איז דאָס ניט אַלצ, וואָס עס איז נייטיק, קעדיי פונ דער קאָאָפּעראַציע, בלויז פונ דער קאָאָפּעראַציע אַליינ, וועלכע מיר האָבנ פריִער טרעטירט, ווי א הענדלערישע, אונ וועלכע מיר האָבנ דאָס רעכט פונ א געוויסער זײַט אַזוי צו טרעטירנ אויכ איצט באַמ נעפּ, צי דענ איז דאָס ניט *אַלצ, וואָס איז נויטווענדיק אפ אויסצובויענ א פולשטענדיקע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט?*[1] דאָס איז נאָכ ניט די אויסבויונג פונ דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, *אָבער דאָס איז אַלצ, וואָס איז נויטווענדיק אונ גענוג פאַר דער דאָזיקער אויסבויונג*[1] (זע ב. XXVII, ז. 392).

אַנדערש גערעדט: מיר קאָנענ אונ דאַרפנ אויסבויענ א פולשטענדיקע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט, ווײַל מיר האָבנ אינ אונדזער רעשוס אַלצ, וואָס איז נויטווענדיק אונ גענוג פאַר דער דאָזיקער אויסבויונג.

דוכט זיכ, אז עס איז שווער זיכ אויסצודריקנ קלאָרער.

פאַרגלײַכט די דאָזיקע קלאַסישע האַנאָכע לענינס מיטנ כ׳ זינאָוויעווס אַנטי־לענינישנ אָפּענטפערנ דעמ כ׳ יאַקאָוולעוו אונ איר וועט פאַרשטיינ, אז יאַקאָוולעוו האָט בלויז איבערגעכאַזערט לענינס ווערטער וועגנ דער מעגלעכקײַט אויסצובויענ דעמ סאָציאַליזמ אינ איינ לאַנד, זינאָוויעוו ווידער איז מיטנ אַרויסטרעטנ קעגנ דער דאָזיקער האַנאָכע, מיטנ טאַדלענ דעמ כ׳ יאַקאָוולעוו, אָפּגעגאַנגענ פונ לענינענ אונ האָט זיכ געשטעלט אפנ שטאַנדפּונקט פונעמ מענשעוויק סוכאַנאָוו, אפנ שטאַנדפּונקט פונ דער אומעגלעכקײַט אויסצובויענ דעמ סאָציאַליזמ אינ אונדזער לאַנד מאַכמעס זײַנ טעכנישער אָפּגעשטאַנענקײַט.

עס איז נאָר ניט באַוווּסט, צוליב וואָס זשע האָבנ מיר גענומענ די מאַכט אינ אָקטיאַבער 1917 יאָר, אויב מיר האָבנ ניט גערעכנט אויסצובויענ דעמ סאָציאַליזמ?

---

[1] מײַנ קורסיוו. י. ס ט.

מע האָט ניט באדארפט נעמען די מאכט אין אָקטיאַבער 1917 יאָר — אָט צו וואָס פאר אן אויספיר עס ברענגט די אינערלעכע לאָגיק פון כ׳ זינאָוויעווס ארגומענטאציע.

איך באהויפט ווײַטער, אז אין דער וויכטיקסטער פראגע וועגן זיג פונעם סאָציאַליזם איז כ׳ זינאָוויעוו ארויס קעגן די באשטימטע באשלוסן פון אונדזער פארטיי, וואָס זײַנען פארפיקסירט אין דער באוווסטער רעזאָלוציע פון דער XIV פארטקאָנפערענץ „וועגן די אויפגאבן פונעם קאָמינטערן און פון דער רקפּ(ב) אין צוזאמענהאנג מיטן פארברייטערטן פלענום פונעם אויספירקאָם פון קאָמינטערן".

לאָמיר זיך ווענדן צו דער דאָזיקער רעזאָלוציע. אָט וואָס עס איז דאָרט געזאָגט וועגן דעם זיג פונעם סאָציאַליזם אין איין לאנד.

„דאָס פאראנענזײַן פון צוויי דיאַמעטראַל־קעגנזעצלעכע געזעלשאפטלעכע סיסטעמען רופט ארויס א שטענדיקע דראָונג פון א קאפּיטאליסטישער בלאָקאדע, פון אנדערע פאָרמען פון עקאָנאָמישן דרוק, פון א באוואָפנטער אינטערווענץ, פון רעסטאווראציע. די איינציקע גאראנטיע פארן ענדגילטיקן זיג פונעם סאָציאַליזם, ד. ה. א גאראנטיע קעגן רעסטאווראציע,[1] איז, הייסט עס, די זיגרײַכע סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע אין א ריי לענדער..." „דער לעניניזם לערנט, אז דער ענדגילטיקער זיג פונעם סאָציאַליזם אין זינען פון א פולשטענדיקער גאראנטיע קעגן רעסטאווּרירן[1] די בורזשואזע פארהעלטענישן איז מעגלעך בלויז אין אינטערנאציאָנאלן מאסשטאב..." „דערפון איז קלאָר ניט געדרונגען,[1] אז עס איז אוממעגלעך אויסצובויען א פולשטענדיקע סאָציאַליסטישע געזעלשאפט[1] אין אזא אָפּגעשטאנענע לאנד, ווי רוסלאנד, אָן „מעלוכישער הילף" (טראָצקי) פון די לענדער, וואָס זײַנען אין טעכניש־עקאָנאָמישער הינזיכט מער אנטוויקלט" (זע די רעזאָליוציע).

איר זעט, אז די רעזאָליוציע באטראכט דעם ענדגילטיקן זיג פונעם סאָציאַליזם, אלס א גאראנטיע קעגן אינטערווענץ און רעוּוסטאראציע, — אין פולן קעגנזאץ צו כ׳ זינאָוויעווס אויפפאסונג אין זײַן בוך „לעניניזם".

איר זעט, אז די רעזאָליוציע אנערקענט די מעגלעכקײַט אויסצובויען א פולשטענדיקע סאָציאַליסטישע געזעלשאפט אין אזא אָפּגעשטאנענע לאנד, ווי רוסלאנד, אָן „מעלוכישער הילף" פון די לענדער, וואָס זײַנען אין טעכניש־עקאָנאָמישער הינזיכט מער אנטוויקלט, — אין פולן קעגנזאץ צו דער פארקערטער באהויפּטונג פונעם כ׳ זינאָוויעוו אין זײַן אָפּענטפערן דעם כ׳ יאקאָוולעוו אינעם שלוסוואָרט אפן XIV פארטיי־צוזאמענפאָר.

1 מײַן קורסיוו, י. ס ט.

וויאַזוי זאָל מען דאָס אָנרופן, אויב ניט קאַמף פונעם כ׳ זינאָוויעוו קעגן דער רעזאָליוציע פון דער XIV פּאַרטיי־קאָנפערענץ?

פאַרשטייט זיך, אַז פּאַרטייִשע רעזאָליוציעס זײַנען צומאָל ניט אָן זינד. עס טרעפט, אַז פּאַרטייִשע רעזאָליוציעס אַנטהאַלטן פעלערן. בכלל גערעדט, קאָן מען זיך פאָרשטעלן, אַז די רעזאָליוציע פון דער XIV פּאַרטיי־קאָנפערענץ אַנטהאַלט אויך אייניקע פעלערן. מעגלעך, אַז כ׳ זינאָוויעוו האַלט די געגעבענע רעזאָליוציע פאַר אַ פעלערהאַפטער. דאַן דאַרף מען אָבער זאָגן וועגן דעם קלאָר און אָפן, ווי עס פּאַסט פאַר אַ באָלשעוויק. אָבער צוליב עפּעס אַ סיבה טוט עס כ׳ זינאָוויעוו ניט. ער האָט געהאַלטן פאַר בעסער אויסצוקלײַבן אַן אַנדער וועג, דעם וועג פון אַטאַקירן די רעזאָליוציעס פון דער XIV פּאַרטיי־קאָנפערענץ פון הינטן־אַרום, פאַרשווײַגנדיק די דאָזיקע רעזאָליוציע, אָן שום אָפענער קריטיק פון דער רעזאָליוציע. כ׳ זינאָוויעוו מיינט, ווײַזט אויס, אַז דער דאָזיקער וועג דערגרייכט בעסער פון אַלץ דעם ציל. און אַ ציל האָט ער איינעם — „פאַרבעסערן" די רעזאָליוציע און „אַ ביסעלע" פאַריכטן לענינען. עס איז קוים נייטיק צו דערווײַזן, אַז כ׳ זינאָוויעוו האָט אַ טאָעס געהאַט אין זײַנע כעזשבוינעס.

פונוואַנען שטאַמט כ׳ זינאָוויעווס טאָעס? ווו איז דער וואָרצל פונעם דאָזיקן טאָעס?

דער וואָרצל פונעם דאָזיקן טאָעס ליגט, לויט מײַן מיינונג, דערין, וואָס כ׳ זינאָוויעוו איז זיכער, אַז די טעכנישע אָפּגעשטאַנענקײַט פון אונדזער לאַנד איז אַזאַ שטערונג צום אויסבויען אַ פולשטענדיקע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט, וואָס קאָן ניט בײַגעקומען ווערן, אַז דער פּראָלעטאַריאַט קאָן ניט אויסבויען דעם סאָציאַליזם מאַכמעס דער טעכנישער אָפּגעשטאַנענקײַט פון אונדזער לאַנד. כ׳ זינאָוויעוו און כ׳ קאַמעניעוו האָבן איין צײַט געפּרוווט אַרויסטרעטן מיט דעם דאָזיקן אַרגומענט אויף איינער פון די זיצונגען פונעם צק פון דער פּאַרטיי פאַר דער פּאַרטיי־קאָנפערענץ אין אַפּריל. זיי האָבן אָבער באַקומען דעם געהעריקן ענטפער און זײַנען געצוווּנגען געווען אָפּצוטרעטן, אונטערוואַרפנדיק זיך פאָרמעל דעם קעגנזעצלעכן שטאַנדפּונקט, דעם שטאַנדפּונקט פון דער מערהײַט פון צק. אָבער, אונטערוואַרפנדיק זיך אים פאָרמעל, האָט כ׳ זינאָוויעוו די גאַנצע צײַט פאַרגעזעצט דעם קאַמף קעגן אים (זע כ׳ זינאָוויעווס בוך „לעניניזם" און דאָס שלוסוואָרט אויפן XIV פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר). אָט וואָס עס זאָגט וועגן דעם דאָזיקן „אינצידענט" אינעם צק אָפּקפּ(ב) דער מאָסקווער קאָמיטעט פון אונדזער פּאַרטיי אין זײַן „ענטפער" אויפן בריוו פון דער לענינגראַדער גובפּאַרטקאָנפערענץ:

„אָט דאָ גאָר ניט לאַנג האָבן די כאווייריִם קאמעניעוו און זינאָוויעוו פארטיידיקט אין פּאָליטביוראָ דעם שטאנדפונקט, אז מיר וועלן קלוימערשט ניט קאָנען זיך ספראווען מיט די אינערלעכע שוועריקייטן מאכמעס אונדזער טעכנישער און עקאָנאָמישער אָפּגעשטאנענקייט, אויב נאָר עס וועט אונדז ניט ראטעווען די אינטערנאציאָנאלע רעוואָליוציע. מיר אָבער, צוזאמען מיט דער מערהייט פונעם צק, מיינען, אז מיר קאָנען בויען דעם סאָציאליזם, אז מיר בויען און וועלן אים אויסבויען, ניט געקוקט אף אונדזער טעכנישער אָפּגעשטאנענקייט און טראָץ איר. מיר מיינען, אז די דאָזיקע בויונג וועט, פארשטייט זיך, גיין פיל לאַנגזאמער, איידער בא באדינגונגען פון אַן אלוועלטלעכן זיג, פונדעסטוועגן אָבער גייען מיר און וועלן גיין פאָרויס. פונקט אזוי מיינען מיר אויך, אז דער שטאנדפונקט פון די ככ' קאמעניעוו און זינאָוויעוו דריקט אויס א ניט־גלויבן אין די אינערלעכע קויכעס פון אונדזער ארבעטער־קלאס און פון די פויערישע מאסן, וואָס גייען נאָך אים. מיר האלטן, אז אָט־דער שטאנדפונקט באטייט אָפּגיין פון דער לענינישער פּאָזיציע" (זע דעם „ענטפער").

דער דאָזיקער דאָקומענט האָט זיך באוויזן אין דער פּרעסע בעשאס די ערשטע זיצונגען פונעם XIV פארטיי־צוזאמענפאָר. כ' זינאָוויעוו האָט, פארשטייט זיך, געהאט די מעגלעכקייט ארויסצוטרעטן קעגן דעם דאָזיקן דאָקומענט נאָך אפן צוזאמענפאָר. ס'איז כאראקטעריסטיש, וואָס בא די ככ' זינאָוויעוו און קאמעניעוו האָבן זיך ניט געפונען קיין ארגומענטן קעגן דער דאָזיקער שווערער באשולדיקונג, וועלכע עס האָט ארויסגעשטעלט דער מאָסקווער קאָמיטעט פון אונדזער פּארטיי. איז דאָס צופעליק? איך מיין, אז ס'איז ניט צופעליק. די באשולדיקונג האָט, קאָנטיק, געטראָפן אין פּינטל. כ' זינאָוויעוו און כ' קאמעניעוו האָבן „געענטפערט" אף דער דאָזיקער באשולדיקונג מיט שווייגן דערפאר, ווייל עס איז ניט געווען מיט וואָס צו „דעקן" זי.

די נייע אָפּאָזיציע האָט פאריבל, וואָס מע באשולדיקט דעם כ' זינאָוויעוו אין ניט־גלויבן אינעם זיג פון דער סאָציאליסטישער בויונג אין אונדזער לאַנד. נאָר אויב דער כ' זינאָוויעוו איז נאָך א גאַנצ יאָר באהאנדלען די פראגע וועגן דעם זיג פונעם סאָציאליזם אין איין לאַנד, נאָך דעם, ווי כ' זינאָוויעווס שטאנדפונקט איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן דורך דער פּאָליטביוראָ פונעם צק (אפּרעל 1925), נאָך דעם, ווי ס'האָט זיך שוין אויסגעבילדעט א באשטימטע מיינונג פון דער פּארטיי איבער דער דאָזיקער פראגע, א מיינונג, וואָס איז פארפיקסירט געוואָרן אין דער באוווסטער רעזאָליוציע פון דער XIV פּארטיי־קאָנפערענץ (אפּרעל 1925), אויב נאָך דעם אַלעמען באשליסט זיך כ' זינאָוויעוו ארויסצוטרעטן אין זיין בוך „לעניניזם" (סענטיאבער 1925 יאָר) קעגן דעם שטאנדפונקט פון דער פּארטיי, אויב ער כאזערט דערנאָך איבער די דאָזיקע ארויסטרעטונג אפן XIV פּארטיי־צוזאמענפאָר — איז וויאזוי זשע זאָל מען דערקלערן דאָס אלץ, די דאָזיקע איינגעשפּארטקייט, די דאָזיקע הארטנעקיקייט אינעם פארטיידיקן זיין טעאָס,

אויב ניט דערמיט, וואָס דער כ׳ זינאָוויעוו איז אָנגעשטעקט, האָפענונגלאָז אָנגעשטעקט מיטן ניט-גלויבן אינעם זיג פון דער סאָציאַליסטישער בויונג אין אונדזער לאַנד?

דעם כ׳ זינאָוויעוו געפעלט צו באטראַכטן דעם דאָזיקן ניט-גלויבן זײַנעם אַלס אינטערנאַציאָנאַליזם. פון ווען אָן אָבער האָט מען דעם אָפּגאַנג פונעם לעניניזם אין א קאַרדינאַלער פראַגע פון לעניניזם אָנגעהויבן באַטראַכטן בא אונדז אַלס אינטערנאַציאָנאַליזם?

צי וועט ניט ריכטיקער זײַן צו זאָגן, אז ניט די פּאַרטיי, נאָר דער כ׳ זינאָוויעוו זינדיקט דאָ קעגן דעם אינטערנאַציאָנאַליזם און קעגן דער אינטערנאַציאָנאַלער רעוואָלוציע? וואָרעם וואָס איז אַזוינס אונדזער לאַנד, „ווו עס ווערט געבויט דער סאָציאַליזם", אויב ניט קיין באַזע פון דער וועלט-רעוואָלוציע? צי קאָן עס אָבער זײַן אַן עכטע באַזע פאַר דער וועלט-רעוואָלוציע, אויב עס איז אוממעגלעך אויסצובויען א סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט? צי קאָן עס פאַרבלײַבן דער גרעסטער צוציִענדיקער צענטער פאַר די אַרבעטער פון אַלע לענדער, וואָס אַזאַ איז עס איצט אָן ספק, אויב עס איז אוממעגלעך צו דערשלאָגן זיך בא זיך א זיג איבער די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן פון אונדזער ווירטשאַפט, א זיג פון דער סאָציאַליסטישער בויונג? איך מיין, אז עס קאָן ניט. צי דרינגט אָבער ניט אַרויס דערפון, אז דער ניט-גלויבן אינעם זיג פון דער סאָציאַליסטישער בויונג, דאָס פאַרשפּרייטן דעם דאָזיקן ניט-גלויבן פירט צום אַנטקרוינען אונדזער לאַנד אַלס באַזע פון דער וועלט-רעוואָלוציע, די אַנטקרוינונג ווידער פון אונדזער לאַנד פירט צום אָפּשוואַכן די רעוואָלוציאָנערע וועלט-באַוועגונג. מיט וואָס פלעגן די הערן סאָציאַל-דעמאָקראַטן אָפּשרעקן פון אונדז די אַרבעטער? — מיט דרשות וועגן דעם, אז „בא די רוסן וועט גאָרנישט ניט אַרויסקומען". מיט וואָס שלאָגן מיר איצט די סאָציאַל-דעמאָקראַטן, צוציִענדיק צו זיך גאַנצע רייען אַרבעטער-דעלעגאַציעס און פאַרפעסטיקנדיק דערמיט די פּאָזיציעס פונעם קאָמוניזם אין דער גאַנצער וועלט? מיט אונדזערע דערפאָלגן אינעם בויען דעם סאָציאַליזם. צי דען איז אָבער ניט קלאָר נאָך דעם, אז ווער עס פאַרשפּרייט אומגלויבן אין אונדזערע דערפאָלגן אינעם בויען דעם סאָציאַליזם, דער העלפט אומדירעקט די סאָציאַל-דעמאָקראַטן, דער שוואַכט אָפּ דעם שוווּנג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, דער גייט אָפּ אומפאַרמײַדלעך פונעם אינטערנאַציאָנאַליזם?..

איר זעט, אז מיטן כ׳ זינאָוויעווס „אינטערנאַציאָנאַליזם" האַלט עס אויף קיין האָר ניט בעסער, ווי מיט זײַן „הונדערטפּראָצענטיקן לעניניזם" אין דער פראַגע וועגן בויען דעם סאָציאַליזם אין איין לאַנד.

דעריבער האָט דער XIV פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר געהאַנדלט ריכטיק, ווען

ער האָט דעפינירט די אָנשויונגען פון דער נייַער אָפּאָזיציע, אַלס א „ניט-גלויבן אין דער בויונג פונעם סאָציאַליזם" און אַלס א „פאַרקריפּלונג פונעם לעניניזם".

## VII

## דער קאַמף פאַרן זיג פון דער סאָציאַליסטישער בויונג

איך מיין, אַז דאָס ניט-גלויבן אינעם זיג פון דער סאָציאַליסטישער בויונג איז דער גרונט-פעלער פון דער נייַער אָפּאָזיציע. דער דאָזיקער פעלער איז, לויט מייַן מיינונג, א גרונטיקער דערפאַר, ווייַל פון אים שטאַמען אַלע איבעריקע פעלערן פון דער נייַער אָפּאָזיציע. די פעלערן פון דער נייַער אָפּאָזיציע אין דער פראַגע וועגן נעפּ, וועגן מעלוכע-קאַפּיטאַליזם, וועגן דער נאַטור פון אונדזער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע, וועגן דער ראָליע פון דער קאָאָפּעראַציע בא דער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט, וועגן די מעטאָדן פונעם קאַמף קעגן באַלעגופּנטום, וועגן דער ראָליע און ספּעציפישן געוויכט פונעם מיטלפּויערטום, — די דאָזיקע אַלע פעלערן דרינגען ארויס פונעם גרונט-פעלער פון דער אָפּאָזיציע, פונעם ניט-גלויבן אין דער מעגלעכקייַט אויסצובויען א סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט מיט די קרעפטן פון אונדזער לאַנד.

וואָס איז אַזוינס דאָס ניט-גלויבן אינעם זיג פון דער סאָציאַליסטישער בויונג אין אונדזער לאַנד?

דאָס איז, פריִער פאַר אַלץ, די אָפּוועזנקייַט פון זיכערקייַט דערין, אַז די גרונט-מאַסן פונעם פּויערטום קאָנען אַרייַנגעצויגן ווערן, מאַכמעס די באַשטימטע אַנטוויקלונג-באַדינגונגען פון אונדזער לאַנד, אין דער סאָציאַליסטישער בויונג.

דאָס איז, צווייטנס, די אָפּוועזנקייַט פון זיכערקייַט דערין, אַז דער פּראָלעטאַריאַט פון אונדזער לאַנד, וועלכער האָט אין זייַן רעשוס די קאָמאַנדיר-הויכן פון דער פאָלקווירטשאַפט, איז פייִק אַרייַנצוציִען די גרונט-מאַסן פונעם פּויערטום אין דער סאָציאַליסטישער בויונג.

פון די דאָזיקע האַנאָכעס גייט שווייַגנדיק אַרויס די אָפּאָזיציע אין אירע קאָנסטרוקציעס מיקויעך די וועגן פון אונדזער אַנטוויקלונג, — אַלציינס, צי זי טוט דאָס באַוווסטזיניק אָדער אומבאַוווסטזיניק.

צי קאָן מען אַרייַנציִען די גרונט-מאַסע פונעם סאָוועטישן פּויערטום אין דער סאָציאַליסטישער בויונג?

אין דער בראָשור „וועגן די יעסוידעס פונעם לעניניזם" זייַנען וועגן דעם פאַראַן צוויי גרונט-האַנאָכעס:

1) „מע טאָר ניט צונויפמישנ דאָס פויערטומ פונעמ ראטנפארבאנד מיטנ פויערטומ פונעמ מײַרעוו. דאָס פויערטומ, וואָס איז דורכגעגאנגענ א שול פונ דרײַ רעוואָליוציעס, וואָס האָט געקעמפט קעגנ דעמ צאר און קעגנ דער בורזשואזער מאכט צוזאמענ מיטנ פראָלעטאריאט און מיטנ פראָלעטאריאט בעראָש, דאָס פויערטומ, וואָס האָט באקומענ ערד און שאָלעמ פונ די הענט פונ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע און וואָס איז מאכמעס דעמ געוואָרנ א רעזערוו פונעמ פראָלעטאריאט, — אָט דאָס פויערטומ קאָנ ניט ניט אונטערשיידנ זיכ פונעמ פויערטומ, וואָס האָט אינ דער צײַט פונ דער בורזשואזער רעוואָליוציע געקעמפט בעראָש מיט דער ליבעראלער בורזשואזיע, וואָס האָט באקומענ ערד פונ די הענט פונ דער דאָזיקער בורזשואזיע און וואָס איז דעריבער געוואָרנ א רעזערוו פונ דער בורזשואזיע. עס איז קוימ נייטיק צו דערווײַזנ, אז דאָס סאָוועטישע פויערטומ, וואָס איז געוווינט צו שעצנ די פאָליטישע פרײַנטשאפט און די פ אָ ל י ט י ש ע מיטארבעט מיטנ פראָלעטאריאט און וואָס האָט פאר זײַנ פרײַהײַט צו פארדאנקענ אָט־דער פרײַנטשאפט און אָט־דער מיטארבעט, — קאָנ ניט ניט זײַנ קיינ אויסשליסלעכ גינסטיקער מאַטעריאל פאר דער ע ק אָ נ אָ מ י ש ע ר מיטארבעט מיטנ פראָלעטאריאט".

2) „מע טאָר ניט צונויפמישנ די לאנדווירטשאפט פונ רוסלאנד מיט דער לאנדווירטשאפט פונעמ מײַרעוו. דאָרט גייט די אנטוויקלונג פונ דער לאנדווירטשאפט לויט דער געוויינלעכער ליניע פונ קאפיטאליזמ, אינ באדינגונגענ פונ טיפער דיפערענצירונג פונעמ פויערטומ, מיט גרויסע גיטער און פריוואט־קאפיטאליסטישע לאטיפונדיעס אפ איינ פאָליוס, און פאופעריזמ, אָרעמקײַט און לוינשקלאפערײַ — אפנ צווייטנ. דאָרט איז דעריבער די צעפאלונג און צעלייגונג גאנצ נאטירלעכ. ניט אזוי איז אינ רוסלאנד. בא אונדז קאָנ די אנטוויקלונג פונ דער לאנדווירטשאפט ניט גייג מיט אזא וועג שוינ דערפאר אליינ, וואָס דאָס פאראנגעזײַנ פונ ראטנמאכט און די נאציאָנאליזאציע פונ די גרונטלעכע פראָדוציר־געצײַג און פראָדוציר־מיטלענ דערלאָזנ ניט אזא אנטוויקלונג. אינ רוסלאנד מוז די אנטוויקלונג פונ דער לאנדווירטשאפט גייג מיט אנ אנדער וועג, מיטנ וועג פונ קאָאָפערירנ די מיליאָנענ פונ קליינ- און מיטלפויערטומ, מיטנ וועג פונ אנטוויקלענ אינ דאָרפ א מאסנ־קאָאָפעראציע, וועלכע ווערט געשטיצט דורכ דער מעלוכע אינ סיידער פונ להאָטנע קרעדיטנ. לענינ האָט ריכטיק אָנגעוויזנ אינ זײַנע ארטיקלענ וועגנ קאָאָפעראציע, אז די אנטוויקלונג פונ דער לאנדווירטשאפט מוז בא אונדז גייג מיט א נײַעמ וועג, מיטנ וועג פונ ארײַנציִענ די מערהײַט פויערימ אינ דער סאָציִאליסטישער בויונג דורכ דער קאָאָפעראציע, מיטנ וועג פונעמ אײַנפלאנצנ ביסלעכווײַז אינ דער לאנדווירטשאפט די יעסוידעס פונ קאָלעקטיוויזמ צוערשט אינ געביט פונ אָפזאצ, דערנאָכ — אינ געביט פונ פראָדוצירנ די פראָדוקטנ פונ דער לאנדווירטשאפט"... „עס איז קוימ נייטיק צו דערווײַזנ, אז די גוואלדיקע מערהײַט פונעמ פויערטומ וועט זיכ גערנ שטעלנ אפ דעמ דאָזיקנ נײַעמ אנטוויקלונג־וועג, אָפוואַרפנדיק דעמ וועג פונ פריוואט־קאפיטאליסטישע לאטיפונדיעס און לוינשקלאפערײַ, דעמ וועג פונ דאלעס און רויִנירונג".

## צי זײַנענ ריכטיק די דאָזיקע האנאָכעס?

איכ מיינ, אז אָט־די ביידע האנאָכעס זײַנענ ריכטיק און אומבאשטרײַטלעכ פאר אונדזער גאנצנ בויונג־פעריאָד אינ די באדינגונגענ פונ נעפ.

זיי זײַנענ בלויז אנ אויסדרוק פונ לענינס באוווסטע טעזיסנ וועגנ דעמ צוזאמענשלוס פונעמ פראָלעטאריאט מיטנ פויערטומ, וועגנ אײַנשליסנ די פויערישע ווירטשאפטנ אינ דער סיסטעמ פונ דער סאָציִאליסטישער אנטוויקלונג פונעמ לאנד, וועגנ דעמ, אז דער פראָלעטאריאט דארפ זיכ באוועגנ צומ סאָציִאליזמ צוזאמענ מיט די גרונט-מאסנ פונעמ פויערטומ,

וועגן דעם, אז די קאָאָפּערירונג פון די מיליאָניקע מאסן פונעם פויערטום איז דער הויפּט-שליאך פון דער סאָציאַליסטישער בויונג אין דאָרף, אז באם ווּקס פון אונדזער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע איז „דער פּאָשעטער ווּקס פון דער קאָאָפּעראַציע פאר אונדז אידענטיש מיטן ווּקס פונעם סאָציאַליזם" (זע ב. XXVII, ז. 396).

אינדערעמעסן, מיט וועלכע וועג קאָן און דארף גיין די אנטוויקלונג פון דער פויערישער ווירטשאפט אין אונדזער לאנד?

די פויערישע ווירטשאפט איז ניט קיין קאפּיטאליסטישע ווירטשאפט. די פויערישע ווירטשאפט, אויב נעמען די איבערוועגנדיקע מערהייט פויערישע ווירטשאפטן, איז א ווירטשאפט א קליינסכוירעדיקע. און וואָס איז אזוינס א קליינסכוירעדיקע פויערישע ווירטשאפט? דאָס איז א ווירטשאפט, וואָס שטייט אפן שיידוועג צווישן קאפּיטאליזם און סאָציאַליזם. זי קאָן זיך אנטוויקלען סיי אין דער ריכטונג צום קאפּיטאליזם, ווי דאָס קומט איצט פאָר אין די קאפּיטאליסטישע לענדער, סיי אין דער ריכטונג צום סאָציאַליזם, ווי דאָס מוז פאָרקומען בא אונדז, אין אונדזער לאנד, בא דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט.

פונוואנען נעמט זיך אזא ניט־שטאנדהאפטיקייט, ניט-זעלבשטענדיקייט פון דער פויערישער ווירטשאפט? מיט וואָס קאָן מען זי דערקלערן?

דערקלערן קאָן מען זי מיט דער צעשטויבטקייט פון די פויערישע ווירטשאפטן, מיט זייער ניט־אָרגאניזירטקייט, מיט זייער אָפּהענגיקייט פון דער שטאָט, פון דער אינדוסטריע, פון דער קרעדיט־סיסטעם, פונעם כאראקטער פון דער מאכט אין לאנד, ענדלעך, מיט דער אלגעמיין-באוווּסטער האנאָכע, אז דאָס דאָרף גייט און מוז גיין נאָך דער שטאָט סיי אין מאטעריעלער סיי אין קולטורעלער הינזיכט.

דער קאפּיטאליסטישער אנטוויקלונג־וועג פון דער פויערישער ווירטשאפט באטייט אן אנטוויקלונג דורך זייער א טיפער דיפערענצירונג פונעם פויערטום, מיט גרויסע לאטיפונדיעס אפ איין פּאָליוס און מיט א מאסעווער פאראָרעמונג אפן צווייטן פּאָליוס. אזא אנטוויקלונג־וועג איז אומפארמיידלעך אין די קאפּיטאליסטישע לענדער, ווייל דאָס דאָרף, די פויערישע ווירטשאפט איז אָפּהענגיק פון דער שטאָט, פון דער אינדוסטריע, פונעם קאָנצענטרירטן קרעדיט אין שטאָט, פונעם כאראקטער פון דער מאכט, און שטאָט ווידער הערשט די בורזשואזיע, די קאפּיטאליסטישע אינדוסטריע, די קאפּיטאליסטישע קרעדיט־סיסטעם, די קאפּיטאליסטישע מעלוכע־מאכט.

צי איז א מוז דער דאָזיקער אנטוויקלונג-וועג פון די פויערישע ווירטשאפטן אין אונדזער לאנד, ווו די שטאָט האָט אבסאָליוט אן אנדער געשטאלט, ווו די אינדוסטריע געפינט זיך אין די הענט פונעם פּראָלעטא־

ריִאט, ווּ דער טראנספּאָרט, די קרעדיט-סיסטעם, די מעלוכע־מאכט אאוו. זײַנען קאָנצענטרירט אין די הענט פונעם פּראָלעטאריִאט, ווּ די נאציִאָנאַ־ליזאציע פון דער ערד איז אן אלגעמײנער געזעץ אין לאנד? פארשטײט זיך, אז ניט קײן מוז. פארקערט. טאקע דערפאר, ווײַל די שטאָט איז די אָנפירערן פון דאָרף און אין שטאָט הערשט בא אונדז דער פּראָלעטאַ־ריִאט, וואָס האלט אין די הענט אלע קאָמאנדיר־הײכן פון דער פאָלקווירט־שאפט, טאקע דערפאר מוזן די פּויערישע ווירטשאפטן גײן אין זײער אנטוויקלונג מיט אן אנדער וועג, מיטן וועג פון סאָציִאליסטישער בויונג.

וואָס איז דאָס פאר א וועג?

דאָס איז דער וועג פון מאסעווּן קאָאָפּערירן די מיליאָנען פּויערישע ווירטשאפטן לויט אלע ליניעס פון דער קאָאָפּעראציע, דער וועג פון פאַ־רײניקן די צעשטויבטע פּויערישע ווירטשאפטן ארום דער סאָציִאליסטישער אינדוסטריע, דער וועג פון אײַנפלאנצן די פּרינציפּן פון קאָלעקטיוויזם צווישן פּויערטום צוערשט לויט דער ליניע פונעם אָ פּ ז א צ פון די פּראָדוקטן פון דער לאנדווירטשאפט און פון דער באַ ז אָ ר ג ו נ ג פון די פּויערישע ווירטשאפטן מיט די שטאָטישע פאבריקאטן, און דערנאָך לויט דער ליניע פון לאנדווירטשאפטלעכער פּ ר אָ ד ו ק צ י ע.

און וואָס ווײַטער, אלץ מער ווערט דער דאָזיקער וועג אומפארמײַד־לעך אין די באדינגונגען פון דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריִאט, ווײַל די קאָאָפּערירונג לויט דער ליניע פון אָפּזאצ, די קאָאָפּערירונג לויט דער ליניע פון באזאָרגונג, ענדלעך, די קאָאָפּערירונג לויט דער ליניע פון קרע־דיט און פון דער פּראָדוקציע (לאנדווירטשאפטלעכע געזעלשאפטן) איז דער אײנציקער וועג אפּ אופצוהײבן דעם וווילשטאנד פון דאָרף, דאָס אײנציקס־טע מיטל צו ראטעווען פון דאלעס און רויִנירונג די ברײטע מאסן פונעם פּויערטום.

מע זאָגט, אז דאָס פּויערטום איז בא אונדז ניט־סאָציִאליסטיש לויט זײַן לאגע, אז איבער דעם איז עס ניט פײיִק צו סאָציִאליסטישער אנט־וויקלונג. דאָס איז, פארשטײט זיך, ריכטיק, אז דאָס פּויערטום איז ניט-סאָציִאליסטיש לויט זײַן לאגע. דאָס איז אָבער ניט קײן ארגומענט קעגן דער אנטוויקלונג פון די פּויערישע ווירטשאפטן אין דער ריכטונג צום סאָ־ציִאליזם, אויב עס איז דערוויזן, אז דאָס דאָרף גײט נאָך דער שטאָט און אין שטאָט הערשט די סאָציִאליסטישע אינדוסטריע. בײַם דער אָקטיאבער-רע-וואָליוציע איז דאָס פּויערטום אויך ניט געווען סאָציִאליסטיש לויט זײַן לאגע און עס האָט גאָר ניט געוואָלט אײַנשטעלן אין לאנד דעם סאָציִאליזם. עס האָט זיך דאן געוואָלט דערשלאָגן, הויפּטזאכלעך, צו ליקווידירן די פּריצישע מאכט און צו פארענדיקן די מילכאָמע, צו אײַנשטעלן שאָלעם. פונדעסטוועגן

איז עס דאַן געגאַנגען נאָך דעם סאָציאַליסטישן פּראָלעטאַריאַט. פאַרוואָס? דערפאַר, ווײַל דאָס אַראָפּוואַרפן די בורזשואַזיע און דאָס נעמען די מאַכט דורכן סאָציאַליסטישן פּראָלעטאַריאַט איז דאַן געווען דער איינציקער וועג אַפּ אַרויסצוגיין פון דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, דער איינציקער וועג אַפּ אײַנצושטעלן שאָלעם. דערפאַר, ווײַל קיין אַנדערע וועגן זײַנען דאַן ניט געווען און האָבן ניט געקאָנט זײַן. דערפאַר, ווײַל אונדזער פּאַרטיי האָט זיך דאַן אײַנגעגעבן אָנצוטאַפּן, צו געפינען יענעם גראַד פון פאַרייניקן און פון אונטערוואַרפן די ספּעציפישע אינטערעסן פונעם פּויערטום (אַראָפּוואַרפן דעם גוטבאַזיצער, שאָלעם) אונטער די אַלגעמיינע אינטערעסן פונעם לאַנד (דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט), וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אָנעמבאַר און לויַנעוודיק פאַרן פּויערטום. און, ניט געקוקט אַפּ זײַן ניט-סאָציאַליסטישקײַט, איז דאַן דאָס פּויערטום געגאַנגען נאָך דעם סאָציאַליסטישן פּראָלעטאַריאַט.

דאָס זעלבע דאַרף מען אויך זאָגן וועגן דער סאָציאַליסטישער בויונג אין אונדזער לאַנד, וועגן אַרײַנציִען דאָס פּויערטום אין שטראָם פון דער דאָזיקער בויונג. דאָס פּויערטום איז ניט-סאָציאַליסטיש לויט זײַן לאַגע. עס מוז זיך אָבער שטעלן, און עס וועט זיך אומבאַדינגט שטעלן, אַפּ וועג פון סאָציאַליסטישער אַנטוויקלונג, ווײַל עס זײַנען ניטאָ און עס קאָנען ניט זײַן קיין אַנדערע וועגן אַפּ צו ראַטעווען דאָס פּויערטום פון דאַלעס און רויִנירונג, אַכוץ צוזאַמענשלוס מיטן פּראָלעטאַריאַט, אַכוץ צוזאַמענשלוס מיט דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע, אַכוץ אײַנשליסן די פּויערישע ווירטשאַפט אינעם אַלגעמיינעם שטראָם פון דער סאָציאַליסטישער אַנטוויקלונג דורך דער מאַסעווער קאָאָפּערירונג פונעם פּויערטום.

פאַרוואָס גראָד דורך דער מאַסעווער קאָאָפּערירונג פונעם פּויערטום?

דערפאַר, ווײַל אין דער מאַסעווער קאָאָפּערירונג „האָבן מיר געפונען יענעם גראַד פון פאַרייניקן דעם פּריוואַטן אינטערעס, דעם אינטערעס פונעם פּריוואַטן האַנדל, פון רעווידירן און קאָנטראָלירן אים דורך דער מעלוכע, יענעם גראַד פון אונטערוואַרפן אים אונטער די אַלגעמיינע אינטערעסן" (לעניגן), וואָס איז אָנעמבאַר און לויַנעוודיק פאַרן פּויערטום און וואָס זיכערט פאַרן פּראָלעטאַריאַט די מעגלעכקײַט אַרײַנצוציִען די גרונט-מאַסע פונעם פּויערטום אין דער סאָציאַליסטישער בויונג. טאַקע דערפאַר, ווײַל דעם פּויערטום לויַנט צו אָרגאַניזירן דעם אָפּזאַץ פון זײַנע סכוירעס און דאָס באַזאָרגן זײַן ווירטשאַפט מיט מאַשינעס דורך דער קאָאָפּעראַציע, טאַקע דערפאַר מוז עס גיין, און עס וועט גיין, מיטן וועג פון מאַסעווער קאָאָפּערירונג.

און וואָס באַטײַט די מאַסעווע קאָאָפּערירונג פון די פּויערישע ווירטשאַפטן בײַ דער הערשאַפט פון דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע?

זי באַטײַט, אַז די קלײנסכוירעדיקע פּויערישע ווירטשאַפט גייט אַפּ פּו-

נעמ אלטנ קאפּיטאליסטישנ וועג, וועלכער טראָגט די מאסנ-רויִנירונג פונעמ פויערטומ, אונ גייט אריבער אפ א נייַעמ אנטוויקלונג-וועג, אפנ וועג פונ דער סאָציִאַליסטישער בויִונג.

אָט פארוואָס דער קאמפ פארנ נייַעמ אנטוויקלונג-וועג פונ דער פויערישער ווירטשאפט, דער קאמפ פאר ארייַנציִענ די גרונט-מאסנ פונעמ פויערטומ אינ דער בויִונג פונעמ סאָציִאַליזמ איז די אָרדנטלעכצ אופגאבע פונ אונדזער פארטיי.

דער XIV צוזאמענפאָר פונ אלקפ האָט דעריבער געהאנדלט ריכטיק, ווענ ער האָט באשטימט, אז:

„דער גרונט־וועג פונ בויענ דעמ סאָציִאַליזמ אינ דאָרפ באשטייט דערינ, אז בא דער וואקסנדיקער עקאָנאָמישער אָנפירונג מיצאד דער סאָציִאַליסטישער מעלוכישער אינדוסטריע, מי־צאד די מעלוכישע קרעדיט־אנשטאלטנ אונ אנדערע קאָמאנדיר־הייכנ, וואָס געפינענ זיכ אינ די הענט פונעמ פראָלעטאריִאט, זאָל מענ ארייַנציִענ אינ דער קאָאָפּעראטיווער אָרגאניזאציע די גרונט־מאסע פונעמ פויערטומ א.ונ זיכערנ פאר דער דאָזיקער אָרגאניזאציע א סאָציִאַליסטישע אנטוויקלונג, אויסנוצנדיק, בייַקומענדיק אונ ארויסשטויסנדיק אירע קאפּיטאליסטישע עלעמענטנ“ (זע די רעזאָליוציע פונעמ צוזאמענפאָר איבערנ באריכט פונעמ צק).

דער גרעסטער פעלער פונ דער נייַער אָפּאָזיציע באשטייט דערינ, וואָס זי גלייבט ניט אינ אָט-דעמ נייַעמ אנטוויקלונג-וועג פונעמ פויערטומ, וואָס זי זעט ניט אָדער פארשטייט ניט די גאנצע אומפארמייַדלעכקייַט פונעמ דאָזיקנ וועג אינ די באדינגונגענ פונ דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריִאט. אונ זי פארשטייט דאָס ניט דערפאר, ווייַל זי גלייבט ניט אינעמ זיג פונ דער סאָציִאַליסטישער בויִונג אינ אונדזער לאנד, זי גלייבט ניט אינ דער פייִקייַט פונ אונדזער פראָלעטאריִאט צו פירנ נאָכ זיכ דאָס פויערטומ צומ סאָציִאַליזמ.

פונדאנענ נעמט זיכ דאָס ניט פארשטיינ דעמ צווייענדיקנ כאראקטער פונעמ נעפּ, דאָס איבערטרייַבנ די נעגאטיווע זייַטנ פונעמ נעפּ אונ דאָס באטראכטנ דעמ נעפּ דעריקער אלס צוריקטריט.

פונדאנענ נעמט זיכ דאָס איבערטרייַבנ די ראָליע פונ די קאפּיטאליסטישע עלעמענטנ אינ אונדזער ווירטשאפט אונ דאָס פארקלענערנ די ראָליע פונ די הייבערס פונ אונדזער סאָציִאַליסטישער אנטוויקלונג (די סאָציִאַליסטישע אינ־דוסטריע, די קרעדיט-סיסטעמ, די קאָאָפּעראציע, די מאכט פונ פראָלעטאריִאט אאוו.).

פונדאנענ נעמט זיכ דאָס ניט פארשטיינ די סאָציִאַליסטישע נאטור פונ אונדזער מעלוכישער אינדוסטריע אונ דאָס צווייפלענ אינ דער ריכטיקייַט פונ לענינס קאָאָפּעראטיוונ פּלאנ.

פונדאנענ נעמט זיכ דאָס פאנאנדערבלאָזנ די דיפערענציִאציע אינ דאָרפ, די פאניק פארנ באַלעגופ, דאָס פארמינערנ די ראָליע פונעמ מיטלפויער, די

פרווון אראָפּצורײַסן די פּאָליטיק פון דער פּארטיי אפּ צו זיכערן א פעסטן בונד מיטן מיטלפויער און, ביכלאל, דאָס וואַרפן זיך פון איין זײַט אין דער אנדערער אין דער פראגע וועגן דער פּאָליטיק פון דער פּארטיי אין דאָרף.

פונדאנען נעמט זיך דאָס ניט פארשטיין די קאָלאָסאלע ארבעט פון דער פּארטיי אפּ ארײַנצוציִען די מיליאָניקע מאסן ארבעטער און פויערים אין דער בויונג פון דער אינדוסטריע און פון דער לאנדווירטשאפט, אינעם אופלעבן די קאָאָפּעראציע און די ראטן, אין דער פארוואלטונג מיטן לאנד, אינעם קאמפּ קעגן ביוראָקראטיזם, אינעם קאמפּ פאר אויסבעסערן און איבערמאכן אונדזער מעלוכישן אפּאראט, אינעם קאמפּ, וועלכער באצייכנט מיט זיך א נײַעם אנטוויקלונג-פּעריִאָד און וועלכן עס איז ניט דענקבאר קיין שום סאָציִאליסטישע בויונג.

פונדאנען נעמט זיך די האָפענונגלאָזיקײַט און די פארלאָרנקײַט קעגן די שוועריקײַטן פון אונדזער בויונג, די ספייקעס אין דער מעגלעכקײַט צו אינדוסטריִאליזירן אונדזער לאנד, די פּעסימיסטישע פּלאפּלערײַ וועגן איבערגעבורט פון דער פּארטיי אאוו.

בא זיי, בא די בורזשוא, איז אלץ מער אָדער ווייניקער גוט, בא אונדז ווידער, בא די פּראָלעטאריער — מער אָדער ווייניקער שלעכט; אויב פונעם מײַרעוו וועט ניט אונטערקומען קיין רעוואָליוציע — איז אונדזער זאך פארפאלן, — אזא איז דער אלגעמיינער טאָן פון דער נײַער אָפּאָזיציע, וואָס דאָס איז, לויט מײַן מיינונג, א טאָן א ליקווידאטארישער, וואָס ווערט אָבער צוליב עפּעס (ווײַזט אויס, פון שפּאס וועגן) ארויסגעשטעלט דורך דער אָפּאָזיציע פאר „אינטערנאציִאָנאליזם".

נעפּ איז קאפּיטאליזם, זאָגט די אָפּאָזיציע. נעפּ איז דעריקער א צוריקטריט, זאָגט כ' זינאָוויעוו. דאָס אלץ איז, פארשטייט זיך, ניט ריכטיק. אינדערעמעסן איז דער נעפּ א פּאָליטיק פון דער פּארטיי, וואָס דערלאָזט א קאמפּ צווישן די סאָציִאליסטישע עלעמענטן מיט די קאפּיטאליסטישע און וואָס איז אויסגערעכנט אפּן זיג פון די סאָציִאליסטישע עלעמענטן איבער די קאפּיטאליסטישע עלעמענטן. אינדערעמעסן האָט דער נעפּ זיך בלויז אָנגעהויבן מיט א צוריקטריט, ער איז אָבער אויסגערעכנט דערופּ, אז אינעם גאנג פונעם צוריקטריט זאָל מען דורכפירן אן איבערגרופּירונג פון די קרעפטן און אָנהייבן פירן אן אָנגריפּ. אינדערעמעסן גרייפן מיר אָן שוין אין מעשעכ פון עטלעכע יאָר, און מיר גרייפן אָן מיט דערפאָלג, אנטוויקלענדיק אונדזער אינדוסטריע, אנטוויקלענדיק דעם סאָוועטישן האנדל, אָפּשטויסנדיק דעם פּריוואטן קאפּיטאל.

וואָס איז אָבער דער זינען פונעם טעזיס — נעפּ איז קאפּיטאליזם, נעפּ איז דעריקער א צוריקטריט? פון וואָס גייט ארויס דער דאָזיקער טעזיס?

ער גייט ארויס פון דער ניט־ריכטיקער האשאָרע, אז בא אונדז קומט איצט פאָר אַן איינפאכע ווידערופשטעלונג פונעם קאפיטאליזם, אַן איינפאכער „צוריקער" פונעם קאפיטאליזם. בלויז מיט דער דאָזיקער האשאָרע קאָן מען דערקלערן די ספייקעס פון דער אָפּאָזיציע מיקויעך דער סאָציאַליסטישער נאטור פון אונדזער אינדוסטריע. בלויז מיט דער דאָזיקער האשאָרע קאָן מען דערקלערן די פאניק פון דער אָפּאָזיציע פארן באַלעגופ. בלויז מיט דער דאָזיקער האשאָרע קאָן מען דערקלערן די איילעניש, מיט וועלכער די אָפּאָזיציע האָט זיך אָנגעכאפּט אָן די ניט־ריכטיקע ציפערן וועגן דער דיפערענצירונג פונעם פויערטום. בלויז מיט דער דאָזיקער האשאָרע קאָן מען דערקלערן די באזונדערע פארגעסעוודיקייט פון דער אָפּאָזיציע מיקויעך דעם, אז דער מיטלפויער איז בא אונדז די צענטראַלע פיגור אין דער לאנדווירטשאפט. בלויז מיט דער דאָזיקער האשאָרע קאָן מען דערקלערן דאָס ניט-דערשאצן דאָס ספּעציפישע געוויכט פונעם מיטלפויער און די ספייקעס מיקויעך לעניִנס קאָאָפּעראטיוון פּלאַן. בלויז מיט דער דאָזיקער האשאָרע קאָן מען „באגרינדן" דעם ניט-גלויבן פון דער נייער אָפּאָזיציע אינעם נייעם אנטוויקלונג־וועג פונעם דאָרף, אינעם וועג פון ארייַנציִען דאָס דאָרף אין דער סאָציאַליסטישער בויונג.

אינדערעמעסן קומט בא אונדז איצט פאָר ניט קיין איינזייַטיקער פּראָצעס פון ווידערופשטעלן דעם קאפיטאליזם, נאָר א צווייזייַטיקער פּראָצעס פון אַן אנטוויקלונג פונעם קאפיטאליזם און אנטוויקלונג פונעם סאָציאַליזם, א ווידערשפּרעכיקער פּראָצעס פון קאמף פון די סאָציאַליסטישע עלעמענטן מיט די קאפּיטאליסטישע עלעמענטן, א פּראָצעס פון בייַקומען די קאפּיטאַליסטישע עלעמענטן דורך די סאָציאַליסטישע עלעמענטן. דאָס איז אין א גלייַכער מאָס אומבאשטרייַטלעך סייַ פאר דער שטאָט, ווו די באזע פונעם סאָציאַליזם איז די מעלוכישע אינדוסטריע, סייַ פארן דאָרף, ווו דער גרונט־אָנהאלט פון דער סאָציאַליסטישער אנטוויקלונג איז די מאסעווע קאָאָפּעראציע, וואָס שליסט זיך צונויף מיט דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע.

אַן איינפאכע ווידערופשטעלונג פונעם קאפיטאליזם איז אומעגלעך כאָטשבי דערפאר, וואָס די מאכט איז בא אונדז א פּראָלעטארישע, די גרויס־אינדוסטריע איז אין די הענט פונעם פּראָלעטאריאט, דער טראנספּאָרט און דער קרעדיט געפינען זיך אין רעשוס פון דער פּראָלעטארישער מעלוכע.

די דיפערענצירונג קאָן ניט באקומען דעם פריערדיקן פארנעם, דער מיטלפויער פארבלייַבט די גרונט־מאסע פונעם פויערטום, און דער באַלעגופ קאָן ניט באקומען די פריערדיקע קראפט כאָטשבי דערפאר, ווייַל די ערד איז בא אונדז נאציאָנאליזירט, זי איז ארויסגענומען פון פארקער, און אונדזער האנדל-פּאָליטיק, קרעדיט-פּאָליטיק, שטייַער־פּאָליטיק און קאָאָפּערא־

טיווע פּאָליטיק זײַנען געריכט אַף צו באַגרענעצן די עקספּלואַטאַטאָרישע שטרעבונגען פונעם באַלעגופּנטום, אַף אופּצוהייבן דעם ווילשטאַנד פון די ברייטסטע מאַסן פונעם פּויערטום און אַף אויסצוגלײַכן די עקסטרעמען אין דאָרף. איך רייד שוין ניט וועגן דעם, וואָס דער קאַמף קעגן דעם באַלע־גופּנטום גייט בײַ אונדז איצט ניט בלויז לויט דער אַלטער ליניע, לויט דער ליניע פון אָרגאַניזירן די אָרעמשאַפט קעגן דעם באַלעגופּנטום, נאָר אויך לויט אַ נײַער ליניע, לויט דער ליניע פון פאַרפעסטיקן דעם בונד פונעם פּראָלעטאַריִאַט און פון דער אָרעמשאַפט מיט די מיטלפּויערישע מאַסן קעגן דעם באַלעגופּ. דער פאַקט, וואָס די אָפּאָזיציע פאַרשטייט ניט דעם זין און די באַדײַטונג פונעם קאַמף קעגן דעם באַלעגופּנטום לויט דער דאָזיקער צווייטער ליניע, אָט־דער פאַקט באַשטעטיקט אַן איבעריק מאָל, אַז די אָפּאָזיציע שלאָגט זיך אַראָפּ אַפן אַלטן אַנטוויקלונג־וועג פונעם דאָרף, אַפן וועג פון זײַן קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג, ווען דער באַלעגופּ און די אָרעמשאַפט זײַנען געווען די גרונט־קויכעס פונעם דאָרף, און דער מיטלפּויער פלעגט „אַרויסגעשווענקט ווערן".

די קאָאָפּעראַציע איז אַ וואַריִאַציע פונעם מעלוכישן קאַפּיטאַליזם, זאָגט די אָפּאָזיציע, פאַרופנדיק זיך דערבײַ אַף לענינס „נערשטײַער", און מאַכמעס דעם גלייבט זי ניט אין דער מעגלעכקײַט אויסצונוצן די קאָאָפּעראַציע, אַלס גרונט־אָנהאַלט פאַר דער סאָציִאַליסטישער אַנטוויקלונג. אויך דאָ באַגייט די אָפּאָזיציע דעם גראָבסטן פעלער. אַזאַ צוגאַנג צו דער קאָאָ־פּעראַציע איז געווען אַ גענוגער און באַפרידיקנדיקער אין 1921 יאָר, ווען עס איז אָנגעשריבן געוואָרן דער „נערשטײַער", ווען בײַ אונדז איז ניט געווען קיין אַנטוויקלטע סאָציִאַליסטישע אינדוסטריע, ווען לענין האָט געטראַכט וועגן דעם מעלוכע־קאַפּיטאַליזם, ווי וועגן דער מעגלעכער גרונט־פאָרם פון אונ־דזער ווירטשאַפט־פירונג, און די קאָאָפּעראַציע האָט ער באַטראַכט אין פאַר־בינדונג מיטן מעלוכע־קאַפּיטאַליזם. דער דאָזיקער צוגאַנג אָבער איז שוין איצט ניט גענוג און די געשיכטע האָט אים שוין איבערגעשטיגן, ווײַל פון דאַן אָן האָבן זיך די צײַטן געענדערט, ס'האָט זיך בײַ אונדז אַנטוויקלט די סאָ־ציִאַליסטישע אינדוסטריע, דער מעלוכע־קאַפּיטאַליזם האָט זיך ניט צוגע־נומען אין דעם גראַד, אין וועלכן דאָס איז געווען געוווּנטשן, און די קאָאָפּעראַציע, וואָס כאַפּט איצט אַרום מער פון אַ צענדליק מיליאָן מיט־גלידער, האָט זיך אָנגעהויבן צוזאַמענשליסן מיט דער סאָציִאַליסטישער אינדוסטריע.

מיט וואָס זשע קאָן מען אַנדערש דערקלערן דעם פאַקט, וואָס אין צוויי יאָר אַרום נאָכן „נערשטײַער", אין 1923 יאָר, האָט לענין אַנדערש אָנ־געהויבן קוקן אַף דער קאָאָפּעראַציע, האַלטנדיק, אַז די „קאָאָפּעראַציע אין

אונדזערע באדינגונגען פאלט דורכויס פולשטענדיק צונויף מיטן סאָציִאַליזם״ (זע ב. XXVII, ז. 396).

מיט וואָס זשע אנדערש קאָן מען דאָס דערקלערן, אויב ניט דערמיט, וואָס פאר די דאָזיקע צוויי יאָר האָט די סאָציִאַליסטישע אינדוסטריע שוין באוויזן אויסצוואַקסן, דער מעלוכע-קאפיטאליזם אָבער האָט זיך ניט צוגענומען אין דער געהעריקער מאָס, און מאכמעס דעם האָט לענין אָנגעהויבן באַטראכטן די קאָאָפּעראציע שוין ניט אין פארבינדונג מיטן מעלוכע-קאפיטאליזם, נאָר אין פארבינדונג מיט דער סאָציִאַליסטישער אינדוסטריע?

עס האָבן זיך געענדערט די אנטוויקלונג-באדינגונגען פון דער קאָאָפּעראציע. האָט זיך געמוזט ענדערן אויך דער צוגאנג צו דער פראגע וועגן דער קאָאָפּעראציע.

אָט איז, צומבײַשפּיל, איין מערקווירדיק אָרט פון לענינס בראָשור „וועגן קאָאָפּעראציע״ (1923 יאָר), וואָס ווארפט א שײַן אפ אָט-דער פראגע:

„*באַם מעלוכע-קאפיטאליזם*[1] אונטערשיידן זיך די קאָאָפּעראטיווע אונטערנעמונגען פון די מעלוכיש-קאפיטאליסטישע, אלס פּריוואטע אונטערנעמונגען, ערשטנס, און אלס קאָלעקטיווע, צווייטנס. *באַ אונדזער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג*[1] אונטערשיידן זיך די קאָאָפּעראטיווע אונטערנעמונגען פון די פּריוואט-קאפּיטאליסטישע אונטערנעמונגען, אלס קאָלעקטיווע, זיי *אונטערשיידן זיך אָבער ניט*[1] פון די סאָציִאַליסטישע אונטערנעמונגען, אויב זיי זײַנען געגרינדעט אפ דער ערד, באַ פּראָדוציר-מיטלען, וואָס געהערן דער מעלוכע, דה. דעם ארבעטער-קלאס״ (זע ב. XXVII, ז. 396).

אין דער דאָזיקער קליינער ציטאטע זײַנען געלייזט צוויי גרויסע פראגן. ערשטנס, די פראגע וועגן דעם, אז „אונדזער עקזיסטירנדיקע אָרדענונג״ איז ניט קיין מעלוכע-קאפיטאליזם. צווייטנס, די פראגע וועגן דעם, אז די קאָאָפּעראטיווע אונטערנעמונגען, גענומען אין פארבינדונג „מיט אונדזער אָרדענונג״, „אונטערשיידן זיך ניט״ פון קיין סאָציִאַליסטישע אונטערנעמונגען.

איך מיין, אז עס איז שווער נאָך קלאָרער זיך אויסצודריקן.

און אָט איז נאָך איין אָרט פון דער זעלביקער לענינס בראָשור:

„דער איינפאכער וווּקס פון דער קאָאָפּעראציע איז באַ אונדז אידענטיש (מיט דעם אויבן אָנגעוויזענעם „ניט גרויסן״ אויסנאַם) מיטן וווּקס פונעם סאָציִאַליזם, און צוזאמען דערמיט זײַנען מיר געצוווּנגען צו אנערקענען די ראדיקאלע ענדערונג פון אונדזער גאנצן שטאנדפּונקט אפן סאָציִאַליזם״ (זע דאָרטן).

ס'איז קלאָר, אז אין דער בראָשור „וועגן קאָאָפּעראציע״ האָבן מיר צו טאָן מיט א נײַער אָפּשאַצונג פון דער קאָאָפּעראציע, וואָס עס וויל ניט אנער-

---

[1] מײַן קורסיוו. י. סט.

קענען די נײַע אָפּאָזיציע און וואָס זי באמיט זיך צו פארשווײַגן, טראָץ די פאקטן, טראָץ דעם באשײַמפּערלעכן עמעס, טראָץ דעם לעניניזם.

איין זאך — איז די קאָאָפּעראציע, גענומען אין פארבינדונג מיטן מעלוכע-קאפּיטאליזם, און א צווייטע זאך איז — די קאָאָפּעראציע, גענומען אין פאר-בינדונג מיט דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע.

דערפון טאָר מען אָבער ניט מאכן דעם אויספיר, אז צווישן דעם „נער-שטײַער" און דער בראָשור „וועגן קאָאָפּעראציע" ליגט א טהאָם. דאָס איז, פארשטייט זיך, ניט ריכטיק. עס איז גענוג צו פארופן זיך, צומבײַשפּיל, אפן פאָלגנדיקן אָרט אינעם „נערשטײַער", קעדיי גלײַך אופצוכאפּן די אומצערײַס-לעכע פארבינדונג צווישן דעם „נערשטײַער" מיט דער בראָשור „וועגן קאָאָ-פּעראציע" אין דער פראגע וועגן דער אָפּשאצונג פון דער קאָאָפּעראציע. אָט איז עס:

„דער איבערגאנג פון קאָנצעסיעס צום סאָציאַליזם איז אן איבערגאנג פון איין פאָרם גרויס-פּראָדוקציע צו א צווייטער פאָרם גרויס-פּראָדוקציע. דער איבערגאנג פון דער קאָאָפּעראציע פון די קליינע באַלעבעסלעך צום סאָציאַליזם איז אן איבערגאנג פון א קליין-פּראָדוקציע צו א גרויסער, דה. אן איבערגאנג א מער קאָמפּליצירטער, דערפאר אָבער אזא, וואָס איז פײַיִק ארומצוכאפּן, אין פאל פון דערפאָלג, ברייטערע מאסן באפעלקערונג, וואָס איז פײַיִק ארויס-צורײַסן טיפערע און לעבהאפטיקערע וואָרצלען פון די אלטע, פּ אָ ר ס אָ צ י ַ א ל י ס ט י ש ע,[1] אפילע פאָרקאפּיטאליסטישע פארהעלטענישן, וועלכע זײַנען אמערסטן אײַנגעשפּארט אינעם זין פון ווידערשטאנד קעגן יעטווידער „נײַס" (זע ב. XXVI, ז. 337).

פון דער דאָזיקער ציטאטע איז צו זען, אז נאָך בעשאס דעם „נערשטײַער", ווען עס איז נאָך בא אונדז ניט געווען קיין אנטוויקלטע סאָציאַליסטישע אינ-דוסטריע, האָט לענין געהאלטן פאר מעגלעך די פארוואנדלונג פון דער קאָאָפּעראציע, אין פאל פון דערפאָלג, אין א מעכטיק מיטל פון קאמף קעגן די „פּאָרסאָציאַליסטישע", און, הייסט עס, אויך קעגן די קאפּי-טאליסטישע פארהעלטענישן. איך מיין, אז גראָד דער דאָזיקער געדאנק האָט געדינט דערנאָך אלס אויסגאנג-פונקט פאר זײַן בראָשור „וועגן קאָאָפּעראציע".

וואָס איז אָבער פון דעם אלץ געדרונגען?

דערפון איז געדרונגען, אז די נײַע אָפּאָזיציע גייט צו צו דער פראגע וועגן קאָאָפּעראציע ניט מארקסיסטיש, נאָר מעטאפיזיש. זי באטראכט די קאָ-אָפּעראציע ניט אלס א היסטאָרישע דערשײַנונג, גענומען אין פארבינדונג מיט אנדערע דערשײַנונגען, אין פארבינדונג, לאָמיר זאָגן, מיטן מעלוכע-קאפּיטא-ליזם (אין 1921 יאָר), אָדער מיט דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע (אין 1923

[1] מײַן קורסיוו. י. ס ט.

יאָר), נאָר אלס עפּעס באַשטענדיקעס, וואָס איז געגעבן איינמאָל פאר אלעמאָל אלס „א זאך אין זיך".

פונדאַנען נעמען זיך די פעלערן פון דער אָפּאָזיציע אין דער פראגע וועגן דער קאָאָפּעראַציע. פונדאַנען נעמט זיך איר ניט-גלויבן אין דער אנט־וויקלונג פונעם דאָרף צום סאָציאַליזם דורך דער קאָאָפּעראַציע. פונדאַנען נעמט זיך דאָס פארקערעווען פון דער אָפּאָזיציע אפּן אלטן וועג, אפּן וועג פון דער קאַפּיטאַליסטישער אנטוויקלונג פונעם דאָרף.

אָט אזא איז אין אלגעמיין די פּאָזיציע פון דער נײַער אָפּאָזיציע אין די פּראַקטישע פראגן פון דער סאָציאַליסטישער בויונג.

דער אויספיר איז איינער: די ליניע פון דער אָפּאָזיציע, אפ וויפל זי האָט א ליניע, די וואַקלענישן און שאָקלענישן פון דער אָפּאָזיציע, איר ניט-גלויבן און איר פארלאָרנקייט קעגן די שוועריקייטן — פירן צום קאַפּיטולירן פאר די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן פון אונדזער ווירטשאַפט. ווײַל, אויב נעפּ איז דעריקער א צוריקטריט, אויב די סאָציאַליסטישע נאַטור פון דער מעלוכישער אינדוסטריע ווערט גענומען אונטער א צווייפל, אויב דער באַלעגופּ איז קימאַט אלמעכטיק, אפ דער קאָאָפּעראַציע איז קנאַפּ וואָס פאראַן צו האָפן, די ראָליע פונעם מיטלפויער פאלט פּראָגרעסיוו, דער נײַער אנטוויקלונג-וועג פונעם דאָרף איז צווייפלהאַפט, די פארטיי ווערט קימאַט ווי איבערגעבוירן, און די רעוואָליוציע פון מײַרעוו איז נאָך ניט אזוי נאָענט, — איז וואָס זשע בלײַבט נאָך דעם אלץ אין ארסענאַל בא דער אָפּאָזיציע, אפ וואָס רעכנט זי אויס אינעם קאמפּ קעגן די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן פון אונדזער ווירטשאַפט? מע קאָן דאָך ניט גיין אין שלאכט בלויז מיט דער „פילאָסאָפיע פון דער עפּאָכע אליין".

ס'איז קלאָר, אז דעם ארסענאַל פון דער נײַער אָפּאָזיציע איז ניטאָ וואָס מעקאַנען צו זײַן, אויב מע קאָן אים ביכלאל אָנרופן ארסענאַל. דאָס איז אן ארסענאַל ניט צום קאמפּ. און ביפראַט נאָך ניט צום זיג.

ס'איז קלאָר, אז מיט אזא ארסענאַל וואָלט די פארטיי זיך „איינס און צוויי" אומגעבראַכט, אויב זי וואָלט געקראָכן אין א געשלעג, — איר וואָלט פּאָשעט אויסגעקומען צו קאַפּיטולירן פאר די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן פון אונדזער ווירטשאַפט.

דעריבער האָט דער XIV פארטיי־צוזאמענפאָר געהאַנדלט אבסאָליוט ריכטיק, ווען ער האָט באַשלאָסן, אז „דער קאמפּ פארן זיג פון דער סאָ־ציאַליסטישער בויונג אין פּססר איז די גרונט-אויפגאבע פון אונדזער פארטיי"; אז איינע פון די נויטווענדיקע באַדינגונגען אפּ צו דערלייזן די דאָזיקע אויפגאבע איז „דער קאמפּ קעגן דעם ניט-גלויבן אין דער בויונג פונעם סאָציאַליזם אין אונדזער לאַנד און קעגן די פּרוּוון צו בא-

טראכטן אונדזערע אונטערנעמונגען, וואָס זײַנען אונטערנעמונגען פון א „קאָנסעקווענט-סאָציאַליסטישן טיפּ“ (לענין), אַלס „מעלוכיש־קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונגען“; אז, „מאכנדיק פאר אומעגלעך די באוווּסטזיניקע באַציִונג פון די מאסן צו דער בויונג פונעם סאָציאַליזם ביכלאל און צו דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע ביפראט, זײַנען אַזעלכע אידייִשע ריכטונגען פייִק בלויז צו פאַרטאָרמאָזירן דעם וווּקס פון די סאָציאַליסטישע עלעמענטן פון דערווירטשאפט און צו פאַרלײַכטערן דעם קאמף קעגן זיי מיצאַד דעם פּריוואטן קאַפּיטאל“; אז „דער צוזאמענפאָר האלט דעריבער פאר נייטיק א ברייטע דערציִערישע ארבעט אפ בײַצוקומען אָט־די פאַר־קריפּלונגען פונעם לעניניזם“ (זע די רעזאָליוציע איבערן באריכט פון צק אלקפּ). .

די היסטאָרישע באַדײַטונג פונעם XIV צוזאמענפאָר פון דער אלקפּ באַשטייט דערינען, וואָס ער האָט באַוויזן אויפדעקן ביז די וואָרצלען די פעלערן פון דער נײַער אָפּאָזיציע, וואָס ער האָט אָפּגעשלײַדערט איר ניט־גלויבן און איר קרעכצן, וואָס ער האָט קלאָר און דײַטלעך אָנגעצייכנט דעם וועג פונעם ווײַטערדיקן קאמף פארן סאָציאַליזם, וואָס ער האָט געגעבן דער פארטיי א פּערספּעקטיוו פון זיג און באוואָפנט דערמיט גופע דעם פּראָלעטאריאט מיט אן אומצעשטערלעכן גלויבן אינעם זיג פון דער סאָציאַליסטישער בויונג.

25 יאנוואר 1926 יאָר.

# וועגנ די דרייַ גרונט-לאָזונגענ פונ דער פּארטיי אינ דער פּויערים-פראגע

אנ ענטפער דעמ כ׳ יאנ—סקי

כ׳ יאנ — סקי!

אייַער בריוו באקומענ, פארשטייט זיכ, צו דער צייַט. איכ ענטפער מיט א געוויסער פארשפּעטיקונג, פארוואָס כ׳בעט אנטשולדיקנ.

1) לעניג זאָגט, אז „די סאמע הויפּטלעכע פראגע פונ יעדער רעוואָליוציע איז די פראגע וועגנ דער מעלוכע-מאכט" (זע ב. XXI, ז. 142). אינ די הענט פונ וועלכנ קלאס אָדער פונ וועלכע קלאסנ איז קאָנצענטרירט די מאכט; וועלכער קלאס אָדער וועלכע קלאסנ דארפנ אראָפּגעוואָרפנ ווערנ, וועלכער קלאס אָדער וועלכע קלאסנ דארפנ נעמענ די מאכט, — דאָס איז די „סאמע הויפּטלעכע פראגע פונ יעדער רעוואָליוציע".

די גרונטיקע סטראטעגישע לאָזונגענ פונ דער פּארטיי, וואָס היטנ אייַנ זייער קראפט אפנ גאנצנ פעריאָד פונ דעמ אָדער יענעמ עטאפּ פונ דער רעוואָליוציע, קאָנענ ניט אָנגערופנ ווערנ גרונט-לאָזונגענ, אויב זיי שטיצנ זיכ ניט אינגאנצנ אונ פולשטענדיק אפ דעמ דאָזיקנ קארדינאלנ טעזיס לענינס. די גרונט-לאָזונגענ קאָנענ זייַנ ריכטיקע בלויז אינ דעמ פאל, אויב זיי ווערנ געבויט אפ דער באזע פונעמ מארקסיסטישנ אנאליז פונ די קלאסנ-קרעפטנ, אויב זיי מערקנ אָנ א ריכטיקע סכעמע פונ פאנאנדערשטעלנ די רעוואָליוציאָנערע קרעפטנ אפנ פראָנט פונ קלאסנקאמפ, אויב זיי פארלייַכטערנ דאָס צופירנ די מאסנ צומ פראָנט פונעמ קאמפ פארנ זיג פונ דער רעוואָליוציע, צומ פראָנט פונ קאמפ דערפאר, אז די מאכט זאָל נעמענ א נייַער קלאס, אויב זיי פארגרינגערנ דער פּארטיי דאָס פאָרמירנ א ברייטע אונ מעכטיקע פּאָליטישע ארמיי פונ די ברייטע פאָלקמאסנ, וואָס איז נייטיק אפ אויסצופילנ די דאָזיקע אופגאבע.

אינ משעכ פונ דעמ אָדער יענעמ עטאפּ פונ דער רעוואָליוציע קאָנענ זייַנ מאפּאָלעס אונ צוריקטריט, אומדערפאָלגנ אונ באזונדערע טאקטישע טאָעסנ, אָבער דאָס באטייַט נאָכ ניט, אז דער גרונטלעכער סטראטעגישער

לאָזונג איז ניט ריכטיק. אזוי, צומבײַשפּיל, איז דער גרונט-לאָזונג אפּן ערשטן עטאַפּ פון אונדזער רעוואָליוציע — „צוזאַמען מיטן גאַנצן פויערטום, קעגן דעם צאַר און די פּריצים בא דער נייטראַליזירונג פון דער בורזשואַזיע, פאַרן זיג פון דער בורזשואַז-דעמאָקראַטישער רעוואָליוציע" — געווען אַבסאָליוט ריכטיק, ניט געקוקט דערויף, וואָס די רעוואָליוציע פון 1905 יאָר האָט געליטן א מפּלה.

מע טאָר ניט, הייסט עס, צונויפמישן די פראַגע וועגן דעם גרונט-לאָזונג פון דער פאַרטיי מיט דער פראַגע וועגן די מפּלות אָדער אומדערפאָלגן פון דער רעוואָליוציע אפּ דער אָדער יענער שטופע פון איר אַנטוויקלונג.

ס'קאָן טרעפן, אז אין גאַנג פון דער רעוואָליוציע האָט דער גרונט-לאָזונג פון דער פאַרטיי שוין געבראַכט צום אַראָפּוואַרפן די מאַכט פון די אַלטע קלאַסן אָדער פונעם אַלטן קלאַס, אָבער א ריי וועזנטלעכע פאָדערונגען פון דער רעוואָליוציע, וואָס דרינגען אַרויס פון דעם דאָזיקן לאָזונג, האָט ניט באַקומען קיין פאַרווירקלעכונג, אָדער זייער פאַרווירקלעכונג האָט זיך פאַרצויגן אפּ א גאַנצן פּעריאָד צייַט, אָדער פאַר זייער פאַרווירקלעכונג פאָדערט זיך א נײַע רעוואָליוציע, אָבער דאָס באַטײַט נאָך ניט, אז דער גרונט-לאָזונג איז ניט קיין ריכטיקער. אזוי, צומבײַשפּיל, האָט די פעברואַר רעוואָליוציע פון 1917 יאָר אַראָפּגעוואָרפן דעם צאַריזם און די פּריצים, אָבער זי האָט ניט געבראַכט צום פאַרווירקלעכן די קאָנפיסקאַציע פון דער פּריצישער ערד אאַוו., אָבער דאָס באַטײַט נאָך ניט, אז אונדזער גרונט־לאָזונג אפּן ערשטן עטאַפּ פון דער רעוואָליוציע איז געווען ניט קיין ריכטיקער. אָדער נאָך: די אָקטיאַבער-רעוואָליוציע האָט פאַרווירקלעכט דאָס אַראָפּוואַרפן די בורזשואַזיע און דעם איבערגאַנג פון דער מאַכט אין די הענט פונעם פּראָלעטאַריאַט, אָבער זי האָט ניט געבראַכט מיטאַמאָל: א) צום דערפירן ביזן סאָף די בורזשואַזע רעוואָליוציע, ביכלאַל, און ב) צום איזאָלירן דאָס באַלעבאָטישטום אין דאָרף, ביפראַט, צעציִענדיק דאָס אפּ א באַשטימטן פּעריאָד צייַט, דאָס באַטײַט נאָך אָבער ניט, אז אונדזער גרונט-לאָזונג אפּן צווייטן עטאַפּ פון דער רעוואָליוציע — „צוזאַמען מיטן אָרעמסטן פויערטום, קעגן דעם קאַפּיטאַליזם אין שטאָט און אין דאָרף בא דער נייטראַליזירונג פונעם מיטלפויערטום, פאַר דער מאַכט פונעם פּראָלעטאַריאַט" — איז געווען ניט קיין ריכטיקער.

מע טאָר ניט, הייסט עס, צונויפמישן די פראַגע וועגן דעם גרונט-לאָזונג פון דער פאַרטיי מיט דער פראַגע וועגן דעם טערמין און די פאָרמען פון פאַרווירקלעכן די אָדער יענע פאָדערונגען, וואָס דרינגען אַרויס פון דעם דאָזיקן לאָזונג.

דעריבער טאָר מען ניט אָפּשאַצן די סטראַטעגישע לאָזונגען פון אונדזער פּאַרטיי ניט פון שטאַנדפּונקט פון עפּיזאָדישע דערפאָלגן אָדער מאַפּאָלעס פון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג אין דעם אָדער אין יענעם פּעריאָד, און אַוודע ניט פון שטאַנדפּונקט פון די טערמינען אָדער פאָרמען פון פאַרווירקלעכן די אָדער יענע פאָדערונגען, וואָס דרינגען אַרויס פון די דאָזיקע לאָזונגען. די סטראַטעגישע לאָזונגען פון דער פּאַרטיי קאָנען אָפּגעשאַצט ווערן נאָר פונעם שטאַנדפּונקט פון מאַרקסיסטישן אַנאַליז פון די קלאַסן-קרעפטן און פון ריכטיקן פאַנאַנדערשטעלן די קרעפטן פון דער רעוואָליוציע אויפן פראָנט פון קאַמף פאַרן זיג פון דער רעוואָליוציע, פאַר דער קאָנצענטרירונג פון דער מאַכט אין די הענט פון אַ נײַעם קלאַס.

אײַער טאָעס, ח' יאַנ—סקי, באַשטייט דערין, וואָס איר האָט אויסגעמיטן די דאָזיקע וויכטיקסטע מעטאָדאָלאָגישע פראַגע אָדער איר האָט זי ניט פאַרשטאַנען.

2) איר שרײַבט אין אײַער בריוו:

> „צי איז ריכטיק די באַהויפּטונג, אַז מיר זײַנען געגאַנגען אין בונד מיטן גאַנצן פּויערטום בלויז ביזן אָקטיאַבער? ניין, ניט ריכטיק. דער לאָזונג „אַ בונד מיטן גאַנצן פּויערטום" איז געווען גילטיק ביז אָקטיאַבער, אין *מאָמענט פון אָקטיאַבער און אינעם ערשטן פּעריאָד נאָכן אָקטיאַבער*, אויף וויפל דאָס גאַנצע פּויערטום איז געווען פאַרינטערעסירט אין פאַרענדיקן די בורזשואַזע רעוואָליוציע ביזן סאָף".

פון דער דאָזיקער ציטאַטע באַקומט זיך, אַזוי־אַרום, אַז דער סטראַטעגישער לאָזונג פון דער פּאַרטיי פאַרן *ערשטן* עטאַפּ פון דער רעוואָליוציע (1905 יאָר — פעוורואַל 1917), ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַראָפּוואַרפן די צאַריש-פריצישע מאַכט און וועגן אײַנשטעלן די דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום, האָט זיך *ניט אונטערשיידט* פונעם סטראַטעגישן לאָזונג פאַרן *צווייטן* עטאַפּ פון דער רעוואָליוציע (פעוורואַל 1917 יאָר — אָקטיאַבער 1917 יאָר), ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַראָפּוואַרפן די מאַכט פון דער בורזשואַזיע און אײַנשטעלן די דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט. איר לייקנט, הייסט עס, אויף דעם גרונט-אונטערשייד צווישן דער בורזשואַז-דעמאָקראַטישער רעוואָליוציע און דער פּראָלעטאַריש-סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע. און דעם דאָזיקן טאָעס מאַכט איר דערפאַר, ווײַל איר ווילט, אַפּאָנעם, ניט פאַרשטיין יענע פּאָשעטע זאַך, אַז די גרונט-טעמע פונעם סטראַטעגישן לאָזונג איז די פראַגע וועגן דער מאַכט אויפן געגעבענעם עטאַפּ פון דער רעוואָליוציע, די פראַגע וועגן דעם, *וועלכער* קלאַס ווערט אַראָפּגעוואָרפן און אין די הענט פון *וועלכן* קלאַס גייט אַריבער די מאַכט. עס איז קוים נייטיק צו דערווײַזן, אַז איר זײַט דאָ אין גרונט ניט גערעכט.

איר זאָגט, אַז אין מאָמענט פונעם אָקטיאַבער און אינעם ערשטן פּעריאָד נאָכן אָקטיאַבער האָבן מיר דורכגעפירט דעם לאָזונג „אַ בונד מיטן *גאַנצן* פּויער-

טום", אפ וויפל דאָס גאנצע פויערטום איז געווענ פארינטערעסירט אינ דערפירנ די בורזשואזע רעוואָליוציע ביזנ סאָפ. אָבער ווער האָט אײַכ געזאָגט, אז די אָקטיאבער-איבערקערעניש אונ די אָקטיאבער-רעוואָליוציע האָבנ זיכ אויסגעשעפּט אָדער האָבנ געשטעלט פאר זייער גרונט-אופגאבע צו דערפירנ ביזנ סאָפ די בורזשואזע רעוואָליוציע? פונוואנענ האָט איר עס גענומענ? קאָנ מענ דענ דאָס אראָפּווארפנ די מאכט פונ דער בורזשואזיע אונ דאָס אײַנשטעלנ די דיקטאטור פונעם פראָלעטאריִאט אײַנפּאסנ אינ די ראמענ פונ א בורזשואזער רעוואָליוציע? איז דענ דאָס דעראָבערנ די דיקטאטור פונעם פראָלעטאריִאט ניט קיינ ארויסגאנג פונ די ראמענ פונ דער בורזשואזער רעוואָליוציע? וויִאזוי קאָנ מענ באהויפּטנ, אז די באלעגופימ (דאָכ אויכ פויערימ) האָבנ געקאָנט שטיצנ דאָס אראָפּווארפנ די בורזשואזיע אונ דעמ איבערגאנג פונ דער מאכט צומ פראָלעטאריִאט? וויִאזוי קאָנ מענ אָפּלייקענענ, אז דער דעקרעט וועגנ נאציִאָנאליזירנ די ערד, וועגנ אָפּשאפנ דאָס פריוואט-אייגנטומ אפ ערד, וועגנ פארבאָטנ דאָס קויפנ אונ פארקויפנ ערד אאוו., ניט געקוקט דערופ, וואָס ער קאָנ ניט אנערקענט ווערנ פאר א סאָציִאליסטישנ דעקרעט, איז דורכגעפירט געוואָרנ בא אונדז אינ *קאמפּ* קעגנ דעמ באלעגופנטומ אונ ניט אינ בונד מיט אימ? וויִאזוי קאָנ מענ באהויפּטנ, אז די באלעגופימ (אויכ פויערימ) האָבנ געקאָנט שטיצנ די דעקרעטנ פונ דער ראטנמאכט וועגנ עקספּראָפּריִירנ די פאבריקנ, זאוואָדנ, אײַזנבאנענ, בענק אאוו. אָדער דעמ לאָזונג פונעם פראָלעטאריִאט וועגנ פארוואנדלענ די אימפּעריִאליסטישע מילכאָמע אינ א בירגערקריג? וויִאזוי קאָנ מענ באהויפּטנ, אז דאָס *איקערדיקע* אינעמ אָקטיאבער זײַנענ ניט אָט-די אונ ענלעכע צו זיי אקטנ, ניט דאָס אראָפּווארפנ די בורזשואזיע אונ דאָס אײַנשטעלנ די דיקטאטור פונעם פראָלעטאריִאט, נאָר דאָס דערפירנ ביזנ סאָפ די בורזשואזע רעוואָליוציע?

ס'איז אויסער שטרײַט, אז די אָקטיאבער-רעוואָליוציע האָט געהאט אלס איינע פונ אירע הויפּט-אופגאבנ צו דערפירנ ביזנ סאָפ די בורזשואזע רעוואָליוציע, אז אָנ דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע האָט זי ניט געקאָנט דערפירט ווערנ ביזנ סאָפ, פונקט אזוי ווי די אָקטיאבער-רעוואָליוציע גופע האָט ניט געקאָנט פארפעסטיקט ווערנ אָנעמ דערפירנ ביזנ סאָפ די בורזשואזע רעוואָליוציע, אונ אפ וויפל די אָקטיאבער-רעוואָליוציע האָט דערפירט ביזנ סאָפ די בורזשואזע רעוואָליוציע, האָט זי געמוזט באגעגענענ מיטגעפיל מיצאד אלע פויערימ. דאָס אלצ איז אויסער שטרײַט. אָבער צי קאָנ מענ אפ דעמ סמאַכ באהויפּטנ, אז דאָס דערפירנ ביזנ סאָפ די בורזשואזע רעוואָליוציע איז געווענ ניט קיינ רעזולטאטיווע דערשײַנונג אינעמ גאנג פונ דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע, נאָר איר טאָכ אָדער איר גרונט-ציל? וווּ זשע איז אהינגעקומענ בא אײַכ דער הויפּט-ציל פונ דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע — דאָס אראָפּווארפנ

די מאכט פון דער בורזשואזיע, דאָס איינשטעלן די דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט, דאָס פאַרוואַנדלען די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע אין א בירגערקריג, דאָס עקספּראָפּריִרן די קאַפּיטאַליסטן אא״וו.? און אויב די הויפּט-טעמע פונעם סטראַטעגישן לאָזונג איז די גרונט-פראַגע פון יעדער רעוואָליוציע, דה. די פראַגע וועגן איבערגאַנג פון דער מאכט פון די הענט פון איין קלאַס אין די הענט פון א צווייטן קלאַס, איז דען ניט קלאָר פון דעם, אז די פראַגע וועגן דערפירן ביזן סאָף די בורזשואזע רעוואָליוציע דורך דער פּראָלעטארישער מאכט טאָר מען ניט צונויפמישן מיט דער פראַגע וועגן אראָפּוואַרפן די בורזשואזיע און דעראָבערן די דאָזיקע פּראָלעטאַרישע מאכט גופא, דה. מיט דער פראַגע, וואָס זי איז די הויפּט-טעמע פונעם סטראַטעגישן לאָזונג אפן צווייטן עטאַפּ פון דער רעוואָליוציע.

איינע פון די גרעסטע דערגרייכונגען פון דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאַריאַט באַשטייט דערין, וואָס זי האָט דערפירט ביזן סאָף די בורזשואזע רעוואָליוציע און האָט אויסגעקערט אַפּ ריין דעם שמוץ פון מיטלאַלטער. פאַרן דאָרף האָט עס געהאַט די סאַמע הויפּטלעכע און אווירקלעך אנטשיידנדיקע באַדייטונג. אָן דעם האָט ניט געקאָנט פאַרווירקלעכט ווערן די פאַרייניקונג פון די פויערשע מילכאָמעס מיט דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע, וועגן וואָס מארקס האָט נאָך גערעדט אין דער צווייטער העלפט פונעם פאָריקן יאָרהונדערט. אָן דעם האָט זיך ניט געקאָנט פאַרפעסטיקן די פּראָלעטאַרישע רעוואָליוציע גופא. דערביי דאַרף מען האָבן אינזינען פאָלגנדיקן וויכטיקן אומשטאַנד. דאָס דערפירן ביזן סאָף די בורזשואזע רעוואָליוציע איז ניט קיין איינצלנער אַקט. איגדערעמעסן האָט זיך עס צעצויגן אפּ א גאַנצן פעריאָד, פאַרכאַפּנדיק ניט בלויז שטיקלעך פונעם 1918 יאָר, ווי איך באַהויפּט אין אייער בריוו, נאָר אויך שטיקלעך פונעם 1919 יאָר (וואָלגער געגנט — אוראַל) און די יאָרן 1919—1920 (אוקראַיִנע). איך האָב אינזינען קאָלטשאַקס און דעניקינס אָנגריפּ, ווען פאַרן פויערטום אינגאַנצן געגומענע איז אופגעקומען די געפאַר, עס זאָל ווידערופגעשטעלט ווערן די פּריצישע מאכט, און ווען דאָס פויערטום, טאַקע אלס א ג אַ נ צ ע ס, איז געווען געצוווּנגען צו באַהעפטן זיך ארום דער ראַטנמאכט צוליב דעם, קעדיי צו זיכערן דאָס דערפירן ביזן סאָף די בורזשואזע רעוואָליוציע און איינהיטן פאַר זיך די פּרוכטן פון דער דאָזיקער רעוואָליוציע. די דאָזיקע קאָמפּליצירטקייט און פילאַרטיקייט פון די פּראָצעסן פונעם לעבעדיקן לעבן, אָט-דעם „פאַנטאַסטישן" איבערפלעכט פון אומיטלבאַרע סאָציאַליסטישע אופגאַבן פון דער דיקטאטור מיט דער אופגאַבע צו דערפירן ביזן סאָף די בורזשואזע רעוואָליוציע דאַרף מען האָבן שטענדיק פאַר די אויגן, קעדיי ריכטיק צו פאַרשטיין סיי די ציטאַטעס פון לענינען, וואָס איר ברענגט, סיי די מעכאַניק פון פאַרקערפּערן אין לעבן די פאַר

טײ-לאָזונגענ. צי קאָנ מענ זאָגנ, אז דער דאָזיקער איבערפלעכט רעדט וועגנ דער ניט-ריכטיקײַט פונעמ פארטײ-לאָזונג אפנ צווײטנ עטאפ פונ דער רע־וואָליוציע, אז דער דאָזיקער לאָזונג אונטערשײדט זיכ ניט פונעמ לאָזונג אפנ ערשטנ עטאפ פונ דער רעוואָליוציע? נײנ, מע קאָנ ניט זאָגנ. פארקערט, דער דאָזיקער איבערפלעכט באשטעטיקט בלויז די ריכטיקײַט פונעמ פארטײ־לאָזונג אפנ צווײטנ עטאפ פונ דער רעוואָליוציע: צוזאמענ מיטנ אָרעמ־סטנ פויערטומ, קעגנ דער קאפיטאליסטישער בורזשואזיע אינ שטאָט אונ אינ דאָרפ, פאר דער מאכט פונעמ פראָלעטאריאַט אאוו. פארוואָס? דער־פאר, ווײַל קעדײ צו דערפירנ ביזנ סאָפ די בורזשואזע רעוואָליוציע, האָט מענ געדארפט צוערשט אראָפוואַרפנ אינעמ אָקטיאבער די מאכט פונ דער בורזשואזיע אונ אוועקשטעלנ די מאכט פונעמ פראָלעטאריאַט, ווײַל בלויז אזא מאכט איז פײַיק צו דערפירנ ביזנ סאָפ די בורזשואזע רעוואָליוציע, קעדײ ווידער אוועקצושטעלנ אינ אָקטיאבער די מאכט פונעמ פראָלעטאריאַט, האָט מענ געדארפט צוגרײטנ אונ אָרגאניזירנ צומ אָקטיאבער די אנט־שפרעכיקע פאָליטישע ארמײ, וואָס איז פײַיק אראָפצוּוואַרפנ די בורזשואזיע, וואָס איז פײַיק אײַנצושטעלנ די מאכט פונעמ פראָלע־טאריאַט, דערבײַ איז ניטאָ קײנ נויטווענדיקײַט צו דערווײַזנ, אז אזא פאָליטישע ארמײ האָבנ מיר געקאָנט צוגרײטנ אונ אָרגאניזירנ נאָר אונ־טערנ לאָזונג: א בונד פונעמ פראָלעטאריאַט מיטנ אָרעמסטנ פויערטומ קעגנ דער בורזשואזיע, פאר דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאַט. קלאָר, אז אָנ אזא סטראטעגישנ לאָזונג, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרנ פונ אפרעל 1917 יאָר ביז אָקטיאבער 1917 יאָר, וואָלטנ מיר ניט געקאָנט האָבנ אזא פאָליטישע ארמײ, וואָלטנ מיר ניט געקאָנט, הײסט עס, זיגנ אינעמ אָקטיא־בער, וואָלטנ מיר ניט אראָפגעוואָרפנ די מאכט פונ דער בורזשואזיע אונ מיר וואָלטנ ניט געהאט, הײסט עס, קײנ מעגלעכקײַט צו דערפירנ ביזנ סאָפ די בורזשואזע רעוואָליוציע.

אָט פארוואָס מע טאָר ניט אנטקעגנשטעלנ דאָס דערפירנ ביזנ סאָפ די בורזשואזע רעוואָליוציע דעמ סטראטעגישנ לאָזונג אפנ צווײטנ עטאפ פונ דער רעוואָליוציע, וואָס האָט זײַנ אויפגאבע צו זיכערנ דאָס פארכאפנ די מאכט דורכנ פראָלעטאריאַט.

עס איז פאראנ בלויז אײנ מיטל אויסצומײַדנ אָט־די אלע „ווידער־שפרוכנ" — אנערקענענ דעמ גרונט־אונטערשײד צווישנ דעמ סטראטעגישנ לאָזונג פונעמ ערשטנ עטאפ פונ דער רעוואָליוציע (די בורזשואז־דעמאָ־קראטישע רעוואָליוציע) אונ דעמ סטראטעגישנ לאָזונג פונעמ צווײטנ עטאפ פונ דער רעוואָליוציע (די פראָלעטארישע רעוואָליוציע), אנערקענענ, אז אינעמ פעריאָד פונעמ ערשטנ עטאפ פונ דער רעוואָליוציע זײַנענ מיר

געגאנגענע צוזאמען מיטן גאנצן פויערטום פאר דער בורזשואז-דעמאָקראַ־טישער רעוואָלוציע, און אינעם פעריאָד פונעם צווייטן עטאפּ פון דער רעוואָלוציע זיינען מיר געגאנגען צוזאמען מיטן אָרעמסטן פויערטום קעגן דער מאכט פון קאפּיטאל, פאר דער פּראָלעטארישער רעוואָלוציע. און אנערקענען דאָס מוז מען, ווייל דערצו פאַרפליכטעט אונדז דער אנאליז פון די קלאסן־קרעפטן באם ערשטן און צווייטן עטאפּ פון דער רעוואָלוציע. אין קעגנפאל וואָלט מען ניט געקאָנט דערקלערן יענעם פאקט, וואָס ביז פעברואר 1917 יאָר האָבן מיר געפירט די ארבעט באם לאָזונג פון א רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט און פויערטום, און נאָך פעברואר 1917 יאָר האָבן מיר דעם דאָזיקן לאָזונג פארביטן מיטן לאָזונג פון א סאָציאַליסטישער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט און אָרעמסטן פויערטום. איר וועט מאסקים זיין, כ׳ יאנ—סקי, אז דער דאָזיקער פארבייט פון איין לאָזונג מיט א צווייטן לאָזונג אין מארט—אפּריל 1917 יאָר קאָן בא אייער סכעמע ניט דערקלערט ווערן.

אָט־דעם גרונט-אונטערשייד צווישן די צוויי סטראַטעגישע פּארטיי־לאָ-זונגען האָט לענין פארצייכנט אין זיין בראָשור „צוויי טאקטיקעס". דעם פּארטיי-לאָזונג בא דער צוגרייטונג פון דער בורזשואז־דעמאָקראַטישער רעוואָליוציע האָט ער פאָרמולירט אזוי:

„דער פּראָלעטאריאַט דארף דורכפירן ביזן סאָף די דעמאָקראַטישע איבערקערעניש, פאריי־ניקנדיק צו זיך די מאסע פויערטום, כדי צו דערשטיקן מיט קראפט דעם ווידער־שטאנד פון דער זעלבסטהערשונג און פאראליזירן די ניט־שטאנדהאפטיקייט פון דער בורזשואזיע" (זע ב. VIII, ז. 96).

אנדערש געזאָגט: מיטן גאנצן פויערטום קעגן דער זעלבסטהערשונג בא דער נייטראליזירונג פון דער בורזשואזיע פאר א דעמאָקראַטישער אי־בערקערעניש.

וואָס אָנבאלאנגט דעם פּארטיי-לאָזונג אינעם פעריאָד פון צוגרייטן די סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע, האָט ער אים אזוי פאָרמולירט:

„דער פּראָלעטאריאַט דארף מאכן די סאָציאַליסטישע איבערקערעניש, פאראייניקנדיק צו זיך די מאסע האלב־פּראָלעטארישע עלעמענטן פון דער באפעלקערונג, כדי צו צעברעכן מיט קראפט דעם ווידערשטאנד פון דער בורזשואזיע און פאראליזירן די ניט־שטאנדהאפטיקייט פונעם פויערטום און פון דער קליינבורזשואזיע" (זע דאָרטן).

אנדערש געזאָגט: צוזאמען מיטן אָרעמסטן פויערטום און ביכלאל האלב-פּראָלעטארישע שיכטן פון דער באפעלקערונג קעגן דער בורזשואזיע בא דער נייטראליזירונג פון דער קליינבורזשואזיע אין שטאָט און אין דאָרף, פאר א סאָציאַליסטישער איבערקערעניש.

דאָס איז געווען אין 1905 יאָר.

אין אַפּריל 1917 יאָר האָט לענין, כאַראַקטעריזירנדיק דעם דעמלטיקן פּאָ־ליטישן צושטאַנד ווי אַן איבערפלעכט פון דער רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראַטישער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום מיט דער רעאַלער מאַכט פון דער בורזשואַזיע, געזאָגט:

„די אייגנאַרטיקייט פונעם לויפנדיקן מאָמענט אין רוסלאַנד באַשטייט אינעם איבערגאַנג פונעם ערשטן[1] עטאַפּ פון דער רעוואָליוציע, וואָס האָט געגעבן די מאַכט דער בורזשואַזיע מאַכמעס דער ניט־גענוגנדיקער באַוווּסטזיניקייט און אָרגאַניזירטקייט פונעם פּראָלעטאַריאַט, — צו איר צווייטן עטאַפּ, וועלכער דאַרף געבן די מאַכט אין די הענט פונעם פּראָלעטאַריאַט און פון די אָרעמסטע שיכטן[1] פונעם פּויערטום" (זע לענינס „אַפּריל־טעזיסן", ב. XX, ז. 88).

סאָף אויגוסט 1917 יאָר, ווען די צוגרייטונג צום אָקטיאַבער איז געווען אין פולן גאַנג, האָט לענין אין אַ ספּעציעלן אַרטיקל „די פּויערים און די אַרבעטער" געשריבן:

„בלויז דער פּראָלעטאַריאַט און דאָס פּויערטום[1] קאָנען אַראָפּוואַרפן די מאָנאַרכיע — אָט דאָס איז געווען די גרונטיקע, לויט יענער צײַט (עס רעדט זיך וועגן 1905 יאָר. י. ס ט.), דעפיניציע פון אונדזער קלאַסן־פּאָליטיק. און די דאָזיקע דעפיניציע איז געווען ריכ־טיק. פעברואַר און מאַרץ פון 1917 יאָר האָבן דאָס אַן איבעריק מאָל באַשטעטיקט. בלויז דער פּראָלעטאַריאַט, וואָס פירט אָן מיטן אָרעמסטן פּויערטום[1] (מיט די האַלב־פּראָלעטאַריער, ווי עס זאָגט אונדזער פּראָגראַם), קאָן פאַרענדיקן די מילכאָמע מיט אַ דעמאָקראַטישן שאָלעם, פאַרהיילן אירע ווונדן, אָנהייבן מאַכן טריט צום סאָציאַליזם, וואָס זײַנען געוואָרן אומבאַ־דינגט נייטיק און קאָנען ניט אָפּגעלייגט ווערן, — אָט דאָס איז די דעפיניציע פון אונדזער קלאַסן־פּאָליטיק איצט" (זע ב. XXI, ז. 111).

דאָס דאַרף מען ניט פאַרשטיין אַזוי, אַז בײַ אונדז איז קלוימערשט פאַראַן איצט אַ דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט און פונעם אָרעמסטן פּויערטום. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, ניט ריכטיק. מיר זײַנען געגאַנגען צום אָקטיאַבער אונטערן לאָזונג פון דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און אָרעמסטן פּויערטום און האָבן אים פאַרווירקלעכט אין אָקטיאַבער פאָרמעל, אַפילו ווײַל מיר האָבן געהאַט אַ בלאָק מיט די לינקע עסערן און געטיילט מיט זיי די אָנפירונג, האַגאַם פאַקטיש איז בײַ אונדז שוין דאַן געווען די דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַ־ריאַט, ווײַל מיר, באָלשעוויקעס, האָבן געבילדעט די מערהײַט. דאָך האָט די דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט און אָרעמסטן פּויערטום אויפגעהערט צו עקזיס־טירן פאָרמעל נאָכן לינק־עסערישן „פּוטש", נאָכן צערײַסן דעם בלאָק מיט די לינקע עסערן, ווען די אָנפירונג איז אינגאַנצן און פולשטענדיק אַריבער אין די הענט פון איין פּאַרטיי, אין די הענט פון אונדזער פּאַרטיי, וועלכע טיילט ניט און קאָן ניט טיילן די אָנפירונג מיט דער מעלוכע מיט אַ צווייטער פּאַרטיי. אָט דאָס טאַקע הייסט בײַ אונדז דיקטאַטור פונעם פּראָלע־טאַריאַט.

[1] מײַן קורסיוו. י. ס ט.

צולעצט, אינ נאָיאבער 1918 יאָר, ווארפנדיק א רעטראָספעקטיווג בליק אפנ דורכגעמאכטנ וועג פונ דער רעוואָליוציע, האָט לענינ געשריבנ:

„יאָ, די רעוואָליוציע אונדזערע איז א בורזשואזע, קאָלזמאנ מיר גייענ צוזאמענ מיטנ פויערטום, ווי מיט א גאנצנ. דאָס האָבנ מיר אפנ קלאָרסטנ אויפנ באנומענ, הונ־דערטער אונ טויזנטער מאָל געזאָגט פונ 1905 יאָר אָנ, קיינמאָל ניט געפרווט ניט איבער־שפרינגענ, ניט אָפשאפנ מיט דעקרעטנ די דאָזיקע נויטווענדיקע שטופע פונעמ היסטאָרישנ פראָצעס... אָבער אינ 1917 יאָר, פונ אפרעל כוידעש אָנ, נאָכ לאנג פאר דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, נאָכ איידער מיר האָבנ גענומענ[1] די מאכט, האָבנ מיר געזאָגט אָפנ אונ דערקלערט דעמ פאָלק: אָפשטעלנ זיכ דערופ וועט די רעוואָליוציע איצט ניט קאָנענ, ווײַל עס איז אוועק פאָרויס דאָס לאנד, עס האָט א שפרײַז געטאָנ פאָ־רויס דער קאפיטאליזמ, עס איז דערגאנגענ צו אנ אומגעהערטנ פארנעמ די רויִנירונג, וועלכע וועט פאָדערנ (צי וויל דאָס עמעצער אָדער ניט), פאָדערנ שריט פאָרויס, צומ סאָ־ציִאליזמ. ווײַל אנדערש גיינ פאָרויס, אנדערש ראטעווענ דאָס לאנד, וואָס איז אויסגע־פײַניקט פונ דער מילכאָמע, אנדערש פארגרינגערנ די ליידנ פונ די ארבעטנדיקע אונ עקספּלואטירטע קאָנ מענ ניט. עס האָט זיכ באקומענ טאקע אזוי, ווי מיר האָבנ געזאָגט. דער גאנג פונ דער רעוואָליוציע האָט באשטעטיקט די ריכטיקײַט פונ אונדזער גערדאנקענגאנג. צוערשט צוזאמענ מיטנ „גאנצנ" פויערטום קעגנ דער מאָנארכיע, קעגנ די פריצימ, קעגנ דעמ מיטלאלטער (אונ אפ אזויפיל פארבלײַבט די רעוואָליוציע א בורזשואזע, א בורזשואז־דעמאָקראטישע). דערנאָכ, צוזאמענ מיטנ אָרעמסטנ פויערטומ, צוזאמענ מיטנ האלב־פראָלע־טאריאט, צוזאמענ מיט אלע עקספּלואטירטע, קעגנ דעמ קאפיטאליזמ, דערונטער אויכ קעגנ די דאָרפישע גווירימ, באלעגופימ, ספעקוליאנטנ,[1] אונ אפ אזויפיל ווערט די רעוואָליוציע א סאָציִאליסטישע" (זע ב. XXIII, ז. 390 — 391).

ווי איר זעט, האָט לענינ ניט איינ מאָל אונטערגעשטראָכנ די גאנצע טיפ־קײַט פונעמ אונטערשייד צווישנ דעמ ערשטנ סטראטעגישנ לאָזונג אינעמ צו־גרייטונג־פעריִאָד פונ דער בורזשואז־דעמאָקראטישער רעוואָליוציע אונ צווישנ דעמ צווייטנ סטראטעגישנ לאָזונג אינעמ צוגרייטונג־פעריִאָד פונעמ אָקטיאבער. דאָרטנ — דער לאָזונג: מיטנ גאנצנ פויערטומ קעגנ דער זעלבסט־הערשונג, דאָ — דער לאָזונג: מיטנ אָרעמסטנ פויערטומ קעגנ דער בורזשואזיע.

יענער פאקט, וואָס דאָס דערפירנ די בורזשואזע רעוואָליוציע ביזנ סאָפ האָט זיכ צעצויגנ אפ א גאנצנ פעריִאָד נאָכנ אָקטיאבער, וואָס, אפ וויפל מיר האָבנ דערפירט ביזנ סאָפ די בורזשואזע רעוואָליוציע, האָט אונדז ניט געקאָנט ניט מיטפילנ דאָס „גאנצע" פויערטום — דער דאָזיקער פאקט, ווי איכ האָב שוינ אויבנ געזאָגט, וואָקלט אפילע אפ קיינ האָר ניט יענע גרונט־האנאָ־כע, אז צומ אָקטיאבער זײַנענ מיר געגאנגענ אונ האָבנ געזיגט אינעמ אָקטיאבער צוזאמענ מיטנ אָרעמסטנ פויערטום, אז ארָאפּגעוואָרפנ די מאכט פונ

1 מײַנ קורסיוו. י. סט.

דער בורזשואזיע און אײַנגעשטעלט די דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט (וואָס איינע פון אירע אויפגאַבן איז באַשטאַנען אין דערפירן ביזן סאָף די בורזשואַזע רעוואָליוציע) האָבן מיר צוזאַמען מיטן אָרעמסטן פּויערטום באַמווידערשטאַנד פונעם באַלעגופנטום (איך פּויערים) און באַ וואַקלונגען מיצאַד דעם מיטלפּויערטום.

דוכט זיך, קלאָר.

3) איר שרײַבט ווײַטער אין אײַער בריוו:

„צי איז ריכטיק די באַהויפּטונג, אַז „מיר זײַנען צוגעקומען צום אָקטיאַבער מיט דעם לאָזונג וועגן אַ בונד מיט דער דאָרפישער אָרעמשאַפט באַ דער נייטראַליזירונג פונעם מיטלפּויער?" ניין, ניט ריכטיק. לויט די טעמים, וואָס זײַנען שוין אָנגעוויזן אויבן, און לויט די געבראַכטע אויסצוגן פון לענינען איז צו זען, אַז דער דאָזיקער לאָזונג האָט געקאָנט אויפקומען בלויז דאַן, ווען „ס'איז רײַף געוואָרן די קלאַסנצעטיילונג אינעווייניק אינעם פּויערטום" (לענין), ד. ה. „זומער און האַרבסט 1918 יאָר".

פון דער דאָזיקער ציטאַטע קומט אויס, אַז די פּאַרטיי האָט זיך געשטעלט אויפן וועג פון נייטראַליזירן דעם מיטלפּויער ניט אינעם פּעריאָד פון צוגרייטן און ניט בײַס אָקטיאַבער, נאָר נאָכן אָקטיאַבער און באַזונדערס נאָכן 1918 יאָר, נאָך די אָרעמשאַפט־קאָמיטעטן. דאָס איז אַבסאָליוט ניט ריכטיק, כ' יאַנ — סקי. פאַרקערט, די פּאָליטיק פון נייטראַליזירן דעם מיטלפּויער האָט זיך ניט אָנגעהויבן, נאָר געענדיקט נאָך די אָרעמשאַפט־קאָמיטעטן, נאָכן 1918 יאָר. די פּאָליטיק פון נייטראַליזירן דעם מיטלפּויער איז אָפּגעשאַפט געוואָרן (און ניט אײַנגעפירט געוואָרן) אין אונדזער פּראַקטיק גראָד נאָכן 1918 יאָר. גראָד נאָכן 1918 יאָר, אין מאַרט 1919 יאָר, האָט לענין, עפענענדיק דעם VIII צוזאַמענפאָר פון אונדזער פּאַרטיי, געזאָגט:

„די בעסטע פאָרשטייער פונעם סאָציאַליזם פון דער אַלטער צײַט, — ווען זיי האָבן נאָך געגלייבט אין דער רעוואָליוציע און געדינט איר טעאָרעטיש און אידייִש, — האָבן גערעדט וועגן דער נייטראַליזירונג פונעם פּויערטום, ד. ה. וועגן דעם, אַז מע זאָל מאַכן פונעם מיטלפּויערטום אַ געזעלשאַפטלעכן שיכט, וואָס, אויב ער העלפט ניט אַקטיוו דער רעוואָליוציע פונעם פּראָלעטאַריאַט, איז ווייניקסטנס, אַזאַ, וואָס שטערט איר ניט, אַ נייטראַלער, אַזאַ, וואָס שטעלט זיך ניט אויף דער זײַט פון אונדזערע סאָנים. די דאָזיקע אַבסטראַקטע, טעאָרעטישע שטעלונג פון דער אויפגאַבע איז פאַר אונדז פולשטענדיק קלאָר. אָבער זי איז ניט גענוג,[1] מיר זײַנען אַרײַנגעטראָטן אין אַזאַ סטאַדיע פון דער סאָציאַליסטישער בויונג,[1] ווען מע דאַרף אויסאַרבעטן קאָנקרעט, דעטאַליזירט, אויף דער אַרבעט־דערפאַרונג אין דאָרף דורכגעקאָנטראָלירטע, גרונט־קלאָלים און אָנווײַזונגען, באַ וועלכע מיר דאַרפן זיך האַלטן צוליב דעם, קעדיי בענעגייע דעם מיטלפּויער זיך שטעלן אויפן באָדן פון אַ פעסטן בונד" (זע ב. XXIV, ז. 114).

---

1 מײַן קורסיוו. י. סט.

באַקומט זיך, ווי איר זעט, עטוואָס דירעקט קעגנזעצלעך צו דעם, וועגן וואָס איר רעדט אין אײַער בריוו, דערבײַ קערט איר דאָ איבער אונדזער ווירקלעכע פּאַרטיי׳שע פּראַקטיק מיטן קאָפּ אַראָפּ, צונויפּמישנדיק דעם אָנהייב פון דער נייטראַליזירונג מיט איר סאָף.

דער מיטלפּויער האָט געקרעכצט און זיך געוואַקלט צווישן דער רעוואָליוציע און דער קאָנטררעוואָליוציע, קאָלזמאַן מע האָט געהאַלטן אין אַראָפּוואַרפן די בורזשואַזיע, קאָלזמאַן די מאַכט פון די ראַטן איז נאָך ניט געווען פאַרפעסטיקט, דעריבער איז אויסגעקומען צו נייטראַליזירן אים. דער מיטלפּויער האָט אָנגעהויבן פאַרקערעווען צו אונדז, ווען ער האָט אָנגעהויבן זיך איבערצײַגן, אַז די בורזשואַזיע איז אַראָפּגעוואָרפן אַף „ערנסט“, אַז די מאַכט פון די ראַטן פאַרפעסטיקט זיך, דעם באַלעגופּ קומט מען בײַ, די רויטע אַרמיי הייבט אָן זיגן אַף די פראָנטן פון בירגערקריג. טאַקע נאָך אַזאַ איבערבראָך איז מעגלעך געוואָרן דער דריטער סטראַטעגישער פּאַרטיי-לאָזונג, וועלכן לענין האָט געגעבן אַפן VIII פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר: שטיצנדיק זיך אַף דער אָרעמשאַפט און אײַנשטעלנדיק אַ פעסטן בונד מיטן מיטלפּויער — פאָרויס פאַר דער סאָציאַליסטישער בויונג.

ווי אַזוי האָט איר געקאָנט פאַרגעסן אָט־דעם אַלגעמיין-באַוווּסטן פאַקט?

פון אײַער בריוו דרינגט אַרויס, ווײַטער, אַז די פּאָליטיק פון נייטראַליזירן דעם מיטלפּויער באַם איבערגאַנג צו דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע און אין די ערשטע טעג נאָך זיג פון דער דאָזיקער רעוואָליוציע — איז ניט קיין ריכטיקע, זי טויג ניט, און, דערפאַר, איז זי ניט אָנעמבאַר. דאָס איז לאַכלוטן ניט ריכטיק, כ׳ יאַנ—סקי. די זאַך איז פונקט פאַרקערט. גראָד באַם אַראָפּוואַרפן די מאַכט פון דער בורזשואַזיע און ביזן פאַרפעסטיקן די מאַכט פונעם פּראָלעטאַריאַט וואַקלט זיך מער פון אַלץ און ווײַזט אַרויס אַ ווידערשטאַנד דער מיטלפּויער. גראָד אין דעם דאָזיקן פעריאָד זײַנען טאַקע נייטיק דער בונד מיט דער אָרעמשאַפט און די נייטראַליזירונג פונעם מיטלפּויער.

באַשטייענדיק אַף אײַער נאָעס, באַהויפּט איר, אַז די פראַגע וועגן פּויערטום האָט אַ גרויסע באַדײַטונג ניט בלויז פאַר אונדזער לאַנד, נאָר אויך פאַר אַנדערע לענדער, „וועלכע דערמאָנען מער אָדער ווייניקער די עקאָנאָמיק פונעם פּאַראָקטיאַבערישן רוסלאַנד“. דאָס לעצטע, פאַרשטייט זיך, איז ריכטיק. אָבער אָט וואָס לענין האָט געזאָגט אין זײַנע טעזיסן איבער דער אַגראַרפראַגע אַפן II קאָנגרעס פונעם קאָמינטערן וועגן דער פּאָליטיק פון די פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען בענעגייע דעם מיטלפּויער אינעם פעריאָד, ווען דער פּראָלעטאַריאַט נעמט די מאַכט. אָפּשאַצנדיק דאָס אָרעמסטע פּויערטום, אָדער, פּינקטלעכער, „די אַרבעטנדיקע און עקספּלואַטירטע מאַסן אין דאָרף“, אַלס אַ

**באזונדערע גרופּע, וואָס באשטייט פון לאנדווירטשאפטלעכע ארבעטער, האלב-פּראָלעטאריער אָדער פּארצעל-פּויערים און קליינפּויערטום, און אריבערגייענדיק דערנאָך צו דער פראגע וועגן מיטלפּויערטום, ווי וועגן א באזונדערער גרופּע אין דאָרף, זאָגט לענין:**

„אַלס „מיטלפּויערטום" דאַרף מען אין עקאָנאָמישן זינען פאַרשטיין די קליינע ערד־אַרבעטער, וואָס באַזיצן, אויף רעכט פון אייגנטום אָדער אַרענדע, אויך קליינע ערד־כאַלאָקים, אָבער אַזעלכע, וואָס באַם קאַפּיטאַליזם האַלטן זיי, לויטן אַלגעמיינעם קלאַל, ניט נאָר קוים אויס זייער פאַמיליע און די ווירטשאַפט, נאָר זיי האָבן אויך אַ מעגלעכקייט צו קריגן באַשטימטע מויסרעס, וועלכע קאָנען, ווייניקסטנס אין די בעסערע יאָרן, פאַרוואַנדלט ווערן אין קאַפּיטאַל, און וואָס באַנוצן זיך גאַנץ אָפט מיט געדונגענער פרעמדער אַרבעטקראַפט... דער רעוואָליוציאָנערער פּראָלעטאַריאַט קאָן פאַר זיך ניט שטעלן די אויפגאַבע, — יעדנפאַלס **פאַר** **דער נאָענטסטער צוקונפט און פאַרן אָנהייב פון דער פּעריאָד פון דער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט**, — צוצוציִען דעם דאָזיקן שיכט אויף זיין זייט. ער דאַרף זיך **באַגרענעצן מיט דער אויפגאַבע צו נייטראַליזירן אים**, ד. ה. צווינגען אים ניט צו געבן קיין אַקטיווע שטיצע דער בורזשואַזיע אין איר קאַמף קעגן דעם פּראָלעטאַריאַט" (זע דעם סטענאָגראַפישן באַריכט פון II קאָנגרעס פונעם קאָמינטערן, ז. 610 — 611).

**וויאַזוי קאָן מען נאָך אָט דעם באַהויפּטן, אַז די פּאָליטיק פון נייטראַליזירן דעם מיטלפּויער האָט געקאָנט „אַנטשטיין" בא אונדז „ערשט" „זומער און האַרבסט 1918 יאָר", דה, נאָך די אַנטשיידנדיקע דערפאָלגן אין פּראַט פון פאַרפעסטיקן די מאַכט פון די ראַטן, די מאַכט פונעם פּראָלעטאַריאַט?**

**ווי איר זעט, איז די פראַגע וועגן דעם סטראַטעגישן לאָזונג פון די פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען צום מאָמענט פונעם אריבערגאַנג צו דער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע און צו דער פאַרפעסטיקונג פון דער מאַכט פונעם פּראָלעטאַריאַט, ווי אויך די פראַגע וועגן נייטראַליזירן דעם מיטלפּויער, ניט אַזוי פּאַשעט, ווי איר שטעלט זי פאָר.**

4) **פון דעם אַלעם, וואָס עס איז געזאָגט געוואָרן אויבן, איז צו זען, אַז די ציטאַטעס, וואָס איר האָט געבראַכט פון לענינס ווערק, קאָנען אין קיין פאַל ניט אַנטקעגנשטעלט ווערן דעם גרונט-לאָזונג פון דער פּאַרטיי אויפן צווייטן עטאַפּ פון דער רעוואָליוציע, ווייל זיי, די דאָזיקע ציטאַטעס: א) ריידן ניט וועגן דעם גרונט-לאָזונג פון דער פּאַרטיי פאַרן אָקטיאַבער, נאָר וועגן דערפירן ביזן סאָף די בורזשואַזע רעוואָליוציע נאָכן אָקטיאַבער, ב) זיי לייקענען ניט אָפּ, נאָר זיי באַשטעטיקן די ריכטיקייט פון דעם דאָזיקן לאָזונג. אויבן האָב איך שוין געזאָגט און איך בין געצוווּנגען נאָכאַמאָל איבערצוחזרן, אַז דעם סטראַטעגישן פּאַרטיי-לאָזונג אויפן צווייטן עטאַפּ פון דער רעוואָליוציע, אין פּעריאָד ביזן נעמען די מאַכט דורכן פּראָלעטאַריאַט, ביים וועלכן די הויפּט-טעמע איז די פראַגע וועגן דער מאַכט, טאָר מען ניט קעגנ-**

שטעלנ דער אופגאבע װעגנ דערפירנ ביזנ סאָפ די בורזשואזע רעװאָליו-ציע, װעלכע װערט דורכגעפירט אינעם פעריאָד נ אָ כ נ נעמענ די מאכט דורכנ פראָלעטאריאַט.

5) איר רעדט װעגנ כ׳ מאָלאָטאָװס באװוסטנ ארטיקל אינ „פראװדא״ „װעגנ דער בורזשואזער רעװאָליוציע אינ אונדזער לאנד״ (12-טנ מארט 1927 יאָר), װעגנ דעם ארטיקל, װעלכער האָט טאקע, װי ס׳זעט זיך ארויס, אײַך „אונטערגע-שטויסנ״ צו װענדנ זיך צו מיר נאָך א דערקלערונג. איך װייס ניט, װיאַזוי איר לייענט ארטיקלענ, כ׳ יאנ—סקי. איך האָב אויך געלייענט דעם כ׳ מאָלאָטאָװס ארטיקל אונ מיינ, אז אינ קיינ מאָס װידערשפּרעכט ער ניט דאָס, װאָס עס איז גע-זאָגט געװאָרנ אינ מײַנ פאָרטראָג אפנ XIV צוזאמענפאָר פונ אונדזער פאר-טיי װעגנ די פארטיי-לאָזונגענ מיקויעכ דעם פויערטום. דער כ׳ מאָלאָטאָװ רעדט אינ זײַנ ארטיקל ניט װעגנ דעם גרונט-לאָזונג פונ דער פארטיי אינ פעריאָד פונעם אָקטיאבער, נאָר װעגנ דעם, אז, אפ װיפל די פארטיי האָט נאָכנ אָקטיאבער דערפירט ביזנ סאָפ די בורזשואזע רעװאָליוציע, האָט זי גע-האט דעם מיטגעפיל פונ אלע פויערים. אָבער איך האָב שוינ אויבנ געזאָגט, אז די קאָנסטאטירונג פונעם דאָזיקנ פאקט לייקנט ניט אָפּ, נאָר, פארקערט, זי באשטעטיקט די ריכטיקײַט פונ יענער גרונט-האנאָכע, אז מיר האָבנ אראָפּגע-װאָרפנ די מאכט פונ דער בורזשואזיע אונ אװעקגעשטעלט די דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאַט צוזאמענ מיטנ אָרעמסטנ פויערטום אונ בא דער נײַ-טראליזירונג פונעם מיטלפויער קעגנ דער בורזשואזיע פונ שטאָט אונ דאָרף, אז אָנ דעם װאָלטנ מיר ניט געקאָנט דערפירנ ביזנ סאָפ די בורזשואזע רעװאָליוציע.

„באָלשעװיק״ נומ.7.— 8.

1 אפּרעל 1927 יאָר

# וועגנ דעמ לאָזונג דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאַט און אָרעמסטנ פּויערטומ אינעמ פּעריאָד פונ צוגרייטנ דעמ אָקטיאַבער

אנ ענטפער דעמ כ׳ ס. פּאָקראָווסקי

כ׳ פּאָקראָווסקי!

איכ מיינ, אז אייער בריוו פונעמ 2־טנ מיי ד. י. גיט ניט נישט קיינ געלעגנהייט, ניט קיינ גרונט צו ענטפערנ אויספירלעכ, אזוי צו זאָגנ, לויט אלע פּונקטנ. אייגנטלעכ גערעדט, גיט ער ניט גאָרניט באזונדערס קיינ נייעס אינ פארגלייכ מיט כ׳ יאנ—סקיס בריוו. אויב איכ ענטפער פונדעסטוועגנ אפ אייער בריוו, איז עס דערפאר, וואָס ער אנטהאלט אייניקע עלעמענטנ פונ דירעקטנ רעסטאווּרירנ די קאמעניעווּשטשינע פונעמ פּעריאָד אפּרעל—מיי 1917 יאָר. בלויז קעדיי צו דעמאסקירנ די דאָזיקע עלעמענטנ פונעמ רעסטאווּרירנ די קאמעניעווּשטשינע האלט איכ פאר נייטיק צו ענטפערנ קורצ אפ אייער בריוו.

1) איר זאָגט אינ אייער בריוו, אז „אינדערעמעסנ האָבנ מיר געהאַט אינ פּעריאָד פונ פעווראל ביז אָקטיאַבער דעמ לאָזונג פונ א בונד *מיטנ גאנצנ* פּויערטומ“, אז „אינ פּעריאָד פונ פעווראל ביז אָקטיאַבער האָט די פּארטיי איינגעהיט און פארטיידיקט איר *אלטנ* לאָזונג בענעגייע דעמ פּויערטומ — א בונד *מיטנ גאנצנ* פּויערטומ אלס גאנצעס“.

קומט אויס, ערשטנס, אז אינעמ פּעריאָד פונ צוגרייטנ דעמ אָקטיאַבער (אפּרעל—אָקטיאַבער) האָבנ די באָלשעוויקעס ניט געשטעלט פאר זייער אופגאבע דורכצופירנ א גרענעצ צווישנ דעמ אָרעמסטנ פּויערטומ און צווישנ די פארמעגלעכע פּויערימ, נאָר זיי האָבנ גענומענ דאָס פּויערטומ אלס גאנצעס.

קומט אויס, צווייטנס, אז אינעמ פּעריאָד פונ צוגרייטנ דעמ אָקטיאַבער האָבנ די באָלשעוויקעס ניט פארביטנ דעמ אלטנ לאָזונג — „דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאַט און פּויערטומ“ — אפ א נייעמ לאָזונג — „דיקטאטור

פונעם פראָלעטאריאַט און אָרעמסטן פויערטום", נאָר זיי זײַנען פארבליבן אף די אלטע פּאָזיציעס, וואָס זײַנען געגעבן אין לענינס בראָשור „צוויי טאקטיקעס" אין 1905 יאָר.

קומט אויס, דריטנס, אז די באָלשעוויסטישע פּאָליטיק פון קאמף קעגן די וואקלונגען און פשאָרעמאכערײַ פון די ראטן, אינעם פעריאָד פון צו־גרייטן דעם אָקטיאבער (מארט—אָקטיאבער 1917 יאָר), קעגן די וואקלונגען פונעם מיטלפויערטום אין די ראטן און אפן פראָנט, קעגן די וואקלונגען צווישן רעוואָליוציע און קאָנטררעוואָליוציע, קעגן די וואקלונגען און פשאָ־רעמאכערײַ, וואָס האָבן אָנגענומען א באזונדערס שארפן כאראקטער אין די יוּלי־טעג, ווען די ראטן בעראָש מיט די פשאָרעמאכערס פון די עסערן און מענשעוויקעס זײַנען געגאנגען צוזאמען מיט די קאָנטררעוואָליוציאָנערע גענעראלן אין דעם איניען פון איזאָלירן די באָלשעוויקעס, — קומט אויס, אז דער באָלשעוויסטישער קאמף קעגן די דאָזיקע וואקלונגען און פשאָרע־מאכערײַ פון געוויסע שיכטן פונעם פויערטום איז געווען א פוסטער און אבסאָ־ליוט ניט קיין נייטיקער.

קומט אויס, צולעצט, אז קאמעניעוו איז געווען גערעכט, ווען ער האָט אין אפריל — מײַ 1917 יאָר פארטיידיקט דעם אלטן לאָזונג פון דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאַט און פויערטום, לענין, ווידער, וואָס האָט געהאלטן דעם דאָזיקן לאָזונג פאר א שוין פארעלטערטן און האָט פראָקלאמירט דעם נײַעם לאָ־זונג וועגן דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאַט און אָרעמסטן פויערטום, איז גע־ווען ניט גערעכט.

מע דארף בלויז אוועקשטעלן די דאָזיקע פראגן, קעדיי צו פאר־שטיין די גאנצע אומגעלומפּערטקײַט פון אײַער בריוו אינגאנצן גענומען.

נאָר אזוי ווי איר זײַט א גרויסער ליבהאָבער פון איינצלנע ציטאטעס פון לענינס ווערק, וועלן מיר זיך ווענדן צו ציטאטעס.

עס פּאָדערט ניט קיין גרויסע מי צו דערווײַזן, אז אלס נײַס אין די אגרארָ־פארהעלטענישן אין רוסלאנד נאָך דער פעווראל־איבערקערעניש פו־נעם שטאנדפונקט פון דער ווײַטערדיקער אנטוויקלונג פון דער רעוואָליוציע האָט לענין געהאלטן ניט די געמיינזאַמקײַט פון די אינטערעסן פונעם פראָ־לעטאריאַט און פויערטום אינגאנצן גענומען, נאָר די שפּאלטונג צווישן דעם אָרעמסטן פויערטום און דעם פארמעגלעכן פויערטום, וואָס דאָס ערשטע פון זיי, דה. דאָס אָרעמסטע פויערטום, האָט געצויגן צום פראָלעטאריאַט, און דאָס צווייטע, דה. דאָס פארמעגלעכע פויערטום, איז געגאנגען נאָך דער צײַטווײַליקער רעגירונג.

אָט וואָס לענין האָט געזאָגט מיקויעך דעם אין אפּריל 1917 יאָר, פּאָלעמיזירנדיק מיט קאמעניעוו און מיט דער קאמעניעוושטשינע:

„עס איז ניט דערלאָזבאר פאר א פּראָלעטארישער פארטיי צו לייגן **איצט**[1] דעם האָפע־נונגען אף דער געמיינזאמקייט פון די אינטערעסן מיטן פויערטום" (זע לענינס רעדע אף דער אפּרעל־קאָנפערענץ אין 1917 יאָר, ב. XX, ז. 245).

**ווייטער:**

„שוין איצט זעען מיר אין די באשלוסן פון א ריי פויערשע צוזאמענפאָרן דעם געדאנק וועגן אָפּוואַרטן מיט דער לייזונג פון דער אגראר־פראגע ביז דער גרינדונג־פאַרזאמלונג, — דאָס איז א זיג פונעם **פּארמעגלעכן פויערטום**,[1] וואָס נייגט זיך צו די קאדעטן" (זע לענינס רעדע אף דער פעטראָגראדער אלשטאָטישער קאָנפערענץ אין אפּרעל 1917 יאָר, ב. XX, ז. 176).

**ווייטער:**

„מעגלעך, אז דאָס פויערטום וועט נעמען די גאנצע ערד און די גאנצע מאכט. ניט נאָר וואָס איך פארגעס ניט די דאָזיקע מעגלעכקייט און באגרענעץ ניט מיין האָריזאָנט מיטן היינטיקן טאָג אליין, נאָר איך פאָרמוליר אָפן און פּינקטלעך די אגראר־פּראָגראם, דיסקאָנטירנדיק די **נייע** דערשיינונג: א טיפערע **שפּאלטונג**[1] פון די באטראקעס און אָרעמסטע פויערים מיט די פויערים־באלעבאטים" (זע לענינס אפּרעל־ארטיקל, בריוו וועגן טאקטיק", ב. XX, ז. 103).

**אָט אין וואָס לענין האָט איינגעזען דאָס נייע און וויכטיקע אין דער נייער סיטואציע אין דאָרף נאָך דער פעוראל־רעוואָליוציע.**

**אָט פון וואָס לענין איז ארויסגעגאנגען באַם בויען די פארטיי־פּאָליטיק אינעם פעריאָד נאָך פעוראל 1917 יאָר.**

**פון דער דאָזיקער האנאָכע איז לענין ארויסגעגאנגען, ווען ער האָט אף דער אלשטאָטישער פעטראָגראדער קאָנפערענץ אין אפּרעל 1917 יאָר געזאָגט:**

„ערשט דאָ אפן אָרט האָבן מיר זיך שוין דערוווּסט, אז דער ראט פון די ארבעטערשע און סאָלדאטישע דעפּוטאטן האָט אָפּגעגעבן די מאכט דער צייטווייליקער רעגירונג. דער ראט פון די ארבעטערשע און סאָלדאטישע דעפּוטאטן איז א פארווירקלעכונג פון דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט און פון די סאָלדאטן; צווישן די סאָלדאטן איז די מערהייט פויערים. דאָס איז טאקע די דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט און פויערטום. אָבער די דאָזיקע „דיקטאטור" האָט געשלאָסן אן אָפּמאך מיט דער בורזשואזיע. דאָ איז טאקע נייטיק **איבערצוקוקן דעם „אלטן"** באָלשעוויזם"[1] (זע ב. XX, ז. 176).

**פון דער זעלביקער האנאָכע איז לענין ארויסגעגאנגען, ווען ער האָט געשריבן אין אפּרעל 1917 יאָר:**

„ווער עס רעדט **איצט** בלויז וועגן „א רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראטישער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט און פויערטום", דער איז אָפּגעשטאנען פונעם לעבן, דער איז מאכמעס דעם פאקטיש **אריבער** צו דער קליינבורזשואזיע קעגן דעם פּראָלעטארישן קלאסנקאמף, דעם דארף מען אָפּגעבן אין ארכיוו פון „באָלשעוויסטישע" פאררעוואָליוציאָנערע זעלטנקייטן (מע קאָן אָנרופן: ארכיוו פון „אלטע באָלשעוויקעס")" (זע ב. XX, ז. 101).

---

1 מיין קורסיוו. י. ס ט.

אפ דעם דאָזיקן באָדן איז טאַקע געבאָרן געוואָרן דער לאָזונג דיקטאטור פונעם פּראָלעטאַריאַט און אָרעמסטן פּויערטום אָנשטאָט דעם אַלטן לאָזונג — דיקטאטור פונעם פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום.

איר קאָנט זאָגן, ווי איר טוט עס טאַקע אין אײַער בריוו, אַז דאָס איז אַ טראָצקיסטיש אַריבערשפּרינגען איבער דער נאָך ניט פאַרענדיקטער פּויערשער רעוואָליוציע, אָבער דאָס וועט זײַן פּונקט אַזויפיל איבער־צײַגנדיק, ווי ווייניק עס איז געווען איבערצײַגנדיק קאַמעניעווס ענלעכע דערווידערונג, וועלכע איז געווען געווענדט אין אַפּרעל 1917 יאָר קעגן לענינען. לענין האָט פולשטענדיק דיסקאַנטירט אַזאַ דערווידערונג, ווען ער האָט געזאָגט:

„טראָצקיזם איז — „אָן אַ צאַר, און אַ רעגירונג אַן אַרבעטערשע". דאָס איז ניט ריכטיק. די קליינבורזשואַזיע איז פאַראַן, אַרויסוואַרפן זי קאָן מען ניט. אָבער אין איר זײַנען פאַראַן צוויי טיילן. איר אָרעמסטער טייל גייט מיטן אַרבעטער־קלאַס" (זע ב. XX, ז. 182).

דעם כ' קאַמעניעווס טאָעס, און איצט אײַער טאָעס, כ' פּאָקראָווסקי, באַשטייט אין ניט־קענען אָפּכאַפּן און אונטערשטרײַכן דעם אונטערשייד צווישן די צוויי טיילן פון דער קליינבורזשואַזיע, אינעם געגעבענעם פאַל — פונעם פּויערטום, אין ניט־קענען אויסטיילן דעם אָרעמסטן טייל פונעם פּויערטום פון דער גאַנצער מאַסע פונעם פּויערטום אינגאַנצן גענומען און אויסבויען דערויף די פּאַרטיי־פּאָליטיק אין דער סיטואַציע פון אַריבערגאַנג פונעם ערשטן עטאַפּ פון דער רעוואָליוציע אין 1917 יאָר צו איר צווייטן עטאַפּ, אינעם ניט־קענען אַרויספירן דערפון דעם נײַעם לאָזונג, דעם צווייטן סטראַטעגישן פּאַרטיי־לאָזונג וועגן דיקטאטור פונעם פּראָלעטאַריאַט און אָרעמסטן פּויערטום.

לאָמיר נאָכקוקן נאָכאַנאַנד די פּראַקטישע געשיכטע פונעם לאָזונג „דיקטאטור פונעם פּראָלעטאַריאַט און אָרעמסטן פּויערטום" פון אַפּרעל ביז אָקטיאַבער 1917 יאָר אין לענינס ווערק.

אַפּרעל 1917 יאָר:

„די אייגנאַרטיקייט פונעם לויפנדיקן מאָמענט אין רוסלאַנד באַשטייט אינעם איבערגאַנג פונעם ערשטן[1] עטאַפּ פון דער רעוואָליוציע, וואָס האָט געגעבן די מאַכט דער בורזשואַזיע מאַכמעס דער ניט־גענוגנדיקער באַוווסטזיניקייט און אָרגאַניזירטקייט פונעם פּראָלעטאַריאַט, — צו איר צווייטן עטאַפּ, וועלכער דאַרף געבן די מאַכט אין די הענט פונעם פּראָלעטאַריאַט און פון די אָרעמסטע שיכטן פונעם פּויערטום[1] (זע לענינס „אַפּרעל־טעזיסן", ב. XX, ז. 88).

---

1 מײַן קורסיוו. י. סט.

## יול 1917 יאָר:

די רעוואָליוציאָנערע אַרבעטער, אויב זיי וועלן געשטיצט ווערן דורך די אָרעמסטע פויערים,[1] בלויז זיי זײַנען אימשטאַנד צו צעברעכן דעם ווידערשטאַנד פון די קאַפּיטאַליסטן, פירן דאָס פאָלק צו דעראָבערן די ערד אָן אויסקויף־געלט, צו פולער פרײַהײַט, צו א זיג איבערן הונגער, צו א זיג איבער דער מילכאָמע, צו א גערעכטיקן און פעסטן שאָלעם" (זע ב. XXI, ז. 77).

## אווגוסט 1917 יאָר:

„בלויז דער פּראָלעטאַריאַט, וואָס פירט אָן מיטן אָרעמסטן פויערטום[1] (מיט די האַלב־פּראָלעטאַריער, ווי עס זאָגט אונדזער פּראָגראַם), קאָן פאַרענדיקן די מילכאָמע מיט א דעמאָקראַטישן שאָלעם, פאַרהיילן אירע ווונדן, אָנהייבן מאַכן טריט צום סאָציאַליזם, וואָס זײַנען געוואָרן אומבאַדינגט נייטיק און קאָנען ניט אָפּגעלייגט ווערן,—אָט דאָס איז די דעפיניציע פון אונדזער קלאַסן־פּאָליטיק איצט" (זע ב. XXI, ז. 111).

## סעפּטיאַבער 1917 יאָר:

„בלויז די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און אָרעמסטע פויערים[1] איז פייִק צו צעברעכן דעם ווידערשטאַנד פון די קאַפּיטאַליסטן, אַרויסווײַזן א ווירקלעך גרויסאַרטיקע דרייסטקײַט און אַנטשלאָסנקײַט פון מאַכט, באַוואָרענען זיך אַן ענטוזיאַסטישע, מעסירעסנעפעש־דיקע, ווירקלעכע העראָישע אונטערשטיצונג מיצאַד די מאַסן סײַ אין דער אַרמיי סײַ אינעם פויערטום" (זע ב. XXI, ז. 147).

## סעפּטיאַבער—אָקטיאַבער 1917 יאָר, די בראָשור „צי וועלן די באָלשעוויקעס אײַנהאַלטן די מעלוכע־מאַכט", ווי לענין פּאָלעמיזירט מיט דער „נאָוואַיאַ זשיזן":

„אָדער[1] די גאַנצע מאַכט דער בורזשואַזיע—דאָס פאַרטיידיקט איר שוין לאַנג ניט, און די בורזשואַזיע אַליין דערוועגט זיך אַפילע ניט צו דערמאָנען וועגן דעם, ווײַסנדיק, אַז שוין דעם 20—21־טן אַפּרעל האָט דאָס פאָלק מיט איין ריר פונעם אַקסל אַראָפּגעוואָרפן אַזא מאַכט און וועט זי אַראָפּוואַרפן איצט דרײַ מאָל אַנטשיידנדיקער, אָנראַכמאָנעסדיקער. אָדער[1] די מאַכט דער קלײנבורזשואַזיע, ד. ה. א קאָאַליציע (א בונד, אַן אויסגלײַך) פון איר מיט דער בורזשואַזיע, ווײַל זעלבשטענדיק און אומאָפּהענגיק וויל ניט און קאָן ניט די קלײנבורזשואַזיע נעמען די מאַכט, ווי ס׳האָט דערוויזן די דערפאַרונג פון אַלע רעוואָליוציעס, ווי עס דערווײַזט אויך די עקאָנאָמישע וויסנשאַפט, וועלכע דערקלערט, אַז אין א קאַפּיטאַליסטיש לאַנד קאָן מען זײַן פאַרן קאַפּיטאַל, קאָן מען זײַן פאַר דער אַרבעט, אָבער אינמיטן אײַנשטיין קאָן מען ניט. די דאָזיקע קאָאַליציע אין רוסלאַנד האָט פאַר א האַלב יאָר אויסגעפּרווט אָן א שיר מיטלען און איז דורכגעפאַלן. אָדער,[1] צולעצט, די גאַנצע מאַכט די פּראָלעטאַריער און אָרעמסטע פויערים,[1] קעגן דער בורזשואַזיע, קעדיי צו צעברעכן איר ווידערשטאַנד. דאָס איז נאָך ניט אויסגעפּרווט, און דאָס איי צעט איר ניט דעם פאָלק, הערן פון „נאָוואַיאַ זשיזן", שרעקנדיק עס מיט אײַער אייגענער דערשראָקנקײַט פאַר דער בורזשואַזיע. קיין שום פּערטן וועג קאָן מען גאָר ניט אויסטראַכטן" (זע ב. XXI, ז. 275).

---

1 מײַן קורסיוו. י. ס ט.

אָט דאָס זײַנענ די פאקטנ.

די דאָזיקע אַלע פאקטנ און געשעענישנ פונ דער געשיכטע פונ צוגרייטנ דעמ אָקטיאבער *מײַדט* איר „בעשאָלעמ" *אויס*, *איר מעקט* „בעשאָלעמ" *אויס* פונ דער געשיכטע פונעמ באָלשעוויזמ דעמ *קאמפ* פונ די באָלשעוויקעס אינעמ פעריִאָד פונ צוגרייטנ דעמ אָקטיאבער קעגנ די *וואקלונגענ און פשאָרעמאכערײַ* פונ די „פויערימ-באלעבאטימ", וואָס זײַנענ געזעסנ דעמאָלט אינ די ראטנ, איר *באגראָבט* „בעשאָלעמ" לענינס לאָזונג וועגנ דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריִאט און אָרעמסטנ פויערטומ און צוזאמענ דערמיט רעדט איר זיכ אײַנ, אז דאָס איז ניט קיינ *גוואלדטאט* איבער דער געשיכטע, איבערנ לעניניזמ.

פונ די דאָזיקע ציטאטעס, וואָס זייער צאָל וואָלט מענ געקאָנט פארגרעסערנ, דארפט איר זענ, כ' פּאָקראָווסקי, אז די באָלשעוויקעס האָבנ אַלס אויסגאנג-פונקט נאָכ פעווראל 1917 יאָר גענומענ ניט דאָס פויערטומ אינגאנצנ גענומענ, נאָר זײַנ אָרעמסטנ טייל, זיי זײַנענ געגאנגענ צומ אָקטיאבער ניט אונטערנ *אַלטנ* לאָזונג פונ דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריִאט און פויערטומ, נאָר אונטערנ *נײַעמ* לאָזונג פונ דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט און אָרעמסטנ פויערטומ.

דערפונ איז צו זענ, אז די באָלשעוויקעס האָבנ דורכגעפירט דעמ דאָזיקנ לאָזונג אינ קאמפ קעגנ די וואקלונגענ און פשאָרעמאכערײַ פונ די ראטנ, קעגנ די וואקלונגענ און פשאָרעמאכערײַ פונ א געוויסנ טייל פונעמ פויערטומ, וואָס איז געזעסנ אינ די ראטנ, קעגנ די וואקלונגענ און פשאָרעמאכערײַ פונ געוויסע פארטייענ פונ דער קליינבירגערלעכער דעמאָקראטיע, וואָס זייער נאָמענ איז — עסערנ און מענשעוויקעס.

דערפונ איז צו זענ, אז אָנ דעמ נײַעמ לאָזונג פונ דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריִאט און אָרעמסטנ פויערטומ וואָלטנ מיר ניט געקאָנט צונויפקלײַבנ א גענוג מעכטיקע פּאָליטישע ארמיי, וואָס איז פייִק בײַצוקומענ די פשאָרעמאכערײַ פונ די עסערנ און מענשעוויקעס, נייטראליזירנ די וואקלונגענ פונ א באשטימטנ טייל פונעמ פויערטומ, אראָפּווארפנ די בורזשואזע מאכט און מאכנ, אזויארומ, מעגלעכ דאָס דערפירנ ביזנ סאָפ די בורזשואזע רעוואָליוציע.

דערפונ איז צו זענ, אז „צומ אָקטיאבער זײַנענ מיר געגאנגענ און האָבנ געזיגט אינעמ אָקטיאבער צוזאמענ מיטנ אָרעמסטנ פויערטומ באמ ווידערשטאנד פונעמ באלעגופּנטומ (אויכ פויערטומ) און וואקלונגענ מיצאד דעמ מיטל-פויערטומ" (זע מײַנ ענטפער דעמ כ' יאנ — סקי).

קומט אויס, אזויארומ, אז אינ אפּרעל 1917 יאָר, ווי אויכ פארנ גאנצנ פעריִאָד פונ צוגרייטנ דעמ אָקטיאבער, איז גערעכט געווענ לענינ, און ניט

קאַמעניעוו, איך, ווידער, כ׳ פּאָקראָווסקי, וואָס רעסטאַווריר׳ט איצט די קאַמע־ניעוושטשינע, פאַלט אַריין, זעט אויס, אין ניט גאָר קיין גוטער קאָמפּאַניע.

2) אין קעגנזאַץ צו דעם גאַנצן אויבן געזאָגטן ברענגט איך לענינס ווערטער וועגן דעם, אַז אין אָקטיאַבער 1917 יאָר האָבן מיר גענומען די מאַכט באַ דער אונטערשטיצונג פונעם פּויערטום אינגאַנצן גענומען. אַז מיר האָבן גענומען די מאַכט באַ אַ באַשטימטער אונטערשטיצונג פונעם פּויערטום אינגאַנצן גענומען, דאָס איז פולשטענדיק ריכטיק. אָבער איך האָט פאַרגעסן צוצוגעבן אַ „קלייניקייט״: דאָס פּויערטום האָט אינגאַנצן גענומען אונדז געשטיצט אינעם אָקטיאַבער, און נאָכן אָקטיאַבער, בלויז אַפּ אַזויפיל, אַפּ וויפל מיר האָבן דערפירט ביזן סאָף די בורזשואַזע רעוואָליוציע. דאָס איז זייער אַ וויכטיקע „קלייניקייט״, וועלכע לייזט אינעם געגעבענעם פאַל די פראַגע. „פאַרגעסן״ אַזאַ וויכטיקע „קלייניקייט״ און פאַרשמירן, אַזויאַרום, די וויכטיקסטע פראַגע איז ניט דערלאָזבאַר פאַר אַ באָלשעוויק, כ׳ פּאָקראָווסקי.

פון אייער בריוו איז צו זען, אַז לענינס ווערטער וועגן דער אונטערשטיצונג פונעם פּויערטום אינגאַנצן גענומען שטעלט איר קעגן דעם לאָזונג פון דער פּאַרטיי וועגן דער „דיקטאַטור פונעם פּראָלע־טאַריאַט און אָרעמסטן פּויערטום״, וואָס דער זעלבער לענין האָט גע־געבן. אָבער קעדיי אַנטקעגנצושטעלן די דאָזיקע ווערטער לענינס קעגן די פריערדיקע ציטאַטעס פון לענינס ווערק, קעדיי צו האָבן אַ גרונט אָפּצו־לייקענען די פריערדיקע ציטאַטעס לענינס וועגן דעם לאָזונג דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט און אָרעמסטן פּויערטום מיט דעם זעלביקן לענינס ווערטער, וואָס איר ברענגט וועגן פּויערטום אינגאַנצן גענומען — דערצו דאַרף מען דערווייזן, צוויי זאַכן:

ערשטנס. מע דאַרף דערווייזן, אַז דאָס דערפירן ביזן סאָף די בורזשואַזע רעוואָליוציע איז דער איקער אין דער אָקטיאַבער־רעוואָליו־ציע. לענין האַלט, אַז דאָס דערפירן ביזן סאָף די בורזשואַזע רעוואָ־ליוציע איז אַ „נעבנ״־פּראָדוקט פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, וואָס האָט געלייזט די דאָזיקע אויפגאַבע „פאַרבייגייענדיק״. מע דאַרף פריער פאַר אַלץ אָפּלייקענען די דאָזיקע האַנאָכע לענינס און דערווייזן, אַז דער איקער אין דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע איז ניט דאָס אַראָפּוואַרפן די מאַכט פון דער בורזשואַזיע און דער איבערגאַנג פון דער מאַכט אין די הענט פונעם פּראָלעטאַריאַט, נאָר דאָס דערפירן ביזן סאָף די בורזשואַזע רעוואָליוציע. פּרוּווט זיך דאָס דערווייזן, כ׳ פּאָקראָווסקי, און דאַן בין איך גרייט צו אַנערקענען, אַז דער פּאַרטיי־לאָזונג פון אַפּרעל ביז אָק־טיאַבער 1917 יאָר איז געווען באַ אונדז ניט די דיקטאַטור פונעם פּראָ-

לעטאריאט און *אָרעמסטנ* פויערטום, נאָר די דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט און פויערטום. פונ אײַער בריוו איז צו זענ, אז איר, ניט האלטנדיק פאר מעגלעכ צו נעמענ אפ זיכ די דאָזיקע מער ווי ריזיקאלע אופגאבע, פרווט איר זיכ פונדעסטוועגנ „פארבײַגײענדיק" דערווײַזנ, אז אינ אײנער פונ די וויכטיקסטע פראגנ פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, אינ דער פראגע וועגנ שאָלעמ, האָט אונדז קלוימערשט געשטיצט דאָס *גאנצע* פויערטום אינגאנצנ גענומענ. דאָס איז, פארשטײט זיכ, ניט ריכטיק. דאָס איז אבסאָליוט ניט ריכטיק, כ' פאָקראָווסקי. אינ דער פראגע וועגנ שאָלעמ האָט איר זיכ אראָפגעגליטשט אפ א באלעבעסלדיקנ שטאנדפונקט. אינדערעמעסנ איז די פראגע וועגנ שאָלעמ געווענ דעמלט בא אונדז א פראגע וועגנ דער מאכט, ווײַל בלויז מיטנ אריבערגאנג פונ דער מאכט אינ די הענט פונעם פראָלעטאריאט האָט מענ געקאָנט אויסרעכענענ אפ אנ אויסוועג פונ דער אימפעריאליסטישער מילכאָמע. איר האָט פארגעסנ, ווײַזט אויס, לענינס ווערטער וועגנ דעמ, אז „ענדיקנ די מילכאָמע קאָנ מענ בלויז מיטנ אריבערגאנג פונ דער מאכט צו אנ אנדער קלאס", אז „נידער מיט דער מילכאָמע — באטײַט ניט ווארפנ דעמ באגנעט, דאָס באטײַט דאָס אריבערגײנ פונ דער מאכט צו אנ אנדער קלאס" (זע לענינס רעדע אפ דער פעטראָגראדער אלשטאָטישער קאָנפערענצ אינ אפרעל 1917 יאָר, ב. XX, ז. 181 און 178).

אלזאָ, אײנס פונ די בײדע: אָדער איר דארפט דערווײַזנ, אז דער *איקער* אינ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע איז דאָס דערפירנ ביזנ סאָפ די בורזשואזע רעוואָליוציע, אָדער איר וועט דאָס ניט דערווײַזנ, — און דעמלט בעט זיכ אלײנ אנ אויספיר וועגנ דעמ, אז דאָס פויערטום *אינגאנצנ גענומענ* האָט געקאָנט שטיצנ אינ אָקטיאבער בלויז אפ אזויפיל, *אפ וויפל* מיר האָבנ דערפירט ביזנ סאָפ די בורזשואזע רעוואָליוציע.

*צווייטנס*. איר מוזט דערווײַזנ, אז די באָלשעוויקעס האָבנ געקאָנט זיכ דערשלאָגנ די אונטערשטיצונג פונעם פויערטום אינגאנצנ גענומענ אינעם אָקטיאבער און נאָכנ אָקטיאבער, אפ וויפל זײ האָבנ דערפירט ביזנ סאָפ די בורזשואזע רעוואָליוציע, אָנ דעמ סיסטעמאטישנ דורכפירנ דעמ לאָזונג וועגנ דער דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט און *אָרעמסטנ* פויערטום פארנ גאנצנ פעריאָד פונ צוגרײטנ דעמ אָקטיאבער, אָנ דעמ סיסטעמאטישנ קאמפ קעגנ דער פשאָרעמאכערײַ פונ די קלײנבירגערלעכע פארטײענ, וועלכער דרינגט ארויס פונ דעמ דאָזיקנ לאָזונג, אָנ דעמ סיסטעמאטישנ דעמאסקירנ די וואקלונגענ פונ געוויסע שיכטנ פונעם פויערטום און פונ זײערע פאָרשטײער אינ די ראטנ, וואָס דרינגט אויכ ארויס פונ דעמ זעלביקנ לאָזונג. פרווט דאָס דערווײַזנ, כ' פאָקראָווסקי. אינדערעמעסנ,

פארוואָס האָט זיכ אונדז אײַנגעגעבנ צו זיכערנ פאר זיכ די אונטערשטיצונג פונעמ פויערטומ אינגאנצנ גענומענ אינעמ אָקטיאבער אונ נאָכנ אָקטיאבער? דערפאר, ווײַל מיר האָבנ באקומענ די מעגלעכקײַט צו דערפירנ ביזנ סאָפ די בורזשואזע רעוואָליוציע. פארוואָס האָבנ מיר באקומענ אזא מעגלעכקײַט? דערפאר, ווײַל אונדז האָט זיכ אײַנגעגעבנ ארויפצוואָרפנ די בורזשואזע מאכט אונ פארבײַטנ זי מיט דער מאכט פונעמ פראָלעטאריאט, וואָס בלויז זי איז פייִק צו דערפירנ ביזנ סאָפ די בורזשואזע רעוואָליוציע. פארוואָס האָט זיכ אונדז אײַנגעגעבנ ארויפצוואָרפנ די מאכט פונ דער בורזשואזיע אונ אוועקשטעלנ די מאכט פונעמ פראָלעטאריאט? דערפאר, ווײַל מיר האָבנ געפירט די צוגרייטונג צומ אָקטיאבער אונטערנ לאָזונג פונ דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט אונ *אָרעמסטנ* פויערטומ, דערפאר, ווײַל, ארויסגייענדיק פונ דעמ דאָזיקנ לאָזונג, האָבנ מיר געפירט א סיסטעמאטישנ קאמפ קעגנ דער פשאָרעמאכערײַ פונ די קלײנבירגערלעכע פארטייענ, דערפאר, ווײַל, ארויסגייענדיק פונ דעמ דאָזיקנ לאָזונג, האָבנ מיר געפירט א סיסטעמאטישנ קאמפ קעגנ די וואקלונגענ פונעמ מיטלפויערטומ אינ די ראטנ, דערפאר, ווײַל *בלויז בא אזא לאָזונג* האָבנ מיר געקאָנט בײַקומענ די וואקלונגענ פונעמ מיטלפויער, צעקלאפנ די פשאָרעמאכערײַ פונ די קלײנבירגער־לעכע פארטייענ אונ צונויפקלײַבנ אזא פאָליטישע ארמיי, וואָס איז פייִק צו פירנ דעמ קאמפ פארנ איבערגאנג פונ דער מאכט אינ די הענט פונעמ פראָלעטאריאט. עס איז קוימ נייטיק צו דערווײַזנ, אז אָנ די דאָזיקע פאָרויסיקע באדינגונגענ, וואָס האָבנ באשטימט דעמ גורל פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, וואָלטנ מיר ניט געקאָנט זיכ דערשלאָגנ די אונטערשטיצונג פונעמ פויערטומ *אינגאנצנ גענומענ* ניט אינעמ אָקטיא*בער*, ניט נאָכנ אָקטיאבער.

אָט וויִאזוי מע דארפ פארשטיינ, כ׳ פאָקראָווסקי, די פארייניקונג פונ די פויערשע מילכאָמעס מיט דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע.

אָט פארוואָס *אנטקעגנשטעלנ* די אונטערשטיצונג פונעמ פויערטומ אינגאנצנ גענומענ אינעמ אָקטיאבער אונ נאָכנ אָקטיאבער דעמ פאקט פונ צוגרייטנ דעמ אָקטיאבער אונטערנ לאָזונג פונ דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט אונ *אָרעמסטנ* פויערטומ באטײַט — *ניט פארשטיינ גאָרניט אינעמ לעניניזמ*.

אײַער גרונט־טאָעס באשטייט דערינ, וואָס איר האָט ניט פארשטאַנענ, כ׳ פאָקראָווסקי, ניט דעמ פאקט פונ אנ איבערפלעכט אינעמ גאנג פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע פונ די *סאָציאליסטישע* אופגאבנ מיט די אופגאבנ פונ דערפירנ ביזנ סאָפ די *בורזשואזע* רעוואָליוציע, ניט די מעכאניק פונ פארווירקלעכנ אינ לעבנ די באזונדערע פאָ־ערונגענ פונ

דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, וואָס דרינגען ארויס פונעם צווייטן סטראטע־גישן פארטיי־לאָזונג וועגן דער דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט און אָרעמסטן פויערטום.

לייענענדיק אייער בריוו, קאָן מען מיינען, אז ניט מיר האָבן גענומען דאָס פויערטום צו דינסט דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע, נאָר, פאר־קערט, „דאָס פויערטום אינגאנצן גענומען", איינשליסנדיק אויך דאָס באַ־לעגופנטום, האָט גענומען די באָלשעוויקעס זיך צו דינסט. שלעכט וואָלטן געווען די געשעפטן בא די באָלשעוויקעס, ווען זיי וואָלטן אזוי לייכט „זיך געשטעלט" צו דינסט די ניט־פראָלעטארישע קלאסן.

די קאַמעניעוושטשינע פונעם פעריאָד פון אפּריל 1917 יאָר — אָט וואָס עס שלעפט אייך פאר די פיס, כ' פּאָקראָווסקי.

3) איר באהויפּט, אז סטאלין זעט ניט דעם אונטערשייד צווישן דער סיטואציע פון 1905 יאָר און דער סיטואציע, וועלכע מיר האָבן געהאט צו פעווראל 1917 יאָר. דאָס איז, פארשטייט זיך, ניט ערנסט. איך האָב דאָס ניט געזאָגט און ניט געקאָנט זאָגן. איך האָב גערעדט אין מיין בריוו בלויז וועגן דעם, אז דער לאָזונג פון דער פארטיי וועגן דער דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט און פויערטום, וועלכער איז געגעבן גע־וואָרן אין 1905 יאָר, האָט באקומען זיין באשטעטיקונג אין דער פעווראל־רעוואָליוציע פון 1917 יאָר. און דאָס איז, פארשטייט זיך, ריכטיק. אָט אזוי טאקע האָט לענין געמאָלט די לאגע אין זיין ארטיקל „די פויערים און די ארבעטער" אין אווגוסט 1917 יאָר:

„בלויז דער פּראָלעטאריאט און דאָס פויערטום קאָנען אראָפּוואַרפן די מאָנארכיע — אָט דאָס איז געווען די גרונטיקע, לויט יענער צייט (עס רעדט זיך וועגן 1905 יאָר. י. סט.), דעפיניציע פון אונדזער קלאסן־פּאָליטיק. און די דאָזיקע דעפיניציע איז געווען ריכטיק. פעווראל און מארט פון 1917 יאָר האָבן דאָס אן איבעריק מאָל באשטעטיקט"[1] (זע ב. XXI, ז. 111).

אייך געפעלט פּאָשעט זיך צו טשעפּען, איבער־דער־מאָס־„דיאַלעקטישער" כאווער.

4) איר פּרווט זיך, ווייטער, כאפּן סטאלינען בא ווידערשפּרוכן, אנט־קעגנשטעלנדיק קעגן זיינע טעזיס וועגן פשאָרעמאכעריי פונעם מיטלפויער ביזן אָקטיאבער די ציטאטע פון סטאלינס בראָשור „פראגן פונעם לעני־ניזם", וווּ עס רעדט זיך וועגן דער מעגלעכקייט צו בויען דעם סאָציאַליזם צוזאמען מיטן מיטלפויערטום נאָכ דער פארפעסטיקונג פון דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט. מע דארף ניט קיין סאך מי,

1 מיין קורסיוו. י. סט.

קעדיי צו דערווייַזן די אבסאָליוטע ניט-וויסנשאַפטלעכקייט פון אזא אידענטי-פיצירן צוויי פארשיידענע דערשייַנונגען. דער מיטלפויער פארן אָקטיאבער, ווען בא דער מאכט איז געשטאנען די בורזשואזיע, און דער מיטלפויער נאָך דער פארפעסטיקונג פון דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט, ווען די בורזשואזיע איז שוין עקספּראָפּריִרט, די קאָאָפּעראציע האָט זיך אנטוויקלט און די איקערדיקע פּראָדוציר-מיטלען זייַנען קאָנצענטרירט אין די הענט פונעם פּראָלעטאריאט,—זייַנען צוויי פארשיידענע זאכן. אידענטיפיצירן די דאָזיקע צוויי מינים מיטלפויער און שטעלן זיי אפ איין ברעט,—דאָס הייסט בא-טראכטן דערשייַנונגען ניט אין פארבינדונג מיט דער היסטאָרישער סיטואציע און פארלירן אלע פּערספּעקטיוון. דאָס איז עטוואָס ענלעכס אפ זינאָוויעווס מאניר פון ציטירן און פארפלאָנטערן אלע דאטעס און פעריִאָדן. אויב דאָס הייסט „רעוואָליוציאָנערע דיִאלעקטיק", דארף מען אנערקענען, אז דער כ' פּאָקראָווסקי האָט געשלאָגן אלע רעקאָרדן פון „דיִאלעקטישן" פּילפּל.

5) די איבעריקע פראגן באריר איך ניט, ווייַל איך רעכן, אז זיי זייַנען שוין אויסגעשעפּט אין דער קאָרעספּאָנדענץ מיטן כ' יאנ—סקי.

20-טער מיי 1927 יאָר.

# דער שמועס מיט דער ערשטער אמעריקאנישער ארבעטער־דעלעגאציע

9 סענטיאבער 1927 יאָר

## I

## די פראגנ פונ דער דעלעגאציע אונ דעמ כ׳ סטאלינס ענטפערנ

1-טע פראגע. וועלכע נײַע פרינציפנ האָבנ לענינ אונ די קאָמפארטײ פראקטיש צוגעגעבנ צום מארקסיזמ? צי וואָלט געווענ ריכטיק צו זאָגנ, אז לענינ האָט געגלייבט אינ דער „שעפערישער רעוואָליוציע“, בײַס מארקס איז געווענ מער געניגט צו ווארטנ אפ דער קולמינאציע-אנטוויקלונג פונ די עקאָנאָמישע קרעפטנ?

ענטפער. איך מיינ, אז קיינ שום „נײַע פרינציפנ“ האָט לענינ ניט „צוגעגעבנ“ צום מארקסיזם, פונקט ווי לענינ האָט ניט אָפגעשאפט קיינ אײנע פונ די „אלטע“ פרינציפנ פונעם מארקסיזמ. לענינ איז געווענ אונ פארבלײַבט דער סאמע טרײַער אונ קאָנסעקווענטער שילער פונ מארקסנ אונ ענגעלסנ, וואָס שטיצט זיך אינגאנצנ אונ פולשטענדיק אפ די פרינציפנ פונעם מארקסיזמ. אָבער לענינ איז ניט געווענ בלויז אנ אויספירער פונ מארקס—ענגעלסעס לערע. ער האָט גלײַכצײַטיק פאָרגעזעצט מארקס אונ ענגעלסעס לערע. וואָס באטײַט עס? דאָס באטײַט, אז ער האָט ווײַטער אנטוויקלט מארקס—ענגעלסעס לערע צוגעפאסט צו די נײַע אנטוויקלונג־באדינגונגענ, צוגעפאסט צו דער נײַער פאזע פונעם קאפיטאליזם, צוגעפאסט צום אימפעריאליזם. דאָס באטײַט, אז, אנטוויקלענדיק ווײַטער מארקס לערע אינ די נײַע באדינגונגענ פונ קלאסנ-קאמף, האָט לענינ אַרײַנגעטראָגנ אינעם אלגעמיינעם אוצער פונעם מארקסיזמ עטוואָס נײַס אינ פארגלײַך מיט דעם, וואָס עס האָבנ געגעבנ מארקס אונ ענגעלס, אינ פארגלײַך מיט דעם, וואָס עס האָט געקאָנט געגעבנ ווערנ אי-

נעמ פעריאָד פונעמ פאר-אימפעריאַליסטישנ קאפּיטאליזמ; דאָס נײַע, וואָס לענינ האָט ארײַנגעטראָגנ אינעמ אויצער פונעמ מארקסיזמ, באַווירט זיכ דערבײַ אינגאנצנ אונ פולשטענדיק אפּ די פּרינציפּנ, וואָס מארקס אונ ענגעלס האָבנ געגעבנ. אינ דעמ זינ רעדט זיכ טאקע בא אונדז וועגנ לענינימ, אלס מארקסיזמ פונ דער עפּאָכע פונעמ אימפּעריאַליזמ אונ פּראָלעטארישע רעוואָליוציעס. אָט זײַנען עטלעכע פראגנ, וואָס אינ זייער געביט האָט לענינ געגעבנ עפּעס נײַס, אנטוויקלענדיק ווײַטער מארקס לערע.

ערשטנס, די פראגע וועגנ מאָנאָפּאָליסטישנ קאפּיטאליזמ, וועגנ אימפּעריאַליזמ, אלס נײַע פאזע פונעמ קאפּיטאליזמ. מארקס אונ ענגעלס האָבנ געגעבנ אינ „קאפּיטאל“ אנ אנאליז פונ די יעסוידעס פונעמ קאפּיטאליזמ. אָבער מארקס אונ ענגעלס האָבנ געלעבט אינעמ פעריאָד פונ דער הערשאפט פונעמ פאר-מאָנאָפּאָליסטישנ קאפּיטאליזמ, אינעמ פעריאָד פונ דער גלאטיקער עוואָליוציאָניזירונג פונעמ קאפּיטאליזמ אונ פונ זײַנ „פרידלעכער“ פארשפּרייטונג אפנ גאנצנ ערד־קײַלעכ. די דאָזיקע אלטע פאזע האָט זיכ געענדיקט צומ סאָפ XIX אונ אָנהייב XX יאָרהונדערט, ווענ מארקס אונ ענגעלס האָבנ שוינ ניט געלעבט. פארשטענדלעכ, אז מארקס אונ ענגעלס האָבנ געקאָנט בלויז זיכ אָנשטויסנ וועגנ יענע נײַע אנטוויקלונג־באדינגונגענ פונעמ קאפּיטאליזמ, וועלכע זײַנענ אָנגעקומענ אינ פארבינדונג מיט דער נײַער פאזע פונעמ קאפּיטאליזמ, וועלכע האָט פארביטנ די אלטע פאזע, אינ פארבינדונג מיט דער אימפּעריאַליסטישער, מאָנאָפּאָליסטישער אנטוויקלונג־פאזע, ווענ די גלאטיקע עוואָליוציאָניזירונג פונעמ קאפּיטאליזמ איז פארביטנ געוואָרנ מיט דער שפּרונגארטיקער, קאטאסטראָפאלער אנטוויקלונג פונעמ קאפּיטאליזמ, ווענ די ניט־גלײַכמעסיקײַט פונ דער אנטוויקלונג אונ די ווידערשפּרוכנ פונעמ קאפּיטאליזמ זײַנענ ארויסגעטראָטנ מיט א באזונדער קראפט, ווענ דער קאמפ פאר די אָפּזאצ-מערק אונ עקספּאָרט פונ קאפּיטאל אינ די באדינגונגענ פונ העכסטער ניט־גלײַכמעסיקײַט פונ דער אנטוויקלונג האָט געמאכט פאר אומפארמײַדלעכ פעריאָדישע אימפּעריאַליסטישע מילכאָמעס פאר פעריאָדישע איבערפארטיילונגענ פונ דער וועלט אונ פונ די אײַנפלוס־ספערנ. לענינס פארדינסט אונ, דאָס הייסט, דאָס נײַע בא לענינענ באשטייט דאָ דערינ, וואָס, שטיצנדיק זיכ אפ די גרונט-האנאָכעס פונ „קאפּיטאל“, האָט ער געגעבנ א באגרינדעטנ מארקסיסטישנ אנאליז פונעמ אימפּעריאַליזמ, אלס לעצטע פאזע פונ קאפּיטאליזמ, אופדעקנדיק זײַנע וווּנדנ אונ די באדינגונגענ פונ זײַנ אומפארמײַדלעכנ אומקומ. אפ דער באזע פונ דעמ דאָזיקנ אנאליז איז אנטשטאנענ די באוווּסטע לענינס האנאָכע וועגנ דעמ, אז אינ די באדינגונגענ פונעמ אימפּעריאַליזמ איז מעגלעכ א זיג פונעמ סאָציאַליזמ אינ אײנצלנע, באזונדער גענומענע, קאפּיטאליסטישע לענדער.

צווייטנס, די פראגע וועגנ דער דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאַט. די גרונט־אידיי פונ דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט, אלס פּאָליטישע הערשאפט פונעם פראָלעטאריאַט אונ אלס מעטאָד פונ אראָפּווארפנ די מאכט פונעם קאפּיטאל דורכ געוואלט, האָבנ געגעבנ מארקס אונ ענגעלס. דאָס נײַע בא לענינענ איז דעם דאָזיקנ געביט באשטייט דערינ, וואָס: א) ער האָט אנטדעקט די סאָוועטישע מאכט, אלס מעלוכע־פאָרמ פונ דער דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט, אויסנוצנדיק דערצו די דערפארונג פונ דער פאריזשער קאָמונע אונ פונ דער רוסישער רעוואָליוציע; ב) ער האָט פאנאנדערגעעפנט די קלאמערנ אינ דער פאָרמולע פונ דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאַט פונעם שטאנדפּונקט פונ דער פּראָבלעם וועגנ די פארבינדעטע פונעם פּראָלעטאריאַט, דעפינירנדיק די דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט, אלס א באזונדערע פאָרמ פונ קלאסנ־בונד פונעם פּראָלעטאריאַט, וועלכער איז דער אָנפירער, מיט די עקספּלואטירטע מאסנ פונ די ניט־פּראָלעטארישע קלאסנ (פּויערטומ אא.), וועלכע זײַנענ די אָנגעפירטע; ג) ער האָט אונטערגעשטראָכנ מיט א באזונדערער קראפט יענעם פאקט, אז די דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט איז דער העכסטער טיפּ דעמאָקראטיע בא א קלאסנ־געזעלשאפט, די פאָרמ פונ פּראָלעטארישער דעמאָקראטיע, וועלכע דריקט אויס די אינטערעסנ פונ דער מערהײַט (עקספּלואטירטע),—אינ קעגנגעוויכט צו דער קאפּיטאליסטישער דעמאָקראטיע, וועלכע דריקט אויס די אינטערעסנ פונ דער מינדערהײַט (עקספּלואטאטערס).

דריטנס, די פראגע וועגנ די פאָרמענ אונ מעטאָדנ פונ דערפּאָלגרײַכנ בויענ דעם סאָציאַליזמ אינעם פעריאָד פונ דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט, אינעם איבערגאנג־פעריאָד פונעם קאפּיטאליזמ צומ סאָציאַליזמ, אינעם לאנד, וואָס איז ארומגערינגלט מיט קאפּיטאליסטישע מעלוכעס. מארקס אונ ענגעלס האָבנ באטראכט דעם פעריאָד פונ דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט, אלס א פעריאָד א מער־ווייניקער דויערהאפטיקנ, א פולנ מיט רעוואָליוציאָנערע געראנגלענ אונ בירגערקריגנ, אינ מעשעכ פונ וועלכנ דער פּראָלעטאריאַט, געפינענדיק זיכ בא דער מאכט, נעמט אָנ מיטלענ פונ עקאָנאָמישנ, פּאָליטישנ, קולטורעלנ אונ אָרגאניזאציאָנעלנ כאראקטער, וועלכע זײַנענ נייטיק, קעדיי אָנשטאָט דער אלטער קאפּיטאליסטישער געזעלשאפט צו שאפנ א נײַע סאָציאַליסטישע געזעלשאפט, א געזעלשאפט אָנ קלאסנ, א געזעלשאפט אָנ א מעלוכע. לענינ איז געשטאנענ אינגאנצנ אונ פולשטענדיק אפנ באָדנ פונ די דאָזיקע גרונט־האנאָכעס פונ מארקסנ אונ ענגעלסנ. דאָס נײַע בא לענינענ אינ דעמ דאָזיקנ געביט באשטייט דערינ, וואָס: א) ער האָט באגרינדעט די מעגלעכקײַט אויסצובויענ א פולשטענדיקע סאָציאַליסטישע געזעלשאפט אינעם לאנד פונ דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט, וועלכעס איז ארומגערינגלט מיט אימפּעריאַליסטישע מעלוכעס, באמ

באדינג, אז דאָס דאָזיקע לאַנד וועט ניט ווערן דערשטיקט דורך א מי־ליטערישער אינטערווענץ פון די קאפּיטאליסטישע מעלוכעס, וואָס רינגלען עס ארום; ב) ער האָט אָנגעמערקט די קאָנקרעטע וועגן פון דער עקאָנאָמישער פּאָליטיק (די „נייַע עקאָנאָמישע פּאָליטיק”), וואָס מיט זייער הילף, האָבנדיק אין די הענט די עקאָנאָמישע קאָמאַנדיר־הייכן (די אינדוסטריע, ערד, טראנספּאָרט, בענק, אדג.), שליסט דער פּראָלעטאַריאַט צונויף די סאָציאַליסטישע אינדוסטריע מיט דער לאַנדווירטשאַפט („צוזאַמענשלוס פון דער אינדוסטריע מיט דער פּויערשער ווירטשאַפט”) און פירט, אַזויארום, די גאַנצע פאָלקווירטשאַפט צום סאָציאַליזם; ג) ער האָט אָנגעמערקט די קאָנקרעטע וועגן פון שטופּנווייַז צופירן און אריינציִען די גרונט־מאסן פון פּויערטום אינעם שטראָם פון דער סאָציאַליסטישער בויונג דורך דער קאָאָפּעראַציע, וואָס איז אין די הענט פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור דאָס גרעסטע מיטל אַף איבערצומאַכן די קליינפּויערשע ווירטשאַפט און איבערדערציִען די גרונט־מאַסן פונעם פּויערטום אין גייַסט פון סאָציאַליזם.

פּערטנס, די פראגע וועגן דער העגעמאָניע פונעם פּראָלעטאַריאַט אין דער רעוואָליוציע, אין יעדער פאָלק־רעוואָליוציע, סייַ אין דער רעוואָליוציע קעגן דעם צאריזם סייַ אין דער רעוואָליוציע קעגן דעם קאפּיטאליזם. מארקס און ענגעלס האָבן געגעבן די גרונט־עסקיזן פון דער אידיי פון דער העגעמאָניע פונעם פּראָלעטאַריאַט. דאָס נייַע בא לענינען באשטייט דאָ דערין, וואָס ער האָט אנטוויקלט ווייַטער און פאנאנדערגעוויקלט די דאָזיקע עסקיזן אין א הארמאָנישער סיסטעם פון העגעמאָניע פונעם פּראָלעטאַריאַט, אין א הארמאָנישער סיסטעם פון דער אָנפירונג פונעם פּראָלעטאַריאַט מיט די ארבעטנדיקע מאסן פון שטאָט און דאָרף ניט בלויז אין קאַמף פון אראָפּוואַרפן דעם צאריזם און קאפּיטאליזם, נאָר אויך אין דער סאָציאַליסטישער בויונג בא דער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט. ס'איז באַוווּסט, אז די אידיי פון דער העגעמאָניע פונעם פּראָלעטאַריאַט האָט באקומען, אדאנק לענינען און זייַן פּאַרטיי, א מייַסטערהאפטע אָנווענדונג אין רוסלאַנד. דערמיט דערקלערט זיך, אגעוו, יענער פאקט, וואָס די רעוואָליוציע אין רוסלאַנד האָט געבראַכט צו דער מאכט זעם פּראָלעטאַריאַט. פריִער פלעגט די זאַך געוויינלעך פּאַרקומען אַזוי, אז די ארבעטער פלעגן זיך שלאָגן בייַס דער רעוואָליוציע אַף די באריקאַדעס, זיי פלעגן פארגיסן בלוט, זיי פלעגן אראָפּוואַרפן דאָס אַלטע, און די מאכט פלעגט אריינפאלן אין די הענט פון די בורזשואַ, וועלכע האָבן דערנאָך אונטערדריקט און עקספּלואַטירט די ארבעטער. אַזוי איז געווען אין ענגלאַנד און אין פראַנקרייַך. אַזוי איז געווען אין דייַטשלאַנד. בא אונדז, אין רוסלאַנד, האָט די זאך אָנגענומען אַן אַנדער ווענדונג. בא אונדז זייַנען די

ארבעטער געווען ניט בלויז די שלאָג־קראפט פון דער רעוואָליוציע. זייענדיק די שלאָג־קראפט פון דער רעוואָליוציע, האָט דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט צוזאמען דערמיט זיך באמיט צו זיין אויך דער העגעמאָן, דער פּאָליטישער אָנפירער פון אלע עקספּלואטירטע מאסן פון שטאָט און דאָרף, באהעפטנדיק זיי ארום זיך, אָפּרייסנדיק זיי פון דער בורזשואזיע, איזאָלירנדיק פּאָליטיש די בורזשואזיע. זייענדיק ווידער דער העגעמאָן פון די עקספּלואטירטע מאסן, האָט דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט געקעמפט די גאנצע צייט פאר דעם, אז ער זאָל פארכאפּן די מאכט אין זיינע הענט און אויסנוצן זי אין זיינע אייגענע אינטערעסן, קעגן דער בורזשואזיע, קעגן דעם קאפּיטאליזם. און דערמיט, אייגנטלעך, דערקלערט זיך, וואָס יעדע מעכטיקע ארויסטרעטונג פון דער רעוואָליוציע אין רוסלאנד, סיי אין אָקטיאבער 1905 יאָר סיי אין פעווראל 1917 יאָר, האָט ארויסגערוקט אפ דער סצענע די ראטן פון ארבעטער-דעפּוטאטן, אלס עמבריאָנען פון א נייעם מאכט-אפּאראט, וועלכער איז בארופן צו דערשטיקן די בורזשואזיע, — אין קעגנגעוויכט צו דעם בורזשואזן פּארלאמענט, אלס אלטן מאכט-אפּאראט, וועלכער איז בארופן צו דערשטיקן דעם פּראָלעטאַריאַט. צוויי מאָל האָט זיך די בורזשואזיע בא אונדז געפּרוווט אופשטעלן דעם בורזשואזן פּארלאמענט און מאכן א סאָף צו די ראטן: אין אווגוסט 1917 יאָר, בעשאס דעם „פּאָרפּארלאמענט", איידער די באָלשעוויקעס האָבן גענומען די מאכט, און אין יאנוואר 1918 יאָר, בייס דער „גרינדונג-פארזאמלונג", נאָך דעם, ווי דער פּראָלעטאַריאַט האָט גענומען די מאכט, — און יעדעס מאָל האָט זי געליטן א מאפּאָלע. פאר-וואָס? דערפאר, ווייל די בורזשואזיע איז שוין געווען איזאָלירט פּאָליטיש, די מיליאָניקע מאסן ארבעטנדיקע האָבן געהאלטן דעם פּראָלעטאַריאַט פארן איינציקן פירער פון דער רעוואָליוציע, און די ראטן זיינען שוין געווען דורכגעקאָנטראָלירט און אויסגעפּרוווט דורך די מאסן, ווי אן אייגענע ארבעטער-מאכט, וואָס פארבייטן זי אפ א בורזשואזן פּארלאמענט וואָלט פארן פּראָלעטאַריאַט געווען א זעלבסטמאָרד. דעריבער איז קיין וווּנ-דער ניט, וואָס דער בורזשואזער פּארלאמענטאַריזם האָט זיך בא אונדז ניט צוגענומען. אָט פארוואָס די רעוואָליוציע האָט אין רוסלאנד געבראכט צו דער מאכט פונעם פּראָלעטאַריאַט. אָט זיינען די רעזולטאטן פון דורכ-פירן אין לעבן די לענינשע סיסטעם פון דער העגעמאָניע פונעם פּראָלעטאַריאַט אין דער רעוואָליוציע.

פינפטנס, די נאציאָנאל־קאָלאָניאלע פראגע. אנאליזירנדיק אין זייער צייט די געשעענישן אין אירלאנד, אינדיע, כינע, אין די לענדער פון צענטראל-אייראָפּע, אין פּוילן, אין אונגארן, — האָבן מארקס און ענגעלס געגעבן די גרונטיקע, אויסגאנג־אידייען אין דער נאציאָנאל־קאָלאָניאלער

פראגע. לענין האָט אין זײַנע ווערק זיך באזירט אף די דאָזיקע אידײען. דאָס נײַע בא לענינען אין דעם געביט באשטייט דערין, וואָס: א) ער האָט צונויפגעזאמלט אינאיינעם די דאָזיקע אידייען אין א הארמאָנישער סיסטעם פון אָנשויונגען וועגן נאציאָנאַל־קאָלאָניאַלע רעוואָלוציעס אין דער עפּאָכע פונעם אימפּעריאַליזם; ב) ער האָט פארבונדן די נאציאָנאַל־קאָלאָניאַלע פראגע מיט דער פראגע וועגן אראָפּוואַרפן דעם אימפּעריאַליזם; ג) ער האָט דערקלערט די נאציאָנאַל־קאָלאָניאַלע פראגע פאר א באשטאנדטייל פון דער אַלגעמיינער פראגע וועגן דער אינטערנאציאָנאַלער פּראָלעטארישער רעוואָלוציע.

צולעצט, די פראגע וועגן דער פּארטיי פונעם פּראָלעטאריאַט. מארקס און ענגעלס האָבן געגעבן די גרונט־עסקיזן וועגן דער פּארטיי, אלס פאָרגעשריטענעם טייל פונעם פּראָלעטאריאַט, וואָס אָן איר (אָן דער פּארטיי) קאָן דער פּראָלעטאריאַט זיך ניט דערשלאָגן זײַן באפרײַונג ניט אינעם זין פון נעמען די מאַכט, ניט אינעם זין פון איבערבויען די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאפט. דאָס נײַע בא לענינען אין דעם געביט באשטייט דערין, וואָס ער האָט אנטוויקלט ווײַטער די דאָזיקע עסקיזן צוגעפּאסט צו די נײַע באדינגונגען פונעם קאמף פון פּראָלעטאריאַט אינעם פּעריאָד פונעם אימפּעריאַליזם, באווײַזנדיק, אז: א) די פּארטיי איז די העכסטע פאָרם קלאסן־אָרגאניזאציע פונעם פּראָלעטאריאַט אין פארגלײַך מיט די אנדערע אָרגאניזאציע־פאָרמען פונעם פּראָלעטאריאַט (פּראָפאריינען, קאָאָפּעראציע, מעלוכישע אָרגאניזאציע), וואָס זייער ארבעט איז זי באַרופן צו פאראַלגעמיינערן און צו ריכטן; ב) די דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט קאָן פארווירקלעכט ווערן בלויז דורך דער פּארטיי, אלס איר ריכטונגגעבנדיקע קראפט; ג) די דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט קאָן זײַן א פולע בלויז אין דעם פאל, אויב מיט איר פירט אָן איין פּארטיי, די פּארטיי קאָמוניסטן, וועלכע טיילט ניט און דארף ניט טיילן די אָנפירונג מיט אנדערע פּארטייען; ד) אָן אן אײַזערנער דיסציפּלין אין דער פּארטיי קאָנען ניט פארווירקלעכט ווערן די אויפגאבן פון דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט צו דערשטיקן די עקספּלואטאטערס און איבערבויען די קלאסן-געזעלשאפט אין א סאָציאַליסטישער געזעלשאפט.

אָט איז אין גרונט דאָס נײַע, וואָס לענין האָט געגעבן אין זײַנע ווערק, קאָנקרעטיזירנדיק און אנטוויקלענדיק ווײַטער מארקס לערע צוגעפּאסט צו די נײַע באדינגונגען פון קאמף פונעם פּראָלעטאריאַט אין פּעריִאָד פונעם אימפּעריאַליזם.

דערפאר טאקע זאָגט מען בא אונדז, אז דער לעניניזם איז מארקסיזם פון דער עפּאָכע פונעם אימפּעריאַליזם און פּראָלעטארישע רעוואָלוציעס.

דערפון איז צו זען, אז דעם לעניניזם טאָר מען ניט ניט אָפּטיילן פונעם מארקסיזם, און אוואדע ניט אנטקעגנשטעלן דעם מארקסיזם.

אין דער פראגע פון דער דעלעגאציע איז געזאָגט געוואָרן ווייטער: „צי וואָלט געווען ריכטיק צו זאָגן, אז לענין האָט געגלייבט אין דער „שעפערישער רעוואָלוציע", בייס מארקס איז געווען מער גענייגט צו ווארטן אָפּ דער קולמינאציע-אנטוויקלונג פון די עקאָנאָמישע קרעפטן?" איך מיין, אז אזוי זאָגן וואָלט געווען לאכלוטן ניט ריכטיק. איך מיין, אז יעדע פאָלק-רעוואָליוציע, אויב זי איז ווירקלעך א פאָלק-רעוואָליוציע, איז זי א שעפערישע רעוואָליוציע, ווייל זי ברעכט דעם אלטן שטייגער און שאפט, בויט א נייעם. פארשטייט זיך, ס'קאָן ניט זיין קיין שום שעפערישעס אין אזעלכע, זאָלט איר מיר מוחל זיין, „רעוואָליוציעס", ווי ס'טרעפן אמאָל, לאָמיר זאָגן, אין אלבאניע אין דער פאָרם פון קינדער-שפיל-„אופשטאנדן" פון איינע שוואָטים קעגן די צווייטע. אָבער אזעלכע קינדער-שפיל-„אופשטאנדן" האָבן מארקסיסטן קיינמאָל ניט גערעכנט פאר קיין רעוואָליוציע. עס האנדלט זיך, אפּאָנעם, ניט וועגן אזעלכע „אופשטאנדן", נאָר וועגן א מאסעווער פאָלק-רעוואָליוציע, וועלכע הייבט אוף די אונטערדריקטע קלאסן קעגן די קלאסן — אונטערדריקערס. און אזא רעוואָליוציע קאָן ניט זיין קיין שעפערישע. מארקס און לענין זיינען געווען טאקע פאר אזא רעוואָליוציע, — און בלויז פאר אזא. דערביי איז פארשטענדלעך, אז אזא רעוואָליוציע קאָן ניט אנטשטיין בא די ערשטע בעסטע באדינגונגען, אז זי קאָן זיך צעשפילן בלויז בא באשטימטע גינסטיקע באדינגונגען פון עקאָנאָמישן און פּאָליטישן כאראקטער.

**2-טע פראגע. צי קאָן מען זאָגן, אז די קאָמפּארטיי קאָנטראָלירט די רעגירונג?**

ענטפער. אלץ הענגט אָפּ דערפון, וויאזוי מע זאָל פארשטיין קאָנטראָל. אין די קאפּיטאליסטישע לענדער פארשטייט מען קאָנטראָל א ביסל אייגנארטיק. איך וויס, אז א גאנצע ריי קאפּיטאליסטישע רעגירונגען ווערט קאָנטראָלירט דורך די גרעסטע בענק, ניט געקוקט אָפּ דער עקזיסטענץ פון „דעמאָקראטישע" פארלאמענטן. די פארלאמענטן פארזיכערן, אז טאקע זיי קאָנטראָלירן די רעגירונגען. אין דער ווירקלעכקייט אָבער באקומט זיך, אז דער באשטאנד פון די רעגירונגען ווערט פאָרויסבאשטימט און זייער טעטיקייט ווערט קאָנטראָלירט דורך די גרעסטע פינאנץ-קאָנסאָרציומס. ווער עס איז דען ניט באוווסט, אז אין קיין איין קאפּיטאליסטישער „מעלוכע" קאָן זיך ניט פאָרמירן קיין קאבינעט קעגן דעם ווילן פון די גרעסטע פינאנץ-מאגנאטן: מע דארף בלויז מאכן א פינאנציעלן דרוק — און מיניסטאָרן פליען פון זייערע פּאָסטנס, ווי פריטשמעליעטע. דאָס איז ווירקלעך א קאָנטראָל פון די בענק

איבער די רעגירונגען, טראָץ דעם קלוימערשטיקן קאָנטראָל פון די פּאַרלאַמענטן. אויב עס האַנדלט זיך וועגן אַזאַ קאָנטראָל, מוז איך דערקלערן, אַז א קאָנטראָל פון געלט־זעק איבער דער רעגירונג איז בא אונדז אומעגלעך און אבסאָליוט אויסגעשלאָסן, שוין דערפאַר אליין, וואָס די בענק זיינען בא אונדז שוין לאַנג נאַציאָנאַליזירט, און די געלט־זעק זיינען ארויסגעשליידערט פון פּססר.

עפּשער האָט די דעלעגאַציע געוואָלט פרעגן ניט וועגן קאָנטראָל, נאָר וועגן אָנפירונג פון דער פּאַרטיי בענוגע צו דער רעגירונג? אויב די דעלעגאַציע האָט געוואָלט פרעגן וועגן דעם, ענטפער איך: יאָ, די פּאַרטיי פירט אָן בא אונדז מיט דער רעגירונג. און די דאָזיקע אָנפירונג גיט זיך איין דערפאַר, ווייל די פּאַרטיי האָט בא אונדז דעם צוטרוי פון דער מערהייט ארבעטער און ארבעטנדיקע ביכלאַל און זי האָט רעכט אָנצופירן מיט די אָרגאַנען פון דער רעגירונג אין נאָמען פון דער דאָזיקער מערהייט.

אין וואָס דריקט זיך אויס די אָנפירונג מיט דער רעגירונג מיצאַד דער ארבעטער־פּאַרטיי פון פּססר, מיצאַד דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּססר?

פריער פאַר אַלץ דערין, וואָס אָפּ די גרונט־פּאָסטנס פון דער מעלוכעארבעט אין אונדזער לאַנד באַמיט זיך די קאָמפּאַרטיי דורכצופירן דורך די ראַטן און זייערע צוזאַמענפאָרן אירע קאַנדידאַטן, אירע בעסטע טוער, וועלכע זיינען איבערגעגעבן דעם פּראָלעטאַריאַט און זיינען גרייט טריי און ערלעך צו דינען דעם פּראָלעטאַריאַט. און דאָס גיט זיך איר איין אין דער גרעסטער מערהייט פאַלן, ווייל די ארבעטער און פּויערים באַציען זיך צו דער פּאַרטיי מיט צוטרוי. דאָס איז ניט קיין צופעליקייט, וואָס די אָנפירער מיט די מאַכט־אָרגאַנען בא אונדז זיינען קאָמוניסטן, וואָס זיי, די דאָזיקע אָנפירער, האָבן א גוואַלדיקן אווטאָריטעט אין לאַנד.

צווייטנס, דערין, וואָס די פּאַרטיי קאָנטראָלירט די ארבעט פון די פאַרוואַלטונג־אָרגאַנען, די ארבעט פון די מאַכט־אָרגאַנען, פאַריכטנדיק די פעלערן און דעפעקטן, וואָס אָן דעם גייט עס ניט, זי העלפט זיי דורכפירן די באַשלוסן פון דער רעגירונג און באַמיט זיך צו זיכערן פאַר זיי די אונטערשטיצונג פון די מאַסן, דערביי ווערט קיין איין וויכטיקער באַשלוס דורך זיי ניט אָנגענומען אָן די אַנטשפּרעכיקע אָנווייזונגען פון דער פּאַרטיי.

דריטנס, דערין, וואָס באַם אויסאַרבעטן דעם ארבעט־פּלאַן פון די אָדער יענע מאַכט־אָרגאַנען, צי לויט דער ליניע פון דער אינדוסטריע און לאַנדווירטשאַפט, צי לויט דער ליניע פון האַנדל און קולטורעלער בויונג, גיט די פּאַרטיי אַלגעמיינע אָנפירנדיקע אָנווייזונגען, וועלכע באַשטימען דעם כאַראַקטער און די ריכטונג פון דער ארבעט פון די דאָזיקע אָרגאַנען אָפּ דער גאַנצער צייט, וואָס די פּלענער זיינען גילטיק.

די בורזשואזע פּרעסע דריקט אויס, געוויינלעך, „פּארווונדערונג" איבער אזא „אריינמישונג" פון דער פּארטיי אין די איניאַנים פון דער מעלוכע. אָבער די דאָזיקע „פּארווונדערונג" איז אפּ דורכ און דורכ פאלש. ס'איז באַוווּסט, אז אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער „מישן זיכ" די בורזשואזע פּארטייען פּונקט אזוי אריין אין די איניאַנים פון דער מעלוכע און פירן אָן מיט די רעגירונגען, דערביי ווערט די אָנפירונג קאָנצענטרירט דאָרט אין די הענט פון אן ענגן קרייז מענטשן, וועלכע זיינען אזוי צי אנדערש פארבונדן מיט די גרויסע בענק און באמיִען זיכ, מאכמעס דעם, צו באהאלטן פון דער באַפעלקערונג זייער ראָליע. ווער[?] עמען איז ניט באוווּסט, אז יעדע בורזשואזע פּארטיי אין ענגלאנד אָדער אין אנדערע קאַפּיטאַליסטישע לענדער האָט אירן אן אייגענעם געהיימען קאבינעט פון אן ענגן קרייז מענטשן, וואָס קאָנצענטרירן אין זייערע הענט די אָנפירונג? דערמאָנט זיכ כאָטש לויד-דזשאָרדזשס באוווּסטע רעדע וועגן דעם „שאָטנדיקן" קאבינעט בא דער ליבעראלער פּארטיי. דער אונטערשייד אין דער הינזיכט צווישן דעם לאַנד פון די ראטן און די קאַפּיטאַליסטישע לענדער באשטייט דערין, וואָס: א) אין די לענדער פון קאַפּיטאַליזם פירן אָן די בורזשואזע פּארטייען מיט דער מעלוכע אין די אינטערעסן פון דער בורזשואזיע און קעגן דעם פּראָלעטאַריאַט, דאַן ווען אין סססר פירט אָן די קאָמפּארטיי מיט דער מעלוכע אין די אינטערעסן פון פּראָלעטאַריאַט און קעגן דער בורזשואזיע; ב) די בורזשואזע פּארטייען באהאלטן אויס פון פאָלק זייער אָנפירנדיקע ראָליע, אָנקומענדיק צו דער הילף פון פארדעכטיקע געהיימע קאבינעטן, דאַן ווען די קאָמפּארטיי אין סססר נייטיקט זיכ ניט אין קיינע שום געהיימע קאבינעטן, זי פארורטיילט די פּאָליטיק און פּראַקטיק פון געהיימע קאבינעטן און דערקלערט אָפן פארן גאַנצן לאַנד, אז זי נעמט אפּ זיכ די פאראַנטוואָרטלעכקייט פאר דער אָנפירונג מיט דער מעלוכע.

**איינער פון די דעלעגאטן.** אפּ די זעלבע יעסוידעס פירט אָן די פּארטיי מיט די פּראָפאריינען?

**סטאַלין.** אין גרונט — יאָ. פאָרמעל קאָן די פּארטיי ניט געבן די פּראָפאריינען קיינע שום דירעקטיוון. אָבער די פּארטיי גיט דירעקטיוון די קאָמוניסטן, וועלכע ארבעטן אין די פּראָפאריינען. ס'איז באוווּסט, אז אין די פּראָפאריינען זיינען פאראן פראקציעס קאָמוניסטן, פּונקט ווי אין די ראטן, אין דער קאָאָפּעראציע אאוו. די פליכט פון די דאָזיקע קאָמוניסטישע פראקציעס באשטייט דערין, אז זיי זאָלן מיט דער הילף פון איבערצייגונג זיכ דערשלאָגן אין די אָרגאַנען פון די פּראָפאריינען, ראטן, קאָאָפּעראציע אאוו. אזעלכע באשלוסן, וועלכע אנטשפּרעכן די דירעקטיוון פון דער פּארטיי. און דאָס גיט זיכ זיי אייַן צו פארווירקלעכן אין דער גרעסטער מערהייט פאלן,

ווײַל די ווירקונג פונ דער פארטיי אינ די מאסנ איז קאָלאָסאל, אונ זי האָט דאָרט גרויס צוטרוי. אפ אזא אויפנ ווערט דערגרייכט די איינהײַט פונ טאט פונ די סאמע פארשיידנארטיקע אָרגאניזאציעס פונעם פראָלעטאריאט. אָנ דעם וואָלטנ מיר געהאט צעשפליטערונג אונ דיסהארמאָניע אינ דער ארבעט פונ די דאָזיקע אָרגאניזאציעס פונעם ארבעטער־קלאס.

**3-טע פראגע. אפ וויפל אינ רוסלאנד איז לעגאל בלויז איינ פארטיי, פונוואנענ ווייסט איר, אז די מאסנ פילנ מיט דעם קאָמוניזמ?**

ענטפער. דאָס איז ריכטיק, אז אינ פססר איז ניטאָ קיינ לעגאלע בורזשואזע פארטייענ, אז לעגאל איז דאָרט בלויז איינ פארטיי, די פארטיי פונ די ארבעטער, די פארטיי קאָמוניסטנ. צי זײַנענ פאראנ בא אונדז, פונדעסטוועגנ, וועגנ אונ מיטלענ אפ צו איבערצײַגנ זיכ דערינ, אז די מערהײַט ארבעטער, די מערהײַט ארבעטנדיקע מאסנ פילנ מיט די קאָמוניסטנ? עס האנדלט זיכ, פארשטייט זיכ, וועגנ די ארבעטערשע אונ פויערשע מאסנ, אונ ניט וועגנ דער נײַער בורזשואזיע, אונ ניט וועגנ די ברוכשטיקער פונ די אלטע עקספלואטאטערישע קלאסנ, וועלכע זײַנענ שוינ צעקלאפט דורכנ פראָלעטאריאט. יאָ, בא אונדז איז פאראנ א מעגלעכקײַט, בא אונדז זײַנענ פאראנ וועגנ אונ מיטלענ צו דערוויסנ זיכ — צי פילנ מיט די ארבעטערשע אונ פויערשע מאסנ די קאָמוניסטנ אָדער זיי פילנ זיי ניט מיט. לאָמיר נעמענ די וויכטיקסטע מאָמענטנ אינעם לעבנ פונ אונדזער לאנד אונ א קוק טאָנ, צי איז פאראנ א גרונט צו באהויפטנ, אז די מאסנ פילנ ווירקלעכ מיט די קאָמוניסטנ.

לאָמיר נעמענ, פריער פאר אלצ, אזא וויכטיקנ מאָמענט, ווי דעם פעריאָד פונ דער אָקטיאבער־איבערקערעניש אינ 1917 יאָר, ווענ די קאָמוניסטישע פארטיי האָט, טאקע אלס פארטיי, אָפנ גערופנ די ארבעטער אונ פויערימ אראָפוואַרפנ די מאכט פונ דער בורזשואזיע אונ ווענ זי, די דאָזיקע פארטיי, איז געשטיצט געווענ דורכ דער גרעסטער מערהײַט ארבעטער, סאָלדאטנ אונ פויערימ. וואָס פאר א סיטואציע איז דאנ געווענ? בא דער מאכט זײַנענ געשטאנענ די סאָציאליסטנ־רעוואָליוציאָנערנ (עסערנ) אונ די סאָציאל־דעמאָקראטנ (די מענשעוויקעס), וועלכע האָבנ זיכ בלאָקירט מיט דער בורזשואזיע. דער מאכט־אפאראט אינ צענטער אונ אפ די ערטער, ווי אויכ דער אפאראט פונ דער קאָמאנדירונג פונ דער צוועלפ־מיליאָניקער ארמיי, האָט זיכ געפונענ אינ די הענט פונ די דאָזיקע פארטייענ, אינ די הענט פונ דער רעגירונג. די קאָמוניסטישע פארטיי האָט זיכ געפונענ אינ א האלב־לעגאלנ צושטאנד. די בורזשוא פונ אלע לענדער האָבנ נעוויס געזאָגט וועגנ אנ אומפארמײַדלעכנ דורכפאל פונ דער פארטיי באָלשעוויקעס. די אנטאנטע איז אינגאנצנ אונ

פולשטענדיק געווען פאר קערענסקיס רעגירונג. דאָך האָט די פּארטיי קאָמו־ניסטן, די פּארטיי באָלשעוויקעס, ניט אופגעהערט צו רופן דעם פּראָלעטאַריאַט ער זאָל אראָפּוואַרפן די דאָזיקע רעגירונג און איינשטעלן די דיקטאטור פונעם פּראָלעטאַריאַט. און וואָס זעען מיר? א קאָלאָסאַלע מערהייט פון די ארבע־טנדיקע מאסן אין הינטערלאנד און אפן פראָנט האָט אפן סאמע אנטשיידע־נעם אויפן געשטיצט די באָלשעוויסטישע פּארטיי, — און קערענסקיס רעגירונג איז אראָפּגעוואָרפן געוואָרן, די מאכט פונעם פּראָלעטאַריאט איז איינגעשטעלט געוואָרן. וויאזוי האָט עס געקאָנט געשען, אז די באָלשעוויקעס האָבן זיך דאַן ארויסגעוויזן אלס זיגער, ניט געקוקט אף די פייַנטלעכע נעוויִעס פון די בורזשוא פון אלע לענדער וועגן דעם אומקום פון דער באָלשעוויסטישער פּארטיי? צי דערווייַזט ניט דער דאָזיקער אומשטאנד, אז די ברייטע מאסן ארבעטנדיקע פילן מיט דער באָלשעוויסטישער פּארטיי? איך מיין, אז עס דערווייַזט. אָט האָט איר דעם ערשטן ארויספּרוּוו פונעם אויטאָריטעט און ווירקונג פון דער קאָמוניסטישער פּארטיי צווישן די ברייטע מאסן באַפעלקערונג.

לאָמיר נעמען דעם ווייַטערדיקן פעריאָד, דעם אינטערווענץ-פעריאָד, דעם פעריאָד פון בירגערקריג, ווען די ענגלישע קאפּיטאליסטן האָבן אָקופּירט צאָפן-רוסלאנד, דעם ראיאָן פון ארכאנגעלסק און מורמאַן, ווען די אמעריקאַני־שע, ענגלישע, יאפּאָנישע און פראנצויזישע קאפּיטאליסטן האָבן אָקופּירט סי־ביר, ארויסרוקנדיק פּאָרויס קאָלטשאקן, ווען די פראנצויזישע און ענגלישע קאפּיטאליסטן האָבן אונטערגענומען שריט צו אָקופּירן „דאָרעם-רוסלאנד“ און האָבן אופגעהויבן אפן שילד דעניקינען און וורא‍נגעלן. דאָס איז געווען א מילכאָמע פון דער אנטאנטע און פון די קאָנטררעוואָליוציאָנערע גענעראַלן פון רוסלאנד קעגן דער קאָמוניסטישער רעגירונג אין מאָסקווע, קעגן די אָקטיאַ־בער-דעראָבערונגען פון אונדזער רעוואָליוציע. דאָס איז געווען א פעריאָד פון גרעסטן ארויספּרוּוו פון דער קראפט און שטאנדהאפטיקייַט פון דער קאָ־מוניסטישער פּארטיי אין די ברייטע מאסן ארבעטער און פויערים. און וואָס זעען מיר? איז דען ניט באוווּסט, אז אין רעזולטאט פונעם בירגערקריג זייַנען די אָקופּאנטן ארויסגעשמיצט געוואָרן פון רוסלאנד און די קאָנטררע־וואָליוציאָנערע גענעראַלן זייַנען פארניכטעט געוואָרן דורך דער רויטער אר־מיי? און אָט דאָ טאקע האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דער גורל פון דער מיל־כאָמע ווערט געלייזט, סאָפּקאָלסאָפּ, ניט דורך דער טעכניק, מיט וועלכער די פייַנט פון פססר האָבן איבערגענוג באזאָרגט קאָלטשאקן און דעניקינען, נאָר דורך דער ריכטיקער פּאָליטיק, דורכן מיטגעפיל און אונטערשטיצונג פון די מיליאָניקע מאסן באַפעלקערונג. צי איז דאָס צופעליק, וואָס די פּארטיי באָל־שעוויקעס האָט דעמלט געזיגט? פארשטייט זיך, אז ניט צופעליק. בא־ווייַזט דען ניט דער דאָזיקער אומשטאנד, אז דער קאָמוניסטישער פּארטיי פילן

מיט די ברייטע מאסן ארבעטנדיקע? איך מיין, אז ער באוויזט. אָט האָט איר דעם צווייטן אויספרוּוו פון דער קראפט און שטאנדהאפטיקייט פון דער קאָמוניסטישער פארטיי אין פססר.

לאָמיר איבערגיין צום איצטיקן פעריאָד, צו דעם נאָכמילכאָמעדיקן פע־ריאָד, ווען אין טאָגסיידער האָבן זיך געשטעלט די פראגן פון פרידלעכער בויונג, ווען דער פעריאָד פוןווירטשאפטלעכן כורבן איז פארביטן געוואָרן מיט א פעריאָד פון ווידערופשטעלן די אינדוסטריע, צולעצט, מיט א פעריאָד פון איבערבויען אונדזער גאנצע פאָלקווירטשאפט אף א נייער טעכנישער באזע. צי זיינען פאראן איצט בא אונדז וועגן און מיטלען אויסצופרוּוון די קראפט און שטאנדהאפטיקייט פון דער קאָמוניסטישער פארטיי, צו באשטימען דעם גראד מיטגעפיל פון די ברייטע מאסן ארבעטנדיקע צו דער דאָזיקער פארטיי? איך מיין, אז עס איז פאראן.

לאָמיר נעמען, פריִער פאר אלץ, די פראָפפאריינען, וועלכע פאראייניקן ארום 10 מיליאָן פראָלעטאריער, לאָמיר א קוק טאָן דעם באשטאנד פון די אָנפירנדיקע אָרגאנען פון אונדזערע פראָפפאריינען. צי איז דאָס צופעליק, וואָס בעראָש פון די דאָזיקע אָרגאנען שטייען קאָמוניסטן? פארשטייט זיך, ניט צו־פעליק. עס וואָלט געווען נאריש צו מיינען, אז די ארבעטער פון פססר בא־ציִען זיך גלייכגילטיק צום באשטאנד פון די אָנפירנדיקע אָרגאנען פון די פראָפפאריינען. די ארבעטער פון פססר זיינען אויסגעוואקסן און דערצויגן גע־וואָרן אין שטורעם פון דריי רעוואָלוציעס. זיי האָבן זיך אויסגעלערנט, ווי קיינע אנדערע, צו קאָנטראָלירן זייערע אָנפירער און ארויסשליידערן זיי, אויב זיי באפרידיקן ניט די אינטערעסן פונעם פראָלעטאריאט. דער סאמע פאָפולערער מענטש אין אונדזער פארטיי איז אייך צייט געווען פלעכאנאָוו. פונדעסט־וועגן האָבן זיך די ארבעטער ניט אָפגעשטעלט פאר איזאָלירן אים אנטשיידן, ווען זיי האָבן זיך איבערצייגט, אז פלעכאנאָוו איז אראָפ פון דער פראָלעטא־רישער ליניע. און אויב אזוינע ארבעטער דריקן אויס זייער פולן צוטרוי די קאָמוניסטן, ארויסרוקנדיק זיי אף פאראנטוואָרטלעכע פאָסטנס אין די פראָפפא־ריינען, קאָן דאָס ניט דינען פאר א דירעקטן באוויז, אז די קראפט און שטאנדהאפטיקייט פון דער קאָמוניסטישער פארטיי צווישן די ארבעטער פון פססר זיינען קאָלאָסאל. אָט האָט איר אן אויספרוּוו דערפון, אז די ברייטע מאסן ארבעטער פילן אומבאדינגט מיט דער קאָמוניסטישער פארטיי.

לאָמיר נעמען די לעצטע וואלן אין די ראטן. וואלרעכט אין די ראטן האָט בא אונדז די גאנצע דערוואקסענע באפעלקערונג פון פססר, אָנגעהויבן פון 18־יאָריקן עלטער, אָן אונטערשייד פון געשלעכט און נאציאָנאליטעט, מי־נוס די בורזשואזע עלעמענטן, וועלכע עקספלואטירן פרעמדע מי און האָבן ניט קיין וואלרעכט. דאָס מאכט אויס ארום 60 מיליאָן וויילערס. די

קאָלאָסאלע מערהייַט פונ זיי זייַנענ, פארשטייט זיכ, די פויערימ. פונ די דאָזיקע 60 מיליאָנ האָבנ זייער וואלרעכט רעאליזירט ארומ 51 פראָצענט, דה. העכער 30 מיליאָנ. קוקט איצט דורכ דעמ באשטאנד פונ די אָנפירנדיקע אָרגאנענ פונ אונדזערע ראטנ אינ צענטער אונ אפ די ערטער. צי קאָנ מענ באצייכענענ ווי א צופעליקייַט דעמ פאקט, וואָס די גרעסטע מערהייַט אויסגעווייַלטע אָנפירנדיקע עלעמענטנ באשטייט פונ קאָמוניסטנ? קלאָר, אז מע קאָנ דאָס ניט באצייכענענ ווי א צופעליקייַט. באווייַזט דענ ניט דער דאָזיקער פאקט, אז די קאָמוניסטישע פארטיי האָט צוטרוי צווישנ די מיליאָניקע מאסנ פונעמ פויערטומ? איכ מיינ, אז עס באווייַזט. אָט האָט איר נאָכ איינ אויספרוּוו פונ דער קראפט אונ שטאנדהאפטיקייַט פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי.

לאָמיר נעמענ דעמ קאָמיוג (קאָמוניסטישער יוגנט-פארבאנד), וועלכער פארייניקט ארומ 2 מיליאָנ ארבעטערשע אונ פויערשע יוגנט. צי קאָנ מענ באצייכענענ ווי א צופעליקייַט דעמ פאקט, וואָס די גוואלדיקע מערהייַט פונ די אויסגעווייַלטע אָנפירנדיקע עלעמענטנ פונעמ קאָמיוג זייַנענ קאָמוניסטנ? איכ מיינ, אז מע קאָנ דאָס ניט באצייכענענ ווי א צופעליקייַט. אָט האָט איר נאָכ איינ אויספרוּוו פונ דער קראפט אונ אויטאָריטעט פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי.

לאָמיר נעמענ, צולעצט, אונדזערע אָנצאָליקע קאָנפערענצנ, באראטונגענ, דעלעגאטנ-פארזאמלונגענ אאוו., וועלכע כאפנ ארומ מיליאָניקע מאסנ ארבעטנדיקע מענער אונ פרויענ, ארבעטער אונ ארבעטערינס, פויערימ אונ פויערטעס פונ אלע אונ אלערליי נאציאָנאליטעטנ, וואָס גייענ אַרייַנ אינ באשטאנד פונ פססר. וועגנ די דאָזיקע באראטונגענ אונ קאָנפערענצנ איראָניזירט מענ צומאָל אפנ מייַרעוו, באהויפטנדיק, אז די רוסנ האָבנ ביכלאל ליב צו ריידנ. פאר אונדז אָבער האָבנ די דאָזיקע באראטונגענ אונ קאָנפערענצנ א קאָלאָסאלע באדייַטונג, סייַ אינ זינ פונ קאָנטראָלירנ די שטימונג פונ די מאסנ, סייַ אינ זינ פונ אופדעקנ אונדזערע טאָעסנ אונ אָנמערקנ די מיטלענ אפ צו באזייַטיקנ די דאָזיקע טאָעסנ, ווייַל טאָעסנ זייַנענ בא אונדז פאראנ ניט ווייניק, אונ מיר באהאלטנ זיי ניט, האלטנדיק, אז אופדעקנ די טאָעסנ אונ ערלעכ פאריכטנ זיי איז דאָס בעסטע מיטל צו פארבעסערנ די אָנפירונג מיטנ לאנד. קוקט דורכ די רעדעס פונ די רעדנערס אפ די דאָזיקע קאָנפערענצנ אונ באראטונגענ, קוקט דורכ די זאכלעכע אונ ניט איבערגעשפּיצטע באמערקונגענ פונ דאָזיקע „פראָסטע מענטשנ" פונ צווישנ די ארבעטער אונ פויערימ, קוקט דורכ זייערע באשלוסנ, — אונ איר וועט דערזענ, ווי קאָלאָסאל עס איז דער אייַנפלוס אונ אויטאָריטעט פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי, איר וועט דערזענ, אז דעמ דאָזיקנ אייַנפלוס אונ דעמ דאָזיקנ אויטאָריטעט וואָלט געמעגט מעקאנע זייַנ יעטווידער פארטיי אינ דער וועלט. אָט האָט איר נאָכ אנ אויספרוּוו פונ דער שטאנדהאפטיקייַט פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי.

אַט דאָס זײַנען די וועגן און מיטלען, וועלכע גיבן אַ מעגלעכקייט אויס־צופּרווון די קראַפט און איינפלוס פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי צווישן די פּאָלק־מאַסן.

אַט פּונוואַנען מיר איז באַוווּסט, אַז די ברייטע מאַסן ארבעטער און פּויערים פון פּססר פילן מיט דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

4-טע פראַגע. ווען אַן אומפּאַרטייִשע גרופּע וואָלט אָר־גאַניזירט אַ פראַקציע און אַרויסגערוקט אַף די וואַלן אירע קאַנדידאַטן, וואָס שטייען אַף דער פּלאַטפאָרמע פון שטיצן די סאָוועטישע רעגירונג, נאָר צוזאַמען דערמיט וואָלט זי גע־פאָדערט אָפּצושאַפן דעם מאָנאָפּאָל פון אויסערן־האַנדל — צי וואָלט זי געקאָנט האָבן אירע מיטלען און פירן אַן אַק־טיווע פּאָליטישע קאַמפּאַניע?

ענטפער. איך מיין, אַז אין דער דאָזיקער פראַגע איז פאַראַן אַן אומ־קאָמפּראָמיסלעכער ווידערשפּרוך. עס איז אומעגלעך פאָרצושטעלן זיך אַ גרופּע, וואָס זאָל שטיין אַף דער פּלאַטפאָרם פון שטיצן די סאָוועטישע רעגירונג און גלײַכצײַטיק זאָל זי פאָדערן אָפּצושאַפן דעם מאָנאָפּאָל פון אויסערן־האַנדל. פאַרוואָס? דערפאַר, ווײַל דער מאָנאָפּאָל פון אויסערן־האַנדל איז איינער פון די אומדערשיטערלעכע יעסוידעס פון דער „פּלאַטפאָרם" פון דער סאָוועטישער רעגירונג. דערפאַר, ווײַל אַ גרופּע, וואָס פאָדערט אָפּצושאַפן דעם מאָנאָפּאָל פון אויסערן־האַנדל, קאָן ניט זײַן פאַר שטיצן די סאָוועטישע רעגירונג. דער־פאַר, ווײַל אַזאַ גרופּע קאָן בלויז זײַן אַ גרופּע, וואָס איז טיף פײַנטלעך דער גאַנצער סאָוועטישער אָרדענונג.

אין פּססר זײַנען פאַראַן, פאַרשטייט זיך, עלעמענטן, וועלכע פאָדערן אָפּצושאַפן דעם מאָנאָפּאָל פון אויסערן־האַנדל. דאָס זײַנען די נעפּלײַט, באַ־לעבוסים, שפּליטערס פון די שוין צעקלאַפּטע עקספּלואַטאַטאָרישע קלאַסן אאַוו. אָבער די דאָזיקע עלעמענטן בילדן אַ נישטיקע מינדערהייט פון דער באַ־פעלקערונג. איך מיין, אַז ניט וועגן די דאָזיקע עלעמענטן רעדט די דעלע־גאַציע אין איר פראַגע: אויב אָבער עס רעדט זיך וועגן די ארבעטער און האָרעפּאַשנע מאַסן פון די פּויערים, דאַרף איך זאָגן, אַז די פאָדערונג אָפּצושאַפן דעם מאָנאָפּאָל פון אויסערן־האַנדל וואָלט געקאָנט אַרויסרופן באַ זיי בלויז אַ געלעכטער און אַ פײַנטלעכע באַציִונג.

אינדערעמעסן, וואָס וואָלט געקאָנט באַטײַטן פאַר די ארבעטער דאָס פאַר־ניכטן דעם מאָנאָפּאָל פונעם אויסערן־האַנדל? דאָס וואָלט באַטײַט פאַר זיי — אָפּזאָגן זיך פון אינדוסטריאַליזירן דאָס לאַנד, פון בויען נײַע זאַוואָדן און

פאבריקנ, פונ פארברייטערנ די אלטע זאוואָדנ אונ פאבריקנ. דאָס וואָלט באַטײַט פאר זיי א פארפלייצונג פונ פססר מיט סכוירעס פונ די קאפיטאליסטישע לענדער, א פארשמעלערונג פונ אונדזער אינדוסטריע מאכמעס איר פארהעלטניסמעסיקער שוואכקײַט, א פארגרעסערונג פונ ז׳ער צאָל ארבעטלאָזע, א פארערגערונג פונ דער מאטעריעלער לאגע פונעמ ארבעטער-קלאס, אנ אָפּשוואכונג פונ זײַנע עקאָנאָמישע אונ פאָליטישע פאָזיציעס. דאָס וואָלט באַטײַט, אינ לעצטנ סאכאקל, א פארשטארקונג פונעמ נעפּמאנ אונ ביכלאל פונ דער נײַער בורזשואזיע. צי קאָנ דער פראָלעטאריאט פונ פססר גיינ אפ אזא זעלבסטמאָרד? קלאָר, אז ער קאָנ ניט.

אונ וואָס וואָלט באַטײַט פאר די ארבעטנדיקע מאסנ פונעמ פויערטומ דאָס פארניכטנ דעמ מאָנאָפּאָל פונ אויסערנ-האנדל? דאָס וואָלט באַטײַט די פארוואנדלונג פונ אונדזער לאנד פונ א זעלבשטענדיק לאנד אינ א האלב-קאָלאָניאל לאנד אונ די פאראָרעמונג פונ די פויערשע מאסנ. דאָס וואָלט באַטײַט א צוריקקער צו יענעמ רעזשימ פונ „פרײַענ האנדל”, וועלכער האָט געהערשט בא קאָלטשאקנ אונ דעניקינענ, ווענ די פארייניקטע קויעפּטנ פונ די קאָנטררעוואָליוציאָנערע גענעראלנ אונ פונ די „פארבינדעטע” האָבנ געקאָנט פרײַ רויבנ אונ באנעמענ דאָס פילמיליאָניקע פויערטומ. דאָס וואָלט באַטײַט, אינ לעצטנ סאכאקל, א פארשטארקונג פונ די באלעגופימ אונ פונ אנדערע עקספּלואטאטערישע עלעמענטנ אינ דאָרפ. די פויערימ האָבנ גענוג פארזוכט די אנטיקנ פונעמ דאָזיקנ רעזשימ אינ אוקראינע אונ אינ צאָפנ-קאווקאז, אפ דער וואָלגע אונ אינ סיביר. וואָס פאר א גרונט איז פאראנ צו מיינענ, אז זיי וועלנ פונדאָסנײַ וועלנ ארײַנקריכנ אינעמ דאָזיקנ שלייפ? איז דענ ניט קלאָר, אז די ארבעטנדיקע מאסנ פונעמ פויערטומ קאָנענ ניט זײַנ פאר פארניכטנ דעמ מאָנאָפּאָל פונעמ אויסערנ-האנדל?

איינער פונ די דעלעגאטנ. די דעלעגאציע האָט ארויסגערוקט דעמ פונקט וועגנ דעמ מאָנאָפּאָל פונ אויסערנ-האנדל, וועגנ אָפּשאפנ אימ, אלס פונקט, אז וועלכנ ס׳וואָלט זיכ געקאָנט אָרגאניזירנ א גאנצע גרופּע באפעלקערונג, אויב אינ פססר וואָלט ניט געווענ קיינ מאָנאָפּאָל פונ איינ פארטיי א מאָנאָפּאָל אפ לעגאלקײַט.

סטאלינ. די דעלעגאציע קערט זיכ אומ, אזויארומ, צו דער פראגע וועגנ מאָנאָפּאָל פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי, אלס איינציקע לעגאלע פארטיי אינ פססר. א קורצנ ענטפער אפ דער דאָזיקער פראגע האָב איכ שוינ געגעבנ, ווענ איכ האָב גערעדט מיקויעכ די וועגנ אונ מיטלענ אפ אויספירונ דעמ מיטגעפיל פונ די מיליאָניקע מאסנ ארבעטער אונ פויערימ צו דער קאָמוניסטישער פארטיי. וואָס אָנבאלאנגט אנדערע שיכטנ באפעלקערונג — די באלעגופימ, נעפּלײַט, רעשטלעכ פונ די אלטע צעקלאפּטע עקספּלואטאטערישע

קלאסן,—איז בא אונדז האָבן זיי גיט קיין רעכט צו האָבן זייער פּאָליטישע אָרגאַני־זאציע, פּונקט ווי זיי האָבן ניט קיין וואלרעכט. דער פּראָלעטאריאַט האָט אָפּגענומען בא דער בורזשואזיע ניט בלויז די פאבריקן און זאוואָדן, די בענק און די אײַזנבאנען, די ערד און די שאכטעס. ער האָט נאָך אָפּגענומען בא איר דאָס רעכט צו האָבן אירע אן אייגענע פּאָליטישע אָרגאניזאציע, וואָרעם דער פּראָלעטאריאַט וויל ניט, אז עס זאָל אופגעשטעלט ווערן די מאכט פון דער בורזשואזיע. די דעלעגאציע, ווײַזט אויס, האָט ניט קיין דערווידערונגען קעגן דעם, וואָס דער פּראָלעטאריאַט פון פססר האָט אָפּגענומען בא דער בורזשואזיע און בא די פּריצים די פאבריקן און זאוואָדן, די ערד און די אײַזנבאנען, די בענק און די שאכטעס. (געלעכטער.) אָבער די דעלעגאציע, ווי מיר ווײַזט אויס, כידעשט זיך א ביסל, פארוואָס דער פּראָלעטאריאַט האָט זיך דער־מיט ניט באגרענעצט און איז אוועק ווײַטער, אָפּנעמענדיק בא דער בורזשואזיע די פּאָליטישע רעכט. דאָס איז, לויט מײַן מיינונג, ניט אינגאנצן לאָגיש אָדער, ריכטיקער, אינגאנצן ניט לאָגיש. אף וואָס פאר א גרונט פאָדערט מען באם פּראָלעטאריאַט גרויסמוטיקײַט בענוגייע דער בורזשואזיע? ווײַזט דען ארויס די בורזשואזיע אפן מײַרעוו, געפינענדיק זיך בא דער מאכט, כאָטש די מינדסטע גרויסמוטיקײַט בענוגייע דעם ארבעטער־קלאס? פארטרײַבט זי דען ניט אין אונטערערד דיווירקלעכ רעוואָליוציאָנערע פּארטייען פונעם ארבעטער־קלאס? אף וואָס פאר א סמאכ פאָדערט מען פונעם פּראָלעטאריאַט פון פססר גרויס־מוטיקײַט צו זײַנע קלאסן־פײַנט? איך מיין, אז די לאָגיק פארפליכטעט. דער, וואָס טראכט וועגן א מעגלעכקײַט אומצוקערן דער בורזשואזיע אירע פּאָליטישע רעכט, דארף, אויב ער וויל זײַן לאָגיש, גיין ווײַטער און שטעלן אויך די פראגע וועגן אומקערן דער בורזשואזיע די פאבריקן און זאוואָדן, די אײַזנ־באנען און בענק.

איינער פון די דעלעגאטן. די אופגאבע פון דער דעלעגאציע איז געוועזן אויסצוקלאָרן, אף וואָס פאר אן אויפן קאָנען די מיינונגען אינעם אר־בעטער־קלאס און אינעם פּויערטום, וואָס אונטערשיידן זיך פון די מיינונגען פון דער קאָמפּארטיי, געפינען זייער לעגאלן אויסדרוק. עס וואָלט ניט ריכטיק געוועזן צו פארשטיין די זאך אזוי, אז די דעלעגאציע אינטערעסירט זיך מיט דער פראגע וועגן געבן פּאָליטישע רעכט דער בורזשואזיע, וועגן דעם, וויאזוי קאָן די בורזשואזיע געפינען א לעגאלן אויסדרוק אף ארויסצוווײַזן אירע מיי־נונגען. עס האנדלט זיך גראָד וועגן דעם, אף וואָס פאר אן אויפן קאָנען די מיינונגען אינעם ארבעטער־קלאס און אינעם פּויערטום, וואָס אונטער־שיידן זיך פון די מיינונגען פון דער קאָמפּארטיי, געפינען זייער לעגאלן אויס־דרוק.

א צווייטער דעלעגאט. די דאָזיקע אנדערשדיקע מיינונגען וואָלטן

געקאָנט געפינענ זייער אויסדרוק אינ די מאסנ־אָרגאניזאציעס פונעם ארבע-טער-קלאס, אינ די פראָפּאריינענ אאוו.

ס ט א ל י נ. זייער גוט. הייסט עס, אז עס רעדט זיך ניט וועגנ אופשטעלנ די פּאָליטישע רעכט פונ דער בורזשואזיע, נאָר וועגנ א מיינונגענ-קאמפ אינ-ווייניק אינעם ארבעטער־קלאס אונ אינעם פויערטום. צי קומט איצט פאָר א קאמפ פונ מיינונגענ צווישנ די ארבעטער אונ די ארבעטנדיקע מאסנ פונעם פויערטום? געוויס, קומט פאָר. עס קאָנ ניט זײַנ, אז מיליאָנענ ארבעטער אונ פויערימ זאָל דענקענ אלציינס. דאָס טרעפט ניט אינ לעבנ. ערשטנס, איז פאראנ א גרויסער אונטערשייד צווישנ די ארבעטער אונ די פויערימ סײַ אינ זינ פונ זייער עקאָנאָמישער לאגע סײַ אינ זינ פונ זייערע אָנשויונגענ אפ די אָדער יענע פראגנ. צווייטנס, עקזיסטירנ אייניקע אונ-טערשיידנ אינ די אָנשויונגענ אינעם ארבעטער-קלאס גופע, אנ אונטערשייד אינ דער דערציִונג, אנ אונטערשייד אינעם עלטער, טעמפּעראמענט, אנ אונ־טערשייד צווישנ די גרונט-ארבעטער אונ צווישנ די ארבעטער, וועלכע זײַנענ אָנגעקומענ פונ דאָרפ אאוו. דאָס אלצ פירט צו א קאמפ פונ מיינונגענ צווישנ די ארבעטער אונ ארבעטנדיקע מאסנ פונעם פויערטום, א קאמפ, וועלכער באקומט זײַנ לעגאלנ אויסדרוק אפ די פארזאמלונגענ, אינ די פראָפאריינענ, אינ דער קאָאָפּעראציע, בייס די וואלנ אינ די ראטנ אאוו.

אָבער צווישנ דעמ מיינונגענ-קאמפ איצט, אינ די באדינגונגענ פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור, אונ דעמ מיינונגענ-קאמפ אינ דער פארגאנגענ-הײַט, פאר דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע, איז פאראנ א קארדינאלער אונטער־שייד. דעמלט, אינ דער פארגאנגענהײַט, האָט זיך דער מיינונגענ-קאמפ צווישנ די ארבעטער אונ די ארבעטנדיקע פויערימ קאָנצענטרירט, הויפּטזאכלעך, אפ די פראגנ פונ אראָפּווארפנ די פריצימ, דעמ צאריזמ, די בורזשואזיע, אפ צע-ברעכנ די בורזשואזע אָרדענונג. אצינד, אינ די באדינגונגענ פונ דער דיקטא-טור פונעמ פּראָלעטאריאט, גייט דער מיינונגענ-קאמפ ניט ארומ די פראגנ וועגנ אראָפּווארפנ די ראטנמאכט, וועגנ צעברעכנ די סאָוועטישע אָרדענונג, נאָר ארומ די פראגנ וועגנ פארבעסערנ די אָרגאנענ פונ דער ראטנמאכט, וועגנ פארבעסערנ זייער ארבעט. דאָ איז פאראנ א קארדינאלער אונטערשייד. ס'איז גאָר קיינ וואונדער ניט, וואָס דער מיינונגענ-קאמפ ארומ דער פראגע וועגנ רעוואָליוציאָנערנ צעברעכנ די עקזיסטירנדיקע אָרדענונג האָט געגעבנ אינ דער פארגאנגענהײַט א גרונט פאר דער אנטשטייונג פונ עטלעכע, צווישנ זיך קאָנקורירנדיקע, פארטייענ אינעם ארבעטער-קלאס אונ צווישנ די ארבעטנ-דיקע מאסנ פונעמ פויערטום. די דאָזיקע פארטייענ זײַנענ געווענ: די פארטיי באָלשעוויקעס, די פארטיי מענשעוויקעס, די פארטיי עסערנ. פונ דער אנדע-רער זײַט, איז גאָר ניט שווער צו פארשטיינ אויך, אז אצינד, בא דער

דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאַט, איז דער מיינונגענ-קאמפ, וואָס זיינ ציל איז ניט צו צעברעכנ די עקזיסטירנדיקע סאָוועטישע אָרדענונג, נאָר צו פארבעסערנ אונ צו פארפעסטיקנ זי, אָט־דער מיינונגענ-קאמפ גיט ניט קיינ שפּייז פאר דער עקזיסטענצ פונ עטלעכע פארטייענ צווישנ די ארבעטער אונ ארבעטנדיקע מאסנ פונ דאָרפ. אָט פארוואָס די לעגאלקייט בלויז פונ איינ פארטיי, פונ דער פארטיי קאָמוניסטנ, דער מאָנאָפּאָל פונ דער דאָזיקער פארטיי, ניט בלויז ער רופט ניט ארויס קיינ דערווידערונגענ צווישנ די ארבעטער אונ ארבעטנדיקע פויערימ, נאָר פארקערט, ער ווערט אופגענומענ, ווי עפּעס א נויטווענדיקס אונ געווּנטשנס.

די לאגע פונ אונדזער פארטיי, אלס איינציקע לעגאלע פארטיי אינעמ לאנד (מאָנאָפּאָל פונ דער קאָמפארטיי), איז ניט עפּעס א קינסטלעכע אונ אויסגעטראכטע זאכ. אזא לאגע קאָנ ניט געשאפנ ווערנ קינסטלעכ, דורכ אדמיניסטראטיווע מאכינאציעס אאוו. דער מאָנאָפּאָל פונ אונדזער פארטיי איז אויסגעוואקסנ פונעמ לעבנ, ער האָט זיכ אויסגעבילדעט היסטאָריש, אלס רעזולטאט פונ דעמ, וואָס די פארטייענ עסערנ אונ מענשעוויקעס האָבנ ענדגילטיק באנקראָטירט אונ זיינענ אראָפּ פונ דער סצענע אינ די באדינגונגענ פונ אונדזער ווירקלעכקייט. וואָס זיינענ געווענ די פארטייענ עסערנ אונ מענשעוויקעס אינ דער פארגאנגענהייט? דורכפירער פונעמ בורזשואזנ איינפלוס אפנ פראָלעטאריאַט. וואָס האָט קולטיווירט אונ געשטיצט די עקזיסטענצ פונ די דאָזיקע פארטייענ ביז אָקטיאבער 1917 יאָר? דאָס פאראנענזיינ פונ א קלאס בורזשואַ, צולעצט, דאָס פאראנענזיינ פונ א בורזשואזער מאכט. איז דענ ניט קלאָר, אז מיטנ אראָפּוואַרפנ די בורזשואזיע האָבנ געמוזט פארשווינדנ ווערנ די יעסודעס פאר דער עקזיסטענצ פונ די דאָזיקע פארטייענ? אונ וואָס זיינענ געוואָרנ די דאָזיקע פארטייענ נאָכ אָקטיאבער 1917 י.? זיי זיינענ געוואָרנ פארטייענ פונ אופשטעלנ דעמ קאפּיטאליזמ אונ פונ אראָפּוואַרפנ די מאכט פונעמ פראָלעטאריאַט. איז דענ ניט קלאָר, אז די דאָזיקע פארטייענ האָבנ געמוזט פארלירנ יעטווידער באָדנ אונ יעטווידער איינפלוס צווישנ די ארבעטער אונ ארבעטנדיקע שיכטנ פונעמ פויערטומ?

דער קאמפ פארנ איינפלוס אפנ ארבעטער-קלאס צווישנ דער פארטיי קאָמוניסטנ אונ די פארטייענ עסערנ אונ מענשעוויקעס האָט זיכ אָנגעהויבנ ניט פונ נעכטנ אָנ. זיינ אָנהייב פאלט צונויפ מיטנ מאָמענט פונ די ערשטע סימאָנימ פונ א מאסעווער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג אינ רוסלאנד, נאָכ פארנ 1905 יאָר. דער פעריאָד פונ 1903 יאָר ביז אָקטיאבער 1917 איז א פעריאָד פונ פארביטערטנ מיינונגענ-קאמפ אינעמ ארבעטער-קלאס פונ אונדזער לאנד, א פעריאָד פונ קאמפ צווישנ די באָלשעוויקעס, מענשעוויקעס אונ עסערנ פאר דעמ איינפלוס אינעמ ארבעטער-קלאס. פאר דעמ דאָזיקנ פעריאָד איז

דער ארבעטער-קלאַס פונ פססר דורכגעגאנגענ דרײַ רעוואָליוציעס. אינ פײַער פונ די דאָזיקע רעוואָליוציעס האָט ער אויסגעפרוווט אונ געקאָנטראָלירט די דאָזיקע פארטייענ, זייער טויגבארקײַט פאר דער פראָלעטארישער רעוואָ-ליוציע, זייער פראָלעטארישע רעוואָליוציאָנערקײַט. אונ אָט, צו די אָקטיאבער-טעג פונ 1917 יאָר, ווענ די געשיכטע האָט אונטערגעפירט דעמ סאכאקל פונעמ גאנצנ פארגאנגענעמ רעוואָליוציאָנערנ קאמפ, ווענ די געשיכטע האָט אָפגעוויגנ אפ איר וואָג דעמ ספעציפישנ געוויכט פונ די פארטייענ, וואָס האָבנ געקעמפט אינווייניק אינעמ ארבעטער-קלאַס,—האָט דער ארבעטער-קלאַס פונ פססר געמאכט, ענדלעכ, אנ ענדגילטיקנ אויסוואל, אָפשטעלנדיק זיכ אפ דער קאָמוניסטישער פארטיי אלס דער איינציק-פראָלעטארישער פארטיי. מיט וואָס איז צו דערקלערנ יענעמ פאקט, וואָס דער אויסוואל פונעמ ארבעטער-קלאַס איז געפאלנ אפ דער קאָמוניסטישער פארטיי? איז דאָס דענ ניט קיינ פאקט, אז אינ לענינגראדער ראט, צומבײַשפיל, אינ אפרעל 1917 יאָר, זײַנענ די באָלשעוויקעס געווענ אנ אומבאדײַטנדיקע מינדערהײַט? איז דאָס דענ ניט קיינ פאקט, אז די עסערנ אונ מענשעוויקעס האָבנ געהאט דעמלט אינ די ראטנ א קאָלאָסאלע מערהײַט? איז דאָס דענ ניט קיינ פאקט, אז צו די אָקטיאבער-טעג האָבנ דער גאנצער מאכט-אפאראט אונ די אלע צוואנג-מיטלענ זיכ געפונענ אינ די הענט פונ דער עסערישער אונ מענשעוויסטישער פארטייענ, וואָס האָבנ זיכ בלאָקירט מיט דער בורזשואזיע? דאָס דערקלערט זיכ דערמיט, וואָס די קאָמפארטיי איז געווענ דעמלט פאר ליקווידירנ די מילכאָמע, פאר א באלדיקנ דעמאָקראטישנ שאָלעמ, בייס די פארטייענ עסערנ אונ מענשעוויקעס זײַנענ געווענ פאר „מילכאָמע ביז א זיגרײַכנ סאָפ", פאר ווײַטער פירנ די אימפעריאליסטישע מילכאָמע. דאָס דערקלערט זיכ דערמיט, וואָס די קאָמפארטיי איז געווענ דעמלט פאר אראָפווארפנ קערענסקיס רעגירונג, פאר אראָפווארפנ די בורזשואזע מאכט, פאר נאציאָנאליזירנ די פאבריקנ אונ זאוואָדנ, די בענק אונ די אײַזנבאנענ, בייס די פארטייענ מענשעוויקעס אונ עסערנ האָבנ געקעמפט פאר קערענסקיס רעגירונג אונ האָבנ פארטיידיקט די רעכט פונ דער בורזשואזיע אפ די פאבריקנ אונ זאוואָדנ, אפ די בענק אונ אײַזנבאנענ. דאָס דערקלערט זיכ דערמיט, וואָס די פארטיי קאָמוניסטנ איז געווענ דעמלט פאר באלדיקנ קאָנפיסקירנ די פריצישע ערד לעטויוועס די פויערימ, בייס די פארטייענ עסערנ אונ מענשעוויקעס האָבנ אָפגעלייגט די דאָזיקע פראגע ביז דער גרינדונג-פארזאמלונג, וואָס דאָס צונויפרופנ זי ווידער האָבנ זיי אָפגעלייגט אפ אנ אומבאשטימטער צײַט. וואָס זשע איז דאָ דער ווונדער, אויב די ארבעטער אונ די פויערשע אָרעמשאפט האָבנ געמאכט, ענדלעכ, דעמ אויסוואל לעטויוועס דער קאָמוניסטישער פארטיי? וואָס איז דאָ דער ווונדער, אויב די פארטייענ עסערנ אונ מענשעוויקעס זײַנענ אראָפ אזוי שנעל

צום גרונט? אָט פארוואָס ס'איז געקומען צו דער מאכט די קאָמוניסטישע פארטיי.

דער ווײַטערדיקער פעריאָד, דער פעריאָד נאָך אָקטיאבער 1917 יאָר, דער פעריאָד פון בירגערקריג, איז געווען דער פעריאָד פונעם ענדגילטיקן אומקום פון די מענשעוויקעס און עסערן, דער פעריאָד פון ענדגילטיקן ניצאָכן פון דער פארטיי באָלשעוויקעס. אין דעם דאָזיקן פעריאָד האָבן די פארטייען מענשעוויקעס און עסערן אליין פארלײַכטערט דעם טריומף פון דער קאָמפארטיי. צעקלאפטע און צום גרונט אראָפּגעלאָזטע בײַם דער אָקטיאבער-איבערקערעניש, האָבן די שפּליטערס פון דער מענשעוויסטישער און עסערישער פארטייען אָנגעהויבן זיך פארבינדן מיט די קאָנטררעוואָליוציאָנערע אויפשטאנדן פון די באלעגופים, זיי האָבן זיך בלאָקירט מיט די קאָלטשאקאָוועס און דעניקינצעס, זיי זײַנען אוועק דינען דער אנטאנטע און האָבן זיך ענדגילטיק באגראָבן אין די אויגן פון די ארבעטער און פויערים. ס'האָט זיך געשאפן אזא בילד, אז די עסערן און מענשעוויקעס, וועלכע האָבן פון בורזשואזע רעוואָליוציאָנערן זיך פארוואנדלט אין בורזשואזע קאָנטררעוואָליוציאָנערן, האָבן געהאָלפן דער אנטאנטע צו שטיקן דאָס נײַע, סאָוועטישע רוסלאנד, בײַם די פארטיי באָלשעוויקעס, פארייניקנדיק ארום זיך אלראָס לעבעדיקע און רעוואָליוציאָנערע, האָט אויפגעהויבן אלץ נײַע און נײַע אָטריאדן ארבעטער און פויערים צום קאמף פארן סאָציאליסטישן פאָטערלאנד, צום קאמף קעגן דער אנטאנטע. ס'איז גאנץ נאטירלעך, אז דער זיג פון די קאָמוניסטן אינעם דאָזיקן פעריאָד האָט געמוזט ברענגען און האָט ווירקלעך געבראכט צו דער פולער מאפּאָלע פון די עסערן און מענשעוויקעס. וואָס זשע איז דאָ דער וווּנדער, אויב די קאָמפארטיי איז נאָך דעם אלעמען געוואָרן די איינציקע פארטיי פונעם ארבעטער-קלאס און פון דער פויערשער אָרעמשאפט?

אָט וויאַזוי ס'האָט זיך בא אונדז אויסגעבילדעט די מאָנאָפּאָל פון דער קאָמפארטיי אלס איינציקע לעגאלע פארטיי אין לאנד.

איר רעדט וועגן דעם מיינונגען-קאמף צווישן די ארבעטער און פויערים איצט, אין די באדינגונגען פון דער פּראָלעטארישער דיקטאטור. איך האָב שוין געזאָגט, אז א מיינונגען-קאמף איז פאראן און וועט זײַן, אז אָן דעם איז אוממעגלעך זיך באוועגן פאָרויס. אָבער דער מיינונגען-קאמף צווישן די ארבעטער אין די איצטיקע באדינגונגען גייט ניט ארום דער פּרינציפּיעלער פראגע וועגן אראָפּוואַרפן די סאָוועטישע אָרדענונג, נאָר ארום פּראקטישע פראגן וועגן פארבעסערן די ראטן, וועגן פאריכטן די פעלערן פון די סאָוועטישע אָרגאנען, דאָס הייסט,—וועגן פארפעסטיקן די ראטנמאכט. עס איז גאנץ פארשטענדלעך, אז אזא מיינונגען-קאמף קאָן בלויז פארשטארקן און פארפולקומען די קאָמוניסטישע פארטיי. ס'איז גאנץ פארשטענדלעך, אז אזא

מײנונגענ-קאַמפ קאָנ בלויז פאַרשטאַרקנ דעמ מאָנאָפּאָל פונ דער קאָמפּאַרטײ. ס'איז גאַנצ פאַרשטענדלעכ, אַז אַזאַ מײנונגענ-קאַמפ קאָנ ניט געבנ קײנ שפּײַז פאַר דער אויסבילדונג פונ אַנדערע פּאַרטײענ אינ שויס פונעמ אַרבעטער-קלאַס אונ פונעמ אַרבעטנדיקנ פּויערטומ.

5-טע פראַגע. צי קאָנט איר אונדז אײנקורצנ מיטײלנ, אינ וואָס גײט איר זיכ אינ גרונט פאַנאַנדער מיט טראָצקינ?

ענטפער. איכ דאַרפ זאָגנ, פריִער פאַר אַלצ, אַז דאָס פאַנאַנדערגײנ זיכ מיט טראָצקינ איז ניט קײנ פערזענלעכ פאַנאַנדערגײנ זיכ. אויב דאָס פאַנאַנ-דערגײנ זיכ וואָלט געטראָגנ אַ פערזענלעכנ כאַראַקטער, וואָלט זיכ די פּאַרטײ ניט פאַרנומענ מיט דעמ דאָזיקנ איגיענ קײנ אײנ שאָ, וואָרעמ זי האָט ניט ליב, אַז באַזונדערע פערזאָנענ זאָלנ אַרויסשפּרינגענ. עס האַנדלט זיכ, אַפּאָנעמ, וועגנ די מײנונג-פאַרשײדנהײטנ אינ דער פּאַרטײ. איכ האָב אַזוי פאַרשטאַנענ די דאָזיקע פראַגע. יאָ, די דאָזיקע מײנונג-פאַרשײדנהײטנ עק-זיסטירנ אינ דער פּאַרטײ. וועגנ דעמ כאַראַקטער פונ די דאָזיקע מײנונג-פאַרשײדנהײטנ האָבנ גענוג גענױ דערצײלט ניט לאַנג אינ זײערע פּאָרטראָגנ דער כ' ריקאָוו — אינ מאָסקווע, דער כ' בוכאַרינ — אינ לענינגראַד. די דאָ-זיקע פּאָרטראָגנ זײַנענ פאַרעפנטלעכט. דערצו, וואָס עס איז געזאָגט געוואָרנ אינ די דאָזיקע פּאָרטראָגנ וועגנ די מײנונג-פאַרשײדנהײטנ, האָב איכ גאָרניט וואָס צוצוגעבנ. אויב בא אײַכ זײַנענ ניטאָ די דאָזיקע דאָקומענטנ, קאָנ איכ זײ קריגנ פאַר אײַכ. (די דעלעגאַציע מעלדעט, אַז די דאָזיקע דאָקומענטנ האָט זי.)

אײנער פונ די דעלעגאַטנ. אונדז וועט מענ נאָכנ אומקערנ זיכ פרעגנ וועגנ די דאָזיקע מײנונג-פאַרשײדנהײטנ, אָבער מיר האָבנ ניט אַלע דאָקומענטנ. מיר האָבנ, לעמאָשל, ניט די פּלאַטפאָרמ פונ די „83".

סטאַלינ. איכ האָב די דאָזיקע פּלאַטפאָרמ ניט אונטערגעשריבנ. כ'האָב קײנ רעכט ניט צו שאַפנ זיכ מיט פרעמדע דאָקומענטנ. (געלעכטער.)

6-טע פראַגע. אינ די קאַפּיטאַליסטישע לענדער באַזירט זיכ דער גרונט-סטימול פאַר דער אַנטוויקלונג פונ דער פּראָדוקציע אַפ דער האָפענונג צו באַקומענ רעווחים. דער דאָזיקער סטימול פעלט, פאַרשטײט זיכ, פאַרהעלטניסמע-סיק, אינ פססר. וואָס פאַרבײַט אימ, אונ אַפ וויפל איז דער דאָזיקער פאַרבײַט, לויט אײַער מײנונג, עפעקטיוו? צי קאָנ ער זײַנ אַ שטענדיקער?

ענטפער, דאָס איז ריכטיק, אז דער גרונט-באוועגער פון דער קאפּיטאַ-ליסטישער ווירטשאפט איז דאָס ארויסבאקומען רעווח. ריכטיק איז אויך, אז דאָס ארויסבאַקומען רעווח איז ניט דער צוועק, ניט דער באוועגער פון אונדזער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע. וואָס זשע איז, אויב אזוי, דער באַ-וועגער פון אונדזער אינדוסטריע?

פריִער פאר אלץ, דער אומשטאנד, וואָס די פאבריקן און זאוואָדן גע-הערן בא אונדזז דעם גאנצן פאָלק, און ניט די קאפּיטאליסטן, וואָס מיט די פאבריקן און זאוואָדן פארוואלטן ניט קיין מעשאַרסים פון די קאפּיטאליסטן, נאָר פאָרשטייער פונעם ארבעטער-קלאס. דער באוווסטזיין, אז די ארבעטער ארבעטן ניט פארן קאפּיטאליסט, נאָר פאר זייער אייגענער מעליכע, פאר זייער אייגענעם קלאס, — דער דאָזיקער באוווסטזיין איז א גוואלדיקע טרייב-קראפט אין דער אנטוויקלונג און פארפולקומונג פון אונדזער אינדוסטריע. מע דארף פארצייכענען, אז א גרויסע מערהייט דירעקטערס פון די פאבריקן און זאַ-וואָדן זיינען בא אונדזז ארבעטער, וועלכע ווערן באשטימט דורך דעם העכסטן ראט פאר פאָלקווירטשאפט, מיט דער האסקאָמע פון די פראָפאריינען, דערביי קאָן קיינער איינער דירעקטער ניט פארבלייבן אפ זיין פּאָסטן קעגן דעם ווילן פון די ארבעטער אָדער פון די אנטשפּרעכיקע פראָפאריינען. מע דארף ווייַ-טער פארצייכענען, אז אין יעדן זאוואָד אָדער פאבריק איז פאראן אן אייגע-נער זאוואָד-קאָמיטעט אָדער פאבריק-קאָמיטעט, וואָס ווערט אויסגעוויילט דורך די ארבעטער און וואָס קאָנטראָלירט די טעטיקייט פון דער אונטערנעמונג-אדמיניסטראציע. מע דארף, צולעצט, פארצייכענען, אז אין יעדער אינדוסטריעלער אונטערנעמונג זיינען פאראן פראָדוציר-בארעטונגען פון ארבעטער, אין וועלכע עס באטייליקן זיך אַלע ארבעטער פון דער געגעבענער אונטערנעמונג, און ווו די ארבעטער קאָנטראָלירן דורך די גאנצע ארבעט פונעם דירעקטער פון דער אונטערנעמונג, באהאנדלען דעם ארבעט-פּלאן פון דער זאוואָדישער אדמיניסט-ראציע, ווייזן אָן אפ די טעותן און בלויזן און האָבן א מעגלעכקייט צו פאריכטן די דאָזיקע פעלערן דורך די פראָפאריינען, דורך דער פארטיי, דורך די אָרגאנען פון דער ראטנמאכט. ס'איז ניט שווער צו פארשטיין, אז די דאָ-זיקע אַלע אומשטענדן ענדערן אפ א ראדיקאלן אויפן סיי די לאגע פון די ארבעטער סיי די אָרדענונג אין דער אונטערנעמונג. אויב באם קאפּיטאַליזם קוקט דער ארבעטער אפ דער פאבריק, ווי אפ א טורמע, איז בא דער סאָ-וועטישער אָרדענונג קוקט דער ארבעטער אפ דער פאבריק שוין ניט ווי אפ א טורמע, נאָר ווי אפ א נאָענטער און אייגענער זאך פאר אים, וואָס אין איר אנטוויקלונג און פארבעסערונג איז ער בלוטיק פאראינטערעסירט. עס איז קוים נייטיק צו דערווייזן, אז די דאָזיקע נייע באציִונג פון די ארבעטער צו דער אונטערנעמונג, דאָס דאָזיקע געפיל פון נאָענטקייט פון די ארבעטער צו

דער אונטערנעמונג איז דער גרעסטער באוועגער פֿונ אונדזער גאנצער אינ-
דוסטריע. מיט דעמ דאָזיקנ אומשטאנד דארפֿ מענ דערקלערנ יענעמ פֿאקט,
וואָס די צאָל דערפֿינדערס אינ געביט פֿונ דער פּראָדוציר-טעכניק אונ
אינדוסטריע-אָרגאניזאטערס פֿונ צווישנ די ארבעטער וואקסט מיט יעדנ טאָג.

צווייטנס, דער אומשטאנד, וואָס די האכנאָסעס פֿונ דער אינדוסטריע
גייענ בא אונדז ניט אפֿ באַרײַכערנ באזונדערע פּערזאָנענ, נאָר אפֿ דער
ווײַטערדיקער פֿארברייטערונג פֿונ דער אינדוסטריע, אפֿ פֿארבעסערנ די
מאטעריעלע אונ קולטורעלע לאגע פֿונעמ ארבעטער-קלאס, אפֿ פֿארביליקערנ
די אינדוסטריעלע סכוירעס, וועלכע זײַנענ נייטיק סײַ פֿאר די ארבעטער
סײַ פֿאר די פּויערימ, ד.ה. ווידעראמאָל אפֿ פֿארבעסערנ די מאטעריעלע לא-
גע פֿונ די ארבעטנדיקע מאסנ. דער קאפּיטאליסט קאָנ ניט פֿארווענדנ זײַנע
האכנאָסעס אפֿ אופֿהייבנ דעמ וווילשטאנד פֿונעמ ארבעטער-קלאס. ער לעבט
צוליב די רעוואָכימ. אנדערש וואָלט ער ניט געווענ קיינ קאפּיטאליסט.
ער באקומט ארויס רעוועכ, קעדיי צונויפֿנעמענ אימ אינ צוגאָב-קאפּיטאל אונ
ארויספֿירנ אינ די ווייניקער אנטוויקלטע לענדער, וועלכע לײַדנ פֿונ מאנגל
אינ קאפּיטאל, קעדיי ארויסצובאקומענ נײַעמ, נאָכ גרעסערנ רעוועכ. אזוי
פֿליסנ די קאפּיטאלנ פֿונ צאָפֿנ-אמעריקע קיינ כינע, קיינ אינדאָנעזיע, קיינ
דאָרעמ-אמעריקע, קיינ אייראָפּע, פֿונ פֿראנקרײַכ — אינ די פֿראנצויזישע קאָ-
לאָניעס, פֿונ ענגלאנד — אינ די ענגלישע קאָלאָניעס. בא אונדז איז
די זאכ אנדערש, ווײַל מיר פֿירנ ניט אונ אנערקענענ ניט קיינ
קאָלאָניאלע פּאָליטיק. בא אונדז פֿארבלײַבנ די האכנאָסעס פֿונ דער אינ-
דוסטריע אינ לאנד מיטנ צוועק פֿונ ווײַטערדיקנ פֿארברייטערנ די אינדוסטריע,
מיטנ צוועק צו פֿארבעסערנ די לאגע פֿונ די ארבעטער, מיטנ צוועק צו פֿאר-
גרעסערנ די אופֿנעמפֿייִקײַט פֿונעמ אינערלעכנ מארק, דערונטער אויכ פֿונעמ
פּויערשנ מארק, דורכ פֿארביליקערנ די אינדוסטריעלע סכוירעס. 10 פּראָצ.
פֿונעמ רעוועכ פֿונ דער אינדוסטריע גייט בא אונדז אפֿ פֿארבעסערנ דעמ
לעבנשטייגער פֿונעמ ארבעטער-קלאס. 13 פּראָצ. פֿונעמ געלט-ארבעטלוינ
פֿונ די ארבעטער גייט בא אונדז אפֿ פֿארסטראכירנ דעמ ארבעטער-קלאס
אפּנ כעזשבנ פֿונ דער מעלוכע (דאָס באטרעפֿט העכער 800 מיליאָנ רובל
א יאָר). א באוווּסטער טייל האכנאָסעס (כ'קאָנ אצינד ניט זאָגנ פּינקטלעכ,
וואָס פֿאר א טייל) גייט אפֿ קולטורעלע באדערפֿענישנ, אפֿ פֿאבריק-זאוואָדי-
שער שילערײַ אונ אפֿ אורלויבנ פֿאר ארבעטער. א גאנצ באדײַטנדיקער טייל
פֿונ די דאָזיקע האכנאָסעס (כ'קאָנ ווידער אצינד ניט זאָגנ פּינקטלעכ, וואָס
פֿאר א טייל) גייט אפֿ העכערנ יערלעכ דעמ געלט-ארבעטלוינ פֿונ די אר-
בעטער. דער איבעריקער טייל האכנאָסעס פֿונ דער אינדוסטריע ווערט
אויסגעגעבנ אפֿ ווײַטערדיקנ פֿארברייטערנ די אינדוסטריע, אפֿ רעמאָנ-

טירן די אַלטע זאַוואָדן, אַפ בויען נייע זאַוואָדן, צולעצט, אַפ פאַרבילי־קערן די אינדוסטריעלע סכוירעס. די קאָלאָסאַלע באַדייטונג פון די דאָזיקע אומשטענדן פאַר אונדזער גאַנצער אינדוסטריע באַשטייט דערין, וואָס: א) זיי פאַרגרינגערן די דערנעענטערונג פון דער לאַנדווירטשאַפט מיט דער אינדוסטריע און דאָס פאַרגלעטן די קעגנזאַצן צווישן שטאָט אין דאָרף; ב) זיי העלפן מיט דעם וווּקס פון דער אומגעמפייקייט פונעם אינערלעכן מאַרק, פונעם שטאָטישן און פונעם דאָרפישן, שאַפנדיק דערמיט אַן אָנופהערלעכן וואַקסנדיקע באַזע פאַר דער ווייטערדיקער פאַנאַנדערוויקלונג פון דער אינדוסטריע.

צולעצט, דער אומשטאַנד, וואָס דער פאַקט פון נאַציאָנאַליזירן די אינדוסטריע פאַרגרינגערט דאָס פּלאַנישע פירן די גאַנצע אינדוסטריעלע ווירטשאַפט אינגאַנצן גענומען.

צי וועלן די דאָזיקע סטימולן און באַוועגערס פון אונדזער אינדוסטריע זיין שטענדיקע פאַקטאָרן? צי קאָנען זיי זיין שטענדיק ווירקזאַמע פאַקטאָרן? יאָ, זיי וועלן אומבאַדינגט זיין שטענדיק ווירקזאַמע סטימולן און באַוועגערס. און וואָס מער עס וועט זיך אַנטוויקלען אונדזער אינדוסטריע, אַלץ מער וועט אָנוואַקסן די קראַפט און די באַדייטונג פון די דאָזיקע פאַקטאָרן.

7-טע פראַגע. אין וואָס פאַר א מאָס קאָן מען מיטאַרבעטן מיט דער קאַפּיטאַליסטישער אינדוסטריע פון אַנדערע לענדער? צי איז פאַראַן אַ באַשטימטע גרענעץ פאַר אַזאַ מיטאַרבעט, אָדער עס איז פּאָשעט אַ פּרווו, קעדיי קלאָר מאַכן, אין וואָס פאַר א טייל וועלכע מיטאַרבעט איז מעגלעך און וועלכע ניט?

ענטפער. עס האַנדלט זיך, אַפּאָ:עם, וועגן די צייטווייליקע אויסגלייכן מיט די קאַפּיטאַליסטישע מעלוכעס אין געביט פון אינדוסטריע, אין געביט פון האַנדל, און, קאָן זיין, אין געביט פון דיפּלאָמאַטישע באַציונגען. איך מיין, אַז דאָס פאַראַנענזיין פון צוויי קעגנזעצלעכע סיסטעמען — דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם און דער סאָציאַליסטישער סיסטעם — שליסט ניט אויס די מעגלעכקייט פון אַזעלכע אויסגלייכן. איך מיין, אַז אַזעלכע אויסגלייכן זיינען מעגלעך און צוועקמעסיק אין די באַדינגונגען פון פרידלעכער אַנטוויקלונג. דער עקספּאָרט און אימפּאָרט זיינען דער אַמערסטן פּאַסיקער באָדן פאַר אַזעלכע אויסגלייכן. מיר דאַרפן האָבן: אויסשטאַטונג, רוישטאָף (צום ביישפּיל, בוימוואָל), האַלבפאַבריקאַטן (אין געביט פון מעטאַל אא.), די קאַפּיטאַ־

ליסטנ ווידער נייטיקנ זיכ אינ אָפזאצ פונ די דאָזיקע סכוירעס. אָט האָט איר א באָדנ פאר אנ אויסגלייַכ. די קאפיטאליסטנ דארפנ האָבנ: נאפט, וואלד, טווע, אונדז ווידער איז נייטיק אָפזעצנ די דאָזיקע סכוירעס. אָט האָט איר נאָכ איינ באָדנ פאר אנ אויסגלייַכ. מיר דארפנ האָבנ קרעדיטנ, די קאפיטאליסטנ דארפנ האָבנ גוטע פראָצענטנ פאר די דאָזיקע קרעדיטנ. אָט האָט איר נאָכ א באָדנ פאר אנ אויסגלייַכ שוינ לויט דער ליניע פונ קרעדיט, דערבייַ איז באוווסט, אז די סאָוועטישע אָרגאנענ זייַנענ די אמערסטנ אקוראטע צאָלערס אינ פראט פונ קרעדיטנ.

דאָס זעלבע קאָנ מענ זאָגנ מיקויעכ דעמ דיפלאָמאטישנ געביט. מיר פירנ א פאָליטיק פונ שאָלעמ אונ מיר זייַנענ גרייט אונטערצושרייַבנ מיט די בורזשואזע מעלוכעס פאקטנ וועגנ קעגנזייַטיקנ ניט-אָנפאלנ. מיר פירנ א פאָ-ליטיק פונ שאָלעמ אונ מיר זייַנענ גרייט צו גיינ אפ אנ אויסגלייַכ וועגנ אנטוואָפענונג, אפילע ביז פולשטענדיקנ פארניכטנ די שטענדיקע ארמייענ, וועגנ דעמ האָבנ מיר דערקלערט פאר דער גאנצער וועלט נאָכ אפ דער גע-נוער קאָנפערענצ. אָט האָט איר א באָדנ פאר אנ אויסגלייַכ לויט דער דיפלאָ-מאטישער ליניע.

די גרענעצנ פונ די דאָזיקע אויסגלייַכנ? די גרענעצנ ווערנ געשטעלט דורכ דער קעגנזעצלעכקייַט פונ די צוויי סיסטעמענ, צווישנ וועלכע עס גייט א פארמעסטונג, א קאמפ. אינ די ראמענ, וועלכע ווערנ דערלאָזט דורכ די דאָזיקע צוויי סיסטעמענ, אָבער בלויז אינ די דאָזיקע ראמענ, זייַנענ אויס-גלייַכנ פולשטענדיק מעגלעכ. דערופ זאָגט איידעס די דערפארונג פונ די אויסגלייַכנ מיט דייַטשלאנד, מיט איטאליע, מיט יאפאָניע אאוו.

צי זייַנענ די דאָזיקע אויסגלייַכנ פאָשעט אנ עקספערימענט אָדער זיי קאָנענ טראָגנ א מער-וויייניקער דויערהאפטיקנ כאראקטער? דאָס הענגט אָפ ניט בלויז פונ אונדז, דאָס הענגט אויכ אָפ פונ אונדזערע קאָנטראגענטנ. דאָס הענגט אָפ פונ דער אלגעמיינער סיטואציע. א מילכאָמע קאָנ איבערקערנ מיטנ קאָפ אראָפ אלע אונ אלערליי אויסגלייַכנ. דאָס הענגט אָפ, ענדלעכ, פונ די באדינגונגענ פונ דעמ אויסגלייַכ. קיינ פארשקלאפנדיקע באדינגונגענ קאָנענ מיר ניט אָננעמענ. מיר האָבנ אנ אָפמאכ מיט הארימאנענ, וועלכער עקספלואטירט די מארגאנצ-גרובנס אינ גרוזיע. דער אָפמאכ איז געשלאָסנ אפ 20 יאָר. ווי איר זעט, א טערמינ גאָר ניט קיינ קלענער. בא אונדז איז פא-ראנ אויכ אנ אָפמאכ מיט דער געזעלשאפט לענא-גאָלדפילדס, וועלכע פאר-נעמט זיכ מיטנ ארויסבאקומענ גאָלד אינ סיביר. דער אָפמאכ איז געשלאָסנ אפ 30 יאָר — אפ נאָכ א לענגערנ טערמינ. ס'איז פאראנ, ענדלעכ, אנ אויס-גלייַכ מיט יאפאָניע וועגנ דער עקספלואטאציע פונ די נאפט-קוואלנ אונ קוילנ-גרובנס אפ סאכאלינ.

מיר וואָלטן געוואָלט, אז די דאָזיקע אויסגלײַכן זאָלן האָבן א מער־וויניקער פעסטן כאראקטער. אָבער דאָס הענגט אָפּ, פארשטייט זיך, ניט בלויז פון אונדז, נאָר אויך פון אונדזערע קאָנטראגענטן.

8-טע פראגע. מיט וואָס אונטערשיידט זיך אין גרונט רוסלאנד פון די קאפּיטאליסטישע מעלוכעס אין זײַן פּאָליטיק בענעגייע די נאציאָנאלע מינדערהײַטן?

ענטפער. עס האנדלט זיך, אפּאָנעם, וועגן יענע נאציאָנאליטעטן פון פססר, וועלכע זײַנען פריִער געווען אונטערדריקט דורכן צאריזם און דורך די רוסישע עקספּלואטאטערישע קלאסן און וועלכע האָבן ניט געהאט זייערע קיין אייגענע מעלוכעשאפט. דער גרונט־אונטערשייד באשטייט דערין, וואָס אין די קאפּיטאליסטישע מעלוכעס עקזיסטירן נאציאָנאלער יאָך און נאציאָנאלע פארשקלאפונג, בא אונדז, ווידער, אין פססר, איז ראדיקאל פארניכטעט געוואָרן אי דאָס אי יענץ. דאָרט, אין די קאפּיטאליסטישע מעלוכעס, בא־גלײַך מיט נאציעס פון ערשטן ראנג, מיט נאציעס פריווילעגירטע, מיט נאציעס „מעלוכישע", עקזיסטירן נאציעס פון א צווייטן ראנג, נאציעס „ניט קיין מעלוכישע", נאציעס ניט קיין פולבארעכטיקטע, בא וועמען מע האָט צוגענומען די אָדער יענע רעכט און, פריִער פאר אלץ, די מעלוכע־רעכט. פארקערט, בא אונדז, אין פססר, זײַנען פארניכטעט געוואָרן אָט־די אלע אטריבוטן פון נאציאָנאלער אומגלײַכקײַט און נאציאָנאלן יאָך. בא אונדז זײַנען אלע נאציעס גלײַכבארעכטיקט און סוווערען, וואָרעם די נאציאָנאלע און מעלוכישע פּריווילעגיעס פון דער גרויסרוסישער נאציע, וועלכע האָט פריִער געהערשט, זײַנען פארניכטעט. עס האנדלט זיך ניט, פארשטייט זיך, וועגן דעקלאראציעס מיקויעך גלײַכהײַט פון נאציאָנאליטעטן. דעקלאראציעס וועגן נאציאָנאלער גלײַכהײַט איז פאראן ניט ווייניק בא די אלערליי בורזשואזע און סאָציאַל־דעמאָקראטישע פּארטייען. וואָס פאר א ווערט האָבן די דעקלאראציעס, אויב זיי ווערן ניט דורכגעפירט אין לעבן? עס האנדלט זיך וועגן דעם, אז מע זאָל פארניכטן יענע קלאסן, וועלכע זײַנען די טרעגער, די שעפער און דורכפירער פון דער נאציאָנאלער אונטערדריקונג. אזעלכע קלאסן זײַנען בא אונדז געווען די פריצים, די קאפּיטאליסטן. מיר האָבן אראָפּגעוואָרפן די דאָזיקע קלאסן און דערמיט גופע פארניכטעט די מעגלעכקײַט פון נאציאָנאלן יאָך. און טאקע דערפאר, וואָס מיר האָבן אראָפּגעוואָרפן די דאָזיקע קלאסן, איז בא אונדז געוואָרן מעגלעך ווירקלעכע נאציאָנאלע גלײַכהײַט. אָט דאָס הייסט טאקע בא אונדז פארווירקלעכן די אידייע פון זעלבסטבאשטימונג פון נאציאָנאליטעטן, ביז צום אָפּטיילן זיך. טאקע דער־

פאר, וואָס מיר האָבן פארווירקלעכט די זעלבסטבאשטימונג פון די נאציאָנא-
ליטעטן, טאקע דערפאר האָט זיך אונדז איינגעגעבן אויסצוראָטן דעם קעגנ-
זייטיקן אומצוטרוי פון די ארבעטנדיקע מאסן פון די פארשיידענע נאציאָנא-
ליטעטן פון פססר און פארייניקן די נאציאָנאליטעטן אפ די יעסוידעס פון
פרייוויליקייט אין איין פארבאנדישער מעלוכע. דער פארבאנד פון די סאָוועט-
טישע סאָציאליסטישע רעפובליקן, וואָס עקזיסטירט אצינד, איז א רעזולטאט
פון אונדזער נאציאָנאלער פאָליטיק און אן אויסדרוק פון דער פרייוויליקער
פעדערירונג פון די נאציאָנאליטעטן פון פססר אין איין פארבאנדישער מע-
לוכע. עס איז קוים נייטיק צו דערווייזן, אז אזא פאָליטיק אין דער נאציאָ-
נאלער פראגע איז ניט דענקבאר אין די קאפיטאליסטישע לענדער, וואָ-
רעם דאָרט שטייען נאָך אלץ בא דער מאכט די קאפיטאליסטן, וועלכע זיי-
נען די שעפער און דורכפירער פון דער פאָליטיק פון נאציאָנאלער אונטער-
דריקונג. מע קאָן ניט ניט פארצייכענען, צומביישפיל, יענעם פאקט, וואָס בע-
ראָש פונעם העכסטן אָרגאן פון פססר, פונעם צענטראלן אויספיר-קאָמיטעט
פון די ראטן, שטייט ניט אומבאדינגט א רוסישער פאָרזיצער, נאָר
זעקס פאָרזיצערס, לויט דער צאָל פון די זעקס פארבאנדישע רעפובליקן,
וואָס האָבן זיך פאראייניקט אין פססר, וואָס איינער פון זיי איז א רוס (קאלי-
נין), דער צווייטער — אן אוקראאינער (פעטראָווסקי), דער דריטער — א ווייס-
רוס (טשערוויאקאָוו), דער פערטער — אן אזערביידזשאנער (מוסאבעקאָוו), דער
פינפטער — א טורקמענ (אייטאקאָוו), דער זעקסטער — אן אוזבעק (פייזולא
כאָדזשייעוו). דער דאָזיקער פאקט איז איינער פון די בולעטסטע אויסדריקן
פון אונדזער נאציאָנאלער פאָליטיק. ס'איז ניט שייך צו ריידן, אז קיין
איין בורזשואזע רעפובליק, ווי דעמאָקראטיש זי זאָל ניט זיין, וועט אזא
זאך ניט טאָן. פאר אונדז אָבער איז דער דאָזיקער שריט א זעלבסטפארשטענ-
דלעכער פאקט, וואָס דרינגט ארויס פון אונדזער גאנצער פאָליטיק פון נא-
ציאָנאלער גלייכהייט.

9-טע פראגע. **די אמעריקאנישע ארבעטער-פירער** פאר-
ענטפערן זייער קאמפ קעגן די קאָמוניסטן מיט צוויי אומ-
שטענדן: 1) די קאָמוניסטן צעשטערן די ארבעטער-באווע-
גונג מיט זייער פראקציאָנעלן קאמפ אינעווייניק אין די פראָ-
פאריינען און מיט זייערע אָנפאלן אפ די ניט-ראדיקאלע
אמטלעכע פערזאָנען אין די פראָפאריינען; 2) די אמעריקא-
נישע קאָמוניסטן באקומען פאראָרדענונגען פון מאָסקווע
און דעריבער קאָנען זיי ניט זיין קיין גוטע פראָפעסיאָנעלע
טוערס, אפ וויפל זייער לאָיאַלקייט צו אן אויסלענדישער

**אָרגאניזאציע שטײַגט אריבער די לאָיאלקײַט צו זייער אייגענעם פארייג. ווי אזוי קאָן די דאָזיקע שוועריקײַט באזײַטיקט ווערן, אזוי, אז די אמעריקאנישע קאָמוניסטן זאָלן קאָנען פירן א געמיינזאמע ארבעט מיט אנדערע קעמערלעך פון דער אמעריקאנישער ארבעטער-באוועגונג?**

ענטפֿער. איך מיין, אז די פרוווג פון די אמעריקאנישע ארבעטער-פירער צו פֿארענטפֿערן זייער קאמפ קעגן די קאָמוניסטן האלט ניט אויס קיין שום קריטיק. קיינער האָט נאָך ניט דערוויזן און וועט ניט דערווײַזן, אז די קאָמוניסטן צעשטערן די ארבעטער־באוועגונג. דערפאר אָבער דארף מען האלטן פאר פולקום דערוויזן, אז די קאָמוניסטן זײַנען די סאמע איבערגעגעבענע און סאמע דרייסטע קעמפער פון דער ארבעטער־באוועגונג אין דער גאנצער וועלט, דערונטער אויך אין אמעריקע. איז דען ניט קיין פאקט, אז בייס שטרײַקן און דעמאָנסטראציעס פון ארבעטער טרעטן ארויס די קאָמוניסטן אין די ערשטע רייען פונעם ארבעטער-קלאס, נעמענדיק אף זיך די ערשטע קלעפּ פון די קאפּיטאליסטן, בייס די רעפאָרמיסטישע ארבעטער-לידערס באהאלטן זיך בעשאסמײַסע בא די קאפּיטאליסטן אין די הינטערהויפן? ווי אזוי קאָנען קאָמוניסטן ניט קריטיקירן די פּאכדאָנעס און די רעאקציאָנערקײַט פון די רעפאָרמיסטישע ארבעטער-לידערס? איז דען ניט קלאָר, אז אזא קריטיק קאָן בלויז באלעבן און פֿארשטארקן די ארבעטער-באוועגונג? עמעס, אזא קריטיק צעשטערט דעם אוטאָריטעט פון די רעאקציאָנערע ארבעטער-לידערס. נו, איז וואָס איז דאָ אזוינס? זאָלן די רעאקציאָנערע ארבעטער-לידערס ענטפערן מיט א קאָנטר-קריטיק און ניט מיט ארויסשלײַדערן די קאָמוניסטן פון די פּראָפאריינען. איך מיין, אז די ארבעטער-באוועגונג פון אמעריקע, אויב זי וויל לעבן און זיך אנטוויקלען ווײַטער, קאָן זיך ניט באגיין אָן א קאמפ פון מיינונגען און שטרעמונגען אינווייניק אין די פּראָפאריינען. איך מיין, אז דער קאמפ פון מיינונגען און שטרעמונגען אינווייניק אין די פּראָפאריינען, די קריטיק פון די רעאקציאָנערע לידערס אאוו. וועלן אלץ מער און מער אָנוואקסן, ווי די רעפאָרמיסטישע ארבעטער-לידערס זאָלן דעם ניט ארויסווײַזן קיין ווידערשטאנד. דעם ארבעטער-קלאס פון אמעריקע ווידער איז אבסאָליוט נייטיק אזא קאמפ פון מיינונגען און אזא קריטיק, קעדיי ער זאָל קאָנען מאכן אן אויסוואל צווישן די פארשיידענע שטרעמונגען און זיך זעלבסטבאשטימען, ענדלעך, אלס זעלבשטענדיקע אָרגאניזירטע קראפט אינווייניק אין דער אמעריקאנישער געזעלשאפט. די אָנקלאָגעס פון די אמעריקאנישע רעפאָרמיסטישע לידערס אף די קאָמוניסטן זאָגן איידעס בלויז וועגן דעם, אז זיי זײַנען ניט זיכער אין זייער גערעכטקײַט, זיי פילן ניט קיין פעסטקײַט פון זייער לאגע. דערפאר טאקע האָבן זיי מוירע פאר קריטיק, ווי פאר פעסט. מערקווירדיק, אז די אמע־

ריקאנישע ארבעטער־לידערס זיינען מער אנטשיידענע קעגנער פון עלע־מענטארער דעמאָקראטיע, איידער פיל בורזשוא אין דער זעלביקער אמעריקע.

ס׳איז לאכלוטנ ניט ריכטיק די באהויפּטונג, אז די אמעריקאנישע קאָ־מוניסטנ ארבעטנ „לויט א פאראָרדענונג פונ מאָסקווע". איר וועט ניט געפי־נענ אינ דער וועלט אזעלכע קאָמוניסטנ, וועלכע זאָלנ מאסקים זיינ צו ארבעטנ „לויט א פאראָרדענונג" פונ אויסנ, קעגנ זייערע אייגענע איבער־צייגונגענ, קעגנ זייער ווילנ, טראָצ דעמ, וואָס די סיטואציע ווייזט אָנ. און אזעלכע קאָמוניסטנ, אויב זיי וואָלטנ אפילע ערגעצ עקזיסטירט, וואָלטנ ניט ווערט געווענ קיינ גראָשנ. קאָמוניסטנ זיינענ די סאמע דרייסטע און געוואגטע מענטשנ, זיי פירנ א קאמפ קעגנ א גאנצנ יאמ מיט פיינט. דער ווערט פונ די קאָמוניסטנ באשטייט טאקע, אגעוו, אינ דעמ, וואָס זיי קע־נענ פארטיידיקנ זייערע איבערצייגונגענ. דעריבער איז מאָדנע צו ריידנ וועגנ די אמעריקאנישע קאָמוניסטנ, ווי וועגנ מענטשנ, וועלכע האָבנ ניט זייערע קיינ אייגענע איבערצייגונגענ און זיינענ פייִק צו ארבעטנ בלויז „לויט פאראָרדענונגענ" פונ אויסנ. אינ דער באהויפּטונג פונ די ארבעטער־לידערס איז ריכטיק בלויז איינס, נעמלעכ דאָס, וואָס די אמעריקאנישע קאָמוניסטנ גייענ ארייננ אינ באשטאנד פונ דער אינטערנאציאָנאלער אָרגא־ניזאציע פונ קאָמוניסטנ און בעראטנ זיכ פונ צייט צו צייט מיטנ צענטער פונ דער דאָזיקער אָרגאניזאציע איבער די אָדער יענע פראגנ. וואָס זשע איז עס פאר א בייז? זיינענ דענ די אמעריקאנישע ארבעטער-לידערס קעגנ דער אָרגאניזירונג פונ אנ אינטערנאציאָנאלנ ארבעטער־צענטער? עמעס, זיי גייענ ניט ארייננ אינ באשטאנד פונ אמסטערדאמ. אָבער זיי גייענ ניט ארייננ אהער ניט דערפאר, וואָס זיי זיינענ קעגנ אנ אינטערנאציאָנאלנ ארבע־טער-צענטער, נאָר דערפאר, ווייל זיי האלטנ אמסטערדאמ פאר א צו לינקער אָרגאניזאציע. (געלעכטער.) פארוואָס מעגנ די קאפּיטאליסטנ זיכ אָרגאניזירנ אינ אינטערנאציאָנאלנ מאסשטאב, און דער ארבעטער־קלאס אָדער א טייל פונעמ ארבעטער-קלאס טאָרנ ניט האָבנ זייער אינטערנאציאָנאלע אָרגאני־זאציע? איז דענ ניט קלאָר, אז גרינ און זיינע פריינט פונ דער אמערי־קאנישער ארבעט־פעדעראציע טרייבנ רעכילעס אפ די אמעריקאנישע קאָ־מוניסטנ, קנעכטיש איבערכאזערנדיק די לעגענדעס פונ די קאפּיטאליסטנ וועגנ „פאראָרדענונגענ פונ מאָסקווע"? ס׳זיינענ פאראנ מענטשנ, וועלכע מיינענ, אז די מיטגלידער פונעמ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל אינ מאָסקווע טוענ נאָר איינ ארבעט — זיי זיצנ און שרייבנ דירעקטיווו פאר אלע לענדער. און אזוי ווי לענדער, וועלכע גייענ ארייננ אינ באשטאנד פונעמ קאָמינ־טערנ, זיינענ פאראנ העכער 60, קאָנט איר זיכ פאָרשטעלנ די לאגע פונ די מיטגלידער פונעמ קאָמינטערנ, וועלכע שלאָפנ ניט, עסנ ניט און טוענ בלויז

זיבן טאָג און נאכט און שרײַבן דירעקטיוון פאר די דאָזיקע לענדער. (געלעכטער.) און מיט דער דאָזיקער קאָמישער לעגענדע מיינען די אמעריקאנישע ארבעטער־לידערס צוצודעקן זייער מוירע פאר די קאָמוניסטן און פארטושן יענעם פאקט, אז די קאָמוניסטן זײַנען די סאמע דרייסטע און סאמע איבערגעגעבענע טוער פונעם ארבעטער־קלאס פון אמעריקע!

די דעלעגאציע פרעגט וועגן אן אויסוועג פון אזא לאגע. איך מיין, אז אן אויסוועג איז פאראן איינער: דערלאָזן א קאמף פון מיינונגען און שטרעמונגען אין די פראָפאריינען פון אמעריקע, אָפּווארפן די רעאקציאָנערע פּאָליטיק פון ארויסשלײַדערן די קאָמוניסטן פון די פראָפאריינען און געבן א מעגלעכקײַט דעם ארבעטער־קלאס פון אמעריקע צו מאכן א פרײַען אויסוואל צווישן די דאָזיקע שטרעמונגען, ווײַל אין אמעריקע איז נאָך ניט געווען קיין אייגענע אָקטיאבער-רעוואָליוציע, און דאָרטן האָבן די ארבעטער ניט געהאט די מעגלעכקײַט צו מאכן דעם ענדגילטיקן אויסוואל צווישן די פארשיידענע שטרעמונגען אין די פראָפאריינען.

10־טע פראגע. צי ווערט איצט געשיקט געלט קיין אמעריקע אפ צו שטיצן די אמעריקאנישע קאָמפּארטיי אָדער די קאָמוניסטישע צײַטונג „דיילי וואָרקער”? אויב ניט, וויפל טראָגן ארײַן די אמעריקאנישע קאָמוניסטן אין III אינטערנאציאָנאל אלס יערלעכע מיטגליד־אָפּצאָלונגען?

ענטפער. אויב עס האנדלט זיך וועגן די קעגנזײַטיקע באציִונגען צווישן דער קאָמפּארטיי פון אמעריקע מיטן III אינטערנאציאָנאל, מוז איך זאָגן, אז די קאָמפּארטיי פון אמעריקע, אלס טייל פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאציאָנאל, צאָלט מיסטאָמע דעם קאָמינטערן מיטגליד-אָפּצאָלונגען, פונקט ווי דער קאָמינטערן, אלס צענטער פון דער אינטערנאציאָנאלער קאָמוניסטישער באוועגונג, דארף מען רעכענען, העלפט ווי ווײַט מעגלעך דער קאָמפּארטיי פון אמעריקע, ווען ער האלט עס פאר נויטווענדיק. איך מיין, אז דעריבער איז ניטאָ קיין שום וווּנדער און קיין אויסערגעוויינלעכע זאך. אויב ווידער עס האנדלט זיך וועגן די קעגנזײַטיקע באציִונגען צווישן דער קאָמפּארטיי פון אמעריקע מיט דער קאָמפּארטיי פון פססר, מוז איך דערקלערן, אז איך וויים ניט קיין איין פאל, ווען די פאָרשטייער פון דער אמעריקאנישער קאָמפּארטיי זאָלן זיך ווענדן נאָך הילף צו דער קאָמפּארטיי פון פססר. איר קאָנט עס רעכענען פאר מאָדנע, אָבער דאָס איז א פאקט, וואָס רעדט וועגן א צו גרויסער פײַנפּיליקײַט פון די אמעריקאנישע קאָמוניסטן.

וואָס וואָלט אָבער געווען, ווען די קאָמפּאַרטיי פון אַמעריקע וואָלט זיך געווענדט נאָך הילף צו דער קאָמפּאַרטיי פון ססר? איך מיין, אַז די קאָמפּאַרטיי פון ססר וואָלט איר ווי וויַט מעגלעך געהאָלפן. אינדערעמעסן, וואָס וואָלט ווערט געווען אַזאַ קאָמפּאַרטיי, וועלכע שטייט נאָך דערצו בא דער מאַכט, אויב זי וואָלט זיך אָפּגעזאָגט ווי וויַט מעגלעך צו העלפן אַ קאָמפּאַרטיי פון אַ צווייטן לאַנד, וואָס געפינט זיך אונטערן יאָך פון קאַפּיטאַליזם? איך וואָלט געזאָגט, אַז אַזאַ קאָמפּאַרטיי וואָלט ניט ווערט געווען קיין גראָשן. לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אַז דער אַמעריקאַנישער אַרבעטער-קלאַס איז געקומען צו דער מאַכט, אַראָפּוואַרפנדיק זיַין בורזשואַזיע; לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אַז צום אַרבעטער-קלאַס פון אַמעריקע, וועלכער האָט געזיגט אינעם גרויסן קאַמף קעגן דעם קאַפּיטאַליזם, וואָלט זיך געווענדט דער אַרבעטער-קלאַס פון אַן אַנדער לאַנד נאָך ווי וויַט מעגלעכע מאַטעריעלע הילף — וואָלט דען דער אַמעריקאַנישער אַרבעטער-קלאַס געקאָנט אָפּזאָגן אין אַזאַ הילף? איך מיין, אַז פאַר אים אַליין וואָלט געווען אַ כאַרפּע, אויב ער וואָלט זיך אַ וואַקל טאָן צו געבן הילף.

11־טע פראַגע. מיר ווייסן, אַז אייניקע גוטע קאָמוניסטן זיַינען ניט אינגאַנצן מאַסקים מיט דער פאָדערונג פון דער קאָמפּאַרטיי, אַז אַלע נייַע מיטגלידער זאָלן זיַין אַטעיִסטן, וויַיל איצט איז דער רעאַקציאָנערער קלער דערשטיקט. צי וואָלט געקאָנט די קאָמפּאַרטיי אין דער צוקונפט זיַין נייטראַל בנוגע רעליגיע, וועלכע וואָלט געשטיצט די גאַנצע וויסנשאַפט אינגאַנצן גענומען און וואָלט זיך ניט קעגנגעשטעלט דעם קאָמוניזם? צי וואָלט איר געקאָנט אין דער צוקונפט דערלויבן מיטגלידער פון דער פּאַרטיי זיך האַלטן בא רעליגיעזע איבערציַיגונגען, אויב די דאָזיקע איבערציַיגונגען וואָלטן זיך ניט פאַנאַנדערגעגאַנגען מיט דער פּאַרטייִשער לאָיאַלקיַיט?

ענטפער. אין דער דאָזיקער פראַגע זיַינען פאַראַן עטלעכע ניט־פינקטלעכקייַטן. ערשטנס, קאָן איך ניט אַזעלכע „גוטע קאָמוניסטן", וועגן וועלכע די דעלעגאַציע רעדט דאָ. ס'איז אַ ספק, צי אַזעלכע קאָמוניסטן עקזיסטירן ביכלאַל אין דער נאַטור. צווייטנס, דאַרף איך דערקלערן, אַז, ריידנדיק פאָרמעל, זיַינען בא אונדז ניטאָ אַזעלכע באַדינגונגען פאַרן אויפנעמען מיטגלידער אין דער פּאַרטיי, וועלכע זאָלן פאָדערן פונעם קאַנדידאַט פאַר אַ פּאַרטיי־מיטגליד אָבליגאַטאָרישן אַטעיִזם. אונדזערע אויפנעמ-

באדינגונגען אין דער פארטיי זיינען: אנערקענען די פראָגראם און דעם סטאטוט פון דער פארטיי, אומבאדינגט זיך אונטערווארפן די באשלוסן פון דער פארטיי און פון אירע אָרגאנען, מיטגליד-אָפּצאָלונגען, געהערן צו איינער פון די פארטיי־אָרגאניזאציעס.

איינער פון די דעלעגאטן. איך לייען זייער אָפט, אז מע שליסט אויס פון דער פארטיי פאר דעם, וואָס מע גלייבט אין גאָט.

סטאלין. איך קאָן נאָר איבערכאזערן דאָס, וואָס איך האָב שוין געזאָגט וועגן די אופנעם־באדינגונגען אין דער פארטיי. קיין אנדערע באדינגונגען זיינען בא אונדז ניטאָ.

צי באטייט עס, אז די פארטיי איז נייטראל בענעגייע רעליגיע? ניין, עס באטייט ניט. מיר פירן פראָפּאגאנדע און וועלן פירן פראָפּאגאנדע קעגן די רעליגיעזע פאָרורטיילן. די געזעצגעבונג פונעם לאנד איז אזא, אז יעדער בירגער האָט רעכט צו גלייבן אין וועלכער רעליגיע ער וויל. דאָס איז א זאך פון יעדערנס געוויסן. טאקע דערפאר האָבן מיר אָפּגעטיילט די קירכע פון דער מעלוכע. אָבער, אָפּטיילנדיק די קירכע פון דער מעלוכע און דערקלערנדיק פרייהייט פון גלויבונגען, האָבן מיר גלייכצייטיק איינגעהיט פאר יעדן בירגער דאָס רעכט צו קעמפן דורך איבערצייגונג, דורך פראָפּאגאנדע און אגיטאציע קעגן דער אָדער יענער רעליגיע, קעגן יעטווידער רעליגיע. די פארטיי קאָן ניט זיין נייטראל בענעגייע רעליגיע, און זי פירט אן אנטירעליגיעזע פראָפּאגאנדע קעגן אלע און אלערליי רעליגיעזע פאָרורטיילן, דערפאר ווייל זי איז פאר דער וויסנשאפט, רעליגיעזע פאָרורטיילן ווידער גייען קעגן דער וויסנשאפט, וואָרעם יעדע רעליגיע איז עטוואָס אזוינס, וואָס איז קעגנזעצלעך דער וויסנשאפט. אזעלכע פאלן, ווי אין אמעריקע, ווו מע האָט דאָ ניט לאנג פארמישפּעט דארוויניסטן, זיינען בא אונדז ניט מעגלעך, ווייל די פארטיי פירט א פּאָליטיק פון אלמעגלעכער פארטיידיקונג פון דער וויסנשאפט. די פארטיי קאָן ניט זיין נייטראל בענעגייע רעליגיעזע פאָרורטיילן, און זי וועט פירן א פראָפּאגאנדע קעגן די דאָזיקע פאָרורטיילן דערפאר, וואָס דאָס איז איינס פון די זיכערע מיטלען אפּ אונטערצוריסן דעם איינפלוס פונעם רעאקציאָנערן קלער, וועלכער שטיצט די עקספּלואטאטערישע קלאסן און וועלכער פרייריקט האכנאָע צו די דאָזיקע קלאסן. די פארטיי קאָן ניט זיין נייטראל בענעגייע די טרעגערס פון די רעליגיעזע פאָרורטיילן, בענעגייע דעם רעאקציאָנערן קלער, וועלכער פארסאמט דעם באוווסטזיין פון די ארבעטנדיקע מאסן. צי האָבן מיר דערשטיקט דעם רעאקציאָנערן קלער? יאָ, דערשטיקט. דער אומגליק איז נאָר, וואָס ער איז נאָך ניט אינגאנצן ליקווידירט. די אנטירעליגיעזע פראָפּאגאנדע איז יענע מיטל, וואָס דארף דערפירן ביזן סאָף די ליקווידאציע פונעם רעאקציאָנערן קלער. ס'טרעפן

פאלן, אז ווער־ניט־ווער פון די פארטיי־מיטגלידער שטערט אמאָל דער אַל־מעגלעכער פאנאנדערוויקלונג פון דער אנטירעליגיִעזער פראָפּאגאנדע. אויב מע שליסט אויס אזעלכע פארטיי־מיטגלידער, איז דאָס זייער גוט, וואָרעם פאר אזעלכע „קאָמוניסטן" איז ניטאָ קיין אָרט אין די רייען פון אונדזער פארטיי.

12־טע פראגע. צי קאָנט איר אונדז אינקורצן געבן א כאראקטעריסטיק פון דער צוקינפטיקער געזעלשאפט, וועלכע דער קאָמוניזם פרוווט זיך שאפן?

ענטפער. אן אלגעמיינע כאראקטעריסטיק פון דער קאָמוניסטישער געזעלשאפט איז געגעבן געוואָרן אין די ווערק פון מארקס, ענגעלס און לענין. אויב געבן אינקורצן די אנאטאָמיע פון דער קאָמוניסטישער געזעלשאפט, וועט עס זײַן אזא געזעלשאפט: א) ווו ס'וועט ניט זײַן קיין פּריוואט־אייגנטום אפ די פּראָדוציר־געצײַג און פּראָדוציר־מיטלען, נאָר ס'וועט זײַן אן אייגנטום א געזעלשאפטלעכס, א קאָלעקטיווס; ב) ווו ס'וועט ניט זײַן קיין קלאסן און קיין מעלוכע־מאכט, נאָר ס'וועלן זײַן ארבעט־לײַט פון דער אינדוסטריע און פון דער לאנדווירטשאפט, וואָס פירן מיט זיך אָן עקאָנאָמיש, ווי א פרײַע אסאָציִאציע פון ארבעטנדיקע; ג) ווו די פאָלקווירטשאפט, אן אָרגאניזירטע לויט א פּלאן, וועט זיך באזירן אפ דער העכסטער טעכניק, סײַ אין געביט פון דער אינדוסטריע סײַ אין געביט פון דער לאנדווירטשאפט; ד) ווו ס'וועט ניט זײַן קיין קעגנזאץ צווישן שטאָט און דאָרף, צווישן דער אינדוסטריע און דער לאנדווירטשאפט; ה) ווו די פּראָדוקטן וועלן פאנאנדערגעטיילט ווערן לויטן פּרינציפּ פון די אַלטע פראנצויזישע קאָמוניסטן: „פון יעדערן לויט די פייִקייטן, יעדערן לויט די באדערפעניש"; ו) ווו די וויסנשאפט און די קונסט וועלן האָבן באדינגונגען גענוג גינסטיקע אפ צו דערשלאָגן זיך א פולקומען פאנאנדערבלי; ז) ווו די פּערזענלעכקײַט, א פרײַע פון זאָרג וועגן שטיקל ברויט און פון דער נויטווענדיקײַט אונטערצוכאנפענען זיך צו די „שטארקע פון דער וועלט", וועט ווערןווירקלעך פרײַ. אאזוו. אדג. קלאָר, אז ביז אזא געזעלשאפט האלטן מיר נאָך ווײַט.

וואָס אָנבאלאנגט די אינטערנאציאָנאלע באדינגונגען, וועלכע זײַנען נייטיק פארן פולן טריומף פון דער קאָמוניסטישער געזעלשאפט, וועלן זיי זיך אויסבילדן און אָנוואקסן באגלײַך מיטן אָנוווקס פון די רעוואָליוציאָנערע קריזיסן און רעוואָליוציאָנערע אויסברוכן פונעם ארבעטער־קלאס אין די קאַפּיטאליסטישע לענדער. מע טאָר ניט פאָרשטעלן די זאך אזוי, אז דער

ארבעטער־קלאס פונ איינ לאנד אָדער פונ עטלעכע לענדער וועט גיינ צומ סאָציאַליזמ אונ ביפראט נאָכ צומ קאָמוניזמ, אונ די קאפיטאליסטנ פונ אנדערע לענדער וועלנ קוקנ דערופ גלײַכגילטיק אונ וועלנ זיצנ מיט צונויפגעלייגטע הענט. נאָכ מער קאָנ מענ זיכ ניט פאָרשטעלנ, אז דער ארבעטער־קלאס אינ די קאפיטאליסטישע לענדער וועט אײַנשטימענ צו זײַנ א פּאַשעטער צושויער פונ דער זיגרײַכער אנטוויקלונג פונעמ סאָציאַליזמ אינ דעמ אָדער אינ יענעמ לאנד. אינדערעמעסנ וועלנ די קאפיטאליסטנ טאָנ אלצ, וואָס פונ זײ איז אָפּהענגיק, כּדי צו דערשטיקנ אזעלכע לענדער. אינדערעמעסנ וועט יעדער ערנסטער טראָט צומ סאָציאַליזמ אונ ביפראט נאָכ צומ קאָמוניזמ אינ דעמ אָדער אינ יענעמ לאנד אומפארמײַדלעכ באגלייט ווערנ מיט אנ אומאָפּהאלטלעכנ דראנג פונעמ ארבעטער־קלאס אינ די קאפיטאליסטישע לענדער צו דעראָבערנ די דיקטאטור אונ דעמ סאָציאַליזמ אינ די דאָזיקע לענדער. אזויארומ וועלנ אינ גאנג פונ דער ווײַטערדיקער אנטוויקלונג פונ דער אינטערנאציאָנאלער רעוואָליוציע זיכ אויסבילדנ צוויי צענטערס פונ אנ אלוועלטלעכנ מאסשטאב: א צענטער א סאָציאַליסט־שער, וואָס ציט צו זיכ צו די לענדער, וועלכע שטרעבנ צומ סאָציאַליזמ, אונ א צענטער א קאפיטאליסטישער, וואָס ציט צו זיכ צו די לענדער, וועלכע שטרעבנ צומ קאפיטאליזמ. דער קאמפּ צווישנ די דאָזיקע צוויי צענטערס פאר באזיצנ די וועלט־ווירטשאפט וועט לייזנ דעמ גורל פונעמ קאפיטאליזמ אונ קאָמוניזמ אינ דער גאנצער וועלט. וואָרעמ די ענדגילטיקע מאפּלע פונעמ אלוועלטלעכנ קאפיטאליזמ איז דער זיג פונעמ סאָציאַליזמ אפ דער ארענע פונ דער אלוועלטלעכער ווירטשאפט.

## II

## כ׳ סטאלינס פראגנ אונ די ענטפערנ פונ די דעלעגאטנ

ס ט א ל י נ. אויב די דעלעגאציע איז ניט זייער מיד, וואָלט איכ געבעטנ א דערלויבעניש צו פארגעבנ איר, כּונ מײַנ זײַט, עטלעכע פראגנ. (די דעלעגאציע דריקט אויס איר הסכּמה.)

1־טע פראגע. מיט וואָס דערקלערט זיכ דער קליינער פּראָצענט פּראָפעסיאָנעלע אָרגאניזירטקײַט פונ די ארבעטער אינ אמעריקע? דאכט זיכ, דאָרט איז פאראנ ארומ 17 מיליאָנ אינדוסטריעלע ארבעטער. (די דעלעגאטנ ווײַזנ אָנ, אז עס איז פאראנ פונ 18 ביז 19 מיליאָנ אינדוסטריעלע ארבעטער.) אָרגאניזירט, דוכט זיכ, איז ארומ 3 מיליאָנ. (די דעלעגאטנ

דערקלערן, אז אין דער אמעריקאנישער ארבעט־פעדע־ראציע רעכנט זיך, אנערעך, 3 מיליאָן אָרגאניזירטע אר־בעטער און, אכוץ דעם, איז אין אנדערע פאריינען פאראן א האלבער מיליאָן אָרגאניזירטע ארבעטער, אינגאנצן איז פאראן, אזויארום, $3^1/_2$ מיליאָן אָרגאניזירטע ארבע־טער.) איך פערזענלעך האלט, אז דאָס איז זייער א קליינער פראָצענט אָרגאניזירטע ארבעטער אין די פראָפאריינען. בא אונדז, אין פססר, איז אָרגאניזירט אין די פראָפאריינען 90 פראָצ. פון אלע פראָלעטאריער אין לאנד. איך האָב געוואָלט פרעגן די דעלעגאציע, צי האלט זי דעם דאָזיקן פאקט פון דער פארהעלטניסמעסיק קליינער אָרגאניזירטקייט פון די ארבע־טער אין די פראָפאריינען פאר א פאָזיטיוון פאקט. צי מיינט ניט די דעלעגאציע, אז דער דאָזיקער פאקט רעדט וועגן דער שוואכקייט פונעם אמעריקאנישן פראָלעטאריאַט, וועגן דער שוואכקייט פון זײַן קאמפ-געווער קעגן די קאפיטא־ליסטן אינעם עקאָנאָמישן געביט?

בראָפי. די קליינע צאָל מיטגלידער פון די פראָפעסיאָנעלע פאריינען דארף מען דערקלערן ניט מיט דער ניט־געלונגענער טאקטיק, וואָס עקזיסטירט אין די פראָפעסיאָנעלע אָרגאניזאציעס, נאָר מיט די אלגעמיינע עקאָנאָמישע באדינגונגען אין לאנד, וועלכע סטימולירן ניט די גאנצע מאסע ארבעטער צו אָרגאניזירונג און, אדאנק דער גינסטיקייט פון די דאָזיקע עקאָנאָמישע באדינגונגען, פארשמעלערן זיי די נויטווענדיקייט פונעם קאמף פונעם אר־בעטער-קלאס קעגן די קאפיטאליסטן. די דאָזיקע באדינגונגען וועלן זיך, פארשטייט זיך, ענדערן, און פאראלעל מיט דער ענדערונג פון די דאָזיקע באדינגונגען וועלן אויסוואקסן די פראָפאריינען, און די גאנצע פראָפבאַ־וועגונג וועט אוועק מיט אן אנדער וועג.

דוגלאס. איך בין מאסקים מיט יענער דערקלערונג, וואָס דער פרי־ערדיקער רעדנער האָט געגעבן. דערצו גיב איך צו, אז, ערשטנס, דארף מען האָבן אינזינען דעם מאָמענט, וואָס די קאפּיטאליסטן גופע אין די פאריייניקטע שטאטן הייבן אויף די לעצטע צײַט זייער הויך דעם ארבעט־לוין. דער דאָזיקער פראָצעס פון העכערן דעם ארבעטלוין האָט זיך בא־מערקט אין 1917 יאָר, אין 1919 יאָר און שפּעטער. אויב מע זאָל פארגלײַכן דעם רעאלן ארבעטלוין, וועלכער עקזיסטירט איצט, מיטן ארבעטלוין, וואָס האָט עקזיסטירט אין 1911 יאָר, וועט זיך ארויסווײַזן, אז ער איז בא־דײַטנדיק העכער. די פראָפבאוועגונג האָט זיך אין פראָצעס פון איר אנט־וויקלונג געבויט צוערשט און בויט זיך אויך איצט לויטן צעך־סימען, לויטן סימען פון דער פראָפעסיע, און די פראָפאריינען זײַנען געשאפן געוואָרן

דעריקער פאַר קוואַליפיצירטע ארבעטער. בעראָש פונ די דאָזיקע פאַ-
ריינענ זײַנענ געשטאַנענ באַשטימטע פירער, וועלכע האָבנ רעפּרעזענטירט
א געשלאָסענע אָרגאַניזאַציע אונ האָבנ געזוענ זיכ צו דערשלאָגנ פאַר זייערע מיט־
גלידער גוטע באַדינגונגענ. זיי האָבנ ניט געהאַט אַזוינע סיבעס, וועלכע
זאָלנ זיי סטימולירנ צו פאַרברייטערנ די ראַמענ פונ די פּראָפעסיאָנעלע
פאַריינענ אונ צו אָרגאַניזירנ אינ פּראָפאַריינענ די ניט-קוואַליפיצירטע אַר־
בעטער. אכוצ דעמ, קומט אויס דער אַמעריקאַנישער פּראָפבאַוועגונג צו רע־
כענענ זיכ מיט זייער א גוט אָרגאַניזירטנ קאַפּיטאַליזמ, וועלכער האָט אינ
זײַנ רעשוס אַלע מיטלענ, קעדיי צו ניט דערלאָזנ די אָרגאַניזירונג פונ
אַלע ארבעטער אינ פּראָפעסיאָנעלע פאַריינענ. אויב, לאָמיר זאָגנ, א טרעסט־
טיפיצירטע פּראָדוקציע באַגעגנט אינ איינער פונ אירע אונטערנעמונגענ זייער
א שטאַרקנ ווידערשטאַנד מצד דעמ פּראָפאַריינ, גייט זי אַפּילע אַפּ אַזאַ
מיטל, ווי פאַרמאַכנ די דאָזיקע אונטערנעמונג אונ אריבערוואַרפנ די ארבעט
אַפּ אירער א צווייטער אונטערנעמונג. אַזוי־אַרומ, ווערט צעקלאַפּט דער ווי-
דערשטאַנד פונעמ פּראָפעסיאָנעלנ פאַריינ. דער אַמעריקאַנישער קאַפּיטאַליזמ
העכערט זעלבשטענדיק דעמ ארבעטלוינ פונ די ארבעטער, אָבער דערבײַ
גיט ער ניט קיינ שומ עקאָנאָמישע מאַכט, ער גיט ניט קיינ מעגלעכקײַט
צו קעמפנ פאַר דער עקאָנאָמישער פאַרבעסערונג פונעמ לעבנ. נאָכ איינער,
זייער א וויכטיקער אומשטאַנד אינ אַמעריקע, איז דאָס, וואָס די קאַפּי-
טאַליסטנ זייענ סינע צווישנ די ארבעטער פונ פאַרשיידענע נאַציאָנאַ-
ליטעטנ. אינ דער מערהײַט פאַלנ זײַנענ די ניט־קוואַליפיצירטע ארבעטער
די ארבעטער, וועלכע זײַנענ געקומענ צו פאָרנ פונ אייראָפּע, אָדער, די
לעצטע צײַט, די ארבעטער־נעגערס. די קאַפּיטאַליסטנ באַמיִענ זיכ צו זייענ
סינע צווישנ די ארבעטער פונ פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטנ. די דאָזיקע
צעטיילונג אַפּ נאַציאָנאַליטעטנ גייט אויכ דורכ אונטערנ צייכנ פונ קוואַ-
ליפיצירטער אונ ניט־קוואַליפיצירטער ארבעט. די קאַפּיטאַליסטנ זייענ סיס־
טעמאַטיש אַנטאַגאָניזמ צווישנ די ארבעטער פונ פאַרשיידענע נאַציאָנאַ-
ליטעטנ, אומאָפּהענגיק פונ דער קוואַליפיצירטקײַט פונ זייער ארבעט. די
לעצטע 10 יאָר פירט דער אַמעריקאַנישער קאַפּיטאַליזמ א מער אויפגע־
קלערטע פּאָליטיק אינ דער הינזיכט, וואָס ער שאַפט זײַנע פּראָפעסיאָנעלע,
די אַזויגערופענע קאָמפּאַניישע פאַריינענ. ער ציט צו די ארבעטער צו דער
ארבעט פונ זײַנ אונטערנעמונג, פאַרינטערעסירט די ארבעטער אינעמ רעוועכ
פונ דער דאָזיקער אונטערנעמונג אאַוו. באַמ אַמעריקאַנישנ קאַפּיטאַליזמ איז
פאַראַנ א טענדענצ צו פאַרבײַטנ די האָריזאָנטאַלע טיילונג מיט א ווערטי-
קאַלער טיילונג, ד. ה. צעשפּאַלטנ דעמ ארבעטער-קלאַס, צוציִענדיק אימ אונ
פאַרינטערעסירנדיק אימ אינ די אינטערעסנ פונעמ קאַפּיטאַליזמ.

קויל. איך גיי צו צו דער פראגע ניט פונעם שטאנדפונקט פון טעאָריע, נאָר פונעם שטאנדפונקט פון פראקטיק. עמעס, אָרגאניזירן די ארבעטער איז בעסער פון אלץ אין גוטע צײַטן, אָבער די זאך באשטייט דערין, וואָס די סטאטיסטיק פון דער באוועגונג פון די מיטגלידער פון דער אמעריקאנישער ארבעט-פעדעראציע ווײַזט אָן, אז די אמעריקאנישע ארבעט-פעדעראציע פאר-לירט ביסלעכווײַז די ניט-קוואליפיצירטע ארבעטער און פארגרעסערט אין איר באשטאנד די צאָל קוואליפיצירטע ארבעטער. אזויארום, וויל די אמעריקאנישע ארבעט-פעדעראציע זײַן און ווערט ביסלעכווײַז אן אָרגאניזאציע, וועלכע האָט אין איר באשטאנד הויפטזאכלעך קוואליפיצירטע ארבעטער. די פראָפעסיאָנעלע באוועגונג אין אמעריקע כאפט קימאט ניט ארום קיין ניט-קוואליפיצירטע אר-בעטער. די גרויסע אינדוסטריע-צווײַגן ווערן ניט ארומגעכאפט דורך די פראָ-פאריינען. פון די דאָזיקע גרויסע אינדוסטריע-צווײַגן זײַנען בלויז די ארבע-טער פון דער קוילן-און אײַזנבאן-אינדוסטריע ביז א געוויסן גראד אָרגאניזירט, און דאָס אויך ארבעטן אין דער קוילן-אינדוסטריע 65 פראָצ. ניט-אָרגאניזירטע ארבעטער. די ארבעטער פון אזעלכע אינדוסטריע-צווײַגן, ווי די שטאָל-גיסע-רײַ, קאוטשוק, אווטאָמאָבילן, זײַנען קימאט לאכלוטן פראָפעסיאָנעל ניט אָרגא-ניזירט. מע קאָן זאָגן, אז די פראָפאריינען כאפן ניט ארום די ניט-קוואליפי-צירטע ארבעטער. עס איז פאראן א רײ פראָפעסיאָנעלע אָרגאניזאציעס, וואָס שטייען אויסער דער אמעריקאנישער ארבעט-פעדעראציע, וועלכע באמיִען זיך צו אָרגאניזירן די ניט-קוואליפיצירטע און ווייניק-קוואלי-פיצירטע ארבעטער. וואָס אָנבאלאנגט דער פּאָזיציע פון די פירער פון דער אמעריקאנישער ארבעט-פעדעראציע, האָט, צומבײַשפּיל, איינער פון די פירער, דער פּאָרזיצער פונעם מעטאליסטן-פאריין, גאנץ אָפן דער-קלערט, אז ער וויל ניט צוציִען אין זײַן פאריין קיין ניט-קוואליפי-צירטע ארבעטער. די לאגע בענעגייע די פירער פון די פראָפאריינען איז אזא, אז ס'האָט זיך געשאפן א קאסטע פירער, וואָס באשטייט פון עטלעכע צענ-דליק מענטשן, וועלכע באקומען גרויסע געהאלטן—ביז צען און מער טויזנט דאָלאר א יאָר, ס'האָט זיך געשאפן א קאסטע, וואָס ארײַנדרינגען אין איר איז אויסערגעוויינלעך שווער.

דונ. די פראגע, וועלכע דער כ' סטאלין האָט געשטעלט, איז געשטעלט געוואָרן ניט מיט רעכט דערפאר, ווײַל אויב בא אים אין לאנד איז אָרגאני-זירט אין פראָפאריינען 90 פראָצ. ארבעטער, איז דאָ געהערט די מאכט צום ארבע-טער-קלאס, בייס אין די קאפיטאליסטישע לענדער זײַנען די ארבעטער אן אונטער-דריקטער קלאס, און די בורזשואזיע נעמט אָן אלע מיטלען, קעדיי ניט צו געבן די ארבעטער קיין מעגלעכקײַט צו אָרגאניזירן זיך אין פראָפאריינען. אכוץ דעם עקזיסטירן דאָרט רעאקציאָנערע פראָפאריינען, מיט רעאקציאָנערע

פירער בעראַש, אין יענע באדינגונגען, וועלכע זיַינען פאראן אין אמעריקע, איז זייער שווער אריַינצוקלאפן דעם ארבעטער אין קאָפּ די עצעם אידיי פון פראָפעסיאָנעלע פאראיינען. דאָס איז די סיבּע דערפון, וואָס אין אמעריקע זיַינען די פראָפפאראיינען אזוי ווייניק פארשפרייט.

סטאלין. צי איז מאסקים דער לעצטער רעדנער מיטן פאַריקן רעדנער, אז אייניקע לידערס פון דער ארבעטער-באוועגונג אין אמעריקע סטארען זיך אליין צו פארשמעלערן די פראָפעסיאָנעלע באוועגונג?

דון. מאסקים.

סטאלין. איך האָב ניט געוואָלט עמעצן באליידיקן. כ׳האָב בלויז געוואָלט אויסקלאָרן זיך דעם אונטערשייד אין דער לאגע אין אמעריקע און אין פססר. אויב איך האָב עמעצן באליידיקט, בעט איך אנטשולדיקן. (געלעכטער צווישן די דעלעגאטן.)

דון. איך בין קיין קאָפּ ניט באליידיקט.

סטאלין. צי איז פאראן א סיסטעם פון מעלוכע-סטראכירונג פון ארבעטער אין אמעריקע?

איינער פון די דעלעגאטן. קיין מעלוכישע סיסטעם פון סטראכירונג פון ארבעטער איז אין אמעריקע ניטאָ.

קויל. אין דער מערהייט שטאטן עקזיסטירט א קאָמפּענסירונג בא אומגליק-פאלן אין דער פראָדוקציע, דערביַי ווערט אָפּגעצאָלט מאקסימום 30 פראָצ. פון דער פארלאָרענער ארבעטספייִקייט. דאָס איז פאראן אין דער מערהייט שטאטן. עס צאָלן די פריוואטע פירמעס, וואָס אין זייערע אונטערנעמונגען איז פארלאָרן געגאנגען די ארבעטספייִקייט, אָבער דער געזעץ פאָדערט אזא אָפּצאָל.

סטאלין. מעלוכע-סטראכירונג קעגן ארבעטלאָזיקייט איז פאראן אין אמעריקע?

איינער פון די דעלעגאטן. ניין. דער פאָנד, וואָס ווערט געשאפן פאר סטראכירונג קעגן ארבעטלאָזיקייט, קאָן באפרידיקן פון 80 ביז 100 טויזנט ארבעטלאָזע אין אלע שטאטן.

קויל. א סטראכירונג (ניט קיין מעלוכישע) איז פאראן קעגן אינדוסטריעלע אומגליק-פאלן, דה. קעגן אומגליק-פאלן, וועלכע קומען פאָר בא דער פראָדוקציע, אָבער אינוואלידישקייט, וואָס קומט מאכמעס קרענק אָדער עלטער, ווערט אף קיין אויפן ניט סטראכירט. דער סטראכיר־פאָנד ווערט צונויפגעשטעלט פון אָפּצאָלונגען פון די ארבעטער. אין טאָך געמומען באשטייט די זאך דערין, וואָס אָט-די גאנצע סומע פונעם סטראכיר-פאָנד צאָלן איַין די ארבעטער גופע, וויַיל אויב די ארבעטער וואָלטן ניט ארגאניזירט דעם דאָזיקן פאָנד, וואָלטן זיי באקומען א העכערע הויסאָפּע, און אזוי ווי דער דאָזיקער

פאָנד ווערט קאָנטאקטירט צווישן די ארבעטער און די אונטערנעמער, באקומען די ארבעטער א קלענערע הילף. דאָס בילדעט קימאט די גאנצע סומע פונעם פאָנד. די אונטערנעמער טראָגן פאקטיש ארײַן אן אומבאדײַטנדיקן טייל פונעם דאָזיקן פאָנד, אן ערעך 10 פראָצ.

סטאלין. איך מיין, אז די כאווײרים וועט זײַן אינטערעסאנט, אויב איך וועל מיטיילן, אז בא אונדז אין פססר גייט אוועק יערלעך אפ דער סטראכירונג פון די ארבעטער אפן כעזשבן פון דער מעלוכע העכער 800 מיליאָן רובל. ס'וואָלט געווען אויך ניט איבעריק מיטצוטיילן אײַך, אז די ארבעטער בא אונדז אין אלע צווײַגן פון דער אינדוסטריע באקומען, אכוץ דעם געוויינלעכן ארבעטלוין אין געלט, נאָך אלס צוגאָב בא א דריטל ארבעטלוין אפ סטראכירונג, אפ דער פארבעסערונג פונעם לעבנשטייגער, אפ קולטורעלע נויטן אדג.

2-טע פראגע. מיט וואָס איז צו דערקלערן, וואָס אין די פאראייניקטע שטאטן פון צאָפן-אמעריקע איז ניטאָ קיין ספעציעלע מאסעווע ארבעטער-פארטיי? די בורזשואזיע אין אמעריקע האָט גאנצע צוויי פארטייען — די רעפובליקאנישע און די דעמאָקראטישע, און די אמעריקאנישע ארבעטער האָבן ניט קיין אייגענע מאסעווע פארטיי. צי רעכענען ניט די כאווײרים, אז די אָפוועזנקייט פון אן אייגענער מאסעווער ארבעטער-פארטיי, כאָטשבי אזא, ווי אין ענגלאנד (די לייבאָר-פארטיי), שוואכט אָפ די קראפט פונעם ארבעטער-קלאס אין זײַן פאָליטישן קאמף קעגן די קאפיטאליסטן? ווײַטער, פארוואָס זאָגן זיך די לידערס פון דער ארבעטער-באוועגונג אין אמעריקע, גרין און אנדערע, אנטשיידן ארויס קעגן דער שאפונג פון אן ארבעטער-פארטיי אין אמעריקע?

בראָפי. יאָ, עס איז געווען אזא באשלוס פון די לידערס, אז עס איז ניטאָ קיין נויטווענדיקייט אין שאפן אזא פארטיי. דאָך איז פאראן א מינדערהייט, וועלכע האלט, אז שאפן אזא פארטיי איז נייטיק. אצינד זײַנען די אָביעקטיווע באדינגונגען אין אמעריקע אזעלכע, אז די פראָפבאוועגונג, ווי עס איז שוין אָנגעוויזן געוואָרן, איז אין די פאראייניקטע שטאטן זייער שוואך, און די שוואכקייט ווידער פון דער פראָפבאוועגונג דערקלערט זיך דערמיט, וואָס דער ארבעטער-קלאס האָט ניט דערווײַל קיין באדערפעניש צו אָרגאניזירן זיך און קעמפן קעגן די קאפיטאליסטן, מאכמעס דעם, וואָס די קאפיטאליסטן אליין העכערן די ארבעטער דעם ארבעטלוין, באזאָרגן זיי א באפרידיקנדיקע מאטעריעלע לאגע.

סטאלין. באזאָרגט ווערן דאָך אָבער הויפטזאכלעך די קוואליפיצירטע

ארבעטער. דאָ איז פאראנ א ווידערשפּרוך. פון איין זייט, קומט אויס, אז עס איז ניטאָ קיין נויטווענדיקייט אין אָרגאניזירטקייט, ווייל די אר־בעטער זיינען באזאָרגט; פון דער צווייטער זייט, זאָגט מען, אז אָרגא־ניזירט אין די פּראָפאריינען זיינען גראָד די אמערסטנ באזאָרגטע, דה. די קוואליפיצירטע ארבעטער; פון דער דריטער זייט, קומט אויס, אז ניט אָרגאניזירט אין די פּראָפאריינען זיינען פונקט די אמווייניקסטנ באזאָרגטע, דה. די ווייניק־קוואליפיצירטע, וועלכע נייטיקנ זיך מער פאר אלץ אין אָרגאניזירטקייט. אָט דאָס קאָנ איך בעשומיפנ ניט פארשטיין.

ב ר אָ פ י. יאָ, דאָ איז פאראנ א ווידערשפּרוך, אָבער אזוי איז אויך ווידערשפּרעכיק די אמעריקאנישע ווירקלעכקייט אין פּאָליטישער און עקאָ־נאָמישער הינזיכט.

ב ר ע ב נ ע ר. האגאמ די ניט־קוואליפיצירטע ארבעטער זיינען ניט אָר־גאניזירט אין פאריינען, האָבנ זיי אָבער פּאָליטישע שטימרעכט. אזויארום, אויב ס'זיינען פאראנ מאָמענטנ פון אומצופרידנקייט, דריקנ אויס די ניט־קוואליפיצירטע ארבעטער די דאָזיקע מאָמענטנ, באנוצנדיק זיך מיט זייער פּאָליטישנ שטימרעכט. פון דער אנדערער זייט, איז די ארבעטער, וועל־כע געפינען זיך אין די פאריינען, אויב בא זיי טרעפט א באזונדערס שווערע צייט, באנוצנ זיי זיך ניט מיטנ פאריינ, נאָר מיט דעמ פּאָליטישנ שטימ־רעכט. אזויארום, קאָמפּענסירט דאָס פּאָליטישע שטימרעכט די אָפּוועזנקייט פון פּראָפעסיאָנעלער אָרגאניזירטקייט.

א י ז ר א ע ל ס. איינע פון די גרונט־שוועריקייטנ איז די סיסטעם אליינ, די וואל־סיסטעמ אין די פאראייניקטע שטאטנ. דאָרטנ בא די וואלנ פון א פּרעזידענט ווערט ניט אויסגעוויילט יענער מענטש, וועלכער באקומט די מערהייט שטימענ פונעמ גאנצנ לאנד, אָדער אפילע די מערהייט שטימענ פון אוועלכנ־ניט־איז איינ קלאס. דאָרטנ איז אין יעדנ שטאט פאראנ אויס־געוויילטע קאָלעגיעס, יעדער שטאט האָט א געוויסע צאָל שטימענ, וועלכע נעמענ אָנטייל אין די וואלנ פון א פּרעזידענט. קעדיי דער פּרעזידענט זאָל זיינ אויסגעוויילט, איז נייטיק, ער זאָל צונויפקלייבנ 51 פּראָצענט שטימענ. אויב ס'וועט זיינ 3—4 פּארטייענ, וועט זיך דאנ באקומענ אזא לאגע, אז קיינער וועט ניט אויסגעוויילט ווערנ, און די וואלנ דארפנ אריבערגעטראָגנ ווערנ אין קאָנגרעס. אָט דאָס איז דער ארגומענט קעגנ שאפנ א דריטע פּארטיי. די קעגנער פונעמ שאפנ א דריטע פּארטיי אר־גומענטירנ אזוי: שטעלט ניט ארויס קיינ דריטנ קאנדידאט, ווייל אזוי־ארומ וועט איר צעקלאפּנ די צאָל שטימענ פון דער ליבעראלער פּאר־טיי און איר וועט ניט געבנ קיינ מעגלעכקייט צו אויסוויילנ דעמ קאנדי־דאט פון דער ליבעראלער פּארטיי.

סטאלינ. פונדעסטוועגנ, האָט דער סענאטער לאפאָלעט געהאט גענומענ שאפנ א דריטע בורזשואזע פארטיי. קומט אויס, אז א דריטע פארטיי קאָנ ניט צעקלאפנ די שטימענ, אויב זי איז א בורזשואזע פארטיי, נאָר זי קאָנ צעקלאפנ די שטימענ, אויב זי וועט זײַנ אנ ארבעטער-פארטיי.

דעוויס. איכ האלט ניט דעמ פאקט, וועלכנ עס האָט אָנגעוויזנ דער פאַריקער רעדנער, פאר א פונדאמענטאלנ פאקט. לויט מײַנ מיינונג, איז דער גרונט-פאקט אזא. איכ גיב אָנ, אלס בײַשפיל, מײַנ שטאָט, ווו איכ וווינ. בייס דער וואל־קאמפאניע קומט אראָפ א פאָרשטייער פונ אזא אונ אזא פארטיי אונ גיט דעמ אָנפירער פונ דער פראָפעסיאָנעלער אָרגאניזאציע עפעס א פאראנטוואָרטלעכנ פאָסטנ, אינ פארבינדונג מיט דער וואל-קאמפאניע גיט ער איבער דעמ אָנפירער פונ דער פראָפעסיאָנעלער אָרגאניזאציע באשטימטע מיטלענ, וועלכע גייענ פאר אימ, נאָכ דעמ באקומט ער א געוויסנ פרעסטיזש אינ פארבינדונג מיט דעמ פאָסטנ, וואָס ער באקומט. עס באקומט זיכ אזא זאכלאגע, אז די לידערס גופע פונ דער פראָפעסיאָנעלער באוועגונג זײַנענ אָנהענגער אָדער פונ איינער אָדער פונ דער צווייטער בורזשואזער פארטיי. דערפאר איז נאטירלעכ, וואָס בייס מע הייבט אָנ ריידנ וועגנ שאפנ א דריטע פארטיי, אנ ארבעטער-פארטיי, ווילנ די דאָזיקע לידערס פונ דער פראָפבאוועגונג גאָרניט פאָרנעמענ צו שאפנ אזא פארטיי. דערבײַ פארופנ זיי זיכ אפ דעמ, אז אויב עס וועט געשאפנ ווערנ א דריטע פארטיי, וועט זיכ באקומענ א שפאלטונג אינ די פראָפאריינענ.

דוגלאס. דאָס, וואָס אינ די פראָפאריינענ זײַנענ אָרגאניזירט בלויז קוואליפיצירטע ארבעטער, דערקלערט זיכ הויפטזאכלעכ דערמיט, וואָס קעדיי צו זײַנ אָרגאניזירט אינ א פראָפאריינ, דארפ מענ האָבנ א געוויסנ פאָנד אונ א געוויכע גערזיכערטקײַט, ווײַל די מיטגליד-אָפצאָלונגענ זײַנענ זייער גרויסע אונ די ניט־קוואליפיצירטע ארבעטער האָבנ ניט קיינ מעגלעכקײַט ארײַנצוטראָגנ א הויכנ אײַנטריט־אָפצאָל. אכוצ דעמ, געפינענ זיכ די ניט־קוואליפיצירטע ארבעטער אינ א שטענדיקער געפאר, אז אויב זיי וועלנ זיכ פרווונ אָרגאניזירנ, וועט זיי דער אונטערנעמער ארויסווארפנ פונ דער ארבעט. די ניט־קוואליפיצירטע ארבעטער קאָנענ זיכ אָרגאניזירנ בלויז בא אנ עפעקטיווער אונטערשטיצונג מיצאד די קוואליפיצירטע ארבעטער. אינ דער גרעסטער מערהײַט פאלנ האָבנ זיי ניט די דאָזיקע אונטערשטיצונג. אָט דער דאָזיקער אומשטאנד איז איינער פונ די גרונט-שטערונגענ צומ אָרגאניזירנ די ניט-קוואליפיצירטע ארבעטער אינ די פראָפאריינענ. די גרונט־פארטיידיקונג פונ זייערע רעכט פירנ די ארבעטער-מאסנ דורכ לויט דער ליניע פונ דער פאָליטישער פארטיידיקונג פונ די דאָזיקע רעכט. אונ אפ דעמ באגרינד איב די הויפט-סיבע דערפונ, וואָס עס איז ניטאָ קיינ אָרגאניזאציע פונ

די ניט-קוואליפיצירטע ארבעטער. איך האלט די עקאָנאָמישע באזע פארן גרונט-מאָמענט, פארוואָס די ניט־קוואליפיצירטע ארבעטער זײַנען ניט אָרגאניזירט אין פאָליטישן און פראָפאריינישן געביטן. איך דארף אָנווײַזן אף איין באזונדערקייט פון דער אמעריקאנישער וואל־סיסטעם, אף די דירעקטע וואלן, ווו יעדער מענטש קאָן קומען אף דער וואל-פארזאמלונג און דערקלערן זיך פאר א דעמאָקראט אָדער רעפובליקאנער און שטימען. כ׳בין זיכער, אז גאָמפערס וואָלט ניט געקאָנט אײַנהאלטן די ארבעטער אף אן אומפאָליטישער פראָגראם, ווען ער וואָלט ניט געהאט דעם דאָזיקן ארגומענט פון דירעקטער אָפשטימונג. ער פלעגט שטענדיק זאָגן די ארבעטער, אז אויב זיי ווילן פאָליטיש זײַן טעטיק, קאָנען זיי ארײַן אין די עקזיסטירנדיקע צוויי פאָליטישע פארטייען און פארכאפן דאָרט דעם אָדער יענעם פאָסטן, דערגרייכן זיך דאָרט אן אווטאָריטעט. מיט דער הילף פונעם דאָזיקן ארגומענט פלעגט זיך גאָמפערסן אײַנגעבן אָפהאלטן די ארבעטער פון דער אידיי פון אָרגאניזירן דעם ארבעטער-קלאס און שאפן אן ארבעטער־פארטיי.

3-טע פראגע. מיט וואָס איז צו דערקלערן, וואָס אין דער פראגע וועגן אנערקענען פססר זײַנען די לידערס פון דער אמעריקאנישער ארבעט־פעדעראציע מער רעאקציאָנער, איידער פיל בורזשוא? מיט וואָס איז צו דערקלערן, וואָס אזעלכע בורזשוא, ווי דער הער באָרא און אנדערע, זאָגן זיך ארויס פאר אנער־קענען פססר, און די לידערס פון דער ארבעטער-באוועגונג אין אמעריקע, פון גאָמפערסן ביז גרינען, האָבן געפירט און פירן ווײַטער די רעאקציאָנערסטע פראָפאגאנדע קעגן אנערקענען די ערשטע ארבעטער-רעפובליק, קעגן אנערקענען פססר? מיט וואָס איז צו דערקלערן, וואָס אפילע אזא רעאקציאָנער, ווי דער געוועזענער אמעריקאנישער פרעזידענט ווודראָ ווילסאָן, האָט געהאלטן פאר מעגלעך „צו באגריסן" דאָס סאָוועטישע רוסלאנד, און גרין און אנדערע לידערס פון דער אמעריקאנישער ארבעט־פעדעראציע ווילן זײַן מער רעאקציאָנער, איידער די קאפיטאליסטן? אָט איז דער טעקסט פון ווודראָ ווילסאָנס „באגריסונג", וועלכע איז צוגעשיקט געוואָרן אין מארט 1918 יאָר אפן נאָמען פונעם ראטנצוזאמענפאָר פון רוסלאנד בײַם דעם אָנגריף פונעם דײַטשישן קייזערס מיליטער אפן סאָוועטישן לענינגראד:

„באנוצנדיק זיך מיטן ראטנצוזאמענפאָר, וואָלט איך געוואָלט אין נאָמען פונעם פאָלק פון די פאראייניקטע שטאטן אויסדריקן אופריכטיקן מיטגעפיל דעם רוסישן פאָלק, און באזונדערס איצט, ווען דײַטשלאנד האָט א רוק געטאָן באוואָפנטע קויכעס טיף אין לאנד ארײַן, קעדיי צו שטערן דעם קאמף פאר דער פרײַהייט, צו פארניכטן אלע אירע דערגרייכונגען און צו

פארוויִרקלעכן די דײַטשישע קאוואָנעס און די פארקנעכטונג פונעם רוסישן פאָלק. האגאמ די רעגירונג פון די פאראייניקטע שטאטן איז אצינד, צום באדויערן, ניט אימשטאנד צו געבן רוסלאנד יענע דירעקטע אונטערשטיצונג, וועלכע זי וויל געבן, וואָלט איך געוואָלט פארזיכערן דאָס רוסישע פאָלק דורך דעם דאָזיקן צוזאמענפאָר, אז די רעגירונג פון די פאראייניקטע שטאטן וועט אויסנוצן אלע מעגלעכקײַטן, קעדיי צו זיכערן רוסלאנד ווידער א פולשטענדיקע סוּווערעניטעט און פולשטענדיקע אומאָפּהענגיקייט אין זײַנע אינערלעכע איניאָנים און די פולשטענדיקע אופשטעלונג פון זײַן גרויסער ראָליע אינעם לעבן פון אייראָפּע און פון דער הײַנטצײַטיקער מענטשהײַט. דאָס פאָלק פון די פאראייניקטע שטאטן פילט מיט מיטן גאנצן הארצן דעם רוסישן פאָלק אין זײַן שטרעבונג צו באפרײַען זיך אפ שטענדיק פון דער זעלבסט־הערשונג און ווערן אליין דער אנטשיידער פון זײַן גורל" (זע „פראוודא", נומ. 50, 16 מארט 1918 יאָר).

**ציִ קאָן מען האלטן פאר נאָרמאל, וואָס די לידערס פון דער אמעריקאנישער ארבעט־פעדעראציִע ווילן זײַן מער רעאקציִאָנער, איידער דער רעאקציִאָנערער ווילסאָן!**

בראָפּי. איך קאָן ניט געניי דערקלערן די סיבעס, אָבער איך רעכן, אז פּונקט ווי די אמעריקאנישע ארבעט־פעדעראציע גייט ניט ארײַן אין אמסטערדאמער אינטערנאציִאָנאל, איבער די זעלבע סיבעס שטייען די לידערס פון דער אמעריקאנישער ארבעט־פעדעראציע אפן שטאנדפּונקט פון ניט־אנערקענען דאָס סאָוועטישע רוסלאנד. דער אונטערשייד באשטייט אין דער באזונדערער פילאָסאָפיע פון די אמעריקאנישע ארבעטער און אין דעם עקאָנאָמישן אונטערשייד, וואָס עקזיסטירט צווישן די אמעריקאנישע און אייראָפּייִשע ארבעטער.

סטאלין. אָבער די לידערס פון דער אמעריקאנישער ארבעט־פעדעראציע דערווידערן ניט, אפ וויפל מיר איז באוווּסט, קעגן אנערקענען איטאליע אָדער פוילן, ווו עס הערשן פאשיסטן.

בראָפּי. אָנווײַזנדיק אלס בײַשפּיל אפ פוילן און איטאליע, ווו עס זײַנען פאראן פאשיסטישע רעגירונגען, דערמיט אליין דערקלערט איר די סיבע פון דעם, וואָס אמעריקע אנערקענט ניט פססר. די דאָזיקע פײַנטלעכע באציִונג צו פססר דערקלערט זיך מיט יענע אומאָנגענעמלעכקײַטן, וואָס די לידערס פון דער אמעריקאנישער פראָפבאוועגונג האָבן מיט זייערע אייגענע קאָמוניסטן.

דונ. יענע סיבע, וועלכע עס האָט געבראכט דער פאָריקער רעדנער,— וויאזוי קאָנען זיי אנערקענען פססר, ווען זיי האָבן סיכסוכים מיט זייערע אייגענע קאָמוניסטן,— איז ניט קיין איבערצײַגנדיקע, ווײַל דאָס פריידיקן ניט צו אנערקענען פססר האָט זיך שוין געפירט בא זיי פאר דער אָרגאניזירונג פון דער אמעריקאנישער קאָמפּארטיי. די גרונט־סיבע ליגט דערין, וואָס די לידערס פון דער אמעריקאנישער ארבעט־פעדעראציע

זײַנען קעגנ אלצ, וואָס עס איז נאָר ענלעכ אפ סאָציאליזמ. און אינ דער הינזיכט ווירקנ אפ זיי די קאפיטאליסטנ, וואָס האָבנ אנ אָרגאניזאציע, וועלכע הייסט „נאציאָנאל-בירגערלעכע אסאָציאציע”, וועלכע באמיט זיכ מיט אלע מיטלענ צו שאפנ אינ דער גאנצער אמעריקאנישער געזעלשאפט א שטימונג קעגנ סאָציאליזמ אינ וואָס פאר א געשטאלט עס זאָל ניט זײַנ. די דאָזיקע אָרגאניזאציע איז ארויסגעטראָטנ קעגנ דער פאָזיציע פונ אײַווילי, וועלכער איז ארויסגעטראָטנ פאר אנטוויקלענ די האנדל-באציִונגענ צווישנ אמעריקע און פססר. די פירער פונ דער דאָזיקער אָרגאניזאציע האָבנ געזאָגט: וויאזוי קאָנענ מיר אכטונג געבנ אפ דער אָרדענונג אינ אינדזער ארבעטער-קלאס, ווענ די ליבעראלנ הייבנ אָנ פירנ אזוינע שמועסנ. די „נאציאָנאל-בירגערלעכע אסאָציאציע” איז אנ אָרגאניזאציע פונ א גרופע קאפיטאליסטנ, וועלכע האָט ארײַנגעלייגט א גרויסע סומע געלט אינ דער דאָזיקער אָרגאניזאציע און פירט מיט איר אָנ. מע דארפ פארצייכענענ, אז וויצע-פרעזידענט אינ דער דאָזיקער רעאקציאָנערער אסאָציאציע איז דער שטעלפארטרעטער פונעמ פאָרזיצער פונ דער אמעריקאנישער ארבעט-פעדעראציע מעטיו וואָל.

ב ר אָ פ י. די סיבעס, וועלכע זײַנענ געבראכט געוואָרנ מיקויעכ דער רעאקציאָנערקײַט פונ די פראָפאריינישע פירער, זײַנענ ניט די גרונט-סיבעס; אפ דער דאָזיקער פראגע דארפ מענ קוקנ טיפער. די אָנוועזנקײַט פונ דער אמעריקאנישער דעלעגאציע אינ פססר איז דער בעסטער ענטפער און צײַגער פונ דער מיטגעפיל-באציִונג פונ איינ טייל אמעריקאנישע ארבעטער צומ ראטנפארבאנד. איכ מיינ, אז די מיינונג פונ די פירער פונ דער אמעריקאנישער ארבעט-פעדעראציע בענעגייע פססר אונטערשיידט זיכ ניט פונ דער מיינונג פונ דער מערהײַט פונעמ ארבעטער-קלאס פונ אמעריקע. די פאָזיציע פונ דער מערהײַט פונעמ ארבעטער-קלאס בענעגייע פססר דערקלערט זיכ מיט דער ווײַטקײַט פונ פססר. דער ארבעטער-קלאס פונ אמעריקע איז ניט פארינטערעסירט אינ אלערליי אינטערנאציאָנאלע איניאָנים, און דער אײַנפלוס פונ דער בורזשואזיע אפנ ארבעטער-קלאס פונ אמעריקע שפירט זיכ שטארק אינ דער פראגע וועגנ זײַנ באציִונג צו פססר.

# דער אינטערנאציאָנאלער כאראקטער פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע

צום צענטן יאָרטאָג פון אָקטיאבער

די אָקטיאבער-רעוואָליוציע איז ניט בלויז א רעוואָליוציע „אין נאציאָנאלע ראמען“. זי איז, פריִער פון אלץ, א רעוואָליוציע פון אינטערנאציאָנאלער, פון אלוועלטלעכער קאטעגאָריע, ווייל זי באטייט א קארדינאלן קער אין דער אלוועלטלעכער געשיכטע פון דער מענטשהייט — פון דער אלטער, קאפיטאליסטישער, וועלט, צו דער נייער, סאָציאליסטישער, וועלט.

אמאָל פלעגן זיך די רעוואָליוציעס געוויינלעך פארענדיקן דערמיט, וואָס איין גרופע עקספּלואטאטערס פלעגט באַם רעגירונג־רודער פארביטן ווערן מיט אן אנדער גרופע עקספּלואטאטערס. די עקספלואטאטערס פלעגן זיך בייטן, די עקספּלואטאציע פלעגט בלייבן. אזוי איז געווען בייס די באפרייונג־באוועגונגען פון די שקלאפן. אזוי איז געווען אינעם פעריאָד פון די אופשטאנדן פון די לייבייגענע. אזוי איז געווען אינעם פעריאָד פון די באוווסטע „גרויסע“ רעוואָליוציעס אין ענגלאנד, אין פראנקרייך, אין דייטשלאנד. איך רייד ניט וועגן דער פּאריזשער קאָמונע, וואָס איז געווען דער ערשטער, רומפולער, העראָישער, אָבער דאָך דערפאָלגלאָזער פרווו פונעם פּראָלעטאריאט א קערעווע צו טאָן די געשיכטע קעגן דעם קאפּיטאליזם.

די אָקטיאבער־רעוואָליוציע צייכנט זיך אויס פון די דאָזיקע רעוואָליוציעס פּרינציפּיעל. זי שטעלט פאר זיך דעם ציל ניט צו פארבייטן איין פאָרם עקספלואטאציע מיט אן אנדער פאָרם עקספלואטאציע, איין גרופע עקספלואטאטערס מיט אן אנדער גרופע עקספּלואטאטערס, נאָר צו פארניכטן יעטווידער עקספלואטאציע פון מענטש דורך מענטש, פארניכטן אלע און אלערליי עקספּלואטאטורישע גרופּעס, איינשטעלן די דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט, איינשטעלן די מאכט פונעם סאמע רעוואָליוציאָנערן קלאס צווישן אלע אונטערדריקטע קלאסן, וואָס האָבן ביז איצט עקזיסטירט, אָרגאניזירן א נייע קלאסנלאָזע סאָציאליסטישע געזעלשאפט.

טאַקע דערפאַר באַטייט ד ע ר ז י ג פון דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע אַ ראַדיקאַלן איבערבראָך אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט, אַ ראַ־דיקאַלן איבערבראָך אינעם היסטאָרישן שיקזאַל פונעם וועלט-קאַפּיטאַליזם, אַ ראַדיקאַלן איבערבראָך אין דער באַפרייונג־באַוועגונג פונעם וועלט־פּראָלעטאַריאַט, אַ ראַדיקאַלן איבערבראָך אין די אויפאַנים פון קאַמף און פאָרמען פון אָרגאַניזאַציע, אינעם שטייגער און אין די טראַדיציעס, אין דער קולטור און אידעאָלאָגיע פון די עקספּלואַטירטע מאַסן פון דער גאַנצער וועלט.

דערין ליגט דער יעסאָד דערפון, וואָס די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע איז אַ רעוואָליוציע פון אינטערנאַציאָנאַלער, פון אַלוועלטלעכער קאַטע-גאָריע.

דערין ליגט אויך דער וואָרצל פון יענער טיפער סימפּאַטיע, וועלכע עס פילן צו דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע די אונטערדריקטע קלאַסן פון אַלע לענדער, וואָס זעען אין איר אַ גאַראַנטיע פאַר זייער באַפרייונג.

מע וואָלט געקאָנט פאַרצייכענען אַ ריי גרונט-פראַגן, וואָס לויט זייער ליניע גייט דורך די אופווירקונג פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע אַף דער אַנטוויקלונג פון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג אין דער גאַנצער וועלט.

1. די אָקטיאַבער-רעוואָליוציע איז מערקווירדיק, פריער פאַר אַלץ, דערמיט, וואָס זי האָט דורכגעריסן דעם פראָנט פונעם וועלט־אימפּעריאַ־ליזם, זי האָט אַראָפּגעזעצט די אימפּעריאַליסטישע בורזשואַזיע אין איינעם פון די גרעסטע קאַפּיטאַליסטישע לענדער און האָט אוועקגעשטעלט באַ דער מאַכט דעם סאָציאַליסטישן פּראָלעטאַריאַט.

דער קלאַס לוין-מענטשן, דער קלאַס געטרויטעפטע, דער קלאַס אונטער-דריקטע און עקספּלואַטירטע האָט זיך צום ע ר ש ט ן מ אָ ל אין דער גע־שיכטע פון דער מענטשהייט אופגעהויבן ביז צו דער לאַגע פון אַ קלאַס אַ ה ע ר ש נ ד י ק ן, אָנשטעקנדיק מיט זיין ביישפּיל די פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער.

דאָס באַטייט, אַז די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע האָט אָ נ ג ע ה ו י ב ן אַ נייע עפּאָכע, די עפּאָכע פון פ ר אָ ל ע ט אַ ר י ש ע רעוואָליוציעס אין די לענדער פ:נעם א י מ פ ע ר י אַ ל י ז ם.

זי האָט אָפּגענומען די פּראָדוציר־געצייג און די פּראָדוציר-מיטלען באַ די פּריצים און קאַפּיטאַליסטן און האָט זיי פאַרוואַנדלט אין אַ געזעל-שאַפטלעכער אייגנטום, קעגנשטעלנדיק, אַזויאַרום, דעם בורזשואַזן אייגנטום דאָס סאָציאַליסטישע אייגנטום. דערמיט גופא האָט זי דעמאַסקירט דעם שע־קער פון די קאַפּיטאַליסטן וועגן דעם, אַז דאָס בורזשואַזע אייגנטום איז אומבאַרירלעכ, הייליק, אייביק.

זי האָט ארויסגעריסנ די מאכט בא דער בורזשואזיע, האָט אָפּגענומענ בא דער בורזשואזיע די פּאָליטישע רעכט, האָט צעשטערט דעמ בורזשואזנ מעלוכישנ אפּאראט אונ האָט איבערגעגעבנ די מאכט די ראטנ, קעגנשטעלנדיק, אזויארומ, דעמ בורזשואזנ פּארלאמענטאריזמ, אלס א דעמאָקראטיע א *קאפּיטאליסטישע*, די סאָציאליסטישע מאכט פונ די ראטנ, אלס א דעמאָקראטיע א *פּראָלעטארישע*. לאפארג איז געווענ גערעכט, ווענ ער האָט געזאָגט נאָכ אינ 1887 יאָר, אז אפ מאָרגנ נאָכ דער רעוואָליוציע „וועט מענ בא אלע געוועזענע קאפּיטאליסטנ אָפּנעמענ די וואלרעכט". דערמיט גופע האָט די אָקטיאבער־רעוואָליוציע דעמאסקירט דעמ שעקער פונ די סאָציאל-דעמאָקראטנ וועגנ דעמ, אז עס איז איצט מעגלעכ א פרידלעכער איבערגאנג צומ סאָציאליזמ, דורכנ בורזשואזנ פּארלאמענטאריזמ.

אָבער די אָקטיאבער־רעוואָליוציע איז ניט שטיינ געבליבנ אונ האָט ניט געקאָנט בלײַבנ שטיינ דערופ. נאָכ דעמ, ווי זי האָט צעשטערט דאָס אלטע, דאָס בורזשואזע, האָט זי זיכ גענומענ בויענ דאָס נײַע, דאָס סאָציאליסטישע. די צענ יאָר אָקטיאבער-רעוואָליוציע זײַנענ צענ יאָר בויונג פונ דער פּארטיי, פונ די פּראָפאריינענ, פונ די ראטנ, פונ דער קאָאָפּעראציע, פונ די קולטור־אָרגאניזאציעס, פונעמ טראנספּאָרט, פונ דער אינדוסטריע, פונ דער רויטער ארמיי. די אָנצווייפלדיקע דערפאָלגנ פונעמ סאָציאליזמ אינ פסםר אפנ בויונג־פראָנט האָבנ אָנשוילעכ באוויזנ, אז דער פּראָלעטאריאט *קאָנ* מיט דערפאָלג רעגירנ מיטנ לאנד אָנ דער בורזשואזיע אונ *קעגנ* דער בורזשואזיע, אז ער *קאָנ* מיט דערפאָלג בויענ די אינדוסטריע אָנ דער בורזשואזיע אונ *קעגנ* דער בורזשואזיע, אז ער *קאָנ* מיט דערפאָלג אָנפירנ מיט דער גאנצער פאָלקווירטשאפט אָנ דער בורזשואזיע אונ *קעגנ* דער בורזשואזיע, אז ער *קאָנ* מיט דערפאָלג בויענ דעמ סאָציאליזמ, ניט געקוקט אפ דער קאפּיטאליסטישער ארומרינגלונג. די אלטע „טעאָריע" וועגנ דעמ, אז די עקספּלואטירטע קאָנענ זיכ ניט באגיינ אָנ די עקספּלואטירנדיקע, פונקט ווי דער קאָפּ אונ די איבעריקע טיילנ פונעמ קערפּער קאָנענ זיכ ניט באגיינ אָנ דעמ מאָגנ, — איז ניט קיינ אייגנס בלויז פונעמ באוווּסטנ רוימישנ סענאטער פונ דער אנטיקער געשיכטע, מענעניוס אגריפּא. די דאָזיקע „טעאָריע" איז איצט דער ווינקלשטיינ פונ דער פּאָליטישער „פילאָסאָפיע" פונ דער סאָציאל-דעמאָקראטיע בכלל, פונ דער סאָציאל־דעמאָקראטישער פּאָליטיק פונ *קאָאליציע* מיט דער אימפּעריאליסטישער בורזשואזיע — באזונדערס. די דאָזיקע „טעאָריע", וועלכע האָט באקומענ דעמ כאראקטער פונ א פּאָרורטייל, איז איצט איינע פונ די סאמע ערנסטע שטערונגענ אפנ וועג צומ רעוואָליוציאָנירנ

דעם פּראָלעטאַריאַט פון די קאַפּיטאַליסטישע לענדער. איינער פון די וויכ־טיקסטע רעזולטאַטן פון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע איז יענער פאַקט, וואָס זי האָט דערלאַנגט דער דאָזיקער ליגנערישער „טעאָריע״ א טויט־קלאַפּ.

צי דאַרף מען דען נאָך דערווייזן, אַז די דאָזיקע און ענלעכע צו זיי רעזולטאַטן פון דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע האָבן ניט געקאָנט און קאָנען ניט פאַרבלייבן אָן אַן ערנסטן איינפלוס אַף דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פונעם אַרבעטער-קלאַס אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער?

אַזעלכע אַלגעמיין באַוואוסטע פאַקטן, ווי דער פּראָגרעסירנדיקער וואוקס פונעם קאָמוניזם אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, דער אָנוואוקס פון סימ־פּאַטיעס בא די פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער צום אַרבעטער־קלאַס פון ססר, צולעצט, דער אָנפלוס פון אַרבעטער-דעלעגאַציעס אינעם ראַטנ-לאַנד, ריידן אָן צווייפל וועגן דעם, אַז די זוימען, וועלכע עס האָט געוואָרפן די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע, הייבן שוין אָן צו ברענגען פּרוכטן.

2. די אָקטיאַבער-רעוואָלוציע האָט צעוואַקלט דעם אימפּעריאַליזם ניט בלויז אין די צענטערס פון זיין הערשאַפט, ניט בלויז אין די „מעטראָ-פּאָליעס״. זי האָט נאָך א קלאַפּ געטאָן איבער די הינטערלענדער פונעם אימפּעריאַליזם, איבער זיין פּעריפעריע, אַרונטעררייסנדיק די הערשאַפט פו־נעם אימפּעריאַליזם אין די קאָלאָניאַלע און אָפּהענגיקע לענדער.

אַראָפּוואַרפנדיק די פּריצים און די קאַפּיטאַליסטן, האָט די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע צעקלאַפּט די קייטן פונעם נאַציאָנאַל־קאָלאָניאַלן דרוק און האָט באַפרייט פון אים אַלע אָן אויסנאַם אונטערדריקטע פעלקער פון דער גרויסער מעלוכע. דער פּראָלעטאַריאַט קאָן ניט באַפרייען זיך, ניט באַ-פרייענדיק די אונטערדריקטע פעלקער. דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע איז יענער פאַקט, וואָס זי האָט דורכגעפירט אין ססר די דאָזיקע נאַציאָנאַל־קאָלאָניאַלע רעוואָלוציעס ניט אונטער דער פאָן פון נאַציאָנאַלער סינע און צווישן־נאַציאָנאַלע צוזאַמענשטויסן, נאָר אונטער דער פאָן פון קעגנזייטיקן צוטרוי און ברידערלעכער דער־נעענטערונג צווישן די אַרבעטער און פּויערים פון די נאַציאָנאַליטעטן פון ססר, ניט אין נאָמען פון נאַציאָנאַליזם, נאָר אין נאָמען פון אינ־טערנאַציאָנאַליזם.

טאַקע דערפאַר, וואָס די נאַציאָנאַל־קאָלאָניאַלע רעוואָלוציעס זיינען פאָרגעקומען בא אונדז אונטער דער אָנפירונג פונעם פּראָלעטאַריאַט און אונטער דער פאָן פון אינטערנאַציאָנאַליזם, טאַקע דערפאַר האָבן זיך די פעלקער די פּאַריער, די פעלקער די שקלאַפן צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט אויפגעהויבן ביז צום צושטאַנד פון

פעלקער *ווירקלעכ* פרייע און *ווירקלעכ* גלייכע, אנשטעקנדיק מיט זייער ביישפיל די אונטערדריקטע פעלקער פון דער גאנצער וועלט.

דאס באטייט, אז די אקטיאבער־רעוואליוציע האט *אנגעהויבנ א* נייע עפאכע, די עפאכע פון *קאלאניאלע* רעוואליוציעס, וואס ווערנ דורכגעפירט *אינ די אונטערדריקטע לענדער* פון דער וועלט *אינ בונד* מיטנ פראלעטאריאט, *אונטער דער אנפירונג* פונעם פראלעטאריאט.

פריער איז „אנגענומענ געווענ“ צו מיינענ, אז די וועלט איז פון אייביק אנ צעטיילט אפ נידעריקערע און העכערע ראסעס, אפ שווארצע און ווייסע, וואס די ערשטע פונ זיי זיינענ ניט פייִק צו קיינ ציוויליזאציע און זיינענ פארורטיילט צו זיינ אנ אביעקט פון עקספלואטאציע, און די צווייטע זיינענ די איינציקע טרעגער פון דער ציוויליזאציע, וועלכע זיינענ באַרופנ צו עקספלואטירנ די ערשטע. איצט דארפ מענ די דאזיקע לעגענדע האלטנ פאר צעקלאפט און אפגעווארפנ. איינער פון די וויכטיקסטע רעזולטאטנ פון דער אקטיאבער־רעוואליוציע איז דער פאקט, וואס זי האט געגעבנ דער דאזיקער לעגענדע א טויט־קלאפ, באווייזנדיק פאקטיש, אז די באַפרייטע ניט־אייראפייִשע פעלקער, וואס זיינענ ארייַנגעצויגנ אינ שטראם פון סאוועטישער אנטוויקלונג, זיינענ פייִק א רוק צו טאנ פארויס די *ווירקלעכ* פארגעשריטענע קולטור און *ווירקלעכ* פארגעשריטענע ציוויליזאציע אפ קיינ האר ניט ווייניקער, איידער די אייראפייִשע פעלקער.

פריער איז „אנגענומענ געווענ“ צו מיינענ, אז דער איינציקער מעטאד צו באפרייענ די אונטערדריקטע פעלקער איז דער מעטאד פון *בורזשואזנ נאציאנאליזמ*, דער מעטאד, ווענ איינע נאציעס פאלנ אפ פון די אַנדערע, דער מעטאד פון זייער צעשיידונג, דער מעטאד פון פארשטארקנ די נאציאנאלע סינע צווישנ די ארבעטנדיקע מאסנ פון פארשיידענע נאציעס. איצט דארפ מענ די דאזיקע לעגענדע האלטנ פאר אפגעלייקנט. איינער פון די וויכטיקסטע רעזולטאטנ פון דער אקטיאבער־רעוואליוציע איז דער פאקט, וואס זי האט געגעבנ דער דאזיקער לעגענדע א טויט־קלאפ, באווייזנדיק פאקטיש די מעגלעכקייט און צוועקמעסיקייט פונעם *פראלעטארישנ, אינטערנאציאנאלנ* מעטאד פון באפרייענ די אונטערדריקטע פעלקער אלס איינציק ריכטיקנ מעטאד, באווייזנדיק פאקטיש די מעגלעכקייט און צוועקמעסיקייט פון א *ברידערלעכנ בונד* צווישנ די ארבעטער און פויערים פון די סאמע פארשיידענע פעלקער אפ די פרינציפנ פון *פרייוויליקייט* און *אינטערנאציאנאליזמ*. די עקזיסטענצ פונעם פארבאנד פון די סאוועטישע סאציאליסטישע רעפובליקנ, וועלכער איז א פארבילד פון דער צוקינפטיקער פארייניקונג פון די ארבעטנדיקע פון אלע לענדער

אין אַן איינהייטלעכער וועלט-ווירטשאַפט, קאָן ניט ניט דינען אַלס דירעקטער באַוויַיז דערצו.

עס איז שוין אָפּגערעדט, אַז די דאָזיקע און ענלעכע צו זיי רעזולטאַטן פון דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע האָבן ניט געקאָנט און קאָנען ניט פאַרבלייַבן אָן אַן ערנסטן איַינפלוס אַף דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג אין די קאָלאָניאַלע און אָפּהענגיקע לענדער. אַזוינע פאַקטן, ווי דער וווּקס פון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג פון די אונטערדריקטע פעלקער אין כינע, אין אינדאָנעזיע, אין אינדיע א. אַ. וו. און דער אָנוווּקס פון סימפּאַטיעס בא די דאָזיקע פעלקער צו ססר — ריידן אָן צווייפל וועגן דעם.

די ערע פון אומגעשטערטער עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג פון די קאָלאָניעס און אָפּהענגיקע לענדער איז אַריבער.

עס איז אָנגעקומען די ערע פון באַפרייַערישע רעוואָליוציעס אין די קאָלאָניעס און אָפּהענגיקע לענדער, די ערע פון אופוואַכונג פונעם פּראָלעטאַריאַט אין די דאָזיקע לענדער, די ערע פון זייַן העגעמאָניע אין דער רעוואָליוציע.

3. דערמיט, וואָס די אָקטיאַבער-רעוואָליוציע האָט פאַרזייט זוימען פון רעוואָליוציע סיי אין די צענטערס פונעם אימפּעריאַליזם סיי אין זייַנע הינטערלענדער, וואָס זי האָט אָפּגעשוואַכט די מעכטיקייַט פונעם אימפּעריאַליזם אין די „מעטראָפּאָליעס” און צעוואַקלט זייַן הערשאַפט אין די קאָלאָניעס, — דערמיט גופע האָט די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע אַוועקגעשטעלט אונטער אַ פראַגע־צייכן די עצעם עקזיסטענץ פונעם וועלט-קאַפּיטאַליזם אינגאַנצן גענומען.

אויב די סטיכישע אַנטוויקלונג פונעם קאַפּיטאַליזם אין די באַדינגונגען פונעם אימפּעריאַליזם איז אַריבערגעוואָקסן, — מאַכמעס איר ניט-גלייַכמעסיקייַט, מאַכמעס דער אומפאַרמיידלעכקייַט פון קאָנפליקטן און קריג-צוזאַמענשטויסן, מאַכמעס, ענדלעך, דער אומגעהערטער אימפּעריאַליסטישער שכיטע, — אין אַ פּראָצעס פון „פאַרפוילונג” און „שטאַרבן” פונעם קאַפּיטאַליזם, האָט די אָקטיאַבער-רעוואָליוציע און דאָס, וואָס אין צוזאַמענהאַנג מיט איר איז פון דער וועלט-סיסטעם פונעם קאַפּיטאַליזם אָפּגעפאַלן אַ קאָלאָסאַל לאַנד, ניט געקאָנט ניט פאַרגיכערן דעם דאָזיקן פּראָצעס, אונטערשוואַנקענדיק טריט נאָך טריט די עצעם יעסוידעס פונעם וועלט־אימפּעריאַליזם.

נאָך מער. צעוואַקלענדיק דעם אימפּעריאַליזם, האָט די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע צוזאַמען דערמיט אין געשטאַלט פון דער ערשטער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור געשאַפן אַ מעכטיקע און אָפענע באַזע פון דער רע־

וואָליוציאָנערער וועלט־באוועגונג, וואָס אזא האָט זי פריער קיינמאָל נ י ט געהאט און אפ וועלכער זי קאָן זיך איצט שטיצן. זי האָט גע־שאפן יענעם מעכטיקן און אָפענעם צענטער פון דער רעוואָליוציאָנערער וועלט־באוועגונג, וואָס אזא האָט זי פריער קיינמאָל ניט געהאט און וואָס ארום אים קאָן זי זיך איצט באהעפטן, אָרגאניזירנדיק דעם איינהייטלעכן רעוואָליוציאָנערן פראָנט פון די פראָלע־טאריער און אונטערדריקטע פעלקער פון אלע לענדער קעגן דעם אימפעריאליזם.

דאָס באטייט פריער פאר אלץ, אז די אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט געמאכט דעם וועלט־קאפיטאליזם א טויט־וווּנד, פון וועלכער ער וועט שוין קיינמאָל מער צו זיך ניט קומען. טאקע דערפאר וועט דער קאפיטאליזם קיינמאָל מער שוין ניט באקומען צוריק יענעם „גלייכגעוויכט" און יענע „שטאנדהאפטיקייט", וואָס ער האָט פארמאָגט ביז אָקטיאבער. דער קא־פיטאליזם קאָן זיך טיילוויַיז סטאביליזירן, ער קאָן ראציאָנאליזירן זיין פראָ־דוקציע, איבערגעבן דאָס רעגירן מיטן לאנד דעם פאשיזם, איינקלאמערן צייטוויַיליק דעם ארבעטער־קלאס, אָבער ער וועט שוין קיינמאָל מער ניט באקומען צוריק יענע „רויִקייט" און יענע „זיכערקייט", יענעם „גלייכגע־וויכט" און יענע „שטאנדהאפטיקייט", מיט וועלכע ער האָט זיך געפוצט פריער, ווייל דער קריזיס פונעם וועלט־קאפיטאליזם איז דערגאנגען צו אזא אנטוויקלונג־שטופע, ווען די פייערן פון רעוואָליוציע מוזן זיך אומפארמייד־לעך דורכרייסן אמאָל אין די צענטערס פונעם אימפעריאליזם, אמאָל אין דער פעריפעריע, מאכנדיק צונישט די קאפיטאליסטישע לאטעס און דער־נעענטערנדיק טאָג־נאָך־טאָג דאָס פאלן פונעם קאפיטאליזם. פונקט ווי אינעם באוווּסטן מאָשל: „דעם עק ארויסגעשלעפט—איז די נאָז פאר־זונקען געוואָרן, די נאָז ארויסגעשלעפט—איז דער עק פארזונקען געוואָרן".

דאָס באטייט, צווייטנס, אז די אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט אופגעהויבן אפ א באשטימטער הייך די קראפט און דעם ספעציפישן געוויכט, די מוטיקייט און די שלאכט־גרייטקייט פון די אונטערדריקטע קלאסן פון דער גאנצער וועלט, צווינגענדיק די הערשנדיקע קלאסן זיך צו רעכענען מיט זיי, ווי מיט א נייעם, ערנסטן פאקטאָר. איצט קאָן מען שוין ניט בא־טראכטן די ארבעטנדיקע מאסן פון דער וועלט ווי א „בלינדן האמוין", וואָס בלאָנדזשעט ארום אין דער פינצטערניש און האָט ניט קיין פערס־פעקטיוון, דערפאר, ווייל די אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט באשאפן פאר זיי א לייכט־טורעם, וואָס באלייכט זיי דעם וועג און גיט פערספעקטיוון. אויב פריער איז ניט געווען קיין אלוועלטלעכער אָפענער פאָרום, פונוואַ־נען מע זאָל קאָנען דעמאָנסטרירן און אויספורעמען די האָפענונגען און שטרע־

בונגענ פונ די אונטערדריקטע קלאסנ, איז איצט אזא פאָרומ פאראנ אינ געשטאלט פונ דער ערשטער פּראָלעטארישער דיקטאטור. מע קאָנ קוימ צווייפלענ, אז די פארניכטונג פונ דעמ דאָזיקנ פאָרומ וואָלט אפּ א לאנגער צײַט פארדעקט דאָס געזעלשאפטלעכ־פּאָליטישע לעבנ פונ די „פאָרגעשריטע־נע לענדער“ מיט א פינצטערניש פונ ניט-געצוימטער שווארצער רעאקציע. מע קאָנ ניט אָפּלייקענענ, אז אפילע דער פּאָשעטער פאקט, וואָס עס עקזיסטירט א „באָלשעוויסטישע מעלוכע“, לייגט ארופּ א צוימ אפּ די שווארצע קויכעס פונ דער רעאקציע, פארלײַכטערנדיק פאר די אונטערדריקטע קלאסנ דעמ קאמפּ פאר זייער באפרײַונג. דערמיט אייגנטלעכ איז צו דערקלערנ יענעמ כײַשנ האס, וואָס די עקספּלואטאטערס פונ אלע לענדער פילנ צו די באָל-שעוויקעס. די געשיכטע כאזערט זיכ איבער, כאָטש אפּ א נײַער באַזע. ווי פריִער, אינעמ פעריאָד, ווענ עס איז געפאלנ דער פעאָדאַליזמ, פלעגט דאָס וואָרט „יאקאָבינער“ ארויסרופנ בא די אריסטאָקראטנ פונ אלע לענדער שוידער אונ עקל, אזוי איז אויכ איצט, אינעמ פעריאָד, ווענ עס פאלט דער קאפּיטאליזמ, רופט ארויס דאָס וואָרט „באָלשע־וויק“ בא די בורזשואזע לענדער שוידער אונ עקל. אונ, פארקערט, פונקט ווי פריִער איז פּאריזש געווענ א שוץ־אָרט אונ א שול פאר די רעוואָ־ליוציאָנערע פאָרשטייער פונ דער זיכ אופהייבנדיקער בורזשואזיע, אזוי איז אויכ איצט מאָסקווע דאָס שוץ-אָרט אונ די שול פאר די רעוואָליוציאָ־נערע פאָרשטייער פונעמ זיכ אופהייבנדיקנ פּראָלעטאריאט. דער האס צו די יאקאָבינער האָט ניט געראטעוועט דעמ פעאָדאליזמ פונ קראכ. צי קאָנ מענ צווייפלענ דערינ, אז דער האס צו די באָלשעוויקעס וועט ניט ראטעווענ דעמ קאפּיטאליזמ פונ זײַנ אומפארמײַדלעכער צעשמעטערונג?

די ערע פונ „שטאנדהאפטיקײַט“ פונעמ קאפּיטאליזמ איז אריבער, אוועקטראָגנדיק מיט זיכ די לעגענדע וועגנ דער אומגעוואקלטקײַט פונ די בורזשואזע פּאָראָנדקעס.

עס איז אָנגעקומענ די ערע פונעמ קראכ פונעמ קאפּיטאליזמ.

4. די אָקטיאבער-רעוואָליוציע איז ניט בלויז א רעוואָליוציע אינעמ גע־ביט פונ די עקאָנאָמישע אונ געזעלשאפטלעכ־פּאָליטישע פארהעלטענישנ. זי איז גלײַכצײַטיק א רעוואָליוציע אינ די מויכעס, א רעוואָליוציע אינ דער אידעאָלאָגיע פונעמ ארבעטער-קלאס. די אָקטיאבער-רעוואָליוציע איז געבוירנ געוואָרנ אונ האָט זיכ פארפעסטיקט אונטער דער פאָנ פונעמ מארקסיזמ, אונטער דער פאָנ פונ דער אידיי פונ דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט, אונטער דער פאָנ פונעמ לעניניזמ, וועלכער איז דער מארקסיזמ פונ דער עפּאָכע פונ אימ-פּעריאליזמ אונ פּראָלעטארישע רעוואָליוציעס. זי באצייכנט דעריבער דעמ זיג פונעמ מארקסיזמ איבערנ רעפאָרמיזמ, דעמ זיג פונעמ לעניניזמ איבערנ סאָ-

ציִאַל-דעמאָקראַטיזם, דעם זיג פונעם III אינטערנאַציִאָנאַל איבערנ II אינטערנאַציִאָנאַל.

די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע האָט דורכגעפירט א טיפנ אײַנשניט צווישנ דעם מאַרקסיזם אונ דעם סאָציִאַל־דעמאָקראַטיזם, צווישנ דער פּאָליטיק פונעם לעניניזם אונ דער פּאָליטיק פונעם סאָציִאַל-דעמאָקראַטיזם. פריִער, ביזנ זיג פונ דער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריִאַט, האָט די סאָציִאַל-דעמאָקראַטיע געקאָנט פוצנ זיכ אינעם פלאַג פונ מאַרקסיזם, ניט אָפּלייקענענדיק אָפנ די אידיי פונ דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריִאַט, אָבער אויכ ניט טוענדיק קיינ זאַכ, אַבסאָליוט קיינ זאַכ אפ צו דערנעענטערנ די פאַרווירקלעכונג פונ דער דאָזיקער אידיי, ווײַל אַזאַ אויפירונג פונ דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט ניט געשאַפנ קיינ שום געפאַר פארנ קאַפּיטאַליזם. דעמלט, אינ יענעם פּעריִאָד, האָט זיכ די סאָציִאַל־דעמאָקראַטיע פאָרמעל צונויפגעגאָסנ, אָדער קימאַט צונויפגעגאָסנ, מיטנ מאַרקסיזם. איצט, נאָכנ זיג פונ דער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריִאַט, ווענ אַלע האָבנ באַשײַמפּערלעכ דערזענ, צו וואָס עס פירט דער מאַרקסיזם, אונ וואָס עס קאָנ באַטײַטנ זײַנ זיג, האָט זיכ שוינ די סאָציִאַל־דעמאָקראַטיע ניט געקאָנט פוצנ אינעם פלאַג פונ מאַרקסיזם, זי האָט ניט געקאָנט קאָקעטירנ מיט דער אידיי פונ דיקטאַטור פונ פּראָלעטאַריִאַט, ניט שאַפנדיק קיינ געוויסע געפאַר פארנ קאַפּיטאַליזם. האָבנדיק שוינ לאַנג צערִיסנ מיטנ גײַסט פונעם מאַרקסיזם, איז זי געצוווּנגענ געוואָרנ צו צערײַסנ אויכ מיטנ פלאַג פונ מאַרקסיזם, זי האָט זיכ געשטעלט אָפנ אונ ניט צווייטײַטיק קעגנ דעם קינד פונעם מאַרקסיזם, קעגנ דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, קעגנ דער ערשטער אינ דער וועלט דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריִאַט. איצט האָט זי זיכ געמוזט אָפּגרענעצנ, אונ האָט זיכ ווירקלעכ אָפּגעגרענעצט, פונעם מאַרקסיזם, ווײַל בא די איצטיקע באַדינגונגענ קאָנ מענ זיכ ניט אָנרופנ מיטנ נאָמענ מאַרקסיסט, אויב מע שטיצט ניט אָפנ אונ מיט מעסירעסנעפעש די ערשטע אינ דער וועלט פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור, אויב מע פירט ניט קיינ רעוואָליוציִאָנערנ קאַמפ קעגנ דער אייגענער בורזשואַזיע, אויב מע שאַפט ניט קיינ באַדינגונגענ פארנ זיג פונ דער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט בא זיכ אינעם אייגענעם לאַנד. צווישנ דער סאָציִאַל־דעמאָקראַטיע אונ דעם מאַרקסיזם האָט זיכ געשאַפנ אַנ אָפּגרונט. פונ איצט אָנ איז דער איינציקער טרעגער אונ פעסטונג פונעם מאַרקסיזם דער לעניניזם, דער קאָמוניזם.

אָבער דערמיט האָט זיכ עס ניט באַגרענעצט. אָפּגרענעצנדיק די סאָציִאַל־דעמאָקראַטיע פונעם מאַרקסיזם, איז די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע אַוועק ווײַטער אונ האָט זי אָפּגעוואָרפנ אינעם לאַגער פונ די דירעקטע פאַר-

טיידיקער פונעם קאפיטאליזם קעגן דער ערשטער אין דער וועלט פראָ-לעטארישער דיקטאטור. ווען די הערן אדלערס און באוערס, וועלסן און לעווים, לאָנגעס און בלומס שימפן דעם „סאָוועטישן רעזשים", לויבנדיק די פארלאמענטישע „דעמאָקראטיע", ווילן זיי דערמיט זאָגן, אז זיי קעמפן און וועלן קעמפן פאר אופשטעלן צוריק די קאפיטאליסטישע פאָראָנדקעס אין פססר, פאר איינהיטן די קאפיטאליסטישע שקלאפעריי אין די „ציווי-ליזירטע" מעלוכעס. דער איצטיקער סאָציאַל־דעמאָקראטיזם איז אן אי-דייִשע שטיצע פונעם קאפיטאליזם. לענין איז געווען טויזנט מאָל גערעכט, ווען ער האָט געזאָגט, אז די איצטיקע סאָציאַל-דעמאָקראטישע פאָליטיקער זיינען „עמעסע אגענטן פון דער בורזשואזיע אין דער אר-בעטער-באוועגונג, ארבעטער-פריקאשטשיקעס פונעם קלאס קאפיטאליסטן", אז אין דעם „בירגערקריג צווישן דעם פראָלעטאריאט און דער בורזשואזיע" וועלן זיי זיך אומפארמיידלעך שטעלן „אפ דער זייט פון די ווערסאלער קעגן די קאָמונארן". עס איז אומעגלעך א סאָף צו מאכן צום קאפיטאליזם, אויב מע זאָל ניט מאכן קיין סאָף צום סאָ-ציאַל־דעמאָקראטיזם אין דער ארבעטער־באוועגונג, די ערע פון שטארבן פונעם קאפיטאליזם איז דעריבער צוזאמען דערמיט אן ערע פון שטארבן פונעם סאָציאַל־דעמאָקראטיזם אין דער ארבעטער-באוועגונג.

די גרויסע באדייטונג פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע באשטייט, אגעוו, דערין, וואָס זי באצייכנט אן אומפארמיידלעכן זיג פונעם לעניניזם איבערן סאָציאַל-דעמאָקראטיזם אין דער אלוועלטלעכער ארבעטער־באוועגונג.

די ערע פון הערשאפט פונעם II אינטערנאציאָנאל און פונעם סאָציאַל-דעמאָקראטיזם אין דער ארבעטער-באוועגונג האָט זיך פארענדיקט.

עס איז אָנגעקומען די ערע פון הערשאפט פונעם לעניניזם און פונעם III אינטערנאציאָנאל.

„פראוודא", נומ. 255
פון 6—7 נאָיאבער 1927 י.

# אפנ ברויט־פראָנט

פונעם שמועס מיט די סטודענטן פונעם אינסטיטוט פאר רויטער פראָפעסור, פון דער קאָמאקאדעמיע און פון סווערדלאָווער אוניווערסיטעט דעם 28־טן מײַ 1928 יאָר

פראגע. וואָס דארף מען רעכענען פאר דאָס גרונטלעכע אין אונדזערע שוועריקײַטן אינעם ברויט־איניען? אין וואָס באשטייט דער אויסוועג פון די דאָזיקע שוועריקײַטן? וועלכע אויספירן דארף מען מאכן אין צוזאמענהאנג מיט די דאָזיקע שוועריקײַטן בענעגייע דעם אנטוויקלונג־טעמפ פון אונדזער אינדוסטריע ביכלאל, באזונדערס פונעם שטאנדפונקט פון דער פארהעלטעניש צווישן דער לײַכטער און דער שווערער אינדוסטריע?

ענטפער. באם ערשטן קוק קאָן זיך אויסווײַזן, אז אונדזערע ברויט־שוועריקײַטן זײַנען א צופעליקײַט, א רעזולטאט בלויז פון א שלעכטער פלאנירונג, א רעזולטאט בלויז פון א ריי טאָעסן אין דער ווירטשאפטלעכער אויסבאלאנסירונג. אָבער דאָס קאָן זיך אויסווײַזן בלויז באם ערשטן קוק. אינדערעמעסן ליגן דאָ די סיבעס פון די שוועריקײַטן פיל טיפער. אז די שלעכטע פלאנירונג און די טאָעסן אין דער ווירטשאפטלעכער אויסבאלאנסירונג האָבן דאָ געשפילט א באדײַטנדיקע ראָליע, — דערין קאָן קיין שום צווייפל ניט זײַן. אָבער דערקלערן אלץ מיט דער שלעכטער פלאנירונג און צופעליקע טאָעסן, — הייסט ארײַנפאלן אין דעם גראָבסטן טאָעס. עס וואָלט געווען א פעלער צו פארמינערן די ראָליע און די באדײַטונג פון פלאנירן. אָבער עס וואָלט געווען נאָך א גרעסערער פעלער איבערצוטרײַבן די ראָליע פונעם פלאן־פרינציפ, מיינענדיק, אז מיר האָבן שוין דערגרייכט צו יענער אנטוויקלונג־שטופע, ווען עס איז פאראן א מעגלעכקײַט צו פלאנירן און רעגולירן אבסאָליוט אלץ. מע דארף ניט פארגעסן, אז אכוץ די עלעמענטן, וואָס גיבן זיך אונטער אונדזער פלאניר־אופווירקונג, זײַנען אינעם באשטאנד פון אונדזער פאָלקווירטשאפט פאראן נאָך אנדערע עלעמענטן, וועלכע לאָזן זיך דערווײַל נאָך ניט

פּלאַנירן, עס זײַנען פאַראַן, ענדלעך, קלאַסן, פּײַנטלעכע צו אונדז, וועלכע מע קאָן ניט בײַקומען אין אָרדענונג פון פּאָשעטער פּלאַנירונג דורכן מעלוכע-פּלאַן. אָט פאַרוואָס איך מיין, אַז מע טאָר ניט רעדוצירן אַלץ צו אַ פּאָשעטער צופעליקייט, צו טאָעסן פון פּלאַנירונג אאַוו.

אַלזאָ, אין וואָס באַשטייט דער גרונט פון אונדזערע שוועריקייטן אפן ברויט-פראָנט?

דער גרונט פון אונדזערע ברויט-שוועריקייטן באַשטייט דערין, וואָס דער וווּקס פון דער פּראָדוקציע פון סכוירעדיקן ברויט גייט בא אונדז לאַנגזאַמער, איידער דער וווּקס פון די באַדערפעניש אין ברויט. עס וואַקסט די אינדוסטריע. עס וואַקסט די צאָל אַרבעטער. עס וואַקסן די שטעט. עס וואַקסן, ענדלעך, די ראַיאָנען, וואָס פּראָדוצירן טעכנישן רוישטאָף (בוימוואָל, לײַן, בורעקעס אאַוו.), וועלכע שאַפן אַ נאָכפרעג אף סכוירעדיקן ברויט. דאָס אַלץ פירט צו אַ שנעלן וווּקס פון די באַדערפענישן אין ברויט, אין סכוירעדיקן ברויט. די פּראָדוקציע אָבער פון סכוירעדיקן ברויט וואַקסט מיט אַ שרעקלעך לאַנגזאַמען טעמפּ. מע קאָן ניט זאָגן, אַז פאַרגרייט ברויט, וואָס איז פאַראַן אין רעשוס פון דער מעלוכע, איז געווען בא אונדז היאָר ווייניקער, ווי פאַראַיאָרן אָדער פאַרצווייאָרן. פאַרקערט, היאָר האָבן מיר געהאַט אין די הענט פון דער מעלוכע פיל מער ברויט, ווי אין די פאַריקע יאָרן. און פונדעסטוועגן שטייען מיר פאַר ברויט-שוועריקייטן. אָט זײַנען אייניקע ציפערן. אין 1925/26 יאָר האָבן מיר באַוויזן צו פאַרגרייטן צום 1-טן אַפּרעל 434 מיליאָן פוד ברויט. פון זיי האָט מען אַרויסגעפירט קיין אויסלאַנד 123 מיליאָן פוד. איז פאַרבליבן, הייסט עס, פאַרגרייט ברויט אין לאַנד 311 מיליאָן פוד. אין 1926/27 יאָר האָבן מיר צום 1-טן אַפּרעל פאַרגרייט ברויט געהאַט 596 מיליאָן פוד. פון זיי האָט מען אַרויסגעפירט קיין אויסלאַנד 153 מיליאָן פוד. איז פאַרבליבן אין לאַנד פאַרגרייט ברויט 443 מיליאָן פוד. אין 1927/28 יאָר האָבן מיר געהאַט צום 1-טן אַפּרעל פאַרגרייט ברויט 576 מיליאָן פוד. פון זיי האָט מען אַרויסגעפירט קיין אויסלאַנד 27 מיליאָן פוד. איז פאַרבליבן אין לאַנד פאַרגרייט ברויט 549 מיליאָן פוד. אַנדערש געזאָגט, מיר האָבן געהאַט הײַנטיקס יאָר צום 1-טן אַפּרעל פאַרגרייט ברויט פאַר די באַדערפענישן פון לאַנד אף 100 מיליאָן פוד מער, ווי פאַראַיאָרן, און אף 230 מיליאָן פוד מער, ווי פאַרצווייאָרן. און דאָך האָבן מיר היאָר שוועריקייטן אפן ברויט-פראָנט.

איך האָב שוין געזאָגט אין איינעם פון מײַנע פּאָרטראָגן, אַז די דאָזיקע שוועריקייטן זײַנען אויסגענוצט געוואָרן דורך די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן פון דאָרף און, פריִער פאַר אַלץ, דורך די באַלעגופים, קעדיי אָרונטערצורײַסן די סאָוועטישע ווירטשאַפטלעכע פּאָליטיק. איר ווייסט, אַז די ראַטנמאַכט האָט אָנגענומען אַ ריי מיטלען, וואָס זייער ציל איז צו

ליקווידירנ די אנטיסאָוועטישע ארויסטרעטונג פונעמ באלעגופנטום. דעריבער וועל איכ דאָ קיינ סאכ ניט ריידנ וועגנ דעמ. מיכ אינטערעסירט אינעמ געגעבענעמ פאל אנ אנדער פראגע. איכ מיינ די פראגע וועגנ די סיבעס פונעמ לאנגזאמענ וווקס פונ דער פראָדוקציע פונ סכוירעדיקנ ברויט, די פראגע וועגנ דעמ, וואָס דער וווקס פונ דער פראָדוקציע פונ סכוירעדיקנ ברויט גייט בא אונדז לאנגזאמער, ווי דער וווקס פונ די באדערפענישנ אינ ברויט, ניט געקוקט דערופ, וואָס מיר האָבנ שוינ דערגרייכט די פארמילכאָמעדיקע נאָרמעס פונ פארזיי-שעטעכ אונ פונ דער ברוטאָ־פראָדוקציע פונ ברויט.

אינדערעמעסנ, איז דאָס דענ ניט קיינ פאקט, אז מיר האָבנ שוינ דערגרייכט די פארמילכאָמעדיקע נאָרמעס פונ פארזיי-שעטעכ? יאָ, ס'איז א פאקט. איז דענ דאָס ניט קיינ פאקט, אז די ברוטאָ־פראָדוקציע פונ ברויט איז נאָכ פאראיאָרנ געווענ גלייכ מיט דער פארמילכאָמעדיקער פראָדוקציע־נאָרמע, ד. ה. דערגאנגענ ביז 5 מיליארד פוד ברויט? יאָ, ס'איז א פאקט. מיט וואָס זשע איז צו דערקלערנ אויב אזוי, וואָס, ניט קוקנדיק אפ די דאָזיקע אומשטענדנ, פראָדוצירנ מיר סכוירעדיקנ ברויט צוויי מאָל ווייניקער, אונ פירנ ארויס קיינ אויסלאנד אינ א מאָל צוואנציק ווינציקער ברויט, איידער אינ דער פארמילכאָמעדיקער צייט? דאָס דערקלערט זיכ, פריער פונ אלצ אונ דעריקער, מיט דער ענדערונג פונ דער סטרוקטור פונ אונדזער לאנדווירטשאפט אינ רעזולטאט פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, מיטנ אריבערגיינ פונ גרויסער גוטבאזיצערישער אונ גרויסער באלעגופישער ווירטשאפט, וואָס האָט געגעבנ דעמ גרעסטנ סכומ סכוירעדיק ברויט, צו א קליינער אונ מיטעלער פויערישער ווירטשאפט, וואָס גיט דעמ קלענסטנ סכומ סכוירעדיק ברויט. שוינ דאָס אליינ, וואָס ביז דער מילכאָמע האָבנ מיר געהאט 15—16 מיליאָנ אינדיווידועלע פויערשע ווירטשאפטנ, אונ איצט האָבנ מיר 24—25 מיליאָנ פויערשע ווירטשאפטנ, — שוינ דאָס אליינ רעדט וועגנ דעמ, אז די גרונט־באזע פונ אונדזער לאנדווירטשאפט איז די קליינע פויערשע ווירטשאפט, וואָס גיט דעמ מינימומ סכוירעדיק ברויט. די קראפט פונ א גרויסער ווירטשאפט אינ דער ערדארבעט, צי זי איז א גוטבאזיצערישע, באלעגופישע אָדער קאָלעקטיווע ווירטשאפט, באשטייט דערינ, וואָס זי, די דאָזיקע גרויסע ווירטשאפט, האָט א מעגלעכקייט אָנצווענדנ מאשינעס, אויסצונוצנ די אָנגאבנ פונ דער וויסנשאפט, אָנווענדנ באמיסטיקונג, אופהייבנ די ארבעט-פראָדוקטיווקייט אונ געבנ, אזויארום, דעמ גרעסטנ סכומ סכוירעדיק ברויט. אונ, פארקערט, די שוואכקייט פונ דער קליינער פויערשער ווירטשאפט באשטייט דערינ, וואָס זי האָט ניט, אָדער זי האָט קימאט ניט, די דאָזיקע מעגלעכקייטנ, אונ דעריבער איז זי א ווירטשאפט א האלב־געברויכערישע, א ווייניק־סכוירעדיקע. לאָמיר נעמענ, צומביישפיל,

די קאָלווירטנ אונ ראַטווירטנ. זיי גיבנ בא אונדז סכוירע־ברויט 47,2% פונ זייער גאנצער ברוטאָ-פּראָדוקציע. אנוערש גערעדט, זיי גיבנ סכוירע-ברויט מער, ווי די גוטבאַזיצערישע ווירטשאפט אינ דער פארמילכאָמע־דיקער צײַט. אונ די קליינע אונ מיטעלע פּויערישע ווירטשאפטנ? זיי גיבנ בא אונדז סכוירע־בויט אינגאנצנ בלויז 11,2% פונ דעם גאנצנ סכום פונ זייער פּראָדוקציע. דער אונטערשייד איז, ווי איר זעט, א גענוג בוילעטער.

אָט האָט איר עטלעכע ציפערנ, וואָס דעקנ אופּ א בילד פונ דער סטרוקטור פונ דער ברויט־פּראָדוקציע אינ דער פארגאנגענהײַט, אינ דעם פארמילכאָמעדיקנ פּעריִאָד, אונ אינעם איצטיקנ, אינעם נאָכאָקטיאבערישנ פּעריִאָד. די דאָזיקע ציפערנ האָט געגעבנ דער קאָלעגיע-מיטגליד פונ דער צענטראַלער סטאטיסטישער פארוואלטונג, כ' נעמטשינאָוו. זיי, די דאָזיקע ציפערנ, פּרעטענדירנ ניט אפ קיינ פּינקטלעכקײַט, ווי דער כ' נעמטשינאָוו באמערקט אינ זײַנ מעמאָראנדום, — זיי גיבנ א מעגלעכקײַט צו מאכנ בלויז בערעכדיקע אויסרעכענונגענ. אָבער די דאָזיקע ציפערנ זײַנענ פולשטענ־דיק גענוג אפ צו פארשטיינ דעם אונטערשייד צווישנ דעם פארמילכאָמע־דיקנ פּעריִאָד אונ דעם נאָכאָקטיאבערישנ פּעריִאָד פונעם שטאנדפּונקט פונ דער סטרוקטור פונ דער ברויט-פּראָדוקציע ביכלאל אונ פונ דער פּראָדוק־ציע פונ סכוירעדיק ברויט באזונדערס.

| | ברוטאָ־פּראָדוקציע פונ ברויט | | סכוירעדיק ברויט (אויסער־דאָרפישעס) | | % סכוירע־ברויט |
|---|---|---|---|---|---|
| | מיליאָנ פוד | % | מיליאָנ פוד | % | |
| **ביז דער מילכאָמע** | | | | | |
| 1. פּריצים | 600 | 12,0 | 281,6 | 21,6 | 47 |
| 2. באלעגופים | 1 900 | 38,0 | 650,0 | 50,0 | 34 |
| 3. מיטל־ אונ אָרעמפּויערים | 2 500 | 50,0 | 369,0 | 28,4 | 14,7 |
| סאכאקל | 5 000 | 100 | 1 300,6 | 100 | 26 |
| **אינ 1926/27 יאָר:** | | | | | |
| 1. ראַטווירטנ אונ קאָלווירטנ | 80,0 | 1,7 | 37,8 | 6,0 | 47,2 |
| 2. באלעגופים | 617,0 | 13,0 | 126,0 | 20,0 | 20,0 |
| 3. מיטל־ אונ אָרעמפּויערים | 4 052,0 | 85,3 | 466,2 | 74,0 | 11,2 |
| סאכאקל | 4 749,0 | 100 | 630,0 | 100 | 13,3 |

וועגן וואָס רעדט די דאָזיקע טאַבעלע?

זי רעדט, ערשטנס, וועגן דעם, אז די פּראָדוקציע פון דער איבער־וועגנדיקער מאסע ברויט-פּראָדוקטן איז אריבער פון די גוטבאַזיצער און באַלעגופים צו די קליין- און מיטלפּויערים. דאָס באַטייט, אז די קליין- און מיטלפּויערים, נאָך דעם ווי זיי האָבן זיך אינגאַנצן באַפרייט פון פּריצישן יאָך און ארונטערגעריסן, אין גרונט, די קראַפט פונעם באַלעגופּנ־טום, האָבן זיי באַקומען די מעגלעכקייט אַפּ אַן ערנסטן אויפן צו פאַרבע־סערן זייער מאַטעריעלע לאַגע. דאָס איז א רעזולטאַט פון דער אָקטיאַ־בער־רעוואָליוציע. דערין לאָזט זיך שפּירן, פריִער פאַר אַלץ, יענער אַנט־שיידענער געווינס, וועלכן עס האָבן באַקומען די גרונט־מאַסן פונעם פּויער־טום פון דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע.

זי רעדט, צווייטנס, וועגן דעם, אז די גרונט־באַזיצער פונעם סכוי־רעדיקן ברויט זײַנען בא אונדז די קליינע און, פריִער פאַר אַלץ, די מיטעלע פּויערים. דאָס באַטײַט, אז ניט בלויז פונעם שטאַנדפּונקט פון דער ברוטאָ-פּראָדוקציע, נאָר אויך פונעם שטאַנדפּונקט פון דער פּראָדוק-ציע פון סכוירעדיקן ברויט איז פּסער, אין רעזולטאַט פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, געוואָרן א לאַנד פון קליינפּויערשער ווירטשאַפט, און דער מיטלפּויער — די „צענטראַלע פיגור״ פון דער ערד־אַרבעט.

זי רעדט, דריטנס, וועגן דעם, אז די ליקווידאַציע פון דער גוטבאַזי־צערישער (גרויסער) ווירטשאַפט, די פאַרקירצונג פון דער באַלעגופישער (גרויסער) ווירטשאַפט מער ווי אין דרײַ מאָל און דער איבערגאַנג צו א קליינפּויערשער ווירטשאַפט, וואָס גיט בלויז 11% סכוירעדיקייט, בא דער אַפּוועזנקייט פון א וויפל־עס־איז אַנטוויקלטער גרויסער געזעלשאַפט-לעכער ווירטשאַפט אין געביט פון דער ברויט־פּראָדוקציע (קאָלווירטן, ראַטווירטן), האָבן געמוזט ברענגען און האָבן ווירקלעך געבראַכט צו א שאַרפער פאַרקירצונג פון דער פּראָדוקציע פון סכוירעדיקן ברויט אין פאַרגלײַך מיט דער פאַרמילכאָמעדיקער צײַט. דאָס איז א פאַקט, אז מיר האָבן איצט אין צוויי מאָל ווייניקער סכוירעדיק ברויט, ניט געקוקט אַפּ דער פאַרמילכאָמעדיקער נאָרמע פון דער ברוטאָ־פּראָדוקציע פון ברויט.

אָט ווו עס ליגט דער גרונט פון אונדזערע שוועריקייטן אַפּן ברויט־פראָנט.

אָט פאַרוואָס מע קאָן ניט האַלטן אונדזערע שוועריקייטן אין געביט פון די ברויט-פאַרגרייטונגען פאַר א פּאַשעטער צופעליקייט.

עס איז קיין סאָפעק ניט, אז א געוויסע נעגאַטיווע ראָליע האָט דאָ געשפּילט אויך דער אומשטאַנד, וואָס אונדזערע האַנדל-אָרגאַניזאַציעס האָבן גענומען אַפּ זיך ניט קיין נייטיקע פליכט צו באַזאָרגן מיט ברויט א ריי

קליינע אונ מיטעלע שטעט, וואָס דאָס האָט ניט געקאָנט ניט פארקלענערנ, אינ א געוויסער מאָס, די ברויט-רעזערווג פונ דער מעלוכע. אָבער עס איז ניטאָ קיינ שום גרונט צו צווייפלענ, אז דער איקער פונ אונדזערע שוועריקייַטנ אפנ ברויט-פראָנט איז ניט דער דאָזיקער אומשטאנד, נאָר דער פאקט פונ לאנגזאמער אנטוויקלונג פונ דער סכוירעדיקייַט פונ אונדזער לאנדווירטשאפט בא א פארשטארקטנ וווּקס פונ די באדערפעּ-נישנ אינ סכוירעדיקנ ברויט.

ווּ איז דער אויסוועג פונ דער לאגע?

עס זייַנענ פאראנ מענטשנ, וועלכע זעענ אייַנ דעם אויסוועג פונ דער לאגע אינעם צוריקער צו דער באלעגופישער ווירטשאפט, אינעם אנטוויק־לענ אונ פאנאנדערוויקלענ די באלעגופישע ווירטשאפט. די דאָזיקע מענטשנ באשליסנ זיכ ניט צו ריידנ וועגנ א צוריקער צו א פריצישער ווירטשאפט, פארשטייענדיק, ווי עס ווייַזט אויס, אז עס איז געפערלעכ צו פלוידערנ אינ אונדזער צייַט וועגנ אזעלכע זאכנ. זיי ריידנ אָבער מיט נאָכ מער כיישעק וועגנ דער נייטיקייַט אלמעגלעכ צו אנטוויקלענ די באלעגופישע ווירטשאפט אינ די אינטערעסנ... פונ דער ראטנמאכט. די דאָזיקע מענטשנ מיינענ, אז די ראטנמאכט וואָלט געקאָנט זיכ אָנשפארנ מיטאמאָל אפ צוויי קעגנזעצלעכע קלאסנ, — אפנ קלאס באלעגופים, וואָס זייער ווירטשאפטלעּ-כער פרינציפ איז צו עקספלואטירנ דעם ארבעטער-קלאס, אונ אפנ קלאס ארבעטער, וואָס זייער ווירטשאפטלעכער פרינציפ איז צו פארניכטנ יעט־ווידע עקספלואטאציע. דאָס איז א פאָקוס, וואָס פאסט פאר רעאקציאָנערנ. עס לוינט גאָר ניט צו דערווייַזנ, אז די דאָזיקע רעאקציאָנערע „פלענער" האָבנ קיינ שום שייַכעס ניט מיט די אינטערעסנ פונעם ארבעטער-קלאס, מיט די פרינציפנ פונעם מארקסיזם, מיט די אופגאבנ פונעם לעניניזם. די רייד וועגנ דעם, אז דער באלעגופ איז „ניט ערגער" פונעם שטאָטישנ קאפיטאליסט, אז דער באלעגופ שטעלט פאָר לאבלוטנ ניט קיינ גרעּ־סערע געפאר, ווי דער שטאָטישער נעפמאנ, אז מאכמעס דעם האָבנ מיר איצט ניט וואָס „מוירע" צו האָבנ פארנ באלעגופנטום, — אזעלכע רייד זייַ־נענ פוסטע ליבעראלע פלאפלערייַ, וואָס שלעפעוט אייַנ די וואכזאמקייַט פונעם ארבעטער-קלאס אונ פונ די גרונט-מאסנ פונעם פויערטום. מע דארפ ניט פארגעסנ, אז אויב אינ דער אינדוסטריע קאָנענ מיר אנטקעגנשטעלנ דעם קליינעם קאפיטאליסט אינ שטאָט די גרויסע סאָציאליסטישע אינדוסטריע, וואָס גיט $^{9}/_{10}$ פונ דער גאנצער מאסע אינדוסטריעלע סכוירעס, קאָנענ מיר דער גרויסער באלעגופישער פראָדוקציע אינ דאָרפ, לויט דער ליניע פונ דער פראָדוקציע, אנטקעגנשטעלנ בלויז נאָכ ניט קיינ פארפעּ־סטיקטע קאָלווירטנ אונ ראטווירטנ, וואָס פראָדוצירנ אינ 8 מאָל ווייניקער

ברויט, ווי די באַלעגופּישעווירטשאַפטן. ניט פאַרשטיין די באַדײַטונג פון דער גרויסער באַלעגופּישער ווירטשאַפט אין דאָרף, ניט פאַרשטיין, אַז דאָס ספּעציפּישע געוויכט פונעם באַלעגופּנטום אין דאָרף איז הונדערט מאָל העכער, ווי דאָס ספּעציפּישע געוויכט פון די קאַפּיטאַליסטן אין דער שטאָטישער אינדוסטריע, — דאָס הייסט אראָפּ פון זינען, צערײַסן מיטן לעניניזם, אריבערלויפן אף דער זײַט פון די סאָנים פונעם ארבעטער-קלאַס.

אַלזאָ, ווו זשע איז דער אויסוועג פון דער לאַגע?

1) דער אויסוועג באַשטייט, פריִער פאַר אַלץ, דערין, אַז מע זאָל אריבערגיין פון די קליינע, אָפּגעשטאַנענע און צעשטויבטע פּויערשע ווירטשאַפטן צו פאַרייניקטע, גרויסע, געזעלשאַפטלעכע ווירטשאַפטן, באַזאָרגטע מיט מאַשינעס, באַוואָפנטע מיט די אָנגאַבן פון דער וויסנשאַפט און פייִקע צו פּראָדוצירן דעם גרעסטן סכום סכוירעדיק ברויט. דער אויסוועג איז — אינעם איבערגאַנג פון דער אינדיווידועלער פּויערשער ווירטשאַפט צו קאָלעקטיווער, צו געזעלשאַפטלעכער ווירטשאַפט אין דער ערדארבעט.

צום אָרגאַניזירן קאָלווירטן האָט לענין גערופן די פּאַרטיי נאָך פון די ערשטע טעג פון דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע. פון יענער צײַט אָן האָט ניט אופגעהערט בא אונדז אין דער פּאַרטיי די פּראָפּאַגאַנדע פון דער אידיי פון קאָלווירטן. דאָך האָט דער רוף צו קאָלווירטן געפונען א מאַסן-אָפּקלאַנג ערשט די לעצטע צײַט. דאָס דערקלערט זיך, פריִער פאַר אַלץ, דערמיט, וואָס די ברייטע אנטוויקלונג פון דער קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפטלעכקײַט אין דאָרף האָט צוגעגרייט אַן איבערבראָך אין דער שטימונג פונעם פּוי־ערטום לעטויוועס די קאָלווירטן, און דאָס פאַראַנענזײַן פון א ריי קאָלווירטן, וואָס גיבן שוין איצט 150—200 פּוד געוועטעניִש פון א דעסיאַטין און 30—40 פּראָצ. סכוירעדיקײַט, האָט געשאַפן אַן ערנסטן דראַנג פון דער אָרעמשאַפט און פון די אונטערשטע שיכטן פונעם מיטלפּויערטום צו די קאָלווירטן. ניט קיין קליינע באַדײַטונג האָט דאָ אויך דער אומשטאַנד, וואָס ערשט די לעצטע צײַט האָט די מעלוכע באַקומען א מעגלעכקײַט ערנסט צו פי־נאַנסירן די קאָלווירטישע באַוועגונג. עס איז באַוווּסט, אַז הײַנטיקס יאָר האָט די מעלוכע אַסיגנירט אף העלפן די קאָלווירטן צוויי מאָל אזויפיל געלט, ווי פאַראיאָרן (העכער 60 מיליאָן רובל). דער XV פּאַרטיי-צוזאַ־מענפאָר איז געווען אינגאַנצן גערעכט, ווען ער האָט אנערקענט, אַז די באַדינגונגען פאַר דער מאַסנווער קאָלווירטישער באַוועגונג זײַנען שוין רײַף געוואָרן, אַז די פאַרשטאַרקונג פון דער קאָלווירטישער באַוועגונג איז איינס פון די סאַמע ערנסטע מיטלען אף אופצוהייבן די סכוירעדיקײַט פון דער ברויט־פּראָדוקציע אין לאַנד.

די ברוטאָ־פּראָדוקציע פון ברויט אין די קאָלווירטן האָט באַטראָפן

אין 1927 יאָר, לויט די אָנגאבן פון דער צענטראַלער סטאטיסטישער פאַר־וואלטונג, ביט ווייניקער פון 55 מיליאָן פוד מיט אן אלגעמיינער דורכ־שניטלעכער סכוירעוודיקייט פון 30%. די ברייטע כוואליע פון אויסבילדן נייע קאָלווירטן און פארברייטערן די אלטע אין אָנהייב פון דעם יאָר מוז געבן א באדייטנדיקע פארגרעסערונג פון דער ברויט־פראָדוקציע אין די קאָלווירטן צום סאָף יאָר. די אופגאבע באשטייט דערין, אז מע זאָל איינהיטן דעם איצטיקן אנטוויקלונג־טעמפּ פון דער קאָלווירטישער באוועגונג, פארגרעסערן די קאָלווירטן, אָפּווארפן די פאלשע קאָלווירטן, פארבייטן זיי מיטווירקלעכע קאָלווירטן, און איינשטעלן אזא רעזשים, אז אונטער דער געפאר, אז בא זיי וועלן אָפּגענומען ווערן די סובסידיעס און קרעדיטן מיצאד דער מעלוכע, זאָלן די קאָלווירטן אָפּגעבן זייער גאנצן סכוירעדיקן ברויט די מעלוכישע און קאָאָפּעראטיווע אָרגאניזאציעס. איך מיין, אז, אָפּהיטנדיק די דאָזיקע באדינגונגען, וואָלטן מיר זיך געקאָנט דערשלאָגן, אז אין א יאָר 3—4 ארום זאָלן מיר האָבן פון די קאָלווירטן א 40—50 מיליאָן פוד סכוירעדיק ברויט.

די קאָלווירטישע באוועגונג שטעלט מען צומאָל אנטקעגן דער קאָאָ־פּעראטיווער באוועגונג, האלטנדיק, ווי עס ווייזט אויס, אז קאָלווירטן איז איינס, און קאָאָפּעראציע איז עפּעס אנדערש. דאָס איז, פארשטייט זיך, ניט ריכטיק. אייניקע דערגייען אפילע דערצו, אז די קאָלווירטן שטעלן זיי קעגן לענינס קאָאָפּעראטיווע פּלאַן. ס'איז אָפּגערעדט, אז אזא קעגנ־שטעלונג האָט קיין שום געמיינזאממעס ניט מיטן עמעס. אינדערעמעסן זיינען די קאָלווירטן א מין קאָאָפּעראציע, דער סאמע בוילעטער מין פּראָדוציר־קאָאָ־פּעראציע. עס איז פאראן אָפּזאַץ-קאָאָפּעראציע, עס איז פאראן באזאָרג־קאָאָפּעראציע, עס איז פאראן אויך פּראָדוציר-קאָאָפּעראציע. די קאָלווירטן זיינען אן אָרגאנישער באשטאנדטייל פון דער קאָאָפּעראטיווער באוועגונג, ביכלאל, פונעם לענינישן קאָאָפּעראטיוון פּלאַן, ביפראט. דורכפירן דעם לע־נינישן קאָאָפּעראטיוון פּלאַן הייסט — אופהייבן דאָס פוילערטום פון דער אָפּזאַץ- און באזאָרג-קאָאָפּעראציע צו דער פּראָדוציר-קאָאָפּעראציע, צו דער, אזוי צו זאָגן, קאָלווירטישער קאָאָפּעראציע. דערמיט, אגעוו, דערקלערט זיך יענער פאקט, וואָס די קאָלווירטן האָבן אָנגעהויבן צו אנטשטיין בא אונדז און צו אנטוויקלען זיך בלויז אין רעזולטאט פון דער אנטוויקלונג און פארשטארקונג פון דער אָפּזאַץ- און באזאָרג-קאָאָפּעראציע.

2) דער אויסוועג באשטייט, צווייטנס, דערין, אז מע זאָל פארברייטערן און פארשטארקן די אלטע ראטווירטן, אָרגאניזירן און אנטוויקלען נייע גרויסע ראטווירטן. די ברוטאָ-פּראָדוקציע פון ברויט אין די איצטיקע ראטווירטן האָט באטראָפן אין 1927 יאָר, לויט די אָנגאבן פון דער צענ-

טראלער סטאטיסטישער פארוואלטונג, ניט ווייניקער פונ 45 מיליאָנ פוד מיט א סכוירעדיקײַט פונ 65%. ס'איז קיינ סאָפעק ניט, אז בא א געווייסער אונטערשטיצונג מיצאד דער מעלוכע וואָלטנ די ראטווירטנ געקאָנט באדײַטנדיק אופהייבנ די פראָדוקציע פונ ברויט. אָבער די אופגאבע באגרענעצט זיכ ניט דערמיט. עס איז פאראנ א באשלוס פונ דער ראטנמאכט, וואָס לויט אימ ווערנ אינ די ראיאָנענ, וואָס זײַנענ פרײַ פונ פויערשע ערדכאלאָקימ, אָרגאניזירט נײַע גרויסע ראטווירטנ (פונ 10 ביז 30 טויזנט דעסיאטינ יעדערער), וועלכע דארפנ געבנ אינ א יאָר 5—6 ארומ בא 100 מיליאָנ פוד סכוירעדיק ברויט. צומ אָרגאניזירנ די דאָזיקע ראטווירטנ איז מענ שוינ צוגעטראָטנ. די אופגאבע באשטייט דערינ, אז מע זאָל דורכפירנ אינ לעבנ דעמ דאָזיקנ באשלוס פונ דער ראטנמאכט אומ יעדנ פרײַז. איכ מיינ, אז בא דעמ באדינג פונ אויספילנ די דאָזיקע אופגאבנ וואָלטנ מיר זיכ געקאָנט דערשלאָגנ דערצו, אז מיר זאָל'נ האָבנ פונ די אלטע און נײַע ראטווירטנ אינ א 3—4 יאָר ארומ א 80—100 מיליאָנ פוד סכוירעדיק ברויט.

3) דער אויסוועג באשטייט, ענדלעכ, דערינ, אז מע זאָל סיסטעמאטיש אופהייבנ די געראָטנקײַט פונ די קליינע און מיטעלע אינדיווידועלע פויערשע ווירטשאפטנ. מיר קאָנענ ניט און דארפנ ניט אונטערשטיצנ די אינדיווידועלע גרויסע באלעגופישע ווירטשאפט. אָבער מיר קאָנענ און מוזנ אונטערשטיצנ די אינדיווידועלע קליינע און מיטעלע פויערשע ווירטשאפט, אופהייבנדיק איר געראָטנקײַט און ארײַנציִענדיק זי אינעמ שטראָמ פונ קאָאָפעראטיווער אָרגאניזירטקײַט. די דאָזיקע אופגאבע איז אנ אלטע, זי איז פראָקלאמירט געוואָרנ בא אונדז מיט א באזונדער קראפט נאָכ אינ 1921 יאָר באמ פארבײַטנ די „פראָדראזוויאָרסטקע“ מיטנ נערשטײַער. די דאָזיקע אופגאבע איז באשטעטיקט געוואָרנ דורכ אונדזער פארטיי אפנ XIV און XV צוזאמענפאָרנ. די וויכטיקײַט פונ דער דאָזיקער אופגאבע ווערט איצט אונטערגעשטראָכנ צוליב די שוועריקײַטנ אפנ ברויט-פראָנט. דעריבער מוז זי, די דאָזיקע אופגאבע, אויסגעפילט ווערנ פונקט מיט אזא הארטנעקיקײַט, מיט וועלכער עס וועלנ אויסגעפילט ווערנ די ערשטע צוויי אופגאבנ, די אופגאבע וועגנ די קאָלווירטנ און די אופגאבע וועגנ די ראטווירטנ.

אלע אָנגאבנ זײַנענ דערפאר, אז די געראָטנקײַט פונ דער פויערשער ווירטשאפט וואָלט מענ געקאָנט אופהייבנ אינ משך פונ עטלעכע יאָר אפ א פראָצענט 15—20. איצט געפינט זיכ בא אונדז אינ באנוץ ניט ווייניקער פונ 5 מיליאָנ סאָכעס. בלויז דאָס פארבײַטנ זיי מיט אקערס וואָלט געקאָנט געבנ ביז גאָר אנ ערנסטנ צוווקס פונ דער ברויט-פראָדוקציע

אינ לאנד. איכ רייד שוינ ניט וועגנ דער באזאָרגונג פונ די פויערשע ווירטשאפטנ מיט א געוויסנ מינימומ באמיסטיקונג, אָפגערייניקטע זריִע, מאשינעס פונ קלײנעמ טיפ אאוו. דער מעטאָד פונ קאָנצענטראציע, דער מעטאָד פונ שליסנ אָפמאכנ מיט גאנצע דערפער אפ באזאָרגנ זיי מיט זריִע אאוו. באמ אָבליגאטערישנ באדינג צו באקומענ בא זיי דעמ אנט־שפרעכיקנ סכומ ברויט־פראָדוקטנ, — דער דאָזיקער מעטאָד איז דאָס בעסטע מיטל אופצוהייבנ די גערעטנקייט פונ די פויערשע ווירטשאפטנ אונ ארײַנ־ציִענ די פויערימ אינ דער קאָאָפעראציע. איכ מיינ, אז בא אנ ערנסטער ארבעט אינ דער דאָזיקער ריכטונג וואָלט מענ געקאָנט האָבנ אינ א 3—4 יאָר ארומ ניט ווייניקער פונ 100 מיליאָנ פוד נײַעמ סכוירעדיקנ ברויט פונ די קליינע אונ מיטעלע אינדיווידועלע פויערשע ווירטשאפטנ.

אזויארומ, איז באמ באדינג פונ אויספילנ אָט־די אלע אופגאבנ וואָלטנ מיר געקאָנט האָבנ אינ א 3—4 יאָר ארומ אינ רעשוס פונ דער מע־לוכע נײַע 200—250 מיליאָנ פוד סכוירעדיק ברויט, וואָס וואָלט מער־ווייניקער געווענ גענוג, קעדיי אפ א געהעריקנ אויפנ צו מאנעווירנ סײַ אינווייניק אינ לאנד סײַ אויסער דעמ.

אָט דאָס זײַנענ, אינ גרונט, די מאָסמיטלענ. וועלכע זײַנענ נייטיק, קעדיי ארויסצוגייִנ פונ די שוועריקײַטנ אפנ ברויט־פראָנט.

פארייניקנ די דאָזיקע גרונטיקע מאָסמיטלענ מיט די לויפנדיקע מאָס־מיטלענ אפ צו פארבעסערנ די פלאנירונג אינ געביט פונ באזאָרגנ דאָס דאָרפ מיט סכוירעס, באפרײַענדיק אונדזערע האנדל־אָרגאניזאציעס פונ דער פליכט צו באזאָרגנ מיט ברויט א גאנצע ריי קליינע אונ מיטעלע שטעט, — אָט דאָס איז איצט די אופגאבע.

צי דארפ מענ ניט באגלײַכ מיט די דאָזיקע מאָסמיטלענ אָנעמענ נאָכ א ריי אנדערע מאָסמיטלענ, לאָמיר זאָגנ, מאָסמיטלענ אפ צו פארלאנג־זאמערנ דעמ אנטוויקלונג-טעמפ פונ אונדזער אינדוסטריע, וואָס איר וווקס שאפט א פארשטארקטנ וווקס פונ דער באדערפעניש אינ ברויט, וועלכער יאָגט דערווײַל אריבער דעמ וווקס פונ דער פראָדוקציע פונ סכוירעדיקנ ברויט? ניינ, מע דארפ ניט. אינ קיינ פאל ניט! פארלאנגזאמערנ דעמ אנטוויקלונג־טעמפ פונ דער אינדוסטריע באטײַט אָפשוואכנ דעמ ארבעטער־קלאס, ווײַל יעדער טראָט פאָרויס אינ דער אנטוויקלונג פונ דער אינדוס־טריע, יעדע נײַע פאבריק, יעדער נײַער זאוואָד שטעלנ פאָר, לויט לעניִנס אויסדרוק, „א נײַע פעסטונג” פונעמ ארבעטער־קלאס, וואָס פארשטארקט זײַנע פאָזיציעס אינעמ קאמפ קעגנ דער קליינבירגערלעכער סטיכיע, אינעמ קאמפ קעגנ די קאפיטאליסטישע עלעמענטנ פונ אונדזער ווירטשאפט. פאר־קערט, מיר דארפנ אײַנהיטנ דעמ איצטיקנ אנטוויקלונג־טעמפ פונ דער אינ־

דוסטריע, מיר דארפן בא דער ערשטער מעגלעכקייט אנטוויקלען אים ווייטער, קעדיי צו פארווארפן דאָס דאָרף מיט סכוירעס און ארויסנעמען פון דאָרף וואָס מער ברויט, קעדיי צו באזאָרגן די לאנדווירטשאפט און, פריער פאר אלץ, די קאָלווירטן און ראטווירטן מיט מאשינעס, קעדיי צו אינדוסטריאליזירן די לאנדווירטשאפט און אופהייבן די סכוירעדיקייט פון איר פּראָדוקציע.

עפשער וואָלט מען געדארפט צוליב מער „פּאָרזיכטיקייט" פארהאלטן די אנטוויקלונג פון דער שווערער אינדוסטריע, קעדיי צו מאכן די לייכטע אינדוסטריע, וואָס ארבעט, דעריקער, צוליבן פויערשן מארק, פאר דער באזע פון אונדזער אינדוסטריע? אין קיין פאל ניט! דאָס וואָלט געהייסן באגיין זעלבסטמאָרד, אונטערייסן אונדזער גאנצע אינדוסטריע, דערונטער אויך די לייכטע אינדוסטריע. דאָס וואָלט געהייסן אָפּגיין פונעם לאָזונג פון אינדוסטריאליזירן אונדזער לאנד, דאָס וואָלט געהייסן פארוואנדלען אונדזער לאנד אין א צוגאָב צו דער קאפּיטאליסטישער ווירטשאפט־סיסטעם. מיר גייען דאָ ארויס פון לענינס באוווסטע אָנפירנדיקע האנאָכעס, וואָס ער האָט געגעבן אפן IV קאָנגרעס פונעם קאָמינטערן און וואָס זיינען אומבאדינגט אָבליגאטעריש פאר דער גאנצער פארטיי אונדזערער. אָט וואָס לענין האָט געזאָגט וועגן דעם אפן IV קאָנגרעס פונעם קאָמינטערן:

„א רעטונג פאר רוסלאנד איז ניט בלויז א גוטע גערעטעניש אין דער פויערשער ווירטשאפט, — דאָס איז נאָך ווייניק, — און ניט בלויז א גוטער צושטאנד פון דער לייכטער אינדוסטריע, וואָס שטעלט צו דעם פויערטום געברויך־זאכן, — דאָס איז נאָך אויך ווייניק, — אונדז איז נייטיק אויך א שווערע אינדוסטריע".

אָדער נאָך:

„מיר שפּאָרן אפּ אלץ, אפילע אפּ שולן. דאָס מוז זיין דערפאר, וואָס מיר ווייסן, אז אויב מיר זאָלן ניט ראטעווען די שווערע אינדוסטריע, ניט אופשטעלן זי, וועלן מיר ניט קאָנען אויסבויען קיין שום אינדוסטריע, און אָן איר וועלן מיר ביכלאל אומקומען, אלס א זעלבשטענדיק לאנד" (ז. ב. XXVII, ז. 349).

די דאָזיקע אָנווייזונגען לענינס טאָר מען ניט פארגעסן.

ווי וועט האלטן זיך דער בונד פון די ארבעטער און פויערים אין צוזאמענהאנג מיט די אָנגעמערקטע מאָסמיטלען? איך מיין, אז די דאָזיקע מאָסמיטלען קאָנען נאָר פארלייכטערן די פארפעסטיקונג פונעם בונד צווישן די ארבעטער און פויערים. אינדערעמעסן, אויב די קאָלווירטן און ראטווירטן וועלן זיך אנטוויקלען מיט א פארשנעלערטן טעמפּ; אויב אין רעזולטאט פון דער דירעקטער הילף פאר די קליינ־ און מיטלפויערים וועט די געראָטנקייט פון זייערע ווירטשאפטן זיך הייבן און די קאָאָפּעראציע וועט ארומכאפּן אלץ ברייטערע מאסן פונעם פויערטום; אויב די מעלוכע

וועט באקומענ נײַע הונדערטער מיליאָנענ פוד סכוירעדיק ברויט, וועלכע זײַנענ נייטיק צומ מאנעווורירנ; אויב אינ רעזולטאט פונ די דאָזיקע אונ ענלעכע צו זיי מאָסמיטלענ וועט מענ אָנהייבנ דאָס באלעגופנטומ אײַנצוימענ אונ ביסלעכווײַז בײַקומענ, — איז דענ ניט קלאָר, אז די ווידערשפרוכנ צווישנ דעמ ארבעטער־קלאָס אונ דעמ פויערטומ אינעווייניק אינעמ בונד פונ די ארבעטער אונ פויערימ וועלנ דערבײַ אלצ מער אונ מער זיכ פארגלעטנ, די באדערפעניש אינ אויסערארדנטלעכע מאָסמיטלענ באמ פארגרייטנ ברויט וועט אָפּפאלנ, די ברייטע מאסנ פונעמ פויערטומ וועלנ זיכ אלצ מער אויסקערעווענ אינ דער זײַט פונ קאָלעקטיווע ווירטשאפט־פאָרמענ, אונ דער קאמפ פאר בײַקומענ די קאפיטאליסטישע עלעמענטנ אינ דאָרפ וועט אָננעמענ אלצ א מער מאסעווונ אונ אָרגאניזירטנ כאראקטער. איז דענ ניט קלאָר, אז דער בונד פונ די ארבעטער אונ פויערימ קאָנ בלויז אויסשפילנ פונ אזעלכע מאָסמיטלענ?

מע דארפ נאָכ האָבנ אינזינענ, אז דער בונד פונ די ארבעטער אונ פויערימ אינ די באדינגונגענ פונ דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט איז ניט קיינ פּאָשעטער בונד. דאָס איז א באזונדער פאָרמ פונ א קלאסנ־בונד פונעמ ארבעטער־קלאס מיט די ארבעטנדיקע מאסנ פויערטומ, וואָס שטעלט זיכ פאר א ציל: א) פארשטארקנ די פאָזיציעס פונעמ ארבעטער־קלאס, ב) זיכערנ די אָנפירנדיקע ראָליע פונעמ ארבעטער־קלאס אינעווייניק אינ דעמ דאָזיקנ בונד, ג) פארניכטנ די קלאסנ אונ די קלאסנ־געזעלשאפט. יעטווידער אנדער פארשטיינ דעמ בונד פונ די ארבעטער אונ פויערימ איז אָפּאָרטוניזמ, מענשעוויזמ, עסעריזמ, — אלצ, וואָס איר ווילט, נאָר ניט מארקסיזמ, נאָר ניט לעניניזמ.

ווי זאָל מענ צונויפּפּאָרנ די אידיי פונעמ בונד צווישנ די ארבעטער אונ פויערימ מיט לענינס באוווסטנ טעזיס וועגנ דעמ, אז דאָס פויערטומ איז דער „לעצטער קאפיטאליסטישער קלאס"? צי איז דאָ ניטאָ קיינ ווידערשפרוכ? דער ווידערשפרוכ איז דאָ בלויז א קלומערשטיקער, א שײַנבארער. אינדערעמעסנ איז דאָ ניטאָ קיינ שומ ווידערשפרוכ. אינ דעמ זעלבנ פאָרטראָג אפנ III קאָנגרעס פונ קאָמינטערנ, ווו לענינ כאראקטעריזירט דאָס פויערטומ אלס „לעצטנ קאפיטאליסטישנ קלאס", אינ דעמ זעלבנ פאָרטראָג באגרינדעט לענינ נאָכאמאָל אונ נאָכאמאָל די נויטווענדיקײַט פונעמ בונד צווישנ די ארבעטער אונ פויערימ, דערקלערנדיק, אז דער „העכסטער פרינציפ פונ דיקטאטור איז — אונטערשטיצנ דעמ בונד פונעמ פראָלעטאריאט מיטנ פויערטומ, קעדיי ער זאָל קאָנענ אײַנהאלטנ די אָנפירנדיקע ראָליע אונ די מעלוכע־מאכט". ס'איז קלאָר, אז לענינ זעט דאָ אלנפאלס ניט אײַנ קיינ שומ ווידערשפרוכ.

וויאזוי דארפ מענ פארשטיינ לױטנס טעזיס וועגנ דעמ, אז דאָס פויערטומ איז דער „לעצטער קאפּיטאליסטישער קלאס“? צי באטײַט דאָס ניט, אז דאָס פויערטומ באשטייט פונ קאפּיטאליסטנ? ניינ, עס באטײַט ניט. דאָס באטײַט, ערשטנס, אז דאָס פויערטומ איז א באזונדער קלאס, וואָס בויט די ווירטשאפט אפנ גרונט פונ פּריוואט-אייגנטומ אפ די פּראָדוציר-געצײַג אונ פּראָדוציר־מיטלענ אונ אונטערשיידט זיכ, דעריבער, פונעמ קלאס פּראָלעטאריער, וואָס בויט די ווירטשאפט אפנ יעסאָד פונ קאָלעקטיוונ אייגנטומ אפ די פּראָדוציר־מיטלענ. דאָס באטײַט, צווייטנס, אז דאָס פויערטומ איז אזא קלאס, וואָס טיילט אויס פונ זײַנ סוויווע, געבוירט אונ נערט קאפּיטאליסטנ, באלעגופימ אונ ביכלאל פארשיידענע מינימ עקספּלואטאטערס.

עפשער איז דער דאָזיקער אומשטאנד אנ אומבאזיגלעכע שטערונג פארנ אָרגאניזירנ דעמ בונד פונ די ארבעטער אונ פויערימ? ניינ, ער איז דאָס ניט. דער בונד פונעמ פּראָלעטאריאט מיטנ פויערטומ אינ די באדינגונגענ פונ דער דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט איז ניט קיינ בונד מיטנ גאנצנ פויערטומ. דער בונד פונעמ פּראָלעטאריאט מיטנ פויערטומ איז א בונד פונעמ ארבעטער־קלאס מיט די ארבעטנדיקע מאסנ פונעמ פויערטומ. אזא בונד קאָנ ניט פארווירקלעכט ווערנ אָנ קאמפ קעגנ די קאפּיטאליסטישע עלעמענטנ פונעמ פויערטומ, אָנ קאמפ קעגנ דעמ באלעגופנטומ. אזא בונד קאָנ ניט זײַנ קיינ פעסטער אָנ דער אָרגאניזירונג פונ דער אָרעמשאפט, אלס אָנשפּאר פונעמ ארבעטער־קלאס אינ דאָרפ. דעריבער קאָנ דער בונד פונ די ארבעטער אונ פויערימ פארווירקלעכט ווערנ אינ די איצטיקע באדינגונגענ פונ דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט בלויז אונטער לױטנס באוווּסטנ לאָזונג: שפּאר זיכ אָנ אפ דער אָרעמשאפט, אָרגאניזיר א פעסטנ בונד מיטנ מיטלפויער, הער אפ קיינ מינוט ניט אופ דעמ קאמפ קעגנ דעמ באלעגופנטומ. וואָרעמ בלויז באמ דורכפירנ דעמ דאָזיקנ לאָזונג קאָנ פארווירקלעכט ווערנ דאָס ארײַנציִענ די גרונט-מאסנ פונעמ פויערטומ אינ שטראָמ פונ דער סאָציאליסטישער בויונג.

איר זעט, אזויארומ, אז דער ווידערשפּרוכ צווישנ די צוויי פאָרמולעס לױטנס איז בלויז א קלומערשטיקער, א שײַנבארער ווידערשפּרוכ. אינדערעמעסנ איז צווישנ זיי ניטאָ קיינ שומ ווידערשפּרוכ.

# לענינ אונ די פראגע וועגנ בונד מיטנ מיטלפויער[1]

אנ ענטפער דעמ כ׳ ס.

כאווער ס.!

*עס איז ניט ריכטיק*, אז לענינס לאָזונג: „קענענ דערגרייכנ אנ אויסגלײַכ מיטנ מיטלפויערטומ, אפ קיינ איינ מינוט ניט אָפּזאָגנדיק זיכ פונעמ קאמפ קעגנ דעמ באלעגופ אונ פעסט שטיצנדיק זיכ בלויז אפ דער אָרעמשאפט", וועלכער איז געגעבנ אינ זײַנ באוווסטנ ארטיקל וועגנ פּיטירימ סאָראָקינ, — איז קלוימערשט א לאָזונג „פונעמ פעריאָד פונ די אָרעמפויערימ־קאָמיטעטנ" („קאָמבעדנ"), א לאָזונג „פונעמ סאָפ פעריאָד פונ דער אזויגערופענער נייטראליזירונג פונעמ מיטלפויערטומ". *דאָס איז אבסאָליוט ניט ריכטיק*. די אָרעמפויערימ-קאָמיטעטנ זײַנענ געגרינדעט געוואָרנ אינ יונ 1918 יאָר. צומ סאָפ אָקטיאבער 1918 יאָר האָבנ מיר שוינ געהאט אנ איבערוואָג פונ אונדזערע קרעפטנ אינ דאָרפ קעגנ באלעגופנטומ אונ א *קער* פונעמ מיטלפויער צו דער זײַט פונ דער ראטנ־מאכט. אפ דער באזע פונעמ דאָזיקנ קער איז עס אנטשטאנענ דער באשלוס פונעמ צק וועגנ פארניכטנ די צוויימאכט צווישנ די ראטנ אונ די אָרעמפויערימ-קאָמיטעטנ, וועגנ איבערוויילנ די וואָלאָסטישע אונ דאָרפישע ראטנ, וועגנ אופלייזנ די אָרעמפויערימ-קאָמיטעטנ אינ די נײַ-אויסגעוויילטע ראטנ אונ, דאָס הייסט, וועגנ ליקווידירנ די אָרעמפויערימ-קאָמיטעטנ. די סאָוועטישע אויספורעמונג פונ דעמ דאָזיקנ באשלוס איז אָנגענומענ געוואָרנ, ווי באוווסט, דעמ 9-טנ נאָיאבער 1918 יאָר אפנ VI ראטנ־צוזאמענפאָר. איכ מיינ די באשטימונג פונ דעמ VI ראטנצוזאמענפאָר דעמ 9-טנ נאָיאבער 1918 יאָר וועגנ די איבערוואלנ פונ די דאָרפישע אונ וואָלאָסטישע ראטנ אונ וועגנ אופלייזנ די אָרעמפויערימ־קאָמיטעטנ אינ די ראטנ. אונ ווענ איז דערשינענ לענינס ארטיקל „פּיטירימ סאָראָקינס ווערטפולע אנערקענונגענ", וווּ אָנשטאָט דעמ לאָזונג וועגנ נייטראליזירנ דעמ מיטלפויער פּראָקלאמירט ער דעמ לאָזונג וועגנ אנ אויסגלײַכ מיטנ מיטלפויער? ער איז דערשינענ דעמ 21-טנ נאָיאבער 1918 יאָר, ד.ה. קימאט אינ צוויי

1 עס דרוקט זיכ מיט אייניקע פארקירצונגענ. י. סט.

וואָכן ארום נאָך דער דאָזיקער באַשטימונג פונעם VI ראַטנצוזאַמענפאָר. אין דעם דאָזיקן אַרטיקל זאָגט לענין אָפן, אז די פּאָליטיק פון אַן אויסגלײַך מיטן מיטלפויער ווערט דיקטירט דורכן קער פונעם מיטלפויער צו אונדזער זײַט. אָט זײַנען לענינס ווערטער:

„אין דאָרף איז אונדזער אויפגאַבע — פאַרניכטן דעם גוטבאַזיצער, צעברעכן דעם ווידערשטאַנד פונעם עקספּלואַטאַטער און פונעם ספּעקוליאַנט דעם באַלעגוף; שטיצן זיך צוליב דעם קאָנען מיר פעסט בלויז אויף די האַלב־פּראָלעטאַריער, אויף דער „אָרעמשאַפט”. אָבער דער מיטלפויער איז אונדז ניט קיין סוינע. ער האָט זיך געוואַקלט, ער וואַקלט זיך און וועט זיך וואַקלען: די אויפגאַבע אויפצווירקן אויף די וואַקלענדיקע איז ניט די זעלבע וואָס די אויפגאַבע אַראָפּצוּוואַרפן דעם עקספּלואַטאַטער און אָפּהאַלטן אַ ניצחון איבערן אַקטיוון סוינע. קאָנען דערגרייכן אַן אויסגלײַך מיטן מיטלפויער — אויף קיין איין מינוט ניט אָפּזאָגנדיק זיך פונעם קאַמף קעגן דעם באַלעגוף און פעסט שטיצנדיק זיך בלויז אויף דער אָרעמשאַפט — דאָס איז די אויפגאַבע פונעם מאָמענט, ווײַל גראָד איצט איז דער קער איינעם מיטלפויערטום צו אונדזער זײַט אומפאַרמײַדלעך[1] מאַכמעס די אויבן דערמאָנטע סיבעס (ב. XXIII, ז. 294).

## וואָס זשע דרינגט דערפון אַרויס?

דערפון דרינגט אַרויס, אַז לענינס לאָזונג באַציט זיך ניט צום אַלטן פּעריאָד, ניט צום פּעריאָד פון די אָרעמפויערים-קאָמיטעטן און פון נייטראַליזירן דעם מיטלפויער, נאָר צום נײַעם פּעריאָד, צום פּעריאָד פון אַן אויסגלײַך מיטן מיטלפויער. ער שפּיגלט אָפּ, אַזוי־אַרום, ניט דעם סאָף פונעם אַלטן פּעריאָד, נאָר דעם אָנהייב פונעם נײַעם פּעריאָד.

אָבער אײַער באַהויפּטונג וועגן לענינס לאָזונג איז ניט ריכטיק ניט בלויז פאָרמעל, ניט בלויז, אַזוי צו זאָגן, אין כראָנאָלאָגישער הינזיכט, — זי איז ניט ריכטיק אויך אין טאָך. ס'איז באַוווּסט, אַז לענינס לאָזונג וועגן אַן אויסגלײַך מיטן מיטלפויער, אַלס אַ נײַער לאָזונג, האָט באַקומען אַן אַלגעמיין־פּאַרטייִשע פּראָקלאַמירונג אויפן VIII צוזאַמענפאָר פון אונדזער פּאַרטיי (מאַרט 1919 יאָר). ס'איז באַוווּסט, אַז דער VIII צוזאַמענפאָר פון דער פּאַרטיי איז גראָד יענער צוזאַמענפאָר, וועלכער האָט באַגרינדעט די יסוֹידעס פון אונדזער פּאָליטיק פון אַ פעסטן בונד מיטן מיטלפויער. ס'איז באַוווּסט, אַז אונדזער פּראָגראַם, די פּראָגראַם פון אַלקפּ, איז אויך אָנגענומען געוואָרן אויפן VIII פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר. ס'איז באַוווּסט, אַז אין דער דאָזיקער פּראָגראַם זײַנען פאַראַן ספּעציעלע פּונקטן וועגן דער באַציִונג פון דער פּאַרטיי צו פאַרשיידענע גרופּירונגען אין דאָרף: צו דער אָרעמשאַפט, צו די מיטלפויערים, צום באַלעגופנטום. וואָס איז געזאָגט גע־

1 מײַן קורסיוו. י. סט.

**וואָרן אין די דאָזיקע פונקטן פון דער פּראָגראַם פון אַלקפּ וועגן די סאָ-ציִאַלע גרופּירונגען אין דאָרף און וועגן דער באַציִונג פון דער פּאַרטיי צו זיי? הערט:**

„אין איר גאַנצער אַרבעט אין דאָרף שטיצט זיך די רקפּ ווי פריִער אויף זײַנע פּראָלעטאַרישע און האַלב־פּראָלעטאַרישע שיכטן, זי אָרגאַניזירט, פריִער פאַר אַלץ, זיי אין אַ זעלבשטענדיקער קראַפט, שאַפנדיק פּאַרטיי־קעמערלעך אין דאָרף, אָרגאַניזאַ־ציעס פון דער אָרעמשאַפט, אַ באַזונדערן טיפּ פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגנען פון די פּראָלעטאַריער און האַלב־פּראָלעטאַריער פון דאָרף אאַוו. דערנענטערנדיק זיי אַלמעגלעך מיטן שטאָטישן פּראָלעטאַריאַט און אַרויסרײַסנדיק זיי פון אונטער דער ווירקונג פון דער דאָרפישער בור־זשואַזיע און פון די קליין־אייגנטימערישע אינטערעסן.

בנוגע דעם באַלעגופנטום, דער דאָרפישער בורזשואַזיע, באַשטייט די פּאָליטיק פון דער רקפּ אין אַן אַנטשיידענעם קאַמף קעגן זייערע עקספּלואַטאַטאָרישע פּרוּוון, אין דערשטיקן זייער ווידערשטאַנד קעגן דער סאָוועטישער פּאָליטיק.

בנוגע דעם מיטלפּויערטום באַשטייט די פּאָליטיק פון דער רקפּ אין שטופנווײַזן און פּלאַנמעסיקן אַרײַנציִען עס אין דער אַרבעט פון דער סאָציִאַליסטישער בויונג. די פּאַרטיי שטעלט פאַר זיך די אויפגאַבע אָפּצוטיילן דאָס מיטלפּויערטום פון די באַלעגופים, צוציִען עס אויף דער זײַט פונעם אַרבעטער־קלאַס דורך אַן אויפמערקזאַמער באַציִונג צו זײַנע נויטן, קעמפנדיק קעגן זײַן אָפּגעשטאַנענקייט מיט מיטלען פון אידייִשער אויפווירקונג, אָבער בשום־אופן ניט מיט מיטלען פון אונטערדריקונג, שטרעבנדיק אין אַלע פאַלן, וווּ ס׳זײַנען אָנגערירט זײַנע לעבנס־אינטערעסן, צו פּראַקטישע אויסגלײַכן מיט אים, גייענדיק אויף הנחות בעת באַשטימען די אויפנים פון דורכפירן די סאָציִאַליסטישע איבערגעשטאַלטונגען“[1] („VIII צוזאַ־מענפאָר פון רקפּ“, סטענאָגראַפישער באַריכט, ז. 396).

**אָט פּרוּווט אַקאָרשט געפינען כאָטש אַ קלענסטן, כאָטש אַ וואָרטלעכן אונטערשייד צווישן די דאָזיקע פונקטן פון דער פּראָגראַם מיט לענינס לאָ-זונג! איר וועט ניט געפינען דעם דאָזיקן אונטערשייד, ווײַל ער עקזיסטירט ניט אין דער נאַטור. נאָכמער. עס קאָן ניט זײַן קיין שום צווייפל, אַז לענינס לאָזונג ניט בלויז ער ווידערשפּרעכט ניט די באַשלוסן פונעם VIII צוזאַמענ-פאָר וועגן דעם מיטלפּויער, נאָר פאַרקערט, — ער איז די סאַמע פּינקטלעכע און סאַמע געלונגענע פאָרמולירונג פון די דאָזיקע באַשלוסן. און דאָס איז דאָך אַ פאַקט, אַז די פּראָגראַם פון דער אַלקפּ איז אָנגענומענע געוואָרן אין מאַרט 1919 יאָר אויפן VIII פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר, וואָס האָט ספּעציִעל באַהאַנדלט די פראַגע וועגן דעם מיטלפּויער, און לענינס אַרטיקל קעגן פּיטירים סאָראָקינען, דער אַרטיקל, וואָס האָט פּראָקלאַמירט דעם לאָזונג וועגן אויסגלײַך מיטן מיטל־פּויער, איז דערשינען אין דער פּרעסע אין נאָיאַבער 1918 יאָר, פיר כאָדאָשים פאַרן VIII פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר.**

---

1 אונטערשטרייכט פון מיר. י. סט.

איז דען ניט קלאָר, אז דער VIII פארטיי־צוזאמענפאָר האָט איינגאנצן און פולשטענדיק באשטעטיקט לענינס לאָזונג, וואָס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אין זיין ארטיקל קעגן פּיטירים סאָראָקינען, אלס לאָזונג, באַוועלכן די פארטיי איז מעכויעוו צו האלטן זיך אין איר ארבעט אין דאָרף אינעם גאנצן איצטיקן פּעריאָד פון דער סאָציאַליסטישער בויונג?

אין וואָס באשטייט די קווינטעסענץ פון לענינס לאָזונג?

די קווינטעסענץ פון לענינס לאָזונג באשטייט דערין, וואָס ער כאַפּט מערקווירדיק טרעפלעך אוף די דרייאייניקע אופגאבע פון דער פארטיי־ארבעט אין דאָרף, וועלכע איז אויסגעדריקט אין איין געפּרעסטער פאָרמולע: א) שטיץ זיך אף דער אָרעמשאפט, ב) שליס אָן אויסגלייך מיטן מיטלפויער, ג) הער ניט אוף אף קיין איין מינוט דעם קאמף קעגן דעם באַלעגופ. אָט פּרוווט אָקאָרשט נעמען פון דער דאָזיקער פאָרמולע איינעם פון אירע טיילן, אלס באזע פאר דער ארבעט אין דאָרף אינעם געגעבענעם מאָמענט, פארגעסנדיק וועגן אירע איבעריקע טיילן, — וועט איר אומבאדינגט פארקריכן אין א טעמפּן ווינקל. צי קאָן מען אין די באדינגונגען פון דער איצטיקער פאזע פון דער סאָציאַליסטישער בויונג שאפן א ווירקלעכן און פעסטן אויסגלייך מיטן מיטלפויער, ניט שטיצנדיק זיך אף דער אָרעמשאפט און ניט פירנדיק קיין קאמף קעגן דעם באלעגופ? מע קאָן ניט. צי קאָן מען אין די באדינגונגען פון דער איצטיקער אנטוויקלונג פירן א דערפאָלגרייכן קאמף קעגן דעם באלעגופ, ניט שטיצנדיק זיך אף דער אָרעמשאפט און ניט האָבנדיק קיין אויסגלייך מיטן מיטלפויער? מע קאָן ניט. וויאזוי קאָן מען אפן געלונגענסטן אופן אויסדריקן אין איין פאראלגעמיינערנדיקן לאָזונג די דאָזיקע דריי־אייניקע אופגאבע פון דער פארטיי־ארבעט אין דאָרף? איך מיין, אז לענינס לאָזונג איז דער געלונגענסטער אויסדרוק פון דער דאָזיקער אופגאבע. מע דארף אנערקענען, אז געלונגענער פון לענינען וועסטו ניט זאָגן...

פארוואָס איז נייטיק אונטערצושטרייכן די צוועקמעסיקייט פון לענינס לאָזונג גראָד איצט, דאפקע אין די געגעבענע באדינגונגען פון דער ארבעט אין דאָרף?

דערפאר, ווייל גראָד איצט באמערקט זיך א טענדענץ בא אייניקע כאַוויירים צו צערייסן אף טיילן די דריי־אייניקע אופגאבע פון דער פארטיי־ארבעט אין דאָרף און אָפּרייסן די דאָזיקע טיילן איינעם פונעם אנדערן. דאָס איז איינגאנצן באשטעטיקט געוואָרן דורך דער פּראקטיק פון אונדזער ברויטפארגרייטערישער קאמפּאניע אין יאנוואר—פעוורואל דאָס יאָר. אז מע דארף מיטן מיטלפויער איינשטעלן אן אויסגלייך — דאָס ווייסן אלע באָלשעוויקעס. אָבער וויאזוי איינצושטעלן דעם דאָזיקן אויסגלייך — דאָס פארשטייט ניט יעדערער־

אייניקע מיינען אײַנצושטעלן אַן אויסגלײַך מיטן מיטלפויער דורך אָפּזאָגן זיך פונעם קאַמף קעגן באַלעגופנטום אָדער דורך אָפּשוואַכן דעם דאָזיקן קאַמף: ווײַל דער קאַמף קעגן באַלעגופנטום קאָן נאָך, קלוימערשט, אָפּשרעקן אַ טייל פונעם מיטלפויערטום, זײַן פאַרמעגלעכן טייל. אַנדערע מיינען אײַנצושטעלן אַן אויסגלײַך מיטן מיטלפויער דורך אָפּזאָגן זיך פון דער אַרבעט צו אָרגאַניזירן די אָרעמשאַפט אָדער דורך אָפּשוואַכן די דאָזיקע אַרבעט: ווײַל די אָרגאַניזירונג פון דער אָרעמשאַפט פירט, קלוימערשט, צו דער אָפּזונדערונג פון דער אָרעמשאַפט, און די אָפּזונדערונג קאָן אָפּשרעקן פון אונדז די מיטלפויערים. אין רעזולטאַט פון די דאָזיקע אָפּנייגונגען פון דער ריכטיקער ליניע באַקומט זיך, אַז מע פאַרגעסט יענע מאַרקסיסטישע האַנאָכע, אַז דער מיטלפויער איז אַ קלאַס אַ וואַקלדיקער, אַז דעם אויסגלײַך מיטן מיטלפויער קאָן מען מאַכן פאַר אַ פעסטן בלויז באַם באַדינג פון אַנטשיידענעם קאַמף קעגן דעם באַלעגופנטום און באַם פאַרשטאַרקן די אַרבעט צווישן דער אָרעמשאַפט, אַז אָן די דאָזיקע באַדינגונגען קאָן דער מיטלפויער זיך אַ וואַקל טאָן צום באַלעגופנטום, ווי צו אַ קראַפט. דערמאָנט זיך לענינס ווערטער, וועלכע ער האָט געזאָגט אויפן VIII פאַרטייצוזאַמענפאָר:

„עס איז נייטיק צו באַשטימען די באַציִונג צו אַ קלאַס, וואָס האָט ניט קיין באַשטימטע שטאַנדהאַפטיקע לאַגע.[1] דער פראָלעטאַריאַט איז זײַן מאַסע איז פאַרן סאָציאַליזם, די בורזשואַזיע אין איר מאַסע איז קעגן סאָציאַליזם, — באַשטימען די באַציִונג צווישן די דאָזיקע צוויי קלאַסן איז לײַכט. אָבער ווען מיר גייען אַריבער צו אַזאַ שיכט ווי דאָס מיטלפויערטום, ווײַזט זיך אַרויס, אַז דאָס איז אַזאַ קלאַס, וועלכער וואַקלט זיך. ער איז טיילווײַז אַ פּריוואַט־אייגנטימער, טיילווײַז אַ האָרעפּאַשניק. ער עקספּלואַטירט ניט קיין אַנדערע פאָרשטייער פון די אַרבעטנדיקע. צענדליקער יאָרן איז אים אויסגעקומען מיט דער גרעסטער מי צו פאַרטיידיקן זײַן לאַגע, ער האָט געפילט אויף זיך די עקספּלואַטאַציע פון די פּריצים און קאַפּיטאַליסטן, ער האָט אַלץ איבערגעטראָגן, און אין דער זעלביקער צײַט איז ער — אַ פּריוואַט־אייגנטימער. אונדזער באַציִונג צו דעם דאָזיקן וואַקלענדיקן קלאַס שטעלט דעריבער פאָר גוואַלדיקע שוועריקייטן („VIII צוזאַמענפאָר פון רקפּ“, סטענאָגראַפישער באַריכט, ז. 346).

אָבער עס טרעפן אויך אַנדערע אָפּנייגונגען פון דער ריכטיקער ליניע, ניט ווייניקער געפערלעכע, ווי די אויבן דערמאָנטע. עס טרעפט, אַז מע פירט אַ קאַמף קעגן דעם באַלעגופנטום, אָבער מע פירט אים אַזוי אומגעלומפּערט און זינלאָז, אַז די קלעפּ טרעפן דעם מיטל־ און אָרעמפויער. אין רעזולטאַט דערפון בלײַבט דער באַלעגופּ אַ גאַנצינקער, דער בונד מיטן מיטלפויער באַקומט אַ שפּאַלט, און אַ טייל אָרעמשאַפט פאַלט

[1] מײַן קורסיוו. י. סט.

ארײַנ צײַטװײַליק אינ די לאפּעס פונעמ באלעגופ, װאָס פירט אנ אונטערגראָבערישנ קאמפּ קעגנ דער סאָװעטישער פּאָליטיק. עס טרעפנ אױכ אזױנע פאלנ, װענ דעמ קאמפּ קעגנ דעמ באלעגופנטומ פרוװט מענ זיכ פארװאנדלענ אינ אנטבאלעגופּעװענ, אונ די ברױט־פארגרײטערישע ארבעט—אינ „פּראָדראזװיאָרסטקע״, פארגעכנדיק, אז דאָס אנטבאלעגופעװענ בא אונדזערע באדינגונגענ איז א נארישקײַט, אונ די „פּראָדראזװיאָרסטקע״ באטײַט ניט קײנ בונד, נאָר א קאמפּ קעגנ דעמ מיטלפּױער.

פונװאנענ נעמענ זיכ די דאָזיקע אָפּנײגונגענ פונ דער פּארטײ־ליניע?

פונעמ ניט פארשטײנ, אז די דרײַפאכע אופגאבע פונ דער פּארטײ־ארבעט אינ דאָרפ איז אנ אײנהײַטלעכע אונ אומצעטײלבארע אופגאבע. פונעמ ניט פארשטײנ, אז מע קאָנ ניט אָפּרײַסנ די אופגאבע פונ קאמפּ קעגנ דעמ באלעגופנטומ פונ דער אופגאבע צו שליסנ אנ אױסגלײַכ מיטנ מיטלפּױער, אונ די דאָזיקע בײדע אופגאבנ — פונ דער אופגאבע צו פארװאנדלענ די אָרעמשאפט אינ אנ אָנשפּאר פאר דער פּארטײ אינ דאָרפ. [1]

1 פונ דעמ דרינגט ארױס, אז די אָפּנײגונגענ פונ דער ריכטיקער ליניע שאפנ א צװײיענדיקע געפאר פארנ בונד פונ די ארבעטער אונ פּױערימ: א געפאר מיצאד יענע, װעלכע מײנענ צו פארװאנדלענ, לאָמיר זאָגנ, די צײַטװײַליקע אױסעראָרדנטלעכע מיטלענ אינ דער ברױט־פארגרײטונג אינ א שטענדיקנ אָדער דױערנדיקנ קורס פונ דער פּארטײ, אונ א געפאר מיצאד יענע, װעלכע מײנענ אױסצונוצנ דאָס אָפּשאפנ די אױסעראָרדנטלעכע מיטלענ אפּ צעבינדנ דעמ באלעגופ, אפּ צו דערקלערנ פולשטענדיקע פרײַהײַט פונ האנדל, אָנ דער רעגולירונג פונ די מעלוכישע האנדל־אָרגאנענ. קעדײ צו באװאָרענענ די ריכטיקע ליניע, איז דעריבער נײטיק א קאמפּ אפּ צװײ פראָנטנ.

איכ באנוצ זיכ מיט דער געלעגנהײַט צו פארצײכענענ, אז אונדזער פּרעסע היט ניט שטענדיק אָפּ דעמ דאָזיקנ קלאל, ארױסװײַזנדיק צומאָל געװיסע אײנזײַטיקײַט. עס טרעפט, צומבײַשפּיל, אז מע דעמאסקירט יענע, װעלכע װילנ פארװאנדלענ די אױסעראָרדנטלעכע מיטלענ אינ דער ברױט־פארגרײטונג, װעלכע האָבנ א צײַטװײַליקנ כאראקטער, אינ א שטענדיקנ קורס פונ אונדזער פּאָליטיק, שאפנדיק א געפאר פארנ צוזאמענשלוס. דאָס איז זײער גוט. אָבער ניט גוט אונ ניט ריכטיק איז, װענ גלײַכצײַטיק מיט דעמ שענקט מענ ניט גענוג אופמערקזאמקײַט אונ מע דעמאסקירט ניט װי געהעריק יענע, װעלכע דראָענ דעמ צוזאמענשלוס פונ דער אנדערער זײַט, מע דעמאסקירט ניט יענע, װעלכע פאלנ ארונטער אונטער דער קלײנבירגערלעכער סטיכיע, װעלכע פאָדערנ מע זאָל אָפּשװאכנ דעמ קאמפּ קעגנ די קאפּיטאליסטישע עלעמענטנ פונ דאָרפ אונ אײַנשטעלנ פולע פרײַהײַט פונ האנדל, אָנ דער רעגולירנדיקער ראָליע פונ דער מעלוכע, אונטעררײַסנדיק, אזױארומ, דעמ צוזאמענשלוס פונעמ אנדערנ עק. דאָס איז שױנ ניט גוט. דאָס איז אײנזײַטיקײַט.

ס'טרעפט אױכ, אז מע דעמאסקירט יענע, װעלכע לײקענענ אָפּ, לאָמיר זאָגנ, די מעגלעכקײַט אונ צװעקמעסיקײַט אופצוהײבנ די אינדיװידועלע קלײנע אונ מיטלע פּױערשע װירטשאפטנ, װעלכע זײַנענ אפּ דער געגעבענער סטאדיע די באזע פונ דער לאנדװירטשאפט. דאָס איז זײער גוט. אָבער ניט גוט אונ ניט ריכטיק איז, װענ גלײַכצײַטיק דערמיט דעמאסקירט מענ

וואָס דארף מען טאָן, כּדי די דאָזיקע אופגאבן זאָלן זיך ניט אָפּ־רײַסן איינע פון דער אנדערער אינעם גאנג פון אונדזער ליופנדיקער אר־בעט אין דאָרף?

דערצו דארף מען, ווייניקסטנס, געבן אזא אָנפירנדיקן לאָזונג, וועלכער זאָל פאראייניקן די דאָזיקע אלע אופגאבן אין איין אלגעמיינער פאָרמולע, וועלכער זאָל, הייסט עס, ניט דערלאָזן, אז די דאָזיקע אופגאבן זאָלן אָפּגעריסן ווערן איינע פון דער אנדערער.

צי איז פאראן בא אונדז אינעם פארטייִשן ארסענאל אזא פאָרמולע, אזא לאָזונג?

יאָ, פאראן. אזא פאָרמולע איז לעניִנס לאָזונג: „קענען דערגרייכן אן אויסגלײַך מיטן מיטלפויער, אפּ קיין איין מינוט ניט אָפּזאָגנדיק זיך פונעם קאמף קעגן דעם באַלעגופּ און פעסט שטיצנדיק זיך בלויז אפּ דער אָרעמ־שאפט".

אָט פארוואָס איך מיין, אז דער דאָזיקער לאָזונג איז דער סאמע צוועקמעסיקער און אלץ ארומכאפנדיקער לאָזונג, אז אים דארף מען ארויס־רוקן אפּן ערשטן פלאן גראָד איצט, גראָד אין די געגעבענע באדינגונגען פון דער ארבעט אין דאָרף.

איר האלט לעניִנס לאָזונג פאר אן „אָפּאָזיציאָנעלן" לאָזונג און איר פרעגט אין אײַער בריוו: „וויִאזוי האָט געקאָנט געשען, אז... דער דאָזיקער אָפּאָזיציאָנעלער לאָזונג זאָל זיך דרוקן צום 1-טן מײַ 1928 יאָר אין „פראוודא"... מיט וואָס קאָן מען דערקלערן, וואָס דער דאָזיקער לאָזונג האָט זיך באוויזן אפּ די שפּאַלטן פון „פראוודא", פונעם אָרגאן פון צק אלקפּ, צי איז דאָס בלויז א טעכנישער טאָעס אָדער דאָס איז א קאָמפּראָמיס מיט דער אָפּאָזיציע אין דער פראגע וועגן דעם מיטלפויער?" ס'איז גרויזאם געזאָגט געוואָרן, — ניטאָ וואָס צו ריידן! און פונדעסטוועגן, פאָרזיכטיקער באם „פאר־קערעוועני", כ' ס.: עס זאָל אײַך צומאָל ניט אויסקומען בא אײַער היצי־קײַט קומען צו אן אויספיר וועגן פארווערן דרוקן אונדזער פּראָגראם,

ניט יענע, וועלכע דערגיידערנדיקן די באדײַטונג פון די קאָלווירטן און ראטווירטן און זעען ניט אײַן, אז די אופגאבע אופצוהייבן די אינדיווידועלע קליינע און מיטעלע פויערשע ווירט־שאפט דארף פראקטיש דערגאנצט ווערן מיט דער אופגאבע אופצוהייבן די קאָלווירטיש־ראטווירטישע בויונג. דאָס איז שוין איינזײַטיקײַט.

קעדיי צו זיכערן א ריכטיקע ליניע, דארף מען פירן א קאמף אפּ צוויי פראָנטן און אָפּוואַרפן יעטווידע איינזײַטיקײַט.

וועלכע באשטעטיקט פולשטענדיק לעגינס לאָזונג (א פאקט!), וועלכע איז אין גרונט אויסגעארבעט געוואָרן דורך לעגינען (בעשומויפן ניט קיין אָפּאָזיציאָנער!) און אָנגענומען געוואָרן דורכן VIII צוזאמענפאָר פון דער פארטיי (אויך ניט קיין אָפּאָזיציאָנעלער!). מער אכטונג צו באוווסטע פונקטן פון אונדזער פראָגראם וועגן די סאָציאַלע גרופירונגען אין דאָרף! מער אכטונג צו די באשלוסן פונעם VIII פארטיי־צוזאמענפאָר וועגן מיטל־פויערטום!.. וואָס אָנבאלאנגט אייער פראזע וועגן „א קאָמפּראָמיס מיט דער אָפּאָזיציע אין דער פראגע וועגן מיטלפויער", איז זי, די דאָזיקע פראזע, מיין איך, ניט ווערט, מע זאָל זי אָפּלייקענען: איר האָט זי ארויסגעזאָגט, ווייזט אויס, פון היציקייט.

אייך באומרויִקט, דאכט זיך, דער אומשטאנד, וואָס אין לעגינס לאָזונג און אין דער פראָגראם פון דער אלקפּ, וועלכע איז אָנגענומען געוואָרן אפן VIII צוזאמענפאָר, רעדט זיך וועגן אן אויסגלייך מיטן מיטלפויער, בייס אין זיין רעדע בא דער עפענונג פונעם VIII צוזאמענפאָר רעדט לעגין וועגן א פעסטן בונד מיטן מיטלפויער. איר זעט אין דעם, ווייזט אויס, עפעס א מין ווידערשפרוך. איר זייט, מעגלעך, גע־נייגט אפילע צו מיינען, אז די פּאָליטיק פון אן אויסגלייך מיטן מיטל־פויער איז עפעס א מין אָפּגאנג פון דער פּאָליטיק פון א בונד מיט אים. דאָס איז ניט ריכטיק, כ' ס. דאָס איז א גרויסער טעות. אזוי קאָנען דענ־קען בלויז מענטשן, וואָס קענען לייענען די אויטיעס פונעם לאָזונג, נאָר זיי קענען ניט ארייגדרינגען אינעם זין פונעם לאָזונג. אזוי קאָנען דענקען מענטשן, וועלכע ווייסן ניט די געשיכטע פונעם לאָזונג וועגן א בונד, וועגן אן אויסגלייך מיטן מיטלפויער. אזוי קאָנען דענקען בלויז מענטשן, וועלכע זיינען פייִק פאָרצושטעלן זיך, אז לעגין, וועלכער האָט דערקלערט אין זיין ארייגפיר־רעדע אפן VIII צוזאמענפאָר וועגן דער פּאָליטיק פון א „פעסטן בונד" מיטן מיטלפויער, איז אָפּגעגאנגען פון זיך אליין, וועג־ער האָט געזאָגט אין א צווייטער רעדע אפ דעם זעלבן צוזאמענפאָר און אין דער פראָגראם פון דער פארטיי, וועלכע איז אָנגענומען געוואָרן אפן VIII צוזאמענפאָר, אז מיר דארפן איצט א פּאָליטיק פון „אן אויס־גלייך" מיטן מיטלפויער.

וועגן וואָס זשע האנדלט זיך? עס האנדלט זיך וועגן דעם, אז לע־נין און די פארטיי אין געשטאלט פונעם VIII צוזאמענפאָר זעען ניט איין קיין שום אונטערשייד צווישן דעם באגריף „אויסגלייך" און דעם באגריף „בונד". עס האנדלט זיך וועגן דעם, אז אומעטום, אין אלע זיינע רעדעס אפן VIII צוזאמענפאָר פירט לעגין דורך א גלייך־צייכן צווישן דעם באגריף „בונד" און דעם באגריף „אויסגלייך". דאָס זעלבע

דארף מען זאָגן וועגן דער רעזאָליוציע פונעם VIII צוזאמענפאָר „וועגן דער באַציִונג צום מיטלפויערטום“, ווו צווישן דעם באגריף „אויס־גלייַך“ און דעם באגריף „בונד“ ווערט דורכגעפירט א גלייַך־צייכן. און אזויווי לעניִן און די פארטיי האלטן די פּאָליטיק פון אן אויסגלייַך מיטן מיטלפויער ניט פאר קיין צופעליקער און גיך איבערגייענדיקער, נאָר פאר א דויערנדיקער פּאָליטיק, האָבן זיי געהאט און זיי האָבן אַלע גרונטן די פּאָליטיק פון אן אויסגלייַך מיטן מיטלפויער אָנרופן פּאָ־ליטיק פון פעסטן בונד מיט אים, און, פארקערט, די פּאָליטיק פון פעסטן בונד מיטן מיטלפויער — פּאָליטיק פון אן אויסגלייַך מיט אים. עס איז גענוג זיך צו באקענען מיטן סטענאָגראפישן באריכט פונעם VIII צוזאמענפאָר פון דער פארטיי און מיט דער רעזאָליוציע פון דעם זעלבן צוזאמענפאָר וועגן דעם מיטלפויער, קעדיי צו איבערצייַגן זיך דערין.

אָט איז אן אויסצוג פון לעניִנס רעדע אפן VIII צוזאמענפאָר:

„איבער דער ניט־דערפארנקייַט פון די סאָוועטישע טוער, איבער דער שווערקייַט פון דער פראגע זייַנען די קלעפּ, וועלכע זייַנען געווען באשטימט פאר די באלעגופים, אפ שריט און טריט געפאלן אפן מיטלפויערטום. דאָ האָבן מיר געזינדיקט אויסערגעוויינלעך. די דער־פארונג, וואָס איז אָנגעזאמלט געוואָרן אין דער הינזיכט, וועט אונדז העלפן צו טאָן אלץ, קעדיי אויסצומייַדן דאָס אפ ווייַטער. אָט דאָס איז די אופגאבע, וועלכע שטייט פאר אונדז ניט טעאָרעטיש, נאָר פראקטיש. איר ווייסט אויסגעצייכנט, אז די דאָזיקע אופגאבע איז א שווערע. מיר האָבן ניט אזוינע גוטס, וואָס מיר זאָלן קאָנען געבן דעם מיטלפויער, און ער — איז א מאטעריאַליסט, א פראקטיקער און פאָדערט קאָנקרעטע מאטעריעלע גוטס, וואָס מיר קאָנען איצט ניט געבן און וואָס אָן זיי דארף זיך דאָס לאנד באגיין נאָך, עפּשער, כאדאָשים פון שווערן קאמף, וועלכער זאָגט איצט צו א פולקומען זיג. אָבער מיר קאָנען פיל אופטאָן אין אונדזער אדמיניסטראטיווער פראקטיק: פארבעסערן אונדזער אפאראט, פאריכטן די מאסע מיס־ברויכן. מיר קאָנען די ליניע פון אונדזער פארטיי, וועלכע איז ניט גענוג געגאנגען אפ א בלאָק, אפ א בונד, אפ אן אויסגלייַך[1] מיטן מיטלפויערטום, — די דאָזיקע ליניע קאָ־נען מיר און מיר דארפן אויסגלייַכן און אויספאריכטן“ („VIII צוזאמענפאָר פון דער רקפּ“, סטענאָגראפישער באריכט, ז. 24—25).

איר זעט, אז לעניִן מאכט ניט קיין אונטערשייד צווישן „אויסגלייַך“ און „בונד“.

און אָט זייַנען אויסצוגן פון דער רעזאָליוציע פונעם VIII צוזאמענ־פאָר „וועגן דער באַציִונג צום מיטלפויערטום“:

„צונויפמישן די מיטלפויערים מיטן באלעגופנטום, פארשפרייטן אפ זיי אין דער אָדער יענער מאָס די מאָסמיטלען, וועלכע זייַנען געווענדט קעגן דעם באלעגופנטום, בא־

1 מייַן קורסיוו. י. ס ט.

טיִיט — אויווער זײַנען אפן סאמע גראָבן אויפן ניט בלויז אף אַלע דעקרעטן פון דער ראַטנ־מאַכט און אף איר גאַנצער פּאָליטיק, נאָר אויך אף אַלע גרונט־פּרינציפּן פונעם קאָמוניזם, וועלכע ווײַזן אָן אף אן אויסגלײַך פונעם פּראָלעטאַריאַט מיטן מיטלפּויערטום אין פּע־ריאָד פון אַנטשיידענעם קאַמף פונעם פּראָלעטאַריאַט פאַר אַראָפּוואַרפן די בורזשואַזיע, ווי אף איינע פון די באַדינגונגען פאַר א קרענקלאָזן איבערגאַנג צום באַזײַטיקן יעטווידע עקספּלואַ־טאַציע.

מאַכמעס דער אָפּגעשטאַנענקײַט פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער טעכניק לעגאַבע דער אינדוסטריעלער אַפילע אין די פאָרגעשריטענע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, שוין אָפּגערעדט וועגן רוסלאַנד, וועט זיך דאָס מיטלפּויערטום, וואָס האָט פּאַרהעלטניסמעסיק פעסטע עקאָ־נאָמישע וואָרצלען, נאָך האַלטן א גאַנצע היפּשע צײַט נאָכן אָנהייב פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע. דעריבער דאַרף די טאַקטיק פון די סאָוועטישע טוער אין דאָרף, און אויך פון די פּאַרטיי־טוער, זײַן אויסגערעכנט אף א דויערנדיקן פּעריאָד פון מיטאַרבעט מיטן מיטלפּויערטום...

... א פולשטענדיק ריכטיקע פּאָליטיק פון דער ראַטנמאַכט אין דאָרף זיכערט, אַזוי אַרום, דעם בונד און אויסגלײַך פונעם זיגרײַכן פּראָלעטאַריאַט מיטן מיטלפּויערטום...

... די פּאָליטיק פון דער אַרבעטער־פּויערשער רעגירונג און פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי דאַרף געפירט ווערן אויך אף ווײַטער אין דעם דאָזיקן גײַסט פון אַן אויס־גלײַך צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט און אָרעמסטן פּויערטום מיטן מיטלפּויערטום"[1] (״VIII צו־זאַמענפאָר פון רקפּ״, סטענאָגראַפישער באַריכט, ז. 417—420).

ווי איר זעט, מאַכט אויך די רעזאָליוציע קיין אונטערשייד ניט צווישן „אויסגלײַך" און „בונד".

עס וועט ניט איבעריק זײַן צו באַמערקן, אז אין דער דאָזיקער רע־זאָליוציע פונעם VIII צוזאַמענפאָר איז ניטאָ קיין איין וואָרט וועגן א „פעסטן בונד" מיטן מיטלפּויער. צי באַטײַט עס אָבער, אז די רעזאָליוציע טרעט אָפּ דערמיט פון דער פּאָליטיק פון א „פעסטן בונד" מיטן מיטל־פּויער? ניין, עס באַטײַט ניט. עס באַטײַט נאָר דאָס, אז די רעזאָליוציע פירט דורך א גלײַך־צייכן צווישן דעם באַגריף „אויסגלײַך", „מיטאַרבעט", און דעם באַגריף „פעסטער בונד". און דאָס איז פאַרשטענדלעך: עס קאָן ניט זײַן קיין „בונד" מיטן מיטלפּויער, אויב עס זאָל ניט זײַן קיין „אויסגלײַך" מיט אים, א בונד מיטן מיטלפּויער ווידער קאָן ניט זײַן קיין „פעסטער", אויב ס'איז ניטאָ קיין „דויערנדיקער" אויסגלײַך און מיטאַר־בעט מיט אים.

אָט דאָס זײַנען די פאַקטן.

איינס פון דיביידע: אָדער לענין און דער VIII פּאַרטיי־צוזאַמענ־פאָר זײַנען אָפּגעגאַנגען פון דער לענינישער דערקלערונג וועגן א „פעסטן בונד" מיטן מיטלפּויער, אָדער מע דאַרף אָפּוואַרפן די דאָזיקע

---

1 דער קורסיוו אומעטום מײַנער. י. סט.

ניט־ערנסטע האשאָרע און אנערקענען, אז לענין און דער VIII פארטיי־צוזאַמענפאָר מאכן ניט קײַן שום אונטערשייד צווישן דעם באגריף „אויסגלײַך“ און דעם באגריף „פעסטער בונד“.

אלזאָ, ווער עס וויל ניט זײַן קײַן קאָרבן פון פוכטער אויסיִעס־פרעסערײַ, ווער עס וויל ארײַנדרינגען אינעם זין פון לענינס לאָזונג, וועלכער רעדט וועגן שטיצן זיך אף דער אָרעמשאפט, וועגן אן אויסגלײַך מיטן מיטלפויער און וועגן קאמף קעגן דעם באלעגופנטום, יענער קאָן ניט ניט פארשטיין, אז די פּאָליטיק פון אן אויסגלײַך מיטן מיטלפויער איז א פּאָליטיק פון א פעסטן בונד מיט אים.

אײַער פעלער באשטייט דערין, וואָס איר האָט ניט פארשטאנען דאָס שווינדלערישע שפּיצל פון דער אָפּאָזיציע און איר האָט זיך אונטערגעגעבן איר פּראָוואָקאציע, פארטרײַבנדיק זיך אַלײן אין דער פאסטקע, וואָס דער קעגנער האָט פאר אײַך אוועקגעשטעלט. די אָפּאָזיציאָנעלע זשוליקעס שרײַען און טומלען, פארזיכערנדיק, אז זיי זײַנען פאר לענינס לאָזונג וועגן אן אויסגלײַך מיטן מיטלפויער, דערבײַ מאכן זיי א פּראָוואָקאטאָרישע אָנצוהערעניש מיקויעך דעם, אז אן „אויסגלײַך“ מיטן מיטלפויער — איז איין זאך, און א „פעסטער בונד“ מיט אים — איז עפּעס אנדערש. דערמיט ווילן זיי הארגענען צוויי האָזן: ערשטנס, — באהאלטן זייער ווירקלעכע פּאָזיציע בנוגע דעם מיטלפויערטום, וועלכע באשטייט ניט אין אן אויסגלײַך מיטן מיטלפויער, נאָר אין א „צעשיידן זיך מיטן מיטלפויער“ (זע די באוווּסטע רעדע פונעם אָפּאָזיציאָנער סמירנאָוו, וואָס איך האָב ציטירט אף דער XVI מאָסקווער גובפּארטקאָנפערענץ); צווייטנס, — כאפּן אפן קלויימערשטיקן אונטערשייד צווישן „אויסגלײַך“ און „בונד“ טאמעוואטע לײַט פון צווישן די באָלשעוויקעס און פארפּלאָנטערן זיי ביזן סאָף, אָפּשטויסנדיק זיי פון לענינען.

און וואָס טוען אַלס ענטפער דערויף אײניקע כאוויירים אונדזערע? אָנשטאָט אראָפּצורײַסן די מאסקע פון די אָפּאָזיציאָנעלע אפעריסטן, אָנשטאָט צו דעמאסקירן זיי אין אָפּנארן די פּארטיי מיקויעך זייער עמעסער פּאָזיציע, — אָנשטאָט דעם לאָזן זיי זיך פאקן אף דער ווענטקע, קריכן זיי ארײַן אין דער פאסטקע ארײַן און לאָזן זיך אָפּשטויסן פון לענינען. די אָפּאָזיציע מאכט א טומל וועגן לענינס לאָזונג, די אָפּאָזיציאָנערן מאכן אן אָנשטעל, אז זיי זײַנען אָנהענגער פון לענינס לאָזונג — הייסט עס, אז איך דארף זיך אָפּגרענעצן פונעם דאָזיקן לאָזונג, קעדיי מע זאָל מיך ניט צונויפמישן מיט דער אָפּאָזיציע, אנדערש קאָן מען מיך נאָך באשולדיקן אין „א קאָמפּראָמיס מיט דער אָפּאָזיציע“, — אָט דאָס איז די לאָגיק פון די דאָזיקע כאוויירים!

אונ דאָס איז ניט דער איינציקער ביישפיל פונ די שווינדלערישע מעטאָדנ פונ דער אָפאָזיציע. נעמט, צומביישפיל, דעמ לאָזונג וועגנ זעלבסטקריטיק. באָלשעוויקעס קאָנענ ניט ניט וויסנ, אז דער לאָזונג וועגנ זעלבסטקריטיק איז דער יעסאָד פונ אונדזער פארטייִשער טעטיקייט, א מיטל צו פארפעסטיקנ די פראָלעטארישע דיקטאטור, די נעשאָמע פונעמ באָלשעוויסטישנ מעטאָד צו דערציִענ קאדרענ. די אָפאָזיציע מאכט אָנ א טומל, פארזיכערנדיק, אז דעמ לאָזונג וועגנ זעלבסטקריטיק האָט זי, די אָפאָזיציע, אויסגעטראכט, אז די פארטיי האָט איבערגעכאפט בא איר דעמ דאָזיקנ לאָזונג אונ האָט קאפיטולירט, אזויארומ, פאר דער אָפאָזיציע. האנדלענדיק אזוי, וויל די אָפאָזיציע זיך דערשלאָגנ, ווייניקסטנס, צוויי זאכנ: ערשטנס, — אויסבאהאלטנ פונעמ ארבעטער־קלאס אונ אָפנארנ אימ מיקויעכ דעמ, אז צווישנ דער אָפאָזיציאָנעלער זעלבסטקריטיק, וואָס האָט דעמ ציל צו צעשטערנ די פארטייִשקייט אונ דער באָלשעוויסטישער זעלבסטקריטיק, וואָס שטעלט פאר זיך דעמ ציל צו פארפעסטיקנ די פארטייִשקייט, ליגט אנ אָפגרונט; צווייטנס, — כאפנ אָפ דער ווענטקע עמעצנ פונ די טאמעוואטע לייט אונ צווינגענ זיי זיך אָפצוגרענעצנ פונעמ פארטייִשנ לאָזונג וועגנ זעלבסטקריטיק.

אונ וויאזוי רעאגירנ דערויפ אייניקע אונדזערע כאווײרימ? אָנשטאָט אראָפצורייסנ די מאסקעס פונ די אפעריסטנ פונ דער אָפאָזיציע אונ פארטיידיקנ דעמ לאָזונג וועגנ באָלשעוויסטישער זעלבסטקריטיק, — קריכנ זיי אינ דער פאסטקע אריינ, שטויסנ זיך אָפ פונעמ לאָזונג וועגנ זעלבסטקריטיק, טאנצנ אונטער דער אָפאָזיציעס פייפל אונ... קאפיטולירנ פאר איר, מיינענדיק אלפיטאָעס, אז זיי גרענעצנ זיך אָפ פונ דער אָפאָזיציע.

אזעלכע ביישפילנ וואָלט מענ געקאָנט ברענגענ א גאנצנ פאק.

אָבער מיר אינ אונדזער ארבעט קאָנענ ניט טאנצנ אונטער וועמעס־עס־איז פייפל. נאָכ מער קענענ מיר ניט פירנ אונדזער ארבעט לויט דעמ, וואָס עס זאָגנ וועגנ אונדז די אָפאָזיציאָנערנ. מיר דארפנ גיינ מיט אונדזער וועג, אָפשלײַדערנדיק אי די שווינדלערישע גענג פונ דער אָפאָזיציע אי די טאָעסנ פונ אייניקע אונדזערע באָלשעוויקעס, וועלכע גיבנ זיך אונטער דער פראָוואָקאציע פונ די אָפאָזיציאָנערנ. דערמאָנט זיך מארקס ווערטער: „גיי זיך מיט דיינ וועג, אונ זאָלנ לייט ריידנ, וואָס זיי ווילנ!“

12 יונ 1928 יאָר.

„פראוודא“, נומ. 152,

3 יול 1928 יאָר.

# וועגנ דער רעכטער געפאר אינ דער אלקפ(ב)

רעדע אפנ פלענומ פונ מק אונ מקק דעמ 19־טנ אָקטיאבער 1928 יאָר

איכ מיינ, כאוויירימ, אז מע דארפ פריִער פאר אלצ זיכ אבסטראהירנ פונ די קלייניקייטנ, פונ די פערזענלעכע מאָמענטנ אאוו., קעדיי צו לייזנ די פראגע, וואָס אינטערעסירט אונדז, די פראגע וועגנ דעמ רעכטנ אָפנייג. צי איז פאראנ בא אונדז אינ דער פארטיי א רעכטע, אָפּאָרטוניסטישע געפאר; צי עקזיסטירנ אָביעקטיווע באדינגונגענ, וואָס זײַנענ גינסטיק פאר אזא געפאר; וויִאזוי דארפ מענ קעמפנ קעגנ דער דאָזיקער געפאר, — אָט וועלכע פראגנ עס שטייענ איצט פאר אונדז. מיר וועלנ אָבער ניט לייזנ די דאָזיקע פראגע, אויב מיר וועלנ זי ניט אָפּרייניקנ פונ אלע יענע קלייניקייטנ אונ זײַטיקע עלעמענטנ, וועלכע האָבנ זי ארומגעקלעפט אונ וועלכע שטערנ אונדז צו פארשטיינ דעמ טאָכ פונ דער פראגע.

ניט גערעכט איז דער כ׳ זאפּאָלסקי, ווענ ער מיינט, אז די פראגע וועגנ דעמ רעכטנ אָפנייג איז א צופעליקע פראגע. ער באהויפּט, אז די גאנצע זאכ איז דאָ ניט אינעמ רעכטנ אָפנייג, נאָר אינ א רײַסערײַ, אינ פערזענלעכע אינטריגעס אאוו. לאָמיר דערלאָזנ אפ א מינוט, אז רײַסערײַ אונ פערזענלעכע אינטריגעס שפּילנ דאָ א געוויסע ראָליע, ווי אינ יעדנ קאמפ. אָבער דערקלערנ אלצ מיט רײַכערײַ אונ הינטער דער רײַסערײַ ניט זענ דעמ טאָכ פונ דער פראגע, — הייסט ארעפּגיינ פונעמ ריכטיקנ, פונעמ מארקסיסטישנ וועג. ס׳קאָנ ניט זײַנ, אז אזא גרויסע, אלטע, באהעפטע אָרגאניזאציע, וואָס אזא איז אָנ סאָפעק די מאָסקווער אָרגאניזאציע, זאָל קאָנענ אופגערודערט ווערנ פונ אונטנ ביז ארופ אונ געבראכט ווערנ אינ באוועגונג דורכ די באמיִונגענ פונ עטלעכע מאכלויקעס-טרײַבער אָדער אינטריגאנטנ. ניינ, כאוויירימ, אזעלכע ניסימ טרעפנ ניט אפ דער וועלט. איכ רייד שוינ ניט וועגנ דעמ, אז מע טאָר ניט אזוי גרינג שאצנ די קראפט אונ מעכטיקייט פונ דער מאָסקווער אָרגאניזאציע. קלאָר, אז דאָ האָבנ געווירקט טיפערע סיבעס, וואָס האָבנ ניט קיינ שומ שײַכעס ניט מיט רײַסערײַ, ניט מיט אינטריגע.

ניט גערעכט איז אויכ דער כ׳ פרונטאָוו, וואָס, כאָטש ער אנערקענט, אז ס׳איז פאראנ א רעכטע געפאר, האלט ער אָבער ניט, אז זי זאָל זײַנ ווערט

אז מיט איר זאָלנ זיכ קאָנענ ערנסט פארנעמענ ערנסטע זאכלעכע מענטשנ. באַ אימ קומט אויס אזוי, אז די פראגע וועגנ דעמ רעכטנ אָפּנייג איז א זאכ, מיט וועלכער עס דארפנ זיכ פארנעמענ שרײַבערס, און ניט קיינ זאכלעכע מענטשנ. איכ פארשטיי פולשטענדיק דעמ כ' פרונטאָוו, וועלכער איז אזוי פארטאָנ אינ דער אלטעגלעכער פראקטישער ארבעט, אז ער האָט קיינ צײַט ניט צו טראכטנ וועגנ די פערספעקטיוונ פונ אונדזער אנטוויקלונג. אָבער דאָס באַטײַט נאָכ ניט, אז מיר דארפנ דעמ שמאָלנ און געשעפטלעכנ פראקטיציזמ פונ אייניקע פארטיי-טוער פארוואנדלענ אינ א דאָגמאט פונ אונדזער בויונג. געזונטע געשעפטלעכקײַט איז א גוטע זאכ, נאָר אויב זי פארלירט די פערספעקטיוו אינ דער ארבעט און ווארפט ניט אונטער איר ארבעט דער גרונט-ליניע פונ דער פארטיי, — פארוואנדלט זי זיכ אינ א מינוס. און ס'איז דאָכ גאָרניט שווער צו פארשטיינ, אז די פראגע וועגנ דעמ רעכטנ אָפּנייג איז א פראגע וועגנ דער גרונט-ליניע פונ אונדזער פארטיי, א פראגע וועגנ דעמ, צי איז ריכטיק אָדער ניט ריכטיק יענע אנטוויקלונג-פערספעקטיוו, וועלכע אונדזער פארטיי האָט געגעבנ אפנ XV צוזאמענפאָר.

ניט גערעכט זײַנענ אויכ יענע כאווײרימ, וואָס באמ באהאנדלענ די פראָבלעמ וועגנ דעמ רעכטנ אָפּנייג פארשארפנ זיי די פראגע אפ די פערזאָנענ, וואָס רעפרעזענטירנ דעמ רעכטנ אָפּנייג. ווײַזט אונדז אָנ די רעכטע אָדער די טאָלעראנטלער, זאָגנ זיי, רופט אָנ פערזאָנענ, קעדיי מיר זאָלנ קאָנענ זיכ מיט זיי צערעכענענ. דאָס איז ניט קיינ ריכטיקע שטעלונג פונ דער פראגע. פערזאָנענ, פארשטייט זיכ, שפילנ א געוויסע ראָליע. אָבער דאָ האנדלט זיכ ניט וועגנ פערזאָנענ, נאָר וועגנ יענע באדינגונגענ, וועגנ יענער סיטואציע, וועלכע רופנ ארויס די רעכטע געפאר אינ דער פארטיי. מע קאָנ באַזײַטיקנ פערזאָנענ, אָבער דאָס באַטײַט נאָכ ניט, אז דערמיט גופע האָבנ מיר ארויסגעריסנ די וואָרצלענ פונ דער רעכטער געפאר אינ אונדזער פארטיי. די פראגע וועגנ די פערזאָנענ לייזט ניט דעריבער דעמ איניענ, הAגאמ זי שטעלט פאָר אנ אָנצווייפלדיקנ אינטערעס. מע קאָנ ניט ניט דערמאָנענ, אינ פארבינדונג מיט דעמ, וועגנ איינ עפיזאָד אינ אָדעס, וואָס איז פאָרגעקומענ סאָפ 1919 יאָר און אָנהייב 1920 יאָר, ווענ אונדזער מיליטער האָט שוינ געהאט פארטריבנ די דעניקינצעס פונ אוקראַינע און געהאלטנ אינ צעקלאפנ די לעצטע רעשטלעכ פונעמ דעניקינשנ מיליטער אינ אָדעסער ראַיאָנ. איינ טייל רויטארמייער האָט אופגעקאָכט ארומגעזוכט דעמלט אינ אָדעס די אנטאנטע, — זיי זײַנענ געווענ זיכער, אז אויב זיי וועלנ זי כאפנ, די אנטאנטע, וועט זײַנ א סאָפ צו דער מילכאָמע. (אלגעמיינער געלעכטער.) מע קאָנ זיכ פאָרשטעלנ, אז די רויט-ארמייער וואָלטנ געקאָנט עמעצנ פאקנ פונ די פאָרשטייער פונ דער אנטאנטע אינ אָדעס, אָבער דערמיט, פארשטייט זיכ, וואָלט ניט געווענ געלייזט די פראגע וועגנ

דער אנטאנטע, ווייל די וואָרצלען פון דער אנטאנטע ליגן ניט אין אָדעס, האגאם אָדעס איז דאן געוועגן די לעצטע טעריטאָריע פון די דעניקינצעס, נאָר אינעם אלוועלטלעכן קאפיטאליזם. דאָס זעלביקע קאָן מען זאָגן וועגן אייניקע אונדזערע כאוויירים, וואָס אין דער פראגע וועגן דעם רעכטן אָפנייג פאר־שארפן זיי די זאך אף די פערזאָנען, וועלכע רעפרעזענטירן דעם רעכטן אָפ־נייג, פארגעסנדיק וועגן די באדינגונגען, וואָס געבוירן דעם דאָזיקן אָפנייג.

דעריבער דארפן מיר דאָ, פריִער פאר אלץ, קלאָר מאכן די פראגע וועגן די באדינגונגען פון דער אנטשטייונג פונעם רעכטן אָפנייג, ווי אויך פונעם „לינקן" (טראָצקיסטישן) אָפנייג פון דער לענינישער ליניע.

דער רעכטער אָפנייג אינעם קאָמוניזם אין די באדינגונגען פון קאפיטאליזם באטייט א טענדענץ, א נייגונג פון איין טייל קאָמוניסטן, עמעס ניט קיין אויסגעפורעמטע און, עפשער, נאָך ניט קיין באזיניקטע, אָבער פאָרט א נייגונג אָפצוגייען פון דער רעוואָליוציאָנערער ליניע פונעם מאַרקסיזם אין דער זייט פון דער סאָציאַל-דעמאָקראטיע. ווען באשטימטע קרייזן קאָמוניסטן לייקענען אָפ די צוועקמעסיקייט פונעם לאָזונג „קלאס קעגן קלאס" אינעם וואל־קאמף (פראנקרייך), אָדער טרעטן ארויס קעגן זעלבשטענדיקע קאנדידאטורן פון דער קאָמפארטיי (ענגלאנד), אָדער ווילן ניט פארשארפן די פראגע וועגן קאמף קעגן דער „לינקער" סאָציאַל-דעמאָקראטיע (דייטשלאנד) אאוו. אדג., — באטייט עס, אז אינווייניק אין די קאָמפארטייען זיינען פאראן מענטשן, וואָס סטארען זיך צופאסן דעם קאָמוניזם צום סאָציאַל-דעמאָקראטיזם. דער זיג פונעם רעכטן אָפנייג אין די קאָמפארטייען פון די קאפיטאליסטישע לענדער וואָלט באטייט אן אידייישע צעגראָמירונג פון די קאָמפארטייען און א גוואלדיקע פאר־שטארקונג פונעם סאָציאַל-דעמאָקראטיזם. און וואָס איז אזוינס א גוואלדיקע פארשטארקונג פונעם סאָציאַל-דעמאָקראטיזם? דאָס איז א פארשטארקונג און פארפעסטיקונג פונעם קאפיטאליזם, ווייל די סאָציאַל-דעמאָקראטיע איז דער הויפּט-אָנשפּאר פונעם קאפיטאליזם אינעם ארבעטער-קלאס. הייסט עס, אז דער זיג פונעם רעכטן אָפנייג אין די קאָמפארטייען פון די קאפיטאליסטישע לענ־דער פירט צו אן אָנוווקס פון די באדינגונגען, וועלכע זיינען נייטיק אף אײַנ־צוהיטן דעם קאפיטאליזם.

דער רעכטער אָפנייג אינעם קאָמוניזם אין די באדינגונגען פון דער סאָוועטישער אנטוויקלונג, ווו דער קאפיטאליזם איז שוין אראָפּגעוואָרפן, אָבער ווו עס זיינען נאָך ניט ארויסגעריסן זיינע וואָרצלען, באטייט א טענדענץ, א נייגונג פון איין טייל קאָמוניסטן, עמעס, ניט קיין אויסגעפורעמטע און, עפשער, נאָך ניט קיין באזיניקטע, אָבער פאָרט א נייגונג צו אָפגיין פון דער גענעראלער ליניע פון אונדזער פארטיי אין דער זייט פון דער בורזשואזער אידעאָלאָגיע. ווען אייניקע קרייזן פון אונדזערע קאָמוניסטן

פרוווּנ זיכ שלעפנ די פארטיי צוריק פונ די באשלוסנ פונעמ XV צוזאמענפאָר, אָפלייקענענדיק די נייטיקייט פונ אנ אָנגריפ אפ די קאפיטאליסטישע עלעמענטנ פונ דאָרפ, אָדער זיי פאָדערנ מע זאָל צונויפוויקלענ אונדזער אינדוסטריע, ווייל זיי האלטנ, אז איר איצטיקער אנטוויקלונג־טעמפ איז קאטאסטראָפאל פארנ לאנד, אָדער זיי לייקענענ אָפ די צוועקמעסיקייט פונ אסיגנירונגענ פאר די קאָלווירטנ אונ ראטווירטנ, ווייל זיי האלטנ זיי (די אסיגנירונגענ) פאר געלט, וואָס איז ארויסגעוואָרפנ אפנ ווינט, אָדער זיי לייקענענ אָפ די צוועקמעסיקייט פונעמ קאמפ קעגנ דעמ ביוראָקראטיזמ אפ דער באזע פונ זעלבסטקריטיק, ווייל זיי מיינענ, אז די זעלבסטקריטיק צעטרייסלט אונדזער אפאראט, אָדער זיי פאָדערנ צו לינדערנ דעמ מאָנאָפאָל פונ אויסערנהאנדל אאוו. אדג., — באטייט עס, אז אינ די רייענ פונ אונדזער פארטיי זיינענ פאראנ מענטשנ, וועלכע פרוווּנ זיכ צופאסנ, אליינ עפשער דאָס ניט באמערקנדיק, אונדזער סאָציאליסטישע בויונג צו די געשמאקנ אונ באדערפענישנ פונ דער „סאָוועטישער" בורזשואזיע. דער זיג פונעמ רעכטנ אָפנייג אינ אונדזער פארטיי וואָלט באטייט א גוואלדיקע פארשטארקונג פונ די קאפיטאליסטישע עלעמענטנ אינ אונדזער לאנד. אונ וואָס באטייט א פארשטארקונג פונ די קאפיטאליסטישע עלעמענטנ אינ אונדזער לאנד? דאָס באטייט אנ אָפשוואכונג פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור אונ א פארשטארקונג פונ די שאנסנ אפ דער ווידערופשטעלונג פונעמ קאפיטאליזמ. הייסט עס, אז דער זיג פונעמ רעכטנ אָפנייג אינ אונדזער פארטיי וואָלט באטייט אנ אָנוווּקס פונ די באדינגונגענ, וועלכע זיינענ נייטיק *פאר דער ווידערופשטעלונג* פונעמ קאפיטאליזמ אינ אונדזער לאנד.

צי עקזיסטירנ בא אונדז, אינ אונדזער סאָוועטישנ לאנד, באדינגונגענ, וועלכע מאכנ *מעגלעכ* די ווידערופשטעלונג (רעסטאווירונג) פונעמ קאפיטאליזמ? יאָ, זיי עקזיסטירנ. דאָס קאָנ זיכ, עפשער, אויסווייזנ מאָדנע, אָבער דאָס איז א פאקט, כאוויירימ. מיר האָבנ אראָפגעוואָרפנ דעמ קאפיטאליזמ, איינגעשטעלט די דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט אונ אנטוויקלענ מיט א פארשטארקטנ טעמפ אונדזער סאָציאליסטישע אינדוסטריע, צונויפשליסנדיק מיט איר די פויערשע ווירטשאפט. אָבער מיר האָבנ נאָכ ניט ארויסגעריסנ די וואָרצלענ פונעמ קאפיטאליזמ. ווו זשע האלטנ זיי זיכ אופ, די דאָזיקע וואָרצלענ? זיי האלטנ זיכ אופ אינ דער סכוירע-פראָדוקציע, אינ דער קליינער פראָדוקציע פונ שטאָט אונ באזונדערס פונ דאָרפ. די קראפט פונעמ קאפיטאליזמ באשטייט, ווי לענינ זאָגט, „אינ דער קראפט פונ דער *קליינפראָדוקציע*, ווייל קליינפראָדוקציע איז נאָכ, צומ באדויערנ, פארבליבנ אפ דער וועלט זייער א סאכ, אונ די קליינפראָדוקציע *געבוירט* קאפיטאליזמ אונ בורזשואזיע שטענדיק, יעדנ טאָג, יעדע שאָ, סטיכיש אונ אינ

א מאסנ-מאסשטאב" (זע ב. XXV, ז. 173). קלאָר, אז אפ וויפל די קליינפראָדוקציע האָט בא אונדז א מאסעווג אונ אפילע א פרעוואלירנדיקנ כאראקטער אונ אפ וויפל זי געבוירט קאפיטאליזמ אונ בורזשואזיע, באזונדערס אינ די באדינגונגענ פונ נעפ, שטענדיק אונ אינ א מאסנ-מאסשטאב, — זײַנענ בא אונדז פאראנ באדינגונגענ, וועלכע מאכנ מעגלעכ די ווידערופשטעלונג פונעמ קאפיטאליזמ.

צי עקזיסטירנ בא אונדז, אינ אונדזער סאָוועטישנ לאנד, די מיטלענ אונ קרעפטנ, וועלכע זײַנענ נייטיק אפ צו פארניכטנ, ליקווידירנ די מעגלעכקײַט צוריק אופצושטעלנ דעמ קאפיטאליזמ? יאָ, זיי עקזיסטירנ. דערופ טאַקע באזירט זיכ די ריכטיקײַט פונ לענינס טעזיס וועגנ דער מעגלעכקײַט אויסצובויענ אינ פססר א פולשטענדיקע סאָציאַליסטישע געזעלשאפט. דערצו איז נייטיק צו פארפעסטיקנ די פראָלעטארישע דיקטאטור, פארפעסטיקנ דעמ בונד צווישנ דעמ ארבעטער-קלאס מיטנ פויערטומ, אנטוויקלענ אונדזערע קאָמאנדיר-הייכנ פונעמ שטאנדפונקט פונ אינדוסטריאַליזירנ דאָס לאנד, א שנעלער אנטוויקלונג-טעמפ פונ דער אינדוסטריע, עלעקטריפיצירנ דאָס לאנד, אריבערפירנ די גאנצע פאָלקווירטשאפט אפ א נײַער טעכנישער באזע, קאָאָפערירנ אפ א מאסנ-אויפנ דאָס פויערטומ אונ אופהייבנ די גרעסנקײַט פונ זײַנ ווירטשאפט, ביסלעכווײַז פאראייניקנ די אינדיווידועלע פויערשע ווירטשאפטנ אינ געזעלשאפטלעכע ווירטשאפטנ, אנטוויקלענ די ראטווירטנ, באגרענעצנ אונ בײַקומענ די קאפיטאליסטישע עלעמענטנ פונ שטאָט אונ דאָרפ אאוו. אדג.

אָט וואָס לעניג זאָגט וועגנ דעמ:

„קאָלזמאנ מיר לעבנ אינ א קליינ-פויעריש לאנד, איז פארנ קאפיטאליזמ אינ רוסלאנד פאראנ א מער פעסטע עקאָנאָמישע באזע, איידער פארנ קאָמוניזמ. דאָס איז נייטיק צו פארגעדענקענ. יעדער, וואָס האָט זיכ אופמערקזאמ צוגעקוקט צומ לעבנ פונ דאָרפ, אינ פארגלײַכ מיטנ לעבנ פונ שטאָט, ווייס, אז מיר האָבנ די וואָרצלענ פונעמ קאפיטאליזמ ניט ארויסגעריסנ אונ דעמ פונדאמענט, דעמ באָדנ באמ אינערלעכנ פײַנט ניט אונטערגעריסנ. דער פײַנט האלט זיכ פאר דער קליינער ווירטשאפט, אונ קעדיי אימ אונטערצורײַסנ, איז פאראנ איינ מיטל — אריבערפירנ די ווירטשאפט פונ לאנד, דערונטער אויכ די ערדארבעט, אפ א נײַער טעכנישער באזע, אפ דער טעכנישער באזע פונ דער מאָדערנער גרויס-פראָדוקציע. אזא באזע איז בלויז עלעקטרע. קאָמוניזמ — דאָס איז ראטנמאכט פליוס עלעקטריפיקאציע פונעמ גאנצנ לאנד. אנדערש וועט דאָס לאנד פארבלײַבנ א קליינ-פויעריש, אונ מע דארפ, אז מיר זאָלנ דאָס קלאָר באנעמענ. מיר זײַנענ שוואכער, איידער דער קאפיטאליזמ, ניט בלויז אינעמ וועלט-מאסשטאב, נאָר אויכ אינוויינִיק אינ לאנד. אלעמענ איז דאָס באוווסט. מיר האָבנ דאָס באנומענ אונ מיר וועלנ דערפירנ די זאכ דערצו, אז די ווירטשאפטלעכע באזע זאָל פונ א קליינפויערישער אריבער אינ א גרויס-אינדוסטריעלער. בלויז דאנ, ווענ דאָס לאנד וועט זײַנ עלעקטריפיצירט, ווענ אונטער דער אינדוסטריע, לאנדווירטשאפט אונ טראנספּאָרט וועט זײַנ אונטערגעפירט א טעכנישע באזע פונ דער מאָדערנער גרויס-אינדוסטריע, — בלויז דאנ וועלנ מיר זיגנ ענדגילטיק" (ב, XXVI, ז. 46—47).

קומט אויס, ערשטנס, אז קאָלזמאַנ מיר לעבנ אינ א קלײנפּויעריש לאַנד, קאָלזמאַנ מיר האָבנ נאָכ ניט אויסגעקאָרטשעוועט די וואָרצלענ פונעם קאַפּיטאַליזם, איז פאַראַנ פאַרנ קאַפּיטאַליזם א מער פעסטע עקאָנאָמישע באַזע, איידער פאַרנ קאָמוניזם. עס טרעפט, אז מע האָט אויסגעהאַקט א בוים, אונ די וואָרצלענ האָט מענ ניט אויסגעקאָרטשעוועט: ס'האָט ניט געקלעקט קיינ קויכעס. דערפונ טאַקע דרינגט ארויס די *מעגלעכקייט* פונ דער ווידערופשטעלונג פונעם קאַפּיטאַליזם אינ אונדזער לאַנד.

קומט אויס, צווייטנס, אז אכוצ דער מעגלעכקייט פונ דער ווידערופשטעלונג פונעם קאַפּיטאַליזם עקזיסטירט נאָכ בא אונדז די *מעגלעכקייט פונעם זיג פונעם סאָציאַליזם*, ווייל מיר קאָנענ פאַרניכטנ די *מעגלעכקייט* פונ דער ווידערופשטעלונג פונעם קאַפּיטאַליזם, מיר קאָנענ אויסקאָרטשעווענ די וואָרצלענ פונעם קאַפּיטאַליזם אונ דערשלאָגנ זיכ אנ ענדגילטיקנ זיג איבערנ קאַפּיטאַליזם, *אויב* מיר וועלנ נעמענ פירנ א פאַרשטאַרקטע אַרבעט צו עלעקטריפיצירנ דאָס לאַנד, *אויב* אונטער דער אינדוסטריע, לאַנדווירטשאַפט אונ טראַנספּאָרט וועלנ מיר ארונטערפירנ א טעכנישע באַזע פונ דער מאָדערנער גרויס-אינדוסטריע. דערפונ טאַקע דרינגט ארויס די *מעגלעכקייט* פונעם זיג פונ סאָציאַליזם אינ אונדזער לאַנד.

קומט אויס, ענדלעכ, אז מע קאָנ ניט בויענ דעמ סאָציאַליזם בלויז אינ דער אינדוסטריע, איבערלאָזנדיק די לאַנדווירטשאַפט אפנ באַראָט פונ סטיכישער אנטוויקלונג, ארויסגייענדיק פונ דעם, אז דאָס דאָרף וועט „אליינ גיינ“ נאָכ דער שטאָט. דאָס פאַראַנענזיינ פונ דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע אינ שטאָט איז דער גרונט-פאַקטאָר פאַר דער סאָציאַליסטישער איבערגעשטאַלטונג פונעם דאָרף. אָבער דאָס באַטייט נאָכ ניט, אז דער דאָזיקער פאַקטאָר איז פולשטענדיק גענוג. קעדיי די סאָציאַליסטישע שטאָט זאָל קאָנענ פירנ ביזנ סאָפ נאָכ זיכ דאָס פויערשע דאָרף, דערצו איז נייטיק, ווי לענינ זאָגט, „אריבערפירנ די ווירטשאַפט פונ לאַנד, *דערונטער אויכ די ערדאַרבעט*, אפ א נייער טעכנישער באַזע, אפ דער טעכנישער באַזע פונ דער מאָדערנער גרויס-פּראָדוקציע“.

צי ווידערשפּרעכט ניט די דאָזיקע לענינס ציטאַטע זײַנער א צווייטער ציטאַטע וועגנ דעם, אז „דער נעפּ זיכערט אונדז פולשטענדיק די *מעגלעכקייט* אויסצובויענ דעמ פונדאַמענט פונ דער סאָציאַליסטישער עקאָנאָמיק“? ניינ, זי ווידערשפּרעכט ניט. פאַרקערט, זיי פאַלנ פולשטענדיק צונויפּ איינער מיט דער צווייטער. לענינ זאָגט גאָר ניט, אז דער נעפּ גיט אונדז א פאַרטיקנ סאָציאַליזם. לענינ רעדט בלויז וועגנ דעם, אז דער נעפּ זיכערט אונדז די *מעגלעכקייט* אויסצובויענ דעמ פונדאַמענט פונ דער סאָציאַליסטישער עקאָנאָמיק. צווישנ דער *מעגלעכקייט* אויסצובויענ

דעם סאָציאַליזם און זײַנ ווירקלעכער אויסבויונג עקזיסטירט א גרויסער אונטערשייד. מע טאָר ניט צונויפמישנ די מעגלעכקייט מיט דער ווירקלעכקייט. טאקע קעדיי צו פארואנדלענ די דאָזיקע מעגלעכקייט אינ א ווירקלעכקייט, טאקע צוליב דעם ליגט לשנינ פאָר אינ זײַנ גרויסער ציטאטע צו עלעקטריפיצירנ דאָס לאנד און אונטערצופירנ א טעכנישע באזע פונ דער מאָדערנער גרויס־אינדוסטריע אונטער דער אינדוסטריע, לאנדווירטשאפט און טראנספּאָרט, אלס באדינג פארנ ענדגילטיקנ זיג פונעם סאָציאַליזם.

אָבער פארווירקלעכנ דעם דאָזיקנ באדינג פאר דער אויסבויונג פונעם סאָציאַליזם אינ איינ—צוויי יאָר צײַט איז נײַאָ קיינ מעגלעכקײַט. מע קאָנ ניט פאר א יאָר—צוויי צײַט אינדוסטריאַליזירנ דאָס לאנד, אויסבויענ א מעכטיקע אינדוסטריע, קאָאָפּערירנ די מיליאָניקע מאסנ פויערטום, אונטערפירנ א נײַע טעכנישע באזע אונטער דער ערדארבעט, פאראייניקנ די אינדיווידועלע פויערשע ווירטשאפטנ אינ גרויסע קאָלעקטיוונ, אנטוויקלענ די ראטווירטנ, באגרענעצנ און בײַקומענ די קאפּיטאליסטישע עלעמענטנ פונ שטאָט און דאָרפ. דערצו זײַנעג נייטיק יאָרנ און יאָרנ פארשטארקטע בויונג-ארבעט פונ דער פּראָלעטארישער דיקטאטור. און קאָלזמאנ דאָס איז ניט אופגעטאָנ געוואָרנ, — און דאָס וועסטו ניט מאכנ מיטאמאָל, — פארבלײַבנ מיר נאָכ אלצ א קליינ־פויעריש לאנד, ווו די קליינ־פּראָדוקציע געבוירט קאפּיטאליזם און בורזשואזיע שטענדיק און אינ א מאסנ־מאסשטאב און ווו די געפאר פונ דער ווידערופשטעלונג פונעם קאפּיטאליזם בלײַבט אינ קראפט. און אזויווי דער פּראָלעטאריאַט לעבט ניט אינ לופטלאָזנ רוים, נאָר אינ דעם סאמע ווירקלעכנ און רעאלנ לעבנ מיט זײַנ גאנצער פארשיידנארטיקײַט, איז די בורזשואזע עלעמענטנ, וואָס קומענ אופ אפ דער באזע פונ דער קליינ-פּראָדוקציע, „רינגלענ ארומ דעם פּראָלעטאריאַט פונ אלע זײַטנ מיט א קליינבורזשואזער סטיכיע, זאפּנ אימ דורכ מיט איר, דעמאָראליזירנ אימ דורכ איר, רופנ קעסיידער ארויס אינעווייניק אינעם פּראָלעטאריאַט רעצידיווג פונ קליינבורזשואזער כאראקטערלאָזיקײַט, צעשפליטערטקײַט, אינדיווידואליזמ, אריבערגאנגענ פונ היספּײַלעס צו קליינמוטיקײַט“ (לענינ, ב. XXV, ז. 190) און טראָגנ ארײַנ, אזויארומ, אינעם פּראָלעטאריאַט און אינ זײַנ פּארטיי געוויסע וואקלונגענ, געוויסע וויגענישנ.

אָט ווו עס ליגט דער וואָרצל און דער יעסאָד פונ אלע מינימ וואקלונגענ און אָפּנייגנ פונ דער לענינשער ליניע אינ די רייענ פונ אונדזער פּארטיי.

אָט פארוואָס מע טאָר ניט רעכענענ די פראגע וועגנ דעם רעכטנ אָדער „לינקנ“ אָפּנייג אינ אונדזער פּארטיי פאר א נישטיקער פראגע.

אינ וואָס באשטייט די געפאר פונעמ ר ע כ ט נ, אָפנ אָפאָרטוניסטישנ אָפנייג אינ אונדזער פארטיי? דערינ, וואָס ער ד ע ר ש א צ ט נ י ט די קראפט פונ אונדזערע פײַנט, די קראפט פונעמ קאפיטאליזמ, ער זעט ניט די געפאר פונ דער ווידערופשטעלונג פונעמ קאפיטאליזמ, ער פארשטייט ניט די מעכאניק פונעמ קלאסנקאמפ אינ די באדינגונגענ פונ דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט אונ דערפאר גייט ער אזוי לײַכט אפ האנאָכעס דעמ קאפיטאליזמ, פאָדערנדיק צו פארקלענערנ דעמ אנטוויקלונג-טעמפ פונ אונדזער אינדוסטריע, פאָדערנדיק א פארלײַכטערונג פאר די קאפיטאליסטישע עלעמענטנ פונ דאָרפ אונ שטאָט, פאָדערנדיק אָפצורוקנ די פראגע וועגנ די קאָלווירטנ אונ ראטווירטנ אינ הינטערגרונט, פאָדערנדיק צו לינדערנ דעמ מאָנאָפאָל פונעמ אויסערנ-האנדל אאוו. אדג. עס איז קיינ סאָפעק ניט, אז דער זיג פונעמ רעכטנ אָפנייג אינ אונדזער פארטיי וואָלט צעבונדנ די קרעפטנ פונעמ קאפיטאליזמ, וואָלט אונטערגעריסנ די רעוואָלוציאָנערע פאָזיציעס פונעמ פראָלעטאריאט אונ וואָלט אופגעהויבנ די שאנסנ פאר דער ווידערופשטעלונג פונעמ קאפיטאליזמ אינ אונדזער לאנד.

אינ וואָס באשטייט די געפאר פונעמ „ל י נ ק נ" (טראָצקיסטישנ) אָפנייג אינ אונדזער פארטיי? דערינ, וואָס ער ש א צ ט א י ב ע ר די קראפט פונ אונדזערע פײַנט, די קראפט פונעמ קאפיטאליזמ, ער זעט בלויז די מעגלעכקייט פונ דער ווידערופשטעלונג פונעמ קאפיטאליזמ, אָבער ער זעט ניט די מעגלעכקייט אויסצובויענ דעמ סאָציאליזמ מיט די קרעפטנ פונ אונדזער לאנד, ער פאלט ארײַנ אינ פארצווייפלונג אונ איז געצווונגענ צו טרייסטנ זיכ מיט פלאפלערײַ וועגנ טערמידאָריאנישקייט פונ אונדזער פארטיי. פונ לענינס ווערטער וועגנ דעמ, אז „קאָלזמאנ מיר לעבנ אינ א קליינפויעריש לאנד, איז פארנ קאפיטאליזמ אינ רוסלאנד פאראנ א מער פעסטע עקאָנאָמישע באזע, איידער פארנ קאָמוניזמ", — פונ די דאָזיקע ווערטער לענינס מאכט דער „לינקער" אָפנייג יענעמ ניט ריכטיקנ אויספיר, אז אינ פססר איז ביכלאל אוממעגלעכ אויסצובויענ דעמ סאָציאליזמ, אז מיטנ פויערטומ וועט גאָרניט ארויסקומענ, אז די אידיי פונ א בונד פונעמ ארבעטער-קלאס מיטנ פויערטומ איז אנ אָפגעלעבטע אידיי, אז אויב עס וועט ניט צוקומענ קיינ הילפ מיצאד דער רעוואָלוציע, וואָס האָט געזיגט אפנ מײַרעוו, מוז די דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט אינ פססר פאלנ אָדער איבערגעבוירנ ווערנ, אז אויב ס'וועט ניט אָנגענומענ ווערנ דער פאנטאסטישער פלאנ פונ איבעריינדוסטריאליזירונג, וואָס זאָל דורכגעפירט ווערנ, ניט אָפשטעלנדיק זיכ אפילע פאר א שפאלטונג מיטנ פויערטומ, דארפ מענ רעכענענ דעמ סאָציאליזמ אינ פססר פאר א פארפאלענע זאכ. פונדאנענ נעמט זיכ דער אוואנטיוריזמ אינ דער פאָליטיק פונעמ „לינקנ" אָפנייג. פונדאנענ נעמענ זיכ די „איבערמענטשלעכע" שפרונגענ אינ דער פאָליטיק. ס'איז קיינ סאָ-

פעק ניט, אז א זיג פונעם „לינקן" אָפּנייג אין אונדזער פארטיי וואָלט געבראכט דערצו, אז דער ארבעטער-קלאס וואָלט זיך אָפּגעריסן פון זיין פויערישער באזע, דער אוואנגארד פונעם ארבעטער-קלאס וואָלט זיך אָפּגעריסן פון דער איבעריקער ארבעטער-מאסע, — דאָס הייסט, עס וואָלט געבראכט צו א מאפּאָלע פונעם פראָלעטאריאט און צו א פארלייכטערונג פון די באדינגונגען פאר דער ווידערופשטעלונג פונעם קאפּיטאליזם.

ווי איר זעט, פירן די דאָזיקע ביידע געפארן, סיי די „לינקע" סיי די רעכטע, די דאָזיקע ביידע אָפּנייגן פון דער לענינישער ליניע, אי דער רעכטער אי דער „לינקער", ביידע פירן צו איין און דעם זעלבן רעזולטאט, האָגאם פון פארשיידענע עקן.

וועלכע פון די דאָזיקע געפארן איז ערגער? איך מיין, אז זיי זיינען ביידע ערגער. דער אונטערשייד צווישן די דאָזיקע אָפּנייגן פונעם שטאנדפּונקט פון דערפאָלגרייכן קאמף קעגן זיי באשטייט דערין, וואָס דער „לינקער" אָפּנייג איז אינעם געגעבענעם מאָמענט מער קלאָר פאר דער פארטיי, איידער דער רעכטער אָפּנייג. דער אומשטאנד, וואָס קעגן דעם „לינקן" אָפּנייג גייט בא אונדז א פארשטארקטער קאמף שוין עטלעכע יאָר, דער דאָזיקער אומשטאנד האָט, פארשטייט זיך, ניט געקאָנט דורכגיין אומזיסט פאר דער פארטיי. קלאָר, אז די פארטיי האָט זיך פאר די יאָרן פון קאמף קעגן דעם „לינקן", טראָצקיסטישן אָפּנייג פיל אויסגעלערנט און אָפּנארן זי מיט „לינקע" פראזעס איז שוין ניט לייכט. וואָס אָנבאלאנגט דער רעכטער געפאר, וועלכע האָט עקזיסטירט אויך פריִער און וועלכע טרעט איצט ארויס מער בוילעט מאכמעס דער פארשטארקונג פון דער קליינבירגערלעכער סטיכיע אין צוזאמענהאנג מיטן פאראיאָריקן פארגרייטונג-קריזיס, איז זי, מיין איך, ניט אזוי קלאָר פאר געוויסע שיכטן פון אונדזער פארטיי. דעריבער באשטייט די אויפגאבע דערין, אז, ניט אָפּשוואכנדיק אפ קיין האָר דעם קאמף קעגן דער „לינקער", טראָצקיסטישער געפאר, זאָל מען שטעלן דעם טראָפּ אפן קאמף קעגן דעם רעכטן אָפּנייג און אָננעמען אלע מיטלען, אז די געפאר פון דעם דאָזיקן אָפּנייג זאָל ווערן פאר דער פארטיי פונקט אזוי קלאָר, ווי ס'איז קלאָר פאר איר די טראָצקיסטישע געפאר.

די פראגע וועגן רעכטן אָפּנייג וואָלט עפּשער ניט געשטאנען בא אונדז אזוי שארף, ווי זי שטייט איצט, ווען זי וואָלט ניט געווען פארבונדן מיט דער פראגע וועגן די שוועריקייטן פון אונדזער אנטוויקלונג. אָבער דאָס איז דאָך די מייסע, וואָס די עקזיסטענץ פונעם רעכטן אָפּנייג מאכט נאָך קאָמפּליצירטער די שוועריקייטן פון אונדזער אנטוויקלונג און טאָרמאָזירט דאָס ביַיקומען די דאָזיקע שוועריקייטן. און טאקע דערפאר, וואָס די רעכטע געפאר פארשוועריקט דעם קאמף אפ ביַיצוקומען די שוועריקייטן, טאקע דערפאר באקומט

פאר אונדז די פראגע וועגן בײַקומען די רעכטע געפאר א באזונדערס וויכ־טיקע באדײַטונג.

צוויי ווערטער וועגן דעם כאראקטער פון אונדזערע שוועריקײַטן. מע דארף האָבן אינזינען, אז אונדזערע שוועריקײַטן זײַנען ניט קיין שוועריקײַטן פון פארגליווערטקײַט אָדער יערידע. עס טרעפן שוועריקײַטן בא א יערידע פון דער ווירטשאפט אָדער בא איר פארגליווערטקײַט, דערבײַ סטאַרען זיך די מענטשן צו מאכן ווייניקער ווייטעקדיק די פארגליווערטקײַט, אָדער ווייניקער טיף די יערידע פון דער ווירטשאפט. אונדזערע שוועריקײַטן האָבן קיין שום געמיינזאמעס ניט מיט אזעלכע שוועריקײַטן. דער כאראקטעריסטישער שטריך פון אונדזערע שוועריקײַטן באשטייט דערין, וואָס זיי זײַנען שוועריקײַטן פון אופשטײַג, שוועריקײַטן פון וווקס. ווען מע רעדט בא אונדז וועגן שוועריקײַטן, רעדט זיך געוויינלעך וועגן דעם, אף וויפל פראָצענט מע זאָל אופהייבן די אינדוסטריע, אף וויפל פראָצענט פארגרעסערן די פארזיי־שעטעכן, אף וויפל פוד אופהייבן די געראָטנקײַט אאוו. אדג. און טאקע דערפאר, וואָס אונדזערע שוועריקײַטן זײַנען שוועריקײַטן פון אופשטײַג, און ניט פון יערידע אָדער פארגליווערטקײַט, טאקע דערפאר דארפן זיי ניט פאָרשטעלן פאר דער פארטיי עפּוואָס באזונדערס געפערלעכס. אָבער די שוועריקײַטן זײַנען דאָך שוועריקײַטן. און אזוי־ווי אף בײַצוקומען שוועריקײַטן איז נייטיק אן אָנשטרענגונג פון אלע קרעפטן, איז נייטיק פעסטקײַט און אויסגעהאלטנקײַט, פעסטקײַט און אויסגעהאלטנקײַט ווידער קלעקן ניט בא יעדן, עפשער דערפאר, וואָס עס איז פאראן מידקײַט און אונטערגעריסנקײַט, אָדער דערפאר, וואָס מע האלט מער פון א רויִקערן לעבן אָן קאמף און נערווירונג,— איז דאָ הייבן זיך טאקע אָן וואקלונגען און וויגענישן, קערן אין דער זײַט פון דער ליניע פון קלענסטן ווידערשטאנד, רייד וועגן פארקלענערן דעם אנטוויקלונג-טעמפּ פון דער אינדוסטריע, וועגן פארלײַכטערונגען פאר די קאפיטאליסטישע עלעמענטן, וועגן אָפּלייקענען די קאָלווירטן און ראטווירטן און ביכלאל דאָס אלץ, וואָס עס גייט ארויס פון די גרענעצן פון די געוויינלעכע און רויִקע באדינגונגען פון טאָגטעגלעכער ארבעט.

אָבער מיר קאָנען זיך ניט באוועגן פאָרויס, ניט בײַקומענדיק די שוועריקײַטן, וועלכע שטייען פאר אונדז. און קעדיי בײַצוקומען די שוועריקײַטן, דארף מען, פריִער פאר אלץ, באקעמפן די רעכטע געפאר, דארף מען, פריִער פאר אלץ, בײַקומען דעם רעכטן אָפנייג, וועלכער טאָרמאָזירט דעם קאמף קעגן די שוועריקײַטן און פרווט זיך אונטערײַסן דעם ווילן פון אונדזער פארטיי צו קעמפן פאר בײַקומען די שוועריקײַטן. עס רעדט זיך, פארשטייט זיך, וועגן א ווירקלעכן קאמף קעגן דעם רעכטן

אָפּנייג און ניט וועגנ א קאמפּ מיט רייד אָדער אפּ פּאפּיר. בא אונדז אינ דער פּארטיי זייַנענ פּאראנ מענטשנ, וועלכע וואָלטנ א באלג געווענ, קעדיי זייער אייגענער געוויסנ זאָל בלייַבנ ריינ, צו פּראָקלאמירנ דעמ קאמפּ קעגנ דער רעכטער געפאר אנערעכ אזוי, ווי דאָס טוענ גאלאָכימ, וואָס שרייַענ אויס צומאָל „האלילויאָ, האלילויאָ“, אָבער זיי נעמענ ניט אָנ קיינ שומ, לאבסאָלוטנ קיינ שומ פּראקטישע מיטלענ, קעדיי אוועקצושטעלנ דעמ קאמפּ קעגנ דעמ רעכטנ אָפּנייג אפּ א געהעריקנ אויפנ און בייַקומענ אימ, דעמ דאָזיקנ אָפּנייג, אינ דער ווירקלעכקייַט. אזא ריכטונג ווערט אָנגערופנ בא אונדז א טאָלעראנטלערישע ריכטונג בענעגייע דעמ רעכטנ, אָפּנ־אָפּאָרטוניסטישנ אָפּנייג. ס'איז ניט שווער צו פארשטיינ, אז דער קאמפּ קעגנ אזא מינ טאָלעראנטלערייַ איז א באשטאנדטייל פונעמ אלגעמיינעמ קאמפּ קעגנ דעמ רעכטנ אָפּנייג, קעגנ דער רעכטער געפאר. ווייַל עס איז אומעגלעכ בייַצוקומענ דעמ רעכטנ, אָפּאָרטוניסטישנ אָפּנייג, אויב מע פירט ניט קיינ סיסטעמאטישנ קאמפּ קעגנ דער טאָלעראנטלערייַ, וואָס באהאלט אונטער איר פליגעלע די אָפּאָרטוניסטנ.

די פראגע וועגנ די טרעגער פונעמ רעכטנ אָפּנייג האָט אנ אָנצווייפלדיקנ אינטערעס, כאָטש זי לייזט ניט דעמ איניענ. מיר האָבנ געהאט געלעגנהייַטנ זיכ צוזאמענשטויסנ מיט די טרעגערס פונ דער רעכטער געפאר אינ די אונטערשטע אָרגאניזאציעס פונ אונדזער פּארטיי בעשאס דעמ פּאראיאָריקנ ברויט-פארגרייטערישנ קריזיס, ווענ א גאנצע ריי קאָמוניסטנ אינ די וואָלאָסטנ און דערפער איז ארויסגעטראָטנ קעגנ דער פּאָליטיק פונ דער פּארטיי, פירנדיק צו א צוזאמענשלוס מיט די באלעגופישע עלעמענטנ. איר ווייסט, אז אזוינע עלעמענטנ זייַנענ אויסגערייניקט געוואָרנ בא אונדז פונ דער פּארטיי אינ פרילינג דאָס יאָר, וועגנ וואָס עס ווערט ספּעציעל דערמאָנט אינעמ באוווסטנ דאָקומענט פונ צק פונ אונדזער פּארטיי אינ פעווראל דאָס יאָר. ס'וואָלט אָבער געווענ ניט ריכטיק צו זאָגנ, אז אזעלכע עלעמענטנ זייַנענ ניט פארבליבנ בא אונדז אינ דער פּארטיי. אויב מע זאָל זיכ אופהייבנ העכער, צו די אויעזדישע, גובערניאלע פּארטיי-אָרגאניזאציעס, און גוט זיכ א גריבל טאָנ אינעמ סאָוועטישנ אונ קאָאָפּעראטיוונ אפּאראט, וואָלט איר אָנ שומ מי געקאָנט געפינענ דאָ טרעגערס פונ דער רעכטער געפאר און פונ דער טאָלעראנטלערייַ צו איר. עס זייַנענ באוווסט „בריוו“, „מעלדונגענ“ און אנדערע דאָקומענטנ פונ א ריי טוער פונ אונדזער פּארטייישנ און סאָוועטישנ אפּאראט, ווו דער דראנג צומ רעכטנ אָפּנייג האָט זיכ געלאָזט פילנ מיט דער גאנצער באשטימטקייַט. איר ווייסט, אז וועגנ די דאָזיקע בריוו און דאָקומענטנ איז געווענ דערמאָנט אינ דער סטענאָראמע פונעמ יול־פּלענומ פונ צק. אויב מע זאָל זיכ אופהייבנ נאָכ העכער

און שטעלן די פראגע וועגן צק, דארף מען אנערקענען, אז אויך אינעם באשטאנד פון צק זיינען פאראן אייניקע, עמעס, גאר אומבאדייטנדיקע, עלעמענטן פון טאָלעראנטלערישער באציִונג צו דער רעכטער געפאר. די סטע־נאָגראמע פונעם יול־פּלענום פון צק איז א דירעקטער באווייז דערופ. נו, און ווי איז אין פּאָליטביוראָ? צי זיינען פאראן אין פּאָליטביוראָ וואָסערע־ניט־איז אָפּנייגן? אין פּאָליטביוראָ איז ניטאָ בא אונדז ניט קיין רעכטע, ניט קיין לינקע, ניט קיין טאָלעראנטלער צו זיי. דאָס דארף מען זאָגן דאָ מיט דער גאנצער קאטע־גאָרישקייט. שוין צייט אוועקוואַרפן די רעכילעס, וואָס ווערט פארשפרייט דורך די, וועלכע מיינען ניט קיין גוטס דער פארטיי, און דורך פארשיידע־נע מינים אָפּאָזיציאָנערן, אז אין פּאָליטביוראָ פון אונדזער צק איז פאראן א רעכטער אָפּנייג אָדער א טאָלעראנטלערישע באציִונג צו אים.

צי זיינען געווען וואקלונגען און וויגעניש אין דער מאָסקווער אָרגא־ניזאציע אָדער אין איר אָנפירונג, אינעם מאָסקווער קאָמיטעט? יאָ, געווען. ס'וואָלט נאריש געווען איצט צו באהויפּטן, אז דאָרט זיינען ניט געווען קיין וויגעניש, וואקלונגען. דעם כ׳ פענקאָווס אָפנהארציקע רעדע איז א דירעק־טער באווייז דערופ. דער כ׳ פענקאָוו איז ניט קיין לעצטער מענטש אין דער מאָסקווער אָרגאניזאציע און אין מאָסקווער קאָמיטעט. איר האָט געהערט, אז ער האָט פּאָשעט און אָפן אנערקענט זיינע טאָעסן אין א גאנצער ריי וויכטיקסטע פראגן פון אונדזער פארטייאישער פּאָליטיק. דאָס באטייט ניט, פארשטייט זיך, אז דער מאָסקווער קאָמיטעט אינגאנצן גענומען האָט גע־ליטן פון וואקלונגען. ניין, עס באטייט ניט. אזא דאָקומענט, ווי די ווענ־דונג פונעם מאָסקווער קאָמיטעט צו די מיטגלידער פון דער מאָס־קווער אָרגאניזאציע אין אָקטיאבער דאָס יאָר, רעדט, אָן ספק, וועגן דעם, אז דעם מאָסקווער קאָמיטעט האָט זיך איינגעגעבן ביי צוקומען די וואקלונ־גען פון אייניקע מיטגלידער זיינע. איך צווייפל ניט, אז דעם אָנפירנדיקן קערן פונעם מאָסקווער קאָמיטעט וועט זיך איינגעבן ענדגילטיק אויסצוגלייכן די לאגע.

אייניקע כאוויירים זיינען ניט צופרידן דערמיט, וואָס אין דעם איניען האָבן זיך ארייננגעמישט די ראיאָנע אָרגאניזאציעס, דערמיט, וואָס זיי האָבן אוועקגעשטעלט די פראגע וועגן ליקווידירן די פעלערן און די וואקלונגען פון די אָדער יענע אָנפירער פון דער מאָסקווער אָרגאניזאציע. איך ווייס ניט, מיט וואָס קאָן מען בארעכטיקן אזא אומצופרידנקייט. וואָס פאר א בייז קאָן זיין דערין, וואָס די ראיאָנע אקטיוון פון דער מאָסקווער אָרגא־ניזאציע האָבן אופגעהויבן זייער שטים און האָבן געפאָדערט, אז מע זאָל ליקווידירן די פעלערן און וואקלונגען? צי גייט דען ניט אונדזער אר־בעט אונטערן צייכן פון זעלבסטקריטיק פון אונטן? איז דען ניט קיין

פאקט, אז די זעלבסטקריטיק הייבט אוף די אקטיוויקייט פון די פארטייִשע און ביכלאל פון די פראלעטארישע מאסן? וואס זשע איז דא פאר א בייז אדער געפאר, אויב די ראיאנע אקטיוון האבן געוויזן, אז זיי שטייען אפ דער געהעריקער הייך?

צי האט ריכטיק געהאנדלט דער צק דערמיט, וואס ער האט זיך אריינגעמישט אין דעם דאזיקן איניען? איך מיין, אז דער צק האט געהאנדלט ריכטיק. דער כ׳ בערזין מיינט, אז דער צק האנדלט הארב, ווען ער שטעלט די פראגע וועגן פארבייטן איינעם פון די ראיאנע אנפירער, קעגן וועמען עס האט זיך אופגעהויבן די ראיאנע ארגאניזאציע. דאס איז לאכלוטן ניט ריכטיק. איך וואלט געקאנט דערמאנען דעם כ׳ בערזין וועגן אייניקע עפיזאדן פון 1919 אדער 1920 יאר, ווען אייניקע מיטגלידער פון צק, וואס האבן דערלאזן אייניקע, איך מיין, ניט זייער ערנסטע, פעלערן בענעגייע דער פארטיי־ליניע, זיינען לויט לענינס פארשלאג ווי געהעריק באשטראפט געווארן, דערביי איז איינער פון זיי אוועקגעשיקט געווארן קיין טורקעסטאן, און דער צווייטער איז שיר ניט אויסגעשלאסן געווארן פון באשטאנד פון צק. צי איז לענין געווען גערעכט, האנדלענדיק אזוי? איך מיין, אז ער איז געווען אבסאליוט גערעכט. אין צק איז דעמלט די לאגע געווען ניט אזא, ווי איצט. א העלפט פון צק איז געגאנגען דעמלט נאך טראצקין, און אין צק גופא איז ניט געווען קיין שטאנדהאפטיקע לאגע. איצט באגייט זיך דער צק אן אנערעך ווייכער. פארוואס? עפשער ווילן מיר זיין בעסער פון לענינען? ניין, ניט אין דעם גייט עס. עס גייט דערין, וואס די לאגע פון צק איז איצט א מער שטאנדהאפטיקע, ווי דעמלט, און דער צק האט איצט א מעגלעכקייט צו באגיין זיך ווייכער. ניט גערעכט איז אויך דער כ׳ סאכאראוו, ווען ער באהויפט, אז דער צק האט פארשפעטיקט מיט זיין ארייננמישונג. ניט גערעכט, ווייל ער ווייסט ניט, קאנטיק, אז די אריינמישונג פון צק האט זיך אנגעהויבן, אייגנטלעך גערעדט, פון פעווראל כוידעש דאס יאר. דער כ׳ סאכאראוו קאן זיך איבערצייגן דערין, אויב ער האט כיישעק, עמעס, די אריינמישונג פון צק האט ניט געגעבן מיטאמאל קיין פאזיטיווע רעזולטאטן. ס׳וואלט אבער געווען מאדנע צו באשולדיקן דערין דעם צק.

אויספירן: 1) די רעכטע געפאר שטעלט פאר אן ערנסטע געפאר אין אונדזער פארטיי, ווייל זי איז וואָרצלעט ליגן אין דער סאציאל־עקאנאמישער סיטואציע פון אונדזער לאנד; 2) די געפאר פונעם רעכטן אפנייג ווערט פארשטארקט דורך די פאראנענע שוועריקייטן, וועלכע מע קאן ניט בייקומען, אויב מע זאל ניט בייקומען דעם רעכטן אפנייג און די טאלעראנטלעריי צו אים; 3) אין דער מאסקווער ארגאניזאציע זיינען געווען וואק־

לונגען און וויגענישן, עס זײַנען געווען עלעמענטן פון ניט-שטאַנדהאַפטיקײַט; 4) דער קערן פונעם מאָסקווער קאָמיטעט האָט מיט דער הילף פון צק און פון די ראַיאָנע אַקטיוון אָנגענומען אַלע מיטלען, אַז די וואַקלונגען זאָלן ליקווידירט ווערן; 5) עס קאָן קיין צווייפל ניט זײַן, אַז דעם מאָסקווער קאָמיטעט וועט זיך אײַנגעבן בײַצוקומען די פעלערן, וואָס האָבן זיך פריִער אָנגעמערקט; 6) די אויפגאַבע באַשטייט דערין, אַז מע זאָל ליקווידירן דעם אינערלעכן קאַמף, צוזאַמענבאַהעפטן די מאָסקווער אָרגאַניזאַציע און דערפאָלגרײַך דורכפירן די איבערוואַלן פון די קעמערלעך אַפן דער באַזע פון פאַנאַנדערגעוויקלטער זעלבסטקריטיק. (אַפּלאָדיסמענטן.)

# וועגנ דעמ רעכטנ אָפנייג אינ דער אלקפ(ב)

פונ דער רעדע אפנ פלענומ פונעמ צק אלקפ(ב) אינ אפרעל 1929 יאָר

## די קלאסנ-איבערוקנ אונ אונדזערע מיינונג-פארשיידנהייטנ

אינ וואָס באשטייענ אונדזערע מיינונג-פארשיידנהייטנ, מיט וואָס זיינענ זיי פארבונדנ?

זיי זיינענ פארבונדנ פריער פונ אלצ מיט דער פראגע וועגנ די קלאסנ-איבערוקנ, וואָס קומענ פאָר די לעצטע צייט אינ אונדזער לאנד אונ אינ די קאפיטאליסטישע לענדער. אייניקע כאווירימ מיינענ, אז די מיינונג-פארשיידנהייטנ אינ אונדזער פארטיי האָבנ א צופעליקנ כאראקטער. דאָס איז ניט ריכטיק, כאווירימ. דאָס איז אבסאָליוט ניט ריכטיק. די מיינונג-פארשיידנהייטנ אינ אונדזער פארטיי זיינענ אופגעקומענ אפנ גרונט פונ די קלאסנ-איבערוקנ, אפנ גרונט פונ דער פארשארפונג פונעמ קלאסנקאמפ, וואָס קומט פאָר די לעצטע צייט אונ וואָס שאפט אנ איבערבראָכ אינ דער אנטוויקלונג. דער הויפט-פעלער פונ כ' בוכארינס גרופע באשטייט דערינ, וואָס זי זעט ניט די דאָזיקע איבערוקנ אונ דעמ דאָזיקנ איבערבראָכ, זי זעט זיי ניט אונ וויל זיי ניט באמערקנ. דערמיט אייגנטלעכ איז צו דערקלערנ אָט דאָס ניט פארשטיינ די נייע אופגאבנ פונ דער פארטיי אונ פונעמ קאָמינטערנ, אונ דאָס איז דער כאראקטעריסטישער שטריכ פונ דער נייער אָפאָזיציע.

צי האָט איר באמערקט, כאווירימ, אז די אָנפירער פונ דער נייער אָפאָזיציע האָבנ אינ זייערע רעדעס אפנ פלענומ פונ צק אונ צקק אינגאנצנ אויסגעמיטנ די פראגע וועגנ די קלאסנ-איבערוקנ אינ אונדזער לאנד, אז זיי האָבנ מיט קיינ איינ וואָרט ניט דערמאָנט וועגנ דער פארשארפונג פונעמ קלאסנקאמפ אונ האָבנ אפילע ניט געגעבנ קיינ וווייטע אָנדייטונג דערופ, אז אונדזערע מיינונג-פארשיידנהייטנ זיינענ פארבונדנ גראָד מיט דער דאָזיקער פארשארפונג פונעמ קלאסנקאמפ? זיי האָבנ גערעדט וועגנ אלצ, אי וועגנ פילאָסאָפיע אי וועגנ טעאָריע, זיי האָבנ אָבער קיינ איינ וואָרט ניט געזאָגט וועגנ די קלאסנ-איבערוקנ, וואָס באשטימענ די אָריענ-

טאציע אונ די פראקטיק פונ אונדזער פארטיי אינעם געגעבענעם מאָמענט. מיט וואָס קאָנ מענ דערקלערנ אָט־די מאָדנע דערשיינונג? עפשער האָבנ זיי פארגעסנ? פארשטייט זיכ, אז ניט! פאָליטיקער קאָנענ ניט פארגעסנ וועגנ דעמ איקער. דאָס איז צו דערקלערנ דערבײַ, וואָס זיי זעענ ניט אונ פארשטייענ ניט די נײַע רעוואָליוציאָנערע פראָצעסנ, וואָס קומענ איצט פאָר סײַ בא אונדז אינ לאנד סײַ אינ די קאפיטאליסטישע לענדער. דאָס איז צו דערקלערנ דערמיט, וואָס זיי האָבנ פארזענ דעמ איקער, זיי האָבנ פארזענ די קלאסנ־איבערוקנ, וועלכע א פאָליטיקער האָט קיינ רעכט ניט צו פארזענ. דערמיט אייגנטלעכ איז צו דערקלערנ די פארלאָרנקײַט אונ אומבאוואָפנטקײַט, וואָס די נײַע אָפּאָזיציע ווײַזט ארויס אינ אָנגעזיכט פונ די נײַע אופגאבנ פונ אונדזער פארטיי.

דערמאָנט זיכ וועגנ די לעצטע געשעענישנ אינ אונדזער פארטיי. דערמאָנט זיכ וועגנ די לאָזונגענ, וואָס די פארטיי האָט געגעבנ די לעצטע צײַט אינ פארבינדונג מיט די נײַע קלאסנ־איבערוקנ אינ אונדזער לאנד. איכ רייד וועגנ אזעלכע לאָזונגענ, ווי דער לאָזונג וועגנ זעלבסטקריטיק, דער לאָזונג וועגנ פארשארפנ דעמ קאמפ קעגנ ביוראָקראטיזמ אונ וועגנ דער רייניקונג פונעמ סאָוועטישנ אפאראט, דער לאָזונג וועגנ אָרגאניזירנ נײַע ווירטשאפטלעכע קאדרענ אונ רויטע ספעציאליסטנ, דער לאָזונג וועגנ פארשטארקנ די קאָלווירטישע אונ ראטווירטשע באוועגונג, דער לאָזונג וועגנ אָנגריפ אפנ באלעגופ, דער לאָזונג וועגנ אראָפּזעצנ דעמ קערנקאָסט אונ וועגנ ראדיקאלנ פארבעסערנ די פראקטיק פונ דער פראָפאריינישער ארבעט, דער לאָזונג וועגנ דער פארטייריניקונג אאזו. פאר אייניקע כאוויירימ האָבנ זיכ די דאָזיקע לאָזונגענ אויסגעוויזנ, ווי איבערראשנדיקע אונ קאָפּשווינדלדיקע. ס'איז אָבער קלאָר, אז די דאָזיקע לאָזונגענ זײַנענ די סאמע נויטווענדיקע אונ אקטועלע לאָזונגענ פונ דער פארטיי אינעמ געגעבענעמ מאָמענט.

אָנגעהויבנ האָט זיכ דערפונ, וואָס מיר האָבנ, אינ פארבינדונג מיטנ שאכטער פראָצעס, פונדאָסנײַ אוועקגעשטעלט די פראגע וועגנ נײַע ווירטשאפטלעכע קאדרענ, די פראגע וועגנ אויסארבעטנ רויטע ספעציאליסטנ פונ מענטשנ פונעמ ארבעטער־קלאס אפ צו פארבײַטנ די אלטע ספעציאליסטנ. וואָס איז קלאָר געוואָרנ אינ פארבינדונג מיטנ שאכטער פראָצעס? עס איז קלאָר געוואָרנ, אז די בורזשואזיע איז נאָכ ווײַט ניט דערשלאָגנ ביזנ סאָפ, אז זי אָרגאניזירט אונ וועט נאָכ אָרגאניזירנ שעדיקערײַ אינ אונדזער ווירטשאפטלעכער בויונג, אז אונדזערע ווירטשאפטלעכע, פראָפאריינישע אונ טיילווײַז פארטייישע אָרגאניזאציעס האָבנ פארזענ די אונטערגראָבערישע

ארבעט פון אונדזערע קאָנסן-פּיַינט, אז מע דארף, הייסט עס, פארשטארקן און פארבעסערן אונדזערע אָרגאניזאציעס מיט אלע קרעפטן, מיט אלע מיטלען, אנטוויקלענדיק און פארשטארקנדיק זייער קאָנסן־וואכזאמקייט.

אין פארבינדונג מיט דעם האָט זיך פארשארפט די פראגע וועגן דעם לאָזונג זעלבסטקריטיק. פארוואָס? דערפאר, ווייל מע קאָן ניט פארבעסערן אונדזערע ווירטשאפטלעכע, פראָפאריינישע און פארטייִשע אָרגאניזאציעס, מע קאָן ניט רוקן פאָרויס די בויונג פון סאָציאַליזם און די איינצאמונג פון דער בורזשואזער שעדיקערייַ, אויב מע זאָל ניט אנטוויקלען אין דער גאנצער ברייט די קריטיק און זעלבסטקריטיק, אויב מע זאָל ניט שטעלן אונטערן קאָנטראָל פון די מאסן די ארבעט פון אונדזערע אָרגאניזאציעס. און דאָס איז דאָך א פאקט, אז שעדיקערייַ איז געווען און איז נאָך דאָ אויך איצט ניט בלויז אין די קוילן־ראיאָנען, נאָר אויך אין געביט פון מעטאל, נאָר אויך אין געביט פון דער מיליטערישער אינדוסטריע, נאָר אויך אין פאָלקקאָמפּארקער, אין דער גאָלד- און פּלאטינע-אינדוסטריע אאוו. אדג. פונדאנען שטאמט דער לאָזונג וועגן זעלבסטקריטיק.

ווייַטער, אין פארבינדונג מיט די שוועריקייַטן אין דער ברויט־פאר־גרייטונג, אין פארבינדונג מיט דער ארויסטרעטונג פונעם באלעגופּנטום קעגן דער סאָוועטישער פּרייַז־פּאָליטיק, האָבן מיר פארשארפט די פראגע וועגן אלמעגלעכן אנטוויקלען די קאָלווירטן און ראטווירטן, וועגן אן אָנ־גריף אפן באלעגופּ, וועגן אָרגאניזירן די ברויט־פארגרייטונגען אין סיידער פון אָנדריקן אפ די באלעגופּיש-פארמעגלעכע עלעמענטן. וואָס האָבן קלאָר געמאכט די שוועריקייַטן אין דער ברויט־פארגרייטונג? זיי האָבן קלאָר געמאכט, אז דער באלעגופּ דרעמלט ניט, אז דער באלעגופּ וואקסט, אז ער אָרגאניזירט אונטערגראָבונגען קעגן דער פּאָליטיק פון דער ראטנמאכט, און אז אונדזערע פארטייִשע, סאָוועטישע און קאָאָפּעראטיווע אָרגאניזאציעס, אלנפאלס א טייל פון זיי, איז אָדער זיי זעען ניט דעם פּיַינט, אָדער זיי פאסן זיך צו אים צו אָנשטאָט צו קעמפן קעגן אים.

פונדאנען שטאמט די נייַע פארשארפונג פונעם לאָזונג וועגן זעלבסט־קריטיק, פון דעם לאָזונג וועגן דורכקאָנטראָלירן און פארבעסערן אונדזערע פארטייִשע, קאָאָפּעראטיווע און ביכלאָך פארגרייטערישע אָרגאניזאציעס.

ווייַטער, אין פארבינדונג מיט די נייַע אויפגאבן פון רעקאָנסטרויִרן די אינדוסטריע און די לאנדווירטשאפט אפ דער באזע פון סאָציאַליזם, איז אנטשטאנען דער לאָזונג וועגן סיסטעמאטישן אראָפּזעצן דעם קערנ־קאָסט, וועגן פארשטארקן די ארבעט-דיסציפּלין, וועגן פאנאנדערוויקלען דעם סאָציאַליסטישן געוועט אאוו. די דאָזיקע אויפגאבן האָבן געפאָדערט, עס זאָל איבערגעקוקט ווערן די גאנצע פּראקטיק פון די פּראָפעסיאָנעלע

פאריינען און פונעם סאָוועטישן אפאראט, אז די דאָזיקע אָרגאניזאציעס זאָלן גרינטלעך אופגעלעבט ווערן, אז די דאָזיקע אָרגאניזאציעס זאָלן אָפּגערייניקט ווערן פון עלעמענטן פון ביוראָקראטיזם.

פונדאנען שטאמט די פארשארפונג פונעם לאָזונג וועגן קאמף קעגן ביוראָקראטיזם אין די פּראָפאריינען און אינעם סאָוועטישן אפאראט.

ענדלעך, די פראגע וועגן דעם לאָזונג פון דער פארטיי-רייניקונג. עס וואָלט געווען לעכערלעך צו מיינען, אז מע קאָן פארפעסטיקן אונדזערע סאָוועטיש-ווירטשאפטלעכע, פּראָפעסיאָנעלע און קאָאָפּעראטיווע אָרגאניזא-ציעס, אז מע קאָן זיי אָפּרייניקן פונעם שמוץ פון ביוראָקראטיזם, ניט אָפּשלייפנדיק די פארטיי גופא. עס קאָן קיין צווייפל ניט זיין, אז די ביוראָקראטישע עלעמענטן זיינען לעבעדיק ניט בלויז אין די ווירטשאפט-לעך-קאָאָפּעראטיווע און פּראָפעסיאָנעל-סאָוועטישע אָרגאניזאציעס, נאָר אויך אין די אָרגאניזאציעס פון דער פארטיי גופא. אויב די פארטיי איז די אָנפירנדיקע קראפט פון אָט-די אַלע אָרגאניזאציעס, איז קלאָר, אז די רייניקונג פון דער פארטיי איז יענער נויטווענדיקער באדינג, אָן וועלכן עס קאָן ניט דורכגעפירט ווערן ביזן סאָף די אופלעבונג און פארבעסע-רונג פון אַלע איבעריקע אָרגאניזאציעס פונעם ארבעטער-קלאס. פונדאנען שטאמט דער לאָזונג וועגן דער פארטיי-רייניקונג.

צי זיינען צופעליק די דאָזיקע לאָזונגען? ניין, ניט צופעליק. איר זעט אליין, אז זיי זיינען ניט צופעליק. זיי זיינען נויטווענדיקע רינגען פון איין אומצעטיילעכער קייט, וועלכע הייסט — אָנגריף פונעם סאָציאליזם קעגן די עלעמענטן פונעם קאַ-פּיטאליזם.

זיי זיינען פארבונדן פריער פון אַלץ מיטן פעריאָד פון רעקאָנ-סטרוירן אונדזער אינדוסטריע און אונדזער לאנדווירטשאפט אפן דער באזע פון סאָציאליזם. און וואָס שטעלט מיט זיך פאָר די רעקאָנסטרוקציע פון דער פאָלקווירטשאפט אפן דער באזע פון סאָציאליזם? זי שטעלט מיט זיך פאָר אן אָנגריף פונעם סאָציאליזם קעגן די קאפּיטאליסטישע עלעמענטן פון דער פאָלקווירטשאפט אפן גאנצן פראָנט. דאָס איז ביז גאָר אן ערנסטער שריט פונעם ארבעטער-קלאס פון אונדזער לאנד אין דער זייט פון אויס-בויען דעם סאָציאליזם. קעדיי אָבער דורכצופירן די דאָזיקע רעקאָנסטרוקציע, דארף מען פריער פון אַלץ פארבעסערן און פארשטארקן די קאדרען פון דער סאָציאליסטישער בויונג סיי די ווירטשאפט-סאָוועטישע און פּראָפא-ריינישע סיי די פארטייאיש-קאָאָפּעראטיווע, מע דארף אָפּשלייפן אַלע אונ-דזערע אָרגאניזאציעס, אָפּרייניקן זיי פון שמוץ, מע דארף אופהייבן די אקטיווקייט פון די מיליאָניקע מאסן פונעם ארבעטער-קלאס און פויערטום.

ווײַטער, די דאָזיקע לאָזונגען זײַנען פאַרבונדן מיטן פאַקט פונעם ווידערשטאַנד מיצאַד די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן פון דער פּאָלקווירט־שאַפט קעגן דעם אָנגרײַפנדיקן סאָציאַליזם. מע קאָן ניט רעכענען פאַר א צופעליקייט דעם אויסגערופענעם שאַכטער פּראָצעס. „שאַכטינצעס" זיצן איצט אין אַלע צווײַגן פון אונדזער אינדוסטריע. פיל פון זיי האָט מען אַרויס־געפישט, אָבער נאָך ווײַט ניט אַלע האָט מען אַרויסגעפישט. די שעדיקערײַ פון דער בורזשואזער אינטעליגענץ איז איינע פון די סאַמע געפערלעכסטע פאָרמען פון ווידערשטאַנד קעגן דעם זיך אַנטוויקלענדיקן סאָציאַליזם. די שע־דיקערײַ איז נאָך מער געפערלעך, ווײַל זי איז פאַרבונדן מיטן אינטערנאַ־ציאָנאַלן קאַפּיטאַל. די בורזשואזע שעדיקערײַ איז אַן אָנצווייפלדיקער צײַגער, אַז די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן האָבן נאָך ווײַט ניט אוועקגעלייגט דאָס געווער, אַז זיי זאַמלען קרעפטן פאַר נײַע אַרויסטרעטונגען קעגן דער ראַטנמאַכט. וואָס אָנבאַלאַנגט די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן פון דאָרף, טאָר מען אַוודאי ניט רעכענען פאַר קיין צופעליקייט די אַרויסטרעטונג פונעם באַלעגופּנטום, וואָס דויערט שוין אָט דאָס צווייטע יאָר, קעגן דער סאָוועט־טישער פּרײַזן־פּאָליטיק. פיל קאָנען נאָך ביז איצט ניט דערקלערן דעם פאַקט, וואָס ביזן 1927 יאָר האָט דער באַלעגופּ יאָ געגעבן ברויט אין סיידער פון זעלבשטראָם, און נאָכן 1927 יאָר האָט ער אופגעהערט צו געבן ברויט אין סיידער פון זעלבשטראָם. אין אָט־דעם אומשטאַנד איז אָבער קיין שום וווּנדערלעכעס ניטאָ. אויב פריער איז נאָך דער באַלעגופּ געווען לעפּיערעך שוואַך, ער האָט ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט ערנסט אײַנצואָרדענען זײַןווירטשאַפט, ער האָט ניט געהאַט קיין גענוגנדיקע קאַפּיטאַלן צו פאַרפעסטיקן זײַן ווירטשאַפט, און מאַכמעס דעם איז ער געווען געניים אַרויס־צוטראָגן אַלע אָדער קימאַט אַלע מויסרעס פון זײַן ברויט־פּראָדוקציע אפן מאַרק, איז איצט, נאָך א ריי גערעטעניש־יאָרן, ווען ער האָט באַוויזן ווירטשאַפטלעך אַרומבויען זיך, ווען אים האָט זיך אײַנגעגעבן אָנצוזאַמלען די נייטיקע קאַפּיטאַלן, — האָט ער באַקומען א מעגלעכקייט צו מאַנעווירן אפן מאַרק, ער האָט באַקומען א מעגלעכקייט אָפּצולייגן דאָס ברויט, די דאָזיקע וואַליוטע פון וואַליוטעס, אין רעזערוו פאַר זיך, האַלטנדיק פאַר בעסער אַרויסצופירן אפן מאַרק פלייש, האָבער, גערשטן און אַנדערע צווייט־ראַנגיקע קולטורן. עס וואָלט געווען לעכערלעך צו האָפן איצט, אַז מע קאָן נעמען ברויט באַם באַלעגופּ פרײַוויליק. אָט ווו עס שטעקט דער וואָרצל פון דעם ווידערשטאַנד, וואָס דער באַלעגופּ ווײַזט איצט אַרויס קעגן דער פּאָליטיק פון דער ראַטנמאַכט.

און וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דער ווידערשטאַנד מיצאַד די קאַפּיטאַ־ליסטישע עלעמענטן פון שטאָט און דאָרף קעגן דעם אָנגריף פון סאָציאַ־

ליזמ? דאָס איז אַנ איבערגרופירונג פונ די קויכעס פונ די קלאַסנפײַנט
פונעמ פראָלעטאַריאַט, אַנ איבערגרופירונג, וואָס איר ציל איז צו פאַרטײ-
דיקנ דאָס אַלטע קעגנ דעמ נײַעמ. עס איז ניט שווער צו פאַרשטײנ, אַז
די דאָזיקע אומשטענדנ קאָנענ ניט ניט אַרויסרופנ קײנ פאַרשאַרפונג פונעמ
קלאַסנקאַמפ. קעדײ אָבער אָפצושלאָגנ דעמ ווידערשטאַנד פונ די קלאַסנ־
פײַנט אונ אָפרײניקנ דעמ וועג אַפ צו רוקנ פאָרויס דעמ סאָציאַליזמ, איז
נײטיק, אַחוצ אַלעמענ, אָפצושלײפנ אַלע אונדזערע אָרגאַניזאַציעס, אָפצורײ-
ניקנ זײ פונ ביוראָקראַטיזמ, פאַרבעסערנ זײערע קאַדרעס אונ מאָביליזירנ
די מיליאָניקע מאַסנ פונעמ אַרבעטער־קלאַס אונ פונ די אַרבעטנדיקע שיכטנ
פונ דאָרפ קעגנ די קאַפיטאַליסטישע עלעמענטנ פונ שטאָט אונ דאָרפ.

אָט אַפנ גרונט פונ וואָסערע קלאַסנ-איבערוקנ עס זײַנענ אופגעקומענ
די איצטיקע לאָזונגענ פונ אונדזער פאַרטײ.

דאָס זעלביקע דאַרפ מענ זאָגנ וועגנ די קלאַסנ-איבערוקנ אינ די קאַפי־
טאַליסטישע לענדער. עס וואָלט געווענ לעכערלעך צו מײנענ, אַז די סטאַ־
ביליזאַציע פונעמ קאַפיטאַליזמ איז געבליבנ אָנ ענדערונגענ. נאָכמער לע-
כערלעך וואָלט געווענ צו באַהויפטנ, אַז די סטאַביליזאַציע פאַרפעסטיקט
זיך, אַז זי ווערט פעסט. אינדערעמעסנ ווערט די סטאַביליזאַציע פונעמ
קאַפיטאַליזמ אונטערגעגראָבנ אונ צעוואַקלט מיט יעדנ כוידעש, מיט יעדנ
טאָג. די פאַרשאַרפונג פונעמ קאַמפ פאַר מערק אונ רויִשטאָפ, דער וווּקס
פונ די באַוואָפענונגענ, דער וווּקס פונעמ אַנטאַגאָניזמ צווישנ אַמעריקע
אונ ענגלאַנד, דער וווּקס פונעמ סאָציאַליזמ אינ פסס"ר, דאָס לינק-ווערנ
פונעמ אַרבעטער־קלאַס אינ די קאַפיטאַליסטישע לענדער, דער שטראָמ שטרײַקנ
אונ קלאַסנ־שלאַכטנ אינ די לענדער פונ אײראָפּע, דער וווּקס פונ דער רע־
וואָלוציאָנערער באַוועגונג אינ די קאָלאָניעס, דערונטער אויכ אינ אינדיע,
דער וווּקס פונעמ קאָמוניזמ אינ אַלע לענדער פונ דער וועלט — דאָס זײַ־
נענ אַלצ אַזעלכע פאַקטנ, וואָס רײדנ אָנ סאָפעק וועגנ דעמ, אַז אינ די
לענדער פונעמ קאַפיטאַליזמ וואַקסנ אָנ עלעמענטנ פאַר אַ נײַעמ רעוואָלי־
ציאָנערנ אופשטײַג.

פונדאַנענ קומט די אופגאַבע צו פאַרשאַרפנ דעמ קאַמפ קעגנ דער סאָציִ-
אַל-דעמאָקראַטיע אונ פריִער פונ אַלצ קעגנ איר „לינקנ" פליגל, אַלס
סאָציאַלנ אָנשפאַר פונעמ קאַפיטאַליזמ. פונדאַנענ קומט די אופגאַבע צו
פאַרשאַרפנ דעמ קאַמפ קעגנ די רעכטע עלעמענטנ אינ די קאָמפאַרטײענ,
אַלס אַנ אַגענטור פונ דעמ סאָציִאַל־דעמאָקראַטישנ אײַנפלוס. פונדאַנענ
קומט די אופגאַבע צו פאַרשאַרפנ דעמ קאַמפ קעגנ דער טאָלעראַנטלערײַ
צומ רעכטנ אָפנײג, אַלס שוצ־אָרט פונעמ אָפאָרטוניזמ אינ די קאָמפאַרטײענ.
פונדאַנענ קומט דער לאָזונג וועגנ אָפרײניקנ די קאָמפאַרטײענ פונ די

סאָציאַל-דעמאָקראַטישע טראַדיציעס. פונדאַנען קומט די אַזוי־גערופענע נײַע טאַקטיק פונעם קאָמוניזם אין די פּראָפּאַרײַנען. אייניקע כאַווערים פאַר־שטייען ניט דעם זינען און דעם באַטײַט פון די דאָזיקע לאָזונגען. אַ מאַרקסיסט אָבער וועט שטענדיק פאַרשטיין, אַז אויב מע זאָל ניט דורכ־פירן אין לעבן די דאָזיקע לאָזונגען, איז אומדענקבאַר די צוגרייטונג פון די פּראָלעטאַרישע מאַסן צו נײַע קלאַסן־שלאַכטן, איז אומדענקבאַר אַ זיג איבער דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, איז אומעגלעכ דורכצופירן אַן אָפּקלײַב פון ווירקלעכע לידערס פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, וואָס זײַנען פייִיק צו פירן דעם אַרבעטער־קלאַס אין קאַמף פאַר אַראָפּוואַרפן דעם קאַפּיטאַליזם.

אָט דאָס זײַנען, כאַווערים, יענע קלאַסן-איבערוקן אין אונדזער לאַנד און אין די לענדער פונעם קאַפּיטאַליזם, וואָס אויף זייער גרונט זײַנען אויסגעוואַקסן די איצטיקע לאָזונגען פון אונדזער פּאַרטיי סײַ לויט דער ליניע פון איר אינערלעכער פּאָליטיק סײַ לויט דער ליניע פונעם קאָמינ־טערן.

אונדזער פּאַרטיי זעט די דאָזיקע קלאַסן-איבערוקן. זי פאַרשטייט די באַדײַטונג פון די נײַע אויפגאַבן און מאָביליזירט די קרעפטן פאַר דער לייזונג פון די דאָזיקע אויפגאַבן. דערפאַר באַגעגנט זי די געשעענישן אין פולער באַוואָפענונג. דערפאַר האָט זי קיין מוירע ניט פאַר די שוועריקײַטן, וואָס שטייען פאַר איר, ווײַל זי איז גרייט זיי בײַצוקומען.

דער אומגליק פון דער נײַער אָפּאָזיציע, דער אומגליק פון כ׳ בוכאַ־רינס גרופּע באַשטייט דערין, וואָס זי זעט ניט די דאָזיקע קלאַסן-איבע־רוקן און פאַרשטייט ניט די נײַע אויפגאַבן פון דער פּאַרטיי. און טאַקע דערפאַר, ווײַל זי פאַרשטייט זיי ניט, לעבט זי איבער אַ צושטאַנד פון פולשטענדיקער פאַרלאָרנקײַט, איז זי גרייט צו אַנטלויפן פון די שוועריק־קײַטן, אָפּצוטרעטן פאַר זיי, אָפּצוגעבן די פּאָזיציעס.

צי האָט איר געזען פישערס פאַר אַ שטורעם אויף אַ גרויסן טײַך, אַנערעכ ווי דער יעניסיי? איך האָב זיי געזען ניט איין מאָל. עס טרעפט, בײַס עס הייבט זיך אָן אַ שטורעם, מאָביליזירט איין גרופּע פישערס אַלע אירע קרעפטן, זי גיט צו מוט אַלע אירע מענטשן און פירט דרייסט דאָס שיפל דעם שטורעם אַנטקעגן: „האַלט זיך, כעווריע, פעסטער פאַרן רודער, שנײַד די כוואַליעס, מיר וועלן זיגן!" עס טרעפט אָבער אויך אַ צווייטער סאָרט פישערס, וואָס, אַז זיי דערשפּירן אַ שטורעם, פאַרלירן זיי דעם מוט, הייבן אָן כניקען און דעמאָראַליזירן זייער אייגענע רייען: „אָט אַן אומגליק, עס הייבט זיך אָן אַ שטורעם, לייגט זיך, כעווריע, אויפן דעק פון שיפל, פאַרמאַכט די אויגן, עפּשער וועט עס אונדז ווי-ס׳ניט-איז אַרויסטראָגן צום

ברעג״. (אלגעמיינער געלעכטער.) צי דען איז נאָך נייטיק צו דער־
ווייזן, אז די איינשטעלונג און די אופירונג פון כ׳ בוכארינס גרופע איז, ווי
צוויי טראָפן וואסער, ענלעך צו דער איינשטעלונג און אופירונג פון דער
צווייטער גרופע פישערס, וואָס טרעטן אָפּ אין פאניק פאר די שוועריקייטן?

מיר זאָגן, אז אין אייראָפּע ווערן רייף די באדינגונגען פאר א נייעם
רעוואָליוציאָנערן אופשטייג, אז דער דאָזיקער אומשטאנד דיקטירט אונדז
נייע אופגאבן צו פארשטארקן דעם קאמף קעגן דעם רעכטן אָפּנייג אין
די קאָמפארטייען און ארויסצוטרייבן די רעכטע אָפּנייגלער פון דער פארטיי,
צו פארשטארקן דעם קאמף קעגן דער טאָלעראנטלעריי, וואָס דעקט צו דעם
רעכטן אָפּנייג, צו פארשטארקן דעם קאמף קעגן די סאָציאַל־דעמאָקראטישע
טראדיציעס אין די קאָמפארטייען אאזו. אדג. און דער כ׳ בוכארין ענטפערט
אונדז, אז דאָס אלץ זיינען נארישקייטן, אז קיינע שום נייע אופגאבן האָבן
מיר ניט, אז אינדערעמעסן האנדלט זיך עס וועגן דעם, וואָס די מערהייט
פונעם צק וויל אים, דה. דעם כ׳ בוכארין, „דורכארבעטן״.

מיר זאָגן, אז די קלאסן־איבערוקן אין אונדזער לאנד דיקטירן אונדז
נייע אופגאבן, וועלכע פאָדערן א סיסטעמאטישע אראָפּזעצונג פונעם קערנ־
קאָסט און א פארפעסטיקונג פון דער ארבעט־דיסציפלין אין די אונטערנע־
מונגען, אז די דורכפירונג פון די דאָזיקע אופגאבן איז אומעגלעך אָן
א ראדיקאלער ענדערונג פון דער גאנצער פראקטיק פון דער ארבעט אין
די פראָפעסיאָנעלע פאריינען. און דער כ׳ טאָמסקי ענטפערט אונדז, אז דאָס
אלץ זיינען נארישקייטן, אז קיינע שום נייע אופגאבן האָבן מיר ניט, אז
אינדערעמעסן האנדלט זיך עס דערין, וואָס די מערהייט פון צק וויל אים,
דה. דעם כ׳ טאָמסקי, „דורכארבעטן״.

מיר זאָגן, אז די רעקאָנסטרוקציע פון דער פאָלקווירטשאפט דיקטירט
אונדז נייע אופגאבן צו פארשטארקן דעם קאמף קעגן דעם ביוראָקראטיזם
פונעם סאָוועטיש־ווירטשאפטלעכן אפאראט, אָפּצוריייניקן דעם דאָזיקן אפּא־
ראט פון די פוילע און פרעמדע עלעמענטן, פון די שעדיקער אאזו. אדג.
און דער כ׳ ריקאָוו ענטפערט אונדז, אז דאָס אלץ זיינען נארישקייטן, אז
קיינע שום נייע אופגאבן האָבן מיר ניט, אז אינדערעמעסן האנדלט זיך
עס דערין, וואָס די מערהייט פון צק וויל אים, דה. דעם כ׳ ריקאָוו, „דורכאר־
בעטן״.

נו, איז דען דאָס ניט לעכערלעך, כאווריים? איז דען ניט קלאָר, אז
די ככ׳ בוכארין, ריקאָוו און טאָמסקי זעען מער גאָרניט אפּ דער וועלט,
אכוץ זייער נאָפּל?

דער אומגליק פון כ׳ בוכארינס גרופע באשטייט דערין, וואָס זי זעט
ניט די נייע קלאסן־איבערוקן און פארשטייט ניט די נייע אופגאבן פון

דער פּאַרטיי. און טאַקע דערפאַר, ווײַל זי פאַרשטייט זיי ניט, איז זי געצוווּנגען צו שלעפּן זיך אין עק פון די געשעענישן און אָפּהענטיק בלײַבן קעגן די שוועריקייטן.

אָט ווו עס שטעקט דער וואָרצל פון אונדזערע מיינונג־פאַרשיידנהייטן.

## II

## די מיינונג-פאַרשיידנהייטן לויט דער ליניע פון קאָמינטערן

איך האָב שוין געזאָגט, אַז דער כ׳ בוכארינ זעט ניט און פאַרשטייט ניט די נײַע אויפגאַבן פון קאָמינטערן אין פּראַט פון אַרויסטרײַבן די רעכטע פון די קאָמפּאַרטייען, פון אײַנצוימען די טאָלעראַנטלערײַ און פון אָפּריינִיקן די קאָמפּאַרטייען פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע טראַדיציעס, — די נײַע אויפגאַבן, וואָס ווערן דיקטירט דורך די אָנוואַקסנדיקע באַדינגונגען פאַר א נײַעם רעוואָליוציאָנערן אויפשטײַג. די דאָזיקע האַנאָכע האָט זיך אײַנגעאַנצט באַשטעטיקט דורך אונדזערע מיינונג-פאַרשיידנהייטן איבער די פראַגן פון קאָמינטערן.

פון וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן די מיינונג־פאַרשיידנהייטן אין דעם דאָזיקן געביט?

אָנגעהויבן האָט זיך פון כ׳ בוכארינס טעזיסן אפּן VI קאָנגרעס וועגן דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע. געוויינלעך פלעגן פריער טעזיסן באַטראַכט ווערן אין דער דעלעגאַציע פון דער אַלקפּ. אין דעם געגעבענעם פאַל אָבער איז דער דאָזיקער באַדינג ניט אָפּגעהיט געוואָרן. עס איז אויסגעקומען אַזוי, אַז די טעזיסן מיט כ׳ בוכארינס אונטערשריפט, וואָס זײַנען צוגעשיקט געוואָרן אין דער דעלעגאַציע פון דער אַלקפּ, זײַנען גלײַכצײַטיק פאַנאַנדערגעשיקט געוואָרן צו די אויסלענדישע דעלעגאַציעס פונעם VI קאָנגרעס. די טעזיסן האָבן זיך אָבער אַרויסגעוויזן פאַר ניט קיין באַפרידיקנדיקע אין א גאַנצער ריי פונקטן. דער דעלעגאַציע פון דער אַלקפּ איז אויסגעקומען אַרײַנצוטראָגן אין די טעזיסן בא 20 אויסבעסערונגען.

דאָס האָט געשאַפן א געוויסע אומבאַקוועמלעכקײַט אין כ׳ בוכארינס לאַגע. ווער איז אָבער דערין שולדיק? צו וואָס האָט עס דער כ׳ בוכארינ געדאַרפט פאַנאַנדערשיקן די טעזיסן צו די אויסלענדישע דעלעגאַציעס איידער די דעלעגאַציע פון דער אַלקפּ האָט זיי געהאַט באַטראַכט? צי האָט דען די דעלעגאַציע פון דער אַלקפּ געקאָנט ניט אַרײַנטראָגן קיין אויסבעסערונגען, אויב די טעזיסן האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר ניט קיין באַפרידיקנדיקע? איז אָט האָט זיך באַקומען אַזוי, אַז פון דער דעלעגאַציע פון דער אַלקפּ זײַנען

ארויס, אינ טאָכ גענומענ, נײַע טעזיסנ וועגנ דער אינטערנאציאָנאלער לאגע, טעזיסנ, וועלכע די אויסלענדישע דעלעגאציעס האָבנ אָנגעהויבנ קעגנשטעלנ קעגנ די אלטע טעזיסנ, וואָס כ' בוכארינ האָט אונטערגעשריבנ. ס'איז קלאָר, אז די דאָזיקע אומבאקוועמלעכקײַט וואָלט ניט געווענ, ווענ דער כ' בוכארינ וואָלט זיכ ניט געײַלט מיטנ פאנאנדערשיקנ זײַנע טעזיסנ צו די אויסלענדישע דעלעגאציעס.

איכ וואָלט געוואָלט פארצייכענענ פיר גרונט־אויסבעסערונגענ, וואָס די דעלעגאציע פונ דער אלקפ האָט ארײַנגעטראָגנ אינ כ' בוכארינס טעזיסנ. איכ וואָלט געוואָלט פארצייכענענ די דאָזיקע גרונטלעכע אויסבעסערונגענ, קעדיי קלאָרער צו דעמאָנסטרירנ דעמ כאראקטער פונ די מיינונג־פארשיידנהײַטנ איבער די פראגנ פונ קאָמינטערנ.

ד י  ע ר ש ט ע  פ ר א ג ע — דאָס איז די פראגע וועגנ דעמ כאראקטער פונ דער סטאביליזאציע פונעמ קאפיטאליזמ. באמ כ' בוכארינ איז אינ זײַנע טעזיסנ אויסגעקומענ אזוי, אז קיינ שומ נײַס, וואָס צעוואקלט די קאפיטאליסטישע סטאביליזאציע, קומט אינעמ געגעבענעמ מאָמענט ניט פאָר, אז, פארקערט, דער קאפיטאליזמ  ר ע ק אָ נ ס ט ר ו י ר ט  ז י כ  אונ האלט זיכ אינ גרונט מער אָדער ווייניקער  פ ע ס ט. ס'איז קלאָר, אז מיט אזא כאראקטעריסטיק פונ דעמ אזויגערופענעמ דריטנ פעריאָד, דה. פונ דעמ פעריאָד, וועלכנ מיר לעבנ אצינד איבער, האָט די דעלעגאציע פונ דער אלקפ ניט געקאָנט מאסקימ זײַנ. זי האָט ניט געקאָנט מאסקימ זײַנ דערמיט, ווײַל ווענ מיר זאָלנ איבערלאָזנ אזא כאראקטעריסטיק פונעמ דריטנ פעריאָד, וואָלט עס אונדזערע קריטיקער געקאָנט געבנ שפײַז צו ריידנ וועגנ דעמ, אז מיר שטעלנ זיכ אפנ שטאנדפונקט פונ דער אזויגערופענער „געזונטמאכונג" פונעמ קאפיטאליזמ, דה. אפ הילפערדינגס שטאנדפונקט, אפ א שטאנדפונקט, אפ וועלכנ מיר, קאָמוניסטנ, קאָנענ ניט שטיינ. מאכמעס דעמ האָט די דעלעגאציע פונ דער אלקפ ארײַנגעטראָגנ אנ אויסבעסערונג, פונ וועלכער ס'איז צו זענ, אז די קאפיטאליסטישע סטאביליזאציע איז ניט קיינ פעסטע אונ קאָנ ניט זײַנ קיינ פעסטע, אז זי ווערט צעוואקלט אונ וועט צעוואקלט ווערנ מיטנ גאנג פונ די געשעענישנ, מאכמעס דער פארשארפונג פונעמ קריזיס פונעמ וועלט־קאפיטאליזמ. די דאָזיקע פראגע האָט, כאווײרימ, אנ אנטשיידנדיקע באדײַטונג פאר די סעקציעס פונעמ קאָמינטערנ. צי ווערט די קאפיטאליסטישע סטאביליזאציע צעוואקלט אָדער זי פארפעסטיקט זיכ, — פונ דעמ איז אָפהענגיק די גאנצע אײַנשטעלונג פונ די קאָמפארטייענ אינ זייער טאָגטעגלעכער פאָליטישער ארבעט. צי לעבנ מיר איצט איבער א יערידע־פעריאָד פונ דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג, א פעריאָד פונ פאָשעטער קויכעס־אָנזאמלונג אָדער מיר לעבנ איבער א פעריאָד, ווענ עס וואקסנ אָנ באדינגונגענ פאר

א נײַעמ רעוואָליוציִאָנערנ אופשטײַג, א פּעריִאָד פונ צוגרייטנ דעמ ארבעטער-קלאס צו די קומענדיקע קלאסנ-שלאכטנ, — דערפונ הענגט אָפּ די טאקטישע אײַנשטעלונג פונ די קאָמפּארטייענ. די אויסבעסערונג, וועלכע עס האָט ארײַנגעטראָגנ די דעלעגאציע פונ דער אלקפּ אונ וועלכע איז דערנאָכ אָנגענומענ געוואָרנ דורכנ קאָנגרעס, איז דערמיט אייגנטלעכ טאקע גוט, וואָס זי גיט א קלאָרע אײַנשטעלונג אפּ דער צווייטער פּערספּעקטיוו, אפּ דער פּערספּעקטיוו פונ אנ אָנוווקס פונ באדינגונגענ פאר א נײַעמ רעוואָליוציִאָנערנ אופשטײַג.

די צווייטע פּראגע — דאָס איז די פּראגע וועגנ קאמפּ קעגנ דער סאָציִאל-דעמאָקראטיע. אינ כ' בוכארינס טעזיסנ האָט זיכ גערעדט וועגנ דעמ, אז דער קאמפּ קעגנ דער סאָציִאל-דעמאָקראטיע איז איינע פונ די גרונט-אופגאבנ פונ די סעקציעס פונעמ קאָמינטערנ. דאָס איז, פארשטייט זיכ, ריכטיק. אָבער דאָס איז ניט גענוג. קעדיי דער קאמפּ קעגנ דער סאָציִאל-דעמאָקראטיע זאָל גיינ מיט דערפאָלג, מוז מענ פארשארפנ די פּראגע אפּנ קאמפּ קעגנ דעמ אזויגערופענעמ „לינקנ" פליגל פונ דער סאָציִאל-דעמאָקראטיע, קעגנ דעמ זעלביקנ „לינקנ" פליגל, וואָס, שפּילנדיק זיכ מיט „לינקע" פראזעס אונ אָפּנארנדיק אזויארומ קונציק די ארבעטער, טאָרמאָזירט ער דעמ פּראָצעס פונ אָפּגיינ פונ די ארבעטער פונ דער סאָציִאל-דעמאָקראטיע. עס איז קלאָר, אז אָנ דעמ צעגראָמירנ די „לינקע" סאָציִאל-דעמאָקראטנ איז אוממעגלעכ בײַצוקומענ די סאָציִאל-דעמאָקראטיע ביכלאל. אינ כ' בוכארינס טעזיסנ אָבער האָט זיכ די פּראגע וועגנ דער „לינקער" סאָציִאל-דעמאָקראטיע ארויסגעוויזנ פאר פולשטענדיק אויסגעמיטנ. דאָס איז, פארשטייט זיכ, א גרויסער כיסאָרנ. דעריבער איז דער דעלעגאציע פונ דער אלקפּ אויסגעקומענ ארײַנצוטראָגנ אינ כ' בוכארינס טעזיסנ אנ אנטשפּרעכיקע אויסבעסערונג, וועלכע דער קאָנגרעס האָט דערנאָכ אָנגענומענ.

די דריטע פּראגע — דאָס איז די פּראגע וועגנ טאָלעראנטלערײַ אינ די סעקציעס פונעמ קאָמינטערנ. אינ כ' בוכארינס טעזיסנ האָט זיכ גערעדט וועגנ דער נייטיקײַט פונ א קאמפּ קעגנ דעמ רעכטנ אָפּנייג, דאָרטנ איז אָבער ניט געווענ קיינ איינ וואָרט וועגנ קאמפּ קעגנ דער טאָלעראנטלערײַ צומ רעכטנ אָפּנייג. דאָס איז, פארשטייט זיכ, א גרויסער פעלער. עס האנדלט זיכ דערינ, אז ווענ מע דערקלערט א מילכאָמע דעמ רעכטנ אָפּנייג, פארבנ זיכ די רעכטע אָפּנייגלער געוויינלעכ איבער אינ טאָלעראנטלער אונ שטעלנ די פּארטיי אינ א שווערער לאגע. קעדיי ניט צו דערלאָזנ דעמ דאָזיקנ מאנעוור פונ די רעכטע אָפּנייגלער, מוז מענ שטעלנ די פּראגע וועגנ אנ אנטשיידענעמ קאמפּ קעגנ דער טאָלעראנטלערײַ. דעריבער האָט די דעלעגאציע פונ דער אלקפּ געפונענ פאר נייטיק ארײַנצוטראָגנ אינ כ' בוכא-

רינס טעזיסן אַן אנטשפּרעכיקע אויסבעסערונג, וועלכע דער קאָנגרעס האָט דערנאָך אָנגענומען.

די פערטע פראגע — דאָס איז די פראגע וועגן דיסציפּלין. אין כ׳ בוכארינס טעזיסן איז אפילע ניט דערמאָנט געוואָרן וועגן דער נייטיקייט אָפּצוהיטן אַן אײַזערנע דיסציפּלין אין די קאָמפּארטייען. דאָס איז אויך ניט קיין קליינער כיסאָרן. פארוואָס? ווײַל אין א פעריאָד פון פארשטארקן דעם קאמפּ קעגן דעם רעכטן אָפּנייג, אין א פעריאָד פון דורכפירן דעם לאָזונג וועגן אָפּרייניקן די קאָמפּארטייען פון די אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטן, אָר-גאניזירן זיך געווײנלעך די רעכטע אָפּנייגלער אין א פראקציע, זיי שאפן זייער אייגענע פראקציאָנעלע דיסציפּלין, די פארטיי-דיסציפּלין ווידער ברעכן זיי און צעשטערן. קעדיי צו באשירעמען די פארטיי פון פראקציאָנעלע ארויסטרעטונגען פון די רעכטע אָפּנייגלער, מוז מען אוועקשטעלן די פראגע וועגן אַן אײַזערנער פארטיי-דיסציפּלין און וועגן דעם, אז די פארטיי-מיט-גלידער זאָלן זיך אומבאדינגט אונטערוואַרפן דער דאָזיקער דיסציפּלין. אָן דעם איז ניטאָ אפילע וואָס צו טראכטן וועגן אַן ערנסטן קאמפּ קעגן דעם רעכטן אָפּנייג. דעריבער האָט די דעלעגאציע פון דער אַלקפּ ארײַנגעטראָגן אין כ׳ בוכארינס טעזיסן אַן אנטשפּרעכיקע אויסבעסערונג, וועלכע איז דער-נאָך אָנגענומען געוואָרן דורכן VI קאָנגרעס.

צי האָבן מיר געקאָנט ניט ארײַנטראָגן די דאָזיקע אויסבעסערונגען אין כ׳ בוכארינס טעזיסן? קלאָר, אז מיר האָבן ניט געקאָנט. אמאָליקע צײַטן פלעגט מען זאָגן וועגן דעם פילאָסאָף פּלאטאָן: פּלאטאָנען האָבן מיר ליב, אָבער דעם עמעס — נאָך מער. דאָס זעלביקע וואָלט מען געקאָנט זאָגן וועגן דעם כ׳ בוכארין: בוכארינען האָבן מיר ליב, אָבער דעם עמעס, אָבער די פארטיי, אָבער דעם קאָמינטערן האָבן מיר ליב נאָך מער. דערפאר איז די דעלעגאציע פון אַלקפּ געווען געצוווּנגען ארײַנצוטראָגן די דאָזיקע אויס-בעסערונגען אין כ׳ בוכארינס טעזיסן.

דאָס איז, אזוי צו זאָגן, דער ערשטער עטאפּ פון אונדזערע מיינונג-פארשיידנהײַטן איבער די פראגן פון קאָמינטערן.

דער צווייטער עטאפּ פון אונדזערע מיינונג-פארשיידנ-הײַטן איז פארבונדן מיט דעם אזויגערופענעם איניען וויטאָרפ און טעל-מאַן. וויטאָרפ — דאָס איז דער געוועזענער סעקרעטאר פון דער האמבורגער אָרגאניזאציע, וועלכער איז באשולדיקט געוואָרן אין פארשווענדן פארטייִש געלט. ער איז אויסגעשלאָסן געוואָרן דערפאר פון דער פארטיי. די טאָלע-ראנטלער אין צק פון דער דײַטשישער קאָמפּארטיי האָבן זיך באנוצט דער-מיט, וואָס וויטאָרפ איז געווען נאָענט מיטן כ׳ טעלמאַן, האגאם דער כ׳ טעלמאַן האָט ניט געהאט קיין שום שײַכעס צו וויטאָרפס פארברעכן, און זיי

האָבן פאַרוואַנדלט וויטאָרפּס איניעז אין טעלמאַנס אַ איניען און האָבן אָנגעהויבן אומצוּוואַרפן די אָנפירונג פון דער דײַטשישער קאָמפּאַרטיי. איר ווײַסט שוין מיסטאָמע פון די מיטיילונגען אין דער פּרעסע, אַז די טאָלע-ראַנטלער עווערט און געוהאַרט האָט זיך דעמלט צײַטווײַליק אײַנגעגעבן באַכצושלעפּן נאָך זיך די מערהײַט פונעם צק פון דער דײַטשישער קאָמ־פּאַרטיי קעגן דעם כ׳ טעלמאַן. איז וואָס זשע? זיי האָבן באַזײַטיקט דעם כ׳ טעלמאַן פון דער אָנפירונג, זיי האָבן אים אָנגעהויבן באַשולדיקן אין קאָרופּציע און האָבן פאַרעפנטלעכט אַ „אנטשפּרעכיקע״ רעזאָלוציע אָן דעם וויסן און סאַנקציע פונעם אויספירקאָם פון קאָמינטערן. אַזויאַרום, איז אָנשטאָט אויסצופירן די דירעקטיוון פונעם VI קאָנגרעס פון קאָמינ־טערן וועגן קאַמף קעגן טאָלעראַנטלערײַ, אָנשטאָט קאַמף קעגן דעם רעכטן אָפּנייג און דער טאָלעראַנטלערײַ האָט זיך באַקומען אין דער ווירקלעכקײַט דאָס גראָבסטע ברעכן די דאָזיקע דירעקטיוו, האָט זיך באַקומען אַ קאַמף קעגן דער רעוואָליוציאָנערער אָנפירונג פון דער דײַטשישער קאָמפּאַרטיי, אַ קאַמף קעגן דעם כ׳ טעלמאַן, אַ קאַמף, וואָס האָט דעם ציל צוצו-דעקן דעם רעכטן אָפּנייג און צו פאַרפעסטיקן די טאָלעראַנטלערײַ אין די רייען פון די דײַטשישע קאָמוניסטן.

איז אָט, אָנשטאָט אַ קער צו טאָן דעם רודער און צו פאַריכטן די לאַגע, אָנשטאָט אופצושטעלן אין איר רעכט די געבראָכענע דירעקטיוו פון-נעם VI קאָנגרעס, אָנשטאָט רופן צו אָרדענונג די טאָלעראַנטלער, לייגט פאָר דער כ׳ בוכאַרין אין זײַן באַוווסטן בריוו צו סאַנקציאָנירן די איבער־קערעניש פון די טאָלעראַנטלער, אָפּגעבן די קפּד אין די הענט פון די טאָ-לעראַנטלער, און דעם כ׳ טעלמאַן ווידעראַמאָל צו באַפּעקן אין דער פּרעסע, מאַכנדיק נאָכאַמאָל אַ דערקלערונג וועגן זײַן שולדיקײַט. און דאָס הייסט אַ „אָנפירער״ פון קאָמינטערן! זײַנען דען פאַראַן אויף דער וועלט אַזעלכע „אָנפירער״?

דער צק האָט באַהאַנדלט דעם כ׳ בוכאַרינס פאָרשלאָג און האָט אים אָפּגעוואָרפן. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, ניט געפעלן געוואָרן דעם כ׳ בוכאַרין. אָבער ווער איז דאָ שולדיק? די באַשלוסן פונעם VI קאָנגרעס זײַנען אָנגענומען געוואָרן ניט קעדיי מע זאָל זיי ברעכן, נאָר קעדיי מע זאָל זיי אויספירן. אויב דער VI קאָנגרעס האָט באַשלאָסן צו דערקלערן אַ קאַמף קעגן דעם רעכטן אָפּנייג און דער טאָלעראַנטלערײַ, אײַנהיטנדיק די אָנפי־רונג פאַרן גרונט-קערן פון דער דײַטשישער קאָמפּאַרטיי בעראָש מיטן כ׳ טעלמאַן, און די טאָלעראַנטלער עווערט און געוהאַרט האָט זיך פאַר-גלוסט אומצוּוואַרפן דעם דאָזיקן באַשלוס, איז דעם כ׳ בוכאַרינס פליכט באַשטאַנען דערין, ער זאָל רופן צו אָרדענונג די טאָלעראַנטלער, און ניט

לאָזן פאר זיי די אָנפירונג אין דער דײַטשישער קאָמפּאַרטיי. שולדיק איז דער כ' בוכארין, וואָס האָט „פארגעסן“ וועגן די באשלוסן פונעם VI קאָנגרעס.

דער דריטער עטאַפּ פון אונדזערע מיינונג-פארשיידנ־הייטן איז פארבונדן מיט דער פראגע וועגן קאמף קעגן די רעכטע אין דער דײַטשישער קאָמפּאַרטיי, מיט דער פראגע וועגן צעגראָמירן בראנד־לערס און טאלהיימערס פראקציע און וועגן אויסשליסן פון דער דײַטשי־שער קאָמפּאַרטיי די לידערס פון דער דאָזיקער פראקציע. די „פּאָזיציע“ פונעם כ' בוכארין און פון זײַנע פרײַנט אין דער דאָזיקער קארדינאלער פראגע איז באשטאנען דערין, וואָס זיי האָבן זיך די גאנצע צײַט אויסגע־דרייט פון אָנטיילנעמען אין דער לייזונג פון דער דאָזיקער פראגע. אין טאָג געגומען האָט זיך געלייזט די פראגע וועגן גורל פון דער דײַטשישער קאָמפּאַרטיי. און דער כ' בוכארין און זײַנע פרײַנט האָבן, ווייסנדיק וועגן דעם, פונדעסטוועגן די גאנצע צײַט טאָרמאָזירט די ארבעט, סיסטעמאטיש אויס־דרייענדיק זיך פון אָנטיילנעמען אין די זיצונגען פון די אנטשפּרעכיקע אינ־סטאנצן. צוליב וואָס? צוליב דעם, ווײַזט אויס, קעדיי צו פארבלײַבן „ריינינקע“ אי פארן קאָמינטערן אי פאר די רעכטע אין דער דײַטשישער קאָמפּאַרטיי. צוליב דעם, קעדיי מע זאָל דערנאָך קאָנען זאָגן: „דאָס האָבן ניט מיר, בוכארינצעס, נאָר זיי, די מערהײַט פונעם צק, דורכגעפירט דאָס אויסשליסן בראנדלערן און טאלהיימערן פון דער קאָמפּאַרטיי“. און אָט דאָס הייסט קאמף קעגן דער רעכטער געפאר!

ענדלעך, דער פערטער עטאַפּ פון אונדזערע מיינונג-פאר־שיידנהײַטן. ער איז פארבונדן מיט כ' בוכארינס פּאָדערונג פארן נאָיא־בער-פּלענום פונעם צק אָפּצורופן דעם כ' ניימאַן פון דײַטשלאנד און רופן צו אָרדענונג דעם כ' טעלמאַנען, וואָס איז קלוימערשט אין איינער פון זײַנע רעדעס ארויסגעטראָטן מיט א קריטיק פון כ' בוכארינס פּאָרטראָג אויפן VI קאָנגרעס. מיר האָבן, פארשטייט זיך, ניט געקאָנט מאסקים זײַן מיטן כ' בוכארינען, ניט האָבנדיק אין די הענט אבסאָליוט קיינע דאָקומענטן, וואָס זאָלן באשטעטיקן דעם כ' בוכארינס פּאָדערונג. דער כ' בוכארין האָט צו־געזאָגט צוצושטעלן דאָקומענטן קעגן ניימאַנען און טעלמאַנען. קיינע שום דאָקומענטן האָט ער אָבער ניט צוגעשטעלט. אָנשטאָט דאָקומענטן האָט ער פאנאנדערגעשיקט די מיטגלידער פון דער דעלעגאציע פון אלקפּ דעם כ' עמבער-דראָס באוווסטע רעדע אפן פּאָליטסעקרעטאריאט פונעם אויספיר־קאָם פון קאָמינטערן, די זעלביקע רעדע, וועלכע דער פּרעזידיום פונעם אויספירקאָם פון קאָמינטערן האָט דערנאָך קוואליפיצירט אלס א רעדע אן אָפּאָרטוניסטישע. מיטן פאנאנדערשיקן עמבער-דראָס רעדע די מיטגלידער פון דער דעלעגאציע פון אלקפּ און מיטן רעקאָמענדירן זי אלס מאטעריאל

קעגן דעם כ' טעלמאַן, האָט דער כ' בוכאַרין געוואָלט דערווײַזן די ריכ־טיקייט פון זײַן פאָדערונג וועגן אָפּרופן דעם כ' ניימאַן און וועגן רופן צו אָרדענונג דעם כ' טעלמאַן. אינדערעמעסן אָבער האָט ער דערמיט דערוויזן, אַז ער סאָלידאַריזירט זיך מיטן כ' עמבער־דראָ, וואָס זײַן פּאָ־זיציע רעכנט דער אויספירקאָם פון קאָמינטערן פאַר אַ פּאָזיציע אַן אָפּאָר־טוניסטישע.

אָט דאָס זײַנען, כאַווײרים, די הויפּט־פּונקטן פון אונדזערע מיינונג־פאַרשיידנהייטן איבער די פראַגן פון קאָמינטערן.

דער כ' בוכאַרין מיינט, אַז, פירנדיק אַ קאַמף קעגן דעם רעכטן אָפּ־נייג און דער טאָלעראַנטלערײַ צו אים אין די סעקציעס פון קאָמינטערן, אָפּרייניקנדיק די דײַטשישע און טשעכאָסלאָוואַקישע קאָמפּאַרטייען פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע עלעמענטן און טראַדיציעס, אַרויסוואַרפנדיק פון די קאָמפּאַרטייען די בראַנדלערס און די טאַלהיימערס, „צעלייגן" מיר דערמיט גופא דעם קאָמינטערן, „ברענגען מיר אום" דעם קאָמינטערן. מיר אָבער מיינען, פאַרקערט, אַז, דורכפירנדיק אַזאַ פּאָליטיק און פאַרשאַרפנדיק די פראַגע אַפן קאַמף קעגן דעם רעכטן אָפּנייג און דער טאָלעראַנטלערײַ צו אים, פאַרפעסטיקן מיר דעם קאָמינטערן, רייניקן מיר אים אָפּ פון אָפּאָרטו־ניסטן, באָלשעוויזירן מיר זײַנע סעקציעס און העלפן די קאָמפּאַרטייען צו־צוגרייטן דעם אַרבעטער־קלאַס צו די קומענדיקע רעוואָלוציאָנערע געראַנגלען.

איר זעט, אַז דאָס זײַנען ניט קיין פּאָשעטע שאַטירונגען אין די רייען פונעם צק אַלקפּ, נאָר גאַנצ ערנסטע מיינונג־פאַרשיידנהייטן איבער די גרונט־פראַגן פון דער פּאָליטיק פון קאָמינטערן.

III

## די מיינונג־פאַרשיידנהייטן לויט דער ליניע פון דער אי־נערלעכער פּאָליטיק

פריער האָב איך גערעדט וועגן די קלאַסן־איבערוקן און וועגן דעם קלאַסנקאַמף אין אונדזער לאַנד. איך האָב געזאָגט, אַז כ' בוכאַרינס גרופּע איז אָנגעשטעקט מיט בלינדקייט און זי זעט ניט די דאָזיקע איבערוקן, זי פאַרשטייט ניט די נײַע אויפגאַבן פון דער פּאַרטיי. איך האָב געזאָגט, אַז אַפּ דעם דאָזיקן גרונט איז בײַ דער נײַער אָפּאָזיציע אַנטשטאַנען פאַרלאָרנ־קייט, מורע פאַר די שוועריקייטן, גרייטקייט אָפּהענטיק צו בלײַבן קעגן זיי. מע קאָן ניט זאָגן, אַז די דאָזיקע פעלערן פון דער נײַער אָפּאָזיציע זײַנען אַראָפּגעפאַלן פונעם הימל. פאַרקערט, זיי זײַנען פאַרבונדן מיט יענער אַנט־וויקלונג־פאַזע, וואָס איז שוין דורכגעגאַנגען און וועלכע רופט זיך דער פּע־

ריִאָד פון ווידערופשטעלן די פאָלקווירטשאַפט, ווען די בויונג איז געגאַנ־
גען מיט א פרידלעכן וועג, אזוי צו זאָגן, אין סיידער פון זעלבשטראָם, ווען
עס זײַנען נאָך ניט געווען יענע קלאַסן־איבערוקן, וואָס זײַנען פאַראַן איצט,
ווען עס איז נאָך ניט געווען יענע פאַרשאַרפונג פונעם קלאַסנקאַמפ, וואָס
מיר זעען איצט. איצט איז אָבער באַ אונדז א נײַע אנטוויקלונג־פאַזע, וואָס
אונטערשיידט זיך פונעם אַלטן פעריאָד, פונעם ווידערופשטעלונג־פעריאָד.
איצט איז באַ אונדז א נײַער פעריאָד פון בויען, א פעריאָד פון רע־
קאָנסטרויִרן די גאנצע פאָלקווירטשאַפט אויף דער באַזע פון סאָ־
ציאַליזם. דער דאָזיקער נײַער פעריאָד רופט ארויס נײַע קלאַסן־איבער־
רוקן, א פאַרשאַרפונג פונעם קלאַסנקאַמפ. ער פאָדערט נײַע קאַמפ־מעטאָדן,
איבערגרופּירן אונדזערע קרעפטן, פאַרבעסערן און פאַרפעסטיקן אַלע אונ־
דזערע אָרגאַניזאַציעס. דער אומגליק פון כ׳ בוכאַרינס גרופּע באַשטייט טאַקע
דערין, וואָס זי לעבט אין דער פאַרגאַנגענהײַט, וואָס זי זעט ניט די כאַ־
ראַקטעריסטישע אייגנטימלעכקײַטן פונעם דאָזיקן נײַעם פעריאָד און פאַר־
שטייט ניט די נויטווענדיקײַט פון נײַע קאַמפ־מעטאָדן. פונדאַנען נעמט זיך
איר בלינדקײַט, פאַרלאָרנקײַט, פּאַניק פאַר די שוועריקײַטן.

## א) וועגן קלאַסנקאַמפ

אין וואָס באַשטייט דער טעאָרעטישער גרונט פון דער דאָזיקער בלינד־
קײַט און פון דער דאָזיקער פאַרלאָרנקײַט פון כ׳ בוכאַרינס גרופּע?

איך מיין, אז דער טעאָרעטישער גרונט פון דער דאָזיקער בלינדקײַט
און פאַרלאָרנקײַט איז כ׳ בוכאַרינס ניט־ריכטיקער, ניט־מאַרקסיסטישער צו־
גאַנג צו דער פראַגע וועגן קלאַסנקאַמפ אין אונדזער לאַנד. איך מיין דעם
כ׳ בוכאַרינס ניט־מאַרקסיסטישע טעאָריע וועגן דעם ארײַנוואַקסן פונעם באַ־
לעגופנטום אינעם סאָציאַליזם, דאָס ניט־פאַרשטיין די מעכאַניק פונעם קלאַסנ־
קאַמפ אין דער סיטואַציע פון דער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט.

דאָ האָט מען עטלעכע מאָל ציטירט די באַוווּסטע שטעל פון כ׳ בו־
כאַרינס ביכל „דער וועג צום סאָציאַליזם" וועגן דעם ארײַנוואַקסן פונעם
באַלעגופנטום אינעם סאָציאַליזם. מע האָט עס דאָ אָבער ציטירט מיט איי־
ניקע איבערהיפּונגען. דערלויבט עס צו ציטירן אינגאַנצן. דאָס איז נייטיק,
כאַווײרים, כדי צו דעמאָנסטרירן די גאַנצע טיפקײַט פונעם כ׳ בוכאַרינס
אָפּגאַנג פון דער מאַרקסיסטישער טעאָריע פון קלאַסנקאַמפ. הערט:

„די גרונט־נעץ פון אונדזערע קאָאָפּעראַטיווע פויערשע אָרגאַניזאַציעס וועט באַשטיין פון
קאָאָפּעראַטיווע קעמערלעך ניט פון באַלעגופישן, נאָר פון א „האָרעפּאַשנעם" טיפּ, פון קע־
מערלעך, וואָס וואַקסן ארײַן אין דער סיסטעם פון אונדזערע אלגעמיין־מעלוכישע אָרגאַנען
און וואָס ווערן אזוי־ארום רינגען פון דער איינהײַטלעכער קייט פון דער סאָ־

ציאַליסטישער ווירטשאַפט. פון דער אנדער זייַט, וועלן פּונקט אַזוי אויך די באַלעגופישע קאָאָפּעראַטיווע נעסטן דורך די בענק אַאַוו. אַרייַנוואַקסן אין דער דאָזיקער סיסטעם; זיי וועלן אָבער זייַן ביז אַ געוויסן גראַד אַ פרעמדער קערפּער, ענלעך, צום בייַשפּיל, צו קאָנצעסיאָנעלע אונטערנעמונגען״.1

ציטירנדיק די דאָזיקע שטעל פון כ׳ בוכארינס בראָשור, האָבן אייניקע כאַווירים עפּעס דורכגעלאָזן די לעצטע פראַזע וועגן קאָנצעסיאָנערן. וועלנדיק, ווייַזט אויס, העלפן דעם כ׳ בוכארינ, האָט זיך דער כ׳ ראָזיט דערמיט באַנוצט און געשריִען דאָ פון אָרט, אַז מע פאַרקריפּלט בוכארינען. די גאַנצע קווינט-עסענץ פון דער ציטאַטע באַשטייט אָבער גראָד אין דער לעצטער פראַזע וועגן קאָנצעסיאָנערן. ווייַל אויב קאָנצעסיאָנערן ווערן געשטעלט אַפּ אייַן ברעט מיט באַלעגופים, און באַלעגופים וואַקסן אַרייַן אין סאָציאַליזם, איז וואָס באַקומט זיך דערפון? דערפון באַקומט זיך בלויז איינס, נעמלעך, אַז די קאָנצעסיאָנערן וואַקסן אויך אַרייַן אין סאָציאַליזם, אַז ניט בלויז די באַלעגופים, נאָר אויך די קאָנצעסיאָנערן וואַקסן אַרייַן אין סאָציאַליזם. (אַלגעמיינער געלעכטער).

אָט וואָס עס באַקומט זיך דערפון, כ׳ ראָזיט.

ראָזיט. באַם כ׳ בוכארינ איז געזאָגט געוואָרן—„אַ פרעמדער קערפּער״.

סטאַלינ. באַ בוכארינען איז געזאָגט געוואָרן, כ׳ ראָזיט, ניט „אַ פרעמדער קערפּער״, נאָר „ביז אַ געוויסן גראַד אַ פרעמדער קערפּער״. הייסט עס, אַז באַלעגופים און קאָנצעסיאָנערן זייַנען „ביז אַ געוויסן גראַד״ אַ פרעמדער קערפּער אין דער סיסטעם פון סאָציאַליזם. אָבער גראָד דערינ באַשטייט דאָך טאַקע דעם כ׳ בוכארינס טאָעס, וואָס באַלעגופים און קאָנצעסיאָנערן, כאָטש זיי זייַנען „ביז אַ געוויסן גראַד״ אַ פרעמדער קערפּער, וואַקסן זיי פונדעסטוועגן אַרייַן אין סאָציאַליזם. אָט צו וואָס פאַר אַן אומזינ עס דערפירט דעם כ׳ בוכארינס טעאָריע. קאַפּיטאַליסטן פון שטאָט און דאָרף, באַלעגופים און קאָנצעסיאָנערן, וואָס וואַקסן אַרייַן אינעם סאָציאַליזם,—אָט צו וואָס פאַר אַ נאַרישקייַט עס האָט זיך דערעדט דער כ׳ בוכארינ. ניינ, כאַווירים. מיר דאַרפן ניט אַזאַ „סאָציאַליזם״. זאָל אים דער כ׳ בוכארינ נעמען פאַר זיך.

ביז איצט האָבן מיר, מאַרקסיסטן-לענינצעס, געמיינט, אַז צווישן די קאַפּיטאַליסטן פון שטאָט און דאָרף, פון איין זייַט, און צווישן דעם אַרבעטער-קלאַס, פון דער צווייטער זייַט, עקזיסטירט אַן אומקאָמפּראָמיסלעכע

1 ג. בוכארינ. דער וועג צום סאָציאַליזם און דער אַרבעטער־פּויערשער בונד, ז. 49. מייַנ קורסיוו. י. סט.

קעגנזעצלעכקײט פונ אינטערעסנ. אָט אַפ דעמ טאַקע באַזירט זיכ די מאַרקסיסטישע טעאָריע פונ קלאַסנקאַמפ. און איצט, לויט בוכאַרינס טעאָריע וועגנ דעמ פרידלעכנ אַרײַנוואַקסנ פונ די קאַפּיטאַליסטנ אינעמ סאָציאַליזמ, ווערט דאָס אַלצ איבערגעקערט מיטנ קאָפּ אַראָפּ, די אומקאָמפּראָמיסלעכע קעגנזעצלעכקײט צווישנ די קלאַסנ-אינטערעסנ פונ די עקספּלואַטאַטאָרס און עקספּלואַטירטע פאַרשווינדט, די עקספּלואַטאַטאָרס וואַקסנ אַרײַנ אינ סאָציאַליזמ.

ראָזיט. דאָס איז ניט ריכטיק, די דיקטאַטור פונ פּראָלעטאַריאַט ווערט דאָ גענומענ אַלס פאַרהאַנאָכע.

סטאַלינ. אָבער די דיקטאַטור פונעמ פּראָלעטאַריאַט איז דאָכ די שאַרפסטע פאָרמ פונ קלאַסנקאַמפ.

ראָזיט. דערינ גײט עס דאָכ טאַקע.

סטאַלינ. און בײַ בוכאַרינענ קומט אויס, אַז אינ דער דאָזיקער דיקטאַטור פונעמ פּראָלעטאַריאַט גופע וואַקסנ אַרײַנ די קאַפּיטאַליסטנ. ווי פאַרשטײט איר דאָס ניט, כ' ראָזיט? קעגנ וועמענ זשע דאַרפנ מיר פירנ אַ קאַמפ, קעגנ וועמענ זשע דאַרפ מענ פירנ די סאַמע שאַרפע פאָרמ פונ קלאַסנקאַמפ, אויב די קאַפּיטאַליסטנ פונ שטאָט און דאָרפ וואַקסנ אַרײַנ אינ דער סיסטעמ פונ דער דיקטאַטור פונעמ פּראָלעטאַריאַט? די דיקטאַטור פונעמ פּראָלעטאַריאַט דאַרפ מענ האָבנ, קעדיי צו פירנ אַנ אומקאָמפּראָמיסלעכנ קאַמפ קעגנ די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטנ, קעדיי צו דערשטיקנ די בורזשואַזיע און אַרויסרײַסנ דעמ קאַפּיטאַליזמ מיט די וואָרצלענ. אָבער אויב די קאַפּיטאַליסטנ פונ שטאָט און דאָרפ, אויב דער באַלעגופ און קאָנצעסיאָנער וואַקסנ אַרײַנ אינעמ סאָציאַליזמ, צי דאַרפ מענ נאָכ ביכלאַל די דיקטאַטור פונעמ פּראָלעטאַריאַט, און אויב מע דאַרפ זי יאָ, איז אַפ דערשטיקנ וועלכנ קלאַס?

ראָזיט. דערינ גײט עס דאָכ טאַקע, וואָס דאָס אַרײַנוואַקסנ האָט בײַ בוכאַרינענ אַלס פאָרהאַנאָכע דעמ קלאַסנקאַמפ.

סטאַלינ. איכ זע, אַז דער כ' ראָזיט האָט געשוווירנ צו טאָנ בוכאַרינענ אַ טויווע. די טויווע באַקומט זיכ אָבער בײַ אימ אַ בערישע, ווײַל, וועלנדיק ראַטעווענ בוכאַרינענ, דערטרינקט ער אימ אינדערעמעסנ ביזנ סאָפ. ניט אומזיסט איז געזאָגט געוואָרנ, אַז „אַ בער אַ באַלטויווע איז געפערלעכער פונ אַ פײַנט“. (אַלגעמײנער געלעכטער.)

אײנס פונ די בײדע: אָדער צווישנ דעמ קלאַס קאַפּיטאַליסטנ און דעמ קלאַס אַרבעטער, וואָס זײַנענ געקומענ צו דער מאַכט און האָבנ אָרגאַניזירט זײער דיקטאַטור, איז פאַראַנ אַנ אומקאָמפּראָמיסלעכע קעגנזעצלעכקײט פונ אינטערעסנ, אָדער די דאָזיקע קעגנזעצלעכקײט פונ אינטערעסנ איז ניט פאַראַנ, און דאַנ בלײַבט אײנס — פּראָקלאַמירנ האַרמאָניע פונ די קלאַסנ-אינטערעסנ.

אָדער מארקס טעאָריע וועגנ קאמפּ פונ די קלאסנ, אָדער די טעאָריע וועגנ אַרײַנוואקסנ פונ די קאפּיטאליסטנ אינ סאָציאליזמ. אָדער אומקאָמפּראָמיסלעכע קעגנזעצלעכקײַט פונ קלאסנ־אינטערעסנ, אָדער די טעאָריע וועגנ הארמאָניע פונ די קלאסנ־אינטערעסנ. איינס פונ די ביידע.

מענ קאָנ נאָכ פארשטיינ די „סאָציאליסטנ״ פונ ברענטאנאס אָדער סידניי־וועבס טיפּ, וועלכע פּריידיקנ דאָס אַרײַנוואקסנ פונעמ סאָציאליזמ אינעמ קאפּיטאליזמ און פונעמ קאפּיטאליזמ אינעמ סאָציאליזמ, ווײַל די דאָזיקע „סאָציאליסטנ״ זײַנענ אינ דערווירקלעכקײַט אנטיסאָציאליסטנ, בורזשואזע ליבעראלנ. מע קאָנ אָבער ניט פארשטיינ א מענטשנ, וואָס וויל זײַנ א מארקסיסט און וואָס צוזאמענ דערמיט פּריידיקט ער די טעאָריע וועגנ אַרײַנוואקסנ פונ די קאפּיטאליסטנ אינעמ סאָציאליזמ.

דער כ׳ בוכארינ האָט אינ זײַנ רעדע געפּרוווט אונטערפעסטיקנ זײַנ טעאָריע וועגנ אַרײַנוואקסנ פונ די באלעגופימ אינעמ סאָציאליזמ מיט פּאַרופנ זיכ אפּ דער באוווסטער ציטאטע פונ לענינען. דערבײַ באהויפּט ער, אז לענינ זאָגט אויכ דאָס זעלביקע, וואָס בוכארינ. דאָס איז ניט ריכטיק, כאווײַרימ. דאָס איז א גראָבע און א ניט־דערלאָזבארע רעכילעס אפּ לענינענ. אָט איז דער טעקסט פונ דער דאָזיקער ציטאטע פונ לענינענ:

„אוואדע איז אינ אונדזער סאָוועטישער רעפּובליק די סאָציאלע אָרדענונג באזירט אפּ דער מיטארבעט פונ צוויי קלאסנ: פונ די ארבעטער און פּויערימ, צו וועלכע עס זײַנענ איצט צוגעלאָזט געוואָרנ אפּ געוויסע באדינגונגענ אויכ „נעפּלײַט״, דה. די בורזשואזיע״. 1

איר זעט, אז דאָ איז ניטאָ קיינ איינ וואָרט מיקויעכ אַרײַנוואקסנ פונ די קאפּיטאליסטנ אינעמ סאָציאליזמ. דאָ רעדט זיכ בלויז וועגנ דעמ, אז מיר האָבנ „צוגעלאָזנ״ צו דער מיטארבעט פונ די ארבעטער און פּויערימ „אפּ געוויסע באדינגונגענ״ אויכ „נעפּלײַט״, דה. די בורזשואזיע. וואָס באַטײַט עס? צי באטײַט דאָס, אז דערמיט האָבנ מיר דערלאָזט א מעגלעכקײַט, אז די נעפּלײַט זאָלנ אַרײַנוואקסנ אינעמ סאָציאליזמ? געוויס, באטײַט עס ניט. אזוי טײַטשנ די ציטאטע פונ לענינענ קאָנענ בלויז מענטשנ, וואָס האָבנ פארלוירנ די בושע. דאָס באטײַט בלויז, אז מיר פארניכטנ ניט באלד די בורזשואזיע, אז מיר קאָנפיסקירנ זי ניט באלד, נאָר מיר דערלאָזנ איר עקזיסטענצ אפּ געוויסע באדינגונגענ, דה., אז זי זאָל זיכ אומבאדינגט אונטערוואַרפנ די געזעצנ פונ דער דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט, דה. בא דער וואקסנדיקער באגרענעצונג פונ די קאפּיטאליסטנ, וואָס איר ציל איז ביסלעכווײַז ארויסצושטויסנ זיי פונעמ פאָלקווירטשאפטלעכנ לעבנ. צי קאָנ מענ

1 לענינ, וויאזוי זאָלנ מיר רעאָרגאניזירנ די ארב.־פּויערשע אינספּעקציע, ווערק, ב. XXVII, ז. 405.

דורכפירן אינ לעבנ דאָס ארויסשטויסנ די קאַפיטאַליסטנ און דאָס פאַרניכטנ די וואָרצלענ פונעמ קאַפיטאַליזמ אָנ א פאַרביטערטנ קלאַסנקאַמפ? ניינ, מע קאָנ ניט. צי קאָנ מענ פאַרניכטנ די קלאַסנ בא דער טעאָריע און פראַקטיק פונ דער אריינוואַקסונג פונ די קאַפיטאַליסטנ אינעמ סאָציאַליזמ? ניינ, מע קאָנ ניט. אזא טעאָריע און פראַקטיק קאָנענ בלויז קולטיווירנ און פאַרייביקנ די קלאַסנ, ווייל זי, די דאָזיקע טעאָריע, ווידערשפרעכט דער טעאָריע פונ קלאַסנקאַמפ. נו, און די ציטאַטע פונ לענינענ באַזירט זיכ אינגאַנצנ און פולשטענדיק אפ דער מאַרקסיסטישער טעאָריע פונ קלאַסנקאַמפ אינ דער סיטואַציע פונ דיקטאַטור פונעמ פראָלעטאַריאַט. וואָס קאָנ זיינ געמיינזאַמעס צווישנ בוכאַרינס טעאָריע וועגנ דעמ אריינוואַקסנ פונעמ באַלעגופ אינעמ סאָציאַליזמ און צווישנ לענינס טעאָריע וועגנ דיקטאַטור, ווי וועגנ א פאַרביטערטנ קלאַסנקאַמפ? ס׳איז קלאָר, אז דאָ איז ניט פאַראַנ און עס קאָנ ניט זיינ קיינ שומ געמיינזאַמעס. דער כ׳ בוכאַרינ מיינט, אז בא דער דיקטאַטור פונעמ פראָלעטאַריאַט דאַרפ דער קלאַסנקאַמפ אויסגעלאָשנ און ליקווידירט ווערנ, כדי עס זאָל זיכ באַקומענ די פאַרניכטונג פונ די קלאַסנ. לענינ ווידער לערנט פאַרקערט, אז די קלאַסנ קאָנענ פאַרניכטעט ווערנ בלויז דורכ האַרטנעקיקנ קלאַסנקאַמפ, וואָס ווערט אינ די באַדינגונגענ פונ דיקטאַטור פונעמ פראָלעטאַריאַט נאָכ מער פאַרביטערט איידער ביז דער דיקטאַטור פונעמ פראָלעטאַריאַט.

„די פאַרניכטונג פונ די קלאַסנ, — זאָגט לענינ, — איז א זאַכ פונ לאַנגנ, שווערנ, אַקשאָנעסדיקנ קלאַסנקאַמפ, וואָס נאָכנ אראָפוואַרפנ די מאַכט פונעמ קאַפיטאַל, נאָכנ צעשטערנ די בורזשואַזע מעלוכע, נאָכנ איינשטעלנ די דיקטאַטור פונ פראָלעטאַריאַט פאַרשווינדט ער ניט (ווי עס מיינענ די באַנאַלע לייט פונעמ אַלטנ סאָציאַליזמ און פונ דער אַלטער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע), נאָר ער בייט בלויז זיינע פאָרמענ, ווערנדיק אינ פיל הינזיכטנ נאָכ מער פאַרביטערט“. 1

אָט וואָס לענינ זאָגט וועגנ פאַרניכטונג פונ די קלאַסנ.

פאַרניכטונג פונ די קלאַסנ דורכ פאַרביטערטנ קלאַסנקאַמפ פונעמ פראָלעטאַריאַט, — אָט דאָס איז לענינס פאָרמולע.

פאַרניכטונג פונ די קלאַסנ דורכ דעמ, וואָס דער קלאַסנקאַמפ ווערט אויסגעלאָשנ און די קאַפיטאַליסטנ וואַקסנ אריינ אינעמ סאָציאַליזמ, — אָט דאָס איז דעמ כ׳ בוכאַרינס פאָרמולע.

וואָס קאָנ זיינ געמיינזאַמעס צווישנ די דאָזיקע צוויי פאָרמולעס? ס׳איז קלאָר, אז צווישנ זיי איז ניט פאַראַנ און עס קאָנ ניט זיינ קיינ שומ געמיינזאַמעס.

---

1 לענינ. א גרוס די אונגאַרישע אַרבעטער, ווערק, ב. XXIV, ז. 315.

בוכארינס טעאָריע וועגן דעם אריינוואקסן פון די באַלעבאָטים אין סאָציאַליזם איז, אזויארום, אן אָפּגאנג פון דער מארקסיסטיש־לעניניסטישער טעאָריע פון קלאסנקאמף. זי איז א דערנעענטערונג צו דער טעאָריע פונעם קאטעדער־סאָציאַליזם.

דערין ליגט דער גרונט פון אַלע טעותן פונעם כ׳ בוכארין און פון זיינע פריינט.

מע קאָן זאָגן, אז עס לוינט ניט לאנג אָפּצושטעלן זיך אף דער בוכארינישער טעאָריע וועגן אריינוואקסן פון די באַלעבאָטים אינעם סאָציאַליזם, ווייל זי אַליין רעדט — און ניט בלויז זי רעדט, נאָר זי שרייט — קעגן דעם כ׳ בוכארין. דאָס איז ניט ריכטיק, כאַווערים! קאַלזמאן די דאָזיקע טעאָריע איז געלעגן באהאלטן, האָט מען געקאָנט ניט ווענדן אף איר קיין אופמערקזאמקייט: מאַלע וואָס פאר א נארישקייטן עס זיינען פאראן אין די שרייבעכצן פון פארשיידענע כאַווערים! אזוי האָבן מיר טאקע געהאנדלט ביז דער לעצטער צייט. די לעצטע צייט האָט זיך אָבער די סיטואציע א ביסל געענדערט. די קליינבירגערלעכע סטיכיע, וואָס האָט זיך צעשפּילט די לעצטע יאָרן, האָט אָנגעהויבן באגייסטערן די דאָזיקע אנטימארקסיסטישע טעאָריע, צוגעבנדיק איר אן אקטועלן כאראקטער. איצט קאָן מען שוין ניט זאָגן, אז זי ליגט באהאלטן. איצט פּרעטענדירט זי, די דאָזיקע מעשונעדיקע טעאָריע פונעם כ׳ בוכארין, צו ווערן די פאָן פונעם רעכטן אָפּנייג אין אונדזער פארטיי, די פאָן פונעם אָפּאָרטוניזם. דעריבער קאָנען מיר שוין ניט פארבייגיין די דאָזיקע טעאָריע. דעריבער זיינען מיר מעכוייעוו צו צעשמעטערן זי אַלס א טעאָריע א ניט־ריכטיקע און שעדלעכע, כדיי צו פארגרינגערן פאר אונדזערע פארטיי־כאַווערים דעם קאמף קעגן רעכטן אָפּנייג.

## ב) וועגן דער פארשארפונג פונעם קלאסנקאמף

דער צווייטער טעות פונעם כ׳ בוכארין, וואָס דרינגט ארויס פון זיין ערשטן טעות, באשטייט אין דעם ניט־ריכטיקן, אין דעם ניט־מארקסיסטישן צוגאנג צו דער פראגע וועגן דער פארשארפונג פונעם קלאסנקאמף, וועגן דער פארשטארקונג פונעם ווידערשטאנד פון די קאפּיטאַליסטישע עלעמענטן קעגן דער סאָציאַליסטישער פּאָליטיק פון דער ראטנמאכט. וועגן וואָס האנדלט זיך דאָ? צי דען וועגן דעם, וואָס די קאפּיטאַליסטישע עלעמענטן וואקסן שנעלער, איידער דער סאָציאַליסטישער סעקטער פון אונדזער ווירטשאפט, און וואָס מאכמעס דעם פארשטארקן זיי זייער ווידערשטאנד, אונטערגייסנדיק די סאָציאַליסטישע בויונג? ניין, ניט וועגן דעם. און דערצו איז נאָך ניט ריכטיק, אז די קאפּיטאַליסטישע עלעמענטן וואקסן קלוימערשט שנעלער

פונעם סאָציאַליסטישן סעקטער. ווען דאָס וואָלט געווען ריכטיק, וואָלט די סאָציאַליסטישע בויונג שוין געשטאַנען באַם ראַנד פון אומקום. עס האַנדלט זיך וועגן דעם, אַז דער סאָציאַליזם גרייפט אָן מיט דערפאָלג אויף די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן, אַז דער סאָציאַליזם וואַקסט שנעלער פון די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן, אַז מאַכמעס דעם פאַלט דער ספּעציפישער געוויכט פון די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן, און אַז גראָד דערפאַר, וואָס דער ספּעציפישער געוויכט פון די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן פאַלט, פילן די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן די טויט־געפאַר און זיי פאַרשטאַרקן זייער ווידערשטאַנד. און צו פאַרשטאַרקן זייער ווידערשטאַנד האָבן זיי נאָך דערווייל אַ מעגלעכקייט ניט בלויז דערפאַר, ווייל דער וועלט־קאַפּיטאַליזם שטיצט זיי, נאָר אויך דערפאַר, וואָס, ניט געקוקט דערויף, וואָס זייער ספּעציפישער געוויכט פאַלט, ניט געקוקט דערויף, וואָס זייער פאַרהעלטנישמעסיקער וואוקס ווערט קלענער אין פאַרגלייך מיטן וואוקס פונעם סאָציאַליזם, קומט פונדעסטוועגן פאָר אַן אַבסאָליוטער וואוקס פון די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן, און דאָס גיט זיי אַ געוויסע מעגלעכקייט אָנצוזאַמלען קרעפטן און צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד דעם וואוקס פונעם סאָציאַליזם. אויף אָט־דעם גרונט קומט טאַקע אויף אויף דער געגעבענער אַנטוויקלונג־סטאַדיע, בײַ די געגעבענע באַדינגונגען פון די קרעפטן־פאַרהעלטענישן, אַ פאַרשאַרפונג פונעם קלאַסנקאַמף און אַ פאַרשטאַרקונג פונעם ווידערשטאַנד מיצאַד די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן פון שטאָט און דאָרף. דער טעות פונעם ח׳ בוכאַרין און פון זײַנע פרײַנט באַשטייט אין דעם, וואָס זיי פאַרשטייען ניט דעם דאָזיקן פּשוטן און באַשײַמפּערלעכן עמעס. זייער טעות באַשטייט דערין, וואָס זיי גייען צו צו דער זאַך ניט־מאַרקסיסטיש, נאָר באַלעבעסלדיק, פּרוּוון זיך דערקלערן די פאַרשאַרפונג פונעם קלאַסנקאַמף מיט פאַרשיידענע מינים צופעליקע סיבעס, לאָמיר זאָגן, דערמיט, וואָס דער סאָוועטישער אַפּאַראַט „טויג ניט״, מיט דער „ניט־פאָרזיכטיקער“ פּאָליטיק פון די אָרטיקע כאַוויירים, מיט דער „אָפּוועזנקייט“ פון בייגעוודיקייט, מיט די „איבערבייגונגען“ אאַוו. אאַזוו.

אָט איז, צומבײַשפּיל, אַ ציטאַטע פון ח׳ בוכאַרינס בראָשור „דער וועג צום סאָציאַליזם“, וועלכע דעמאָנסטרירט דעם אַבסאָליוט ניט־מאַרקסיסטישן צוגאַנג צו דער פראַגע וועגן דער פאַרשאַרפונג פונעם קלאַסנקאַמף:

„דאָס דאָ, דאָס דאָרטן, פלאַקערט אויף דער קלאַסנקאַמף אין דאָרף און זײַנע פריערדיקע אַנטפּלעקונגען, דערבײַ ווערט די דאָזיקע פאַרשאַרפונג געוויינלעך אַרויסגערופן דורך די באַלעגאָלישע עלעמענטן. ווען, צומבײַשפּיל, באַלעגאָלים אָדער מענטשן, וואָס ווערן רײַך אויף פרעמדן כעזשבן און וואָס זײַנען דורכגעקראָכן אין די אָרגאַנען פון דער ראַטנמאַכט, הייבן אָן שיסן אין דאָרפקאָרן, — איז דאָס אַן אַנטפּלעקונג פון קלאַסנקאַמף אין דער סאַמע

שארפערע פאָרמ. (דאָס איז ניט ריכטיק, ווײַל די שארפסטע פאָרמ פונ קלאסנקאמפ איז אנ אופשטאנד. י. סטאלינ.) אזעלכע פאלנ קומענ אָבער פאָר געוויינלעכ דאָרט, ווו דער אָרטיקער סאָוועטישער אפאראט איז נאָכ שוואכ. באגלייַכ מיט דער פארבעסערונג פונעמ דאָזיקנ אפאראט, באגלייַכ מיט דער פארפעסטיקונג פונ אלע אונטערשטע קעמערלעכ פונ דער ראטנמאכט, באגלייַכ מיט דער פארבעסערונג און פארשטארקונג פונ די אָרטיקע דאָרפישע פארטייִשע און קאָמיוגישע אָרגאניזאציעס, וועלנ אזוינע מינימ דערשייַנונגענ, ווי דאָס איז פולשטענדיק קלאָר, ווערנ אלצ זעלטענער, און זיי וועלנ סאָפּקאָלסאָפּ פארשווינדנ אָנ שומ שפּורנ״.[1]

קומט אויס, אַזױאַרומ, אז די פארשארפונג פונעמ קלאסנקאמפ איז צו דערקלערנ מיט סיבעס פונ אפאראטישנ כאראקטער, מיט דער טויגבארקייַט אָדער אומטויגבארקייַט, מיט דער שוואכקייַט אָדער שטארקייַט פונ אונדזערע אונטערשטע אָרגאניזאציעס. עס קומט אויס, צומבייַשפּיל, אז די שעדיקערייַ פונ די שאכטער בורזשואזע אינטעליגענטנ, וואָס איז א פאָרמ פונ ווידערשטאנד קעגנ דער ראטנמאכט מיצאד די בורזשואזע עלעמענטנ און א פאָרמ פונ פארשארפונג פונעמ קלאסנקאמפ, איז צו דערקלערנ ניט מיט דער קעגנזייַטיקער פארהעלטעניש פונ די קלאסנ-קרעפטנ, ניט מיטנ וווּקס פונעמ סאָציאליזמ, נאָר מיט דער אומטויגבארקייַט פונ אונדזער אפאראט. עס קומט אויס, אז ביז דער אנטפּלעקונג פונ דער מאסעווער שעדיקערייַ אינ שאכטער ראיאָנ איז דער אפאראט בא אונדז געווענ א גוטער, און דערנאָכ, אינ דעמ מאָמענט, ווענ ס'האָט זיכ אנטפּלעקט די מאסעווע שעדיקערייַ, איז דער אפאראט עפּעס געוואָרנ אנ אומטויגבארער. עס קומט אויס, אז ביז פאראיאָרנ, ווענ די פארגרייטונגענ זייַנענ געגאנגענ פונ זיכ אליינ און קיינ באזונדערע פארשארפונג פונעמ קלאסנקאמפ איז בא אונדז ניט געווענ, זייַנענ אונדזערע אָרגאניזאציעס אפּ די ערטער געווענ גוטע אָדער אפילע אידעאלע, און פונ פאראיאָרנ אָנ, ווענ דער ווידערשטאנד פונעמ באלעגופּנטומ האָט אָנגענומענ באזונדערס שארפּע פאָרמענ, זייַנענ אונדזערע אָרגאניזאציעס געוואָרנ מיטאמאָל שלעכטע, אזוינע, וואָס טויגנ צו גאָרנישט ניט. דאָס איז ניט קיינ דערקלערונג, נאָר א כוויזעק פונ א דערקלערונג. דאָס איז ניט קיינ וויסנשאפט, נאָר אנ אָפּשפּרעכעניש.

מיט וואָס איז צו דערקלערנ די דאָזיקע פארשארפונג?

מיט צוויי סיבעס.

ערשטנס, מיט אונדזער רוקנ זיכ פאָרויס, מיט אונדזער אָנגריפ, מיטנ וווּקס פונ די סאָציאליסטישע פאָרמענ פונ דערווירטשאפט סייַ אינ דער אינדוסטריע סייַ אינ דער לאנדווירטשאפט, א וווּקס, וועלכער ווערט באגלייט מיט אנ אנטשפּרעכיקער ארויסשטויסונג פונ די אנטשפּרעכיקע אָטריאדנ קאפּיטאליסטנ פונ

[1] נ. בוכארינ. דער וועג צומ סאָציאליזמ און דער ארבעטער-פּויערשער בונד, ז. 53—54. מייַנ קורסיוו. י. סט.

שטאָט און דאָרף. עס האַלט אַזוי, אַז מיר לעבן לויט לענינס פאָרמולע — „ווער וועמען״: אָדער מיר וועלן זיי, די קאַפּיטאַליסטן, אַוועקלייגן אויף ביידע לאָפּעטקעס און מיר וועלן זיי געבן, ווי לענין האָט זיך אויסגעדריקט, די לעצטע אַנטשיידנדע שלאַכט, אָדער זיי וועלן אונדז אַוועקלייגן אויף ביידע לאָפּעטקעס.

צווייטנס, דערמיט, וואָס די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן ווילן ניט פרייוויליק אַוועקגיין פון דער סצענע: זיי ווייזן אַרויס אַ ווידערשטאַנד און וועלן אַרויסווייזן אַ ווידערשטאַנד דעם סאָציאַליזם, ווייל זיי זעען, אַז עס קומען אָן די לעצטע טעג פון זייער עקזיסטענץ. און אַרויסווייזן אַ ווידערשטאַנד קאָנען זיי נאָך דערווייל, וואָרעם, ניט געקוקט דערויף, וואָס ס׳פאַלט זייער ספּעציפישער געוויכט, איז אַבסאָליוט וואַקסן זייערע פונדעסטוועגן: די קליינבורזשואַזיע, די שטאָטישע און די דאָרפישע, טיילט אויס פון איר סוויווע, ווי לענין האָט געזאָגט, יעדן טאָג, יעדע שאָ קאַפּיטאַליסטן און קאַפּיטאַליסטלעך. און זיי, די דאָזיקע קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן, נעמען אָן אַלע מיטלען צו ראַטעווען זייער עקזיסטענץ.

עס זיינען נאָך ניט געווען אין דער געשיכטע אַזעלכע פאַלן, אַז די אָפּשטאַרבנדיקע קלאַסן זאָלן פרייוויליק אַוועקגיין פון דער סצענע. עס זיינען נאָך ניט געווען אין דער געשיכטע אַזעלכע פאַלן, אַז די אָפּשטאַרבנדיקע בורזשואַזיע זאָל ניט אויספּרוּוון אַלע רעשטלעך פון אירע קרעפטן אויף צו ראַטעווען איר עקזיסטענץ. צי דער אונטערשטער סאָוועטישער אַפּאַראַט וועט בא אונדז זיין גוט צי שלעכט, וועט אונדזער רוקן זיך פאָרויס, אונדזער אָנגריף איינשרומפּן די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן און וועט זיי אַרויסשטויסן, און זיי, די אָפּשטאַרבנדיקע קלאַסן, וועלן אַרויסווייזן אַ ווידערשטאַנד, ניט געקוקט אויף קיין זאַך.

אָט ווו עס ליגט דער סאָציאַלער יעסאָד פון דער פאַרשאַרפונג פון עמקלאַסנקאַמף.

דער טעות פון עמ כ׳ בוכאַרינ און פון זיינע פריינט באַשטייט דערין, וואָס זיי אידענטיפיצירן דעם וווּקס פון עמ ווידערשטאַנד מיצאַד די קאַפּיטאַליסטן מיטן וווּקס פון זייער ספּעציפישן געוויכט. די דאָזיקע אידענטיפיצירונג האָט אָבער ניט אונטער זיך קיין שום באָדן. זי האָט קיין באָדן ניט, ווייל, אויב זיי, די קאַפּיטאַליסטן, ווייזן אַרויס אַ ווידערשטאַנד, באַטייט דאָס קלאָל ניט, אַז זיי זיינען געוואָרן שטאַרקער פון אונדז. עס האַלט גאָר פונקט פאַרקערט. די אָפּשטאַרבנדיקע קלאַסן ווייזן אַרויס אַ ווידערשטאַנד ניט דערפאַר, ווייל זיי זיינען געוואָרן שטאַרקער פון אונדז, נאָר דערפאַר, וואָס דער סאָציאַליזם וואַקסט שנעלער פון זיי, און זיי ווערן שוואַכער פון אונדז. און טאַקע דערפאַר, ווייל זיי ווערן שוואַכער, שפּירן זיי די לעצטע

טעג פון זייער עקזיסטענצ און זיי זײַנען געצוווּנגענע ארויסצוווײַזן א ווי־דערשטאנד מיט אַלע קרעפטן, מיט אַלע מיטלען.

אָט אין וואָס עס באשטייט די מעכאניק פון דער פארשארפונג פונעם קלאסנקאמפ און פון דעם ווידערשטאנד מיצאד די קאפּיטאליסטן אין דעם געגעבענעם היסטאָרישן מאָמענט.

אין וואָס דארף באשטיין די פּאָליטיק פון דער פּארטיי אין צוזאמענהאנג מיט אזא זאכלאגע?

זי דארף באשטיין דערין, אז מע זאָל וועקן דעם ארבעטער־קלאס און די עקספּלואטירטע מאסן פון דאָרף, מע זאָל אופהייבן זייער שלאכטפייִקייט און אנטוויקלען זייער מאָביליזאציע־גרייטקייט צום קאמף קעגן די קאפּיטאַ־ליסטישע עלעמענטן פון שטאָט און דאָרף, צום קאמף קעגן די קלאסנפײַנט, וואָס ווײַזן ארויס א ווידערשטאנד. די מארקסיסטיש־לענינישע טעאָריע פון קלאסנקאמפ איז, אגעוו, דערמיט טאקע גוט, וואָס זי פארגרינגערט די מאָ־ביליזירונג פונעם ארבעטער־קלאס קעגן די פײַנט פון דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט.

אין וואָס באשטייט די שעדלעכקײַט פון דער בוכארינישער טעאָריע וועגן דעם ארײַנוואקסן פון די קאפּיטאליסטן אינעם סאָציאַליזם און פון דעם בוכארינישן פארשטיין די פראגע וועגן דער פארשארפונג פונעם קלאסנ־קאמפ?

דערין, וואָס זי פארשלעפערט דעם ארבעטער־קלאס, וואָס זי רײַסט ארונטער די מאָביליזאציע־גרייטקײַט פון די רעוואָלוציאָנערע קרעפטן פון אונדזער לאנד, וואָס זי דעמאָביליזירט דעם ארבעטער־קלאס און פארגרינגערט דעם אָנגריף פון די קאפּיטאליסטישע עלעמענטן קעגן דער ראטנמאכט.

## ג) וועגן דעם פויערטום

דער דריטער טאָעס פונעם כ׳ בוכארינ האָט א שײַכעס צו דער פראגע וועגן פויערטום. עס איז באוווּסט, אז די פראגע וועגן פויערטום איז בא אונדז איינע פון די וויכטיקסטע פראגן אין אונדזער פּאָליטיק. דאָס פויער־טום אין אונדזערע באדינגונגען באשטייט פון פארשיידענע סאָציאַלע גרו־פּירונגען, נעמלעך: פון אָרעמשאפט, מיטלפויערים און באלעגופים. ס׳איז פארשטענדלעך, אז אונדזער באציִונג צו די דאָזיקע גרופּירונגען קאָן ניט זײַן איינע און די זעלביקע. די אָרעמשאפט אלס אָנשפּאר פונעם ארבע־טער־קלאס, דער מיטלפויער אלס פארבינדעטער און דער באלעגופּ אלס קלאסנפײַנט, — אָט אזא איז אונדזער באציִונג צו די דאָזיקע סאָציאַלע גרופּירונגען. דאָס אלץ איז פארשטענדלעך און אלגעמיין באוווּסט. דער כ׳ בוכארינ קוקט אָבער אפ דעם א ביסל אנדערש. בא דער כאראקטעריסטיק

פונעם פויערטום פאלט בא אים ארויס דער פאקט פון דיפערענציאציע, עס פארשווינדט ערגעץ דאָס פאראנענזיין פון סאָציאלע גרופירונגען און עס בלייבט בלויז איין גרויער פלעק, וואָס רופט זיך דאָרף. בא אים איז דער באלעבוס — קיין באלעבוס ניט, און דער מיטלפויער — קיין מיטלפויער ניט, נאָר עפּעס א דורכויסיקער דאלעס אין דאָרף. אזוי האָט ער דאָ טאקע געזאָגט אין זיין רעדע: צי דען קאָן אונדזער באלעבוס אָנגערופן ווערן באלעבוס? דאָס איז דאָך אן אָרעמאן, — האָט ער געזאָגט. און אונדזער מיטלפויער — איז ער דען ענלעך אפן א מיטלפויער? — האָט דאָ דערקלערט דער כ׳ בוכארין. — דאָס איז דאָך אן אָרעמאן, וואָס לעבט אין הונגער. פארשטייט זיך, אז אזא קוק אפן פויערטום איז אין גרונט א פעלערהאפטער קוק, וואָס פּאָרט זיך ניט מיטן לעניניזם.

לענין האָט געזאָגט, אז דאָס פויערטום איז דער לעצטער קאפּיטאליסטישער קלאס. צי איז ריכטיק די דאָזיקע האנאָכע? יאָ, אבסאָליוט ריכטיק. פארוואָס ווערט דאָס פויערטום קוואליפיצירט אלס דער לעצטער קאפּיטאליסטישער קלאס? דערפאר, ווייל פון די צוויי גרונט-קלאסן, פון וועלכע עס באשטייט אונדזער געזעלשאפט, איז דאָס פויערטום דער קלאס, וואָס זיין ווירטשאפט באזירט זיך אפן פּריוואט-אייגנטום און אפן קליינסכוירעדיקער פּראָדוקציע. דערפאר, ווייל דאָס פויערטום, קאָלזמאן עס פארבלייבט א פויערטום, וואָס פּירט א קליינסכוירעדיקע פּראָדוקציע, טיילט עס אויס און קאָן ניט ניט אויסטיילן פון זיך קיין קאפּיטאליסטן שטענדיק און אָן אויפהער. דער דאָזיקער אומשטאנד האָט פאר אונדז אן אנטשיידנדיקע באדייטונג אין דער פראגע וועגן אונדזער מארקסיסטישער באציונג צו דער פּראָבלעם פונעם בונד פונעם ארבעטער-קלאס און פויערטום. דאָס באטייט, אז מיר דארפן האָבן ניט אבי א בונד מיטן פויערטום, נאָר בלויז אזא בונד, וואָס באזירט זיך אפן קאמף קעגן די קאפּיטאליסטישע עלעמענטן פונעם פויערטום. ווי איר זעט, איז לענינס טעזיס וועגן דעם פויערטום, אלס דעם לעצטן קאפּיטאליסטישן קלאס, ניט בלויז ער ווידערשפּרעכט ניט דער אידיי פון א בונד פונעם ארבעטער-קלאס און פויערטום, נאָר, פארקערט, ער גיט דעם דאָזיקן בונד א באזע אלס בונד פונעם ארבעטער-קלאס און פויערטום, אלס בונד, וואָס איז געווענדט קעגן די קאפּיטאליסטישע עלעמענטן פון אונדזער ווירטשאפט. לענין האָט ארויסגעשטעלט דעם דאָזיקן טעזיס, קעדיי צו באווייזן, אז דער בונד פונעם ארבעטער-קלאס און פויערטום קאָן זיין פעסט בלויז אין דעם פאל, אויב ער באזירט זיך אפן קאמף קעגן די זעלביקע קאפּיטאליסטישע עלעמענטן, וואָס דאָס פויערטום טיילט אויס פון זיך.

כ׳ בוכארינס פעלער באשטייט דערין, וואָס ער פארשטייט ניט און נעמט

ניט אופ אָט-די פּאָשעטע זאַכ, ער פאַרגעסט וועגנ די סאָציאַלע גרופּירונגענ אינ דאָרפ, בא אימ פאַרשווינדנ פונעמ האָריזאָנט די באַלעגופּימ אונ די אָרעמ-שאַפט אונ עס פאַרבלייבט בלויז א דורכויסיקע מיטלפּויערשע מאַסע. דאָס איז באַמ כ' בוכאַרינ אַנ אַנצווייפלדיקער אָפּנייג אַפּ רעכטס אינ קעגנזאַצ צומ „לינקנ", טראָצקיסטישנ אָפּנייג, וועלכער זעט ניט אינ דאָרפ קיינ אַנדערע סאָציאַלע גרופּירונגענ, אַכוץ דער אָרעמשאַפט אונ די באַלעגופּימ, אונ בא וועלכנ עס פאַרשווינדט פונעמ האָריזאָנט די מיטלפּויערימ.

אינ וואָס באַשטייט דער אונטערשייד צווישנ דעמ טראָצקיזמ אונ כ' בוכאַרינס גרופּע אינ דער פראַגע וועגנ בונד מיטנ פּויערטומ? דערינ, וואָס דער טראָצקיזמ זאָגט זיכ אָרויס קעגנ דער פּאָליטיק פונ א פעסטנ בונד מיט די מיטלפּויערשע מאַסנ, אונ די בוכאַרינישע גרופּע איז פאַר יעטווידנ בונד מיטנ פּויערטומ. עס איז גאָר איבעריק צו דערווייזנ, אַז די דאָזיקע ביידע איינשטעלונגענ זיינענ ניט ריכטיק אונ זיי זיינענ ווערט איינע די צווייטע.

דער לעניניזמ איז אומבאַדינגט פאַר א פעסטנ בונד מיט די גרונט-מאַסנ פונעמ פּויערטומ, פאַר א בונד מיט די מיטלפּויערימ, אָבער ניט פאַר יעטווידנ בונד, נאָר פאַר אַזא בונד מיט די מיטלפּויערימ, וואָס זיכערט די אָנפירנדיקע ראָליע פונעמ אַרבעטער-קלאַס, וואָס פאַרפעסטיקט די דיקטאַטור פונעמ פּראָלעטאַריאַט אונ פאַרגרינגערט די פאַרניכטונג פונ די קלאַסנ.

„אונטער אַנ אויסגלייכ צווישנ דעמ אַרבעטער-קלאַס אונ דעמ פּויערטומ, — זאָגט לענינ, — קאָנ מענ פאַרשטיינ וואָס מע וויל. אויב מע זאָל ניט האָבנ אינזינענ, אַז אַנ אויסגלייכ, פונעמ שטאַנדפּונקט פונעמ אַרבעטער-קלאַס, איז דערלאָזבאַר, ריכטיק אונ פּרינציפּיעל מעגלעכ בלויז דאַנ, ווענ ער שטיצט די דיקטאַטור פונעמ אַרבעטער-קלאַס אונ איז איינס פונ די מיטלענ, וואָס זיינענ געווענדט אַפּ צו פאַרניכטנ די קלאַסנ, פאַרבלייבט, פאַרשטייט זיכ, די פאָרמולע פונ אַנ אויסגלייכ צווישנ דעמ אַרבעטער-קלאַס אונ דעמ פּויערטומ א פאָרמולע, וואָס אַלע פיינט פונ דער ראַטנמאַכט אונ אַלע סאָנימ פונ דער דיקטאַטור פירנ טאַקע דורכ אינ זייערע אָנשווינגענ". 1

### אונ ווייטער:

„איצט, — זאָגט לענינ, — האַלט דער פּראָלעטאַריאַט אינ די הענט די מאַכט אונ פירט אָנ מיט איר. ער פירט אָנ מיטנ פּויערטומ. וואָס באַטייט דאָס — אָנפירנ מיטנ פּויערטומ? דאָס באַטייט, ערשטנס, פירנ א ליניע אַפּ פאַרניכטנ די קלאַסנ, אונ ניט אַפּ דעמ קליינעמ פּראָדוצירער. ווענ מיר וואָלטנ זיכ אָראָפּגעשלאָגנ פונ דער דאָזיקער איקערדיקער אונ גרינט-לעכער ליניע, וואָלטנ מיר דאַנ אופגעהערט צו זיינ סאָציאַליסטנ אונ מיר וואָלטנ אַריינגעפאַלנ אינ לאַגער פונ יענע קליינבירגער, אינעמ לאַגער פונ די עסערנ אונ מענשעוויקעס, וואָס זיינענ איצט די סאַמע פאַרביסנסטע פיינט פונעמ פּראָלעטאַריאַט". 2

---

1 לענינ, ווערק, ב. XXVI, ז. 387.

2 דאָרט, ז. 399—400.

אָט דאָס איז ער, לענינס שטאַנדפּונקט אין דער פראַגע וועגן דעם בונד מיט די גרונט־מאַסן פונעם פויערטום, וועגן דעם בונד מיט די מיטל־פויערים.

דער טאָעס פון כ׳ בוכארינס גרופּע אין דער פראַגע וועגן דעם מיטל־פויער באַשטייט דערין, וואָס זי זעט ניט די צווייענדיקע נאַטור, די צווייענדיקע לאַגע פונעם מיטלפויער צווישן דעם אַרבעטער־קלאַס און די קאַפּיטאַליסטן. „דער מיטלפויער איז א קלאַס א וואַקלדיקער“, האָט געזאָגט לענין. פאַרוואָס? דערפאַר, ווייל דער מיטלפויער איז, פון איין זייט, א האָרעפּאַשניק, און דאָס דערנענטערט אים צום אַרבעטער־קלאַס, און פון דער צווייטער זייט — איז ער אן אייגנטימער, און דאָס דערנענטערט אים צום באַלעגוף. פונדאַנען נעמען זיך די וואַקלונגען פונעם מיטלפויער. און דאָס איז ריכטיק ניט בלויז טעאָרעטיש. די דאָזיקע וואַקלונגען אַנטפּלעקן זיך אויך אין דער פּראַקטיק יעדן טאָג, יעדע שאָ.

„דער פויער, — זאָגט לענין, — אַלס האָרעפּאַשניק, ציט צום סאָציאַליזם, אָפּגעבנדיק פּאָרצוג דער דיקטאַטור פון די אַרבעטער לעגאַבע דער דיקטאַטור פון דער בורזשואַזיע. דער פויער, אַלס ברויט־פאַרקויפער, ציט צו דער בורזשואַזיע, צום פרייען האַנדל, דה. צוריק צום „צוגעוווינטן“, אַלטן, „לאַנגאָנגעדיקן“ קאַפּיטאַליזם“.[1]

דעריבער קאָן דער בונד מיטן מיטלפויער זיין פעסט בלויז אין דעם פאַל, אויב ער איז געווענדט קעגן די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן, קעגן דעם קאַפּיטאַליזם בכלל, אויב ער זיכערט די אָנפירנדיקע ראָליע פונעם אַרבעטער־קלאַס אין דעם דאָזיקן בונד, אויב ער פאַרגרינגערט די פאַרניכטונג פון די קלאַסן.

עס איז מאָדנע, וואָס דעם כ׳ בוכארינס גרופּע פאַרגעסט וועגן די דאָזיקע פּאָשעטע און פאַרשטענדלעכע זאַכן.

## ד) וועגן דעם נעפּ און די מאַרק־פאַרהעלטענישן

דער פריערדיקער פּעלער פונעם כ׳ בוכארין איז נעגייע דער פראַגע וועגן נעפּ. דעם כ׳ בוכארינס פעלער באַשטייט דאָ דערין, וואָס ער זעט ניט די צווייזייטיקייט פונעם נעפּ, ער זעט נאָר איין זייט פונעם נעפּ. ווען מיר האָבן איינגעפירט דעם נעפּ אין 1921 יאָר, האָבן מיר דאַן די שאַרף זיינע געווענדט קעגן דעם קריגס־קאָמוניזם, קעגן אַזא רעזשים און פּאָראָנדקעס, וואָס שליסט אויס *וועלכע־ניט־איז* פרייהייט פון האַנדל. מיר האָבן געהאַלטן און האַלטן, אַז דער נעפּ באַטייט א *געוויסע* פרייהייט פון האַנדל. אָט־די זייט פון דעם איניען האָט דער כ׳ בוכארין פאַרגעדענקט. און דאָס

[1] לענין. ווערק, ב. XXIV, ז. 314.

איז זייער גוט. דער כ׳ בוכארינ האָט אָבער א טאָעס, ווענ ער מיינט, אז די דאָזיקע זייַט פונ דעם איניענ שעפט אויס דעם נעפ. דער כ׳ בוכארינ פארגעסט, אז דער נעפ האָט נאָכ א צווייטע זייַט. די זאכ באשטייט דערינ, וואָס דער נעפ באטייַט גאָר ניט קיינ פולשטענדיקע פרייַהייַט פונ האנדל, קיינ פרייַע שפיל פונ פרייַזנ אפנ מארק. דער נעפ איז פרייַהייַט פונ האנדל אינ געוויסע גרענעצנ, אינ געוויסע ראמענ, ווענ עס איז געזיכערט די רעגולירנדיקע ראָליע פונ דער מעלוכע אונ איר ראָליע אפנ מארק. דערינ טאקע באשטייט די צווייטע זייַט פונ נעמ נעפ. דערבייַ איז די דאָזיקע זייַט פונעמ נעפ ניט וויניקער, אויב ניט מער, וויכטיק, ווי זייַנ ערשטע זייַט. בא אונדז איז ניטאָ אפנ מארק קיינ פרייַע שפיל פונ פרייַזנ, ווי דאָס קומט פאָר געוויינלעכ אינ די קאפיטאליסטישע לענדער. אינ גרונט באשטימענ מיר די פרייַזנ אפ ברויט. מיר באשטימענ די פרייַזנ אפ די אינדוסטריעלע סכוירעס. מיר סטארענ זיכ דורכצופירנ א פאָליטיק פונ אראָפּזעצנ דעם קערנקאָסט אונ פונ אראָפּזעצנ די פרייַזנ אפ די אינדוסטריעלע סכוירעס, שטרעבנדיק צו פארהיטנ די סטאבילקייַט פונ די פרייַזנ אפ די פראָדוקטנ פונ דער לאנדווירטשאפט. צי איז דענ ניט קלאָר, אז אזא באזונדערע אונ ספעציפישע אָרדענונג אפנ מארק טרעפט ביכלאל ניט אינ די קאפיטאליסטישע לענדער.

דערפונ איז געדרונגענ, אז קאָלזמאנ עס איז פאראנ נעפ, דארפנ אייַנגעהיט ווערנ ביידע זייַטנ זייַנע: אי די ערשטע זייַט, וואָס איז געווענדט קעגנ דעם רעזשימ פונ קריגס־קאָמוניזמ אונ וואָס האָט דעמ ציל צו זיכערנ א געוויסע פרייַהייַט פונ האנדל, אי די צווייטע זייַט, וואָס איז געווענדט קעגנ דער פולשטענדיקער פרייַהייַט פונ האנדל אונ וואָס האָט דעם ציל צו זיכערנ די רעגולירנדיקע ראָליע פונ דער מעלוכע אפנ מארק. פארניכטעט איינע פונ די דאָזיקע זייַטנ, — וועט איר ניט האָבנ קיינ נעפ.

דער כ׳ בוכארינ מיינט, אז דעם נעפ קאָנ דראָענ א געפאר בלויז פונ „לינקס“, מיצאד די מענטשנ, וואָס ווילנ ליקווידירנ יעטווידע פרייַהייַט פונ האנדל. דאָס איז ניט ריכטיק. דאָס איז ביז גאָר א גראָבער פעלער. דערצו איז נאָכ אזא געפאר איצט וויניקער פונ אלצ רעאל, ווייַל בא אונדז זייַנענ איצט ניטאָ, אָדער קימאט ניטאָ, אזעלכע מענטשנ אינ אונדזערע אָרטיקע אונ צענטראלע אָרגאניזאציעס, וואָס זאָלנ ניט פארשטיינ, די גאנצע נויטווענדיקייַט אונ צוועקמעסיקייַט צו אייַנהיטנ א געוויסע פרייַהייַט פונ האנדל. פיל מער רעאל איז די געפאר פונ רעכטס, די געפאר מיצאד די מענטשנ, וואָס ווילנ ליקווידירנ די רעגולירנדיקע ראָליע פונ דער מעלוכע אפנ מארק, וואָס ווילנ „אנטשקלאפנ“ דעם מארק אונ עפענענ אזויארומ אנ ערע פונ פולשטענדיקער פרייַהייַט פונ האנדל. עס קאָנ ניט זייַנ קיינ שום צווייפל,

אז די דאָזיקע געפאר פון אראָפּרייסן דעם נעפּ פון רעכטס איז איצט פיל מער רעאל. מע דארף ניט פארגעסן, אז די קליינבירגערלעכע סטיכיע ארבעט גראָד אין דער דאָזיקער ריכטונג, — אין דער ריכטונג פון אראָפּרייסן דעם נעפּ פון רעכטס. מע דארף אויך געדענקען, אז די יעלאָלעס פון די באלע־גופים און פון די פארמעגלעכע עלעמענטן, די יעלאָלעס פון די ספעקו־ליאנטן און אופקויפערס, אונטער וועלכע עס גיבן זיך אָפּטמאָל אונטער פיל פון אונדזערע כאווײרים, באָמבארדירן דעם נעפּ גראָד פון דער דאָזיקער זײַט.

דער פאקט, וואָס דער כ' בוכארינ זעט ניט די דאָזיקע צווייטע, ווירקלעכ רעאלע, געפאר פון אראָפּרייסן דעם נעפּ, — דער דאָזיקער פאקט רעדט אָן צווייפל וועגן דעם, אז ער האָט זיך אונטערגעגעבן אונטערן דרוק פון דער קליינבירגערלעכער סטיכיע.

דער כ' בוכארינ לייגט פאָר צו „נאָרמאליזירן" דעם מארק און צו „מאַ־נעווורירן" מיט די פארגרייטערישע פרייזן אפּ ברויט לויט די ראיאָנען, ד.ה. צו העכערן די פרייזן אפּ ברויט. וואָס באטייט עס? דאָס באטייט, אז אים באפרידיקן ניט די סאָוועטישע באדינגונגען פון מארק, אז ער וויל אראָפּ־זעצן פאוואָליע די רעגולירנדיקע ראָליע פון דער מעלוכע אפּן מארק און לייגט פאָר צו גיין אפּ האנאָכעס דער קליינבירגערלעכער סטיכיע, וואָס רײַסט אראָפּ דעם נעפּ פון רעכטס.

לאָמיר דערלאָזן אפּ א מינוט, אז מיר האָבן געפאָלגט כ' בוכארינס אייצעס. וואָס וועט זיך דערפון באקומען? מיר הייבן אופּ די פרייזן אפּ ברויט, לאָמיר זאָגן, אין הארבסט, אין אָנהייב פונעם פארגרייט־פעריאָד. נאָר אזויווי אפּן מארק זײַנען שטענדיק פאראן מענטשן, אלערליי ספעקוליאנטן און אופקויפערס, וואָס קאָנען באצאָלן פארן ברויט אין דרײַ מאָל מער, און אזויווי מיר קאָנען זיך ניט נאָכיאָגן נאָך די ספעקוליאנטן, וואָרעם זיי קויפן אײַנגאנצן אוועלכע צען מיליאָן פוד, און מיר דארפן קויפן הונדערטער מי־ליאָן פוד, וועלן די באזיצער פון ברויט אלציינס צוהאלטן דאָס ברויט, ווארטנדיק אפּ א ווײַטערדיקער העכערונג פון די פרײַזן. הייסט עס, אז צו פרילינג צו, ווען עס הייבט זיך הויפּטזאכלעכ טאקע אָן די איקערדיקע נויט פון דער מעלוכע אין ברויט, וועט אונדז אויסקומען פונדאָסניי צו העכערן די פרייז אפּ ברויט. וואָס באטײַט אָבער העכערן אין פרילינג די פרײַז אפּ ברויט? דאָס באטײַט קוילען די אָרעמשאפט און די קנאפּ־מעכטיקע שיכטן פון דאָרף, וואָס זײַנען אליינ געצוווּנגען צוקויפן ברויט אין פרילינג, טיילווײַז אפּ זריע, טײלווײַז צום עסן, דאָס זעלביקע ברויט, וואָס זיי האָבן געהאט פארקויפט אין הארבסט לויט א מער ביליקן פרײַז. צי וועלן מיר קאָנען זיך דערשלאָגן עפּעס ערנסטעס אלס רעזולטאט פון די דאָזיקע אָפּע־ראציעס אין זין פון באקומען א גענוגנדיקן סכום ברויט? ווארשײַנלעכער

פאר אלצ איז, אז מיר וועלנ ניט קאָנענ, ווײַל עס וועלנ זיכ שטענדיק גע-פינענ ספּעקוליאַנטנ אונ אופּקויפערס, וואָס וועלנ ווידער קאָנענ באצאָלנ פאר דעמ זעלביקנ ברויט אינ צוויי אָדער אינ דרײַ מאָל מער. הייסט עס, אז מיר דארפנ זײַנ גרייט צו א נײַער העכערונג פונ די פּרײַזנ אפּ ברויט, אומ-זיסט סטארענדיק זיכ אריבערצושטײַגנ די ספּעקוליאַנטנ אונ אופּקויפערס.

דערפונ אָבער, קומט אויס, אז וויבאלד מיר שטעלנ זיכ איינ מאָל אפּנ וועג פונ העכערנ די פּרײַזנ אפּ ברויט, מוזנ מיר אויכ ווײַטער זיכ קײַקלענ אראָפּ, ניט האָבנדיק קיינ גאראַנטיע, אז מיר וועלנ באקומענ א גענוגנדיקנ סכום ברויט.

די זאכ פארענדיקט זיכ אָבער ניט דערמיט. ערשטנס, איז אויב מיר וועלנ אופהייבנ די פ א ר ג ר יי ט-פּרײַזנ אפּנ ברויט, וועלנ מיר, דערנאָכ מוזנ אופהייבנ אויכ די פּרײַזנ אפּ רוישטאָפּ, קעדיי צו אײַנהיטנ א געוויסע פּראָ-פּאָרצ אינ די פּרײַזנ אפּ די פּראָדוקטנ פונ דער לאַנדווירטשאפט. צווייטנס, איז אויב מיר זאָלנ העכערנ די פארגרייט־פּרײַזנ אפּ ברויט, וועלנ מיר ניט קאָנענ אײַנהיטנ דעמ נידעריקנ פּרײַז אפּ ברויט אינ די שטעט, — הייסט עס, אז מיר וועלנ מוזנ אופהייבנ אויכ די פּ א ר ק וי פ-פּרײַזנ אפּ ברויט. אונ אזוי־וויִ מיר קאָנענ ניט אונ דארפנ ניט קריוודענ די ארבעטער, — מוזנ מיר מיט א פארשנעלערטנ טעמפּ העכערנ דעמ ארבעטלוינ. דאָס אָבער קאָנ ניט ניט ברענגענ דערצו, אז מע זאָל העכערנ די פּרײַזנ אויכ אפּ די אינדוס-טריעלע סכוירעס, ווײַל אינ קעגנפאל קאָנ זיכ באקומענ אזוי, אז, טראָצ די אינטערעסנ פונ דער אינדוסטריאליזאציע, וועלנ די מיטלענ אָנהייבנ אריבער-געפּאָמפּעט ווערנ פונ שטאָט אינ דאָרפ ארײַנ. אלס רעזולטאט וועלנ מיר מוזנ אויסגלײַכנ די פּרײַזנ אפּ די אינדוסטריעלע סכוירעס אונ לאַנדווירט־שאפטלעכע פּראָדוקטנ ניט אפּ דער באזע פונ פ א ל נ ד י ק ע אָדער לעכאָלאפּאָ-כעס סטאביליזירטע פּרײַזנ, נאָר אפּ דער באזע פונ ש ט ײַ ג נ ד י ק ע פּרײַזנ סײַ אפּ ברויט סײַ אפּ די אינדוסטריעלע סכוירעס. אנדערש גערעדט, מיר וועלנ מוזנ האלטנ א קורס אפּ ט ײַ ע ר ע ר מ א כ נ די אינדוסטריעלע סכוירעס אונ די לאַנדווירטשאפטלעכע פּראָדוקטנ. עס איז ניט שווער צו פארשטיינ, אז אזא „מאַנעווירונג" מיט די פּרײַזנ קאָנ ניט ניט ברענגענ צו דער פול-שטענדיקער ליקווידאציע פונ דער סאָוועטישער פּרײַזנ-פּאָליטיק, צו דער ליק-ווידאציע פונ דער רעגולירנדיקער ראָליע פונ דער מעלוכע אפּנ מארק אונ צומ פולשטענדיקנ צעבינדנ די קליינבירגערלעכע סטיכיע. פאר וועמענ וועט דאָס זײַנ לוינבאר? בלויז פאר די פארמעגלעכע שיכטנ פונ שטאָט אונ דאָרפ, וואָרעמ טײַערע אינדוסטריעלע סכוירעס אונ לאַנדווירטשאפטלעכע פּראָדוקטנ מוזנ ווערנ ניט צוטריטלעכ סײַ פארנ ארבעטער-קלאס סײַ פאר דער אָרעמ־שאפט אונ פאר די קנאפּ-מעכטיקע שיכטנ פונ דאָרפ. עס וועלנ אויסשפּילנ

די באַלעגופים און די פאַרמעגלעכע, די נעפלײַט און אַנדערע פאַרמעגלעכע קלאַסן.

דאָס וועט אויך זײַן א צוזאַמענשלוס, נאָר אַן אייגנאַרטיקער צוזאַמענשלוס — אַ צוזאַמענשלוס מיט די פאַרמעגלעכע שיכטן פון דאָרף און שטאָט. די אַרבעטער און די קנאַפּ-מעכטיקע שיכטן פון דאָרף וועלן האָבן דאָס פולע רעכט צו פרעגן בײַ אונדז: וועמעס מאַכט זײַנען מיר, אַן אַרבעטער-פויערשע אָדער אַ באַלעגופּיש-נעפּמאַנישע?

אַן אײַנרײַס מיטן אַרבעטער-קלאַס און מיט די קנאַפּ-מעכטיקע שיכטן פון דאָרף, אַ צוזאַמענשלוס מיט די פאַרמעגלעכע שיכטן פון דאָרף און שטאָט — אָט צו וואָס עס מוז ברענגען די בוכאַרינישע „נאָרמאַליזירונג" פונעם מאַרק און „מאַנעווורירונג" מיט די פּרײַזן אויף ברויט לויט ראַיאָנען.

ס'איז קלאָר, אַז די פאַרטיי קאָן זיך ניט שטעלן אויף אָט-דעם וועג, וואָס פירט צום אומקום.

ווי ווײַט עס האָבן זיך בײַם ח' בוכאַרינען צונויפגעפלאָנטערט אַלע באַגריפן וועגן נעפּ און ווי פעסט ער האָט זיך אַרײַנגעזעצט בײַ דער קליינבירגערלעכער סטיכיע אין געפענקעניש, — איז צו זען, אַגעוו, פון דער מער ווי נעגאַטיווער באַציִונג, וואָס ער ווײַזט אַרויס צו דער פראַגע וועגן די נײַע פאָרמען פון סכוירע-אומזאַץ צווישן שטאָט און דאָרף, צווישן דער מעלוכע און דעם פויערטום. ער איז אופגעבראַכט און מאַכט קוילעס קעגן דעם, וואָס די מעלוכע איז געוואָרן אַ ליפעראַנט פון סכוירעס פאַרן פויערטום און וואָס דאָס פויערטום ווערט אַ ליפעראַנט פון ברויט פאַר דער מעלוכע. ער האַלט, אַז דערמיט ברעכט מען אַלע קלאָלים פון נעפּ, אַז דאָס הייסט שיר ניט אַראָפּרײַסן דעם נעפּ. פאַרוואָס, פרעגט זיך, אויף וואָס פאַר אַ גרונט? וואָס קאָן זײַן פאַר אַ בייז דערין, וואָס די מעלוכע, די מעלוכישע אינדוסטריע איז אַ ליפעראַנט פון סכוירעס פאַרן פויערטום, און דאָס פויערטום — אַ ליפעראַנט פון ברויט פאַר דער אינדוסטריע, פאַר דער מעלוכע? וואָס קאָן זײַן פאַר אַ בייז פונעם שטאַנדפּונקט פון מאַרקסיזם און פון דער מאַרקסיסטישער פּאָליטיק פון נעפּ דערין, וואָס דאָס פויערטום האָט זיך שוין פאַרוואַנדלט אין אַ ליפעראַנט פון בוימוואָל, בורעקעס, לײַן פאַר די נויטן פון דער מעלוכישער אינדוסטריע, און די מעלוכישע אינדוסטריע — אין אַ ליפעראַנט פון שטאָטישע סכוירעס, זריִע און פּראָדוציר-מיטלען פאַר די דאָזיקע צווײַגן פון דער לאַנדווירטשאַפט? דער קאָנטראַקטאַציע-מעטאָד איז דאָ דער גרונט-מעטאָד פאַר אײַנשטעלן די דאָזיקע נײַע פאָרמען פון סכוירע-אומזאַץ צווישן שטאָט און דאָרף. צי דען ווידערשפּרעכט דער קאָנטראַקטאַציע-מעטאָד די פאָדערונגען פון נעפּ? וואָס קאָן זײַן פאַר אַ בייז

דערינג, וואָס, אדאנק דעם זעלבּיקן קאָנטראַקטאַציע־מעטאָד, ווערט דאָס פּויערטום א ליפעראַנט פאר דער מעלוכע אויכ לויט דער ליניע פון ברויט, און ניט בלויז לויט דער ליניע פון בוימוואָל, בורעקעס, ליין? פארוואָס קאָן דער האנדל מיט קליינע פּאַרטיעס, דער קליינהאנדל אָנגערופן ווערן סכוירע־אומזאַץ, און דער האנדל מיט גרויסע פאַרטיעס לויט פריִער געמאַכטע אָפּמאַכן (קאָנטראַקטאַציע) וועגן די פרייזן און דער קוואַליטעט פון דער סכוירע קאָן זיך ניט רעכענען פאר קיין סכוירע־אומזאַץ? פונוואַנען נעמט זיך די דאָזיקע אַבסורדישקייט? צי דען איז שווער צו פארשטיין, אז די דאָזיקע נייע מאַסן־פאָרמען פון סכוירע־אומזאַץ לויטן מעטאָד פון קאָנטראַקטאַציע צווישן שטאָט און דאָרף זיינען אנטשטאַנען גראָד אפן גרונט פונעם נעפּ, אז זיי זיינען דער גרעסטער טריט פאָרויס מיצאד אונדזערע אָרגאַניזאַציעס אין זין פון פארשטאַרקן די פּלאַנעווע, סאָציאַליסטישע אָנפירונג מיט דער פּאָלקווירטשאַפט?

צי איז דען נים מעשונעדיק, וואָס דער כ׳ בוכאַרין האָט פארגעסן, וויאַזוי מע דארף פארשטיין די דאָזיקע פּאָשעטע און פארשטענדלעכע זאַכן?

## ה) וועגן דעם אנטוויקלונג־טעמפּ פון דער אינדוסטריע און וועגן די נייע פאָרמען פון צוזאַמענשלוס

צולעצט, די פראַגע וועגן דעם אנטוויקלונג־טעמפּ פון דער אינדוסטריע און וועגן די נייע פאָרמען פון צוזאַמענשלוס צווישן שטאָט און דאָרף. די דאָזיקע פראַגע איז איינע פון די וויכטיקסטע פראַגן פון אונדזערע מיינונג־פארשיידנהייטן. די וויכטיקייט פון דער דאָזיקער פראַגע באַשטייט דערין, וואָס אין איר זיינען קאָנצענטרירט אַלע פעדעמ פון אונדזערע פּראַקטישע מיינונג־פארשיידנהייטן איבער די פראַגן פון דער ווירטשאַפטלעכער פּאָליטיק פון דער פארטיי.

וואָס זיינען אזוינס די נייע פאָרמען פון צוזאַמענשלוס, וואָס באַטייט דאָס פונעם שטאַנדפּונקט פון אונדזער ווירטשאַפטלעכער פּאָליטיק?

דאָס באַטייט פריִער פאר אַלץ, אז אויסער די אַלטע פאָרמען פונעם צוזאַמענשלוס צווישן שטאָט און דאָרף, ווען די אינדוסטריע האָט באַפרידיקט הויפּטזאַכלעך די פּערזענלעכע באַדערפעניִשן פונעם פּויער (ציץ, שוכוואַרג, ביכלאַל מאַנופאַקטור אאוו.), דארפן מיר נאָך האָבן נייע פאָרמען פון צוזאַמענשלוס, ווען די אינדוסטריע וועט באַפרידיקן די פּראָדוציר־גויטן פון דער פּויערשער ווירטשאַפט (לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינעס, טראַקטערס, פארבעסערטע זריִע, באַמיסטיקונג אאוו.). אויב מיר האָבן פריִער באַפרידיקט הויפּטזאַכלעך די פּערזענלעכע באַדערפעניִשן פונעם פּויער, ווייניק אָנרירנדיק די פּראָדוציר־גויטן פון זיין ווירטשאַפט, איז איצט, פּאָר־

זעצנדיק דאָס באַפרידיקן די פּערזענלעכע באַדערפעניש פון עם פויער, דאַרפן מיר אָנשטרענגען אַלע קויכעס אַף באַזאָרגן מיט לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינעס, טראַקטערס, באַמיסטיקונג אאַוו., וואָס האָבן אַ דירעקטע שייכעס צו דער רעקאָנסטרוקציע פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער פּראָדוקציע אַף אַ נייער טעכנישער באַזע. קאָלזמאַן עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אויפשטעלן די לאַנדווירטשאַפט און וועגן דעם, אַז די פויערים זאָלן באַהערשן די געוועזענע פּריצישע און באַלעגופישע ערדן, האָבן מיר זיך געקאָנט צופרידנשטעלן מיט די אַלטע פאָרמען פון צוזאַמענשלוס. איצט אָבער, ווען עס האַנדלט זיך וועגן דער רעקאָנסטרוקציע פון דער לאַנדווירטשאַפט, איז דאָס שוין ניט גענוג. איצט דאַרף מען גיין ווייטער, העלפנדיק דעם פויערטום איבערצובויען די לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקציע אַף אַ באַזע פון נייער טעכניק און פון קאָלעקטיווער אַרבעט.

דאָס באַטייט, צווייטנס, אַז באַגלייך מיט דער איבערבאַוואָפענונג פון אונדזער אינדוסטריע דאַרפן מיר אָנהייבן ערנסט איבערבאַוואָפענען אויך די לאַנדווירטשאַפט. מיר באַוואָפענען איבער און האָבן שוין טיילווייז איבערבאַוואָפנט אונדזער אינדוסטריע, אונטערפירנדיק אונטער איר אַ נייע טעכנישע באַזע, באַזאָרגנדיק זי מיט נייע פאַרבעסערטע מאַשינעס, מיט נייע פאַרבעסערטע קאַדרען. מיר בויען נייע זאַוואָדן און פאַבריקן, מיר רעקאָנסטרויִרן און פאַרברייטערן די אַלטע, מיר אַנטוויקלען די מעטאַלורגיע, די כימיע, די מאַשינבויונג. אַף אָט־דעם גרונט וואַקסן שטעט, עס מערן זיך נייע אינדוסטריִעלע פונקטן, עס פאַרברייטערן זיך די אַלטע. אַף דער דאָזיקער באַזע וואַקסט דער נאָכפרעג אַף דערנערונג־פּראָדוקטן, אַף רוישטאָף פאַר דער אינדוסטריע. די לאַנדווירטשאַפט ווידער פאַרבלייבט בא די אַלטע ווערקציַיג, בא די אַלטע, זיידישע, מעטאָדן פון ערד־באַאַרבעטונג, בא דער אַלטער, פּרימיטיווער, טעכניק, וואָס טויג שוין איצט ניט אָדער טויג קימאַט ניט, בא די אַלטע קליינפויערשע אינדיווידועלע פאָרמען פון ווירטשאַפט־פירונג און אַרבעט. וואָס איז ווערט, צומביישפּיל, דער פאַקט, וואָס ביז דער רעוואָליוציע איז בא אונדז געווען בא 16 מיליאָן הויפן, און איצט איז פאַראַן ניט ווייניקער פון 25 מיליאָן? וועגן וואָס רעדט דאָס אַלץ, אויב ניט וועגן דעם, אַז די לאַנדווירטשאַפט נעמט אָן אַלץ מער אַ צעשטויבטן, אַ צעשפּליטערטן כאַראַקטער. און דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון צעשטויבטע קליינע ווירטשאַפטן באַשטייט דערין, וואָס זיי זיינען ניט בעקויעך אין אַ געהעריקער מאָס אויסצונוצן די טעכניק, מאַשינעס, טראַקטערס, די אָנגאַבן פון דער אַגראָנאָמישער וויסנשאַפט, וואָס זיי זיינען ווייניק־סכוירע־דיקע ווירטשאַפטן. פונדאַנען נעמט זיך דער ניט־גענוגנדיקער סכוירע־אַרויס־באַקום פון לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן. פונדאַנען נעמט זיך די גע־

פאר פונ אנ אײַנרײַס צווישנ שטאָט אונ דאָרפ, צווישנ דער אינדוסטריע אונ דער לֿאנדווירטשאפט. פונדאנענ נעמט זיכ די נויטווענדיקײַט אונטערצוציִענ, אונטערצוטרײַבנ די לֿאנדווירטשאפט צומ אנטוויקלֿונג־טעמפּ פונ אונדזער אינדוסטריע. איז אָט, קעדיי עס זאָלֿ ניט זײַנ די דאָזיקע געפאר פונ אנ אײַנרײַס, דארפ מענ אָנהייבנ ערנסט איבערבאוואָפענענ די לֿאנדווירטשאפט אפ דער באזע פונ דער נײַער טעכניק. אונ קעדיי זי איבערצובאוואָפענענ, דארפ מענ ביסלֿעכווײַז פאראייניקנ די צעשפּלֿיטערטע פּויערשע ווירטשאפטנ אינ גרויסע ווירטשאפטנ, אינ קאָלֿעקטיווג, דארפ מענ בויענ די לֿאנדווירטשאפט אפ דער באזע פונ קאָלֿעקטיווער ארבעט, דארפ מענ גרעסער מאכנ די קאָלֿעקטיווג, דארפ מענ אנטוויקלֿענ די אלֿטע אונ נײַע ראט־ווירטנ, דארפ מענ סיסטעמאטיש אָנווענדנ די מאסעווע פאָרמענ פונ קאָנטראקטאציע צו אלֿע גרונט-צווײַגנ פונ דער לֿאנדווירטשאפט, דארפ מענ אנטוויקלֿענ די סיסטעמ פונ מאשינטראקטערישע סטאנציעס, וואָס העלֿפנ דעמ פּויערטומ צו באהערשנ די נײַע טעכניק אונ צו קאָלֿעקטיוויזירנ די ארבעט, — מיט איינ וואָרט, מע דארפ ביסלֿעכווײַז אריבערפירנ די קלֿיינ־פּויערשע ווירטשאפטנ אפ דער באזע פונ גרויסער קאָלֿעקטיווער פּראָדוקציע, וואָרעמ בלֿויז די גרויסע פּראָדוקציע פונעמ געזעלֿשאפטלֿעכנ טיפ איז פייִק אויסצונוצנ אינגאנצנ די אָנגאבנ פונ דער וויסנשאפט אונ פונ דער נײַער טעכניק אונ רוקנ פאָרויס מיט זיבנמײַלֿיקע טריט די אנטוויקלֿונג פונ אונדזער לֿאנדווירטשאפט.

דאָס באטײַט ניט, פארשטייט זיכ, אז מיר דארפנ פארווארפנ די אינדיווידועלֿע אָרעמ- אונ מיטלֿפּויערשע ווירטשאפט. ניינ, עס באטײַט ניט. אינ פּראט פונ באזאָרגנ די אינדוסטריע מיט דערנערונג אונ מיט רוישטאָפ שפּילֿט אונ וועט נאָכ שפּילֿנ די אינדיווידועלֿע אָרעמ- אונ מיטלֿפּויערשע ווירטשאפט אינ דער נאָענטסטער צוקונפט א פּרעוואלֿירנדיקע ראָלֿיע. דערפאר טאקע איז נייטיק אונטערצושטיצנ די אינדיווידועלֿע אָרעמ- אונ מיטלֿפּויערישע ווירטשאפט. דאָס באטײַט אָבער, אז בלֿויז די אינדיווידועלֿע פּויערשע ווירטשאפט אלֿיינ איז שוינ ניט גענוג. וועגנ דעמ ריידנ אונדזערע ברויט־פארגרייטערישע שוועריקײַטנ. דעריבער דארפ מענ די אנטוויקלֿונג פונ דער אינדיווידועלֿער אָרעמ־ אונ מיטלֿפּויערשער ווירטשאפט דערגאנצנ מיט דער אלֿמעגלֿעכער אנטוויקלֿונג פונ די קאָלֿעקטיווע ווירטשאפט-פאָרמענ אונ פונ די ראטווירטנ. דעריבער דארפ מענ דורכלֿייגנ א בריק צווישנ דער אינדיווידועלֿער אָרעמ- אונ מיטלֿפּויערשער ווירטשאפט אונ די קאָלֿעקטיווע געזעלֿשאפטלֿעכע ווירטשאפט־פאָרמענ — אינ דער פאָרמ פונ מאסעווער קאָנטראקטאציע, אינ דער פאָרמ פונ מאשינטראקטערישע סטאנציעס, אינ דער פאָרמ פונ דער אלֿמעגלֿעכער אנטוויקלֿונג פונ דער קאָאָפּעראטיווער געזעלֿשאפטלֿעכקײַט, קעדיי צו פארגרינ-

גערנ פאר די פויערימ דאָס אריבערפירנ זייער קליינע אינדיווידועלע ווירטשאפט אפ די רעלסנ פונ קאָלעקטיווער ארבעט. אָנ די דאָזיקע באדינגונגענ איז אומעגלעכ אנ ערנסטע אנטוויקלונג פונ דער לאנדווירטשאפט. אָנ די דאָזיקע באדינגונגענ איז אומעגלעכ צו לייזנ די טווע-פראָבלעם. אָנ די דאָזיקע באדינגונגענ איז אומעגלעכ צו באפרייַענ די קנאפ-מעכטיקע שיכטנ פונעם פויערטומ פונ אָרעמקייַט, פונ דאלעס.

דאָס באטייַט, ענדלעכ, אז מע דארפ מיט אלע מיטלענ אנטוויקלענ אונדזער אינדוסטריע, אלס גרונט-קוואל, וואָס שפייַזט די לאנדווירטשאפטלעכע פראָדוקציע, לויט דער ליניע פונ איר רעקאָנסטרוקציע, מע דארפ אנטוויקלענ די מעטאלורגיע, די כימיע, די מאשינבויונג, מע דארפ בויענ טראקטער-זאוואָדנ, זאוואָדנ פונ לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס אאוו. עס איז ניט נייטיק צו דערווייַזנ, אז עס איז אומעגלעכ צו אנטוויקלענ די קאָלווירטנ, ס'איז אומעגלעכ צו אנטוויקלענ די מאשינטראקטערישע סטאנציעס, אויב מע זאָל ניט אונטערציִענ די גרונט-מאסנ פונעם פויערטומ צו די קאָלעקטיווע פאָרמענ פונ ווירטשאפט-פירונג דורכ מאסעווער קאָנטראקטאציע, ניט באזאָרגנדיק די לאנדווירטשאפט מיט א היפשער צאָל טראקטערס, לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס אאוו. באזאָרגנ אָבער דאָס דאָרפ מיט מאשינעס אונ טראקטערס איז אומעגלעכ, אויב מע זאָל ניט אנטוויקלענ אונדזער אינדוסטריע מיט א פארשטארקטנ טעמפּ. פונדאנענ דרינגט ארויס דער שנעלער אנטוויקלונג-טעמפּ פונ אונדזער אינדוסטריע אלס שליסל צומ רעקאָנסטרויִרנ די לאנדווירטשאפט אפ דער באזע פונ קאָלעקטיוויזמ.

אָט דאָס איז דער זינ אונ די באדייַטונג פונ די נייַע פאָרמענ פונ צוזאמענשלוס.

דעמ כ׳ בוכארינס גרופּע איז געצוווּנגענ צו אנערקענענ אפנ וואָרט די נויטווענדיקייַט פונ די נייַע פאָרמענ פונ צוזאמענשלוס. דאָס איז אָבער בלויז אנ אנערקענונג *אפנ וואָרט*, וואָס איז אויסגערעכנט אפ דורכשלעפּנ אונטער דער פאָנ פונ וואָרטלעכנ אנערקענענ די נייַע פאָרמענ פונ צוזאמענשלוס עטוואָס דירעקט *קעגנזעצלעכעס*. אינדערעמעסנ איז דער כ׳ בוכארינ קעגנ די נייַע פאָרמענ פונ צוזאמענשלוס. באמ כ׳ בוכארינ איז דער אויסגאנג-פּונקט ניט דער שנעלער אנטוויקלונ-טעמפּ פונ דער אינדוסטריע, אלס הייבער פונ דער רעקאָנסטרויִרונג פונ דער לאנדווירטשאפטלעכער פראָדוקציע, נאָר די אנטוויקלונג פונ דער אינדיווידועלער פויערשער ווירטשאפט. בא אימ איז אפנ ערשטנ פּלאנ די „נאָרמאליזירונג“ פונעמ מארק אונ דאָס דערלאָזנ א פרייַע שפּיל פונ פרייַזנ אפנ מארק פונ לאנדווירטשאפטלעכע פראָדוקטנ, דאָס דערלאָזנ, אינ טאָכ גענומענ, פולשטענדיקע פרייַהייַט פונ האנדל. פונדאנענ נעמט זיכ זייַנ אומצוטרוי-באציִונג צו די קאָלווירטנ, וואָס עס האָט זיכ גע-

לאָזט פילן אין זיין רעדע אפן יול־פּלענום פונעם צק און אין זיינע טעזיסן פארן יול-פּלענום פונעם צק. פונדאנען נעמט זיך זיין נעגאטיווע באציונג צו אלע און אלערליי פאָרמען פון אויסעראָרדנטלעכע מיטלען קעגן דעם באַלעגופנטום באם פארגרייטן ברויט. עס איז באוווסט, אז דער כ׳ בוכארין אנטלויפט פון אויסעראָרדנטלעכע מיטלען, ווי א טייוול פון ווייַרעך. עס איז באוווסט, אז דער כ׳ בוכארין קאָן נאָך אלץ ניט פארשטיין, אז בא די איצטיקע באדינגונגען וועט דער באלעגופ ניט געבן קיין גענוגנדיקן סכום ברויט פרייוויליק, אין סיידער פון זעלבסטפלוס. דאָס האָט איצט דערוויזן די צוויי-יאָריקע דערפארונג פון אונדזער פארגרייטונג-ארבעט.

נו, און ווי זאָל זיין, אויב עס וועט פאָרט ניט קלעקן קיין סכוירעדיק ברויט? בוכארין ענטפערט דערויף: באומרויקט ניט דעם באלעגופ מיט קיין אויסעראָרדנטלעכע מיטלען און פירט אריין ברויט פון אויסלאנד. ער האָט נאָך ניט לאנג צוריק פאָרגעלייגט אריינצופירן פון אויסלאנד א 50 מיליאָן פוד ברויט, דה. אפ א 100 מיליאָן רובל וואליוטע. און אויב די וואליוטע איז נייטיק אפ אריינצופירן אויסשטאטונג פאר דער אינדוסטריע? ענטפערט בוכארין דערויף: אריינפירן ברויט פון אויסלאנד איז בילכער, און מע דארף, קענטיק, איבערלאָזן אפן לעצטן אָרט דאָס אריינפירן אויסשטאטונג פאר דער אינדוסטריע.

קומט אויס, אזויארום, אז די באזע פארן לייזן די טווע־פּראָבלעם און פארן רעקאָנסטרויִרן די לאנדווירטשאפט איז ניט דער שנעלער אנטוויקלונג-טעמפּ פון דער אינדוסטריע, נאָר די אנטוויקלונג פון דער אינדיווידועלער פויערשער ווירטשאפט, אייגנגעשלאָסן אהער אויך די באלעגופישע ווירטשאפט, אפ דער באזע פון פרייען מארק און פון פרייער פרייזן־שפּיל אפ אים.

אזויארום, האָבן מיר צו טאָן מיט צוויי פארשיידענע פּלענער פון ווירטשאפטלעכער פּאָליטיק.

ד ע ר  פּ ל א ן  פ ו ן  ד ע ר  פּ א ר ט י י:

1. מיר באוואָפענען איבער (רעקאָנסטרוקציע) די אינדוסטריע.

2. מיר הייבן אָן ערנסט איבערצובאוואָפענען די לאנדווירטשאפט (רע-קאָנסטרוקציע).

3. צוליב דעם דארף מען פארברייטערן די בויונג פון די קאָלווירטן און ראטווירטן, די מאסעווע אָנווענדונג פון קאָנטראקטאציע און פון מא-שינטראקטערישע סטאנציעס אלס מיטל אייַנצושטעלן א פּ ר אָ ד ו צ י ר - צ ו-ז א מ ע נ ש ל ו ס צווישן דער אינדוסטריע און דער לאנדווירטשאפט.

4. וואָס אָנבאלאנגט די ברויט־פארגרייטערישע שוועריקייטן אינעם גע־געבענעם מאָמענט, מוז מען אנערקענען די דערלאָזבארקייט פון צייטווייליקע אויסעראָרדנטלעכע מאָסמיטלען, וואָס זיינען אונטערגעפעסטיקט מיט דער

געזעלשאפטלעכער אונטערשטיצונג פון די אָרעמ- און מיטלפויערשע מאסן, אלס איינס פון די מיטלען צו צעברעכן דעמ ווידערשטאנד פונעמ באלעגופּנטום און צו נעמען בא אימ אינ דער מאקסימאלער מאָס די ברויט-מויסרעס, וואָס זיינען נייטיק, קעדיי צו באגיינ זיכ אָנ ברויט-אימפּאָרט און קעדיי איינהיטנ די וואליוטע פאר דער אנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע.

5. די אינדיווידועלע אָרעמ- און מיטלפויערשע ווירטשאפט שפּילט און וועט נאָכ שפּילנ א פרעוואלירנדיקע ראָליע אינ פראט פון באזאָרגנ דאָס לאנד מיט דערנערונג און רויוואַרג, אָבער זי אליינ בלויז איז שוינ ניט גענוג, — די אנטוויקלונג פון דער אינדיווידועלער אָרעמ- און מיטלפויערשער ווירטשאפט דארפ מען דעריבער דערגאנצנ מיט דער אנטוויקלונג פון קאָל-ווירטנ און ראטווירטנ, מיט מאסעווער קאָנטראקטאציע, מיט א פארשטארקטער אנטוויקלונג פון מאשינטראקטערישע סטאנציעס, קעדיי צו פארלייכטערנ דאָס ארויסשטויסנ די קאפּיטאליסטישע עלעמענטנ פון דער לאנדווירטשאפט און דאָס ביסלעכווייזע אריבערפירנ די אינדיווידועלע פויערשע ווירטשאפט אפּ די רעלסנ פון גרויסע קאָלעקטיווע ווירטשאפטנ, אפּ די רעלסנ פון דער קאָלעקטיווער ארבעט.

6. קעדיי אָבער צו דערשלאָגנ זיכ דאָס אלץ, איז נייטיק פריער פאר אלץ צו פארשטארקנ די אנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע, פון מעטאל, פון כימיע, פון מאשינבויונג, פון טראקטער-זאוואָדנ, פון די זאוואָדנ פון לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס אאוו. אָנ דעמ איז אומעגלעכ די לייזונג פון דער טוווע-פראָבלעמ און די רעקאָנסטרוקציע פון דער לאנדווירטשאפט.

דער אויספיר: דער שליסל צומ רעקאָנסטרוירנ די לאנד-ווירטשאפט איז דער שנעלער אנטוויקלונג-טעמפּ פון אונדזער אינדוסטריע.

דעמ כ' בוכארינס פּלאן:

1. „נאָרמאליזירנ" דעמ מארק, דערלאָזנ א פרייע שפּיל פון פרייזנ אפנ מארק און העכערנ די פרייזנ אפּ ברויט, ניט אָפּשטעלנדיק זיכ פאר דעמ, וואָס דאָס קאָנ פירנ צו א פארטייערונג פון די אינדוסטריעלע סכוירעס, פון רויוואַרג, פון ברויט.

2. אנטוויקלענ מיט אלע מיטלענ די אינדיווידועלע פויערשע ווירט-שאפט בא א געוויסער פארקירצונג פונעמ אנטוויקלונג-טעמפּ פון די קאָל-ווירטנ און ראטווירטנ (דעמ כ' בוכארינס טעזיסנ אינ יול, בוכארינס רעדע אפנ יול-פּלענום).

3. פארגרייטונגענ דורכ זעלבשטראָמ, וואָס שליסנ אויס שטענדיק און בא יעטווידע באדינגונגענ אפילע א טיילווייזע אָנווענדונג פון אויסער-

אָרדנטלעכע מאָסמיטלען קעגן דעם באַלעגופּנטום, אויב אפילע די דאָזיקע מאָסמיטלען ווערן אונטערגעשטיצט דורך דער אָרעם- און מיטלפּויערשער מאַסע.

4. אין פאַל, ווען עס וועט אויספעלן ברויט — אַרײַנפירן ברויט אַפ א 100 מיליאָן רובל.

5. און אויב עס וועט ניט קלעקן קיין וואַליוטע אַפ צו דעקן אי דעם אַרײַנפיר פון ברויט אי דעם אַרײַנפיר פון אויסשטאַטונג פאַר דער אינדוסטריע, דאַרף מען פאַרקירצן דעם אַרײַנפיר פון אויסשטאַטונג און, הייסט עס, דעם אַנטוויקלונג-טעמפּ פון אונדזער אינדוסטריע, — אַנדערש וועט זײַן בא אונדז א „טאָפּטשען זיך אַפ איין אָרט", אפילע א „דירעקט אַראָפּ-פאַלן" פון דער לאַנדווירטשאַפט.[1]

דער אויספיר: דער שליסל צום רעקאָנסטרוירן די לאַנד-ווירטשאַפט איז די אַנטוויקלונג פון דער אינדיווידועלער פּויערשער ווירטשאַפט.

אָט וואָס עס באַקומט זיך, כאַוויירים!

דעם כ׳ בוכארינס פּלאַן איז א פּלאַן פון אַראָפּזעצן דעם אַנט-וויקלונג-טעמפּ פון דער אינדוסטריע און פון אַרונטערײַסן די נײַע פאָרמען פון צוזאַמענשלוס.

אָט דאָס זײַנען אונדזערע מיינונג־פאַרשיידנהײַטן.

צי האָבן מיר ניט פאַרשפּעטיקט מיט דער אַנטוויקלונג פון די נײַע פאָרמען פון צוזאַמענשלוס, מיט דער אַנטוויקלונג פון די קאָלווירטן, ראַט־ווירטן אאַוו.?

עס זײַנען פאַראַן מענטשן, וואָס באַהויפּטן, אַז די פּאַרטיי האָט פאַר-שפּעטיקט לעכאָלאָפּאָכעס אַפ א יאָר צוויי מיט דעם דאָזיקן איניען. דאָס איז ניט ריכטיק, כאַוויירים. דאָס איז לאַכלוטן ניט ריכטיק. אַזוי קאָנען ריידן בלויז „לינקע" שרײַערס, וועלכע האָבן ניט קיין באַגריף וועגן דער עקאָנאָמיק פון פּססר. וואָס באַטײַט פאַרשפּעטיקן אין דעם דאָזיקן איניען? אויב עס האַנדלט זיך וועגן דעם, אַז מע זאָל פאָרויסזען די נויטווענדי-קײַט פון קאָלווירטן און ראַטווירטן, האָבן מיר דעם דאָזיקן איניען אָנגע-הויבן נאָך בעשאַס דער אָקטיאַבער־איבערקערעניש. אַז די פּאַרטיי האָט פאָרויסגעזען די נויטווענדיקײַט פון קאָלווירטן און ראַטווירטן נאָך דאַן, אינעם פּעריאָד פון דער אָקטיאַבער־איבערקערעניש, — דעריבער קאָן ניט זײַן קיין שום צווייפל. מע קאָן, ענדלעך, נעמען אונדזער פּראָגראַם, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אַפן VIII פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר (מאַרט, 1919 יאָר). די נויטווענדיקײַט פון קאָלווירטן און ראַטווירטן איז דאָרט דיסקאָנטירט מיט

---

1 בוכארין, באַטיצן פון אַן עקאָנאָמיכט.

דער גאנצער קלאַרקייט. אָבער בלויז דאָס פּאָרויסזען אַליין די נויטווענדי־קייט פון קאָלווירטן און ראטווירטן מיצאד דעם אָנפירנדיקן קעפּל פון אונ־דזער פּארטיי איז ניט גענוג אפ דורכצופירן אין לעבן און אָרגאניזירן א מאסן־באַוועגונג פאר קאָלווירטן און ראטווירטן. הייסט עס, אז עס האנדלט זיך ניט וועגן פּאָרויסזען, נאָר וועגן פּאָרווירקלעכן דעם פּלאן פון דער קאָלווירטיש-ראטווירטישער בויונג. קעדיי אָבער צו פּארווירקלעכן אזא פּלאן פּאָדערט זיך א גאנצע ריי באדינגונגען, וואָס זײַנען בא אונדז ניט געווען ביז איצט און וועלכע האָבן זיך באוויזן בלויז אין דער לעצ־טער צײַט. אָט אין וואָס עס באשטייט די זאך, כאווייריס.

קעדיי דורכצופירן דעם פּלאן פון א מאסן־באַוועגונג פאר קאָלווירטן און ראטווירטן, איז נייטיק פריִער פאר אלץ, אז דאָס פּארטיי־קעפּל זאָל אין דער דאָזיקער זאך געשטיצט ווערן פריִער פאר אלץ פון דער פּארטיי אין איר מאסע. און די פּארטיי איז בא אונדז, ווי באוווסט, א מיליאָניקע. הייסט עס, אז מע האָט באדארפט איבערצײַגן די ברייטע פּארטיי־מאסן אין דער ריכטיקײַט פון דער פּאָליטיק פונעם אָנפירנדיקן קעפּל. דאָס איז — ערשטנס.

צוליב דעם איז נייטיק, ווײַטער, אז אין די טיפעניש פונעם פּויער־טום זאָל געשאפן ווערן א מאסן־באַוועגונג פאר קאָלווירטן, אז דאָס פּוי־ערטום זאָל קיין מוירע ניט האָבן פאר די קאָלווירטן, נאָר עס זאָל אליין גיין אין די קאָלווירטן, זיך איבערצײַגנדיק אפ דער דערפאַרונג אין די מײַלעס פון די קאָלווירטן לעגאבע דער אינדיווידועלער ווירטשאפט. און דאָס איז אן ערנסטע זאך, וואָס פּאָדערט א געוויסע צײַט. דאָס איז — צווייטנס.

ווײַטער, צוליב דעם איז נייטיק, אז די מעלוכע זאָל האָבן מאטעריעלע מיטלען, וואָס זײַנען נייטיק אפ צו פינאנסירן די באַוועגונג, אפ צו פינאנ־סירן די קאָלווירטן און ראטווירטן. און אפ דעם איניען דארף מען האָבן הונדערטער און הונדערטער מיליאָנען, טײַערע כאווייריס. דאָס איז — דריטנס.

צוליב דעם איז נייטיק, ענדלעך, אז די אינדוסטריע זאָל זײַן אנטוויקלט אין א מער אָדער ווייניקער גענוגנדיקער מאָס, וואָס איז נייטיק, קעדיי צו באזאָרגן די לאנדווירטשאפט מיט מאשינעס, טראקטערס, באמיסטיקונג אאוו. דאָס איז — פערטנס.

צי קאָן מען באהויפּטן, אז מיט א יאָר צוויי אָדער דרײַ צוריק האָבן מיר שוין געהאט די דאָזיקע אלע באדינגונגען? ניין, מע קאָן דאָס ניט בא־הויפּטן.

מע טאָר ניט פארגעסן, אז מיר זײַנען א פּארטיי א רעגירנדיקע,

און ניט קיין אָפּאָזיציאָנעלע. אַן אָפּאָזיציאָנעלע פּארטיי קאָן געבן לאָזונגען, — איך רייד וועגן די איקערדיקע פּראקטישע לאָזונגען פון דער באוועגונג, — קעדיי צו פאַרווירקלעכן זיי נאָך דעם, ווי זי וועט קומען צו דער מאכט. קיינער קאָן ניט באשולדיקן אַן אָפּאָזיציאָנעלע פּארטיי דערין, וואָס זי פאַרווירקלעכט ניט אירע איקערדיקע לאָזונגען טייקעף, ווײַל אַלע פאַרשטייען, אַז באַם רודער שטייט ניט זי, די אָפּאָזיציאָנעלע פּארטיי, נאָר אנדערע פּארטייען. אינגאַנצן אנדערש איז די לאַגע מיט אַ רעגירנדיקער פּארטיי, וואָס אזא איז אונדזער באָלשעוויסטישע פּארטיי. די לאָזונגען פון אזא פּארטיי זײַנען ניט קיין פּאָשעטע (אגיטאציאָנעלע) לאָזונגען, נאָר עפּעס פיל גרעסערס, ווײַל זיי האָבן די קראפט פון פּראקטישער לייזונג, די קראפט פון אַ געזעץ, וועלכע מע דאַרף דורכפירן שוין איצט. אונדזער פּארטיי קאָן ניט געבן קיין פּראקטישן לאָזונג און דערנאָך אָפּלייגן דאָס דורכפירן אים אין לעבן. דאָס וואָלט געהייסן אָפּנארן די מאסן. קעדיי צו געבן אַ לאָזונג, באזונדערס אזא ערנסטן לאָזונג, ווי אריבערפירן די מיליאָנען מאסן פון עם פויערטום אַפ די רעלסן פון קאָלעקטיוויזם, דאַרף מען האָבן באדינגונגען פאַרן דירעקטן פאַרווירקלעכן זיי, מע דאַרף, ענדלעך, שאפן, אָרגאניזירן די דאָזיקע באדינגונגען. אָט פאַרוואָס אונדז איז ניט גענוג בלויז דאָס פּאָרויסזען אַלײן די נויטווענדיקייט פון קאָלווירטן און ראטווירטן מיצאַד דעם פּארטייִישן קעפּל. אָט פאַרוואָס מיר דאַרפן האָבן די באדינגונגען, וואָס זײַנען נייטיק אַפּ פאַרווירקלעכן, דורכפירן אין לעבן אונדזערע לאָזונגען.

צי איז אונדזער פּארטיי אין איר מאסע געווען גרייט צו אַנטוויקלען מיט אַלע מיטלען די קאָלווירטן און ראטווירטן, לאָמיר זאָגן, מיט אַ יאָר צוויי אָדער דרײַ צוריק? ניין, זי איז נאָך דערצו ניט געווען גרייט. אַן ערנסטער קער אין די פּארטיי-מאסן אין דער זײַט פון די נײַע פאָרמען פון צוזאמענשלוס האָט זיך אָנגעהויבן ערשט באַ די ערשטע ערנסטע ברויט-פאַרגרייטערישע שוועריקייטן. עס זײַנען נייטיק געווען די דאָזיקע שוועריקייטן, קעדיי די פּארטיי אין איר מאסע זאָל דערפילן די גאנצע נייטיקייט צו פאָרסירן די נײַע פאָרמען פון צוזאמענשלוס, און פריִער פון אַלץ די קאָלווירטן און ראטווירטן, און זאָל אַנטשיידן אונטערהאַלטן אין דעם איניקער איר צק. אָט האָט איר אײַך איינן באדינג, וועלכן מיר האָבן פריִער ניט געהאט און וועלכער איז איצט יאָ פאַראַן.

צי איז געווען באַ אונדז מיט אַ יאָר צוויי אָדער דרײַ צוריק אַן ערנסטע באוועגונג פון די מיליאָניקע מאסן פון עם פויערטום לטובת די קאָלווירטן אָדער ראטווירטן? ניין, ס'איז ניט געווען. יעדן איז באוווסט, אַז מיט צוויי אָדער דרײַ יאָר צוריק האָט זיך דאָס פויערטום פײַנטלעך באצויגן

צו די ראטווירטן, און די קאָלווירטן האָט עס טרעטירט, ווי א „קאָמוניע”, וועלכע קיינער דאַרף ניט האָבן. און איצט? איצט איז גאָר אַן אנדער זאַך. איצט זיינען שוין פאַראַן בא אונדז גאַנצע שיכטן פונעם פויערטום, וואָס קוקן אַף די ראטווירטן און קאָלווירטן, ווי אַף א קוואַל פון הילף דער פויער-שער ווירטשאַפט מיט זריע, מיט פאַרבעסערטן פי, מיט מאַשינעס, מיט טראַקטערס. איצט דערלאַנג נאָר מאַשינעס און טראַקטערס, — וועט דער איניע קאָלווירטן אַוועק פאָרויס מיט א פאַרשטאַרקטן טעמפּ.

פונוואַנען האָט זיך גענומען אזא איבערבראָך צווישן געוויסע, גאַנצע באַדייטנדיקע שיכטן פונעם פויערטום? וואָס האָט אים באַגינסטיקט? פריער פאַר אַלץ די אַנטוויקלונג פון דער קאָאָפּעראַציע און פון דער קאָאָפּעראַ-טיווער געזעלשאַפטלעכקייט. עס קאָן קיין צווייפל ניט זיין, אַז אָן דער מעכטיקער אַנטוויקלונג פון דער קאָאָפּעראַציע, באַזונדערס פון דער לאַנד-ווירטשאַפטלעכער, וועלכע האָט געשאַפן א פּסיכאָלאָגישע באַזע צווישן די פויערים לעטויוועס די קאָלווירטן, וואָלטן מיר ניט געהאַט אזא דראַנג צו קאָלווירטן, ווי דער, וועלכן עס ווייזן איצט אַרויס גאַנצע שיכטן פונעם פויערטום. א גרויסע ראָליע האָט דאָ אָפּגעשפּילט אויך דאָס, וואָס עס זיינען פאַראַן גוט איינגעאָרדנטע קאָלווירטן, וואָס האָבן געגעבן די פויערים גוטע מוסטערן, וויאַזוי מע קאָן פאַרבעסערן די לאַנדווירטשאַפט, ווען מע פאַראייניקט די קליינע פויערשע ווירטשאַפטן אין גרויסע, אין קאָלעקטיווע ווירטשאַפטן. עס האָט דאָ אויך אָפּגעשפּילט א ראָליע דאָס, וואָס עס זיינען פאַראַן וווילאיינגעאָרדנטע ראטווירטן, וועלכע האָבן געהאָלפן די פויערים אין פראַט פון פאַרבעסערן די ווירטשאַפט. איך רייד שוין ניט וועגן אַנדערע פאַקטן, וואָס זיינען אייך אַלעמען גוט באַוווּסט. אָט האָט איר אייך נאָך איין באַדינג, וועלכן מיר האָבן פריער ניט געהאַט און וועלכער איז אַצינד בא אונדז יאָ פאַראַן.

ווייטער, צי קאָן מען באַהויפּטן, אַז מיר האָבן געהאַט א מעגלעכקייט מיט א יאָר צוויי אָדער דריי צוריק ערנסט צו פינאַנסירן די קאָלווירטן און ראטווירטן, אַסיגנירנדיק דערויף הונדערטער מיליאָנען רובל? ניין, מע קאָן ניט באַהויפּטן. איר ווייסט גוט, אַז בא אונדז האָט ניט געקלעקט קיין מיטלען אַפילע אַף אַנטוויקלען יענעם מינימום פון דער אינדוסטריע, וואָס אָן אים איז ביכלאַל ניט מעגלעך קיין שום אינדוסטריאַליזאַציע, אָפּגערעדט שוין וועגן דער רעקאָנסטרוקציע פון דער לאַנדווירטשאַפט. צי האָבן מיר געקאָנט אָפּנעמען אָט־די מיטלען בא דער אינדוסטריע, וואָס איז די באַזע פאַר דער אינדוסטריאַליזירונג פונעם לאַנד, און איבערגעבן זיי די קאָלווירטן און ראטווירטן? ס'איז קלאָר, אַז מיר האָבן ניט געקאָנט. נו, און איצט? איצט האָבן מיר מיטלען פאַר דער אַנטוויקלונג פון די קאָלווירטן און ראטווירטן.

צי קאָן מען, ענדלעך, באַהויפּטן, אַז מיר האָבן שוין געהאַט מיט אַ יאָר צוויי אָדער דריי צוריק אַ געוואונטשיקע באַזע אין דער אינדוסטריע פאַרן פאַרשטאַרקטן באַזאָרגן די לאַנדווירטשאַפט מיט מאַשינעס, טראַקטערס אאַז״וו.? ניין, מע קאָן דאָס ניט באַהויפּטן. דאַן איז די אויפגאַבע באַשטאַ-נען דערין, אַז מע זאָל שאַפן אַ מינימום פון דער אינדוסטריע-לער באַזע פאַרן באַזאָרגן אין דער צוקונפט די לאַנדווירטשאַפט מיט מאַשינעס און טראַקטערס. אַף שאַפן די דאָזיקע באַזע זיינען טאַקע אַוועק בא אונדז דעמאָלט אונדזערע קנאַפּע פינאַנציעלע מיטלען. נו, און איצט? איצט האָבן מיר די דאָזיקע אינדוסטריעלע באַזע פאַר דער לאַנד-ווירטשאַפט. אַלנפאַלס ווערט זי, די דאָזיקע באַזע, געשאַפן בא אונדז מיט אַ פאַרשנעלערטן טעמפּ.

באַקומט זיך, אַז די באַדינגונגען, וואָס זיינען נייטיק פאַר דער מאַ-סעווער אַנטוויקלונג פון די קאָלווירטן און ראַטווירטן, זיינען געשאַפן גע-וואָרן בא אונדז ערשט די לעצטע צייט.

אָט ווי עס האַלט, כאַווירים.

אָט פאַרוואָס מע קאָן ניט זאָגן, אַז מיר האָבן פאַרשפּעטיקט מיט דער אַנטוויקלונג פון די נייע פאָרמען פון צוזאַמענשלוס.

## ו) דער כ' בוכארינ אַלס טעאָרעטיקער

אָט דאָס זיינען אין גרונט די הויפּט־טאָעסן פונעם טעאָרעטיקער פון דער רעכטער אָפּאָזיציע — פונעם כ' בוכארינ — אין די גרונט-פראַגן פון אונדזער פּאָליטיק.

מע זאָגט, אַז דער כ' בוכארינ איז דער טעאָרעטיקער פון אונדזער פּאַר־טיי. געוויס איז ער אַ טעאָרעטיקער, און אַ טעאָרעטיקער ניט קיין קליינער. די זאַך באַשטייט אָבער דערין, וואָס מיט טעאָריע איז בא אים ניט אַלץ קעשורע. דאָס איז צו זען כאָטשבי פון דעם, וואָס ער האָט אָנגע-וואַלגערט אַ גאַנצע קופּע פעלערן אין די פראַגן פון דער פּאַרטיי־פּאָלי־טיק, וועלכע איך האָב נאָרוואָס כאַראַקטעריזירט. עס קאָן ניט זיין, אַז די דאָ־זיקע פעלערן, די פעלערן לויט דער ליניע פון קאָמינטערן, די פעלערן אין די פראַגן פון קלאַסנקאַמף, וועגן דער פאַרשאַרפונג פונעם קלאַסנקאַמף, וועגן פויערטום, וועגן נעפּ, וועגן די נייע פאָרמען פון צוזאַמענשלוס, — עס קאָן ניט זיין, אַז די דאָזיקע אַלע פעלערן זיינען בא אים אויפגעקומען צופעליק. ניין, די דאָזיקע פעלערן זיינען ניט קיין צופעליקע. זיי, די דאָ־זיקע פעלערן דעם כ' בוכארינס, זיינען געקומען פון זיין ניט ריכטיקער איינשטעלונג, פון זיינע טעאָרעטישע בלוּיזן. יאָ, דער כ' בוכארינ איז אַ טעאָרעטיקער, אָבער אַ טעאָרעטיקער איז ער ניט קיין פולשטענדיק מאַרק-

סיסטישער, ער איז א טעאָרעטיקער, וואָס דארף זיך נאָך צולערנען אפ צו ווערן א פולשטענדיק מארקסיסטישער טעאָרעטיקער.

מע פארופט זיך אפ כ׳ לענינס באוווּסטן בריוו וועגן בוכארינען אלס טעאָרעטיקער. לאָמיר איבערלייענען דעם דאָזיקן בריוו:

„פון די יונגע מיטגלידער פון צק, — זאָגט לענין, — וויל איך זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן בוכארינען און פיאטאקאָוון. דאָס זײַנען, לויט מײַן מיינונג, די סאמע אויסגעצייכנטסטע קרעפטן (פון די סאמע יונגע קרעפטן), און בענעגייע זיי וואָלט מען באדארפט האָבן אין־זינען אָט וואָס: בוכארין איז ניט בלויז א גאָר ווערטפולער און גאָר גרויסער טעאָרעטיקער פון דער פארטיי, ער רעכנט זיך געזעצלעך אויך פארן ליבלינג פון דער גאנצער פארטיי, אָבער זײַנע טעאָרעטישע אָנשויונגען קאָנען מיט זייער גרויס צווייפל פארעכנט ווערן פאר פולשטענדיק מארקסיסטישע, ווײַל אין אים איז פאראן עטוואָס סכאָלאסטישעס (ער האָט זיך קיינמאָל ניט געלערנט, און, איך מיין, קיינמאָל ניט פארשטאנען פולשטענדיק די דיאַלעקטיק)“.[1]

אלזאָ, א טעאָרעטיקער אָן דיאַלעקטיק. א טעאָרעטיקער — א סכאָלאס־טיקער. א טעאָרעטיקער, וועמעס „טעאָרעטישע אָנשויונגען קאָנען מיט זייער גרויס צווייפל פארעכנט ווערן פאר פולשטענדיק מארקסיסטישע“. אָט דאָס איז די כאראקטעריסטיק פונעם כ׳ בוכארינס טעאָרעטישער פיזיאָגנאָמיע, וואָס לענין האָט געגעבן.

איר פארשטייט אליין, כאווײרים, אז אזא טעאָרעטיקער דארף זיך נאָך צולערנען. און וואָלט דער כ׳ בוכארין פארשטאנען, אז ער איז א טעאָרעטיקער נאָך ניט קיין פולשטענדיק פארענדיקטער, אז ער נייטיקט זיך דערין, אז ער זאָל זיך צולערנען, אז ער איז א טעאָרעטיקער, וואָס האָט נאָך ניט פולשטענדיק באהערשט די דיאַלעקטיק, און די דיאַלעקטיק איז דאָך די נעשאָמע פונעם מארקסיזם, — אויב ער וואָלט דאָס פארשטאנען, וואָלט ער געווען באשיידענער, און דערפון וואָלט די פארטיי בלויז געווונען. די צאָרע באשטייט אָבער דערין, וואָס דער כ׳ בוכארין לײַדט ניט אפ באשיידנקײַט. די צאָרע באשטייט דערין, וואָס ניט נאָר ער לײַדט ניט אפ באשיידנקײַט, נאָר ער נעמט זיך אפילע לערנען אונדזער לערער לענינען אין א גאנצער ריי פראגן, און פריִער פאר אלץ אין דער פראגע וועגן מעלוכע. אָט אין וואָס עס באשטייט די צאָרע, כאווירים.

דערלויבט מיר זיך צו פארופן אין דעם־פאל אפ דעם באוווּסטן טעאָ־רעטישן שטרײַט צווישן לענינען און בוכארינען אין דער פראגע וועגן מעלוכע, וואָס האָט זיך פאנאנדערגעשפּילט אין 1916 יאָר. דאָס איז וויכ־טיק פאר אונדז, קעדיי אופצודעקן סײַ די איבערגעטריבענע פּרעטענזיעס פונעם כ׳ בוכארין, וועלכער קלײַבט זיך לערנען לענינען, סײַ די וואָר־

1 סטענאָגראַמע פונעם יול־פּלענום פון 1926 יאָר, העפט IV, ז. 66. מײַן קורסיוו. י. סט.

צלענ פונ זײַנע טעאָרעטישע שוואכקײַטנ אינ אזעלכע וויכטיקע פראגנ, ווי די פראגע וועגנ דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט, וועגנ קלאסנקאמפ אאוו. ווי באוווסט, איז אינעם זשורנאל „יוגנט-אינטערנאציאָנאל" אינ 1916 יאָר דערשינענ דעם כ' בוכארינס אנ ארטיקל, וואָס איז געווענ געווענדט, אינ טאָכ, קעגנ דעם כ' לענינ, מיט אנ אונטערשריפט Nota Bene. אינ דעם דאָזיקנ ארטיקל שרײַבט דער כ' בוכארינ:

„.... עס איז אבסאָליוט פעלערהאפט צו זוכנ אנ אונטערשייד צווישנ די סאָציאליסטנ אונ די אנארכיסטנ דערינ, וואָס די ערשטע זײַנעג אָנהענגער, די צווייטע — קעגנער פונ דער מעלוכע. אינדערעמעסנ באשטייט דער אונטערשייד דערינ, וואָס די רעוואָליוציאָנערע סאָציאל-דעמאָקראטיע וויל אָרגאניזירנ די נײַע געזעלשאפטלעכע פראָדוקציע אלס א צענטראליזירטע, דה. אלס טעכניש די סאמע פראָגרעסיווע, דאנ ווענ די דעצענטראליזירטע אנארכישע פראָדוקציע וואָלט באטײַט בלויז א טראָט צוריק צו דער אלטער טעכניק, צו דער אלטער פאָרמ פונ אונטערנעמונגענ..."

„.... דער סאָציאל-דעמאָקראטיע, וועלכע איז אָדער וועלכע דארפ ווייניקסטנס זײַנ די דערציערנ פונ די מאסנ, איז, איצט מער ווי ווענ-עס-איז, נייטיק אונטערצושטרײַכנ איר פרינציפיעלע פײַנטלעכקײַט צו דער מעלוכע... די איצטיקע מילכאָמע האָט באוויזנ, ווי טיפ די וואָרצלענ פונ דער מעלוכעשאפט זײַנעג ארײַנגעדרונגענ אינ די נעשאָמעס פונ די ארבעטער".

קריטיקירנדיק די דאָזיקע אָנשויונגענ פונעם כ' בוכארינ, ענטפערט דער כ' לענינ אינ א ספעציעלנ ארטיקל, וואָס איז געווענ פארעפנטלעכט אינ 1916 יאָר:

„דאָס איז ניט ריכטיק. דער אווטער שטעלט די פראגע, אינ וואָס עס באשטייט דער אונטערשייד צווישנ דער באציונג פונ די סאָציאליסטנ אונ פונ די אנארכיסטנ צו דער מעלוכע, אונ ער ענטפערט ניט אפ דער דאָזיקער פראגע, נאָר אפ א צווייטער פראגע, — אינ וואָס באשטייט דער אונטערשייד צווישנ זייערע באציונגענ צו דעם עקאָנאָמישנ יעסאָד פונ דער קומענדיקער געזעלשאפט. דאָס איז, פארשטייט זיכ, זייער א וויכטיקע אונ נייטיקע פראגע. פונדאנענ דרינגט אָבער ניט, אז מע זאָל קאָנענ פארגעסנ דעם איקער אינ דעם אונטערשייד צווישנ דער באציונג פונ די סאָציאליסטנ אונ די אנארכיסטנ צו דער מעלוכע. די סאָציאליסטנ זײַנענ פאר אויסנוצנ די איצטיקע מעלוכע אונ אירע אינסטיטוציעס אינעם קאמפ פאר באפרײַענ דעם ארבעטער-קלאס, ווי אויכ פאר דער נויטווענדיקײַט אויסצונוצנ די מעלוכע צוליב דער אייגנארטיקער איבערגאנג-פאָרמ פונ קאפיטאליזמ צומ סאָציאליזמ. אזא איבערגאנג-פאָרמ, וואָס איז אויכ א מעלוכע, איז די דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט. די אנארכיסטנ ווילנ „אָפשאפנ" די מעלוכע, „אופרײַסנ" (Sprengen) זי, ווי עס דריקט זיכ אויס אינ איינ אָרט דער כ' Nota Bene, וועלכער שרײַבט אלפיטאָעס צו דעם דאָזיקנ שטאנדפונקט די סאָציאליסטנ. די סאָציאליסטנ — דער אווטער האָט ציטירט, צומ באדויערנ, זייער ניט פול ענגעלסעס ווערטער, וואָס האָבנ אהער א שײַכעס — אנערקענענ די אָפשטארבונג, די „ביסלעכווײַזע" „אײַנשלעפערונג" פונ דער מעלוכע נאָכ דער עקספראָפריִרונג פונ דער בורזשואזיע"...

„קעדיי „אונטערצושטרײַכנ" די „פרינציפיעלע פײַנטלעכקײַט" צו דער מעלוכע, דארפ מענ ווירקלעכ זי „קלאָר" פארשטיינ, אונ באמ אווטער איז גראָד קיינ קלאָרקײַט ניטאָ. די פראזע ווידער וועגנ די „וואָרצלענ פונ דער מעלוכישקײַט" איז שוינ גאָר א פארפלאָנטערטע, ניט קיינ מארקסיסטישע אונ ניט קיינ סאָציאליסטישע. ניט די „מעלוכישקײַט" האָט זיכ צוזאמענגעשטויסנ מיטנ אָפלייקענענ די מעלוכישקײַט, נאָר די אָפאָרטוניסטישע פאָליטיק (דה. די אָפאָר-

טוניסטישע, רעפּאָרמיסטישע, בורזשואזע באַציִונג צו דער מעלוכע) האָט זיך צוזאַמענגעשטויסן מיט דער רעוואָליוציאָנערער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאָליטיק (דה. מיט דער רעוואָליוציאָנערער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַציִונג צו דער בורזשואזער מעלוכע און צום אויסנוצן די מעלוכע קעגן דער בורזשואזיע אַפּ אַראָפּוואַרפן זי). דאָס זײַנען גאָר, גאָר פאַרשיידענע זאַכן״. 1

ס׳איז דוכט זיך קלאָר, אין וואָס עס האַנדלט זיך דאָ און אין וואָס פאַר א האַלב־אַנאַרכיסטישער קאַליוזשע דער כ׳ בוכאַרין איז אַרײַנגעקראָכן!

סטען. לענין האָט נאָך דאַן ניט געהאַט פאָרמולירט אין א פאַנאַנדערגעוויקלטער פאָרם די נייטיקייט „אופצורײַסן״ די מעלוכע. בוכאַרין, מאַכנדיק אַנאַרכיסטישע פעלערן, האָט גענומען צוגיין צו פאָרמולירן די דאָזיקע פראַגע.

סטאַלין. ניין, כ׳ סטען, עס האַנדלט זיך איצט ניט וועגן דעם, עס האַנדלט זיך וועגן דער באַציִונג צו דער מעלוכע ביכלאַל, עס האַנדלט זיך וועגן דעם, וואָס, לויט בוכאַרינס מיינונג, דאַרף דער אַרבעטער־קלאַס זײַן פּרינציפּיעל פײַנטלעך צו יעטווידער מעלוכע, דערונטער אויך צו דער מעלוכע פונעם אַרבעטער-קלאַס.

סטען. לענין האָט דאַן גערעדט בלויז וועגן אויסנוצן די מעלוכע און אין זײַן קריטיק פונעם כ׳ בוכאַרין רעדט ער גאָרנישט ניט וועגן „אופרײַסן״.

סטאַלין. איר האָט א טאָעס, כ׳ סטען. איך האָב די דרייסטקייט צו פאַרזיכערן אײַך, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן דעם, אַז, לויט דער מיינונג פון בוכאַרינען (און פון די אַנאַרכיסטן), דאַרפן די אַרבעטער אונטערשטרײַכן זייער פּרינציפּיעלע פײַנטלעכקייט צו יעטווידער מעלוכע, הייסט עס אויך צו דער מעלוכע פונעם איבערגאַנג־פּעריאָד, צו דער מעלוכע פונעם אַרבעטער-קלאַס. טוט נאָר א פּרווו געבן צו פאַרשטיין אונדזערע אַרבעטער, אַז דער אַרבעטער-קלאַס דאַרף זיך דורכדרינגען מיט א פּרינציפּיעלער פײַנטלעכקייט צו דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, וועלכע איז דאָך אויך א מעלוכע. בוכאַרינס פּאָזיציע, וועלכע איז אַרויסגעזאָגט אין זײַן אַרטיקל אין „יוגנט-אינטערנאַציאָנאַל״, איז א פּאָזיציע פון אָפּלייקענען די מעלוכע אינעם איבערגאַנג-פּעריאָד פונעם קאַפּיטאַליזם צום סאָציאַליזם. דער כ׳ בוכאַרין האָט דאָ פאַרזען א „קלייניקייט״, נעמלעך — ער האָט פאַרזען א גאַנצן איבערגאַנג־פּעריאָד, ווען דער אַרבעטער-קלאַס קען זיך ניט באַגיין אָן זײַנער אַן אייגענער מעלוכע, אויב ער וויל ווירקלעך דערשטיקן די בורזשואזיע און בויען דעם סאָציאַליזם. דאָס איז ערשטנס. צווייטנס, איז ניט ריכטיק, אַז דער כ׳ לענין האָט דאַן אין זײַן קריטיק ניט באַרירט די טעאָריע פון „אופרײַסן״, פון „אָפּשאַפן״ די מעלוכע ביכלאַל. לענין האָט ניט

1 לענין, ב. XIX, ז. 296, „יוגנט-אינטערנאַציאָנאַל״.

בלויז באַרירט די דאָזיקע טעאָריע, ווי דאָס איז צו זענ פונ די ציטאַטעס, וואָס איכ האָב געבראַכט, נאָר ער האָט זי נאָכ צעקריטיקירט אַלס אַנאַר־כיסטישע טעאָריע, קעגנשטעלנדיק איר די טעאָריע וועגנ שאַפנ אַ נייַע מעלוכע נאָכנ אַראָפּוואַרפנ די בורזשואַזיע, נעמלעכ — די מעלוכע פונ דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור. ענדלעכ, טאָר מענ ניט צונויפמישנ די אַנאַר־כיסטישע טעאָריע פונ „אויפרייַסנ" די מעלוכע מיט דער מאַרקסיסטישער טעאָריע פונ „צעברעכנ", „צעקלאַפּנ" די בורזשואַז־מעלוכישע מאַשינ. ווער־ניט־ווער פונ די כאַווײרימ איז גענייגט צונויפצומישנ די דאָזיקע צוויי פאַרשיידענע באַגריפנ, מיינענדיק, אַז זיי זייַנענ אַנ אויסדרוק פונ איינ און דעמ זעלביקנ געדאַנק. דאָס איז אָבער ניט ריכטיק. לאַכלוטנ ניט ריכטיק, כאַווײרימ. לעניני איז אַרויסגעגאַנגענ גראָד פונ דער מאַרקסיסטישער טעאָ־ריע וועגנ „צעברעכנ" די בורזשואַז־מעלוכישע מאַשינ, ווענ ער האָט קריטיקירט די אַנאַרכיסטישע טעאָריע פונ „אויפרייַסנ" און „אָפּשאַפנ" די מעלוכע ביכלאַל.

ס'וועט עפּשער ניט זייַנ איבעריק, אויב איכ וועל דאָ ברענגענ, צוליב מער קלאָרקייַט, איינעמ פונ כ' לענינס מאַנוסקריפּטנ וועגנ דער מעלוכע, וועלכער איז אָנגעשריבנ געוואָרנ, ווי עס ווייַזט אויס, סאָפ 1916 אָדער אָנהייב 1917 יאָר (ביז דער פעוראַל־רעוואָליוציע פונ 1917 יאָר). פונ דעמ דאָזיקנ מאַנוסקריפּט קאָנ מענ לייַכט אייַנזענ, אַז: אַ) קריטיקירנדיק דעמ כ' בו־כאַרינס האַלב־אַנאַרכיסטישע פעלערנ אינ דער פראַגע וועגנ דער מעלוכע, איז לעניני אַרויסגעגאַנגענ פונ דער מאַרקסיסטישער טעאָריע וועגנ „צעב־רעכנ" די בורזשואַז־מעלוכישע מאַשינ, ב) אַז האַגאַמ בוכאַרינ איז, לויט לענינס אויסדרוק, „נעענטער צומ עמעס, איידער קאַוטסקי", האָט ער דאָכ „אָנשטאָט צו דעמאַסקירנ די קאַוטסקיאַנער, געהאָלפנ זיי מיט זייַנע טאָעסנ". אָט איז דער טעקסט פונ דעמ דאָזיקנ מאַנוסקריפּט:

„אַנ אויסערגעוויינלעכ גרויסע וויכטיקייַט אינ דער פראַגע וועגנ דער מעלוכע האָט ענגעלסעס בריוו צו בעבעלנ פונעמ 16/28 מאַרט 1875 יאָר.

אָט איז דאָס וויכטיקסטע אָרט אינגאַנצנ:

„... די פרייַע פאָלק־מעלוכע איז פאַרוואַנדלט געוואָרנ אינ אַ פרייַער מעלוכע. לויטנ גראַמאַ־טישנ זינ פונ די דאָזיקע ווערטער איז אַ פרייַע מעלוכע אַזוינס, וואָס אינ דעמ איז די מעלוכע פרייַ בענוגייע צו אירע בירגער, דה. אַ מעלוכע מיט אַ דעספּאָטישער רעגירונג. מע וואָלט באַדאַרפט אָוועקוואַרפנ אָט־די גאַנצע פּלוידערייַ וועגנ מעלוכע, באַזונדערס נאָכ דער קאָמונע, וועלכע איז שוינ ניט געווענ קיינ מע־לוכע אינעמ אייגנטלעכנ זינ. מיט דער „פאָלק־מעלוכע" האָבנ אונדז די אַנאַר־כיסטנ געשטאָכנ די אויגנ מער ווי גענוג, האַגאַמ שוינ מאַרקס ווערק קעגנ פּרודאָנענ, און דערנאָכ דער „קאָמוניסטישער מאַניפעסט" זאָגנ בעפּיירעש, אַז מיטנ אייַנפירנ אַ סאָציַ־אַליסטישע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג ווערט די מעלוכע אַלייַנ

פונ זיכ פאנאנדערגעלאָזט (sich auflöst) אונ זי פארשווינדט. אזויווי די מעלוכע איז בלויז אנ איבערגייענדיקע אינסטיטוציע, מיט וועלכער עס קומט אויס צו באנוצנ זיכ אינ קאמפ, אינ דער רעוואָליוציע, קעדיי מיט גוואלט צו דערשטיקנ די קעגנערס, איז ריידנ וועגנ א פרייער פאָלק־מעלוכע א ריינער אומזינ: קאָלזמאנ דער פראָלעטאריִאט נייטיקט זיכ אינ א מעלוכע, נייטיקט ער זיכ אינ איר ניט אינ די אינטערעסנ פונ פרייהייט, נאָר אינ די אינטערעסנ פונ דערשטיקנ זיינע קעגנער, אונ ווענ עס ווערט מעגלעכ צו ריידנ וועגנ פרייהייט, דאנ הערט אופ די מעלוכע אזעלכע צו עקזיסטירנ. מיר וואָלטנ דעריבער פאָרגעלייגט אוועקצושטעלנ אומעטום אָנשטאָט דעמ וואָרט מעלוכע דאָס וואָרט: געמיינדע״ (Gemeinwesen), אנ אויסגעצייכנט דייטשיש וואָרט, וואָס אנטשפרעכט דעמ פראנצויזישנ וואָרט „קאָמונע״ (אונטערגעשטראָכנ פונ ענגעלסנ).

דאָס איז, עפשער, דאָס סאמע מערקווירדיקע אונ, געוויס, דאָס סאמע שארפע אָרט, אזוי צו זאָגנ, „קעגנ דער מעלוכע״ בא מארקסנ אונ בא ענגעלסנ.

(1) „אוועקוואַרפנ דארפ מענ די גאנצע פלוידעריי וועגנ דער מעלוכע״.

(2) „די קאָמונע איז שוינ ניט געווענ קיינ מעלוכע אינעמ אייגנטלעכנ זינ״. (וואָס זשע? קלאָר, אז אנ איבערגאנג־פאָרמ פונ א מעלוכע צו ניט קיינ מעלוכע!)

(3) די אנארכיסטנ האָבנ אונדז גענוג „געשטאָכנ די אויגנ״ (in die Zähne geworfen) בוכשטעבלעכ — געטיטשעט אינ פאָנעמ) מיט דער „פאָלק־מעלוכע״ (מארקס אונ ענגעלס, הייסט עס, האָבנ זיכ געשעמט פאר אָט־דעמ בעפיירעשנ טאָעס פונ זייערע דייטשישע פריינט; פונדעסטוועגנ האָבנ זיי אימ געהאלטנ, אונ ס׳פארשטייט זיכ, אז לויט די דעמאלטיקע אומשטענדנ ריכטיק געהאלטנ, פאר אָנ אנערעכ וויניקער וויכטיקנ פעלער, איידער דער פעלער פונ די אנארכיסטנ. דאָס NB!!).

(4) די מעלוכע „לייגט זיכ פונ זיכ אליינ פאנאנדער (״לאָזט זיכ פאנאנדער״) אונ פארשווינדט״... (פרג. שפעטער: „שטארבט אָפ״) „מיטנ איינפירנ די סאָציאַליסטישע געזעלשאפטלעכע אָרדענונג״...

(5) די מעלוכע איז „א צייטווייליקע אינסטיטוציע״, וועלכע איז נייטיק „אינ קאמפ, אינ דער רעוואָליוציע״... (נייטיק דעמ פראָלעטאריִאט, פארשטייט זיכ)...

(6) די מעלוכע איז נייטיק ניט צוליב פרייהייט, נאָר צוליב דערשטיקנ (Niederhaltung איז אייגנטלעכ ניט דערשטיקנ, נאָר אייַנהאלטנ פונ רעסטאווריִרונג, האלטנ אינ אונטערטעניקייט) די קעגנערס פונעמ פראָלעטאריִאט.

(7) ווענ עס וועט זיינ פרייהייט, דעמלט וועט ניט זיינ קיינ מעלוכע.

(8) „מיר״ (דה. ענגעלס אונ מארקס) וואָלטנ פאָרגעלייגט „אומעטומ״ (אינ דער פראָגראמ) צו זאָגנ אָנשטאָט „מעלוכע״ — „געמיינדע״ (Gemeinwesen), „קאָמונע״!!!

פונדאנעג איז צו זענ, ווי פארפלאכט, ווי פארפאסקודיעט עס האָבנ מארקסנ אונ ענגעלסנ ניט נאָר די אָפאָרטוניסטנ, נאָר אויכ קאוטסקי.

די אָפאָרטוניסטנ האָבנ קיינ אייִנעמ פונ די דאָזיקע 8 ביז גאָר רייכע געדאנקענ ניט פארשטאנענ.

זיי האָבנ גענומענ בלויז די פראקטישע נויטווענדיקייט פונ דער קעגנוואָרט: אויסנוצנ דעמ פאָליטישנ קאמפ, אויסנוצנ די מאָדערנע מעלוכע אפ צו לערנענ, דערציִענ דעמ פראָלעטאריִאט, אפ „ארויסצורייסנ האנאָכעס״. דאָס איז ריכטיק (קעגנ די אנארכיסטנ), דאָס איז אָבער בלויז 1/100 פונעמ מארקסיזמ, אויב מע קאָנ זיכ אויסדריקנ אזוי אריפמעטיש.

קאוטסקי האָט גאָר פארטושט (אָדער פארגעסנ? אָדער ניט פארשטאנענ?) אינ זיינ פראָפאגאנדיסטישער אונ ביכלאל פובליציסטישער ארבעט די פונקטנ 1, 2, 5, 6, 7, 8 אונ מארקס

«Zerbrechen» (אין דער פּאָלעמיק מיט פּאנעקוקן אין 1912 אָדער 1913 יאָר איז קאוטסקי (זע ווײַטער, ז. 45—47) שוין איננאנצן אריַינגעפאלן אין אָפּאָרטוניזם אין דער דאָזיקער פראגע)...

פון די אנארכיסטן אונטערשיידט אונדז (α) דאָס אויסנוצן די מעלוכע א י צ ט און (β) בעשאס דער ר ע וו אָ ל י וצ י ע פונעם פּראָלעטאריִאט („דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריִאט”)— פּונקטן, וואָס זיַינען ביז גאָר וויכטיק פאר דער פראקטיק באלד. (אָט זיי טאקע האָט בוכארין פ א ר ג ע ס ג ן!).

פון די אָפּאָרטוניסטן — מער טיפע, „מער אייביקע” עמעסן וועגן (αα) דעם „ציַיטווייַליקן” כאראקטער פון דער מעלוכע, וועגן (ββ) דער ש ע ד ל ע כ ק יַי ט פון דער „פּלוידעריַי” וועגן איר איצט, וועגן (γγ) דעם ניט גאָר מעלוכישן כאראקטער פון דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט, וועגן (δδ) דעם ווידערשפּרוך פון מעלוכע און פריַיהײַט, וועגן (εε) דער מער וויכטיקער אידיי (באגריף, פּראָגראם־טערמין) פון א „געמיינדע” אָנשטאָט מעלוכע, וועגן (ζζ) „צעברעכן” (Zerbrechen) די ביוראָקראטיש־מיליטערישע מאשין. ניט פארגעסן נאָך, אז די אָפּענע אָפּאָרטוניסטן פון דײַטשלאנד (בערנשטיין, קאָלב etc.) לייקענען דירעקט אָפּ די ד י ק ט א־ ט ו ר פ ו נ ע ם פּ ר אָ ל ע ט א ר יִ א ט, און די אָפיציִעלע פּראָגראם און קאוטסקי — לייקענען זי אָפּ א ו מ ד י ר ע ק ט, שוויַיגנדיק וועגן איר אין דער טאָגטעגלעכער אגיטאציע און ד ו ל ד נ ד י ק די רענעגאטישקייט פון די קאָלבס עט קאָמפּ.

צו בוכארינען איז געשריבן געוואָרן אין אווגוסט 1916 יאָר: „לאָז ד ײַ פּ וו ע ר נ דיַינע געדאנקען וועגן דער מעלוכע”. ער אָבער איז, ניט ל אָ ז נ ד י ק רײַפּ ווערן, אוועק אין דער פּרעסע אלס «Nota-Bene» און האָט דאָס געמאכט אזוי, אז אָנשטאָט צו דעמאס־ קירן די קאוטסקיִאנער, האָט ער זיי ג ע ה אָ ל פ ן מיט זיַינע פעלערן!! אָבער אין טאָכ גע־ נומען איז בוכארין נעענטער צום עמעס, איידער קאוטסקי” (נ. ל ע נ י נ).

אָט דאָס איז די קורצע געשיכטע פונעם טעאָרעטישן שטרײַט אין דער פראגע וועגן דער מעלוכע.

עס וואָלט זיך געקאָנט דוכטן, אז די זאך איז קלאָר: בוכארין האָט דערלאָזן האלב-אנארכיסטישע פעלערן, — שוין ציַיט צו פאריכטן די דאָזיקע פעלערן און גיין ווײַטער מיט לענינס וועג. אָבער אזוי קאָנען דענקען בלויז לענינצעס. בוכארין, וויַיזט זיך ארויס, איז דערמיט ניט מאסקים. ער טײַנעט, פארקערט, אז א טאָעס האָט געהאט ניט ער, נאָר לענין, אז ניט ער איז געגאנגען אָדער דארף גיין מיט לענינס וועג, נאָר, פארקערט, לע־ נין איז געווען געצווונגען צו גיין מיט בוכארינס וועג. איר גלייבט ניט, כאווירים? אויב אזוי, הערט ווײַטער. נאָך די דאָזיקע שטרײַטן, וואָס זיַי־ נען פאָרגעקומען אין 1916 יאָר, איז שפּעטער מיט 9 יאָר, אין מעשעך פון וועלכע דער כ' בוכארין האָט געשוויגן, אי ן א י אָ ר א ר ו ם נ אָ כ ל ע־ נ י נ ס ט ו י ט, נעמלעך אין 1925 יאָר, דרוקט דער כ' בוכארין אינעם זאמלבוך „די רעוואָליוציע פונעם רעכט” אן ארטיקל „צו דער טעאָריע פון דער אימפּעריִאליסטישער מעלוכע”, וואָס די רעדאקציע פונעם „זאמלבוך פונעם סאָציִאל-דעמאָקראט” (דה. לענין) האָט עס אמאָל ניט אָנגענומען צום דרוקן, און אין א באמערקונג צו דעם ארטיקל דערקלערט ער

בעפּיירעש, אַז אין דעם דאַזיקן שטרײַט איז געווען גערעכט ניט לעניג, נאָר ער, בוכארין. דאָס קאָן אויסזוײַזן אומגלייבלעך, אָבער דאָס איז א פאקט, כאוויירים.

הערט דעם טעקסט פון דער דאָזיקער באמערקונג:

„קעגן דעם ארטיקל אין „יוגנט־אינטערנאציאָנאל" איז ארויסגעטראָטן מיט א באַטיץ וו. אי. (דה. לענין). די לייענער וועלן לײַכט דערזען, אַז איך האָב ניט געהאט דעם טאָעס, וועלכן מע האָט מיר צוגעשריבן, ווײַל איך האָב קלאָר געזען די נייטיקייט פון דער דיקטא־טור פון פּראָלעטאריאט; פון דער צווייטער זײַט, איז פון איליטשעס באַטיץ צו זען, אַז ער האָט זיך דאן ניט ריכטיק באצויגן צו דער האנאָכע וועגן „אופרײַסן" די מעלוכע (פארשטייט זיך, די בורזשואזע), צונויפמישנדיק די דאָזיקע פראגע מיט דער פראגע וועגן דער אָפּשטארבונג פון דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט". 1 עס קאָן זײַן, אַז איך וואָלט דאן באדארפט מער אנטוויקלען די טעמע וועגן דער דיקטאטור, נאָר אלס פארענטפערונג פאר מיר קאָן איך זאָגן, אַז דאן האָט גע־הערשט אזא דורכויסיקער סאָציאַל־דעמאָקראטישער לויבגעזאנג דער בורזשואזער מעלוכע, אַז עס איז נאטירלעך געווען צו קאָנצענטרירן די גאנצע אופמערקזאמקײַט אַף דער פראגע וועגן אופרײַסן די דאָזיקע מאשין.

ווען איך בין געקומען צו פאָרן פון אמעריקע קיין רוסלאנד און האָב דערזען באַדיע־זשדא קאָנסטאנטינאָוונא (דאָס איז געווען אַף אונדזער אומלעגאַלן VI צוזאמענפאָר און וו. אי. האָט זיך דעמלט געהאט אויסבאהאלטן), זײַנען אירע ערשטע ווערטער געווען אזוינע: „וו. אי. האָט געבעטן אײַך איבערגעבן, אַז אין דער פראגע וועגן דער מעלוכע זײַנען בא אים איצט ניט פאראן קיין מיינונג־פארשיידנהײַטן מיט אײַך". באשעפטיקנדיק זיך מיט דער פראגע, איז איליטש געקומען צו די זעלביקע אויספירן 1 וועגן דעם „אופרײַס", ער האָט אָבער אנטוויקלט די דאָזיקע טעמע, און דערנאָך אויך די לערע וועגן דער דיקטאטור אַף אזויפיל, אַז ער האָט געמאכט א גאנצע עפּאָכע אין דער אנטוויקלונג פונעם טעאָרעטישן געדאנק אין דער דאָזיקער ריכטונג. 2

אזוי שרײַבט וועגן לענינען דער כ' בוכארין אין א יאָר ארום נאָך לענינס טויט.

אָט האָט איר א מוסטער פון היפּערטראָפירטער פּרעטענציעזקײַט פון א טעאָרעטיקער, וואָס האָט זיך ניט דערלערנט!

ס'איז גאנץ מעגלעך, אַז נאַדיעזשדא קאָנסטאנטינאָוונא האָטווירקלעך געזאָגט בוכארינען דאָס, וואָס דער כ' בוכארין שרײַבט דאָ. נאָר וואָס איז דערפון געדרונגען? דערפון איז געדרונגען בלויז איינס, אַז לענין האָט געהאט געוויסע גרונטן צו מיינען, אַז דער כ' בוכארין האָט זיך אָפּגעזאָגט

---

1 מײַן קורסיוו. י. סט.

2 „די רעוואָליוציע פונעם רעכט", זאמלבוך I, אויסגאבע פון דער קאָמוניסטישער אקאדעמיע, 1925 י., ז. 5.

אָדער ער איז גרייט אָפּצוזאָגן זיך פון זײַנע פעלערן. דאָס איז גאַנצן. דער כ׳ בוכארין האָט אָבער אויסגערעכנט אַנדערש. ער האָט באַשלאָסן, אַז פון איצט אָן דאַרף מען פאַרן שעפער, אָדער אַלנפאַלס באַגײַסטערער, פון דער מאַרקסיסטישער טעאָריע וועגן מעלוכע רעכענען ניט לענינען, נאָר אים, דה. דעם כ׳ בוכארין.

ביז איצט האָבן מיר זיך גערעכנט און רעכענען זיך נאָך אַלץ פאַר לענינצעס. און איצט ווײַזט זיך אַרויס, אַז סײַ לענין סײַ מיר, זײַנע שי־לער, זײַנען בוכארינצעס. עס איז אַ ביסל לעכערלעך, כאַווײרים. וואָס קאָנסטו אָבער מאַכן, ווען עס קומט אויס האָבן צו טאָן מיט כ׳ בוכארינס אויפגעשוואָלענער פּרעטענציָעזקײַט.

מע קאָן מיינען, אַז דער כ׳ בוכארין האָט זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט אין זײַן באַמערקונג צו דעם אויבן דערמאָנטן אַרטיקל, אַז ער האָט אַ זאָג געטאָן אַ נאַרישקײַט און דערנאָך פאַרגעסן אָן איר. אָבער דאָס, ווײַזט זיך אַרויס, איז ניט ריכטיק. דער כ׳ בוכארין האָט גערעדט, ווײַזט זיך אַרויס, גאַנץ ערנסט. דאָס איז צו זען כאָטשבי דערפון, וואָס דעם כ׳ בוכארינס מעל־דונג וועגן לענינס פ ע ל ע ר ן און בוכארינס ג ע ר ע כ ט ק ײַ ט, וואָס ער האָט געמאַכט אין דער דאָזיקער באַמערקונג, איז פונדאָסנײַ פאַרעפנטלעכט געוואָרן ערשט דאָ ניט לאַנג, נעמלעך, אין 1927 יאָר, דה. אין צוויי יאָר אַרום נאָך דער ערשטער אַרויסטרעטונג פונעם כ׳ בוכארין קעגן לענינען, אין כ׳ מאַרעצקיס ביָאָגראַפישן עסקיז וועגן דעם כ׳ בוכארין (זע „די סאָ־וועטישע ענציקלאָפּעדיע”), דערבײַ האָט דער כ׳ בוכארין אַפילע קיין טראַכט ניט געטאָן צו פּראָטעסטירן קעגן אַזאַ... דרייסטקײַט פון כ׳ מאַרעצקי. ס׳איז קלאָר, אַז כ׳ בוכארינס אַרויסטרעטונג קעגן לענינען קאָן מען ניט רעכענען פאַר קיין צופעליקײַט.

ס׳קומט אויס, אַזויאַרום, אַז גערעכט איז בוכארין און ניט לענין, אַז דער באַגײַסטערער פון דער מאַרקסיסטישער טעאָריע וועגן מעלוכע איז ניט לענין, נאָר בוכארין.

אָט דאָס, כאַווײרים, איז דאָס בילד פון די טעאָרעטישע אויסלענקונגען און פון די טעאָרעטישע פּרעטענזיעס פונעם כ׳ בוכארין.

און דער דאָזיקער מענטש האָט נאָך דעם אַלעם די דרייסטקײַט צו זאָגן דאָ אין זײַן רעדע, אַז אין דער טעאָרעטישער אײַנשטעלונג פון אונ־דזער פּאַרטיי „איז עפּעס פויל”, אַז אין דער טעאָרעטישער אײַנשטעלונג פון אונדזער פּאַרטיי איז פאַראַן אַן אָפּנייג צום טראָצקיזם! און דאָס זאָגט דער זעלביקער כ׳ בוכארין, וועלכער דערלאָזט (און האָט דערלאָזט אין דער פאַר־גאַנגענהײַט) אַ רײ ביז גאָר גראָבע טעאָרעטישע און פּראַקטישע פעלערן, וועלכער איז ניט לאַנג צוריק נאָך געווען אַ טאַלמיד בא טראָצקין, וועלכער

האָט נאָך נעכטן געזוכט א בלאָק מיט די טראָצקיסטן קעגן די לענינצעס און איז געלאָפן צו זיי דורך דער הינטערשטער טיר! נו, איז דאָס דען ניט לעכערלעך, כאַווײרים?

## ז) א פינפיאָר-פלאַן צי א צווייאָר-פלאַן

דערלויבט מיר איצט איבערצוגיין צו כ' ריקאָווס רעדע. אויב דער כ' בוכארין האָט זיך געפּרוּווט געבן א טעאָרעטישע באגרינדונג פונעם רעכטן אָפּנייג, באמיט זיך דער כ' ריקאָוו אין זיין רעדע אונטערצופירן אונטער דעם דאָזיקן אינייגע א באזע פאר פראקטישע פאָרשלאָגן, סטראשענדיק אונדז מיט „שוידערן" פונעם געביט פון אונדזערע שוועריקייטן לויט דער ליניע פון דער לאנדווירטשאפט. דאָס באטייט ניט, אז דער כ' ריקאָוו האָט ניט באריט קיין טעאָרעטישע פראגן. ניין, ער האָט זיי יאָ באריט. אָבער, באריִרנדיק זיי, האָט ער דערלאָזן ווייניקסטנס צוויי ערנסטע פעלערן.

אין זיין פּראָיעקט פון א רעזאָלוציע וועגן דעם פינפיאָריקן פלאַן, וועלכן די קאָמיסיע פון פּאָליטביוראָ האָט אָפּגעוואָרפן, זאָגט דער כ' ריקאָוו, אז „די צענטראַלע אידיי פונעם פינפיאָר-פלאַן באשטייט אינעם וווּקס פון דער פּראָדוקטיוויקייט פון דער פאָלק-ארבעט". ניט געקוקט דערויף, וואָס די קאָמיסיע פון פּאָליטביוראָ האָט אָפּגעוואָרפן די דאָזיקע אבסאָליוט ניט-ריכטיקע איינשטעלונג, האָט דער כ' ריקאָוו זי דאָ פארטיידיקט אין זיין רעדע. צי איז ריכטיק, אז די צענטראַלע אידיי פונעם פינפיאָריקן פלאַן אינעם ראַטנלאַנד איז דער וווּקס פון דער ארבעט-פּראָדוקטיוויקייט? ניין, ניט ריכטיק. מיר דארפן דאָך האָבן ניט אבי אוואָסערן וווּקס פון דער פּראָדוקטיוויקייט פון דער פאָלק-ארבעט. מיר דארפן א באשטימטן וווּקס פון דער פּראָדוקטיוויקייט פון דער פאָלק-ארבעט, נעמלעך — אזא וווּקס, וואָס זאָל זיכערן די סיסטעמאטישע איבערוואָג פון דעם סאָציאַליסטישן סעקטער פון דער פאָלקווירטשאפט איבערן קאפּיטאַליסטישן סעקטער. אָט וועגן וואָס עס האנדלט זיך, כאַווײרים. א פינפיאָריקער פלאַן, וואָס פארגעסט וועגן דער דאָזיקער צענטראַלער אידיי, איז ניט קיין פינפיאָריקער פלאַן, נאָר א פינפיאָריקער אומזין. אינעם וווּקס פון דער ארבעט-פּראָדוקטיוויקייט בכלל איז פארינטערעסירט יעדע געזעלשאפט, אי די קאפּיטאַליסטישע אי די פארקאפּיטאַליסטישע. דער אונטערשייד פון דער סאָוועטישער געזעלשאפט לעגאבע יעטווידער אנדערער געזעלשאפט באשטייט טאקע דערין, וואָס זי איז פארינטערעסירט ניט אין אבי אוואָסערן וווּקס פון דער ארבעט-פּראָדוקטיוויקייט, נאָר אין אזא וווּקס, וואָס זיכערט די איבערוואָג פון די סאָציאַליסטישע ווירטשאפט-פאָרמען איבער די אנדערע פאָרמען און פריער פאר אַלץ איבער די קאפּיטא-

ליסטישע ווירטשאפט־פאָרמען, וואָס זיכערט אזויארום דאָס בײַקומען און דאָס אַרויסשטויסן די קאפּיטאליסטישע ווירטשאפט־פאָרמען. און דער כ׳ ריקאָוו האָט פארגעסן וועגן דער דאָזיקער ווירקלעכן צענטראלער אידיי פונעם פינף־יאָריקן פּלאַן פון דער סאָוועטישער געזעלשאפט. דערין באשטייט זײַן ערשטער טעאָרעטישער פעלער.

דער צווייטער פעלער זײַנער באשטייט דערין, וואָס ער מאכט ניט קיין אונטערשייד אָדער ער וויל ניט פארשטיין דעם אונטערשייד פונעם שטאנדפּונקט פון סכוירע-אומזאצ צווישן, לאָמיר זאָגן, א קאָלווירט און יעטווידער אינדיווידועלער ווירטשאפט, דערונטער אויך דער אינדיווידועלער קאפּיטאליסטישער ווירטשאפט. דער כ׳ ריקאָוו פארזיכערט, אז פונעם שטאנד-פּונקט פון סכוירע-אומזאצ אפן ברויט-מארק, פונעם שטאנדפּונקט פון באקומען ברויט זעט ער ניט קיין אונטערשייד צווישן א קאָלווירט און א פּריוואטן ברויט־האלטער, אימ איז, הייסט עס, אלציינס, צי קויפן מיר ברויט בא א קאָלווירט, בא א פּריוואטן האלטער אָדער בא עפּעס אן ארגענטינישן ברויט-אופקויפער. דאָס איז ניט ריכטיק, כאווײַרימ. דאָס איז אבסאָליוט ניט ריכ-טיק. דאָס איז אן איבערכאזערונג פון דער באוווסטער מעלדונג פונעם כ׳ פרומקין, וועלכער האָט איינ צײַט פארזיכערט, אז אימ איז אלציינס, ווו צו קויפן און בא וועמען צו קויפן ברויט, באמ פּריוואטניק אָדער באמ קאָל־ווירט. דאָס איז א פארמאסקירטע פאָרמ פון פארטיידיקן, פון רעאביליטירן, פון בארעכטיקן די באלעגופּישע מאכינאציעס אפן ברויט-מארק. דער פאקט, וואָס די דאָזיקע פארטיידיקונג ווערט געפירט פונעם שטאנדפּונקט פון סכוי־רע-אומזאצ, — דער דאָזיקער פאקט בײַט ניט די לאגע אין דעמ, וואָס זי איז דאָך א בארעכטיקונג פון די באלעגופּישע מאכינאציעס אפן ברויט-מארק. אויב עס איז ניטאָ קיין אונטערשייד פונעם שטאנדפּונקט פון סכוירע־אומזאצ צווישן די קאָלעקטיווע און ניט-קאָלעקטיווע ווירטשאפט-פאָרמען, צי לוינט דאן צו אנטוויקלען די קאָלווירטן, צי לוינט צו געבן זיי להאָטעס, צי לוינט צו פארנעמען זיך מיט דער שווערער אופגאבע פון בײַקומען די קאפּיטאליסטישע עלעמענטן אין דער לאנדווירטשאפט? ס׳איז קלאָר, אז דער כ׳ ריקאָוו האָט גענומען ניט קיין ריכטיקע אײַנשטעלונג. דערין באשטייט זײַן צווייטער טעאָרעטישער פעלער.

אָבער דאָס איז פארבײַגייענדיק. לאָמיר איבערגיין צו די פּראק־טישע פראגן, וואָס זײַנען אוועקגעשטעלט געוואָרן אין כ׳ ריקאָווס רעדע.

דער כ׳ ריקאָוו האָט דאָ באהויפּט, אז אכוצ א פינפיאָריקן פּלאן דארפ מען נאָך א צווייטן, א פאראלעלן פּלאן, נעמלעך, — א צווייאָריקן אנט־וויקלונג-פּלאן פון דער לאנדווירטשאפט. ער האָט באגרינדעט דעמ דאָזיקן

פאָרשלאָג וועגן א פאַראַלעלן צווייייאָריקן פּלאַן מיט די שווערוקייטן אין דער לאַנדווירטשאַפט. ער האָט געזאָגט: דער פינפיאָריקער פּלאַן איז א גוטע זאַך, און ער איז פאַר אים, נאָר אויב מיר וועלן גלייכצייטיק געבן א צוויייאָריקן פּלאַן פון דער לאַנדווירטשאַפט, וועט זיין נאָך בעסער,— אין קעגנפאַל וועט די ארבעט מיט דער לאַנדווירטשאַפט בלייבן שטעקן. אויסערלעך איז אין דעם דאָזיקן פאָרשלאָג קיין שום בייז ניטאָ. נאָר אז מע זאָל זיך צוקוקן צו דעם איניעַן, קומט אויס, אז דער צווייייאָריקער פּלאַן פון דער לאַנדווירטשאַפט איז צוגעטראַכט, קעדיי אונטערצושטרייכן דעם ניט רעאַלן, דעם פאַפירענעם כאַראַקטער פונעם פינפיאָריקן פּלאַן, און פאַרקערט. צי האָבן מיר געקאָנט דערמיט מאַסקים זיין? ס'איז קלאָר, אז מיר האָבן ניט געקאָנט. מיר האָבן געזאָגט דעם כ' ריקאָוו: אויב איר זייט ניט צופרידן מיטן פינפיאָריקן פּלאַן לויט דער ליניע פון דער לאַנדווירטשאַפט, אויב איר האַלט, אז די אַסיגנירונגען, וואָס ווערן געגעבן לויטן פינפיאָריקן פּלאַן אפ דער אַנטוויקלונג פון דער לאַנדווירטשאַפט, זיינען ניט גענוג, זאָגט אָפן וועגן אייערע צוגאָב-פאָרשלאָגן, וועגן אייערע צוגאָב-אינוועסטיציעס,— מיר זיינען מאַסקים אריינצוטראָגן אינעם פינפיאָריקן פּלאַן די דאָזיקע צוגאָב-אינוועסטיציעס אין דער לאַנדווירטשאַפט. איז וואָס? ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דער כ' ריקאָוו האָט ניט קיין שום צוגאָב־פאָרשלאָגן וועגן צוגאָב-אינוועסטיציעס פאַר דער לאַנדווירטשאַפט. פרעגט זיך: צו וואָס זשע דאַרף מען דאַן א פאַראַלעלן צווייייאָריקן פּלאַן פון דער לאַנדווירטשאַפט? מיר האָבן אים געזאָגט ווייטער: אַכוץ דעם פינפיאָריקן פּלאַן זיינען נאָך פאַראַן יערלעכע פּלענער, וואָס זיינען א טייל פונעם פינפיאָר,— איז לאָמיר אריינטראָגן אין די יאָריקע פּלענער פון די ערשטע צוויי יאָר די קאָנקרעטע צוגאָב-פאָרשלאָגן לויט דער ליניע פון אויפהייבן די לאַנדווירטשאַפט, וואָס איר האָט, אויב דער כ' ריקאָוו האָט זיי ביכלאַל. איז וואָס? ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דער כ' ריקאָוו האָט ניט פאָרצולייגן אזעלכע קאָנקרעטע פּלענער פון צוגאָב-אַסיגנירונגען. מיר האָבן דאַן פאַרשטאַנען, אז דעם כ' ריקאָווס פאָרשלאָג וועגן א צווייייאָריקן פּלאַן האָט אינזינען ניט דעם אויפשטייג פון דער לאַנדווירטשאַפט, נאָר אין אים איז פאַראַן א ווילן אונטערצושטרייכן דעם ניט רעאַלן, דעם פאַפירענעם כאַראַקטער פונעם פינפיאָר, א ווילן צו אַנטקרוינען דעם פינפיאָר. פאַר דער „נעשאָמע", לעפּאָנעם וועגן — א פינפיאָריקער פּלאַן, פאַר דער זאַך, פאַר דער פּראַקטישער ארבעט — א צווייייאָריקער פּלאַן,— אָט וואָס פאַר א סטראַטעגיע עס האָט זיך באַקומען באַם כ' ריקאָוו. דער צווייייאָריקער פּלאַן איז באַם כ' ריקאָוו ארויסגעטראָטן אפ דער סצענע, קעדיי דערנאָך, אין גאַנג פון פאַרווירקלעכן פּראַקטיש דעם פינפיאָריקן פּלאַן, קעגנשטעלן דעם פינפיאָר א צווייייאָר, איבערבויען דעם

פינפיאָר אונ צופאסנ אימ צומ צווייייאָריקנ פלאנ, פארקירצנדיק אונ ארומ-שנייַדנדיק די אסיגנירונגענ אפ דער אינדוסטריע.

אָט איבער וואָסערע טייַמימ מיר האָבנ אָפגעוואָרפנ דעמ כ׳ ריקאָווס פאָרשלאָג וועגנ א צווייייאָריקנ פאראלעלנ פלאנ.

## ט) די פראגע וועגנ די פארזיי-שעטעכנ

דער כ׳ ריקאָוו האָט דאָ געשראָקנ די פארטיי, פארזיכערנדיק, אז די פארזיי-שעטעכנ אינ פססר האָבנ א טענדענצ סיסטעמאטיש צו פארקירצנ זיכ. דערבייַ האָט ער געווונקענ אינ דער זייַט פונ דער פארטיי, געבנדיק אָנצו-הערנ, אז אינ דער פארקירצונג פונ די פארזיי-שעטעכנ איז שולדיק די פאָ-ליטיק פונ דער פארטיי. ער האָט אָפנ ניט געזאָגט, אז עס גייט באַ אונדז צו דעגראדאציע. אָבער דער אייַנדרוק פונ זייַנ רעדע באקומט זיכ אזא, אז מיר האָבנ פאר זיכ עטוואָס ענלעכעס צו דעגראדאציע. צי איז ריכטיק, אז די פארזיי-שעטעכנ האָבנ א טענדענצ צו א סיסטעמאטישער פארקירצונג? ניינ, ס׳איז ניט ריכטיק. דער כ׳ ריקאָוו האָט דאָ אָפערירט מיט דורכשניטלעכע ציפערנ וועגנ די פארזיי-שעטעכנ איבערנ לאנד. אָבער דער מעטאָד פונ דורכ-שניטלעכע ציפערנ, וואָס איז ניט קאָרעגירט געוואָרנ מיט די אָנגאבנ לויט די ראיאָ-נענ, איז ניט קיינ וויסנשאפטלעכער מעטאָד. עפשער האָט דער כ׳ ריקאָוו אמאָל געלייענט לענינס „אנטוויקלונג פונ קאפיטאליזמ". אויב ער האָט געלייענט, דארפ ער געדענקענ, וויאזוי לעניג זידלט דאָרט די בורזשואזע עקאָנאָמיסטנ, וועלכע באנוצנ זיכ מיטנ מעטאָד פונ דורכשניטלעכע ציפערנ וועגנ דעמ וווקס פונ די פארזיי-שעטעכנ אונ איגנאָרירנ די אָנגאבנ לויט די ראיאָנענ. עס איז מאָדנע, וואָס דער כ׳ ריקאָוו כאזערט איצט איבער די פעלערנ פונ די בורזשואזע עקאָנאָמיסטנ. איז אָט, אויב מע זאָל באטראכטנ די באוועגונג פונ די פארזיי-שעטעכנ לויט די ראיאָנענ, דה. אויב מע זאָל צוגיינ צו דעמ איניענ וויסנשאפטלעכ, קומט אויס, אז אינ איינע ראיאָנענ וואקסנ די פארזיי-שעטעכנ ס י ס ט ע מ א ט י ש, אינ אנדערע — פאלנ זיי א מ אָ ל, אָפהענגיק הויפטזאכלעכ פונ די מעטעאָראָלאָגישע באדינגונגענ, דערבייַ זייַנענ ניט פא-ראנ אזעלכע אָנגאבנ, וואָס זאָלנ ריידנ וועגנ דעמ, אז מיר האָבנ ערגעצ-ווו, כאָטשבי אינ איינעמ פונ די ערנסטע ברויט-ראיאָנענ, א ס י ס ט ע מ א-ט י ש ע פארקירצונג פונ די פארזיי-שעטעכנ.

ווירקלעכ, די לעצטע צייַט באווייַזנ די פארזיי-שעטעכנ א פארקירצונג אינ די ראיאָנענ, וואָס זייַנענ געווענ ארומגעכאפט מיט פראָסטלעכ אָדער מיט טריקעניש, צומבייַשפיל, אינ אייניקע געגנטנ פונ אוקראיִנע.

א ש ט י מ. ניט די גאנצע אוקראיִנע.

ש ל י כ ט ע ר. אינ אוקראיִנע זייַנענ די פארזיי-שעטעכנ אויסגעוואקסנ אפ 2,7%.

סטאלינ. איכ מיינ דעמ סטעפּ־פּאס פונ אוקראינע. אָבער אָט אינ אנדערע ראיאָנענ, לאָמיר זאָגנ, אינ סיביר, אינ וואָלגער געגנט, אינ קאזאקסטאנ, אינ באשקיריע, וואָס זיינענ ניט אָנגערירט געוואָרנ דורכ די ניט־גינסטיקע קלימאטישע באדינגונגענ, וואקסנ די פארזיי־שעטעכנ סיסטעמאטיש. מיט וואָס קאָנ מענ דערקלערנ דאָס, וואָס אינ איינע ראיאָנענ וואקסנ די פארזיי־שעטעכנ סיסטעמאטיש, אונ אינ אנדערע — פארקירצנ זיי זיכ אמאָל? מע קאָנ דאָכ אינדערעמעסנ ניט באהויפּטנ, אז די פּארטיי־פּאָליטיק איז אינ אוקראינע איינע אונ אפנ מיזרעכ אָדער אינ צענטער פונ פססר איז זי א צווייטע. דאָס איז דאָכ אנ אבסורד, כאוויירימ. קלאָר, אז די קלימאטישע באדינגונגענ האָבנ דאָ ניט קיינ קליינעמ באטייט.

עס איז ריכטיק, אז די באלעגופימ פארקירצנ די פארזיי־שעטעכנ, אומאָפּהענגיק פונ די קלימאטישע באדינגונגענ. דערינ, אויב איר ווילט, איז „שולדיק“ די פּאָליטיק פונ דער פּארטיי, וועלכע באשטייט אינ דעמ, אז מע זאָל אונטערשטיצנ די אָרעמ- אונ מיטלפויערשע מאסנ קעגנ דעמ באלעגופנטומ. אָבער וואָס איז דערפונ געדרונגענ? מיר האָבנ דענ וועג-ניט-איז זיכ פארפליכטעט צו פירנ אזא פּאָליטיק, וואָס זאָל קאָנענ באפרידיקנ אלע סאָציאלע גרופּעס פונ דאָרפ, דערונטער אויכ די באלעגופימ? אונ ביכלאל, צי דענ קאָנענ מיר פירנ אזא פּאָליטיק, וואָס זאָל באפרידיקנ סיי די עקספּלואטאטערס סיי די עקספּלואטירטע, אויב מיר ווילנ ביכלאל פירנ א מארקסיסטישע פּאָליטיק? וואָס זשע איז דאָ פאראנ אזוינס אויסטערלישעס, אויב אלס רעזולטאט פונ אונדזער לענינישער פּאָליטיק, וועלכע איז אויסגערעכנט אפ באגרענעצנ אונ בייקומענ די קאפּיטאליסטישע עלעמענטנ אינ דאָרפ, הייבנ די באלעגופימ אָנ טיילווייז צו פארקירצנ זייער פארזיי? צי קאָנ דענ גאָר זיינ אנדערש? עפּשער איז די דאָזיקע פּאָליטיק ניט קיינ ריכטיקע, — זאָל מענ אונדז זאָגנ וועגנ דעמ אָפנ. צי איז דענ ניט מעשונעדיק, וואָס מענטשנ, וועלכע רופנ זיכ אָנ מארקסיסטנ, סטארענ זיכ פונ איבערשרעק פאָרצושטעלנ דאָס טיילווייזע פארקירצנ דעמ פארזיי דורכ די באלעגופימ, ווי א פארקירצונג פונ די פארזיי-שעטעכנ ביכלאל, זיי פארגעסנ וועגנ דעמ, אז, אכוץ די באלעגופימ, עקזיסטירנ נאָכ אָרעמפויערימ אונ מיטלפויערימ, וואָס זייער פארזיי פארברייטערט זיכ, אז עס עקזיסטירנ קאָלווירטנ אונ ראטווירטנ, וואָס זייער פארזיי וואקסט מיט א פארשנעלערטנ טעמפּ.

ענדלעכ, נאָכ איינ ניט-ריכטיקייט אינ כ׳ ריקאָווס רעדע איבער דער פראגע וועגנ די פארזיי־שעטעכנ. דער כ׳ ריקאָוו האָט זיכ דאָ געקלאָגט, אז ווו-ניט־ווו, נעמלעכ, אינ די ערטער, ווו עס זיינענ אמערסטנ אנטוויקלט די קאָלווירטנ, הייבט אָנ דער אָרעמ־ אונ מיטלפויערשער אינדיווידועלער פארזיי־פאס פארקירצט צו ווערנ. דאָס איז ריכטיק. מיט וואָס איז דאָס אָבער שלעכט?

אונ ווי זשע אנדערש? אויב די אָרעמ־ אונ מיטלפּויערשע ווירטשאפטנ הייבנ אָנ אוועקוואַרפנ דעמ אינדיווידועלנ פּארזיי־פאס אונ זיי גייענ אריבער אפ א קאָלעקטיווער ווירטשאפט, צי איז דענ ניט קלאָר, אז די פארברייטערונג אונ די פארמערונג פונ די קאָלווירטנ מוז ארויסרופנ א געוויסע פארקירצונג פונ דעמ אינדיווידועלנ אָרעמ- אונ מיטלפּויערשנ פּארזיי-פאס? אונ וויאזוי ווילט איר? אצינד פארמאָגנ די קאָלווירטנ העכער צוויי מיליאָנ העקטאר ערד. צומ סאָפ פינפיאָר וועלנ די קאָלווירטנ האָבנ מער פונ 25 מיליאָנ העקטאר. אפ וועמעס כעזשבנ וואקסט דאָ אויס דער קאָלווירטישער פּארזיי-פאס? אפנ כעזשבנ פונעמ אינדיווידועלנ אָרעמ־ אונ מיטלפּויערשנ פּארזיי־פאס. וויאזוי זשע ווילט איר, טײַערע כאווײרימ? וויאזוי זשע אנדערש זאָל מענ אריבערפירנ די אָרעמ- אונ מיטלפּויערשע אינדיווידועלע ווירטשאפט אפ די רעלסנ פונ קאָלעקטיווער ווירטשאפט? צי איז דענ ניט קלאָר, אז דער קאָלווירטישער פּארזיי־פאס וועט וואקסנ אינ א גאנצער ריי ראיאָנענ אפנ כעזשבנ פונעמ אינדיווידועלנ פּארזיי-פאס? ס'איז מאָדנע, וואָס מענטשנ ווילנ ניט פארשטיינ די דאָזיקע פּאָשעטע זאכנ.

### י) וועגנ די ברויט-פארגרייטונגענ

וועגנ אונדזערע ברויט־שוועריקייטנ האָט מענ דאָ אָנגערעדט א בארג מיט ניט-געשטויגענע זאכנ. די הויפּט־מאָמענטנ פונ אונדזערע קאָניונקטורישע שוועריקייטנ מיט ברויט האָט מענ אָבער ארויסגעלאָזט פונ אויג. מע האָט פארגעסנ פריער פונ אלצ וועגנ דעמ, אז הײַנטיקס יאָר האָבנ מיר צונויפגעזאמלט קאָרנ אונ ווייצ, — איכ רייד וועגנ דער ברוטאָ-זאמלונג פונ דער גערעטעניש, — אפ א 500 — 600 מיליאָנ פּוד ווייניקער, ווי פאראיאָרנ. צי דענ האָט דאָס געקאָנט ניט אָפּרופנ זיכ אפ אונדזערע ברויט-פארגרייטונגענ? געוויס האָט עס ניט געקאָנט ניט אָפּרופנ זיכ. עפּשער איז דערינ שולדיק די פּאָליטיק פונעמ צק? ניינ, די פּאָליטיק פונעמ צק האָט דערצו קיינ שײַכעס ניט. דאָס איז צו דערקלערנ מיט דער ערנסטער אומגערעטעניש אינעמ סטעפּ־פאס פונ אוקראינע (פרעסטלעכ אונ טריקעניש) אונ מיט דער טײלווײַזער אומגערעטעניש אפנ צאָפנ-קאווקאז, אינ דער צענטראלער שווארצערדישער געגנט, ענדלעכ, אינ דער צאָפנ-מיזרעוודיקער געגנט. אונ דערמיט איז הויפּטזאכלעכ צו דערקלערנ, וואָס פאראיאָרנ צומ 1-טנ אפּרעל האָבנ מיר אינ אוקראינע געהאט פארגרייט ברויט (קאָרנ אונ ווייצ) 200 מיליאָנ פּוד, אונ הײַנטיקס יאָר — אינגאנצנ 26 — 27 מיליאָנ פּוד. דערמיט דארפ מענ אויכ דערקלערנ דאָס פאלנ פונ די פארגרייטונגענ פונ ווייצ אונ קאָרנ אינ דער צענטראלער שווארצערדישער געגנט קימאט אינ 8 מאָל אונ אינ צאָפנ-קאווקאז — אינ 4 מאָל. די ברויט-פארגרייטונגענ אפנ מיזרעכ זײַנענ הײַנטיקס יאָר אויסגעוואקסנ אינ אייניקע ראיאָנענ קימאט אינ צוויי מאָל אזויפיל. זיי

האָבן אָבער ניט געקאָנט קאָמפּענסירן, און האָבן, פאַרשטייט זיך, ניט קאָמ־פּענסירט דעם מאַנגל אין ברויט, וואָס איז געווען בא אונדז אין אוקראַינע, אפן צאָפן־קאַווקאַז און אין דער צענטראַלער שוואַרצערדישער געגנט. מע דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז בא נאָרמאַלע גערעטענישן פאַרגרייטן אוקראַינע און צאָפן־קאַווקאַז מער פון א העלפט, און צומאָל אפילע צוויי דריטל פונעם גאַנצן ברויט, וואָס מע פאַרגרייט אין פּסס"ר. עס איז מאָדנע, וואָס דער כ' ריקאָוו האָט דעם דאָזיקן אומשטאַנד אַרויסגעלאָזט פון אויג.

ענדלעך, דער צווייטער אומשטאַנד, וואָס איז דער הויפּט־מאָמענט פון אונדזערע קאָניונקטורישע ברויט־פאַרגרייטערישע שוועריקייטן. איך מיין דעם ווידערשטאַנד פון די באַלעגופישע און פאַרמעגלעכע עלעמענטן פון דאָרף קעגן דער פּאָליטיק פון דער ראַטנמאַכט אין די ברויט־פאַרגרייטונגען. דער כ' ריקאָוו איז פאַרבײַגעגאַנגען דעם דאָזיקן אומשטאַנד. פאַרבײַגיין דעם דאָזיקן מאָמענט באַטײַט אָבער — פאַרבײַגיין דעם איקער אינעם איניעם פון ברויט־פאַרגרייטונגען. וועגן וואָס רעדט די דערפאַרונג פון די לעצטע צוויי יאָר אין די ברויט־פאַרגרייטונגען? זי רעדט וועגן דעם, אַז די פאַרמעגלע־כע שיכטן פון דאָרף, וואָס האָבן אין זייערע הענט באַדײַטנדיקע ברויט־מויסרע̃ס און וואָס שפּילן אפן ברויט־מאַרק א קאָמאַנדירנדיקע ראָליע, ווילן אונדז ניט געבן פרײַוויליק דעם נייטיקן סכום ברויט לויט די פרײַזן, וואָס עס האָט באַשטימט די ראַטנמאַכט. אפ צו באַזאָרגן מיט ברויט די שטעט און די אינדוסטריַעלע פונקטן, די רויטע אַרמיי און די ראַיאָנען פון טעכנישע קולטורן דאַרפן מיר האָבן אַרום 500 מיליאָן פּוד ברויט א יאָר. אין אָרדענונג פון זעלבשטראָם גיט זיך אונדז אײַן צו פאַרגרייטן אַרום 300 — 350 מיליאָן פּוד. די איבעריקע 150 מיליאָן פּוד קומט אויס צו נעמען אין אָרדענונג פון אן אָרגאַניזירטן דרוק אפ די באַלעגופישע און פאַרמעג־לעכע שיכטן פון דאָרף. אָט וועגן וואָס עס זאָגט אונדז די דערפאַרונג פון די ברויט־פאַרגרייטונגען פאַר די לעצטע צוויי יאָר.

וואָס איז פּאָרגעקומען פאַר די דאָזיקע צוויי יאָר, פונוואַנען נעמען זיך אַזעלכע ענדערונגען, פאַרוואָס האָט פריִער געהאָלפן דער זעלבשטראָם, און איצט האָט ער זיך אַרויסגעוויזן פאַר ניט גענוג? פּאָרגעקומען איז דאָס, וואָס די באַלעגופישע און פאַרמעגלעכע עלעמענטן זײַנען אויסגע־וואַקסן פאַר די דאָזיקע יאָרן, די ריי גערעטעניש־יאָרן איז ניט דורכגעגאַנ־גען פאַר זיי אומזיסט, זיי האָבן זיך ווירטשאַפטלעך פאַרפעסטיקט, זיי האָבן אָנגעזאַמלט א קאַפּיטאַלעכל און איצט קאָנען זיי מאַנעווורירן אפן מאַרק, אײַנהאַלטנדיק פאַר זיך די ברויט־מויסרעס, אויסוואַרטנדיק אפ העכערע פרײַזן און אַרויסדרייענדיק זיך אפ אַנדערע קולטורן. ברויט איז ניט קיין פּאָשע־טע סכוירע. ברויט איז ניט בוימוואָל, וואָס מע קאָן ניט עסן און וואָס

מע קאָן ניט פארקויפן יעדערן. צום אונטערשייד פון בוימוואָל, איז ברויט אין אונדזערע איצטיקע באדינגונגען אזא סכוירע, וואָס אלע נעמען און וואָס אָן איר קאָן מען ניט עקזיסטירן. דער באַלעגופ דיסקאָנטירט עס, און ער האַלט עס צו, אָנשטעקנדיק דערמיט די ברויט־האַלטערס ביכלאַל. דער באַלעגופ ווייסט, אז ברויט איז די וואַליוטע פון וואַליוטעס. דער באַלעגופ ווייסט, אז די ברויט־מויסרעס זייַנען ניט בלויז א מיטל אליין באַרייַכערט צו ווערן, נאָר אויך א מיטל צו פארשקלאַפן די אָרעמשאפט. די ברויט־מויסרעס באַם באַלעגופ אין די הענט זייַנען באַ די געגעבענע באדינגונגען א מיטל פון ווירטשאפטלעכער און פּאָליטישער פארשטארקונג פון די באַלעגופישע עלעמענטן. נעמענדיק די דאָזיקע מויסרעס באַ די באַלעגופים, פארגרינגערן מיר דעריבער ניט בלויז דאָס באַזאָרגן מיט ברויט די שטעט און די רויטע ארמיי, נאָר מיר רייַסן אויך אונטער דאָס מיטל פון ווירטשאפטלעכער און פּאָליטישער פארשטארקונג פונעם באַלעגופנטום.

וואָס דארף מען טאָן, קעדיי צו באַקומען די דאָזיקע ברויט־מויסרעס? מע דארף פריִער פון אלץ ליקווידירן די פּסיכאָלאָגיע פון זעלבשטראָם אלס א שעדלעכע און געפערלעכע זאַך. מע דארף אָ ר ג א נ י ז י ר ן די ברויט־פארגרייטונגען. מע דארף מאָביליזירן די אָרעמ־ און מיטלפּויערשע מאסן קעגן דעם באַלעגופנטום און אָרגאניזירן די געזעלשאפטלעכע אונטערשטיצונג זייערע בענגייע די מאָסמיטלען פון דער ראטנמאכט צו פארשטארקן די ברויט־פארגרייטונגען. די באדייַטונג פונעם אוראַל־סיבירער מעטאָד פון די ברויט־פארגרייטונגען, וואָס ווערט דורכגעפירט לויטן פּרינציפּ פון זעלבסטבאַשטייַערונג, באשטייט טאַקע דערין, וואָס ער גיט א מעגלעכקייַט צו מאָביליזירן די ארבעטנדיקע שיכטן פון דאָרף קעגן דעם באַלעגופנטום מיטן צוועק צו פארשטארקן די ברויט־פארגרייטונגען. די דערפארונג האָט באַוויזן, אז דער דאָזיקער מעטאָד גיט אונדז פּאָזיטיווע רעזולטאטן. די דערפארונג האָט באַוויזן, אז די דאָזיקע פּאָזיטיווע רעזולטאטן באַקומען זיך באַ אונדז אין צוויי ריכטונגען: ערשטנס, נעמענ מיר ארויס די ברויט־מויסרעס באַ די פארמעגלעכע דאָרף־שיכטן און פארגרינגערן דערמיט די באַזאָרגונג פונעם לאנד; צווייטנס, מאָביליזירן מיר דערבייַ די אָרעמ־ און מיטלפּויערשע מאסן קעגן דעם באַלעגופנטום, מיר קלערן זיי אויף פּאָליטיש און מיר אָרגאניזירן פון זיי אונדזערע א מעכטיקע פּילמיליאָניקע פּאָליטישע ארמיי אין דאָרף. אייניקע כאַוויירים דיסקאָנטירן ניט דעם דאָזיקן לעצטן אומשטאנד. און גראָד ער איז איינער פון די וויכטיקע, אויב ניט דער סאמע וויכטיקער רעזולטאט פונעם אוראַל־סיבירער מעטאָד פון ברויט־פארגרייטונגען. עמעס, דער דאָזיקער מעטאָד פאָרט זיך צומאָל מיט אָנווענדן אויסעראָרדנטלעכע מיטלען קעגן דעם באַלעגופנטום, און דאָס רופט ארויס קאָמישע וויי־גע־

שרייען בא די ככ׳ בוכארינ און ריקאָוו. מיט וואָס איז דאָס אָבער שלעכט? פארוואָס טאָר מען ניט צולאָזן, בא געוויסע באַדינגונגען, אָנווענדנ אויסערארדנטלעכע מיטלען קעגנ אונדזער קלאסנפיינט, קעגנ באלעגופנטום? פארוואָס מעג מען הונדערטערוויַיז ארעסטירנ ספעקולאַנטן אינ די שטעט און ארויסשיקנ זיי אינ טורוכאנער קאנט, און בא די באלעגופים, וואָס פרוווּן זיך נעמען פארנ גאָרגל די ראטנמאכט און פארשקלאפנ צו זיך די אָרעמשאפט, טאָר מען ניט נעמען די ברויט-מויסרעס אינ סיידער פונ געזעלשאפטלעכנ צוואנג לויט די פרייַזן, אפ וועלכע די אָרעמפויערים און מיטלפויערים גיבנ אָפּ דאָס ברויט אונדזערע פארגרייטערישע אָרגאניזאציעס? פונוואנען איז דאָס געדרונגען? צי דען האָט זיך אונדזער פארטיי ווען-ניט-איז ארויסגעזאָגט אינ פּרינציפּ קעגנ אָנווענדנ אויסעראָרדנטלעכע מיטלען בענעגייע דעם באלעגופנטום? די כאווײרים ריקאָוו און בוכארינ זײַנען, קאָנטיק, אינ פּרינציפּ קעגנ יעטווידער אָנווענדונג פונ אויסעראָרדנטלעכע מיטלען בענעגייע דעם באלעגופנטום. דאָס איז דאָך אָבער א בורזשואז-ליבעראלע פּאָליטיק, און ניט קיינ מארקסיסטישע פּאָליטיק, טײַערע כאווײרים. איר קאָנט ניט ניט וויסן, אז לענינ האָט נאָכנ אײַנפירנ דעם נעפּ זיך ארויסגעזאָגט אפילע פאר אומקערנ זיך צו דער פּאָליטיק פונ די אָרעמשאפט-קאָמיטעטן, פארשטייט זיך, בא געוויסע באַדינגונגען. און וואָס איז דען אזוינס די טײלווײַזע אָנווענדונג פונ אויסעראָרדנטלעכע מיטלען קעגנ די באלעגופים? דאָס איז דאָך אפילע ניט קיינ טראָפּן אינ יאם אינ פארגלײַך מיט דער פּאָליטיק פונ די אָרעמשאפט-קאָמיטעטן.

זיי, די אָנהענגערס פונ כ׳ בוכארינס גרופּע, האָפן צו איבערצײַגנ דעם קלאסנפײַנט, ער זאָל זיך פרײַוויליק אָפּזאָגנ פונ זײַנע אינטערעסנ און זאָל אונדז פרײַוויליק אָפּגעבנ זײַנע ברויט-מויסרעס. זיי האָפן, אז דער באלעגופּ, וועלכער איז אויסגעוואקסנ, וועלכער האָט א מעגלעכקײַט ארויסצודרייען זיך אפ אנדערע קולטורנ און וועלכער באהאלט אויס זײַנע ברויט-מויסרעס, — זיי האָפן, אז דער דאָזיקער באלעגופּ וועט אונדז געבנ זײַנע ברויט-מויסרעס פרײַוויליק לויט אונדזערע פארגרייטערישע פרײַזן. צי זײַנען זיי ניט אראָפּ פונ זינען? צי דען איז ניט קלאָר, אז זיי פארשטייען ניט די מעכאניק פונ קלאסנקאמפ, זיי ווייסן ניט, וואָס איז אזוינס קלאסן? און צי איז זיי באוווּסט, וויאזוי די באלעגופים מאכנ כויזעק פונ אונדזערע טוערס און פונ דער ראטנמאכט אפ די דאָרפישע פארזאמלונגען, וואָס מע אָרדנט אײַנ, כדי צו פארשטארקנ די ברויט-פארגרייטונגען? צי זײַנען זיי באוווּסט אזעלכע פאקטן, ווען אונדזערער אנ אגיטאטער, צומבײַשפּיל אינ קאזאקסטאנ, האָט צוויי שאָ צײַט אײַנגערעדט די ברויט-האלטערס, זיי זאָלנ אָפּגעבנ דאָס ברויט אפ באזאָרגנ דאָס לאנד, און א באלעגופּ מיט א פּיפּקע

אין מויל איז ארויסגעטראָטן און האָט אים געענטפערט: „דו, באָכער, טאנץ א ביסל, דאן וועל איך דיר געבן א צוויי פוד ברויט".

שטימען. ארויסוווּרפן!

סטאלין. פרווט נאָר איבערצייַגן אזעלכע מענטשן. יאָ, פּאווּיירים, א קלאַס איז א קלאַס. פון דעם דאָזיקן עמעס וועסטו ניט אוועקגיין. דער אוראַל־סיבירער מעטאָד איז דערמיט אייגנטלעך טאקע גוט, וואָס ער פאר־גרינגערט די מעגלעכקייַט אופצוהייבן די אָרעם־ און מיטלפּויערשע שיכטן קעגן די באַלעגופים; ער פארלייַכטערט די מעגלעכקייַט צו צעברעכן דעם ווידער־שטאנד פון די באַלעגופים און צווינגט זיי אָפּצוגעבן די ברויט־מויסרעס די אָרגאנען פון דער ראטנמאכט.

אין די רייען פון דער נייַער אָפּאָזיציע, אין די רייען פון כ׳ בוכארינס גרופּע, איז איצט דאָס סאמע מאָדישע וואָרט — דאָס וואָרט „איבערבייגן" אין די ברויט־פאַרגרייטונגען. דאָס דאָזיקע וואָרט איז בא זיי די סאמע גאנגבארע סכוירע, ווייַל עס העלפט זיי צו מאסקירן זייער אייגענע ליניע. ווען זיי ווילן פארמאסקירן זייער אייגענע ליניע, זאָגן זיי געוויינלעך: מיר זייַנען, פארשטייט זיך, ניט קעגן דעם, מע זאָל א דריק טאָן אפ די באַלעגופים, מיר זייַנען אָבער קעגן די איבערבייגן, וואָס ווערן דערלאָזט אין דעם געביט און וואָס פארטשעפּען דעם מיטלפּויער. ווייַטער גייען מייַסעס וועגן די שוידערן פון די דאָזיקע איבערבייגן, עס ווערן געלייענט בריוו פון „פּויערים", עס ווערן געלייענט פּאניקיאָרישע בריוו פון כאוויירים, אשטייגער, ווי דער בריוו פונעם כ׳ מארקאָוו, און דערנאָך ווערט געמאכט אן אויספיר: מע דארף אָפּשאפן די פּאָליטיק פון דריקן אפן באַלעגופּנטום.

ווי געפעלט אייַך: אזויווי עס זייַנען פאראן איבערבייגן אינעם דורכ־פירן די ריכטיקע פּאָליטיק, דארף מען, ווייַזט זיך ארויס, אָפּשאפן די דאָזיקע ריכטיקע פּאָליטיק גופע. אָט אזא איז דער געוויינלעכער מעטאָד פון די אָפּאָרטוניסטן: אפן גרונט פון איבערבייגן אינעם דורכפירן די ריכטיקע ליניע — אָפּשאפן די דאָזיקע ליניע און פארבייַטן זי אפ אן אָפּאָרטוניסטישער ליניע. דערבייַ פארשווייַגן זאָרגזאם די כאוויירים פון כ׳ בו־כארינס גרופּע וועגן דעם, אז עס עקזיסטירט נאָך א צווייטער סאָרט אי־בערבייגן, א מער געפערלעכער און מער שעדלעכער, נעמלעך — די איבער־בייגן אין דער זייַט פון צונויפוואקסן זיך מיטן באַלעגופּטום, אין דער זייַט פון צופאסן זיך צו די פארמעגלעכע שיכטן פון דאָרף, אין דער זייַט פון פארבייַטן די רעוואָליוציאָנערע פּאָליטיק פון דער פארטיי אפ דער אָפּאָר־טוניסטישער פּאָליטיק פון די רעכטע אָפּנייגלערס.

ס׳פארשטייט זיך, אז מיר אַלע זייַנען קעגן די דאָזיקע איבערבייגן. מיר אַלע זייַנען קעגן דעם, אז די קלעפּ, וועלכע ווערן געווענדעט קעגן

די באַלעגופים, זאָלן פאַרטשעפּען די מיטלויפערים. דאָס איז קלאָר, און דערין קאָן ניט זײַן קיין שום צווייפל. מיר זײַנען אָבער אַנטשיידן קעגן דעם, אַז מיט דער פלוידערײַ וועגן איבערבייגן, וואָס ווערט פלײַסיק פּראַקטיקירט דורך כ׳ בוכארינס גרופּע, זאָל מען אַנולירן די רעוואָלוציאָנערע פּאָליטיק פון אונדזער פּאַרטיי און פאַרבײַטן זי אַף דער אָפּאָרטוניסטישער פּאָליטיק פון כ׳ בוכארינס גרופּע. ניין, כאַווײרים, „דער דאָזיקער פּאָקוס וועט אײַך ניט געלינגען".

רופט אָן כאָטש איין פּאָליטיש מאָסמיטל פון דער פּאַרטיי, וואָס איז ניט באַגלייט געוואָרן מיט דעם אָדער יענעם איבערבייג. דערפון איז געדרונגען, אַז מע דאַרף קעמפן קעגן די איבערבייגן. צי קאָן מען אָבער אַף אָט־דעם גרונט מאַכן צו שפּאָט די ליניע גופא, וואָס איז די איינציק־ריכטיקע ליניע? לאָמיר נעמען אַזאַ מאָסמיטל, ווי דאָס דורכפירן דעם 7-שאָיקן אַרבעטטאָג. עס קאָן ניט זײַן קיין שום צווייפל, אַז דאָס דאָזיקע מאָסמיטל איז איינס פון די סאַמע רעוואָלוציאָנערע מאָסמיטלען, וואָס אונדזער פּאַרטיי פירט דורך די לעצטע צײַט. וועמען איז דען ניט באַוווסט, אַז דאָס דאָזיקע, אין טאָג טיף רעוואָלוציאָנערע, מאָסמיטל ווערט בא אונדז קעסיידער באַגלייט מיט א גאַנצער ריי איבערבייגן, צומאָל מיט די סאַמע עקלדיקע? צי הייסט דען דאָס, אַז מיר דאַרפן אָפּשאַפן די פּאָליטיק פון דורכפירן דעם 7-שאָיקן אַרבעטטאָג? צי פאַרשטייען די כאַווײרים פון דער נײַער אָפּאָזיציע, אין וואָס פאַר א בלאָטע זיי פאַלן אַרײַן, בײַס זיי שפּילן אַף די איבערבייגן אין געביט פון ברויט־פאַרגרייטונג?

## IV

## וועגן דעם קאַמף קעגן דעם רעכטן אָפּנייג

מיר האָבן דורכגעקוקט אַזויאַרום אַלע הויפּט־פראַגן פון אונדזערע מיינונג־פאַרשיידנהײַטן סײַ אין געביט פון טעאָריע סײַ אין געביט פון דער קאָמינטערנישער און פון דער אינערלעכער פּאָליטיק פון אונדזער פּאַרטיי. פון דעם געזאָגטן איז צו זען, אַז דעם כ׳ ריקאָווס דערקלערונג, אַז בא אונדז איז פאַראַן אַן איינהייטלעכע ליניע, אַנטשפּרעכט ניט דערווירקלעכקײַט. פון דעם געזאָגטן איז צו זען, אַז פאַראַן זײַנען בא אונדז אינדערעמעסן צוויי ליניעס. איינע ליניע — דאָס איז די גענעראַלע ליניע פון דער פּאַרטיי, די רעוואָלוציאָנערע לענינישע ליניע פון אונדזער פּאַרטיי. די צווייטע ליניע — דאָס איז די ליניע פון כ׳ בוכארינס גרופּע. די דאָזיקע צווייטע ליניע האָט זיך נאָך ניט אינגאַנצן אויסגעפורעמט טיילווײַז דערפאַר, וואָס אין די רייען פון כ׳ בוכארינס גרופּע איז פאַראַן

אַ אומגעהייערער פּלאָנטער פון אָנשווינגען, טיילווייז דערפאַר, ווייל זי, די דאָזיקע צווייטע ליניע, וואָס איז שוואַך לויט איר ספּעציפישן געוויכט אין דער פּאַרטיי, סטאַרעט זיך אַזוי אָדער אַנדערש צו מאַסקירן זיך. אָבער זי, די דאָזיקע ליניע, עקזיסטירט פאַרט, ווי איר זעט, און זי עקזיסטירט ווי אַ ליניע, וואָס אונטערשיידט זיך פון דער פּאַרטיי־ליניע, ווי אַ ליניע, וואָס שטעלט זיך קעגן דער גענעראַלער ליניע פון דער פּאַרטיי קימאַט אין אַלע פראַגן פון אונדזער פּאָליטיק. די דאָזיקע צווייטע ליניע איז אין גרונט די ליניע פונעם רעכטן אָפּנייג.

דער כ׳ בוכארין האָט דאָ גערעדט וועגן אַ „בירגערלעכער קעפּונג״ פון דריי פּאָליטביוראָ־מיטגלידער, וועלכע ווערן „דורכגעארבעט״, לויט זיינע רייד, דורך אָרגאַניזאַציעס פון אונדזער פּאַרטיי. ער האָט געזאָגט, אַז די פּאַרטיי האָט פאַרמישפּעט דריי מיטגלידער פון פּאָליטביוראָ, די ככ׳ בוכארין, ריקאָוו און טאָמסקי, צו „בירגערלעכער קעפּונג״, קריטיקירנדיק זייערע פּע־לערן אין דער פּרעסע און אויף פאַרזאַמלונגען, אין דער צייט, ווען זיי, די דאָזיקע דריי מיטגלידער פון פּאָליטביוראָ, זיינען געווען „געצוואונגען״ צו שווייגן. דאָס זיינען נאַרישקייטן, כאַווערים. דאָס זיינען פאַלשע ווערטער פון אַ ליבעראַליזירנדיקן קאָמוניסט, וואָס פּרוּווט זיך צעשרויפן די פּאַרטיי אין איר קאַמף קעגן דעם רעכטן אָפּנייג.

בא בוכארינען קומט אויס, אַז אויב ער און זיינע פריינט זיינען פאַר־זונקען געוואָרן אין רעכט־אָפּנייגלערישע פעלערן, האָט די פּאַרטיי קיין רעכט ניט צו דעמאַסקירן די דאָזיקע פעלערן, אַז די פּאַרטיי דאַרף אָפּשטעלן דעם קאַמף קעגן דעם רעכטן אָפּנייג און וואַרטן אויף דעם מאָמענט, ווען דעם כ׳ בוכארין און זיינע פריינט וועט זיך פאַרגלוסטן אָפּצוזאָגן זיך פון זייערע פעלערן. פאָדערט דען ניט דער כ׳ בוכארין צופיל פון אונדז? עפּ־שער מיינט ער, אַז די פּאַרטיי עקזיסטירט פאַר אים, און ניט ער פאַר דער פּאַרטיי? און ווער צווינגט אים צו שווייגן, צו געפינען זיך אין צושטאַנד פון רו, ווען די גאַנצע פּאַרטיי איז מאָביליזירט קעגן דעם רעכטן אָפּנייג און פירט אַנטשיידענע אַטאַקעס קעגן די שוועריקייטן? פאַרוואָס זאָל ער, דער כ׳ בוכארין, און זיינע נאָענטסטע פריינט ניט אַרויסטרעטן איצט און ניט אָנהייבן פירן אַן אַנטשיידענעם קאַמף קעגן דעם רעכטן אָפּנייג און דער טאָלעראַנטלעריי? צי קאָן דען עמעצער צווייפלען דערין, אַז די פּאַרטיי וואָלט באַגריסט דעם כ׳ בוכארין און זיינע נאָענטסטע פריינט, ווען זיי וואָלטן זיך אַנטשלאָסן אויף אָט־דעם שריט, וואָס איז גאָר ניט אַזוי שווער? פאַרוואָס זשע אַנטשליסן זיי זיך ניט אויף דעם דאָזיקן שריט, וואָס איז סאָפּקאָלסאָפּ אָבלי־גאַטעריש פאַר זיי? צי ניט דערפאַר, וואָס די אינטערעסן פון זייער גרופּע שטעלן זיי העכער פאַר די אינטערעסן פון דער פּאַרטיי און פון איר גע־

נעראלער ליניע? ווער זשע איז שולדיק אין דעם, וואָס אינעם קאמפּ קעגן דעם רעכטן אָפּנייג זײַנען די כאוויירים בוכארין, ריקאָוו און טאָמסקי ניט געוואָרן? צי דען איז ניט קלאָר, אז די רייד וועגן „בירגערלעכער קעפּונג" פון דרײַ מיטגלידער פון פּאָליטביוראָ איז א שלעכט-פארמאסקירטער פרווו פון די דרײַ מיטגלידער פון פּאָליטביוראָ צו צווינגען די פּארטיי, זי זאָל אנטשווייגן ווערן און אָפּשטעלן דעם קאמפּ קעגן דעם רעכטן אָפּנייג?

דער קאמפּ קעגן דעם רעכטן אָפּנייג איז ניט קיין צווייטראנגיקע אויפגאבע פון אונדזער פּארטיי. דער קאמפּ קעגן דעם רעכטן אָפּנייג איז איינע פון די אנטשיידנדיקע אויפגאבן פון אונדזער פּארטיי. אויב מיר אין אונדזער אייגענער סוויווע, אין אונדזער אייגענער פּארטיי, אינעם פּאָליטישן שטאב פונעם פּראָלעטאריאט, וועלכער פירט אָן מיט דער באוועגונג און וועלכער פירט פּאָרויס דעם פּראָלעטאריאט, — אויב מיר וועלן אין דעם דאָזיקן שטאב דערלאָזן, עס זאָלן פרײַ עקזיסטירן און פרײַ פונקציאָנירן רעכטע אָפּנייגלערס, וואָס פּרווון זיך דעמאָביליזירן די פּארטיי, דעמאָראליזירן דעם ארבעטער-קלאס, צופּאסן אונדזער פּאָליטיק צו די געשמאקן פון דער „סאָוועטישער" בורזשואזיע און אזוי‌ארום אָפּהענטיק ווערן קעגן די שוועריקײַטן פון אונדזער בויונג, — אויב מיר וועלן דאָס אלץ דערלאָזן, איז וואָס וועט דאָס באטײַטן? צי וועט דאָס ניט באטײַטן, אז מיר ווילן אראָפּלאָזן אפּ טאָרמאָזן די רעוואָלוציע, אז מיר ווילן דעזאָרגאניזירן אונדזער סאָציאַליסטישע בויונג, אנטלויפן פון די שוועריקײַטן, אָפּגעבן די פּאָזיציעס די קאפּיטאליסטישע עלעמענטן? צי פארשטייט דעם כ' בוכארינס גרופּע, אז אָפּזאָגן זיך פון קאמפּ קעגן דעם רעכטן אָפּנייג באטײַט — פ א ר א ט ן דעם ארבעטער-קלאס, פ א ר א ט ן די רעוואָלוציע? צי פארשטייט דעם כ' בוכארינס גרופּע, אז אָן דעם בײַקומען דעם רעכטן אָפּנייג און די טאָלעראנטלערײַ איז אומעגלעך בײַצוקומען די שוועריקײַטן, וואָס שטייען פאר אונדז, און אז אָן דעם בײַקומען די דאָזיקע שוועריקײַטן איז אומעגלעך צו דערשלאָגן זיך צו אנטשיידנדיקע דערפאָלגן אין דער סאָציאַליסטישער בויונג? וואָס זײַנען ווערט נאָך דעם אלעם די נעבעכדיקע ווערטער וועגן דער „בירגערלעכער קעפּונג" פון דרײַ מיטגלידער פון פּאָליטביוראָ?

ניין, כאוויירים, מיט ליבעראלער פּלוידערײַ וועגן „בירגערלעכער קעפּונג" וועט איר ניט פארסטראשען די פּארטיי. די פּארטיי פאָדערט פון אײַך אן אנטשיידענעם קאמפּ קעגן דעם רעכטן אָפּנייג און קעגן דער טאָלעראנטלערײַ אין איינע שערענגע מיט אלע מיטגלידער פון צק פון אונדזער פּארטיי. זי פאָדערט דאָס פון אײַך, כדי צו פארגרינגערן די מאָביליזירונג פונעם ארבעטער-קלאס, כדי צו אָרגאניזירן דעם אָנגריף פונעם סאָציאַליזם אפן

גאנצן פראָנט, קעדיי צו צעברעכן דעם ווידערשטאנד פון די קלאסן־פיינט און צו זיכערן דאָס בייקומען די שוועריקייטן פון אונדזער בויונג. אָדער איר וועט די דאָזיקע פאָדערונג פון דער פארטיי אויספילן, און דאן וועט די פארטיי אייך באגריסן. אָדער איר וועט דאָס ניט טאָן, — דאן אָבער זאָלט איר האָבן טײַנעס צו זיך אליין.

# דאָס יאָר פונ גרויסנ איבערבראָכ

צום XII יאָרטאָג פונעם אָקטיאבער

דאָס פארגאנגענע יאָר איז געוועזנ א יאָר פונ גרויסנ איבערבראָכ אפ אלע פראָנטנ פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג. דער דאָזיקער איבערבראָכ איז געגאנגענ אונ גייט וויַיטער אונטערנ צייכנ פונ אנטשיידענעם אָנגריפ פונעם סאָציאַליזם אפ די קאפיטאליסטישע עלעמענטנ פונ שטאָט אונ דאָרפ. די כאראקטעריסטישע אייגנטימלעכקייַט פונ דעם דאָזיקנ אָנגריפ באשטייט דערינ, וואָס ער האָט אונדז שוינ געגעבנ א ריי אנטשיידנדיקע דערפאָלגנ אינ די גרונט-געביטנ פונ דער סאָציאַליסטישער איבערבויונג (רעקאָנסטרוק־ציע) פונ אונדזער פאָלקווירטשאפט.

דערפונ איז געדרונגענ, אז די פארטיי האָט פארשטאנענ צוועקמעסיק אויסצונוצנ דעמ צוריקטריט אפ די ערשטע סטאדיעס פונ נעפ, כדי דער־נאָכ, אפ זייַנע וויַיטערדיקע סטאדיעס, אָרגאניזירנ אַ איבערבראָכ אונ אָנהייבנ פירנ א דערפאָלגרייַכנ אָנגריפ אפ די קאפיטאליסטישע עלעמענטנ.

באם אייַנפירנ דעמ נעפ האָט לענינ געזאָגט:

„מיר טרעטנ איצט אָפ, ווי מיר וואָלטנ אָפטרעטנ אפ צוריק, אָבער מיר טוענ דאָס, כדיי צוערשט אָפטרעטנ, אונ דערנאָכ זיכ צעיאָגנ אונ שטארקער א שפרונג טאָנ פאָרויס. נאָר מיט דעם איינעם באדינג זייַנענ מיר אָפגעטראָטנ אפ צוריק אינעם דורכפירנ אונדזער נייַע עקאָנאָמישע פּאָליטיק... כדיי נאָכנ צוריקטריט אָנהייבנ דעם סאמע אקשאָנעסדיקנ אָנגריפ פאָרויס" (ב. XXVII, ז. 361—362).

די סאכאקלענ פונעמ פארגאנגענעם יאָר ריידנ אָנצווייפלדיק וועגנ דעמ, אז די פארטיי פילט אויס מיט דערפאָלג אינ איר ארבעט די דאָזיקע אנט־שיידנדיקע אָנווייַזונג לענינס.

* * *

אויב מע זאָל נעמענ די סאכאקלענ פונעמ פארגאנגענעם יאָר לויט דער ליניע פונ ווירטשאפטלעכער בויונג, וואָס האָט פאר אונדז אנ אנט־שיידנדיקע באדייַטונג, קאָנ מענ די דערפאָלגנ פונ אונדזער אָנגריפ אפ דעם דאָזיקנ פראָנט, אונדזערע דערגרייכונגענ פארנ פארגאנגענעמ יאָר דערפירנ צו דריַי גרונט-מאָמענטנ.

# I

## אין געביט פון ארבעט-פּראָדוקטיווקייט

מע קאָן קוים צווייפלען, אז איינער פון די סאמע וויכטיקע פאקטן, אויב ניט דער וויכטיקסטער פאקט פון אונדזער בויונג פארן לעצטן יאָר, איז יענער פאקט, וואָס אונדז האָט זיך איינגעגעבן צו דערשלאָגן זיך אַן *אנטשיידענעם איבערבראָך* אין געביט פון דער ארבעט-פּראָדוקטיווקייט. דער דאָזיקער איבערבראָך האָט זיך אויסגעדריקט אין דער פאנאנדערוויקלונג פון דער *שעפערישער איניציאטיוו* און פונעם מעכטיקן *ארבעט-אויפשטייג* פון די מיליאָניקע מאסן פונעם ארבעטער-קלאס אפן פראָנט פון דער סאָציאַליסטישער בויונג. דערין באשטייט אונדזער ערשטע און גרונטיקע *דערגרייכונג* פארן פארגאנגענעם יאָר.

די פאנאנדערוויקלונג פון דער שעפערישער איניציאטיוו און פונעם ארבעט-אויפשטייג פון די מאסן איז סטימולירט געוואָרן אפ דריי גרונט-ליניעס: א) אפ דער ליניע פון קאמף קעגן ביוראָקראטיזם, וואָס פענטעט די ארבעט-איניציאטיוו און די ארבעט-אקטיווקייט פון די מאסן — דורך דער *זעלבסטקריטיק*; ב) אפ דער ליניע פון קאמף קעגן די פּראָגולשטשיקעס און צעשטערער פון דער פּראָלעטארישער ארבעט-דיסציפּלין — דורכן *סאָציאַליסטישן געוועט*; ענדלעך, ג) אפ דער ליניע פון קאמף קעגן דער רוטינע און אינערציע אין דער פּראָדוקציע — דורך דער אָרגאניזירונג פון דער *קעסיידערדיקער ארבעט*. אין רעזולטאט האָבן מיר די גרעסטע דערגרייכונג אפן ארבעט-פראָנט אין דער פאָרם פון ארבעט-ענטוזיאזם און ארבעט-איבערוף פון די מיליאָניקע מאסן פונעם ארבעטער-קלאס אין אלע עקן פון אונדזער גרויסן לאנד. און די באדייטונג פון דער דאָזיקער דערגרייכונג איז ווירקלעך ניט אָפּצושאצן, ווייל בלויז דער ארבעט-אויפשטייג און ארבעט-ענטוזיאזם פון די מיליאָניקע מאסן קאָן זיכערן יענעם פּראָגרעסיוון וווקס פון דער ארבעט-פּראָדוקטיווקייט, אָן וועלכן עס* איז ניט דענקבאר דער ענדגילטיקער ניצחון פונעם סאָציאַליזם איבערן קאפּיטאליזם.

* „די ארבעט-פּראָדוקטיווקייט, — זאָגט לענין, — דאָס איז, אין דער אונטערשטער שורע, דאָס סאמע וויכטיקע, דאָס סאמע איקערדיקע פארן זיג פון דער נייער געזעלשאפטלעכער אָרדענונג. דער קאפּיטאליזם האָט געשאפן אַן ארבעט-פּראָדוקטיווקייט, וועלכע מע האָט ניט געזען באם לייבייגנטום. דער קאפּיטאליזם קאָן ענדגילטיק באזיגט ווערן און וועט ענדגילטיק באזיגט ווערן דערמיט, וואָס דער סאָציאַליזם וועט שאפן א נייע, א פיל העכערע ארבעט-פּראָדוקטיווקייט" (ב. XXIV, ז. 342).

ארויסגייענדיק דערפון, האלט לענין, אז:

„מיר דארפנ זיכ דורכדרינגענ מיט יענעמ ארבעט־ענטוזיאזמ, מיט יענעמ ווילנ צו ארבעט, אקשאָנעסדיקײַט, פונ וועלכער עס איז אָפּהענגיק די שנעלסטע רעטונג פונ די ארבעטער אונ פויערימ, די רעטונג פונ דער פאָלקווירטשאפט" (ב. XXV, ז. 477).

אָט דאָס איז די אופגאבע, וואָס לענינ האָט אוועקגעשטעלט פאר דער פארטיי.

דאָס פארגאנגענע יאָר האָט באוויזנ, אז די פארטיי פילט אויס מיט דערפאָלג די דאָזיקע אופגאבע, אנטשיידנ בײַקומענדיק די שוועריקײַטנ, וואָס שטייענ אפ דעמ דאָזיקנ וועג.

אזוי האלט עס מיט דער ערשטער וויכטיקער דערגרייכונג פונ דער פארטיי פארנ פארגאנגענעמ יאָר.

## II

## אינ געביט פונ אינדוסטריע־בויונג

אינ אומצערײַסלעכער פארבינדונג מיט דער דאָזיקער ערשטער דערגרייכונג פונ דער פארטיי שטייט די צווייטע דערגרייכונג אירע. זי באשטייט, די דאָזיקע צווייטע דערגרייכונג פונ דער פארטיי, דערינ, וואָס מיר האָבנ זיכ דערשלאָגנ פארנ פארגאנגענעמ יאָר א גינסטיקע לייזונג אינ גרונט פונ דער פראָבלעמ פונ אָנזאמלונג פאר דער קאפּיטאלער בויונג פונ דער שווערער אינדוסטריע, מיר האָבנ גענומענ א פארשנעלערטנ טעמפּ פאר דער אנטוויקלונג פונ דער פראָדוקציע פונ פּראָדוציר־מיטלענ אונ געשאפנ די פאָרהאנאָכעס פאר פארוואנדלענ אונדזער לאנד אינ א לאנד א מעטאלישעס. דערינ באשטייט אונדזער צווייטע אונ איקערדיקע דערגרייכונג פארנ פארגאנגענעמ יאָר.

די פראָבלעמ פונ דער לײַכטער אינדוסטריע שטעלט ניט פאָר קיינ באזונדערע שוועריקײַטנ. מיר האָבנ זי שוינ געלייזט מיט עטלעכע יאָר צוריק. שווערער אונ וויכטיקער איז די פראָבלעמ פונ דער שווערער אינדוסטריע. שווערער, ווײַל זי פאָדערט קאָלאָסאלע אינוועסטיציעס, דערבײַ, ווי עס באווײַזט די געשיכטע פונ די אינ אינדוסטריעלער הינזיכט אָפּגעשטאנענע לענדער, באגייט זיכ ניט די שווערע אינדוסטריע אָנ קאָלאָסאלע לאנגטערמיניקע האלוואָעס. וויכטיקער, ווײַל אָנ דער אנטוויקלונג פונ דער שווערער אינדוסטריע קאָנענ מיר ניט אויסבויענ קיינ שומ אינדוסטריע, קאָנענ מיר ניט דורכפירנ קיינ שומ אינדוסטריאליזירונג. אונ אזוי ווי מיר האָבנ ניט געהאט אונ האָבנ ניט קיינ לאנגטערמיניקע האלוואָעס, ניט קיינ וויפל־ניט־איז דויערהאפטע קרעדיטנ, ווערט פאר אונדז די שארפקײַט פונ דער פראָבלעמ נאָכ מער ווי קלאָר. דערפונ טאקע גייענ ארויס

די קאַפּיטאַליסטן פון אַלע לענדער, ווען זיי זאָגן זיך אָפּ אונדז צו געבן האַלוואַעס און קרעדיטן, מיינענדיק, אַז מיט די אייגענע קויכעס וועלן מיר זיך ניט ספּראַווען מיט דער פּראָבלעם פון אָנזאַמלונג, מיר וועלן דורכפאַלן אין דער פראַגע וועגן רעקאָנסטרויִרן די שווערע אינדוסטריע און וועלן זײַן געצוווּנגען צו גיין זיך בוקן צו זיי, גיין אין פאַרשקלאַפונג צו זיי.

און וואָס זאָגן אונדז אין דעם פּראַט די סאַכאַקלען פונעם פאַרגאַנגענעם יאָר? די באַדײַטונג פון די סאַכאַקלען פונעם פאַרגאַנגענעם יאָר באַשטייט דערין, וואָס זיי צעקלאַפּן אָפּ פּיצפּיצלעך די אויסרעכענונגען פון די הערן קאַפּיטאַליסטן. דאָס פאַרגאַנגענע יאָר האָט באַוויזן, אַז, ניט געקוקט אָפּ דער אָפענער און געהיימער פינאַנציעלער בלאָקאַדע קעגן פּססר, זײַנען מיר אין פאַרשקלאַפונג צו די קאַפּיטאַליסטן ניט געגאַנגען און האָבן מיט אייגענע קרעפטן געלייזט מיט דערפאָלג די פּראָבלעם פון אָנזאַמלונג, פאַרלייגנדיק די באַזע פון דער שווערער אינדוסטריע. דאָס קאָנען איצט ניט אָפּלייקע־נען אַפילו די פאַרביסענע פײַנט פונעם אַרבעטער־קלאַס. אינדערעמעסן, אויב די קאַפּיטאַלע אינוועסטיציעס אין דער גרויס־אינדוסטריע האָבן פאַר־אַיאָרן באַטראָפן העכער 1 600 מיליאָן רובל, דערבײַ איז אַן ערעך 1 300 מיליאָן פון זיי אוועק אָפּ דער שווערער אינדוסטריע, און די קאַפּיטאַלע אינוועסטיציעס אין דער גרויס־אינדוסטריע הײַנטיקס יאָר באַטרעפן העכער 3 400 מיליאָן רובל, דערבײַ וועט פון זיי העכער 2 500 מיליאָן אוועק־גיין אָפּ דער שווערער אינדוסטריע; אויב די ברוטאָ־פּראָדוקציע פון דער גרויס-אינדוסטריע האָט פאַראַיאָרן געגעבן א וווּקס פון 23%, דערבײַ האָט די שווערע אינדוסטריע דערונטער געגעבן א וווּקס אָפּ 30%, און די ברו־טאָ-פּראָדוקציע פון דער גרויס-אינדוסטריע דאַרף הײַנטיקס יאָר אויסוואַקסן אָפּ 32%, דערבײַ דאַרף די שווערע אינדוסטריע דערונטער אויסוואַקסן אָפּ 46% — איז דען ניט קלאָר, אַז די פּראָבלעם פון אָנזאַמלונג פאַר דער אויסבויונג פון דער שווערער אינדוסטריע שטעלט נים מאָר פאַר אונדז קיין שוועריקײַטן, וואָס מע זאָל זיי ניט קאָנען בײַקומען. ווי־אַזוי קאָן מען צווייפלען דערין, אַז מיר גייען פאָרויס מיט פאַרשנעלערטע טריט לויט דער ליניע פון אַנטוויקלען אונדזער שווערע אינדוסטריע, איבעריאָגנדיק די אַלטע טעמפּן און לאָזנדיק הינטער זיך אונדזער „לאַנגאָגענדיקע" אָפּגע־שטאַנענקײַט?

צי קאָן מען דען נאָך דעם אַלעם געזאָגטן זיך וווּנדערן, וואָס די פּראָיעקטירונגען פונעם פינפיאָריקן פּלאַן זײַנען אינעם פאַרגאַנגענעם יאָר איבערגעשטיגן געוואָרן, און דער אָפּטימאַלער וואַריאַנט פונעם פינפ־יאָר, וואָס די בורזשואזע טינטלער האַלטן פאַר אַן „אומדערגרייכבאַרער פאַנ־טאַסטיק" און וואָס ווארפט אָן א פּאַכעד אָפּ אונדזערע רעכטע אָפּאָרטוניסטן

(כ' בוכארינס גרופע), איז פארוואנדלט געוואָרן אין דער ווירקלעכקייט אין דעם מינימאַלן וואריאַנט פונעם פינפיאָר?

„א רעטונג פאר רוסלאנד, — זאָגט לענין, — איז ניט בלויז א גוטע גערעטעניש אין דער פויערשער ווירטשאפט, — דאָס איז נאָך ווינציק, — און ניט בלויז א גוטער צושטאנד פון דער לייכטער אינדוסטריע, וואָס שטעלט צו דעם פויערטום געברויך־זאכן, — דאָס איז נאָך אויך ווינציק, — אונדז איז נייטיק אויך א שווערע אינדוסטריע... אָן דער רעטונג פון דער שווערער אינדוסטריע, אָן איר אופשטעלונג וועלן מיר ניט קאָנען אופבויען קיין שום אינדוסטריע, און אָן איר וועלן מיר בכלל אומקומען אלס זעלבשטענדיק לאנד... די שווערע אינדוסטריע נייטיקט זיך אין מעלוכע־סובסידיעס. אויב מיר וועלן זיי ניט געפינען, זיינען מיר, אלס ציוויליזירטע מעלוכע — איך זאָג שוין ניט, אלס סאָציאַליסטישע, — פארפאלן" (ב. XXVII, ז. 349).

אָט ווי שארף לענין פאָרמולירט די פראָבלעם פון אָנזאמלונג און די אופגאבע פון דער פארטיי אין פראַט פון אויסבויען די שווערע אינדוסטריע.

דאָס פארגאנגענע יאָר האָט באוויזן, אז די פארטיי ספראוועט זיך מיט דערפאָלג מיט דער דאָזיקער אופגאבע, אנטשיידן בייקומענדיק אלע און אלערליי שוועריקייטן אף דעם דאָזיקן וועג.

דאָס באטייט ניט, פארשטייט זיך, אז די אינדוסטריע וועט מער ניט האָבן קיין ערנסטע שוועריקייטן. די אופגאבע אויסצובויען די שווערע אינדוסטריע שטויסט זיך אָן ניט בלויז אין דער פראָבלעם פון אָנזאמלונג. זי שטויסט זיך נאָך אָן אין דער פראָבלעם פון קאדרען, אין דער פראָבלעם א) פון באהעפטן צענדליקער טויזנטער סאָוועטיש־געשטימטע טעכניקער און ספעציאַליסטן צו דער סאָציאַליסטישער בויונג און ב) פון אויסאַרבעטן נייע רויטע טעכניקער און רויטע ספעציאַליסטן פון מענטשן פונעם ארבעטער־קלאַס. אויב די פראָבלעם פון אָנזאמלונג קאָן מען האלטן אין גרונט פאר געלייזט, איז די פראָבלעם פון קאדרען ווארט נאָך אף איר לייזונג. און די פראָבלעם פון קאדרען איז איצט, אין די באדינגונגען פון דער טעכנישער רעקאָנסטרוקציע פון דער אינדוסטריע, אן אנטשיידנדיקע פראָבלעם פון דער סאָציאַליסטישער בויונג.

„דער איקער, — זאָגט לענין, — וואָס אונדז פעלט, — איז קולטורעלקייט, קענען פארוואלטן... עקאָנאָמיש און פאָליטיש זיכערט אונדז דער נעפ פולשטענדיק די מעגלעכקייט פון אויסבויען דעם פונדאמענט פון דער סאָציאַליסטישער עקאָנאָמיק. עס האנדלט זיך „בלויז" אין קולטורעלע קרעפטן פונעם פראָלעטאריאַט און פון זיין אוואנגארד" (ב. XXVII, ז. 207).

קאָנטיק, אז דאָ רעדט זיך, פריער פון אלץ, וועגן דער פראָבלעם פון „קולטורעלע קרעפטן", וועגן דער פראָבלעם פון קאדרען פאר דער ווירטשאפטלעכער בויונג בכלל, פאר דער בויונג און פארוואלטונג פון דער אינדוסטריע באזונדערס.

אָבער דערפון איז געדרונגען, אַז, ניט געקוקט אַף די גאָר ערנסטע דערגרייכונגען אין געביט פון אָנזאַמלונג, וואָס האָבן אַ וויכטיקן באַדייַטונג פאַר דער שווערער אינדוסטריע, קאָן מען אָבער די פּראָבלעם פון אויסבויען די שווערע אינדוסטריע ניט האַלטן פאַר פולשטענדיק געלייזט, ביז עס וועט ניט געלייזט ווערן די פּראָבלעם פון קאַדרען.

פונדאַנען שטאַמט די אויפגאַבע פון דער פּאַרטיי — נעמען זיך פעסט צו דער קאַדרען-פּראָבלעם און באַהערשן די דאָזיקע פעסטונג אום יעדן פּרייַז.

אַזוי האַלט עס מיט דער צווייטער דערגרייכונג פון דער פּאַרטיי פאַרן פאַרגאַנגענעם יאָר.

## III

## אין געביט פון בויען די לאַנדווירטשאַפט

צולעצט, וועגן דער דריטער דערגרייכונג פון דער פּאַרטיי פאַרן פאַרגאַנגענעם יאָר, וועלכע איז אָרגאַניש פאַרבונדן מיט די ערשטע צוויי דערגרייכונגען. עס האַנדלט זיך וועגן דעם ראַדיקאַלן איבערבראָך אין דער אַנטוויקלונג פון אונדזער ערדאַרבעט פון אַ קליינער און אָפּגעשטאַנענער אינדיווידועלער ווירטשאַפט צו אַ גרויסער און פאָרגעשריטענער קאָלעקטיווער ערדאַרבעט, צו געמיינזאַמער ערד-באַאַרבעטונג, צו מאַשין-טראַקטערישע סטאַנציעס, צו אַרטעלן און קאָלווירטן, וואָס שפּאַרן זיך אָן אַף דער נייַער טעכניק, צולעצט, צו גיגאַנטן-ראַטווירטן, וואָס זייַנען באַוואָפנט מיט הונדערטער טראַקטערס און קאָמבייַנען. די דערגרייכונג פון דער פּאַרטיי באַשטייט דאָ דערין, וואָס אונדז האָט זיך אייַנגעגעבן אַ קערעווע צו טאָן די גרונט-מאַסן פונעם פּויערטום אין אַ גאַנצע רייַ ראַיאָנען פונעם אַלטן, קאַפּיטאַליסטישן אַנטוויקלונג-וועג, פון וועלכן ס'געווינען בלויז דאָס הייַפל גווירים די קאַפּיטאַליסטן, און די גרויסע מערהייַט פּויערים איז געצוווּנגען צו לייַדן דאַלעס, — צו אַ נייַעם, סאָציאַליסטישן אַנטוויקלונג-וועג, וועלכער שטויסט אַרויס די גווירים די קאַפּיטאַליסטן און באַוואָפנט איבער די מיטלפּויערים און די אָרעמשאַפט אַף אַ נייַעם אויפן, ער באַוואָפנט זיי מיט נייַע געצייַג, באַוואָפנט מיט טראַקטערס און לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינען, קען דיי צו העלפן זיי אַרויסקריכן פון דאַלעס און באַלעבאָטישער פאַרשקלאַפונג אַפן ברייטן וועג פון געמיינשאַפטלעכער, קאָלעקטיווער ערד-באַאַרבעטונג. די דערגרייכונג פון דער פּאַרטיי באַשטייט דערין, וואָס אונדז האָט זיך אייַנגעגעבן צו אָרגאַניזירן דעם דאָזיקן ראַדיקאַלן איבערבראָך אין די טיפענישן פונעם פּויערטום גופא און פירן נאָך זיך די ברייטע מאַסן אָרעמשאַפט און מיטלפּויערים, ניט געקוקט אַף די אומגעהייערע שוועריקייַטן,

ניט געקוקט אפנ פארצווייפלטנ ווידערשטאנד מיצאד אלע אונ אלערליי פינצטערע קויכעס, פונ די באלעגופּימ אונ גאלאָכימ ביז די פיליסטערס אונ רעכטע אָפּאָרטוניסטנ.

אָט זײַנענ אײניקע ציפערנ. אינ 1928 יאָר האָט דער פארזיי-שעטעכ פונ די ראטווירטנ באטראָפנ 1 425 טויזנט העקטאר מיט א סכוירע-פראָדוקציע פונ טוווע העכער 6 מיליאָנ צענטנער (העכער 36 מיליאָנ פוד), אונ דער פארזיי-שעטעכ פונ די קאָלווירטנ האָט באטראָפנ 1 390 טויזנט העקטאר מיט א סכוירע-פראָדוקציע פונ טוווע ארומ 3$^1/_2$ מיליאָנ צענטנער (העכער 20 מיליאָנ פוד). אינ 1929 יאָר האָט דער פארזיי-שעטעכ פונ די ראטווירטנ באטראָפנ 1 816 טויזנט העקטאר מיט א סכוירע-פראָדוקציע פונ טוווע ארומ 8 מיליאָנ צענטנער (בא 47 מיליאָנ פוד), אונ דער פארזיי-שעטעכ פונ די קאָלווירטנ האָט באטראָפנ 4 262 טויזנט העקטאר מיט א סכוירע-פראָדוקציע פונ טוווע ארומ 13 מיליאָנ צענטנער (בא 78 מיליאָנ פוד). אינעמ אָנקומענדיקנ 1930 יאָר דארפ דער פארזיי-שעטעכ פונ די ראטווירטנ באטרעפנ לויט די קאָנטראָל-ציפערנ 3 280 טויזנט העקטאר מיט א סכוירע-פראָדוקציע פונ 18 מיליאָנ צענטנער טוווע (ארומ 110 מיליאָנ פוד), אונ דער פארזיי-שעטעכ פונ די קאָלווירטנ דארפ באטרעפנ 15 מיליאָנ העקטאר מיט א סכוירע־פראָדוקציע פונ טוווע בא 49 מיליאָנ צענטנער (ארומ 300 מיליאָנ פוד). אנדערש גערעדט, אינעמ אָנקומענדיקנ 1930 יאָר דארפ די סכוירע־פראָדוקציע פונ טוווע אינ די ראטווירטנ אונ קאָלווירטנ באטרעפנ העכער 400 מיליאָנ פוד, דה. העכער 50% סכוירע-פראָדוקציע פונ טוווע פונ דער גאנצער לאנדווירטשאפט (דער אויסערדאָרפישער אומזאצ).

מע מוז אנערקענענ, אז פונ אזעלכע שטורמישע אנטוויקלונג-טעמפּנ ווייסט ניט אפילע אונדזער סאָציאליזירטע גרויס-אינדוסטריע, וועמעס אנטוויקלונג-טעמפּנ צייכענענ זיכ ביכלאל אויס מיט א גרויסנ פארנעמ.

איז דענ ניט קלאָר, אז אונדזער יונגע גרויסע סאָציאליסטישע ערדארבעט (די קאָלווירטישע אונ ראטווירטישע) האָט א גרויסע צוקונפט, אז זי וועט באווײַזנ וווּנדער פונ וווּקס?

דער דאָזיקער אומגעהערטער דערפאָלג אינ געביט פונ דער קאָלווירטישער בויונג לאָזט זיכ דערקלערנ מיט א גאנצער ריי סיבעס, פונ וועלכע מע וואָלט באדארפט באצייכענענ וויניקסטנס פאָלגנדיקע.

ער לאָזט זיכ דערקלערנ, פריִער פונ אלצ, דערמיט, וואָס די פארטיי האָט דורכגעפירט די לענינישע פּאָליטיק פונ דערציִענ די מאסנ, צופירנדיק קאָנסעקווענט די פויערשע מאסנ צו די קאָלווירטנ דורכ אײַנפלאנצנ די קאָאָפּעראטיווע געזעלשאפטלעכקײַט. ער לאָזט זיכ דערקלערנ דערמיט, וואָס די פארטיי האָט געפירט א דערפאָלגרײַכנ קאמפ סײַ קעגנ די, וועלכע האָבנ

זיכ געפרווט אריבעריאָגנ די באַוועגונג אונ דעקרעטירנ די אנטוויקלונג פונ די קאָלווירטנ (די „לינקע" פראַזיאָרנ), סײַ קעגנ די, וועלכע האָבנ זיכ געפרווט שלעפנ די פארטיי אפ צוריק אונ פארבלײַבנ אינ עק פונ דער באַוועגונג (די רעכטע קרומע קעפ). אָנ אזא פאָליטיק וואָלט די פארטיי ניט געקאָנט פארוואנדלענ די קאָלווירטישע באַוועגונג אינ א ווירקלעכ-מאסעווער באַוועגונג פונ די פויערימ גופע.

„ווענ דער פעטראָגראדער פראָלעטאריאט אונ די סאָלדאטנ פונעמ פעטראָגראדער גארניזאָנ האָבנ גענומענ די מאכט, — זאָגט לענינ, — האָבנ זיי אויסגעצייכנט געוווסט, אז פאר דער בויונג אינ דאָרפ וועלנ זיכ באגעגענענ גרויסע שוועריקײַטנ, אז דאָ דארפ מענ גייננ מער שטופנווײַז, אז דאָ פרווונ זיכ מיט דעקרעטנ, געזעצגעבערישע אקטנ אײַנפירנ א געזעלשאפטלעכע ערד-באארבעטונג וואָלט געווענ די גרעסטע אומגעלומפערטקײַט, אז דערופ האָט געקאָנט אײַנגיינ א נישטיקע צאָל באוווסטזיניקע, אָבער די קאָלאָסאלע מערהײַט פויערימ האָט די דאָזיקע אופגאבע ניט געשטעלט. אונ דעריבער האָבנ מיר זיכ באגרענעצט דערמיט, וואָס עס איז אבסאָליוט נייטיק אינ די אינטערעסנ פונ דער אנטוויקלונג פונ דער רעוואָליוציע: אינ קיינ פאל ניט אריבעריאָגנ די אנטוויקלונג פונ די מאסנ, נאָר אויסוואַרטנ, ביז פונ דער אייגענער דערפארונג פונ די דאָזיקע מאסנ, פונ זייער אייגענעמ קאמפ וועט אויסוואקסנ די באַוועגונג פאָרויס" (ב. XXIII, ז. 252).

אויב די פארטיי האָט אָפגעהאלטנ דעמ גרעסטנ ניצאָכנ אפנ פראָנט פונ קאָלווירטישער בויונג, איז עס דערפאר, ווײַל זי האָט פינקטלעכ אויסגעפילט די דאָזיקע טאקטישע אָנווײַזונג לענינס.

ער לאָזט זיכ דערקלערנ, דער דאָזיקער אומגעהערטער דערפאָלג אינ דער לאנדווירטשאפטלעכער בויונג, צווייטנס, דערמיט, וואָס די ראטנמאכט האָט ריכטיק דיסקאָנטירט די וואקסנדיקע נויט פונעמ פויערטומ אינ נײַעמ אינווענטאר, אינ נײַער טעכניק, זי האָט ריכטיק דיסקאָנטירט די אויסוועגלאָזיקײַט פונ דער לאגע פונעמ פויערטומ בא די אלטע פאָרמענ פונ ערד-באארבעטונג אונ, האָבנדיק דיסקאָנטירט דאָס אלצ, האָט זי באצײַטנס אָרגאניזירט הילפ פארנ פויערטומ אינ דער פאָרמ פונ באַרג-פונקטנ, פונ טראקטער-קאָלאָנעס, מאשינטראקטערישע סטאנציעס, אינ דער פאָרמ פונ אָרגאניזירנ געזעלשאפטלעכע ערד-באארבעטונג, אינ דער פאָרמ פונ אײַנפלאנצנ קאָלווירטנ, צולעצט, אינ דער פאָרמ פונ אלזײַטיקער הילפ דער פויערשער ווירטשאפט מיט די קרעפטנ פונ די ראטווירטנ. אינ דער געשיכטע פונ דער מענטשהײַט האָט זיכ צומ ערשטנ מאָל באוויזנ אפ דער וועלט א מאכט, די מאכט פונ די ראטנ, וועלכע האָט באוויזנ מיט מײַסימ איר גרייטקײַט אונ איר פײַיקײַט צו געבנ די ארבעטנדיקע מאסנ פונעמ פויערטומ סיסטעמאטישע אונ דויערנדיקע *פראָדוצירישע* הילפ. איז דענ ניט קלאָר, אז די ארבעטנדיקע מאסנ פונעמ פויערטומ, וואָס לײַדנ פונ אייביק אָנ דערפונ, וואָס זיי נייטיקנ זיכ אינ אינווענטאר, האָבנ ניט געקאָנט

זיך ניט אָנכאַפּן פאַר דער דאָזיקער הילף און האָבן זיך געשטעלט אַפן וועג פון דער קאָלווירטישער באַוועגונג? און צי קאָן מען זיך וווּנדערן, וואָס פון איצט אָן וועט דער אַלטער לאָזונג פון די ארבעטער: „מיטן פּאָנעם צום דאָרף", געווים דערגאַנצט ווערן מיט א נייעם לאָזונג פון די פּויערים-קאָלווירטניקעס: „מיטן פּאָנעם צו דער שטאָט"?

ער לאָזט זיך דערקלערן, דער דאָזיקער אומגעהערטער דערפאָלג אין דער קאָלווירטישער בויונג, ענדלעך, דערמיט, וואָס דעם דאָזיקן איניצ האָבן גענומען אין זייערע הענט די פּאָרגעשריטענע ארבעטער פון אונדזער לאַנד. איך מיין די ארבעטער-בריגאַדעס, וואָס זיינען אין די צענדליקער און הונדערטער צעזייט אין די גרונט-ראַיאָנען פון אונדזער לאַנד. מע דאַרף אנערקענען, אז פון אַלע עקזיסטירנדיקע און מעגלעכע פּראָפּאַגאַנדיסטן פון דער קאָלווירטישער באַוועגונג זיינען די ארבעטער-פּראָפּאַגאַנדיסטן די בעסטע פּראָפּאַגאַנדיסטן צווישן די פּויערשע מאַסן. וואָס זשע איז עס פאַר א וווּנדער, וואָס די ארבעטער האָט זיך איינגעגעבן צו איבערצייגן די פּויערים אינעם פאָרצוג פון א גרויסער קאָלעקטיווער ווירטשאַפט אקעגן אן אינדיווידועלער קליינער ווירטשאַפט, ביפראַט נאָך, ווען די עקזיסטירנדיקע קאָלווירטן און ראַטווירטן זיינען אן אָנשוילעכער ביישפּיל, וואָס דעמאָנסטרירט דעם דאָזיקן פאָרצוג?

אָט אף וואָס פאַר א באָדן עס איז אויסגעוואַקסן אונדזער דערגרייכונג אין געביט פון דער קאָלווירטישער בויונג, א דערגרייכונג, וואָס איז, לויט מיין מיינונג, די וויכטיקסטע און אנטשיידנדיקע דערגרייכונג פון אַלע דערגרייכונגען פאַר די לעצטע יאָרן.

ס'האָבן געפּלאַצט און זיך צעזייט ווי שטויב די דערווידערונגען פון דער „וויסנשאַפט" קעגן דער מעגלעכקייט און צוועקמעסיקייט צו אָרגאַניזירן גרויסע טווּע-פאַבריקן פון 50—100 טויזנט העקטאַר. די פּראַקטיק האָט אָפּגעלייקנט די דערווידערונגען פון דער „וויסנשאַפט" און האָט באַוויזן אן איבעריק מאָל, אז ניט בלויז די פּראַקטיק דאַרף זיך לערנען בא דער „וויסנשאַפט", נאָר אויך דער „וויסנשאַפט" וואָלט ניט געשאַט זיך א לערנ טאָן בא דער פּראַקטיק. אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער האַלטן ניט אויס קיין גרויסע טווּע-פאַבריקן-גיגאַנטן. אָבער אונדזער לאַנד איז ניט קיין קאַפּיטאַליסטיש לאַנד. מע טאָר ניט פאַרגעסן אָט-דעם „קליינינקן" אונטערשייד. דאָרטן, בא די קאַפּיטאַליסטן, קאָן מען ניט אָרגאַניזירן קיין גרויסע טווּע-פאַבריק, אויב מע זאָל ניט אופקויפן א גאַנצע ריי ערד-כאַלאָקים אָדער ניט צאָלן קיין אבסאָליוטע ערד-רענטע, וואָס דאָס קאָן ניט ניט באַלעסטיקן די פּראָדוקציע מיט קאָלאָסאַלע הויצאָעס, ווייל דאָרט עקזיסטירט פּריוואַט-אייגנטום אף ערד. בא אונדז, פאַרקערט, עקזיסטירט ניט ניט קיין אבסאָ-

ליטע ערד־רענטע, ניט דאָס קויפן און פארקויפן ערד־כאַלאָקים, און דאָס מוז שאפן גינסטיקע באדינגונגען פאר דער אנטוויקלונג פון א גרויסער טוווע-ווירטשאפט, ווייל בא אונדז איז ניטאָ קיין פּריוואט-אייגנטום אף ערד. דאָרט, בא די קאפיטאליסטן, האָבן די גרויסע טוווע-ווירטשאפטן דעם ציל צו באקומען מאקסימום רעווע אָדער, אלנפאלס, צו באקומען אזא רעווע, וואָס זאָל אנטשפּרעכן דער אזויגערופענער דורכשניטלעכער נאָרמע פון רעווע, וואָס אָן דעם האָט ניט דער קאפּיטאל, ביכלאל גערעדט, קיין אינטערעס צו פארנעמען זיך מיט אָרגאניזירן א טוווע-ווירטשאפט. בא אונדז איז פארקערט: די גרויסע טוווע-ווירטשאפטן, וואָס זיינען צוגלייך דערמיט מעלוכע-ווירטשאפטן, נייטיקן זיך ניט פאר זייער אנטוויקלונג ניט אין קיין מאקסימום רעווע, ניט אין קיין דורכשניטלעכער נאָרמע רעווע, זיי קאָנען זיך באגרענעצן מיט א מינימום רעווע, און צומאָל זיך באגיין אָן יעדן רעווע, און דאָס שאפט ווידער טאקע גינסטיקע באדינגונגען פאר דער אנטוויקלונג פון א גרויסער טוווע-ווירטשאפט. צולעצט, באַם קאפּיטאליזם עקזיסטירן ניט פאר די גרויסע טוווע-ווירטשאפטן ניט קיין באזונדערע להאַטנע קרעדיטן, ניט קיין באזונדערע להאַטנע שטייערן, דאַן וועגן בא דער סאָוועטישער אָרדענונג, וועלכע איז אויסגערעכנט אף שטיצן דעם סאָציאַליסטישן סעקטער, עקזיסטירן און וועלן עקזיסטירן אזעלכע להאַטעס. וועגן דעם אלץ האָט פארגעסן די הויכגעשעצטע „וויסנשאפט”.

ס'האָבן געפּלאצט און זיך צעזייט ווי שטויב די באהויפּטונגען פון די רעכטע אָפּאָרטוניסטן (דעם כ' בוכארינס גרופּע) מיקויעכ דעם, אז א) די פּויערים וועלן ניט גיין אין קאָלווירט, אז ב) דער פארשטארקטער אנטוויקלונג-טעמפּ פון די קאָלווירטן קאָן בלויז ארויסרופן מאסעווע אומצופרידנקייט און א פאנאנדערשלוס פונעם פּויערטום מיטן ארבעטער-קלאַס, אז ג) דער „ברייטער טראקט” פון דער סאָציאַליסטישער אנטוויקלונג אין דאָרף זיינען ניט די קאָלווירטן, נאָר די קאָאָפּעראציע, אז ד) די אנטוויקלונג פון די קאָלווירטן און דער אָנגריף אף די קאפּיטאליסטישע עלעמענטן פון דאָרף קאָן לאָזן דאָס לאנד אָן ברויט. דאָס אלץ האָט געפּלאצט און זיך צעזייט ווי שטויב, ווי אלטער בורזשואַז-ליבעראלער כלאַם.

ע ר ש ט נ ס, זיינען די פּויערים אוועק אין די קאָלווירטן, אוועק גאנצע דערפערווייז, וואָלאָסטנווייז, ראיאָנענווייז.

צ ו וי י ט נ ס, די מאסעווע קאָלווירטישע באוועגונג שוואכט ניט אָפּ, נאָר זי פארשטארקט דעם צוזאמענשלוס, געבנדיק אים א נייע, א פּראָדוצירישע באזע. איצט זעען אפילע בלינדע, אז אויב ס'איז פאראַן אוואָסערע־ניט־איז ערנסטע אומצופרידנקייט בא די גרונט-מאסן פּויערטום, איז זי שייעך ניט צו דער קאָלווירטישער פּאָליטיק פון דער ראטנמאכט, נאָר צו דעם, וואָס

די ראטנמאכט באוויַיזט ניט צו דעריאָגן דעם וווקס פון דער קאָלווירטישער באוועגונג אין פראט פון באזאָרגן די פויערים מיט מאשינעס און טראַקטערס.

דריטנס, דער שטריַיט וועגן דעם „ברייטן טראקט" פון דער סאָציַיאַליסטישער אנטוויקלונג פונעם דאָרף איז א שטריַיט א סכאָלאסטישער, וועלכער פאסט פאר יונגע קלײנבורזשואזע ליבעראלן פון אײַכענוואלדס און סלעפּקאָווס טיפּ. ס'איז קלאָר, אז ביז ס'איז ניט געווען קיין מאסעווע קאָלווירטישע באוועגונג, זיַינען דער „ברייטער טראקט" געווען די נידעריקערע פאָרמען קאָאָפּעראציע, די באזאָרג־און אָפּזאץ־קאָאָפּעראציע, און ווען אפ דער סצענע איז ארויסגעטראָטן די העכערע פאָרם קאָאָפּעראציע, איר קאָלווירטישע פאָרם, איז זי געוואָרן דער „ברייטער טראקט" פון דער אנטוויקלונג. ריידנדיק אָן געגנדזנפּיסלעך, איז דעם ברייטן טראקט פון דער סאָציַיאַליסטישער אנטוויקלונג פונעם דאָרף בילדעט לעניננס קאָאָפּעראטיווער פּלאַן, וואָס כאפּט ארום אלע פאָרמען פון דער לאנדווירטשאפטלעכער קאָאָפּעראציע, פון די נידעריקסטע (באזאָרג־אָפּזאץ) ביז די העכסטע (פּראָדוציר־קאָלווירטישע). קעגנשטעלן די קאָלווירטן קעגן דער קאָאָפּעראציע הייסט — כויזעק מאכן פונעם לעניניזם און זיך אונטערשריַיבן אפ דער אייגענער אמעראצעס.

פערטנס, איצט זעען אפילע בלינדע, אז אָן דעם אָנגריף אפ די קאפּיטאליסטישע עלעמענטן פון דאָרף און אָן דער אנטוויקלונג פון דער קאָלווירטישער און ראטווירטישער באוועגונג וואָלטן מיר איצט ניט געהאט ניט די אנטשיידנדיקע דערפאָלגן אין דער ברויט־פארגרייטונג, וואָס זיַינען אָפּגעהאלטן געוואָרן אינעם לויפנדיקן יאָר, ניט יענע צענדליקער מיליאָנען אומבארירלעכע ברויט־רעזערוון, וועלכע זיַינען שוין אָנגעזאמלט אין די הענט פון דער מעלוכע. נאָכמער, מע קאָן מיט זיכערקיַיט זאָגן, אז אדאנק דעם ווּוקס פון דער קאָלווירטיש־ראטווירטישער באוועגונג גייען מיר ענדגילטיק ארויס אָדער זיַינען שוין ארויס פונעם ברויט־קריזיס. און אויב די אנטוויקלונג פון די קאָלווירטן און ראטווירטן וועט גיין מיט א פארשטארקטן טעמפּ, איז ניטאָ קיין גרונט צו צווייפלען דערין, אז אונדזער לאנד וועט אין וואָסערע דריַי יאָר ארום ווערן איינס פון די סאמע ברויטיקע לענדער, אויב ניט דאָס סאמע ברויטיקע לאנד אין דער וועלט.

אין וואָס באשטייט דאָס נײַע אין דער איצטיקער קאָלווירטישער באוועגונג? דאָס נײַע און אנטשיידנדיקע אין דער איצטיקער קאָלווירטישער באוועגונג באשטייט דערין, וואָס אין די קאָלווירטן גייען די פויערים ניט באזונדערע גרופּעסוויַיז, ווי דאָס איז פאָרגעקומען פריִער, נאָר גאנצע דערפערוויַיז, וואָלאָסטנוויַיז, ראיאָנענוויַיז, אפילע קריַיזנוויַיז. און וואָס באטיַיט עס? דאָס באטיַיט, אז אין די קאָלווירטן האָט גענומען גיין

דער מיטלפּויער. אָט דערינ באשטייט דער איקער פון יענעם ראדי־קאלן איבערבראָך אינ דער אנטוויקלונג פון דער לאנדווירטשאפט, וואָס ביל־דעט די וויכטיקסטע דערגרייכונג פון דער ראטנמאכט פארנ פארגאנגע־נעם יאָר.

עס פּלאצט אונ צעברעכט זיך אפ פיצ־פיצלעך די מענשעוויסטישע „קאָנ־צעפּציע" פונעם טראָצקיזם וועגנ דער אומפייִקייִט פונעם ארבעטער־קלאס צו פירנ נאָך זיך די גרונט־מאסנ פויערטום אינ דער סאָציאליסטישער בויונג. איצט זעענ אפילע בלינדע, אז דער מיטלפויער האָט א קערעווע געטאָנ צו דער זייַט פונ די קאָלווירטנ. איצט איז קלאָר פאר אלעמענ, אז דער פינפ־יאָר פונ דער אינדוסטריע אונ לאנדווירטשאפט איז א פינפיאָר פונ אויסבויענ די סאָציאליסטישע געזעלשאפט, אז מענטשנ, וועלכע גלייבנ ניט אינ דער מעגלעכקייַט אויסצובויענ דעם סאָציאליזם אינ אונדזער לאנד, האָבנ ניט קיינ רעכט צו באגריסנ אונדזער פינפיאָר.

עס פּלאצט אונ ווערט פארוואנדלט אינ שטויב די לעצטע האָפענונג פונ די קאפּיטאליסטנ פונ אלע לענדער, וועלכע טרוימענ וועגנ דער אופשטעלונג פונעם קאפיטאליזם אינ פססר, — „דעמ הייליקנ פרינציפּ פונ פּריוואט־אייגנ־טום". די פויערים, וועמענ די קאפיטאליסטנ באטראכטנ אלס מאטעריאל, וואָס באמיסטיקט דעמ באָדנ פארנ קאפּיטאליזם, ווארפנ מאסנווייַז די גע־רימטע פאָנ פונ „פּריוואט־אייגנטום" אונ גייענ אריבער אפ די רעלסנ פונ קאָלעקטיוויזם, אפ די רעלסנ פונ סאָציאליזם. עס פּלאצט די לעצטע האָפע־נונג אפ דער אופשטעלונג פונעם קאפיטאליזם.

דערמיט, צווישנ אנדערנ, ווערנ אויך דערקלערט די פארצווייפלטע פּרווונ פונ די קאפיטאליסטישע עלעמענטנ פונ אונדזער לאנד אופצוהייבנ קעגנ דעמ אָנגרייפנדיקנ סאָציאליזם אלע קויכעס פונ דער אלטער וועלט, פּרווונ, וואָס ברענגענ צו א פארשארפונג פונעם קאמפּ פונ די קלאסנ. דער קאפּיטאל וויל ניט „אריַינוואקסנ" אינ סאָציאליזם.

דערמיט דארפ מענ אויך דערקלערנ יענעם בייזנ געהויל קעגנ דעמ באָלשעוויזם, וועלכנ עס האָבנ אופגעהויבנ די לעצטע צייַט די קייט־הינט פונעם קאפּיטאל, די אלערליי סטרוּוועס אונ העסענס, מיליוקאָווס אונ קערענ־סקיס, דאנס אונ אבראמאָוויטשעס. ס'איז גאָר קיינ שפּאס ניט: עס פארשווינדט די לעצטע האָפענונג אפ דער אופשטעלונג פונעם קאפּיטאליזם.

וועגנ וואָס נאָך קאָנ אײדעס זאָגנ אָט־די ווילדע פארביטערונג פונ די קלאסנפייַנט אונ אָט־דער מעשוגענער געהויל פונ די לאקייענ פונעם קאפּיטאל, אויב ניט וועגנ דעמ, אז די פארטיי האָט ווירקלעך אָפּגעהאלטנ אנ אנטשיידנדיקנ ניצחון אפנ סאמע שווערנ פראָנט פונ דער סאָציאליסטי־שער בויונג?

„בלויז אין דעם פאַל, — זאָגט לענין, — ווען ס'וועט זיך איינגעבן אין דער ווירקלעכ־קייט צו באַווייזן די פּויערים די מעלעס פונעם געזעלשאַפטלעכן, קאָלעקטיוון, געמיינשאַפטלעכן, אַרטעלישן באַאַרבעטן די ערד, בלויז ווען ס'וועט זיך איינגעבן צו העלפן דעם פּויער, מיט דער הילף פון דער געמיינשאַפטלעכער, אַרטעלישער ווירטשאַפט, — בלויז דאַן וועט דער אַרבעטער־קלאַס, וואָס האַלט אין זײַנע הענט די מעלוכישע מאַכט, ווירקלעך דערווײַזן דעם פּויער זײַן גערעכטקייט, ווירקלעך צוציִען אויף זײַן זײַט פעסט און אָפּדערעמעסן די פילמיליאָניקע פּויערשע מאַסע" (ב. XXIV, ז. 579).

אַזוי שטעלט לענין די פראַגע מיקויעך די וועגן פון צוציִען דאָס פיל־מיליאָניקע פּויערטום אויף דער זײַט פונעם אַרבעטער-קלאַס, מיקויעך די וועגן פון אַריבערפירן דאָס פּויערטום אויף די רעלסן פון קאָלווירטישער בויונג.

דאָס פאַרגאַנגענע יאָר האָט באַוויזן, אַז די פּאַרטיי ספּראַוועט זיך מיט דערפאָלג מיט דער דאָזיקער אויפגאַבע, אַנטשיידן בײַקומענדיק אַלע און אַלערליי שוועריקייטן אויף דעם דאָזיקן וועג.

„דאָס מיטלפּויערטום, — זאָגט לענין, — וועט אין דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט בלויז דאַן זײַן אויף אונדזער זײַט, ווען מיר וועלן פאַרגרינגערן און פאַרבעסערן זײַנע עקאָנאָמישע לעבנס־באַדינגונגען. ווען מיר וואָלטן געקאָנט געבן מאָרגן 100 טויזנט ערשטקלאַסיקע טראַק־טערס, באַזאָרגן זיי מיט בענזין, באַזאָרגן זיי מיט מאַשיניסטן (איר ווייסט אויסגעצייכנט, אַז דערווײַל איז דאָס — אַ פאַנטאַזיע), וואָלט דער מיטלפּויער געזאָגט: „איך בין פאַר דער קאָ־מוניע" (דה. פאַר קאָמוניזם). אָבער קעדיי דאָס צו טאָן, דאַרף מען פריִער באַזיגן די אינטערנאַציאָנאַלע בורזשואַזיע, מע דאַרף זי צווינגען, זי זאָל אונדז געבן די דאָזיקע טראַק־טערס, אָדער מע דאַרף אויפהייבן אונדזער פּראָדוקטיווקייט אויף אַזויפיל, אַז מיר זאָלן זיי אַליין קאָנען צושטעלן. בלויז אַזוי וועט די דאָזיקע פראַגע זײַן ריכטיק אַוועקגעשטעלט" (ב. XXIV, ז. 170).

אָט אַזוי שטעלט לענין די פראַגע מיקויעך די וועגן פון טעכנישן איבער־באַוואָפענען דעם מיטלפּויער, מיקויעך די וועגן פון צוציִען אים אויף דער זײַט פונעם קאָמוניזם.

דאָס פאַרגאַנגענע יאָר האָט באַוויזן, אַז די פּאַרטיי ספּראַוועט זיך מיט דערפאָלג אויך מיט דער דאָזיקער אויפגאַבע. ס'איז באַוווּסט, אַז צו פרילינג פונעם אָנקומענדיקן 1930 יאָר וועלן מיר האָבן אויף די פעלדער העכער 60 טויזנט טראַקטערס, אין אַ יאָר אַרום נאָך דעם — העכער 100 טויזנט טראַקטערס, און נאָך אין צוויי יאָר אַרום — העכער 250 טויזנט טראַקטערס. דאָס, וואָס עס האָט זיך גערעכנט מיט עטלעכע יאָר צוריק פאַר אַ „פאַנטאַזיע", האָבן מיר איצט אַ מעגלעכקייט מיט אַן אוידעפּ צו פאַרוואַנד־לען אין אַ ווירקלעכקייט.

אָט ווו עס ליגט די סיבע פון דעם, וואָס דער מיטלפּויער האָט אַ קערעווע געטאָן צו דער זײַט פון דער „קאָמוניע".

אָט אזוי האַלט עס מיט דער דריטער דערגרייכונג פֿון דער פּאַרטיי.
אָט דאָס זיינען די גרונט-דערגרייכונגען פֿון דער פּאַרטיי פֿאַרן פֿאַר-גאַנגענעם יאָר.

## אויספֿיר

מיר גייען מיטן גאַנצן אימפּעט אָפּן וועג פֿון אינדוסטריאַליזאַציע — צום סאָציאַליזם, לאָזנדיק הינטער אונדז אונדזער דוירעסדיקע „ראַסייער" אָפּגע-שטאַנענקייט. מיר ווערן אַ לאַנד אַ מעטאַלישעס, אַ לאַנד פֿון אויטאָמאָביליזאַציע, אַ לאַנד פֿון טראַקטאָריזאַציע. און ווען מיר וועלן אַוועקזעצן פּסטר אָפּ אַן אויטאָמאָביל, און דעם פּויער אָפּ אַ טראַקטאָר, — זאָלן פּרוּוון אונדז דעריאָגן די כאַשעווע קאַפּיטאַליסטן, וואָס גרויסן זיך מיט זייער „ציוויליזאַציע". מיר וועלן נאָך זען, וועלכע פֿון די לענדער מע וועט דאַן קאָנען „פֿאַרעכענען" צווישן די אָפּגעשטאַנענע און וועלכע צווישן די פֿאָרויסגעשריטענע.

„פּראַוודאַ" נומ. 259,
7 נאָיאַבער 1929 יאָר.

# צו די פראַגן פון דער אַגראַר־פּאָליטיק אין פססר

רעדע אַפֿ דער קאָנפערענץ פון די אַגראַר־טוער — מאַרקסיסטן. דעם 27־טן דעקאַבער 1929 יאָר

כאַווײרים! דער גרונט-פאַקט פון אונדזער געזעלשאַפטלעכ-ווירטשאַפט־לעכן לעבן אינעם איצטיקן מאָמענט, א פאַקט, וועלכער ציט צו זיך די אַלגעמײנע אופמערקזאַמקײט, — דאָס איז דער פאַקט פונעם קאָלאָסאַלן וווּקס פון דער קאָלווירטישער באַוועגונג.

דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון דער איצטיקער קאָלווירטישער באַוועגונג באַשטייט דערין, וואָס אין די קאָלווירטן טרעטן אַרײַן ניט בלויז איינצלנע גרופּעס אָרעמשאַפט, ווי דאָס איז געווען ביז איצט, נאָר עס האָט אָנגעהויבן גיין אין די קאָלווירטן אין זײַן מאַסע אויך דער מיטלפּויער. דאָס באַטײַט, אַז די קאָלווירטישע באַוועגונג האָט זיך פון א באַוועגונג פון איינצלנע גרופּעס און צווישנשיכטן פונעם האַרעפּאַשנעם פּויערטום פאַרוואַנדלט אין א באַוועגונג פון מיליאָנען און מיליאָנען גרונט־מאַסן פונעם פּויערטום. דערמיט דאַרף מען, אגעוו, דערקלערן אויך דעם פאַקט פון קאָלאָסאַלער וויכטיקײַט, וואָס די קאָלווירטישע באַוועגונג, וועלכע האָט אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון א מעכטיקער, אָנוואַקסנדיקער אַנטיבאַלעגופישער לאַווינע, שמײַסט אַראָפּ אַפֿ איר וועג דעם ווידערשטאַנד פונעם באַלעגופ, ברעכט דאָס באַלעגופּנטום און לייגט דורכ א וועג פאַר דער ברייטער סאָציאַליסטישער בויונג אין דאָרף.

נאָר אויב מיר האָבן א גרונט צו שטאָלצירן מיט די פּראַקטישע דערפאָלגן פון דער סאָציאַליסטישער בויונג, קאָנען מיר אָבער ניט זאָגן דאָס זעלביקע וועגן די דערפאָלגן פון אונדזער טעאָרעטישער אַרבעט אינעם געביט פון עקאָנאָמיק ביכלאַל, אינעם געביט פון דער לאַנדווירטשאַפט באַזונדערס. נאָך מער: מע דאַרף מודע זײַן, אַז אונדזער טעאָרעטישער געדאַנק באַווײַזט ניט צו דעריאָגן אונדזערע פּראַקטישע דערפאָלגן, אַז מיר האָבן א געוויסן אײַנרײַס צווישן די פּראַקטישע דערפאָלגן און דער אַנטוויקלונג פונעם טעאָרעטישן געדאַנק. נייטיק איז אָבער, אַז די טעאָרעטישע אַרבעט זאָל ניט בלויז דעריאָגן די פּראַקטישע אַרבעט, נאָר

זי זאָל זי איכ אריבעריאָגנ, באוואָפּענענדיק אונדזערע פּראַקטיקער אינ זייער קאמפּ פארנ זיג פונעמ סאָציאַליזמ.

איכ וועל דאָ קיינ סאכ ניט ריידנ וועגנ דער באַדײַטונג פונ טעאָריע. אײַכ איז עס גאנצ גוט באוווּסט. ס'איז באוווּסט, אז טעאָריע, אויב זי איז אווירקלעכע טעאָריע, גיט זי די פּראקטיקער קראפט פונ אָריענטירונג, קלאָרקײַט פונ פּערספּעקטיוו, זיכערקײַט אינ דער ארבעט, גלויבנ אינעמ זיג פונ אונדזער זאכ. דאָס אלצ האָט — אונ קאָנ ניט ניט האָבנ — א קאָלאָסאלע באַדײַטונג אינ אונדזער סאָציאַליסטישער בויונג. די צאָרע איז, וואָס מיר הייבנ אָנ הינקענ גראָד אינ אָט־דעמ געביט, אינעמ געביט פונעמ טעאָרעטישנ פּאנאנדער־ארבעטנ די פראגנ פונ אונדזער עקאָנאָמיק. מיט וואָס זשע אנדערש זאָל מענ דערקלערנ דעמ פאקט, וואָס בא אונדז, אינ אונדזער געזעלשאפטלעכ־פּאָליטישנ לעבנ, האָבנ נאָכ אלצ אנ אָנגאנג פארשיידענע בורזשואזע אונ קליינבירגער־לעכע טעאָריעס וועגנ די פראגנ פונ אונדזער עקאָנאָמיק? מיט וואָס זאָל מענ דערקלערנ, וואָס די דאָזיקע טעאָריעס אונ טעאָריעלעכ באגעגענענ ניט ביז איצט קיינ געהעריקנ ווידערשטאנד? מיט וואָס זאָל מענ דער־קלערנ, וואָס א ריי גרונט־האנאָכעס פונ דער מארקסיסטיש-לענינישער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, וועלכע זײַנענ דער זיכערסטער קעגנגיפט קעגנ די בורזשואזע אונ קליינבירגערלעכע טעאָריעס, הייבט מענ אָנ צו פארגעסנ, זיי ווערנ ניט פּאָפּולאריזירט אינ אונדזער פּרעסע, זיי ווערנ עפּעס ניט ארויסגערוקט אינ פאָדערגרונט? צי דענ איז שווער צו פארשטיינ, אז אָנ אנ אומקאָמפּראָמיסלעכנ קאמפּ קעגנ די בורזשואזע טעאָריעס אפ דער באזע פונ דער מארקסיסטיש־לענינישער טעאָריע איז אומעגלעכ זיכ צו דער־שלאָגנ א פולשטענדיקנ זיג איבער די קלאסנ-פײַנט?

די נײַע פּראקטיק געבוירט א נײַעמ צוגאנג צו די פּראָבלעמענ פונ דער עקאָנאָמיק פונעמ איבערגאנג־פּעריאָד. אפ א נײַעמ אויפנ ווערט איצט געשטעלט די פראגע וועגנ דעמ נעפּ, וועגנ די קלאסנ, וועגנ די בויונג-טעמפּנ, וועגנ דעמ צוזאמענשלוס, וועגנ דער פּאָליטיק פונ דער פּארטיי. קעדיי ניט אָפּצושטיינ פונ דער פּראקטיק, דארפ מענ זיכ שוינ איצט פארנעמענ מיט פּאנאנדערארבעטנ אָט-די אלע פּראָבלעמענ פונעמ שטאנדפּונקט פונ דער נײַער סיטואציע. אָנ דעמ איז אומעגלעכ בײַצוקומענ די בורזשואזע טעאָ־ריעס, וועלכע פארמיסטיקנ די קעפּ פונ אונדזערע פּראקטיקער. אָנ דעמ איז אומעגלעכ אויסצוקאָרטשעווענ אָט־די טעאָריעס, וועלכע האָבנ באקומענ די פעסטקײַט פונ פאָרורטיילנ. ווארעמ בלויז אינ קאמפּ קעגנ די בור־זשואזע פאָרורטיילנ אינ דער טעאָריע קאָנ מענ זיכ דערשלאָגנ צומ פאר־פעסטיקנ די פּאָזיציעס פונעמ מארקסיזמ־לענינិזמ.

דערלויבט אריבערצוגיינ צו דער כאראקטעריסטיק כאָטש בי פונ אייניקע

פון די דאָזיקע בורזשואזע פאָרורטיילן, וועלכע מע רופט טעאָריעס, און דעמאָנסטרירן זייער באַנקראָט אין סיידער פון באַלויכטן אייניקע קנופ־פראָבלעמען פון אונדזער בויונג.

# I

## די טעאָריע פון „גלייַכגעוויכט"

איר ווייסט, פאַרשטייט זיך, אַז צווישן די קאָמוניסטן האָט נאָך אַלץ אַן אָנגאַנג די אַזויגערופענע טעאָריע פון „גלייַכגעוויכט" צווישן די סעקטערס פון אונדזער פאָלקווירטשאַפט. די דאָזיקע טעאָריע האָט, פאַרשטייט זיך, גאָר ניט קיין געמיינזאַמעס מיטן מאַרקסיזם. פונדעסטוועגן ווערט זי, די דאָזיקע טעאָריע, פּראָפּאַגאַנדירט דורך אייניקע כאַווייִרים אונדזערע פונעם רעכטן לאַגער. לויט דער דאָזיקער טעאָריע קומט אויס, אַז מיר האָבן קודעמקאָל אַ סאָציאַליסטישן סעקטער, — דאָס איז אַ מין קאַסטן, — און אַכוץ דעם האָבן מיר אַ ניט־סאָציאַליסטישן סעקטער, אויב איר ווילט — אַ קאַפּיטאַליסטישן, — דאָס איז אַ צווייטער קאַסטן. אָט־די ביידע קאַסטנס ליגן אַף פאַרשיידענע רעלסן און קייַקלען זיך פרידלעך פאָרויס, ניט פאַרטשעפּענדיק איינער דעם אַנדערן. פון געאָמעטריע איז באַוווּסט, אַז פּאַראַלעלע ליניעס גייען זיך ניט צונויף. די אַווטערס פון אָט־דער מערקווירדיקער טעאָריע מיינען אָבער, אַז ווען־עס־איז וועלן זיך די דאָזיקע פּאַראַלעלן צונויפגיין, און, ווען זיי וועלן זיך צונויפגיין, דעמאָלט וועלן מיר האָבן דעם סאָציאַליזם. די דאָזיקע טעאָריע פאַרזעט אָבער, אַז הינטער די אַזויגערופענע „קאַסטנס" שטייען קלאַסן, און אַז די באַוועגונג פון אָט־די „קאַסטנס" קומט פאָר אין אָרדענונג פון פאַרביטערטן קלאַסנקאַמף, פון אַ קאַמף אַף לעבן און טויט, פון אַ קאַמף לויטן פּרינציפּ „ווער וועמען".

ס'איז ניט שווער צו פאַרשטיין, אַז די דאָזיקע טעאָריע האָט קיין שום געמיינזאַמעס ניט מיטן לענינִיזם. ס'איז ניט שווער צו פאַרשטיין, אַז אָביעקטיוו האָט די דאָזיקע טעאָריע דעם ציל צו פאַרטיידיקן די פּאָזיציעס פון דער אינדיווידועלער פּויערשער ווירטשאַפט, צו באַוואָפענען די באַלעבאַטישע עלעמענטן מיט אַ „נייַ" טעאָרעטיש געווער אין זייער קאַמף קעגן די קאָלווירטן און צו דיסקרעדיטירן די פּאָזיציעס פון די קאָלווירטן. אָבער זי, די דאָזיקע טעאָריע, האָט פונדעסטוועגן ביז הייַנטיקן טאָג אַן אָנגאַנג אין אונדזער פּרעסע. און מע קאָן ניט זאָגן, אַז זי זאָל באַגעגענען אַן ערנסטן ווידערשטאַנד, ביפּראַט נאָך אַ צעשמעטערנדיקן ווידערשטאַנד מיצאַד אונדזערע טעאָרעטיקער. מיט וואָס זשע אַנדערש קאָן מען דערקלערן אָט־די אומגעלופּערטקייט, אויב ניט מיט דער אָפּגעשטאַנענקייט פון אונדזער טעאָרעטישן געדאַנק?

מע דארפ אָבער בלויז ארויסנעמענ פונעמ אויצער פונ מארקסיזמ די טעאָריע פונ רעפּראָדוקציע אונ אנטקעגנשטעלנ זי קעגנ דער טעאָריע פונ גלייכגעוויכט פונ די סעקטערס, אז פונ אָט־דער צווייטער טעאָריע זאָל אפילע קיינ סימענ ניט בלייבנ.ווירקלעכ, די מארקסיסטישע טעאָריע פונ רעפּראָדוקציע לערנט, אז די מאָדערנע געזעלשאפט קאָנ זיכ ניט אנט־וויקלענ, אויב זי זאמלט ניט אָנ פונ יאָר צו יאָר, אונ אָנזאמלענ איז אומ־מעגלעכ אָנ א פארברייטערטער רעפּראָדוקציע פונ יאָר צו יאָר. דאָס איז קלאָר אונ פארשטענדלעכ. אונדזער גרויסע צענטראליזירטע סאָציאַליסטישע אינדוסטריע אנטוויקלט זיכ לויט דער מארקסיסטישער טעאָריע פונ פאר־ברייטערטער רעפּראָדוקציע, וואָרעמ זי וואקסט יאָר־איינ יאָר־אויס אינ איר פארנעמ, האָט אירע אָנזאמלונגענ אונ גייט פאָרויס מיט זיבנמייליקע טריט. אָבער אונדזער גרויסע אינדוסטריע שעפּט ניט אויס די פאָלקווירט־שאפט. פארקערט, אינ אונדזער פאָלקווירטשאפט פּרעוואלירט נאָכ אלצ די קליינפויערשעווירטשאפט. צי קאָנ מענ זאָגנ, אז אונדזער קליינפויערשע ווירטשאפט אנטוויקלט זיכ לויטנ פּרינציפּ פונ פארברייטערטער רעפּראָדוקציע? ניינ, מע קאָנ דאָס ניט זאָגנ. אונדזער קליינפויערשע ווירטשאפט איז ניט בלויז וואָס זי פארווירקלעכט ניט אינ איר מאסע יערלעכ קיינ פארברייטערטע רעפּראָדוקציע, נאָר, פארקערט, זי האָט ניט שטענדיק די מעגלעכקייט צו פארווירקלעכנ אפילע אנ איינפאכע רעפּראָדוקציע. צי קאָנ מענ רוקנ ווייטער מיט א פארגיכערטנ טעמפּ אונדזער סאָציאַליזירטע אינדוסטריע, האָבנדיק אזא לאנדווירטשאפטלעכע באזע, ווי די קליינפויערשע ווירטשאפט, וועלכע איז ניט פייִק צו קיינ פארברייטערטער רעפּראָדוקציע אונ וועלכע איז דערצו נאָכ א פּרעוואלירנדיקע קראפט אינ אונדזער פאָלקווירטשאפט? ניינ, מע קאָנ ניט. צי קאָנ מענ אינ משעכ פונ א מער אָדער ווייניקער לאנגנ פּעריאָד די ראטנמאכט אונ די סאָציאַליסטישע בויונג באזירנ אפ צוויי **פארשיידענע** פונדאמענטנ — אפנ פונדאמענט פונ דער סאמע גרעסטער אונ פאַרייניקטער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע אונ אפ א פונדאמענט פונ דער סאמע צעשפּליטערטער אונ אָפּגעשטאנענער קליינסכוירעדיקער פויערשער ווירטשאפט? ניינ, מע קאָנ ניט. דאָס מוז זיכ ווענ־עס־איז ענדיקנ מיט א פולשטענדיקער צעפאלונג פונ דער גאנצער פאָלקווירטשאפט. ווו זשע איז דער אויסוועג? דער אויסוועג באשטייט דערינ, אז מע זאָל קאָנצענטרירנ די לאנדווירטשאפט, מע זאָל זי מאכנ פייִק צו אָנזאמלונג, צו פאר־ברייטערטער רעפּראָדוקציע אונ אזויארומ איבערגעשטאלטנ די לאנדווירט־שאפטלעכע באזע פונ דער פאָלקווירטשאפט. וויאזוי זאָל מענ זי אָבער קאָנצענטרירנ? דערצו עקזיסטירנ צוויי וועגנ. עס עקזיסטירט א וועג א **קאפּיטאליסטישער**, וועלכער באשטייט דערינ, וואָס מע קאָנצענ־

טרירט די לאַנדווירטשאַפט דורכ אײַנפלאַנצנ אינ איר דעמ קאַפּיטאַליזמ, א וועג, וואָס פירט צו דער פאַראָרעמונג פונעמ פויערטומ אונ צו דער אנטוויקלונג פונ קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונגענ אינ דער לאַנדווירטשאַפט. דעמ דאָזיקנ וועג וואַרפנ מיר אָפּ, אַלס א וועג, וואָס פּאַסט זיכ ניט מיט דער סאָוועטישער ווירטשאַפט. עס עקזיסטירט א צווייטער וועג, א *סאָציאַליסטישער* וועג, וועלכער באַשטייט אינ אײַנפלאַנצנ קאָלווירטנ אונ ראַטווירטנ אינ דער לאַנדווירטשאַפט, א וועג, וועלכער פירט צו דער פאַראייניקונג פונ די קליינפויערשע ווירטשאַפטנ אינ גרויסע קאָלעקטיווע ווירטשאַפטנ, באַוואָפנטע מיט טעכניק אונ וויסנשאַפט, אונ צומ אַרויסשטויסנ די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטנ פונ דער ערדאַרבעט. מיר זײַנענ פאַר אָט-דעמ צווייטנ וועג.

הייסט עס, אז די פראַגע שטייט אַזוי: אָדער איינ וועג, אָדער דער צווייטער, אָדער *צוריק* — צומ קאַפּיטאַליזמ, אָדער *פאָרויס* — צומ סאָציאַליזמ. קיינ דריטער וועג איז ניטאָ אונ קאָנ ניט זײַנ. די טעאָריע וועגנ „גלײַכגעוויכט" איז א פּרוּוו אָנצומערקנ א דריטנ וועג. אונ טאַקע דערפאַר, וואָס זי איז אויסגערעכנט אויפ א דריטנ (ניט־עקזיסטירנדיקנ) וועג, איז זי אַנ אוטאָפּישע, אַנ אַנטימאַרקסיסטישע.

איז אָט, ס'איז גענוג געווענ אַנטקעגנצושטעלנ מאַרקס טעאָריע פונ רעפּראָדוקציע קעגנ דער טעאָריע פונ „גלײַכגעוויכט" פונ די סעקטערס, אז פונ אָט-דער צווייטער טעאָריע זאָל אַפילע קיינ סימענ ניט בלײַבנ.

פאַרוואָס זשע טוענ עס ניט אונדזערע אַגראַר-טוער — מאַרקסיסטנ? וועמענ איז דאָס נייטיק, אז די לעכערלעכע טעאָריע וועגנ „גלײַכגעוויכט" זאָל האָבנ אַנ אָנגאַנג אינ אונדזער פּרעסע, אונ די מאַרקסיסטישע טעאָריע פונ רעפּראָדוקציע זאָל ליגנ פאַרשטעקט?

II

## די טעאָריע פונ „זעלבשטראָמ" אינ דער סאָציאַליסטישער בויונג

לאָמיר אַריבערגיינ צומ צווייטנ פאָרורטייל אינ דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, צו דער צווייטער טעאָריע פונ בורזשואַזנ טיפּ. איכ מיינ די טעאָריע פונ זעלבשטראָמ אינ דער סאָציאַליסטישער בויונג, א טעאָריע, וועלכע האָט קיינ שומ געמיינזאַמעס ניט מיטנ מאַרקסיזמ, אָבער וועלכע ווערט פלײַסיק געפּרידיקט דורכ אונדזערע כאַווײרימ פונעמ רעכטנ לאַגער. די אַוטערס פונ אָט-דער טעאָריע באַהױפּטנ אַנ ערעכ אָט וואָס. עס איז געווענ בא אונדז קאַפּיטאַליזמ, האָט זיכ די אינדוסטריע אַנטוויקלט אויפ א קאַפּיטאַליסטישער

באזע, און דאָס דאָרף איז געגאנגען נאָך דער קאפּיטאליסטישער שטאָט סטיכיש, מיט זעלבשטראָם, איבעראנדערשנדיק זיך לויט דער געשטאלט און לויטן אויסזען פון דער קאפּיטאליסטישער שטאָט. אויב אזוי איז פאָרגעקומען בעשאסן קאפּיטאליזם, פארוואָס קאָן דאָס זעלביקע ניט פאָרקומען אויך בא דער סאָוועטישער ווירטשאפט, פארוואָס קאָן דאָס דאָרף, די קליינפּויערשע ווירטשאפט, ניט נאָכגיין מיט זעלבשטראָם נאָך דער סאָציאַליסטישער שטאָט, איבעראנדערשנדיק זיך סטיכיש לויט דער געשטאלט און לויטן אויסזען פון דער סאָציאַליסטישער שטאָט? די אווטערס פון דער דאָזיקער טעאָריע באהויפּטן אפ אָט־דעם גרונט, אז דאָס דאָרף קאָן נאָכגיין נאָך דער סאָציאַליסטישער שטאָט אין סיידער פון זעלבשטראָם. פונדאנען דרינגט ארויס א פראגע: צי לוינט אונדז צו היצן זיך מיקויעך שאפן ראטווירטן און קאָלווירטן, צי לוינט אונדז זיך אמפערן, אויב דאָס דאָרף קאָן בעמיילע נאָכגיין נאָך דער סאָציאַליסטישער שטאָט?

אָט האָט איר אייַך נאָך איין טעאָריע, וואָס האָט אָביעקטיוו אלס ציל צו געבן א נייַ געווער אין די הענט פון די קאפּיטאליסטישע עלעמענטן פון דאָרף אין זייער קאמף קעגן די קאָלווירטן. דער אנטימארקסיסטישער טאָך פון אָט-דער טעאָריע איז אויסער יעדן צווייפל.

צי איז ניט מעשונעדיק, וואָס אונדזערע טעאָרעטיקער האָבן נאָך ביז איצט אלץ ניט געפונען קיין צייַט צו מאכן טיל־טעל פון אָט־דער מעשוגעדיקער טעאָריע, וועלכע פארמיסטיקט די קעפּ פון אונדזערע פּראקטיקער קאָלווירטניקעס?

ס'איז קיין סאָפעק ניט, אז די פירנדיקע ראָליע פון דער סאָציאַליסטישער שטאָט בענעגייע דעם קליינפּויערשן דאָרף איז גרויס און קאָן גאָר ניט אָפּגעשאצט ווערן. אָט אפ דעם טאקע ווערט געבויט די איבעראנדערשנדיקע ראָליע פון דער אינדוסטריע בענעגייע דער לאנדווירטשאפט. צי איז אָבער גענוג דער דאָזיקער פאקטאָר, אז דאָס קליינפּויערשע דאָרף זאָל אליינ נאָכגיין נאָך דער שטאָט אין דער סאָציאַליסטישער בויונג? ניין, ס'איז ניט גענוג. באם קאפּיטאליזם איז דאָס דאָרף סטיכיש נאָכגעגאנגען נאָך דער שטאָט, וואָרעם די קאפּיטאליסטישע ווירטשאפט פון שטאָט און די קליינסכוירעדיקע ווירטשאפט פונעם פויער זייַנען אינעם גרונט זייערן א ווירטשאפט פון איין טיפּ. פארשטייט זיך, אז א קליינפּויערשע סכוירע־ווירטשאפט איז נאָך ניט קיין קאפּיטאליסטישע ווירטשאפט. אין איר גרונט אָבער איז זי פון איין טיפּ מיט דער קאפּיטאליסטישער ווירטשאפט, ווייַל זי שטיצט זיך אפן פּריוואט־אייגנטום אפ די פּראָדוציר־מיטלען. לענין איז טויזנט מאָל גערעכט, ווען ער שרייַבט אין זייַנע נאָטיצן וועגן כ' בוכארינס ביכל „די עקאָנאָמיק פונעם איבערגאנג־פּעריאָד" וועגן „דער סכוירעדיקער קאפּיטא־

ליסטישער טענדענצ פונעם פויערטום״ אין קעגנזאצ צו דער סאָציאַ־ליסטישער טענדענצ פונעם פראָלעטאריאט.[1] דערמיט טאקע דערקלערט זיך, וואָס „די קליינפּראָדוקציע געבוירט קאפּיטאליזם און בורזשואזיע שטענדיק, יעדן טאָג, יעדע שאָ, סטיכיש און אין א מאסנ־מאסשטאב״ (לענין). צי קאָן מען, אלזאָ, זאָגן, אז די קליינסכוירעדיקע פּויערשע ווירטשאפט איז אין גרונט אירן פון איינ טיפ מיט דער סאָציאַליסטישער פּראָדוקציע אין שטאָט? ס׳איז קלאָר, אז מע קאָן דאָס ניט זאָגן, ניט צע־רייסנדיק מיטנ מארקסיזם. אנדערש וואָלט לענין ניט געזאָגט, אז „קאָל-זמאַן מיר לעבנ אין א קליינפּויעריש לאנד, איז פאַרנ קאפּיטאליזם אין רוסלאנד פאראַנ א מער פעסטע עקאָנאָמישע באזע, איידער פאַרנ קאָמוניזם״. הייסט עס, אז די טעאָריע פונ זעלבשטראָמ אין דער סאָציאַליסטישער בויונג איז א פוילע טעאָריע, אנ אנטילענינישע. הייסט עס, אז קעדיי דאָס קליינפּויערשע דאָרף זאָל נאָכגיינ נאָכ דער סאָציאַליסטישער שטאָט, דאַרפ מענ אכוצ אלע אנדערע זאכנ איינפלאנצנ אינ דאָרפ גרויסע סאָציאַ־ליסטישע ווירטשאפטנ אינ דער פאָרמ פונ ראטווירטנ און קאָלווירטנ, אלס באזע פונ סאָציאַליזמ, וועלכע קאָנענ פירנ נאָכ זיכ בעראָש מיט דער סאָציאַליסטישער שטאָט די גרונט־מאסנ פונעמ פויערטום.

א קלאָרע זאכ. די טעאָריע פונ „זעלבשטראָמ״ אינ דער כאָציאַליס-טישער בויונג איז א טעאָריע אנ אנטימארקסיסטישע. די סאָציאַליסטישע שטאָט דארפ פירנ נאָכ זיכ דאָס קליינפּויערשע דאָרפ, איינפלאנצנ-דיק אינ דאָרפ קאָלווירטנ און ראטווירטנ און איבעראנדערשנדיק דאָס דאָרפ אפ א נייעמ, סאָציאַליסטישנ שטייגער.

ס׳איז מאָדנע, וואָס די אנטימארקסיסטישע טעאָריע פונ „זעלבשטראָמ״ אינ דער סאָציאַליסטישער בויונג באגעגנט ניט ביז איצט קיינ געהעריקנ ווידערשטאנד מיצאד אונדזערע טעאָרעטיקער אגראר־טוער.

## III

## די טעאָריע וועגנ „שטאנדהאפטיקייט״ פונ דער קליינפּויערשער ווירטשאפט

לאָמיר אריבערגיינ צומ דריטנ פאָרורטייל אינ דער פּאָליטישער עקאָ־נאָמיע, צו דער טעאָריע וועגנ „שטאנדהאפטיקייט״ פונ דער קליינפּויערשער ווירטשאפט. אלעמענ זיינענ באוווּסט די דערווידערונגענ פונ דער בורזשוא-זער פּאָליטישער עקאָנאָמיע קעגנ דעמ באוווּסטנ טעזיס פונעמ מארקסיזמ

[1] לענינס קורסיוו. י. ס ט.

וועגנ די מײַלעס פונ דער גרויסער ווירטשאפט לעגאבע דער קליינער, קעגנ דעמ טעזיס, וואָס איז קלוימערשט גילטיק בלויז אינ דער אינדוסטריע, אָבער אינ דער לאנדווירטשאפט קאָנ מענ אימ ניט אָנווענדנ. די סאָציִאַל-דעמאָקראטישע טעאָרעטיקער פונ דאווידס אונ הערצס טיפ, וועלכע פריידיקנ אָט־די טעאָריע, האָבנ זיכ דערבײַ געפרוווט „שטיצנ" אפ דעמ פאקט, וואָס דער קליינפויער קאָנ פיל אריבערטראָגנ, ער האָט געדולד, ער איז גרייט צו לײַדנ אלערליי דאכקעס, אבי נאָר צו ראטעווענ זײַנ שטיקל ערד, וואָס, דעריבער, ווײַזט די קליינפויערשע ווירטשאפט ארויס שטאנדהאפטיקײַט אינ קאמפ קעגנ דער גרויסער ווירטשאפט אינ דער ערדארבעט. ס'איז ניט שווער צו פארשטיינ, אז אזא „שטאנדהאפטיקײַט" איז ערגער פונ יעטווידער ניט־שטאנדהאפטיקײַט. ס'איז ניט שווער צו פארשטיינ, אז די דאָזיקע אנטי־מארקסיסטישע טעאָריע האָט אלס ציל בלויז איינ זאכ: צו לויבנ אונ צו פארפעסטיקנ די קאפיטאליסטישע פאָראָנדקעס. אונ טאקע דערפאר, וואָס זי האָט אזא ציל, טאקע דערפאר איז די מארקסיסטנ געלונגענ אזוי לײַכט צו צעקלאפנ די דאָזיקע טעאָריע. אָבער ניט אינ דעמ גייט עס איצט. ס'גייט אינ דעמ, וואָס אונדזער פראקטיק, אונדזער ווירקלעכקײַט גיט נײַע ארגומענטנ קעגנ אָט-דער טעאָריע, ס'איז אָבער מעשונעדיק, וואָס אונדזערע טעאָרעטיקער ווילנ ניט אָדער קאָנענ ניט אויסנוצנ דאָס דאָזיקע נײַע געווער קעגנ די סאָנימ פונעמ ארבעטער-קלאס. איכ מיינ דאָ די פראקטיק פונ פארניכטנ דאָס פריוואט-אייגנטומ אפ ערד, די פראקטיק פונ נאציִאָנאליזירנ די ערד בא אונדז, די פראקטיק, וועלכע באפרײַט דעמ קליינפויער פונ זײַנ שקלאפישער צוגעבונדנקײַט צו זײַנ שטיקל ערד אונ וואָס פארגרינגערט דערמיט גופע דאָס אריבערגיינ פונ א קליינפויערשער ווירטשאפט צו א גרויסער, קאָלעקטיווער ווירטשאפט.

אונ ווירקלעכ, וואָס פלעגט צובינדנ, בינדט צו אונ וועט נאָכ צובינדנ דעמ קליינפויער אינ מײַרעוו-אייראָפע צו זײַנ קליינסכוירעדיקער ווירטשאפט? פריִער פאר אלצ אונ דעריקער דער פאקט, וואָס ער האָט אנ אייגנ שטיקל ערד, וואָס עס איז פאראנ פריוואט-אייגנטומ אפ ערד. ער האָט יאָרנווײַז געקליבנ געלט, קעדיי צו קויפנ א שטיקל ערד, ער האָט עס געקויפט, אונ ער וויל, פארשטייט זיכ, מיט דעמ זיכ ניט שיידנ, ער וועט בעסער לײַדנ דאכקעס, ער וועט בעסער פארווילדעוועט ווערנ, אבי נאָר צו ראטעווענ זײַנ שטיקל ערד—די באזע פונ זײַנ אינדיווידועלער ווירטשאפט. צי קאָנ מענ זאָגנ, אז דער דאָזיקער פאקטאָר, אָט אזא ווי ער איז, ווירקט נאָכ אויכ בא אונדז, אינ די באדינגונגענ פונ דער סאָוועטישער אָרדענונג? ניינ, מע קאָנ ניט זאָגנ. מע קאָנ ניט זאָגנ דערפאר, ווײַל בא אונדז איז ניטאָ קיינ פריוואט-אייגנטומ אפ ערד. אונ טאקע דערפאר, וואָס בא אונדז

איז ניטאָ קיין פּריוואַט־אייגנטום אויף ערד, איז בא אונדז אויך ניטאָ יענע שקלאַפישע צוגעבונדנקייט פונעם פויער צו דער ערד, וועלכע איז פאַראַנען אין מערעוו. און דער דאָזיקער אומשטאַנד קאָן ניט ניט פאַרגרינגערן דעם איבערגאַנג פון דער קליינפויערשער ווירטשאַפט אויף די רעלסן פון קאָלווירטן.

אָט ווו עס שטעקט איינע פון די סיבעס דערפון, וואָס די גרויסע ווירטשאַפטן אין דאָרף, די קאָלווירטן אין דאָרף, גייט זיך איין אזוי גרינג צו דעמאָנסטרירן בא אונדז, אין די באַדינגונגען פון ערד-נאַציאָנאַליזאַציע, זייערע מעלות לעגאַבע דער קליינער פויערשער ווירטשאַפט.

אָט ווו עס שטעקט די גרויסע רעוואָליוציאָנעוו׳ע באַדייטונג פון די סאָוועטישע אַגראַר־געזעצן, וועלכע האָבן פאַרניכטעט די אַבסאָליוטע רענטע, האָבן אָפּגעשאַפט דאָס פּריוואַט-אייגנטום אויף ערד און איינגעפירט נאַציאָנאַליזאַציע פון דער ערד.

דערפון אָבער דרינגט אַרויס, אַז מיר האָבן אין אונדזער רעשוס אַ נייעם אַרגומענט קעגן די בורזשואַזע עקאָנאָמיסטן, וועלכע פּראָקלאַמירן די שטאַנדהאַפטיקייט פון דער קליינפויערשער ווירטשאַפט אין איר קאַמף קעגן דער גרויסער ווירטשאַפט.

פאַרוואָס זשע נוצן אונדזערע טעאָרעטיקער אַגראַר־טוער ניט אויס אין אַ געהעריקער מאָס דעם דאָזיקן נייעם אַרגומענט אינעם קאַמף קעגן אַלע און אַלערליי בורזשואַזע טעאָריעס?

בעשאַס מיר האָבן דורכגעפירט די נאַציאָנאַליזאַציע פון דער ערד, זיינען מיר, אַגעוו, אַרויסגעגאַנגען פון די טעאָרעטישע פאָרהאַנאָכעס, וואָס ווערן געגעבן אינעם דריטן באַנד „קאַפּיטאַל“, אין מאַרקס באַוווסטן בוך „די טעאָריע פון מערוועוט“ און אין לענינס אַגראַר־ווערק, וועלכע זיינען אַ גוואַלדיק רייכער אויצער פון טעאָרעטישן געדאַנק. איך מיין די טעאָריע פון ערד־רענטע ביכלאַל, די טעאָריע פון אַבסאָליוטער ערד־רענטע באַזונדערס. איצט איז קלאָר פאַר אַלעמען, אַז די טעאָרעטישע האַנאָכעס פון די דאָזיקע ווערק האָבן זיך גלענצנדיק באַשטעטיקט דורך דער פּראַקטיק פון אונדזער סאָציאַליסטישער בויונג אין שטאָט און אין דאָרף.

ס׳איז בלויז ניט צו פאַרשטיין, פאַרוואָס דאַרפן די אַנטיוויסנשאַפטלעכע טעאָריעס פון די „סאָוועטישע“ עקאָנאָמיסטן פון טשאַיאַנאָווס טיפּ האָבן אַ פרייען אַנגאַנג אין אונדזער פּרעסע, און די געניאַלע ווערק פון מאַרקס—ענגעלס—לענין וועגן דער טעאָריע פון ערד־רענטע און אַבסאָליוטער ערד־רענטע דאַרפן ניט פּאָפּוליאַריזירט ווערן און אַרויסגערוקט ווערן אין ערשטן פּלאַן, דאַרפן זיין ערגעץ פאַרוקט?

איר געדענקט, מיסטאָמע, ענגעלסעס באַוווסטע בראָשור וועגן דער „פויערים-פראַגע“. איר געדענקט, מיסטאָמע, ווי ווייט פאָרזיכטיק ענגעלס

גײט צו צו דער פראגע װעגנ אריבערפירנ די קלײנפּויערים אפנ װעג פונ געמײנשאפטלעכער װירטשאפט, אפנ װעג פונ קאָלעקטיװער װירטשאפט. דערלויבט מיר צו ציטירנ דאָס אנטשפּרעכיקע אָרט פונ ענגעלסעס בראָשור:

„מיר זײַנענ אנטשײדנ אפ דער זײַט פונעמ קלײנפּויער. מיר װעלנ טאָנ אלץ, װאָס מעגלעכ, קעדײ אימ זאָל זיכ לעבנ דערטרעגלעכער, קעדײ צו פארלײַכטערנ פאר אימ דעמ אריבערגאנג צו געמײנשאפטלעכקײַט, אינ פאל, אויב ער װעט זיכ דערופ אנטשליסנ. אינ דעמ פאל װידער, אויב ער װעט נאָכ ניט אימשטאנד זײַנ אָנצונעמענ דעמ דאָזיקנ באשלוס, װעלנ מיר זיכ באמיִענ צו געבנ אימ װי װײַט *מעגלעכ מער צײַט* אפ צו טראכטנ װעגנ דעמ אפ *זײַנ שטיקל ערד*“.[1]

איר זעט, װי װײַט פּאָרזיכטיק ענגעלס גײט צו צו דער פראגע װעגנ אריבערפירנ די אינדיװידועלע פויערשע װירטשאפט אפ די רעלסנ פונ קאָ־לעקטיװיזמ. מיט װאָס קאָנ מענ דערקלערנ ענגעלסעס, אפנ ערשטנ בליק, צו גרויסע פּאָרזיכטיקײַט? פונ װאָס איז ער דערבײַ ארויסגעגאנגענ? קלאָר, אז ער איז ארויסגעגאנגענ דערפונ, װאָס עס איז פאראנ פּריװאט-אײגנטומ אפ ערד, פונ דעמ פאקט, אז דער פויער פארמאָגט „זײַנ שטיקל“ ערד, מיט װעלכנ אימ, דעמ פויער, װעט שװער זײַנ צו שײדנ זיכ. אָט אזא איז דאָס פויערטומ אפנ מײַרעװ. אָט אזא איז דאָס פויערטומ אינ די קאפּיטא-ליסטישע לענדער, װו עס עקזיסטירט פּריװאט-אײגנטומ אפ ערד. פאר-שטענדלעכ, אז דאָ איז נײטיק א גרויסע פּאָרזיכטיקײַט. צי קאָנ מענ זאָגנ, אז בא אונדז אינ פּססר איז פאראנ אזא לאגע? נײנ, מע קאָנ עס ניט זאָגנ. מע קאָנ ניט, װײַל בא אונדז איז ניטאָ קײנ פּריװאט־אײגנטומ אפ ערד, װעלכעס שמידט צו דעמ פויער צו זײַנ אינדיװידועלער װירטשאפט. מע קאָנ ניט, װײַל בא אונדז איז פאראנ נאציאָנאליזאציע פונ דער ערד, װעלכע פארגרינגערט דעמ אריבערגאנג פונעמ אינדיװידועלנ פויער אפ די רעלסנ פונ קאָלעקטיװיזמ.

אָט װו עס שטעקט אײנע פונ די סיבעס פונ יענער פארהעלטנישמעסי־קער לײַכטקײַט אונ שנעלקײַט, מיט װעלכער עס אנטװיקלט זיכ בא אונדז די לעצטע צײַט די קאָלװירטישע באװעגונג.

עס איז פארדראָסיק, װאָס אונדזערע טעאָרעטיקער אגראר-טוער האָבנ נאָכ ניט געפּרוװט אופּדעקנ מיט דער נײטיקער קלאָרקײַט דעמ דאָזיקנ אונ־טערשײד צװישנ דער לאגע פונעמ פויער בא אונדז אונ אפנ מײַרעװ. אזא מינ ארבעט װאָלט אָבער געהאט גאָר א גרויסע באדײַטונג ניט נאָר פאר אונדז, סאָװעטישע טוער, נאָר אויכ פאר די קאָמוניסטנ פונ אלע לענדער. װאָרעמ פאר דער פּראָלעטארישער רעװאָלוציע אינ די קאפּיטאליסטישע לענ־דער איז ניט אלצײנס, צי עס װעט דאָרט אויסקומענ צו בויענ דעמ סאָ־

[1] מײַנ קורסיװ. י. ס ט.

ציאַליזמ גלײַכ פונ די ערשטע טעג, ווי נאָר דער פּראָלעטאַריאַט וועט גענעמענ די מאַכט, אַפּ דער באַזע פונ דער ערד־נאַציאָנאַליזאַציע אָדער אָנ אַזאַ באַזע.

אינ מײַנ אַרויסטרעטונג אינ דער פּרעסע מיט א קורצע צײַט צוריק („דאָס יאָר פונ גרויסנ איבערבראָכ") האָב איכ אַנטוויקלט געוויסע אַרגומענטנ לעטויוועס די מײַלעס פונ דער גרויסער ווירטשאַפט אינ דער ערד־אַרבעט לעגאַבע דער קליינער ווירטשאַפט, האָבנדיק איבזינענ די גרויסע ראַכווירטנ. ס'איז איבעריק צו דערווײַזנ, אַז די דאָזיקע אַלע אַרגומענטנ זײַנענ אינגאַנצנ אונ פולשטענדיק שײַעכ אויכ צו די קאָלווירטנ, ווי צו גרויסע ווירטשאַפטלעכע איינסנ. איכ רייד ניט בלויז וועגנ קאָלווירטנ אַנטוויקלטע, וועלכע פאַרמאָגנ א מאַשינטראַקטערישע באַזע, נאָר אויכ וועגנ קאָלווירטנ ערשטשטופּיקע, וועלכע שטעלנ מיט זיכ פאָר, אַזוי צו זאָגנ, דעמ מאַנופאַקטור־פּעריאָד פונ דער קאָלווירטישער בויונג אונ שטיצנ זיכ אַפנ פּויערשנ אינווענטאַר. איכ מיינ יענע ערשטשטופּיקע קאָלווירטנ, וועלכע ווערנ איצט געשאַפנ אינ די ראַיאָנענ פונ דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאַציע אונ וועלכע שטיצנ זיכ אַפנ פּאָשעטנ צונויפלייגנ די פּויערשע פּראָדוציר־געצײַג. אָט נעמט, לעמאָשל, די קאָלווירטנ אינעמ ראַיאָנ פונ כאָפּיאָר אינ דער געוועזענער דאָנער געגנט. אַפנ ערשטנ קוק זעט אויס, אַז די דאָזיקע קאָלווירטנ אונטערשיידנ זיכ ניט לויט זייער טעכניק פונ דער קליינפּויערשער ווירטשאַפט (ווייניק מאַשינעס, ווייניק טראַקטערס). אינדערעמעסנ אָבער, האָט דאָס פּאָשעטע צונויפלייגנ די פּויערשע פּראָדוציר-געצײַג אינווייניק אינ די קאָלווירטנ געגעבנ אַזאַ עפעקט, וואָס אונדזערע פּראַקטיקער האָבנ אַפילע ניט געטרוימט וועגנ אַזעלכנ. אינ וואָס האָט זיכ אויסגעדריקט אָט־דער עפעקט? דערינ, וואָס דער איבערגאַנג אַפּ די רעלסנ פונ קאָלווירטנ האָט געגעבנ א פאַרברייטערונג פונעמ פאַרזיי-שעטעכ אַפּ 30, 40 אונ 50 פּראָצ. מיט וואָס איז צו דערקלערנ אָט דעמ „קאָפּשווינדלדיקנ" עפעקט? דערמיט, וואָס די פּויערימ, וועלכע זײַנענ מאַכטלאָז אינ די באַדינגונגענ פונ אינדיווידועלער אַרבעט, האָבנ זיכ פאַרוואַנדלט אינ א ריזיקער קראַפט, ווענ זיי האָבנ צונויפגעלייגט זייער ווערקצײַג אונ זיכ פאַרייניקט אינ קאָלווירטנ. דערמיט, וואָס די פּויערימ האָבנ באַקומענ די מעגלעכקײַט צו באַאַרבעטנ פאַרוואָרפענע ערד אונ רויערד, וואָס אינ באַדינגונגענ פונ אינדיווידועלער אַרבעט איז שווער זיי צו באַאַרבעטנ. דערמיט, וואָס די פּויערימ האָבנ באַקומענ די מעגלעכקײַט צו נעמענ די רויערד אינ זייערע הענט. דערמיט, וואָס ס'איז מעגלעכ געוואָרנ אויסצונוצנ די ליידיק-שטייענדיקע ערד, באַזונדערע שטיקלעכ ערד, מעזשעס אאַוו. אדג.

די פראַגע וועגנ באַאַרבעטנ די פאַרוואָרפענע ערד אונ די רויערד האָט

א קאָלאָסאלע באַדײַטונג פאר אונדזער לאנדווירטשאפט. איר ווייסט, אז די אגראר־פראגע איז אין אמאָליקע צײַטן געווען די אקס פון דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג אין רוסלאנד. איר ווייסט, אז איינער פון די צילן פון דער אגראר-באוועגונג איז געווען דאָס פארניכטן דעם ערד־מאנגל. א סאך האָבן דעמאָלט געמיינט, אז דער דאָזיקער ערד-מאנגל איז אן אבסאָליוטער, ד. ה. אז אין פססר איז ניטאָ מער קיין פרײַע ערד, וואָס טויג צום באארבעטן. וואָס זשע האָט זיך ארויסגעוויזן אינדערעמעסן? איצט איז קלאָר פאר אלעמען, אז פרײַע ערד איז אין פססר געווען און עס איז פארבליבן צענדליקער מיליאָנען העקטאר. אָבער באארבעטן זי מיט זײַנע נעבעכדיקע געצײַג האָט דער פויער ניט געהאט קיין שום מעגלעכקײַט. און טאקע דערפאר, ווײַל ער האָט ניט געהאט די מעגלעכקײַט צו באארבעטן די רויערד און די פארוואָרפענע ערד, טאקע דעריבער האָט ער זיך געצויגן צו „ווייכער ערד", צו דער ערד, וואָס האָט געהערט צו די פריצים, צו דער ערד, וועלכע ס'איז באקוועם צו באארבעטן מיט דער הילף פונעם פויערשן אינווענטאר אין די באדינגונגען פון אינדיווידועלער ארבעט. אָט אין וואָס עס איז באשטאנען דער יעסאָד פונעם „ערד־מאנגל". ס'איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס אונדזער טוווע־טרעסט האָט איצט די מעגלעכקײַט אויסצונוצן א צוואנציק מיליאָן העקטאר פרײַע ערד, וועלכע איז ניט פארנומען דורך די פויערים און קאָן ניט באארבעט ווערן אין סיידער פון אינדיווידועלער ארבעט מיט דער הילף פון קליינפויערשן אינווענטאר.

די באַדײַטונג פון דער קאָלווירטישער באוועגונג אין אלע אירע פאזעס, — סײַ אין דער אָנפאנגלעכער פאזע אירער סײַ אין דער מער אנטוויקלטער פאזע, ווען זי איז באוואָפנט מיט טראקטערס, — באשטייט דערין, וואָס די פויערים באקומען איצט די מעגלעכקײַט אויסצונוצן די פארוואָרפענע ערד און די רויערד. דערין שטעקט דער סאָד פון דער קאָלאָסאלער פארברייטערונג פון די פארזיי־שעטעכן באם איבערגאנג פון די פויערים צו קאָלעקטיווער ארבעט. דערין שטעקט איינער פון די יעסוידעס פון די מײַלעס פון די קאָלווירטן לעגאבע דער אינדיווידועלער פויערשער ווירטשאפט.

ס'איז איבעריק צו ריידן, אז די מײַלעס פון די קאָלווירטן לעגאבע דער אינדיווידועלער פויערשער ווירטשאפט וועלן ווערן נאָך מער אומבאשטרײַטלעך, ווען יצוהילפּ די ערשטשטופיקע קאָלווירטן אין די ראיאָנען פון דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאציע וועלן צוקומען אונדזערע מאשין־טראקטערישע סטאנציעס און קאָלאָנעס, ווען די קאָלווירטן גופע וועלן באקומען די מעגלעכקײַט צו קאָנצענטרירן אין זייערע הענט טראקטערס און קאָמבײַנען.

## IV

## שטאָט אונ דאָרפ

ס'איז פאראנ א פאָרורטייל, וואָס ווערט קולטיווירט דורכ די בורזשואזע עקאָנאָמיסטנ, מיקויעכ דער אזויגערופענער „שער". קעגנ דעם דאָזיקנ פאָרורטייל דארפ מענ דערקלערנ אנ אָנראכמאָנעסדיקע מילכאָמע, פונקט ווי קעגנ אלע אנדערע בורזשואזע טעאָריעס, וועלכע זיינענ נאָכ, צומ באדויערנ, פארשפרייט אינ דער סאָוועטישער פרעסע. איכ מיינ די טעאָריע וועגנ דעמ, אז די אָקטיאבער-רעוואָליוציע האָט קלוימערשט געגעבנ דעמ פויערטומ ווייניקער, איידער די פעווראל-רעוואָליוציע, אז די אָקטיאבער-רעוואָליוציע האָט, אייגנטלעכ גערעדט, גאָרנישט ניט געגעבנ דעמ פויערטומ. דעמ דאָזיקנ פאָרורטייל האָט א געוויסע צייט מוסירט אינ אונדזער פרעסע איינער פונ די „סאָוועטישע" עקאָנאָמיסטנ. עמעס, דער דאָזיקער „סאָוועטישער" עקאָנאָמיסט האָט זיכ שפעטער אָפגעזאָגט פונ זיינ טעאָריע. (א ש ט י מ : „ווער איז עס?") דאָס איז גראָמאנ. אָבער די טראָצקיסטיש-זינאָוויעווישע אָפאָזיציע האָט אופגעכאפט די דאָזיקע טעאָריע אונ האָט זי אויסגענוצט קעגנ דער פארטיי. דערביי איז ניטאָ קיינ שומ גרונט צו באהויפטנ, אז די דאָזיקע טעאָריע האָט ניט קיינ אָנגאנג אויכ איצט אינ די קרייזנ פונ דער „סאָוועטישער" געזעלשאפטלעכקייט. דאָס איז זייער א וויכטיקע פראגע, כאוויירימ. זי בארירט די פראָבלעמ פונ די קעגנזייטיקע באציונגענ צווישנ שטאָט אונ דאָרפ. זי בארירט די פראָבלעמ וועגנ פארניכטנ דעמ קעגנזאצ צווישנ שטאָט אונ דאָרפ. זי בארירט די אקטועלסטע פראגע וועגנ דער „שער". איכ מיינ דעריבער, אז ס'לוינט צו פארנעמענ זיכ מיט אָט-דער מאָדנער טעאָריע.

צי איז ריכטיק, אז די פויערימ האָבנ גאָרנישט ניט באקומענ פונ דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע? לאָמיר זיכ ווענדנ צו פאקטנ.

אָט האָב איכ אפ די הענט די באוווסטע טאבעלע פונעמ באוווסטנ סטאטיסטיקער כ' נעמטשינאָוו, וועלכע איז פארעפנטלעכט אינ מיינ ארטיקל אפנ „ברויט-פראָנט". פונ אָט-דער טאבעלע איז צו זענ, אז פאר דער רעוואָליוציע האָבנ די גוטבאזיצער געהאט „פראָדוצירט" ניט וויניקער פונ 600 מיליאָנ פוד טווע. הייסט עס, אז די ג ו ט ב א ז י צ ע ר האָבנ דעמלט געהאט אינ זייערע הענט 600 מיליאָנ פוד ברויט. די ב א ל ע ג ו פ י מ פלעגנ דעמלט „פראָדוצירנ" 1900 מיליאָנ פוד ברויט. דאָס איז זייער א גרויסע קראפט, וועלכע די באלעגופימ האָבנ דעמלט פארמאָגט. די אָ ר ע מ ש א פ ט ווידער אונ די מ י ט ל פ ו י ע ר י מ האָבנ פראָדוצירט 2500 מיליאָנ פוד ברויט. אָט דאָס איז דאָס בילד פונ דער לאגע אינעמ אלטנ דאָרפ, אינעמ דאָרפ פונ פאר דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע.

וואָסערע ענדערונגענ זײַנענ פאָרגעקומענ אינ דאָרפ נאָכ אָקטיאבער? איכ נעמ ציפערנ פונ דער זעלבער טאבעלע. נעמט, לעמאָשל, דאָס יאָר 1927. וויפל זשע האָבנ אינ דעמ יאָר פראָדוצירט די גוטבאזיצער? ס'איז קלאָר, אז זיי האָבנ גאָרנישט ניט פראָדוצירט אונ זיי האָבנ ניט געקאָנט פראָדוצירנ, ווײַל די אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט פארניכטעט די גוטבאזיצער. איר וועט פארשטיינ, אז דאָס האָט געמוזט זײַנ א גרויסע פארגרינגערונג פארנ פויערטומ, וואָרעמ די פויערימ האָבנ זיכ באפרײַט פונעמ גוטבאזיצערישנ יאָכ. דאָס איז, פארשטייט זיכ, פארנ פויערטומ א גרויס געווינס, וואָס עס האָט געקראָגנ אדאנק דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. וויפל האָבנ די באלעגופימ פראָדוצירט אינ 1927 יאָר? 600 מיליאָנ פוד ברויט אָנשטאָט 1 900 מיליאָנ פוד. דאָס הייסט, אז די באלעגופימ זײַנענ אינעמ פעריאָד, וואָס נאָכ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, שוואכער געוואָרנ מער ווי אינ דרײַ מאָל. איר וועט פארשטיינ, אז דאָס האָט ניט געקאָנט ניט פארגרינגערנ די לאגע פונ דער אָרעמשאפט אונ פונ די מיטלפויערימ. אונ וויפל האָבנ פראָדוצירט אינ 1927 יאָר די אָרעמפויערימ אונ די מיטלפויערימ? 4 מיליארד פוד אָנשטאָט 2 500 מיליאָנ פוד. הייסט עס, אז די אָרעמשאפט אונ די מיטלפויערימ האָבנ נאָכ דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע אָנגעהויבנ פראָדוצירנ מיט 1,5 מיליארד פוד ברויט מער, ווי ביז דער רעוואָליוציע.

אָט האָט איר פאקטנ, וועלכע ריידנ וועגנ דעמ, אז די אָרעמפויערימ אונ די מיטלפויערימ האָבנ באקומענ א קאָלאָסאלנ געווינס פונ דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע.

אָט וואָס די אָקטיאבער-רעוואָליוציע האָט געגעבנ די אָרעמע אונ מיטעלע פויערימ.

וויאזוי קאָנ מענ נאָכ דעמ באהויפטנ, אז די אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט גאָרנישט ניט געגעבנ די פויערימ?

נאָר דאָס איז ניט אלצ, כאווייריMמ. די אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט פארניכטעט דאָס פריוואט-אייגנטומ אפ ערד, זי האָט פארניכטעט דאָס קויפנ אונ פארקויפנ ערד, זי האָט אײַנגעשטעלט די נאציאָנאליזאציע פונ דער ערד. וואָס באטײַט עס? דאָס באטײַט, אז קעדיי צו פראָדוצירנ ברויט, נייטיקט זיכ דער פויער גאָר ניט אינ קויפנ ערד. פריער פלעגט ער יאָרנלאנג זאמלענ מיטלענ, קעדיי צו קויפנ ערד, ער פלעגט ארײַנקריכנ אינ כויוועס, ער פלעגט זיכ פארקויפנ פאר א קנעכט, אבי נאָר קויפנ ערד. די הויצאָעס אפ קויפנ ערד פלעגנ, נאטירלעכ, פאלנ אפ די פראָדוצירקאָסטנ פונעמ ברויט. איצט נייטיקט זיכ ניט דער פויער דערינ. איצט קאָנ ער פראָדוצירנ ברויט, ניט קויפנדיק קיינ ערד. וואָס איז עס — א פאר-

לײַכטערונג פאַר די פּויערים אָדער ניט קיין פאַרלײַכטערונג? קלאָר, אַז ס'איז אַ פאַרלײַכטערונג.

ווײַטער. ביז דער לעצטער צײַט איז דער פּויער געצווּנגען געווען צו קראַצן די ערד מיטן אַלטן אינווענטאַר אין סיידער פון אינדיווידועלער אַרבעט. יעדערער ווייס, אַז אינדיווידועלע אַרבעט, וואָס איז באַוואָפנט מיט אַלטע פּראָדוציר־געצײַג, וואָס טויגן שוין איצט ניט, גיט ניט אַזאַ געווינס, וואָס מע דאַרף, קעדיי צו לעבן ווי אַ מענטש, סיסטעמאַטיש פאַרבעסערן די מאַטעריעלע לאַגע, אַנטוויקלען זיך קולטורעל און אַרויסטרעטן אַפן ברייטן וועג פון סאָציאַליסטישער בויונג. איצט, ווען די קאָלווירטישע באַוועגונג האָט זיך שטאַרק אַנטוויקלט, האָבן די פּויערים די מעגלעכקײַט צו פאַראייניקן זייער אַרבעט מיט דער אַרבעט פון זייערע שכנים, צו פאַראייניקן זיך אין אַ קאָלווירט, אויפצוהייבן די רויערד, אויסצונוצן די פאַרוואָרפענע ערד, צו קריגן אַ מאַשין און אַ טראַקטאָר און, אַזוי אַרום, אויפהייבן די פּראָדוקטיווקײַט פון זייער אַרבעט אין צוויי מאָל, אויב ניט אין דרײַ מאָל אַזויפיל. און וואָס הייסט עס? דאָס הייסט, אַז דער פּויער האָט איצט, אַדאַנק דעם פאַראייניקן זיך אין קאָלווירטן, די מעגלעכקײַט צו פּראָדוצירן פיל מער, איידער פריִער, פאַרווענדנדיק די זעלביקע מי. דאָס הייסט, אַז די פּראָדוקציע פון ברויט ווערט אַ סאַך ביליקער, איידער דאָס איז געווען ביז דער לעצטער צײַט. דאָס הייסט, ענדלעך, אַז בײַ דער סטאַבילקײַט פון די פּרײַזן קאָן דער פּויער באַקומען פאַרן ברויט פיל מער, איידער ער פלעגט באַקומען ביז איצט.

ווי אַזוי קאָן מען נאָך דעם אַלעם באַהויפּטן, אַז די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע האָט ניט געגעבן קיין געווינס דעם פּויערטום?

איז דען ניט קלאָר, אַז מענטשן, וועלכע דערציילן אַזעלכע באָבע־מײַסעס, ריידן פאַקטיש ליגנס וועגן דער פּאַרטיי, וועגן דער ראַטנמאַכט?

וואָס זשע דרינגט פון דעם אַלעם אַרויס?

פון דעם דרינגט אַרויס, אַז די פראַגע וועגן דער „שער", די פראַגע וועגן ליקווידירן די „שער" דאַרף איצט געשטעלט ווערן אַפ אַ נײַעם אופן. פון דעם דרינגט אַרויס, אַז אויב די קאָלווירטישע באַוועגונג וועט וואַקסן מיטן איצטיקן טעמפּ, וועט די „שער" פאַרניכטעט ווערן אין דער נאָענטסטער צײַט. דערפון דרינגט אַרויס, אַז די פראַגע וועגן די באַציִונגען צווישן שטאָט און דאָרף ווערט געשטעלט אַפ אַ נײַער באַזע, אַז דער קעגנזאַץ צווישן שטאָט און דאָרף וועט צעשווענקט ווערן מיט אַ פאַרשנעלערטן טעמפּ.

אָט־דער אומשטאַנד, כאַווירים, האָט די גרעסטע באַדײַטונג פאַר אונדזער גאַנצער בויונג. ער ענדערשט איבער די פּסיכאָלאָגיע פונעם פּויער און קערעוועט אים אויס מיטן פּנים צו דער שטאָט. ער שאַפט אַ באָדן

פארנ פארניכטנ דעמ קעגנזאצ צווישנ שטאָט אונ דאָרפ. ער שאפט א באָדנ פאר דעמ, אז דער לאָזונג פונ דער פארטיי „מיטנ פּאָנעמ צומ דאָרפ" זאָל דערגאנצט ווערנ מיטנ לאָזונג פונ די פויערימ־קאָלווירטניקעס „מיטנ פּאָנעמ צו דער שטאָט". אונ דאָס איז גאָר קיינ ווונדער ניט, וואָרעמ דער פויער באקומט איצט פונ שטאָט א מאשינ, א טראקטער, אנ אגראָנאָמ, אנ אָרגאניזאטער אונ, ענדלעכ, דירעקטע הילפ צו קעמפנ אונ בייַצוקומענ דאָס באַלעגופנטומ. דער פויער פונעמ אלטנ טיפ מיט זייַנ ווילדנ אומצוטרוי צו דער שטאָט, ווי צו א רויבער, גייט אוועק אינ הינטערגרונט. אָנשטאָט אימ קומט א נייַער פויער, א פויער א קאָלווירטניק, וועלכער קוקט אפ דער שטאָט מיט האָפענונג צו באקומענ פונ דאָרט רעאַלע פּראָדוציר יש ע הילפ. אָנשטאָט דעמ פויער פונ אלטנ טיפ, וועלכער האָט מוירע אראָפּצופאַלנ זיכ ביז צו דער אָרעמשאפט אונ בלויז בייַ גנייווע דערהייבט ער זיכ צו דער לאגע פונ א באַלעגופ (מע קאָנ דאָכ צונעמענ דאָס וואַלרעכט!), קומט א נייַער פויער, וועלכער האָט א נייַע פערספעקטיוו — גיינ אינ קאָלווירט אונ ארויסקריכנ פונ דאַלעס אפנ בריטנ וועג פונ ווירטשאפטלעכנ אופשטייַג.

אָט, כאַווערימ, ווי די זאכ דרייט זיכ אויס.

ס'איז דעריבער, כאַווערימ, נאָכ מער פארדראָסיק, וואָס אונדזערע טעאָרעטיקער אגראר־טוער האָבנ ניט אָנגענומענ אַלע מיטלענ צו צעשמעטערנ אונ ארויסצווייַסנ מיט די וואָרצלענ אַלע אונ יעטווידע בורזשואזע טעאָריעס, וועלכע פרווונ זיכ אנטקרוינענ די דערגרייכונגענ פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע אונ די וואקסנדיקע קאָלווירטישע באוועגונג.

V

## וועגנ דער נאטור פונ די קאָלווירטנ

קאָלווירטנ אַלס א ווירטשאפט־טיפ זייַנענ איינע פונ די פאָרמענ פונ דער סאָציִאַליסטישער ווירטשאפט. דערינ קאָנ קיינ שומ סאָפעק ניט זייַנ.

איינער פונ די רעדנערס איז דאָ ארויסגעטראָטנ אונ האָט אנטקרוינט די קאָלווירטנ. ער האָט פארזיכערט, אז די קאָלווירטנ אַלס ווירטשאפטלעכע אָרגאניזאציעס האָבנ קיינ שומ געמיינזאמעס ניט מיט דער סאָציִאַליסטישער ווירטשאפט־פאָרמ. איכ דארפ דערקלערנ, כאַווערימ, אז אזא כאראקטעריסטיק פונ די קאָלווירטנ איז לאַכלוטנ ניט ריכטיק. עס קאָנ קיינ סאָפעק ניט זייַנ, אז זי, די דאָזיקע כאראקטעריסטיק, האָט קיינ שומ געמיינזאמעס ניט מיטנ לעניניזמ.

דורכ וואָס ווערט באשטימט דער טיפ פונ א ווירטשאפט? ס'איז קלאָר,

אַז דורכ די באַציִונגענ צווישנ די מענטשנ אינעמ פּראָדוציר-פּראָצעס. מיט וואָס דענ אַנדערש קאָנ מענ באַשטימענ דעמ טיפּ פונ א ווירטשאַפט? צי דענ איז אָבער אינ קאָלווירט פאַראַנ א קלאַס מענטשנ, וואָס זײַנענ אייגנטימער פונ די פּראָדוציר-מיטלענ, אונ א קלאַס מענטשנ, וואָס פאַרמאָגט ניט די דאָזיקע פּראָדוציר-מיטלענ? צי דענ איז אינ קאָלווירט פאַראַנ א קלאַס עקספּלואַטאַטערס אונ א קלאַס עקספּלואַטירטע? צי דענ שטעלט דער קאָלווירט ניט פאָר מיט זיכ קיינ פאַרגעזעלשאַפטלעכונג פונ די גרונטלעכע פּראָדוציר-מיטלענ אויפ דער ערד, וועלכע איז דערצו נאָכ אנ אייגנטומ פונ דער מעלוכע? וואָס פאַר א גרונט איז פאַראַנ צו באַהויפּטנ, אַז די קאָלווירטנ אַלס ווירטשאַפט-טיפּ זײַנענ ניט איינע פונ די פאָרמענ פונ סאָציִאַליסטישער ווירטשאַפט?

פאַרשטייט זיכ, אַז אינ די קאָלווירטנ זײַנענ פאַראַנ ווידערשפּרוכנ. פאַרשטייט זיכ, אַז אינ די קאָלווירטנ זײַנענ פאַראַנ אינדיווידואַליסטישע אונ אַפילע באַלעגופּישע רעשטלעכ, וועלכע זײַנענ נאָכ ניט אָפּגעפאַלנ, אָבער וועלכע מוזנ מיט דער צײַט אומבאַדינגט אָפּפאַלנ, באַגלײַכ מיט דער פאַרפעסטיקונג פונ די קאָלווירטנ, באַגלײַכ מיט זייער מאַשיניזירונג. צי קאָנ מענ אָבער אָפּלייקענענ, אַז די קאָלווירטנ אינגאַנצנ גענומענ, מיט זייערע ווידערשפּרוכנ אונ כעסרוינעס, די קאָלווירטנ אַלס ווירטשאַפטלעכער פאַקט זײַנענ אינ גרונט גענומענ דער נײַער אַנטוויקלונג-וועג פונעמ דאָרפ, דער וועג פונ סאָציִאַליסטישער אַנטוויקלונג פונעמ דאָרפ אינ קעגנזאַצ צו דעמ באַלעגופּישנ, דעמ קאַפּיטאַליסטישנ אַנטוויקלונג-וועג? צי דענ קאָנ מענ אָפּלייקענענ, אַז די קאָלווירטנ (איכ רייד וועגנ קאָלווירטנ, אונ ניט וועגנ פאַלשע קאָלווירטנ) זײַנענ בא אונדזערע באַדינגונגענ א באַזע אונ א נעסט פאַר דער סאָציִאַליסטישער בויונג אינ דאָרפ, וועלכע זײַנענ אויסגעוואַקסנ אינ פאַרצווייפלטנ געראַנגל מיט די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטנ?

איז דענ ניט קלאָר, אַז די פּרוּווּנ פונ אייניקע כאַווײרימ צו אַנטקרוינענ די קאָלווירטנ אונ דערקלערנ זיי פאַר א בורזשואַזער ווירטשאַפט-פאָרמ האָבנ ניט קיינ שומ גרונט?

אינ 1923 יאָר האָבנ מיר נאָכ ניט געהאַט קיינ מאַסעווע קאָלווירטישע באַוועגונג. אינ זײַנ בראָשור „וועגנ קאָאָפּעראַציע" האָט לענינ איינזינענ געהאַט אַלע מינימ קאָאָפּעראַציע, סײַ אירע נידעריקע פאָרמענ (פונ באַזאָרגונג אונ אָפּזאַצ) סײַ די העכסטע (די קאָלווירטישע פאָרמ). וואָס זשע האָט ער דעמאָלט געזאָגט וועגנ דער קאָאָפּעראַציע, וועגנ די קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגענ? אָט איז א ציטאַטע פונ לענינס בראָשור „וועגנ קאָאָפּעראַציע".

„בא אונדזער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג אונטערשיידן זיך די קאָאָפּעראטיווע אונטערנע־מונגען פון די פּריוואט־קאפּיטאליסטישע אונטערנעמונגען, אלס אונטערנעמונגען קאָלעקטיווע, זיי אונטערשיידן זיך אָבער ניט[1] פון די סאָציאַליסטישע אונטערנעמונגען, אויב זיי זײַנען געגרינדעט אפ דער ערד, בא פּראָדוציר־מיטלען, וואָס געהערן דער מעלוכע, דה. דעם ארבעטער־קלאס".

הייסט עס, אז לעניז נעמט די קאָאָפּעראטיווע אונטערנעמונגען ניט אליין פאר זיך, נאָר אין פארבינדונג מיט אונדזער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג, אין פארבינדונג דערמיט, וואָס זיי פונקציאָנירן אפ ערד, וועלכע געהערט דער מע־לוכע, אין א לאנד, ווו די פּראָדוציר־מיטלען געהערן דער מעלוכע, און, באטראכטנדיק זיי אין אזא אָרדענונג, באהויפּט לעניז, אז די קאָאָפּעראטיווע אונטערנעמונגען אונטערשיידן זיך ניט פון סאָציאַליסטישע אונטערנע־מונגען.

אָט אזוי רעדט לעניז וועגן קאָאָפּעראטיווע אונטערנעמונגען ביכלאל.

צי דען איז ניט קלאָר, אז ס'איז פאראן נאָך א גרעסערער גרונט צו זאָגן דאָס זעלביקע וועגן די קאָלווירטן פון אונדזער פּעריאָד?

דערמיט איז, אגעוו, צו דערקלערן דאָס, וואָס לעניז האלט, אז דער „פּאָשעטער וווּקס פון דער קאָאָפּעראציע" איז בא אונדזערע באדינגונגען „אידענטיש מיטן וווּקס פונעם סאָציאַליזם".

איר זעט, אז מיטן אנטקרויגען די קאָלווירטן איז דער דערמאָנטער רעד־נער באגאנגען דעם גראָבסטן פעלער קעגן לעניניזם.

פון אָט־דעם פעלער דרינגט ארויס א צווייטער פעלער זײַנער — וועגן דעם קלאסנקאמף אין די קאָלווירטן. דער רעדנער האָט אזוי פארביק געשיל־דערט דעם קלאסנקאמף אין די קאָלווירטן, אז מע קאָן מיינען, אז דער קלאסנקאמף אין די קאָלווירטן אונטערשיידט זיך ניט פונעם קלאסנ־קאמף אויסער די קאָלווירטן. נאָכמער, מע קאָן מיינען, אז ער ווערט דאָרט נאָך מער פארביטערט. איבעריקנס, ניט בלויז דער דערמאָנטער רעדנער אליין זינדיקט אין דעם פּראט. די פּלאפּלערײַ וועגן קלאסנקאמף אין די קאָלווירטן, די קוויטשערײַ און פּישטשערײַ וועגן קלאסנקאמף אין די קאָלווירטן זײַנען איצט א כאראקטעריסטישער שטריך פאר אלע אונדזערע „לינקע" שרײַערס. דאָס קאָמישסטע אין אָט־דער קוויטשערײַ איז דערבײַ דאָס, וואָס די דאָזיקע קוויטשערס „זעען" דעם קלאסנקאמף דאָרט, ווו ער איז ניטאָ אָדער קימאט ניטאָ, אָבער זיי זעען אים ניט דאָרט, ווו ער איז פאראן און פּליסט ארי־בער די ברעגן.

צי זײַנען פאראן עלעמענטן פון קלאסנקאמף אין די קאָלווירטן? יאָ, עס זײַנען פאראן. עס קאָן ניט זײַן, אז אין די קאָלווירטן זאָל ניט זײַן

[1] מײַן קורסיוו. י. ס. ט.

קיינ עלעמענטנ פונ קלאסנקאמפ, ווײַבאלד דאָרטנ זײַנענ נאָכ פאראנ רעשטלעכ פונ אינדיווידואליסטישער אָדער אפילע באלעגופּישער פּסיכאָלאָגיע, ווײַבאלד דאָרט איז נאָכ פאראנ א געוויסע אומגלײַכקײַט. צי קאָנ מענ זאָגנ, אז דער קלאסנקאמפ אינ די קאָלווירטנ האָט די זעלביקע באדײַטונג, ווי דער קלאסנ־קאמפ אויסער די קאָלווירטנ? ניינ, מע קאָנ ניט. אָט דערינ באשטײט דאָכ טאקע דער פעלער פונ אונדזערע „לינקע“ פראזיאָרנ, וואָס זיי זעענ ניט דעמ דאָזיקנ כילעק. וואָס באטײַט קלאסנקאמפ אויסער די קאָלווירטנ, ביזנ אָרגאניזירנ די קאָלווירטנ? דאָס באטײַט — א קאמפ קעגנ דעמ באלעגופּנטומ, וועלכער באזיצט די פּראָדוציר־געצײַג אונ פּראָדוציר־מיטלענ אונ פארשקלאפט די אָרעמשאפט מיט דער הילפ פונ אָט־די פּראָדוציר־געצײַג אונ פּראָדוציר־מיטלענ. דער דאָזיקער קאמפ איז א קאמפ ניט אפ לעבנ, נאָר אפ טויט. אונ וואָס באטײַט קלאסנקאמפ אפ דער באזע פונ די קאָלווירטנ? דאָס באטײַט, קוידעמקאָל, אז דער באלעגופּ איז צעקלאפּט אונ אז מע האָט בא אימ אָפּגענומענ די פּראָדוציר־געצײַג אונ פּראָדוציר־מיטלענ. דאָס באטײַט, צווייטנס, אז די אָרעמע אונ מיטעלע פויערימ זײַנענ פאראייניקט אינ די קאָלווירטנ, אפ דער באזע פונ פארגעזעלשאפטלעכנ די גרונטלעכע פּראָדוציר־געצײַג אונ פּראָדוציר־מיטלענ. דאָס באטײַט, ענדלעכ, אז דאָ האנדלט זיכ וועגנ א קאמפ צווישנ מיטגלידער פונ קאָלווירטנ, וואָס אייניקע פונ זיי האָבנ זיכ נאָכ ניט באפרײַט פונ די אינדיווידואליסטישע אונ באלעגופּישע רעשטלעכ אונ פּרווונ זיכ אויסנוצנ די געוויסע אומגלײַכקײַט אינ די קאָלווירטנ צוליב זייער אייגענעמ גונסטנ, די אנדערע ווידער ווילנ פארטרײַבנ פונ די קאָלווירטנ די דאָזיקע רעשטלעכ אונ די דאָזיקע אומגלײַכקײַט. צי דענ איז ניט קלאָר, אז בלויז בלינדע קאָנענ ניט זענ דעמ כילעק צווישנ דעמ קלאסנ־קאמפ אפ דער באזע פונ קאָלווירטנ אונ דעמ קלאסנקאמפ אויסער די קאָלווירטנ?

ס'וואָלט געווענ א טאָעס צו מיינענ, אז אויב מיר האָבנ שוינ קאָלווירטנ, איז שוינ פאראנ אלצ, וואָס מע דארפ האָבנ, קעדיי אויסצובויענ דעמ סאָציאליזמ. נאָכ א גרעסערער טאָעס וואָלט געווענ צו מיינענ, אז די מיטגלידער פונ די קאָלווירטנ האָבנ זיכ שוינ פארוואנדלט אינ סאָציאליסטנ. ניינ, ס'וועט נאָכ אויסקומענ גענוג צו ארבעטנ, קעדיי איבערצומאכנ דעמ פויער דעמ קאָלווירטניק, אויסצובעסערנ זײַנ אינדיווידואליסטישע פּסיכאָלאָגיע אונ מאכנ פונ אימ אנ עמעסנ ארבעט־מאנ פונ דער סאָציאליסטישער געזעלשאפט. אונ וואָס גיכער די קאָלווירטנ וועלנ מאשיניזירט ווערנ, וואָס גיכער זיי וועלנ טראקטאָריזירט ווערנ, אלצ גיכער וועט עס געמאכט ווערנ. דאָס פארמינערט אָבער לאכלוטנ ניט די קאָלאָסאלע באדײַטונג פונ די קאָלווירטנ, אלס הייבער צו איבערגעשטאלטנ סאָציאליסטיש דאָס דאָרפ. דערינ

טאקע באשטײט די גרויסע באדײַטונג פונ די קאָלווירטנ, וואָס זײ בילדנ די גרונט־באזע אפ אָנווענדנ מאשינעס אונ טראקטערס אינ דער ערד-אר-בעט, וואָס זײ בילדנ די גרונט-באזע פארנ איבערמאכנ דעם פויער, פארנ איבערארבעטנ זײַנ פּסיכאָלאָגיע אינ גײַסט פונעם פּראָלעטארישנ סאָציאַליזם. לענינ איז גערעכט געווענ, ווענ ער האָט געזאָגט:

„די ארבעט איבערצוארבעטנ דעם קלײנעמ ערדארבעטער, איבערצוארבעטנ זײַנ גאנצע פּסיכאָלאָגיע אונ געוווינהײַטנ איז אנ אינינע, וואָס פאָדערט דורעס. לײזנ די דאָזיקע פראגע בענעגיע דעם קלײנעמ ערדארבעטער, געזונט מאכנ, אזוי צו זאָגנ, די גאנצע פּסיכאָלאָגיע זײַנע קאָנ בלויז די מאטעריעלע באזע, די טעכניק, די אָנווענדונג פונ טראקטערס אונ מאשינעס אינ דער ערדארבעט אינ א מאסנ־מאסשטאב, עלעקטריפיקאציע אינ א מאסנ־מאסשטאב".

ווער קאָנ אָפּלײקענענ, אז די קאָלווירטנ זײַנענ טאקע יענע פאָרמ פונ סאָציאַליסטישערווירטשאפט, וואָס בלויז דורכ איר קאָנ זיכ דאָס פּילמי-ליאָניקע קלײנפויערטומ באהעפטנ צו מאשינעס אונ צו טראקטערס, ווי צו הײבערס פונעמ ווירטשאפטלעכנ אופשטײַג, ווי צו הײבערס פונ דער סאָציאַ-ליסטישער אנטוויקלונג פונ דער לאנדווירטשאפט?

וועגנ דעמ אלעמ האָבנ אונדזערע „לינקע" פראזיאָרנ פארגעסנ.

פארגעסנ וועגנ דעמ האָט אויכ אונדזער רעדנער.

## VI

## די קלאסנ-איבערוקנ אונ דער קער אינ דער פּאָליטיק פונ דער פּארטײ

צולעצט, די פראגע וועגנ די קלאסנ־איבערוקנ אונ וועגנ דעמ אָנגריפ פונעמ סאָציאַליזמ אפ די קאפּיטאליסטישע עלעמענטנ פונעמ דאָרפ.

דער כאראקטעריסטישער שטריכ פונ אונדזער ארבעט פארנ לעצטנ יאָר באשטײט דערינ, וואָס מיר, אלס פּארטײ, אלס ראטנמאכט, האָבנ, ערשטנס, פּא-נאנדערגעוויקלט דעמ אָנגריפ איבערנ גאנצנ פראָנט קעגנ די קאפּיטאליסטישע עלעמענטנ פונ דאָרפ, אונ וואָס, צווײטנס, האָט דער דאָזיקער אָנגריפ געגעבנ אונ גיט ווײַטער, ווי באוווּסט, גאנצ מאמאָשעסדיקע פּאָזיטיווע רעזולטאטנ.

וואָס באטײַט עס? דאָס באטײַט, אז פונ דער פּאָליטיק פונ באגרע-נעצנ די עקספּלואטאטערישע טענדענצנ פונעמ באלעגופנטומ זײַנענ מיר אריבער צו דער פּאָליטיק פונ ליקווידירנ דאָס באלעגופנטומ אלס קלאס. דאָס באטײַט, אז מיר האָבנ דורכגעמאכט אונ מאכנ ווײַטער דורכ אײנעמ פונ די אנטשײדנסטע קערנ אינ אונדזער גאנצער פּאָליטיק.

ביז דער לעצטער צײַט איז די פּארטײ געשטאנענ אפ דער פּאָזיציע פונ באגרענעצנ די עקספּלואטאטערישע טענדענצנ פונעמ באלעגופנטומ.

עס איז באוווסט, אז די דאָזיקע פּאָליטיק איז פּראָקלאמירט געוואָרן נאָכ
אפן VIII צוזאמענפאָר. די זעלביקע פּאָליטיק איז פונסנײַ פּראָקלאמירט גע־
וואָרן באם אײַנפירן דעם נעפּ און אפן XI צוזאמענפאָר פון אונדזער פּארטיי.
אלע געדענקען לענינס באוווסטן בריוו אפ פּרעאָבראזשענסקיס נאָמען (1922
יאָר), ווו ער קערט זיכ ווידער אום צו דער פראגע וועגן דער נייטיקײַט
דורכצופירן טאקע אזא פּאָליטיק. זי איז, ענדלעכ, באשטעטיקט געוואָרן
דורכן XV צוזאמענפאָר פון אונדזער פּארטיי. זי האָבן מיר טאקע דורכ־
געפירט ביז דער לעצטער צײַט.

צי איז די דאָזיקע פּאָליטיק געווען א ריכטיקע? יאָ, זי איז געווען
א פולשטענדיק ריכטיקע. צי האָבן מיר מיט פינפ אָדער מיט דרײַ יאָר
צוריק געקאָנט אָנהייבן אזא אָנגריפ אפן באלעגופנטום? צי האָבן מיר
דעמלט געקאָנט אויסרעכענען אפ א דערפאָלג פון אזא אָנגריפ? ניין, מיר
האָבן ניט געקאָנט. דאָס וואָלט געווען א ביז גאָר געפערלעכער אוואנ־
טיוריזם. דאָס וואָלט געווען א ביז גאָר געפערלעכע שפּיל אין אָנגריפ. וואָ־
רעם מיר וואָלטן געוויס דורכגעפאלן דערופ, און מיטן דורכפאלן וואָלטן
מיר פארפעסטיקט די פּאָזיציעס פונעם באלעגופנטום. פארוואָס? דערפאר,
ווײַל מיר האָבן נאָכ דעמלט ניט געהאט יענע שטיצפּונקטן אין דאָרפ,
אין דער פאָרם פון א ברייטער נעץ ראטווירטן און קאָלווירטן, אפ וועלכע
מע וואָלט געקאָנט זיכ באזירן בעשאסן אנטשיידענעם אָנגריפ קעגן דעם
באלעגופנטום. דערפאר, ווײַל מיר האָבן דעמלט ניט געהאט קיין מעגלעכקײַט
צו פארבײַטן דעם באלעגופס קאפּיטאליסטישע פּראָדוקציע מיט דער סאָ־
ציאליסטישער פּראָדוקציע אין דער פאָרם פון קאָלווירטן און ראטווירטן.

אין די יאָרן 1926—1927 האָט די זינאָוויעוויש-טראָצקיסטישע אָפּאָזיציע
זייער שטארק געוואָלט אָנבינדן דער פּארטיי א פּאָליטיק פון באלדיקן אָנ־
גריפ אפן באלעגופנטום. די פּארטיי איז ניט געגאנגען אפ אָט־דער געפער־
לעכער אוואנטיורע, ווארעם זי האָט געוווסט, אז ערנסטע מענטשן קאָנען
זיכ ניט דערלויבן צו שפּילן אין אָנגריפ. דער אָנגריפ אפן באלעגופנטום
איז אן ערנסטער איניען. מע טאָר אים ניט צונויפמישן מיט דעקלאמאציע
קעגן באלעגופנטום. מע טאָר אים אויכ ניט צונויפמישן מיט דער פּאָליטיק
פון דראפּען זיכ מיטן באלעגופנטום, וואָס דאָס האָט די זינאָוויעוויש־טראָצ־
קיסטישע אָפּאָזיציע זייער שטארק געוואָלט אָנבינדן דער פּארטיי. אָנגרייפן
אפן באלעגופנטום — דאָס באטײַט צעברעכן דאָס באלעגופנטום און ליקווידירן
עס אלס קלאס. אָן אָט-די צילן איז דער אָנגריפ א דעקלאמאציע, א דראַ־
פּען זיכ, א פּוסטע פּלאפּלערײַ, וואָס איר ווילט, אָבער ניט קיין עכטער
באָלשעוויסטישער אָנגריפ. אָנגרייפן אפן באלעגופנטום — דאָס הייסט צוגרייטן
זיכ און א קלאפּ טאָן איבערן באלעגופנטום, אָבער א קלאפּ טאָן איבער־

אים אזוי, אז עס זאָל שוין מער ניט קאָנען שטעלן זיך אף די פיס. אָט דאָס הייסט בא אונדז, בא באָלשעוויקעס, אַן עמעסער אָנגריף. צי האָבן מיר מיט פינף אָדער מיט דריי יאָר צוריק געקאָנט אונטערנעמען אזא אָנגריף און אויסרעכענען אף דערפאָלג? ניין, מיר האָבן ניט געקאָנט.

און ווירקלעך, דער באַלעגוף האָט אין 1927 יאָר פּראָדוצירט העכער 600 מיליאָן פוד ברויט, און פון דער סומע האָט ער אין אָרדענונג פון אויסערדאָרפישן אויסטויש ארויסגעפירט בא 130 מיליאָן פוד. דאָס איז א גאנצ ערנסטע קראפט, מיט וועלכער מע קאָן ניט זיך ניט רעכענען. און וויפל האָבן דעמלט פּראָדוצירט אונדזערע קאָלווירטן און ראטווירטן? אנערעך 80 מיליאָן פוד, דערפון האָבן זיי ארויסגעפירט אפן מארק (סכוירעדיק ברויט) בא 35 מיליאָן פוד. איז אורטיילט אליין, צי האָבן מיר דעמלט געקאָנט פ א ר ב ײ ט ן די באַלעגופישע פּראָדוקציע און דאָס באַלעגופישע סכוירעדיקע ברויט מיט דער פּראָדוקציע און סכוירעדיקן ברויט פון אונ־דזערע קאָלווירטן און ראטווירטן? עס איז קלאָר, אז מיר האָבן ניט גע־קאָנט. וואָס באטײַט בא אזוינע באדינגונגען אונטערנעמען אן אנטשיידענעם אָנגריף אפן באַלעגופנטום? דאָס באטײַט אף זיכער דורכפאלן, פארשטארקן די פּאָזיציעס פונעם באלעגופנטום און בלײַבן אָן ברויט. אָט פארוואָס מיר האָבן דעמלט ניט געקאָנט און ניט געדארפט אונטערנעמען קיין אָנגריף אפן באלעגופנטום, טראָץ די אוואנטיוריסטישע דעקלאמאציעס פון דער זינאָוויעוויש־טראָצקיסטישער אָפּאָזיציע.

נו, און איצט? ווי האלט עס איצט? איצט האָבן מיר א גענוגנדיקע מאטעריעלע באזע, קעדיי א קלאַפּ צו געבן איבערן באַלעגופנטום, צעברעכן זײַן ווידערשטאנד, ליקווידירן עס אלס קלאס און פ א ר ב ײ ט ן זײַן פּראָ־דוקציע מיט דער פּראָדוקציע פון די קאָלווירטן און ראטווירטן. ס'איז בא־וווסט, אז די פּראָדוקציע פון ברויט אין די קאָלווירטן און ראטווירטן האָט באטראָפן אין 1929 יאָר ניט ווייניקער פון 400 מיליאָן פוד (אף 200 מיליאָן פוד ווייניקער, ווי די ברוטאָ-פּראָדוקציע פון דער באַלעגופישער ווירטשאפט אין 1927 יאָר). ס'איז ווײַטער באוווסט, אז אין 1929 יאָר האָבן די קאָל־ווירטן און ראטווירטן געגעבן סכוירעדיק ברויט העכער 130 מיליאָן פוד (דה. מערער, ווי דער באַלעגוף אין 1927 יאָר). עס איז באוווסט, ענדלעך, אז אין 1930 יאָר וועט די ברוטאָ-פּראָדוקציע פון ברויט פון די קאָלווירטן און ראטווירטן באטרעפן ניט ווייניקער פון 900 מיליאָן פוד (דה. מער ווי די ברוטאָ־פּראָדוקציע פונעם באַלעגוף אין 1927 יאָר), און סכוירעדיק ברויט וועלן זיי געבן ניט ווייניקער פון 400 מיליאָן פוד (דה. אָן אן ערעך מער, איידער דער באַלעגוף אין 1927 יאָר).

אָט, כאווײַרים, ווי עס האלט איצט בא אונדז.

אָט וואָס פאר אנ איבערוק עס איז פאָרגעקומענ בא אונדז אינ דער עקאָנאָמיק פונעמ לאנד.

אָט וואָס פאר אנ איבערוק פונ די קלאסנ־קרעפטנ עס איז פאָרגעקומענ בא אונדז די לעצטע צײַט.

איצט, ווי איר זעט, האָבנ מיר א מאטעריעלע באזע, קעדיי צו פארבײַטנ די באלעגופישע פראָדוקציע מיט דער פראָדוקציע פונ די קאָלווירטנ אונ ראטווירטנ. אָט פארוואָס אונדזער אָנגריפ אפנ באלעגופנטום האָט איצט אנ אָנצווייפלדיקנ דערפאָלג. אָט ווי מע דארפ אָנגרייפנ אפנ באלעגופנטום, אויב מע רעדט וועגנ א ווירקלעכנ אָנגריפ, אונ ניט וועגנ אָפקומענ מיט פוסטער דעקלאמאציע קעגנ דעמ באלעגופנטום.

אָט פארוואָס מיר זײַנענ די לעצטע צײַט אריבער פונ דער פאָליטיק פונ באגרענעצנ די עקספלואטאטארישע טענדענצנ פונעמ באלעגופנטום צו דער פאָליטיק פונ ליקווידירנ דאָס באלעגופנטום אלס קלאס.

נו, אונ ווי זאָל זײַנ מיט דער פאָליטיק פונ אנטבאלעגופעווענ, צי קאָנ מענ דערלאָזנ, אז מע זאָל אנטבאלעגופעווענ אינ די ראיאָנענ פונ דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאציע? — פרעגט מענ פונ פארשיידענע זײַטנ. א לעכערלעכע פראגע! מע האָט ניט געטאָרט דערלאָזנ צו אנטבאלעגופעווענ, קאָלזמאנ מיר זײַנענ געשטאנענ אפנ שטאנדפונקט פונ באגרענעצנ די עקספלואטאטארישע טענדענצנ פונעמ באלעגופנטום, קאָלזמאנ מיר האָבנ ניט געהאט קיינ מעגלעכקײַט אריבערצוגיינ אינ אנ אנטשיידענעמ אָנגריפ קעגנ דעמ באלעגופנטום, קאָלזמאנ מיר האָבנ ניט געהאט קיינ מעגלעכקײַט צו פארבײַטנ די באלעגופישע פראָדוקציע מיט דער פראָדוקציע פונ די קאָלווירטנ אונ ראטווירטנ. דעמלט איז די פאָליטיק פונ ניט דערלאָזנ אנטבאלעגופעווענ געווענ נייטיק אונ ריכטיק. אונ איצט? איצט איז אנ אנדער זאכ. איצט האָבנ מיר א מעגלעכקײַט צו נעמענ פירנ אנ אנטשיידענעמ אָנגריפ אפנ באלעגופנטום, צעברעכנ זײַנ ווידערשטאנד, ליקווידירנ עס אלס קלאס אונ פארבײַטנ זײַנ פראָדוקציע מיט דער פראָדוקציע פונ די קאָלווירטנ אונ ראטווירטנ. איצט ווערט דאָס אנטבאלעגופעווענ דורכגעפירט דורכ די אָרעמפויערשע אונ מיטלפויערשע מאסנ גופע, וועלכע פארווירקלעכנ די דורכויסיקע קאָלעקטיוויזאציע. דאָס אנטבאלעגופעווענ אינ די ראיאָנענ פונ דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאציע איז שוינ איצט ניט פאָשעט אנ אדמיניסטראטיוו מיטל. דאָס אנטבאלעגופעווענ איז שוינ דאָרט איצט א באשטאנדטייל פונעמ אויסבילדנ אונ אנטוויקלענ קאָלווירטנ. אָט פארוואָס ס'איז איצט לעכערלעכ אונ ניט ערנסט א סאכ צו ריידנ וועגנ אנטבאלעגופעווענ. אז מע האקט אראָפ דעמ קאָפ, וויינט מענ ניט נאָכ די האָר.

ניט ווייניקער לעכערלעך זעט אויס די צווייטע פראגע: צי קאָן מען ארײַנלאָזן דעם באַלעגופ אין קאָלווירט. עס פארשטייט זיך, אז מע טאָר אים ניט ארײַנלאָזן אין קאָלווירט. מע טאָר ניט, וואָרעם ער איז א דאָמ- סוינע דער קאָלווירטישער באוועגונג. ס׳איז, דאכט זיך, קלאָר.

## VII

## אויספירן

אָט, כאווייר׳ים, זײַנען די זעקס קנופּ־פראגן, וואָס די טעאָרעטישע ארבעט פון אונדזערע אגראר-טוער—מארקסיסטן קאָן זיי ניט פארבײַגיין.

די באַדײַטונג פון אָט-די פראגן באשטייט קוידעמקאָל דערין, וואָס די מארקסיסטישע פאנאנדערארבעטונג זייערע גיט א מעגלעכקײַט ארויס־ צורײַסן מיטן וואָרצל אַלע און אַלערלײ בורזשואזע טעאָריעס, וועלכע אונ־ דזערע כאווייר׳ים-קאָמוניסטן פארשפּרייטן צומאָל — צו אונדזער כארפּע — און וועלכע פארמיסטיקן די קעפּ פון אונדזערע פּראקטיקער. און ארויסרײַסן מיטן וואָרצל אָט־די טעאָריעס און זיי אוועקשלײַדערן האָט מען שוין לאַנג געדארפט. וואָרעם בלויז אינעם אָנראכמאָנעסדיקן קאמף קעגן די דאָזיקע טעאָריעס קאָן אויסוואקסן און זיך פארפעסטיקן דער טעאָרעטישער געדאנק פון די אגראר־טוער—מארקסיסטן.

די באַדײַטונג פון אָט-די פראגן באשטייט, ענדלעך, דערין, וואָס זיי גיבן צו א נײַעם אויסזען די אַלטע פּראָבלעמען פון דער עקאָנאָמיק פונעם איבערגאנג־פּעריאָד.

אַפ א נײַעם אויפן ווערט איצט געשטעלט די פראגע וועגן נעפּ, וועגן קלאסן, וועגן קאָלווירטן, וועגן דער עקאָנאָמיק פונעם איבערגאנג־פּעריאָד. מע דארף אופדעקן דעם פעלער פון יענע, וועלכע פארשטייען דעם נעפּ, ווי א צוריקטריט, און נאָר ווי א צוריקטריט. אינדערעמעסן אָבער האָט לעניג נאָך באַם אײַנפירן דעם נעפּ געזאָגט, אז דער נעפּ ווערט ניט אויס- געשעפּט מיטן צוריקטריט, אז ער באַטײַט אויך א צוגרייטונג צו א נײַעם אנטשיידענעם אָנגריפ אַפ די קאפּיטאַליסטישע עלעמענטן פון שטאָט און דאָרף. מע דארף אופדעקן דעם פעלער פון יענע, וועלכע מיינען, אז דער נעפּ איז נייטיק בלויז צוליב דער פארבינדונג צווישן שטאָט און דאָרף. ניט יעדע פארבינדונג צווישן שטאָט און דאָרף איז אונדז נייטיק. מיר דארפן האָבן אזא פארבינדונג, וועלכע זיכערט דעם זיג פונעם סאָציאַליזם. און אויב מיר האַלטן זיך באַם נעפּ, איז עס דערפאר, וואָס ער דינט דער זאך פון סאָציאַליזם. און ווען ער וועט אופהערן דינען דער זאך פון סאָ־ ציאַליזם, וועלן מיר אים אוועקשלײַדערן צו אַלדי שווארצע יאָר. לעניג

האָט געזאָגט, אז דער נעפּ איז איַינגעפירט געוואָרן ערנסט און אפ לאנג. ער האָט אָבער קיינמאָל ניט געזאָגט, אז דער נעפּ איז איַינגעפירט געוואָרן אפ שטענדיק.

מע דארף אויך שטעלן די פראגע וועגן פּאָפּולאריזירן די מארקסיס־טישע טעאָריע פון רעפּראָדוקציע. מע דארף פאנאנדערארבעטן די פראגע וועגן דער סכעמע פון אויסבויען דעם באלאנס פון אונדזער פאָלקווירט-שאפט. דאָס, וואָס די צענטראלע סטאטיסטישע פארוואלטונג האָט פארעפנט-לעכט אין 1926 יאָר אלס באלאנס פון דער פאָלקווירטשאפט, איז ניט קיין באלאנס, נאָר א שפּיל אין ציפערן. עס טויג אויך ניט באזאראָווס און גראָמאנס שטעלונג פון דער פראָבלעם פון באלאנס פון דער פאָלקווירט-שאפט. די סכעמע פאר א באלאנס פון דער פאָלקווירטשאפט פון פססר דארפן אויסארבעטן רעוואָליוציאָנערע מארקסיסטן, אויב זיי ווילן ביכלאל זיך פארנעמען מיט פאנאנדערארבעטן די פראגן פון דער עקאָנאָמיק פונעם איבערגאנג-פעריאָד.

ס'וואָלט גוט געווען, ווען אונדזערע מארקסיסטן־עקאָנאָמיסטן וואָלטן אויסגעטיילט א ספּעציעלע גרופּע טוער אפ פאנאנדערארבעטן די פּראָב־לעמען פון דער עקאָנאָמיק פונעם איבערגאנג-פעריאָד אין זייער נייַער שטעלונג.

# צו דער פראגע וועגנ דער פּאָליטיק פונ ליקווידירנ דאָס באלעגופנטום אלס קלאס

אינ „קראסנאיא זוועזדא“ נומ. 16, אינעמ ארטיקל „די ליקווידירונג פונעמ באלעגופנטום אלס קלאס“, וואָס אינ אלגעמיינ איז ער אומבאשטרייטלעכ ריכטיק, זיינענ פאראנ צוויי ניט־פּינקטלעכקייטנ אינ די פאָרמולירונגענ. מיר דאכט, אז מע מוז פאריכטנ די דאָזיקע ניט-פּינקטלעכקייטנ.

1. אינעמ ארטיקל ווערט געזאָגט:

„אינעמ אופשטעלונג-פעריאָד האָבנ מיר דורכגעפירט א פּאָליטיק פונ באגרענעצנ די קאפּיטאליסטישע עלעמענטנ פונ שטאָט אונ דאָרפ. מיטנ אָנהייב פונעמ רעקאָנסטרוקטיווג פעריאָד זיינענ מיר אריבער פונ דער פּאָליטיק פונ באגרענעצנ צו דער פּאָליטיק פונ ארויסשטויסנ זיי“.

די דאָזיקע האנאָכע איז ניט ריכטיק. די פּאָליטיק פונ באגרענעצנ די קאפּיטאליסטישע עלעמענטנ אונ די פּאָליטיק פונ ארויסשטויסנ זיי זיינענ ניט קיינ פארשיידענע צוויי פּאָליטיקעס. דאָס איז איינע אונ די זעלבע פּאָליטיק. די ארויסשטויסונג פונ די קאפּיטאליסטישע עלעמענטנ פונ דאָרפ איז אנ אומפארמיידלעכער רעזולטאט אונ א באשטאנדטייל פונ דער פּאָליטיק פונ באגרענעצנ די קאפּיטאליסטישע עלעמענטנ, פונ דער פּאָליטיק פונ באגרענעצנ די עקספּלואטאטערישע טענדענצנ פונעמ באלעגופנטום. די ארויסשטויסונג פונ די קאפּיטאליסטישע עלעמענטנ פונ דאָרפ איז נאָכ ניט קיינ ארויסשטויסונג פונעמ באלעגופנטום אלס קלאס. ארויסשטויסנ די קאפּיטאליסטישע עלעמענטנ פונ דאָרפ הייסט — ארויסשטויסנ אונ ביינקומענ באזונדערע אָטריאדנ פונעמ באלעגופנטום, וועלכע האָבנ ניט אויסגעהאלטנ דעמ שטייערנ-דרוק, וועלכע האָבנ ניט אויסגעהאלטנ די סיסטעמ פונ באגרענעצנדיקע מאָסמיטלענ פונ דער ראטנמאכט. ס'איז פארשטענדלעכ, אז די פּאָליטיק פונ באגרענעצנ די עקספּלואטאטערישע טענדענצנ פונעמ באלעגופנטום, די פּאָליטיק פונ באגרענעצנ די קאפּיטאליסטישע עלעמענטנ פונ דאָרפ קאָנ ניט ניט פירנ צומ ארויסשטויסנ באזונדערע אָטריאדנ פונעמ באלעגופנטום. דעריבער קאָנ די ארויסשטויסונג פונ באזונדערע אָטריאדנ פונעמ באלעגופנטום ניט באטראכט ווערנ אנדערש, נאָר ווי אנ אומפארמייד־

לעכער רעזולטאט און באשטאנדטייל פון דער פּאָליטיק פון באגרענעצן די קאפּיטאליסטישע עלעמענטן פון דאָרף.

די דאָזיקע פּאָליטיק איז געפירט געוואָרן בא אונדז ניט בלויז אינעם פּעריִאָד פון ווידערופשטעלונג, נאָר אויך אינעם פּעריִאָד פון רעקאָנסטרוקציע, נאָר אויך אינעם פּעריִאָד נאָכן XV צוזאמענפאָר (דעקאבער 1927 יאָר), נאָר אויך אינעם פּעריִאָד פון דער XVI קאָנפערענץ פון אונדזער פּארטיי (אפּרעל 1929 י.), אזוי אויך נאָך דער דאָזיקער קאָנפערענץ האַרט ביז זומער 1929 יאָר, ווען עס איז אָנגעקומען בא אונדז דער פּעריִאָד פון דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאציע, ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַן איבערבראָך אין דער זייַט פון דער פּאָליטיק צו ליקווידירן דאָס באַלעגופּנטום אלס קלאס.

אויב מע זאָל באטראכטן די וויכטיקסטע פּארטיי-דאָקומענטן, אָנהייבנדיק כאָטש פונעם XIV צוזאמענפאָר אין דעקאבער 1925 יאָר (זע די רעזאָליוציע איבערן באריכט פונעם צק) און ענדיקנדיק מיט דער XVI קאָנפערענץ אין אפּרעל 1929 יאָר (זע די רעזאָליוציע „מיקויעכ די וועגן פון אופהייבן די לאנדווירטשאפט״), קאָן מען ניט ניט באמערקן, אז דער טעזיס וועגן „באגרענעצן די עקספּלואטאטערישע טענדענצן פונעם באַלעגופּנטום״ אָדער וועגן „באגרענעצן דעם וווקס פונעם קאפּיטאליזם אין דאָרף״ גייט שטענדיק באנאנד מיטן טעזיס וועגן „ארויסשטויסן די קאפּיטאליסטישע עלעמענטן פון דאָרף״, וועגן „בייַקומען די קאפּיטאליסטישע עלעמענטן פון דאָרף״.

וואָס באטייַט עס?

דאָס באטייַט, אז די פּארטיי טיילט ניט אָפּ די ארויסשטויסונג פון די קאפּיטאליסטישע עלעמענטן פון דאָרף פון דער פּאָליטיק פון באגרענעצן די עקספּלואטאטערישע טענדענצן פונעם באַלעגופּנטום, פון דער פּאָליטיק צו באגרענעצן די קאפּיטאליסטישע עלעמענטן פון דאָרף.

דער XV פּארטיי-צוזאמענפאָר, אזוי אויך די XVI קאָנפערענץ, שטייט אינגאנצן אף דער באזע פון דער פּאָליטיק צו „באגרענעצן די עקספּלואטאטערישע שטרעבונגען פון דער לאנדווירטשאפטלעכער בורזשואזיע״ (רעזאָליוציע פונעם XV צוזאמענפאָר „וועגן דער ארבעט אין דאָרף״), אף דער באזע פון דער פּאָליטיק „אָנצונעמען נייַע מיטלען, וואָס באגרענעצן די אנטוויקלונג פונעם קאפּיטאליזם אין דאָרף״ (זע דאָרטן), אף דער באזע פון דער פּאָליטיק פון „אנטשיידענער באגרענעצונג פון די עקספּלואטאטערישע טענדענצן פונעם באַלעגופּ״ (זע די רעזאָליוציע פונעם XV צוזאמענפאָר וועגן פּינפיאָר), אף דער באזע פון דער פּאָליטיק פון „אָנגריף אפן באַלעגופּ״ אין זין פון „אריבערגאנג צו א וויַיטערדיקער, מער סיסטעמאטישער און אקשאָנעסדיקער באגרענעצונג פונעם באַלעגופּ און פּריוואט-

ניק" (זע דאָרטן), אַפּ דער באַזע פון דער פּאָליטיק פון „נאָך מער אָנט־שיידענעם ווירטשאַפטלעכן אַרויסשטויסן" די „עלעמענטן פון דער פּריוואַט-קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט" אין שטאָט און דאָרף (זע די רעזאָלוציע פונעם XV צוזאַמענפאָר איבערן באַריכט פון צק).

הייסט עס, א) ניט גערעכט איז דער אווטער פון דעם דערמאָנטן אַרטיקל, ווען ער שילדערט די פּאָליטיק פון באַגרענעצן די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן און די פּאָליטיק פון אַרויסשטויסן זיי, ווי צוויי פאַרשיידענע פּאָליטיקעס. די פאַקטן זאָגן, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט איין אַלגעמיינער פּאָליטיק פון באַגרענעצן דעם קאַפּיטאַליזם, וואָס א באַשטאַנדטייל און א רעזולטאַט דערפון איז — דאָס אַרויסשטויסן באַזונדערע אָטריאַדן פונעם באַלעגופּנטום.

הייסט עס, ב) ניט גערעכט איז דער אווטער פונעם דערמאָנטן אַרטיקל, ווען ער באַהויפּט, אַז דאָס אַרויסשטויסן די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן פון דאָרף האָט זיך אָנגעהויבן ערשט אינעם רעקאָנסטרוקציע־פּעריאָד, אינעם פּעריאָד פונעם XV צוזאַמענפאָר. אינדערעמעסן איז דאָס אַרויסשטויסן פאָרגעקומען אויך ביזן XV צוזאַמענפאָר, אינעם אופשטעלונג־פּעריאָד, און נאָכן XV צוזאַמענפאָר, אינעם רעקאָנסטרוקציע-פּעריאָד. אינעם פּעריאָד פונעם XV צוזאַמענפאָר איז די פּאָליטיק פון באַגרענעצן די עקספּלואַטאַטאָרישע טענדענצן פונעם באַלעגופּנטום בלויז פאַרשטאַרקט געוואָרן מיט נייע צוגאָב־מיטלען, וואָס אין פאַרבינדונג דערמיט האָט זיך אויך געדאַרפט פאַרשטאַרקן די אַרויסשטויסונג פון באַזונדערע אָטריאַדן פונעם באַלעגופּנטום.

2. אינעם אַרטיקל ווערט געזאָגט:

„די פּאָליטיק פון ליקווידירן דאָס באַלעגופּנטום אַלס קלאַס דרינגט אינגאַנצן אַרויס פון דער פּאָליטיק פון אַרויסשטויסן די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן, זייענדיק א פאָרזעצונג פון דער דאָזיקער פּאָליטיק אַפּן נייעם עטאַפּ".

די דאָזיקע האַנאָכע איז ניט פּינקטלעך און דערפאַר — ניט ריכטיק. ס'איז פאַרשטענדלעך, אַז די פּאָליטיק פון ליקווידירן דאָס באַלעגופּנטום אַלס קלאַס האָט ניט געקאָנט אַראָפּפאַלן פון הימל. זי איז געווען צוגעגרייט דורכן גאַנצן פאָריקן פּעריאָד פון באַגרענעצן, און, הייסט עס, אויך פון אַרויסשטויסן די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן פון דאָרף. אָבער דאָס באַטייט נאָך ניט, אַז זי אונטערשיידט זיך ניט אַפּ א ראַדיקאַלן אויפן פון דער פּאָליטיק פון באַגרענעצן (און אַרויסשטויסן) די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן פון דאָרף, אַז זי איז קלוימערשט א פאָרזעצונג פון דער פּאָליטיק פון באַגרענעצן. ריידן אַזוי, ווי עס רעדט אונדזער אווטער, באַטייט — אָפּלייקענען דעם פאַקט פון אַן איבערבראָך אין דער אַנטוויק־

לונג פונעם דאָרף פון זומער 1929 יאָר אָן. ריידן אזוי באטײַט — אָפּלייקענען דעם פאקט, אז מיר האָבן דורכגעמאכט פאר דעם דאָזיקן פעריאָד א קער אין דער פּאָליטיק פון אונדזער פארטיי אין דאָרף. ריידן אזוי באטײַט — שאפן א שטיקל אידעאָלאָגישע באהעלטעניש פאר די רעכטע עלעמענטן פון אונדזער פארטיי, וואָס קלאמערן זיך איצט פאר די באשלוסן פונעם XV צוזאמענפאָר קעגן דער נײַער פּאָליטיק פון דער פארטיי, פּונקט אזוי, ווי עס האָט זיך געקלאמערט אין זײַן צײַט דער כ' פרומקין פאר די באשלוסן פונעם XIV צוזאמענפאָר קעגן דער פּאָליטיק פון אײַנפלאנצן קאָלווירטן און ראטווירטן.

פון וואָס איז ארויסגעגאנגען דער XV צוזאמענפאָר, פּראָקלאמירנדיק די פארשטארקונג פון דער פּאָליטיק פון באגרענעצן (און ארויסשטויסן) די קאפּיטאליסטישע עלעמענטן פון דאָרף? דערפון, וואָס, ניט געקוקט אף דער דאָזיקער באגרענעצונג פונעם באלעגופנטום, דאַרף דאָס באלעגופנטום אלס קלאס פאָרט פארבלײַבן ביז א געוויסער צײַט. אף דעם גרונט האָט דער XV צוזאמענפאָר געלאָזן אין קראפט דעם געזעץ וועגן ארענדירן ערד, ווייסנדיק אויסגעצייכנט, אז די ארענדאטארס אין זייער מאסע זײַנען באלעגופים. אף דעם גרונט האָט דער XV צוזאמענפאָר געלאָזן אין קראפט דעם געזעץ וועגן דינגען לוין־ארבעטער אין דאָרף און האָט געפאָדערט, אז ער זאָל פּינקטלעך דורכגעפירט ווערן אין לעבן. אף דעם גרונט איז נאָכאמאָל דערקלערט געוואָרן די אומדערלאָזבארקײַט פון אנטבאלעגופעווען. צי ווידערשפּרעכן די דאָזיקע געזעצן און די דאָזיקע באשטימונגען דער פּאָליטיק פון באגרענעצן (און ארויסשטויסן) די קאפּיטאליסטישע עלעמענטן פון דאָרף? געוויס ניט. צי ווידערשפּרעכן די דאָזיקע געזעצן און די דאָזיקע באשטימונגען דער פּאָליטיק פון ליקווידירן דאָס באלעגופנטום אלס קלאס? געוויס יאָ! הייסט עס, אז די דאָזיקע געזעצן און די דאָזיקע באשטימונגען וועט מען איצט אָפּלייגן אין א זײַט אין די ראַיאָנען פון דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאציע, וואָס זייער פארשפּרייטונג־ספערע וואקסט איצט ניט נאָר מיט יעדן טאָג, נאָר מיט יעדער שאָ. איבעריקנס, זײַנען זיי שוין אָפּגעלייגט געוואָרן אין א זײַט דורכן גאנג גופא פון דער קאָלווירטישער באוועגונג אין די ראַיאָנען פון דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאציע.

צי קאָן מען נאָך דעם באהויפּטן, אז די פּאָליטיק פון ליקווידירן דאָס באלעגופנטום אלס קלאס איז א פאָרזעצונג פון דער פּאָליטיק פון באגרענעצן (און ארויסשטויסן) די קאפּיטאליסטישע עלעמענטן פון דאָרף? ס'איז קלאָר, אז מע קאָן ניט.

דער אויטער פונעם דערמאָנטן ארטיקל פארגעסט, אז מע קאָן ניט ארויסשטויסן דעם קלאס באלעגופנטום, אלס קלאס, מיט מיטלען פון שטײַ־

ערן און אלערליי אנדערע באגרענעצונגען, איבערלאָזנדיק אין דיהענט פון דעם דאָזיקן קלאס די פּראָדוציר־מיטלען מיט רעכט אפ פרײַען ערד־באנוץ און אײַנהיטנדיק אין אונדזער פּראקטיק דעם געזעץ וועגן דינגען לוינ־ארבעטער אין דאָרף, דעם געזעץ וועגן ארענדע, דעם פארבאָט צו אנטבאלעגופעווען. דער אווטער פארגעסט, אז בא דער פּאָליטיק פון באגרענעצן די עקספּלואטאטארישע טענדענצן פונעם באלעגופנטום קאָן מען אויסרעכענען אפ ארויסשטויסן בלויז באזונדערע אָטריאדן פונעם באלעגופנטום, וואָס דאָס ווידערשפּרעכט ניט, נאָר, פארקערט, עס זעצט פאָרויס דאָס לאָזן ביז א געוויסער צײַט דאָס באלעגופנטום אלס קלאס. קעדיי ארויסשטויסן דאָס באלעגופנטום אלס קלאס, דערצו איז די פּאָליטיק פון באגרענעצן און ארויסשטויסן זײַנע באזונדערע אָטריאדן ניט גענוג. קעדיי ארויסשטויסן דאָס באלעגופנטום אלס קלאס, דארף מען צעברעכן אין אָפענער שלאכט דעם ווידערשטאנד פון דעם דאָזיקן קלאס און אָפּנעמען בא אים די פּראָדוציר־קוואלן פון זײַן עקזיסטענץ און אנטוויקלונג (פרײַער ערד־באנוץ, פּראָדוציר־געצײַג, ארענדע, דאָס רעכט צו דינגען לוינ-ארבעטער אאוו.). אָט דאָס איז טאקע דער קער צו דער פּאָליטיק פון ליקווידירן דאָס באלעגופנטום אלס קלאס. אָן דעם זײַנען די רייד וועגן ארויסשטויסן דאָס באלעגופנטום אלס קלאס פּוסטע פּלאפּלערײַ, וואָס איז געווונטשן און לויבבאר נאָר פאר די רעכטע אָפּנייגלער. אָן דעם איז ניט דענקבאר קיין שום ערנסטע, און ביפראט נאָך דורכויסיקע קאָלעקטיוויזירונג פונעם דאָרף. דאָס האָבן גוט פארשטאנען די אָרעמפּויערים און די מיטל־פויערים פון אונדזער דאָרף, וועלכע צעשמעטערן דאָס באלעגופנטום און פארווירקלעכן די דורכויסיקע קאָלעקטיוויזאציע. דאָס פארשטייען נאָך אפּאָנעם ניט אייניקע אונדזערע כאוויירים.

הייסט עס, אז די איצטיקע פּאָליטיק פון דער פּארטיי אין דאָרף איז ניט קיין פאָרזעצונג פון דער אלטער פּאָליטיק, נאָר א קער פון דער אלטער פּאָליטיק פון באגרענעצן (און ארויסשטויסן) די קאפּיטאליסטישע עלעמענטן פון דאָרף צו א נײַער פּאָליטיק פון ליקווידירן דאָס באלעגופנטום אלס קלאס.

„קראסנאיא זוועזדא“, נומ. 18,
21 יאנוואר 1930 יאָר.

# קאָפּשווינדל פונ דערפאָלגנ

צו די פראגנ פונ דער קאָלווירטישער באוועגונג

ווענג די דערפאָלגנ פונ דער ראטנמאכט אינ געביט פונ דער קאָלווירטישער באוועגונג ריידנ איצט אלע. אפילע די סאָנימ זיינענ געצוווּנגענ צו אנערקענענ, אז מיר האָבנ דאָ ערנסטע דערפאָלגנ. אונ די דאָזיקע דערפאָלגנ זיינענ, ווירקלעכ, גרויס.

ס'איז א פאקט, אז צומ 20-טנ פעווראל ד. י. איז שוינ קאָלעקטיוויזירט 50% פויערשע ווירטשאפטנ אינ פססר. דאָס הייסט, אז מיר האָבנ צומ 20-טנ פעווראל 1930 יאָר אריבערגעשטיגנ דעמ פינפיאָריקנ פלאנ מער ווי אינ צוויי מאָל.

ס'איז א פאקט, אז צומ 28-טנ פעווראל ד. י. האָבנ די קאָלווירטנ שוינ באוויזנ צו פארשיטנ העכער 36 מיליאָנ צענטנער זריע פארנ פארזיי פונ די זומער-קולטורנ, דה. העכער 90% פונעמ פלאנ, דה. בא 220 מיליאָנ פוד. מע קאָנ ניט ניט אנערקענענ, אז דאָס צונויפזאמלענ 220 מיליאָנ פוד זריע בלויז לויט דער קאָלווירטישער ליניע אליינ — נאָכנ דערפאָלגרייכנ אויספילנ דעמ פלאנ פונ ברויט-פארגרייטונג — שטעלט פאָר א געוואלדיקע דערגרייכונג.

וועגנ וואָס זאָגט דאָס אלצ?

וועגנ דעמ, אז דעמ ראדיקאלנ קער פונעמ דאָרפ צומ סאָציאליזמ קאָנ מענ שוינ האלטנ פאר געזיכערט.

עס איז גאָר ניט נייטיק צו דערווייזנ, אז די דאָזיקע דערפאָלגנ האָבנ גאָר א גרויסע באדייטונג פארנ גורל פונ אונדזער לאנד, פארנ גאנצנ ארבעטער-קלאס, אלס אָנפירנדיקע קראפט פונ אונדזער לאנד, אונ, ענדלעכ, פאר דער פארטיי גופע. שוינ ניט ריידנדיק פונ די דירעקטע פראקטישע רעזולטאטנ, האָבנ זיי, די דאָזיקע דערפאָלגנ, א געוואלדיקע באדייטונג פארנ אינערלעכנ לעבנ פונ דער פארטיי גופע, פאר דער דערציִונג פונ אונדזער פארטיי. זיי פלאנצנ איינ אינ אונדזער פארטיי דעמ גייסט פונ מונטערקייט אונ גלויבנ אינ די אייגענע קויכעס. זיי באוואָפענענ דעמ ארבעטער-קלאס מיט דעמ

גלויבן אינעם זיג פון אונדזער זאך. זיי פירן צו צו אונדזער פּארטיי נייַע מיליאָניקע רעזערוון.

דערפון דרינגט ארויס די אויפגאבע פון דער פּארטיי: פארפעס־טיקן די דערגרייכטע דערפאָלגן און פּלאנמעסיק אויסנוצן זיי פאר דער ווייַטערדיקער באוועגונג פאָרויס.

די דערפאָלגן האָבן אָבער אויך א שאָטן־זייַט, באזונדערס ווען זיי ווערן פאורהעלטניסמעסיק „לייכט״ דערגרייכט, אין אָרדענונג, אזוי צו זאָגן, פון „אומגעריכטקייַט״. אזעלכע דערפאָלגן פלאנצן אָפטמאָל איין א גייַסט פון גרויסקייַט בא זיך און פארויסנקייַט: „מיר קאָנען אלץ!״ „וואָס פאר א ווערט האָט עס בא אונדז!״ זיי, די דאָזיקע דערפאָלגן, פארשיקערן ניט זעלטן די מענטשן, דערבייַ הייבט אָן בא די מענטשן דער קאָפּ צו שווינד־לען פון דערפאָלגן — מע פארלירט דאָס געפיל פון מאָס, מע פארלירט די פייַיקייַט צו באנעמען די ווירקלעכקייַט, עס קומט אויף א שטרעבונג צו איבערשאצן די אייגענע קויכעס און צו ניט־דערשאצן די קויכעס פונעם קעגנער, עס קומען אויף אוואנטיוריסטישע פּרווון „מיט איין קלאַפּ״ צו דער־לייזן אלע פראגן פון דער סאָציאַליסטישער בויונג. דאָ איז שוין ניטאָ קיין אָרט פאר קיין זאָרג וועגן פארפעסטיקן די דערגרייכטע דערפאָלגן און פּלאנמעסיק זיי אויסנוצן פאר דער ווייַטערדיקער באוועגונג פאָרויס. צו וואָס זאָלן מיר פארפעסטיקן די דערגרייכטע דערפאָלגן, — מיר וועלן אזוי אויך „מיט איין שפּרונג״ קאָנען דערלויפן ביז צום פולשטענדיקן זיג פונעם סאָציאַליזם: „מיר קאָנען אלץ!״ „וואָס פאר א ווערט האָט עס בא אונדז!״

דערפון דרינגט ארויס די אויפגאבע פון דער פּארטיי: נעמען פירן אן אנטשיידענעם קאמף קעגן די דאָזיקע געפערלעכע און פאר דער זאך שעד־לעכע שטימונגען און ארויסטרייַבן זיי פון דער פּארטיי.

מע קאָן ניט זאָגן, אז די דאָזיקע געפערלעכע און פאר דער זאך שעדלעכע שטימונגען זאָלן האָבן א וויפל־ניט־איז ברייטע פארשפּרייטונג אין די רייען פון אונדזער פּארטיי. נאָר זיי, די דאָזיקע שטימונגען, זייַנען דאָך פאראן אין אונדזער פּארטיי, דערבייַ איז ניטאָ קיין גרונט צו באהויפּטן, אז זיי וועלן זיך ניט פארשטארקן. און אויב זיי, די דאָזיקע שטימונגען, וועלן בא אונדז באקומען בירגערעכט, קאָן מען ניט צווייפלען, אז די זאך פון דער קאָלווירטישער באוועגונג וועט באדייַטנדיק אָפּגעשוואכט ווערן און די געפאר, אז די דאָזיקע באוועגונג זאָל ארונטערגעריסן ווערן, קאָן ווערן א רעאלע זאך.

דערפון דרינגט ארויס די אויפגאבע פון אונדזער פּרעסע: סיסטעמא־טיש דעמאסקירן די דאָזיקע און ענלעכע אנטי־לענינישע שטימונגען.

עטלעכע פאקטן.

1. די דערפאָלגנ פונ אונדזער קאָלווירטישער פּאָליטיק דערקלערנ זיכ, אגעוו, אויכ דערמיט, וואָס זי, די דאָזיקע פּאָליטיק, שטיצט זיכ אפּ דער פּרײַוויליקײַט פונ דער קאָלווירטישער באוועגונג און אפּנ דיס־קאָנט פונ דער פאַרשיידנארטיקײַט פונ די באדינגונגענ אינ פאַרשיידענע ראיאָנענ פונ פסםר. מע קאָנ ניט אײַנפלאנצנ קיינ קאָל־ווירטנ מיט קויעכ. דאָס וואָלט געווענ נאריש און רעאקציאָנער. די קאָל־ווירטישע באוועגונג דארפ זיכ שטיצנ אפּ דער אקטיווער אונטערשטיצונג פונ די גרונט־מאסנ פונעמ פּויערטום. מע קאָנ ניט מעכאניש אריבערפלאנצנ אינ ראיאָנענ ניט קיינ אנטוויקלטע די מוסטערנ פונ קאָלווירטישער בויונג אינ די אנטוויקלטע ראיאָנענ. דאָס וואָלט געווענ נאריש און רעאקציאָנער. אזא „פּאָליטיק" וואָלט מיט איינ קלאַפּ אנטקרוינט די אידייע פונ קאָלעקטיוויזא־ציע. מע דארפ זאָרגזאמ דיסקאָנטירנ די פאַרשיידנארטיקײַט פונ די באַ־דינגונגענ אינ פאַרשיידענע ראיאָנענ פונ פסםר באַמ באשטימענ די טעמפּנ און די מעטאָדנ פונ דער קאָלווירטישער בויונג.

אינ דער קאָלווירטישער באוועגונג שטייענ באַ אונדז אפּנ ערשטנ אָרט צווישנ אלע ראיאָנענ די טוווע־ראיאָנענ. פאַרוואָס? דערפאַר, ערשטנס, וואָס אינ די דאָזיקע ראיאָנענ האָבנ מיר די גרעסטע צאָל שוינ פאַרפעס־טיקטע ראטווירטנ און קאָלווירטנ, אדאנק וועלכע די פּויערימ האָבנ געהאט די מעגלעכקײַט זיכ צו איבערצײַגנ אינ דער קראפט און באדײַטונג פונ דער נײַער טעכניק, אינ דער קראפט און באדײַטונג פונ דער נײַער, קאָ־לעקטיווער אָרגאניזירונג פונ דער ווירטשאפט. דערפאַר, צווייטנס, ווײַל די דאָזיקע ראיאָנענ האָבנ שוינ הינטער זיכ א צווייייאָריקע שול פונ קאמפ קעגנ באלעגופּנטום בײַס די קאמפּאניעס פונ ברויט־פאַרגרייטונג, וואָס דאָס האָט ניט געקאָנט ניט פאַרלײַכטערנ די קאָלווירטישע באוועגונג. דערפאַר, ענדלעכ, וואָס די דאָזיקע ראיאָנענ זײַנענ די לעצטע יאָרנ אפּנ שטארקסטנ אויפּנ באזאָרגט געוואָרנ מיט די בעסטע קאדרענ פונ די אינדוסטריעלע צענטערס.

צי קאָנ מענ זאָגנ, אז די דאָזיקע באזונדערס גינסטיקע באדינגונגענ זײַנענ פאראנ אויכ אינ אנדערע ראיאָנענ, לעמאָשל, אינ די געברויכערישע ראיאָנענ, ווי אונדזערע צאָפּנדיקע געגנטנ, אָדער אינ די ראיאָנענ פונ די גאָר אָפּגעשטאנענע נאציאָנאליטעטנ, ווי, לאָמיר זאָגנ, טורקעסטאנ?

ניינ, דאָס קאָנ מענ ניט זאָגנ.

עס איז קלאָר, אז דער פּרינציפּ פונ דיסקאָנטירנ די פאַרשיידנארטי־קײַט פונ די באדינגונגענ אינ די פאַרשיידענע ראיאָנענ פונ פסםר באַגלײַכ מיטנ פּרינציפּ פונ פרײַוויליקײַט איז איינע פונ די סאמע ערנסטע פאָרבאַ־דינגונגענ פאַר א געזונטער קאָלווירטישער באוועגונג.

און וואָס קומט פאָר צומאָל באַ אונדז אינ דער ווירקלעכקײַט? צי

קאָנ מענ זאָגנ, אז דער פרינציפ פונ פרײַוויליקײַט אונ פונ דיסקאָנטירנ די אָרטיקע באזונדערקײַטנ ווערט ניט געבראָכנ אינ א ריי ראיאָנענ? ניינ, צומ באדויערנ, קאָנ מענ עס ניט זאָגנ. עס איז באוווסט, צומבײַ־שפיל, אז אינ א ריי צאָפנדיקע ראיאָנענ פונעמ געברויכערישנ פאס, ווו עס איז פאראנ פארהעלטניסמעסיק ווייניקער גינסטיקע באדינגונגענ פארנ באלדיקנ אָרגאניזירנ קאָלווירטנ, איידער אינ די טוווע-ראיאָנענ, באמיט מענ זיכ אָפט צו פארבײַטנ די צוגרייט-ארבעט צומ אָרגאניזירנ קאָל־ווירטנ מיטנ טשינאָווניקישנ דעקרעטירנ די קאָלווירטישע באוועגונג, מיט פאפירענע רעזאָליוציעס וועגנ וווּקס פונ די קאָלווירטנ, מיט אָרגאניזירנ פאפירענע קאָלווירטנ, וואָס זײַנענ אינ דער ווירקלעכקײַט נאָכ ניטאָ, נאָר וואָס וועגנ זייער „עקזיסטענצ" איז דאָ א בארג בארימערישע רעזאָליוציעס. אָדער לאָמיר נעמענ אייניקע ראיאָנענ אינ טורקעסטאנ, ווו גינסטיקע באדינגונגענ פארנ אָרגאניזירנ טייקעפ קאָל־ווירטנ איז פאראנ נאָכ ווינציקער, איידער אינ די צאָפנדיקע געגנטנ פו־נעמ געברויכערישנ פאס. עס איז באוווסט, אז אינ א ריי ראיאָנענ פונ טורקעסטאנ זײַנענ שוינ געווענ פרווונ צו „דעריאָגנ אונ אריבעריאָגנ" די פאָרגעשריטענע ראיאָנענ פונ פססר דורכ דראָענ מיט מיליטערישער קראפט, דורכ דראָענ, אז מע וועט ניט געבנ קיינ באגיס-וואסער אונ קיינ אינ־דוסטריעלע סכוירעס יענע פויערימ, וועלכע ווילנ דערווײַל ניט גייג אינ די קאָלווירטנ.

וואָס קאָנ זײַנ געמיינזאמעס צווישנ דער דאָזיקער „פאָליטיק" פונעמ אונטער-אָפיצער פרישיבייעוו מיט דער פאָליטיק פונ דער פארטיי, וועלכע שטיצט זיכ אינ דער קאָלווירטישער בויונג אפ פרײַוויליקײַט אונ אפנ דיס־קאָנט פונ די אָרטיקע באזונדערקײַטנ? עס איז קלאָר, אז צווישנ זיי איז ניטאָ אונ קאָנ ניט זײַנ קיינ שומ געמיינזאמעס.

ווער דארפ האָבנ די דאָזיקע פארקריפלונגענ, די דאָזיקע טשינאָווני־קישע דעקרעטירונג פונ דער קאָלווירטישער באוועגונג, די דאָזיקע אומ־ווירדיקע דראָונגענ בענעגייע דעמ פויערטומ? קיינער ניט, אכוצ אונדזערע סאָנימ!

צו וואָס קאָנענ זיי ברענגענ, די דאָזיקע פארקריפלונגענ? צומ פאר־שטארקנ אונדזערע סאָנימ אונ צומ אנטקרוינענ די אידייענ פונ דער קאָל־ווירטישער באוועגונג.

צי איז דענ ניט קלאָר, אז די אווטערס פונ די דאָזיקע פארקריפ־לונגענ, וואָס האלטנ זיכ פאר „לינקע", גיסנ אינ דער ווירקלעכקײַט וואסער אפ די מיל־רעדער פונעמ רעכטנ אָפאָרטוניזמ?

2. איינע פונ די גרעסטע מײַלעס פונ דער פאָליטישער סטראטעגיע פונ

אונדזער פּאַרטיי באַשטייט אין דעם, וואָס זי ווייס אין יעדן געגעבענעם מאָמענט ווי אויסצוקלײַבן דעם גרונט-רינג פון דער באַוועגונג, און, אָנכאַפּנדיק זיך אָן דעם דאָזיקן רינג, ציט די פּאַרטיי דערנאָך די גאַנצע קייט צו איין אַלגעמיינעם ציל, קעדיי זיך צו דערשלאָגן די לייזונג פון דער געשטעלטער אויפגאַבע. צי קאָן מען זאָגן, אַז די פּאַרטיי האָט שוין אויסגעקליבן דעם גרונט-רינג פון דער קאָלווירטישער באַוועגונג אין דער סיסטעם פון דער קאָלווירטישער בויונג? יאָ, מע קאָן און מע דאַרף.

אין וואָס באַשטייט ער, דער דאָזיקער גרונט-רינג?

עפּשער אין דער געזעלשאַפט פאַר געמיינזאַמער ערד-באַאַרבעטונג? ניין, ניט אין דעם. די געזעלשאַפט פאַר געמיינזאַמער ערד-באַאַרבעטונג, וווּ די פּראָדוציר-מיטלען זײַנען נאָך ניט פאַרגעזעלשאַפטלעכט, שטעלט פאָר מיט זיך אַ שוין דורכגעגאַנגענעם שטאַפּל אין דער קאָלווירטישער באַוועגונג.

עפּשער אין דער לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָמונע? ניין, ניט אין דער קאָמונע! די קאָמונעס שטעלן נאָך פאָר פאָרלויפיק אַ זעלטענע דערשײַנונג אין דער קאָלווירטישער באַוועגונג. פאַר לאַנד-ווירטשאַפטלעכע קאָמונעס, אַלס אַ פּרעוואַלירנדיקער פאָרם, ווו עס איז פאַרגעזעלשאַפטלעכט ניט בלויז די גאַנצע פּראָדוקציע, נאָר אויך די פאַרטיילונג, זײַנען די באַדינגונגען נאָך ניט רײַף געוואָרן.

דער גרונט-רינג פון דער קאָלווירטישער באַוועגונג, זײַן פּרעוואַלירנ-דיקע פאָרם אינעם געגעבענעם מאָמענט, די פאָרם, פאַר וועלכער מע דאַרף זיך איצט אָנכאַפּן — דאָס איז דער לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרטעל.

אינעם לאַנדווירטשאַפטלעכן אַרטעל זײַנען פאַרגעזעלשאַפט-לעכט די גרונטלעכע פּראָדוציר-מיטלען, הויפּטזאַכלעך פון דער טווּע-ווירט-שאַפט: די אַרבעט, דער ערד־באַנוץ, די מאַשינעס און דער איבעריקער אינווענטאַר, דאָס אַרבעט-פי, די ווירטשאַפטלעכע געבײַדעס. אינעם אַרטעל ווערן ניט פאַרגעזעלשאַפטלעכט: די נעבנשטוביקע ערד (די קליי-נע גאָרטנס, סעדלעך), די וווינונג־געבײַדעס, אַ געוויסער טייל מילכ־פי, דאָס קליינפי, שטוב־אויפעס אאַוו. דער אַרטעל איז דער גרונט־רינג פון דער קאָלווירטישער באַוועגונג דערפאַר, ווײַל ער איז די סאַמע צוועקמעסיקע פאָרם פון לייזן די טווּע־פּראָבלעם. די טווּע-פּראָב-לעם ווידער איז דער גרונט־רינג אין דער סיסטעם פון דער גאַנצער לאַנדווירטשאַפט דערפאַר, ווײַל, ניט לייזנדיק די דאָזיקע פּראָבלעם, קאָן מען אויך ניט לייזן ניט די פּראָבלעם פון פיצוכט (פון דער גרויסער און קליינער), ניט די פּראָבלעם פון טעכנישע און ספּעצי-

עלע קולטורן, וואָס גיבן דעם גרונט־רוישטאָף פאר דער אינדוסטריע. אָט פאַרוואָס דער לאַנדווירטשאַפטלעכער ארטעל איז אינעם געגעבענעם מאָ-מענט דער גרונט־רינג אין דער סיסטעם פון דער קאָלווירטישער באַווע־גונג.

דערפון גייט ארויס דער „מוסטער־סטאַטוט" פאר די קאָלווירטן, וואָס זײַנע ענדגילטיקער טעקסט ווערט הײַנט פאַרעפנטלעכט.[1]

דערפון טאַקע דאַרפן ארויסגיין אונדזערע פּארטייִשע און סאָוועטישע טוער, וואָס איינע פון זייערע פליכטן באַשטייט אין דעם, אז זיי זאָלן אויסשטודירן דעם דאָזיקן סטאַטוט אין טאָך און דורכפירן אים אין לעבן ביזן סאָף.

אזא איז די אײַנשטעלונג פון דער פּארטיי אינעם געגעבענעם מאָ-מענט.

צי קאָן מען זאָגן, אז די דאָזיקע אײַנשטעלונג פון דער פּארטיי ווערט דורכגעפירט אין לעבן פּינקטלעך און אָן פאַרקריפּלונגען? ניין, צום באַדויערן, קאָן מען עס ניט זאָגן. עס איז באַוווּסט, אז אין א רייע ראַיאָנען פון פססר, ווו דער קאמף פאר דער עקזיסטענץ פון די קאָל-ווירטן איז נאָך ווײַט ניט פאַרענדיקט און ווו די ארטעלן זײַנען נאָך ניט פאַרפעסטיקט, זײַנען פאַראַן פּרוּוון ארויסצושפּרינגען פון די ארטעל־ראַמען און מיט איינמאָל אריבערשפּרינגען צו דער לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָמוּ־נע. דער ארטעל איז נאָך ניט פאַרפעסטיקט, און זיי „פאַרגעזעלשאַפטלעכן" שוין די וווינ־הײַזער, דאָס קליינפי, די שטוב־אויפעס, דערבײַ ווערט אָט־די „פאַרגעזעלשאַפטלעכונג" דעגענערירט אין פּאַפּיר־ביוראָקראַטישער דעק-רעטירונג, ווײַל קיין באַדינגונגען, וואָס מאַכן נייטיק אזא פאַרגעזעלשאַפט־לעכונג, זײַנען נאָך ניטאָ. מע קאָן מיינען, אז די טווּע-פּראָבלעם איז שוין אין די קאָלווירטן געלייזט, אז זי שטעלט פאָר מיט זיך שוין א דורכגעגאַנגענעם שטאַפּל, אז די גרונט-אויפגאַבע אינעם איצטיקן מאָמענט איז ניט די לייזונג פון דער טווּע-פּראָבלעם, נאָר די לייזונג פון דער פּראָבלעם פון פּיצוכט און פון אויפעסצוכט. פרעגט זיך, ווער דאַרף האָבן אזא קרומקעפּיקע „ארבעט" פון צונויפוואַלגערן אין איינע קופּע פאַרשיי־דענע פאָרמען פון דער קאָלווירטישער באַוועגונג? ווער דאַרף האָבן אָט דאָס נאַרישע און פאר דער זאַך שעדלעכע פאַרלויפן פאָרויס? רייצן דעם פּויער-קאָלווירטניק מיט „פאַרגעזעלשאַפטלעכן" די וווינ-הײַזער, דאָס גאַנצע מילכפי, דאָס גאַנצע קליינפי, די שטוב־אויפעס, אין דער צײַט, ווען די טווּע-פּראָבלעם איז נאָך ניט געלייזט, ווען די ארטעל־פאָרם פון די

[1] „פּראַווּדאַ", 2־טן מאַרץ 1930 יאָר.

קאָלווירטן איז נאָך *ניט פארפעסטיקט*, — איז דען ניט קלאָר, אז אזא „פּאָליטיק“ קאָן זײַן געוווּנטשן און לײַכטבאר בלויז פאר אונדזערע פארביסענע סאָנים? איינער פון אזוינע היציקע „פארגעזועלשאפטלערס“ דערגייט אפילע דערצו, אז ער גיט אָפּ א באפעל איבער דעם ארטעל, ווו ער פאראָרדנט „אין א דרײַטאָגיקן טערמין דיסקאָנטירן די גאנצע צאָל שטוב-אויפעס אין יעדער ווירטשאפט“, אײַנשטעלן א פּאָסטן פון ספּעציעלע דיסקאָנט-און אויפזיכט-קאָמאנדירן, „פארנעמען אינעם ארטעל די קאָמאנדיר-הייכן“, „קאָמאנדעווען מיט דער סאָציאליסטישער שלאכט, ניט וואַרפנדיק די פּאָסטנס“, און — ס׳איז א קלאָרע זאך — פארקוועטשן דעם גאנצן ארטעל אין פויסט. וואָס איז עס — א פּאָליטיק פון אָנפירונג מיטן קאָלווירט אָדער א פּאָליטיק פון *פאנאנדערלייגן* און *דיסקרעדיטירן* אים? איך רייד שוין ניט וועגן יענע, בימכילע, „רעוואָליוציאָנערן“, וועלכע *הייבן* אָן די ארבעט פון אָרגאניזירן די ארטעלן מיטן אראָפּנעמען די גלעקער פון די קלויסטערס. אראָפּנעמען די גלעקער — וואָס זאָגט איר צו אזא רררעוואָליוציאָנערישקייט!

וויאזוי האָבן עס געקאָנט אנטשטיין אין אונדזער סוויווע אזעלכע קרומקעפּיקע איבונגען אין געביט פון „פארגעזועלשאפטלעכונג“, די דאָזיקע לעכערלעכע פּרוּוון אריבערצושפּרינגען איבער זיך אליין, פּרוּוון, וואָס האָבן דעם ציל צו אויסמײַדן די קלאסן און דעם קלאסנקאמף, און וואָס גיסן אין דער ווירקלעכקייט וואסער אף די מיל-רעדער פון אונדזערע קלאסן-פײַנט? זיי האָבן געקאָנט אנטשטיין בלויז אין דער אטמאָספער פון אונדזערע „לײַכטע“ און „אומדערוואַרטע“ דערפאָלגן אפן פראָנט פון דער קאָלווירטישער בויונג. זיי האָבן געקאָנט אנטשטיין בלויז אלס רעזולטאט פון קרומקעפּיקע שטימונגען אין די רייען פון א טייל פון דער פארטיי: „מיר קאָנען אלץ!“ „וואָס פאר א ווערט האָט עס בא אונדז!“ זיי האָבן געקאָנט אנטשטיין בלויז אלס רעזולטאט דערפון, וואָס בא אייניקע כאווירים אונדזערע האָט דער קאָפּ אָנגעהויבן שווינדלען פון די דערפאָלגן, און זיי האָבן פארלאָרן אף א מינוט די קלאָרקייט פון סייכל און די ניכטערקייט פונעם קוק.

קעדיי אויסצוגלײַכן די ליניע פון אונדזער ארבעט אין געביט פון דער קאָלווירטישער בויונג, *דארף מען מאכן א סאָף צו די דאָזיקע שטימונגען*.

*דערין באשטייט איצט איינע פון די אָרדנטלעכע אויפגאבן פון דער פארטיי*.

די קונסט פון אָנפירן איז אן ערנסטע זאך. מע טאָר ניט אָפּשטיין פון דער באוועגונג, ווײַל אָפּשטיין הייסט — אָפּרײַסן זיך פון די מאסן. מע טאָר אָבער אויך ניט פארלויפן פאָרויס, ווײַל פארלויפן פאָרויס הייסט —

פארלירן די פארבינדונג מיט די מאסן. ווער עס וויל אָנפירן מיט דער באוועגונג און גלייכצייטיק איינהיטן די פארבינדונגען מיט די מיליאָניקע מאסן, דער דארף פירן א קאמף אף צוויי פראָנטן — אי קעגן די, וואָס שטייען אָפּ, אי קעגן די, וואָס פארלויפן פאָרויס.

די פארטיי אונדזערע איז שטארק און אומבאזיגבאר דערפאר, ווייל, אָנפירנדיק מיט דער באוועגונג, קען זי איינהיטן און פארמערן אירע פארבינדונגען מיט די מיליאָניקע מאסן ארבעטער און פויערים.

„פּראַוודא" נומ. 60.

2 מארט 1930 יאָר.

# אנ ענטפער די כאוויירימ קאָלווירטניקעס

פונ די צײַטונגענ איז באוווסט, אז סטאלינס ארטיקל „קאָפּשווינדל פונ דערפאָלגנ“ אונ די באוווסטע באשטימונג פונ צק „וועגנ קאמפ קעגנ די פארקריפלונגענ פונ דער פארטיי־ליניע אינ דער קאָלווירטישער באוועגונג“ האָבנ ארויסגערופנ פילצאָליקע אָפּקלאנגענ אינ די רייענ פונ די פראקטיקער פונ דער קאָלווירטישער באוועגונג. אינ צוזאמענהאנג דערמיט האָב איכ די לעצטע צײַט באקומענ א ריי בריוו פונ כאוויירימ קאָלווירטניקעס מיט א פאָדערונג צו ענטפערנ אפ די פראגנ, וואָס זײַנענ דאָרט אוועקגעשטעלט. מײַנ פליכט איז געווענ צו ענטפערנ אפ די בריוו אינ דער אָרדענונג פונ פריוואטער קאָרעספּאָנדענצ. אָבער דאָס האָט זיכ ארויסגעוויזנ פאר אומעגלעכ, ווײַל מער ווי א העלפט פונ די בריוו זײַנענ דערהאלטנ געוואָרנ אָנ אדרעסנ פונ זייערע אווטערס (פארגעסנ צושיקנ די אדרעסנ). די פראגנ אָבער, וואָס זײַנענ באַרירט אינ די בריוו, שטעלנ מיט זיכ פאָר אנ אומגעהייערנ פאָליטישנ אינטערעס פאר אלע אונדזערע כאוויירימ. אכוץ דעמ, איז פארשטענדלעכ, אז איכ האָב ניט געקאָנט לאָזנ אָנ אנ ענטפער אויכ יענע כאוויירימ, וואָס האָבנ פארגעסנ צושיקנ זייערע אדרעסנ. דעריבער בינ איכ געצווונגענ צו ענטפערנ אפ די בריוו פונ די כאוויירימ קאָלווירטניקעס עפנטלעכ, דה. אינ דער פרעסע, נעמענדיק פונ זיי די אלע פראגנ, וואָס זײַנענ נייטיק צומ איניענ. איכ בינ נאָכ מער גערנ אײַנגעגאנגענ אפ דער דאָזיקער זאכ, ווײַל איכ האָב דערופ געהאט א דירעקטנ באשלוס פונעמ צק.

ע ר ש ט ע פ ר א ג ע . אינ וואָס באשטייט דער וואָרצל פונ די פעלערנ אינ דער פויערשער פראגע?

ע נ ט פ ע ר . אינ דעמ ניט-ריכטיקנ צוגאנג צומ מיטלפויער. אינעמ דערלאָזנ גוואלדטאטנ אינ געביט פונ די ווירטשאפטלעכע באציִונגענ מיטנ מיטלפויער. אינעמ פארגעסנ, אז דער ווירטשאפטלעכער צוזאמענשלוס מיט די מיטלפויערשע מאסנ דארפ זיכ בויענ ניט אפנ יעסאָד פונ גוואלדטאט-מיטלענ, נאָר אפנ יעסאָד פונ א פארשטענדיקונג מיטנ מיטלפויער, אפנ יעסאָד פונ א בונד מיטנ מיטלפויער. אינעמ פארגעסנ, אז דער יעסאָד פונ דער קאָלווירטישער באוועגונג אינעמ איצטיקנ מאָמענט איז דער־

בונד צווישנ דעמ ארבעטער-קלאס אונ דער אָרעמשאפט מיט דעמ מיטל־פויער קעגנ דעמ קאפיטאליזמ ביכלאל, קעגנ דעמ באלעגופנטומ באזונדערס.

קאָלזמאנ דער אָנגריפ קעגנ דעמ באלעגופנטומ האָט זיכ געפירט אינ אנ איינהייטלעכנ פראָנט מיטנ מיטלפויער, איז אלצ געגאנגענ גוט. אָבער ווענ אייניקע אונדזערע כאוויירימ, פארשיקערט פונ די דערפאָלגנ, האָבנ אָנגעהויבנ אומבאמערקט אראָפקריכנ פונעמ וועג פונ אָנגריפ אפנ באלעגופ אפנ וועג פונ קאמפ קעגנ דעמ מיטלפויער, ווענ זיי האָבנ, אינ יאָגעניש נאָכ א הויכנ פראָצענט קאָלעקטיוויזאציע, אָנגעהויבנ אָנווענדנ צומ מיטל־פויער גוואלדטאט, אָפנעמענדיק בא אימ דאָס וואלרעכט, „אנטבאלע־גופעווענדיק״ אונ עקספראָפריִרנדיק אימ,—האָט דער אָנגריפ אָנגעהויבנ פאר־קריפלט ווערנ, דער איינהייטלעכער פראָנט מיטנ מיטלפויער האָט אָנגע־הויבנ אונטערגעריסנ ווערנ, אונ, ס׳איז א קלאָרע זאכ, דער באלעגופ האָט געקראָגנ א מעגלעכקייט זיכ פרווונ אפסנייע זיכ צו שטעלנ אפ די פיס.

מע האָט פארגעסנ, אז גוואלדטאט, וואָס איז נייטיק אונ נוצלעכ אינ קאמפ קעגנ אונדזערע קלאסנ-סאָנימ, איז אומדערלאָזבאר אונ שעדלעכ לעגאבע דעמ מיטלפויער, וואָס איז אונדזער פארבינדעטער.

מע האָט פארגעסנ, אז די קאוואלעריע-אָנפליִענ, וואָס זיינענ נייטיק אונ נוצלעכ באמ לייזנ אופגאבנ פונ מיליטערישנ כאראקטער, טויגנ ניט אונ זיינענ שעדלעכ באמ לייזנ די אופגאבנ פונ דער קאָלווירטי־שער בויונג, וועלכע ווערט דערצו נאָכ אָרגאניזירט אינ בונד מיטנ מיטלפויער.

דערינ ליגט דער וואָרצל פונ די פעלערנ אינ דער פויערשער פראגע.

אָט וואָס לעני זאָגט וועגנ די ווירטשאפטלעכע באציִונגענ מיטנ מיטל־פויער:

„מער פאר אלצ דארפנ מיר זיכ באזירנ אפ דעמ עמעס, אז דאָ קאָנ מענ מיט מעטאָדנ פונ גוואלדטאט לויטנ עצעמ טאָכ פונ דער זאכ גאָרנישט ניט דערגרייכנ. דאָ שטייט די עקאָ־באָמישע אופגאבע גאָר אנדערש. דאָ איז ניט פאראנ דער אויבערשיכט, וואָס מע קאָנ אראָפ־שנייִדנ, איבערלאָזנדיק דעמ גאנצנ פונדאמענט, די גאנצע געביידע. דער אויבערשיכט, וואָס אינ שטאָט זיינענ עס געווענ די קאפיטאליסטנ, איז דאָ ניט פאראנ. ווירקנ דאָ מיט גוואלדטאט הייסט—אומברענגענ די גאנצע זאכ... עס קאָנ ניט זיינ מער נאריש, ווי דער עצעמ געדאנק וועגנ גוואלדטאט אינ געביט פונ די ווירטשאפטלעכע פארהעלטענישנ פונעמ מיטלפויער“ (ב. XXIV, ז. 168).

ווייטער:

„גוואלדטאט לעגאבע דעמ מיטלפויער שטעלט מיט זיכ פאָר דעמ גרעסטנ שאָדנ. דאָס איז א שיכט א פילצאָליקער, א פילמיליאָניקער. אפילע אינ אייראָפע, ווו ער דערגרייכט אינערגעצ ניט אזא קראפט, ווו עס איז גיגאנטיש אנטוויקלט די טעכניק

און קולטור, דאָס שטאָטישע לעבן, די אײַזנבאַנען, ווו ס'וואָלט געווען לײַכטער, ווי אומעטום, צו טראַכטן וועגן דעם, — האָט קיינער, קיין איינער פון די סאַמע רעוואָלוציאָנערע סאָציאַ־ליסטן ניט פאַרגעלייגט קיין געוואַלט־מיטלען לעגאַבע דעם מיטלפויערטום״ (ב. XXIV, ז. 167).

דוכט זיך, קלאָר.

צווייטע פראַגע. וואָסערע זײַנען די הויפּט־פעלערן אין דער קאָלווירטישער באַוועגונג?

ענטפער. אַזעלכע פעלערן זײַנען פאַראַן, ווייניקסטנס, דרײַ.

1) מע האָט איבערגעריסן אויף לענינישן פּרינציפּ פון פרײַוויליקייט באַם בויען די קאָלווירטן. מע האָט איבערגעריסן אויף די גרונט־אָנווײַ־זונגען פון דער פּאַרטיי און אויפן מוסטער־סטאַטוט פונעם לאַנדווירטשאַפט־לעכן אַרטעל וועגן דער פרײַוויליקייט פון דער קאָלווירטישער בויונג.

דער לענינים לערנט, אַז די פּויערים דאַרף מען איבערפירן אויף די רעלסן פון קאָלעקטיווער ווירטשאַפט אין סדר פון פרײַוויליקייט, דורכן איבערצײַגן אין די מעלות פון דער געזעלשאַפטלעכער, קאָלעקטיווער ווירטשאַפט לעגאַבע דער אינדיווידועלער ווירטשאַפט. דער לענינים לערנט, אַז איבערצײַגן די פּויערים אין די מעלות פון דער קאָלעקטיווער ווירט־שאַפט קאָן מען בלויז אין דעם פאַל, אויב מע וועט זיי באַווײַזן און דערווײַזן אין דער ווירקלעכקייט, אויף דער דערפאַרונג, אַז דער קאָל־ווירט איז בעסער פון דער אינדיווידועלער ווירטשאַפט, אַז ער איז לוי־נעוודיקער פון דער אינדיווידועלער ווירטשאַפט, אַז דער קאָלווירט גיט דעם אָרעם־און מיטלפויער אן אויסוועג פון דער נויט און אָרעמקייט. דער לענינים לערנט, אַז אויסער די דאָזיקע באַדינגונגען קאָנען די קאָלווירטן ניט זײַן קיין פעסטע. דער לענינים לערנט, אַז יעדער פרווו אָנצובינדן מיט קראַפט די קאָלווירטישע ווירטשאַפט, יעדער פרווו אײַנצופלאַנצן קאָל־ווירטן אין סדר פון צוואַנג קאָן געבן בלויז נעגאַטיווע רעזולטאַטן, קאָן בלויז אָפּשטויסן די פּויערים פון דער קאָלווירטישער באַוועגונג.

און ווירקלעך, קאָלזמאַן אָט־דער גרונט־כלל איז אָפּגעהיט געוואָרן, האָט די קאָלווירטישע באַוועגונג געגעבן איין דערפאָלג נאָכן צווייטן. אָבער איינקע אונדזערע כאַווירים, פאַרשיכּורט פון די דערפאָלגן, האָבן אָנגע־הויבן מיט ביטל זיך באַציִען צו דעם דאָזיקן כלל, האָבן אָנגעהויבן צו־פיל זיך צוײַלן און, אין יאָגעניש נאָך אַ הויכן פּראָצענט קאָלעקטיוויזאַ־ציע, האָבן זיי אָנגעהויבן אײַנפלאַנצן קאָלווירטן אין אַ צוואַנג־סדר. ס'איז ניט קיין וווּנדער, וואָס די נעגאַטיווע רעזולטאַטן פון אַזאַ „פּאָליטיק״ האָבן ניט פאַרזאַמט צו קומען. די אַפּגיך אופגעקומענע קאָלווירטן האָבן אָנגעהויבן פונקט אַזוי שנעל צערונען ווערן, ווי שנעל זיי זײַנען אופגע־

קומען, און א טייל פויערטום, וואָס האָט זיך נאָך נעכטן באצויגן צו די קאָלווירטן מיט אומגעהייערן צוטרוי, האָט אָנגעהויבן אָפּצוקערן זיך פון זיי.

דערין באשטייט דער ערשטער און וויכטיקסטער פעלער אין דער קאָלווירטישער באוועגונג.

אָט וואָס לענין זאָגט מיקויעך דער פרייוויליקייט פון דער קאָלווירטישער בויונג:

„איצט איז אונדזער אופגאבע — דער איבערגאנג צום געזעלשאפטלעכן באארבעטן די ערד, דער איבערגאנג צו דער גרויסער אלגעמיינערווירטשאפט. אָבער קיין שום צוואנג מיצאד דער ראטנמאכט קאָן ניט זיין; קיין שום געזעץ צווינגט ניט דערצו. די לאנדווירטשאפטלעכע קאָמונע גרינדעט זיך פרייוויליק, דער איבערגאנג צום געזעלשאפטלעכן באארבעטן די ערד קאָן זיין בלויז א פרייוויליקער, קיין שום מינדסטער צוואנג אינעם דאָזיקן פראט מיצאד דער ארבעטער-פויערישער רעגירונג קאָן ניט זיין און ווערט דורכן געזעץ ניט דערלאָזט. אויב ווער-עס-איז פון אייך זאָל אזא צוואנג באמערקן, דארפט איר וויסן, אז דאָס איז א מיסברויך, אז דאָס הייסט איוועער זיין אפן געזעץ, וואָס מיר באמיען זיך מיט אלע קרעפטן צו פאריכטן און וועלן פאריכטן“ [1] (ב. XXIV, ז. 43)

וויַיטער:

„בלויז אין דעם פאל, ווען ס'וועט זיך איינגעבן אין דער ווירקלעכקייט צו באווייזן די פויערים די מייַלעס פונעם געזעלשאפטלעכן, קאָלעקטיוון, געמיינשאפטלעכן, ארטעלישן באארבעטן די ערד, בלויז ווען עס וועט זיך איינגעבן צו העלפן דעם פויער, מיט דער הילף פון דער געמיינשאפטלעכער, ארטעלישער ווירטשאפט, — בלויז דאן וועט דער ארבעטער-קלאס, וואָס האלט אין זיינע הענט די מעלוכישע מאכט, ווירקלעך דערווייזן דעם פויער זיין גערעכטקייט, ווירקלעך צוציען אפ זיין זייט פעסט און אפרערעמעסן די פילמיליאָניקע פויערשע מאסע. דעריבער טאָר מען ניט איבערטרייבן די באדייטונג פון די קאָלערליי אונטערנעמונגען צו מיטווירקן דער געמיינשאפטלעכער, ארטעלישער ערד-ארבעט. מיר האָבן מיליאָנען צעוואָרפענע, אין די פארוואָרפנסטע ווינקלען צעשטויבטע דערפער, באזונדערע ווירטשאפטן... בלויז ווען עס וועט פראקטיש, אפ דער דערפארונג, וואָס איז נאָענט פאר די פויערים, דערוויזן ווערן, אז דער איבערגאנג צו געמיינשאפטלעכער, ארטעלישער ערד-ארבעט איז נייטיק און מעגלעך, בלויז דאן וועלן מיר רעכט האָבן צו זאָגן, אז אין אזא קאָלאָסאל פויערישלאנד, ווי רוסלאנד, איז געמאכט געוואָרן אן ערנסטער שריט אפן וועג צו דער סאָציאליסטישער ערד-ארבעט“ [1] (ב. XXIV, ז. 579—580).

צולעצט, נאָך איין אָרט פון לענינס ווערק:

„שטיצנדיק די קאָלערליי געזעלשאפטן, ווי אויך די לאנדווירטשאפטלעכע קאָמונעס פון די מיטלפויערים, דארפן די פאָרשטייער פון דער ראטנמאכט ניט דערלאָזן קיין מינדסטן צוואנג באם שאפן אזעלכע. בלויז יענע פארייניקונגען האָבן א ווערט, וואָס זיינען געשאפן געוואָרן דורך די פויערים גופע, לויט זייער פרייער איניציאטיוו און וואָס זייער נוצן איז דורך די פויערים דורכגעקאָנטראָלירט אין דער פראקטיק. איבעריקע

1 מיין קורסיוו. י. ס ט.

איילעניש אין דעם איניען איז שעדלעך, ווייל זי קאָן בלויז פאַרשטאַרקן די פאָרורטיילן פונעם מיטלפּויערטום קעגן די נייע אופטועס. יענע פאַרשטייער פון דער ראַטנמאַכט, וואָס דערלויבן זיך אָנצווענדן ניט בלויז אַ דירעקטן, נאָר אַפילו אַן אומדירעקטן צוואַנג, מיטן צוועק אָנצושליסן די פּויערים צו די קאָמונעס, דאַרף מען צוציִען צו דער שטרענגסטער פאַראַנטוואָרטלעכקייט און זיי באַזייטיקן פון דער אַרבעט אין דאָרף"[1] (ב. XXIV, ז. 174).

דאַכט זיך, קלאָר.

ס'איז קוים נייטיק צו דערווייזן, אַז די פּאַרטיי וועט אָט-די לענינס אָנווייזונגען דורכפירן מיט דער גאַנצער שטרענגקייט.

2) מע האָט איווער געווען אַפן לענינשן פּרינציפּ וועגן דיסקאָנטירן די פאַרשיידנאַרטיקייט פון די באַדינגונגען אין פאַרשיידענע ראַיאָנען פון פּססר בענעגייע צו דער קאָלווירטישער בויונג. מע האָט פאַרגעסן, אַז אין פּסספּ זיינען פאַראַן די סאַמע פאַרשיידנאַרטיקע געגנטן מיט אַ פאַרשיידענעם עקאָנאָמישן טיפּ און קולטור-ניוואָ. מע האָט פאַרגעסן, אַז צווישן די דאָזיקע געגנטן זיינען פאַראַן פאָרגעשריטענע, מיטעלע און אָפּגעשטאַנענע געגנטן. מע האָט פאַרגעסן, אַז די טעמפּן פון דער קאָלווירטישער באַוועגונג און די מעטאָדן פון דער קאָלווירטישער בויונג קאָנען ניט זיין אַלציינע פאַר די דאָזיקע, ווייט ניט אַלציינע געגנטן.

„עס וואָלט געווען אַ פעלער, — זאָגט לענין, — ווען מיר זאָלן פּאָשעט לויט אַ שאַבלאָן אַראָפּשרייבן די דעקרעטן פאַר אַלע ערטער פון רוסלאַנד, ווען די באָלשעוויקעס-קאָמוניסטן, די סאָוועטישע טוער אין אוקראַינע און אַפן דאָן, זאָלן, ניט פאַנאַנדערקלייבנדיק זיך, פאַרשפּרייטן זיי אָהולנע אַף אַנדערע געגנטן"... ווייל „מיר פאַרבינדן זיך ניט בעשומויפן מיט אַן איינאַרטיקן שאַבלאָן, מיר באַשטימען ניט איינמאָל פאַר אַלעמאָל, אַז אונדזער דערפאַרונג, די דערפאַרונג פון צענטראַל-רוסלאַנד, קאָן מען אינגאַנצן אַריבערטראָגן אַף אַלע ראַנד-געגנטן" (ב. XXIV, ז. 125—126).

לענין זאָגט ווייטער, אַז:

„עס וואָלט געווען די גרעסטע נאַרישקייט צו שאַבלאָניזירן, אונטערצוואַרפן אונטער אַ באַשטימטן שאַבלאָן צענטראַל-רוסלאַנד, אוקראַינע, סיביר" (ב. XXVI, ז. 243).

ענדלעך, פאַרפליכטעט לענין די קאָמוניסטן פון קאַווקאַז, אַז זיי זאָלן:

„פאַרשטיין די איינגנאַרטיקייט פון זייער לאַגע, פון דער לאַגע פון זייערע רעפּובליקן, צום אונטערשייד פון דער לאַגע און די באַדינגונגען אין רספספר, פאַרשטיין די נייטיקייט ניט צו קאָפּירן אונדזער טאַקטיק, נאָר באַטראַכטערהייט וואַריִרן זי, צוגעפּאַסט צום אונטערשייד פון די קאָנקרעטע באַדינגונגען" (ב. XXVI, ז. 191).

---

1 מיין קורסיוו. י. סט.

דאכט זיך, קלאָר.

אפּן גרונט פון די דאָזיקע לענינס אָנווײַזונגען האָט דער צק פון אונדזער פּארטיי אין זײַן באַשטימונג „וועגן דעם טעמפּ פון דער קאָלעקטיוויזאציע" (זע „פּראַוודא" פון 6־טן יאַנוואר 1930) פּאַנאנדערגעטיילט די געגנטן פון פּססר, פון שטאַנדפּונקט פון די קאָלעקטיוויזיר־טעמפּן, אף דרײַ גרופּעס, פון וועלכע צאָפּן־קאַווקאַז, מיטלוואָלגע און נידערוואָלגע קאָנען אין גרונט פאַרענדיקן די קאָלעקטיוויזאציע פרילינג 1931 יאָר, אנדערע טוווע־געגנטן (אוקראַינע, די צענטראַלע שווארצערדישע געגנט, סיביר, אוראַל, קאַזאַקסטאַן אאַוו.) קאָנען זי אין גרונט פאַרענדיקן פרילינג 1932 יאָר, און די איבעריקע געגנטן קאָנען צעציִען די קאָלעקטיוויזאציע ביזן סאָף פינפיאָר, דה. ביזן 1933 יאָר.

ס'איז, דאכט זיך, פאַרשטענדלעך.

און וואָס האָט זיך באַקומען אין דער ווירקלעכקײַט? עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אייניקע אונדזערע כאַווײרים, פאַרשיקערט פון די ערשטע דערפאָלגן פון דער קאָלווירטישער באַוועגונג, האָבן בעשאָלעם פאַרגעסן אי לענינס אָנווײַזונגען אי די באַשטימונג פון צק. די מאָסקווער געגנט האָט, אין פיבערהאַפטער יאָגעניש נאָך אויפגעבלאָזענע ציפערן פון דער קאָלעקטיוויזאציע, אָנגעהויבן צו אָריענטירן אירע טוער אף צו פאַר־ענדיקן די קאָלעקטיוויזאציע אין פרילינג 1930 יאָר, האגאָמ זי האָט געהאַט אין איר רעשוס ניט ווייניקער פון דרײַ יאָר (סאָף 1932 יאָר). די צענטראַלע שווארצערדישע געגנט, ניט וועלנדיק „אָפּשטיין פון אנדערע", האָט אָנגע־הויבן אָריענטירן אירע טוער אף צו פאַרענדיקן די קאָלעקטיוויזאציע צו דער ערשטער העלפט פון 1930 יאָר, האַנאָמ זי האָט געהאַט אין איר רע־שוס ניט ווייניקער, ווי צוויי יאָר (סאָף 1931 יאָר). און די טראַנסקאַווקאַ־זער און טורקעסטאַנער, אין זייער איימפּעט צו „דעריאָגן און אַריבעריאָגן" די פאָרגעשריטענע ראַיאָנען, האָבן זיך אָנגעהויבן אָריענטירן אף צו פאַר־ענדיקן די קאָלעקטיוויזאציע אין דעם „קורצסטן טערמין", האגאָמ זיי האָבן געהאַט אין זייער רעשוס גאַנצע פיר יאָר (סאָף 1933 יאָר). פאַרשטענדלעך, אַז בא אַזא בלִיצשנעלן „טעמפּ" פון דער קאָלעקטיוויזאציע זײַנען די ראַ־יאָנען, די ווייניקער צוגעגרייטע צו דער קאָלווירטישער באַוועגונג, אין זייער איימפּעט „אַריבערצויאָגן" די מער צוגעגרייטע ראַיאָנען, געווען גע־צוווּנגען צו לאָזן אין גאַנג אַ פאַרשטאַרקטן אַדמיניסטראַטיוון דרוק, זיי האָבן זיך געפּרווט קאָמפּענסירן די פאַקטאָרס, וואָס האָבן אויסגעפעלט פאַר אַ שנעלן טעמפּ פון דער קאָלווירטישער באַוועגונג, מיט זייער אייגענער אַדמיניסטראַטיווער היצ. די רעזולטאַטן זײַנען באַוווּסט. ס'איז אַלעמען באַ־וווּסט דער מישמאַש, וואָס האָט זיך באַקומען אין די דאָזיקע געגנטן און

וועלכן עס איז נאָכדעם אויסגעקומענ פאנאנדערצופלאָנטערנ דורכ אנ אריינ־מישונג פונ צק.

דערינ באשטייט דער צווייטער פעלער אינ דער קאָלווירטישער באווע־גונג.

3) מע האָט אויווער געוועג אפנ לעניניש פרינציפ וועגנ דער אומ־דערלאָזבארקייט אריבערצושפרינגענ איבער דער ניט-פארענדיקטער פאָרמ פונ דער באוועגונג אינ דער אָנווענדונג צו דער קאָלווירטישער בויונג. מע האָט אויווער געוועג אפנ לענינישנ פרינציפ — ניט אריבערצויאָגנ די אנטוויקלונג פונ די מאסנ, ניט דעקרעטירנ די באוועגונג פונ די מאסנ, ניט אָפרייסנ זיכ פונ די מאסנ, נאָר באוועגנ זיכ צוזאמענ מיט די מאסנ און באוועגנ זיי פאָרויס, צופירנדיק זיי צו אונדזערע לאָזונגענ און פאר־לייכטערנדיק פאר זיי צו איבערצייגנ זיכ אפ זייער אייגענער דערפארונג אינ דער ריכטיקייט פונ אונדזערע לאָזונגענ.

„ווענ דער פעטראָגראדער פראָלעטאריאט און די סאָלדאטנ פונ פעטראָגראדער גארניזאָנ האָבנ גענומענ די מאכט, — זאָגט לענינ, — האָבנ זיי אויסגעצייכנט געוווסט, אז פאר דער בויונג אינעמ דאָרפ וועלנ זיכ באגעגענענ גרויסע שוועריקייטנ, אז דאָ דארפ מענ גייג מער שטופנווייז, אז דאָ פרוּוון זיכ מיט דעקרעטנ, געזעצגעבערישע אקטנ איינ־פירנ א געזעלשאפטלעכע ערד־באארבעטונג וואָלט געווענ די גרעסטע אומ־געלומפערטקייט, אז דערופ האָט געקאָנט איינגייג א נישטיקע צאָל באוווסטזיניקע, אָבער די קאָלאָסאלע מערהייט פויערימ האָט הי דאָזיקע אופגאבע ניט געשטעלט. און דעריבער האָבנ מיר זיכ באגרענעצט דערמיט, וואָס עס איז אבסאָליוט נייטיק אינ די אינטערעסנ פונ דער אנטוויקלונג פונ דער רעוואָליוציע: אינ קיינ פאל ניט אריבעריאָגנ די אנטוויק־לונג פונ די מאסנ, נאָר אויסווארטנ, ביז פונ דער אייגענער דערפארונג פונ די דאָזיקע מאסנ, פונ זייער אייגענעמ קאמפ וועט אויסוואקסנ די באוועגונג פאָרויס“[1] (ב. XXIII, ז. 252).

ארויסגייענדיק פונ די דאָזיקע לענינס אָנווייזונגענ, האָט דער צק אינ זיינ באוווסטער באשטימונג „וועגנ דעמ טעמפ פונ דער קאָלעקטיוויזאציע“ (זע „פראוודא“ פונעמ 6-טנ יאנוואר 1930 יאָר) אנערקענט, אז א) די הויפט־פאָרמ פונ דער קאָלווירטישער באוועגונג איז אינעמ געגעבענעמ מאָמענט דער לאנדווירטשאפטלעכער ארטעל, אז ב) נעמענדיק דאָס אינ אכט, איז נייטיק אויסארבעטנ א מוסטער-סטאטוט פונ א לאנדווירטשאפטלעכנ ארטעל, אלס הויפט־פאָרמ פונ דער קאָלווירטישער באוועגונג, אז ג) מע טאָר ניט דערלאָזנ אינ אונדזער פראקטישער ארבעט קיינ „דעקרעטירנ“ די קאָלווירטישע באוועגונג פונ אויבנ, קיינ „שפיל אינ קאָלעקטיוויזאציע“.

דאָס הייסט, אז איצט דארפנ מיר האלטנ א קורס ניט אפ דער קאָ־

[1] מייג קורסיוו. י. ס ט.

מונע, נאָר אפנ לאנדווירטשאפטלעכנ ארטעל, אלס הויפט-פאָרם פונ דער קאָלווירטישער בויונג, אז מע טאָר ניט דערלויבנ אריבערצושפּרינגענ איבערנ לאנדווירטשאפטלעכנ ארטעל צו דער קאָמונע, אז מע טאָר ניט פארבייטנ די מאסעווע באוועגונג פונ די פויערים צו די קאָלווירטנ מיט „דעקרעטירנ" קאָלווירטנ, מיט א „שפּיל אינ קאָלווירטנ".

דוכט זיכ, קלאָר.

און וואָס האָט זיכ באקומענ אינ דערווירקלעכקייט? עס האָט זיכ ארויסגעוויזנ, אז אייניקע כאוויירים אונדזערע, פארשיקערטע פונ די ערשטע דערפאָלגנ פונ דער קאָלווירטישער באוועגונג, האָבנ בעשאָלעם פארגעסנ אי וועגנ לענינס אָנווייזונגענ אי וועגנ דער באשטימונג פונ צק. אָנשטאָט צו אָרגאַניזירנ א מאסנ־באוועגונג פארנ לאנדווירטשאפטלעכנ ארטעל האָבנ די דאָזיקע כאוויירים אָנגעהויבנ „אריבערצופירנ" די אינדיווידועלע פויערים דירעקט אפנ סטאטוט פונ א קאָמונע. אָנשטאָט צו פארפעסטיקנ די ארטעל-פאָרם פונ דער באוועגונג האָט מענ אָנגעהויבנ אפּ א צוואנג־אויפנ צו „פארגעזעלשאפטלעכנ" דאָס קליינפי, די אויפעס, די ניט-סכוירעדיקע מילכ־פי, די וווינונג־געביידעס. די רעזולטאטנ פונ דער דאָזיקער אייַלעניש, וואָס איז אומדערלאָזבאר פאר א לעניניסט, זייַנענ איצט אלעמענ באוווסט. קיינ שטאנדהאפטיקע קאָמונעס האָט מענ, אלס קלאל, פארשטייט זיכ, ניט געשאפנ. דערפאר אָבער האָט מענ ארויסגעלאָזט פונ דער האנט א ריי לאנדווירטשאפטלעכע ארטעלנ. עמעס, עס זייַנענ געבליבנ „גוטע" רעזאָלוציעס. אָבער וואָס פאר א טאָלק קומט ארויס דערפונ?

דערינ באשטייט דער דריטער פעלער אינ דער קאָלווירטישער באוועגונג.

**דריטע פראגע.** וויאַזוי האָבנ געקאָנט אנטשטיינ די דאָזיקע פעלערנ און וויאַזוי דארפ די פארטיי זיי פאריכטנ?

**ענטפער.** זיי זייַנענ אנטשטאנענ אפנ גרונט פונ אונדזערע שנעלע דערפאָלגנ אינ געביט פונ דער קאָלווירטישער באוועגונג. דערפאָלגנ פארדרייענ צומאָל דעם קאָפּ. זיי רופנ ניט זעלטנ ארויס איבערגעטריבענע זעלבסטמיינונג און גייַווע. דאָס קאָנ באזונדערס לייַכט טרעפנ מיט פאָרשטייער פונ א פארטיי, וועלכע שטייט בא דער מאכט. באזונדערס פונ אזא פארטיי, ווי אונדזער פארטיי, וואָס איר קראפט און אווטאָריטעט איז קימאט ניט אויסצומעסטנ. דאָ זייַנענ פולקום מעגלעכ פאקטנ פונ קאָמגייַווע, קעגנ וועלכע עס האָט מיט אזא פארביסנקייט געקעמפט לענינ. דאָ איז פולקום מעגלעכ א גלויבנ אינ דער אלמעכטיקייט פונעמ דעקרעט, פונ דער רעזאָלוציע, פונ דער פאראָרדענונג. דאָ איז פולקום רעאל די געפאר, אז די רעוואָליוציאָנערע מאָסמיטלענ פונ דער פארטיי זאָלנ פארוואנדלט ווערנ אינ

פּוסטער, טשינאָווניקישער דעקרעטירונג מיצאַד איינצלנע פאָרשטייער פונ דער פאַרטיי אינ די אָדער יענע ווינקלען פונ אונדזער אומגעהייער גרויס לאַנד. איכ מיינ דאָ ניט בלויז די אָרטיקע טוער, נאָר אויכ באַזונדערע געגנטלעכע טוער, נאָר אויכ באַזונדערע מיטגלידער פונ צק. „קאָמוניסטישע גיווע,—זאָגט לענינ,—הייסט דאָס, וואָס א מענטש, וועלכער איז א מיטגליד פונ דער קאָמוניסטישער פאַרטיי אונ איז נאָכ פונ דאָרט ניט אויסגעריינקט געוואָרנ, שטעלט זיכ פאָר, אַז אַלע זײַנע אופגאַבנ קאָנ ער לייזנ דורכנ קאָמוניסטישער דעקרעטירונג" (ב. XXVII, ז. 50 — 51).

אָט אפ וואָס פאַר א באָדנ עס זײַנענ אַנטשטאַנענ די פעלערנ אינ דער קאָלווירטישער באַוועגונג, די פאַרקריפּלונגענ פונ דער פאַרטיי-ליניע אינ דער קאָלווירטישער בויונג.

אינ וואָס באַשטייט די געפאַר פונ די דאָזיקע פעלערנ אונ פאַרקריפּלונגענ, אויב זיי וועלנ דויערנ אויכ ווײַטער, אויב מע וועט זיי ניט ליקווידירנ שנעל אונ ביזנ סאָפ?

די געפאַר באַשטייט דאָ דערינ, וואָס זיי, די דאָזיקע פעלערנ, פירנ אונדז מיט א דירעקטנ וועג צום אַנטקרוינענ די קאָלווירטישע באַוועגונג, צו אַנ איינרײַס מיטנ מיטלפויער, צום דעזאָרגאַניזירנ די אָרעמשאַפט, צו א צעטומלעניש אינ אונדזערע רייענ, צום אָפּשוואַכנ אונדזער גאַנצע סאָציאַליסטישע בויונג, צום אופשטעלנ צוריק דאָס באַלעבאָפּנטום. קורצ גערעדט, די דאָזיקע פעלערנ האָבנ א טענדענצ אַראָפּצושטויסנ אונדז פונעם וועג פונ פאַרפעסטיקנ דעמ בונד מיט די גרונט-מאַסנ פונעמ פויערטום, פונעם וועג פונ פאַרפעסטיקנ די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור אפ א וועג פונ אַנ איינרײַס מיט די דאָזיקע מאַסנ, אפנ וועג פונ אַרונטעררײַסנ די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור.

די דאָזיקע געפאַר האָט זיכ אָנגעמערקט שוינ אינ דער צווייטער העלפט פעווראַל, פּונקט אינ יענעם מאָמענט, ווענ א טייל אונדזערע כאַווירים, וואָס איז געווענ פאַרבלענדט פונ די פּאָריקע דערפאָלגנ, האָט זיכ גאַלאָפּ געטראָגנ אָנ א זײַט פונ דעמ לענינישנ וועג. דער צק פונ אונדזער פאַרטיי האָט דיסקאָנטירט די דאָזיקע געפאַר, האָט זיכ טייקעפ אַרײַנגעמישט אינ דער זאַכ, האָט באַופטראָגט סטאַלינענ צו וואָרענענ די פאַרטייסענע כאַווירימ אינ א ספּעציעלנ אַרטיקל וועגנ דער קאָלווירטישער באַוועגונג. אייניקע מיינענ, אַז דער אַרטיקל „קאָפּשווינדל פונ דערפאָלגנ" איז א רעזולטאַט פונ סטאַלינס פּערזענלעכער איניציאַטיוו. דאָס איז, פאַרשטייט זיכ, א נאַרישקײַט. ניט דערופ עקזיסטירט בא אונדז א צק, אַז ער זאָל דערלאָזנ אינ אַזא איניקע וועמעס-ניט-איז פּערזענלעכע איניציאַטיוו. דאָס איז געווענ א טיפע אויסשפּירונג פונעמ צק. אונ ווענ עס זײַנענ קלאָר געוואָרנ די טיפ אונ דער פאַרנעם פונ די פעלערנ, האָט דער צק אומפאַרזאַמט

א קלאַפּ געטאָן איבער די פּעלערן מיט דער גאַנצער קראַפט פֿון זײַן אויטאָריטעט און האָט פֿאַרעפֿנטלעכט זײַן באַרימטע באַשטימונג פֿונעם 15-טן מאַרט 1930 יאָר.

ס'איז שווער אָפּצושטעלן אין ווילדן געלויף און א קער טאָן אַפֿן ריכטיקן וועג מענטשן, וואָס פֿליִען מיט דער גאַנצער קראַפֿט צום אָפּגרונט. אָבער אונדזער צק רופט זיך טאַקע דערפֿאַר צענטראַלער קאָמיטעט פֿון דער לעניניסטער פּאַרטיי, ווײַל ער קאָן בײַקומען ניט נאָר אַזעלכע שוועריקײַטן. און ער איז שוין אין גרונט בײַגעקומען די דאָזיקע שוועריקײַטן.

אין אַזעלכע פֿאַלן איז שווער פֿאַר גאַנצע פּאַרטיי-אָטריאַדן אָפּצושטעלן זייער געלויף, באַצײַטנס א קער טאָן אַפֿן ריכטיקן וועג און איבערבויען זייערע רייען אין גאַנג. אָבער אונדזער פּאַרטיי רופט זיך טאַקע דערפֿאַר לענינס פּאַרטיי, ווײַל זי פֿאַרמאָגט גענוג בייגעוודיקײַט צו בײַקומען אַזעלכע שוועריקײַטן. און אין גרונט איז זי שוין די דאָזיקע שוועריקײַטן בײַגעקומען.

דער איקער באַשטייט דאָ אין דעם, אז מע זאָל אַרויסווײַזן מוט צו אָנערקענען די אייגענע פּעלערן און געפֿינען אין זיך קויכעס זיי צו ליקווידירן אין קירצסטן טערמין. די מוירע צו אָנערקענען די אייגענע פּעלערן, נאָך דער פֿאַרשיקערטקײַט פֿון די ניטלאַנגאָניקע דערפֿאָלגן, די מוירע פֿאַר זעלבסטקריטיק, דאָס ניט־ווען גיך און אַנטשיידן פֿאַריכטן די פּעלערן — דערין באַשטייט די הויפּט־שוועריקײַט. מע דאַרף נאָר בײַקומען די דאָזיקע שוועריקײַט, מע דאַרף נאָר אָפּוואַרפֿן די צעבלאָזענע ציפֿער־אויפֿגאַבן און דעם קאַנצעליאַריש־ביוראָקראַטישן מאַקסימאַליזם, מע דאַרף נאָר איבערשפּיסן די אויפֿמערקזאַמקײַט אַף די אויפֿגאַבן פֿון דער אָרגאַניזאַציאָנעל־ווירטשאַפֿטלעכער בויונג פֿון די קאָלווירטן, כדי פֿון די פּעלערן זאָל אַפֿילע קיין סימען ניט בלײַבן. עס איז ניטאָ קיין שום גרונט צו צווייפֿלען, אז די פּאַרטיי איז שוין אין טאָך בײַגעקומען די דאָזיקע געפֿערלעכע שוועריקײַט.

„אַלע רעוואָליוציאָנערע פּאַרטייען, — זאָגט לענין, — וואָס זײַנען ביז איצט אומגעקומען, זײַנען אומגעקומען דערפֿון, וואָס זיי האָבן זיך פֿאַריסן און האָבן ניט געקאָנט זען, אין וואָס עס באַשטייט זייער קראַפֿט, און זיי האָבן מוירע געהאַט צו ריידן וועגן זייערע אייגענע שוואַכקײַטן. מיר אָבער וועלן ניט אומקומען, ווײַל מיר האָבן ניט מוירע צו ריידן וועגן אונדזערע שוואַכקײַטן, און מיר וועלן זיך אויסלערנען בײַצוקומען די שוואַכקײַט"[1] (ב. XXVII, ז. 260—261).

די דאָזיקע ווערטער לענינס טאָר מען ניט פֿאַרגעסן.

[1] מײַן קורסיוו. י. ס ט.

פערטע פראגע. צי איז דער קאמף קעגן די פארקריפלונגען פון דער פארטיי־ליניע ניט קיין טראָט אפ צוריק, ניט קיין צוריקטריט?

ענטפער. ס'פארשטייט זיך, אז ניין! וועגן א צוריקטריט קאָנען דאָ ריידן בלויז מענטשן, וואָס האלטן דאָס פאָרזעצן די פעלערן און פארקריפלונגען פאר אן אָנגריף, און דעם קאמף קעגן די פעלערן — פאר א צוריקטריט. אָנגרייפן אין סיידער פון אָנוואלגערן פעלערן און פארקריפלונגען — א פיינער „אָנגריף", ניטאָ וואָס צו ריידן.

מיר האָבן ארויסגערוקט דעם לאנדווירטשאפטלעכן ארטעל אלס גרונטפאָרם פון דער קאָלווירטישער באוועגונג אינעם געגעבענעם מאָמענט, און געגעבן דעם געהעריקן מוסטער-סטאטוט אלס אָנפירונג אין דער ארבעט פון דער קאָלווירטישער בויונג. צי טרעטן מיר אָפּ פון דער דאָזיקער זאך? פארשטייט זיך, אז ניט!

מיר האָבן ארויסגערוקט די פארפעסטיקונג פונעם פראָדוצירישן צוזאַמענשלוס צווישן דעם ארבעטער־קלאס און דער אָרעמשאפט מיטן מיטלפויער אלס באזע פאר דער קאָלווירטישער באוועגונג אינעם געגעבענעם מאָמענט. צי טרעטן מיר אָפּ פון דער דאָזיקער זאך? פארשטייט זיך, אז ניט!

מיר האָבן ארויסגערוקט דעם לאָזונג צו ליקווידירן דאָס באלעבאטישפּונטום אַלס קלאס, אלס הויפט-לאָזונג פאר אונדזער פראקטישער ארבעט אין דאָרף אינעם געגעבענעם מאָמענט. צי טרעטן מיר אָפּ פון דער דאָזיקער זאך? פארשטייט זיך, אז ניט!

מיר האָבן נאָך אין יאנוואר 1930 יאָר גענומען א געוויסן טעמפּ פון קאָלעקטיוויזירן די לאנדווירטשאפט אין פסםר, איינטיילנדיק די געגנטן פון פסםר אין געוויסע גרופּעס און באשטימענדיק פאר יעדער גרופּע א באזונדערן טעמפּ. צי טרעטן מיר אָפּ פון דער דאָזיקער זאך? פארשטייט זיך, אז ניט!

איז ווו זשע איז דאָ דער „צוריקטריט" פון דער פארטיי?

מיר ווילן, אז די מענטשן, וואָס האָבן דערלאָזט פעלערן און פארקריפלונגען, זאָלן אָפּטרעטן פון זייערע פעלערן. מיר ווילן, אז די קרומע קעפּ זאָלן אָפּטרעטן פון זייער קרומקעפּיקייט אפ די פּאָזיציעס פונעם לעניניזם. מיר ווילן דאָס, ווייל בלויז בא אזא באדינג וועט מען קאָנען פאָרזעצן דעם ווירקלעכן אָנגריף אפ אונדזערע קלאסן-סאָנים. צי באטייט עס אָבער, אז מיר מאכן דערמיט א גאנג אפ צוריק? פארשטייט זיך, אז ניט! דאָס באטייט בלויז, אז מיר ווילן פירן א ריכטיקן אָנגריף, און ניט קיין קרומקעפּיקע שפּיל אין אָנגריף.

איז דען ניט קלאָר, אז בלויז טשודאקעס און „לינקע" פארבייגלערס קאָנען אָפּשאצן אזא איינשטעלונג פון דער פארטיי ווי א צוריקטרים?

מענטשנ, וואָס פּלאַפּלענ וועגנ צוריקטריט, פאַרשטייענ ניט וויניקסטנס צוויי זאַכנ:

1) זיי ווייסנ ניט די געזעצנ פונ אָנגריפ. זיי פאַרשטייענ ניט, אז אנ אָנגריפ אָנ פאַרפעסטיקנ די דעראָבערטע פּאָזיציעס איז אנ אָנגריפ, וואָס איז פאַרורטיילט אפּ א דורכפאַל. ווענ קאָנ זײַנ א דערפאָלגרײַכער אָנגריפ, לאָמיר זאָגנ, אינעמ געביט פונ קריג-ווּעזנ? ווענ מענטשנ באַנוגענ זיכ ניט מיט סטאַמ רוקנ זיכ פאָרויס, נאָר ווענ זיי באַמיִענ זיכ גלײַכצײַטיק צו פאַרפעסטיקנ די פאַרכאַפּטע פּאָזיציעס, צו איבערגרופּירנ זייערע קויכעס אינ העסקעמ מיט דער געענדערטער סיטואַציע, אונטערצוציִענ דאָס הינטערלאַנד, אונטערצופירנ די רעזערוונ. צוליב וואָס איז דאָס אַלצ נייטיק? קעדיי צו גאַראַנטירנ זיכ פונ אומגערירכטקײַטנ, צו ליקווידירנ די איינצלנע דורכרײַסנ, וואָס פונ זיי איז ניט גאַראַנטירט קיינ איינ אָנגריפ, אַזויאַרומ, די פולשטענדיקע ליקווידאַציע פונעמ סוינע. דער פעלער פונעמ פּוילישנ מיליטער אינ 1920 יאָר, אויב מיר וועלנ נעמענ נאָר די מיליטערישע זײַט פונ דעמ איניענ, באַשטייט אינ דעמ, וואָס עס האָט זיכ באַצויגנ מיט ביטל צומ דאָזיקנ קלאַל. דערמיט איז, אַגעוו, צו דערקלערנ דאָס, וואָס, דערקײַקלענדיק זיכ מיט איינ קלאַפּ ביז קיִעוו, זײַנענ זיי געצוווּנגענ געווענ דערנאָכ פּונקט אַזוי מיט איינ קלאַפּ זיכ אָפּקײַקלענ ביז ווארשע. דער פעלער פונעמ סאָוועטישנ מיליטער אינ 1920 יאָר, אויב מיר וועלנ ווידער טאַקע נעמענ בלויז די מיליטערישע זײַט פונ דעמ איניענ, איז באַשטאַנענ אינ דעמ, וואָס עס האָט בייס זײַנ אָנגריפ אפּ ווארשע איבערגעכאַזערט דעמ פעלער פונ די פּאָליאַקנ.

דאָס זעלבע דאַרפ מענ זאָגנ אויכ וועגנ די געזעצנ פונ אָנגריפ אפּנ פראָנט פונ קלאַסנקאַמפּ. מע קאָנ ניט פירנ קיינ דערפאָלגרײַכנ אָנגריפ צו ליקווידירנ די קלאַסנ־סאָנימ, אויב מע פאַרפעסטיקט ניט די דעראָבערטע פּאָזיציעס, אויב מע גרופּירט ניט איבער די קויכעס, אויב מע באַזאָרגט ניט דעמ פראָנט מיט רעזערוונ, אויב מע ציט ניט אונטער דאָס הינטערלאַנד אאַוו.

די גאַנצע זאַכ באַשטייט אינ דעמ, וואָס די קרומע קעפּ פאַרשטייענ ניט די געזעצנ פונ אָנגריפ. די גאַנצע זאַכ באַשטייט אינ דעמ, וואָס די פּאַרטיי פאַרשטייט זיי יאָ און פירט זיי דורכ אינ לעבנ.

2) זיי פאַרשטייענ ניט די קלאַסנ־נאַטור פונעמ אָנגריפ. זיי שרײַענ וועגנ אָנגריפ. אָבער אנ אָנגריפ אפּ וואָס פאַר א קלאַס, אינ בונד מיט וואָס פאַר א קלאַס? מיר פירנ אנ אָנגריפ אפּ די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטנ פונ דאָרפ אינ בונד מיטנ מיטלפּויער, ווײַל בלויז אַזאַ אָנגריפ

קאָן אונדז ברענגען א זיג. אָבער ווי זאָל זײַן, ווען איבער דער היציקייט פון אייניקע אָטריאַדן פון דער פּאַרטיי הייבט אָן דער אָנגריף זיך אראָפּ־גליטשן פונעם ריכטיקן וועג און גיט זיך א קער מיט זײַן שאַרף קעגן אונדזער פאַרבינדעטן, קעגן דעם מיטלפּויער? צי איז דען אונדז נייטיק יעדער אָנגריף, און ניט אַן אָנגריף אף א באַשטימטן קלאַס אין בונד מיט א באַשטימטן קלאַס? דאַן קיכאָץ האָט זיך דאָך אויך פאַרגעשטעלט, אז ער גרייפט אָן אף סאָנים, בייס ער האָט אַטאַקירט די מיל. ס'איז אָבער באַוווּסט, אז ער האָט אין דעם דאָזיקן בימכילע אָנגריף געבראָכן האַלדז און נאַקן.

ווײַזט אויס, אז דאָן-קיכאָטס לאָרבער־קרענצ לאָזן ניט שלאָפן אונדזערע „לינקע" פאַרבייגלערס.

פינפטע פראַגע. וועלכע איז בא אונדז די הויפּט-געפאַר—די רעכטע צי די „לינקע"?

ענטפער. די הויפּט-געפאַר איז בא אונדז די רעכטע. די רעכטע געפאַר איז געווען און בלײַבט בא אונדז די הויפּט־געפאַר.

צי ווידערשפּרעכט ניט די דאָזיקע האַנאָכע דעם באַוווּסטן טעזיס אין דער באַשטימונג פון צק פונעם 15־טן מאַרט 1930 יאָר וועגן דעם, אז די פעלערן און די פאַרקריפּלונגען פון די „לינקע" פאַרבייגלערס זײַנען איצט דער הויפּט־טאָרמאָז אין דער קאָלווירטישער באַוועגונג? ניין, דאָס ווידערשפּרעכט ניט. די מײַסע דערפון איז, וואָס די פעלערן פון די „לינקע" פאַרבייגלערס אין געביט פון דער קאָלווירטישער באַוועגונג זײַנען אַזעלכע פעלערן, וואָס שאַפן א גינסטיקע סיטואַציע פאַר דער פאַרשטאַרקונג און פאַרפעסטיקונג פונעם רעכטן אָפּנייג אין דער פּאַרטיי. פאַרוואָס? דערפאַר, ווײַל די דאָזיקע פעלערן שילדערן די פּאַרטיי-ליניע אין א פאַלשער שײַן,—הייסט עס, אז זיי פאַרלײַכטערן די אַרבעט צו דיסקרעדיטירן די פּאַרטיי,—הייסט עס, אז זיי פאַרלײַכטערן דעם קאַמף פון די רעכטע עלעמענטן קעגן דער פּאַרטיי-אָנפירונג. דיסקרעדיטירן די פּאַרטיי-אָנפירונג איז דער עלעמענטאַרער באָדן, וואָס בלויז אפן גרונט פון אים קאָן זיך פאַנאַנדערשפּילן דער קאַמף פון די רעכטע אָפּנייגלער קעגן דער פּאַרטיי. דעם דאָזיקן באָדן פאַר די רעכטע אָפּנייגלער גיבן די „לינקע" פאַרבייגלערס, זייערע פעלערן און פאַרקריפּלונגען. דעריבער איז, קעדיי צו קעמפן מיט דערפאָלג קעגן דעם רעכטן אָפּאָרטוניזם, דאַרף מען בײַקומען די פעלערן פון די „לינקע" אָפּאָרטוניסטן. די „לינקע" פאַרבייגלערס זײַנען אָביעקטיוו פאַרבינדעטע פון די רעכטע אָפּנייגלערס.

אָט אזא איז די אייגנאַרטיקע פאַרבינדונג צווישן דעם „לינקן" אָפּאָרטוניזם מיט דער רעכטער אָפּנייגלערײַ.

מיט דער דאָזיקער פארבינדונג דארף מען טאקע דערקלערן דעם פאקט, וואָס אייניקע „לינקע" ריידן אָפּטלעכ וועגן א בלאָק מיט די רעכטע. דער־מיט דארף מען אויכ דערקלערן די אייגנארטיקע דערשיינונג, וואָס איינ טייל „לינקאטשעס", וועלכע האָבן נאָכ נעכטן „דורכגעפירט" אן אורא־אָנ־גריפ און וועלכע האָבן זיכ געפרוווט קאָלעקטיוויזירן פסטר איינ מע־שעכ פון אוועלכע צוויי — דריי וואָכן, פאלט היינט ארייַן אינ פאסיוו־קייט, לאָזט אראָפּ די הענט און טרעט אָפּ בעשאָלעם דאס שלאכטפעלד פאר די רעכטע אָפּנייגלער, פירנדיק, אזויארום, א ליניע אפּ א ווירקלעכנ צוריקטריט (אָנ געגנדזנפּיסלעכ!) לעגאבע דעם באלעגופנטום.

די באזונדערקייט פון דעם מאָמענט, וואָס מיר לעבן איבער, באשטייט אינ דעם, וואָס דער קאמפּ קעגנ די פעלערנ פון די „לינקע" פארבייגלערס איז בא אונדז א באדינג און אנ אייגנארטיקע פאָרם פארן דערפאָלגרייכנ קאמפּ קעגנ דעם רעכטנ אָפּאָרטוניזם.

**זעקסטע פראגע.** וויאזוי דארפּ מען אָפּשאצנ דעם אָפּפאַלוס פון איינ טייל פויערים פון די קאָלווירטנ?

**ענטפער.** דער אָפּפאלוס פון איינ טייל פויערים באטייט, אז די לעצ־טע צייט איז בא אונדז אופגעקומענ א געוויסע צאָל ניט־פעסטע קאָלווירטנ, וועלכע רייניקנ זיכ איצט אָפּ פון די ניט־שטאנדהאפטיקע עלעמענטנ. דאָס באטייט, אז די אופגעבלאָזענע קאָלווירטנ וועלנ פארשווונדנ ווערנ, די פעסטע וועלנ פארבלייבנ און וועלנ פעסטער ווערנ. איכ מיינ, אז דאָס איז א גאנצ נאָרמאלע דערשיינונג. אייניקע כאוויירים פאלנ אריינ דערפון אינ פארצווייפ־לונג, פאלנ ארייַנ אינ פאניק און כאפּנ זיכ קראמפּיק אָנ די פאנאנדערגע־בלאָזענע פראָצענטנ. אנדערע האָבנ בייזע האנאָע און זאָגנ נעוויַעס אפּ א „דורכפאל" פון דער קאָלווירטישער באוועגונג. אי די אי יענע האָבנ א ביטערנ טאָעס. אי די אי יענע זייַנען ווייט פונעם מארקסיסטישנ פארשטייג דעם טאָכ פון דער קאָלווירטישער באוועגונג.

פון די קאָלווירטנ גייענ אוועק, קולדעמקאָל, די אזויגערופענע טויטע נעפּאשעס. דאָס איז אפילע ניט קיינ אוועקגאנג, נאָר אן אנטפלעקונג פון פוסטקייט. צי דארפנ מיר האָבנ טויטע נעפאשעס? געוויס, דארפנ מיר זיי ניט. איכ האלט, אז די צאָפּנ־קאווקאזער און די אוקראַינער טוענ זייער ריכטיק, ווענ זיי לאָזנ פאנאנדער די קאָלווירטנ מיט טויטע נעפאשעס און אָרגאניזירנ ווירקלעכ לעבעדיקע און ווירקלעכ שטאנדהאפטיקע קאָלווירטנ. דערפון געווינט בלויז די קאָלווירטישע באוועגונג.

צווייטנס, גייענ אוועק פון די קאָלווירטנ די פרעמדע עלעמענטנ, וואָס זייַנענ אָפּנ פייַנטלעכ צו אונדזער זאכ. ס׳איז קלאָר, אז וואָס גיכער עס וועלנ ארויסגעשמיס נ ווערנ אזעלכע עלעמענטנ, אלצ בעסער איז עס פאר דער קאָלווירטישער באוועגונג.

עס גייען, ענדלעך, אוועק עלעמענטן וואקלדיקע, וואָס מע קאָן זיי ניט אָנרופן ניט פרעמדע, ניט טויטע נפֿאשעס. דאָס זיינען די זעלביקע פּויערים, וועלכע מיר האָבן הײַנט נאָך ניט באוויזן צו איבערצײַגן אין דער גערעכטקייט פון אונדזער זאַך, אָבער וועלכע מיר וועלן זיכער איבערצײַגן מאָרגן. דער אוועקגאַנג פון אַזעלכע פּויערים שטעלט מיט זיך פאָר אַן ערנסטן, כאָטש צײַטווײַליקן, פאַרלוסט פאַר דער קאָלווירטישער באַוועגונג. דעריבער איז דער קאמף פאַר די וואקלדיקע עלעמענטן פון די קאָלווירטן איצט איינע פון די סאַמע לעבנסוויכטיקע אויפֿגאַבן פון דער קאָלווירטישער באַוועגונג.

ס'קומט אויס, אַז דער אָפּפֿאַל פון אַ טייל פּויערים פון די קאָלווירטן איז ניט בלויז אַ נעגאַטיווע דערשײַנונג. ס'קומט אויס, אַז אויף וויפֿל דער דאָזיקער אָפּפֿאַל באַפֿרײַט די קאָלווירטן פון טויטע נפֿאשעס און פון אָפֿן פרעמדע עלעמענטן, באַטײַט ער אַ געזונטן פּראָצעס פון געזונט מאַכן און פאַרפעסטיקן די קאָלווירטן.

מיט אַ חודש צוריק האָבן מיר גערעכנט, אַז מיר האָבן העכער 60 % קאָלעקטיוויזאַציע אין די טוווע־געגנטן. איצט איז קלאָר, אַז אויב מיר וועלן נעמען אין אַכט די ווירקלעכע און וויפֿל־ניט־איז שטאַנד־האַפֿטיקע קאָלווירטן, איז די דאָזיקע ציפֿער בעפֿיירעש געווען איבערגעטריבן. אויב די קאָלווירטישע באַוועגונג וועט זיך נאָכן אָפּפֿאַל פון אַ טייל פּויערים פאַרפעסטיקן אויף דער ציפֿער 40 % קאָלעקטיוויזאַציע אין די טוווע־געגנטן, — און דאָס קאָן מען זיכער פאַרווירקלעכן, — וועט עס זײַן די גרעסטע דערגרייכונג אין דער קאָלווירטישער באַוועגונג אינעם געגעבענעם מאָמענט. איך נעם די דורכשניטלעכע ציפֿער פאַר די טוווע־געגנטן, ווייסנדיק גוט, אַז מיר האָבן דערבײַ באַזונדערע ראַיאָנען פון דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאַציע מיט אַ ציפֿער פון 80—90 פּראָצ. 40 % קאָלעקטיוויזאַציע אין די טוווע־געגנטן — דאָס הייסט, אַז דעם לעבאַטכילעדיקן פינפיאָריקן פּלאַן פון קאָלעקטיוויזאַציע האָבן מיר באַוויזן אויסצופֿילן צו פֿריילינג 1930 יאָר טאָפּלט.

ווער וועט וואַגן אָפּצולייקענען דעם אנטשיידנדיקן כאַראַקטער פון דער דאָזיקער היסטאָרישער דערגרייכונג אין דער סאָציאַליסטישער אַנטוויקלונג פון פּססר?

זיבעטע פראַגע. צי טוען גוט די וואַקלענדיקע פּויערים דערמיט, וואָס זיי גייען אוועק פון די קאָלווירטן?

ענטפער. ניין, זיי טוען ניט גוט. אוועקגייענדיק פון די קאָלווירטן, גייען זיי קעגן זייערע אייגענע אינטערעסן, ווײַל בלויז די קאָלווירטן גיבן פאַר די פּויערים אַן אויסוועג פון דער נויט און פינצטערקייט. אוועקגייענ־

דיק פונ די קאָלווירטנ, שטעלנ זיי זיכ אינ אנ ערגערער לאגע, ווײַל זיי פארלירנ די להאָטעס אונ נוצנ, וואָס די ראטנמאכט גיט די קאָלווירטנ. די פעלערנ אונ די פארקריפּלונגענ אינ די קאָלווירטנ זײַנענ ניט קיינ ארגומענט פאר ארויסטרעטנ. די פעלערנ דארפ מענ פאריכטנ מיט געמיינזאמע קויכעס, בלײַבנדיק אינ קאָלווירט. די דאָזיקע פעלערנ איז דערפאר לײַכטער צו פאריכטנ, ווײַל די ראטנמאכט וועט מיט אלע קויכעס קעמפנ קעגנ זיי.

**לענינ זאָגט, אז:**

„די סיסטעמ פונ קליינווירטשאפט בא דער סכוירע־פּראָדוקציע איז ניט אימשטאנד ארויסצולייזנ די מענטשהײַט פונעמ דאלעס פונ די מאסנ אונ פונ זייער אונטערדריקונג“ (ב. XX, ז. 122).

**לענינ זאָגט, אז:**

„מיט דער קליינווירטשאפט איז ניט ארויסצוקריכנ פונ דער נויט“ (ב. XXIV. ז. 540).

**לענינ זאָגט, אז:**

„אויב מיר וועלנ זיצנ אפנ אלטנ שטייגער אינ די קליינע ווירטשאפטנ, כאָטש אפילע אלס פרײַע בירגער אפ פרײַער ערד, דראָעט אונדז סײַ ווי סײַ אנ אומפארמײַדלעכער אומקומ“ (ב. XX, ז. 417).

**לענינ זאָגט, אז:**

„בלויז מיט דער הילפ פונ געמיינזאמער, ארטעלישער, געמיינשאפטלעכער מי קאָנ מענ ארויסגיינ פונעמ טעמפּנ ווינקל, אינ וועלכנ עס האָט אונדז פארטריבנ די אימפּעריאליסטישע מילכאָמע“ (ב. XXIV, ז. 537).

**לענינ זאָגט, אז:**

„מע מוז איבערגיינ צו געמיינזאמער באארבעטונג אינ גרויסע מוסטערהאפטע ווירטשאפטנ“. ווײַל „אָנ דעמ איז אומעגלעכ ארויסצוגיינ פונ יענעמ כורבנ, פונ יענער מאמעש פארצווייפלטער לאגע, אינ וועלכער רוסלאנד געפינט זיכ“ (ב. XX, ז. 418).

**וואָס באטײַט דאָס אלצ?**

דאָס באטײַט, אז די קאָלווירטנ זײַנענ דאָס איינציקע מיטל, וואָס גיט די פּויערימ אנ אויסוועג פונ דער נויט אונ פינצטערקײַט.

ס'איז קלאָר, אז די פּויערימ טוענ ניט ריכטיק, ווענ זיי טרעטנ ארויס פונ די קאָלווירטנ.

**לענינ זאָגט, אז:**

„איר ווייסט, געוויס, אלע פונ דער גאנצער טעטיקײַט פונ דער ראטנמאכט, וואָס פאר א קאָלאָסאלע באדײַטונג מיר גיבנ צו די קאָמונעס, די ארטעלנ אונ בכלאל די אלערליי אָרגאניזאציעס, וואָס זײַנענ געווענדט צומ פארוואנדלענ, צומ ביסלעכווײַז מיטהעלפנ אָט־דער פארוואנדלונג פונ דער קליינער, אינדיווידועלער פּויערשער ווירטשאפט אינ א געזעלשאפטלעכער, געמיינשאפטלעכער אָדער ארטעלישער“ (ב. XXIV, ז. 579).

לעניב זאָגט, אז:

„די ראטנמאכט האָט געגעבנ א דירעקטנ פּאָרצוג די קאָמונעס און געמיינשאפטנ, אווקשטעלנדיק זיי אפנ ערשטנ אָרט“[1] (ב. XXIII, ז. 399).

וואָס באטייט דאָס?

דאָס באטייט, אז די ראטנמאכט וועט געבנ די קאָלווירטנ להאָטעס און פאָרצוגנ לעגאבע די אינדיווידועלע ווירטשאפטנ. דאָס באטייט, אז זי וועט געבנ די קאָלווירטנ להאָטעס אי אינ זינ פונ אויסטיילנ ערד, אי אינ זינ פונ באזאָרגנ מיט מאשינעס, טראקטערס, זריע-מאטעריאלנ אאוו., אי אינ זינ פונ פארלייכטערנ די באשטייערונג, אי אינ זינ פונ געבנ קרעדיטנ.

פארוואָס גיט די ראטנמאכט די להאָטעס און פאָרצוגנ די קאָלווירטנ?

דערפאר, ווייל די קאָלווירטנ זיינענ דאָס איינציקע מיטל אויסצולייזנ די פויערימ פונ דאלעס.

דערפאר, ווייל די פאָרצוגלעכע הילפ די קאָלווירטנ איז די סאמע ווירקעוודיקע פאָרמ פונ הילפ דער אָרעמשאפט און די מיטלפויערימ.

די טעג האָט די ראטנמאכט באשלאָסנ צו באפרייענ פונ באשטייערונג אפ צוויי יאָר דאָס גאנצע פארגעזעלשאפטלעכטע ארבעט־פי אינ די קאָלווירטנ (פערד, אָקסנ אאז.), אלע קי, כאזיירימ, שעפּסנ, אויפעס, וואָס געפינענ זיכ סיי אינעמ קאָלעקטיוונ באזיצ פונ די קאָלווירטנ סיי אינ אינדיווידועלנ באזיצ פונ די קאָלווירטניקעס.

אכוצ דעמ, האָט די ראטנמאכט באשלאָסנ צו פארלענגערנ ביז צומ סאָפ יאָר דאָס דעקנ די קרעדיט-כויוועס פונ די קאָלווירטניקעס און אראָפּצונעמענ אלע שטראָפנ און געריכט-אופמאָנונגענ, וואָס זיינענ ארופגעלייגט געוואָרנ ביזנ 1-טנ אפרעל אפ די פויערימ, וועלכע זיינענ ארייִנ אינ די קאָלווירטנ.

ענדלעכ, האָט זי באשלאָסנ אומבאדינגט צו פארווירקלעכנ דאָס קרעדיטירנ היאָר די קאָלווירטניקעס אינ א סומע פונ 500 מיליאָנ רובל.

די דאָזיקע להאָטעס וועלנ גיינ צו הילפ די פויערימ־קאָלווירטניקעס. די דאָזיקע להאָטעס וועלנ גיינ צו הילפ יענע פויערימ־קאָלווירטניקעס, וואָס האָבנ געקאָנט ביישטיינ קעגנ דעמ אָפפלוס, וועלכע האָבנ זיכ פארהארטעוועט אינעמ קאמפ קעגנ די סאָנימ פונ די קאָלווירטנ, וועלכע האָבנ אָפּגעקעמפט די קאָלווירטנ און איינגעהאלטנ אינ זייערע הענט די גרויסע פאָנ פונ דער קאָלווירטישער באוועגונג. די דאָזיקע להאָטעס וועלנ גיינ צו הילפ יענע אָרעמפויערימ און מיטלפויערימ קאָלווירטניקעס, וועלכע בילדנ

[1] מיינ קורסיוו. י. סט.

איצט דעם גרונט-קערן פון אונדזערע קאָלווירטן, וועלכע וועלן פאר־ פעסטיקן און וועלן אויספורעמען אונדזערע קאָלווירטן און וועלכע וועלן דעראָבערן פארן סאָציאַליזם מיליאָנען און מיליאָנען פויערטום. די דאָזיקע להאָטעס וועלן גיין צו הילף יענע פויערים־קאָלווירטניקעס, וועלכע בילדן איצט די גרונט־קאַדרען פון די קאָלווירטן און וועלכע פארדינען פול־ שטענדיק, אז מע זאָל זיי אָנרופן העלדן פון דער קאָלווירטישער באוועגונג.

די דאָזיקע להאָטעס וועלן ניט באקומען יענע פויערים, וואָס זייַ־ נען אוועק פון די קאָלווירטן.

איז דען ניט קלאָר, אז די פויערים באגייען א פעלער, ווען זיי גייען אוועק פון די קאָלווירטן?

איז דען ניט קלאָר, אז בלויז מיטן אומקערן זיך אין די קאָלווירטן קאָנען זיי זיכערן פאר זיך דאָס באקומען די דאָזיקע להאָטעס?

אכטע פראגע. ווי זאָל זייַן מיט די קאָמונעס, צי דארף מען זיי ניט פאנאנדערלאָזן?

ענטפער. ניין, מע דארף ניט און ס'איז ניטאָ צוליב וואָס פאנאנ־ דערצולאָזן זיי. איך רייד וועגן די ווירקלעכע און ניט וועגן די פאפירענע קאָמונעס. אין די טוווע־געגנטן פון פססר איז פאראן א ריי אויסגעצייכנטע קאָמונעס, וואָס פארדינען מע זאָל זיי דערמונטערן און אונטערשטיצן. איך מיין די אלטע קאָמונעס, וואָס האָבן דורכגעמאכט יאָרן פון ניסיוינעס און האָבן זיך פארהארטעוועט אין קאמף, פולשטענדיק בארעכטיקנדיק זייער עקזיסטענץ. וואָס איז שייַעך די נייַע קאָמונעס, וועלכע זייַנען ניט לאנג געשאפן געוואָרן, וועלן זיי קאָנען אייַנהאלטן זייער עקזיסטענץ בלויז אין דעם פאל, אויב זיי האָבן זיך אָרגאניזירט פרייַוויליק, בא דער אקטי־ ווער אונטערשטיצונג פון די פויערים, אָן א צוואנג־פארגעזעלשאפטלע־ כונג פונעם שטייגער.

דאָס שאפן און פירן די קאָמונעס — איז א קאָמפליצירטע און שווערע זאך. די גרויסע און שטאנדהאפטיקע קאָמונעס קאָנען עקזיסטירן און אנט־ וויקלען זיך בלויז דאן, ווען זיי פארמאָגן דערפארענע קאדרען און אויס־ געפרוווטע אָנפירער. דאָס בליצשנעלע אריבערפירן פון ארטעל־סטאטוס אפ א קאָמונע-סטאטוס קאָן נאָר אָפשטויסן די פויערים פון דער קאָלווירטישער באוועגונג. דעריבער דארף מען צו דער דאָזיקער זאך זיך באציִען מיט א באזונדערער ערנסטקייט און אָן שום אייַלעניש. דער ארטעל איז א לייַכטערע זאך און איז מער צוטריטלעך פארן באוווסטזייַן פון די ברייטע פויערש־ מאסן. דעריבער איז דער ארטעל אינעם געגעבענעם מאָמענט די סאמע פארשפרייטע פאָרם פון דער קאָלווירטישער באוועגונג. בלויז באגלייַך מיט דער פארשטארקונג און פארפעסטיקונג פון די לאנדווירטשאפטלעכע אר־

טעלן קאָן זיך שאפן א באַדן פאר א מאסנ־ווער באוועגונג פון די פויערים צו די קאָמונעס. דעריבער קאָן די קאָמונע, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר די העכסטע פאָרם, ווערן דער הויפט־רינג פון דער קאָלווירטישער באוועגונג ערשט אין דער צוקונפט.

נײַנטע פראגע. ווי זאָל זײַן מיטן באַלעגופנטום?

ענטפער. ביז איצט האָבן מיר גערעדט וועגן מיטלפויער. דער מיטל־פויער איז א פארבינדעטער פונעם ארבעטער־קלאס, און אונדזער פאָליטיק צו אים דארף זײַן א פרײַנטלעכע. אן אנדער זאך איז דער באַלעגוף. דער באַלע־גוף — דאָס איז א סוינע פון דער ראטנמאכט. מיט אים איז בא אונדז ניט פאראן און עס קאָן ניט זײַן קיין שאָלעם. אונדזער פאָליטיק בענוגע דעם באַלעגופנטום איז א פאָליטיק פון ליקווידירן עס אַלס קלאס. דאָס הייסט ניט, פארשטייט זיך, אז מיר קאָנען עס ליקווידירן „מיט איין קלאפ". דאָס הייסט אָבער, אז מיר וועלן פירן די זאך דערצו, אז מיר זאָלן עס ארומרינגלען און ליקווידירן.

אָט וואָס לענין זאָגט וועגן באַלעגוף:

„די באַלעגופים זײַנען די סאמע כײַישע, די סאמע גראָבע, די סאמע ווילדע עקספּלואַטאטערס, וואָס האָבן ניט איין מאָל אופגעשטעלט אין דער געשיכטע פון אנדערע לענדער די מאכט פון די פּריצים, קייסאָרים, גאלאָכים און קאפּיטאַליסטן. באַלעגופים איז פאראן מער, איידער פּריצים און קאפּיטאַליסטן. נאָר דאָך זײַנען די באַלעגופים א מינדערהײַט אין פאָלק... די דאָ־זיקע בלוטזויגערס האָבן זיך באַרײַכערט אף דער פאָלק־נויט אין דער צײַט פון מילכאָמע, זיי האָבן אָנגעקליבן טויזנטער און הונדערטער טויזנטער געלט דורכן העכערן די פרײַזן אף ברויט און אף אנדערע פּראָדוקטן. די דאָזיקע שפּינען זײַנען פעט געוואָרן אפן כעזשבן פון די דורכ דער מילכאָמע רוינירטע פויערים, אפן כעזשבן פון די הונגעריקע ארבעטער. די דאָזיקע פּיאַווקעס האָבן געטרונקען דאָס בלוט פון די ארבעטנדיקע אין זײַנען געוואָרן אַלץ רײַכער, וואָס מער ס'האָבן געהונגערט די ארבעטער אין די שטעט און אין די פאבריקן. די דאָזיקע וואמפּירן האָבן ארײַנגענומען און נעמען ארײַן צו זיך אין די הענט די פּריצישע ערד, זיי פארשקלאפן ווי־דער און ווידער די אָרעמע פויערים" (ב. XXIII, ז. 206—207).

מיר האָבן געדולדעט די דאָזיקע בלוטזויגערס, שפּינען און וואמפּירן, ביז מיר האָבן דורכגעפירט די פאָליטיק פון באגרענעצן זייערע עקספּלואַטא־טערישע טענדענצן. געדולדעט, ווײַל ס'איז ניט געווען מיט וואָס צו פאר־בײַטן די באַלעגופישע ווירטשאפט, די באַלעגופישע פּראָדוקציע. איצט האָבן מיר די מעגלעכקײַט מיט אן איבערפלוס צו פארבײַטן זייער ווירטשאפט מיט דער ווירטשאפט פון אונדזערע קאָלווירטן און ראטווירטן. דולדן ווײַטער די דאָזיקע שפּינען און בלוטזויגערס איז ניטאָ צוליב וואָס. דולדן ווײַטער די דאָזי־קע שפּינען און בלוטזויגערס, וואָס צינדן אונטער די קאָלווירטן, וואָס הארגענען די קאָלווירטישע טוער און וואָס פּרוּוון זיך ארונטערײַסן דעם פאסעוו, — הייסט גיין קעגן די אינטערעסן פון די ארבעטער און פויערים.

דעריבער דארף די פּאָליטיק פונ ליקווידירנ דאָס באַלעגופּנטום אַלס קלאַס דורכגעפירט ווערנ מיט דער גאַנצער שטאַנדהאַפטיקייט אונ אויסגעהאַלטנקייט, אַפּ וועלכער עס זײַנענ נאָר פייִיק באָלשעוויקעס.

צ ע נ ט ע פ ר א ג ע. אינ וואָס באשטייט די נאָענטסטע פראַקטישע אופּגאבע פונ די קאָלווירטנ?

ע נ ט פ ע ר. די נאָענטסטע פראַקטישע אופּגאַבע פונ די קאָלווירטנ באַשטייט אינעמ קאמפּ פארנ פארזיי, אינעמ קאמפּ פאר דער גרעסטער פארברייטערונג פונ די פארזיי-שעטעכנ, אינעמ קאמפּ פאר ריכטיק אָרגאַניזירנ דעמ פארזיי.

צו דער אופגאבע פונעמ פארזיי דארף איצט צוגעפּאַסט זײַנ אַלע אַנדערע אופגאבנ פונ די קאָלווירטנ.

דער ארבעט צו אָרגאַניזירנ דעמ פארזיי דארף איצט זײַנ אונטערגעוואָרפנ אַלע אנדערע ארבעטנ אינ די קאָלווירטנ.

דאָס הייסט, אַז די שטאַנדהאַפטיקייט פונ די קאָלווירטנ אונ פונ זייער אומפארטייִשנ אקטיוו, די פייִקייט פונ די אָנפירער פונ די קאָלווירטנ אונ פונ זייער באָלשעוויסטישנ קערנ וועלנ דורכגעקאָנטראָלירט ווערנ ניט מיט קנאקעדיקע רעזאָליוציעס אונ הויכקלינגענדיקע באגריסונגענ, נאָר מיט דער לעבעדיקער ארבעט פונ ריכטיק אָרגאַניזירנ דעמ פארזיי.

נאָר קעדיי מיט קאָוועד צו פארווירקלעכנ די דאָזיקע פראַקטישע אופגאבע, דארפ מענ א קערעווע טאָנ די אופמערקזאַמקייט פונ די קאָלווירטישע טוער צו די ווירטשאפטלעכע פראגנ פונ דער קאָלווירטישער בויונג, צו די פראגנ פונ דער אינערלעכ-קאָלווירטישער בויונג.

ביז דער לעצטער צײַט איז אינ צענטער פונ דער אופמערקזאַמקייט פונ די קאָלווירטישע טוער געשטאַנענ די יאָגעניש נאָכ הויכע ציפערנ פונ קאָלעקטיוויזאַציע, דערבײַ האָבנ מענטשנ ניט געוואָלט זענ דעמ כילעק צווישנ דער ווירקלעכער קאָלעקטיוויזאַציע אונ דער פּאַפּירענער קאָלעקטיוויזאַציע. איצט דארף אָט דאָס יאָגנ זיכ נאָכ ציפערנ אָפּגעוואָרפנ ווערנ. איצט דארף די אופמערקזאַמקייט פונ די טוער קאָנצענטרירט ווערנ אַפּ פ א ר פ ע ס ט י ק נ די קאָלווירטנ, אַפּ אָרגאַניזאַציאָנעל א ו י ס פ ו ר ע מ ע נ די קאָלווירטנ, אַפּ אָ ר ג א נ י ז י ר נ די זאכלעכע ארבעט אינ די קאָלווירטנ.

ביז דער לעצטער צײַט איז די אופמערקזאַמקייט פונ די קאָלווירטישע טוער קאָנצענטרירט געווענ אַפּנ אָרגאַניזירנ גרויסע קאָלווירטישע אייִנסנ, אַפּנ אָרגאַניזירנ די אַזויגערופענע „גיגאַנטנ", דערבײַ האָבנ די „גיגאַנטנ" ניט זעלטנ דעגענערירט ביז מעגושעמדיקע פּאַפּירענע קאָמענדאַנטורנ, וואָס האָבנ ניט קיינ ווירטשאַפטלעכע וואָרצלענ אינ די דערפער. דער אויסערלעכער גלאַנצ פונ דער ארבעט האָט אײַנגעשלונגענ, אַזויאַרום, די זאכ-

לעכע ארבעט. איצט דארף אָט דאָס יאָגן זיך נאָך אויסערלעכן גלאַנץ אָפּגע-וואָרפן ווערן. איצט דארף די אויפמערקזאמקייט פון די טוער פארשארפט ווערן אויף דער אָרגאניזאציאָנעל-ווירטשאפטלעכער ארבעט פון די קאָלווירטן אין די דערפער. ווען די דאָזיקע ארבעט וועט באוויזן די געהעריקע דערפאָלגן, וועלן די „גיגאנטן" מעמיילע אויפקומען.

ביז דער לעצטער צייט האָט מען געלייגט ווייניק אכט אויף צוציִען די מיטלפויערים צו אָנפירנדיקער ארבעט אין די קאָלווירטן. דאָס איז דאָן, ווען צווישן די מיטלפויערים זיינען פאראן אויסגעצייכנטע באלעבאטים, וואָס וואָלטן געקאָנט ווערן גלענצנדיקע ווירטשאפטלעכע טוער פון דער קאָלוויר-טישער בויונג. איצט דארף דער דאָזיקער דעפעקט אין אונדזער ארבעט ליקווידירט ווערן. איצט באשטייט די אויפגאבע דערין, אז מע זאָל צוציִען צו אָנפירנדיקער ארבעט אין די קאָלווירטן די בעסטע מענטשן פון די מיטלפויערים און זיי לאָזן פאנאנדערוויקלען אויף דער דאָזיקער ארבעט זייערע פייִקייטן.

ביז דער לעצטער צייט האָט מען ניט געלייגט גענוג אכט אויף דער ארבעט צווישן די פויערטעס. דער פארגאנגענער פעריאָד האָט באוויזן, אז די אר-בעט צווישן די פויערטעס איז בא אונדז דאָס סאמע שוואכע אָרט אין אונדזער ארבעט. איצט דארף דער דאָזיקער דעפעקט ליקווידירט ווערן אנט-שיידן און אויף שטענדיק.

ביז דער לעצטער צייט זיינען די קאָמוניסטן פון א ריי ראַיאָנען ארויס-געגאנגען דערפון, אז זיי קאָנען מיט זייערע אייגענע קרעפטן לייזן אלע אויפגאבן פון דער קאָלווירטישער בויונג. ארויסגייענדיק דערפון, האָבן זיי ניט געלייגט גענוג אכט אויף צוציִען די אומפארטייִשע צו פאראנטוואָרטלע-כער ארבעט אין די קאָלווירטן, אויף ארויסרוקן אומפארטייִשע אויף אָנפירנדיקער ארבעט אין די קאָלווירטן, אויף אָרגאניזירן אין די קאָלווירטן א ברייטן אומפארטייִשן אקטיוו. די געשיכטע פון אונדזער פארטיי האָט דער-וויזן, און דער פארגאנגענער פעריאָד פון דער קאָלווירטישער בויונג האָט אָן איבעריק מאָל באוויזן, אז אזא איינשטעלונג איז אין גרונט ניט קיין ריכטיקע. ווען די קאָמוניסטן וואָלטן זיך איינגעשלאָסן אין זייער אייגענער שאָלעכץ און אָפּגעצאמט זיך מיט א וואנט פון די אומפארטייִשע, וואָלטן זיי אומגעבראכט די גאנצע זאך. אויב די קאָמוניסטן האָט זיך איינגעגעבן צו ווערן רומפול אין די שלאכטן פארן סאָציאליזם, און אויב די סאָנים פון קאָמוניזם פלעגן צעקלאפט ווערן, איז דאָס, אגעוו, דערפאר, ווייל די קאָמוניסטן האָבן געוווסט ווי צוציִען צו דער ארבעט די בעסטע מענטשן פון צווישן די אומפארטייִשע, זיי האָבן פארשטאנען ווי צו שעפן קויכעס צווישן די ברייטע אומפארטייִשע שיכטן, זיי האָבן פארשטאנען ארומצוריננ-

לענ זײער פּאַרטײ מיט א ברײטנ אומפאַרטײיִשנ אקטיוו. איצט דאַרפ דער דאָזיקער דעפעקט אינ אונדזער אַרבעט מיט די אומפאַרטײיִשע ליקווידירט ווערנ אנטשײדנ אונ אפ שטענדיק.

פאַריכטנ די דאָזיקע דעפעקטנ פונ אונדזער אַרבעט, ליקווידירנ זײ ראַדיקאַל — אָט דאָס טאַקע הײסט אוועקשטעלנ אפ רעלסנ די ווירטשאַפט־לעכע אַרבעט פונ די קאָלווירטנ.

אַלזאָ:

1) ריכטיק אָרגאַניזירנ דעמ פּאַרזײ — אָט דאָס איז די אופגאַבע.

2) קאָנצענטרירנ די אופמערקזאַמקײט אפ די ווירטשאַפטלעכע פּראַגנ פונ דער קאָלווירטישער באַוועגונג — אָט דאָס איז דאָס מיטל, וואָס איז נײטיק אפ צו לײזנ די דאָזיקע אופגאַבע.

„פּראַוודאַ“ נומ. 92,
3 אפּרעל 1930 י.

# פּאָליטישער באריכט פונעם צענטראַל־קאָמיטעט דעם XVI צוזאַמענפאָר פון אַלקפּ(ב)

פאָרטראָג אונ שלוסוואָרט. 27 יונ — 2 יול 1930

## I

## דער וואַקסנדיקער קריזיס פונעם וועלט־קאַפּיטאַליזם און די אויסערלעכע לאַגע פון פססר

כאַוויירים! פונעם XV צוזאַמענפאָר איז אַדורכ $2^1/_2$ יאָר. א פעריָאָד צײַט, דאַכט זיך, ניט זייער קיינ גרויסער. אונ דאָך זײַנען פאַר דער דאָזיקער צײַט פאָרגעקומען ביז גאָר ערנסטע ענדערונגען אינעם לעבן פונ די פעלקער אונ מעלוכעס. אויב מע זאָל כאַראַקטעריזירן אינ צוויי ווערטער דעם פאַרגאַנגענעם פעריָאָד, וואָלט מען אים געקאָנט אָנרופּן א נ א י־ב ע ר ב ר אָ כ־פעריָאָד. ער איז געוועזן אַן איבערבראָכ־פעריָאָד ניט נאָר פאַר אונדז, פאַר פססר, נאָר אויכ פאַר די קאַפּיטאַליסטישע לענדער פונ דער גאַנצער וועלט. אָבער צווישן אָט־די צוויי איבערבראָכן איז דאָ א קאַרדינאַלער אונטערשייד. אינ דער צײַט, ווענ דער דאָזיקער איבערבראָכ האָט באַטײַט פאַר פססר א קער אינ דער זײַט פונ א נײַעם, מער ערנסטן עקאָנאָמישן אופשטײַג, האָט פאַר די קאַפּיטאַליסטישע לענדער דער איבערבראָכ באַטײַט א קער צו עקאָנאָמישער י ע ר י ד ע. בא אונדז, אינ פססר, א וואַקסנדיקער אופשטײַג פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג סײַ אינ דער אינדוסטריע סײַ אינ דער לאַנדווירטשאַפט. בא זיי, בא די קאַפּיטאַליסטן, א וואַקסנדיקער קריזיס פונ דער עקאָנאָמיק סײַ אינ דער אינדוסטריע סײַ אינ דער לאַנדווירטשאַפט.

אָט אַזאַ איז אינ צוויי ווערטער דאָס בילד פונ דער איצטיקער לאַגע.

דערמאָנט זיך די לאַגע אינ די קאַפּיטאַליסטישע לענדער מיט $2^1/_2$ יאָר צוריק. א וווּקס פונ דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע אונ האַנדל קימאַט אינ אַלע לענדער פונעם קאַפּיטאַליזם. א וווּקס פונ דער פּראָדוקציע

פון רויוואַרג און דערנערונג קימאַט אין אַלע אַגראַרע לענדער. אַן אַרעאַל אַרום די צאָפּן-אַמעריקאַנישע פאַראייניקטע שטאַטן, אַלס לאַנד פון סאַמע פולבלוטיקן קאַפּיטאַליזם. זיג-לידער וועגן „אופבלי". בוקעניש פאַרן דאָלער. לויב-געזאַנגען לעקאָוועד דער נייַער טעכניק, לעקאָוועד דער קאַפּיטאַליסטישער ראַציאָנאַליזאַציע. פּראָקלאַמירונג פון אן ערע פון „געזונט מאַכן" דעם קאַפּיטאַליזם און פון דער מויערפעסטקייט פון דער קאַפּיטאַליסטישער סטאַביליזאַציע. „אַלגעמיינער" טומל און געפילדער מיקויעך דעם „אומפאַרמיידלעכן אומקום" פונעם ראַטנלאַנד, מיקויעך דעם „אומפאַרמיידלעכן קראַך" פון פּסטר.

אַזוי האָט עס געהאַלטן נעכטן.

און ווי זעט אויס דאָס בילד איצט?

איצט — אן עקאָנאָמישער קריזיס קימאַט אין אַלע אינדוסטריעלע לענדער פונעם קאַפּיטאַליזם. איצט—אַ לאַנדווירטשאַפטלעכער קריזיס אין אַלע אַגראַרע לענדער. אָנשטאָט „אופבלי" — אָרעמקייט פון די מאַסן און אַ קאָלאָסאַלער וווּקס פון דער אַרבעטלאָזיקייט. אָנשטאָט אַן אופשטייַג פון דער לאַנדווירטשאַפט — רויִנירונג פון מיליאָניקע מאַסן פּויערטום. עס קראַכן די אילוזיעס מיקויעך דער אַלמעכטיקייט פונעם קאַפּיטאַליזם ביכלאַל, דער אַלמעכטיקייט פון צאָפּן־אַמעריקאַנישן קאַפּיטאַליזם באַזונדערס. אַלץ שוואַכער ווערן די זיג-לידער לעקאָוועד דעם דאָלער און דער קאַפּיטאַליסטישער ראַציאָנאַליזאַציע. אַלץ שטאַרקער ווערן די פּעסימיסטישע יעלאָלעס מיקויעך די „פעלערן" פונעם קאַפּיטאַליזם. און דער „אַלגעמיינער" טומל וועגן דעם „אומפאַרמיידלעכן אומקום" פון פּסטר ווערט פאַרביטן מיט „אַלגעמיינער" בייזער שיפעניש וועגן דער נייטיקייט צו באַשטראָפן „דאָס דאָזיקע לאַנד", וואָס וואַגט צו אַנטוויקלען זייַן עקאָנאָמיק, ווען אַרום הערשט אַ קריזיס.

אַזוי זעט אויס דאָס בילד איצט.

עס האָט זיך באַקומען פּונקט אַזוי, ווי די באָלשעוויקעס האָבן געזאָגט מיט אַ יאָר צוויי — דרייַ צוריק.

די באָלשעוויקעס האָבן געזאָגט, אַז דער וווּקס פון דער טעכניק אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, דער וווּקס פון די פּראָדוציר-קרעפטן און פון דער קאַפּיטאַליסטישער ראַציאָנאַליזאַציע, בא די באַגרענעצטע ראַמען פונעם לעבנס-ניוואָ פון די מיליאָניקע מאַסן אַרבעטער און פּויערים, מוזן אומפאַרמיידלעך ברענגען צו אַ האַרבן עקאָנאָמישן קריזיס. די בורזשואַזע פּרעסע האָט געלאַכט פון די „אָריגינעלע נעוויִעס" פון די באָלשעוויקעס. די רעכטע אָפּנייגלער האָבן זיך אָפּגעגרענעצט פונעם באָלשעוויסטישן פּראָגנאָז, פאַרבייַטנדיק דעם מאַרקסיסטישן אַנאַליז מיט ליבעראַלער פּלאַפּלערייַ

וועגנ „אָרגאניזירטנ קאפּיטאליזמ“. אונ וואָס האָט זיכ באקומענ פאקטיש? עס האָט זיכ באקומענ אזוי, ווי עס האָבנ געזאָגט די באָלשעוויקעס.

דאָס זײַנענ די פאקטנ.

לאָמיר איבערגיינ צומ באטראכטנ די אָנגאבנ וועגנ דעמ עקאָנאָמישנ קריזיס אינ די קאפּיטאליסטישע לענדער.

## 1. דער אלוועלטלעכער עקאָנאָמישער קריזיס

א) באמ שטודירנ דעמ קריזיס וואַרפנ זיכ אינ די אויגנ פריִער פאר אלצ פאָלגנדע פאקטנ:

1. דער איצטיקער עקאָנאָמישער קריזיס איז א קריזיס פונ איבערפּראָדוקציע. דאָס הייסט, אז סכוירעס איז פּראָדוצירט געוואָרנ מער, ווי עס קאָנ אײַנשלינגענ דער מארק. דאָס הייסט, אז מאנופאקטור, הייצווארג, פאבריק-זאוואָדישע פּראָדוקטנ, שפּײַז-פּראָדוקטנ איז פּראָדוצירט מער, איידער עס קאָנענ קויפנ פאר מעזומענ געלט די הויפּט-געברויכער, דה. די פאָלק-מאסנ, וואָס זייערע האכנאָסעס בלײַבנ אפ א נידעריקנ ניוואָ. אונ אזוי-ווי די קויפ-פייִקײַט פונ די פאָלק-מאסנ אינ די באדינגונגענ פונעמ קאפּיטאליזמ בלײַבט אפ א מינימאל-נידעריקנ ניוואָ, לאָזנ די קאפּיטאליסטנ איבער די „מויסרעס“ סכוירעס, מאנופאקטור, ברויט אאוו. אפ די לאגערנ, אָדער זיי פארניכטנ דאָס אפילע, קעדיי צו אײַנהאלטנ די הויכע פּרײַזנ, זיי פארקירצנ די פּראָדוקציע, זאָגנ אָפּ ארבעטער, אונ די פאָלק-מאסנ זײַנענ געצוווּנגענ צו לײַדנ דערפונ, וואָס ס'איז פּראָדוצירט געוואָרנ צופיל סכוירעס.

2. דער איצטיקער קריזיס איז דער ערשטער נאָכ דער מילכאָמע עקאָנאָמישער וועלט-קריזיס. ער איז א וועלט-קריזיס ניט נאָר אינ דעמ זינ, וואָס ער כאפּט ארומ אלע אָדער קימאט אלע אינדוסטריִעלע לענדער פונ דער וועלט, דערבײַ האָט אפילע פראנקרײַכ, וועלכעס שפּריצט ארײַנ סיסטעמאטיש אינ זײַנ אָרגאניזמ מיליארדנ מארק פונ דײַטשלאנדס רעפּאראציע-צאָלונגענ, ניט געקאָנט אויסמײַדנ קיינ געוויסע דעפּרעסיע, וועלכע דארפ, לויט אלע אָנגאבנ, אריבער אינ א קריזיס. ער איז א וועלט-קריזיס אויכ אינ דעמ זינ, וואָס דער אינדוסטריִעלער קריזיס איז צונויפגעפאלנ לויט דער צײַט מיטנ לאנדווירטשאפטלעכנ קריזיס, וועלכער כאפּט ארומ די פּראָדוקציע פונ אלע מינימ רויווארג אונ דערנערונג אינ די גרונטיקע אגרארע לענדער פונ דער וועלט.

3. דער איצטיקער וועלט-קריזיס וויקלט זיכ פאנאנדער ניט-גלײַכמעסיק, ניט געקוקט אפ זײַנ אלגעמיינעמ כאראקטער, טרעפנדיק

די אָדער יענע לענדער אין פארשיידענער צײַט און מיט פארשיידענער קראפט. דער אינדוסטריעלער קריזיס האָט זיך אָנגעהויבן פריִער פאר אלץ אין פוילן, רומעניע, אפּן באלקאן. ער האָט זיך דאָרטן פאנאנדערגעוויקלט אינעם מעשעך פונעם גאנצן פארגאנגענעם יאָר. קלאָרע סימאָנים פון אָנ־געהויבענעם לאנדווירטשאפטלעכן קריזיס זײַנען שוין געווען סאָף 1928 יאָר אין קאנאדע, אין די צאָפן-אמעריקאנישע פאראייניקטע שטאטן, אין ארגענטינע, אין בראזיליע, אין אווסטראליע. פאר דעם דאָזיקן גאנצן פּע-ריאָד גייט די אינדוסטריע פון די צאָפן-אמעריקאנישע פאראייניקטע שטאטן בארג ארויף. צום מיטן 1929 יאָר דערגרייכט די אינדוסטריעלע פּראָדוקציע אין די צאָפן־אמעריקאנישע פאראייניקטע שטאטן קימאט א רעקאָרד-הייך. בלויז פון דער צווייטער העלפט 1929 יאָר הייבט זיך אָן דער איבער-בראָך, און דערנאָך וויקלט זיך שוין פאנאנדער דער ראשער קריזיס פון דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע, וועלכער האָט אָפּגעוואָרפן די צאָפן־אמעריקאנישע פאראייניקטע שטאטן צום ניוואָ פון 1927 יאָר. נאָך דעם גייט שוין דער אינדוסטריעלער קריזיס אין קאנאדע, אין יאפּאָניע. דער-נאָך גייען באנקראָטן און דער קריזיס אין כינע און אין די קאָלאָניאַלע לענדער, ווו דער קריזיס ווערט פארשטארקט דורכן פאלן פון די פּרײַזן אַפן זילבער און ווו דער קריזיס פון איבערפּראָדוקציע פאָרט זיך צונויף מיט דער צעשטערונג פון דער פויערשער ווירטשאפט, וואָס די עקספּלוא־טאציע פון די פעאָדאלן און די אומדערטרעגלעכע שטײַערן האָבן דער־פירט ביז פולשטענדיקער אויסצערונג. וואָס איז שייַעך מײַרעוו־אייראָפּע, הייבט דאָרט אָן דער קריזיס ארײַנצוגיין אין קראפט ערשט אין אָנהייב פון דעם יאָר, דערבײַ ניט אומעטום מיט א גלײַכער קראפט, און פראנק-רײַך באווײַזט נאָך אלץ אפילע אין דעם דאָזיקן פּעריאָד א וווקס פון דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע.

איך מיין, אז עס איז ניט נייטיק זיך אָפּצושטעלן באזונדער אף די ציפער-אָנגאבן, וועלכע דעמאָנסטרירן די אָנוועזנקײַט פונעם קריזיס. וועגן דעם, אז דער קריזיס עקזיסטירט, שטרײַט מען שוין איצט ניט. איך וועל זיך דעריבער באגרענעצן מיט ברענגען איין קליינע, אָבער כאראקטערי־סטישע טאבעלע, וואָס דער דײַטשישער „אינסטיטוט פאר קאָניונקטור־פאָר־שונגען" האָט ניט לאנג פארעפנטלעכט. די דאָזיקע טאבעלע שילדערט די אנטוויקלונג פון דער בארג־אינדוסטריע און פון די גרונט־צווײַגן פון דער גרויסער באארבעטנדיקער אינדוסטריע אין די צאָפן־אמעריקאנישע פאראיי-ניקטע שטאטן, ענגלאנד, דײַטשלאנד, פראנקרײַך, פוילן, פּססר, אָנהייבנדיק פונעם 1927 יאָר, דערבײַ ווערט דער ניוואָ פון דער פּראָדוקציע אין 1928 יאָר גענומען פאר 100.

אָט איז די דאָזיקע טאבעלע:

| יאָרן | פססר | פשא | ענגלאנד | דייטשלאנד | פראנקרייך | פוילן |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 1927 | 82,4 | 95,5 | 105,5 | 100,1 | 86,6 | 88,5 |
| 1928 | 100 | 100 | 100 | 100 | 100 | 100 |
| 1929 | 123,5 | 106,3 | 107,9 | 101,8 | 109,4 | 99,8 |
| 1930 (ערשטער קווארטל) | 155,5 | 95,5 | 107,4 | 93,4 | 113,1 | 84,6 |

וועגן וואָס זאָגט די דאָזיקע טאבעלע?

זי זאָגט, פריִער פאר אלץ, אז די צאָפן־אמעריקאנישע פאראייניקטע שטאטן, דייטשלאנד און פוילן לעבן איבער א שארפ־אויסגעדריקטן קריזיס פון דער גרויסער אינדוסטריעלער פראָדוקציע, דערביי איז פארן 1־טן קווארטל 1930 יאָר אין די צאָפן־אמעריקאנישע פאראייניקטע שטאטן, נאָכן אופשטייג אין דער ערשטער העלפט 1929 יאָר, דער ניוואָ פון דער פראָדוקציע געפאלן אין פארגלייך מיטן 1929 יאָר אף 10,8%, פאלנדיק ביזן ניוואָ פונעם 1927 יאָר; אין דייטשלאנד איז דער ניוואָ פון דער פראָדוקציע נאָך א דרייאָריקן שטילשטאנד געפאלן אין פארגלייך מיטן פאָריקן יאָר אף 8,4%, פאלנדיק נידעריקער פונעם ניוואָ פון 1927 יאָר אף 6,7%, און אין פוילן איז דער פראָדוקציע־ניוואָ נאָכן פאראיאָריקן קריזיס געפאלן אין פארגלייך מיטן פאָריקן יאָר אף 15,2%, פאלנדיק נידעריקער פונעם ניוואָ פונעם 1927 יאָר אף 3,9%.

זי זאָגט, צווייטנס, אז ענגלאנד טאָפטשעט זיך שוין דריי יאָר אף איין אָרט, ארום דעם ניוואָ פונעם 1927 יאָר, און לעבט איבער א שווערן עקאָנאָמישן שטילשטאנד, דערביי האָט ענגלאנד אינעם ערשטן קווארטל 1930 יאָר באוויזן שוין צו פארקלענערן דעם ניוואָ פון דער פראָדוקציע אין פארגלייך מיטן פאָריקן יאָר אף 0,5% און איז אריינגעטראָטן, אזוי־ארום, אין דער אָנפאנג־פאזע פונעם קריזיס.

זי זאָגט, דריטנס, אז פון די גרויסע קאפיטאליסטישע לענדער איז בלויז אין פראנקרייך פאראן א געוויסער וווּקס פון דער גרויס־אינדוסטריע, דערביי איז, אויב דער פראָצענט פונעם צווווקס האָט אין 1928 יאָר באטראָפן 13,4, אין 1929 יאָר — 9,4, באטרעפט אין ערשטן קווארטל פון 1930 יאָר דער צווווקס אין פארגלייך מיטן 1929 יאָר סאכאקל בלויז 3,7% און גיט, אזויארום, א בילד פון א פאלנדיקער פון יאָר צו יאָר ליניע פון וווּקס.

זי זאָגט, צולעצט, אז פונ אלע לענדער אינ דער וועלט איז בלויז אינ פססר פאראנ א שטורמישער אופשטייג פונ דער גרויסער אינדוסטריע, דערבײַ שטײַגט איבער דער פּראָדוקציע-ניוואָ אינעמ ערשטנ קווארטל 1930 יאָר מער ווי אינ צוויי מאָל דעמ ניוואָ פונעמ 1927 יאָר, אונ דער פּראָצענט פונ צוווקס שטײַגט פונ 17,6 אינ 1928 יאָר ביז 23,5 אינ 1929 יאָר אונ ביז 32 אינעמ ערשטנ קווארטל 1930 יאָר, געבנדיק, אזויארומ, א בילד פונ א שטײַגנדיקער פונ יאָר צו יאָר ליניע פונ וווקס.

מע קאָנ זאָגנ, אז אויב אזוי איז געווענ ביזנ סאָפּ ערשטנ קווארטל פונ דעמ יאָר, איז ניט אויסגעשלאָסנ, אז אינעמ צווייטנ קווארטל פונ דעמ יאָר האָט זיכ די לאגע געקאָנט ענדערנ צו בעסערנ. אָבער די אָנגאבנ פונעמ צווייטנ קווארטל לייקענענ אנטשיידנ אָפּ אזא האשאָרע. פארקערט, זיי ריידנ וועגנ דעמ, אז אינעמ צווייטנ קווארטל האָט זיכ די לאגע נאָכ מער פארערגערט. די דאָזיקע אָנגאבנ ריידנ וועגנ א נײַעמ פאלנ פונ די אקציעס אפ דער ניו־יאָרקער בירזשע אונ א נײַער כוואליע באנקראָטנ אינ די צאָפנ-אמעריקאנישע פאראייניקטע שטאטנ; וועגנ א נײַער פארקירצונג פונ דער פּראָדוקציע, אראָפּזעצונג פונעמ ארבעט־לוינ בא די ארבעטער אונ וווקס פונ דער ארבעטלאָזיקײַט אינ די צאָפנ-אמעריקאנישע פאראייניקטע שטאטנ, דײַטשלאנד, ענגלאנד, איטאליע, יאפּאָניע, דאָרעמ־אמעריקע, פּוילנ, טשעכאָסלאָוואקיע אאוו.; וועגנ דעמ, אז א ריי אינדוסטריע-צווײַגנ פונ פראנקרײַכ זײַנענ ארײַנגעטראָטנ אינ א פאזע פונ שטילשטאנד, וועלכער איז בא דער איצטיקער אינטערנאציאָנאלער עקאָנאָמישער סיטואציע א סימענ פונ א קריזיס, וואָס הייבט זיכ אָנ. ארבעטלאָזע אינ די צאָפנ-אמעריקאנישע פאראייניקטע שטאטנ איז איצט פאראנ העכער 6 מיליאָנ, אינ דײַטשלאנד — בא 5 מיליאָנ, אינ ענגלאנד — העכער 2 מיליאָנ, אינ איטאליע, דאָרעמ־אמעריקע, יאפּאָניע — צו מיליאָנ, אינ פּוילנ, טשעכאָסלאָוואקיע, עסטרײַכ — צו 500 טויזנט. איכ רייד שוינ ניט וועגנ דער ווײַטערדיקער פארשארפונג פונעמ לאנדווירטשאפטלעכנ קריזיס, וועלכער רויִנירט מיליאָנענ פערמערס אונ ארבעטנדיקע פּויערימ. דער קריזיס פונ איבערפּראָדוקציע אינ דער לאנדווירטשאפט איז דערגאנגענ דערצו, אז קעדיי צו אײַנהיטנ די הויכע פּרײַזנ אונ די רעוואָכימ פונ דער בורזשואזיע זײַנענ אינ בראזיליע ארײַנגעוואָרפנ געוואָרנ אינ יאמ ארײַנ 2 מיליאָנ זעק קאווע, אינ אמעריקע האָט מענ אָנגעהויבנ הייצנ אָנשטאָט קוילנ מיט קוקורוזע, אינ דײַטשלאנד זײַנענ מיליאָנענ פּוד קאָרנ פארוואנדלט אינ פּיטער פאר כאזיירימ, אונ בענעגייע בוימוואָל אונ ווייצ ווערנ אָנגענומענ אלע מיטלענ צו פארקלענערנ די פארזיי־שעטעכנ אפּ א פּראָצענט 10—15.

אָט אזא איז דאָס אלגעמיינע בילד פונעמ עקאָנאָמישנ וועלט־קריזיס, וואָס וויקלט זיכ פאנאנדער.

ב) איצט, ווענ דער עקאָנאָמישער וועלט-קריזיס וויקלט פאנאנדער זײַנ צעשטערנדיקע ווירקונג, אראָפּלאָזנדיק צומ גרונט גאנצע שיכטנ מיטעלע און קליינע קאפּיטאליסטנ, רויִנירנדיק גאנצע גרופּעס פונ דער ארבעטער־אריסטאָקראטיע און פערמערס און פארמישפּעטנדיק אפ הונגער מיליאָניקע מאסנ ארבעטער, — פרעגנ אלע: ווו איז די סיבע פונעמ קריזיס, ווו ליגט זײַנ יעסאָד, וויאזוי זאָל מענ קעמפנ קעגנ אימ, וויאזוי פארניכטעט מענ אימ? עס ווערנ אויסגעטראכט די סאמע פארשיידנארטיקע „טעאָריעס" פונ קריזיס. עס ווערנ פאָרגעלייגט גאנצע פּראָיעקטנ פונ „לינדערנ", „פארהיטנ זיכ", „ליקווידירנ" דעמ קריזיס. די בורזשואזע אָפּאָזיציעס ווײַזנ אָנ אפ די בורזשואזע רעגירונגענ, וועלכע האָבנ, ווי עס ווײַזט זיכ ארויס, „ניט אָנגענומענ אלע מיטלענ" ניט צו דערלאָזנ דעמ קריזיס. די „דעמאָקראטנ" באשולדיקנ די „רעפּובליקאנער", די „רעפּובליקאנער"—די „דעמאָקראטנ", און אלע צוזאמענ — דהוווערס גרופּע מיט איר „פעדעראלער רעזערוו־סיסטעמ", וועלכע האָט ניט באוויזנ צו „אײַנצוימענ" דעמ קריזיס. עס זײַנענ דאָ אפילע אזעלכע כאכאָמימ, וועלכע זעענ אײַנ די סיבע פונעמ עקאָנאָמישנ וועלט-קריזיס אינ די „שפּיצלעכ פונ די באָלשעוויקעס". איכ בינ אויסנ דעמ באוווסטנ „אינדוסטריעלער" רעכבערג, וועלכער איז, אייגנטלעכ, וויניק ענלעכ אפ אנ אינדוסטריעלער און דערמאָנט גיכער פונ אלצ אנ „אינדוסטריעלער" צווישנ ליטעראטנ און א „ליטעראט" צווישנ אינדוסטריעלער. (געלעכטער.)

פארשטייט זיכ, אז די דאָזיקע אלע טעאָריעס און פּראָיעקטנ האָבנ ניט קיינ שומ געמיינזאמעס מיט דער וויסנשאפט. מע דארפ אנערקענענ, אז די בורזשואזע עקאָנאָמיסטנ האָבנ זיכ ארויסגעוויזנ פאר פולשטענדיקע באנקראָטנ אינ אָנגעזיכט פונעמ קריזיס. נאָכ מער, עס האָט זיכ ארויסגעוויזנ, אז זיי פעלט אפילע דער מינימומ לעבנס-כוש, אינ וועלכנ מע האָט ניט שטענדיק געקאָנט אָפּזאָגנ זייערע פאָרגייער. די דאָזיקע הערנ פארגעסנ, אז די קריזיסנ קאָנ מענ ניט באטראכטנ ווי א צופעליקע דערשײַנונג אינ דער סיסטעמ פונ דער קאפּיטאליסטישערווירטשאפט. די דאָזיקע הערנ פארגעסנ, אז די עקאָנאָמישע קריזיסנ זײַנענ אנ אומפארמײַדלעכער רעזולטאט פונעמ קאפּיטאליזמ. די דאָזיקע הערנ פארגעסנ, אז די קריזיסנ זײַנענ געבוירנ געוואָרנ צוזאמענ מיט דער געבורט פונ דער הערשאפט פונעמ קאפּיטאליזמ. אינ מעשעכ פונ העכער הונדערט יאָר קומענ פאָר פעריאָדישע עקאָנאָמישע קריזיסנ, וועלכע כאזערנ זיכ איבער יעדע 12—10—8 און וויניקער יאָר. פאר דעמ דאָזיקנ פעריאָד האָבנ די בורזשואזע רעגירונגענ פונ אלע ראנגענ און קאָלירנ, בורזשואזע טוער פונ אלע גראדנ און פייִקייטנ, — אלע אָנ אויס־

נאמ זיכ באמיט אויספרווונ זייערע קרעפטנ אפ „פארהיטנ“ פונ קריזיסנ אונ „פארניכטנ“ זיי. נאָר זיי אלע האָבנ געליטנ א מאפאָלע. געליטנ א מאפאָלע, ווייַל מע קאָנ ניט פארהיטנ פונ עקאָנאָמישע קריזיסנ אָדער פארניכטנ זיי, בלייַבנדיק אינ די ראמענ פונעם קאפיטאליזמ. וואָס זשע איז דאָ דער וווּנדער, אויב די איצטיקע בורזשואזע טוער לייַדנ אויכ א מאפאָלע? וואָס זשע איז דאָ דער וווּנדער, אויב די מאָסמיטלענ פונ די בורזשואזע רעגירונגענ פירנ פאקטיש ניט צומ לינדערנ דעמ קריזיס, ניט צומ פארלייַכטערנ די לאגע פונ די מיליאָניקע מאסנ ארבעטנדיקע, נאָר צו נייַע אויסברוכנ פונ באנקראָטנ, צו א נייַער כוואליע ארבעטלאָזיקייַט, דערצו, אז די שטארקערע קאפיטאליסטישע פארייניקונגענ זאָלנ אייַנשלינגענ די וויניקער שטארקע קאפיטאליסטישע פארייניקונגענ?

דער יעסאָד פונ די עקאָנאָמישע קריזיסנ פונ איבערפראָדוקציע, זייער סיבע ליגט אינ דער עצעמ סיסטעמ פונ דער קאפיטאליסטישער ווירטשאפט. דער יעסאָד פונעמ קריזיס ליגט אינעמ ווידערשפרוכ צווישנ דעמ געזעלשאפטלעכנ כאראקטער פונ דער פראָדוקציע אונ דער קאפיטאליסטישער פאָרמ פונ צוייגענענ די רעזולטאטנ פונ דער פראָדוקציע. דער אויסדרוק פונעמ דאָזיקנ גרונט-ווידערשפרוכ פונעמ קאפיטאליזמ איז דער ווידערשפרוכ צווישנ דעמ קאָלאָסאלנ וווּקס פונ די פראָדוציר-מעגלעכקייַטנ פונעמ קאפיטאליזמ, וועלכער איז אויסגערעכנט אפ קריגנ דעמ מאקסימומ קאפיטאליסטישנ רעווח, אונ דער פארהעלטנישמעסיקער פארקירצונג פונעמ צאָלפייִקנ נאָכפרעג מיצאד די מיליאָניקע מאסנ ארבעטנדיקע, וועמעס לעבנס-ניוואָ די קאפיטאליסטנ באמיִענ זיכ די גאנצע צייַט צו האלטנ אינ די ראמענ פונעמ קלענסטנ מינימומ. קעדיי צו געווינענ אינ דער קאָנקורענצ אונ אויסקוועטשנ וואָס מער רעוואָכימ, זייַנענ די קאפיטאליסטנ געצווונגענ צו אנטוויקלענ די טעכניק, דורכפירנ ראציִאָנאליזאציע, פארשטארקנ די עקספלואטאציע פונ די ארבעטער אונ אופהייבנ די פראָדוציר-מעגלעכקייַטנ פונ זייערע אונטערנעמונגענ ביזנ העכסטנ גראד. קעדיי ניט אָפצושטיינ איינער פונעמ אנדערנ, זייַנענ אלע קאפיטאליסטנ געצווונגענ אזוי אָדער אנדערש זיכ צו שטעלנ אפ דעמ דאָזיקנ וועג פונ מעשוגענערווייַזער אנטוויקלונג פונ די פראָדוציר-מעגלעכקייַטנ. אָבער דער מארק דער אינערלעכער אונ דער מארק דער אויסערלעכער, די קויפ-פייִקייַט פונ די מיליאָניקע מאסנ ארבעטער אונ פויערימ, וועלכע זייַנענ אינ לעצטנ סאכאקל די גרונט-קויפער, בלייַבנ אפ א נידעריקנ ניוואָ. דערפונ נעמענ זיכ די קריזיסנ פונ איבערפראָדוקציע. דערפונ שטאמענ די געוויסע רעזולטאטנ, וועלכע כאזערנ זיכ איבער מער אָדער וויניקער פעריִאָדיש, מאכמעס וועלכע די סכוירעס בלייַבנ ניט פארקויפט, די פראָדוקציע ווערט פארקירצט, עס וואקסט די ארבעטלאָזיקייַט,

עס פאַלט דער ארבעטלוין און, דערמיט גופע, ווערט נאָך מער פארשארפט דער ווידערשפרוך צווישן דעם ניוואָ פון דער פּראָדוקציע און דעם ניוואָ פון צאָלפייִקן נאָכפרעג. דער קריזיס פון איבערפּראָדוקציע איז אן אנט-פּלעקונג פונעם דאָזיקן ווידערשפרוך אין שטורמישע און צעשטערנדיקע פאָר־מען. ווען דער קאפּיטאַליזם וואָלט געקאָנט צופּאסן די פּראָדוקציע ניט צום קריגן דעם מאקסימום רעווען, נאָר צום סיסטעמאטישן פארבעסערן די מאַ־טעריעלע לאגע פון די פאָלק-מאסן, ווען ער וואָלט געקאָנט פארווענדן דעם רעווען ניט אף באפרידיקן די לוסטן פון די פּאראזיטישע קלאסן, ניט אף פארפולקומענען די מעטאָדן פון עקספּלואטאציע, ניט אף ארויספירן קאפּיטאל, נאָר אף סיסטעמאטישן אופהייבן די מאטעריעלע לאגע פון די ארבעטער און פּויערים, וואָלט דאן ניט געווען קיין קריזיסן. אָבער דאן וואָלט אויך דער קאפּיטאַליזם ניט געווען קיין קאפּיטאַליזם. קעדיי צו פארניכטן די קריזיסן, דארף מען פארניכטן דעם קאפּיטאַליזם.

אָט דאָס איז דער יעסאָד פון די עקאָנאָמישע קריזיסן פון איבערפּראָ־דוקציע ביכלאַל.

אָבער די זאך קאָן זיך דערמיט ניט באגרענעצן באם כאראקטעריזירן דעם איצטיקן קריזיס. דער איצטיקער קריזיס איז ניט קיין פּאָשעטע איבערכאזערונג פון די אַלטע קריזיסן. ער קומט פּאָר און ווויקלט זיך פּא-נאנדער אין געוויסע נייַע באדינגונגען, וועלכע מע מוז אופדעקן, קעדיי צו באקומען דאָס פולע בילד פונעם קריזיס. ער ווערט קאָמפּליצירט און פאר-טיפט מיט א גאנצער ריי באזונדערע אומשטענדן, וואָס, ניט קלאָר מאכנדיק זיי, איז אומעגלעך זיך צו שאפן א קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן דעם איצ-טיקן עקאָנאָמישן קריזיס.

וואָס זייַנען דאָס פאר א באזונדערע אומשטענדן?

זיי, די דאָזיקע באזונדערע אומשטענדן, באשטייען פון פאָלגנדיקע כא-ראקטעריסטישע פאקטן:

1. דער קריזיס האָט שטארקער פאר אַלץ געטראָפן דאָס הויפּט־לאנד פון קאפּיטאַליזם, זייַן ציטאדעל, די צפאָן־אמעריקאנישע פארייניקטע שטאטן, וועלכע קאָנצענטרירן אין זייערע הענט ניט ווייניקער ווי א העלפט פון דער גאנצער פּראָדוקציע און געברויך פון אַלע לענדער פון דער וועלט. פארשטייט זיך, אז דער דאָזיקער אומשטאנד קאָן ניט ניט פירן צו א קאָ־לאָסאלער פארברייטערונג פון דער אייַנפלוס־ספערע פונעם קריזיס, צו א פארשארפונג פונעם קריזיס און צו אָנזאמלונג פון איבעריגעוויינלעכע שוועריקייַטן פארן וועלט-קאפּיטאַליזם.

2. אינעם גאנג פון דער פאנאנדערוויקלונג פונעם עקאָנאָמישן קריזיס איז דער אינדוסטריעלער קריזיס אין די קאפּיטאַליסטישע הויפּט-לענדער ניט

גלאַט צונויפגעפאלן, נאָר ערהאָט זיך איבערגעפלאָכטן מיטן לאַנד-ווירטשאַפטלעכן קריזיס אין די אגראַרע לענדער, און דערמיט פארגרעסערט די שוועריקייטן און פאַרויסבאַשטימט די אומפאַרמיידלעכקייט פון דער אלגעמיי-נער יערידע פון דער ווירטשאַפטלעכער אקטיוויקייט. עס איז ניטאָ וואָס צו ריידן, אז דער אינדוסטריעלער קריזיס וועט פארשטארקן דעם לאַנד-ווירטשאַפטלעכן, און דער לאַנדווירטשאַפטלעכער וועט פארציִען דעם אינדוסטריעלן, און דאָס מוז ברענגען צו א פארטיפערונג פונעם עקאָנאָמישן קריזיס אינגאַנצן גענומען.

3. דער איצטיקער קאפיטאַליזם, צום אונטערשייד פונעם אלטן קאפיטא-ליזם, איז א קאפיטאַליזם א מאָנאָפּאָליסטישער, און דאָס באַשטימט פאָרויס די אומפאַרמיידלעכקייט פונעם קאַמף פון די קאפיטאַליסטישע פא-ריינינקונגען פאַר איינהאַלטן די הויכע, מאָנאָפּאָלע פרייזן אף די סכוירעס, ניט געקוקט אף דער איבערפּראָדוקציע. פארשטייט זיך, אז דער דאָזיקער אום-שטאַנד, וועלכער מאַכט דעם קריזיס באַזונדערס פּיינלעך און רויִנירנדיק פאַר די פאָלק-מאַסן, וועלכע זיינען די הויפּט-געברויכער פון סכוירעס, מוז פירן צו א פארציִונג פונעם קריזיס, מוז טאָרמאָזירן זיין פאַנאַנדערזויגונג.

4. דער איצטיקער עקאָנאָמישער קריזיס וויקלט זיך פאַנאַנדער אף דער באַזע פונעם אלגעמיינעם קריזיס פונעם קאפיטאַליזם, וועלכער איז אנטשטאַנען נאָך אינעם פעריִאָד פון דער אימפּעריִאַליסטישער מילכאָמע, וועל-כער גראָבט אונטער די יעסוידעס פונעם קאפיטאַליזם און האָט פארלייכ-טערט דאָס אָנקומען פונעם עקאָנאָמישן קריזיס.

וואָס באַטייט דאָס?

דאָס באַטייט, פריִער פאַר אלץ, אז די אימפּעריִאַליסטישע מילכאָמע און אירע פאָלגן האָבן פארשטאַרקט די פאַרפוילונג פונעם קאפּיטאַליזם און אונטערגעריסן זיין גלייכגעוויכט, אז מיר לעבן איצט אין אן עפּאָכע פון מילכאָמעס און רעוואָליוציעס, אז דער קאפיטאַליזם שטעלט שוין ניט פאָר מיט זיך די איינציקע און אלץ ארומנעמענדיקע סיסטעם פון דער וועלט-ווירטשאַפט, אז צוגלייך מיט דער קאַפּיטאַליסטישער ווירט-שאַפט-סיסטעם עקזיסטירט א סאָציאַליסטישע סיסטעם, וועלכע וואַקסט, וועלכע אנטוויקלט זיך מיט דערפאָלג, וועלכע שטייט קעגן דער קאפּי-טאַליסטישער סיסטעם און וואָס מיטן עצעם פאַקט פון איר עקזיסטענץ דעמאָנ-סטרירט זי די פוילקייט פונעם קאפּיטאַליזם, צעוואַקלט זיינע יעסוידעס.

דאָס באַטייט, ווייטער, אז די אימפּעריִאַליסטישע מילכאָמע און דער זיג פון דער רעוואָליוציע אין פּססר האָבן צעטרייסלט די יעסוידעס פונעם אימפּעריִאַליזם אין די קאָלאָניִאַלע און אָפּהענגיקע לענדער, אז דער אויטאָריטעט פונעם אימפּעריִאַליזם אין די דאָזיקע לענדער איז שוין

אונטערגעריסנ, אז ער איז שוינ ניט אימשטאנד מער צו באלעבאטעווענ ווי פריִער אינ די דאָזיקע לענדער.

דאָס באטײַט, ווײַטער, אז פאר דער צײַט פונ דער מילכאָמע אונ נאָכ איר האָט זיכ אינ די קאָלאָניִאלע אונ אָפהענגיקע לענדער באוויזנ אונ איז אויסגעוואקסנ אנ אייגענער יונגער קאפיטאליזמ, וועלכער קאָנקורירט מיט דערפאָלג אפ די מערק קעגנ די אלטע קאפיטאליסטישע לענדער, פארשארפנדיק אונ פארקאָמפליצירנדיק דעמ קאמפ פאר די אָפזאצ-מערק.

דאָס באטײַט, צולעצט, אז די מילכאָמע האָט איבערגעלאָזנ דער מערהײַט קאפיטאליסטישע לענדער א שווערע ירושע אינ דער פאָרמ פונ א כראָנישער ניט־גענוצער אָנלאָדונג פונ די אונטערנעמונגענ אונ פונ מיליאָניקע ארמייענ ארבעטלאָזע, וועלכע זײַנענ פארוואנדלט געוואָרנ פונ רעזערווע — אינ שטענדיקע ארמייענ ארבעטלאָזע, וואָס דאָס האָט געשאפנ פארנ קאפיטאליזמ א מאסע שוועריקײַטנ נאָכ פארנ איצטיקנ עקאָנאָמישנ קריזיס אונ דאָס מוז נאָכ מער פארקאָמפליצירנ די זאכ אינ דער צײַט פונעמ קריזיס.

דאָס זײַנענ די אומשטענדנ, וועלכע פארשטארקנ אונ פארשארפנ דעמ עקאָנאָמישנ וועלט־קריזיס.

מע דארפ אנערקענענ, אז דער איצטיקער עקאָנאָמישער קריזיס איז דער סאמע ערנסטער אונ סאמע טיפער קריזיס פונ אלע עקאָנאָמישע וועלט־קריזיסנ, וועלכע האָבנ ביז איצט עקזיסטירט.

## 2. די פארשארפונג פונ די ווידערשפרוכנ פונעמ קאפיטאליזמ

דער וויכטיקסטער רעזולטאט פונעמ עקאָנאָמישנ וועלט-קריזיס איז די אנטבלויזונג אונ פארשארפונג פונ די ווידערשפרוכנ, וועלכע זײַנענ אייגנטימלעכ פארנ וועלט-קאפיטאליזמ.

א) עס ווערנ אנטבלויזט אונ פארשארפט די ווידערשפרוכנ צווישנ די וויכטיקסטע אימפעריאליסטישע לענדער, דער קאמפ פאר די אָפזאצ־מערק, דער קאמפ פאר רויווארג, דער קאמפ פאר עקספאָרט פונ קאפיטאל. איצט באפרידיקט שוינ ניט קיינעמ פונ די קאפיטאליסטישע מעלוכעס די אלטע פאנאנדערטיילונג פונ די אײַנפלוס־ספערנ אונ פונ די קאָלאָניעס. זיי זעענ, אז עס האָט זיכ געענדערט די קרעפטנ־פארהעלטעניש אונ מע דארפ אנטשפרעכיק דערצו איבערפארטיילנ די אָפזאצ־מערק, די רויווארג-קוואלנ, די אײַנפלוס-ספערנ אאוו. דער הויפט-ווידערשפרוכ צווישנ די דאָזיקע ווידערשפרוכנ איז דער ווידערשפרוכ צווישנ די צאָפנ-אמעריקאנישע פארייניקטע שטאטנ אונ ענגלאנד. סײַ אפנ געביט פונ ארויספירנ פארטיקע סכוירעס סײַ אפנ געביט פונ ארויספירנ קאפיטאל גייט

דער קאמפ דעריקער צווישן די צאָפן-אמעריקאנישע פאראייניקטע שטאטן און ענגלאנד. עס איז געגוג צו נעמען אוועלכע-ניט-איז עקאָנאָמישע צייטונג, אוועלכן־ניט־איז דאָקומענט וועגן ארויספירן סכוירעס און קאפיטאל, קעדיי זיך צו איבערצייגן דערין. די הויפט־ארענע פונעם קאמפ איז דאָרעמ־אמע־ריקע, כינע, די קאָלאָניעס און די דאָמיניאָנען פון די אלטע אימפעריאליס־טישע מעלוכעס. די איבערוואָג פון קרעפטן אינעם דאָזיקן קאמפ,— דערביי אן איבערוואָג א באשטימטע,— איז אפ דער זייט פון די צאָפן-אמעריקאנישע פאראייניקטע שטאטן. נאָכן הויפט-ווידערשפרוך גייען ווידער־שפרוכן ניט קיין הויפטלעכע, נאָר גאנצ מאמאָשעסדיקע: צווישן אמעריקע און יאפאָניע, צווישן דייטשלאנד און פראנקרייך, צווישן פראנקרייך און אי־טאליע, צווישן ענגלאנד און פראנקרייך אאוו.

עס קאָן קיין שום סאָפעק ניט זיין, אז אין צוזאמענהאנג מיט דעם קריזיס, וואָס אנטוויקלט זיך, וועט דער קאמפ פאר די אָפזאצ-מערק, פאר רויוואַרג, פאר ארויספירן קאפיטאל זיך פארשטארקן מיט יעדן כוידעש, מיט יעדן טאָג.

די קאמפ-מיטלען זיינען: טאמאָזשנע־פאָליטיק, ביליקע סכוירעס, ביליקער קרעדיט, איבערגרופירונג פון די קרעפטן און נייע מיליטעריש-פאָלי־טישע בונדן, וווקס פון די באוואָפענונגען און צוגרייטונג צו נייע אימפע־ריאליסטישע מילכאָמעס, צולעצט — מילכאָמע. איך האָב גערעדט וועגן קריזיס, וועלכער האָט ארומגעכאפט אלע פראָדוציר־צווייגן. עס איז אָבער פאראן איין צווייג, וועלכן דער קריזיס האָט ניט פארכאפט. דער דאָזיקער צווייג איז די מיליטערישע אינדוסטריע. זי וואקסט די גאנצע צייט, ניט געקוקט אפן קריזיס. די בורזשואזע מעלוכעס באוואָפענען זיך און באַ־וואָפענען זיך איבער מעשוגענערווייז. צוליב וואָס? פארשטייט זיך, ניט צוליב שמועסן, נאָר צוליב מילכאָמע. און א מילכאָמע באדארפן די אימ־פעריאליסטן דערפאר, ווייל זי איז דאָס איינציקע מיטל אפ איבערפארטיילן די וועלט, אפ איבערפארטיילן די אָפזאצ־מערק, די רויוואַרג־קוואלן, די ספערן פון אָנווענדן קאפיטאל.

עס איז פולקום פארשטענדלעך, אז אין דער דאָזיקער סיטואציע דער־לעבט דער אזויגערופענער פאציפיזם די לעצטע טעג, די פעלקער-ליגיע פוילט לעבעדיקערהייט, די „אנטוואָפענונג־פראָיעקטן" פאלן דורך אין אן אָפגרונט, און די קאָנפערענצן וועגן פארקירצן די יאם־באוואָפענונגען ווערן פאר־וואנדלט אין קאָנפערענצן וועגן באנייען און פארברייטערן דעם יאם־פלאָט.

דאָס באטייט, אז די מילכאָמע-געפאר וועט אָנוואקסן מיט א פארשנע־לערטן טעמפ.

זאָלן פלאפלען די סאָציאל־דעמאָקראטן וועגן פאציפיזם, וועגן שאָלעם,

וועגנ פרידלעכער אנטוויקלונג פונעם קאפיטאליזם אא. די דערפארונג, וואָס עס גיט דאָס געפינענ זיכ פונ דער סאָציִאל-דעמאָקראטיע בא דער מאכט אינ דײַטשלאנד אונ אינ ענגלאנד, באווײַזט, אז דער פאציפיזם איז בא זײ בלויז א מאסקע, וואָס איז נײטיק אפ פארדעקנ די צוגרייטונג פונ נײַע מילכאָמעס.

ב) עס ווערנ אנטבלויזט אונ עס ווערנ זיכ פארשארפנ די ווידערשפרוכנ צווישנ די לענדער די זיגער אונ די לענדער די באזיגטע. פונ די לעצטע בינ איכ אויסנ דעריקער דײַטשלאנד. עס איז קײנ סאָפעק ניט, אז אינ צוזאמענהאנג מיטנ קריזיס אונ מיט דער פארשארפונג פונ דער פראָבלעמ פונ די מערק וועט זיכ פארשטארקנ דער דרוק אפ דײַטשלאנד, וואָס איז ניט נאָר א באלכויװ, נאָר אויכ אנ אָנגעזעענער עקספּאָרטיאָר. די אָריגינעלע באציִונגענ, וואָס האָבנ זיכ געשאפנ צווישנ די לענדער די זיגער אונ דײַטשלאנד, וואָלט מענ געקאָנט אויסמאָלנ אינ דער פאָרמ פונ א פּיראמידע, וואָס אויבנ זיצנ, ווי די הארנ, אמעריקע, פראנקרײַכ, ענגלאנד אאוו. מיטנ יונג-פּלאנ אינ די הענט, מיט אנ אויפשריפט: „צאָל!”, אונ אונטנ איז צעשפרייט דײַטשלאנד, וואָס שלאָגט זיכ ארויס פונ די קויכעס אונ איז געצוווּנגענ ארויסציִענ פונ זיכ אלע קרעפטנ, קעדײ אויסצופילנ דעמ באפעל וועגנ צאָלנ מיליארדיקע קאָנטריבוציעס. איר ווילט וויסנ, וואָס דאָס איז? דאָס איז דער „לאָקארנאָ-גײַסט”. מײנענ, אז אזא לאגע קאָנ דורכגײנ גלאטיק פארנ וועלט-קאפיטאליזם, — הײסט גאָרניט נית פארשטײנ אינ לעבנ. מײנענ, אז די דײַטשישע בורזשואזיע וועט קאָנענ באצאָלנ אינ די נאָענטסטע 10 יאָר 20 מיליארד מארק, אונ דער דײַטשישער פראָלעטאריאט, וועלכער לעבט אונטער א צווייענדיקנ יאָכ פונ דער „אײַגענער” אונ „פרעמדער” בורזשואזיע, וועט לאָזנ דער דײַטשישער בורזשואזיע אויסקוועטשנ פונ זײַנע אָדערנ די דאָזיקע 20 מיליארד אָנ ערנסטע שלאכטנ אונ אויפטרייסלונגענ — הײסט אראָפּ פונ זינענ. זאָלנ די דײַטשישע אונ פראנצויזישע פּאָליטיקער מאכנ דעמ אָנשטעל, אז זײ גלײבנ אינעמ דאָזיקנ נעס. מיר, באָלשעוויקעס, גלײבנ ניט אינ קײנ ניסים.

ג) עס ווערנ אנטבלויזט אונ פארשארפט די ווידערשפרוכנ צווישנ די אימפעריאליסטישע מעלוכעס אונ די קאָלאָניִאלע אונ אָפּהענגיקע לענדער. דער וואקסנדיקער עקאָנאָמישער קריזיס קאָנ ניט ניט פארשטארקנ דעמ דרוק פונ די אימפעריאליסטנ אפ די קאָלאָניעס אונ אָפּהענגיקע לענדער, וועלכע שטעלנ פאָר די הויפּט-מערק פונ אָפּזאצ אונ רויווארג. אונ ווירקלעכ, דער דרוק ווערט פארשטארקט ביזנ לעצטנ גראד. עס איז א פאקט, אז די אייראָפּייִשע בורזשואזיע געפינט זיכ איצט אינ א צושטאנד פונ מילכאָמע מיט „אירע” קאָלאָניעס אינ אינדיע, אינ אינדאָ-כינע, אינ אינדאָנעזיע, אינ צאָפנ-אפריקע. עס איז א פאקט, אז די

„אומאָפהענגיקע" כינע איז שוין פארטיילט פאקטיש אפ איינפלוס-ספערן און די גענעראלישע קליקעס פון די קאָנטררעוואָליוציאָנערע גאָמינדאנער, פירנדיק מילכאָמע צווישן זיך און רויבנירנדיק דאָס כינעזישע פאָלק, פילן זיי אויס דעם ווילן פון זייערע באלעבאטים פונעם אימפעריאליסטישן לאגער.

מע דארף האלטן פאר ענדגילטיק דורכגעפאלן די ליגנערישע ווערסיע וועגן דעם, אז די טוער פון די רוסישע געזאנדשאפטן אין כינע זיינען שולדיק אין שטערן די „רו און אָרדענונג" אין כינע. קיין רוסישע גע-זאנדשאפטן איז שוין לאנג ניטאָ ניט אין דאָרעם־כינע, ניט אין מיטל־כינע. דערפאר אָבער זיינען פאראן ענגלישע, יאפאנישע, דייטשישע, אמעריקאנישע און אלערליי אנדערע געזאנדשאפטן. קיין רוסישע געזאנדשאפטן איז שוין לאנג ניטאָ ניט אין דאָרעם-כינע, ניט אין מיטל-כינע. דערפאר אָבער זיינען פאראן דייטשישע, ענגלישע און יאפאנישע קריגס-ראטגעבער בא די מילכאָמע-האלטנדיקע כינעזישע גענעראלן. קיין רוסישע געזאנדשאפטן איז שוין דאָרט לאנג ניטאָ. דערפאר אָבער זיינען פאראן ענגלישע, אמעריקאנישע, דייטשישע, טשעכאָסלאָוואקישע און אלערליי אנדערע הארמאטן, ביקסן, עראָפלאנען, טאנקעס, גיפטיקע גאזן. און וואָס באקומט זיך? אנשטאָט „רו און אָרדענונג" האָבן מיר איצט אין דאָרעם-כינע און מיטל־כינע די סאמע צע-יושעטע און סאמע רויבנירנדיקע גענעראלן־מילכאָמע, וואָס ווערט פינאנסירט און אינסטרוקטירט פון די „ציוויליזירטע" מעלוכעס פון אייראָפע און אמע-ריקע. עס באקומט זיך א גאנץ פיקאנט בילד פון „ציוויליזאטערישער" אר-בעט פון די קאפיטאליסטישע מעלוכעס. עס איז נאָר ניט באוווּסט, וואָס פאר א שייכעס עס האָבן אהער די רוסישע באָלשעוויקעס?

עס וואָלט געווען לעכערלעך צו טראכטן, אז די דאָזיקע ווילדע מיי-סים פון די אימפעריאליסטן וועלן זיי דורכגיין גלאטיק. די כינעזישע ארבעטער און פויערים האָבן שוין געענטפערט אפ זיי מיט שאפן ראטן און א רויטע ארמיי. מע זאָגט, אז דאָרט האָט זיך שוין געשאפן א ראטנ־רעגירונג. איך מיין, אז אויב דאָס איז ריכטיק, איז עס גאָר קיין וווּנדער ניט. עס קאָן ניט זיין קיין סאָפעק, אז בלויז ראטן קאָנען ראטעווען כינע פון ענדגילטיקער צעפאלונג און פאראָרעמונג.

וואָס איז שייך אינדיע, אינדאָ-כינע, אינדאָנעזיע, אפריקע אאוו., איז ניטאָ קיין שום סאָפעק, אז אין די דאָזיקע לענדער וואקסט אָן א רעוואָליר־ציאָנערע באוועגונג, וועלכע נעמט אָן צומאָל פאָרמען פון א נאציאָנאלער מילכאָמע פאר באפרייונג. די הערן בורזשוא רעכענען אויס צו פארגיסן די דאָזיקע לענדער מיט בלוט און זיך שטיצן אפ פאָליציייִשע באגנעטן, רופנדיק צוהילף אזעלכע מענטשן, ווי גאנדי. עס קאָן קיין סאָפעק ניט זיין, אז פאָליציייִשע באגנעטן זיינען א שלעכטע שטיצע. דער צאריזם האָט זיך

אויך אמאָל באמיט צו שטיצן זיך אפ פּאָליצייישע באגנעטן, נאָר וואָס פאר א שטיצע עס איז דערפון ארויסגעקומען איז אלעמען באוווּסט. וואָס איז שייַעך די העלפער פון גאנדיס טיפּ, האָט זיי דער צאריזם געהאט א גאנצע טשערעדע אין געשטאלט פון די ליבעראלע פּשאָרעמאכער פון יעדן מין, אָבער דערפון האָט זיך, אויסער קאָנפוז, גאָרניט באקומען.

ד) עס האָבן זיך אנטבלויזט און פארשארפט די ווידערשפּרוכן צווישן דער בורזשואזיע און דעם פּראָלעטאריאט אין די קאפּיטאליסטישע לענדער. דער קריזיס האָט שוין באוויזן צו פארשטארקן דעם דרוק פון די קאפּיטאליסטן אפן ארבעטער-קלאס. דער קריזיס האָט שוין באוויזן ארויסצורופן א נייַע כוואליע קאפּיטאליסטישע ראציאָנאליזא-ציע, א נייַע פארערגערונג אין דער לאגע פונעם ארבעטער-קלאס, א וווּקס פון דער ארבעטלאָזיקייַט, א פארברייטערונג פון דער שטענדיקער ארמיי ארבעטלאָזע, אן אראָפּזעצונג פונעם ארבעטלוין. עס איז קיין ווונדער ניט, וואָס די דאָזיקע אומשטענדן רעוואָליוציאָניזירן די סיטואציע, פארשארפן דעם קלאסנקאמף און שטויסן די ארבעטער צו נייַע קלאסן-שלאכטן.

אין צוזאמענהאנג דערמיט ווערן צעשמעטערט און עס פאלן די סאָציאל-דעמאָקראטישע איליוזיעס צווישן די ארבעטער-מאסן. נאָך דער דערפארונג, וואָס עס גיט דאָס געפינען זיך בא דער מאכט פון די סאָציאל-דעמאָקראטן, וועלכע רייַסן אראָפּ שטרייַקן, אָרגאניזירן לאָקאוטן און צעשיסן ארבעטער, קלינגען, ווי א בייזער שפּאס, אין די אויערן פון די ארבעטער די פאלשע צוזאָגן וועגן „פּראָדוציר-דעמאָקראטיע", „אינדוסטריעלן שאָלעם", „פרידלעכע מעטאָדן" פון קאמף. צי וועלן זיך איצט געפינען א סאך ארבעטער, וועלכע זייַנען פייַיק צו גלייבן די פאלשע דראָשעס פון די סאָציאל-פאשיסטן? די באוווסטע ארבעטער-דעמאָנסטראציעס פונעם 1-טן אויגוסט 1929 יאָר (קעגן דער מיליטער-געפאר) און פונעם 6-טן מארט 1930 (קעגן ארבעטלאָזיקייַט) באווייַזן, אז די בעסטע מענטשן פונעם ארבעטער-קלאס האָבן זיך שוין אָפּגעקערט פון די סאָציאל-פאשיסטן. דער עקאָנאָמישער קריזיס וועט דערלאנגען א נייַעם קלאפּ איבער די סאָציאל-דעמאָקראטישע איליוזיעס צווישן די ארבעטער. ווייניק וועלן זיך געפינען איצט ארבעטער, וואָס נאָך די באנקראָטן און רויִנירונגען אין צוזאמענהאנג מיטן קריזיס וועלן זיי מאסקים זייַן צו גלייבן אין דער מעגלעכקייַט צו בארייַכערן „יעדן ארבעטער" דורך אָנטייל אין די „דעמאָקראטיזירטע" אקציאָנערע קאָמפּאניעס. עס איז איבעריק צו ריידן, אז דער קריזיס וועט דערלאנגען א צעשמעטערנדיקן קלאפּ איבער אלע אזעלכע און ענלעכע צו זיי איליוזיעס.

אָבער דער אָפּגאנג פון די ארבעטער-מאסן פון דער סאָציאל-דעמאָ-קראטיע באטייַט זייער קער צום קאָמוניזם. אזוי קומט טאקע אינדערעמעסן

פאָר. דער וווּקס פונ דער פראָפאריינישער באוועגונג, וועלכע שליסט זיכ אָנ אָנ דער קאָמפארטיי; די וואל־דערפאָלגנ פונ די קאָמפארטייענ; די כוואליע שטרײַקנ, וועלכע קומענ פאָר באמ אָנפירנדיקנ אָנטייל פונ די קאָמוניסטנ; דאָס אריבערוואקסנ פונ די עקאָנאָמישע שטרײַקנ אינ פאָליטישע פראָטעסטנ, וואָס די קאָמוניסטנ אָרגאניזירנ; די מאסעווע דעמאָנסטראציעס פונ ארבעטער, וועלכע פילנ מיט דעמ קאָמוניזמ, דעמאָנסטראציעס, וואָס געפינענ דעמ לעבעדיקסטנ אָפקלאנג אינעמ ארבעטער־קלאס,—דאָס אלצ רעדט וועגנ דעמ, אז די ארבעטער־מאסנ זעענ אינ דער קאָמפארטיי די איינציקע פארטיי, וועלכע איז פייִק צו קעמפנ קעגנ קאפיטאליזמ, די איינציקע פארטיי, וואָס איז ווערט דעמ צוטרוי פונ די ארבעטער, די איינציקע פארטיי, נאָכ וועלכער מע קאָנ אונ עס לוינט צו גײנ אינ קאמפ פאר באפרײַענ זיכ פונעמ קאפיטאליזמ. דאָס איז א קער פונ די מאסנ אינ דער זײַט פארנעמ קאָמוניזמ. דאָס איז א גאראנטיע פאר דער פארוואנדלונג פונ אונדזערע ברידערלעכע קאָמפארטייענ אינ גרויסע מאסנ־פארטייענ פונ דעמ ארבעטער־קלאס. עס איז בלויז נייטיק, אז די קאָמוניסטנ זאָלנ קענענ אָפשאצנ די סיטואציע אונ אויסנוצנ זי ווי געהעריק. פאנאנדערוויקלענדיק דעמ אומקאָמפראָמיסלעכנ קאמפ קעגנ דער סאָציאל־דעמאָקראטיע, וועלכע שטעלט פאָר מיט זיכ אנ אגענטור פונעמ קאפיטאל אינעמ ארבעטער־קלאס, אונ צעקלאפנדיק אפ שטויב אלע אונ אלערליי אָפנייגנ פונעמ לעניניזמ, וועלכע גיסנ וואסער אפ די מיל־רעדער פונ דער סאָציאל־דעמאָקראטיע, האָבנ די קאָמפארטייענ באוויזנ, אז זיי שטייענ אפנ ריכטיקנ וועג. עס איז נייטיק, אז זיי זאָלנ זיכ ענדגילטיק פארפעסטיקנ אפנ דאָזיקנ וועג. ווײַל בלויז בא דעמ באדינג קאָנענ זיי אויסרעכענענ צו געווינענ די מערהײַט פונעמ ארבעטער־קלאס אונ דערפאָלגרײַכ צוגרייטנ דעמ פראָלעטאריאט צו די קינפטיקע קלאסנ־שלאכטנ. ווײַל בלויז בא דעמ דאָזיקנ באדינג קאָנ מענ אויסרעכענענ אפנ ווײַטערדיקנ וווּקס פונ דעמ אײַנפלוס אונ אווטאָריטעט פונעמ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל.

אָט דאָס איז דער צושטאנד פונ די גרונט־ווידערשפרוכנ פונעמ וועלט־קאפיטאליזמ, וועלכע האָבנ זיכ ביז גאָר פארשארפט אינ צוזאממענהאנג מיטנ עקאָנאָמישנ וועלט־קריזיס.

וועגנ וואָס ריידנ די דאָזיקע אלע פאקטנ?

וועגנ דעמ, אז צו דער סטאביליזאציע פונעמ קאפיטאליזמ קומט א סאָפ.

וועגנ דעמ, אז דער אופשטײַג פונ דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג פונ די מאסנ וועט אָנוואקסנ מיט א נײַער קראפט.

וועגנ דעמ, אז דער עקאָנאָמישער וועלט־קריזיס וועט אריבערוואקסנ אינ א ריי לענדער אינ א פאָליטישנ קריזיס.

דאָס הייסט, ערשטנס, אַז די בורזשואַזיע וועט זוכן דעם אויסוועג פון דער לאַגע אין ווײַטערדיקער פאַשיזאַציע אפן געביט פון דער אינערלעכער פּאָליטיק, אויסנוצנדיק צוליב דעם אַלע רעאַקציאָנערע קרעפטן, דערונטער אויך די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

דאָס הייסט, צווייטנס, אַז די בורזשואַזיע וועט זוכן דעם אויסוועג אין אַ נײַער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע און אינטערווענץ אפן געביט פון דער אויסערלעכער פּאָליטיק.

דאָס הייסט, צולעצט, אַז דער פּראָלעטאַריאַט וועט, קעמפנדיק קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע און דער מילכאָמע־געפאַר, זוכן דעם אויסוועג אין דער רעוואָליוציע.

### 3. די באַציִונגען צווישן פּסטר און די קאַפּיטאַליסטישע מעלוכעס

א) איך האָב אויבן גערעדט וועגן די ווידערשפּרוכן פונעם וועלט־קאַפּיטאַליזם. אָבער אויסער די דאָזיקע ווידערשפּרוכן עקזיסטירט נאָך איין ווידערשפּרוך. איך רייד וועגן דעם ווידערשפּרוך צווישן דער קאַפּיטאַליס־טישער וועלט און דעם פּסטר. עמעס, דער דאָזיקער ווידערשפּרוך איז ניט קיין ווידערשפּרוך פון אינערלעך־קאַפּיטאַליסטישן כאַראַקטער. דאָס איז אַ ווידערשפּרוך צווישן דעם קאַפּיטאַליזם אינגאַנצן גענומען און דעם לאַנד, וווּ עס ווערט געבויט דער סאָציאַליזם. אָבער דאָס שטערט אים ניט צו צעלייגן און צעוואַקלען די עצעם יעסוידעס פונעם קאַפּיטאַליזם. נאָך מער, ער דעקט אויף ביז די וואָרצלען אַלע ווידערשפּרוכן פונעם קאַפּיטאַ־ליזם און קלײַבט זיי צונויף אין איין קנופּ, פאַרוואַנדלענדיק זיי אין אַ פראַגע פון לעבן און טויט פאַר דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג גופע. דעריבער איז יעדעס מאָל, ווען די קאַפּיטאַליסטישע ווידערשפּרוכן הייבן זיך אָן פאַרשאַרפן, ווענדט די בורזשואַזיע אירע בליקן אין דער זײַט פון פּסטר: צי קאָן מען ניט לייזן דעם אָדער יענעם ווידערשפּרוך פונעם קאַפּיטאַליזם, אָדער אַלע ווידערשפּרוכן, צוזאַמען גענומען, אפן כעזשבן פון פּסטר, פון דעם דאָזיקן לאַנד פון די ראַטן, דער ציטאַדעל פון רע־וואָליוציע, וועלכע רעוואָליוציאָניזירט מיט איר עקזיסטענץ אַליין דעם אַרבעטער־קלאַס און די קאָלאָניעס, וועלכע שטערט צו אָרגאַניזירן אַ נײַע מילכאָמע, וועלכע שטערט איבערצופאַרטיילן די וועלט אפּ אַ נײַעם אויפן, וועלכע שטערט צו באַלעבאַטעווען אפּ איר גרויסן אינערלעכן מאַרק, וואָס איז אַזוי נייטיק פאַר די קאַפּיטאַליסטן, באַזונדערס איצט, אין צוזאַמענ־האַנג מיטן עקאָנאָמישן קריזיס.

דערפון נעמט זיך די טענדענץ צו אַוואַנטיוריסטישע אָנפאַלן אפּן פּסטר און צו אינטערווענץ, וועלכע (די טענדענץ) מוז זיך פאַר־

שטארקן אין צוזאמענהאנג מיטן עקאָנאָמישן קריזיס, וואָס וויקלט זיך פאנאנדער.

דער סאמע בוילעטער אויסדרוק פון דער דאָזיקער טענדענץ אינעם געגעבענעם מאָמענט איז דאָס איצטיקע בורזשואזע פראנקרייך, דאָס היימלאנד פון דער ליבעפולער „פּאן־אייראָפּע", דאָס „וויגעלע" פונעם קעלאָג־פּאקט, דאָס סאמע אגרעסיווע און מיליטאריסטישע לאנד פון אלע אגרעסיווע און מיליטאריסטישע לענדער אין דער וועלט.

אָבער אינטערווענץ איז א שטעקן מיט צוויי עקן. דאָס איז גענוי באוווּסט דער בורזשואזיע. עס וועט זיין גוט, טראכט זי, אויב די אינטערווענץ וועט דורכגיין גלאטיק און וועט זיך ענדיקן מיט דער מאפּאָלע פון פססר. נו, און וואָס וועט זיין, אויב זי וועט זיך ענדיקן מיט דער מאפּאָלע פון די קאפּיטאליסטן? עס איז דאָך שוין געווען איין אינטערווענץ, וועלכע האָט זיך געענדיקט מיט א קראך. אויב די ערשטע אינטערווענץ, ווען די באָלשעוויקעס זיינען געווען שוואך, האָט זיך געענדיקט מיט א קראך, איז ווו איז די גאראנטיע, אז די צווייטע וועט זיך אויך ניט ענדיקן מיט א קראך? אלע זעען, אז די באָלשעוויקעס זיינען איצט אָן אַן ערעך שטארקער אי עקאָנאָמיש, אי פּאָליטיש, אי אין זין פון צוגרייטן די שוצפייִקייט פונעם לאנד. און וואָס זאָל מען טאָן מיט די ארבעטער פון די קאפּיטאליסטישע לענדער, וועלכע וועלן ניט לאָזן אינטערווענירן דעם פססר, וועלכע וועלן קעמפן קעגן דער אינטערווענץ און וועלכע קאָנען טאָמער עפּעס וואָס א קלאפּ טאָן די קאפּיטאליסטן אין רוקן? צי איז ניט בעסער צו גיין לויט דער ליניע פון פארשטארקן די האנדל־פארבינדונגען מיט פססר, קעגן וואָס די באָלשעוויקעס דערווידערן אויך ניט?

דערפון נעמט זיך די טענדענץ צו פאָרזעצן די פרידלעכע באציִונגען מיט פססר.

אזויארום האָבן מיר צוויי רייען פאקטאָרן און צוויי פארשיידענע טענדענצן, וועלכע ווירקן אין קעגנזעצלעכע ריכטונגען:

1. א פּאָליטיק פון אונטעררייסן די עקאָנאָמישע פארבינדונגען פונעם פססר מיט די קאפּיטאליסטישע לענדער, פּראָוואָקאציִע־אָנפאלן אפן פססר, אָפענע און באהאלטענע ארבעט אפ צוגרייטן אן אינטערווענץ קעגן פססר. דאָס זיינען פאקטאָרן, וועלכע דראָען דער אינטערנאציִאָנאלער לאגע פון פססר. מיט דער ווירקונג פון די דאָזיקע פאקטאָרן קאָן מען דערקלערן אזעלכע פאקטן, ווי דער איינרייס פונעם ענגלישן קאָנסערוואטיוון קאבינעט מיט פססר, דאָס פארכאפּן די מיזרעך־כינעזישע אייזנבאן דורך די כינעזישע מיליטאריסטן, די פינאנציִעלע בלאָקאדע פון פססר, דער „מארש" פון די קלעריקאלן בעראָש מיטן פּויפּסט קעגן פססר, די אָרגאניזירונג פון שעדיקעריי פון

אונדזערע ספּעצנ דורכ די אגענטנ פונ די אויסלענדישע מעלוכעס, די אָר-
גאניזירונג פונ אופרײַסנ אונ אונטערצינדונגענ פונ דעמ מינ, וואָס עס
האָבנ געמאכט אײניקע אָנגעשטעלטע פונ „לענא־גאָלדפּילדס", די אטענ-
טאטנ אפ די פּאָרשטײער פונ פססר (פוילנ), דאָס טשעפּענ זיכ צו אונדזער
עקספּאָרט (צאָפנ־אמעריקאנישע פארײניקטע שטאטנ, פוילנ) אדג.

2. דאָס מיטגעפיל אונ די שטיצע פאר פססר מיצאד די ארבעטער
אינ די קאפּיטאליסטישע לענדער, דער וווּקס פונ דער עקאָנאָמישער אונ
פּאָליטישער מעכטיקײַט פונ פססר, דער וווּקס פונ דער שוצפײיקײַט פונ
פססר, די שאָלעמ־פּאָליטיק, וואָס די ראטנמאכט פירט דורכ קעסיידער.
דאָס זײַנענ פאקטאָרנ, וועלכע פארפעסטיקנ די אינטערנאציִאָנאלע לאגע
פונ פססר. מיט דער ווירקונג פונ די דאָזיקע פאקטאָרנ קאָנ מענ דער-
קלערנ אזעלכע פאקטנ, ווי די דערפאָלגרײַכע ליקווידאציע פונעמ קאָנ-
פליקט אפ דער מיזרעכ־כינעזישער אײַזנבאנ, די אופשטעלונג פונ די בא-
ציִונגענ מיט גרויס־בריטאניע, דער וווּקס פונ די עקאָנאָמישע פארבינדונ-
גענ מיט די קאפּיטאליסטישע לענדער אאוו.

דורכנ קאמפ פונ די דאָזיקע צוויי פאקטאָרנ ווערט באשטימט די אויסער-
לעכע לאגע פונ פססר.

ב) מע זאָגט, אז דער שטײנ אפנ וועג פאר דער פארבעסערונג פונ
די עקאָנאָמישע פארבינדונגענ מיט די בורזשואזע מעלוכעס איז די פראגע
וועגנ די כויוועס. איכ מײנ, אז דאָס איז ניט קײנ ארגומענט פאר צאָלנ
די כויוועס, נאָר אנ אויסרײד בא די אגרעסיווע עלעמענטנ פאר אינטער-
ווענציִאָניסטישער פּראָפּאגאנדע. אונדזער פּאָליטיק אינעמ דאָזיקנ געביט איז
קלאָר אונ פולקומ באגרינדעט. בא דעמ באדינג, אז מע וועט אונדז געבנ
קרעדיטנ, זײַנענ מיר מאסקימ צו צאָלנ א קלײנעמ טײל פארמילכאָמע-
דיקע כויוועס, באטראכטנדיק זײ אלס צוגאָב־פּראָצענט פאר די קרעדיטנ. אָנ
דעמ דאָזיקנ באדינג קאָנענ מיר ניט אונ דארפנ ניט צאָלנ. בא אונדז פאָ-
דערט מענ מער? אפ וואָס פאר א גרונט? צי איז דענ ניט באוווּסט, אז
די דאָזיקע כויוועס האָט באקומענ די צארישע רעגירונג, וואָס די רעוואָ-
לוציע האָט אראָפּגעוואָרפנ אונ וואָס פאר אירע היסכײַוועסנ קאָנ די ראטנ-
רעגירונג ניט נעמענ אפ זיכ קײנ פאראנטוואָרטלעכקײַט? מע רעדט וועגנ
אינטערנאציִאָנאלנ רעכט, וועגנ אינטערנאציִאָנאלע היסכײַוועסנ. אָבער אפנ
יעסאָד פונ וועלכנ אינטערנאציִאָנאלנ רעכט האָבנ די הערנ „פארבינדעטע"
אָפּגעהאקט פונ פססר בעסאראביע אונ אָפּגעגעבנ זי אינ קנעכטשאפט די
רומענישע באָיארנ? לויט וועלכע אינטערנאציִאָנאלע היסכײַוועסנ זײַנענ די
קאפּיטאליסטנ אונ די רעגירונגענ פונ פראנקרײַכ, ענגלאנד, אמעריקע, יאפּאָ-
ניע אָנגעפאלנ אפנ פססר, אינטערווענירט אימ, אימ בארויבט אינ מעשעכ

פון גאנצע דרײַ יאָר און רויִנירט זײַן באפעלקערונג? אויב דאָס רופט זיך אינטערנאציאָנאלע רעכט און אינטערנאציאָנאלע היסכײַוועס, וואָס זשע הייסט דאן רויבערײַ? (געלעכטער. אפלאָדיסמענטן.) צי איז דען ניט קלאָר, אז, דערלאָזנדיק די דאָזיקע רויבערישע אקטן, האָבן די הערן „פארבינדעטע” אָפגענומען בא זיך דאָס רעכט זיך צו פארופן אפן אינטערנאציאָנאלן רעכט, אפ אינטערנאציאָנאלע היסכײַוועסן?

מע זאָגט, ווײַטער, אז צום אײַנשטעלן „נאָרמאלע” באציִונגען שטערט די פראָפּאגאנדע פון די רוסישע באָלשעוויקעס. מיטן צ״ל צו פארהיטן זיך פון דער שעדלעכער ווירקונג פון דער פראָפּאגאנדע האלטן די הערן בורזשוא אין איין אָפּצאמען זיך מיט „גרענעצן”, מיט „דראָט־פארצוימונגען”, איבערגעבנדיק גנעדיק פוילן, רומעניע, פינלאנד אאוו. דעם קאָוועד אָפּצוהיטן די „פארצוימונגען”. מע זאָגט, אז דײַטשלאנד כאפט אָן א קינע דערפאר, וואָס מע וויל דײַטשלאנד קלוימערשט ניט איבערגעבן די שוץ פון די „גרענעצן” און פון די „דראָט־פארצוימונגען”. צי דארף מען דערווײַזן, אז די פלאפלערײַ וועגן פראָפּאגאנדע איז ניט קיין ארגומענט אפ אײַנשטעלן „נאָרמאלע באציִונגען”, נאָר א מאָטיוו פאר אינטערווענציאָניסטישער פראָפּאגאנדע? ווי קאָנען מענטשן, וועלכע ווילן ניט זײַן קאָמיש, זיך „אָפּגרענעצן” פון די אידייען פונעם באָלשעוויזם, אויב אינעם לאנד גופע איז פאראן א באָדן, וואָס איז גינסטיק פאר די דאָזיקע אידייען? דער צאריזם האָט זיך אויך אמאָל געהאלטן אין „אָפּצאמען” פונעם באָלשעוויזם, אָבער ער האָט זיך, ווי באוווּסט, ניט „אָפּגעצאמט”. ער האָט זיך ניט אָפּגעצאמט, ווײַל דער באָלשעוויזם וואקסט אפ שריט און טריט, ניט פון אויסן, נאָר פון אינווייניק. עס זײַנען, דאכט זיך, ניטאָ קיין לענדער, וואָס זאָלן זײַן מער „אָפּגעצאמט” פון די רוסישע באָלשעוויקעס, ווי כינע, אינדיע, אינדאָכינע. נו, איז וואָס? דער באָלשעוויזם וואקסט דאָרט און וועט וואקסן, ניט געקוקט אפ אלערליי „גרענעצן”, ווײַל דאָרטן זײַנען דאָ אפנעם באדינגונגען, וועלכע זײַנען גינסטיק פארן באָלשעוויזם. איז וואָס פאר א שײַכעס האָט אהער די פראָפּאגאנדע פון די רוסישע באָלשעוויקעס? אָט, ווען די הערן קאפיטאליסטן וואָלטן זיך קאָנען ווי־עס־איז „אָפּצאמען” פונעם עקאָנאָמישן קריזיס, פון דער אָרעמקייט פון די מאסן, פון דער ארבעטלאָזיקייט, פון דעם נידעריקן ארבעטלוין, פונעם עקספּלואטירן די ארבעטנדיקע, — דעמלט איז אן אנדער זאך, דעמלט וואָלט ניט געווען בא זיי אויך קיין באָלשעוויסטישע באוועגונג. אָבער אין דעם גייט עס דאָך, וואָס יעדער מענוול זוכט צו באַרעכטיקן זײַן שוואכקייט אָדער זײַן אומפעיִקייט דערמיט, וואָס ער פארופט זיך אפ דער פראָפּאגאנדע פון די רוסישע באָלשעוויקעס.

מע זאָגט, ווײַטער, אז דער שטייט אפן וועג איז אונדזער, סאָוועטישער רעזשים, די קאָלעקטיוויזאציע, דער קאמף קעגן באַלעגופנטום, די אנטירעליגיעזע פּראָפּאגאנדע, דער קאמף קעגן די שעדיקער און קאָנטררעוואָליוציאָנערן פון צווישן די „וויסנשאפט־לײַט“, דאָס פארטרײַבן די בעסעדאָווסקיס, די סאָלאָמאָנאָווס, די דמיטריעווסקיס אדג. אָבער דאָס ווערט שוין גאָר קוריעז. זיי געפעלט ניט, ווײַזט זיך ארויס, דער ראטן־רעזשים. אָבער אונדז געפעלט אויך ניט דער קאפּיטאליסטישער רעזשים. (געלעכטער. אפּלאָדיסמענטן.) אונדז געפעלט ניט, וואָס צענדליקער מיליאָנען ארבעטלאָזע זײַנען געצוווּנגען בא זיי צו הונגערן און פירן א קאפּצאָנישלעבן, בעת א קליין הײַפעלע קאפּיטאליסטן באזיצט מיליארדישע רײַכטימער. אָבער וויבאלד מיר האָבן שוין מאסקים געווען זיך ניט ארײַנצומישן אין די אינערלעכע איניאָנים פון אנדערע לענדער, איז דען ניט קלאָר, אז עס איז ניט קעדײַ זיך אומקערן צו דער דאָזיקער פראגע? קאָלעקטיוויזאציע, קאמף קעגן באַלעגופנטום, קאמף קעגן שעדיקער, אנטירעליגיעזע פּראָפּאגאנדע אדג. זײַנען ניט־אָפּנעמבארע רעכט פון די ארבעטער און פּויערים פון פססר, וואָס איז פארפיקסירט אין אונדזער קאָנסטיטוציע. די קאָנסטיטוציע פון פססר דארפן מיר און מיר וועלן אויספילן מיט דער גאנצער קאָנסעקווענטקײַט. איז אלזאָ פארשטענדלעך, אז ווער עס וויל זיך ניט רעכענען מיט אונדזער קאָנסטיטוציע — קאָן זיך גיין ווײַטער, אפּ אלע פיר זײַטן. וואָס איז שײַעך די בעסעדאָווסקיס, די סאָלאָמאָנאָווס, די דמיטריעווסקיס אדג., וועלן מיר אויך ווײַטער ארויסווארפן אזעלכע מענטשן, ווי בראַקירטע סכוירע, וואָס טויג ניט און וואָס איז שעדלעך פאר דער רעוואָליוציע. זאָלן זיך גרויסן מיט זיי יענע, וועלכע האָבן באזונדערע סימפּאטיעס צו אָפּפאל. (געלעכטער.) די מילשטיינער פון אונדזער רעוואָליוציע ארבעטן גוט. זיי נעמען אלץ, וואָס עס טויג, און גיבן עס אָפּ די ראטן, און דעם אָפּפאל שלײַדערן זיי ארויס. מע זאָגט, אז אין פראנקרײַך, צווישן די פּאריזשער בורזשוא, איז פאראן א גרויסער נאָכפרעג אפּ דער דאָזיקער בראקירטער סכוירע. מײלע, איז זאָלן זיי זי אימפּאָרטירן צו געזונט. עמעס, דאָס וועט עטוואָס באלעסטיקן די אימפּאָרט־ארטיקלען פון פראנקרײַכס האנדל־באלאנס, קעגן וואָס עס פּראָטעסטירן שטענדיק די הערן בורזשוא. אָבער דאָס איז שוין זייער זאך. לאָמיר זיך ניט ארײַנמישן אין די אינערלעכע איניאָנים פון פראנקרײַך. (געלעכטער. אפּלאָדיסמענטן.)

אזוי האלט עס מיט די „שטערונגען“, וועלכע לאָזן ניט אײַנשטעלן „נאָרמאלע“ באציִונגען מיט אנדערע לענדער.

עס באקומט זיך, אז די דאָזיקע „שטערונגען“ זײַנען קלוימערשטע

„שטערונגענ", וועלכע זייַנענ געלאָזט אינ גאנג, קעדיי צו באקומענ אנ ארויסרייד פאר אנטיסאָוועטישער פּראָפּאגאנדע.

אונדזער פּאָליטיק איז די פּאָליטיק פונ שאָלעמ אונ פונ פארשטארקנ די האנדל־פארבינדונגענ מיט אלע לענדער. דער רעזולטאט פונ דער דאָזיקער פּאָליטיק איז די פארבעסערונג פונ די באציִונגענ מיט א רײ לענדער אונ דאָס שליסנ א רײ אָפּמאכנ וועגנ האנדל, טעכנישער הילף אאוו. איר רעזולטאט איז אויכ דער אָנשלוס פונ פּססר צומ קעלאָג־פּאקט, דאָס אונטערשרייַבנ דעמ באוווּסטנ פּראָטאָקאָל לויט דער ליניע פונעמ קעלאָג־פּאקט מיט פּוילנ, רומעניע, ליטע אאוו., דאָס אונטערשרייַבנ דעמ פּראָטאָקאָל וועגנ פארלענגערנ דעמ אָפּמאכ מיט טערקייַ וועגנ פרייַנטשאפט אונ נייטראליטעט. צולעצט, א רעזולטאט פונ דער דאָזיקער פּאָליטיק איז דער פאקט, וואָס אונדז איז געלונגענ צו פארהיטנ דעמ שאָלעמ, ניט לאָזנדיק די סאָנימ ארייַנציִענ אונדז אינ קאָנפליקטנ, ניט געקוקט אפ א רײ פּראָוואָצירנדיקע אקטנ אונ אוואנטיוריסטישע אָנפאלנ פונ די מילכאָמע־אונטערצינדער. די דאָזיקע שאָלעמ־פּאָליטיק וועלנ מיר פירנ אויכ ווייַטער מיט אלע קרעפטנ, מיט אלע מיטלענ. קיינ אייננ שפּאנ פרעמדע ערד ווילנ מיר ניט. אָבער אויכ אונדזער ערד, קיינ איינ ווערשאָק פונ אונדזער ערד וועלנ מיר קיינעמ ניט אָפּגעבנ. (א פּ ל אָ ד י ס מ ע נ ט נ.)

דאָס איז אונדזער אויסערלעכע פּאָליטיק.

די אויפגאבע באשטייט דערינ, אז מע זאָל דורכפירנ אויכ ווייַטער די דאָזיקע פּאָליטיק מיט דער גאנצער אקשאָנעס, וואָס איז אייגנטימלעכ פאר באָלשעוויקעס.

II

## דער וואקסנדיקער אופשטייַג פונ דער סאָציאליסטישער בויונג אונ די אינערלעכע לאגע פונ פּססר

לאָמיר אריבערגיינ צו דער אינערלעכער לאגע פונ פּססר.

אינ קעגנזאצ צו די קאפּיטאליסטישע לענדער, ווו עס הערשט איצט דער עקאָנאָמישער קריזיס אונ די וואקסנדיקע ארבעטלאָזיקייַט, שטעלט פאָר די אינערלעכע לאגע פונ אונדזער לאנד א בילד פונ וואקסנדיקנ אופשטייַג פונ דער פאָלקווירטשאפט אונ פונ פּראָגרעסיווער פארקלענערונג פונ דער ארבעטלאָזיקייַט. עס איז אויסגעוואקסנ אונ האָט פארשנעלערט די טעמפּנ פונ איר אנטוויקלונג די גרויס־אינדוסטריע. עס האָט זיכ פארפעסטיקט די שווערע אינדוסטריע. דער

סאָציאַליסטישער סעקטער פון דער אינדוסטריע האָט זיך א רוק געטאָן פאָרויס. עס איז אויסגעוואַקסן א נייַע קראַפט אין דער לאַנדווירטשאַפט — די ראַטווירטן און די קאָלווירטן. אויב מיט צוויי יאָר צוריק האָבן מיר געהאַט א קריזיס פון דער טוווּע־פּראָדוקציע און האָבן זיך געשטיצט אין אונדזער ברויט־פּאַרגרייטונג־אַרבעט דעריקער אַף דער אינדיווידועלער ווירטשאַפט, האָט זיך איצט דער שווערפּונקט איבערגערוקט אַף די קאָלווירטן און ראַטווירטן, און דעם טוווּע־קריזיס קאָן מען רעכענען איַנגרונט פאַר געלייזט. די גרונט־מאַסן פונעם פּויערטום האָבן ענדגילטיק א קערעווע געטאָן צו די קאָלווירטן. דער ווידערשטאַנד פונעם באַלעגופּנטום איז אָפּגעשלאָגן. די אינערלעכע לאַגע פון פּסםר האָט זיך נאָך מער פאַרפעסטיקט.

דאָס איז דאָס אַלגעמיינע בילד פון דער אינערלעכער לאַגע פון פּסםר איַנעם געגעבענעם מאָמענט.

לאָמיר באַטראַכטן די קאָנקרעטע אָנגאַבן.

## 1. דער וווּקס פון דער פאָלקווירטשאַפט אינגאַנצן גענומען

א) אויב אין 1926/27 יאָר, דה. צום XV פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, האָבן מיר אין דער גאַנצער לאַנדווירטשאַפט, איַינגעשלאָסן די וואַלד־ווירטשאַפט, דעם פישפאַנג אאַוו., געהאַט א ברוטאָ־פּראָדוקציע אין פּאַרמילכאָמע־רובלס אַף א סומע פון 12370 מיליאָן רובל, דה. 106,6% פונעם פאַרמילכאָמעדיקן ניוואָ, איז אין פאָלגנדיקן יאָר, דה. אין 1927/28 יאָר, האָבן מיר געהאַט 107,2%, אין 1928/29 יאָר — 109,1%, און אין לויפנדיקן 1929/30 יאָר, אורטיילנדיק לויטן אַנטוויקלונג־גאַנג פון דער לאַנדווירטשאַפט, וועלן מיר האָבן ניט ווייניקער פון 113 — 114 פּראָצ. פונעם פאַרמילכאָמעדיקן ניוואָ.

מיר האָבן דאָ א קעסיידערדיקן, האַגאַם פאַרהעלטניסמעסיק לאַנגזאַמען, וווּקס פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער פּראָדוקציע אינגאַנצן גענומען.

אויב אין 1926/27 יאָר, דה. צום XV פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, האָבן מיר געהאַט אין דער גאַנצער אינדוסטריע, סיַי אין דער קליינער סיַי אין דער גרויסער, רעכענענדיק אויך די מעל־אינדוסטריע, א ברוטאָ־פּראָדוקציע אין פאַרמילכאָמעדיקע רובלס אַף א סומע פון 8641 מיליאָן רובל, דה. 102,5% פונעם פאַרמילכאָמעדיקן ניוואָ, איז אין פאָלגנדיקן יאָר, דה. אין יאָר 1927/28, האָבן מיר געהאַט 122%, אין 1928/29 יאָר — 142,5%, און אין לויפנדיקן 1929/30 יאָר, אורטיילנדיק לויטן אַנטוויקלונג־גאַנג פון דער אינדוסטריע, וועלן מיר האָבן ניט ווייניקער פון 180% פונעם פאַרמילכאָמעדיקן ניוואָ.

מיר האָבן דאָ אַן אומגעווייגלעכ שנעלן וווּקס פון דער אינדוסטריע־לער פּראָדוקציע אינגאנצן גענומען.

ב) אויב אין 1926/27 יאָר, דה. צום XV פּארטיי־צוזאמענפאָר, האָבן מיר געהאט א פּראַכט־אומזאַץ איבער אונדזער גאנצער אייזנבאַן־נעץ 81,7 מיליארד טאָן־קילאָמעטער, דה. 127% פונעם פארמילכאָמעדיקן ניוואָ, איז אין פאָלגנדיקן יאָר, דה. אין 1927/28 יאָר, האָבן מיר געהאט 134,2%, אין 1928/29 יאָר — 162,4%, און אין לויפנדיקן 1929/30 יאָר וועלן מיר, לויט אלע אָנגאבן, האָבן ניט ווייניקער פון 193% פונעם פארמילכאָמעדיקן ניוואָ. וואָס איז שייעכ די נייע אייזנבאַן־בויונג, ווערט פארן באריכט-פּע-ריאָד, דה. רעכענענדיק פון 1927/28 יאָר, די אייזנבאַן-נעץ פארגרעסערט פון 76 טויזנט קילאָמעטער ביז 80 טויזנט קילאָמעטער, וואָס באטרעפט 136,7% פונעם פארמילכאָמעדיקן ניוואָ.

ג) אויב מע זאָל דעם צושטאנד פונעם האנדלס־פארמיטלערישן אומזאַץ אין לאנד אין 1926/27 יאָר אָנעמען פאר הונדערט (31 מיליארד רובל), קומט אויס, אז פארן 1927/28 יאָר איז דער פארנעם פונעם אומזאַץ אויסגעוואקסן ביז 124,6%, אין 1928/29 יאָר — ביז 160,4%, און אין לויפנדיקן 1929/30 יאָר, אורטיילנדיק לויט אלע אָנגאבן, ווערט דער פארנעם פונעם אומזאַץ באטרעפן 202%, דה. ער ווערט פארטאָפּלט ווערן אין פארגלייכ מיטן 1926/27 יאָר.

ד) אויב מע זאָל דעם אלגעמיינעם באלאַנס פון אלע אונדזערע קרעדיט־אנשטאלטן אפן 1־טן אָקטיאבער 1927 יאָר אָנעמען פאר 100 (9 173 מיליאָן רובל), קומט אויס, אז אפן 1-טן אָקטיאבער 1928 יאָר האָבן מיר געהאט א וווּקס ביז 141%, און אפן 1-טן אָקטיאבער 1929 — ביז 201,1%, דה. א פארטאָפּלונג אין פארגלייכ מיטן 1927 יאָר.

ה) אויב מע זאָל דעם אלגעמיינעם מעלוכישן בודזשעט אפן 1926/27 יאָר אָנעמען פאר 100 (6 371 מיליאָן רובל), קומט אויס, אז אין 1927/28 יאָר האָבן מיר געהאט א וווּקס פונעם מעלוכישן בודזשעט ביז 125,5%, אין 1928/29 יאָר — ביז 146,7%, און אין 1929/30 יאָר — ביז 204,4%, דה. א פארטאָפּלונג אין פארגלייכ מיטן בודזשעט פונעם 1926/27 יאָר (12 605 מיליאָן רובל).

ו) אויב אונדזער אויסערלעכער האנדל-אומזאַץ (עקספּאָרט־אימפּאָרט) האָט באטראָפן אין 1926/27 יאָר 47,9% פונעם פארמילכאָמעדיקן ני־וואָ, איז אין 1927/28 יאָר האָבן מיר געהאט א וווּקס פונעם אויסערלעכן האנדל־אומזאַץ ביז 56,8%, אין 1928/29 יאָר — ביז 67,9%, און אין 1929/30 יאָר וועלן מיר, לויט אלע אָנגאבן, האָבן ניט ווייניקער ווי 80% פונעם פאר־מילכאָמעדיקן ניוואָ.

ז) אין סאכאקל האָבן מיר אזא בילד פון וווקס פון דער גאנצער פּאָלק־האכנאָסע פארן באריכט־פעריאָד (אין אומגעענדערטע פרייזן פונעם 1926/27 יאָר): אין 1926/27 יאָר האָט די פאָלק־האכנאָסע, לויט די אָנגאבן פונעם מעלוכע־פּלאן, באטראָפן 23127 מיליאָן רובל; אין 1927/28 יאָר — 25396 מיליאָן רובל, — א צוווּקס אף 9,8%; אין 1928/29 יאָר — 28596 מיליאָן רובל — א צוווּקס אף 12,6%; אין 1929/30 יאָר דארף די פאָלק־האכנאָסע, אורטיילנדיק לויט אלע אָנגאבן, באטרעפן ניט ווייניקער פון 34 מיליארד רובל, דה. א צוווּקס פארן יאָר אף 20%. דער דורכשניטלעכער יאָר־צוווּקס פאר די 3 באריכט־יאָרן באטרעפט, אזויארום, העכער 15%.

אויב מע זאָל נעמען אין אכט, אז דער דורכשניטלעכער יערלעכער צוווּקס פון דער פאָלק־האכנאָסע אין אזעלכע לענדער, ווי די צאָפן־אמעריקאנישע פאראייניקטע שטאטן, ענגלאנד, דייטשלאנד, באטרעפט ניט מער ווי 3—8 פּראָצ., דארף מען אנערקענען, אז דער טעמפּ פונעם וווּקס פון דער פאָלק־האכנאָסע אין פּססר איז בעעמעס א רעקאָרדנער.

## 2. די דערפאָלגן פון דער אינדוסטריאליזאציע

דער וווּקס פון דער פאָלקווירטשאפט גייט בא אונדז ניט סטיכיש, נאָר אין א באשטימטער ריכטונג, נעמלעך — אין דער ריכטונג פון דער אינדוסטריאליזאציע, אונטערן צייכן פון וווּקס פונעם ספּעציפישן געוויכט פון דער אינדוסטריע אין דער אלעמיינער סיסטעם פון דער פאָלקווירטשאפט, אונטערן צייכן פון פארוואנדלען אונדזער לאנד פון אן אגראר לאנד אין אן אינדוסטריעל לאנד.

א) די דינאמיק פון דער פארהעלטעניש צווישן דער אינדוסטריע אינגאנצן גענומען און דער לאנדווירטשאפט אינגאנצן גענומען, פונעם שטאנדפּונקט פונעם ספּעציפישן געוויכט פון דער אינדוסטריע אין דער ברוטאָ־פּראָדוקציע פון דער גאנצער פאָלקווירטשאפט, איז פארן באריכט־פעריאָד געווען אזא: אין דער פארמילכאָמע־צייט האָט דער כיילעק פון דער אינדוסטריע אין דער ברוטאָ־פּראָדוקציע פון דער פאָלקווירטשאפט באטראָפן 42,1%, דער כיילעק פון דער לאנדווירטשאפט — 57,9%; אין 1927/28 יאָר באטרעפט דער כיילעק פון דער אינדוסטריע — 45,2%, פון דער לאנדווירטשאפט — 54,8%; אין 1928/29 איז דער כיילעק פון דער אינדוסטריע 48,7%, פון דער לאנדווירטשאפט — 51,3%; אין 1929/30 יאָר דארף דער כיילעק פון דער אינדוסטריע, לויט אלע אָנגאבן, באטרעפן ניט ווייניקער פון 53%, און דער כיילעק פון דער לאנדווירטשאפט — ניט מער פון 47%.

דאָס באַטײַט, אַז דאָס ספּעציפישע געוויכט פון דער אינדוסטריע הייבט שוין אָן פּרעוואַלירן איבערן ספּעציפישן געוויכט פון דער לאַנדווירטשאַפט, און מיר געפינען זיך ערעוו דער פאַרוואַנדלונג פון אַן אַגראַר לאַנד אין אַן אינדוסטריעל לאַנד. (אַפּלאָדיסמענטן.)

ב) נאָך אַ מער שאַרפע איבערוואָג באַקומט זיך לעטויווער דער אינדוסטריע פונעם שטאַנדפּונקט פון איר ספּעציפישן געוויכט אין דער סכוירע־פּראָדוקציע פון דער פאָלקווירטשאַפט. אויב אין 1926/27 יאָר האָט דער כּללעק סכוירע־פּראָדוקציע פון דער אינדוסטריע אינעם אַלגעמיינעם באַלאַנס פון דער סכוירע־פּראָדוקציע פון דער פאָלקווירטשאַפט באַטראָפן 68,8%, און דער כּללעק סכוירע־פּראָדוקציע פון דער לאַנדווירטשאַפט — 31,2%, האָבן מיר אין 1927/28 יאָר געהאַט פאַר דער אינדוסטריע 71,2%, פאַר דער לאַנדווירטשאַפט — 28,8%; אין 1928/29 יאָר פאַר דער אינדוסטריע — 72,4%, פאַר דער לאַנדווירטשאַפט — 27,6%; און פאַרן 1929/30 יאָר וועלן מיר, לויט אַלע אָנגאַבן, האָבן פאַר דער אינדוסטריע 76%, פאַר דער לאַנדווירטשאַפט — 24%.

אין דער דאָזיקער באַזונדערס ניט־גינסטיקער לאַגע פון דער לאַנדווירטשאַפט שפּירט זיך אָגעוו דער קליינפּויערשער און ווייניק סכוירישער כאַראַקטער פון דער לאַנדווירטשאַפט. דערבײַ איז פאַרשטענדלעך, אַז די דאָזיקע לאַגע וועט זיך דאַרפן אין אַ געוויסער מאָס ענדערן, אַז וויפל עס וועט קאָנצענטרירט ווערן די לאַנדווירטשאַפט לויט דער ליניע פון די ראַטווירטן און קאָלווירטן, אַף וויפל עס וועט זיך פאַרגרעסערן איר סכוירישקײַט.

ג) אָבער די אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע ביכלאַל גיט נאָך ניט דאָס פולע בילד פונעם אינדוסטריאַליזאַציע־טעמפּ. קעדיי צו באַקומען אַ פול בילד, דאַרף מען נאָך אײַנשטעלן די דינאַמיק פון דער פאַרהעלטעניש צווישן דער שווערער און דער לײַכטער אינדוסטריע. דעריבער דאַרף מען אַלס סאַמע בוילעטן צײַגער פונעם וווּקס פון דער אינדוסטריאַליזאַציע האַלטן דעם פּראָגרעסירנדיקן וווּקס פונעם ספּעציפישן געוויכט פון דער פּראָדוקציע פון פּראָדוציר־געצײַג און פּראָדוציר־מיטלען (די שווערע אינדוסטריע) אין דער אַלגעמיינער פּראָדוקציע פון דער אינדוסטריע. אויב אין 1927/28 יאָר האָט דער כּללעק פּראָדוקציע פון פּראָדוציר־געצײַג און פּראָדוציר־מיטלען אין דער אַלגעמיינער פּראָדוקציע פון דער גאַנצער אינדוסטריע באַטראָפן 27,2%, און דער כּללעק פּראָדוקציע פון זאַכן פאַרן ברייטן געברויך — 72,8%, גיט אין 1928/29 יאָר דער כּללעק פּראָדוקציע פון פּראָדוציר־געצײַג און פּראָדוציר־מיטלען 28,7% קעגן 71,3%, און אין 1929/30 יאָר וועט דער כּללעק פּראָדוקציע פון פּראָדו־

ציר-געצייַג אונ פראָדוציר־מיטלענ, לויט אלע אָנגאבנ, שוינ באטרעפנ 32,7% קעגנ 67,3%.

אויב מע זאָל אָבער נעמענ ניט די גאנצע אינדוסטריע, נאָר בלויז די פּלאנירטע פונעמ העכסטנ ראט פאר פאָלקווירטשאפט, וועלכע כאפט ארומ אלע גרונט-צווייַגנ פונ דער אינדוסטריע, איז דאָ די פארהעלטעניש צווישנ דער פראָדוקציע פונ פראָדוציר-געצייַג אונ פראָדוציר־מיטלענ אונ דער פראָ־דוקציע פונ זאכנ פארנ ברייטנ געברויכ נאָכ א מער גינסטיקע, נעמלעכ: אינ 1927/28 יאָר האָט דער כיילעק פראָדוקציע פונ פראָדוציר-געצייַג אונ פראָ־דוציר־מיטלענ באטראָפנ 42,7% קעגנ 57,3%; אינ 1928/29 יאָר — 44,6% קעגנ 55,4%; אונ אינ 1929/30 יאָר וועט ער, לויט אלע אָנגאבנ, בא־טרעפנ ניט ווייניקער פונ 48% קעגנ 52% פראָדוקציע פונ זאכנ פארנ ברייטנ געברויכ.

די אנטוויקלונג פונ אונדזער פאָלקווירטשאפט גייט אונטערנ צייכנ פונ אינדוסטריאליזאציע, אונטערנ צייכנ פונ פארפעסטיקנ אונ אנטוויקלענ אונ־דזער אייגענע שווערע אינדוסטריע.

דאָס באטייַט, אז מיר האָבנ שוינ אופגעהויבנ אונ מיר וויקלענ פא־באנדער ווייַטער די באזע פונ אונדזער עקאָנאָמישער אומאָפּהענגיקייַט, אונ־דזער שווערע אינדוסטריע.

## 3. די קאָמאנדיר-לאגע פונ דער סאָציאליסטישער אינדוסטריע אונ דער טעמפּ פונ איר וווּקס

די אנטוויקלונג פונ אונדזער פאָלקווירטשאפט גייט אונטערנ צייכנ פונ אינדוסטריאליזאציע. אונדז איז אָבער נייטיק ניט יעדע אינדוסטריאליזאציע. אונדז איז נייטיק אזא אינדוסטריאליזאציע, וועלכע זיכערט די וואקסנדיקע איבערוואָג פונ די סאָציאליסטישע פאָרמענ פונ אינדוסטריע איבער די קלייַנסכוירישע פאָרמענ אונ אוודע שוינ קאפּיטאליסטי־שע פאָרמענ. דער כאראקטעריסטישער שטריכ פונ אונדזער אינדוסטרי־אליזאציע באשטייט אינ דעמ, וואָס זי איז אנ אינדוסטריאליזאציע א סאָצי־אליסטישע, אנ אינדוסטריאליזאציע, וועלכע זיכערט דעמ ניצאָכנ פונעמ פארגעזעלשאפטלעכטנ סעקטער פונ דער אינדוסטריע איבער דעמ פּריוואט-ווירטשאפטלעכנ סעקטער, איבער דעמ קלייַנסכוירישנ אונ קאפּיטאליסטישנ סעקטער.

אָט זייַנענ אייניקע אָנגאבנ וועגנ דעמ וווּקס פונ די קאפּיטאלע אינ־וועסטיציעס אונ דער ברוטאָ-פראָדוקציע לויט די סעקטערס.

א) אויב מע זאָל נעמענ דעמ וווּקס פונ די קאפּיטאלע אינ־וועסטיציעס אינ דער אינדוסטריע לויט די סעקטערס, באקומענ מיר

אזא בילד. דער פארגעזעלשאפטלעכטער סעקטער: אין 1926/27 יאָר — 1 270 מיליאָן רובל; אין 1927/28 יאָר — 1 614 מיליאָן רובל; אין 1928/29 יאָר — 2 046 מיליאָן רובל; אין 1929/30 יאָר — 4 275 מיליאָן רובל. דער פּריוואט־ווירטשאפטלעכער און קאפּיטאליסטישער סעקטער: אין 1926/27 יאָר — 63 מיליאָן רובל; אין 1927/28 יאָר — 64 מיליאָן רובל; אין 1928/29 יאָר — 56 מיליאָן רובל; אין 1929/30 יאָר — 51 מיליאָן רובל.

דאָס הייסט, ערשטנס, אז די קאפּיטאלע אינוועסטיציעס אינעם פארגעזעלשאפטלעכטן סעקטער פון דער אינדוסטריע זײַנען אויסגעוואקסן פאר דער דאָזיקער צײַט מער ווי אין דרײַ מאָל (335⁰/₀).

דאָס הייסט, צווייטנס, אז די קאפּיטאלע אינוועסטיציעס פון פּריוואט־ווירטשאפטלעכן און קאפּיטאליסטישן סעקטער זײַנען געפאלן פאר דער דאָזיקער צײַט אפ איין פינפטל (81⁰/₀).

דער פּריוואט־ווירטשאפטלעכער און קאפּיטאליסטישער סעקטער לעבט אפ כעזשבן פונעם אלטן קאפּיטאל און גייט צו זײַן אומקום.

ב) אויב מע זאָל נעמען דעם וווּקס פון דער ברוטאָ־פּראָדוקציע פון דער אינדוסטריע לויט די סעקטערס, באקומען מיר אזא בילד. דער פארגעזעלשאפטלעכטער סעקטער: אין 1926/27 יאָר—11 999 מיליאָן רובל; אין 1927/28 יאָר—15 389 מיליאָן רובל; אין 1928/29 יאָר — 18 903 מיליאָן רובל; אין 1929/30 יאָר — 24 740 מיליאָן רובל. דער פּריוואט־ווירטשאפטלעכער און קאפּיטאליסטישער סעקטער: אין 1926/27 יאָר — 4 043 מיליאָן רובל; אין 1927/28 יאָר — 3 704 מיליאָן רובל; אין 1928/29 יאָר — 3 389 מיליאָן רובל; אין 1929/30 יאָר — 3 310 מיליאָן רובל.

דאָס הייסט, ערשטנס, אז די ברוטאָ־פּראָדוקציע אינעם פארגעזעלשאפטלעכטן סעקטער פון דער אינדוסטריע איז אויסגעוואקסן פאר די דרײַ יאָר מער ווי אין צוויי מאָל (206,2⁰/₀).

דאָס הייסט, צווייטנס, אז די ברוטאָ-פּראָדוקציע פון דער אינדוסטריע אינעם פּריוואט-ווירטשאפטלעכן און קאפּיטאליסטישן סעקטער איז געפאלן פאר דעם זעלבן פעריאָד קימאט אפ איין פינפטל (81,9⁰/₀).

אויב ווידער מע זאָל נעמען די פּראָדוקציע ניט פון דער גאנצער אינדוסטריע, נאָר בלויז פון דער גרויסער (צענזאָווער) אינדוסטריע און באטראכטן זי לויט די סעקטערס, באקומען מיר אזא בילד פון די פארהעלטענישן צווישן דעם פארגעזעלשאפטלעכטן און דעם פּריוואט-ווירטשאפטלעכן סעקטערס. דער ספּעציפישער געוויכט פונעם פארגעזעלשאפטלעכטן סעקטער אין דער פּראָדוקציע פון דער גרויסער אינדוסטריע פונעם לאנד: אין 1926/27 יאָר — 97,7⁰/₀; אין 1927/28 יאָר — 98,6⁰/₀; אין 1928/29

יאָר — $99{,}1^0/_0$; אין 1929/30 יאָר — $99{,}3^0/_0$. דער ספּעציפישער געוויכט פונעם פּריוואַט-ווירטשאַפטלעכן סעקטער אין דער פּראָדוקציע פון דער גרויסער אינדוסטריע פונעם לאַנד: אין 1926/27 יאָר — $2{,}3^0/_0$; אין 1927/28 יאָר — $1{,}4^0/_0$; אין 1928/29 יאָר — $0{,}9^0/_0$; אין 1929/30 יאָר — $0{,}7^0/_0$.

ווי איר זעט, זײַנען די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן פון דער גרויסער אינדוסטריע שוין אוועק צו גרונט.

עס איז קלאָר, אַז די פראַגע „ווער — וועמען“, די פראַגע וועגן דעם, צי דער סאָציאַליזם וועט באַזיגן די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן אין דער אינדוסטריע אָדער זיי וועלן באַזיגן דעם סאָציאַליזם, — איז שוין געלייזט אין גרונט לעטויוועס די סאָציאַליסטישע פאָרמען פון דער אינדוסטריע. געלייזט ענדגילטיק און אָפּ שטענדיק. (אַפּלאָדיסמענטן.)

ג) באַזונדערס אינטערעסאַנט זײַנען די אָנגאַבן פאַרן באַריכט-פּעריאָד וועגן דעם אַנטוויקלונג-טעמפּ פון דער מעלוכישער אינדוסטריע, וואָס דער העכסטער ראַט פאַר פאָלקווירטשאַפט פּלאַנירט. אויב מע זאָל די ברוטאָ-פּראָדוקציע פון דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע, וואָס דער העכסטער ראַט פאַר פאָלקווירטשאַפט פּלאַנירט, אָנעמען אין 1926/27 יאָר פאַר 100, קומט אויס, אַז אין 1927/28 יאָר איז די ברוטאָ-פּראָדוקציע פון דער דאָזיקער אינדוסטריע אויסגעוואַקסן ביז $127{,}4^0/_0$, אין 1928/29 יאָר — ביז $158{,}6^0/_0$, און אין 1929/30 יאָר וואַקסט זי אויס ביז $209{,}8^0/_0$.

דאָס הייסט, אַז די סאָציאַליסטישע אינדוסטריע, וואָס דער העכסטער ראַט פאַר פאָלקווירטשאַפט פּלאַנירט, וועלכע כאַפּט אַרום אַלע גרונט-צווײַגן פון דער אינדוסטריע און די גאַנצע שווערע אינדוסטריע, האָט זיך דערשלאָגן פאַר דרײַ יאָר מער ווי אַ פאַרטאָפּלונג.

מע מוז אָנערקענען, אַז קיין איין לאַנד אין דער וועלט ווייס ניט פון אַזעלכע ווילד-שנעלע אַנטוויקלונג-טעמפּן פון זײַן גרויסער אינדוסטריע.

דער דאָזיקער אומשטאַנד גיט אונדז טאַקע דעם גרונט צו ריידן וועגן דעם פינפיאָר אין פיר יאָר.

ד) אייניקע כאַווײרים קוקן סקעפּטיש אפן לאָזונג: „דער פינפיאָר אין פיר יאָר“. ערשט נאָך גאָר ניט לאַנג האָט איין טייל כאַווײרים אָפּגעשאַצט אונדזער פינפיאָר, וואָס איז באַשטעטיקט געוואָרן אפן V ראַטנ-צוזאַמענפאָר, ווי פאַנטאַסטיק. איך רייד שוין ניט וועגן די בורזשואַזע שרײַבער, בא וועלכע די אויגן קריכן אַרויס אפן שטערן בלויז פונעם איינעם וואָרט „פינפיאָר“. און וואָס האָבן מיר ווירקלעך, אויב מע זאָל באַטראַכטן דעם פינפיאָר פונעם שטאַנדפּונקט פון זײַן פאַרווירקלעכונג פאַר די ערשטע צוויי יאָר? וואָס זאָגט דער קאָנטראָל פונעם אויספילן דעם פינפיאָר אין זײַן אָפּטימאַלן וואַריאַנט? ער זאָגט ניט נאָר, אַז מיר קאָנען אויספילן דעם

פינפיאָר אין פיר יאָר. ער זאָגט נאָך, אז מיר קאָנען אים אויספילן אין א גאנצער ריי אינדוסטריע־צווייגן אין דריי און אפילע אין דריטהאלבן יאָר. די סקעפּטיקער פונעם אָפּאָרטוניסטישן לאגער קאָן זיך אויסווייזן, אז דאָס איז אומגלייבלעך. אָבער דאָס איז א פאקט, וואָס באשטרייטן אים וואָלט געוועז נארישׁ און קאָמיש.

אורטיילט אליין.

לויטן פינפיאָר האָט די נאפט-אינדוסטריע באדארפט געבן אין 1932/33 יאָר פּראָדוקטן אף 977 מיליאָן רובל. און פאקטיש גיט זי שוין אין 1929/30 יאָר פּראָדוקציע אף 809 מיליאָן רובל, דה. אף 83% פון דער פּראָדוקציע, וואָס איז אָנגעמערקט אינעם פינפיאָר פארן 1932/33 יאָר. הייסט עס, אז מיר פילן אויס דעם פינפיאָריקן פּלאן פון דער נאפט-אינדוסטריע אין אוועלכע $2^1/_2$ יאָר.

אין דער טאָרף-אינדוסטריע האָבן מיר באדארפט באקומען לויטן פינפיאָר אין 1932/33 יאָר פּראָדוקטן אף 122 מיליאָן רובל. און פאקטיש גיט זי שוין אין 1929/30 יאָר פּראָדוקטן אף העכער 115 מיליאָן רובל, דה. 96% פון דער פּראָדוקציע, וואָס איז אָנגעמערקט אינעם פינפיאָר פארן 1932/33 יאָר. הייסט עס, אז מיר פילן אויס דעם פינפיאָריקן פּלאן פון דער טאָרף-אינדוסטריע אין $2^1/_2$ יאָר, אויב ניט פריער.

לויטן פינפיאָר האָט די אלגעמיינע מאשינבויונג באדארפט געבן אין 1932/33 יאָר פּראָדוקטן אף 2 058 מיליאָן רובל. און פאקטיש גיט זי שוין אין 1929/30 יאָר פּראָדוקטן אף 1 458 מיליאָן רובל, דה. 70% פון דער פּראָדוקציע, וואָס דער פינפיאָר האָט אָנגעמערקט פארן 1932/33 יאָר. הייסט עס, אז מיר פילן אויס דעם פינפיאָריקן פּלאן פון דער אלגעמיינער מאשינבויונג אין $2^1/_2$—3 יאָר.

לויטן פינפיאָר האָט די לאנדווירטשאפטלעכע מאשינבויונג באדארפט געבן אין 1932/33 יאָר פּראָדוקטן אף 610 מיליאָן רובל. און פאקטיש גיט זי שוין אין 1929/30 יאָר פּראָדוקטן אף 400 מיליאָן רובל, דה. העכער 60% פון דער פּראָדוקציע, וואָס דער פינפיאָר האָט אָנגעמערקט פארן 1932/33 יאָר. הייסט עס, אז מיר פילן אויס דעם פינפיאָריקן פּלאן פון דער לאנדווירטשאפטלעכער מאשינבויונג אין 3 יאָר, אויב ניט פריער.

לויטן פינפיאָר האָט די עלעקטראָטעכנישע אינדוסטריע באדארפט געבן אין 1932/33 יאָר פּראָדוקציע אף 896 מיליאָן רובל. און פאקטיש גיט זי שוין אין 1929/30 יאָר פּראָדוקציע אף 503 מיליאָן רובל, דה. העכער 56% פון דער פּראָדוקציע, וואָס דער פינפיאָר האָט אָנגעמערקט פארן 1932/33 יאָר. הייסט עס, אז מיר פילן אויס דעם פינפיאָריקן פּלאן פון דער עלעקטראָטעכנישער אינדוסטריע אין 3 יאָר.

האָט אזוינע זײַנען די אומגעווײנלעכע אנטוויקלונג-טעמפּן פון אונדזער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע.

מיר גייען פּאָרויס מיט א׳ פּארשנעלערטן טעמפּ, דעריאָגנדיק אין דער טעכניש-עקאָנאָמישער הינזיכט די פּאָרגעשריטענע קאַפּיטאַליסטישע לענדער.

ה) דאָס הייסט ניט, פארשטייט זיך, אז מיר האָבן זיי שוין דעריאָגט אינעם זין פון פארנעם פון דער פּראָדוקציע, אז אונדזער אינדוסטריע האָט שוין דערגרייכט דעם אנטוויקלונג-ניוואָ פון דער אינדוסטריע אין די פּאָרגעשריטענע קאפּיטאַליסטישע לענדער. ניין, דאָס הייסט עס נאָך ווײַט ניט. דעם אנטוויקלונג-טעמפּ פון דער אינדוסטריע און דעם אנטוויקלונג-ניוואָ פון דער אינדוסטריע טאָר מען ניט צונויפמישן איינס מיטן אנדערן. בא אונדז מישן דאָס א סאך צונויף, רעכענענדיק, אז אויב מיר האָבן זיך דערשלאָגן אומגעווײנלעכע טעמפּן אין דער אנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע, האָבן מיר שוין דערמיט גופע דערגרייכט דעם אנטוויקלונג-ניוואָ פון דער אינדוסטריע אין די פּאָרגעשריטענע קאפּיטאַליסטישע לענדער. אָבער דאָס איז אין גרונט ניט ריכטיק.

לאָמיר נעמען, לעמאָשל, די פּראָדוקציע פון עלעקטראָענערגיע, וווּ מיר האָבן זייער הויכע טעמפּן. לויט דער פּראָדוקציע פון עלעקטרישער ענערגיע האָבן מיר זיך דערשלאָגן א פארגרעסערונג פונעם 1924 יאָר ביזן 1929 יאָר קימאט ביז 600%, בייס די צאָפן־אמעריקאנישע פאריייניקטע שטאטן האָבן פארגרעסערט די פּראָדוקציע פון עלעקטראָענערגיע פאר דעם זעלבן פּעריאָד בלויז ביז 181%, קאנאדע — ביז 218%, דײַטשלאנד — ביז 241%, איטאליע — ביז 222%. ווי איר זעט, האָבן מיר דאָ א טעמפּ מאמעש אן אומגעווײנלעכן, וואָס שטײַגט אריבער די טעמפּן פון אלע אנדערע מעלוכעס. אויב מע זאָל אָבער נעמען דעם אנטוויקלונג־ניוואָ פון דער פּראָדוקציע פון עלעקטרישער ענערגיע אין די דאָזיקע לענדער, לעמאָשל, אינן 1929 יאָר, און פארגלײַכן אים מיטן אנטוויקלונג-ניוואָ אין פססר, וועט זיך פאר פססר באקומען ווײַט ניט קיין פריילעכע בילד. ניט געקוקט אפן אומגעווײנלעכן אנטוויקלונג־טעמפּ פון דער פּראָדוקציע פון עלעקטראָענערגיע, האָט די פּראָדוקציע פון עלעקטראָענערגיע אין פססר אין 1929 יאָר באטראָפן בלויז 6 465 מיליאָן קילאָוואט־שאָ, בייס די צאָפן־אמעריקאנישע פאריייניקטע שטאטן האָבן געהאט 126 000 מיליאָן קילאָוואט־שאָ, קאנאדע האָט געהאט 17 628 מיליאָן קילאָוואט־שאָ, דײַטשלאנד — 33 000 מיליאָן קילאָוואט-שאָ, איטאליע — 10 650 מיליאָן קילאָוואט-שאָ.

דער כילעק, ווי איר זעט, איז א קאָלאָסאלער.

עס קומט אויס, אז לויטן אנטוויקלונג־ניוואָ שטייען מיר הינטער די דאָזיקע אלע מעלוכעס.

אָדער לאָמיר נעמען, לעמאָשל, די טשוהונ-פראָדוקציע בא אונדז. אויב מע זאָל אָננעמען די פראָדוקציע פונ טשוהונ פארנ 1926/27 יאָר פאר 100 (2,9 מיליאָנ טאָנ), איז פאר די דרײַ יאָר, ד. ה. פונ 1927/28 יאָר ביזנ 1929/30 יאָר, ווערט די פראָדוקציע פונ טשוהונ בא אונדז פארגרעסערט קימאט אינ *צוויי מאָל*, דערגייענדיק ביז 190% (5,5 מיליאָנ טאָנ). דער אנטוויקלונג־טעמפ איז, ווי איר זעט, א גאנצ הויכער. אָבער אויב מע זאָל א קוק טאָנ אפ דער זאכ פונעם שטאנדפונקט פונעם אנטוויקלונג-ניוואָ פונ דער טשוהונ־פראָדוקציע בא אונדז אונ פארגלײַכנ די גרייס פונ דער טשוהונ־פראָדוקציע אינ פססר מיט דער גרייס פונ דער פראָדוקציע אינ די פאָרגעשריטענע קאפיטאליסטישע לענדער, באקומט זיכ גאָר ניט קיינ פריילעכ בילד. אָנהייבנ דערפונ, אז דעמ פארמילכאָמעדיקנ ניוואָ פונ טשוהונ־פראָדוקציע דערגרייכנ מיר אונ וועלנ אימ אריבערשטײַגנ ערשט אינעמ לויפנדיקנ 1929/30 יאָר. שוינ דאָס אליינ צווינגט אונדז צו קומענ צו דעמ אומדערבארעמדיקנ אויספיר, אז אָנ דער ווײַטערדיקער פארשנעלערונג פונ די אנטוויקלונג - טעמפנ פונ דער מעטאלורגיע ריזיקירנ מיר אוועקצושטעלנ אונטער א געפאר דעמ גורל פונ אונדזער גאנצער אינדוסטריעלער פראָדוקציע. וואָס איז שײַעכ דעמ אנטוויקלונג־ניוואָ פונ דער טשוהונ-אינדוסטריע בא אונדז אונ אינ מײַרעוו, האָבנ מיר אזא בילד: די טשוהונ־פראָדוקציע אינ די צאָפנ-אמעריקאנישע פארייניקטע שטאטנ האָט אינ 1929 יאָר זיכ אויסגעדריקט אינ א ציפער פונ 42,3 מיליאָנ טאָנ; אינ דײַטשלאנד — 13,4 מיליאָנ טאָנ; אינ פראנקרײַכ — 10,45 מיליאָנ טאָנ; אינ ענגלאנד — 7,7 מיליאָנ טאָנ; אונ אינ פססר וועט די טשוהונ-פראָדוקציע אינ סאָפ 1929/30 באטרעפנ סאכאקל 5,5 מיליאָנ טאָנ.

דער כילעק איז, ווי איר זעט, ניט קיינ קליינער.

עס קומט, אזויארום, אויס, אז לויטנ אנטוויקלונג-ניוואָ פונ דער טשוהונ-פראָדוקציע שטייענ מיר הינטער די דאָזיקע אלע לענדער.

וועגנ וואָס זאָגט דאָס אלצ?

וועגנ דעמ, אז:

1) *מע טאָר ניט צונויפמישנ* דעמ אנטוויקלונג־טעמפ פונ דער אינדוסטריע מיט איר אנטוויקלונג-ניוואָ;

2) מיר זײַנענ אינעמ זינ פונעמ אנטוויקלונג-ניוואָ פונ אונדזער אינדוסטריע מוירעדיק *אָפגעשטאנענ* פונ די פאָרגעשריטענע קאפיטאליסטישע לענדער;

3) בלויז די *ווײַטערדיקע פארשנעלערונג* פונעמ אנטוויקלונג־טעמפ פונ אונדזער אינדוסטריע וועט אונדז געבנ די מעגלעכקײַט צו דעריאָגנ אונ אריבעריאָגנ אינ טעכניש-עקאָנאָמישער הינזיכט די פאָרגעשריטענע קאפיטאליסטישע לענדער;

4) מענטשן, וועלכע פלאפלען וועגן דער נייטיקייט צו פארקלענערן דעם אנטוויקלונג-טעמפ פון אונדזער אינדוסטריע, זיינען סאנים פונעם סאָ-ציאליזם, אגענטן פון אונדזערע קלאסן-פיינט. (אפלאָדיסמענטן.)

## 4. די לאנדווירטשאפט און די טוווע-פראבלעם

אויבן האָב איך גערעדט וועגן דעם צושטאנד פון דער לאנדווירט-שאפט אינגאנצן גענומען, אייַנגעשלאָסן די וואלד-ווירטשאפט, דעם פיש-פאנג אאוו. אָן דער פאנאנדערטיילונג פון דער לאנדווירטשאפט אף אירע גרונט-צווייַגן. אויב מע זאל אויסטיילן פון דער לאנדווירטשאפט אינגאנצן גענומענע אירע גרונט-צווייַגן, ווי, לעמאָשל, די טוווע-ווירטשאפט, די פי-צוכט און די טעכנישע קולטורן, איז די לאגע, לויט די אָנגאבן פונעם מע-לוכע-פלאן און פון פאלקאָמערד פון פססר, אזא:

א) אויב מע זאל אָנעמען די פ א ר ז יי-שעטעכן פון די ט ו ו ו ע-קולטורן אין 1913 יאָר פאר 100, באקומען מיר אזא בילד פון דער באוועגונג פון די פארזיי-שעטעכן פון טוווע-קולטורן לויט די יאָרן: אין 1926/27 יאָר — 96,9%; אין 1927/28 יאָר — 94,7%; אין 1928/29 יאָר — 98,2%; און אינעם לויפנדיקן 1929/30 יאָר וועלן זיי, לויט אלע אָנגאבן, באטרעפן 105,1% פונעם פארמילכאָמעדיקן ניוואָ.

עס ציט צו זיך צו די אופמערקזאמקייט דער פאקט, וואָס די פארזיי-שעטעכן פון טוווע-קולטורן זיינען אין 1927/28 יאָר געפאלן. דאָס דאָזיקע פאלן דערקלערט זיך ניט מיט דער דעגראדאציע פון דער טוווע-ווירטשאפט, ווי עס האָבן געפלאפלט וועגן דעם די אמעראציעס פונעם לאגער פון די רעכטע אָפאָרטוניסטן, נאָר מיטן אומקום פון די ווינטער-פארזייען אין פאר-נעם פון 7 700 טויזנט העקטאר (20% ווינטער-פארזייען אין פססר).

אויב מע זאל אָנעמען, ווייטער, די ב ר ו ט א-פ ר א ד ו ק צ י ע פון די טוווע-קולטורן אין 1913 יאָר פאר 100, וועלן מיר באקומען אזא בילד: אין 1927 יאָר — 91,9%; אין 1928 יאָר — 90,8%; אין 1929 יאָר — 94,4%; און אין 1930 יאָר וועלן מיר, לויט אלע אָנגאבן, באקומען ביז 110% פון דער פארמילכאָמעדיקער נאָרמע.

דאָ ציט אויך צו זיך צו די אופמערקזאמקייט דאָס פאלן פון דער ברוטאָ-פראָדוקציע פון די טוווע-קולטורן אין 1928 יאָר, וואָס ווערט דער-קלערט מיטן אומקום פון די ווינטער-פארזייען אין אוקראינע און צאָפנ-קאווקאז.

וואָס איז שייַך דעם ס כ ו י ר ע ד י ק ן טייל ברוטאָ-פראָדוקציע פון די טוווע-קולטורן (דעם אויסערדאָרפישן אומזאצ), האָבן מיר דאָ נאָך א מער באַ-לערנדיק בילד. אויב מע זאל אָנעמען דעם סכוירעדיקן טייל טוווע-פראָדוק-

ציע פונעם 1913 יאָר פאר 100, קומט אויס, אז אין 1927 יאָר האָבן מיר געהאט 37% סכוירע-פראָדוקציע; אין 1928 יאָר — 36,8%; אין 1929 יאָר — 58%; און אין לויפנדיקן 1930 יאָר וועלן מיר האָבן, לויט אלע אָנגאבן, ניט ווייניקער, ווי 73% פונעם פארמילכאָמעדיקן ניוואָ.

עס קומט אויס, אזויארום, אז אין פראט פון די פארזיי־שעטעכן און פון דער ברוטאָ-פראָדוקציע פון די טוווע-קולטורן דערגרייכן מיר די פארמילכאָמעדיקע נאָרמע און שטייגן זי עטוואָס אריבער ערשט אינעם לויפנדיקן 1930 יאָר.

עס קומט אויס, ווייטער, אז אין פראט פון דער סכוירעדיקער פראָדוקציע פון די טוווע־קולטורן האָבן מיר נאָך ווייט ניט דערגרייכט די פארמילכאָמעדיקע נאָרמע און וועלן נאָך אָפשטיין פון איר הייַנטיקס יאָר אפ א פראָצענט 25.

דאָ ליגט דער גרונט פון אונדזערע ברויט-שוועריקייטן, וועלכע האָבן זיך באזונדערס פארשארפט אין 1928 יאָר.

דאָ ליגט טאקע דער גרונט פון דער טוווע-פראָבלעם.

ב) בעערעכ אזא בילד אנטפלעקט זיך, נאָר מיט נאָך מער אליארמירנ־דיקע צייַגערס, אינעם געביט פון פיצוכט.

אויב מע זאָל אָנעמענ די צאָל פון אלע מינים פי אינ 1916 יאָר פאר 100, וועט זיך באקומענ אזא בילד לויט די יאָרנ. אינ 1927 יאָר איז גע-ווענ פערד 88,9%, גרויסע האָרנפי — 114,3 %, שאָפ און ציגנ — 119,3%, כא-זיירים — 111,3%; אינ 1928 יאָר פערד — 94,6%, גרויסע האָרנפי — 118,5%, שאָפ און ציגנ — 126%, כאזיירים — 126,1%; אינ 1929 יאָר פערד — 96,9%, גרויסע האָרנפי — 115,6%, שאָפ און ציגנ — 127,8%, כאזיירים — 103%; אינ 1930 יאָר פערד — 88,6%, גרויסע האָרנפי — 89,1%, שאָפ און ציגנ — 87,1%, כאזיירים — 60,1% פון דער נאָרמע פונעם 1916 יאָר.

ווי איר זעט, איז אויב מע זאָל נעמענ אינ אכט די אָנגאבנ פונעם לעצטנ יאָר, האָבנ מיר בעפיירעשע סימאָנים פונ אנ אָנגעהויבענער פארקלענע-רונג פונ דער פיצוכט-ווירטשאפט.

א נאָך מער ניט פריילעכ בילד באקומט זיך פונעם שטאנדפונקט פונ סכוירישנ ארויסגאנג פונ דער פיצוכט, באזונדערס אינ פראט פונ פלייש און פעטס. אויב מע זאָל אָנעמענ די ברוטאָ־פראָדוקציע פונ פלייש און פעטס לויט יעדנ יאָר פאר 100, באטרעפט דער סכוירישער ארויסגאנג פונ פלייש און פעטס אנטשפרעכיק: אינ 1926 יאָר — 33.4%, אינ 1927 יאָר — 32,9%, אינ 1928 יאָר — 30,4%, אינ 1929 יאָר — 29,2%.

מיר האָבנ, אזויארום, בעפיירעשע סימאָנים פונ ניט-שטאנדהאפטיקייט און עקאָנאָמישער ניט־זיכערקייט פונ דער קליינער און ווייניק-סכוירישער ווירטשאפט אינ דער פיצוכט.

עס קומט אויס, אַז אָנשטאָט אריבערשטײַגנ לויט דער פּיצוכט די נאָרמעס פונעם 1916 יאָר, האָבנ מיר פארנ לעצטנ יאָר בעפּיירעשע סימאָנים פונ אָפּגייִנ פונ דער דאָזיקער נאָרמע אראָפּ־צו.

אזויארום, איז נאָכ דער טווּע־פּראָבלעם, וועלכע מיר דערלייזנ שויִנ איִנ גרונט מיט דערפּאָלג, שטעלט זיכ פאר אונדז די פלייש־פּראָבלעם, וואָס איר שארפקײַט שפּירט זיכ שויִנ איצט און וועלכע ווארט אפ איר דערלייזונג.

ג) אנ אנדער בילד אנטפּלעקט פאר אונדז די אנטוויקלונג פונ די טעכנישע קולטורנ, וועלכע גיבנ רויוואַרג פאר אונדזער אינדוסטריע. אויב מע זאָל אָנעמענ דעם פארזיי־שעטעכ פונ די טעכנישע קולטורנ איִנ 1913 יאָר פאר 100, האָבנ מיר: בוימוואָל איִנ 1927 יאָר — 107,1%, איִנ 1928 יאָר — 131,4%, איִנ 1929 יאָר — 151,4%, איִנ 1930 יאָר — 217% פונעם פארמילכאָמעדיקנ ניוואָ; לײַנ איִנ 1927 יאָר — 86,6%, איִנ 1928 יאָר — 95,7%, איִנ 1929 יאָר — 112,9%, איִנ 1930 יאָר — 125% פונעם פארמילכאָמעדיקנ ניוואָ; צוקער־בורעקעס איִנ 1927 יאָר — 106,6%, איִנ 1928 יאָר — 124,2%, איִנ 1929 יאָר — 125,8%, איִנ 1930 יאָר — 169% פונעם פארמילכאָמעדיקנ ניוואָ; אייל־געוויקסנ איִנ 1927 יאָר — 179,4%, איִנ 1928 יאָר — 230,9%, איִנ 1929 יאָר — 219,7%, איִנ 1930 יאָר — ניט ווייניקער פונ 260% פונעם פארמילכאָמעדיקנ ניוואָ.

דאָס זעלבע איִנ גרונט גינסטיקע בילד גיט די ברוטאָ־פּראָדוקציע פונ די טעכנישע קולטורנ. אויב מע זאָל אָנעמענ די ברוטאָ־פּראָדוקציע פונעם 1913 יאָר פאר 100, האָבנ מיר: בוימוואָל איִנ 1928 יאָר — 110,5%, איִנ 1929 — 119%, איִנ 1930 יאָר וועלנ מיר, לויט אלע אָנגאבנ, האָבנ 182,8% פונעם פארמילכאָמעדיקנ ניוואָ; לײַנ איִנ 1928 יאָר — 71,6%, איִנ 1929 יאָר — 81,5%, איִנ 1930 יאָר וועלנ מיר, לויט אלע אָנגאבנ, האָבנ 101,3% פונעם פארמילכאָמעדיקנ ניוואָ; צוקער־בורעקעס איִנ 1928 יאָר — 93%, איִנ 1929 יאָר — 58%, איִנ 1930 יאָר וועלנ מיר, לויט אלע אָנגאבנ, האָבנ 139,4% פונעם פארמילכאָמעדיקנ ניוואָ; אייל־געוויקסנ איִנ 1928 יאָר — 161,9%, איִנ 1929 — 149,8%, איִנ 1930 יאָר וועלנ מיר, לויט אלע אָנגאבנ, האָבנ 220% פונעם פארמילכאָמעדיקנ ניוואָ.

לויט די טעכנישע קולטורנ האָבנ מיר, אזויארום, א מער גינסטיק בילד, אויב מע זאָל ניט רעכענענ דאָס 1929 יאָר פאר בורעקעס, וואָס זייער גערעטעניש איז צעשעדיקט געוואָרנ פונ א באבעלע.

כאָטש אויכ דאָ, איִנ געביט פונ די טעכנישע קולטורנ, זײַנענ מענגלעכ און ווארשײַנלעכ איִנ דער צוקונפט ערנסטע וואקלונגענ און אנטפּלעקונגענ פונ ניט־שטאנדהאפטיקײַט מאכמעס דער איבערוואָג פונ דער קליינער

ווירטשאפט, לויטן מוסטער פון די וואקלונגען און אנטפלעקונגען פון ניט-שטאנדהאפטיקייט, וואָס ווערן דעמאָנסטרירט אין די דאָזיקע ציפערן בע-נעגייע ליין און אייל-קולטורן, וועלכע זיינען ווייניקער פאר אלץ אָנגע-רירט געוואָרן דורכן איינפלוס פון די קאָלווירטן און ראטווירטן.

פאר אונדז שטייען, אזויארום, פאָלגנדיקע פּראָבלעמען פון דער לאנד-ווירטשאפט:

1) די פּראָבלעם פון פארפעסטיקן די לאגע פון די טעכנישע קולטורן דורך פארזיכערן פאר די אנטשפּרעכיקע ראיאָנען א גענוגע צאָל ביליקע ברויט-פּראָדוקטן;

2) די פּראָבלעם פון אופהייבן די פיצוכט און לייזן די פליישּ-פראגע דורך זיכערן פאר די אנטשפּרעכיקע ראיאָנען א גענוגע צאָל ביליקע טווּע-פּראָדוקטן און פוראזש;

3) די פּראָבלעם פון ענדגילטיקן דערלייזן די פראגע וועגן דער טווּע-ווירטשאפט, אלס הויפּט-פראגע פון דער לאנדווירטשאפט אינעם געגעבע-נעם מאָמענט.

עס קומט אויס, אז די טווּע־פּראָבלעם איז דער גרונט־רינג אין דער סיסטעם פון דער לאנדווירטשאפט און דער שליסל צו לייזן אלע אנדערע פּראָבלעמען אירע.

עס קומט אויס, אז די לייזונג פון דער טווּע-פּראָבלעם איז די ערשטע אופגאבע אין דער ריי אנדערע פּראָבלעמען פון דער לאנדווירט-שאפט.

אָבער דערלייזן די טווּע-פּראָבלעם און ארויספירן דערמיט גופע די לאנדווירטשאפט אפן וועג פון ערנסטן אופשטייג, — הייסט ליקווידירן אין גרונט די אָפּגעשטאנענקייט פון דער לאנדווירטשאפט, באוואָפענען זי מיט טראקטערס און לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס, באזאָרגן זי מיט נייע קאד-רען וויסנשאפטלעכע טוער, אופהייבן די ארבעט־פּראָדוקטיווקייט, פארגרע-סערן די סכוירעדיקייט. אָן די דאָזיקע באדינגונגען איז גאָר ניטאָ אפילע וואָס צו טרוימען וועגן לייזן די טווּע-פּראָבלעם.

צי איז מעגלעך צו פארווירקלעכן די דאָזיקע אלע באדינגונגען אפּ דער באזע פון דער קליינער אינדיווידועלער פויערשער ווירטשאפט? ניין, ניט מעגלעך. ניט מעגלעך, ווייל די קליינפויערשע ווירטשאפט איז ניט בעקויעך אָנצונעמען און צו באהערשן די נייע טעכניק, ניט בעקויעך אופצו-הייבן אין א גענוגער מאָס די ארבעט-פּראָדוקטיווקייט, ניט בעקויעך צו פארגרעסערן אין א גענוגער מאָס די סכוירעדיקייט פון דער לאנדווירט-שאפט. עס בלייבט איין וועג, דער וועג פון קאָנצענטרירן די לאנד-ווירטשאפט, דער וועג פון איינפלאנצן גרויסע ווירטשאפטן, באוואָפנטע מיט

דער מאָדערנער טעכניק. אָבער דאָס ראטנלאנד קאָנ זיכ ניט שטעלנ אפנ וועג פונ אָרגאניזירנ גרויסע קאפּיטאליסטישע ווירטשאפטנ. עס קאָנ אונ דארפ גיינ בלויז אפ אָרגאניזירנ גרויסע ווירטשאפטנ פונ סאָציאליסטישנ טיפּ, באוואָפנטע מיט דער נייער טעכניק. אזעלכע ווירטשאפטנ זיינענ בא אונדז די ראטווירטנ אונ די קאָלווירטנ.

דערפונ שטאמט די אופגאבע אייַנצופלאנצנ ראטווירטנ אונ פאראייניקנ די קליינפויערשע ווירטשאפטנ אינ גרויסע קאָלעקטיווע ווירטשאפטנ, אלס איינציקער וועג צומ ליזנ די פּראָבלעמ פונ דער לאנדווירטשאפט בכלל, די טווּע־פּראָבלעמ באזונדערס.

אפ דעמ דאָזיקנ וועג האָט זיכ טאקע געשטעלט די פּארטיי אינ איר אלטעגלעכער פּראקטישער ארבעט נאָכנ XV צוזאמענפאָר, באזונדערס נאָכ דעמ, ווי עס האָבנ זיכ ארויסגעוויזנ די ערנסטע ברויט-שוועריקייטנ אינ אָנהייב 1926 יאָר.

מע דארפ פארצייכענענ, אז די דאָזיקע קארדינאלע פּראָבלעמ, אלס פּראקטישע אופגאבע, האָט אונדזער פּארטיי אװעקגעשטעלט אינ טאָג-סיידער נאָכ אפנ XV צוזאמענפאָר, ווענ עס זיינענ נאָכ בא אונדז ניט געווענ קיינ ערנסטע ברויט-שוועריקייטנ. אינ דער באוווסטער רעזאָליוציע פונעמ XV צוזאמענפאָר „וועגנ דער ארבעט אינ דאָרפ" ווערט גלייכ געזאָגט, אז:

> „אינעמ איצטיקנ פעריאָד דארפ די אופגאבע צו פאראייניקנ אונ איבערגעשטאלטנ די קליינע אינדיווידועלע פויערשע ווירטשאפטנ אינ גרויסע קאָלעקטיווע אוועקגעשטעלט ווערנ אלס גרונט-אופגאבע פונ דער פּארטיי אינ דאָרפ".

עס וועט עפשער ניט איבעריק זיינ צו ברענגענ אויכ דאָס אנטשפּרעכיקע אָרט פונעמ באריכט-פּאָרטראָג פונעמ צק אפנ XV צוזאמענפאָר, ווו עס ווערט פּונקט אזוי שארפ אונ באשטימט אוועקגעשטעלט די פּראָבלעמ פונ ליקווידירנ די אָפּגעשטאנענקייט פונ דער לאנדווירטשאפט אפ יעסוידעס פונ קאָלעקטיוויזאציע. אָט וואָס דאָרט איז געזאָגט:

> „ווו זשע איז דער ארויסוועג? דער ארויסוועג איז אינעמ איבערגאנג פונ די קליינע אונ צעשטויבטע פויערשע ווירטשאפטנ אינ גרויסע אונ פאראייניקטע ווירטשאפטנ אפנ יעסאָד פונ געזעלשאפטלעכער באארבעטונג פונ דער ערד, אינעמ איבערגאנג צו קאָלעקטיווער ערד-באארבעטונג אפ דער באזע פונ א נייער, העכערער טעכניק. דער ארויסוועג איז אינ דעמ, אז מע זאָל די קליינע אונ גאָר קליינינקע פויערשע ווירטשאפטנ ביסלעכווייז, אָבער פעסט, ניט אינ אָרדענונג פונ דרוק, נאָר אינ אָרדענונג פונ באווייזנ אונ איבערצייגנ, פאראייניקנ אינ גרויסע ווירטשאפטנ אפנ יעסאָד פונ געזעלשאפטלעכער, געמיינשאפטלעכער, קאָלעקטיווער ערדבאארבעטונג, מיט דער אָנווענדונג פונ לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס אונ טראקטערס, מיט דער אָנווענדונג פונ וויסנשאפטלעכע מעטאָדנ פונ אינטענסיפיצירנ די ערדארבעט. קיינ אנדערע ארויסוועגנ איז ניטאָ".

## 5. דער קער פונעמ פויערטומ צומ סאָציאליזמ אונ דער אנטוויקלונג־טעמפּ פונ דער ראטווירטיש־קאָלווירטישער בויונג

דער קער פונעמ פויערטומ צו קאָלעקטיוויזאציע האָט זיכ אָנגעהויבנ ניט מיטאמאָל. ער, דער דאָזיקער קער, האָט זיכ גאָר ניט געקאָנט אָנהייבנ מיטאמאָל. עמעס, דעמ לאָזונג קאָלעקטיוויזאציע האָט די פארטיי פּראָקלאמירט נאָכ אפנ XV צוזאמענפאָר. אָבער פארנ מאסעווג קער פונעמ פויערטומ צומ סאָציאליזמ איז נאָכ ניט גענוג צו פּראָקלאמירנ א לאָזונג. פארנ קער פאָדערט זיכ, ווייניקסטנס, נאָכ איינ אומשטאנד, נעמלעכ, אז די פויערשע מאסנ אליינ זאָלנ זיכ איבערצייַגנ אינ דער ריכטיקייַט פונעמ פּראָקלאמירטנ לאָזונג אונ זאָלנ אימ אָנעמענ ווי זייערנ אנ אייגענעמ לאָזונג. דעריבער איז דער דאָזיקער קער צוגעגרייט געוואָרנ ביסלעכווייַז. ער איז צוגעגרייט געוואָרנ מיטנ גאנצנ גאנג פונ אונדזער אנטוויקלונג, מיטנ גאנצנ אנטוויקלונג־גאנג פונ אונדזער אינדוסטריע, אונ פריִער פאר אלצ מיט דער אנטוויקלונג פונ דער אינדוסטריע, וואָס ליפערט מאשינעס אונ טראקטערס פאר דער לאנדווירטשאפט. ער איז צוגעגרייט געוואָרנ דורכ דער פּאָליטיק פונ אנטשיידענעמ קאמפּ קעגנ באָלעגופנטומ אונ דורכנ גאנג פונ אונדזערע ברויט־פארגרייטונגענ אינ זייערע נייַע פאָרמענ פאר די יאָרנ 1928 אונ 1929, וועלכע שטעלנ די באָלעגופישע ווירטשאפט אונטערנ קאָנטראָל פונ די אָרעמפויערשע אונ מיטלפויערשע מאסנ. ער איז צוגעגרייט געוואָרנ דורכ דער אנטוויקלונג פונ דער לאנדווירטשאפטלעכער קאָאָפּעראציע, וועלכע געווינט צו דעמ אינדיווידועלנ פויער צו קאָלעקטיווער געשעפט־פירונג. ער איז צוגעגרייט געוואָרנ דורכ דער נעצ קאָלווירטנ, ווו דער פויער האָט קאָנטראָלירט די מייַלעס פונ די קאָלעקטיווע ווירטשאפט־פאָרמענ לעגאבע דער אינדיווידועלער ווירטשאפט. ער איז, ענדלעכ, צוגעגרייט געוואָרנ דורכ דער נעצ ראטווירטנ, וועלכע זייַנענ צעוואָרפנ איבערנ גאנצנ פססר אונ באוואָפנט מיט נייַער טעכניק, ווו דער פויער האָט געקראָגנ די מעגלעכקייַט זיכ צו איבערצייַגנ אינ דער קראפט אונ אינ די מייַלעס פונ דער נייַער טעכניק. עס וואָלט געווענ א טאָעס צו זענ אינ אונדזערע ראטווירטנ בלויז א קוואל פונ ברויט־רעסורסנ. אינדערעמעסנ זייַנענ די ראטווירטנ מיט זייער נייַער טעכניק, מיט זייער הילפ פאר די ארומיקע פויערימ, מיט זייער אומגעוזעענעמ ווירטשאפטלעכנ פארמעסט געווענ די פירנדיקע קראפט, וואָס האָט פארלייַכטערט דעמ קער פונ די פויערשע מאסנ אונ זיי א רוק געטאָנ אפנ וועג פונ קאָלעקטיוויזאציע.

אָט אפּ וואָס פאר א באזע עס איז אנטשטאנענ יענע מאסעווע קאָל־

ווירטשישע באוועגונג פון די מיליאָנען אָרעמפּויערים און מיטלפּויערים, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן אין דער צווייטער העלפט 1929 יאָר און וועלכע האָט אָנגעהויבן מיט זיך דעם פעריאָד פונעם גרויסן איבערבראָך אינעם לעבן פון אונדזער לאַנד.

וועלכע מאָסמיטלען האָט אָנגענומען דער צק, קעדיי צו באַגעגענען אין דער פולער באוואָפנונג און זיך שטעלן בעראָש פון דער דאָזיקער באוועגונג?

די מאָסמיטלען פונעם צק גייען לויט דריי ליניעס: לויט דער ליניע פון אָרגאַניזירן און פינאַנסירן די ראַטווירטן, לויט דער ליניע פון אָרגאַניזירן און פינאַנסירן די קאָלווירטן, ענדלעך, לויט דער ליניע פון אָרגאַניזירן די בויונג פון טראַקטערס און לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינעס און באַזאָרגן מיט זיי דאָס דאָרף דורך מאַשינטראַקטערישע סטאַנציעס, דורך טראַקטער־קאָלאָנעס אאַוו.

א) נאָך אין אַפּרעל 1928 יאָר האָט די פּאָליטביוראָ פון צק אָנגענומען א באַשלוס וועגן אָרגאַניזירן אין 3—4 יאָר נייע ראַטווירטן מיט אַזאַ כעזשבן, אַז זיי, די דאָזיקע ראַטווירטן, זאָלן קאָנען געבן צום סאָף פונעם דאָזיקן טערמין ניט ווייניקער פון 100 מיליאָן פּוד סכוירעדיק ברויט. שפּעטער איז דער דאָזיקער באַשלוס באַשטעטיקט געוואָרן דורכן פּלענום פון צק. עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן דער טוווע־טרעסט, וועלכער איז באַופטראָגט געוואָרן אויסצופירן דעם דאָזיקן באַשלוס. צוגלייך דערמיט איז אָנגענומען געוואָרן א באַשלוס וועגן פאַרפעסטיקן די אַלטע ראַטווירטן און פאַרברייטערן זייערע פאַרזיי־פעלדער. עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן דער ראַטווירטצענטער, וועמען עס איז איבערגעגעבן געוואָרן דורכצופירן אין לעבן דעם דאָזיקן באַשלוס.

מע קאָן ניט פאַרצייכענען, אַז די דאָזיקע באַשלוסן זיינען אופגענומען געוואָרן אַף מעסערס מיצאַד דעם אָפּאָרטוניסטישן טייל פון אונדזער פּאַרטיי. עס זיינען געווען רייד, אַז דאָס געלט, וואָס ווערט פאַרטאָן אין די ראַטווירטן, איז „אַרויסגעוואָרפן" געלט. עס איז אויך געווען קריטיק מיצאַד מענטשן פון דער „וויסנשאַפט", געשטיצט דורך די אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטן פון דער פּאַרטיי, מיקויעך דער אומעגלעכקייט און אומזיניקייט צו אָרגאַניזירן גרויסע ראַטווירטן. אָבער דער צק האָט געפירט זיין ליניע און האָט זי דערפירט ביזן סאָף, ניט געקוקט אַף קיין זאַך.

אין 1927/28 יאָר איז געגעבן געוואָרן אַף פינאַנסירן די ראַטווירטן (ניט רעכענענדיק דעם קורצטערמיניקן אומזאַץ-קרעדיט) 65,7 מיליאָן רובל. אין 1928/29 יאָר איז געגעבן געוואָרן 185,8 מיליאָן רובל. צולעצט, אינעם לויפנדיקן יאָר איז געגעבן געוואָרן 856,2 מיליאָן רובל. עס איז אָפּגעגעבן

געוואָרן אין רעשוס פון די ראַטווירטן פארן באריכט־פּעריאָד 18 טויזנט טראַקטערס פון 350 טויזנט פערד-קראַפט.

וואָס זײַנען די רעזולטאַטן פון די דאָזיקע מאָסמיטלען?

דער פּארזיי-שעטעכ פונעם טווּע-טרעסט האָט באַטראָפן אין 1928/29 יאָר 150 טויזנט העקטאַר, אין 1929/30 יאָר — 1 060 טויזנט העקטאַר, אין 1930/31 יאָר וועט ער באַטרעפן 4 500 טויזנט העקטאַר, אין 1931/32 יאָר וועט ער באַטרעפן 9 000 טויזנט העקטאַר, און אין 1932/33 יאָר, דה. צום סאָף פינפיאָר, וועט ער באַטרעפן 14 000 טויזנט העקטאַר. דער פּארזיי-שעטעכ פונעם ראַטווירטצענטער האָט באַטראָפן אין 1928/29 יאָר 430 טויזנט העקטאַר, אין 1929/30 יאָר — 860 טויזנט העקטאַר, אין 1930/31 וועט ער באַטרעפן 1 800 טויזנט העקטאַר, אין 1931/32 וועט ער באַטרעפן 2 000 טויזנט העקטאַר, און אין 1932/33 וועט ער באַטרעפן 2 500 טויזנט העקטאַר. דער פּארזיי-שעטעכ פון דער אוקראַיִנישער ראַטווירטנ־פאַרייניקונג האָט באַטראָפן אין 1928/29 יאָר 170 טויזנט העקטאַר, אין 1929/30 — יאָר 280 טויזנט העקטאַר, אין 1930/31 וועט ער באַטרעפן 500 טויזנט העקטאַר, און אין 1932/33 וועט ער באַטרעפן 720 טויזנט העקטאַר. דער פּארזיי־שעטעכ פונעם פּאַרבאַנדצוקער (מיט טווּע) האָט באַטראָפן אין 1928/29 יאָר 780 טויזנט העקטאַר, אין 1929/30 — 820 טויזנט העקטאַר, אין 1930/31 וועט ער באַטרעפן 860 טויזנט העקטאַר, אין 1931/32 וועט ער באַטרעפן 980 טויזנט העקטאַר, און אין 1932/33 וועט ער באַטרעפן 990 טויזנט העקטאַר.

דאָס באַטײַט, ערשטנס, אז בלויז דער טווּע-טרעסט אליין וועט האָבן צום סאָף פינפיאָר אזויפיל פּארזיי־שעטעכ מיט טווּע, וויפל עס האָט איצט גאַנץ ארגענטינע. (אַפּלאָדיסמענטן.)

דאָס באַטײַט, צווייטנס, אז אַלע ראַטווירטן, צוזאַמען גענומען, וועלן האָבן צום סאָף פינפיאָר אויף 1 מיליאָן העקטאַר מער פּארזיי־שעטעכ מיט טווּע, איידער עס האָט איצט גאַנץ קאַנאַדע. (אַפּלאָדיסמענטן.)

וואָס איז שײַך די ברוטאָדיקע און סכוירעדיקע טווּע-פּראָדוקציע פון די ראַטווירטן, האָבן מיר אזא באַוועגונג־בילד לויט די יאָרן: אין 1927/28 יאָר האָבן מיר געהאַט פון אַלע ראַטווירטן ברוטאָ-פּראָדוקציע 9,5 מיליאָן צענטנער, פון זיי סכוירעדיקע 6,1 מיליאָן צענטנער; אין 1928/29 יאָר — 12,8 מיליאָן צענטנער, פון זיי סכוירעדיקע 7,9 מיליאָן צענטנער; אין 1929/30 יאָר וועלן מיר האָבן, לויט אַלע אָנגאַבן, 28,2 מיליאָן צענטנער, פון זיי סכוירעדיקע 18 מיליאָן צענטנער (108 מיליאָן פּוד); אין 1930/31 יאָר וועלן מיר האָבן 71,7 מיליאָן צענטנער, פון זיי סכוירעדיקע 61 מיליאָן צענטנער (370 מיליאָן פּוד) אאוו. אדג.

דאָס זײַנענ די פאראנענע אונ די דערוואַרטעטע רעזולטאטנ פונ דער ראַטווירטישער פאָליטיק פונ אונדזער פארטיי.

לויטנ באשלוס פונ דער פאָליטביוראָ פונ צק אינ אפרעל 1928 וועגנ אָרגאניזירנ נײַע ראַטווירטנ האָט זיכ באקומענ, אז מיר דארפנ באקומענ פונ די נײַע ראַטווירטנ ניט ווייניקער פונ 100 מיליאָנ פוד סכוירעדיק ברויט אינ 1931/32 יאָר. פאקטיש באקומט זיכ אָבער, אז מיר וועלנ האָבנ שוינ אינ 1931/32 יאָר בלויז פונ די נײַע ראַטווירטנ העכער 200 מיליאָנ פוד. עס באקומט זיכ, אז מיר האָבנ אריבערגעשטיגנ די פראָגראמ אינ 2 מאָל.

עס באקומט זיכ, אז די מענטשנ, וועלכע האָבנ געלאכט פונ דעמ באשלוס פונ דער פאָליטביוראָ פונ צק, האָבנ ביטער געלאכט פונ זיכ אליינ.

לויטנ פינפיאָריקנ פלאנ, וואָס דער ראַטנצוזאמענפאָר האָט באשטעטיקט, האָבנ מיר געזאָלט האָבנ צומ סאָפ פונעמ פינפיאָר פארזיי־שעטעכנ אינ די ראַטווירטנ פונ אלע סיסטעמענ 5 מיליאָנ העקטאר. אונ פאקטיש האָבנ מיר פארזיי־שעטעכנ אינ די ראַטווירטנ שוינ הײַנטיקס יאָר 3,8 מיליאָנ העקטאר, אונ אינ קומענדיקנ יאָר, דה. אינ דריטנ יאָר פונעמ פינפיאָר, וועלנ מיר האָבנ 8 מיליאָנ העקטאר פארזיי־שעטעכנ.

דאָס באטײַט, אז מיר פילנ אויס אונ מיר שטײַגנ אריבער די פינפיאָריקע פראָגראמ פונ דער ראַטווירטנ־בויונג אינ 3 יאָר.

לויטנ פינפיאָריקנ פלאנ האָבנ מיר געדארפט האָבנ ברוטאָ־פראָדוקציע פונ טוווע אינ די ראַטווירטנ צומ סאָפ פונעמ פינפיאָר 54,3 מיליאָנ צענטנער. אונ פאקטיש האָבנ מיר ברוטאָ־פראָדוקציע פונ טוווע אינ די ראַטווירטנ שוינ האיאָר 28,2 מיליאָנ צענטנער, אונ איבעראיאָר וועלנ מיר האָבנ 71,7 מיליאָנ צענטנער.

דאָס באטײַט, אז לויט דער ברוטאָ־פראָדוקציע פונ טוווע פילנ מיר אויס אונ מיר שטײַגנ אריבער דעמ פינפיאָר אינ 3 יאָר.

דער פינפיאָר־פלאנ אינ 3 יאָר.

זאָלנ איצט פלוידערנ די בורזשואזע שרײַבארעס אונ זייערע אָפּאָרטוניסטישע צובאָמקערס, אז מע קאָנ ניט אויספילנ אונ אריבערשטײַגנ דעמ פינפיאָר־פלאנ פונ דער ראַטווירטנ־בויונג אינ 3 יאָר.

ב) וואָס איז שײַעכ די קאָלווירטישע בויונג, האָבנ מיר נאָכ א מער גינסטיק בילד.

נאָכ אינ יול 1928 יאָר האָט דער פלענומ פונ צק אָנגענומענ פאָלגנדיקנ באשלוס וועגנ דער קאָלווירטישער בויונג:

„קעסיידער דורכפירנ אינ לעבנ די אופגאבע, וואָס עס האָט געשטעלט דער XV צוזאמענפאָר, צו פארייניקנ אונ איבערגעשטאלטנ די קליינע אינדיווידועלע פויערשע ווירטשאפטנ אינ גרויסע

קאָלעקטיוון", אַלס פּרײַוויליקע פאַרייניקונגען, וואָס זײַנען געבויט אַף דער באַזע פון דער נײַער טעכניק און וואָס שטעלן פאָר אַ העכערע פאָרם פון דער טווּע־ווירטשאַפט סײַ אינעם זין פון סאָציאַליסטישן איבערגעשטאַלטן די לאַנדווירטשאַפט סײַ אויך אינעם זין פון זיכערן די ראַדיקאַלע העכערונג פון איר פּראָדוקטיווקײַט און סכוירעדיקײַט" (זע די רעזאָליוציע פונעם יול־פּלענום פון צק „וועגן דער פּאָליטיק פון די ברויט־פאַרגרייטונגען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אַלגעמיינער ווירטשאַפטלעכער לאַגע", 1928 יאָר).

שפּעטער האָט דער דאָזיקער באַשלוס באַקומען זײַן באַשטעטיקונג אין די רעזאָליוציעס פון דער XVI פּאַרטיי־קאָנפערענץ און אין דער ספּעציעלער רעזאָליוציע פונעם נאָיאַבער־פּלענום פונעם צק אין 1929 יאָר וועגן דער קאָלווירטישער באַוועגונג. אין דער צווייטער העלפט 1929 יאָר, ווען עס האָט זיך אָנגעמערקט דער ראַדיקאַלער קער פונעם פּויערטום צו די קאָלווירטן און ווען דער מיטלפּויער איז אין זײַן מאַסע אַוועק אין די קאָלווירטן, האָט די פּאָליטביוראָ פון צק אָנגענומען די ספּעציעלע באַשטימונג פון 5-טן יאַנוואַר 1930 יאָר „וועגן דעם קאָלעקטיוויזאַציע-טעמפּ און די מאָסמיטלען מיצאַד דער מלוכע אַף צו העלפן דער קאָלווירטישער בויונג".

אין דער דאָזיקער רעזאָליוציע האָט דער צק:

1) פעסטגעשטעלט, אַז עס איז פאַראַן אַ מאַסן־קער פונעם פּויערטום צו די קאָלווירטן און אַ מעגלעכקײַט איבערצושטײַגן דעם פינפיאָריקן פּלאַן פון דער קאָלווירטישער בויונג אין פרילינג 1930 יאָר;

2) פעסטגעשטעלט, אַז עס זײַנען פאַראַן די מאַטעריעלע און אַנדערע באַדינגונגען, וואָס זײַנען נייטיק צו פאַרבײַטן די באַלעבאָפּישע פּראָדוקציע מיט דער פּראָדוקציע פון די קאָלווירטן, און אין צוזאַמענהאַנג דערמיט האָט ער פּראָקלאַמירט די נייטיקײַט איבערצוגיין פון דער באַגרענעצונג־פּאָליטיק צו דער פּאָליטיק פון ליקווידירן דאָס באַלעגופּנטום אַלס קלאַס;

3) געגעבן די פּערספּעקטיוו וועגן דעם, אַז שוין אין פרילינג 1930 יאָר וועט דער פאַרזיי־שעטעך, וואָס ווערט באַאַרבעט אַף פאַרגעזעלשאַפטלעכטע יעסוידעס, באַדײַטנדיק איבערשטײַגן 30 מיליאָן העקטאַר;

4) צעטיילט פּסקר אַף 3 גרופּעס ראַיאָנען און אײַנגעשטעלט פאַר יעדן פון זיי אָריענטיר־טערמינען צו פאַרענדיקן אין גרונט די קאָלעקטיוויזאַציע;

5) איבערגעקוקט דעם מעטאָד פון דער ערד־אײַנאָרדענונג לעטוּוועס די קאָלווירטן און די פאָרמען פון פינאַנסירן די לאַנדווירטשאַפט און באַשטימט פאַר די קאָלווירטן אַפן 1929/30 יאָר ניט ווייניקער פון 500 מיליאָן רובל קרעדיט;

6) פעסטגעשטעלט די ארטעל־פאָרמ פונ דער קאָלווירטישער באַ־ וועגונג, אלס גרונט־רינג פונ דער קאָלווירטישער סיסטעמ אינעמ געגעבענעמ מאָמענט;

7) געגעבנ א שארפנ ענטפער די אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטנ אינ דער פארטיי, וועלכע פרווונ זיכ האמעווענ די קאָלווירטישע באוועגונג צוליב דעמ מאנגל אינ מאשינעס אונ אינ טראקטערס;

8) געוואָרנט, ענדלעכ, די פארטיי־טוער פונ מעגלעכע איבערבייגנ אינ דער קאָלווירטישער באוועגונג אונ פונ דער געפאר צו דעקרעטירנ די קאָלווירטישע בויונג פונ אויבנ, פונ דער געפאר, וואָס באשאפט די דראָ־ ונג צו פארבײַטנ דיווירקלעכע אונ מאסנהאפטע קאָלווירטישע באוועגונג אפ א שפיל אינ קאָלעקטיוויזאציע.

מע דארפ פארצייכענענ, אז די דאָזיקע באשטימונג פונ צק איז באַ־ געגנט געוואָרנ מער ווי אומפרײַנטלעכ מיצאד די אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטנ אינ אונדזער פארטיי. מע האָט געשמועסט אונ זיכ געשושקעט מיקויעכ דעמ, אז דער צק איז ארײַנגעפאלנ אינ פאנטאסטיק, אז ער „צעטרענצלט" פאָלקס־געלט אפ „ניט־עקזיסטירנדיקע" קאָלווירטנ. די רעכטע עלעמענטנ האָבנ זיכ געריבנ די הענט, פאָרויספילנדיק א „געזיכערטנ" דורכפאל. אָבער דער צק האָט געפירט זײַנ ליניע מיט דער גאנצער אקשאָנעס אונ ער האָט זי דערפירט ביזנ סאָפ, ניט געקוקט אפ קיינ זאכ, ניט געקוקט אפ די באלעבעסלדיקע געלעכטערלעכ פונ די רעכטע, ניט געקוקט אפ די איבערבייגנ אונ קאָפּשווינדל בא די „לינקע".

אינ 1927/28 יאָר איז געגעבנ געוואָרנ צו פינאנסירנ די קאָלווירטנ 76 מיליאָנ רובל, אינ 1928/29 יאָר — 170 מיליאָנ רובל, ענדלעכ, האיאָר איז געגעבנ געוואָרנ 473 מיליאָנ רובל. אויסער דעמ, האָט מענ געגעבנ 65 מיליאָנ רובל אינ דעמ קאָלעקטיוויזאציע־פאָנד. מע האָט באשטימט פאר די קאָלווירטנ להאַטעס, וואָס האָבנ געהעכערט די פינאנציעלע רעסורסנ פונ די קאָלווירטנ אפ 200 מיליאָנ רובל. מע האָט געזיכערט פאר די קאָל־ ווירטנ דעמ ווירטשאפטלעכנ פארמעגנ פונ די אנטבאלעבאפעוועטע באלעגור־ פימ, וואָס באטרעפט העכער 400 מיליאָנ רובל. מע האָט געזיכערט אפ אויסנוצנ פאר די קאָלווירטישע פעלדער ניט ווייניקער פונ 30 טויזנט טראקטערס מיט א מעכטיקײַט פונ העכער 400 טויזנט פערד־קראפט, ניט רעכענענדיק די 7 טויזנט טראקטערס פונעמ טראקטערצענטער, וועלכע באדינענ די קאָלווירטנ, אונ די הילפ דורכ טראקטערס, וואָס די קאָלווירטנ באקומענ פונ דער ראטווירטישער סיסטעמ. מע האָט געגעבנ די קאָלווירטנ האיאָר זריע־האלוואָע אונ זריע־הילפ 10 מיליאָנ צענטנער טווועוּ (61 מיליאָנ פוד). ענדלעכ, האָט מענ געגעבנ אומיטלבארע אָרגאניזאציאָנעלע הילפ די

קאָלווירטנ אפ צו שאפנ מאשינ-פערדישע באזעס, וואָס זייער צאָל שטײַגט אריבער 7 טויזנט און ווו עס וועט אויסגענוצט ווערנ ניט וויניקער פונ 1300 טויזנט פערד.

וועלכע רעזולטאטנ האָבנ מיר פונ די דאָזיקע מאָסמיטלענ?

דער פּארזיי־שעטעכ פונ די קאָלווירטנ האָט באטראָפנ אינ 1927 יאָר 0,8 מיליאָנ העקטאר, אינ 1928 יאָר — 1,4 מיליאָנ העקטאר, אינ 1929 יאָר — 4,3 מיליאָנ העקטאר, אינ 1930 יאָר — ניט וויניקער פונ 36 מיליאָנ העקטאר, רעכענענדיק דעמ פרילינגדיקנ און ווינטערדיקנ פּארזיי-פעלד.

דאָס באטײַט, ערשטנס, אז פאר 3 יאָר איז דער קאָלווירטישער פּאר-זיי־שעטעכ אויסגעוואקסנ מער ווי אינ 40 מאָל. (א פּ ל א ָ ד י ס מ ע נ ט נ.)

דאָס באטײַט, צווייטנס, אז אונדזערע קאָלווירטנ האָבנ איצט פּ ו נ ק ט א ז ו י פ י ל פּארזיי-שעטעכ, וויפל פראנקרײַכ און איטאליע, צוזאמענ גענומענ. (א פּ ל א ָ ד י ס מ ע נ ט נ.)

וואָס איז שײַעכ די ב ר ו ט א ָ־פּראָדוקציע פונ טווּוע און זייער ס כ ו י-ר ע ד י ק נ טייל, האָבנ מיר אזא בילד. אינ 1927 יאָר האָבנ מיר געהאט פונ די קאָלווירטנ 4,9 מיליאָנ צענטנער, פונ זיי סכוירעדיקע 2 מיליאָנ צענטנער; אינ 1928 יאָר — 8,4 מיליאָנ צענטנער, פונ זיי סכוירעדיקע — 3,6 מיליאָנ צענטנער; אינ 1929 יאָר — 29,1 מיליאָנ צענטנער, פונ זיי סכוירע־דיקע — 12,7 מיליאָנ צענטנער; אינ 1930 יאָר וועלנ מיר האָבנ, לויט אלע אָנגאבנ, 256 מיליאָנ צענטנער (1550 מיליאָנ פּוד), פונ זיי סכוירעדיקע ניט וויניקער פונ 82 מיליאָנ צענטנער (העכער 500 מיליאָנ פּוד).

מע דארפ אנערקענענ, אז קיינ איינ צווײַג פונ אונדזער אינדוסטריע, וועלכע אנטוויקלט זיכ ביכלאַל מיט א גענוג פארגיכערטנ טעמפּ, האָט נאָכ ניט געגעבנ אזעלכע אומגעהערטע טעמפּנ פונ אופשטײַג, ווי די קאָלווירטי-שע בויונג.

וועגנ וואָס רעדנ אָט־די אלע ציפערנ?

זיי רעדנ, פריִער פאר אלצ, וועגנ דעמ, אז די ברוטאָ-פּראָדוקציע פונ טווּוע אינ די קאָלווירטנ איז אויסגעוואקסנ פאר 3 יאָר מער ווי אינ 50 מאָל, און די סכוירעדיקע — מער ווי אינ 40 מאָל.

זיי רעדנ, צווייטנס, וועגנ דעמ, אז מיר האָבנ די מעגלעכקײַט צו באקומענ דאָס יאָר פונ די קאָלווירטנ ה ע כ ע ר א ה ע ל פ ט פונ דער גאנ-צער סכוירע-פּראָדוקציע פונ טווּוע אינ לאנד.

זיי רעדנ, דריטנס, וועגנ דעמ, אז דעמ גורל פונ דער לאנדווירט־שאפט און פונ אירע גרונט-פּראָבלעמע וועלנ פונ איצט אָנ באשטי־מענ ניט די אינדיווידועלע פּויערשע ווירטשאפטנ, נאָר די קאָלווירטנ און די ראטווירטנ.

זיי ריידן, פערטנס, וועגן דעם, אַז דער פּראָצעס פון ליקווידירן דאָס באַלעגופנטום אַלס קלאַס גייט בא אונדז פאָרויס אין פולן גאַנג.

זיי ריידן, ענדלעך, וועגן דעם, אַז אינעם לאַנד זיינען שוין פאַרגעקומען אַזעלכע עקאָנאָמישע איבערוקן, וועלכע גיבן דעם פולן גרונט צו באַהויפּטן, אַז אונדז האָט זיך איינגעגעבן אַ קערעווע צו טאָן דאָס דאָרף אַפּ אַ נייעם וועג, אַפּן וועג פון קאָלעקטיוויזאַציע, וואָס דערמיט אַליין האָבן מיר געזיכערט די דערפאָלגרייכע בויונג פונעם סאָציאַליזם ניט נאָר אין שטאָט, נאָר אויך אין דאָרף.

אין איר באַשטימונג פונעם 5־טן יאַנוואַר 1930 האָט די פּאָליטביוראָ פון צק באַשטימט צו פאַרלינג 1930 יאָר די פּראָגראַמ פון די קאָלווירטישע פאַרזיי־שעטעכן, וואָס ווערן באַארבעט אַפּ פאַרגעזעלשאַפטלעכטע יעכוידעס, 30 מיליאָן העקטאַר. פאַקטיש אָבער האָבן מיר 36 מיליאָן העקטאַר. באַקומט זיך, אַז מיר האָבן אַריבערגעשטיגן די פּראָגראַמ פון צק.

באַקומט זיך, אַז די מענטשן, וואָס האָבן געלאַכט פונעם באַשלוס פון צק, האָבן ביטער זיך אויסגעלאַכט פון זיך אַליין. די אָפּאָרטוניסטישע פּלוידערזעק פון אונדזער פּאַרטיי האָט ניט געהאָלפן ניט די קליינבירגערלעכע סטיכיע, ניט די איבערבייגן אין דער קאָלווירטישער באַוועגונג.

לויטן פינפיאָריקן פּלאַן האָבן מיר געזאָלט האָבן צום סאָפּ פונעם פינפיאָר פאַרזיי־שעטעכן אין די קאָלווירטן 20,6 מיליאָן העקטאַר. פאַקטיש אָבער האָבן מיר פאַרזיי־שעטעכן אין די קאָלווירטן שוין היאָר 36 מיליאָן העקטאַר.

דאָס הייסט, אַז מיר האָבן שוין אַריבערגעשטיגן די פינפיאָריקע פּראָגראַמ פון דער קאָלווירטישער בויונג אין 2 יאָר מער ווי אין $1^1/_2$ מאָל. (אַ פּ לאָ ד י ס מ ע נ ט ן.)

לויטן פינפיאָריקן פּלאַן האָבן מיר געזאָלט האָבן צום סאָפּ פונעם פינפיאָר אַ ברוטאָ־פּראָדוקציע פון טוווע אין די קאָלווירטן 190,5 מיליאָן צענטנער. פאַקטיש וועלן מיר האָבן אַ ברוטאָ־פּראָדוקציע פון טוווע אין די קאָלווירטן שוין היאָר 256 מיליאָן צענטנער.

דאָס באַטייט, אַז מיר שטייגן שוין אַריבער די פינפיאָריקע פּראָגראַמ פון דער קאָלווירטישער טוווע־פּראָדוקציע אין 2 יאָר מער ווי אַפּ $30^0/_0$.

ד ע ר פ י נ פ י אָ ר ־ פּ לאַ ן א י ן 2 י אָ ר. (אַ פּ לאָ ד י ס מ ע נ ט ן.)

זאָלן איצט פּלוידערן די אָפּאָרטוניסטישע יענטעס, אַז מע קאָן ניט אויספילן און אַריבערשטייגן דעם פינפיאָר פון דער קאָלווירטישער בויונג אין 2 יאָר.

## 6. די פארבעסערונג פון דער מאטעריעלער און קולטורעלער לאגע פון די ארבעטער און פויערים

קומט אויס, אזויארום, אז דער פּראָגרעסירנדיקער וווּקס פון דעם פאר־געזעלשאפטלעכטן סעקטער סײַ אינעם געביט פון אינדוסטריע כּיי אינעם געביט פון דער לאנדווירטשאפט איז א פאקט, וואָס שטייט אויסער יעדן צווייפל.

וואָס קאָן דאָס באטײַטן פונעם שטאנדפּונקט פון דער מאטעריעלער לאגע פון די ארבעטנדיקע?

דאָס באטײַט, אז דערמיט גופע זײַנען שוין געלייגט געוואָרן די יעסוי־דעס פאר דער ראדיקאלער פארבעסערונג פון דער מאטעריעלער און קולטו־רעלער לאגע פון די ארבעטער און פויערים.

פארוואָס, ווי־אזוי?

דערפאר, ערשטנס, ווײַל דער וווּקס פונעם פארגעזעלשאפטלעכטן סעק־טער באטײַט פריִער פון אלץ א פארקלענערונג פון די עקספּלואטאטארישע עלעמענטן פון שטאָט און דאָרף, א פאלן פון זייער ספּעציפישן געוויכט אין דער פאָלקווירטשאפט. און דאָס באטײַט, אז דער כיילעק פון די אר־בעטער און פויערים אין דער פאָלק־האכנאָסע פונעם לאנד מוז אומפאר־מײַדלעך אויסוואקסן אפּן כעזשבן פון דעם, וואָס עס ווערט פארקלענערט דער כיילעק פון די עקספּלואטאטארישע קלאסן.

דערפאר, צווייטנס, ווײַל באַם וווּקס פונעם פארגעזעלשאפטלעכטן סעק־טער דארף א טייל פון דער פאָלק־האכנאָסע, וואָס איז ביז איצט געגאנ־גען אפ צו פיטערן די עקספּלואטאטארישע קלאסן און זייער געזינדל, ער דארף פון איצט אָן פארבלײַבן אין דער פּראָדוקציע גופע, אפ פארברייטערן די פּראָדוקציע, אפ דער בויונג פון נײַע פאבריקן און זאוואָדן, אפ פארבעסערן דעם לעבנשטייגער פון די ארבעטנדיקע. און דאָס באטײַט, אז די צאָליקײַט און קראפט פונעם ארבעטער־קלאס דארפן אויסוואקסן, און די ארבעטלאָזיקײַט פארקלענערט און צעזויגן ווערן.

דערפאר, ענדלעך, וואָס דער וווּקס פונעם פארגעזעלשאפטלעכטן סעק־טער, אפ וויפל ער פירט צום פארבעסערן די מאטעריעלע לאגע פונעם ארבעטער־קלאס, באטײַט ער א פּראָגרעסירנדיקן וווּקס פון דער אופנעם־פייִקײַט פונעם אינערלעכן מארק, א פארגרעסערונג פונעם נאָכפרעג אפ אינדוסטריעלע פּראָדוקטן מיצאד די ארבעטער און פויערים. און דאָס בא־טײַט, אז דער וווּקס פונעם אינערלעכן מארק וועט אריבעריאָגן דעם וווּקס פון דער אינדוסטריע און וועט זי שטויסן פאָרויס, צו אָנופהערלעכער פארברייטערונג.

אָט־די אַלע אונ ענלעכע אומשטענדנ פירנ צו דער קעסיידערדיקער פאַר־בעסערונג פונ דער מאַטעריעלער אונ קולטורעלער לאַגע פונ די אַרבעטער אונ פויערים.

א) לאָמיר אָנהייבנ פונ דער פראַגע וועגנ דעמ צאָליקנ וווּקס פונעמ אַרבעטער־קלאַס אונ וועגנ דער פאַרקלענערונג פונ דער אַרבעטלאָזיקייט.

איבער די צאָל פערזאָנעג פונ לוינאַרבעט (אָנ די אַרבעטלאָזע) האָט באַטראָפנ אינ 1926/27 יאָר 10 990 טויזנט, האָבנ מיר אינ 1927/28 יאָר געהאַט 11 456 טויזנט, אינ 1928/29 יאָר — 11 997 טויזנט, אונ אינ 1929/30 יאָר וועלנ מיר, לויט אַלע אָנגאַבנ, האָבנ ניט ווייניקער ווי 13 129 טויזנט. פונ זיי פערזאָנעג פונ פיזישער מי (אײַנגעשלאָסנ די לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטער אונ די סעזאָנ־אַרבעטער) אינ 1926/27 יאָר—7 069 טויזנט, אינ 1927/28 יאָר — 7 404 טויזנט, אינ 1928/29 יאָר—7 758 טויזנט, אינ 1929/30 יאָר — 8 533 טויזנט. פונ זיי אַרבעטער פונ דער גרויסער אינדוסטריע (אָנ די אָנגעשטעלטע) אינעמ 1926/27 יאָר — 2 439 טויזנט, אינ 1927/28 יאָר — 2 632 טויזנט, אינ 1928/29 יאָר — 2 858 טויזנט, אינ 1929/30 יאָר — 3 029 טויזנט.

דאָס הייסט, אַז מיר האָבנ אַ בילד פונ אַ נאָכאַנאַנדיקנ וווּקס פונ דער צאָליקייט פונעמ אַרבעטער-קלאַס, דערבײַ איז, איבער דער פּראָצענט פונעמ וווּקס פונ די לוינאַרבעט-פערזאָנעג באַטרעפט פאַר 3 יאָר 19,5, אונ פער־זאָנעג פונ פיזישער מי — 20,7, באַטרעפט דער פּראָצענט פונעמ וווּקס פונ די אינ־דוסטריעלע אַרבעטער 24,2.

לאָמיר אַריבערגיינ צו דער פראַגע וועגנ אַרבעטלאָזיקייט. מע דאַרפ זאָגנ, אַז אינ דעמ דאָזיקנ געביט עקזיסטירט אַ גרויסער פּלאָנטער סײַ באַמ פאָלקאָמאַרבעט סײַ באַמ אַלפאַרבאַנדישנ צענטראַלנ פּראָפּראַט. פונ איינ זײַט, קומט אויס, לויט די אָנגאַבנ פונ די דאָזיקע אַנשטאַלטנ, אַז מיר האָבנ אַרבעטלאָזע בא אַ מיליאָנ מענטשנ, פונ זיי באַטרעפנ די מינימאַל קוואַליפיצירטע סאַכאַקל 14,3%, אונ בא 73% באַטרעפנ פערזאָנעג פונ אַזויגערופענער אינטעליגענטער מי אונ ניט־קוואַליפיצירטע, דערבײַ בילדנ די ריזיקע מערהײַט פונ אָט-די ניט־קוואַליפיצירטע די פרויענ אונ מינדער־יאָריקע, וועלכע האָבנ ניט געהאַט קיינ שײַכעס צו אינדוסטריעלער פּראָ־דוקציע. פונ דער אַנדער זײַט, איז, לויט די זעלבע אָנגאַבנ, לעבנ מיר איבער אַ שוידערלעכנ הונגער אינ קוואַליפיצירטער אַרבעט-קראַפט, די אַרבעט־בירזשעס באַפרידיקנ ניט דעמ נאָכפרעג פונ אונדזערע אונטערנע־מונגענ אַפ אַרבעט-קראַפט אַפ אַ פּראָצענט 80, אונ מיר זײַנענ געצוווּנגענ, אַזויאַרומ, אַפגיכ, בוכשטעבלעכ אינ גאַנג, איבערקוואַליפיצירנ די אַבסאָ־

ליוט ניט-קוואליפיצירטע מענטשן און צוגרייטן פון זיי קוואליפיצירטע אַפּ צו באַפרידיקן כאָטש די מינימאַלע באַדערפעניש פון אונדזערע אונטער־נעמונגען. זײַט א בעריע און קלײַבט זיך פאַנאַנדער אין דעם דאָזיקן פּלאָנטער. עס איז קלאָר, יעדנפאַלס, אַז די דאָזיקע אַרבעטלאָזע בילדן ניט ניט קיין רעזערווע, און, אַוואַדע, שוין ניט קיין שטענדיקע אַרמײַ אַרבעטלאָזע פון אונדזער אינדוסטריע. הייסט עס, וואָס? אפילו לויט די אָנגאַבן פונעם פאָלקקאָמאַרבעט קומט אויס, אַז די לעצטע צײַט האָט זיך די צאָל אַרבעטלאָזע פאַרקלענערט אין פאַרגלײַך מיט פאַראַיאָרן מער ווי אַפּ 700 טויזנט מענטשן. דאָס באַטײַט א פאַרקלענערונג פון דער צאָל אַרבעטלאָזע צום 1־טן מײַ דאָס יאָר מער ווי אַפּ 42%.

דאָס האָט איר אײַך נאָך איין רעזולטאַט פונעם וווּקס פון סאָציאַ־ליסטישן סעקטער אין אונדזער פאָלקווירטשאַפט.

ב) נאָך א מער איבעראַשנדיקער רעזולטאַט באַקומט זיך, ווען מע באַטראַכט די זאַך פונעם שטאַנדפּונקט פון דער פאַרטיילונג פון דער פאָלק־האַכנאָסע צווישן די קלאַסן. די פראַגע וועגן דער פאַרטיילונג פון דער פאָלק־האַכנאָסע צווישן די קלאַסן איז א קאַרדינאַלע פראַגע פונעם שטאַנד־פּונקט פון דער מאַטעריעלער און קולטורעלער לאַגע פון די אַרבעטער און פּויערים. ניט אומזיסט סטאַרען זיך די בורזשואַזע עקאָנאָמיסטן פון דײַטשלאַנד, ענגלאַנד, צפון-אַמעריקאַנישע פאַרייניקטע שטאַטן צו פאַרפּלאָנ-טערן די דאָזיקע פראַגע לטובֿת דער בורזשואַזיע, פּובליקירנדיק אַלע-מאָל זייערע „אַבסאָליוט אָביעקטיווע” אויספאָרשונגען מיקויעך דעם.

לויט די אָנגאַבן פון דער אַלדײַטשישער סטאַטיסטישער פאַרוואַלטונג, האָט דער חלק פונעם אַרבעטלוין אין דער פאָלק-האַכנאָסע פון דײַ־טשלאַנד באַטראָפן אין 1929 יאָר 70%, און דער חלק פון דער בור־זשואַזיע — 30%. לויט די אָנגאַבן פון דער פעדעראַלער האַנדל־קאָמיסיע און באַציִאָנאַלער ביוראָ פון עקאָנאָמישע אויספאָרשונגען, האָט דער חלק פון די אַרבעטער אין דער פאָלק־האַכנאָסע פון די צפון־אַמעריקאַנישע פאַ-רייניקטע שטאַטן פאַרן 1923 יאָר באַטראָפן העכער 54%, און דער חי-לעק פון די קאַפּיטאַליסטן—אַריבער 45%. צולעצט, לויט די אָנגאַבן פון די עקאָנאָמיסטן באָליי און סטעמפּ, האָט דער חלק פונעם אַרבעטער-קלאַס אין דער פאָלק־האַכנאָסע פון ענגלאַנד פאַרן 1924 יאָר באַטראָפן עטוואָס ווייניקער פון 50%, און דער חלק פון די קאַפּיטאַליסטן — עטוואָס הע-כער 50% פון דער פאָלק־האַכנאָסע אין ענגלאַנד.

פאַרשטייט זיך, אַז מע טאָר ניט אָננעמען די רעזולטאַטן פון די דאָ־זיקע אויספאָרשונגען אַפּ נעמאָנעס. מע טאָר ניט, ווײַל אויסער גרײַזן ריין־עקאָנאָמישע זײַנען אין די דאָזיקע אויספאָרשונגען פאַראַן נאָך אַנ-

דערע מינים גרייזן, וועלכע האָבן דעם ציל טיילווייז צו באהאלטן די האכנאָסעס פון די קאפיטאליסטן און פארמינערן זיי, טיילווייז צעבלאָזן און איבערטרייבן די האכנאָסעס פונעם ארבעטער-קלאס, צורעכענענדיק צו די ארבעטער די באאמטע, וועלכע באקומען קאָלאָסאלע געהאלטן. איך רייד שוין ניט וועגן דעם, אז אין די דאָזיקע אויספאָרשונגען ווערן אָפטמאָל ניט דיסקאָנטירט די האכנאָסעס פון די פערמערס און בכלל פון די דאָרפישע קאפיטאליסטן.

דער כ׳ ווארגא האָט גענומען אונטער א קריטישן אנאליז די דאָזיקע אָנגאבן. און אָט וואָס עס האָט זיך בא אים באקומען. עס ווייזט זיך ארויס, אז דער קיילעך פון די ארבעטער און אנדערע ארבעטנדיקע פון שטאָט און דאָרף, וועלכע עקספלואטירן ניט קיין פרעמדע מי, האָט באטראָפן אין דייטשלאנד 55% פון דער פאָלק-האכנאָכע, אין די צאָפן-אמעריקאנישע פאריייניקטע שטאטן — 54%, אין ענגלאנד — 45%, און דער קיילעך פון די קאפיטאליסטן אין דייטשלאנד — 45%, אין די צאָפן-אמעריקאנישע פאריייניקטע שטאטן — 46%, אין ענגלאנד 55%.

אזוי האלט עס אין די גרעסטע קאפיטאליסטישע לענדער.

און ווי האלט עס אין פססר?

אָט האָט איר די אָנגאבן פונעם מעלוכע-פּלאן. ווייזט זיך ארויס, אז:

א) דער קיילעך פון די ארבעטער און ארבעטנדיקע פויערים, וועלכע עקספלואטירן ניט קיין פרעמדע מי, האָט באטראָפן בא אונדז אין 1927/28 יאָר 75,2% פון דער גאנצער פאָלק-האכנאָסע (דערונטער דער קיילעך פון די שטאָטישע און דאָרפישע ארבעטער — 33,3%), אין 1928/29 יאָר — 76,5% (דערונטער דער קיילעך פון די שטאָטישע און דאָרפישע ארבעטער — 33,2%), אין 1929/30 יאָר — 77,1% (דערונטער דער קיילעך פון די שטאָטישע און דאָרפישע ארבעטער — 33,5%).

ב) דער קיילעך פון די באלעגופים און שטאָטישע קאפיטאליסטן האָט באטראָפן אין 1927/28 יאָר 8,1%, אין 1928/29 יאָר — 6,5%, אין 1929/30 יאָר — 1,8%.

ג) דער קיילעך פון די קוסטארן, וואָס זייער מערהייט שטעלט פאָר אן ארבעטנדיקן עלעמענט, האָט באטראָפן אין 1927/28 יאָר 6,5%, אין 1928/29 יאָר — 5,4%, אין 1929/30 יאָר — 4,4%.

ד) דער קיילעך פונעם מעלוכישן סעקטער, וואָס זיינע האכנאָסעס זיינען האכנאָסעס פונעם ארבעטער-קלאס און בכלל פון די ארבעטנדיקע מאסן, האָט באטראָפן אין 1927/28 יאָר 8,4%, אין 1928/29 יאָר — 10%, אין 1929/30 יאָר — 15,2%.

ה) צולעצט, דער קיילעך פון די אזויגערופענע אנדערע (עס ווערט

געמיינט פענסיעס) האָט באטראָפן אין 1927/28 יאָר 1,8%, אין 1928/29 יאָר — 1,6%, אין 1929/30 יאָר — 1,5%.

אזויאַרום, קומט אויס, אז אין דער צייט, ווען אין די פאָרגעשריטענע קאפּיטאליסטישע לענדער באטרעפט דער כיילעק פון די עקספּלואטאטארישע קלאסן אין דער פאָלק־האכנאָסע בא 50%, און עפּשער נאָך מער, איז בא אונדז, אין פססר, באטרעפט דער כיילעק פון די עקספּלואטאטארישע קלאסן ניט מער ווי 2% פון דער פאָלק־האכנאָסע.

דערמיט, אייגנטלעך, דערקלערט זיך דער מערקווירדיקער פאקט, וואָס אין די צאָפן־אמעריקאנישע פאראייניקטע שטאטן האָט אין 1922 יאָר, לויט די ווערטער פונעם אמעריקאנישן בורזשואזן שרייבער דעניי, „1% אייגנטימער קאָנצענטרירט אין זייערע הענט 59% פונעם גאנצן נאציאָנאלן רייכטום", און אין ענגלאנד אין 1920/21 יאָר האָט, לויט די ווערטער פונעם זעלבן דעניי, „ווייניקער פון 2% פון דער גאנצער צאָל אייגנטימער באזעסן 64% פונעם גאנצן נאציאָנאלן רייכטום" (זע דעניס ביכל „אמעריקע דעראָבערט בריטאניע").

צי קאָנען אזעלכע פאקטן טרעפן בא אונדז, אין פססר, אינעם לאנד פון די ראטן? עס איז קלאָר, אז זיי קאָנען ניט טרעפן. אין פססר איז שוין לאנג ניטאָ און עס קאָנען ניט זיין אזעלכע „אייגנטימער".

אָבער אויב אין פססר פאלט אויס אין 1929/30 יאָר סאכאקל בא 2% פון דער פאָלק־האכנאָסע אפן כיילעק פון די עקספּלואטאטארישע קלאסן, איז וווהין קומט אהין די איבעריקע מאסע פאָלק-האכנאָסע?

עס איז קלאָר, אז זי בלייבט אין די הענט פון די ארבעטער און ארבעטנדיקע פויערים.

אָט ווו עס שטעקט דער קוואל פון דער קראפט און אויטאָריטעט פון דער ראטנמאכט צווישן די מיליאָנען פונעם ארבעטער-קלאס און פונעם פויערטום.

אָט ווו עס ליגט דער יעסאָד פונעם סיסטעמאטישן וווּקס פונעם מאטעריעלן ווילשטאנד פון די ארבעטער און פויערים אין פססר.

ו) אין שייך פון די דאָזיקע אנטשיידנדיקע פאקטן ווערן פולקום פארשטענדלעך די סיסטעמאטישע פארגרעסערונג פונעם רעאלן ארבעטלוין פון די ארבעטער, דער וווּקס פונעם בודזשעט פון דער סאָציאַלער סטראכירונג פון די ארבעטער, די פארשטארקונג פון דער הילף פאר די אָרעמפויערשע און מיטלפויערשע ווירטשאפטן, די פארגרעסערונג פון די אסיגנירונגען אפן ארבעטערשער וווינונג-בויונג, אפן פארבעסערן דעם לעבנשטייגער פון די ארבעטער, אפן מוטער און קינד און אין צוזאמענהאנג דערמיט דער פראָגרעסירנדיקער וווּקס פון דער באפעלקערונג אין פססר בא דער פארקלענערונג פון דער שטערבלעכקייט, באזונדערס פון דער קינדער-שטערבלעכקייט.

עס איז באוווסט, לעמאָשל, אז דער רעאלער ארבעטלוינ פונ די ארבעטער, רעכענענדיק דעמ סאָצסטראכ אונ די אראָפּרעכענונגענ פונ די רעוואָכימ אינ פאָנד אפ פארבעסערנ דעמ לעבנשטייגער פונ די ארבעטער, איז אויסגעוואקסנ לעגאבע דעמ פארמילכאָמע-ניוואָ ביז 167 %. בלויז דער בודזשעט פונ סאָציאלער סטראכירונג פונ די ארבעטער איז אויסגעוואקסנ פאר די לעצטע 3 יאָר פונ 980 מיליאָנ רובל אינ 1927/28 יאָר ביז 1 400 מיליאָנ רובל אינ 1929/30 יאָר. אפ אָפּהיטנ מוטער אונ קינד איז אוועק פאר די לעצטע 3 יאָר (1927/28 — 1929/30) 494 מיליאָנ רובל. אפ פּאָרשול־דערציִונג (קינדער-גערטנער, פלעצער אאוו.) איז אוועק פאר דעמ זעלבנ פעריִאָד 204 מיליאָנ רובל. אפ ארבעטערשער וווינונג-בויִונג 1 880 מיליאָנ רובל.

דאָס הייסט ניט, פארשטייט זיכ, אז עס איז שוינ געטאָנ געוואָרנ אלדאָס נייטיקע פאר דער ערנסטער פארגרעסערונג פונעמ רעאלנ ארבעטלוינ, אז מע האָט ניט געקאָנט אופהייבנ דעמ רעאלנ ארבעטלוינ אפ א העכערנ שטאפל. אונ אויב דאָס איז ניט געטאָנ געוואָרנ, איז דערינ שולדיק דער ביוראָקראטיזמ פונ אונדזער פארזאָרגערישנ אפּאראט ביכלאל, דער ביוראָקראטיזמ פונ דער געברויכ־קאָאָפּעראציע פריִער פאר אלצ אונ באזונדערס. לויט די אָנגאבנ פונעמ מעלוכע־פּלאנ, כאפּט ארומ דער פארגעזעלשאפטלעכטער סעקטער דעמ אינערלעכנ האנדל אינ 1929/30 יאָר אינ הורט העכער 99 % אונ אינ איינצל — העכער 89 %. דאָס הייסט, אז די קאָאָפּעראציע שלאָגט סיסטעמאטיש דעמ פּריוואטנ סעקטער אונ ווערט א מאָנאָפּאָליסט אינ געביט פונ האנדל. דאָס איז, פארשטייט זיכ, גוט. אָבער שלעכט איז דאָס, וואָס די דאָזיקע מאָנאָפּאָליע גייט אינ א ריי פאלנ צומ שאָדנ פונ די געברויכער. עס ווייַזט זיכ ארויס, אז, ניט געקוקט אפ איר קימאט מאָנאָפּאָלער לאגע אינעמ האנדל, האלט די קאָאָפּעראציע פאר ליבער צו באזאָרגנ די ארבעטער מיט מער „האכנאָסעדיקע“ סכוירעס, וועלכע גיבנ מער רעוואָכימ (גאלאנטעריי אאוו.), אונ מייַדט אויס צו באזאָרגנ זיי מיט סכוירעס וויניקער „האכנאָסעדיקע“, האגאמ מער נייטיקע פאר די ארבעטער (לאנדווירטשאפטלעכע פּראָדוקטנ). אינ צוזאמענהאנג דערמיט זייַנענ די ארבעטער געצוווּנגענ בא 25 % פונ זייערע באדערפענישנ אינ לאנדווירטשאפטלעכע פּראָדוקטנ צו באפרידיקנ אפנ פּריוואטנ מארק, איבערצאָלנדיק אינ די פּרייַזנ. איכ רייד שוינ ניט וועגנ דעמ, אז דער אפּאראט פונ דער קאָאָפּעראציע זאָרגט מער פונ אלצ פארנ באלאנס אונ צוליב דעמ גייט ער זייער שווער אפ אראָפּזעצנ די איינצל־פּרייַזנ, ניט געקוקט אפ די קאטעגאָרישע דירעקטיווּנ מיצאד די אָנפירנדיקע צענטערס. עס קומט אויס, אז די קאָאָפּעראציע ארבעט אינ געגעבענעמ פאל ניט ווי

א סאָציאַליסטישער סעקטער, נאָר ווי אנ אייגנאַרטיקער סעקטער, וועלכער איז אָנגעשטעקט מיט א מינ נעפּמאַנישנ גײַסט. פרעגט זיכ, ווער דאַרפ האָבנ אזא קאָאָפּעראַציע אונ וואָס פאַר א נוצנ קומט אַרויס די אַרבעטער פונ איר מאָנאָפּאָליע, אויב זי פּילט ניט אויס די אויפגאַבע ערנסט צו פאַרבעסערנ דעמ רעאַלנ אַרבעטלוינ פונ די אַרבעטער?

אונ אויב, ניט געקוקט דערופ, שטײַגט בא אונדז דאָכ דער רעאַלער אַרבעטלוינ קעסיידער פונ יאָר צו יאָר, הייסט עס, אז אונדזער רעזשימ, די סיסטעמ פונ פאַרטיילנ די פאָלק־האַכנאָסע אונ די גאַנצע אײַנשטעלונג לויט דער ליניע פונ אַרבעטלוינ זײַנענ אַזעלכע, אז זיי האָבנ די מעגלעכקײַט צו פּאַראַליזירנ אונ אַריבערדעקנ אַלע אונ אַלערליי מינוסנ, וועלכע גייענ פונ דער קאָאָפּעראַציע.

אויב מע זאָל צוגעבנ צו דעמ דאָזיקנ אומשטאַנד א ריי אַנדערע פאַקטאָרס, ווי די פאַרגרעסערונג פונ דער ראָליע פונ דער געזעלשאַפטלעכער דערנערונג, די פאַרביליקערונג פונ די וווינונגען פאַר אַרבעטער, די קאָלאָסאַלע צאָל סטיפּענדיעס פאַר אַרבעטער אונ קינדער פונ די אַרבעטער, די קולטורעלע באַדינונג אאַוו., קאָנ מענ דרייסט זאָגנ, אז די פאַרגרעסערונג פונעמ אַרבעטלוינ בא די אַרבעטער וועט באַטרעפנ א פּיל גרעסערנ פּראָצענט, איידער דאָס ווערט אָנגעוויזנ אינ דער סטאַטיסטיק פונ אייניקע אונדזערע אַנשטאַלטנ.

דאָס אַלצ, צוזאַמענ גענומענ, פּליוס דאָס אַריבערפירנ אפ א 7-שאָ:קנ אַרבעטטאָג העכער 830 טויזנט אינדוסטרי:עלע אַרבעטער (33,5%), פּליוס דעמ אַריבערפירנ אפ א פינפטאָגיקער וואָכ העכער $1^1/_2$ מיליאָנ אינדוסטרי:עלע אַרבעטער (63,4%), פּליוס די ברייטע נעצ אָפּרו־הײַזער, סאַנאַטאָריעס אונ קוראָרטנ פאַר אַרבעטער, דורכ וועלכע עס זײַנענ דורכגעלאָזט געוואָרנ פאַר די לעצטע 3 יאָר העכער 1 700 טויזנט אַרבעטער, — דאָס אַלצ שאַפט אזא סיטואַציע פאַר דער אַרבעט אונ שטייגער פונעמ אַרבעטער-קלאַס, וועלכע גיט אונדז א מעגלעכקײַט אויפצוצי:ענ א נײַעמ דאָר אַרבעטער, געזונטע אונ לעבנסלוסטיקע, וועלכע זײַנענ פייִק אויפצוהייבנ די מעכטיקײַט פונעמ ראַטנלאַנד אפ דער געהעריקער הייכ אונ באַשיצנ עס מיט דער ברוסט קעגנ אַטענטאַטנ מיצאַד די סאָנימ. (א פּ ל אָ ד י ס מ ע נ ט נ.)

וואָס איז שײַעכ די הילפ פאַר די פּויערימ, סײַ פאַר די אינדיווידועלע סײַ פאַר די קאָלעקטיוויזירטע, האָבנדיק אינזינענ אויכ די הילפ דער אָרעמשאַפט, האָט זי זיכ אויסגעדריקט פאַר די לעצטע 3 יאָר (1927/28 — 1929/30) אינ א סומע ניט וויייניקער פונ 4 מיליאַרד רובל, וועלכע זײַנענ געגעבנ געוואָרנ לויט דער ליניע פונ קרעדיט אונ פונ מעלוכישנ בודזשעט

עס איז באוווסט, אז בלויז זריִע-הילף איז ארויסגעגעבן געוואָרן די פּויערים פאר די דאָזיקע 3 יאָר ניט ווייניקער פון 154 מיליאָן פּוד טוווע.

עס איז ניט קיין ווונדער, וואָס די ארבעטער און פּויערים לעבן בא אונדז אין אלגעמיינע ניט שלעכט, די שטערבלעכקייט פון דער באפעלקערונג האָט זיך פארקלענערט אין פארגלייך מיט דער פארמילכאָמעדיקער צייט אף 36% לויט דער אלגעמיינער און אף 42,5% לויט דער קינדער-ליניע, און דער יערלעכער צוּוווּקס פון דער באפעלקערונג באטרעפט בא אונדז העכער 3 מיליאָן נעפּאשעס. (אפּלאָדיסמענטן.)

וואָס איז שייעך דער קולטורעלער לאגע פון די ארבעטער און פּויערים, האָבן מיר אויך אין דעם געביט אייניקע דערגרייכונגען, וועלכע קאָנען אָבער אין קיין פאל אונדז ניט באפרידיקן איבער זייער אומבאדייטנדיקייט. אויב מע זאָל ניט רעכענען די פארשיידנערליי ארבעטער-קלובן, די לייענשטיבלעך, ביבליאָטעקן און ליקפּונקטן, וועלכע כאפּן ארום הייִנטיקס יאָר $10\frac{1}{2}$ מיליאָן מענטשן, איז די לאגע פונעם קולטור-בילדונג-וועזן אזא: די שולן פאר אָנפאנגלעכער בילדונג כאפּן ארום אין לויפנדיקן יאָר 11 638 טויזנט שילער; די שולן פון דער II שטופע — 1 945 טויזנט; די אינדוסטריעל-טעכנישע, טראנספּאָרטלעכע, לאנדווירטשאפטלעכע שולן און פּראָדוציר-קורסן פון מאסעווער קוואליפיקאציע — 333,1 טויזנט; די טעכניקומס און זיי גלייכע פּראָפשולן — 238,7 טויזנט; די הויכשולן, און די טעכנישע הויכשולן — 190,4 טויזנט. דאָס אלץ האָט געגעבן די מעגלעכקייט צו דערפירן דעם פּראָצענט אלפאבעטישקייט אין פּססר ביז 62,6% קעגן די 33% פאר דער מילכאָמע.

דער איקער איז איצט — אריבערגיין צו אָבליגאטערישער אָנפאנג-בילדונג. איך זאָג „דער איקער", ווייל אזא אריבערגאנג וואָלט באטייט אן אנטשיידנדיקן טראָט אין געביט פון קולטור-רעוואָליוציע. און אריבערגיין צו דעם איז שוין לאנג צייט, ווייל מיר האָבן איצט אלדאָס נייטיקע אף אָרגאניזירן די אלגעמיינע אָנפאנגלעכע בילדונג אין דער איבערוועגנדיקער מערהייט ראיאָנען פון פּססר. ביז איצט זיינען מיר געווען געצוווּנגען „צו שפּאָרן אף אלץ, אפילע אף שולן", קעדיי צו „ראטעווען, אופשטעלן די שווערע אינדוסטריע" (לענין). די לעצטע צייט אָבער האָבן מיר שוין אופגעשטעלט די שווערע אינדוסטריע און רוקן זי ווייטער. הייסט עס, אז עס איז געקומען די צייט, ווען מיר דארפן זיך נעמען פאר דער אָרגאניזירונג פון דער אלגעמיינער אָבליגאטערישער אָנפאנג-בילדונג.

איך מיין, אז דער צוזאמענפאָר וועט האנדלען ריכטיק, אויב ער וועט אָננעמען וועגן דעם א באשטימטן און גאנץ קאטעגאָרישן באשלוס. (אפּלאָדיסמענטן.)

## 7. די שווערִיקײַטנ פונ וווקס, דער קלאסנקאמפּ אונ דער אָנגריפ פונעם סאָציאליזמ אפנ גאנצנ פראָנט

איכ האָב גערעדט וועגנ אונדזערע דערגרייכונגענ אינ דער אנטוויקלונג פונ דער פאָלקווירטשאפט. איכ האָב גערעדט וועגנ די דערגרייכונגענ אינ געביט פונ דער אינדוסטריע, אינ געביט פונ דער לאנדווירטשאפט, אינ געביט פונ רעקאָנסטרויִרנ די גאנצע פאָלקווירטשאפט אפ יעסוידעס פונ סאָציאליזמ. איכ האָב גערעדט, ענדלעכ, וועגנ די דערגרייכונגענ לויט דער ליניע פונ פארבעסערנ די מאטעריעלע לאגע פונ די ארבעטער אונ פויערימ.

עס וואָלט אָבער געווענ א טאָעס צו מיינענ, אז מיר האָבנ זיכ דערשלאָגנ די דאָזיקע דערגרייכונגענ „גרינג אונ רויִק”, אינ דער אָרדענונג, אזוי צו זאָגנ, פונ זעלבשטראָמ, אָנ באזונדערע באמִיונגענ אונ ווילנ־אָנשטרענגונגענ, אָנ קאמפּ אונ אופּטרייסלונג. אזעלכע דערגרייכונגענ קומענ ניט מיט זעלבשטראָמ. אינדערעמעסנ האָבנ מיר זיכ דערשלאָגנ די דאָזיקע דערגרייכונגענ אינ אנטשיידענעמ קאמפּ קעגנ שווערִיקײַטנ, אינ ערנסטנ אונ דויערנדיקנ קאמפּ פאר בײַקומענ די שווערִיקײַטנ.

וועגנ שווערִיקײַטנ ריידנ בא אונדז אלע. אָבער ניט אלע גיבנ זיכ אָפּ א כעזשבנ אינעמ כאראקטער פונ די דאָזיקע שווערִיקײַטנ. אָבער די פּראָבלעמ פונ די שווערִיקײַטנ האָט פאר אונדז ביז גאָר אנ ערנסטע באדײַטונג.

פונדאנענ שטאמט די פראגע: אינ וואָס באשטייענ די כאראקטעריסטישע שטריכנ פונ אונדזערע שווערִיקײַטנ, וועלכע פײַנטלעכע קרעפטנ באהאלטנ זיכ הינטער זיי אונ וויאזוי באקעמפנ מיר זיי?

א) בא דער כאראקטעריסטיק פונ אונדזערע שווערִיקײַטנ דארפ מענ האָבנ אינזינענ, ווייניקסטנס, פאָלגנדיקע אומשטענדנ:

פריִער פאר אלצ דארפ מענ דיסקאָנטירנ דעמ אומשטאנד, אז אונדזערע איצטיקע שווערִיקײַטנ זײַנענ שווערִיקײַטנ פונעמ רעקאָנסטרוקטיווּנ פעריאָד. וואָס הייסט דאָס? דאָס הייסט, אז זיי אונטערשיידנ זיכ ראדיקאל פונ די שווערִיקײַטנ פונעמ אופּשטעלונג־פעריאָד פונ אונדזער ווירטשאפט. אויב באמ אופשטעלונג־פעריאָד האָט זיכ געהאנדלט וועגנ אָנלאָדנ די אלטע זאוואָדנ אונ העלפנ דער לאנדווירטשאפט אפ איר אלטער באזע, האנדלט זיכ איצט וועגנ דעמ, מע זאָל ראדיקאל איבערבויענ, רעקאָנסטרויִרנ סײַ די אינדוסטריע סײַ די לאנדווירטשאפט, ענדערנדיק זייער טעכנישע באזע, באוואָפענענדיק זיי מיט מאָדערנער טעכניק. דאָס הייסט, אז פאר אונדז שטייט די אופגאבע צו איבערבויענ די גאנצע טעכנישע באזע פונ דער פאָלקווירטשאפט. אונ דאָס פאָדערט נײַע, מער סאָלידע אינוועסטיציעס אינ דער פאָלק־

ווירטשאפט, נײַע, מער געניטע קאדרען, וועלכע זאָלן זײַן פעיִק צו באהערשן די נײַע טעכניק און זי א רוק טאָן פאָרויס.

מע דארף האָבן אין זין, צווייטנס, דעם אומשטאנד, אז די רעקאָנסטרוקציע פון דער פאָלקווירטשאפט באגרענעצט זיך ניט בא אונדז מיט דער איבערבויונג פון איר טעכנישער באזע, נאָר, פארקערט, זי פאָדערט צוזאמען דערמיט אן איבערבויונג פון די סאָציִאַל־עקאָנאָמישע פארהעלטענישן. איך האָב אין זין, דעריקער, די לאנדווירטשאפט. אין דער אינדוסטריע, וועלכע איז שוין פארייניקט און סאָציִאַליזירט, האָט שוין די טעכנישע רעקאָנסטרוקציע אין גרונט א גרייטע סאָציִאַל־עקאָנאָמישע באזע. די אויפגאבע פון דער רעקאָנסטרוקציע באשטייט דאָ אין פארשטארקן דעם פראָצעס פון ארויסשטויסן די קאפּיטאליסטישע עלעמענטן אין דער אינדוסטריע. ניט אזוי פּאַשעט האַלט עס אין דער לאנדווירטשאפט. די רעקאָנסטרוקציע פון דער טעכנישער באזע פון דער לאנדווירטשאפט פארפאָלגט, פארשטייט זיך, די זעלבע צילן. אָבער די באזונדערקײַט פון דער לאנדווירטשאפט באשטייט בא אונדז דעריִן, וואָס אין איר פּרעוואַלירט נאָך אלץ די קלייִנפּויערישע ווירטשאפט, וואָס די קליינווירטשאפט האָט ניט קיין מעגלעכקײַט צו באהערשן די נײַע טעכניק, וואָס, צוליב דעם, איז די איבערבויונג פון דער טעכנישער באזע פון דער לאנדווירטשאפט אומעגלעך אָן א גלײַכצײַטיקער איבערבויונג פון דער אלטער סאָציִאַל־עקאָנאָמישער סטרוקטור, אָן דער פארייניקונג פון די קליינע ווירטשאפטן אין גרויסע קאָלעקטיווע ווירטשאפטן, אָן דעם אויסקאָרטשעווען די וואָרצלען פונעם קאפּיטאליזם אין דער לאנדווירטשאפט.

פארשטייט זיך, אז די דאָזיקע אומשטענדן קאָנען ניט ניט פארקאָמפּליצירן אונדזערע שוועריקײַטן, קאָנען ניט ניט פארקאָמפּליצירן אונדזער ארבעט אפּ בײַקומען די דאָזיקע שוועריקײַטן.

מע דארף האָבן אין זין, דריטנס, דעם אומשטאנד, אז אונדזער ארבעט סאָציִאַליסטיש צו רעקאָנסטרויִרן די פאָלקווירטשאפט, וועלכע רײַסט די עקאָנאָמישע פארבינדונגען פונעם קאפּיטאליזם און קערט איבער מיטן קאָפּ אראָפּ אלע קרעפטן פון דער אלטער וועלט, מוז ארויסרופן א פארצווייפלטן ווידערשטאנד מיצאד די דאָזיקע קרעפטן. און, ווי באוווסט, איז עס טאקע אזוי. בייזוויליקע שעדיקונג פונעם אויבערשיכט פון דער בורזשואזער אינטעליגענץ אין אלע צווײַגן פון אונדזער אינדוסטריע, כײַישער קאמף פונעם באלעבאָטים קעגן די קאָלעקטיווע ווירטשאפט־פאָרמען אין דאָרף, סאבאָטאזש פון די מאַסמיטלען פון דער ראטנמאכט מיצאד די ביוראָקראַטישע עלעמענטן פונעם אפּאראט, וועלכע זײַנען די אגענטור פונעם קלאסנפײַנט, — אָט דאָס זײַנען דערווײַל די הויפּט־פאָרמען פון ווידערשטאנד מיצאד די אָפּשטארבנדיקע קלאסן בא אונדז אין לאנד. עס איז קלאָר, אז

די דאָזיקע אומשטענדן קאָנען ניט דינען אפ צו פארלײַכטערן אונדזער ארבעט איבער דער רעקאָנסטרוקציע פון דער פאָלקווירטשאפט.

מע דארף האָבן אין זין, פערטנס, דעם אומשטאנד, אז דער ווידערשטאנד פון די אָפּשטארבנדיקע קלאסן אין אונדזער לאנד קומט פאָר ניט איזאָלירט פון דער אויסערלעכער וועלט, נאָר ער באגעגנט שטיצע מיצאד דער קאפי־טאליסטישער ארומרינגלונג. די קאפיטאליסטישע ארומרינגלונג איז ניט א פּאָשעטער געאָגראפישער באגריף. קאפיטאליסטישע ארומרינגלונג באטײַט, — אז ארום דעם ססר זײַנען פאראן פײַנטלעכע קלאסן־קרעפטן, וועלכע זײַנען גרייט צו שטיצן אונדזערע קלאסנפײַנט אין ססר סײַ מאָראליש, סײַ מאטע־ריעל, סײַ דורך א פינאנץ־בלאָקאדע, סײַ, בא א געלעגנהײַט, אויך דורך א מילכאָמע־אינטערווענץ. עס איז דערוויזן, אז די שעדיקונג פון אונדזערע ספּעצן, די אנטיסאָוועטישע ארויסטרעטונגען פונעם באלעגופנטום, די אונטערצינדונגען און אופרײַסן פון אונדזערע אונטערנעמונגען און אײַנריכטונגען ווערן סוב־סידירט און באגײַסטערט פון אויסן. די אימפּעריאליסטישע וועלט איז ניט פארינטערעסירט, אז ססר זאָל זיך שטעלן אפ די פיס און זאָל קריגן א מעגלעכקײַט צו דעריאָגן און אריבעריאָגן די פאָרגעשריטענע קאפיטאליסטישע לענדער. פונדאנען נעמט זיך איר הילף פאר די קרעפטן פון דער אלטער וועלט אין ססר. פארשטייט זיך, אז דער דאָזיקער אומשטאנד קאָן אויך ניט דינען אפ צו פארלײַכטערן אונדזער רעקאָנסטרוקטיווע ארבעט.

אָבער די כאראקטעריסטיק פון אונדזערע שוועריקײַטן וועט זײַן ניט קיין פולע, אויב מע זאָל ניט נעמען אין אכט נאָך איין אומשטאנד. עס האנדלט זיך וועגן דעם באזונדערן כאראקטער פון אונדזערע שוועריקײַטן. עס האנדלט זיך וועגן דעם, אז אונדזערע שוועריקײַטן זײַנען ניט קיין שוועריקײַטן פון יערידע אָדער שוועריקײַטן פון שטילשטאנד, נאָר שוועריקײַטן פון וווקס, שוועריקײַטן פון אופשטײַג, שוועריקײַטן פון באוועגן זיך פאָרויס. דאָס הייסט, אז אונדזערע שוועריקײַטן אונטער־שיידן זיך ראדיקאל פון די שוועריקײַטן פון די קאפיטאליסטישע לענדער. ווען מע רעדט אין די צאָפן־אמעריקאנישע פאראייניקטע שטאטן וועגן שווע־ריקײַטן, מיינט מען שוועריקײַטן פון יערידע, ווײַל אמעריקע לעבט איצט איבער א קריזיס, דה. א יערידע פון דער ווירטשאפט. ווען מע רעדט אין ענגלאנד וועגן שוועריקײַטן, מיינט מען שוועריקײַטן פון שטילשטאנד, ווײַל ענגלאנד לעבט איבער שוין עטלעכע יאָר א שטילשטאנד, דה. אן אָפּשטעל אינעם גאנג פאָרויס. אָבער ווען מיר ריידן וועגן אונדזערע שווע־ריקײַטן, מיינען מיר ניט קיין יערידע און ניט קיין שטילשטאנד אין דער אנטוויקלונג, נאָר א וווקס פון אונדזערע קרעפטן, אן אופשטײַג פון אונדזערע קרעפטן, א באוועגונג פון אונדזער עקאָנאָמיק פאָרויס. אפ

וויפל פונקטן זיך א רוק טאָן פאָרויס צו אזא און אזא טערמין, אפ וויפל פראָצענטן אויסארבעטן מערער פראָדוקטן, אפ וויפל מיליאָן העקטאר פארזייען מערער, אפ וויפל כאדאָשים פריִער אויסבויען א זאוואָד, א פאבריק, אן אײַזנבאן — אָט וועלכע פראגן מע האָט בא אונדז אינזינען, ווען מע רעדט וועגן שוועריקײַטן. הייסט עס, אז אונדזערע שוועריקײַטן, צום אונטערשייד, לאָמיר זאָגן, פון אמעריקעס און ענגלאנדס שוועריקײַטן, זײַנען שוועריקײַטן פון וווּקס, שוועריקײַטן פון פאָרויסבאוועגונג.

וואָס זשע באטײַט עס? דאָס באטײַט, אז אונדזערע שוועריקײַטן זײַנען אזעלכע שוועריקײַטן, וועלכע אנטהאלטן אלײן אין זיך די מעגלעכקײַט בײַצוקומען זיי. דאָס באטײַט, אז דער שטריך, וואָס צייכנט אויס אונדזערע שוועריקײַטן, באשטייט דערין, וואָס זיי גיבן אונדז אלײן א באזע פאר בײַקומען זיי.

וואָס זשע דרינגט פון דעם אלעם ארויס?

פון דעם דרינגט ארויס, קוידעמקאָל, אז אונדזערע שוועריקײַטן זײַנען ניט קיין שוועריקײַטן פון קליינע און צופעליקע „ניט־גלאטקײַטן", נאָר שוועריקײַטן פון קלאסנקאמפ.

דערפון דרינגט ארויס, צווייטנס, אז הינטער אונדזערע שוועריקײַטן באהאלטן זיך אונדזערע קלאסנפײַנט, אז די דאָזיקע שוועריקײַטן ווערן פארקאָמפליצירט דורכן פארצווייפלטן ווידערשטאנד פון די אָפּשטארבנדיקע קלאסן אין אונדזער לאנד, דורך דער שטיצע פאר די דאָזיקע קלאסן פון אויסן, דורך דער אָנוועזנקײַט פון ביוראָקראטישע עלעמענטן אין אונדזערע אייגענע אנשטאלטן, דורך דער אָנוועזנקײַט פון אומזיכערקײַט און אינערציע אין אייניקע צווישנשיכטן פון אונדזער פארטיי.

דערפון דרינגט ארויס, דריטנס, אז, קעדיי בײַצוקומען די שוועריקײַטן, איז נייטיק, פריִער פאר אלץ, אָפּשלאָגן די אטאקעס פון די קאפיטאליסטישע עלעמענטן, דערשטיקן זייער ווידערשטאנד און אָפּרייניקן, אזויארום, דעם וועג פאר שנעלער באוועגונג פאָרויס.

דערפון דרינגט ארויס, ענדלעך, אז דער עצעם כאראקטער פון אונדזערע שוועריקײַטן, וועלכע זײַנען שוועריקײַטן פון וווּקס, גיט אונדז מעגלעכקײַטן, וועלכע זײַנען נייטיק צו דערשטיקן די קלאסנפײַנט.

אָבער קעדיי אויסצונוצן די דאָזיקע מעגלעכקײַטן און פארוואנדלען זיי איןווירקלעכקײַט, קעדיי צו דערשטיקן דעם ווידערשטאנד פון די קלאסנפײַנט און זיך דערשלאָגן צו בײַקומען די שוועריקײַטן, דערפאר עקזיסטירט בלויז איין מיטל: אָרגאניזירן דעם אָנגריף אפ די קאפיטאליסטישע עלעמענטן אפן גאנצן פראָנט און איזאָלירן די אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטן אין אונדזערע אייגענע רייען, וועלכע (די אָפּאָרטוניסטישע עלע-

מענטן) שטערן דעם אָנגריף, וועלכע ווארפן זיך אין פּאניק פון איין זייט אין דער צווייטער און טראָגן ארײַן אין דער פּארטיי אומזיכערקייט אינעם ניצחון. (אפּלאָדיסמענטן.)

קיין אנדערע מיטלען איז ניטאָ.

בלויז מענטשן, וואָס האָבן פארלאָרן דעם קאָפּ, קאָנען זוכן דעם אויסוועג אין כ' בוכארינס קינדערשער פאָרמולע וועגן פרידלעכן ארײַנוואקסן פון די קאפּיטאליסטישע עלעמענטן אינעם סאָציאַליזם. די אנטוויקלונג איז בא אונדז געגאנגען און גייט ווײַטער ניט לויט כ' בוכארינס פאָרמולע. די אנטוויקלונג איז געגאנגען און גייט ווײַטער לויט לענינס פאָרמולע — „ווער וועמען". צי מיר וועלן זיי, די עקספּלואטאטערס, צערײַבן און דערשטיקן, אָדער זיי וועלן אונדז, די ארבעטער און פּויערים פון פּסער, צערײַבן און דערשטיקן — אזוי שטייט די פראגע, כאוויירים.

אלזאָ, אָרגאניזירן דעם אָנגריף פונעם סאָציאַליזם אפן גאנצן פראָנט, — אָט וואָס פאר אן אופגאבע עס האָט זיך געשטעלט פאר אונדז באַם פאנאנדערוויקלען די ארבעט צו רעקאָנסטרויִרן די גאנצע פאָלקווירטשאפט.

די פּארטיי האָט אזוי טאקע פארשטאנען איר מיסיע, ווען זי האָט אָרגאניזירט דעם אָנגריף קעגן די קאפּיטאליסטישע עלעמענטן פון אונדזער לאנד.

ב) אָבער צי איז דורכפאָזבאר ביכלאל אן אָנגריף און דערבײַ אן אָנגריף אפן גאנצן פראָנט אין די באדינגונגען פון דער עקזיסטענץ פון נעפּ?

אנדערע מיינען, אז אָנגריף פּאָרט זיך ניט מיט נעפּ, אז נעפּ איז, אין טאָכ גענומען, א צוריקטריט, אז וויבאלד דער צוריקטריט איז פארענדיקט, דארף דער נעפּ אָפּגעשאפט ווערן. דאָס איז, פארשטייט זיך, א נארישקייט. א נארישקייט, וואָס שטאמט אָדער פון די טראָצקיסטן, וועלכע האָבן גאָרניט פארשטאנען אין לענינים און מיינען „אָפּשאפן" דעם נעפּ „איינס און צוויי", אָדער פון די רעכטע אָפּאָרטוניסטן, וועלכע האָבן אויך אין לענינים גאָרניט פארשטאנען און מיט דער פּלאפּלערײַ וועגן „דער געפאר אָפּצושאפן דעם נעפּ" מיינען זיי אויסצודינגען זיך אן אָפּזאָג פון אָנגריף. ווען דער נעפּ זאָל זיך אויסשעפּן מיט צוריקטריט, וואָלט לענין ניט געזאָגט אפן XI פּארטיי־צוזאמענפאָר, ווען מע האָט דורכגעפירט בא אונדז דעם נעפּ מיט דער גאנצער קאָנסעקווענטקייט, אז „דער צוריקטריט איז פארענדיקט". צי דען האָט לענין, ווען ער האָט גערעדט וועגן דעם סאָף פון צוריקטריט, ניט דערקלערט, צוזאמען דערמיט, אז מיר רעכענען דורכפירן דעם נעפּ „ערנסט און אף לאנג"? עס איז גענוג נאָר אוועקשטעלן די דאָזיקע פראגע, קעדיי צו פארשטיין די גאנצע אבסורדישקייט

פונ דער פלאפלערײַ וועגנ דעמ, אז נעפ פאָרט זיכ ניט מיט אָנגריפ. אײַנדערעמעסנ זעצט דער נעפ פאָרויס ניט נאָר א צוריקטריט אונ דאָס דערלאָזנ אנ אופלעבונג פונעמ פריוואטנ האנדל, דאָס דערלאָזנ אנ אופלעבונג פונעמ קאפיטאליזמ באמ זיכערנ די רעגולירנדיקע ראָליע פונ דער מעלוכע (די אָנפאנגלעכע סטאדיע פונ נעפ). אינדערעמעסנ זעצט דער נעפ צוזאמענ דערמיט פאָרויס אפ א געוויסער אנטוויקלונג־סטאדיע אנ אָנגריפ פונעמ סאָציאליזמ אפ די קאפיטאליסטישע עלעמענטנ, א פארשמעלערונג פונעמ טעטיקײַט-פעלד פארנ פריוואטנ האנדל, א פארהעלטניסמעסיקע אונ אבסאָליוטע פארקלענערונג פונעמ קאפיטאליזמ, א וואקסנדיקע איבערוואָג פונעמ פארגעזעלשאפטלעכטנ סעקטער איבערנ ניט־פארגעזעלשאפטלעכטנ, דעמ זיג פונעמ סאָציאליזמ איבערנ קאפיטאליזמ (די איצטיקע סטאדיע פונ נעפ). דער נעפ איז אײַנגעפירט געוואָרנ צוליבנ זיג פונעמ סאָציאליזמ איבער די קאפיטאליסטישע עלעמענטנ. אריבערגייענדיק אינ אָנגריפ אפנ גאנצנ פראָנט, שאפנ מיר נאָכ ניט אָפ דעמ נעפ, ווײַל דער פריוואטער האנדל אונ די קאפיטאליסטישע עלעמענטנ בלײַבנ נאָכ, דער סכוירע־אומזאצ אונ די געלט-ווירטשאפט בלײַבנ נאָכ,— אָבער מיר שאפנ אפ געוויס אָפ די אָנפאנגלעכע סטאדיע פונ נעפ, פאנאנדערוויקלענדיק זײַנ ווײַטערדיקע סטאדיע, די איצטיקע סטאדיע פונ נעפ, וועלכע איז די לעצטע סטאדיע פונ נעפ.

אָט וואָס לענינ האָט געזאָגט אינ 1922 יאָר, אינ א יאָר ארומ נאָכנ אײַנפירנ דעמ נעפ:

„מיר טרעטנ איצט אָפ, ווי מיר וואָלטנ אָפטרעטנ אפ צוריק, אָבער מיר טוענ דאָס, קעדיי צוערשט אָפטרעטנ, אונ דערנאָכ זיכ צעיאָגנ אונ שטארקער א שפרונג טאָנ פאָרויס. נאָר מיט דעמ איינעמ באדינג זײַנענ מיר אָפגעטראָטנ אפ צוריק אינעמ דורכפירנ אונדזער נײַע עקאָנאָמישע פאָליטיק. ווו אונ וויאזוי מיר דארפנ זיכ איצט איבערבויענ, צופאסנ זיכ, רעאָרגאניזירנ זיכ, קעדיי נאָכנ צוריקטריט אָנהייבנ דעמ סאמע אקשאָנעסדיקנ אָנגריפ פאָרויס, ווייסנ מיר נאָכ ניט. קעדיי דורכצופירנ די דאָזיקע אלע אָפעראציעס אינ א נאָרמאלער אָרדענונג, דארפ מענ, ווי עס זאָגט דאָס שפּריכוואָרט, ניט צענ מאָל, נאָר הונדערט מאָל צומעסטנ, איידער מע באשליסט" (ב. XXVII, ז. 361—362).

דאכט זיכ, קלאָר.

פרעגט זיכ אָבער: צי איז שוינ געקומענ די צײַט אפ אריבער אינ אָנגריפ, צי איז שוינ רײַפ געוואָרנ דער מאָמענט פארנ אָנגריפ?

לענינ האָט געזאָגט אינ א צווייט אָרט, אינ דעמ זעלבנ 1922 יאָר, וועגנ דער נייטיקײַט:

„זיכ צונויפשליסנ מיט דער פויערשער מאסע, מיטנ פּאָשעטנ האָרעפּאשנעמ פויערטומ אונ אָנהייבנ זיכ באוועגנ פאָרויס אומפארגלײַכלעכ, אומענדלעכ לאנגזאמער, איידער מיר האָבנ גע־

טרוימט, דערפאר אָבער אזוי, אז עס וועט זיך ווירקלעך באוועגן מיט אונדז די גאנצע מאסע"... אז „דאן וועט אויך די פארשנעלערונג פון דער דאָזיקער באוועגונג אין דער רעכטער צייט אָנקומען אזא, וועגן וועלכער מיר קאָנען איצט אפילע ניט טרוימען" (ב XXVII, ז. 231—232).

און אָט שטעלט זיך אלץ די זעלבע פראגע: צי איז שוין געקומען די צייט פאר אזא פארשנעלערונג פון דער באוועגונג, פאר פארשנעלערן דעם טעמפּ פון אונדזער אנטוויקלונג, צי האָבן מיר ריכטיק אויסגעקליבן דעם מאָמענט, אריבערגייענדיק אין אנטשיידענעם אָנגריף אפן גאנצן פראָנט אין דער צווייטער העלפט 1929 יאָר?

אפן דער דאָזיקער פראגע האָט די פארטיי שוין געגעבן א קלאָרן און באשטימטן ענטפער.

יאָ, אזא מאָמענט איז שוין געקומען.

יאָ, די פארטיי האָט ריכטיק אויסגעקליבן דעם מאָמענט, אריבער־גייענדיק אין אָנגריף אפן גאנצן פראָנט.

וועגן דעם רעדט די וואקסנדיקע אקטיווקייט פונעם ארבעטער־קלאס און דער אומגעוויזענער וווּקס פונעם אויטאָריטעט פון דער פארטיי צווישן די מיליאָניקע מאסן ארבעטנדיקע.

וועגן דעם רעדט די וואקסנדיקע אקטיווקייט פון די אָרעמפּויערשע און מיטלפּויערשע מאסן און דער ראדיקאלער קער פון די דאָזיקע מאסן צו דער קאָלווירטישער בויונג.

וועגן דעם ריידן אונדזערע דערגרייכונגען סיי אין געביט פון דער אנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע סיי אין געביט פון דער בויונג פון ראט־ווירטן און קאָלווירטן.

וועגן דעם רעדט דער פאקט, וואָס מיר האָבן איצט די מעגלעכקייט ניט נאָר צו פארבייטן די באלעגופישע פּראָדוקציע מיט דער פּראָדוקציע פון די קאָלווירטן און ראטווירטן, נאָר אויך איבערשטייגן זי אין עט־לעכע מאָל.

וועגן דעם רעדט דער פאקט, וואָס מיר האָבן שוין באוויזן צו לייזן אין גרונט די טווּע־פּראָבלעם און אָנזאמלען געוויסע ברויט־רעזערוון, אריבערטראָגנדיק דעם שווערפּונקט פון דער סכוירעדיקער טווּע־פּראָדוקציע פונעם געביט פון דער אינדיווידועלער פּראָדוקציע אין דעם געביט פון דער קאָלווירטיש־ראטווירטישער פּראָדוקציע.

אָט ווי עס איז דער באווייז דערפון, אז די פארטיי האָט ריכטיק אויס־געקליבן דעם מאָמענט, אריבערגייענדיק אין אָנגריף אפן גאנצן פראָנט און פּראָקלאמירנדיק דעם לאָזונג צו ליקווידירן דאָס באלעגופנטום אלס קלאס.

וואָס וואָלט געווען, ווען מיר וואָלטן געפאָלגט די רעכטע אָפּאָרטור־ניסטן פון כ׳ בוכארינס גרופּע, ווען מיר וואָלטן זיך אָפּגעזאָגט פונעם

אָנגריף, וואָלטן אײַנגעשרומפּן דעם אַנטוויקלונג-טעמפּ פון דער אינדוסטריע, וואָלטן פאַרהאַלטן די אַנטוויקלונג פון די קאָלווירטן און ראַטווירטן און וואָלטן זיך באַזירט אָפּ דער אינדיווידועלער פּויערשער ווירטשאַפט?

מיר וואָלטן געוויס אָראָפּגעריסן אונדזער אינדוסטריע, אומגעבראַכט די סאָציאַליסטישע רעקאָנסטרוקציע פון דער לאַנדווירטשאַפט, געבליבן אָן ברויט און אָפּגעריייניקט דעם וועג פאַרן הערשווערן פונעם באַלעבאָנטום. מיר וואָלטן געזעסן באַ א צעבראָכענער קאָרעטע.

וואָס וואָלט געווען, ווען מיר וואָלטן געפאָלגט די „לינקע" אָפּאָרטוניסטן פון טראָצקי—זינאָוויעוו גרופּע און וואָלטן אָנגעהויבן דעם אָנגריף אין 1926/27 יאָר, ווען מיר האָבן ניט געהאַט קיין שום מעגלעכקייט צו פאַרבײַטן די באַלעבאָטישע פּראָדוקציע מיט דער פּראָדוקציע פון די קאָל-ווירטן און ראַטווירטן?

מיר וואָלטן געוויס אין דעם איניען דורכגעפאַלן, וואָלטן דעמאָנסטרירט אונדזער שוואַכקייט, וואָלטן פאַרשטאַרקט די פּאָזיציעס פונעם באַלעבאָטום און פון די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן בכלל, מיר וואָלטן געשטויסן דעם מיטלפּויער אין די אָרעמס פונעם באַלעבאָטום, וואָלטן אָראָפּגעריסן אונדזער סאָציאַליסטישע בויונג און געבליבן אָן ברויט. מיר וואָלטן געזעסן באַ א צעבראָכענער קאָרעטע.

די רעזולטאַטן — די זעלבע.

ניט אומזיסט זאָגן באַ אונדז די אַרבעטער: „וועסט אוועק אָפּ „לינקס" — וועסטו קומען אָפּ רעכטס". (א פּ ל אָ ד י ס מ ע נ ט ן.)

אייניקע כאַווירים מיינען, אַז די הויפּט-זאַך אינעם אָנגריף פונעם סאָציאַליזם זײַנען רעפּרעסיעס, און אויב די רעפּרעסיעס וואַקסן ניט אָן, איז ניטאָ אויך קיין אָנגריף.

צי איז דאָס ריכטיק? דאָס איז, פאַרשטייט זיך, ניט ריכטיק.

רעפּרעסיעס זײַנען א נייטיקער עלעמענט פון אָנגריף, אָבער אַן עלעמענט א באַהילפיקער, און ניט קיין הויפּטלעכער. דער איקער אינעם אָנגריף פון סאָציאַליזם, באַ אונדזערע איצטיקע באַדינגונגען, באַשטייט אין פאַרשטאַרקן דעם אַנטוויקלונג-טעמפּ פון אונדזער אינדוסטריע, אין פאַרשטאַרקן דעם אַנטוויקלונג-טעמפּ פון די ראַטווירטן און קאָלווירטן, אין פאַרשטאַרקן דעם טעמפּ פון עקאָנאָמישן אַרויסשטויסן די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן פון שטאָט און דאָרף, אין מאָביליזירן די מאַסן אַרום דער סאָציאַליסטישער בויונג, אין מאָביליזירן די מאַסן קעגן דעם קאַפּיטאַליזם. איר קאָנט אַרעסטירן און אַרויסשיקן צענדליקער און הונדערטער טויזנטער באַלעבאָטים, אָבער אויב איר וועט גלײַכצײַטיק דערמיט ניט טאָן אַלדאָס נייטיקע, קעדיי צו פאַרשנעלערן די בויונג פון די נײַע ווירטשאַפט-פאָר-

מענ, צו פאַרבײַטנ מיט נײַע ווירטשאַפט־פאָרמענ די אַלטע, קאַפּיטאַליסטישע פאָרמענ, אַרונטערצורײַסנ אונ ליקווידירנ די פּראָדוציר־קוואַלנ פאַר דער עקאָנאָמישער עקזיסטענצ אונ אַנטוויקלונג פונ די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטנ אינ דאָרפ,— וועט דאָס באַלעגופּנטומ אַלצײנס אויפלעבנ אונ וועט וואַקסנ.

אַנדערע מיינענ, אַז דער אָנגריפ פונעמ סאָציאַליזמ איז אַ דורכויסיקע באַוועגונג פאָרויס, אָנ אַנ אַנטשפּרעכיקער צוגרייטונג, אָנ אַ קרעפטנ־איבערגרופּירונג אינ גאַנג פונעמ אָנגריפ, אָנ אַ פאַרפעסטיקונג פונ די דעראָבערטע פּאָזיציעס, אָנ אַנ אויסנוצונג פונ די רעזערוונ אַפ צו אַנטוויקלענ די דערפאָלגנ, אונ אויב עס האָבנ זיכ באַוויזנ סימאָנימ, לאָמיר זאָגנ, פונ אָפּפלוס פונ איינ טייל פויערימ פונ די קאָלווירטנ, הייסט דאָס, אַז מיר האָבנ שוינ אַנ „אָפּפלוס פונ דער רעוואָליוציע”, אַ פאַלנ פונ דער באַוועגונג, אַנ אָפּשטעל פונעמ אָנגריפ.

צי איז דאָס ריכטיק? דאָס איז, פאַרשטייט זיכ, ניט ריכטיק.

ערשטנס, איז קיינ איינ אָנגריפ, עס זאָל אַפילע זײַנ דער סאַמע דערפאָלגרײַכער, באַגייט זיכ ניט אָנ אייניקע דורכרײַסנ אונ פאַרלויפענישנ אַפ באַזונדערע באַצירקנ פונעמ פראָנט. ריידנ אַפ דעמ גרונט וועגנ אַנ אָפּשטעל אָדער דורכפאַל פונעמ אָנגריפ—הייסט ניט פאַרשטיינ דעמ טאָכ פונעמ אָנגריפ.

צווייטנס, איז ניט געווענ אונ עס קאָנ ניט זײַנ קיינ דערפאָלגרײַכער אָנגריפ אָנ אַנ איבערגרופּירונג פונ די קרעפטנ אינעמ גאַנג פונעמ אָנגריפ גופע, אָנ אַ פאַרפעסטיקונג פונ די פאַרכאַפּטע פּאָזיציעס, אָנ דער אויסנוצונג פונ די רעזערוונ צו אַנטוויקלענ דעמ דערפאָלג אונ דערפירנ דעמ אָנגריפ ביזנ סאָפ. בײַ אַ דורכויסיקער באַוועגונג פאָרויס, דה. ווענ מע היט ניט אָפּ די דאָזיקע באַדינגונגענ, מוז דער אָנגריפ זיכ אומפאַרמײַדלעכ אויסוועפּנ אונ דורכפאַלנ. דורכויסיקע באַוועגונג פאָרויס איז אַ טויט פאַרנ אָנגריפ. וועגנ דעמ רעדט די רײַכע דערפאַרונג פונ אונדזער בירגערקריג.

דריטנס, ווי קאָנ מענ דורכפירנ אַנ אַנאַלאָגיע צווישנ „אָפּפלוס פונ דער רעוואָליוציע”, וועלכער אַנטשטייט געוויינלעכ אַפ דער באַזע פונ אַ ירידע פונ דער באַוועגונג, אונ דעמ אָפּפלוס פונ איינ טייל פויערימ פונ די קאָלווירטנ, וועלכער איז אַנטשטאַנענ אַפ דער באַזע פונ דויערנדיקנ אויפשטײַג פונ דער באַוועגונג, אַפ דער באַזע פונעמ דויערנדיקנ אויפשטײַג פונ אונדזער גאַנצער סאָציאַליסטישער בויונג, סײַ דער אינדוסטריעלער סײַ דער קאָלווירטישער, אַפ דער באַזע פונעמ ווײַטערדיקנ אויפשטײַג פונ אונדזער רעוואָליוציע? וואָס קאָנ זײַנ אַלגעמיינס צווישנ די דאָזיקע צוויי אַבסאָליוט פאַרשיידנאַרטיקע דערשײַנונגענ?

ג) אין וואָס באשטייט דער טאָכ פונעם באָלשעוויסטישן אָנגריף אין אונדזערע, אין די איצטיקע באדינגונגען?

דער טאָכ פונעם באָלשעוויסטישן אָנגריף באשטייט, קוידעמקאָל, דע-רין, אז מע זאָל מאָביליזירן די קלאסן-וואכזאמקייט און די רעוואָליוציאָ-נערע אקטיווקייט פון די מאסן קעגן די קאפיטאליסטישע עלעמענטן פון אונדזער לאנד; מאָביליזירן די שעפערישע איניציאטיוו און די זעלבסטעטיקייט פון די מאסן קעגן דעם ביוראָקראטיזם פון אונדזערע אנשטאלטן און אָר-גאניזאציעס, וועלכער לאָזט ניט ארויס אפ דער ליכטיקער שײַן די קאָלאָ-סאלע רעזערוון, וואָס ליגן פארבאָרגן אין די טיפענישן פון אונדזער אָר-דענונג, און וואָס לאָזט זיי ניט אויסנוצן; אָרגאניזירן דעם געוועט און דעם ארבעט-אופשטײַג פון די מאסן פאר אופהייבן די ארבעט-פראָדוקטיווקײַט, פאר פאנאנדערוויקלען די סאָציאַליסטישע בויונג.

דער טאָכ פונעם באָלשעוויסטישן אָנגריף באשטייט, צווייטנס, דערין, אז מע זאָל אָרגאניזירן די איבערבויונג פון דער גאנצער פראקטישער ארבעט פון די פראָפאריינישע, קאָאָפעראטיווע, סאָוועטישע און אלערליי אנדערע מאסעווע אָרגאניזאציעס אין העסקעם מיט די באדערפענישן פונעם רעקאָנ-סטרוקטיוון פעריאָד; שאפן אין זיי א קערן פון די סאמע אקטיווע און רעוואָליוציאָנערע טוער, אָפשטויסנדיק און איזאָלירנדיק די אָפאָרטוניסטישע, טרעד-יוניאָניסטישע, ביוראָקראטישע עלעמענטן; ארויסטרײַבן פון זיי די פרעמדע און איבערגעבוירענע עלעמענטן און ארויסרוקן נײַע טוער פון אונטן.

דער טאָכ פונעם באָלשעוויסטישן אָנגריף באשטייט, ווײַטער, דערין, אז מע זאָל מאָביליזירן דעם מאקסימום מיטלען אפ פינאנסירן אונדזער אינדוסטריע, אפ פינאנסירן אונדזערע ראטווירטן און קאָלווירטן און ווענדן אפ דער פאנאנדערוויקלונג פון דער דאָזיקער גאנצער ארבעט די בעסטע מענטשן פון אונדזער פארטיי.

דער טאָכ פונעם באָלשעוויסטישן אָנגריף באשטייט, ענדלעך, דערין, אז מע זאָל מאָביליזירן די פארטיי גופע פאר דער אָרגאניזאציע פונעם גאנצן אָנגריף; פארפעסטיקן און אָפשלײַפן די פארטיי-אָרגאניזאציעס, ארויס-טרײַבנדיק פון דאָרט די עלעמענטן פון ביוראָקראטיזם און איבערגעבורט; איזאָלירן און אָפשטויסן די אויסדריקער פונעם רעכטן און „לינקן" אָפנייגן פון דער לעניניסטישער ליניע, ארויסרוקנדיק אפן פאָדערגרונט עכטע, שטאנד-האפטיקע לעניניסטן.

דאָס זײַנען די יעסוידעס פונעם באָלשעוויסטישן אָנגריף אין געגעבע-נעם מאָמענט.

ווי האָט פארווירקלעכט די פארטיי דעם דאָזיקן פלאן פון אָנגריף?

איר ווייסט, אז די פּארטיי האָט פארווירקלעכט דעם דאָזיקן פּלאַן מיט דער גאנצער קאָנסעקוועונטקייט.

אָנגעהויבן האָט זיך עס דערפון, וואָס די פּארטיי האָט פאנאנדערגעוויקלט א ברייטע זעלבסטקריטיק, קאָנצענטרירנדיק די אופמערקזאמקייט פון די מאסן אף די דעפעקטן פון אונדזער בויונג, אף די דעפעקטן פון אונדזערע אָרגאניזאציעס און אנשטאלטן. נאָך אפן XV צוזאמענפאָר איז פּראָקלאמירט געוואָרן די נייטיקייט צו פארשטארקן די זעלבסטקריטיק. דער שאכטער פּראָצעס און די שעדיקונג אין פארשיידענע אינדוסטריע־צווייגן, וועלכע האָבן אופגעדעקט, אז עס פעלט רעוואָלוציאָנערער כוש אין באזונדערע פּארטיי-רינגען, פון איין זייט, דער קאמף קעגן באַלעגופנטום און די אופגעדעקטע כעסרוינעס פון אונדזערע דאָרפישע אָרגאניזאציעס, פון דער צווייטער זייט, האָבן געגעבן א ווייטערדיקן שטויס דער זעלבסטקריטיק. אין זיין ווענדונג פונעם 2-טן יונ 1928 האָט דער צק געגעבן אַן ענדגילטיקע אויספורעמונג דער קאמפּאניע פאר זעלבסטקריטיק, רופנדיק אלע קרעפטן פון דער פּארטיי און פונעם ארבעטער־קלאס צו פאנאנדערוויקלען די זעלבסטקריטיק „פון אויבן ביז אראָפּ און פון אונטן ביז ארוף", „ניט שאַנעווענדיק קיינעם". אָפּגרענעצנדיק זיך פון דער טראָצקיסטישער „קריטיק", וועלכע גייט פון יענער זייט באריקאדע און וועלכע האָט דעם ציל צו דיסקרעדיטירן און אָפּשוואכן די ראטנמאכט, האָט די פּארטיי דערקלערט פאר דער אופגאבע פון דער זעלבסטקריטיק אופצודעקן אָן ראכמאָנעס די כעסרוינעס פון אונדזער ארבעט, קעדיי צו פארבעסערן אונדזער בויונג, קעדיי צו פארפעסטיקן די ראטנמאכט. עס איז באוווסט, אז דער רוף פון דער פּארטיי האָט געפונען דעם לעבעדיקסטן אָפּקלאנג אין די מאסן פונעם ארבעטער־קלאס און פּויערטום.

די פּארטיי האָט אָרגאניזירט, ווייטער, א ברייטע קאמפּאניע פון קאמף קעגן ביוראָקראטיזם, געבנדיק דעם לאָזונג דורכצופירן דאָס ריינקן די פּארטיייִשע, פּראָפפאריינישע, קאָאָפּעראטיווע און סאָוועטישע אָרגאניזאציעס פון פרעמדע און פארביוראָקראטעוועטע עלעמענטן. די פּאָרזעצונג פון דער דאָזיקער קאמפּאניע איז די באוווסטע באשטימונג פון צק און צקק דעם 16-טן מארט 1930 יאָר וועגן ארויסרוקן ארבעטער אין מעלוכע-אפּאראט און וועגן מאסעווּן ארבעטער־קאָנטראָל איבער דעם סאָוועטישן אפּאראט (שעפטום פון די זאוואָדן). עס איז באוווסט, אז די דאָזיקע קאמפּאניע האָט ארויסגערופן דעם גרעסטן אופשטייג און אקטיוויקייט בא די ארבעטער-מאסן. דער רעזולטאט פון דער דאָזיקער קאמפּאניע איז דער קאָלאָסאלער אופשטייג פונעם אויטאָריטעט פון דער פּארטיי צווישן די ארבעטנדיקע מאסן, דער וווּקס פון צוטרוי צו איר באַם ארבעטער־קלאס, דאָס אריינטרעטן פון

נייַע הונדערטער טויזנטער אַרבעטער אין דער פּאַרטיי, די רעזאָליוציעס פון די אַרבעטער וועגן דעם פאַרלאַנג אַרייַנצוטרעטן אין דער פּאַרטיי גאַנצע צעכנווייַז און זאַוואָדנווייַז. צולעצט, א רעזולטאַט פון דער דאָזיקער קאַמפּאַניע איז דאָס, וואָס אונדזערע אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך באַפרייַט פון א ריי אינערטע און ביוראָקראַטישע עלעמענטן, וואָס דער אַלפאַרבאַנדישער צענטראַלער ראַט פון די פּראָפאַריינען האָט זיך באַפרייַט פון דער אַלטער אָפּאָרטוניסטישער אָנפירונג.

די פּאַרטיי האָט אָרגאַניזירט, ווייַטער, א ברייטן סאָציאַליסטישן גע־וועט און מאַסעווון אַרבעט־אויפשטייַג אין די פאַבריקן און זאַוואָדן. דער אויפרוף פון דער XVI פּאַרטיי־קאָנפערענץ וועגן געוועט האָט געלאָזן די זאַך אין גאַנג. די שלאָג־בריגאַדעס רוקן זי ווייַטער. דער לענינשער קאָמ־יוג און די אַרבעטער־יוגנט, מיט וועלכער ער פירט אָן, באַקרוינען די זאַך פון געוועט און שלאָגלערייַ מיט אַנטשיידנדיקע דערפאָלגן. מע דאַרף אָנערקענען, אַז אונדזער רעוואָליוציאָנערע יוגנט האָט אָפּגעשפּילט אין דעם דאָזיקן אינייען אַן אויסשליסלעכע ראָליע. איצט קאָן שוין קיין ספק ניט זייַן, אַז איינער פון די סאַמע וויכטיקע פאַקטן, אויב ניט דער סאַמע וויכטיקער פאַקט, פון אונדזער בויונג איז אין געגעבענעם מאָמענט דער סאָציאַליסטישער געוועט פון די פאַבריקן און זאַוואָדן, דער איבערוף פון הונדערטער טויזנטער אַרבעטער וועגן די דערגרייכטע רעזולטאַטן אין גע־וועט, די ברייטע אַנטוויקלונג פון דער שלאָגלערייַ. בלויז בלינדע זעען ניט, אַז אין דער פּסיכאָלאָגיע פון די מאַסן און אין זייער באַציִונג צו אַרבעט איז פאָרגעקומען א קאָלאָסאַלער איבערבראָך, וועלכער האָט אין גרונט געענדערט דעם אויסזען פון אונדזערע זאַוואָדן און פאַבריקן. ערשט ניט לאַנג האָבן זיך בא אונדז געהערט שטימען וועגן דער „אויסגעטראַכטקייַט" און „ניט־אויסהאַלטעוודיקייַט" פונעם געוועט און פון שלאָגלערייַ. איצט באַערט מען די דאָזיקע „קלוגע" מענטשן אַפילע מיט קיין שפּאַס ניט, — מע האַלט זיי פּאָשעט פאַר „כאַכאָמים", וועלכע האָבן אָפּגעלעבט זייער צייַט. איצט איז דער געוועט און שלאָגלערייַ א זאַך א דעראָבערטע און א פאַרפעס־טיקטע. עס איז א פאַקט, אַז דער סאָציאַליסטישער געוועט כאַפּט אַרום בא אונדז ניט ווייניקער פון צוויי מיליאָן אַרבעטער, און אין שלאָג־בריגאַדעס איז אַרייַנגעצויגן העכער א מיליאָן אַרבעטער.

דאָס סאַמע מערקווירדיקע אינעם געוועט באַשטייט אין דעם, וואָס ער מאַכט א ראַדיקאַלע איבערקערעניש אין די אָנשויונגען פון די מענטשן אָפּ אַרבעט, ווייַל ער פאַרוואַנדלט די אַרבעט פון א ביזויענדיקער און שווערער לאַסט, ווי זי האָט זיך גערעכנט פריִער, אין א זאַך פון ערע, אין א זאַך פון רום, אין א זאַך פון מוט און העלדנטאַט. קיין שום ענלע־

כעס איז ניטאָ און עס קאָן ניט זײַן אין די קאַפּיטאַליסטישע לענ-דער. דאָרט, בא זיי, בא די קאַפּיטאַליסטן, איז דאָס סאמע געוווּנטשענע, וואָס פאַרדינט גרעסטער באַפעלקערונג באַוויליקונג, — צו האָבן רענטע, לעבן אפ פּראָצענטן, זײַן פרײַ פון ארבעט, וואָס רעכנט זיך פאַר א מיִעסער באַשעפ-טיקונג. בא אונדז, אין פּסס"ר, איז, פאַרקערט, די סאמע געוווּנטשענע זאַך, וואָס פאַרדינט געזעלשאַפטלעכע באַוויליקונג, ווערט די מעגלעכקייט צו זײַן אַן ארבעט-העלד, ווערט די מעגלעכקייט צו זײַן א העלד פון שלאָגלערײַ, ארומ-גערינגלט מיט אַן אָרעאָל פון קאָוועד צווישן מיליאָנען ארבעטנדיקע.

פאַר ניט ווייניקער מערקווירדיק אינעם געוועט דאַרף מען האַלטן דעם פאַקט, וואָס ער הייבט זיך אָן פאַרשפּרייטן אויך אין דאָרף און האָט שוין פאַרכאַפּט אונדזערע ראַטווירטן און קאָלווירטן. אַלעמען זײַנען באוווּסט די פּילצאָליקע פאַקטן פון עכטן ארבעט-ענטוזיאַזם אין די מיליאָניקע מאַסן ראַטווירטניקעס און קאָלווירטניקעס.

ווער האָט געקאָנט טרוימען מיט צוויי יאָר צוריק וועגן אַזעלכע דער-פאָלגן פונעם געוועט און פון דער שלאָגלערײַ?

די פּאַרטיי האָט מאָביליזירט, ווײַטער, די פינאַנציעלע רעסורסן פונעם לאַנד אפ פאַנאַנדערוויקלען די ראַטווירטן און קאָלווירטן, באַזאָרגט די ראַטווירטן מיט די בעסטע אָרגאַניזאַטערס, געגעבן צוהילף די קאָלווירטן 25 טויזנט פאָרגעשריטענע ארבעטער, ארויסגערוקט די בעסטע מענטשן פון צווישן די קאָלווירטישע פּויערים אפ אָנפירן מיט די קאָלווירטן, אָרגאַניזירט א נעץ קורסן פאַר קאָלווירטניקעס און, אַזויאַרום, געלייגט די יעסוידעס פאַר אויסאַרבעטן שטאַנדהאַפטיקע און אויסגעפּרוּווטע קאַדרן פאַר דער קאָלווירטישער באַוועגונג.

צולעצט, האָט די פּאַרטיי איבערגעבויט אירע אייגענע רייען אפ א שלאַכט-אויפן, איבערבאַוואָפנט די פּרעסע, אָרגאַניזירט דעם קאַמף אפ צוויי פראָנטן, צעשמעטערט די רעשטן טראָצקיזם, צעקלאַפּט אפ פּיצלעך די רעכטע אָפּנייגלער, איזאָלירט די טאָלעראַנטלער, געזיכערט, אַזויאַרום, די אייניקייט פון אירע רייען אפ דער באַזע פון דער לעניִנשער ליניע, די אייניקייט, וועלכע איז נייטיק פאַרן דערפאָלגרײַכן אָנגריף, און האָט דורכגעפירט א ריכטיקע אָנפירונג מיטן אָנגריף, אײַנצוימענדיק און אוועקשטעלנדיק אפן אָרט סײַ די פּאַוואָליע-גייער פונעם לאַגער פון די רעכטע סײַ די „לינקע" פאַרבייגלער אין געביט פון דער קאָלווירטישער באַוועגונג.

דאָס זײַנען די גרונטיקע מאָסמיטלען, וואָס די פּאַרטיי האָט דורכגע-פירט, קעדיי צו פאַרווירקלעכן דעם אָנגריף אפן גאַנצן פראָנט.

אַלעמען איז באַוווּסט, אַז דער דאָזיקער אָנגריף איז באַקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג אין אַלע געביטן פון אונדזער ארבעט.

אָט ווו עס ליגט די סיבע דערפון, וואָס אונדז איז געלונגען בײַצו־קומען א גאנצע רײ שוועריקײַטן פונעם פעריאָד פון רעקאָנסטרויִרן אונ־דזער פאָלקווירטשאפט.

אָט ווו עס ליגט די סיבע דערפון, וואָס אונדז גיט זיך אײַן בײַצו-קומען מיט דערפאָלג די סאמע גרעסטע שוועריקײַט פון אונדזער בויונג, די שוועריקײַט אויסצוקערעווען די גרונט־מאסן פויערטום צום סאָציאַליזם.

אויסלענדער פרעגן צומאָל וועגן דער אינערלעכער לאגע פון פססר. אָבער צי קאָן זײַן א צווייפל אין דעם, אז די אינערלעכע לאגע פון פססר איז א פעסטע און ניט אומצוּוואקלען? טוט א קוק אף די קאפיטאליסטישע לענדער, אפן וווּקס פונעם קריזיס און ארבעטלאָזיקײַט אין די דאָזיקע לענ־דער, אף די שטרײַקן און לאָקאוטן, אף די רעגירונג־פײַנטלעכע דעמאָנ־סטראציעס,—וואָס פאר א פארגלײַך קאָן זײַן צווישן דער אינערלעכער לאגע אין די דאָזיקע לענדער און דער אינערלעכער לאגע אין פססר?

מע דארף אנערקענען, אז די ראטנמאכט איז איצט די סאמע פעסטע מאכט פון אלע עקזיסטירנדיקע מאכטן אין דער וועלט. (אפלאָדיס-מענטן.)

## 8. די קאפיטאליסטישע אָדער סאָציאַליסטישע ווירטשאפט-סיסטעם

מיר האָבן, אזויארום, א בילד פון דער אינערלעכער לאגע פון פססר.

מיר האָבן, גלײַכצײַטיק, א בילד פון דער אינערלעכער לאגע פון די וויכטיקסטע קאפיטאליסטישע לענדער.

ניט ווילנדיק קומט אוף די פראגע: און ווי זײַנען די סאכאקלען, אויב מע זאָל די דאָזיקע צוויי בילדער אנטקעגנשטעלן און פארגלײַכן זיי איינס מיטן אנדערן?

די דאָזיקע פראגע איז נאָך מער אינטערעסאנט, ווײַל די בורזשואזע טוער פון אלע לענדער, די בורזשואזע פרעסע פון אלע גראדן און ראנגען, פון בוילעט-קאפיטאליסטישע ביז מענשעוויסטיש-טראָצקיסטישע, שרײַען איין קאָל וועגן דעם „אופבלי" פון די קאפיטאליסטישע לענדער, וועגן דעם „אומקום" פון פססר, וועגן דעם „פינאנציעלן און ווירטשאפטלעכן קראך" פון פססר אדג.

אלזאָ, ווי זײַנען די סאכאקלען פונעם אנאליז פון דער לאגע בא אונדז, אין פססר, און בא זיי, אין די קאפיטאליסטישע לענדער?

לאָמיר פארצייכענען די וויכטיקסטע, אלגעמיין־באוווסטע פאקטן.

בא זיי, בא די קאפיטאליסטן, איז אן עקאָנאָמישער **קריזיס** און **ירידע** פון דער פראָדוקציע סײַ אין געביט פון דער אינדוסטריע סײַ אין געביט פון דער לאנדווירטשאפט.

בא אונדז, אינ פססר, איז אנ עקאָנאָמישער אופשטײַג אונ וווּקס פונ דער פּראָדוקציע אינ אלע צווײַגנ פונ דער פאָלקווירטשאפט.

בא זיי, בא די קאפּיטאליסטנ, איז א פארערגערונג פונ דער מאטעריעלער לאגע פונ די ארבעטנדיקע, אנ אראפּזעצונג פונעמ ארבעטלוינ פונ די ארבעטער אונ א וווּקס פונ דער ארבעטלאָזיקײַט.

בא אונדז, אינ פססר, איז אנ אופשטײַג פונ דער מאטעריעלער לאגע פונ די ארבעטנדיקע, א העכערונג פונעמ ארבעטלוינ פונ די ארבעטער אונ א פארקלענערונג פונ דער ארבעטלאָזיקײַט.

בא זיי, בא די קאפּיטאליסטנ, איז א וווּקס פונ שטרײַקנ אונ דעמאָנסטראציעס, וואָס פירט צומ פארלוסט פונ מיליאָנעג ארבעטטעג.

בא אונדז, אינ פססר, איז ניטאָ קיינ שטרײַקנ אונ עס איז פאראנ א וווּקס פונעמ ארבעט־אופשטײַג בא די ארבעטער אונ פּויערימ, וועלכער גיט אונדזער אָרדענונג מיליאָנעג צוגאָבלעכע ארבעטטעג.

בא זיי, בא די קאפּיטאליסטנ, איז א פארשארפונג פונ דער אינערלעכער לאגע אונ אנ אָנוווּקס פונ דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג פונעמ ארבעטער־קלאס קעגנ דעמ קאפּיטאליסטישנ רעזשימ.

בא אונדז, אינ פססר, איז א פארפעסטיקונג פונ דער אינערלעכער לאגע אונ א באהעפטונג פונ די מיליאָניקע מאסנ ארבעטער־קלאס ארומ דער ראטנמאכט.

בא זיי, בא די קאפּיטאליסטנ, איז א פארשארפונג פונ דער נאציאָנאלער פראגע אונ א וווּקס פונ דער נאציאָנאל־באפרײַערישער באוועגונג אינ אינדיע, אינ אינדאָכינע, אינ אינדאָנעזיע, אפ די פיליפּינישע אינדזלענ אאוו., וועלכע גייט אריבער אינ א נאציאָנאלער מילכאָמע.

בא אונדז, אינ פססר, איז א פארפעסטיקונג פונ די יעסוידעס פונ נאציאָנאלער ברידערלעכקײַט, א געזיכערטער נאציאָנאלער שאָלעמ אונ באהעפטונג פונ די מיליאָניקע מאסנ פונ די פעלקער פונ פססר ארומ דער ראטנמאכט.

בא זיי, בא די קאפּיטאליסטנ, הערשט פארלאָרנקײַט אונ א פּערספּעקטיוו פונ ווײַטערדיקער פארערגערונג פונ דער לאגע.

בא אונדז, אינ פססר, הערשט גלויבנ אינ די אייגענע קרעפטנ אונ א פּערספּעקטיוו פונ ווײַטערדיקער פארבעסערונג פונ דער לאגע.

מע פלאפּלט וועגנ „אומקומ“ פונ פססר, וועגנ „אופּבלי“ פונ די קאפּיטאליסטישע לענדער אדג. צי וועט ניט זײַנ ריכטיקער צו ריידנ וועגנ דעמ אומפארמײַדלעכנ אומקומ פונ די, וועלכע זײַנענ ארײַנגעפאלנ אזוי „אומגעריכט“ אינ קעסל־גרוב פונעמ עקאָנאָמישנ קריזיס אונ קאָנענ נאָכ אלץ ניט ארויסקריכנ פונעמ יערידע־זומפּ?

ווי זײַנען די סיבעס פון אזא ערנסטן דורכפאל בא זיי, בא די קאפיטאליסטן, און פון די ערנסטע דערפאָלגן בא אונדז, אין פסער?

מע זאָגט, אז דער צושטאנד פון דער פאָלקווירטשאפט הענגט א סאך אָפּ פון דער שעפע אָדער פונעם מאנגל פון קאפיטאלן. דאָס איז, פארשטייט זיך, ריכטיק. צי דערקלערט זיך ניט דער קריזיס אין די קאפיטאליסטישע לענדער און דער אופשטײַג אין פסער מיט דער שעפע קאפיטאלן בא אונדז און מיטן מאנגל אין קאפיטאלן בא זיי? ניין, פארשטייט זיך, אז ניט. יעדן איז באוווסט, אז קאפיטאלן אין פסער איז פאראן א סאך ווייניקער, איידער אין די קאפיטאליסטישע לענדער. ווען די זאך זאל געלייזט ווערן אין דעם געגעבענעם פאל דורכן צושטאנד פון דער אָנזאמלונג, וואָלטן מיר געהאט א קריזיס, און די קאפיטאליסטישע לענדער— אן אופשטײַג.

מע זאָגט, אז דער צושטאנד פון דער ווירטשאפט הענגט א סאך אָפּ פון דער טעכנישער און אָרגאניזאציאָנעלער אונטערגעשמידטקײַט פון די ווירטשאפטלעכע קאדרען. דאָס איז, פארשטייט זיך, ריכטיק. צי דערקלערט זיך ניט דער קריזיס אין די קאפיטאליסטישע לענדער און דער אופשטײַג אין פסער מיטן מאנגל אין טעכנישע קאדרען בא זיי און מיט זייער שעפע בא אונדז? ניין, פארשטייט זיך, אז ניט. יעדן איז באוווסט, אז טעכניש אויסגעפּרוּווטע קאדרען איז אין די קאפיטאליסטישע לענדער פאראן א סאך מער, ווי בא אונדז, אין פסער. מיר האָבן קיינמאל ניט באהאלטן און טראכטן ניט צו באהאלטן, אז אין געביט פון טעכניק זײַנען מיר שילער בא די דײַטשן, ענגלענדער, פראנצויזן, איטאליענער, און, פריער פאר אלץ און דעריקער, בא די אמעריקאנער. ניין, דאָ ווערט די זאך ניט געלייזט מיט דער שעפע אָדער מאנגל אין טעכנישע קאדרען, האגאם די קאדרען-פראָבלעם האָט אן ערנסטע באדײַטונג פאר דער אנטוויקלונג פון דער פאָלקווירטשאפט.

עפשער באשטייט דער באשייד פון דער פראגע דערין, וואָס דער ניוואָ פונעם קולטורעלן צושטאנד איז בא אונדז העכער, ווי אין די קאפיטאליסטישע לענדער? ווידעראמאָל ניין. יעדן איז באוווסט, אז דער אלגעמיין-קולטורעלער ניוואָ פון די מאסן איז בא אונדז נידעריקער, ווי אין די צפון-אמעריקאנישע פאראייניקטע שטאטן, אין ענגלאנד, אין דײַטשלאנד אאוו. ניין, עס גייט דאָ ניט אין דער קולטורעלקײַט פון די מאסן, האגאם זי האָט טאקע א קאָלאָסאלע באדײַטונג פאר דער אנטוויקלונג פון דער פאָלק-ווירטשאפט.

עפשער ליגט דאָ די סיבע אין די פערזענלעכע אייגנשאפטן פון די אָנפירער מיט די קאפיטאליסטישע לענדער? ווידעראמאָל ניין. די קריזיסן

זיינען געבאָרן געוואָרן צוזאמען מיטן אָנקום פון דער הערשאפט פונעם קאפּיטאליזם. אָט שוין העכער א יאָרהונדערט קומען פאָר פּעריאָדישע עקאָנאָמישע קריזיסן פונעם קאפּיטאליזם, איבערכאזורנדיק זיך יעדע 12־10־8 און ווייניקער יאָר. אלע פּארטייען פונעם קאפּיטאליזם, אלע וויפל־ניט־איז אָנגעזעענע טוער פונעם קאפּיטאליזם, פון די סאמע „געניאַלע" ביז די סאמע מיטלמעסיקע, האָבן געפּרוווט זייערע קרעפטן אינעם געביט פון „ניט־דערלאָזן" אָדער „פארניכטן" דעם קריזיס. אָבער זיי האָבן אלע געליטן א מאפּאָלע. וואָס זשע איז דאָ פאר א וווּנדער, וואָס הוווער מיט זיין גרופּע האָט אויך געליטן א מאפּאָלע? ניין, עס גייט דאָ ניט אין די אָנפירער אָדער פּארטייען פונעם קאפּיטאליזם, האגאמ אויך די אָנפירער און די פּארטייען פונעם קאפּיטאליזם האָבן דאָ ניט קיין קליינע באדייטונג.

אין וואָס זשע גייט עס, אויב אזוי?

ווו ליגט די סיבע דערפון, וואָס פּססר, ניט געקוקט אף זיין קולטורע־לער אָפּגעשטאנענקייט, ניט געקוקט אפן מאנגל אין קאפּיטאלן, ניט גע־קוקט אפן מאנגל אין טעכניש־אויסגעשמידטע ווירטשאפטלעכע קאדרען, געפינט זיך אין צושטאנד פון וואקסנדיקן עקאָנאָמישן אופשטייג און האָט אפן פראָנט פון דער עקאָנאָמישער בויונג אנטשיידנדיקע דערפאָלגן, און די פאָרגעשריטענע קאפּיטאליסטישע לענדער, ניט געקוקט אף דער שעפע פון קאפּיטאלן, אף דער שעפע פון טעכנישע קאדרען און אפן העכערן ניוואָ פון קולטורעלקייט, געפינען זיך אין א צושטאנד פון וואקסנ־דיקן עקאָנאָמישן קריזיס און ליידן אין געביט פון ווירטשאפטלעכער אנטוויקלונג א מאפּאָלע נאָך א מאפּאָלע?

די סיבע איז אינעם אונטערשייד פון די עקאָנאָמישע ווירטשאפט־סיסטעמען בא אונדז און בא די קאפּיטאליסטן.

די סיבע איז אינעם באנקראָט פון דער קאפּיטאליסטישער ווירט־שאפט־סיסטעם.

די סיבע איז אין די פאָרצוגן פון דער סאָוועטישער ווירטשאפט־סיסטעם לעגאבע דער קאפּיטאליסטישער סיסטעם.

וואָס איז אזוינס די סאָוועטישע ווירטשאפט־סיסטעם?

די סאָוועטישע ווירטשאפט־סיסטעם באטייט, אז:

1) די מאכט פונעם קלאס קאפּיטאליסטן איז אראָפּגעוואָרפן און פאר־ביטן מיט דער מאכט פונעם ארבעטער־קלאס;

2) די פּראָדוציר־געצייג און פּראָדוציר־מיטלען, די ערד, די פאבריקן, די זאוואָדן אאוו. זיינען אָפּגענומען בא די קאפּיטאליסטן און איבער־געגעבן אין אייגנטום דעם ארבעטער־קלאס און די ארבעטנדיקע מאסן פונעם פּויערטום;

3) די אנטוויקלונג פון דער פּראָדוקציע איז אונטערגעוואָרפן ניט דעם פּרינציפּ פון קאָנקורענץ און פון זיכערן דעם קאַפּיטאַליסטישן רעווח, נאָר דעם פּרינציפּ פון פּלאַנעוועדיקער אָנפירונג און פון סיסטעמאַטישן אויפהייבן דעם מאַטעריעלן און קולטורעלן ניוואָ פון די אַרבעטנדיקע;

4) די פאַרטיילונג פון דער פאָלק־האַכנאָסע קומט פאָר ניט אין די אינטערעסן פון באַרייַכערן די עקספּלואַטאַטאָרישע קלאַסן און זייער פּילצאָליקן פּאַראַזיטישן געזינדל, נאָר אין די אינטערעסן פונעם סיסטעמאַטישן העכערן די מאַטעריעלע לאַגע פון די אַרבעטער און פּויערים און פון פאַרברייטערן די סאָציאַליסטישע פּראָדוקציע אין שטאָט און אין דאָרף;

5) די סיסטעמאַטישע פאַרבעסערונג פון דער מאַטעריעלער לאַגע פון די אַרבעטנדיקע און דער קעסיידערדיקער וווּקס פון זייערע באַדערפענישן (קויף־פייִקייט), וועלכע זייַנען אַ שטענדיק־וואַקסנדיקער קוואַל פאַר דער פאַרברייטערונג פון דער פּראָדוקציע, גאַראַנטירן דעם אַרבעטער־קלאַס פון קריזיסן פון איבערפּראָדוקציע, פון וווּקס פון דער אַרבעטלאָזיקייט אאַז״וו.;

6) דער אַרבעטער־קלאַס איז דער באַלעבאָס פונעם לאַנד, וועלכער אַרבעט ניט פאַר די קאַפּיטאַליסטן, נאָר פאַר זייַן אייגענעם קלאַס.

וואָס איז אַזוינס די קאַפּיטאַליסטישעווירטשאַפט־סיסטעם?

די קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפט-סיסטעם באַטייַט, אַז:

1) די מאַכט אין לאַנד געהערט די קאַפּיטאַליסטן;

2) די פּראָדוציר־געצייַג און די פּראָדוציר-מיטלען זייַנען קאָנצענטרירט אין די הענט בײַ די עקספּלואַטאַטאָרס;

3) די פּראָדוקציע איז אונטערגעוואָרפן ניט דעם פּרינציפּ פון פאַרבעסערן די מאַטעריעלע לאַגע פון די אַרבעטנדיקע מאַסן, נאָר דעם פּרינציפּ פון זיכערן הויכן קאַפּיטאַליסטישן רעווח;

4) די פאַרטיילונג פון דער פאָלק-האַכנאָסע קומט פאָר ניט אין די אינטערעסן פון פאַרבעסערן די מאַטעריעלע לאַגע פון די אַרבעטנדיקע, נאָר אין די אינטערעסן פון זיכערן דעם מאַקסימום רעוואָכים פאַר די עקספּלואַטאַטאָרס;

5) די קאַפּיטאַליסטישע ראַציאָנאַליזאַציע און דער שנעלער וווּקס פון דער פּראָדוקציע, וועלכע האָבן דעם ציל צו זיכערן הויכע רעוואָכים פאַר די קאַפּיטאַליסטן, שטויסן זיך אָן, ווי אָן אַ פאַרצוימונג, אָן דער קאַפּצאָנישער לאַגע און אַראָפּנידערונג פון דער מאַטעריעלער געזיכערטקייט פון די מיליאָניקע מאַסן אַרבעטנדיקע, וועלכע האָבן ניט שטענדיק די מעגלעכקייט צו באַפרידיקן זייערע באַדערפענישן אַפילו אין די ראַמען פון קלענסטן מינימום, און דאָס שאַפט אומפאַרמייַדלעך אַ באָדן פאַר אומפאַר־

מיַידלעכע קריזיסן פון איבערפּראָדוקציע, פארן ווּקס פון דער ארבעטלאָזי־קייַט אאוו.;

6) דער ארבעטער-קלאס איז א קלאס אן עקספּלואטירטער, וועלכער ארבעט ניט פאר זיך, נאָר פאר א פרעמדן קלאס, פארן קלאס עקספּלוא-טאטערס.

אָט דאָס זיַינען די פאָרצוגן פון דער סאָוועטישער ווירטשאפט-סיסטעם לעגאבע דער קאפּיטאליסטישער סיסטעם.

אָט דאָס זיַינען די פאָרצוגן פון דער סאָציאליסטישער ווירט־שאפט-אָרגאניזאציע לעגאבע דער קאפּיטאליסטישער אָרגאניזאציע.

אָט ווּ עס ליגט די סיבע דערפון, וואָס בא אונדז, אינ פּססר, איז א וואקסנדיקער עקאָנאָמישער אופשטייַג, און בא זיי, בא די קאפּיטאליסטן, א וואקסנדיקער עקאָנאָמישער קריזיס.

אָט ווּ עס ליגט די סיבע דערפון, וואָס בא אונדז, אינ פּססר, יאָגט דער ווּקס פונעם געברויך (פון דער קויפ־פייִקייַט) פון די מאסן די גאנצע צייַט אריבער דעם ווּקס פון דער פּראָדוקציע און שטויסט זי פאָרויס, און בא זיי, בא די קאפּיטאליסטן, איז, פארקערט, יאָגט דער ווּקס פונעם געברויך פון די מאסן (פון דער קויפ־פייִקייַט) קיינמאָל ניט אָן דעם ווּקס פון דער פּראָדוקציע און שטייט די גאנצע צייַט אָפּ פון איר, פארור־טיילנדיק די גאנצע צייַט די פּראָדוקציע אפ קריזיסן.

אָט ווּ עס ליגט די סיבע דערפון, וואָס בא זיי, בא די קאפּיטא־ליסטן, רעכנט זיך פאר פולשטענדיק נאָרמאל צו פארניכטן בעשאס קרי-זיסן די „מויסרעס" סכוירעס און פארברענען די „איבעריקע" לאנדווירט־שאפטלעכע פּראָדוקטן, קעדיי אונטערצוהאלטן די הויכע פרייַזן און זיכערן הויכע רעוואָכים, ווען בא אונדז, אינ פּססר, וואָלט מען די שולדיקע אין אזעלכע פארברעכנס געשיקט אינ א מעשוגאָים־הויז. (אפּלאָדיסמענטן.)

אָט ווּ עס ליגט די סיבע דערפון, וואָס דאָרט, בא די קאפּיטאליסטן, שטרייַקן די ארבעטער און דעמאָנסטרירן, אָרגאניזירנדיק דעם רעוואָליוציאָ־נערן קאמף קעגן דער עקזיסטירנדיקער קאפּיטאליסטישער מאכט, בייס בא אונדז, אינ פּססר, האָבן מיר א בילד פון גרויסן ארבעט-געוועט צווישן מיליאָנען ארבעטער און פויערים, וועלכע זיַינען גרייט מיט דער ברוסט צו פארטיידיקן די ראטנמאכט.

אָט ווּ עס ליגט די סיבע פון דער שטאנדהאפטיקייַט און פעסטקייַט פון דער אינערלעכער לאגע פון פּססר, פון דער ניט־שטאנדהאפטיקייַט און וואקלדיקייַט פון דער אינערלעכער לאגע אין די קאפּיטאליסטישע לענדער.

מע דארף אנערקענען, אז די ווירטשאפט־סיסטעם, וועלכע ווייסט ניט ווּ אהינצוטאָן די „מויסרעס" פון איר פּראָדוקציע, און איז געצוווּנגען זיי

צו פארברענענ אינ א מאָמענט, ווענ אינ די מאסנ הערשט נויט אונ אר־בעטלאָזיקײַט, הונגער אונ רויִנירונג, — אזא ווירטשאפט־סיסטעם טראָגט זיכ אלײנ ארויס איר טויט־אורטײל.

די לעצטע יאָרנ זײַנענ געווענ א פעריִאָד פונ אויספרווונ אפ דער פראקטיק, א פעריִאָד פונ עקזאמענ פאר צווײ קעגנזעצלעכע ווירטשאפט־סיסטעמענ — דער סאָוועטישער אונ דער קאפיטאליסטישער. פאר די דאָזיקע יאָרנ זײַנענ געוויִעסנ וועגנ „אומקום״ אונ „קראכ״ פונ דער סאָוועטישער סיסטעם געווענ איבערגענוג. רײד אונ לויב־געזאנגענ וועגנ דעם „אופ־בלי״ פונעמ קאפיטאליזמ — נאָכ מער. אונ וואָס האָט זיכ באקומענ? די דאָזיקע יאָרנ האָבנ אנ איבעריק מאָל באוויזנ, אז די קאפיטאליסטישע ווירטשאפט-סיסטעמ איז א באנקראָטירטע סיסטעמ, אז די סאָוועטישע ווירטשאפט-סיסטעמ פארמאָגט אזעלכע פאָרצוגנ, וועגנ וועלכע עס וואגט ניט צו טרוימענ קײנ אײנ בורזשואזע מעלוכע, זאָל זי זײַנ אפילע די סאמע „דעמאָקראטישע״, „אלגעמײנ-פאָלקישע״ אדג.

אינ זײַנ רעדע אפ דער קאָנפערענצ פונ דער רקפ אינ מײַ 1921 י. האָט לענינ געזאָגט:

„איצט ווײַזנ מיר ארויס אונדזער הויפט־אופווירקונג אפ דער אינטערנאציִאָנאלער רעוואָליוציע מיט אונדזער ווירטשאפטלעכער פאָליטיק. אלע קוקנ אפ דער סאָוועטישער רוסלענדישער רעפובליק, אלע ארבעטנדיקע אינ אלע לענדער פונ דער וועלט, אָנ שומ אויסנאמ אונ אָנ שומ גוזמע. דאָס איז דערגרײכט. פארשווײַגנ, באהאלטנ קאָנענ די קאפיטאליסטנ גארניט, זײ כאפנ מער פאר אלצ אונטער דעריבער אונדזערע ווירטשאפטלעכע פעלערנ אונ אונדזער שוואכ־קײַט. אפ דער דאָזיקער א־ענע איז דער קאמפ אריבערגעטראָגנ געוואָרנ אינ אלוועלטלעכנ מאסשטאב. וועלנ מיר לײזנ די דאָזיקע אופגאבע — האָבנ מיר דאנ געווונענ אינ אינטערנאציִאָ־נאלנ מאסשטאב אפ זיכער אונ ענדגילטיק״ (ב. XXVI, ז. 410—411).

מע דארפ אנערקענענ, אז די אופגאבע, וואָס לענינ האָט אוועקגע־שטעלט, פילט אונדזער פארטײ אויס מיט דערפאָלג.

## 9. די אָרדנטלעכע אופגאבנ

### א) אלגעמײנע

1) פריִער פאר אלצ די פראָבלעמ ריכטיק פאנאנדערצושטעלנ די אינדוסטריע איבער פססר. ווי מיר זאָלנ ניט אנטוויקלענ די פאָלק־ווירטשאפט, קאָנ מענ זיכ ניט באגײנ אָנ דער פראגע וועגנ דעמ, וויִאזוי ריכ־טיק פאנאנדערשטעלנ די אינדוסטריע, אלס פירנדיקנ צווײַג פונ דער פאָלקווירט־שאפט. איצט האלט דאָס אזוי, אז אונדזער אינדוסטריע, ווי אויכ אונדזער פאָלק־ווירטשאפט, שטיצט זיכ אינ גרונט אפ דער קוילנ־מעטאלורגישער באזע אינ אוקראִינע. פארשטײט זיכ, אז אָנ אזא באזע איז ניט דענקבאר די

אינדוסטריִאַליזאציע פונעם לאנד. און אָט אזא באזע איז בא אונדז די אוקראַיִנישע הייצווארג־מעטאַלורגישע באזע. צי קאָן אָבער אפ וויַיטער בלויז די דאָזיקע איינע באזע באפרידיקן סיַי דעם דאָרעם, סיַי דעם צענטראַלן טייל פססר, סיַי דעם צאָפן, סיַי דעם צאָפן־מיזרעך, סיַי דעם וויַיטן מיזרעך, סיַי טורקעסטאן? אלע אָנגאבן זאָגן אונדז, אז זי קאָן ניט. דאָס נײַע אין דער אנטוויקלונג פון אונדזער פאָלקווירטשאפט באשטייט, אגעוו, אין דעם, וואָס די דאָזיקע באזע איז שוין געוואָרן פאר אונדז קנאפ. דאָס נײַע באשטייט אין דעם, אז, אָלמעגלעך אנטוויקלענדיק די דאָזיקע באזע אויך וויַיטער, זאָל מען צוזאמען דערמיט אָנהייבן טייקעף שאפן א צווייטע קוילן־מעטאַלורגישע באזע. די דאָזיקע באזע דארף זייַן דער אוראַל־קוזנעצקער קאָמבינאט, די פארייניקונג פון די קוזנעצקער קאָקסירנדיקע קוילן מיטן אוראַלער ארצ. (אפלאָדיסמענטן.) די בויונג פונעם אווטאָזאוואָד אין ניזשני, פונעם טראַקטער־זאוואָד אין טשעליאבינסק, פונעם מאשינבויערשן זאוואָד אין סווערדלאָווסק, פון די קאָמבייַן־זאוואָדן אין סאראטאָוו און נאָוואָסיבירסק; די וואקסנדיקע קאָליִרטע מעטאַלורגיע אין סיביר און קאזאקסטאן, וועלכע פאָדערט די באשאפונג פון א נעץ רעמאָנט־ווארשטאטן און א רייַ גרונטיקע מעטאַלורגישע זאַוואָדן אין מיזרעך; צולעצט, דער באשלוס וועגן אויסבויען טעקסטיל־פאבריקן אין נאָוואָסיבירסק און אין טורקעסטאן, — דאָס אלץ פאָדערט קאטעגאָריש, אז מע זאָל טייקעף צוטרעטן צום שאפן א צווייטע קוילן־מעטאַלורגישע באזע אין אוראַל.

איר ווייסט, אז דער צק פון אונדזער פארטיי האָט זיך ארויסגעזאָגט טאקע אין דעם דאָזיקן גײַסט אין זייַן רעזאָלוציע וועגן אוראַלמעט.

2) וויַיטער גייט די פּראָבלעם פון ריכטיקער פאנאנדערשטעלונג פון די גרונט־צווייַגן פון דער לאנדווירטשאפט איבער פססר, די פּראָבלעם פון ספּעציִאַליזירן אונדזערע געגנטן לויט לאנדווירטשאפטלעכע קולטורן און צווייַגן. פארשטייט זיך, אז בא דער קליינפויערשער ווירטשאפט איז קיין ערנסטע דורכפירונג פון ספּעציִאַליזאציע ניט מעגלעך. ניט מעגלעך דערפאר, ווייַל די קליינווירטשאפט, אלס א ווירטשאפט א ניט־שטאנדהאפטיקע, וועלכע האָט ניט די נייטיקע רעזערוון, איז געצוווּנגען צו קולטיווירן בא זיך אלע און אלערליי קולטורן, קעדיי אין פאל פון א דורכפאל פון אייניקע קולטורן זאָל מען קאָנען זיך אויסדרייען מיט אנדערע. עס איז אויך פארשטענדלעך, אז, ניט זיכערנדיק אין די הענט פון דער מעלוכע קיין געוויסע טוווּע־רעזערוון, איז אוממעגלעך אוועקצושטעלן די ספּעציִאַליזאציע. איצט, ווען מיר זײַנען אריבערגעגאנגען צו גרויסער ווירטשאפט און געזיכערט אין די הענט פון דער מע-

לוכע טוויע־רעזערווו, קאָנענ מיר אונ דארפנ שטעלנ פאר זיכ די אופגאבע צו אָרגאַניזירנ ריכטיק די ספּעציאַליזאַציע לויט קולטורנ אונ צווייַגנ. דער אויסגאַנג־פּונקט פאר דער דאָזיקער זאַכ איז דערבייַ די ענדגילטיקע לייזונג פונ דער טוויע־פּראָבלעמ. איכ זאָג „אויסגאַנג־פּונקט", ווייַל אָנ דער לייזונג פונ דער טוויע־פּראָבלעמ, אָנ דער אָרגאַניזירונג פונ א רייַכער נעצ טוויע־לאַגערנ אינ די ראַיאָנענ פונ פּיצוכט, בוימוואָל, בורעקעס, לייַנ, טאַבאַק איז אוממעגלעכ א רוק צו טאָנ פאָרויס די פּיצוכט אונ די טעכנישע קולטורנ, איז אוממעגלעכ צו זיכערנ די אָרגאַניזירונג פונ דער ספּעציאַליזאַציע פונ אונדזערע געגנטנ לויט די קולטורנ אונ צווייַגנ.

די אופגאבע באַשטייט אינ אויסנוצנ די געשאַפענע מעגלעכקייַטנ אונ א רוק טאָנ די דאָזיקע זאַכ פאָרויס.

3) ווייַטער גייט די פּראָבלעמ פונ ק א ד ר ע נ סייַ אינ געביט פונ דער אינדוסטריע סייַ אינ געביט פונ דער לאַנדווירטשאַפט. אַלעמענ איז באַוווּסט די שוואַכע טעכנישע אונטערגעשמידטקייַט פונ אונדזערע ווירטשאַפטלעכע קאַדרענ, פונ אונדזערע ספּעציאַליסטנ, טעכניקער אונ ווירטשאַפטלעכע טוער. די זאַכ ווערט פאַרקאָמפּליצירט דערמיט, וואָס איינ טייל ספּעציאַליסטנ, וועלכער איז פאַרבונדנ מיט די געוועזענע באַלעבאַטים אונ ווערט סטימולירט פונ אויסלאַנד, האָט זיכ ארויסגעוויזנ בעראָש פונ דער שעדיקונג־אַרבעט. די זאַכ ווערט נאָכ מער פאַרקאָמפּליצירט מיט דעמ אומשטאַנד, וואָס א גאַנצע ריי ווירטשאַפטלער־קאָמוניסטנ אונדזערע האָבנ דערבייַ ניט ארויסגעוויזנ קיינ רעוואָלוציאָנערע וואַכזאַמקייַט אונ זייַנענ אָפטמאָל אַרייַנגעפאַלנ אינ גייַסטיקער געפאַנגענשאַפט צו די שעדיקערישע עלעמענטנ. אונ פאר אונדז שטייענ דאָכ קאָלאָסאַלע אופגאבנ צו רעקאָנסטרויִרנ די גאַנצע פאָלקווירטשאַפט, וועלכע פאָדערנ א גרויסע צאָל נייַע קאַדרענ, וואָס זייַנענ פייִיק צו באַהערשנ די נייַע טעכניק. אינ צוזאַמענהאַנג דערמיט האָט זיכ די קאַדרענ־פּראָבלעמ בא אונדז פאַרוואַנדלט אינ א בעעמעס ברענענדיקער פּראָבלעמ.

די לייזונג פונ דער דאָזיקער פּראָבלעמ גייט בא אונדז לויט דער ליניע פונ פאָלגנדיקע מאָסמיטלענ: 1) אנטשיידענער קאַמפּ קעגנ די שעדיקער; 2) מאַקסימום זאָרג אונ אנטקעגנקומענ בענעגייע דער ריזיקער מערהייַט ספּעציאַליסטנ אונ טעכניקער, וועלכע האָבנ זיכ אָפּגעגרענעצט פונ די שעדיקער (איכ מיינ ניט שייִנריידער אונ קונצנמאַכער פונעמ טיפּ אוסטריאַלאָוו, נאָר ווירקלעכע וויסנשאַפטלעכע טוער, וועלכע אַרבעטנ צוזאַמענ מיטנ אַרבעטער־קלאַס, אָנ הינטערגעדאַנקענ); 3) אָרגאַניזירנ טעכנישע הילפּ פונ אויסלאַנד; 4) שיקנ אונדזערע ווירטשאַפטלער קיינ אויסלאַנד זיכ לערנענ אונ ביכלאַל קריגנ דערפאַרונג אינ טעכניק; 5) איבערגעבנ די טעכנישע לערנאַנשטאַלטנ די אנט־

שפּרעכיקע ווירטשאפטלעכע אָרגאניזאציעס, קעדיי אמשנעלסטנ אויסצוארבעטנ פון מענטשנ פונעם ארבעטער־קלאס א גענוגע צאָל טעכניקער און ספּעציאַליסטנ.

די אופגאבע באשטייט אינ פאנאנדערוויקלענ די ארבעט אפ צו פארווירק־לעכנ די דאָזיקע מאָסמיטלענ.

4) די פּראָבלעם פונ קאמפ קעגנ ביוראָקראטיזם. די געפאר פונ ביוראָקראטיזם באשטייט, פריער פאר אלצ, דערינ, וואָס ער לאָזט ניט ארויס אפ דער ליכטיקער שייַנ די קאָלאָסאלע רעזערוונ, וועלכע ליגנ פאר־באָרגנ אינ די טיפענישנ פונ אונדזער אָרדענונג, ניט לאָזנדיק זיי אויסנוצנ, ער סטארעט זיכ מאכנ צונישט די שעפערישע איניציאַטיוו פונ די מאסנ, פענטענדיק זי מיט קאנצעלאַריערייַ, און פירט דערצו, אז יעדער נייַער אָנהייב פונ דער פארטיי זאָל פארוואנדלט ווערנ אינ קליינלעכער און אומנייטי־קער ברעקלעכ־קלייַבערייַ. די געפאר פונ ביוראָקראטיזם באשטייט, צווייטנס, דערינ, וואָס ער דולדעט ניט קיינ קאָנטראָל איבער דער אויספירונג און פרווט זיכ פארוואנדלענ די גרונט־אָנווייַזונגענ פונ די אָנפירנדיקע אָרגאניזאציעס אינ א פּוסטע פּאפּירל, וואָס איז אָפּגעריסנ פונעם לעבעדיקנ לעבנ. א געפאר שטעלנ פאָר ניט בלויז און ניט אזויפיל די אלטע ביור־ראָקראטנ, וועלכע זייַנענ געבליבנ שטעקנ אינ אונדזערע אנשטאלטנ, נאָר אויכ — באזונדערס — די נייַע ביוראָקראטנ, די סאָוועטישע ביוראָקראטנ, צווישנ וועלכע „קאָמוניסטנ" — ביוראָקראטנ שפּילנ ווייַט ניט די לעצטע ראָליע. איכ מיינ יענע „קאָמוניסטנ", וועלכע סטארענ זיכ מיט קאנצעלארישע פאראָר־דענונגענ און „דעקרעטנ", וואָס אינ זייער קראפט גלייבנ זיי, ווי אינ א פעטיש, פארבייַטנ די שעפערישע איניציאַטיוו און זעלבסטעטיקייַט פונ די מיליאָניקע מאסנ פונעם ארבעטער־קלאס און פויערטום.

די אופגאבע באשטייט דערינ, אז מע זאָל צעקלאפּנ דעם ביוראָקראטיזם אינ אונדזערע אנשטאלטנ און אָרגאניזאציעס, ליקווידירנ די ביוראָקראטישע „זיטנ" און „געוווינהייַטנ" און אָפּרייניקנ דעם וועג פאר אויסנוצנ די רעזערוונ פונ אונדזער אָרדענונג, פאר פאנאנדערוויקלענ די שעפערישע איניציאַטיוו און די זעלבסטעטיקייַט פונ די מאסנ.

די דאָזיקע אופגאבע איז ניט קיינ לייַכטע. מע קאָנ זי ניט לייזנ „איינס און צוויי". אָבער מע מוז זי לייזנ אום יעדער פרייַז, אויב מיר ווילנ ווירקלעכ איבערגעשטאלטנ אונדזער לאנד אפ יעסוידעס פונ סאָציאַ־ליזמ.

אינ קאמפ קעגנ ביוראָקראטיזם גייט די ארבעט פונ דער פארטיי לויט פיר ליניעס: לויט דער ליניע פונ פאנאנדערוויקלענ די זעלבסטקריטיק, לויט דער ליניע פונ אָרגאניזירנ דעם קאָנטראָל איבער דער אויספירונג, לויט דער ליניע פונ רייניקנ דעם אפּאראט און,

ענדלעכ, לויט דער ליניע פונ *ארויסרוקנ* פונ אונטנ אינ אפּאראט א רײַ איבערגעגעבענע טוער פונ מענטשנ פונעמ ארבעטער־קלאס.

די אופגאבע באשטײט דערינ, אז מע זאָל אָנווענדנ אלע קרעפטנ אפ אויספילנ די דאָזיקע אלע מאָסמיטלענ.

5) *די פּראָבלעמ פונ וווקס פונ דער ארבעט-פּראָדוקטיווקײַט.* אָנ א סיסטעמאטישנ ווּוקס פונ דער ארבעט־פּראָדוקטיווקײַט סײַ אינ געביט פונ דער אינדוסטריע סײַ אינ געביט פונ דער לאנדווירטשאפט קאָנענ מיר ניט לייזנ די אופגאבנ פונ רעקאָנסטרוקציע, קאָנענ מיר ניט ניט נאָר דער־יאָגנ אונ אריבעריאָגנ די פּאָרגעשריטענע קאפּיטאליסטישע לענדער, נאָר אפילע באשיצנ אונדזער זעלבשטענדיקע עקזיסטענצ. דעריבער האָט פאר אונדז די פּראָבלעמ פונ ווּוקס פונ דער ארבעט־פּראָדוקטיווקײַט אנ ערשטראנגיקע באדײַטונג.

די מאָסמיטלענ פונ דער פּארטיי צו לייזנ די דאָזיקע פּראָבלעמ גייענ לויט דרײַ ליניעס: לויט דער ליניע פונ סיסטעמאטישנ *פּארבעסערנ די מאטעריעלע לאגע* פונ די ארבעטנדיקע, לויט דער ליניע פונ אײַנפלאנצנ א *כאוורשע ארבעט־דיסציפּלינ* אינ די אונטערנע־מונגענ פונ דער אינדוסטריע אונ פונ דער לאנדווירטשאפט, ענדלעכ, לויט דער ליניע פונ אָרגאניזירנ דעמ *סאָציאליסטישנ געווּעט אונ שלאָגלערײַ*. דאָס אלצ—אפ דער באזע פונ פארבעסערטער טעכניק אונ ראציאָנעלער ארבעט־אָרגאניזאציע.

די אופגאבע באשטייט דערינ, אז מע זאָל פאנאנדערוויקלענ ווײַטער די מאסעווע קאמפּאניע צו פארווירקלעכנ די דאָזיקע מאָסמיטלענ.

6) די פּראָבלעמ פונ *באזאָרגונג*. אהער באציט זיכ די פראגע וועגנ *גענוגנדיקנ באזאָרגנ* די ארבעטנדיקע פונ שטאָט אונ דאָרפ מיט די נייטיקע פּראָדוקטנ, די פראגע וועגנ צופּאסנ דעמ *קאָאָפּערא־טיווּנ אפּאראט* צו די נויטנ פונ די ארבעטער אונ פויערימ, די פּראַ־גע וועגנ סיסטעמאטישנ פארגרעסערנ דעמ *רעאלנ ארבעטלוינ* פונ די ארבעטער, די פראגע וועגנ *אראָפּזעצנ די פּרײַזנ* אפ די אינ־דוסטריעלע סכוירעס אונ לאנדווירטשאפטלעכע פּראָדוקטנ. וועגנ די דע־פעקטנ פונ דער געברויכ־קאָאָפּעראציע האָב איכ שוינ גערעדט. מע מוז ליקווידירנ די דאָזיקע דעפעקטנ אונ זיכ דערשלאָגנ די דורכפירונג פונ דער *פּאָליטיק* פונ *אראָפּזעצנ די פּרײַזנ*. וואָס איז שײַעכ דעמ מאנגל אינ סכוירעס (סכוירע-הונגער), האָבנ מיר איצט א מעגלעכקײַט צו פאנאנדערוויקלענ די רויוואַרג־באזע פונ דער לײַכטער אינדוסטריע אונ א רוק טאָנ פאָרויס די פּראָדוקציע פונ שטאָטישע סכוירעס פונ מאסנ־געברויכ. די באזאָרגונג מיט ברויט קאָנ מענ האלטנ פאר שוינ געזיכערט. שווערער האלט עס מיט דער באזאָרגונג מיט פלייש, מילכ-פּראָדוקטנ אונ גרינס. די

דאָזיקע שווערקייט קאָן, צום באדויערן, ניט ליקווידירט ווערן אין מעשעכ פון עטלעכע כאדאָשים. קעדיי בייצוקומענ די דאָזיקע שווערקייט איז נייטיק, ווייניקסטנס, א יאָר. אין א יאָר ארום וועלן מיר האָבן א מעגלעכקייט, פריער פאר אלץ אדאנק די אָרגאניזירטע דערצו ראטווירטן און קאָלווירטן, צו זיכערן פולשטענדיק די באזאָרגונג מיט פלייש, מילכ־פּראָדוקטן און גרינס. און וואָס הייסט באהערשן די באזאָרגונג מיט די דאָזיקע פּראָדוקטן, ווען מיר האָבן שוין אין אונדזערע הענט ברויט־רעזערווו, מאנופאקטור, פארשטארקטע וווינונג-בויונג פאר ארבעטער און ביליקע קאָמונאלע באדינונג? דאָס הייסט, באהערשן יענע אלע גרונט־פאקטאָרס, וועלכע באשטימען דעם בודזשעט פונעם ארבעטער און זיין רעאלן ארבעטלוין. דאָס הייסט, זיכערן דעם שנעלן וווּקס פונעם רעאלן ארבעטלוין פון די ארבעטער אפ געוויס און ענדגילטיק.

די אופגאבע באשטייט דערין, אז מע זאָל פאנאנדערוויקלען די ארבעט פון אלע אונדזערע אָרגאניזאציעס אין דער דאָזיקער ריכטונג.

7) די פּראָבלעם פון קרעדיט און געלט־צירקוליאציע. די ראציאָנעלע אָרגאניזאציע פונעם קרעדיט-וועזן און די ריכטיקע מאנעווירונג מיט די געלט־רעזערוון האָבן אן ערנסטע באדייטונג פאר דער אנטוויקלונג פון דער פאָלקווירטשאפט. די מאָסמיטלען פון דער פארטיי צו לייזן די דאָזיקע פּראָבלעם גייען לויט צוויי ליניעס: לויט דער ליניע פון קאָנצענטרירן דעם גאנצן וועזן פון קורצטערמיניקן קרעדיט אין מעלוכע־באנק און לויט דער ליניע פון אָרגאניזירן די אָנמעזומענע צערעכענונג אינעם פארגעזעלשאפטלעכטן סעקטער. דערמיט אליין ווערט, ערשטנס, דער מעלוכע־באנק פארוואנדלט אין אן אלגעמיין־מעלוכישן אפּאראט פאר פּראָדוקציע־דיסקאָנט און פאר פּראָדוקטן-פארטיילונג, צווייטנס, ווערן פון דער צירקוליאציע באפרייט גאנצע מאסן געלט. עס קאָן ניט זיין קיין שום סאָפעק, אז די דאָזיקע מאָסמיטלען וועלן ברענגען (זיי ברענגען שוין) צו דער אייַנרעגולירונג פונעם גאנצן קרעדיט-וועזן און צו דער פארפעסטיקונג פון אונדזער טשערוואָנעץ.

8) די פּראָבלעם פון רעזערוון. עס איז שוין גערעדט געוואָרן עטלעכע מאָל און עס איז ניט שייַעכ איבערצוכאזערן, אז א מעלוכע ביכלאל, אונדזער מעלוכע באזונדערס, קאָן זיך ניט באגיין אָן רעזערוון. מיר האָבן אייניקע רעזערוון פון ברויט, סכוירעס, וואליוטע. אונדזערע כאווירים האָבן געהאט די מעגלעכקייט צו פילן פאר דער דאָזיקער צייט די גינסטיקע ווירקונג פון די דאָזיקע רעזערוון. אָבער „אייניקע“ רעזערוון איז פאר אונדז ניט גענוג. מיר דארפן האָבן מער סאָלידע רעזערוון לויט אלע ליניעס.

דערפון דרינגט ארויס די אופגאבע אָנצוזאמלען רעזערוון.

ב) אין דער אינדוסטריע

1) די הויפט-פראָבלעם איז די פאָרסירטע אנטוויקלונג פון דער שווארצער מעטאלורגיע. נעמט אין אכט, אז מיר האָבן דערגרייכט די פארמילכאָמעדיקע נאָרמע פון טשוהון-פראָדוקציע און מיר שטייגן זי אריבער ערשט אין לויפנדיקן 1929/30 יאָר. דאָס איז א גרויסע געפאר פאר אונדזער גאנצער פאָלקווירטשאפט. קעדיי צו ליקווידירן די דאָזיקע געפאר, דארף מען אָרגאניזירן א פאָרסירטע אנטוויקלונג פון דער שווארצער מעטאלורגיע. מיר דארפן צום סאָף פינפיאָר ניט 10 מיליאָן טאָן טשוהון, ווי דאָס פאָדערט דער פינפיאָר, נאָר 17 מיליאָן טאָן. די דאָזיקע אופגאבע דארפן מיר אויספילן אום יעדן פרייז, אויב מיר ווילן ווי ס'דארף צו זיין פאנאנדערוויקלען די אינדוסטריאליזאציע פון אונדזער לאנד.

באָלשעוויקעס דארפן באווייזן, אז זיי וועלן קענען זיך ספראווען מיט דער דאָזיקער אופגאבע.

דאָס הייסט ניט, פארשטייט זיך, אז מיר דארפן פארווארפן די לייכטע אינדוסטריע. ניין, עס הייסט ניט. ביז איצט האָבן מיר געשפאָרט אף אלץ, דערונטער אויך אף דער לייכטער אינדוסטריע, קעדיי אופצושטעלן די שווערע אינדוסטריע. אָבער די שווערע אינדוסטריע האָבן מיר שוין אופגעשטעלט. מע דארף זי בלויז פאנאנדערוויקלען ווייטער. איצט קאָנען מיר זיך אויסקערעווען צו דער לייכטער אינדוסטריע און א רוק טאָן זי פאָרויס מיט א פארשנעלערטן טעמפ. דאָס נייע אין דער אנטוויקלונג פון אונדזער אינדוסטריע באשטייט, אגעוו, דערין, וואָס מיר האָבן איצט די מעגלעכקייט צו אנטוויקלען מיט א פארשנעלערטן טעמפ סיי די שווערע סיי די לייכטע אינדוסטריע. דאָס אריבערשטייגן די פלענער פון בוימוואָל-, לייַנ- און בורעקעס-פארזייען דאָס יאָר, די דערפאָלגרייכע לייזונג פון דער פראָבלעם פון קענדיר און פון קינסטלעכן זייד, — דאָס אלץ רעדט וועגן דעם, אז מיר האָבן א מעגלעכקייט ווירקלעך א רוק צו טאָן פאָרויס די לייכטע אינדוסטריע.

2) די פראָבלעם פון ראציאָנאליזאציע, פון אראָפזעצן דעם קערנקאָסט און פארבעסערן די קוואליטעט פון דער פראָדוקציע. מע קאָן ווייטער ניט דולדן די לעכער אין געביט פון ראציאָנאליזאציע, די ניט-אויספילונג פונעם פלאן פון אראָפזעצן דעם קערנקאָסט און די העסלעכע קוואליטעט פון דער פראָדוקציע בא א ריי אונדזערע אונטערנעמונגען. די דאָזיקע לעכער און כעסרוינעס דריקן אף אונדזער גאנצער פאָלקווירטשאפט און לאָזן זי ניט רוקן זיך פאָרויס. עס איז צייט, לאנג צייט צו מאכן א סאָף צו דעם דאָזיקן שענדלעכן פלעק.

באָלשעוויקעס דארפן באווייַזן, אז זיי וועלן קענען זיך ספּראווען מיט דער דאָזיקער אופגאבע.

3) די פּראָבלעם פון א יינפּערזאָניקער אָנפירונג. ניט צו דולדן ווערן אויך די ברוכן אין געביט פון דורכפירן די איינפּערזאָניקע אָנפירונג אין די אונטערנעמונגען. די ארבעטער קלאָגן זיך אלץ: „ס'איז ניטאָ קיין באלעבאָס אין זאוואָד", „ניטאָ קיין אָרדענונג אין דער ארבעט". מע קאָן ווייַטער ניט דולדן, אז אונדזערע אונטערנעמונגען זאָלן פארוואנדלט ווערן פון פּראָדוציר־אָרגאניזמען אין פּארלאמענטן. אונדזערע פּארטיייִשע און פּראָפאריינישע אָרגאניזאציעס דארפן סאָפקאָלסאָפּ פארשטיין, אז אויב מיר וועלן ניט זיכערן די איינפּערזאָניקע אָנפירונג און ניט אייַנשטעלן קיין שטרענגע פאראנטוואָרטלעכקייַט פארן גאנג פון דער ארבעט, קאָנען מיר ניט לייזן די אופגאבן צו רעקאָנסטרויִרן די אינדוסטריע.

### ג) אין דער לאנדווירטשאפט

1) די פּראָבלעם פון פּיצוכט און פון טעכנישע קולטורן. איצט, ווען מיר האָבן שוין געלייזט אין גרונט די טוווע־פּראָבלעם, קאָנען מיר צוטרעטן צום גלייַכצייַטיקן לייזן אויך די פּראָבלעם פון פּיצוכט, וואָס איז אינעם געגעבענעם מאָמענט א ברענענדיקע פּראָבלעם, און די פּראָבלעם פון טעכנישע קולטורן. בא דער לייזונג פון די דאָזיקע פּראָבלעמען דארפן מיר גייען מיט דעם זעלביקן וועג, מיט וועלכן מיר זייַנען געגאנגען אין געביט פון לייזן די טוווע-פּראָבלעם. דאָס הייסט, דורך אָרגאניזירן ראטווירטן און קאָלווירטן, וועלכע זייַנען די שטיצפּונקטן פון אונדזער פּאָליטיק, ביסלעכווייַז איבערגעשטאלטן די טעכנישע און עקאָנאָמישע באזע פון דער איצטיקער קליינפּויערשער פּיצוכט און פון די טעכנישע קולטורן. דער „פּיצוכטלער", „שעפּסנציכטלער", „כאזערציכטלער", דער „פּוטער־ און מילך-טרעסט" פּליוס די קאָלווירטן אין געביט פון פּיצוכט; די עקזיסטירנדיקע ראטווירטן און קאָלווירטן אין געביט פון טעכנישע קולטורן, — דאָס זייַנען די אויסגאנג-פּונקטן פאר דער לייזונג פון די פּראָבלעמען, וואָס שטייען פאר אונדז.

2) די פּראָבלעם פון ווייַטערדיקן פאנאנדערוויקלען די ראטווירטישע און קאָלווירטישע בויונג. ס'איז קוים נייטיק א סאך צו ריידן וועגן דעם, אז די דאָזיקע פּראָבלעם איז פאר אונדז אן ערשטרייַקע פּראָבלעם פון אונדזער גאנצער בויונג אין דאָרף. איצט זעען אפילע בלינדע, אז דאָס פּויערטום האָט געמאכט א קאָלאָסאלן, א ראדיקאלן קער פונעם אלטן צום נייַעם, פון באלעבאָסישער פארשקלאפונג צו א פרייַ קאָלווירטיש לעבן. מע קאָן זיך שוין מער ניט אומקערן צום אלטן,

דאָס באלעגופנטומ איז פארורטיילט אונ וועט ליקווידירט ווערנ. עס בלײַבט בלויז איינ וועג, דער וועג פונ קאָלווירטנ. אונ דער וועג פונ קאָלווירטנ איז שוינ ניט קיינ אומבאוווסטער אונ ניט-אויספרובירטער וועג. ער איז אויסגעפרובירט אונ דורכגעקאָנטראָלירט אפ טויזנטער אויפאנימ דורכ די פויערשע מאסנ גופע. ער איז אויסגעפרובירט אונ אָפגעשאצט, ווי א נײַס, וואָס גיט די פויערימ באפרײַונג פונ דער באלעגופישער פארשקלאפונג, פונ נויט, פונ פינצטערניש. דערינ ליגט דער יעסאָד פונ אונדזערע דערגרייכונגענ.

וויאזוי וועט זיכ פאנאנדערוויקלענ ווײַטער די נײַע באוועגונג אינ דאָרפ? פאָרויס וועלנ גייג די ראטווירטנ, אלס רוקנביינ פונ דער איבערבויונג פונ דער אלטער סטרוקטור פונעמ דאָרפ. נאָכ זיי וועלנ זיכ ציִענ די פילצאָליקע קאָלווירטנ, אלס שטיצ-פונקטנ פונ דער נײַער באוועגונג אינ דאָרפ. די פארייניקטע ארבעט פונ די דאָזיקע צוויי סיסטעמענ שאפט באדינגונגענ פאר דער פולער קאָלעקטיוויזאציע פונ אלע געגנטנ פונ פססר.

איינע פונ די סאמע מערקווירדיקע דעראָבערונגענ פונ דער קאָלווירטישער באוועגונג באשטייט דערינ, וואָס זי האָט שוינ באוויזנ ארויסצורוקנ טויזנטער *אָרגאניזאטערס* אונ צענדליקער טויזנטער *אגיטאטערס* פאר דער קאָלווירטישער זאכ פונ צווישנ די *פויערימ גופע*. איצט וועלנ שוינ ניט מיר אליינ, קוואליפיצירטע באָלשעוויקעס, נאָר די פויערימ גופע פונ די קאָלווירטנ, צענדליקער טויזנטער פויערימ-אָרגאניזאטערס אונ אגיטאטערס פונ דער קאָלווירטישער זאכ טראָגנ פאָרויס די פאָנ פונ קאָלעקטיוויזאציע. אונ די פויערימ-אגיטאטערס זײַנענ אויסגעצייכנטע אגיטאטערס פאר דער קאָלווירטישער באוועגונג, ווײַל זיי וועלנ געפינענ אזעלכע ארגומענטנ לעטויוועס די קאָלווירטנ, פארשטענדלעכע אונ אָנעמבארע פאר דער איבעריקער מאסע פויערימ, וועגנ וועלכע מיר, קוואליפיצירטע באָלשעוויקעס, קאָנענ אפילע ניט טרוימענ.

ווו־ניט־ווו הערנ זיכ שטימענ וועגנ דער נייטיקײַט אָפצוזאָגנ זיכ פונ דער פאָליטיק פונ דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאציע. עס זײַנענ דאָ יעדיִעס, אז אפילע אינ אונדזער פארטיי זײַנענ פאראנ אָנהענגער פונ דער דאָזיקער „אידיי״. אָבער אזוי קאָנענ ריידנ בלויז מענטשנ, וועלכע האָבנ זיכ צונויפגעשלאָסנ, ווילנדיק אָדער ניט ווילנדיק, מיט די סאָנימ פונ קאָמוניזמ. דער מעטאָד פונ דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאציע דאָס איז יענער נייטיקער מעטאָד, אָנ וועלכנ עס איז אומעגלעכ אויסצופילנ דעמ פינפיאָריקנ פלאנ פונ קאָלעקטיוויזירנ אלע געגנטנ פונ פססר. ווי קאָנ מענ זיכ אָפזאָגנ פונ אימ, ניט פאראטנדיק דעמ קאָמוניזמ, ניט פאראטנדיק די אינטערעסנ פונעמ ארבעטער-קלאס אונ פויערטומ?

דאָס הייסט ניט, פארשטייט זיך, אז אין געביט פון דער קאָלווירטישער באוועגונג וועט בא אונדז אלץ דורכגיין „גלאטיק" און „נאָרמאל". וואקלונגען אינווייניק אין די קאָלווירטן וועלן נאָך זיין. צופלוסן און אָפּפלוסן וועלן נאָך זיין. אָבער דאָס קאָן ניט און דארף ניט ברענגען אין פארלעגנהייט די בויער פון דער קאָלווירטישער באוועגונג. דאָס קאָן אוודאי ניט דינען אלס ערנסטע שטערונג פאר דער מעכטיקער אנטוויקלונג פון דער קאָלווירטישער באוועגונג. אזא געזונטע באוועגונג, ווי עס איז, אָן ספק, די קאָלווירטישע באוועגונג, וועט זיך אלציינס דערשלאָגן אירס, ניט געקוקט אפ קיין זאך, ניט געקוקט אפ איינצלנע שטערונגען און שוועריקייטן.

די אופגאבע באשטייט דערין, אז מע זאָל צוגרייטן די קרעפטן און אוועקשטעלן די ארבעט פאר דער וויַטערדיקער פאנאנדערוויקלונג פון דער קאָלווירטישער באוועגונג.

3) די פּראָבלעם פון דערנעענטערן וואָס מער דעם אפּאראט צו די ראיאָנען און דערפער. עס קאָן קיין ספק ניט זיין, אז מיר וואָלטן ניט געקאָנט אופהייבן די קאָלאָסאלע ארבעט פון איבערבויען די לאנדווירטשאפט און אנטוויקלען די קאָלווירטישע באוועגונג, ווען מיר וואָלטן ניט דורכגעפירט די ראיאָנירונג. די פארגרעסערונג פון די וואָלאָסטן און זייער איבערגעשטאלטונג אין ראיאָנען, די פארניכטונג פון די גובערניעס און זייער איבערגעשטאלטונג אין קלענערע איינסן (קרייזן), ענדלעך, די שאפונג פון געגנטן, אלס דירעקטע שטיצפונקטן פון צק,—אָט דאָס איז דער אלגעמיינער אויסזען פון דער ראיאָנירונג. דער ציל פון דער ראיאָנירונג איז צו דערנעענטערן דעם פארטייִש-סאָוועטישן און ווירטשאפטלעך־קאָאָפּעראטיוון אפּאראט צום ראיאָן און צום דאָרף, קעדיי צו קריגן א מעגלעכקייט באצייַטנס צו לייזן די אָנגעווייטעקטע פראגן פון דער לאנדווירטשאפט, פון איר אופשטייַג, פון איר רעקאָנסטרוקציע. אין דעם זין, כאוזער איך איבער, האָט די ראיאָנירונג געגעבן א קאָלאָסאלן פליוס אונדזער גאנצער בויונג.

אָבער צי איז אלץ געטאָן געוואָרן, קעדיי ווירקלעך צו דערנעענטערן, און ווי ס'דארף צו זיַין דערנעענטערן, דעם אפּאראט צו די ראיאָנען און דערפער? ניין, ניט אלץ איז געטאָן געוואָרן. איצט איז דער שווערפונקט פון דער קאָלווירטישער בויונג אריבערגעטראָגן אין די ראיאָנע אָרגאניזאציעס. אהער ציִען זיך צונויף די פעדעם פון דער קאָלווירטישער בויונג און פון יעדער אנדערער ווירטשאפטלעכער ארבעט אין דאָרף, סיי לויט דער ליניע פון דער קאָאָפּעראציע, סיי לויט דער ליניע פון די ראטן, סיי לויט דער ליניע פון קרעדיט, סיי לויט דער ליניע פון די פארגרייטונגען. צי זיַינען די ראיאָנע אָרגאניזאציעס גענוג באזאָרגט מיט די טוער, וואָס

מע דארף האָבן און וואָס זײַנען נייטיק אַפּ אופהייבן די דאָזיקע גאנצע פאַרשיידנארטיקע ארבעט? עס קאָן ניט זײַן קיין סאָפעק, אז זיי זײַנען באַזאָרגט מיט טוער ביז גאָר קנאַפּ. ווו זשע איז דער אויסוועג? וואָס דארף מען טאָן, קעדיי צו פאַריכטן דעם דאָזיקן דעפעקט און זיכערן פאַר די ראיאָנע אָרגאַניזאַציעס אין אַלע צווײַגן פון אונדזער ארבעט די גענוגע צאָל נייטיקע טוער? צוליב דעם דארף מען טאָן, וויניקסטנס, צוויי זאַכן: 1) אָפּשאַפן די קרײַזן (אַפּלאָדיסמענטן), וועלכע ווערן פאַרוואַנדלט אין אַן אומנייטיקער צווישנוואַנט צווישן דער געגנט און די ראיאָנען, און אַפּן כעזשבן פון די באַפרײַטע קרײַזישע טוער פאַרשטאַרקן די ראיאָנע אָרגאַניזאַציעס; 2) פאַרבינדן די ראיאָנע אָרגאַניזאַציעס דירעקט מיט דער געגנט (קאָנטקאָם, נאַצ. צק). אָט דאָס וועט טאַקע הייסן דערפירן ביזן סאָף די ראיאָנירונג־ארבעט, דערפירן ביזן סאָף די דערנענטערונג פונעם אַפּאַראַט צו די ראיאָנען און דערפער.

דאָ האָט מען אַפּלאָדירט באַם ריידן וועגן דער פערספּעקטיוו אָפּצושאַפן די קרײַזן. אוואַדע, דארף מען די קרײַזן ליקווידירן. אָבער עס וואָלט געווען אַ פעלער צו מיינען, אז דאָס גיט אונדז דאָס רעכט מאַכן מיט דער בלאָטע די קרײַזן, ווי עס דערלאָזן אייניקע כאַווײַרים אַפּ די שפּאַלטן פון „פּראַוודאַ“. מע דארף ניט פאַרגעסן, אַז די קרײַזן האָבן ארויסגעטראָגן אַפּ זייערע פּלייצעס אַ קאָלאָסאַלע ארבעט און האָבן געשפּילט אין זייער צײַט אַ גרויסע היסטאָרישע ראָליע. (אַפּלאָדיסמענטן.) אויך האַלט איך, אז עס וואָלט געווען אַ פעלער ארויסצוווײַזן צופיל אײַליקייט אין פּראַט פון אָפּשאַפן די קרײַזן. דער צק האָט אָנגענומען אַ באַשלוס וועגן אָפּשאַפן די קרײַזן. אָבער ער מיינט קלאָר ניט, אז מע דארף דאָס דורכפירן טייקעף. ס'איז קלאָר, אז עס וועט נאָך אויסקומען דורכצומאַכן די נייטיקע צוגרייטונג־ארבעט, איידער מע וועט אָפּשאַפן די קרײַזן.

ד) אינערע טראַנספּאָרט

צוועלעצט, די פּראָבלעם פון טראַנספּאָרט. עס איז ניט נייטיק צו ריידן אַ סאַך וועגן דער ריזיקער באַדײַטונג פונעם טראַנספּאָרט פאַר דער גאַנצער פאָלקווירטשאַפט. און ניט נאָר פאַר דער פאָלקווירטשאַפט. ווי באַוווּסט, האָט דער טראַנספּאָרט די סאַמע ערנסטע באַדײַטונג אויך פאַר דער לאַנדשוץ. און אָט, ניט געקוקט אַפּ דער קאָלאָסאַלער באַדײַטונג פונעם טראַנספּאָרט, שטייט די טראַנספּאָרט־ווירטשאַפט, די רעקאָנסטרוקציע פון דער דאָזיקער ווירטשאַפט נאָך אַלץ אָפּ פון דעם אַלגעמיינעם אַנטוויקלונג־טעמפּ. צי דארף מען נאָך דערווײַזן, אז באַ אַזאַ לאַגע ריזיקירן מיר צו פאַרוואַנדלען דעם טראַנספּאָרט אין אַ „שמאָל אָרט“ פון דער פאָלקווירטשאַפט,

וואָס קאָן פארטאָמאָזירן אונדזער באוועגונג פאָרויס? צי איז ניט צייט צו מאכן א סאָף צו אזא לאגע?

באזונדערס שלעכט האלט עס מיטן טײַך־טראנספּאָרט. ס'איז א פאקט, אז די וואָלגער שיפערײַ האָט זיך קוים דערשלאָגן 60%, און די דניעפּ־רישע — 40% פון פאר דער מילכאָמע. 60 און 40 פּראָצענט פון פאר דער מילכאָמע — אָט דאָס איז אלץ, וואָס דער טײַך־טראנספּאָרט קאָן ארײַנטראָגן אין צעטל פון זײַנע „דערגרייכונגען". ניט שײַעך צו ריידן, א גרויסע „דערגרייכונג"! צי איז ניט צײַט צו מאכן א סאָף צו דער דאָזיקער שאנד? (שטימען: „צײַט".)

די אויפגאבע באשטייט דערין, אז מע זאָל זיך נעמען, סאָפּקאָלסאָפּ, באָלשעוויסטיש פארן טראנספּאָרט און אים א רוק טאָן פאָרויס.



אָט דאָס זײַנען די אָרדנטלעכע אויפגאבן פון דער פּארטיי.

וואָס פאָדערט זיך אפּ צו פארווירקלעכן די דאָזיקע אויפגאבן?

דערצו פאָדערט זיך פריִער פאר אלץ און דעריקער — פאָרזעצן דעם פאנאנדערגעוויקלטן אָנגריף אפּ די קאפּיטאליסטישע עלעמענטן אפן גאנצן פראָנט און דערפירן אים ביזן סאָף.

אָט דערין איז דער צענטער און דער יעסאָד פון אונדזער פּאָליטיק אינעם געגעבענעם מאָמענט. (אפּלאָדיסמענטן.)

## III

## די פּארטיי

איך גיי אריבער צו דער פראגע וועגן דער פּארטיי.

איך האָב אויבן גערעדט וועגן די פּאָרצוגן פון דער סאָוועטישער ווירטשאפט־סיסטעם לגאבע דער קאפּיטאליסטישער סיסטעם. איך האָב גערעדט וועגן יענע קאָלאָסאלע מעגלעכקײַטן, וועלכע עס גיט אונדז אונדזער אָרדענונג אין פראט פון קאמף פארן פולשטענדיקן ניצאָכן פונעם סאָציִאליזם. איך האָב גערעדט וועגן דעם, אז אָן די דאָזיקע מעגלעכ־קײַטן, אָן דער אויסנוצונג פון די דאָזיקע מעגלעכקײַטן וואָלטן מיר זיך ניט געקאָנט דערשלאָגן יענע דערפאָלגן, וועלכע מיר האָבן דעראָבערט פארן פארגאנגענעם פּעריִאָד.

אָבער אָט איז א פראגע: צי האָט די פּארטיי באוויזן ריכטיק אויס־צונוצן די מעגלעכקײַטן, וועלכע עס גיט אונדז די סאָוועטישע אָרדענונג;

צי האָט זי ניט געהאלטנ די דאָזיקע מעגלעכקײַטנ ערגעצ-ווו באהאלטנ אונ, אזויארום, געשטערט דעם ארבעטער־קלאס פאנאנדערצוויקלענ ביזנ סאָפ זײַנ גאנצע רעוואָלוציאָנערע מעכטיקײַט; צי האָט זי באוויזנ ארויסצופרעסנ פונ די דאָזיקע מעגלעכקײַטנ דאָס אלצ, וואָס מע האָט געקאָנט ארויספרעסנ, קעדיי פאנאנדערצוויקלענ איבערנ גאנצנ פראָנט די סאָציאַליסטישע בויונג?

די ראטנ-אָרדענונג גיט קאָלאָסאלע מעגלעכקײַטנ פארנ פולשטענדיקנ ניצאָכנ פונעמ סאָציאַליזמ. אָבער א מעגלעכקײַט איז נאָכ ניט קיינ ווירקלעכקײַט. קעדיי צו פארוואנדלענ די מעגלעכקײַט אינ א ווירקלעכקײַט, איז נייטיק א גאנצע ריי באדינגונגענ, וואָס צווישנ זיי שפילנ די ליניע פונ דער פארטיי אונ די ריכטיקע דורכפירונג פונ דער דאָזיקער ליניע ווײַט ניט די לעצטע ראָליע.

עטלעכע בײַשפילנ.

די רעכטע אָפּאָרטוניסטנ באהויפּטנ, אז דער נעפ זיכערט אונדז דעמ ניצאָכנ פונעמ סאָציאַליזמ, — הייסט עס, אז מע קאָנ ניט באומרויִקנ זיכ מיקויעכ דעמ טעמפּ פונ אינדוסטריאַליזאציע, דער אנטוויקלונג פונ די ראטווירטנ אונ קאָלווירטנ אדג., ווײַל דאָס קומענ פונעמ ניצאָכנ איז סײַווי געזיכערט, אינ דער אָרדענונג, אזוי צו זאָגנ, פונ זעלבשטראָמ. דאָס איז, פארשטייט זיכ, ניט ריכטיק אונ נאריש. ריידנ אזוי — הייסט אָפּלייקענענ די ראָליע פונ דער פארטיי אינ דער בויונג פונעמ סאָציאַליזמ, אָפּלייקענענ די פאראנטוואָרטלעכקײַט פונ דער פארטיי פאר דער דאָזיקער בויונג. לענינ האָט קײַמאָל ניט געזאָגט, אז דער נעפ זיכערט אונדז דעמ ניצאָכנ פונעמ סאָציאַליזמ. לענינ האָט בלויז גערעדט וועגנ דעמ, אז „עקאָנאָמיש אונ פּאָליטיש זיכערט אונדז דער נעפ פולשטענדיק די מעגלעכקײַט אויסצובויענ דעמ פונדאמענט פונ דער סאָציאַליסטישער עקאָנאָמיק”. אָבער א מעגלעכקײַט איז נאָכ ניט קיינ ווירקלעכקײַט. קעדיי צו פארוואנדלענ די מעגלעכקײַט אינ א ווירקלעכקײַט, דארפ מענ פריִער פונ אלצ אָפּווארפנ די טעאָריע פונ זעלבשטראָמ, דארפ מענ איבערבויענ (רעקאָנסטרויִרנ) די פאָלקווירטשאפט אונ נעמענ פירנ אנ אנטשיידענעמ אָנגריפ אפ די קאפּיטאליסטישע עלעמענטנ פונ שטאָט אונ דאָרפ.

די רעכטע אָפּאָרטוניסטנ באהויפּטנ, ווײַטער, אז אינ אונדזער אָרדענונג זײַנענ ניט פארלייגט קיינ גרונטנ פאר א שפּאלטונג צווישנ דעמ ארבעטער־קלאס אונ דעמ פּויערטומ, — הייסט עס, אז מע קאָנ זיכ ניט באומרויִקנ מיקויעכ אײַנשטעלנ א ריכטיקע פּאָליטיק בענעגייע די סאָציאַלע גרופּנ פונעמ דאָרפ, ווײַל דער באלעגופּ וועט סײַווי ארײַנוואקסנ אינעמ סאָציאַליזמ, אונ דער בונד פונ די ארבעטער אונ פּויערימ וועט גע-

זיכערט זײַן אין סיידער, אזוי צו זאָגן, פון זעלבשטראָם. דאָס איז אויך ניט ריכטיק און נאריש. אזוי קאָנען ריידן בלויז מענטשן, וועלכע פאר־שטייען ניט, אז די פּאָליטיק פון דער פארטיי, און דערצו נאָך פון אזא פארטיי, וואָס שטייט בא דער מאכט, איז דאָ דער גרונט-מאָמענט, וועל־כער באשטימט דעם גויראל פונעם בונד צווישן די ארבעטער און פויערים. לענין האָט קלאָר ניט געהאלטן פאר אויסגעשלאָסן די געפאר פון א שפאלטונג צווישן דעם ארבעטער-קלאס און דעם פויערטום. לענין האָט גערעדט וועגן דעם, אז „אין אונדזער סאָציאַלער אָרדענונג זײַנען ניט פארלייגט מיט קיין נויטווענדיקייט די גרונטן פון אזא שפאלטונג", נאָר „אויב עס וועלן אנטשטיין ערנסטע קלאסן-ווידער־שפרוכן צווישן די דאָזיקע קלאסן, דעמלט וועט די שפאלטונג זײַן אומפארמײַדלעך". אין צוזאמענהאנג דערמיט האָט לענין געהאלטן, אז:

„די הויפּט־אויפגאבע פון אונדזער צק און צקק, ווי אויך פון אונדזער פארטיי אינגאנצן גענומען, באשטייט דערין, אז מע זאָל אויפמערקזאם נאָכשפּירן נאָך די אומשטענדן, פון וועלכע עס קאָן ארויסקומען א שפאלטונג, און ניט דערלאָזן צו זיי, ווײַל אין לעצטן סאכאקל וועט דער גויראל פון אונדזער רעפּובליק אָפּהענגיק זײַן דערפון — צי די פויערשע מאסע וועט גיין מיטן ארבעטער-קלאס, אָפּהיטנדיק טרײַהײַט דעם בונד מיט אים, אָדער זי וועט לאָזן די „נעפּלײַט", דה. דער נײַער בורזשואזיע, צעשיידן זי מיט די ארבעטער, צעשפּאלטן זי מיט זיי".

הייסט עס, אז א שפאלטונג צווישן דעם ארבעטער־קלאס און דעם פויערטום איז ניט אויסגעשלאָסן, אָבער זי איז קלאָר ניט קיין כויוו, ווײַל אין אונדזער אָרדענונג איז פארלייגט די מעגלעכקייט ניט צו דערלאָזן די דאָזיקע שפאלטונג און פארפעסטיקן דעם בונד פונעם ארבע־טער־קלאס מיטן פויערטום. און וואָס פאָדערט זיך, קעדיי די דאָזיקע מעג־לעכקייט צו פארוואנדלען אין א ווירקלעכקייט? קעדיי די מעגלעכקייט ניט צו דערלאָזן צו קיין שפאלטונג פארוואנדלען אין א ווירקלעכ־קייט, דארף מען פריער פון אלץ באגראָבן די טעאָריע פון זעלבשטראָם, דארף מען ארויסרײַסן די וואָרצלען פונעם קאפּיטאליזם, אָרגאניזירנדיק קאָלווירטן און ראטווירטן, און אריבערגיין פון דער פּאָליטיק פון באגרע־נעצן די עקספּלואטאטערישע טענדענצן פונעם באַלעגופנטום צו דער פּאָ־ליטיק פון ליקווידירן דאָס באַלעגופנטום אלס קלאס.

עס קומט, אזויארום, אויס, אז מע דארף שטרענג אונטערשיידן צווישן די מעגלעכקייטן, וואָס זײַנען פאראן אין אונדזער אָרדענונג, און דער אויסנוצונג פון די דאָזיקע מעגלעכקייטן, דער פארוואנדלונג פון די דאָזיקע מעגלעכקייטן אין א ווירקלעכקייט.

עס קומט אויס, אז עס זײַנען פולשטענדיק דענקבאר פאלן, ווען

מעגלעכקייטן פאר א ניצאָכן זיינע פאראן, אָבער די פּארטיי זעט ניט די דאָזיקע מעגלעכקייטן אָדער זי קען זיי ניט ריכטיק אויסנוצן און דער־ריבער קאָן זיך אָנשטאָט א ניצאָכן באקומען א מאפּאָלע.

און אָט איז אלץ די זעלביקע פראגע: צי האָט די פּארטיי באוויזן ריכטיק אויסצונוצן די מעגלעכקייטן און פּאָרצוגן, וועלכע עס גיט אונדז די ראטן-אָרדענונג; צי האָט זי אלץ געטאָן, קעדיי צו פאַרוואנ־דלען די דאָזיקע מעגלעכקייטן אין אווירקלעכקייט און זיכערן, אזויארום, פאר אונדזער בויונג דעם מאקסימום דערפאָלגן?

אנדערש גערעדט: צי האָבן די פּארטיי און איר צק ריכטיק אָנגעפירט מיט דער בויונג פונעם סאָציאליזם פארן פארגאנגענעם פעריאָד?

וואָס פּאָדערט זיך פאר א ריכטיקער פּארטיי־אָנפירונג אין אונדזערע, הייַנטצייטיקע באדינגונגען?

פאר א ריכטיקער פּארטיי־אָנפירונג איז נייטיק, כוץ אלעם איבעריקן, אז די ליניע פון דער פּארטיי זאָל זיין א ריכטיקע, אז די מאסן זאָלן פארשטיין די ריכטיקייט פון דער פּארטיי־ליניע און זאָלן זי אקטיוו שטיצן, אז די פּארטיי זאָל זיך ניט באגרענעצן מיט אויסארבעטן א גענעראלע ליניע, נאָר זי זאָל טאָג־איין טאָג־אויס אָנפירן מיטן דורכפירן די ליניע אין לעבן, אז די פּארטיי זאָל פירן אן אנטשיידענעם קאמף קעגן די אָפּ־נייגן פון דער גענעראלער ליניע און דער טאָלעראנטקייט צו זיי, אז אינעם קאמף קעגן די אָפּנייגן זאָל די פּארטיי שמידן די איינהייט פון אירע רייען און די אייַזערנע דיסציפּלין.

וואָס האָט די פּארטיי און איר צק געטאָן אָפּ צו פארווירקלעכן די דאָזיקע באדינגונגען?

## 1. פראגן פון אָנפירונג מיט דער סאָציאליסטישער בויונג

א) די גרונטיקע אייַנשטעלונג פון דער פּארטיי אינעם געגעבענעם מאָמענט באשטייט אין איבערגייַן פונעם אָנגריף פונעם סאָציאליזם אפן באזונדערע באצירקן פונעם ווירטשאפטלעכן פראָנט צו אן אָנ־גריף אפן גאנצן פראָנט. סײַ אין געביט פון דער אינדוסטריע סײַ אין געביט פון דער לאנדווירטשאפט. דער XIV צוזאמענפאָר איז געווען, דעריקער, א צוזאמענפאָר פון אינדוסטריאליזאציע. דער XV צוזאמענ־פאָר איז געווען, דעריקער, א צוזאמענפאָר פון קאָלעקטיוויזאציע. דאָס איז געווען די צוגרייטונג צום אלגעמיינעם אָנגריף. צום אונטער־שייד פון די דורכגעגאנגענע עטאפּן איז דער פעריאָד פארן XVI צוזאמענ־פאָר א פעריאָד פון אלגעמיינעם אָנגריף פונעם סאָציאליזם אפן גאנצן פראָנט, א פעריאָד פון פארשטארקטער בויונג פונעם סאָציא־

ליזם סײַ אינעם געביט פון דער אינדוסטריע סײַ אינעם געביט פון דער לאַנדווירטשאַפט. דער XVI צוזאַמענפאָר איז אַ צוזאַמענפאָר פון פאַנאַנדערגעוויקלטן אָנגריף פונעם סאָציאַליזם אויף גאַנצן פראָנט, פון ליקווידירן דאָס באַלעבאָטישע קלאַס און דורכפירן אין לעבן די דורכויסיקע קאָלעקטיוויזאַציע.

אָט האָט איר אין צוויי ווערטער דעם טאָג פון דער גענעראַלער ליניע פון אונדזער פּאַרטיי.

צי איז ריכטיק די דאָזיקע ליניע?

יאָ, ריכטיק. די פאַקטן זאָגן, אַז די גענעראַלע ליניע פון אונדזער פּאַרטיי איז די אײנציק-ריכטיקע ליניע. (אַפּלאָדיסמענטן.)

דערויף זאָגן אײדעס די דערפאָלגן און דערגרייכונגען, וועלכע מיר האָבן אויפן פראָנט פון סאָציאַליסטישער בויונג. עס האָט ניט געטראָפן און עס קאָן ניט זײַן, אַז דער אַנטשיידענער ניצחון, וועלכן די פּאַרטיי האָט אָפּגעהאַלטן פאַרן פאַרגאַנגענעם פעריאָד אויפן פראָנט פון סאָציאַליסטישער בויונג אין שטאָט און אין דאָרף, זאָל זײַן אַ רעזולטאַט פון ניט קיין ריכטיקער פּאָליטיק. נאָר די ריכטיקע גענעראַלע ליניע האָט אונדז געקאָנט געבן אַזאַ ניצחון.

דערויף זאָגט אײדעס אָט יענער ווילדער געהויל קעגן דער פּאָליטיק פון אונדזער פּאַרטיי, וועלכן עס האָבן די לעצטע צײַט אויפגעהויבן אונדזערע קלאַסנפײַנט, די קאַפּיטאַליסטן און זייער פּרעסע, דער פּויפּסט און די בישאָפן פון אַלערליי מינים, די סאָציאַל-דעמאָקראַטן און די „רוסישע" מענשעוויקעס פונעם טיפּ אַבראַמאָוויטש און דאַן. די קאַפּיטאַליסטן און זייערע לאַקייען שימפן אונדזער פּאַרטיי, — הייסט עס, אַז די גענעראַלע ליניע פון דער פּאַרטיי איז ריכטיק. (אַפּלאָדיסמענטן.)

דערויף זאָגט אײדעס דער גורל פונעם טראָצקיזם, וואָס איז איצט אַלעמען באַקאַנט. די הערן פונעם טראָצקיסטישן לאַגער האָבן געפּלוידערט וועגן „איבערגעבורט" פון דער ראַטנמאַכט, וועגן „טערמידאָר", וועגן דעם „אומפאַרמײַדלעכן ניצחון" פונעם טראָצקיזם א.אַ.וו. און וואָס האָט זיך באַקומען אין דער ווירקלעכקײַט? עס האָט זיך באַקומען די צעפאַלונג, דער סאָף פונעם טראָצקיזם. איין טייל טראָצקיסטן האָט, ווי באַוווּסט, אײַנגעריסן מיטן טראָצקיזם און האָט אין פילצאָליקע דערקלערונגען פון זײַנע פאָרשטייער אַנערקענט די גערעכטקײַט פון דער פּאַרטיי, זיך צעשריבן אין דער קאָנטררעוואָלוציאָנערישקײַט פונעם טראָצקיזם. אַ צווייטער טייל טראָצקיסטן איז, ווירקלעך, איבערגעבוירן געוואָרן אין טיפּישע קליינבירגערלעכע קאָנטררעוואָלוציאָנערן און זיך פאַרוואַנדלט פאַקטיש אין אַן אינפאָרמיר-ביוראָ פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּרעסע איבער די איניאָנים

פון דער אלקפּ. און די ראטנמאכט, וועלכע האָט געדארפט „איבערגעבוירנ“ ווערנ (אָדער „איז שוינ איבערגעבוירנ געוואָרנ“), איז זיכ געזונט און שטארק און בויט ווײַטער דעם סאָציאַליזם, מיט דערפאָלג ברעכנדיק דעם רוקנביינ די קאפּיטאליסטישע עלעמענטנ פונ אונדזער לאנד און זייערע קליינבירגערלעכע אונטערזינגערס.

דערופ זאָגט איידעס דער גורל פונ די רעכטע אָפּנייגלער, וואָס איז איצט אלעמענ באקאנט. זיי האָבנ געפלוידערט און געשריגנ וועגנ דער „אומברענגערישקײַט“ פונ דער פּארטיי־ליניע, וועגנ א „ווארשײַנלעכער קאטאסטראָפע“ אינ פסשר, וועגנ דער נייטיקײַט צו „ראטעווענ“ דאָס לאנד פונ דער פּארטיי און פונ איר אָנפירונג אאוו. און וואָס האָט זיכ פּאקטיש באקומענ? פּאקטיש האָט זיכ באקומענ, אז די פּארטיי האָט אָפּגע-האלטנ די גרעסטע דערפאָלגנ אפ אלע פראָנטנ פונ דער בויונג פונעם סאָ-ציאַליזם, און די גרופּע רעכטע אָפּנייגלער, וועלכע האָט געוואָלט „ראטעווענ“ דאָס לאנד, נאָר וואָס האָט דערנאָכ אנערקענט די פּעלערהאפטיקײַט פונ אירע אָנשויונגענ, שטעקט איצט אינ זומפּ.

דערופ זאָגט איידעס די וואקסנדיקע רעוואָליוציאָנערע אקטיוויקײַט פונעם ארבעטער-קלאס און פּויערטום, די אקטיווע אונטערשטיצונג פונ דער פּארטיי-פּאָליטיק מיצאד די מיליאָניקע מאסנ ארבעטנדיקע און, ענדלעכ, יענער אויסערגעוויינלעכער ארבעט-ענטוזיאַזם פונ די ארבעטער און פּוי-ערים-קאָלווירטניקעס, וועלכער איבעראשט מיט זײַנ גראנדיָעזקײַט אי די סאָנים אי די פרײַנט פונ אונדזער לאנד. איכ רייד שוינ ניט וועגנ אזוינע סימאָנים פונ וווקס פונעם צוטרוי צו דער פּארטיי, ווי די מעלדונגענ פונ ארבעטער וועגנ ארײַנטרעטנ אינ דער פּארטיי גאנצע צעכנווײַז און זא-וואָדנווײַז, דער וווקס פונ דער צאָל פּארטיי־מיטגלידער אינ דער צווישנ־צײַט פונעם XV צוזאמענפאָר ביזנ XVI צוזאמענפאָר אפ העכער 600 טויזנט מאנ, דאָס, וואָס בלויז פארנ ערשטנ קווארטל פונ הײַנטיקנ יאָר זײַנענ ארײַנגעטראָטנ אינ דער פּארטיי 200 טויזנט נײַע מיטגלידער. וועגנ וואָס זאָגט דאָס אלצ, אויב ניט וועגנ דעם, אז די מיליאָניקע מאסנ ארבעטנ-דיקע באנעמענ די ריכטיקײַט פונ דער פּאָליטיק פונ אונדזער פּארטיי און זײַנענ גרייט צו שטיצנ זי?

מע דארפ אנערקענענ, אז די דאָזיקע פאקטנ וואָלטנ ניט געווענ, ווענ די גענעראלע ליניע פונ אונדזער פּארטיי וואָלט ניט געווענ די איינציק-ריכטיקע ליניע.

ב) אָבער די פּארטיי קאָנ זיכ ניט באגרענעצנ מיט אויסארבעטנ די גענעראלע ליניע. זי דארפ נאָכקאָנטראָלירנ טאָג־אײַנ טאָג־אויס, וויאזוי די גענעראלע ליניע ווערט דורכגעפירט אינ דער פּראקטיק. זי דארפ אָנ-

פירן מיטן דורכפירן די גענעראַלע ליניע, פארבעסערנדיק און פארפולקומענדיק אינעם גאַנג פון דער ארבעט די אָנגענומענע פלענער פון דער ווירטשאפטלעכער בויונג, פאריכטנדיק און אויסמײַדנדיק פעלערן.

ווי אזוי האָט די דאָזיקע ארבעט אויסגעפילט דער צק פון אונדזער פארטיי?

די ארבעט פונעם צק אין דעם דאָזיקן געביט איז געגאַנגען, דערי־קער, לויט דער ליניע פון אויסבעסערן און פארפינקטלעכן דעם פינפיאָריקן פלאַן אינעם זין פון פארגרעסערן די טעמפּן און פארקירצן די טערמינען, לויט דער ליניע פון קאָנטראָלירן, וויאזוי די ווירטשאפטלעכע אָרגאניזאציעס פילן אויס די אײַנגעשטעלטע פארגעבונגען.

אָט זײַנען עטלעכע גרונט־באשטימונגען פונעם צק, וואָס בעסערן אויס דעם פינפיאָריקן פלאַן אינעם גײַסט פון אופהייבן די בויונג־טעמפּן און פון פארקירצן די אויספילונג־טערמינען.

פאר דער שווארצער מעטאלורגיע: דער פינפיאָריקער פלאַן זעט פאָרויס צו דערפירן די טשוהון־פּראָדוקציע אינעם לעצטן יאָר פונעם פינפיאָר ביז 10 מיליאָן טאָן; אָבער דער באשלוס פונעם צק געפינט אײַן, אז די דאָזיקע נאָרמע איז ניט גענוג און האלט, אז די טשוהון־פּראָדוקציע דארף אינעם לעצטן יאָר פונעם פינפיאָר אופגעהויבן ווערן ביז 17 מיליאָן טאָן.

פאר טראקטער־בויונג: דער פינפיאָריקער פלאַן זעט פאָרויס צו דערפירן די פּראָדוקציע פון טראקטערס אינעם לעצטן יאָר פונעם פינפיאָר ביז 55 טויזנט שטיק; אָבער דער באשלוס פונעם צק געפינט אײַן, אז די דאָזיקע פארגעבונג איז ניט גענוג און האלט, אז די פּראָדוקציע פון טראקטערס אינעם לעצטן יאָר פונעם פינפיאָר דארף אופגעהויבן ווערן ביז 170 טויזנט שטיק.

דאָס זעלבע דארף מען זאָגן וועגן דער אווטאָבויונג, ווו אָנשטאָט צו פּראָדוצירן הונדערט טויזנט אווטאָמאָבילן (פראכט־אווטאָמאָבילן און פאסאזשיר־אווטאָמאָבילן) אינעם לעצטן יאָר פונעם פינפיאָר, ווי דאָס איז פאָרויסגעזען אינעם פינפיאָריקן פלאַן, איז באשלאָסן געוואָרן אופצוהייבן די אווטאָמאָביל־פּראָדוקציע ביז 200 טויזנט שטיק.

דאָס זעלבע קומט פאָר בנוגע דער קאָלירטער מעטאלורגיע, ווו די ציפערן פונעם פינפיאָר־פלאַן זײַנען פארגרעסערט געוואָרן מער ווי אף 100%, און פון דער לאנדווירטשאפטלעכער מאשינבויונג, ווו די ציפערן פונעם פינפיאָריקן פלאַן זײַנען אויך פארגרעסערט געוואָרן אף העכער 100%.

איך רייד שוין ניט וועגן דער בויונג פון קאָמבײַנען, וואָס איז

אינגאנצן ניט דיסקאָנטירט געוועג אינעם פינפיאָריקן פּלאַן און וואָס זייער פּראָדוקציע דאַרף דערפירט ווערן אינעם לעצטן יאָר פונעם פינפיאָר מי־נימום ביז 40 טויזנט שטיק.

פאר דער ראַטווירטישער בויונג: דער פינפיאָריקער פּלאַן זעט פאָרויס צו פארברייטערן דעם פארזיי־שעטעך צום סאָף פינפיאָר ביז 5 מיליאָן העקטאר; אָבער דער באַשלוס פונעם צק געפינט איין, אז די דאָזיקע נאָרמע איז ניט גענוג און האַלט, אז דער פארזיי־שעטעך פון די ראַטווירטן דאַרף צום סאָף פינפיאָר דערפירט ווערן ביז 18 מיליאָן העק־טאַר.

פאר דער קאָלווירטישער בויונג: דער פינפיאָריקער פּלאַן זעט פאָרויס די פארברייטערונג פונעם פארזיי־שעטעך צום סאָף פינפיאָר ביז 20 מיליאָן העקטאר; אָבער דער באַשלוס פונעם צק געפינט איין, אז די דאָזיקע נאָרמע איז בעפיירעש ניט גענוג (זי איז שוין האיאָר איבער־געשטיגן געוואָרן) און האַלט, אז צום סאָף פינפיאָר דאַרף די קאָלעקטיווי־זירונג פונעם פּסער אין גרונט גענומען פארענדיקט ווערן און דער פארזיי־שעטעך פון די קאָלווירטן דאַרף צו דעם דאָזיקן טערמין באַדעקן ניין צענטל פון דער גאַנצער פארזיי־טעריטאָריע פונעם פּסער, וואָס איצט ווערט זי באַארבעט דורך אינדיווידועלע באַלעבאַטים. (אפּלאָדיסמענטן.)

און אזוי ווייטער און דאָס גלייכן.

אָט אזוי זעט אויס אין אַלגעמיין דאָס בילד פון דער אָנפירונג פונעם צק מיט דער דורכפירונג פון דער גענעראַלער פּארטיי־ליניע, מיט דער פּלאַנירונג פון דער סאָציאַליסטישער בויונג.

מע קאָן זאָגן, אז מיטן ענדערן אזוי גרינטלעך די ציפערן פונעם פינפיאָר־פּלאַן איז דער צק אויוועק אפן פּלאַנירונג־פּרינציפּ און שאַדט דעם אווטאָריטעט פון די פּלאַנירנדיקע אָרגאַנען. אָבער אזוי ריידן קאָנען בלויז האָפענונגלאָזע ביוראָקראַטן. פאר אונדז, פאר באָלשעוויקעס, איז דער פינפיאָריקער פּלאַן ניט עטוואָס פארענדיקטעס און אייננמאָל פאר אַלעמאָל געגעבענעס. פאר אונדז איז דער פינפיאָריקער פּלאַן, פּונקט ווי יעדער פּלאַן, בלויז א פּלאַן, וואָס איז אָנגענומענע אין סיידער פון ערשטער דער־נעענטערונג, וואָס מע דאַרף פארפינקטלעכן, ענדערן און פארפולקומען אפן גרונט פון דער דערפאַרונג פון די ערטער, אפן גרונט פון דער דער־פאַרונג פון אויספילן דעם פּלאַן. קיין שום פינפיאָריקער פּלאַן קאָן ניט דיסקאָנטירן אַלע יענע מעגלעכקייטן, וועלכע ליגן באַהאַלטן אין די טי־פענישן פון אונדזער אָרדענונג און וועלכע אַנטפּלעקן זיך בלויז אין גאַנג פון דער אַרבעט, אין גאַנג פון פארווירקלעכן דעם פּלאַן אין פאַב־ריק, אין זאַוואָד, אין קאָלווירט, אין ראַטווירט, אין ראַיאָן אאַוו. בלויז

ביוראָקראטנ קאָנענ מיינענ, אז די פּלאנ-ארבעט פארענדיקט זיך מיטנ צונויפשטעלנ דעמ פּלאנ. דאָס צונויפשטעלנ דעמ פּלאנ איז בלויז דער אָנהייב פונ דער פּלאנירונג. די עמעסע פּלאנישע אָנפירונג וויקלט זיך פאנאנדער ערשט נאָכנ צונויפשטעלנ דעמ פּלאנ, נאָכנ דורכקאָנטראָלירנ אפּ די ערטער, אינ גאנג פונ פארווירקלעכנ, אויסבעסערנ און פארפינקטלעכנ דעמ פּלאנ.

אָט פארוואָס דער צק און צקק האָבנ צוזאמענ מיט די פּלאנ-אָרגאנענ פונ דער רעפּובליק געהאלטנ פאר נייטיק צו פאריכטנ און אויסצובעסערנ דעמ פינפיאָר־פּלאנ, אפּנ גרונט פונ די אָנגאבנ פונ דער דערפארונג, אינ גייסט פונ אופהייבנ די בויונג־טעמפּנ און פארקירצנ די אויספילונג־טערמינענ.

אָט וואָס לעניג האָט געזאָגט וועגנ דעמ פּלאניר־פּרינציפּ און וועגנ דער פּלאנ־אָנפירונג אפּנ VIII ראטנצוזאמענפאָר באמ באהאנדלענ דעמ צענ־יאָריקנ פּלאנ פונ „גאָעלראָ”:

> „אונדזער פארטיי־פּראָגראמ קאָנ ניט פארבלייבנ בלויז א פארטיי־פּראָגראמ. זי מוז פארוואנדלט ווערנ אינ א פּראָגראמ פונ אונדזערווירטשאפטלעכער בויונג, אנדערש טויג זי ניט אויך אלס פארטיי־פּראָגראמ. זי מוז דערגאנצט ווערנ מיט א צווייטער פארטיי־פּראָגראמ, מיט א פּלאנ פונ די ארבעטנ אפּ צוריקשאפנ די גאנצע פאָלקווירטשאפט און דערפירנ זי ביז דער מאָדערנער טעכניק... מיר מוזנ קומענ דערצו, אז מיר זאָלנ אָנעמענ א געוויסנ פּלאנ. פארשטייט זיך, דאָס וועט זיינ א פּלאנ, וואָס ווערט אָנגענומענ בלויז אינ סיידער פונ ערשטער דערנעענטערונג. די דאָזיקע פארטיי־פּראָגראמ וועט ניט זיינ אזוי אומפארענדערלעכ, ווי אונדזער איצטיקע פּראָגראמ, וואָס קאָנ געענדערט ווערנ בלויז אפּ די פארטיי־צוזאמענפאָרנ. ניינ, די דאָזיקע פּראָגראמ וועט יעדנ טאָג, אינ יעדנ ווארשטאט, אינ יעדער וואָלאָסט אויסגעבעסערט ווערנ, פאנאנדערגעארבעט ווערנ, פארפולקומט ווערנ און געענדערט ווערנ... נאָכשפּירנדיק נאָכ דער דערפארונג פונ דער וויסנשאפט און פונ דער פּראקטיק אפּ די ערטער, דארפ מענ קעסיידער שטרעבנ דערצו, אז דער פּלאנ זאָל אויסגעפילט ווערנ גיכער, איידער ער איז באשטימט געוואָרנ, קעדיי די מאסנ זאָלנ זענ, אז יענעמ לאנגנ פעריָאָד, וועלכער טיילט אונדז אָפּ פונ דער פולער אופשטעלונג פונ דער אינדוסטריע, קאָנ די דערפארונג פארקירצנ. דאָס הענגט אָפּ פונ אונדז. לאָמיר אינ יעדנ ווארשטאט, אינ יעדנ דעפּאָ, אינ יעדנ געביט פארבעסערנ די ווירטשאפט, און דאנ וועלנ מיר דעמ טערמינ פארקירצנ. און מיר פארקירצנ אימ” (ב. XXVI, ז. 45, 46, 43).

איר זעט, אז דער צק איז געגאנגענ מיט דעמ וועג, וואָס לעניג האָט אָנגעוויזנ, ענדערנדיק און פארבעסערנדיק דעמ פינפיאָריקנ פּלאנ, פארקירצנדיק די טערמינענ און העכערנדיק די בויונג-טעמפּנ.

אפּ וואָס פאר א מעגלעכקייטנ האָט זיך געשטיצט דער צק, העכערנדיק די בויונג-טעמפּנ און פארקירצנדיק די טערמינענ פונ אויספילנ דעמ פינפיאָריקנ פּלאנ? אפּ די רעזערוונ, וואָס ליגנ באהאלטנ אינ די טיפענישנ פונ אונדזער אָרדענונג און וואָס אנטפּלעקנ זיך בלויז אינ גאנג פונ דער ארבעט, אפּ די מעגלעכקייטנ, וואָס דער רעקאָנסטרוקטיווער פעריָאָד גיט

אונדז. דער צק האלט, אז די איבערבויונג פון דער טעכנישער באזע פון דער אינדוסטריע און פון דער לאנדווירטשאפט בא דער סאָציאַליס־טישער אָרגאניזירונג פון דער פּראָדוקציע דעקט אויף אזעלכע מעגלעכקייטן צו פארגיכערן די טעמפּן, וואָס וועגן זיי קאָן ניט טרוי־מען קיין איין קאפּיטאליסטיש לאנד.

בלויז מיט די דאָזיקע אומשטענדן קאָן מען דערקלערן דעם פאקט, וואָס אונדזער סאָציאַליסטישע אינדוסטריע האָט פאר די לעצטע דריי יאָר פארגרעסערט איר פּראָדוקציע מער ווי אין צוויי מאָל, און דער צוואוקס פון דער פּראָדוקציע פון דער דאָזיקער אינדוסטריע אין 1930/31 דארף לעגאבע דעם לויפנדיקן יאָר אויסוואקסן אף 47%, דערביי וועט בלויז דער דאָזי־קער צוואוקס אליין לויט זיין פארנעם באטרעפן אזויפיל, וויפל דער פארנעם פון דער פּראָדוקציע פון דער גאנצער גרויס-אינדוסטריע פון דער פארמילכאָמע-צייט.

בלויז מיט די דאָזיקע אומשטענדן קאָן מען דערקלערן דעם פאקט, וואָס די ראטווירטישע בויונג שטייגט אריבער דעם פינפיאָריקן פּלאן אין דריי יאָר, און די קאָלווירטישע בויונג האָט שוין אריבערגעשטיגן דעם פינפיאָר־פּלאן אין צוויי יאָר.

עס עקזיסטירט א טעאָריע, לויט וועלכער די הויכע אנטוויקלונג-טעמפּן זיינען דערלאָזבאר בלויז אינעם אופשטעלונג-פעריאָד, אָבער מיטן אריבער־גיין אין רעקאָנסטרוקטיווע פעריאָד מוזן די בויונג-טעמפּן פאלן שארף פון יאָר צו יאָר. די דאָזיקע טעאָריע רופט זיך „טעאָריע פון דער פאלנדיקער קרומער". די דאָזיקע טעאָריע איז א טעאָריע אף בארעכטיקן אונדזער אָפּ-געשטאנענקייט. זי האָט ניט קיין שום אלגעמיינס מיטן מארקסיזם, מיטן לעניניזם. זי איז א בורזשואזע טעאָריע, וועלכע איז אויסגערעכנט אף צו פארפעסטיקן די אָפּגעשטאנענקייט פון אונדזער לאנד. פון די מענטשן, וואָס האָבן געהאט אָדער וואָס האָבן א שייכעס צו אונדזער פארטיי, פארטיידיקן די דאָזיקע טעאָריע און פריידיקן זי בלויז די טראָצקיסטן און, עפשער, די רעכטע אָפּנייגלער.

וועגן די טראָצקיסטן עקזיסטירט א מיינונג, ווי וועגן איבער־אינדוס-טריאַליסטן. אָבער די דאָזיקע מיינונג איז ריכטיק בלויז טיילווייז. זי איז ריכטיק בלויז אף אזויפיל, אף וויפל עס האנדלט זיך וועגן דעם סאָף פונעם אופשטעלונג-פעריאָד, ווען די טראָצקיסטן האָבן ווירקלעך אנטוויקלט איבער-אינדוסטריאַליסטישע פאנטאזיעס. וואָס איז שייך דעם רעקאָנס־טרוקטיווע פעריאָד, זיינען די טראָצקיסטן, פונעם שטאנדפונקט פון די טעמפּן, די סאמע עקסטרעמסטע מינימאליסטן און די סאמע פאסקודניקע קאפּיטוליאנטן. (געלעכטער.

אפּלאָדיסמענטן.) אין זייערע פּלאַטפאָרמעס און דעקלאַראַציעס האָבן די טראָצקיסטן ניט געגעבן קיין ציפער־אָנגאבן וועגן די טעמפּן, זיי האָבן זיך באגרענעצט בלויז מיט אַלגעמיינער פּלוידעריי וועגן טעמפּן. עס איז אָבער פאראן איין דאָקומענט, ווו די טראָצקיסטן האָבן אין ציפערן געשילדערט זייער באנעמען די אנטוויקלונג־טעמפּן פון דער מעלוכישער אינדוסטריע. איך מיין דעם מעמאָראנדום פון דער „ספּעציעלער בעראטונג וועגן אופשטעלן דעם גרונט־קאפּיטאַל" פון דער מעלוכע־אינדוסטריע („אָסוואָק"), וואָס איז געווען געבויט אפּ די פּרינציפּן פון טראָצקיזם. עס איז אינטערעסאנט צו אנאליזירן אין צוויי ווערטער דעם דאָזיקן דאָקומענט, וואָס באציט זיך צום יאָר 1925/26. עס איז אינטערעסאנט, ווייל ער שפּיגלט אינגאנצן אָפּ די טראָצקיסטישע סכעמע פון דער פאלנדיקער קרומער.

לויט דעם דאָזיקן דאָקומענט איז פאָרגעלייגט געוואָרן אריינצולייגן אין דער מעלוכישער אינדוסטריע אין 1926/27 יאָר 1 543 מיליאָן רובל; אין 1927/28 יאָר — 1 490 מיליאָן רובל; אין 1928/29 יאָר — 1 320 מיליאָן רובל; אין 1929/30 יאָר — 1 060 מיליאָן רובל (לויט די פּרייזן פון 1926/27 יאָר).

אָט אזא איז דאָס בילד פון דער פאלנדיקער טראָצקיסטישער קרומער.

און וויפל האָבן מיר אריינגעלייגט אינדערעמעסן? אינדערעמעסן האָבן מיר אריינגעלייגט אין דער מעלוכישער אינדוסטריע אין 1926/27 יאָר 1 065 מיליאָן רובל; אין 1927/28 יאָר — 1 304 מיליאָן רובל; אין 1928/29 יאָר — 1 819 מיליאָן רובל; אין 1929/30 יאָר — 4 775 מיליאָן רובל (לויט די פּרייזן פון 1926/27 יאָר).

אָט אזא איז דאָס בילד פון דער שטייגנדיקער באָלשעוויסטישער קרומער.

לויט דעם דאָזיקן דאָקומענט האָט די פּראָדוקציע פון דער מעלוכע־אינדוסטריע געדארפט אויסוואקסן אין 1926/27 יאָר אפּ 31,6%, אין 1927/28 יאָר — אפּ 22,9%; אין 1928/29 יאָר — אפּ 15,5%; אין 1929/30 יאָר — אפּ 15%.

אָט אזא איז דאָס בילד פון דער פאלנדיקער טראָצקיסטישער קרומער.

און וואָס האָט זיך בא אונדז באקומען אינדערעמעסן? אינדערעמעסן האָט דער צוּוואוקס פון דער פּראָדוקציע אין דער מעלוכע־אינדוסטריע באטראָפן אין 1926/27 יאָר — 19,7%; אין 1927/28 יאָר — 26,3%; אין 1928/29 יאָר — 24,3%; אין 1929/30 יאָר — 32%; און אין 1930/31 יאָר וועט באטרעפן 47% צוּוואוקס.

אָט אזא איז דאָס בילד פונ דער שטײַגנדיקער באָלשעוויסטישער קרומער.

עס איז באוווסט, אז טראָצקי פארטיידיקט ספּעציעל די דאָזיקע קאפּיטוליאנטישע טעאָריע פונ דער פאלנדיקער קרומער אינ זײַנ ביכל „צום סאָציאליזם אָדער צום קאפּיטאליזם“. ער זאָגט דאָרט אָפנ, אז אזויווי „ביז דער מילכאָמע איז די פארברייטערונג פונ דער אינדוסטריע אינ גרונט גענומענ באשטאנענ אינ אויסבויענ נײַע זאוואָדנ“, אונ „אינ אונדזער צײַט באשטייט די פארברייטערונג אינ א סאכ א גרעסערער מאָס אינ אויסנוצנ די אלטע זאוואָדנ אונ אָנלאָדנ די אלטע אויסשטאטונג“, איז „נאטירלעכ, מעמיילע, אז מיטנ פארענדיקנ דעמ אופשטעלונג-פּראָצעס וועט דער קאָעפיציענט פונעמ וווקס מוזנ באדײַטנדיק פאלנ“, דערבײַ לייגט ער פאָר „אינ די נאָענטסטע יאָרנ אופהייבנ דעמ קאָעפיציענט פונעמ אינדוסטריעלנ וווקס ניט בלויז אינ 2, נאָר אויכ אינ 3 מאָל העכער פונ די פארמילכאָמעדיקע 6%, אונ עפשער אויכ מער פונ דעמ“.

אלזאָ, דרײַ מאָל זעקס פּראָצענט יערלעכנ צוווקס פונ דער אינדוסטריע. וויפל זשע וועט עס באטרעפנ? סאכאקל 18% צוווקס פארנ יאָר. הייסט עס, אז 18% יערלעכנ צוווקס פונ דער פּראָדוקציע פונ דער מעלוכישער אינדוסטריע איז, לויט דער מיינונג פונ די טראָצקיסטנ, יענע העכסטע גרענעצ פאר דער פּלאנירונג פונעמ פארשנעלערטנ אנטוויקלונג-טעמפּ אינעמ רעקאָנסטרוקציע-פּעריאָד, וואָס צו אימ דארפ מענ שטרעבנ ווי צו אנ אידעאל. פארגלײַכט אצינד די דאָזיקע קאפּצאָנישע כאָכמע פונ די טראָצקיסטנ מיט יענעמ ווירקלעכנ צוווקס פונ דער פּראָדוקציע, וואָס מיר האָבנ פאר די לעצטע דרײַ יאָר (אינ 1927/28 יאָר — 26,3%, אינ 1928/29 יאָר — 24,3%, אינ 1929/30 יאָר — 32%), פארגלײַכט די דאָזיקע קאפּיטוליאנטישע פילאָסאָפיע פונ די טראָצקיסטנ מיט די אָנמערקונגענ אינ די קאָנטראָל-ציפערנ פונעמ מעלוכע-פּלאנ אפנ 1930/31 יאָר אפ 47% צוווקס, וואָס שטײַגנ אריבער די העכסטע צוווקס-טעמפּנ פונ דער פּראָדוקציע אינעמ אופשטעלונג-פּעריאָד, — אונ איר וועט פארשטיינ די גאנצע רעאקציאָנערישקײַט פונ דער טראָצקיסטישער טעאָריע פונ דער „פאלנדיקער קרומער“, די גאנצע טיפקײַט פונ דעמ אומגלויבנ פונ די טראָצקיסטנ אינ די מעגלעכקײַטנ פונ דעמ רעקאָנסטרוקטיוונ פּעריאָד.

אָט ווו עס ליגט די סיבע דערפונ, וואָס די טראָצקיסטנ זינגענ אצינד וועגנ דער „איבערגעטריבנקײַט“ פונ די באָלשעוויסטישע אנטוויקלונג-טעמפּנ פונ דער אינדוסטריע אונ פונ דער קאָלווירטישער בויונג.

אָט ווו עס ליגט די סיבע דערפונ, וואָס די טראָצקיסטנ ווערנ אצינד ניט אונטערשיידנ פונ אונדזערע רעכטע אָפּנייגלער.

עס איז פארשטענדלעך, אז ווען מיר צעשמעטערן ניט די טראָצקיס־טיש־רעכט־אָפּנייגלערישע טעאָריע פון דער „פאלנדיקער קרומער", וואָלטן מיר ניט געקאָנט פאנאנדערוויקלען ניט די ווירקלעכע פלאנירונג, ניט די העכערונג פון די טעמפּן און די פארקירצונג פון די בויונג־טערמינען. קעדיי אנצופירן מיטן דורכפירן אין לעבן די גענעראלע פארטיי־ליניע, קעדיי צו פאריכטן און אויסצובעסערן דעם פינפיאָריקן בויונג־פּלאן, קעדיי צו העכערן די טעמפּן און ניט צו דערלאָזן די פעלערן אין דער בויונג, האָט מען גע־דארפט קוירעמקאָך צעקלאפּן און ליקווידירן די רעאקציאָנערע טעאָריע פון דער „פאלנדיקער קרומער".

דער צק האָט טאקע אזוי געטאָן, ווי איך האָב שוין אויבן געזאָגט.

## 2. פראגן פון אָנפירונג מיט די אינערלעך־פארטייישע איניאָנים

מע קאָן מיינען, אז די ארבעט פון אָנפירן מיט דער סאָציאליסטישער בויונג, די ארבעט פון דורכפירן אין לעבן די גענעראלע פארטיי־ליניע איז בא אונדז אין דער פארטיי דורכגעגאנגען רויק און גלאטיק, אָן קאמף און ווילן־אָנשטרענגונג. אָבער דאָס איז ניט ריכטיק, כאווירים. איינדער־עמעסן איז די דאָזיקע ארבעט געגאנגען אין קאמף קעגן די אינערלעך־פארטייישע שוועריקייטן, אין קאמף קעגן אלערליי אָפּנייגן פונעם לעניניזם סיי אין געביט פון דער אלגעמיינער פּאָליטיק סיי אין געביט פון דער נאציאָנאלער פראגע. אונדזער פארטיי לעבט און קעמפט ניט אין א לופטלאָזן רוים. זי לעבט און קעמפט אין דער סאמע געדיכטעניש פונעם לעבן, פילנדיק די ווירקונג פון דער ארומיקער סוויווע. און די סוויווע, ווי באוווסט, באשטייט בא אונדז פון פארשיידענע קלאסן און סאָציאלע גרופּעס. מיר האָבן אונטערגענומען א פאנאנדערגעוויקלטן אָנגריף אַפ די קאפּיטאליסטישע עלעמענטן, מיר האָבן א רוק געטאָן ווייט פאָרויס אונדזער סאָציאליסטישע אינדוסטריע, מיר האָבן פאנאנדערגעוויקלט די בויונג פון ראטווירטן און קאָלווירטן. אָבער אזוינע דערשיינונגען קאָנען ניט פארבייגיין אומזיסט פאר די עקספּלואטאטערישע קלאסן. די דאָזיקע דערשיינונגען ווערן געוויינלעך באגלייט מיט דער רויִנירונג פון די אָפּ־שטארבנדיקע קלאסן, מיט דער רויִנירונג פונעם באלעגופנטום אין דאָרף, מיט דער פארשמעלערונג פונעם טעטיקייט־פעלד פון די קליינבירגערלעכע שיכטן פון שטאָט. פארשטייט זיך, אז דאָס אלץ מוז פארשארפן דעם קלאסנקאמף, דעם ווידערשטאנד פון די אָפּשטארבנדיקע קלאסן קעגן דער פּאָליטיק פון דער ראטנמאכט. עס וואָלט געווען לעכערלעך צו מיינען, אז דער ווידערשטאנד פון די דאָזיקע קלאסן וועט ניט געפינען די אָדער יענע אָפּשפּיגלונג אין די רייען פון אונדזער פארטיי. און ער געפינט, ווירקלעך, אין דער פאר־

טיי זיַין אָפּשפּיגלונג. אַן אָפּשפּיגלונג פונעם ווידערשטאַנד פון די אָפּ-שטאַרבנדיקע קלאַסן זיַינען טאַקע אַלע און אַלערליי אָפּנייגן פון דער לענינשער ליניע, וואָס זיַינען פאַראַן אין די רייען פון אונדזער פּאַרטיי.

צי קאָן מען פירן אַ דערפאָלגרייַכן קאַמף קעגן די קלאַסן־סאָנים, ניט קעמפנדיק גלייַכצייַטיק קעגן די אָפּנייגן אין אונדזער פּאַרטיי, ניט בייַקו-מענדיק די דאָזיקע אָפּנייגן? ניין, מע קאָן ניט. מע קאָן ניט דערפאַר, ווייַל ס׳איז אוממעגלעך צו פאַנאַנדערוויקלען אַן עמעסן קאַמף קעגן די קלאַסן־סאָנים, ווען מע האָט אינעם הינטערלאַנד זייער אָפּשפּיגלונג אין דער פּאַרטיי, ווען מע לאָזט איבער אינעם הינטערלאַנד מענטשן, וואָס גלייבן ניט אין אונדזער זאַך און וואָס באַמיִען זיך מיט אַלע מיטלען צו פאַר־האַמעווען אונדזער באַוועגונג פאָרויס.

פונדאַנען נעמט זיך דער אומקאָמפּראָמיסלעכער קאַמף קעגן די אָפּנייגן פון דער לענינשער ליניע, אַלס אָרדנטלעכע אויפגאַבע פון דער פּאַרטיי.

פאַרוואָס איז דער רעכטער אָפּנייג אַצינד די הויפּט־געפאַר אין דער פּאַרטיי? דערפאַר, ווייַל ער שפּיגלט אָפּ די באַלעבאָטישע געפאַר, און די באַלעבאָטישע געפאַר אינעם געגעבענעם מאָמענט, אינעם מאָמענט פונעם פאַנאַנדערגעוויקלטן אָנגריף און פונעם אויסקאָרטשעווען די וואָרצלען פון קאַפּיטאַליזם, איז די גרונט־געפאַר אין לאַנד.

וואָס האָט געדאַרפט טאָן דער צק, קעדיי בייַצוקומען דעם רעכטן אָפּנייג, קעדיי אויסצוראָטן דעם „לינקן״ אַפּנייג און אָפּרייניקן דעם וועג פאַר דער מאַקסימאַלער באַהעפטונג פון דער פּאַרטיי אַרום דער לענינשער ליניע?

א) מע האָט געדאַרפט, פריִער פאַר אַלץ, מאַכן אַ סאָף צו די רעשט-לעך טראָצקיזם אין דער פּאַרטיי, צו די איבערבלייַבעכצן פון דער טראָצ־קיסטישער טעאָריע. די טראָצקיסטישע גרופּע, אַלס אָפּאָזיציע, האָבן מיר שוין לאַנג צעשמעטערט און אַרויסגעשלייַדערט. אַצינד איז די טראָצקיסטי־שע גרופּע אַן אַנטיפּראָלעטאַרישע און אַנטיסאָוועטישע קאָנטררעוואָלוציאָ-נערע גרופּע, וואָס אינפאָרמירט פלייַסיק די בורזשואַזיע וועגן די איניאָנים פון אונדזער פּאַרטיי. אָבער די רעשטלעך פון דער טראָצקיסטישער טעאָ־ריע, די איבערבלייַבעכצן פונעם טראָצקיזם, זיַינען נאָך ניט אינגאַנצן אויס-געלופטערט געוואָרן פון דער פּאַרטיי. איז אָט, האָט מען פריִער פאַר אַלץ געדאַרפט מאַכן אַ סאָף צו די דאָזיקע איבערבלייַבעכצן.

אין וואָס באַשטייט דער טאָך פונעם טראָצקיזם?

דער טאָך פונעם טראָצקיזם באַשטייט, פריִער פאַר אַלץ, אין אָפּלייקע-נען די מעגלעכקייַט אויסצובויען דעם סאָציאַליזם אין פּססר מיט די קרעפטן פונעם אַרבעטער־קלאַס און פויערטום פון אונדזער לאַנד. וואָס באַטייַט עס?

דאָס באטײַט, אז אויב אין דער נאָענטסטער צײַט וועט ניט אונטערקומען קיין הילף פון א זיגרײַכער וועלט־רעוואָליוציע, וועלן מיר מוזן קאפּיטולירן פאר דער בורזשואזיע און אָפּרייניקן דעם וועג פאר א בורזשואז־דעמאָקראטישער רעפּובליק. הייסט עס, אז מיר האָבן דאָ א בורזשואזע אָפּלייקענונג פון דער מעגלעכקייט אויסצובויען דעם סאָציאַליזם אין אונדזער לאנד, צוגעדעקט מיט „רעוואָליוציאָנערער" פראזע וועגן דעם ניצחון פון דער וועלט־רעוואָליוציע. צי קאָן מען בא אזוינע אָנשויונגען אופהייבן די מיליאָניקע מאסן פונעם ארבעטער-קלאס צו ארבעט-ענטוזיאזם, צו סאָציאַליסטישן געווען, צו מאסנווער שלאָגלערײַ, צו פאנאנדערגעוויקלטן אָנגריף קעגן די קאפּיטאליסטישע עלעמענטן? קלאָר, אז מע קאָן ניט. עס וואָלט געווען נאריש צו מיינען, אז אונדזער ארבעטער־קלאס, וואָס האָט דורכגעמאכט דרײַ רעוואָליוציעס, וועט גיין צו אן ארבעט-ענטוזיאזם און צו מאסנווער שלאָגלערײַ, קעדיי צו באמיסטיקן דעם באָדן פארן קאפּיטאליזם. אונדזער ארבעטער־קלאס גייט צום ארבעט־אופשטײַג ניט צוליבן קאפּיטאליזם, נאָר קעדיי ענדגילטיק צו באגראָבן דעם קאפּיטאליזם און אויסבויען אין פּססר דעם סאָציאַליזם. נעמט אָפּ בא אים די זיכערקייט אין דער מעגלעכקייט אויסצובויען דעם סאָציאַליזם — און איר וועט פארניכטן יעט־ווידער באָדן פאר געווען, פאר ארבעט־אופשטײַג, פאר שלאָגלערײַ.

פונדאנען קומט דער אויספיר: קעדיי אופצוהייבן דעם ארבעטער־קלאס צו ארבעט־אופשטײַג און געווען און אָרגאניזירן דעם פאנאנדערגעוויקלטן אָנגריף, האָט מען פריער פאר אלץ באדארפט באגראָבן די בורזשואזע טעאָריע פונעם טראָצקיזם וועגן דער אומעגלעכקייט אויסצובויען דעם סאָציאַליזם אין אונדזער לאנד.

דער טאָכ פונעם טראָצקיזם באשטייט, צווייטנס, אין אָפּלייקענען די מעגלעכקייט ארײַנצוציִען די גרונט-מאסן פונעם פּויערטום אין דער סאָציאַליסטישער בױונג אין דאָרף. וואָס באטײַט דאָס? דאָס באטײַט, אז דער ארבעטער־קלאס איז ניט בעקויעכ צו פירן נאָכ זיך דאָס פּויערטום אין דער ארבעט פון אריבערפירן די אינדיווידועלע פּויערשע ווירטשאפטן אפּ קאָלעקטיווע רעלסן, אז אויב אין דער נאָענטסטער צוקונפט וועט צוהילף דעם ארבעטער־קלאס ניט צוקומען דער ניצאָכן פון דער וועלט־רעוואָליוציע, וועט דאָס פּויערטום אופשטעלן די אלטע בורזשואזע אָרדענונג. הייסט עס, אז מיר האָבן דאָ א בורזשואזע אָפּלייקענונג פון די קרעפטן און מעגלעכקייטן פון דער פּראָלעטארישער דיקטאטור צו פירן דאָס פּויערטום צום סאָציאַליזם, צוגעדעקט מיט דער מאסקע פון „רעוואָליוציאָנערע" פראזעס וועגן דעם ניצאָכן פון דער וועלט־רעוואָליוציע. צי קאָן מען בא אזוינע אָנשויונגען אופהייבן די פּויערשע מאסן צו דער קאָלווירטישער באוועגונג, אָרגאניזירן א מאסנווע

קאָלווירטישע באוועגונג, אָרגאניזירנ די ליקווידירונג פונעמ באלעגופנטומ אלס קלאס? קלאָר, אז מע קאָנ ניט.

פונדאנענ קומט דער אויספיר: קעדיי צו אָרגאניזירנ די מאסעווע קאָלווירטישע באוועגונג פונעמ פויערטומ אונ צו ליקווידירנ דאָס באלעגופנטומ, האָט מענ קוידעמקאָל געדארפט באגראָבנ די בורזשואזע טעאָריע פונעמ טראָצקיזמ וועגנ דער אומעגלעכקייט צו באהעפטנ די ארבעטנדיקע מאסנ פונעמ פויערטומ צומ סאָציאליזמ.

דער טאָכ פונעמ טראָצקיזמ באשטייט, ענדלעכ, אינ אָפּלייקענענ די נויטווענדיקייט פונ אנ אייזערנער דיסציפּלינ אינ דער פּארטיי, אינ אנערקענענ די פרייהייט פונ פראקציאָנעלע גרופּירונגענ אינ דער פּארטיי, אינ אנערקענענ די נויטווענדיקייט צו שאפנ א טראָצקיסטישע פּארטיי. פארנ טראָצקיזמ דארפ די אלקפּ(ב) זײַנ ניט קיינ איינהייטלעכע אונ באהעפטע שלאכט־פּארטיי, נאָר א פארזאמלונג פונ גרופּעס אונ פראקציעס מיט אייגענע צענטערס, מיט אנ אייגענער פּרעסע אאוו. אונ וואָס באטייט דאָס? דאָס באטייט פּראָקלאמירנ די פרייהייט פונ פּאָליטישע פראקציעס אינ דער פּארטיי. דאָס באטייט, אז גלייכ נאָכ דער פרייהייט פונ פּאָליטישע גרופּירונגענ אינ דער פּארטיי דארפ קומענ די פרייהייט פונ פּאָליטישע פּארטייענ אינ לאנד, דה. בורזשואזע דעמאָקראטיע. הייסט עס, אז מיר האָבנ דאָ די אנערקענונג פונ דער פרייהייט פונ פראקציאָנעלע גרופּירונגענ אינ דער פּארטיי ביז דערלאָזנ פּאָליטישע פּארטייענ אינעמ לאנד פונ דער דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט, צוגעדעקט מיט דער פראזע וועגנ „אינערלעכ-פּארטייישער דעמאָקראטיע", וועגנ „פארבעסערנ דעמ רעזשימ" אינ דער פּארטיי. אז די פרייהייט פונ פראקציאָנעלער רייסערײַ פונ די אינטעליגענטישע גרופּעס איז נאָכ ניט קיינ אינערלעכ־פּארטייישע דעמאָקראטיע, אז די פאנאנדערגעוויקלטע זעלבסטקריטיק, וואָס די פּארטיי פירט דורכ, אונ די קאָלאָסאלע אקטיווקייט פונ די פּארטיי-מאסנ זײַנענ אנ אויסדרוק פונ ווירקלעכער אונ עכטער אינערלעכ-פּארטייישער דעמאָקראטיע, — דאָס איז ניט פארנ טראָצקיזמ צו פארשטיינ. צי קאָנ מענ בא אזוינע אָנשויונגענ אפ דער פּארטיי זיכערנ די אײַזערנע דיסציפּלינ אינ דער פּארטיי, זיכערנ די אײַזערנע פּארטיי-איינהייט, וואָס איז נויטווענדיק פארנ דערפאָלגרייכנ קאמפ קעגנ די קלאסנ-סאָנימ? קלאָר, אז מע קאָנ ניט.

פונדאנענ קומט דער אויספיר: קעדיי צו זיכערנ די אײַזערנע איינהייט פונ דער פּארטיי אונ די פּראָלעטארישע דיסציפּלינ אינ איר, האָט מענ פריער פאר אלצ געדארפט באגראָבנ די אָרגאניזאציאָנעלע טעאָריע פונעמ טראָצקיזמ.

קאפּיטוליאנטישקייט אינ דער פּראקטיק, אלס אינהאלט, „לינקע"

פראזעס אונ „רעוואָליוציאָנער"-אוואנטיוריסטישע שטיק, אלס פּאָרמ, וואָס דעקט צו אונ רעקלאמירט דעמ קאפּיטולאנטישנ אינהאלט,—אָט אזא איז דער טאָכ פונעמ טראָצקיזמ.

די דאָזיקע צווייִקייט פונעמ טראָצקיזמ שפּיגלט אָפּ די צווייִקע לאגע פונ דעמ שטאָטישנ קליינבירגערטומ, וואָס ווערט רויִנירט, וואָס קאָנ ניט דולדנ דעמ „רעזשימ" פונ דער דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט אונ וואָס באמיט זיכ אָדער אריבערצושפּרינגענ „מיטאמאָל" אינ סאָציאליזמ, קעדיי צו באפרייענ זיכ פונ דער רויִנירונג (פונדאנענ נעמט זיכ דער אוואנטיוריזמ אונ די היסטעריקע אינ דער פּאָליטיק), אָדער, אויב דאָס איז אומעגלעכ, גייג אפּ יעטווידע האנאָכעס דעמ קאפּיטאליזמ (פונדאנענ נעמט זיכ די קאפּיטוליאנטישקייט אינ דער פּאָליטיק).

מיט דער דאָזיקער צווייִקייט פונעמ טראָצקיזמ דערקלערט זיכ דער פאקט, וואָס זײַנע „ווילדע", קלוימערשט, אטאקעס קעגנ די רעכטע אָפּנייגלער באקרוינט געוויינלעכ דער טראָצקיזמ מיט א בלאָק מיט זיי, ווי מיט קאפּיטוליאנטנ אָנ א מאסקע.

אונ וואָס שטעלנ מיט זיכ פאָר די „לינקע" קנייטשנ, וואָס זײַנענ געווענ אינ דער פּארטיי אינ געביט פונ דער קאָלווירטישער באוועגונג? זיי שטעלנ פאָר א געוויסנ, עמעס אומבאוווּסטזיניקנ, פּרווו אופצולעבנ בא אונדז די טראדיציעס פונעמ טראָצקיזמ אינ דער פּראקטיק, אופצולעבנ די טראָצקיסטישע באציִונג צומ מיטלפּויערטומ. זיי זײַנענ א רעזולטאט פונ יענעמ פעלער אינ דער פּאָליטיק, וואָס לענינ רופט אָנ „איבעראדמיניסטרירונג". דאָס באטײַט, אז אייניקע כאווירימ אונדזערע, וואָס זײַנענ פארכאפּט געוואָרנ מיט די דערפאָלגנ פונ דער קאָלווירטישער באוועגונג, האָבנ גענומענ צוגיינ צו דער פּראָבלעמ פונ דער קאָלווירטישער בויִונג ניט ווי בויער, נאָר ווי אדמיניסטראטערס דעריקער, אונ זיי זײַנענ צוליב דעמ באגאנגענ א ריי זייער גראָבע פעלערנ.

בא אונדז אינ דער פּארטיי זײַנענ פאראנ מענטשנ, וואָס מיינענ, אז מע האָט ניט באדארפט א צופּ טאָנ די „לינקע" פארבייגלער. זיי האלטנ, אז מע האָט ניט געדארפט באליידיקנ אונדזערע טוער אונ געבנ א ווידער-שטאנד זייער איבעריקנ פלײַס, אויב אפילע דער דאָזיקער איבעריקער פלײַס האָט געבראכט צו פעלערנ. דאָס איז אנ אבסורד, כאווירימ. אזוי קאָנענ ריידנ בלויז אזוינע מענטשנ, וועלכע ווילנ אומבאדינגט שווימענ מיטנ שטראָמ. דאָס זײַנענ די זעלבע מענטשנ, וועלכע וועלנ קיינמאָל ניט קאָנענ באנעמענ די לענינשע ליניע—צו גיינ קעגנ שטראָמ, ווענ עס פאָדערט די סיטואציע, ווענ דאָס פאָדערנ די אינטערעסנ פונ דער פּארטיי. דאָס זײַנענ עקיסטנ, אונ ניט קיינ לענינצעס. דער פּארטיי האָט זיכ דעריבער טאקע אײַנגעגעבנ א קע-

רעוועצו טאָן גאנצע אָטריאדן כאוויירים אונדזערע אפן ריכטיקן וועג, דער פארטיי האָט זיך דערי‌בער טאקע איינגעגעבן צו פאריכטן די פעלערן און צו דערשלאָגן זיך דערפאָלגן, ווייל זי איז אנטשיידן אוועק קעגן שטראָם, קעדיי דורכצופירן אין לעבן די גענעראלע ליניע. אָט דאָס איז טאקע לעניניזם אין דער פראקטיק, לעניניזם אין דער אָנפירונג.

אָט פארוואָס איך מיין, אז ווען מיר וואָלטן ניט בייגעקומען די „לינקע" קנייטשן, וואָלטן מיר ניט געקאָנט דערשלאָגן זיך יענע דערפאָלגן אין דער קאָלווירטישער באוועגונג, וועלכע מיר האָבן אצינד.

אזוי האַלט עס מיטן קאמף קעגן די רעשטלעך טראָצקיזם און קעגן זייערע אָפגורעפּצעניישן אין דער פראקטיק.

א ביסל אנדערש האַלט עס מיט דער פראגע וועגן דעם רעכטן אָפּאָרטוניזם, וואָס בעראָש פון אים זיינען געשטאנען אָדער עס שטייען די ככ' בוכארין, ריקאָוו און טאָמסקי.

וועגן די רעכטע אָפּנייגלער קאָן מען ניט זאָגן, אז זיי אנערקענען ניט די מעגלעכקייט אויסצובויען דעם סאָציאַליזם אין פססר. ניין, זיי אנערקענען זי, און דערין באשטייט זייער אונטערשייד פון די טראָצקיסטן. אָבער די צאָרע פון די רעכטע אָפּנייגלער באשטייט דערין, וואָס, אנערקענענדיק פאָרמעל די מעגלעכקייט אויסצובויען דעם סאָציאַליזם אין איין לאנד, ווילן זיי ניט אנערקענען יענע קאמף-וועגן און קאמף-מיטלען, וואָס אָן זיי איז אומעגלעך אויסצובויען דעם סאָציאַליזם. זיי ווילן ניט אנערקענען, אז די אַלמעגלעכע אנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע איז דער שליסל צום איבערגעשטאַלטן די גאנצע פאָלקווירטשאפט אפ די יעסוידעס פון סאָציאַליזם. זיי ווילן ניט אנערקענען דעם אומקאָמפּראָמיסלעכן קלאסנקאמף קעגן די קאפיטאליסטישע עלעמענטן און דעם פאנאנדערגעוויקלטן אָנגריף פונעם סאָציאַליזם אפן קאפיטאליזם. זיי פארשטייען ניט, אז די דאָזיקע אַלע וועגן און מיטלען זיינען עס יענע סיסטעם מאָסמיטלען, וואָס אָן זיי איז אומעגלעך איינצוהאַלטן די דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט און אויסבויען דעם סאָציאַליזם אין אונדזער לאנד. זיי מיינען, אז דעם סאָציאַליזם קאָן מען אויסבויען שטילינקערהייט, מיט זעלבשטראָם, אָן קלאסנקאמף, אָן אן אָנגריף אפ די קאפיטאליסטישע עלעמענטן. זיי מיינען, אז די קאפיטאליסטישע עלעמענטן וועלן אָדער אליין אָפּשטארבן אומבאמערקבאר, אָדער זיי וועלן ארייַנוואקסן אין סאָציאַליזם. אָבער אזוי ווי אזעלכע ניסים טרעפן ניט אין דער געשיכטע, קומט אויס, אז די רעכטע אָפּנייגלער קייקלען זיך פאקטיש אראָפּ צום שטאנדפונקט פון אָפּלייקענען די מעגלעכקייט אויסצובויען דעם סאָציאַליזם אין אונדזער לאנד.

ווענן די רעכטע אָפּנייגלער קאָן מען אויך ניט זאָגן, אַז זיי לייקע־
נען אָפּ די מעגלעכקײַט אַרײַנצוציִען די גרונט־מאַסן פונעם פּויערטום אין דער
בויונג פונעם סאָציִאַליזם אין דאָרף. ניין, זיי אָנערקענען זי יאָ, און דע־
רין באַשטייט זייער אונטערשייד פון די טראָצקיסטן. אָבער, אָנערקענענדיק
זי פאָרמעל, לייקענען זיי צוזאַמען דערמיט אָפּ יענע וועגן און מיטלען,
וואָס אָן זיי איז אוממעגלעך אַרײַנצוציִען דאָס פּויערטום אין דער בויונג
פונעם סאָציִאַליזם. זיי ווילן ניט אָנערקענען, אַז די ראַטווירטן און קאָל־
ווירטן זײַנען דאָס גרונט-מיטל און דער „שליאַך" אַפּ אַרײַנציִען די גרונט־
מאַסן פונעם פּויערטום אין דער בויונג פונעם סאָציִאַליזם. זיי ווילן ניט אָנער־
קענען, אַז אויב מע זאָל ניט דורכפירן אין לעבן די פּאָליטיק פון ליקווידירן
דאָס באַלעגופנטום אַלס קלאַס, איז אוממעגלעך צו דערשלאָגן זיך די איבער־
געשטאַלטונג פונעם דאָרף אַפּ די יעסוידעס פון סאָציִאַליזם. זיי מיינען,
אַז דאָס דאָרף קאָן מען אַריבערפירן אַפּ די רעלסן פון סאָציִאַליזם שטי־
לינקערהייט, מיט זעלבשטראָם, אָן קלאַסנקאַמפּ, בלויז דורך דער פאַרזאָרגעריש־
אָפּזעצערישער קאָאָפּעראַציע אַליין, ווײַל זיי זײַנען זיכער, אַז דער באַלע־
גופּ וועט אַליין אַרײַנוואַקסן אין סאָציִאַליזם. זיי מיינען, אַז דער איקער
ליגט אַצינד ניט אין די הויכע אַנטוויקלונג־טעמפּן פון דער אינדוסטריע
און ניט אין די קאָלווירטן און ראַטווירטן, נאָר דערין, אַז מע זאָל „צעבינדן"
די מאַרק־סטיכיע, „אַנטשקלאַפּן" דעם מאַרק און „אַראָפּנעמען די פּענטעס"
פון די אינדיווידועלע ווירטשאַפטן אַזש ביז די קאַפּיטאַליסטישע עלע־
מענטן פון דאָרף. אָבער אַזויווי דער באַלעגופּ קאָן ניט אַרײַנוואַקסן אין
סאָציִאַליזם, און די „אַנטשקלאַפּונג" פון דעם מאַרק באַטײַט די באַוואָפע־
נונג פונעם באַלעגופנטום און די אַנטוואָפענונג פונעם אַרבעטער־קלאַס,
קומט אויס, אַז די רעכטע אָפּנייגלער קײַקלען זיך פאַקטיש
אַראָפּ צום שטאַנדפּונקט פון אָפּלייקענען די מעגלעכקײַט
אַרײַנצוציִען די גרונט־מאַסן פונעם פּויערטום אין דער
בויונג פונעם סאָציִאַליזם.

דערמיט אייגנטלעך דערקלערט זיך טאַקע דער פאַקט, וואָס זייערע
הענער-שלאַכטן קעגן די טראָצקיסטן באַקרוינען געוויינלעך די רעכטע אָפּ-
נייגלער מיט הינטערקוליסן־אונטערהאַנדלונגען מיט די טראָצקיסטן וועגן אַ
בלאָק מיט זיי.

די הויפּט-צאָרע פונעם רעכטן אָפּאָרטוניזם באַשטייט דערין, וואָס ער
רײַסט אײַן מיט דער לעניניסטער אופאַסונג פונעם קלאַסנקאַמפּ און קײַקלט זיך
אַראָפּ אַפּן שטאַנדפּונקט פונעם קליינבירגערלעכן ליבעראַליזם.

עס קאָן קיין ספק ניט זײַן, אַז דער ניצחון פונעם רעכטן אָפּנייג
אין אונדזער פּאַרטיי וואָלט באַטײַט די פולע אַנטוואָפענונג פונעם אַרבע-

טער-קלאַס, די באַוואָפּענונג פונ די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטנ פונ דאָרפ אונ דאָס אָנוואַקסנ פונ שאַנסנ פאַר דער רעסטאַווראַציע פונעמ קאַפּיטאַליזמ אינ פּסער.

די רעכטע אָפּנייגלער שטייענ ניט אויפנ שטאַנדפּונקט פונ שאַפנ אַ צווייטע פּאַרטיי, אונ דערינ באַשטייט נאָכ איינ אונטערשייד זייערער פונ די טראָצקיסטנ. די לידערס פונ די רעכטע אָפּנייגלער האָבנ אָפנ אָנער-קענט זייערע פעלערנ אונ האָבנ קאַפּיטולירט פאַר דער פּאַרטיי. אָבער עס וואָלט געווענ נאַריש צו מיינענ אויפ דעמ דאָזיקנ גרונט, אַז די רעכטע אָפּנייגלעריי איז שוינ באַגראָבנ. די קראַפט פונ דעמ רעכטנ אָפּאָרטוניזמ ווערט געמאָסטנ ניט מיט דעמ דאָזיקנ אומשטאַנד. די קראַפט פונעמ רעכטנ אָפּאָרטוניזמ באַשטייט אינ דער קראַפט פונ דער קליינבירגערלעכער סטיכיע, אינ דער קראַפט פונעמ דראַנג אויפ דער פּאַרטיי מיצאַד די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטנ ביכלאַל, מיצאַד דעמ באַלעגופנטומ — באַזונדערס. אונ טאַקע דערפאַר, ווייל דער רעכטער אָפּנייג שפּיגלט אָפּ דעמ ווידערשטאַנד פונ די גרונט-עלעמענטנ פונ די אָפּשטאַרבנדיקע קלאַסנ, טאַקע דערפאַר איז דער רעכטער אָפּנייג די גרונט-געפאַר פונ אונדזער צייט אינ דער פּאַרטיי.

אָט פאַרוואָס די פּאַרטיי האָט געהאַלטנ פאַר נייטיק צו פירנ אַנ אַנט-שיידענעמ אונ אומקאָמפּראָמיסלעכנ קאַמפ קעגנ דעמ רעכטנ אָפּנייג.

עס קאָנ קיינ ספק ניט זיינ, אַז אָנ דעמ אַנטשיידענעמ קאַמפ קעגנ רעכטנ אָפּנייג, ווענ מע זאָל ניט געווענ איזאָלירנ זיינע אָנפירנדיקע עלע-מענטנ, וואָלטנ מיר ניט געקאָנט זיכ דערשלאָגנ צו מאָביליזירנ די קרעפטנ פונ דער פּאַרטיי אונ פונעמ אַרבעטער-קלאַס, צו מאָביליזירנ די קרעפטנ פונ דער אָרעמשאַפט אונ פונ די מיטלפּויערשע מאַסנ פאַר דעמ פאַנאַנ-דערגעוויקלטנ אָנגריפ פונעמ סאָציאַליזמ, פאַר דער אָרגאַניזירונג פונ די ראַטווירטנ אונ קאָלווירטנ, פאַר דער אויפשטעלונג פונ אונדזער שווערער אינדוסטריע, פאַר דער ליקווידירונג פונעמ באַלעגופנטומ אַלס קלאַס.

אַזוי האַלט עס מיטנ „לינקנ" אונ מיטנ רעכטנ אָפּנייג אינ דער פּאַרטיי.

די אויפגאַבע באַשטייט דערינ, אַז מע זאָל פאָרזעצנ אויכ אויפ ווייטער דעמ אומקאָמפּראָמיסלעכנ קאַמפ אויפ צוויי פראָנטנ, סיי קעגנ די „לינ-קע", וואָס שטעלנ פאָר דעמ קליינבירגערלעכנ ראַדיקאַליזמ, סיי קעגנ די רעכטע, וואָס שטעלנ פאָר דעמ קליינבירגערלעכנ ליבעראַ-ליזמ.

די אויפגאַבע באַשטייט דערינ, אַז מע זאָל פאָרזעצנ אויכ אויפ ווייטער דעמ אומקאָמפּראָמיסלעכנ קאַמפ קעגנ יענע טאָלעראַנטלערישע עלעמענטנ אינ דער פּאַרטיי, וועלכע פאַרשטייענ ניט אָדער מאַכנ דעמ

אָנשטעל, אז זיי פאַרשטייען ניט די נייטיקייט פון אן אנטשיידענעם קאַמף אף צוויי פראָנטן.

ב) דאָס בילד פונעם קאמף קעגן די אָפּנייגן אין דער פּאַרטיי וועט זיין ניט פול, אויב מיר וועלן ניט באַרירן די אָפּנייגן אין געביט פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע, וואָס זיינען פאַראַן אין דער פּאַרטיי. איך מיין, ערשטנס, דעם אָפּנייג צום גרויסרוסישן שאָוויניזם און, צווייטנס, דעם אָפּנייג צום אָרטיקן נאַציאָנאַליזם. די דאָזיקע אָפּנייגן זיינען ניט אזוי באַמערקלעך און אַנגרייפעריש, ווי דער „לינקער" אָדער דער רעכטער אָפּנייג. זיי וואָלט מען געקאָנט אָנרופן קריכנדיקע אָפּנייגן. דאָס באַטייט אָבער נאָך ניט, אז זיי עקזיסטירן ניט. ניין, זיי עקזיסטירן, און, דעריקער — זיי וואַקסן. דערין קאָן ניט זיין קיין שום צווייפל. עס קאָן ניט זיין קיין צווייפל, ווייל די אַלגעמיינע אַטמאָספער פון פאַרשאַרפונג פונעם קלאַסנקאַמף קאָן ניט ניט פירן צו א געוויסער פאַרשאַרפונג פון די נאַציאָנאַלע רייבונגען, וואָס האָבן זייער אָפּשפּיגלונג אין דער פּאַרטיי. דעריבער וואָלט מען באַדאַרפט אופדעקן און אַרויסשטעלן אף דער ליכטיקער שיין די פיזיאָנאָמיע פון די דאָזיקע אָפּנייגן.

אין וואָס באַשטייט דער טאָך פונעם אָפּנייג צום גרויסרוסישן שאָוויניזם אין אונדזערע היינטצייטיקע באַדינגונגען?

דער טאָך פונעם אָפּנייג צום גרויסרוסישן שאָוויניזם באַשטייט אין דער שטרעבונג פאַרביי צוגיין די נאַציאָנאַלע פאַרשיידנקייטן פון שפּראַך, קולטור, שטייגער; אין דער שטרעבונג צוצוגרייטן די ליקווידירונג פון די נאַציאָנאַלע רעפּובליקן און געגנטן; אין דער שטרעבונג אונטערצוגרייסן דעם פּרינציפּ פון נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג און צו אַנטקרוינען די פּאָליטיק פון דער פּאַרטיי צו נאַציאָנאַליזירן דעם אַפּאַראַט, צו נאַציאָנאַליזירן די פּרעסע, די שול און אַנדערע מעלוכישע און געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס.

די אָפּנייגלער פון דעם דאָזיקן טיפּ גייען אַרויס דערביי דערפון, וואָס אַזויווי באַם זיג פונעם סאָציאַליזם דאַרפן זיך די נאַציעס צונויפגיסן אינאיינעם און זייערע נאַציאָנאַלע שפּראַכן דאַרפן פאַרוואַנדלט ווערן אין אן איינהייטלעכער אַלגעמיינער שפּראַך, איז געקומען די צייט צו ליקווידירן די נאַציאָנאַלע פאַרשיידנקייטן און אָפּצוזאָגן זיך פון דער פּאָליטיק פון שטיצן די אַנטוויקלונג פון דער נאַציאָנאַלער קולטור פון די פריער אונטערדריקטע פעלקער. זיי פאַרופן זיך דערביי אף לענינען, ציטירנדיק אים ניט ריכטיק, און צומאָל פּאָשעט פאַרקריפּלענדיק און טרייבנדיק רעכילעס אף לענינען. לענין האָט געזאָגט, אַז אין סאָציאַליזם וועלן זיך די אינטערעסן פון די נאַציאָנאַליטעטן צונויפגיסן אין איין גאַנצעס, —

צי איז דערפֿון ניט געדרונגען, אַז ס'איז שוין צײַט אַ סאָף מאַכן צו די נאַציאָנאַלע רעפּובליקן און געגנטן אין די אינטערעסן פֿונעם... אינטער־נאַציאָנאַליזם? לעניִן האָט געזאָגט אין 1913־טן יאָר, אין דער פּאָלעמיק מיט די בונדאָווצעס, אַז דער לאָזונג פֿון נאַציאָנאַלער קולטור איז אַ בורזשואַזער לאָזונג, — צי איז דערפֿון ניט געדרונגען, אַז ס'איז שוין צײַט אַ סאָף מאַכן צו דער נאַציאָנאַלער קולטור פֿון די פֿעלקער פֿון פֿססר אין די אינטערעסן פֿונעם... אינטערנאַציאָנאַליזם? לעניִן האָט געזאָגט, אַז די נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג און די נאַציאָנאַלע פֿאַרצאַמונגען ווערן פֿאַרניכטעט באַם סאָציאַליזם, — צי איז דערפֿון ניט געדרונגען, אַז ס'איז שוין צײַט אַ סאָף מאַכן צו דער פּאָליטיק פֿון דיסקאָנטירן די נאַציאָנאַלע באַזונדערקײַטן פֿון די פֿעלקער פֿון פֿססר און אַריבערגיין צו דער פּאָליטיק פֿון אַסימילאַציע אין די אינטערעסן פֿונעם... אינטערנאַציאָנאַליזם? און אַזוי ווײַטער און דאָס גלײַכן.

עס קאָן קיין ספֿק ניט זײַן, אַז דער דאָזיקער אָפּנייג אין דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע, וועלכער דעקט זיך נאָך אַכוץ דעם צו מיט אַ מאַסקע פֿון אינטערנאַציאָנאַליזם און מיט לעניִנס נאָמען, איז דער דאָזיקער אָפּנייג איז דער סאַמע ראַפֿינירטער און דעריבער דער סאַמע געפֿערלעכסטער מין גרויסרוסישער נאַציאָנאַליזם.

ערשטנס, האָט לעניִן קיינמאָל ניט געזאָגט, אַז די נאַציאָנאַלע פֿאַרשיידנקײַטן דאַרפֿן פֿאַרשווינדן, אַז די נאַציאָנאַלע שפּראַכן דאַרפֿן זיך צונויפֿגיסן אין איין אַלגעמיינער שפּראַך אין די גרענעצן פֿון איין מעלוכע, ביזן זיג פֿונעם סאָציאַליזם אין אַלוועלטלעכן מאַסשטאַב. פֿאַרקערט, לעניִן האָט געזאָגט אַזוינס, וואָס איז פּונקט דער היפּעך, נעמלעך, אַז די „נאַציאָנאַלע און מעלוכישע פֿאַרשיידנקײַטן צווישן די פֿעלקער און לענדער... וועלן זיך נאָך האַלטן זייער און זייער לאַנג אַפֿילע נאָכן פֿאַרווירקלעכן די דיקטאַטור פֿונעם פּראָלעטאַריאַט אין אַלוועלטלעכן מאַסשטאַב"[1] (ב. XXV, ז. 229). וויִאַזוי קאָן מען זיך פֿאַרופֿן אַף לעניִנען און דערבײַ פֿאַרגעסן וועגן דער דאָזיקער גרונטאָנווײַזונג זײַנער?

עמעס, איינער פֿון די געוועזענע מאַרקסיסטן און איצט אַ רענעגאַט און אַ רעפֿאָרמיסט, ה' קאַוטסקי, באַהויפּט עפּעס אַזוינס, וואָס איז דירעקט דער היפּעך דערפֿון, וואָס לעניִן האָט אונדז געלערנט. ער באַהויפּט, טראָץ לעניִנען, אַז דער זיג פֿון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע אין דער עסטרײַך־דײַטשישער פֿאַראייניקטער מעלוכע אין מיטן פֿונעם

---

[1] מײַן קורסיוו. י. סט.

פּאָריקן יאָרהונדערט וואָלט געווען געבראכט צו דער אויסבילדונג פון איין אלגעמיינער דײַטשישער שפּראך און צום גערמאניזירן די טשעכן, ווײַל „בלויז די איינע קראפּט פונעם אויסטויש, וואָס האָט זיך באפרײַט פון די פּענטעס, בלויז די איינע קראפּט פון דער מאָדערנער קולטור, וועלכע עס האָבן געטראָגן מיט זיך די דײַטשן, וואָלט אָן שום צוואנג־גערמאניזאציע פארוואנדלט אין דײַטשן די אָפּגעשטאנענע טשעכישע קליינבירגער, פּויערים און פּראָלעטאריער, וואָס זייער נעבעכדיקע נאציאָנאליטעט האָט זיי גאָרניט געקאָנט געבן“ (זע דאָס פאָרוואָרט צו דער דײַטשישער אויסגאבע „רעוואָליוציע און קאָנטררעוואָליוציע“). פארשטייט זיך, אז אזא „קאָנצעפּציע“ הארמאָנירט פולשטענדיק מיט קאוטסקיס סאָציאַל־שאָוויניזם. קעגן די דאָזיקע אָנשויונגען פון קאוטסקין האָב איך געקעמפט אין 1925 יאָר אין מײַן ארויסטרעטונג אינעם אוניווערסיטעט פאר די מיזרעך־פעלקער. צי דען אָבער קאָן פאר אונדז, מארקסיסטן, וואָס ווילן בלײַבן אינטערנאציאָנאליסטן ביזן סאָף, צי דען קאָן האָבן פאר אונדז אוועלכע־ניט־איז פּאָזיטיווע באדײַטונג אָט די אנטימארקסיסטישע פלוידערײַ פונעם גײַוועדיקן דײַטשישן סאָציאַל־שאָוויניסט? ווער איז גערעכט, קאוטסקי צי לענין? אויב קאוטסקי איז גערעכט, מיט וואָס איז דאן צו דערקלערן דעם פאקט, וואָס אזעלכע פארהעלטניסמעסיק אָפּגעשטאנענע נאציאָנאליטעטן, ווי די ווײַסרוסן און אוקראַינער, וועלכע זײַנען נעענטער צו די גרויסרוסן, ווי די טשעכן צו די דײַטשן, זײַנען ניט רוסיפיצירט געוואָרן אין רעזולטאט פונעם זיג פון דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע אין פססר, נאָר, פאַרקערט, זיי האָבן אופגעלעבט און זיך אנטוויקלט אלס זעלבשטענדיקע נאציעס? מיט וואָס איז צו דערקלערן, וואָס אזעלכע נאציעס, ווי די טורקמענער, קירגיזן, אוזבעקן, טאדזשיקן (שוין אָפּגערעדט פון גרוזינער, ארמענער, אזערבײַדזשאנער אאוו.), האָבן זיך, ניט געקוקט אף זייער אָפּגעשטאנענקײַט, ניט בלויז ניט רוסיפיצירט אין צוזאמענהאנג מיטן זיג פונעם סאָציאַליזם אין פססר, נאָר, פארקערט, זיי האָבן אופגעלעבט און זיך אנטוויקלט אין זעלבשטענדיקע נאציעס? צי איז דען ניט קלאָר, אז אונדזערע כאָשעווע אָפּנייגלערס זײַנען, אין געיעג נאָך אויסערלעכן אינטערנאציאָנאליזם, ארײַנגעפאלן אין די נעגל פון קאוטסקיאנישן סאָציאַל־שאָוויניזם? צי איז דען ניט קלאָר, אז, קעמפנדיק פאר איין אלגעמיינער שפּראך אין די גרענעצן פון איין מעלוכע, אין די גרענעצן פון פססר, ווילן זיי זיך אין טאָך געמען דערשלאָגן, עס זאָלן צוריק אופגעשטעלט ווערן די פּריווילעגיעס פון דער שפּראך, וואָס האָט פריער געהערשט, נעמלעך,—פון דער גרויסרוסישער שפּראך? ווו־זשע איז דאָ דער אינטערנאציאָנאליזם?

צווייטנס, האָט לענין קיינמאָל ניט געזאָגט, אז דאָס פארניכטן די נאציאָנאלע אונטערדריקונג און דאָס צונויפגיסן די אינטערעסן פון די נאציאָנאליטעטן אין איין גאנצעס איז אלצייגס ווי פארניכטן די נאציאָנאלע אונטערשיידן. מיר האָבן פארניכטעט די נאציאָנאלע אונטערדריקונג, מיר האָבן פארניכטעט די נאציאָנאלע פריווילעגיעס און האָבן איינגעשטעלט נאציאָנאלע גלייכבארעכטיקונג. מיר האָבן פארניכטעט די מעלוכישע גרענעצן אינעם אלטן זין פון וואָרט, די גרענעץ־סלופעס און די טאמאָזשנע־פארצאמונגען צווישן די נאציאָנאליטעטן פון פססר. מיר האָבן איינגעשטעלט די איינהייטלעכקייט פון די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אינטערעסן פון די פעלקער פון פססר. צי באטייט עס אָבער, אז מיר האָבן דערמיט גופע פארניכטעט די נאציאָנאלע אונטערשיידן: די נאציאָנאלע שפראכן, די קולטור, דעם שטייגער אאוו.? ס'איז קלאָר, אז עס באטייט ניט. אָבער אויב די נאציאָנאלע אונטערשיידן, די שפראך, די קולטור, דער שטייגער אאוו. בלייבן, צי איז דען ניט קלאָר, אז די פאָדערונג צו פארניכטן די נאציאָנאלע רעפובליקן און געגנטן אינעם געגעבענעם היסטאָרישן פעריאָד איז א רעאקציאָנערע פאָדערונג, וואָס איז געווענדט קעגן די אינטערעסן פון דער דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט? צי פארשטייען אונדזערע אָפּנייגלערס, אז פארניכטן איצט די נאציאָנאלע רעפובליקן און געגנטן — באטייט צונעמען בא די מיליאָניקע מאסן פון די פעלקער פון פססר די מעגלעכקייט צו באַקומען בילדונג אפ דער מוטער־שפראך, צונעמען בא זיי די מעגלעכקייט צו האָבן א שול, א געריכט, אן אדמיניסטראציע, געזעלשאפטלעכע און אנדערע אָרגאניזאציעס און אינסטיטוציעס אפ דער מוטער־שפראך, צונעמען בא זיי די מעגלעכקייט זיך צו באהעפטן צו דער סאָציאליסטישער בויונג? צי איז דען ניט קלאָר, אז אין געיעג נאָך אויסערלעכן אינטערנאציאָנאליזם זיינען אונדזערע אָפּנייגלער אריינגעפאלן אין די לאפּעס פון די רעאקציאָנערע גרויסרוסישע שאָוויניסטן און האָבן פארגעסן, אינגאנצן פארגעסן וועגן דעם לאָזונג קולטור־רעוואָליוציע אינעם פעריאָד פון דער דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט, וועגן דעם לאָזונג, וואָס איז אין דער זעלבער מאָס גילטיק פאר אלע פעלקער אין פססר, אי פאר די גרויסרוסן אי פאר די ניט-גרויסרוסן?

דריטנס, האָט לענין קיינמאָל ניט געזאָגט, אז דער לאָזונג וועגן אנטוויקלען די נאציאָנאלע קולטור אין די באדינגונגען פון דער דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט איז א רעאקציאָנערער לאָזונג. פארקערט, לענין איז שטענדיק געווען דערפאר, אז מע זאָל העלפן די פעלקער פון פססר אנטוויקלען זייער נאציאָנאלע קולטור. אונטער דער אָנפירונג פון לענינען, און ניט פון עמעצן אנדערש, איז צונויפגעשטעלט און אָנגענומען

געוואָרנ אפּנ X פּארטיי־צוזאמענפאָר די רעזאָליוציע וועגנ דער נאציאָנאלער פראגע, אינ וועלכער עס ווערט בעפיירעש געזאָגט, אז:

„די אופגאבע פונ דער פארטיי באשטייט דערינ, מע זאָל העלפנ די ארבעטנדיקע מאסנ פונ די ניט־גרויסרוסישע פעלקער צו דעריאָגנ צענטראל־רוסלאנד, וואָס איז אוועק פאָרויס, העלפנ זיי: א) צו אנטוויקלענ אונ צו פארפעסטיקנ בא זיכ די סאָוועטישע מעלוכישקייט אינ די פאָרמענ, וואָס אנטשפּרעכנ די נאציאָנאל־שטייגערישע באדינגונגענ פונ די דאָזיקע פעלקער; ב) צו אנטוויקלענ אונ צו פארפעסטיקנ בא זיכ א געריכט, אנ אדמיניסטראציע,ווירטשאפט־לעכע אָרגאנענ, מאכט־אָרגאנענ, וואָס ארבעטנ אפ דער מוטער־שפראכ אונ וואָס זײַנענ צונויפגעשטעלט פונ אָרטיקע מענטשנ, וועלכע וויסנ דעמ שטייגער אונ די פּסיכאָלאָגיע פונ דער אָרטיקער באפעלקערונג; ג) צו אנטוויקלענ בא זיכ אפ זייער מוטערשפראכ די פרעסע, די שול, דעמ טעאטער, דעמ קלוב־וועזנ אונ בכלל די קולטור־אופקלערערישע אנשטאלטנ; ד) אוועקצושטעלנ אונ צו אנטוויקלענ א ברייטע נעצ קורסנ אונ שולנ סײַ פאר אלגעמיינער בילדונג סײַ אויכ פאר דער פראָפעסיאָנעלער בילדונג אפ דער מוטערשפראכ“.

צי איז דענ ניט קלאָר, אז לענינ איז געווענ אינגאנצנ אונ פולשטענדיק פארנ לאָזונג צו אנטוויקלענ די נאציאָנאלע קולטור אינ די באדינגונגענ פונ דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט?

צי איז דענ ניט קלאָר, אז אָפּלייקענענ דעמ לאָזונג פונ נאציאָנאלער קולטור אינ די באדינגונגענ פונ דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט הייסט אָפּלייקענענ די נויטווענדיקייט פונעמ קולטור־אופשטייג פונ די ניט־גרויסרוסישע פעלקער פונ פססר, אָפּלייקענענ די נויטווענדיקייט פונ אלגעמיינ־אָבליגאטע־רישער בילדונג פאר די דאָזיקע פעלקער, אָפּגעבנ די דאָזיקע פעלקער צו די רעאקציאָנערע נאציאָנאליסטנ אינ גײַסטיקער קנעכטשאפט?

לענינ האָט ווירקלעכ קוואליפיצירט דעמ לאָזונג פונ נאציאָנאלער קולטור בא דער הערשאפט פונ דער בורזשואזיע אלס א רעאקציאָנערנ לאָזונג. האָט דענ אָבער געקאָנט זײַנ אנדערש? וואָס איז אזוינס די נאציאָנאלע קולטור בא דער הערשאפט פונ דער נאציאָנאלער בורזשואזיע? א קולטור א בורזשואזע לויט איר אינהאלט אונ נאציאָנאלע לויט איר פאָרמ, א קולטור, וואָס האָט דעמ ציל צו פארסאמענ די מאסנ מיטנ גיפט פונ נאציאָנאליזמ אונ צו פארפעסטיקנ די הערשאפט פונ דער בורזשואזיע. וואָס איז אזוינס די נאציאָנאלע קולטור בא דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט? א קולטור א סאָציאליסטישע לויט איר אינהאלט אונ נאציאָנאלע לויט דער פאָרמ, א קולטור, וואָס האָט דעמ צוועק צו דערציִענ די מאסנ אינעמ גײַסט פונ אינטערנאציאָנאליזמ אונ צו פאר־פעסטיקנ די דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט. ווי קאָנ מענ צונויפמישנ אָט די צוויי פרינציפיעל־פארשיידענע דערשײַנונגענ, ניט רײַסנדיק מיטנ מארק־סיזמ? צי דענ איז ניט קלאָר, אז, קעמפנדיק קעגנ דעמ לאָזונג נאציאָנאלע קולטור בא די בורזשואזע פּאָראָגדקעס, האָט לענינ געקלאפט איבערנ בור־

זשואזנ אינהאלט פונ דער נאציאָנאלער קולטור, אונ ניט איבער איר נאציאָנאלער פאָרם? עס וואָלט נאריש געווענ זיכ פאָרצושטעלנ, אז לענינ האָט באטראכט די סאָציאליסטישע קולטור, ווי א קולטור אנ אָננאציאָנאלע, וואָס האָט ניט די אָדער יענע נאציאָנאלע פאָרם. די בונדאָווצעס האָבנ, ווירקלעכ, אמאָל צוגעשריבנ לענינענ אָט דעמ דאָזיקנ אומזינ. אָבער פונ לענינס ווערק איז באוווסט, אז ער האָט שארפ פראָטעסטירט קעגנ אזא רעכילעס, אז ער האָט זיכ אנטשיידנ אָפגעגרענעצט פונ אזא אומזינ. צי זײַנענ טאקע אונדזערע כאָשעווע אָפנייגלערס אוועק אינ די וועגנ פונ די בונדאָווצעס?

וואָס זשע איז נאָכ דעמ אלעמ געזאָגטנ געבליבנ פונ די ארגומענטנ פונ אונדזערע אָפנייגלערס?

גאָרניט, אכוצנ זשאָנגלירנ מיט דער פאָנ פונ אינטערנאציאָנאליזמ אונ רעכילעס אפ לענינענ.

די, וואָס נייגנ זיכ אָפ צומ גרויסרוסישנ שאָוויניזמ, האָבנ א טיפנ טאָעס, ווענ זיי מיינענ, אז דער פעריאָד פונ דער סאָציאליסטישער בויונג אינ פססר איז א פעריאָד פונ צעפאלונג אונ ליקווידאציע פונ די נאציאָנאלע קולטורנ. ס'איז פונקט פארקערט. אינ דער ווירקלעכקײַט איז דער פעריאָד פונ דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט אונ פונ דער סאָציאליסטישער בויונג אינ פססר א פעריאָד פונ אופבלי פאר די נאציאָנאלע קולטורנ, סאָציאליסטישע לויטנ אינהאלט אונ נאציאָנאלע לויט דער פאָרמ. ווײַזט אויס, זיי פארשטייענ ניט, אז די אנטוויקלונג פונ די נאציאָנאלע קולטורנ דארפ זיכ פאנאנדערוויקלענ מיט א נײַער קראפט, ווענ עס וועט אײַנגעפירט ווערנ אונ עס וועט זיכ אײַנוואָרצלענ די אלגעמיינע אָבליגאטערישע אָנפאנג-בילדונג אפ דער מוטערשפראכ. זיי פארשטייענ ניט, אז בלויז באמ באדינג, ווענ עס וועלנ זיכ אנטוויקלענ די נאציאָנאלע קולטורנ, וועט מענ קאָנענ ווי געהעריק באהעפטנ די אָפגעשטאנענע נאציאָנאליטעטנ צו דער סאָציאליסטישער בויונג. זיי פארשטייענ ניט, אז גראָד דערינ באשטייט דער יעסאָד פונ דער לענינישער פאָליטיק צו העלפנ אונ צו שטיצנ די אנטוויקלונג פונ די נאציאָנאלע קולטורנ פונ די פעלקער פונ פססר.

עס קאָנ אויסווײַזנ מאָדנע, וואָס מיר, אָנהענגער פונ צונויפגיסנ אינ דער צוקונפט די נאציאָנאלע קולטורנ אינ איינ אלגעמיינער (סײַ לויט דער פאָרמ סײַ לויטנ אינהאלט) קולטור, מיט איינ אלגעמיינער שפראכ, — זײַנענ אינ דער זעלביקער צײַט אָנהענגער פונעמ אופבלי פונ די נאציאָנאלע קולטורנ אינ געגעבענעמ מאָמענט, אינעמ פעריאָד פונ דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט. אָבער דאָס איז גאָרניט מאָדנע. מע דארפ לאָזנ די

נאציאָנאַלע קולטורן זיך אנטוויקלען און פאַנאַנדערוויקלען, זיי זאָלן אנט־פּלעקן אַלע זייערע פּאָטענצן, כּדי צו שאַפן די באַדינגונגען פאַר דער צונויפגיסונג זייערער אין איין אַלגעמיינער קולטור מיט איין אַלגעמיינער שפּראַך. דער אויפבלי פון די קולטורן די נאציאָנאַלע לויט דער פאָרם און סאָציאַליסטישע לויטן אינהאַלט אין די באַדינגונגען פון דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט אין איין לאַנד צוליבן צונויפגיסן זיי אין איין אַלגעמיינער סאָציאַליסטישער (סײַ לויט דער פאָרם סײַ לויטן אינהאַלט) קולטור מיט איין אַלגעמיינער שפּראַך, ווען דער פּראָלעטאַריאַט וועט זיגן אין דער גאַנצער וועלט און דער סאָציאַליזם וועט אַרײַן אין שטייגער, — אָט דערין טאַקע באַשטייט די דיאַלעקטישקייט פון דער לענינישער שטעלונג פון דער פראַגע וועגן דער נאציאָנאַלער קולטור.

מע קאָן זאָגן, אַז אַזאַ שטעלונג פון דער פראַגע איז „ווידערשפּרע־כיק״. אָבער צי דען האָבן מיר ניט די זעלביקע „ווידערשפּרעכלעכקייט״ אין דער פראַגע וועגן דער מעלוכע? מיר זײַנען פאַר דער אָפּשטאַרבונג פון דער מעלוכע, און אין דער זעלביקער צײַט זײַנען מיר פאַר פאַרשטאַרקן די דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט, וועלכע שטעלט מיט זיך פאָר די סאַמע מעכטיקע און סאַמע שטאַרקסטע מאַכט פון אַלע מעלוכע־מאַכטן, וואָס עקזיסטירן ביז איצט. די העכסטע אנטוויקלונג פון דער מעלוכע־מאַכט, כּדי צוצוגרייטן די באַדינגונגען דערצו, אַז די מעלוכע־מאַכט זאָל אָפּשטאַרבן — אָט דאָס איז די מאַרקסיסטישע פאָרמול. דאָס איז „ווי־דערשפּרעכיק״? יאָ, „ווידערשפּרעכיק״. אָבער דער ווידערשפּרוך איז פונעם לעבן, און ער שפּיגלט פולשטענדיק אָפּ די מאַרקסישע דיאַלעקטיק.

אָדער, לעמאָשל, די לענינישע שטעלונג פון דער פראַגע וועגן די רעכט פון די נאציעס אָפּ זעלבסטבאַשטימונג, ביז אָפּטיילן זיך. לענין פלעגט אַמאָל אויסדריקן דעם טעזיס וועגן נאציאָנאַלער זעלבסטבאַשטימונג אין דער פאָרם פון אַ פּאָשעטער פאָרמול: „פאַנאַנדערגיין זיך, כּדי צו פאַראייניקן זיך״. באַטראַכט זיך נאָר — פאַנאַנדערגיין זיך, כּדי צו פאַראייניקן זיך. דאָס קלינגט אפילו ווי אַ פּאַראַדאָקס. און דאָך שפּיגלט אָפּ די דאָזיקע „ווי־דערשפּרעכיקע״ פאָרמול דעם לעבן־עמעס פון דער מאַרקסישער דיאַלעקטיק, וועלכע גיט די באָלשעוויקעס אַ מעגלעכקייט צו נעמען די סאַמע ניט־צוטריטלעכע פעסטונגען אין געביט פון דער נאציאָנאַלער פראַגע.

דאָס זעלביקע דאַרף מען זאָגן וועגן דער פאָרמול מיקויעך דער נאַ־ציאָנאַלער קולטור: דער אויפבלי פון די נאציאָנאַלע קולטורן (און שפּראַכן) אינעם פּעריאָד פון דער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט אין איין לאַנד מיטן צוועק צוצוגרייטן די באַדינגונגען פאַר זייער אָפּשטאַרבונג און צונויפגיסונג אין איין אַלגעמיינער סאָציאַליסטישער קולטור (און אין איין אַלגעמיינער

שפראכ) אינעם פעריאָד, ווען דער סאָציאַליזם וועט זיגן אין גאַר דער וועלט.

ווער עס האָט ניט פארשטאנען די דאָזיקע אייגנארטיקייט און „ווי־דערשפרעכיקייט“ פון אונדזער איבערגאנג-פעריאָד, ווער ס'האָט ניט פאר־שטאנען די דאָזיקע דיאַלעקטיק פון די היסטאָרישע פּראָצעסן, דער איז פארן מארקסיזם א פארפאלענער.

דער אומגליק פון אונדזערע אָפּנייגלערס באשטייט דערין, וואָס זיי פארשטייען ניט און ווילן ניט פארשטיין די מארקסישע דיאַלעקטיק.

אזוי האַלט עס מיטן אָפּנייג צום גרויסרוסישן שאָוויניזם.

עס איז ניט שווער צו פארשטיין, אז דער דאָזיקער אָפּנייג שפּיגלט אָפּ די שטרעבונג פון די אָפּשטארבנדיקע קלאסן פון דער גרויסרוסישער נאציע, וואָס האָט פריִער געהערשט, צוריק צו קריגן די פארלאָרענע פּרי־ווילעגיעס.

דערפון דרינגט ארויס די געפאר פונעם גרויסרוסישן שאָוויניזם, אלס הויפּט־געפאר אין דער פארטיי אין געביט פון דער נאַציאָנאַלער פראגע.

אין וואָס באשטייט דער טאָכ פונעם אָפּנייג צום אָרטיקן נאַציאָנאַ־ליזם?

דער טאָכ פונעם אָפּנייג צום אָרטיקן נאַציאָנאַליזם באשטייט אין דער שטרעבונג אָפּצוזונדערן זיך און איינצושליסן זיך אין די ראמען פון דער אייגענער נאַציאָנאַלער שאָלעכץ, אין דער שטרעבונג צו פארטושן די קלאסן-ווידערשפּרוכן אינעווייניק אין דער אייגענער נאציע, אין דער שטרע־בונג צו פארטיידיקן זיך פונעם גרויסרוסישן שאָוויניזם דורך אָפּגיין פונעם אַלגעמיינעם שטראָם פון דער סאָציאַליסטישער בויונג, אין דער שטרעבונג ניט צו זען דאָס, וואָס עס דערנעענטערט און פאראייניקט די ארבעטנדיקע מאסן פון די נאַציאָנאַליטעטן אין פּססר, און צו זען בלויז דאָס, וואָס עס קאָן זיי דערווייטערן איינע פון דער צווייטער.

דער אָפּנייג צום אָרטיקן נאַציאָנאַליזם שפּיגלט אָפּ די אומצופרידנקייט מיטן רעזשים פון דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט מיצאד די אָפּ־שטארבנדיקע קלאסן פון די פריִער-אונטערדריקטע נאציעס, זייער שטרע־בונג אָפּצוזונדערן זיך אין אן אייגענער נאַציאָנאַלער מעלוכע און איינ־שטעלן דאָרטן זייער קלאסן-הערשאפט.

די געפאר פונעם דאָזיקן אָפּנייג באשטייט דערין, וואָס ער קולטי־ווירט דעם בורזשואזן נאַציאָנאַליזם, שוואכט אָפּ די איינהייט פון די האָ־רעפאשנע פעלקער פון פּססר און שפּילט אין האנט די אינטערווענציאָ־ניסטן.

אזא איז דער טאָכ פונעם אָפּנייג צום אָרטיקן נאַציאָנאַליזם.

די אופגאבע פון דער פּארטיי איז צו פירן אַן אנטשיידענעם קאמפ קעגן דעם דאָזיקן אָפּנייג און זיכערן די באדינגונגען, וואָס זײַנען נייטיק פאַר דער אינטערנאַציאָנאַלער דערציִונג פון די ארבעטנדיקע מאסן פון די פעלקער פון פססר.

אזוי האלט עס מיט די אָפּנייגן אין אונדזער פּארטיי, מיט די „לינקע" און מיט די רעכטע אָפּנייגן אינעם געביט פון דער אלגעמיינער פּאָליטיק, מיט די אָפּנייגן אינעם געביט פון דער נאַציאָנאַלער פראגע.

אָט אזא איז אונדזער אינערלעך-פּארטייִשע לאגע.

אצינד, ווען די פּארטיי איז ארויס א זיגערן פונעם קאמפ פאר דער גענעראַלער ליניע, ווען די לענינשע ליניע פון אונדזער פּארטיי טריִומפירט אפן גאנצן פראָנט, זײַנען א סאך געניגט צו פארגעסן וועגן די שוועריקײַטן, וועלכע עס האָבן אונדז געשאפן אין אונדזער ארבעט די אַלע און אַלערליי אָפּנייגלער. נאָך מער, אייניקע באַלעבעסלדיק-געשטימטע כאווײרים מיינען נאָך ביז איצט, אז מע האָט זיך געקאָנט באגיין אָן א קאמפ קעגן די אָפּנייגלער. עס איז איבעריק צו זאָגן, אז די דאָזיקע כאווײרים געפינען זיך אין א טיפן טאָעס. עס איז גענוג בלויז זיך אומצוקוקן אפ צוריק און זיך דערמאָנען די קונצשטיק פון די טראָצקיסטן און פון די רעכטע אָפּנייגלער, עס איז גענוג בלויז זיך צו דערמאָנען די געשיכטע פונעם קאמפ קעגן די אָפּנייגן פארן פארגאנגענעם פעריִאָד, כדי צו פארשטיין די גאנצע פוסטקײַט און נישטיקײַט פון דער דאָזיקער פּארטייִשער באַלעבעסלדיקײַט. עס קאָן קיין סאָפעק ניט זײַן, אז ווען מיר וואָלטן ניט אײַנגעצוימט די אָפּנייגלער און ניט צעקלאפּט זיי אין אן אָפענער שלאכט, וואָלטן מיר ניט געקאָנט זיך דערשלאָגן צו די דערפאָלגן, מיט וועלכע אונדזער פּארטיי שטאָלצירט איצט מיט רעכט.

אינעם קאמפ קעגן די אָפּנייגן פון דער לענינשער ליניע איז אויסגעוואקסן און האָט זיך פארפעסטיקט אונדזער פּארטיי. אינעם קאמפ קעגן די אָפּנייגן האָט זי זיך אויסגעשמידט די לעני נשע אײ נהײַ ט פון אירע רייען. קיינער לייקנט שוין אצינד ניט אָפּ דעם אומבאשטרײַטלעכן פאקט, אז קיינמאָל איז נאָך די פּארטיי ניט געווען אזוי באהעפט ארום איר צק, ווי איצט. אַלע זײַנען איצט געצווונגען צו אנערקענען, אז די פּארטיי איז אצינד מער, ווי ווען ס'ניט איז, איי ני ק און באהעפט, אז דער XVI צוזאמענפאָר איז איינער פון די ווייניקע צוזאמענפאָרן פון אונדזער פּארטיי, ווו עס איז נישטאָ מער קיין אויסגעפורעמטע און באהעפטע אָפּאָזיציע, וואָס איז פייִק קעגנצושטעלן אירע א באזונדערע ליניע דער גענעראַלער פּארטיי־ליניע.

אדאנק וואָס האָט די פּארטיי די דאָזיקע אנטשיידענע דערגרייכונג אירע?

די דאָזיקע דערגרייכונג האָט זי אדאנק דעם אומשטאנד, וואָס אין איר קאמפ קעגן די אָפּנייגן האָט זי שטענדיק געפירט א פּרינציפּיעלע פּאָליטיק, ניט אראָפּלאָזנדיק זיך קיינמאָל ביז הינטערקוליסן־קאָמבינאַציעס און דיפּלאָמאטישער געשעפטמאכעריי.

לענין האָט געזאָגט, אז די פּרינציפּיעלע פּאָליטיק איז די איינציק־ריכטיקע פּאָליטיק. מיר זיינען ארויס די זיגער פונעם קאמפ קעגן די אָפּנייגן דערפאר, ווייל מיר האָבן ערלעך און קאָנסעקווענט אויסגעפירט דעם דאָזיקן געבאָט לענינס. (אפּלאָדיסמענטן.)



איך ענדיק, כאַווײרים.

וואָס איז דער אלגעמיינער אויספיר?

מיר האָבן געהאט פארן פארגאנגענעם פעריאָד א ריי אנטשיידענע דערפאָלגן אפ אַלע פראָנטן פון דער סאָציאַליסטישער בויונג. מיר האָבן געהאט די דאָזיקע דערפאָלגן דערפאר, ווייל מיר האָבן באוויזן צו האלטן הויך לענינס גרויסע פאָן. אויב מיר ווילן זיגן, דארפן מיר אויך ווייטער האלטן לענינס פאָן הויך, אָפּהיטנדיק איר ריינקייט און אומבאפלעקטקייט. (אפּלאָדיסמענטן.)

אָט אזא איז דער אלגעמיינער אויספיר.

מיט לענינס פאָן האָבן מיר געזיגט אין די שלאכטן פאר דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע.

מיט לענינס פאָן האָבן מיר זיך דערשלאָגן אנטשיידנדיקע דערפאָלגן אינעם קאמפ פארן ניצאָכן פון דער סאָציאַליסטישער בויונג.

מיט דער זעלבער פאָן וועלן מיר זיגן אין דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע אין דער גאנצער וועלט.

זאָל לעבן דער לענינעיזם! (הויכע, לאנגדויערנדיקע אפּלאָדיסמענטן. אָוואציעס פונעם גאנצן זאל.)

## שלוסוואָרט

כאַווײרים! נאָך די דעבאטן איבערן באריכט פון צק, נאָך דעם אלעמען, וואָס עס איז פאָרגעקומען בא אונדז אפן צוזאמענפאָר אין צוזאמענהאנג מיט דער ארויסטרעטונג פון די געוועזענע לידערס פון דער רעכטער אָפּאָזיציע, בלייבט מיר ווייניק וואָס צו זאָגן אין מיין שלוסוואָרט.

איך האָב געזאָגט אין מיין פאָרטראָג, אז דער XVI פּארטיי־צוזאמענפאָר איז איינער פון די ווייניקע צוזאמענפאָרן אין דער געשיכטע פון אונ־

דזער פּארטיי, וואָס אפּ אים איז נישאָ קיין וויפל־ניט־איז אויסגעפורעמטע אָפּאָזיציע, וועלכע קאָן ארויסשטעלן איר אייגענע ליניע און אנטקעגנשטעלן זי דער פארטיי־ליניע. און אזוי איז טאקע, ווי איר זעט, ארויסגעקומען אינדערעמעסן. אפּ אונדזער צוזאמענפאָר, אפּנ XVI פּארטיי־צוזאמענפאָר, האָט זיך ניט געפונען ניט נאָר קיין אויסגעפורעמטע אָפּאָזיציע, נאָר עס האָט זיך ניט געפונען אפילע קיין קליינינקע גרופּע אָדער אפילע באזונדערע כאווירים, וועלכע זאָלן האלטן פאר רעכטמעסיק ארויסצוגיין דאָ אפּ דער טריבונע און דערקלערן וועגן דער ניט־ריכטיקייט פון דער פארטיי־ליניע. קלאָר, אז די ליניע פון אונדזער פארטיי איז די איינציק־ריכטיקע ליניע, דערביי, ווייזט זיך ארויס, איז איר ריכטיקייט אזוי באשיים־פערלעך און אומבאשטרייטבאר, אז אפילע די געוועזענע לידערס פון דער רעכטער אָפּאָזיציע האָבן געהאלטן פאר נייטיק אָן וואקלונגען אונטערצושטרייכן אינ זייערע ארויסטרעטונגען די ריכטיקייט פון דער גאנצער פארטיי־פּאָליטיק.

פארשטייט זיך, אז נאָך דעם אלעמען איז איבעריק א סאך צו ריידן וועגן דער ריכטיקייט פון די האנאָכעס, וועלכע זיינען אנטוויקלט געוואָרן אינעם באריכט־פאָרטראָג. עס איז איבעריק, ווייל די פארטיי־ליניע, צוליב איר באשייםפערלעכער ריכטיקייט, נייטיקט זיך ניט, הייכט עס, אינ ווייטערדיקער פארטיידיקונג אפּ דעם דאָזיקן צוזאמענפאָר. און אויב, ניט געקוקט דערוף, האָב איך זיך ניט אָפּגעזאָגט פונעם שלוסוואָרט, איז דאָס דערפאר, ווייל עס איז דאָך ניט איבעריק, לויט מיין מיינונג, צו ענטפערן קורצ אפּ אייניקע צעטלעך, וואָס די כאווירים האָבן דערלאנגט אינ פּרעזידיום פונעם צוזאמענפאָר, און דערנאָך זאָגן עטלעכע ווערטער אינ צוזאמענהאנג מיט דער ארויסטרעטונג פון די געוועזענע לידערס פון דער רעכטער אָפּאָזיציע.

א גרויסער טייל צעטלעך איז שייעך אייניקע צווייטראנגיקע פראגן: פארוואָס איז אינ די באריכט־פאָרטראָגן ניט דערמאָנט געוואָרן וועגן פערד־צוכט, — צי קאָן מען ניט דערמאָנען וועגן דעם אינעם שלוסוואָרט (געלעכטער); פארוואָס איז אינ די באריכט־פאָרטראָגן ניט דערמאָנט געוואָרן וועגן וווינונג־בויונג, — צי קאָן מען ניט זאָגן עפּעס וועגן דעם אינעם שלוסוואָרט; פארוואָס האָט מען אינ די באריכט־פאָרטראָגן גאָרנישט ניט געזאָגט וועגן דער עלעקטריפיקאציע פון דער לאנדווירטשאפט, — צי קאָן מען ניט זאָגן עפּעס וועגן דעם אינעם שלוסוואָרט. און אזוי ווייטער אינ דעם זעלבן גייסט.

איך דארפ ענטפערן די דאָזיקע אלע כאווירים, אז איך האָב ניט געקאָנט בארירן אינ מיין פאָרטראָג אלע פראגן פון דער פאָלקווירטשאפט.

און ניט נאָר ניט געקאָנט, נאָר ניט געהאַט קיין רעכט דערויף, ווײַל איך האָב קיין רעכט ניט זיך אַרײַנרײַסן אין געביט פון די פּאָרטרעגן פון די כּכ' קויבישעוו און יאַקאָווליעוו, וועלכע דאַרפן אײַך דערציילן וועגן די קאָנקרעטע פּראָבלעמען פון דער אינדוסטריע און פון דער לאַנדווירטשאַפט. אינדערעמעסן, אויב מע זאָל אין באַריכט פון צק באַרירן אַלע פראַגן, איז וועגן וואָס זשע דאַרפן דעמלט ריידן די פּאָרטרעגער אין זייערע פּאָרטרעגן וועגן דער אינדוסטריע, לאַנדווירטשאַפט אאַוו. (שטימען: „ריכטיק!”)

באַזונדערס, וועגן דעם צעטעלע מיקויעך דער עלעקטריפיקאַציע פון דער לאַנדווירטשאַפט דאַרף איך באַמערקן, אַז דער אַוטער פונעם צעטעלע דערלאָזט אייניקע ניט-ריכטיקייטן. ער פאַרזיכערט, אַז מיר זײַנען שוין „האַרט צוגעקומען” צו דער עלעקטריפיקאַציע פון דער לאַנדווירטשאַפט, אַז דער פּאָלקאָמערד לאָזט ניט זיך אַנטוויקלען דער דאָזיקער זאַך, אַז לענין האָט געטראַכט וועגן דעם אַנדערש אאַוו. דאָס אַלץ איז ניט ריכטיק, כאַווײרים. מע קאָן ניט זאָגן, אַז מיר זײַנען „האַרט צוגעקומען” צו דער עלעקטריפיקאַציע פון דער לאַנדווירטשאַפט. ווען מיר וואָלטןווירקלעך האַרט צוגעקומען צו דער עלעקטריפיקאַציע פון דער לאַנדווירטשאַפט, וואָלטן מיר איצט שוין געהאַט אַ 10 — 15 ראַיאָנען מיט עלעקטריפיצירטער לאַנדווירטשאַפטלעכער פּראָדוקציע. אָבער איר ווייסט גוט, אַז דערווײַל האָבן מיר נאָך אַזוינס גאָרניט. אַלץ, וואָס מע קאָן איצט זאָגן וועגן דער עלעקטריפיקאַציע פון דער לאַנדווירטשאַפט, איז דאָס, אַז די עלעקטריפיקאַציע געפינט זיך בא אונדז אין דער סטאַדיע פון עקספּערימענטאַלער דורכאַרבעט. לענין האָט אַזוי טאַקע געקוקט דערויף און האָט דערמוטיקט די פּרוּוון צו עלעקטריפיצירן די לאַנדווירטשאַפט. אייניקע כאַווײרים מיינען, אַז די טראַקטערס האָבן שוין אָפּגעלעבט זייער צײַט, אַז עס איז שוין געקומען די צײַט אַריבערצוגיין פון טראַקטערס צו עלעקטריפיקאַציע פון דער לאַנדווירטשאַפט. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, אַן אַבסורד און פאַנטאַסטיק. אַזעלכע כאַווײרים דאַרף מען אַוועקזעצן אויפן אָרט. דער פּאָלקאָמערד טוט טאַקע אַזוי מיט די דאָזיקע כאַווײרים. הייסט עס, אַז די אומצופרידנקייט פונעם אַוטער פונעם צעטעלע מיטן פּאָלקאָמערד קאָן מען ניט האַלטן פאַר באַגרינדעט.

די צווייטע גרופּע צעטעלעך איז שײַעך דער נאַציאָנאַלער פראַגע. איינס פון די דאָזיקע צעטעלעך, וואָס איך האַלט פאַרן סאַמע אינטערעסאַנטן, פאַרגלײַכט די שטעלונג פון דער פּראָבלעם פון נאַציאָנאַלע שפּראַכן אין מײַן פּאָרטראָג אויפן XVI צוזאַמענפאָר מיט דער שטעלונג, וואָס איז געגעבן געוואָרן אין מײַן אַרויסטרעטונג אינעם אוניווערסיטעט פאַר די מיזרעכ-פעלקער אין 1925 יאָר, און געפינט אײַן, אַז דאָ איז פאַראַן אַ געוויסע אומקלאָרקײַט, וועלכע דאַרף דערקלערט ווערן. „איר, — זאָגט דאָס

צעטעלע, — האָט דאנ דערווידערט קעגנ דער טעאָריע (קאוטסקיס) וועגנ
דער אָפשטארבונג פונ די נאציאָנאלע שפראכנ אונ דער באשאפונג פונ איינ
אלגעמיינער שפראכ אינעמ פעריאָד פונ סאָציאליזמ (אינ איינ לאנד),
אונ איצט, אינ אייער פאָרטראָג אפנ XVI צוזאמענפאָר, דערקלערט איר, אז
די קאָמוניסטנ זיינענ אָנהענגער פונ צונויפגיסנ די נאציאָנאלע קולטורנ אונ
די נאציאָנאלע שפראכנ אינ איינ אלגעמיינער קולטור מיט איינ אלגע-
מיינער שפראכ (אינעמ פעריאָד פונ זיג פונעמ סאָציאליזמ
אינ אלוועלטלעכנ מאסשטאב), — צי איז דאָ ניטאָ קיינ אומ-
קלאָרקייט?"

איכ מיינ, אז דאָ איז ניטאָ ניט קיינ אומקלאָרקייט, ניט קיינ וועלכער-
ניט־איז ווידערשפרוכ. אינ מיינ ארויסטרעטונג אינ 1925 יאָר האָב איכ
דערווידערט קעגנ קאוטסקיס נאציאָנאל-שאָוויניסטישער טעאָריע, לויט וועל-
כער דער זיג פונ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע אינמיטנ פאָריקנ יאָר-
הונדערט אינ דער פאראייניקטער עסטרייכ-דייטשישער מעלוכע האָט בא-
דארפט ברענגענ צו א צונויפגיסונג פונ די נאציעס אינ איינ אלגעמיינער
דייטשישער נאציע מיט איינ אלגעמיינער דייטשישער שפראכ אונ
צומ גערמאניזירנ די טשעכנ. איכ האָב דערווידערט קעגנ דער דאָזיקער
טעאָריע, ווי קעגנ אנ אנטימארקסיסטישער, אנ אנטילענינישער, פארופנדיק
זיכ אפ פאקטנ פונעמ לעבנ פונ אונדזער לאנד נאָכנ זיג פונעמ סאָציא-
ליזמ אינ פססר, וועלכע לייקענענ אָפ די דאָזיקע טעאָריע. איכ דערווידער אויכ
איצט קעגנ דער דאָזיקער טעאָריע, ווי דאָס איז צו זענ פונ מיינ באריכט-
פאָרטראָג אפ אָט דעמ XVI צוזאמענפאָר. איכ דערווידער, ווייל די טעאָ-
ריע פונ צונויפגיסנ אלע נאציעס, לאָמיר זאָגנ, פונ פססר, אינ איינ אלגע-
מיינער גרויסרוסישער נאציע, מיט איינ אלגעמיינער גרויסרוסי-
שער שפראכ איז א טעאָריע א נאציאָנאל־שאָוויניסטישע, א טעאָריע אנ
אנטילענינישע, וועלכע ווידערשפרעכט דער גרונט-האנאָכע פונעמ לעניניזמ,
וואָס באשטייט דערינ, אז די נאציאָנאלע אונטערשיידנ קאָנענ ניט פאר-
שווינדנ אינעמ נאָענטסטנ פעריאָד, אז זיי מוזנ בלייבנ נאָכ אפ לאנג אפי-
לע נאָכנ זיג פונ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע אינעמ וועלט-
מאסשטאב. וואָס איז שייכ דער מער ווייטער פערספעקטיוו פונ די
נאציאָנאלע קולטורנ אונ נאציאָנאלע שפראכנ, האָב איכ זיכ שטענדיק גע-
האלטנ אונ האלט זיכ ווייטער בא דעמ לענינישנ קוק, אז אינ פעריאָד
פונ זיג פונעמ סאָציאליזמ אינ וועלט־מאסשטאב, ווענ דער סאָציא-
ליזמ וועט זיכ פארפעסטיקנ אונ וועט ארייַנ אינ שטייגער, מוזנ די נאצי-
אָנאלע שפראכנ אומפארמיידלעכ זיכ צונויפגיסנ אינ איינ אלגעמיינער שפראכ,
וואָס וועט, פארשטייט זיכ, זיינ ניט די גרויסרוסישע, ניט די דייטשישע,

נאָר עפּעס אַ נײַע. װעגנ דעם האָב איכ אויכ באַשטימט דערקלערט אינ מײַנ פּאַרטראָג אױפֿנ XVI צוזאַמענפֿאָר.

װו זשע איז דאָ די אומקלאָרקײַט און װאָס, אײגנטלעכ, פֿאָדערט זיכ דאָ צו דערקלערנ?

אַפּאָנעם, אַז די אױטערס פֿונעם צעטעלע האָבנ זיכ ניט אינגאַנצנ קלאָר געמאַכט װײניקסטנס צװײ זאַכנ.

זײ האָבנ זיכ ניט קלאָר געמאַכט פֿריִער פֿאַר אַלצ דעם פֿאַקט, אַז מיר זײַנענ אינ פֿססר שױנ אַרײַנגעטראָטנ אינעם פּעריִאָד פֿונ סאָציַאַליזם, דערבײַ איז, ניט געקוקט דערויף, װאָס מיר זײַנענ אַרײַנגעטראָטנ אינ דעם דאָזיקנ פּעריִאָד, שטאַרבנ די נאַציעס ניט נאָר ניט אָפּ, נאָר, פֿאַרקערט, זײ אַנטװיקלענ און צעבליִענ זיכ. צי זײַנענ מיר שױנ אַרײַנגעטראָטנ אינעם פּעריִאָד פֿונ סאָציַאַליזם? אונדזער פּעריִאָד רופֿט זיכ געװײנלעכ אָנ איבערגאַנג־פּעריִאָד פֿונעם קאַפּיטאַליזם צום סאָציַאַליזם. ער האָט זיכ גערופֿנ איבערגאַנג-פּעריִאָד אינ 1918 יאָר, װענ לענינ האָט אינ זײַנ באַרימטנ אַרטיקל „װעגנ דער „לינקער" קינדערײַ" צום ערשטנ מאָל כאַראַקטעריזירט דעם דאָזיקנ פּעריִאָד מיט זײַנע פֿינפֿ טיפּנ פֿונעם װירטשאַפֿטלעכנ לעבנ. ער רופֿט זיכ אָנ איבערגאַנג-פּעריִאָד איצט, אינ 1930 יאָר, װענ אײניקע פֿונ די דאָזיקע װירטשאַפֿט-טיפּנ, װי פֿאַרעלטערטע, גײענ שױנ צו גרונט, און אײנער פֿונ די דאָזיקע װירטשאַפֿט־טיפּנ, נעמלעכ, דער נײַער װירטשאַפֿט-טיפּ אינ געביט פֿונ דער אינדוסטריע און לאַנדװירטשאַפֿט, װאַקסט און אַנטװיקלט זיכ מיט אומגעזעענער שנעלקײַט. צי קאָנ מענ זאָגנ, אַז די דאָזיקע צװײ איבערגאַנג־פּעריִאָדנ זײַנענ אידענטיש, אַז זײ אונטערשײדנ זיכ ניט ראַדיקאַל אײנער פֿונעם צװײטנ? קלאָר, אַז מע קאָנ ניט. װאָס האָבנ מיר געהאַט אינ 1918 יאָר אינ געביט פֿונ דער פֿאָלקװירטשאַפֿט? אַ כאָרעװע אינדוסטריע און צינד־מאַשינקעס, קײנ קאָלװירטנ און ראַטװירטנ אַלס מאַסנ-דערשײַנונג זײַנענ ניט געװענ, ס'איז געװענ אַ װוּקס פֿונ דער „נײַער" בורזשואַזיע אינ שטאָט און פֿונעם באַלעגופֿנטום אינ דאָרפֿ. װאָס האָבנ מיר איצט? אַנ אױפֿגעשטעלטע און רעקאָנסטרויִרט װערנדיקע סאָציַאַליסטישע אינדוסטריע, אַנ אַנטװיקלטע סיסטעם ראַטװירטנ און קאָלװירטנ, װעלכע האָבנ העכער 40% פֿונ אַלע פֿאַרזײענ אינ פֿססר בלויז פֿונ זומער-קולטורנ, אַנ אָפּשטאַרבנדיקע „נײַע" בורזשואַזיע אינ שטאָט, אַנ אָפּשטאַרבנדיק באַלעגופֿנטום אינ דאָרפֿ. סײַ דאָרט איז אַנ איבערגאַנג־פּעריִאָד. סײַ דאָ איז אַנ איבערגאַנג-פּעריִאָד. און דאָכ אונטערשײדנ זײ זיכ ראַדיקאַל אײנער פֿונעם צװײטנ, װי דער הימל פֿונ דער ערד. און דאָכ קאָנ קײנער ניט אָפּלײקענענ, אַז מיר שטײענ אױפֿ דער שװעל פֿונ ליקװידירנ דעם לעצטנ ערנסטנ קאַפּיטאַליסטישנ קלאַס, דעם קלאַס באַלעגופֿים. עס איז

קלאָר, אז מיר זײַנען שוין ארויס פונעם איבערגאנג-פּעריאָד אינעם אלטן זין זײַנעם און זײַנען ארײַנגעטראָטן אינעם פּעריאָד פון דירעקטער און פאנאנדערגעוויקלטער סאָציאַליסטישער בויונג אפן גאנצן פראָנט. עס איז קלאָר, אז מיר זײַנען שוין ארײַנגעטראָטן אינעם פּעריאָד פון סאָציאַליזם, ווײַל דער סאָציאַליסטישער סעקטער האלט איצט אין די הענט אלע ווירטשאפטלעכע הייבערס פון דער גאנצער פאָלקווירטשאפט, האגאַם ביזן אויסבויען די סאָציאַליסטישע געזעלשאפט און פארניכטן די קלאסן־אונ־טערשיידן איז נאָך ווײַט. און דאָך, ניט געקוקט דערויף, שטארבן די נאַ־ציאָנאלע שפּראכן ניט נאָר ניט אָפּ און זיי גיסן זיך ניט צונויף אין איין אלגעמיינער שפּראך, נאָר, פארקערט, די נאציאָנאלע קולטורן און נאציאָנאלע שפּראכן אנטוויקלען זיך און צעבליִען. צי איז דען ניט קלאָר, אז די טעאָריע פון אָפּשטארבונג פון די נאציאָנאלע שפּראכן און פון זייער צונויפגיסונג אין איין אלגעמיינער שפּראך אין די ראמען פון איין מעלוכע אינעם פּעריאָד פון פאנאנדערגעוויקלטער סאָציאַליסטישער בויונג, אינעם פּעריאָד פון סאָציאַליזם אין איין לאנד, איז א טעאָריע ניט קיין ריכטיקע, אן אנטימארקסיסטישע, אן אנטילענינישע.

די אוּוטערס פונעם צעטעלע האָבן זיך ניט קלאָר געמאכט, צווייטנס, אז די פראגע וועגן דער אָפּשטארבונג פון די נאציאָנאלע שפּראכן און זיי־ער צונויפגיסונג אין איין אלגעמיינער שפּראך איז ניט א פראגע אן אי־נערלעך־מעלוכישע, ניט א פראגע פון זיג פון סאָציאַליזם אין איין לאנד, נאָר א פראגע אן אינטערנאציאָנאלע, א פראגע פון זיג פון סאָציאַליזם אין אינטערנאציאָנאלן מאסשטאב. די אוּוטערס פונעם צעטעלע האָבן ניט פארשטאנען, אז מע טאָר ניט צונויפמישן דעם זיג פו־נעם סאָציאַליזם אין איין לאנד מיטן זיג פונעם סאָציאַליזם אין אינטערנאציאָנאלן מאסשטאב. ניט אומזיסט האָט לענין געזאָגט, אז די נאציאָנאלע אונטערשיידן וועלן בלײַבן נאָך אף לאנג אפילע נאָכן זיג פון דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט אין אינטערנאציאָנאלן מאסשטאב. אויסער דעם דארף מען נעמען אין אכט נאָך איין אומשטאנד, וואָס איז שײַעך צו א ריי נאציאָנאליטעטן פון פססר. עס איז דאָ אוקראַיִנע אין באשטאנד פון פססר. אָבער עס איז דאָ אויך אן אנדער אוקראַיִנע אין באשטאנד פון אנדערע מעלוכעס. עס איז דאָ ווײַסרוסלאנד אין באשטאנד פון פססר. אָבער עס איז דאָ אויך אן אנדער ווײַסרוסלאנד אין באשטאנד פון אנדערע מעלוכעס. צי מיינט איר, אז די פראגע וועגן דער אוקראַיִני־שער און ווײַסרוסישער שפּראך קאָן געלייזט ווערן אויסער דעם דיסקאָנט פון די דאָזיקע אייגנארטיקע באדינגונגען? נעמט, ווײַטער, די נאציאָנאלי־טעטן פון פססר, וועלכע געפינען זיך אף דער דאָרעמדיקער גרענעץ זײַ־

נער, פון אזערבײַדזשאַן ביז קאזאַקסטאַן און בוריאַט-מאָנגאָליע. זיי אַלע געפינען זיך אין דער זעלבער לאַגע, וואָס אוקראַינע און ווײַסרוסלאַנד. פאַרשטייט זיך, אַז אויך דאָ וועט אויסקומען צו נעמען אין אַכט די אייגנאַרטיקײַט פון די אַנטוויקלונג-באַדינגונגען פון די דאָזיקע נאַציאָנאַליטעטן.

איז דען ניט קלאָר, אַז די דאָזיקע אַלע און ענלעכע צו זיי פראַגן, וועלכע זײַנען פאַרבונדן מיט דער פּראָבלעם פון נאַציאָנאַלע קולטורן און נאַציאָנאַלע שפּראַכן, קאָנען ניט געלייזט ווערן אין די ראַמען פון איין מעלוכע, אין די ראַמען פון פססר?

אָט ווי עס האַלט, כאַווײרים, מיט דער נאַציאָנאַלער פראַגע ביכלאַל, מיטן אויבן דערמאָנטן צעטעלע איבער דער נאַציאָנאַלער פראַגע ביפראַט.

דערלויבט איצט אַריבערגיין צו דער אַרויסטרעטונג פון די געוועזענע לידערס פון דער רעכטער אָפּאָזיציע.

וואָס פאָדערט דער צוזאַמענפאָר פון די געוועזענע לידערס פון דער רעכטער אָפּאָזיציע? עפּשער, כאַראָטע, זיי זאָלן אַליין זיך שמײַסן? פאַרשטייט זיך, אַז ניט! קיינמאָל וועט אונדזער פּאַרטיי, דער צוזאַמענפאָר פון אונדזער פּאַרטיי ניט גיין אַף פאָדערן פון פּאַרטיי-מיטגלידער עפּעס אַזוינס, וואָס קאָן זיי דערנידעריקן. דער צוזאַמענפאָר פאָדערט בא די געוועזענע לידערס פון דער רעכטער אָפּאָזיציע דרײַ זאַכן: ערשטנס, אַז זיי זאָלן זיך אָפּגעבן אַ כעזשבן אין דעם, אַז צווישן דער ליניע פון דער פּאַרטיי און דער ליניע, וואָס זיי האָבן פאַרטיידיקט, ליגט אַן אָפּגרונט, אַז די ליניע, וואָס זיי האָבן פאַרטיידיקט, פירט אָביעקטיוו ניט צום זיג פונעם סאָציאַליזם, נאָר צום זיג פונעם קאַפּיטאַליזם (שטימען: „ריכטיק!״); צווייטנס, אַז זיי זאָלן פאַרשטעמפּלען די דאָזיקע ליניע, ווי אַן אַנטילעניניש, און זיך אָפּגרענעצן פון איר אָפן און ערלעך (שטימען „ריכטיק!״); דריטנס, אַז זיי זאָלן גיין טראָט אין טראָט מיט אונדז און זאָלן פירן צוזאַמען מיט אונדז אַן אַנטשיידענעם קאַמף קעגן אַלע און יעטווידע רעכטע אָפּנייגלער. (שטימען: „ריכטיק!״ שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן.)

אָט וואָס דער צוזאַמענפאָר פאָדערט בא די געוועזענע לידערס פון דער רעכטער אָפּאָזיציע.

צי איז דאָ אין די דאָזיקע פאָדערונגען עפּעס דערנידעריקנדיקס פאַר זיי, ווי פאַר מענטשן, וועלכע ווילן בלײַבן באָלשעוויקעס?

עס איז קלאָר, אַז דאָ איז ניטאָ און קאָן ניט זײַן קיין שום דערנידעריקנדיקס. יעדער באָלשעוויק, יעדער רעוואָלוציאָנער, יעדער זיך אַכטנדיקער פאַרטייער וועט פאַרשטיין, אַז ער קאָן בלויז זיך אופהייבן און געווינען אין די אויגן פון דער פּאַרטיי, אויב ער וועט אַנערקענען אָפן און ערלעך קלאָרע און אומבאַשטרײַטבאַרע פאַקטן.

אָט פאַרוואָס איכ מיינ, אַז כ׳ טאָמסקיס רייד וועגנ דעם, אַז מע וויל אים שיקנ אינ דער מידבער גאָבי אונ צווינגענ עסנ ווילדנ האָניק אונ אַקרידנ, זיינענ פּוסטע ווערטלעכ פונ פּראָווינציעל־וואָדעווילישנ כאַראַקטער, וועלכע האָבנ ניט קיינ שום נעמיינזאַמעס מיט דער פראַגע וועגנ דער ווירדע פונ אַ רעוואָליוציאָנער. (גע לע כ ט ע ר. אַ פּ לאָ ד י ס מ ע נ ט נ.)

מע קאָנ פרעגנ: פאַרוואָס זשע שטעלט אַרויס דער צוזאַמענפאָר באַנייס צו די געוועזענע לידערס פונ דער רעכטער אָפּאָזיציע די דאָזיקע פאָדערונגענ? איז דענ ניט קיינ פאַקט, אַז זיי, די דאָזיקע פאָדערונגענ, זיינענ שוינ איינ מאָל צו זיי אַרויסגעשטעלט געוואָרנ אינ נאָיאַבער 1929 יאָר, אַפנ פּלענום פונ צק? איז דענ ניט קיינ פאַקט, אַז זיי, די געוועזענע לידערס פונ דער רעכטער אָפּאָזיציע, זיינענ דאַנ איינגעגאַנגענ אַפ די דאָזיקע פאָדערונגענ, האָבנ זיכ אָפּגעזאָגט פונ זייער ליניע, אָנערקענענדיק איר פעלערהאַפטיקייט, אָנערקענט די ריכטיקייט פונ דער פּאַרטיי־ליניע אונ צוגעזאָגט קעמפנ קעגנ דעם רעכטנ אָפּנייג צוזאַמענ מיט דער פּאַרטיי? יאָ, דאָס אַלצ איז געוועזנ. אויב אַזוי, אינ וואָס זשע גייט עס דאַנ? עס גייט אינ דעם, וואָס זיי האָבנ ניט אויסגעפילט זייער צוזאָג, ניט אויסגעפילט אונ פילנ ניט אויס די פאַרפליכטונגענ, וואָס זיי האָבנ געגעבנ מיט זיבנ כאַדאָשים צוריק. (שטימענ: „ריכטיק!") דער כ׳ אוגלאַנאָוו איז געוועזנ פולשטענדיק גערעכט, ווענ ער האָט דערקלערט אינ זיינ רעדע, אַז זיי האָבנ ניט אויסגעפילט זייערע פאַרפליכטונגענ, וואָס זיי האָבנ געגעבנ דעם נאָיאַבער־פּלענום פונ צק.

אָט ווו עס איז דער קוואַל פונ דעם אומצוטרוי, וואָס זיי באַגעגענענ איצט אַפ דעם דאָזיקנ צוזאַמענפאָר.

אָט פאַרוואָס דער צוזאַמענפאָר שטעלט זיי באַנייס אַרויס זיינע פאָדערונגענ.

די כּכ׳ ריקאָוו, טאָמסקי אונ אוגלאַנאָוו האָבנ זיכ דאָ געקלאָגט, אַז דער צוזאַמענפאָר באַציט זיכ צו זיי מיט אומצוטרוי. אָבער ווער איז דערינ שולדיק? שולדיק זיינענ זיי אַליינ. ווער עס פילט ניט אויס זיינע היסכייווסנ, דער קאָנ ניט אויסרעכענענ אַפ קיינ צוטרוי.

צי האָבנ זיי, די געוועזענע לידערס פונ דער רעכטער אָפּאָזיציע, געהאַט מעגלעכקייטנ, געלעגנהייטנ אויסצופילנ זייער צוזאָג אונ אוועקשטעלנ אַ ציילעם אַפ דער פאַרגאַנגענהייט? פאַרשטייט זיכ, אַז עס זיינענ געוועזנ. אונ וואָס האָבנ זיי געטאָנ אינ מעשעכ פונ די זיבנ כאַדאָשים, קעדיי אויסנוצנ די דאָזיקע מעגלעכקייטנ אונ געלעגנהייטנ? גאָרניט.

ניט לאַנג איז דער כ׳ ריקאָוו געוועזנ אַפ דער אוראַלער קאָנפערענצ. האָט ער געהאַט, הייסט עס, די סאַמע גינסטיקע געלעגנהייט צו פאַריכטנ

זײַנע פעלערן. איז וואָס זשע? אָנשטאָט צו אײַנרײַסן אָפן און אַנטשיידן מיט זײַנע וואקלונגען, האָט ער דאָרט געגומען דרייען און מאַנעווורירן. פאַרשטייט זיך, אַז די אוראַלער קאָנפערענץ האָט ניט געקאָנט אים ניט געבן קיין ווידערשטאַנד. פאַרגלײַכט איצט כ׳ ריקאָווס רעדע אַף דער אוראַלער קאָנפערענץ מיט זײַן רעדע אַפן XVI צוזאַמענפאָר. צווישן זיי איז אַ טהאָם. דאָרט דרייט ער און מאַנעווורירט, קעמפנדיק קעגן דער אוראַלער קאָנפערענץ. דאָ פּרוּווט ער זיך אָפן און אַפן קאָל אָנערקענען זײַנע פעלערן, ער פרוּווט זיך אײַנרײַסן מיט דער רעכטער אָפּאָזיציע און זאָגט צו שטיצן די פאַרטיי אין קאַמף קעגן די אָפּנייגן. פונוואַנען נעמט זיך אַזאַ ענדערונג, מיט וואָס דערקלערט מען עס? די דערקלערט זיך, אַפּאָנעם, מיט דער דראָענדיקער סיטואַציע, וואָס האָט זיך געשאַפן אין דער פאַרטיי פאַר די געוועזענע לידערס פון דער רעכטער אָפּאָזיציע. עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס באַם צוזאַמענפאָר האָט זיך געשאַפן אַ באַשטימטער אײַנדרוק: ביזוואַנען דו וועסט ניט אָנקוועטשן אַף די דאָזיקע מענטשן, וועסטו זיך פון זיי גאָרניט דערשלאָגן. (**אַלגעמײַנער געלעכטער. דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.**)

צי האָט דער כ׳ אוגלאַנאָוו געהאַט אַ מעגלעכקײַט אויסצופילן זײַן צוזאָג, וואָס ער האָט געגעבן דעם נאָיאַבער־פּלענום פון צק? יאָ, געהאַט. איך האָב אין זין די אומפאַרטיייִשע פאַרזאַמלונג אַפן זאַוואָד „מאָסעלעקטריק“, ווו ער איז ניט לאַנג צוריק אַרויסגעטראָטן. איז וואָס זשע? אָנשטאָט אַרויסצוטרעטן ווי עס פּאַסט פאַר אַ באָלשעוויק, האָט ער דאָרט גענומען באַשמוצן די ליניע פון דער פאַרטיי. פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט דערפאַר געקראָגן דעם געהעריקן ווידערשטאַנד מיצאַד דעם זאַוואָדישן קעמערל. פאַרגלײַכט איצט די דאָזיקע אַרויסטרעטונג זײַנע מיט זײַן מעלדונג, וואָס איז הײַנט אָפּגעדרוקט אין „פּראַוודאַ“. צווישן זיי איז אַ טהאָם. מיט וואָס דערקלערט זיך די דאָזיקע ענדערונג? מיט דער זעלבער דראָענדיקער סיטואַציע, וואָס האָט זיך געשאַפן אַרום די געוועזענע לידערס פון דער רעכטער אָפּאָזיציע. וואָס זשע איז דאָ פאַר אַ וואונדער, אויב דער צוזאַמענפאָר האָט געמאַכט דערפון אַ באַשטימטן אויספיר: ניט אָנקוועטשנדיק אַף די דאָזיקע מענטשן, וועסטו זיך פון זיי גאָרניט דערשלאָגן. (**אַלגעמײַנער געלעכטער. אַפּלאָדיסמענטן.**)

אָדער, צומבײַשפּיל, דער כ׳ טאָמסקי. ניט לאַנג איז ער געווען אין טיפליס אַף דער טראַנסקאַווקאַזער קאָנפערענץ. ער האָט געהאַט, הייסט עס, אַ געלעגנהײַט צו פאַרגלעטן זײַנע זינד. איז וואָס זשע? ער האָט דאָרט באַרירט אין זײַן רעדע די ראַטנווירטן, די קאָלווירטן, די קאָאָפּעראַציע, די קולטור-רעוואָליוציע און אַנדערע אַזעלכע זאַכן, אָבער וועגן איקער, דהײַ

וועגנ זײַנ אָפּאָרטוניסטישער ארבעט אינעמ אלפארבאנדישנ צענטראלנ פּראָפראט, האָט ער ניט געזאָגט קיינ איינ וואָרט. אָט דאָס הייסט אויספילנ די פארפליכטונגענ, וואָס זײַנענ געגעבנ געוואָרנ דער פּארטיי! געוואָלט איבערקליגנ די פּארטיי, ניט פארשטייענדיק, אז מיליאָנענ אויגנ קוקנ אפ יעדנ פונ אונדז און דאָ וועסטו קיינעמ ניט איבערקליגנ. פארגלײַכט איצט זײַנ ארויסטרעטונג אינ טיפליס מיט זײַנ ארויסטרעטונג אפ דעמ דאָזיקנ צוזאמענפאָר, ווי ער האָט גלײַכ אונ אָפנ אנערקענט זײַנע אָפּאָרטוניסטישע פעלערנ אינ דער אָנפירונג מיטנ אלפארבאנדישנ צענטראלנ פּראָפראט. צווישנ זיי איז א טהאָמ. מיט וואָס קאָנ מענ דערקלערנ דעמ דאָזיקנ כילעק? מיט דער זעלביקער דראָענדיקער סיטואציע, וואָס האָט זיכ געשאפנ ארומ די געוועזענע לידערס פונ דער רעכטער אָפּאָזיציע. וואָס זשע איז דער וווּנדער, אויב דער צוזאמענפאָר האָט געפּרוּווט א קוועטש טאָנ ווי געהעריק אפ די דאָזיקע כאווײרימ, קעדיי זיכ דערשלאָגנ פונ זיי, זיי זאָלנ אויספילנ זייערע פארפליכטונגענ. (אפּלאָדיסמענטנ. *א ל ג ע מ יי נ ע ר  ג ע ל ע כ ט ע ר  פ ו נ ע מ  ג א נ צ נ  ז א ל.*)

אָט ווי עס איז דער קוואל פונ דעמ אומצוטרוי, וואָס דער צוזאמענפאָר האָט נאָכ צו די דאָזיקע כאווײרימ.

מיט וואָס דערקלערט מענ אזא, מער ווי מאָדנע, אופירונג פונ די געוועזענע לידערס פונ דער רעכטער אָפּאָזיציע?

מיט וואָס דערקלערט מענ דעמ פאקט, וואָס זיי האָבנ קיינ איינ מאָל זיכ ניט געפּרוּווט פארנ פארגאנגענעמ פּערִיאָד אויסצופילנ זייערע פארפליכטונגענ פרײַוויליק, אָנ א דרוק פונ אויסנ?

דאָס דערקלערט זיכ ווײַניקסטנס מיט צוויי אומשטענדנ.

ערשטנס, דערמיט, וואָס, זײַענדיק נאָכ ניט אינגאנצנ זיכער אינ דער ריכטיקײַט פונ דער פּארטיי־ליניע, האָבנ זיי שטילערהייט פּאָרגעזעצט א געוויסע פראקציאָנעלע ארבעט, געצויגנ ביז א צײַט אונ אויסגעווארט אפ א גוטער געלעגנהײַט, קעדיי באנײַס ארויסטרעטנ אָפנ קעגנ דער פּארטיי. צונויפקומענדיק זיכ אפ זייערע פראקציאָנעלע פארזאמלונגענ אונ באהאנדלענדיק פּארטיי־פראגנ, האָבנ זיי געוויינלעכ געכעזשבנט: לאָמיר צוווארטנ ביז פרילינג, עפשער וועט די פּארטיי דורכפאלנ מיט די פּארזייענ,— דאנ וועלנ מיר א קלאָפּ טאָנ ווי געהעריק. דער פרילינג האָט זיי, אָבער, ניט געגעבנ קיינע פּליוסנ, ווײַל די פּארזייענ זײַנענ דורכגעגאנגענע גינסטיק. דאנ האָבנ זיי באנײַס געכעזשבנט: לאָמיר צוווארטנ ביז הארבסט, עפשער וועט די פּארטיי דורכפאלנ מיט די ברויט־פארגרייטונגענ,— דעמלט וועלנ מיר א קלאָפּ טאָנ איבערנ צק. אָבער דער הארבסט האָט זיי אויכ אונטערגעפירט אונ זיי זײַנענ געבליבנ באמ נאר. אונ אזויווי פרילינג אונ הארבסט כאזערנ

זיכ איבער יעדעס יאָר, האָבנ די געוועזענע לידערס פונ דער רעכטער אָפּאָזיציע געהאַלטנ אינ איינ אָפּציִענ, פאַרהאַפּנדיק באַנײַס אָט אַפ פרילינג, אָט אַפ האַרבסט. (אלגעמיינער געלעכטער פונעמ גאַנצנ זאַל.)

פאַרשטייט זיכ, אַז אָפּציִענדיק אַזוי פונ סעזאָנ צו סעזאָנ אונ וואַרטנדיק אַפ אַ גינסטיקנ מאָמענט, קעדיי אַ קלאַפּ צו טאָנ איבער דער פּאַרטיי, האָבנ זיי ניט געקאָנט אויספּילנ זייערע פאַרפליכטונגענ.

ענדלעכ, די צווייטע סיבע. זי באַשטייט, די דאָזיקע צווייטע סיבע, דערינ, וואָס די געוועזענע לידערס פונ דער רעכטער אָפּאָזיציע פאַרשטייענ ניט אונדזערע באָלשעוויסטישע טעמפּנ, זיי גלייבנ ניט אינ די דאָזיקע טעמפּנ אונ ביכלאַל נעמענ זיי ניט אופ קיינ שומ זאַכ, וואָס גייט אַרויס פונ די ראַמענ פונ ביסלעכווײַזער אַנטוויקלונג, פונ די ראַמענ פונ זעלבשטראָמ. נאָכ מער, אונדזערע באָלשעוויסטישע טעמפּנ, אונדזערע נײַע אַנטוויקלונג־וועגנ, וועלכע זײַנענ פאַרבונדנ מיטנ פּעריִאָד פונ רעקאָנסטרוקציע, די פאַרשאַרפונג פונעמ קלאַסנקאַמפּ אונ די פאָלגנ פונ דער דאָזיקער פאַרשאַרפונג רופנ אינ זיי אַרויס אומרו, פאַרלוירנקײַט, מוירע, שרעק. פאַרשטייט זיכ דעריבער, אַז זיי שטויסנ זיכ אָפּ פונ אַלעמ דעמ, וואָס עס איז פאַרבונדנ מיט די סאַמע שאַרפע לאָזונגענ פונ אונדזער פּאַרטיי. זיי קרענקענ אַפ דער זעלבער קראַנקײַט, אַפ וועלכער עס האָט געקרענקט דער באַוווּסטער טשעכאָווס העלד בעליקאָוו, דער לערער פונ גריכיש, דער מענטש אינ פוטליאַר. איר געדענקט טשעכאָווס דערציילונג „דער מענטש אינ פוטליאַר“? דער דאָזיקער העלד איז, ווי באַוווּסט, שטענדיק אַרומגעגאַנגענ אינ קאַלאָשנ, אינ אַ וואַטנעמ פּאַלטאָ, מיט אַ שירעמ סײַ אינ אַ הייסנ סײַ אינ אַ קאַלטנ וועטער. „זײַט אַזוי גוט, צוליב וואָס טויגנ אײַכ קאַלאָשנ אונ אַ וואַטנער פּאַלטאָ אינ כוידעש יול, אינ אַזאַ הייסנ וועטער?“,— האָט מענ געפרעגט בעליקאָווו. „אַפ יעדנ פאַל, — פלעגט ענטפערנ בעליקאָוו,— טאָמער טרעפט עפּעס: טאָמער גיט פּלוצעמ אַ קנאַק אַ פראָסט, וואָס זשע וועט דעמלט זײַנ?“ (אלגעמיינער געלעכטער. אַפּלאָדיסמענטנ.) ער האָט מוירע געהאַט, ווי פאַר אַ מאַגייפע, פאַר יעדער נײַער זאַכ, פאַר אַלעמ דעמ, וואָס גייט אַרויס פונעמ געוויינלעכנ קרײַז פונ גרויענ באַלעבעסלדיקנ לעבנ. עפנט מענ אַ נײַע גאָרקיכ,— איז בעליקאָוו שוינ אוממרויִק: „אַוואַדע, עס איז, עפּשער, טאַקע גוט צו האָבנ אַ גאָרקיכ, נאָר זעט, עס זאָל עפּעס ניט טרעפנ“. אָרגאַניזירט מענ אַ דראַמאַטיש קרײַזל, עפנט מענ אַ לייענזאַל,— איז בעליקאָוו ווײַטער אוממרויִק: „אַ דראַמאַטיש קרײַזל, אַ נײַער לייענזאַל,— צוליב וואָס טויג דאָס? זעט, עס זאָל עפּעס ניט טרעפנ“. (אלגעמיינער געלעכטער.)

דאָס זעלבע דארף מען זאָגן וועגן די געוועזענע לידערס פון דער רעכטער אָפּאָזיציע. איר געדענקט די געשיכטע מיטן איבערגעבן די טעכנישע הויכשולן צו די ווירטשאפטלעכע פאָלקאָמאטן? מיר האָבן געוואָלט איבערגעבן סאכאקך צוויי טעכנישע הויכשולן דעם העכסטן ראט פאר פאָלקווירטשאפט. דאכט זיך, א קלייניקייט. און דאָך האָבן מיר באגעגנט א פארצווייפלטן ווידערשטאנד מיצאד די רעכטע אָפּנייגלער. „איבערגעבן צוויי טעכנישע הויכשולן דעם העכסטן ראט פאר פאָלקווירטשאפט? צוליב וואָס טויג עס? צי איז ניט בעסער צוווארטן? זעט, עס זאָל עפּעס-וואָס ניט טרעפן פון דעם דאָזיקן אופטור". און איצט זיינען אלע טעכנישע הויכשולן בא אונדז איבערגעגעבן געוואָרן די ווירטשאפטלעכע פאָלקאָמאטן. און גאָרניט — מיר לעבן.

אָדער, צומבייַשפּיל, די פראגע וועגן אויסעראָרדנטלעכע מאָסמיטלען קעגן די באלעגופים. איר געדענקט, וואָס פאר א היסטעריק עס האָבן אונדז איבער דעם געמאכט די לידערס פון דער רעכטער אָפּאָזיציע? „אויסעראָרדנטלעכע מאָסמיטלען קעגן די באלעגופים? צוליב וואָס טויג עס? צי איז ניט בעסער דורכפירן א ליבעראלע פּאָליטיק בענעגייע די באלעגופים? זעט, עס זאָל עפּעס-וואָס ניט טרעפן פון דעם דאָזיקן אופטור". און איצט פירן מיר דורך די פּאָליטיק פון ליקווידירן דאָס באלעגופנטום אלס קלאס, א פּאָליטיק, וואָס אין פארגלייַך מיט איר זיינען די אויסעראָרדנטלעכע מאָסמיטלען קעגן באלעגופנטום א פוסטע זאך. און גאָרניט — מיר לעבן.

אָדער, צומבייַשפּיל, די פראגע וועגן קאָלווירטן און ראטווירטן. „ראט-ווירטן און קאָלווירטן? צוליב וואָס טויגן זיי? וווהין דארפן מיר זיך איילן? זעט, עס זאָל עפּעס-וואָס ניט טרעפן פון די דאָזיקע ראטווירטן און קאָלווירטן". און אזוי ווייַטער און דאָס גלייַכן.

אָט די דאָזיקע מוירע פאר נייַעס, דאָס ניט־קענען צוגיין אפּ א נייַעם אויפן צו נייַע פראגן, דער דאָזיקער אומרו — „עס זאָל עפּעס־וואָס ניט טרעפן" — די דאָזיקע שטריכן פונעם מענטש אין פוטליאר שטערן טאקע די געוועזענע לידערס פון דער רעכטער אָפּאָזיציע ווי געהעריק זיך צו-נויפצוגיסן מיט דער פּארטיי.

באזונדערס קאָמישע פאָרמען נעמען אָן בא זיי די דאָזיקע שטריכן פונעם מענטש אין פוטליאר, ווען עס קומען אופ שוועריקייטן, ווען עס באווייַזט זיך דאָס קלענסטע כמארעלע אפן האָריזאָנט. קומט אופ ערגעץ ווו בא אונדז א שוועריקייט, א מעניע, — זיינען זיי שוין אומרויק: עס זאָל עפּעס-וואָס ניט טרעפן. גיט א שורשע ערגעץ א פרייַס, ער האָט נאָך ניט באוויזן ווי געהעריק ארויסקריכן פון דער נאָרע, — ווארפן זיי זיך שוין צוריק, פאלן ארייַן אין איימע און הייבן אָן גוואלדעווען וועגן א קאטאס־

טראָפּע, וועגן אומקום פון דער ראַטנמאַכט. (אַלגעמיינער געלעכטער.) מיר באַרויִקן זיי און סטאַרען זיך זיי צו איבערצייַגן, אַז דאָ איז נאָך ניטאָ קיין שום געפערלעכע זאַך, אַז דאָס איז סאַכאַקל א פּרייַס, פאַר וועלכן מע דאַרף ניט מוירע האָבן. נאָר וואָס-ווען! זיי גוואַלדעווען זייערס: „וואָס הייסט א פּרייַס? דאָס איז ניט קיין פּרייַס, דאָס זייַנען טויזנט צעיושעטע כייַעס! דאָס איז ניט קיין פּרייַס, דאָס איז א טהאָם, אומקום פון דער ראַטנמאַכט". און עס גייט אוועק א מייַסע... בוכאַרין שרייַבט וועגן דעם טעזיסן און שיקט זיי אין צק, באַהויפּטנדיק, אַז די פּאָליטיק פונעם צק האָט דערפירט דאָס לאַנד צו אומקום, אַז די ראַטנמאַכט וועט געוויס אומקומען, אויב ניט איצט, איז ווייניקסטנס אין א כוידעש אַרום. ריקאָוו פאַרייניקט זיך צו בוכאַרינס טעזיסן, אויסנעמענדיק אָבער, אַז ער האָט זייער ערנסטע מיינונג־פאַרשיידנהייטן מיט בוכאַרינען, וואָס באַ־שטייען אין דעם, אַז די ראַטנמאַכט וועט אומקומען, לויט זייַן מיינונג, ניט אין א כוידעש אַרום, נאָר אין א כוידעש מיט צוויי טעג. (אַלגעמיינער געלעכטער.) טאָמסקי פאַרייניקט זיך צו בוכאַרינען און ריקאָוון, נאָר ער פּראָטעסטירט קעגן דעם, וואָס מע האָט זיך ניט געקאָנט באַגיין אָן טעזיסן, ניט געקאָנט זיך באַגיין אָן א דאָקומענט, פאַר וועלכן עס וועט אויסקומען שפּעטער צו ענטפערן: „וויפל מאָל האָב איך אייַך געזאָגט,— טוט, וואָס איר ווילט, נאָר לאָזט ניט איבער קיין דאָקומענטן! לאָזט ניט איבער קיין שפּורן". (האָמערישער געלעכטער פונעם גאַנצן זאַל. דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.) עמעס, שפּעטער, אין א יאָר אַרום, ווען פאַר יעדן טיפּעש ווערט קלאָר, אַז די פּרייַסן-געפאַר איז ניט ווערט קיין אויסגעבלאָזענע איי, הייבן אָן די רעכטע אָפּנייגלער קומען צו זיך, זיי ווערן דרייסט און לאָזן זיך אפילע אָפּ באַרימערייַ, דערקלערנדיק, אַז זיי האָבן ניט מוירע פאַר קיינע פּרייַסן, אַז דער דאָזיקער פּרייַס איז דערצו נאָך אַזאַ אויסגעדעוועטער און פּעגירעדיקער. (געלעכטער. אַפּלאָדיסמענטן.) אָבער דאָס איז אין א יאָר אַרום, און דערווייַל גיי האָב אַן אייסעק מיט די דאָזיקע נודניקעס...

אָט, כאַווײרים, זייַנען די אומשטענדן, וועלכע שטערן די געוועזענע לידערס פון דער רעכטער אָפּאָזיציע צוגיין נעענטער צום קערן פון דער פּאַרטיי־אָנפירונג און זיך צונויפגיסן מיט איר ביזן סאָף.

מיט וואָס קאָן מען דאָ העלפן דער זאַך?

דערוף איז דאָ בלויז איין מיטל: אייַנרייַסן ענדגילטיק מיט דער אייגענער פאַרגאַנגענהייט, זיך איבערבאַוואָפענען אַפסנייַ און זיך צונויפגיסן אין איין גוף מיטן צק פון אונדזער פּאַרטיי אין זייַן קאַמף פאַר באָלשעוויסטישע אנטוויקלונג-טעמפּן, אין זייַן קאַמף קעגן דעם רעכטן אָפּנייג.

קיין אנדערע מיטלען איז ניטאָ.

ווען דאָס די געוועזענע לידערס פון דער רעכטער אָפּאָזיציע קאָנען טאָן, — איז גוט. ווען זיי ניט קאָנען, — זאָלן זיי האָבן טענות צו זיך אליין. (לאנגדויערנדיקע אפּלאָדיסמענטן פונעם גאנצן זאל. אָוואציע. אלע שטייען אוף און זינגען דעם „אינטערנאציאָנאל“.)

# וועגן די אופגאבן פון די ווירטשאפטלער

רעדע אפ דער ערשטער אלפארבאנדישער בארואטונג פון די טוער פון דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע דעם 4־טן פעווראל 1931 יאָר

כאווײרים! די ארבעט פון אײַער קאָנפערענץ דערנעענטערט זיך צום סאָף. באלד וועט איר אָננעמען רעזאָליוציעס. איך צווייפל ניט, אז זיי וועלן אָנגענומענע ווערן איינשטימיק. אין די דאָזיקע רעזאָליוציעס, — איך ווייס זיי א ביסל, — באוויליקט איר די קאָנטראָל-ציפערן פון דער אינדוסטריע אפן 1931 יאָר און איר גיט א פארפליכטונג אויסצופילן זיי.

א באָלשעוויקס א וואָרט איז אן ערנסט וואָרט. די באָלשעוויקעס זײַנען געוווינט אויסצופילן די צוזאָגן, וואָס זיי גיבן. אָבער וואָס באטײַט א פארפליכטונג אויסצופילן די קאָנטראָל־ציפערן אפן 1931 יאָר? דאָס באטײַט — זיכערן דעם אלגעמיינעם צוּוווקס פון דער אינדוסטריעלער פראָדוקציע אפ 45%. און דאָס איז זייער א גרויסע אופגאבע. נאָך מער. אזא פארפליכטונג באטײַט, אז ניט בלויז איר גיט א צוזאָג אויסצופילן אונדזער פינפיאָר־פלאן אין 4 יאָר, — דאָס איז שוין א באשלאָסענע זאך, און קיין שום רעזאָליוציעס דארף מען דאָ מער ניט, — דאָס באטײַט, אז איר זאָגט צו אויסצופילן אים אין 3 יאָר לויט די גרונטיקע, אנטשיידנדיקע אינדוסטריע־צווײַגן.

דאָס איז גוט, וואָס די קאָנפערענץ גיט א צוזאָג אויסצופילן דעם פלאן אפן 1931 יאָר, אויסצופילן דעם פינפיאָר-פלאן אין דרײַ יאָר. אָבער מיר זײַנען אָנגעלערנט פון דער „ביטערער דערפארונג". מיר ווייסן, אז ניט שטענדיק ווערן די צוזאָגן אויסגעפילט. אין אָנהייב 1930 יאָר איז אויך געגעבן געוואָרן אזא צוזאָג אויסצופילן דעם יאָריקן פלאן. דאן האָט מען געדארפט פארגרעסערן די פראָדוקציע פון אונדזער אינדוסטריע אפ 31—32 פראָצ. אָבער דער צוזאָג איז ניט אויסגעפילט געוואָרן אין דער פולער מאָס. דער צוּוווקס פון דער אינדוסטריעלער פראָדוקציע האָט פאקטיש באטראָפן פארן 1930 יאָר 25%. מיר דארפן שטעלן די פראגע: צי וועט זיך ניט איבער־כאזערן דאָס זעלבע אויך האיאָר? די אָנפירער, די טוער פון אונדזער אינ־דוסטריע גיבן איצט א צוזאָג צו פארגרעסערן די פראָדוקציע פון דער אינ־

דוסטריע אין 1931 יאָר אפּ 45%. אָבער וואָס איז די גאראנטיע, אז דער דאָזיקער צוזאָג וועט אויסגעפילט ווערן?

וואָס פאָדערט זיך, קעדיי אויסצופילן די קאָנטראָל־ציפערן, קעדיי צו געבן א צוּוווּקס פון דער פּראָדוקציע אפּ 45%, קעדיי צו דערשלאָגן זיך, אז דער פינפיאָר־פּלאן זאָל אויסגעפילט ווערן ניט אין 4 יאָר, נאָר אין די גרונטיקע און אנטשיידנדיקע צווייַגן אין 3 יאָר?

דערצו פאָדערן זיך צוויי גרונט־באַדינגונגען.

ערשטנס, אז עס זאָלן זייַן רעאלע, אָדער, ווי מע דריקט זיך אויס בא אונדז, „אָביעקטיווע" מעגלעכקייַטן דערצו.

צווייטנס, מע זאָל וועלן און קענען אָנפירן מיט אונדזערע אונטערנע-מונגען אזוי, אז די דאָזיקע מעגלעכקייַטן זאָלן פארווירקלעכט ווערן אין לעבן.

צי האָבן מיר פאראיאָרן געהאט „אָביעקטיווע" מעגלעכקייַטן אינגאנצן אויסצופילן דעם פּלאן? יאָ, מיר האָבן געהאט. אומבאשטרייַטלעכע פאקטן זאָגן איידעס דערוף. די דאָזיקע פאקטן באשטייען דערין, וואָס אין מארט און אפּרעל פאָריקן יאָר האָט די אינדוסטריע געגעבן א צוּוווּקס פון דער פּראָדוקציע אפּ 31% אין פארגלייַך מיטן פריִערדיקן יאָר. פארוואָס זשע, פרעגט זיך, האָבן מיר ניט אויסגעפילט דעם פּלאן פארן גאנצן יאָר? וואָס האָט געשטערט? וואָס האָט געפעלט? עס האָט געפעלט דאָס קענען אויסנוצן די פאראנענע מעגלעכקייַטן. עס האָט געפעלט דאָס קענען ריכטיק אָנפירן מיט די זאוואָדן, פאבריקן, שאכטעס.

מיר האָבן געהאט דעם ערשטן באַדינג: די „אָביעקטיווע" מעגלעכקייַטן אויסצופילן דעם פּלאן. אָבער מיר האָבן ניט געהאט אין א גענוגער מאָס דעם צווייטן באַדינג: דאָס קענען אָנפירן מיט דער פּראָדוקציע. און טאקע דערפאר, ווייַל עס האָט געפעלט דאָס קענען אָנפירן מיט די אונטערנעמונגען, — טאקע דערפאר איז דער פּלאן ניט אויסגעפילט געוואָרן. אָנשטאָט 31—32 פּראָצ. צוּוווּקס האָבן מיר געגעבן בלויז 25%.

פארשטייט זיך, 25% צוּוווּקס איז א גרויסע זאך. קיין איין קאפּי־טאליסטיש לאנד האָט ניט געהאט אין 1930 יאָר און האָט ניט אציקנד קיין צוּוווּקס פון דער פּראָדוקציע. אין אלע קאפּיטאליסטישע לענדער אָן אויס-נאם קומט פאָר א שארפע פאלן פון דער פּראָדוקציע. אין אזוינע באַדינ־גונגען זייַנען 25% צוּוווּקס א גרויסער טריט פאָרויס. אָבער מיר האָבן געקאָנט געבן מער. מיר האָבן געהאט דערצו אלע נייטיקע „אָביעקטיווע" באַ-דינגונגען.

אלזאָ, וואָס פאר א גאראנטיע איז פאראן, אז האיאָר וועט זיך ניט

איבערכאַזערן דער קאַאָס פון פּאַריקן יאָר, אַז דער פּלאַן וועט אויסגעפילט ווערן אין דער פולער מאָס, אַז די פאַראַנענע מעגלעכקייטן וועלן מיר אויסנוצן אַזוי, ווי מע דאַרף זיי אויסנוצן, אַז אײַער צוזאָג וועט ניט פאַר־בלײַבן אין אַ געוויסן טייל אַפן פּאַפּיר?

אין דער געשיכטע פון מעלוכעס, אין דער געשיכטע פון לענדער, אין דער געשיכטע פון אַרמייען זײַנען געווען פאַלן, ווען עס זײַנען געווען אַלע מעגלעכקייטן פאַר אַ דערפאָלג, פאַר אַ ניצאָכן, אָבער זיי, די דאָזיקע מעגלעכקייטן, פלעגן פאַרבלײַבן ניט אויסגענוצט, ווײַל די אָנפירער פלעגן ניט באַמערקן די דאָזיקע מעגלעכקייטן, זיי האָבן ניט געקענט אויסנוצן זיי, און די אַרמייען פלעגן לײַדן אַ מאַפּאָלע.

צי זײַנען בײַ אונדז פאַראַן אַלע מעגלעכקייטן, וואָס זײַנען נייטיק אַפּ אויספילן די קאָנטראָל־ציפערן פאַרן 1931 יאָר?

יאָ, אַזוינע מעגלעכקייטן זײַנען בײַ אונדז פאַראַן.

אין וואָס באַשטייען די דאָזיקע מעגלעכקייטן, וואָס פאָדערט זיך, אַז די דאָזיקע מעגלעכקייטן זאָלן עקזיסטירן רעאַל?

קוידעמקאָל פאָדערן זיך גענוג נאַטור־רײַכטימער אינעם לאַנד: אײַזנאַרץ, קוילן, נאַפט, ברויט, בוימוואָל. צי זײַנען זיי פאַראַן בײַ אונדז? פאַראַן. עס איז פאַראַן מער, איידער אין יעטווידער אַנדער לאַנד. לאָמיר נעמען כאָטש אוראַל, וואָס שטעלט פאָר מיט זיך אַזאַ קאָמבינאַציע פון רײַכטימער, וואָס מע קאָן ניט געפינען אין קיין איין לאַנד. אַרץ, קוילן, נאַפט, ברויט, — וואָס איז ניטאָ אַפן אוראַל! בײַ אונדז איז פאַראַן אין לאַנד אַלץ, כוץ עפּשער קאַוטשוק. אָבער אין אַ יאָר צוויי אַרום וועלן מיר אויך קאַוטשוק האָבן אין אונדזער רעשוס. פון דער דאָזיקער זײַט, פון דער זײַט פון די נאַטור־רײַכטימער, זײַנען מיר באַזאָרגט אין אַ פולער מאָס. מיר האָבן זיי אַפילע מער, איידער מע דאַרף.

וואָס נאָך פאָדערט זיך?

עס פאָדערט זיך, אַז עס זאָל זײַן אַזאַ מאַכט, וואָס זאָל האָבן דעם פאַרלאַנג און דעם קויעך אַ רוק צו טאָן די אויסנוצונג פון די דאָזיקע קאָלאָסאַלע נאַטור־רײַכטימער לעטויוועס דעם פאָלק. צי איז בײַ אונדז פאַראַן אַזאַ מאַכט? פאַראַן. עמעס, אונדזער אַרבעט אַפּ אויסצונוצן די נאַטור־רײַכטימער באַגייט זיך ניט שטענדיק אָן רײַבונגען צווישן אונדזערע טוער גופע. לעמאָשל, פאַראַיאָרן איז דער ראַטנמאַכט אויסגעקומען צו פירן אַ געוויסן קאַמף איבער דער פראַגע וועגן שאַפן אַ צווייטע קוילן־מעטאַלור־גישע באַזע, וואָס אָן איר קאָנען מיר זיך מער ניט אַנטוויקלען. אָבער מיר האָבן שוין בײַגעקומען די דאָזיקע שטערונגען. און בײַ אונדז וועט אינגיכן זײַן די דאָזיקע באַזע.

וואָס נאָך פאָדערט זיך?

עס פאָדערט זיך נאָך, אז די דאָזיקע מאכט זאָל האָבן די אונטערשטיצונג פון די מיליאָניקע מאסן ארבעטער און פויערים. צי האָט אונדזער מאכט די דאָזיקע אונטערשטיצונג? יאָ, זי האָט. אין דער גאנצער וועלט וועט איר ניט געפינען קיין אנדער מאכט אזא, וואָס זאָל האָבן אזא אונטערשטיצונג פון די ארבעטער און פויערים, ווי עס האָט די ראטנמאכט. איך וועל זיך ניט פארופן אף די פאקטן פונעם וווקס פונעם סאָציאַליסטישן געוועט, אף די פאקטן פונעם וווקס פון דער שלאָגלערייַ, אף דער קאמפאניע פון קאמפ פארן אנטקעגנדיקן אינדפינפלאן. די דאָזיקע אלע פאקטן, וואָס אין זיי איז צו זען אָנשוילעך די אונטערשטיצונג פון דער ראטנמאכט מיצאד די מיליאָניקע מאסן, זייַנען אלגעמיין באוווסט.

וואָס נאָך דארף מען, קעדיי אויסצופילן און אריבערשטייַגן די קאָנטראָל-ציפערן אפן 1931 יאָר?

מע דארף נאָך, אז עס זאָל זייַן אזא אָרדענונג, וואָס זאָל זייַן פרייַ פון די ניט־אויסהיילבארע קראנקייַטן פונעם קאפיטאליזם און זאָל געבן ערנסטע פאָרצוגן לעגאבע דעם קאפיטאליזם. קריזיס, ארבעטלאָזיקייַט, פארשווענדערייַ, דאלעס פון די ברייטע מאסן — אָט דאָס זייַנען די ניט-אויסהיילבארע קראנקייַטן פונעם קאפיטאליזם. אונדזער אָרדענונג לייַדט ניט פון די דאָזיקע קראנקייַטן, ווייַל די מאכט איז בא אונדז אין די הענט, באם ארבעטער-קלאס אין די הענט, ווייַל מיר פירן א פלאנישע ווירטשאפט, מיר זאמלען אָן פלאנמעסיק די רעסורסן און פארטיילן זיי ריכטיק לויט די צווייַגן פון דער פאָלקווירטשאפט. מיר זייַנען פרייַ פון די ניט־אויסהיילבארע קראנקייַטן פונעם קאפיטאליזם. דערמיט צייכענען מיר זיך אויס, דערין באשטייט אונדזער אנטשיידנדיקער פאָרצוג לעגאבע דעם קאפיטאליזם. טוט א קוק, וויאזוי די קאפיטאליסטן ווילן ארויסגיין פונעם קריזיס. זיי זעצן אראָפ מאקסימאל דעם ארבעטלוין פון די ארבעטער. זיי זעצן אראָפ מאקסימאל די פרייַזן אף רויוואַרג און אף דערנערונג־פראָדוקטן. זיי ווילן אָבער ניט אראָפזעצן וויפל־ניט־איז ערנסט די פרייַזן אף די אינדוסטריעלע פאבריקאטן. דאָס באטייַט, אז זיי ווילן ארויסגיין פונעם קריזיס אפן כעזשבן פון די גרונטיקע סכוירע-געברויכער, אפן כעזשבן פון די ארבעטער, אפן כעזשבן פון די פויערים, אפן כעזשבן פון די ארבעטנדיקע פון יענע לענדער, וועלכע פראָדוצירן דאָס רויוואַרג און די דערנערונג. די קאפיטאליסטן האקן אונטער דעם צווייַג, אף וועלכן זיי זיצן. און אָנשטאָט אן אויסוועג פונעם קריזיס באקומט זיך זייַנע א פארשטארקונג, באקומט זיך אן אָנזאמלונג פון נייַע פאָרהאנאָכעס, וואָס פירן צו א נייַעם, נאָך מער הארבן קריזיס. אונדזער פאָרצוג באשטייט דערין, וואָס מיר ווייסן ניט פון קיין

קריזיסנ פונ איבערפראָדוקציע, מיר האָבנ ניט אונ וועלנ ניט האָבנ קיינ מיליאָנענ ארבעטלאָזע, מיר האָבנ ניט קיינ אנארכיע אינ דער פראָדוקציע, ווײַל מיר פירנ א פלאנישע ווירטשאפט. אָבער דאָס איז ניט אלצ. מיר זײַנענ א לאנד פונ דער סאמע קאָנצענטרירטער אינדוסטריע. דאָס באטײַט, אז מיר קאָנענ בויענ אונדזער אינדוסטריע אפ דער באזע פונ דער סאמע העכסטער טעכניק אונ זיכערנ אדאנק דעמ א ניט-געזעענע ארבעט-פראָדוקטיווקײַט, א ניט־געזעענעמ אָנזאמלונג-טעמפ. אונדזער שוואכקײַט אינ דער פארגאנגענהײַט איז געווענ דאָס, וואָס די דאָזיקע אינדוסטריע האָט זיכ באזירט אפ דער צעשטויבטער אונ דריבנער פויערישער ווירטשאפט. אָבער דאָס איז *געווענ*. אצינד איז דאָס שוינ ניטאָ. מאָרגנ, עפשער, אינ א יאָר ארומ, וועלנ מיר ווערנ א לאנד פונ דער גרעסטער לאנדווירטשאפט אינ דער וועלט. די ראטווירטנ אונ קאָלווירטנ, — אונ זיי זײַנענ די פאָרמענ פונ גרויסער ווירטשאפט, — האָבנ שוינ היאָר געגעבנ א העלפט פונ אונדזער גאנצער סכוירע־טוווע. אונ דאָס באטײַט, אז אונדזער אָרדענונג, די ראטנ־אָרדענונג, גיט אונדז אזוינע מעגלעכקײַטנ פונ שנעלנ באוועגנ זיכ פאָרויס, וואָס וועגנ זיי קאָנ ניט טרוימענ קיינ איינ בורזשואזנ לאנד.

וואָס נאָכ פאָדערט זיכ, קעדיי צו באוועגנ זיכ פאָרויס מיט זיבנ-מײַליקע טריט?

עס פאָדערט זיכ, עס זאָל זײַנ א *פארטײ*, א גענוג באהעפטע אונ איינהײַטלעכע, קעדיי צו ריכטנ די אָנשטרענגונגענ פונ אלע בעסטע מענטשנ פונעמ ארבעטער-קלאס אינ *איינ פונקט*, אונ א גענוג געניטע, קעדיי ניט צו פארלירנ זיכ פאר די שוועריקײַטנ אונ סיסטעמאטיש דורכפירנ אינ לעבנ די ריכטיקע, רעוואָליוציאָנערע, באָלשעוויסטישע פאָליטיק. צי איז בא אונדז פאראנ אזא פארטיי? יאָ, ס'איז פאראנ. צי איז ריכטיק איר פאָליטיק? יאָ, ריכטיק, ווײַל זי גיט ערנסטע דערפאָלגנ. דאָס אנערקענענ אצינד ניט בלויז די פרײַנט, נאָר אויכ די פײַנט פונעמ ארבעטער-קלאס. טוט א קוק, ווי עס וויענ אונ ווילדעווענ קעגנ אונדזער פארטיי די אלעמענ באקאנטע „געאכטעטע“ דזשענטלמענער—פיש אינ אמעריקע, טשערטשיל אינ ענגלאנד, פואנקארע אינ פראנקרײַכ. פארוואָס וויענ זיי אונ ווילדעווענ? ווײַל די פאָליטיק פונ אונדזער פארטיי איז א ריכטיקע, ווײַל זי גיט א דערפאָלג נאָכ א דערפאָלג.

אָט דאָס, כאווירימ, זײַנענ יענע מעגלעכקײַטנ, וואָס פארלײַכטערנ אונדז צו פארווירקלעכנ די קאָנטראָל-ציפערנ פונ 1931 יאָר, וואָס גיבנ א מעגלעכקײַט אויסצופילנ דעמ פינפיאָר־פלאנ אינ 4, אונ אינ די אנטשיידנדיקע צווײַגנ — אפילע אינ 3 יאָר.

אזוי־ארום איז דער ערשטער באדינג אפ אויספילן דעם פּלאן — די „אָביעקטיווע" מעגלעכקייטן — בא אונדז פאראן.

צי איז בא אונדז פאראן דער צווייטער באדינג — דאָס קענען אויסנוצן די דאָזיקע מעגלעכקייטן?

מיט אנדערע ווערטער — צי איז בא אונדז פאראן א ריכטיקע אָנפירונג מיט די פאבריקן, זאוואָדן, שאכטעס? צי איז דאָ אלץ קעשורע?

צום באדויערן, איז דאָ ניט אלץ קעשורע. און מיר, אלס באָלשעוויקעס, דארפן דאָס זאָגן קלאָר און אָפן.

וואָס הייסט אָנפירן מיט דער פּראָדוקציע? בא אונדז קוקט מען ניט שטענדיק באָלשעוויסטיש אפ דער פראגע וועגן אָנפירן מיט די אונטערנעמונגען. בא אונדז מיינט מען ניט זעלטן, אז אָנפירן הייסט אונטערשרייבן פּאפּירן. דאָס איז טרויעריק, אָבער דאָס איז א פאקט. צומאָל דערמאָנסטו זיך ניט ווילנדיק שטשעדרינס פּאָמפּאדורן. איר געדענקט, וויִאזוי די פּאָמפּאדורשע האָט געקנעלט מיטן יונגן פּאָמפּאדור: ברעכ ניט דעם קאָפּ איבער דער וויסנשאפט, טראכט זיך ניט ארייַן אינעם איניען, זאָלן זיך אנדערע פארנעמען דערמיט, ניט דייַן אייסעק איז עס, — דייַן אייסעק איז אָנצופירן, אונטערצושרייַבן פּאפּירן. מע דארף אנערקענען, צו אונדזער שאנד, אז אויך צווישן אונדז, צווישן די באָלשעוויקעס, זייַנען פאראן ניט ווייניק אזוינע, וואָס פירן אָן דורך אונטערשרייַבן פּאפּירן. אָבער אָט, אריינדרינגען אינעם איניען, באהערשן די טעכניק, ווערן דער באלעבאָס פון דער זאך, — דערפון — קיין זייכער!

וויִאזוי האָט געקאָנט פּאסירן, אז מיר, באָלשעוויקעס, וועלכע האָבן דורכגעמאכט דריַי רעוואָליוציעס, וועלכע זייַנען ארויס מיט ניצאָכן פונעם אכזאָריעסדיקן בירגערקריג, וועלכע האָבן געלייזט די גרעסטע אויפגאבע צו שאפן אן אינדוסטריע, וועלכע האָבן א קערעווע געטאָן דאָס פּויערטום אפן וועג פון סאָציִאליזם, — וויִאזוי האָט געקאָנט פּאסירן, אז אין דער אָנפירונג מיט דער פּראָדוקציע קאפּיטולירן מיר פאר א פּאפּירל?

די סיבע באשטייט דאָ דערין, וואָס אונטערשרייַבן א פּאפּיר איז גרינגער, איידער אָנפירן מיט דער פּראָדוקציע. איז אָט זייַנען א סאך ווירטשאפטלער אוועק לויט דער דאָזיקער ליניע פון קלענסטן ווידערשטאנד. דאָ איז פאראן אויך אונדזער שולד, די שולד פונעם צענטער. מיט א יאָר צען צוריק איז געגעבן געוואָרן א לאָזונג: „אזיוויי די קאָמוניסטן פארשטייען נאָך ניט ווי געהעריק די טעכניק פון דער פּראָדוקציע, אזיוויי זיי דארפן זיך נאָך לערנען פארוואלטן מיט דער ווירטשאפט, טאָ זאָלן די אלטע טעכניקער און אינזשעניערן, די ספּעציִאליסטן, פירן די פּראָדוקציע, און איר, קאָמוניסטן, מישט זיך ניט אריַין אין דער טעכניק, אָבער, ניט ארייַנמישנדיק זיך, דערלערנט די טעכניק, דערלערנט די וויסנשאפט פון פארוואלטן

מיט דער פּראָדוקציע אומדערמידלעך, קעדיי נאָכדעם צוזאַמען מיט די ספּע־ציאַליסטן, וואָס זײַנען אונדז איבערגעגעבן, ווערן עמעסע אָנפירער פון דער פּראָדוקציע, עמעסע באַלעבאַטים". אָט אַזאַ איז געווען דער לאָזונג. וואָס אָבער האָט זיך באַקומען אין דערווירקלעכקײַט? דעם צווייטן טייל פון דער דאָזיקער פאָרמולע האָט מען אָפּגעוואָרפן, ווײַל לערנען זיך איז שווע־רער, איידער אונטערשרײַבן פּאַפּירן, און דעם ערשטן טייל פון דער פאָר־מולע האָט מען פאַרבאַנאַלט און אויסגעטײַטשט דאָס ניט אַרײַנמישן זיך, ווי אַן אָפּזאָגן זיך פון דערלערנען די טעכניק פון דער פּראָדוקציע. עס האָט זיך באַקומען אַן אַבסורד, אַ שעדלעכער און געפערלעכער אַבסורד, און וואָס פריִער מיר וועלן זיך פון אים באַפרײַען, איז אַלץ בעסער.

דאָס לעבן אַליין האָט אונדז ניט איין מאָל סיגנאַליזירט וועגן דעם, אַז אין דעם דאָזיקן פּראַט איז ניט קעשורע. דער שאַכטער איניִען איז געווען דער ערשטער סיגנאַל. דער שאַכטער איניִען האָט באַוויזן, אַז באַ די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס און פּראָפאַריינען האָט ניט געקלעקט קיין רעוואָ־ליוציאָנערע וואַכזאַמקײַט. ער האָט באַוויזן, אַז אונדזערע ווירטשאַפטלער זײַנען מיִעס אָפּגעשטאַנען אין טעכנישער הינזיכט, אַז, אַרבעטנדיק אָן קאָנ־טראָל, קײַקלען זיך אייניקע אַלטע אינזשעניערן און טעכניקער גרינגער אַראָפּ אַפן וועג פון שעדיקערײַ, ביפּראַט נאָך, אַז די סאָנים פון אויסלאַנד האַלטן אין איין דריקן אַף זיי מיט „פאַרשלאָגנ". דער צווייטער סיגנאַל איז דער פּראָצעס פון דער „פּראָמפּאַרטיי".

פאַרשטייט זיך, אַז אין יעסאָד פון דער שעדיקערײַ ליגט דער קלאַסנ־קאַמף. פאַרשטייט זיך, אַז דער קלאַסנפײַנט ווײַזט אַרויס אַ ווילדן ווידער־שטאַנד דעם סאָציאַליסטישן אָנגריף. אָבער דאָס אַליין איז ווייניק אַף צו דערקלערן אַזאַ רײַכן אופבלי פון דער שעדיקערײַ.

וויאַזוי האָט געקאָנט פּאַסירן, אַז די שעדיקערײַ האָט באַקומען אַזאַ ברייטן פאַרנעם? ווער איז דערינ שולדיק? מיר זײַנען דערינ שולדיק. ווען מיר וואָלטן די אָנפירונג מיט דער ווירטשאַפט אוועקגעשטעלט אַנדערש, ווען מיר וואָלטן אַ סאַך פריִער אַריבער צום דערלערנען די טעכניק, צום באַ־הערשן די טעכניק, ווען מיר וואָלטן אָפטער און זאַכלעך אַרײַנגעמישט זיך אין דער אָנפירונג מיט דער ווירטשאַפט,— וואָלט זיך די שעדיקער ניט אײַנגעגעבן אַזוי פיל אָנשעדיקן.

מע דאַרף אַליין ווערן ספּעציאַליסטן, באַלעבאַטים פון דער זאַך, מע דאַרף זיך אַ קער טאָן מיטן פּאָנעם צו די טעכנישע קענטעניש,— אָט וווּ־הינ דאָס לעבן האָט אונדז געשטויסן. אָבער ניט דער ערשטער סיגנאַל, ניט אַפילע דער צווייטער סיגנאַל האָט נאָך ניט געזיכערט דעם נייטיקן קער. שוינ צײַט, לאַנג צײַט אַ קער טאָן זיך מיטן פּאָנעם צו דער טעכניק. שוינ

צײַט אָפּצוּוואַרפנ דעמ דאָזיקנ לאָזונג, דעמ אָפּגעלעבטנ לאָזונג וועגנ ניט אַרײַנמישנ זיכ אינ דער טעכניק, און ווערנ אַלײנ ספּעציאַליסטנ, קענער פונ דער זאַכ, ווערנ אַלײנ די פולשטענדיקע באַלעבאַטימ פונ דער זאַכ.

מע פרעגט אָפּט, פאַרוואָס איז בא אונדז ניטאָ קײנ אײנפּערזאָניקע אָנפירונג? זי איז ניטאָ און וועט ניט זײַנ, קאָלזמאַנ מיר וועלנ ניט באַהערשנ די טעכניק. קאָלזמאַנ צווישנ אונדז, צווישנ די באָלשעוויקעס, וועט ניט זײַנ קײנ גענוגע צאָל מענטשנ, וואָס זײַנענ גוט באַקאַנט מיט די פראַגנ פונ טעכניק, עקאָנאָמיק און פינאַנצנ, וועט בא אונדז ניט זײַנ קײנ ווירקלעכע אײנפּערזאָניקע אָנפירונג. שרײַבט וויפל איר ווילט רעזאָליוציעס, שווערט זיכ מיט וואָסערע ווערטער איר ווילט, אָבער אויב איר וועט ניט באַהערשנ די טעכניק, די עקאָנאָמיק, די פינאַנצנ פונעמ זאַוואָד, פונ דער פאַבריק, פונ דער שאַכטע — וועט קײנ טאָלק ניט זײַנ, וועט קײנ אײנפּערזאָניקע אָנפירונג ניט זײַנ.

די אופגאַבע באַשטײט, הײסט עס, דערינ, אַז מיר אַלײנ זאָלנ באַהערשנ די טעכניק, אַז מיר אַלײנ זאָלנ ווערנ באַלעבאַטימ פונ דער זאַכ. בלויז דערינ באַשטײט די גאַראַנטיע דערפונ, אַז אונדזערע פּלענער וועלנ אויסגעפילט ווערנ אינ דער פולער מאָס, און די אײנפּערזאָניקע אָנפירונג וועט דורכגעפירט ווערנ.

אַנ אַרבעט איז עס, פאַרשטײט זיכ, ניט קײנ לײַכטע, אָבער מע קאָנ זי פולשטענדיק בײַקומענ. וויסנשאַפט, טעכנישע דערפאַרונג, קענטענישנ — דאָס זײַנענ אַלצ זאַכנ, וואָס מע קאָנ אָנזאַמלענ. הײַנט זײַנענ זײ ניטאָ, און מאָרגנ וועלנ זײ זײַנ. דער איקער באַשטײט דאָ דערינ, אַז מע זאָל האָבנ אַ לײַדנשאַפטלעכנ באָלשעוויסטישנ פאַרלאַנג צו באַהערשנ די טעכניק, צו באַהערשנ די וויסנשאַפט פונ דער פּראָדוקציע. בא אַ לײַדנשאַפטלעכנ פאַרלאַנג קאָנ מענ זיכ אַלצ דערשלאָגנ, קאָנ מענ אַלצ בײַקומענ.

צומאָל פרעגט מענ, צי קאָנ מענ ניט אַ ביסל פאַרלאַנגזאַמערנ די טעמפּנ, אײַנהאַלטנ די באַוועגונג. נײנ, מע טאָר ניט, כאַווײרימ! מע טאָר ניט אַראָפּזעצנ די טעמפּנ! פאַרקערט, אַפּ וויפל די קרעפטנ און מעגלעכקײַטנ דערלאָזנ, דאַרפ מענ זײ פאַרגרעסערנ. דאָס פאָדערנ פונ אונדז אונדזערע פאַרפליכטונגענ פאַר די אַרבעטער און פויערימ פונ פססר. דאָס פאָדערנ פונ אונדז אונדזערע פאַרפליכטונגענ פאַרנ אַרבעטער־קלאַס פונ דער גאַנצער וועלט.

פאַרהאַלטנ די טעמפּנ — הײסט אָפּשטײנ. און אָפּגעשטאַנענע שלאָגט מענ. אָבער מיר ווילנ ניט זײַנ קײנ געשלאָגענע. נײנ, מיר ווילנ ניט! די געשיכטע פונ אַלטנ רוסלאַנד איז באַשטאַנענ, אַגעוו, דערינ, וואָס

מע האָט עס קעסיידער געשלאָגן פאַר אָפּגעשטאַנענקייט. געשלאָגן האָבן די מאָנגאָלישע כאַנען. געשלאָגן האָבן די טערקישע בעקן. געשלאָגן האָבן די שוועדישע פעאָדאַלן. געשלאָגן האָבן די פּויליש - ליטווישע פּאַנעס. געשלאָגן האָבן די ענגליש-פראַנצויזישע קאַפּיטאַליסטן. געשלאָגן האָבן די יאַפּאַנישע באַראָנען. געשלאָגן האָבן אַלע — פאַר דער אָפּגעשטאַנענקייט. פאַר אָפּגעשטאַנענקייט מיליטערישער, פאַר אָפּגעשטאַנענקייט קולטורעלער, פאַר אָפּגעשטאַנענקייט מעלוכישער, פאַר אָפּגעשטאַנענקייט אינדוסטריעלער, פאַר אָפּגעשטאַנענקייט לאַנדווירטשאַפטלעכער. געשלאָגן דערפאַר, ווײַל דאָס האָט געלוינט און דאָס פלעגט דורכגיין אומבאַשטראָפט. איר געדענקט די ווערטער פונעם פאַררעוואָלוציאָנערן פּאָעט: „דו ביסט אי אָרעם, דו ביסט אי רײַך, דו ביסט אי מעכטיק, דו ביסט אי אָנמעכטיק, מוטער ראַסיי“. די דאָזיקע ווערטער פונעם אַלטן פּאָעט האָבן גוט אײַנגעכאַזערט די דאָזיקע הערן. זיי האָבן געשלאָגן און דערבײַ צוגעגעבן: „דו ביסט רײַך“ — הייסט עס, אַז מע קאָן אָפּ דיר עפּעס פאַרדינען. זיי האָבן געשלאָגן און דערבײַ צוגעגעבן: „דו ביסט אָרעם, אָנמעכטיק“ — הייסט עס, אַז מע קאָן שלאָגן און ראַבירן דיך אומבאַשטראָפט. אָט אַזאַ איז שוין דער געזעץ פון די עקספּלואַטאַטערס — שלאָגן די אָפּגעשטאַנענע און שוואַכע. דער וואָלפישער געזעץ פון קאַפּיטאַליזם. דו ביסט אָפּגעשטאַנען, דו ביסט שוואַך — הייסט עס, אַז דו ביסט אומגערעכט, הייסט עס, אַז מע קאָן דיך שלאָגן און פאַרקנעכטן. דו ביסט מעכטיק — הייסט עס, אַז דו ביסט גערעכט, הייסט עס, אַז מע דאַרף זיך פאַר דיר היטן.

אָט פאַרוואָס מיר טאָרן מער ניט אָפּשטיין.

אין דער פאַרגאַנגענהײַט האָבן מיר ניט געהאַט און מיר האָבן ניט געקאָנט האָבן קיין פאָטערלאַנד. אָבער אַצינד, ווען מיר האָבן אַראָפּגעוואָרפן דעם קאַפּיטאַליזם, און די מאַכט איז בא אונדז אַן אַרבעטערשע, — האָבן מיר אַ פאָטערלאַנד און מיר וועלן פאַרטיידיקן זײַן אומאָפּהענגיקייט. צי ווילט איר, אַז אונדזער סאָציאַליסטיש פאָטערלאַנד זאָל באַקומען קלעפּ און זאָל פאַרלירן זײַן אומאָפּהענגיקייט? אָבער אויב איר ווילט דאָס ניט, מוזט איר אין סאַמע קורצסטן טערמין ליקווידירן זײַן אָפּגעשטאַנענקייט און אַנטוויקלען עמעסע באָלשעוויסטישע טעמפּן אין דער בויונג פון זײַן סאָציאַליסטישער ווירטשאַפט. קיין אַנדערע וועגן איז ניטאָ. אָט פאַרוואָס לענין האָט געזאָגט בייס אָקטיאַבער: „אָדער דער טויט, אָדער דעריאָגן און איבעריאָגן די פאָרגעשריטענע קאַפּיטאַליסטישע לענדער“.

מיר זײַנען אָפּגעשטאַנען פון די פאָרגעשריטענע לענדער אָפּ 50—100 יאָר. מיר דאַרפן דורכלויפן דעם דאָזיקן מעהאַלעך אין צען יאָר. אָדער מיר וועלן דאָס מאַכן, אָדער מע וועט פון אונדז מאַכן אַ טעל.

אָט וואָס עס דיקטירן אונדז אונדזערע פאַרפליכטונגען פאַר די אַרבעטער און פויערים פון פססר.

אָבער מיר האָבן נאָך אַנדערע, מער ערנסטע און מער וויכטיקע פאַרפליכטונגען. דאָס זיינען די פאַרפליכטונגען פאַרן וועלט-פּראָלעטאַריאַט. זיי פאַלן צונויף מיט די פאַרפליכטונגען פון ערשטן מין. אָבער מיר שטעלן זיי העכער. דער אַרבעטער-קלאַס פון פססר איז אַ טייל פונעם אַלוועלט-לעכן אַרבעטער-קלאַס. מיר האָבן געזיגט ניט בלויז מיט די אָנשטרענגונגען פונעם אַרבעטער-קלאַס פון פססר, נאָר אויך אַדאַנק דער אונטערשטיצונג פונעם אַלוועלטלעכן אַרבעטער-קלאַס. אָן אַזאַ אונטערשטיצונג וואָלט מען אונדז שוין לאַנג צעריסן אויף שטיקער. מע זאָגט, אַז אונדזער לאַנד איז די שלאָג-בריגאַדע פונעם פּראָלעטאַריאַט פון אַלע לענדער. דאָס איז גוט געזאָגט. אָבער דאָס לייגט אַרויף אויף אונדז ביז גאָר ערנסטע פאַרפליכטונגען. צוליב וואָס אונטערשטיצט אונדז דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַריאַט, מיט וואָס האָבן מיר פאַרדינט אַזאַ אונטערשטיצונג? דערמיט, וואָס מיר האָבן די ערשטע זיך געוואָרפן אין שלאַכט קעגן קאַפּיטאַליזם, וואָס מיר האָבן די ערשטע איינגעשטעלט אָן אַרבעטער-מאַכט, וואָס מיר האָבן די ערשטע אָנגעהויבן בויען דעם סאָציאַליזם. דערמיט, וואָס מיר טוען אַ זאַך, וואָס וועט אין פאַל פון דערפאָלג איבערקערן די גאַנצע וועלט און באַפרייען דעם גאַנצן אַרבעטער-קלאַס. און וואָס פאָדערט זיך פאַרן דערפאָלג? ליקווידירן אונדזער אָפּגעשטאַנענקייט, אַנטוויקלען הויכע באָלשעוויסטישע טעמפּן פון דער בויונג. מיר דאַרפן זיך באַוועגן פאָרויס אַזוי, אַז דער אַרבעטער-קלאַס פון דער גאַנצער וועלט זאָל, קוקנדיק אויף אונדז, קענען זאָגן: אָט איז ער, מיין פאָרגעשריטענער אָטריאַד, אָט איז זי, מיין שלאָג-בריגאַדע, אָט איז זי, מיין אַרבעטער-מאַכט, אָט איז עס, מיין פאָטערלאַנד, — זיי טוען זייער זאַך, אונדזער זאַך — גוט, — לאָמיר זיי אונטערשטיצן קעגן די קאַפּיטאַליסטן און לאָמיר פאַנאַנדערבלאָזן די אַלוועלטלעכע רעוואָלוציע. צי דאַרפן מיר באַרעכטיקן די האָפענונגען פונעם אַלוועלטלעכן אַרבעטער-קלאַס, אויספילן אונדזערע פאַרפליכטונגען לעגאַבע אים? יאָ, מיר דאַרפן, אויב מיר ווילן זיך ניט מאַכן אינגאַנצן צו שאַנד.

אָט דאָס זיינען אונדזערע פאַרפליכטונגען, די אינערלעכע און די אינטערנאַציאָנאַלע.

איר זעט, אַז זיי דיקטירן אונדז באָלשעוויסטישע אַנטוויקלונג-טעמפּן.

איך וועל ניט זאָגן, אַז בענעגייע דער אָנפירונג מיט דער ווירטשאַפט איז בא אונדז פאַר די דאָזיקע יאָרן גאָרניט אויפגעטאָן. עס איז יאָ אויפגעטאָן געוואָרן און אַפילו זייער אַ סאַך. מיר האָבן איינצווייען פאַרגרעסערט די פּראָדוקציע פון דער אינדוסטריע לעגאַבע דער פאַרמילכאָמעדיקער. מיר

האָבנ געשאפנ די גרעסטע לאנדווירטשאפטלעכע פּראָדוקציע אינ דער וועלט. אָבער מיר וואָלטנ געקאָנט אופטאָנ נאָכ מער, ווענ מיר וואָלטנ זיכ א סטארע געטאָנ פאר דער דאָזיקער צייַט ווי געהעריק צו באהערשנ די פּראָדוקציע, איר טעכניק, איר פינאנציעל־עקאָנאָמישע זייַט.

מאקסימום אינ צענ יאָר דארפנ מיר דורכלויפנ דעמ מעהאלעכ, אפ וועלכנ מיר זייַנענ אָפּגעשטאנענ פונ די פאָרגעשריטענע לענדער פונ קאפּיטאליזמ. דערצו זייַנענ בא אונדז פאראנ אלע „אָביעקטיווע״ מעגלעכקייַטנ. עס פעלט בלויז דאָס קענענ אויסנוצנ ווי געהעריק די דאָזיקע מעגלעכקייַטנ. און דאָס הענגט אָפּ פונ אונדז. נאָר פונ אונדז! שוינ צייַט, אז מיר זאָלנ זיכ אויסלערנענ אויסנוצנ די דאָזיקע מעגלעכקייַטנ, שוינ צייַט מאכנ א סאָפּ צו דער פוילער ציל־אייַנשטעלונג פונ ניט־אריינמישנ זיכ אינ דער פּראָדוקציע. שוינ צייַט צו אָנייגענענ אנ אנדערע, א נייַע ציל־אייַנשטעלונג, וואָס אנטשפּרעכט דעמ איצטיקנ פּעריאָד: אריינמישנ זיכ אינ אלצ. ביסטו א זאַוואָד־דירעקטער, מיש זיכ אריינ אינ אלע איניאָנימ, דרינג אריינ אינ אלצ, לאָז קיינ זאכ ניט דורכ, לערנ זיכ און נאָכאמאָל לערנ זיכ. די באָלשעוויקעס דארפנ באהערשנ די טעכניק. שוינ צייַט, אז די באָלשעוויקעס זאָלנ אליינ ווערנ ספּעציאליסטנ. אינעמ פּעריאָד פונ רעקאָנסטרוקציע באשליסט די טעכניק אלצ. און דער ווירטשאפטלער, וואָס וויל ניט דערלערנענ די טעכניק, וואָס וויל ניט באהערשנ די טעכניק, — איז אנ אנעקדאָט, און ניט קיינ ווירטשאפטלער.

מע זאָגט, אז עס איז שווער צו באהערשנ די טעכניק. ניט ריכטיק! עס זייַנענ ניטאָ אזוינע פעסטונגענ, וואָס די באָלשעוויקעס זאָלנ ניט קאָנענ אייַנעמענ. מיר האָבנ געלייזט א ריי ביז גאָר שווערע אופגאבנ. מיר האָבנ אראָפּגעוואָרפנ דעמ קאפּיטאליזמ. מיר האָבנ גענומענ די מאכט. מיר האָבנ אויסגעבויט א גראנדיעזע סאָציאליסטישע אינדוסטריע. מיר האָבנ א קער געטאָנ דעמ מיטלפויער אפנ וועג פונ סאָציאליזמ. דאָס וויכטיקסטע פונעמ שטאנדפּונקט פונ דער בויונג האָבנ מיר שוינ אָפּגעטאָנ. אונדז איז פארבליבנ ניט קיינ סאכ: דערלערנענ די טעכניק, באהערשנ די וויסנשאפט. און ווענ מיר וועלנ דאָס אָפּטאָנ, וועלנ בא אונדז אוועקגייענ אזוינע טעמפּנ, וואָס וועגנ זיי וואגנ מיר אפילע ניט צו טרוימענ אצינד. און מיר וועלנ דאָס אופטאָנ, אויב מיר וועלנ דאָס וועלנ ווי געהעריק!

# א נײַע סיטואַציע — נײַע אויפגאַבן פון דער ווירטשאַפטלעכער בױונג

רעדע אױף דער באַראַטונג פון די ווירטשאַפטלער דעם 23־טן יוני 1931 יאָר

כאַווײרים! פון די מאַטעריאַלן פון דער באַראַטונג איז צו זען, אַז פונעם שטאַנדפונקט פון אויספילן דעם פּלאַן שטעלט פאָר אונדזער אינדוסטריע א גאַנץ פאַרשײדנפאַרביק בילד. עס זײַנען פאַראַן אינדוסטריע־צווײַגן, וועלכע האָבן אין די פאַרגאַנגענע פינף כאָדאָשים געגעבן א צוּוווּקס פון דער פּראָדוקציע אין פאַרגלײַך מיטן פאַרגאַנגענעם יאָר אױף 40—50 פּראָצ. עס זײַנען פאַראַן צווײַגן, וועלכע האָבן געגעבן ניט מער ווי 20—30 פּראָצ. צוּוווּקס. עס זײַנען פאַראַן, ענדלעך, באַזונדערע צווײַגן פון דער אינדוסטריע, וועלכע האָבן געגעבן א מינימאַלן צוּוווּקס — אַוועלכע 6—10 פּראָצ., אָדער אפילע ווינציקער דערפון. צו די לעצטע דאַרף מען פאַררעכענען די קוילן־אינדוסטריע און די שוואַרצע מעטאַלורגיע. דאָס בילד, ווי איר זעט, איז א פאַרשײדנפאַרביקס.

מיט וואָס איז צו דערקלערן די דאָזיקע פאַרשײדנפאַרביקײַט? ווו ליגט די סיבע פון דער אָפּגעשטאַנענקײַט פון אײניקע אינדוסטריע־צווײַגן? ווו ליגט די סיבע דערפון, וואָס אײניקע אינדוסטריע־צווײַגן גיבן סאַכאַקל בלויז 20—25 פּראָצ. צוּוווּקס, און די קוילן־אינדוסטריע און די שוואַרצע מעטאַלורגיע גיבן נאָך ווינציקער צוּוווּקס, שלעפּן זיך נאָך נאָך די איבעריקע צווײַגן?

די סיבע באַשטײט דערין, וואָס די לעצטע צײַט האָבן זיך די אַנטוויקלונג-באַדינגונגען פון דער אינדוסטריע ראַדיקאַל געענדערט, עס האָט זיך געשאַפן א נײַע סיטואַציע, וועלכע פאָדערט נײַע מעטאָדן פון אָנפירונג, און אײניקע ווירטשאַפטלער אונדזערע, אָנשטאָט צו ענדערן די אַרבעט-מעטאָדן, אַרבעטן נאָך אַלץ אױפן אַלטן אויפן. עס גײט, הײסט עס, דערין, וואָס די נײַע אַנטוויקלונג-באַדינגונגען פון דער אינדוסטריע פאָדערן, מע זאָל אַרבעטן אױף א נײַעם אויפן, און אײניקע ווירטשאַפטלער אונדזערע פאַרשטײען עס ניט און זײ זעען ניט, אַז אָנפירן דאַרף מען איצט אױף א נײַעם אויפן.

דערינ ליגט די סיבע, פארוואָס איי‌ניקע צווייַגנ פונ אונדזער אינדוסט-ריע שטייענ אָפּ.

וואָס זייַנענ עס פאר א נייַע אנטוויקלונג־באדינגונגענ פונ אונדזער אינ-דוסטריע? פונוואַנענ האָבנ זיי זיכ עס גענומענ?

זיי, די דאָזיקע נייַע באדינגונגענ, איז פאראנ, ווייניקסטנס, זעקס.

לאָמיר באטראכטנ די דאָזיקע באדינגונגענ.

## I

## ארבעטקראפט

עס רעדט זיכ פריִער פאר אלצ וועגנ באזאָרגנ די אונטערנעמונגענ מיט ארבעטקראפט. פריִער פלעגנ געווייַנלעכ די ארבעטער אלייַנ גייַנ אינ די זאוואָדנ, אינ די פאבריקנ, — עס איז געווענ, הייסט עס, א געוויסער זעלבשטראָמ אינ דעמ דאָזיקנ איניען. אונ דער דאָזיקער זעלבשטראָמ האָט געשטאמט דערפונ, וואָס עס איז געווענ אנ ארבעטלאָזיקייַט, עס איז געווענ א פאנאנדערשיכטונג אינ דאָרפ, עס איז געווענ דאלעס, עס איז געווענ מוירע פאר הונגער, וואָס האָט געטריבנ די מענטשנ פונ דאָרפ אינ שטאָט אריַינ. איר געדענקט די פאָרמול: „דאָס לויפנ פונעמ מוזשיק פונ דאָרפ אינ שטאָט אריַינ"? וואָס האָט געצווונגענ דעמ פויער צו לויפנ פונ דאָרפ אינ שטאָט אריַינ? די מוירע פאר הונגער, די ארבעטלאָזיקייַט, דער אומשטאנד, וואָס דאָס דאָרפ איז געווענ פאר אימ א שטיפמאמע, אונ ער איז גרייט געווענ צו לויפנ פונ דאָרפ אפילע צומ טייַוול אפ די הערנער, אבי צו באקומענ עפּעס אנ ארבעט.

אזוי אָדער קימאט אזוי האָט עס געהאלטנ בא אונדז אינ דער ניט-ווייַטער פארגאנגענהייַט.

צי קאָנ מענ זאָגנ, אז מיר האָבנ איצט פונקט אזא בילד? ניינ, מע קאָנ עס ניט זאָגנ. פארקערט, די סיטואציע האָט זיכ איצט געענדערט ראדיקאל. אונ טאקע דערפאר, ווייַל די סיטואציע האָט זיכ געענדערט, איז בא אונדז ניטאָ מער קיינ זעלבשטראָמ פונ ארבעטקראפט. וואָס זשע, אייגנטלעכ, האָט זיכ געענדערט פאר דער דאָזיקער צייַט? ערשטנס, האָבנ מיר ליקווידירט די ארבעטלאָזיקייַט, — הייסט עס, מיר האָבנ פארניכטעט יענע קראפט, וועלכע האָט געדריקט אפנ „ארבעט-מארק". צווייטנס, מיר האָבנ אונטערגעריסנ אינ וואָרצל די פאנאנדערשיכטונג אינ דאָרפ, — הייסט עס, מיר זייַנענ בייַגע-קומענ אָט יענע מאסנ-אָרעמקייַט, וועלכע האָט געטריבנ דעמ פויער פונ דאָרפ אינ שטאָט אריַינ. צולעצט, מיר האָבנ באזאָרגט דאָס דאָרפ מיט

צענדליקער טויזנטער טראַקטערס און לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינעס, צעקלאַפּט דעם באַלעגוף, אָרגאַניזירט קאָלווירטן און געגעבן די פּויערים א מעגלעכ־קייט צו לעבן און אַרבעטן ווי מענטשן. איצט קאָן מען שוין ניט זאָגן, אַז דאָס דאָרף איז א שטיפמאַמע פאַרן פּויער. און טאַקע דערפאַר, ווײַל מע קאָן מער ניט זאָגן, אַז דאָס דאָרף איז א שטיפמאַמע, האָט דער פּויער גענומען פאַרבלײַבן פעסט אין דאָרף, און בא אונדז איז געוואָרן אויס מיטן „לויפן פונעם מוזשיק פון דאָרף אין שטאָט אַרײַן", אויס מיטן זעלב־שטראָם פון אַרבעטקראַפט.

איר זעט, אַז מיר האָבן איצט אײַנגאַנצן א נײַע סיטואַציע און נײַע באַדינגונגען פון באַזאָרגן די אונטערנעמונגען מיט אַרבעטקראַפט.

וואָס זשע איז דערפון געדרונגען?

דערפון איז געדרונגען, ערשטנס, אַז מע טאָר מער ניט אויסרעכענען אַף קיין זעלבשטראָם פון דער אַרבעטקראַפט. הייסט עס, אַז פון דער „פּאָליטיק" פון זעלבשטראָם דאַרף מען איבערגיין צו דער פּאָליטיק פון אָרגאַני־זירטן ווערבירן אַרבעטער פאַר דער אינדוסטריע. אָבער דערצו עקזיס־טירט בלויז איין וועג — דער וועג פון אָפּמאַכן צווישן די ווירטשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס מיט די קאָלווירטן און קאָלווירטניקעס. איר ווייסט, אַז אַף דעם דאָזיקן וועג האָבן זיך שוין געשטעלט אייניקע ווירטשאַפטלעכע אָר־גאַניזאַציעס און קאָלווירטן, דערבײַ האָט די דערפאַרונג באַוויזן, אַז די פּראַקטיק פון אָפּמאַכן גיט ערנסטע דערפאָלגן סײַ פאַר די קאָלווירטן סײַ פאַר די אינדוסטריע־אונטערנעמונגען.

דערפון איז געדרונגען, צווייטנס, אַז מע דאַרף טייקעף איבערגיין צום מעכאַניזירן די סאַמע שווערע אַרבעט־פּראָצעסן, פאַנאַנדערוויקלענדיק די דאָזיקע אַרבעט אין דער גאַנצער גרייס (די וואַלד־אינדוסטריע, דאָס בויונג־וועזן, די קוילן־אינדוסטריע, דאָס אָנלאָדן־אויסלאָדן, דער טראַנספּאָרט, די שוואַרצע מעטאַלורגיע אאַז.). דאָס באַטײַט ניט, פאַרשטייט זיך, אַז מע דאַרף קלוימערשט פאַרוואַרפן די האַנט־אַרבעט. פאַרקערט, האַנט־אַרבעט וועט נאָך לאַנג שפּילן אין דער פּראָדוקציע גאָר אַן ערנסטע ראָליע. אָבער דאָס באַטײַט, אַז די מעכאַניזירונג פון די אַרבעט־פּראָצעסן איז יענע נײַע פאַר אונדז און אומבאַדינגט נייטיקע קראַפט, וואָס אָן איר איז ניט מעגלעך אויסצו־האַלטן ניט אונדזערע טעמפּן, ניט די נײַע מאַסשטאַבן פון דער פּראָ־דוקציע.

בא אונדז איז נאָך פאַראַן ניט ווייניק ווירטשאַפטלער, וועלכע „גלייבן ניט" ניט אין מעכאַניזאַציע, ניט אין אָפּמאַכן מיט די קאָלווירטן. דאָס זײַנען די זעלבע ווירטשאַפטלער, וועלכע פאַרשטייען ניט די נײַע סיטו־אַציע, ווילן ניט אַרבעטן אַף א נײַעם אופן און זיפצן נאָך די „אַלטע

גוטע צײַטן", ווען די ארבעטקראפט איז „אליין געגאנגען" אין די אונ־טערנעמונגען. עס איז גאָר ניטאָ וואָס צו ריידן, אז אזוינע ווירטשאַפטלער זײַנען, ווי דער הימל פון דער ערד, ווײַט פון יענע נײַע אויפגאבן פון ווירטשאפטלעכער בויונג, וועלכע עס שטעלט פאר אונדז די נײַע סיטואציע. זיי מיינען, ווײַזט אויס, אז די שוועריקײַטן מיט דער ארבעטקראפט זײַנען א צופעליקע דערשײַנונג, אז דער מאנגל אין ארבעטקראפט וועט אליין פארשווינדן אין סיידער, אזוי צו זאָגן, פון זעלבשטראָם. דאָס איז א פאר־בלענדעניש, כאווירים. די שוועריקײַטן מיט ארבעטקראפט קאָנען ניט פאר־שווינדן אליין. זיי קאָנען פארשווינדן בלויז אין רעזולטאט פון אונדזערע אייגענע אָנשטרענגונגען.

**אלזאָ, אָרגאניזירט ווערבירן ארבעטקראפט אין סיידער פון אָפּמאכן מיט די קאָלווירטן, מעכאניזירן די ארבעט — אזא איז די אויפגאבע.**

אזוי האלט עס מיט דער פראגע וועגן דעם ערשטן נײַעם באדינג פאר דער אנטוויקלונג פון אונדזער אינדוסטריע.

לאָמיר אריבערגיין צו דער פראגע וועגן דעם צווייטן באדינג.

## II

## דער ארבעטלוין פון די ארבעטער

איך האָב נאָרוואָס גערעדט וועגן אָרגאניזירטן ווערבירן ארבעטער פאר אונדזערע אונטערנעמונגען. אָבער ווערבירן ארבעטער הייסט נאָך ניט אָפּ־טאָן די גאנצע ארבעט. כדי צו באזאָרגן אונדזערע אונטערנעמונגען מיט ארבעטקראפט, מוז מען זיך דערשלאָגן צו פארפעסטיקן די ארבעטער פאר דער פּראָדוקציע און מאכן דעם ארבעטער־באשטאנד אין דער אונטערנעמונג פאר א מער אָדער ווייניקער באשטענדיקן. עס איז קוים נייטיק צו דערווײַזן, אז אָן א באשטענדיקן באשטאנד ארבעטער, וועלכע האָבן מער אָדער ווייניקער בא־הערשט די טעכניק פון דער פּראָדוקציע און האָבן זיך צוגעוווינט צו די נײַע מעכאניזמען,—איז אוממעגלעך זיך צו באוועגן פאָרויס, איז אוממעגלעך אויסצופילן די פּראָדוציר־פּלענער. אין קעגנפאל וואָלט אויסגעקומען יעדעס מאָל אָפּסנײַ צו לערנען די ארבעטער און פאטערן א העלפט צײַט אף לערנען זיי, אַנ־שטאָט אויסצונוצן זיי פאר דער פּראָדוקציע. און וואָס קומט איצט פאָר בא אונדז פאקטיש? צי קאָן מען זאָגן, אז דער ארבעטער־באשטאנד אין די אונטערנעמונגען איז בא אונדז א מער אָדער ווייניקער באשטענדיקער? ניין, מע קאָן עס ניט זאָגן, צום באדויערן. פארקערט, בא אונדז איז נאָך

אלצ פאראנ אינ די אונטערנעמונגענ די אזויגערופענע פליסעוודיקײַט פונ דער ארבעטקראפט. נאָכ מער, אינ א רײ אונטערנעמונגענ איז די פליסעוודיקײַט פונ דער ארבעטקראפט ניט נאָר זי פארשווינדט ניט, נאָר, פארקערט, זי וואקסט אונ פארשטארקט זיכ. אלנפאלס, וועט איר ווייניק געפינענ אונטערנעמונגענ, ווו דער ארבעטער־באשטאנד זאָל זיכ ניט בײַטנ אינ מעשעכ פונ א האלב יאָר אָדער אפילע א קווארטל, ווייניקסטנס, אפ 30—40 פראָצ.

פריער, אינעם פעריאָד פונ אופשטעלנ די אינדוסטריע, ווענ די טעכנישע אויסשטאטונג איז בא אונדז געווענ ניט קיינ קאָמפליצירטע אונ די מאסשטאבנ פונ דער פראָדוקציע זײַנענ געווענ ניט קיינ גרויסע, — האָט מענ געקאָנט ווי־עס־איז „דולדנ" די אזויגערופענע פליסעוודיקײַט פונ דער ארבעטקראפט. איצט איז אנ אנדער זאכ. איצט האָט זיכ די סיטואציע געענדערט ראדיקאל. איצט, אינעמ פעריאָד פונ פאנאנדערגעוויקלטער רעקאָנסטרוקציע, ווענ די מאסשטאבנ פונ דער פראָדוקציע זײַנענ געוואָרנ גיגאנטישע אונ די טעכנישע אויסשטאטונג — א ביז גאָר קאָמפליצירטע, — האָט זיכ די פליסעוודיקײַט פונ דער ארבעטקראפט פארוואנדלט אינ א צאָרע פאר דער פראָדוקציע, וואָס דעזאָרגאניזירט אונדזערע אונטערנעמונגענ. „דולדנ" איצט די פליסעוודיקײַט פונ דער ארבעטקראפט — באטײַט צעלייגנ אונדזער אינדוסטריע, פארניכטנ די מעגלעכקײַט אויסצופילנ די פראָדוציר־פלענער, אונטערײַסנ די מעגלעכקײַט צו פארבעסערנ די קוואליטעט פונ דער פראָדוקציע.

ווו ליגט די סיבע פונ דער פליסעוודיקײַט פונ דער ארבעטקראפט?

אינ דער ניט-ריכטיקער אָרגאניזירונג פונעמ ארבעטלוינ, אינ דער ניט-ריכטיקער טאריפ־סיסטעמ, אינ דער „לינקאטשישער" אויסגלײַכערײַ אינעמ געביט פונ ארבעטלוינ. אינ א רײ אונטערנעמונגענ זײַנענ די טאריפ־געהאלטנ בא אונדז אײַנגעשטעלט אזוי, אז עס פארשווינדט קימאט דער אונטערשייד צווישנ ארבעט קוואליפיצירטער אונ ארבעט ניט-קוואליפיצירטער, צווישנ ארבעט שווערער אונ ארבעט לײַכטער. די אויסגלײַכערײַ פירט דערצו, אז דער ניט־קוואליפיצירטער ארבעטער איז ניט פארינטערעסירט צו ווערנ א קוואליפיצירטער אונ ער האָט ניט, אזוי־ארומ, קיינ פערספעקטיוו זיכ צו רוקנ פאָרויס, דעריבער פילט ער זיכ ווי א „דאטשניק" אינ דער פראָדוקציע, וואָס ארבעט בלויז צײַטווײַליק, קעדיי „צופארדינענ" א ביסל אונ דערנאָכ אוועקגיינ אינ אנ אנדער אָרט „זוכנ גליק". די אויסגלײַכערײַ פירט דערצו, אז דער קוואליפיצירטער ארבעטער איז געצוווּנגענ אריבערצוגיינ פונ איינ אונטערנעמונג אפ דער אנדערער, קעדיי צו געפינענ, ענדלעכ, אזא אונטערנעמונג, ווו מע קאָנ אפ א געהעריקנ אויפנ אָפשאצנ קוואליפיצירטע ארבעט.

פונדאנען נעמט זיך די „אַלגעמיינע״ באוועגונג פון איין אונטערנעמונג אין דער אנדערער, די פליסעוודיקייט פון דער ארבעטקראפט.

קעדיי צו פארניכטן דאָס דאָזיקע בייז, דארף מען אָפּשאפן די אויסגלייכעריי און צעקלאפן די אַלטע טאריף־סיסטעם. קעדיי צו פארניכטן דאָס דאָזיקע בייז, דארף מען אָרגאניזירן אזא סיסטעם פון טאריפן, וועלכע זאָל דיסקאָנטירן דעם אונטערשייד צווישן ארבעט קוואַליפיצירטער און ארבעט ניט־קוואַליפיצירטער, צווישן ארבעט שווערער און ארבעט לייכטער. מע קאָן ניט דולדן, אז א וואַלצער אין דער שווארצער מעטאַלורגיע זאָל באקומען פונקט אזויפיל, וויפל אן אופראמער. מע קאָן ניט דולדן, אז א מאשיניסט פון אייזנבאן־טראנספּאָרט זאָל באקומען פונקט אזויפיל, וויפל א רעגיסטראטער. מארקס און לענין זאָגן, אז אן אונטערשייד צווישן ארבעט קוואַליפיצירטער און ארבעט ניט־קוואַליפיצירטער וועט עקזיסטירן אפילו באם סאָציאַליזם, אפילו נאָך דער פארניכטונג פון די קלאסן, אז ערשט באם קאָמוניזם דארף פארשווינדן דער דאָזיקער אונטערשייד, אז דעריבער דארף דער „ארבעטלוין״ אפילו באם סאָציאַליזם ארויסגעגעבן ווערן לויט דער ארבעט, און ניט לויט דער באדערפעניש. אָבער אונדזערע אויסגלייכער פון צווישן די ווירטשאפטלער און פראָפאריינישע טוער זיינען ניט מאסקים דערמיט און מיינען, אז דער דאָזיקער אונטערשייד איז שוין פארשוווּנדן געוואָרן בא אונדזער סאָוועטישער אָרדענונג. ווער איז גערעכט — מארקס און לענין אָדער די אויסגלייכער? מע דארף מיינען, אז גערעכט זיינען דאָ מארקס און לענין. אָבער דערפון איז געדרונגען, אז ווער עס בויט איצט די טאריף־סיסטעם אפ די „פרינציפן״ פון אויסגלייכעריי, אָן א דיסקאָנט פונעם אונטערשייד צווישן ארבעט קוואַליפיצירטער און ארבעט ניט־קוואַליפיצירטער, יענער רייסט איין מיטן מארקסיזם, רייסט איין מיטן לעניניזם.

אין יעדן אינדוסטריע־צווייג, אין יעדער אונטערנעמונג, אין יעדן צעך זיינען פאראן פירנדיקע גרופּעס מער אָדער ווייניקער קוואַליפיצירטע ארבעטער, וועלכע מע דארף פארפעסטיקן פאר דער פראָדוקציע פריער פאר אלץ און הויפּטזאכלעך, אויב מיר ווילן ווירקלעך זיכערן א באשטענדיקן ארבעטער־באשטאנד אין דער אונטערנעמונג. זיי, די דאָזיקע פירנדיקע גרופּעס ארבעטער, בילדן דעם גרונט־רינג פון דער פראָדוקציע. פארפעסטיקן זיי פאר דער אונטערנעמונג, פארן צעך — באטייט פארפעסטיקן דעם גאנצן באשטאנד ארבעטער, ארונטעררייסן אין וואָרצל די פליסעוודיקייט פון דער ארבעטקראפט. ווי אזוי אָבער זאָל מען זיי פארפעסטיקן פאר דער אונטערנעמונג? זיי קאָן מען פארפעסטיקן בלויז דורך ארויסרוקן זיי העכער, דורך אויפהייבן דעם ניוואָ פון זייער ארבעטלוין, דורך אזא אָרגאניזירונג פו־

נעמ ארבעטלוינ, וואָס שאצט אָפ ווי געהעריק די קוואליפיקאציע פונעמ טוער. אונ וואָס הייסט ארויסרוקנ זיי העכער אונ אופהייבנ דעמ ניוואָ פונ זייער ארבעטלוינ? דאָס הייסט, אכוצ אלעמ איבעריקנ, עפענענ פאר די ניט-קוואליפיצירטע ארבעטער א פערספעקטיוו אונ געבנ זיי א סטימול זיכ צו באוועגנ העכער, זיכ באוועגנ צו דער קאטעגאָריע קוואליפיצירטע. איר ווייסט אליינ, אז מיר דארפנ איצט האָבנ הונדערטער טויזנטער אונ מיליאָנענ קוואליפיצירטע ארבעטער. אָבער קעדיי צו שאפנ קוואליפיצירטע, דארפ מענ געבנ א סטימול אונ פערספעקטיוו די ניט-קוואליפיצירטע ארבעטער צו באוועגנ זיכ פאָרויס, ארויסצורוקנ זיכ העכער. אונ וואָס דרייסטער מיר וועלנ זיכ שטעלנ אפ דעמ דאָזיקנ וועג, אלצ בעסער איז, ווייַל דערינ באשטייט דאָס גרונט-מיטל צו ליקווידירנ די פליסעוודיקייַט פונ דער ארבעטקראפט. איינשפּאָרנ ווידער אינ דעמ דאָזיקנ איניענ — הייסט באגיינ א פארברעכנ, גיינ קעגנ די אינטערעסנ פונ אונדזער סאָציאליסטישער אינדוסטריע.

אָבער דאָס איז ניט אלצ.

קעדיי צו פארפעסטיקנ די ארבעטער פאר דער אונטערנעמונג, איז נאָכ נייטיק א ווייַטערדיקע פארבעסערונג פונ דער באזאָרגונג אונ פונ די וווינונג-באדינגונגענ פונ די ארבעטער. מע קאָנ ניט לייקענענ, אז אינעמ געביט פונ וווינונג-בויונג אונ פונ באזאָרגנ די ארבעטער איז די לעצטע יאָרנ אָפגעטאָנ ניט ווייניק. אָבער דאָס, וואָס עס איז געטאָנ געוואָרנ, איז אבסאָליוט ניט גענוג קעדיי צו דעקנ די גיכ וואקסנדיקע באדערפענישנ פונ די ארבעטער. מע טאָר זיכ ניט פארופנ אפ דעמ, וואָס פריער איז וווינונגענ געווענ ווייניקער, ווי איצט, אונ אז דעריבער קאָנ מענ זיכ בארויִקנ אפ די דערגרייכטע רעזולטאטנ. מע קאָנ זיכ אויכ ניט פארופנ אפ דעמ, וואָס פריער איז די באזאָרגונג פונ די ארבעטער געווענ אָנ אנ ערעכ ערגער, איידער איצט, אונ אז מע קאָנ דעריבער זיכ באפרידיקנ מיט דער עקזיסטירנדיקער לאגע. נאָר פוילע אונ אפ דורכ אונ דורכ דורכגעפוילטע מענטשנ קאָנענ זיכ טרייסטנ מיט פארופנ זיכ אפ דער פארגאנגענהייַט. מע דארפ ארויסגיינ ניט פונ דער פארגאנגענהייַט, נאָר פונ די וואקסנדיקע באדערפענישנ פונ די ארבעטער איצט. מע דארפ פארשטיינ, אז די עקזיסטענצ-באדינגונגענ פונ די ארבעטער האָבנ זיכ בא אונדז געענדערט ראדיקאל. דער ארבעטער איז איצט ניט דאָס, וואָס פריער. דער איצטיקער ארבעטער, אונדזער סאָוועטישער ארבעטער, וויל לעבנ אזוי, אז עס זאָלנ געדעקט ווערנ אלע זייַנע מאטעריעלע אונ קולטורעלע באדערפענישנ, סייַ אינעמ זינ פונ דערנערונג-באזאָרגונג, סייַ אינעמ זינ פונ וווינונגענ, סייַ אינעמ זינ פונ באזאָרגנ די קולטורעלע אונ אלערליי אנדערע באדערפענישנ. ער האָט דע-

רופ רעכט, און מיר זײַנען מעכויעוו צו זיכערן אים די דאָזיקע באַדינגונ־גען. עמעס, ער לײַדט ניט בא אונדז פון קיין ארבעטלאָזיקײַט, ער איז פרײַ פונעם יאָך פון קאפיטאליזם, ער איז מער ניט קיין שקלאַפ, נאָר א באַלעבאָס פון זײַן זאך. אָבער דאָס איז ווייניק. ער פאָדערט, אז עס זאָלן געזיכערט זײַן אַלע זײַנע מאטעריעלע און קולטורעלע באַדערפענישן, און מיר זײַנען מעכויעוו אויסצופילן די דאָזיקע פאָדערונג זײַנע. פארגעסט ניט, אז מיר אַליין טרעטן איצט ארויס מיט געוויסע פאָדערונגען צום ארבע־טער, — מיר פאָדערן פון אים ארבעט־דיסציפּלין, אָנגעשטרענגטע ארבעט, געוועט, שלאָגלערײַ. פארגעסט ניט, אז די קאָלאָסאַלע מערהײַט ארבעטער האָט אָנגענומען די דאָזיקע פאָדערונגען פון דער ראטנמאכט מיט גרויס ענטוזיאזם און פילט זיי הערױִש אויס. וווּנדערט זיך ניט דעריבער, וואָס, פארווירקלעכנדיק די פאָדערונגען פון דער ראטנמאכט, וועלן די ארבעטער, פון זייער זײַט, פאָדערן פון איר, זי זאָל אויספילן אירע פארפליכטונגען ווײַטער צו פארבעסערן די מאטעריעלע און קולטורעלע לאַגע פון די ארבעטער.

אלזאָ, ליקווידירן די פליסעווודיקײַט פון דער ארבעט־קראַפט, פארניכטן די אויסגלײַכערײַ, ריכטיק אָרגאניזירן דעם ארבעטלוין, פארבעסערן די שטייגער־באַדינגונגען פון די ארבעטער — אזא איז די אויפגאבע.

אזוי האַלט עס מיט דער פראגע וועגן דעם צווייטן נײַעם באַדינג פאר דער אנטוויקלונג פון אונדזער אינדוסטריע.

לאָמיר אריבערגיין צו דער פראגע וועגן דעם דריטן באַדינג.

## III

## ארבעט־אָרגאניזאציע

איך האָב אויבן גערעדט וועגן דער נייטיקײַט צו ליקווידירן די פלי־סעווודיקײַט פון דער ארבעטקראַפט, וועגן פארפעסטיקן די ארבעטער אין די אונטערנעמונגען. אָבער מיטן פארפעסטיקן די ארבעטער ווערט נאָך דער גאנצער ענין ניט אויסגעשעפּט. עס איז ווייניק צו דערשלאָגן זיך, אז די פליסעווודיקײַט זאָל פארניכטעט ווערן. מע דארף נאָך אוועקשטעלן די ארבעטער אין אזעלכע ארבעט־באַדינגונגען, וועלכע זאָלן זיי געבן די מעג־לעכקײַט צו ארבעטן מיט א טאָלק, אויפהייבן די פּראָדוקטיוויקײַט, פארבע־סערן די קוואליטעט פון דער פּראָדוקציע. מע דארף, הייסט עס, אָרגאני־זירן די ארבעט אין די אונטערנעמונגען אף אזא אופן, אז די פּראָדוק־טיוויקײַט זאָל שטײַגן פון כוידעש צו כוידעש, פון קווארטאַל צו קווארטאַל.

צי קאָן מען זאָגן, אז די איצטיקע פאקטישע ארבעט-אָרגאניזאציע אין אונדזערע אונטערנעמונגען אנטשפרעכט די הײַנטצײַטיקע פאָדערונגען פון דער פראָדוקציע? צום באדויערן, קאָן מען דאָס ניט זאָגן. אלנפאלס, בא אונדז איז נאָך אלץ פאראן א ריי אונטערנעמונגען, ווו די ארבעט־אָרגאניזאציע איז אוועקגעשטעלט אויסערסט שלעכט, ווו עס איז אָנשטאָט אָרדענונג און קאָנטאקטירטקײַט אין דער ארבעט פאראן אומאָרדענונג און פלאָנטער, ווו אָנשטאָט פאראנטוואָרטלעכקײַט פאר דער ארבעט הערשט פולשטענדיקע אומפאראנטוואָרטלעכקײַט און *אנאָנימקע*.

וואָס איז אזוינס אנאָנימקע? אנאָנימקע איז אָפּוועזנקײַט פון יעטווידער פאראנטוואָרטלעכקײַט פאר דער באופטראָגטער ארבעט, אָפּוועזנקײַט פון פאראנטוואָרטלעכקײַט פאר די מעכאניזמען, פאר די ווערקשטעלן, פאר די אינסטרומענטן. פארשטייט זיך, אז בא דער אנאָנימקע קאָן גאָר קיין רייד ניט זײַן וועגן א וויפל־ניט־איז ערנסטן אופשטײַג פון דער ארבעט-פראָדוקטיווקײַט, וועגן א פארבעסערונג פון דער קוואליטעט פון דער פראָדוקציע, וועגן אן אָפּגעהיטער באציִונג צו די מעכאניזמען, ווערקשטעלן, אינסטרומענטן. איר ווייסט, צו וואָס עס האָט דערפירט די אנאָנימקע אפן אײַזנבאן־טראנספּאָרט. פונקט צו אזוינע רעזולטאטן דערפירט זי אויך אין דער אינדוסטריע. מיר האָבן פארניכטעט די אנאָנימקע אפן אײַזנבאן־טראנספּאָרט און האָבן אופגעהויבן זײַן ארבעט. מיר דארפן דורכמאכן אין דער אינדוסטריע דאָס זעלביקע, קעדיי אופצוהייבן איר ארבעט אפ א העכערער שטופּע.

פריִער האָט מען זיך נאָך געקאָנט ווי־עס־איז „באגיין" מיט יענער ניט־ריכטיקער ארבעט־אָרגאניזאציע, וועלכע לעבט זיך באקוועם זײַט־בא־זײַט מיט דער אנאָנימקע און מיט דער אָפּוועזנקײַט פון דער פאראנטוואָרטלעכקײַט פון יעדן פאר דער געגעבענער קאָנקרעטער ארבעט. איצט איז אן אנדער זאך. איצט איז די סיטואציע אינגאנצן אן אנדערע. בא די איצטיקע גראנדיעזע מאסשטאבן פון דער פראָדוקציע און בא דער אָנוועזנקײַט פון אונטערנעמונגען־ריזן איז די אנאָנימקע אזא צאָרע פאר דער אינדוסטריע, וואָס שאפט א געפאר פאר אלע אונדזערע פראָדוצירישע און אָרגאניזאציאָנעלע דערגרייכונגען אין די אונטערנעמונגען.

וויאזוי האָט זיך געקאָנט אײַנוואָרצלען בא אונדז די אנאָנימקע אין א ריי אונטערנעמונגען? זי איז געקומען אין די אונטערנעמונגען ווי אן אומגעזעצלעכע באגלייטערין פון דער קעסיידערדיקער ארבעט־וואָך. עס וואָלט געווען ניט ריכטיק צו זאָגן, אז די קעסיידערדיקע ארבעט-וואָך ברענגט אומבאדינגט מיט זיך די אנאָנימקע אין דער פראָדוקציע. בא א ריכטיקער ארבעט־אָרגאניזאציע, באם אָרגאניזירן די פאראנטוואָרטלעכקײַט פון יעדן פאר א באשטימטער ארבעט, באם צופעסטיקן באשטימטע גרופּעס ארבעטער

צו מעכאניזמענ, ווערקשטעלנ, בא א ריכטיקער אָרגאניזירונג פונ וואכטעס, וועלכע שטייענ ניט אָפּ איינע פונ דער אנדערער אינ דער קוואליטעט אונ קוואליפיקאציע, — בא די דאָזיקע באדינגונגענ פירט די קעסיידערדיקע ארבעט-וואָכ צו א קאָלאָסאלנ וווּקס פונ דער ארבעט-פּראָדוקטיווקייַט, צו א פארבעסערונג פונ דער קוואליטעט פונ דער ארבעט, צום אויסוואָרצלענ די אנאָנימקע. אזוי האלט עס, לעמאָשל, אפנ אייַזנבאנ־טראנספּאָרט, ווו עס עקזיסטירט איצט א קעסיידערדיקע ארבעט-וואָכ, נאָר ווו עס איז ניטאָ מער קיינ אנאָנימקע. צי קאָנ מענ זאָגנ, אז אינ די אונטערנעמונגענ פונ דער אינדוסטריע האָבנ מיר פּונקט אזא גינסטיק בילד מיט דער קעסיידערדיקער ארבעט-וואָכ? צום באדויערנ, קאָנ מענ דאָס ניט זאָגנ. עס האנדלט זיכ דערינ, וואָס אינ א ריי אונטערנעמונגענ איז מענ בא אונדז אריבער אפ א קעסיידערדיקער ארבעט-וואָכ צו אייַליק, ניט האָבנדיק צוגעגרייט די אנטשפּרעכיקע באדינגונגענ, אָנ א געהעריקער אָרגאניזירונג פונ וואכטעס, וואָס זאָלנ זייַנ מער אָדער ווייניקער גלייַכווערטיק לויט דער קוואליטעט אונ קוואליפיקאציע, אָנ דער אָרגאניזירונג פונ דער פאראנטוואָרטלעכקייַט פונ יעדנ פאר דער געגעבענער קאָנקרעטער ארבעט. אונ דאָס האָט דערפירט דערצו, אז די קעסיידערדיקע ארבעט-וואָכ, געלאָזנ אפנ באראָט פונ דער סטיכיע, האָט זיכ פארוואנדלט אינ אנ אנאָנימקע. אינ רעזולטאט האָבנ מיר אינ א ריי אונטערנעמונגענ א פּאפּירענע, וואָרטלעכע קעסיידערדיקע ארבעט-וואָכ אונ א ניט־פּאפּירענע, א רעאלע אנאָנימקע. אינ רעזולטאט האָבנ מיר — אָפּוועזנקייַט פונעם געפיל פונ פאראנטוואָרטלעכקייַט פאר דער ארבעט, א נאכלעסיקע באציִונג צו די מעכאניזמענ, מאסנ-פאלנ פונ ברעכנ די ווערקשטעלנ אונ אָפּוועזנקייַט פונ א סטימול צום העכערנ די ארבעט-פּראָדוקטיווקייַט. ניט אומזיסט זאָגנ די ארבעטער: „מיר וואָלטנ געהעכערט די ארבעט-פּראָדוקטיווקייַט אונ וואָלטנ פארבעסערט די ארבעט, אָבער ווער וועט אונדז אָפּשאצנ, אז קיינער איז פאר קיינ זאכ ניט פאראנטוואָרטלעכ?"

דערפונ איז געדרונגענ, אז געוויסע כאווײרים אונדזערע האָבנ זיכ ווי־ניט־ווי צוגעאייַלט מיטנ אייַנפירנ די קעסיידערדיקע ארבעט-וואָכ אונ, צוייַלנדיק זיכ, האָבנ זיי פארקריפּלט די קעסיידערדיקע ארבעט־וואָכ, פארוואנדלענדיק זי אינ אנ אנאָנימקע. אפ צו ליקווידירנ די דאָזיקע לאגע אונ פארניכטנ די אנאָנימקע עקזיסטירנ צוויי אויסוועגנ. אָדער ענדערנ די באדינגונגענ פונ דורכפירנ די קעסיידערדיקע ארבעט-וואָכ אזוי, אז די קעסיידערדיקע ארבעט־וואָכ זאָל ניט פארוואנדלט ווערנ אינ קיינ אנאָנימקע, לויטנ מוסטער פונ דעם, ווי מע האָט עס דורכגעמאכט אינ באצוג צום אייַזנבאנ־טראנספּאָרט. אָדער דאָרט, ווו עס איז איצט ניטאָ קיינ גינסטיקע באדינגונגענ פאר אזא פרווו, — אָפּווארפנ די פּאפּירענע קעסיידערדיקע ארבעט־

וואַך, אריבערגיין צײַטווײַליק אַפֿ א זעקסטאָגיקער איבעררײַסלעכער ארבעט־וואָך, ווי מע האָט עס ניט לאַנג דורכגעמאכט אפֿן סטאַלינגראַדער טראַקטער־זאַוואָד, און צוגרייטן די באַדינגונגען דערצו, אַז מע זאָל זיך דערנאָך אומקערן צו א ווירקלעכער, ניט קיין פֿאַפּירענער קעסיידערדיקער ארבעט־וואָך, זיך אומקערן צו א קעסיידערדיקער ארבעט־וואָך אָן אַן אַנאָנימקע.

קיין אנדערע אויסוועגן איז ניטאָ.

עס קאָן קיין צווייפֿל ניט זײַן, אַז אונדזערע ווירטשאַפֿטלער פֿאַרשטייען דאָס אַלץ גאַנץ גוט. אָבער זיי שווײַגן. פֿאַרוואָס? דערפֿאַר, ווײַזט אויס, ווײַל זיי האָבן מוירע פֿאַרן עמעס. פֿון זינט ווען אָבער האָבן באַלשעוויקעס אָנגעהויבן מוירע האָבן פֿאַרן עמעס? צי איז דען ניט ריכטיק, אַז אין א ריי אונטערנעמונגען האָט זיך די קעסיידערדיקע ארבעט־וואָך פֿאַרוואַנדלט אין אַן אַנאָנימקע, אַז די קעסיידערדיקע ארבעט־וואָך איז, אַזוי־ארום, פֿאַרקריפּלט געוואָרן ביזן לעצטן גראַד? פֿרעגט זיך, ווער דאַרף דאָס האָבן אַזאַ קעסיידערדיקע ארבעט־וואָך? ווער וועט זיך באַשליסן צו זאָגן, אַז די אינטערעסן פֿון אײַנהייטן אָט־די פֿאַפּירענע און פֿאַרקריפּלטע קעסיידערדיקע ארבעט־וואָך זײַנען העכער פֿאַר די אינטערעסן פֿון דער ריכטיקער ארבעט־אָרגאַניזאַציע, העכער פֿאַר די אינטערעסן פֿון דער אַנטוויקלונג פֿון דער ארבעט־פּראָדוקטיווקייט, העכער פֿאַר די אינטערעסן פֿון א ווירקלעכער קעסיידערדיקער ארבעט־וואָך, העכער פֿאַר די אינטערעסן פֿון אונדזער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע? צי דען איז ניט קלאָר, אַז וואָס גיכער מיר וועלן באַגראָבן די פֿאַפּירענע קעסיידערדיקע ארבעט־וואָך, אַלץ גיכער וועלן מיר זיך דערשלאָגן צו דער אָרגאַניזירונג פֿון א ווירקלעכער, ניט קיין פֿאַפּירענער קעסיידערדיקער ארבעט־וואָך?

אייניקע כאַווײרים מיינען, אַז די אַנאָנימקע קאָן מען פֿאַרניכטן מיט אָפּשפּרעכעניש, מיט פּאָמפּעזע רעדעס. איך קען, אַלנפֿאַלס, א ריי ווירטשאַפֿטלער, וואָס אין זייער קאַמף קעגן דער אַנאָנימקע באַגרענעצן זיי זיך דערמיט, וואָס זיי טרעטן ארויס יעדער ווײַלע אַפֿ פֿאַרזאַמלונגען מיט קלאָלעס קעגן דער אַנאָנימקע, מיינענדיק, ווײַזט אויס, אַז נאָך אַזוינע רעדעס דאַרף די אַנאָנימקע אַליין פֿאַרשווינדן ווערן, אין סיידער, אַזוי צו זאָגן, פֿון זעלבשטראָם. זיי האָבן א טיפֿן טעות, אויב זיי מיינען, אַז די אַנאָנימקע קאָן מען אויסלעבן פֿון דער פּראַקטיק מיט רעדעס און אָפּשפּרעכעכענישן. ניין, כאַווײרים, די אַנאָנימקע וועט אַליין קיינמאָל ניט פֿאַרשווינדן. פֿאַרניכטן זי קאָנען און דאַרפֿן נאָר מיר אַליין, ווײַל מיר מיט אײַך שטייען בא דער מאַכט און מיר צוזאַמען מיט אײַך זײַנען פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר אַלץ, דערונטער אויך פֿאַר דער אַנאָנימקע. איך מיין, אַז עס וואָלט געווען א סאַך בעסער, ווען אונדזערע ווירטשאַפֿטלעכע אָנפֿירער וואָלטן אָנשטאָט צו

כארנעמען זיך מיט רעדעס און אָפּשפּרעכענישן, זיך אַוועקגעזעצט אַפּ א כוידעש — צוויי, לאָמיר זאָגן, אין דער שאַכטע אָדער אינעם זאַוואָד, וואָלטן אויסגעשטודירט אַלע דעטאַלן און „קלייניקייטן“ פון דער אַרבעט-אָרגאַניזאַציע, וואָלטן דאָרטן אין דער ווירקלעכקייט פּאַרריכטעט די אַנאָנימקע און וואָלטן דערנאָך פאַרשפּרייט די דערפאַרונג פון דער געגעבענער אונטערנעמונג אַפּ אַנדערע אונטערנעמונגען. דאָס וואָלט געווען אָן אַן ערעך בעסער. דאָס וואָלט געווען אַ ווירקלעכער קאַמפּ קעגן דער אַנאָנימקע, אַ קאַמפּ פאַר אַ ריכטיקער, באָלשעוויסטישער אַרבעט-אָרגאַניזאַציע, אַ קאַמפּ פאַר אַ ריכטיקער פאַנאַנדערשטעלונג פון די קרעפטן אין דער אונטערנעמונג.

אַלזאָ, ליקווידירן די אַנאָנימקע, פאַרבעסערן די אַרבעט-אָרגאַניזאַציע, ריכטיק פאַנאַנדערשטעלן די קויכעס אין דער אונטערנעמונג — אַזאַ איז די אויפגאַבע.

אַזוי האַלט עס מיט דער פראַגע וועגן דעם דריטן נייעם באַדינג פאַר דער אַנטוויקלונג פון אונדזער אינדוסטריע.

לאָמיר אַריבערגיין צו דער פראַגע וועגן דעם פערטן באַדינג.

## IV

## די פראַגע וועגן דער פּראָדוציר-טעכנישער אינטעליגענץ פונעם אַרבעטער-קלאַס

געענדערט האָט זיך די סיטואַציע אויך אין דער הינזיכט פונעם קאָמאַנדירן-באַשטאַנד פון דער אינדוסטריע בכלל, אין דער הינזיכט פון דעם אינזשעניער-טעכנישן פּערסאָנאַל ביפראַט.

פריער איז די לאַגע בא אונדז געווען אַזאַ, אַז דער גרונט-קוואַל פון אונדזער גאַנצער אינדוסטריע איז געווען די אוקראַינישע קוילן-מעטאַלורגישע באַזע. אוקראַינע פלעגט באַזאָרגן מיט מעטאַל אַלע אונדזערע אינדוסטריעלע ראַיאָנען, סיי דעם דאָרעם סיי מאָסקווע און לענינגראַד. זי פלעגט אויך באַזאָרגן מיט קוילן אונדזערע גרונט-אונטערנעמונגען אין פּססר. איך שליס דאָ אויס אוראַל, ווייל דאָס ספּעציפישע געוויכט פון אוראַל אין פאַרגלייך מיט דאָנבאַס האָט פאָרגעשטעלט אַן אומבאַדייטנדיקע גרייס. אַנטשפּרעכיק דערצו האָבן מיר געהאַט דריי גרונט-נעסטן פון אויסאַרבעטן דעם קאָמאַנדירן-באַשטאַנד פאַר דער אינדוסטריע: דעם דאָרעם, דעם מאָסקווער ראַיאָן, דעם לענינגראַדער ראַיאָן. פאַרשטייט זיך, אַז בא אַזאַ זאַכלאַגע האָבן מיר זיך געקאָנט אַזוי אָדער אַנדערש באַגיין מיט יענעם מינימום אינזשעניער-טעכנישע קרעפטן, וועלכע עס האָט נאָר געקאָנט האָבן דעמאָלט אין זיין רעשוס אונדזער לאַנד.

אזוי איז געווענ אינ דער ניט־ווײַטער פארגאנגענהײַט.

איצט אָבער האָבנ מיר איינגאנצנ אנ אנדער סיטואציע. איצט איז קלאָר, מיינ איכ, אז, פארהיטנדיק די איצטיקע טעמפּנ פונ דער אנטוויקלונג אונ גיגאנטישע מאסשטאבנ פונ דער פּראָדוקציע, זײַנענ מיר שוינ ניט אימשטאנד אויסצוקומענ בלויז מיט דער איינער אוקראַיִנישער קוילנ-מעטאלורגישער באזע. איר ווייסט, אז אונדז קלעקנ שוינ ניט די אוקראַיִנישע קוילנ אונ מעטאל, ניט געקוקט אפנ וווּקס פונ זייער פּראָדוקציע. איר ווייסט, אז מיר זײַנענ איבער דעמ געצווונגענ צו שאפנ א נײַע קוילנ-מעטאלורגישע באזע אפנ מיזרעכ — אוראל—קוזבאס. איר ווייסט, אז די דאָזיקע באזע שאפנ מיר ניט אָנ דערפאָלג. אָבער דאָס איז ווייניק. מיר דארפנ שאפנ, ווײַטער, א מעטאלורגיע אינ סיביר גופא אפ צו באפרידיקנ אירע וואקסנדיקע באדער-פעניש. אונ מיר שאפנ זי שוינ. מיר דארפנ שאפנ, אויסער דעמ, א נײַע באזע פונ קאָלירטער מעטאלורגיע אינ קאזאקסטאנ, אינ טורקעסטאנ. מיר דארפנ, ענדלעכ, אנטוויקלענ די ברייטסטע אײַזנבאנ-בויונג. דאָס ווערט דיקטירט דורכ די אינטערעסנ פונ פססר אינגאנצנ גענומענ — דורכ די אינטערעסנ פונ די ראנד-רעפּובליקנ, פונקט אזוי, ווי דורכ די אינטערעסנ פונעמ צענטער.

אָבער דערפונ איז געדרונגענ, אז מיר קאָנענ זיכ שוינ ניט באגיינ מיט יענעמ מינימומ אינזשעניער-טעכנישע קרעפטנ אונ קאָמאנדיר-קרעפטנ פונ דער אינדוסטריע, מיט וועלכנ מיר פלעגנ זיכ באגיינ פריִער. דערפונ איז געדרונגענ, אז די אלטע נעסטנ פונ פאָרמירנ אינזשעניער־טעכנישע קרעפטנ איז שוינ ניט גענוג, אז עס איז נייטיק צו שאפנ א גאנצע נעצ נײַע נעסטנ — אינ אוראל, אינ סיביר, אינ מיטלאזיע. מיר דארפנ איצט זיכערנ פאר זיכ אינ דרײַ מאָל, אינ פינפ מאָל מער אינזשעניער-טעכנישע קרעפטנ אונ קאָמאנדיר־קרעפטנ פאר דער אינדוסטריע, אויב מיר טראכטנ בעעמעס צו פארווירקלעכנ די פּראָגראמ פונ סאָציאַליסטישער אינדוסטריאַליזאציע פונ פססר.

מיר דארפנ אָבער האָבנ ניט אבי-וועלכע קאָמאנדיר־קרעפטנ אונ אינזשעניער-טעכנישע קרעפטנ. מיר דארפנ האָבנ אזוינע קאָמאנדיר-קרעפטנ אונ אינזשעניער-טעכנישע קרעפטנ, וועלכע זאָלנ זײַנ פייִק צו פארשטיינ די פּאָליטיק פונעמ ארבעטער-קלאס פונ אונדזער לאנד, וועלכע זאָלנ זײַנ פייִק צו באנעמענ די דאָזיקע פּאָליטיק אונ גרייט געוויסנהאפט זי צו פארווירקלעכנ. אונ וואָס באטײַט עס? דאָס באטײַט, אז אונדזער לאנד איז ארײַנגעטראָטנ אינ אזא אנטוויקלונג-פאזע, ווענ דער ארבעטער־קלאס דארפ שאפנ פאר זיכ זײַנע אנ אייגענע פּראָדוציר־טעכנישע אינטעליגענצ, וואָס זאָל פייִק זײַנ צו פארטיידיקנ זײַנע אינטערעסנ אינ דער פּראָדוקציע, אלס אינטערעסנ פונעמ הערשנדיקנ קלאס.

קיינ איינ הערשנדיקער קלאס איז זיכ ניט באגאנגענ אָנ זײַנער אנ

אייגענער אינטעליגענצ. עס איז קיין שום גרונט ניטאָ צו צווייפלען דערינ, אז דער ארבעטער־קלאַס פונ פססר קאָנ זיכ אויכ ניט באגיינ אָנ זײַנער אנ אייגענער פּראָדוציר־טעכנישער אינטעליגענצ.

די ראטנמאכט האָט דיסקאָנטירט דעמ דאָזיקנ אומשטאנד אונ האָט גע־עפנט די טירנ פונ די הויכשולנ לויט אלע צווײַגנ פונ דער פאָלקווירט־שאפט פאר מענטשנ פונעמ ארבעטער־קלאַס. איר ווייסט, אז צענדליקער טויזנטער פונ דער ארבעטער־פויערישער יוגנט לערנענ זיכ איצט אינ די הויכשולנ. אויב פריִער, באמ קאפיטאליזמ, זײַנענ די הויכשולנ געווענ א מאָנאָפּאָליע פונ פּריצישע זינדלעכ, איז איצט, בא דער ראטנ־אָרדענונג, בילדעט די ארבעטער־פויערשע יוגנט דאָרטנ די הערשנדיקע קראפט. עס איז קיינ צווייפל ניט, אז מיר וועלנ אינגיכנ באקומענ פונ אונדזערע לערנ־אנשטאלטנ טויזנטער נײַע טעכניקער אונ אינזשעניערנ, נײַע קאָמאנדירנ פונ אונדזער אינדוסטריע.

אָבער דאָס איז בלויז איינ זײַט פונעמ איניגנ. די צווייטע זײַט פונעמ איניענ באשטייט דערינ, וואָס די פּראָדוציר־טעכנישע אינטעליגענצ פונעמ ארבעטער־קלאַס וועט זיכ פאָרמירנ ניט נאָר פונ מענטשנ, וואָס זײַנענ דורכגעגאנגענ א הויכשול, — זי וועט זיכ רעקרוטירנ אויכ פונ די פּראקטישע טוער פונ אונדזערע אונטערנעמונגענ, פונ די קוואליפיצירטע ארבעטער, פונ די קולטורעלע קרעפטנ פונעמ ארבעטער־קלאַס אינעמ זאוואָד, אינ דער פאבריק, אינ דער שאכטע. די איניציִאטערס פונעמ געוועט, די אָנפירער פונ די שלאָג־בריגאדעס, די פּראקטישע באגײַסטערער פונעמ ארבעט־אופ־שטײַג, די אָרגאניזאטערס פונ דער ארבעט אפ די אָדער יענע באצירקנ פונ דער בויונג — אָט דאָס איז דער נײַער צווישנשיכט פונעמ ארבעטער־קלאַס, וועלכער דארפ עס טאקע, צוזאמענ מיט די כאווײרימ, וואָס זײַנענ דורכגע־גאנגענ א הויכשול, בילדנ דעמ קערנ פונ דער אינטעליגענצ פונעמ ארבע־טער־קלאַס, דעמ קערנ פונעמ קאָמאנדירנ־באשטאנד פונ אונדזער אינדו־סטריע. די אופגאבע באשטייט דערינ, אז מע זאָל ניט פארשטויסנ די דאָזיקע איניציִאטיווע כאווײרימ, דרייסטער ארויסרוקנ זיי אפ קאָמאנדיר־שטעלעס, געבנ זיי די מעגלעכקײַט צו אנטפלעקנ זייערע אָרגאניזאטארישע פייִיקײַטנ, געבנ זיי א מעגלעכקײַט צו דערגאנצנ זייערע קענטענישנ אונ שאפנ פאר זיי אנטשפּרעכיקע באדינגונגענ, ניט זשאלעוענדיק דערופ קיינ געלט.

צווישנ די דאָזיקע כאווײרימ איז פאראנ ניט ווייניק אומפארטייִישע. אָבער דאָס קאָנ ניט דינענ אלס מעניִע דערצו, אז מע זאָל זיי דרייסטער ארויסרוקנ אפ אָנפירנדיקע שטעלעס. פארקערט, גראָד זיי, די דאָזיקע אומ־פארטייִישע כאווײרימ, דארפ מענ ארומרינגלענ מיט א באזונדערער אופמערק־זאמקײַט, דארפ מענ ארויסרוקנ אפ קאָמאנדיר־שטעלעס, קעדיי זיי זאָלנ זיכ

איבערצײַגנ אפ דער פּראַקטיק, אז די פּאַרטיי ווייסט ווי צו שעצנ פייִקע אונ טאַלאַנטפולע טוער. אייניקע כאַווײרימ מײנענ, אז אפ אָנפירנדיקע שטעלעס אינ פאַבריקנ, אינ זאַוואָדנ קאָנ מענ ארויסרוקנ בלויז פּאַרטײישע כאַווײרימ. אפ דעמ דאָזיקנ גרונט פאַרשטויסנ זיי ניט זעלטנ פייִקע אונ איניציאַטיווע אומפּאַרטײישע כאַווײרימ, ארויסרוקנדיק אפנ ערשטנ אָרט פּאַרטייער, זאָל זײַנ אפילע ווייניקער פייִקע אונ ניט קיינ איניציאַטיווע. עס איז גאָר ניטאָ וואָס צו ריידנ, אז עס איז ניטאָ קיינ זאַכ, וואָס זאָל זײַנ נארישער אונ רעאַקציאָנערער פונ אזא, איכ בעט אײַכ איבער, „פּאָליטיק“. עס איז קוימ נייטיק צו דערווײַזנ, אז מיט אזא „פּאָליטיק“ קאָנ מענ בלויז דיסקרע־דיטירנ די פּאַרטיי אונ אָפּשטויסנ פונ דער פּאַרטיי די אומפּאַרטײישע אַר־בעטער. אונדזער פּאָליטיק באַשטייט קלאָל ניט דערינ, אז מע זאָל פאַר־וואַנדלענ די פּאַרטיי אינ א געשלאָסענע קאַסטע. אונדזער פּאָליטיק באַ־שטייט דערינ, אז צווישנ די פּאַרטײישע אונ די אומפּאַרטײישע ארבעטער זאָל עקזיסטירנ אנ אַטמאָספער פונ „קעגנזײַטיקנ צוטרוי“, אנ אַטמאָספער פונ „קעגנזײַטיקער דורכקאָנטראָלירונג“ (לענינ). די פּאַרטיי אונדזערע איז שטאַרק אינעם ארבעטער-קלאַס, צווישנ אנדערנ, אויכ דערפאַר, ווײַל זי פירט דורכ גראָד אזא פּאָליטיק.

אלזאָ, דערשלאָגנ זיכ, אז דער ארבעטער־קלאַס פונ ססר זאָל האָבנ זײַנע אײגענע פּראָדוציר-טעכנישע אינטעליגענצ — אזא איז די אויפגאַבע.

אזוי האַלט עס מיט דער פראַגע וועגנ דעמ פערטנ נײַעמ באַדינג פאַר דער אנטוויקלונג פונ אונדזער אינדוסטריע.

לאָמיר אריבערגײנ צו דער פראַגע וועגנ דעמ פינפטנ באַדינג.

## V

## סימאָנימ פונ א קער צווישנ דער אלטער פּראָדוציר־טעכנישער אינטעליגענצ

אנדערש שטעלט זיכ אויכ די פראַגע וועגנ דער באַציִונג צו דער אלטער, בורזשואַזער פּראָדוציר-טעכנישער אינטעליגענצ.

מיט א יאָר צוויי צוריק איז די לאַגע בא אונדז געווענ אזא, אז דער סאַמע קוואַליפיצירטער טייל פונ דער אלטער טעכנישער אינטעליגענצ איז געווענ אָנגעשטעקט מיט דער קרענק פונ שעדיקערײַ. נאָכ מער, שעדי־קערײַ איז דעמאָלט געווענ א מינ מאָדע. אײנע האָבנ געשעדיקט, די אנ־דערע האָבנ פאַרדעקט די שעדיקער, די דריטע האָבנ זיכ געוואַשנ די הענט

אונ אָפּגעהיט נייטראַליטעט, די פּערטע האָבנ זיכ געוואַקלט צווישנ דער ראַטנמאַכט אונ די שעדיקער. פאַרשטייט זיכ, די מערהייט פונ דער אַלטער טעכנישער אינטעליגענצ האָט ווייטער געאַרבעט מער אָדער ווייניקער לאָיאַל. עס האַנדלט זיכ דאָ אָבער ניט וועגנ דער מערהייט, נאָר וועגנ דעמ סאַמע קוואַליפיצירטנ טייל פונ דער טעכנישער אינטעליגענצ.

וואָס האָט געשאַפנ די שעדיקערישע באַוועגונג, דורכ וואָס איז זי קולטיווירט געוואָרנ? דורכ דער פאַרשאַרפונג פונעמ קלאַסנקאַמפ אינווייניק אינ פּסס"ר, דורכ דער אָנגרייפערישער פּאָליטיק פונ דער ראַטנמאַכט בענעגייע די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטנ פונ שטאָט אונ דאָרפ, דורכ דעמ ווידערשטאַנד פונ די דאָזיקע עלעמענטנ קעגנ דער פּאָליטיק פונ דער ראַטנמאַכט, דורכ דער קאָמפּליצירטקייט פונ דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע, דורכ די שוועריקייטנ פונ דער קאָלווירטישער אונ ראַטווירטישער בויונג. אויב די אַקטיווקייט פונעמ קעמפערישנ טייל שעדיקער איז געשטאַרקט געוואָרנ דורכ די אינטערווענציאָניסטישע פּלענער פונ די אימפּעריאַליסטנ פונ די קאַפּיטאַליסטישע לענדער אונ דורכ די ברויט־שוועריקייטנ אינווייניק אינ לאַנד, איז די וואַקלונגענ פונעמ אַנדערנ טייל אַלטער טעכנישער אינטעליגענצ אינ דער ריכטונג פונ די אַקטיווע שעדיקער פאַרשטאַרקט געוואָרנ דורכ די מאָדישע ריידערייענ פונ די טראָצקיסטיש-מענשעוויסטישע פּלוידערזעק מיקויעכ דעמ, אַז „פונ די קאָלווירטנ אונ ראַטווירטנ וועט אַלצײנס גאָרנישט ניט אַרויסקומענ", „די ראַטנמאַכט ווערט סײַווי איבערגעבוירנ אונ מוז אײַנגיכנ פאַלנ", „די באָלשעוויקעס העלפנ אַלײנ מיט זײער פּאָליטיק דער אינטערווענצ" אאַוו. אדג. אַכוצ דעמ, אויב אַפילע אײניקע אַלטע באָלשעוויקעס פונ צווישנ די רעכטע אָפּנייגלער זײַנענ ניט בײַגעשטאַנענ קעגנ דער „מאַגייפע" אונ האָבנ זיכ אינ דעמ דאָזיקנ פּעריאָד א וויג געטאָנ אָנ א זײַט פונ דער פּאַרטיי, איז קײנ גרונט ניטאָ זיכ צו ווונדערנ דערופ, וואָס א געוויסער טייל פונ דער אַלטער טעכנישער אינטעליגענצ, וועלכער האָט קײנמאָל ניט געשמעקט קײנ באָלשעוויזמ, האָט זיכ אויכ, מיט גאָטס הילפ, א וואַקל געטאָנ.

פאַרשטייט זיכ, אַז בא אַזא זאַכלאַגע האָט די ראַטנמאַכט געקאָנט פּראַקטיקירנ בלויז אײנ אײנציקע פּאָליטיק בענעגייע דער אַלטער טעכנישער אינטעליגענצ — די פּאָליטיק פונ *צעשמעטערנ* די אַקטיווע שעדיקער, די*פערענצירנ* די נייטראַלע אונ *צוציענ* די לאָיאַלע.

אַזוי איז געווענ מיט א יאָר — צוויי צוריק.

צי קאָנ מענ זאָגנ, אַז מיר האָבנ איצט פּונקט אַזא סיטואַציע? ניינ, מע קאָנ עס ניט זאָגנ. פאַרקערט, בא אונדז האָט זיכ איצט געשאַפנ גאָר אַנ אַנדער סיטואַציע. אָנהייבנ דערפונ, וואָס מיר האָבנ צעקלאַפּט אונ מיר איבערווינדנ מיט דערפאָלג די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטנ פונ שטאָט אונ

דאָרפ. פאַרשטייט זיכ, אַז דאָס קאָנ ניט פרייענ די אַלטע אינטעליגענצ. עס איז זייער וואַרשייַנלעכ, אַז זיי דריקנ נאָכ אַלצ אויס מיטגעפיל זייערע צעקלאַפּטע פרייַנט. עס טרעפט אָבער ניט, אַז מיטפילנדיקע אונ ביפּראַט נאָכ נייטראַלע אונ וואַקלדיקע זאָלנ פרייַוויליק אייַנגייַנ צו טיילנ דעמ גורל פונ זייערע אַקטיווע פרייַנט, נאָכ דעמ, ווי אָט־די פרייַנט האָבנ געליטנ אַ שווערע אונ ענדגילטיקע מאַפּאָלע. ווייַטער, מיר זייַנענ בייַגעקומענ די ברויט-שוועריקייַטנ, אונ ניט נאָר בייַגעקומענ, נאָר מיר פירנ אַרויס קיינ אויסלאַנד אַזאַ סכומ ברויט, וואָס מיר האָבנ נאָכ ניט אַרויסגעפירט זינט עס עקזיסטירט די ראַטנמאַכט. הייסט עס, אַז עס פאַלט אָפּ אויכ דער דאָזיקער „אַרגומענט” פונ די וואַקלדיקע. ווייַטער, אַפילע בלינדע זעענ איצט, אַז אויפנ פראָנט פונ קאָלווירטישער אונ ראַטווירטישער בויונג האָבנ מיר בעפיירעש געזיגט אונ האָבנ זיכ דערשלאָגנ די גרעסטע דערפאָלגנ. הייסט עס, אַז דער סאַמע איקער אינעמ „אַרסענאַל” פונ דער אַלטער אינטעליגענצ איז אַוועק אינ אָפּגרונט. וואָס איז שייַעכ די אינטערווענציאָניסטישע האָפענונגענ פונ דער בורזשואַזער אינטעליגענצ, דאַרפ מענ אָנערקענענ, אַז זיי האָבנ זיכ אַרויסגעוויזנ, — דערווייַל, ווייניקסטנס, — פאַר אַ שטיבל, וואָס איז אויסגעבויט אויפ זאַמד. בעעמעס, זעקס יאָר האָט מענ צוגעזאָגט אַנ אינטערווענצ אונ קיינ איינ מאָל ניט געפּרוווט זיכ אינטערווענירנ. עס איז צייַט צו אָנערקענענ, אַז אונדזער ווייַטזיכטיקע בורזשואַזע אינטעליגענצ האָט מענ פּשוט געפירט פאַר דער נאָז. איכ רייד שוינ ניט וועגנ דעמ, אַז די אויפפירונג גופע פונ די אַקטיווע שעדיקער אויפנ באַוווסטנ געריכט־פּראָצעס אינ מאָסקווע האָט געמוזט אָנטקרויטנ אונ האָט ווירקלעכ אָנט־קרויט די אידייע פונ שעדיקערייַ.

פאַרשטייט זיכ, אַז די דאָזיקע נייַע אומשטענדנ האָבנ ניט געקאָנט פאַרבלייַבנ אָנ אַ ווירקונג אויפ אונדזער אַלטער טעכנישער אינטעליגענצ. די נייַע סיטואַציע האָט געמוזט שאַפנ אונ האָט ווירקלעכ געשאַפנ נייַע שטימונגענ צווישנ דער אַלטער טעכנישער אינטעליגענצ. דערמיט, אייגנט־לעכ, איז צו דערקלערנ דעמ פאַקט, וואָס מיר האָבנ באַשטימטע סימאָנימ פונ אַ קער פונ אַ געוויסנ טייל פונ דער דאָזיקער אינטעליגענצ, וועלכער האָט פריִער מיטגעפילט די שעדיקער, צו דער ראַטנמאַכט. דער פאַקט, וואָס ניט נאָר דער דאָזיקער שיכט אַלטע אינטעליגענצ, נאָר אַפילע בעפיירעשע נעכטיקע שעדיקער, אַ באַדייַטנדיקער טייל נעכטיקע שעדיקער הייבט אָנ אַרבעטנ אינ אַ ריי זאַוואָדנ אונ פאַבריקנ פאַריינס מיטנ אַרבעטער-קלאַס, — דער דאָזיקער פאַקט רעדט אָנ צווייפל וועגנ דעמ, אַז אַ קער צווישנ דער אַלטער טעכנישער אינטעליגענצ האָט זיכ שוינ אָנגעהויבנ. דאָס באַטייַט ניט, פאַרשטייט זיכ, אַז בא אונדז איז שוינ מער ניטאָ קיינ

שעדיקער. נײנ, עס באטײַט ניט. שעדיקער זײַנענ פאראנ אונ וועלנ זײַנ, קאָלזמאנ עס זײַנענ פאראנ בא אונדז קלאסנ, קאָלזמאנ עס איז פאראנ א קאפּיטאליסטישע ארומרינגלונג. אָבער דאָס באטײַט, אז אפ וויפל א באדײַטנדיקער טײל פונ דער אלטער טעכנישער אינטעליגענצ, וועלכער האָט אזוי אָדער אנדערש פריִער מיטגעפילט די שעדיקער, האָט זיכ איצט א קערעווע געטאָנ צו דער ראטנ־מאכט — איז אקטיווע שעדיקער פארבליבנ ניט קײנ גרויסע צאָל, זײ זײַנענ איזאָלירט אונ זײ וועלנ מוזנ ביז א געוויסער צײַט אוועקגײנ אינ טיפער אונטערערד.

דערפונ איז אָבער געדרונגענ, אז אנטשפּרעכיק דערצו דארפ זיכ ענדערנ אויכ אונדזער פּאָליטיק בענעגײע דער אלטער טעכנישער אינטעליגענצ. אויב אינעם פעריִאָד פונ רעכטסנ ברענ פונ דער שעדיקערײַ האָט זיכ אונדזער באציִונג צו דער אלטער טעכנישער אינטעליגענצ אויסגעדריקט דעריקער אינ דער פּאָליטיק פונ צעשמעטערנ, איז איצט, אינעם פעריִאָד, ווענ די דאָזיקע אינטעליגענצ קערעוועט זיכ אויס צו דער ראטנמאכט, דארפ זיכ אונדזער באציִונג צו איר אויסדריקנ, דעריקער, אינ דער פּאָליטיק פונ צוציִענ אונ פונ זאָרגנ וועגנ איר. עס וואָלט געווענ ניט ריכטיק אונ ניט דיאלעקטיש פאָרצוזעצנ די אלטע פּאָליטיק בא די נײַע, געענדערטע באדינגונגענ. עס וואָלט געווענ נאריש אונ ניט סײכלדיק צו באטראכטנ איצט שיר ניט יעדנ ספּעציאליסט אונ אינזשעניער פונ דער אלטער שול, ווי א ניט־געכאפּטנ פארברעכער אונ שעדיקער. „ספּעצנ־פרעסערײַ“ האָט זיכ שטענדיק גערעכנט אונ פארבלײַבט בא אונדז א שעדלעכע אונ שענדלעכע דערשײַנונג.

אלזאָ, ענדערנ די באציִונג צו די אינזשעניער־טעכנישע קרעפטנ פונ דער אלטער שול, ארויסווײַזנ צו זײ וואָס מער אויפמערקזאמקײַט אונ זאָרג, דרײסטער צוציִענ זײ צו דער ארבעט — אזא איז די אויפגאבע.

אזוי האלט עס מיט דער פראגע וועגנ דעם פינפטנ נײַעם באדינג פאר דער אנטוויקלונג פונ אונדזער אינדוסטריע.

לאָמיר אריבערגײנ צו דער פראגע וועגנ דעם לעצטנ באדינג.

## VI

## וועגנ ווירטשאפטלעכער אויסרעכענונג

דאָס בילד וואָלט געווענ ניט פול, ווענ איכ זאָל ניט בארירנ נאָכ אײנ נײַעם באדינג. עס האנדלט זיכ וועגנ די קוואלנ פונ אָנזאמלונג פאר דער אינדוסטריע, פאר דער פאָלקווירטשאפט, וועגנ פארשטארקנ די טעמפּנ פונ דער דאָזיקער אָנזאמלונג.

אינ וואָס באשטייט דאָס נייַע אונ באזונדערע אינ דער אנטוויקלונג פונ אונדזער אינדוסטריע פונעמ שטאנדפונקט פונ אָנזאמלונג? דערינ, וואָס די אלטע קוואלנ פונ אָנזאמלונג הייבט שוינ אָנ ניט צו קלעקנ פאר דער ווייַטערדיקער פאנאנדערוויקלונג פונ דער אינדוסטריע. דערינ, וואָס עס איז, הייסט עס, נייטיק אָנצוטאפּנ נייַע קוואלנ פונ אָנזאמלונג אונ פארשטארקנ די אלטע, אויב מיר ווילנ ווירקלעכ אייַנהיטנ אונ אנטוויקלענ די באָלשעוויסטישע טעמפּנ פונ דער אינדוסטריִאליזאציע.

פונ דער געשיכטע פונ די קאפּיטאליסטישע לענדער איז באוווסט, אז קיינ איינ יונגע מעלוכע, וואָס האָט געוואָלט אויפהייבנ אפ א העכערער שטופע איר אינדוסטריע, איז זיכ ניט באגאַנגענ אָנ הילפ פונ דרויסנ אינ דער פאָרמ פונ לאנגטערמיניקע קרעדיטנ אָדער האלוואָעס. ארויסגייענדיק דערפונ, האָבנ די קאפּיטאליסטנ פונ די מייַרעוודיקע לענדער קאטעגאָריש אָפּגעזאָגט אונדזער לאנד צו געבנ קרעדיטנ אונ האלוואָעס, מיינענדיק, אז די אָפּוועזנקייַט פונ קרעדיטנ אונ האלוואָעס וועט אפ געוויס אונטערשנייַדנ די אינדוסטריִאליזאציע פונ אונדזער לאנד. אָבער די קאפּיטאליסטנ האָבנ א טאָעס געהאט. זיי האָבנ ניט דיסקאָנטירט, אז, צומ אונטערשייד פונ די קאפּיטאליסטישע לענדער, פארמאָגט אונדזער לאנד אייניקע באזונדערע קוואלנ פונ אָנזאמלונג, וועלכע זייַנענ גענוג, קעדיי אויפצושטעלנ אונ אנטוויקלענ ווייַטער די אינדוסטריע. אונ ווירקלעכ, מיר האָבנ ניט נאָר אויפגעשטעלט די אינדוסטריע, ניט נאָר אויפגעשטעלט די לאנדווירטשאפט אונ דעמ טראנספּאָרט, נאָר מיר האָבנ שוינ אויכ באוויזנ אוועקצושטעלנ אפ די רעלסנ די גראנדיִעזע ארבעט פונ רעקאָנסטרויִרנ די שווערע אינדוסטריע, די לאנדווירטשאפט, דעמ טראנספּאָרט. פארשטייט זיכ, אז דערופ זייַנענ אוועק בא אונדז צענדליקער מיליארדנ רובל. פונוואנענ זייַנענ געשעפּט געוואָרנ די דאָזיקע מיליארדנ? פונ דער לייַכטער אינדוסטריע, פונ דער לאנדווירטשאפט, פונ די בודזשעט-אָנזאמלונגענ. אזוי איז געגאנגענ בא אונדז ביז דער לעצטער צייַט.

גאָר אנדערש האלט עס איצט. אויב פריִער האָבנ געקלעקט די אלטע קוואלנ פונ אָנזאמלונג אפ צו רעקאָנסטרויִרנ די אינדוסטריע אונ דעמ טראנספּאָרט, איז איצינד הייבנ זיי שוינ אָנ בעפּיירעש ניט צו קלעקנ. עס האנדלט זיכ איצט ניט וועגנ דעמ, אז מע זאָל רעקאָנסטרויִרנ די אלטע אינדוסטריע. עס האנדלט זיכ וועגנ שאפנ א נייַע, טעכניש באוואָפנטע, אינדוסטריע אפ אוראל, אינ סיביר, קאזאקסטאנ. עס האנדלט זיכ וועגנ שאפנ א נייַע גרויסע לאנדווירטשאפטלעכע פּראָדוקציע אינ די טוווע-ראיאָנענ, אינ די פיצוכט- אונ רויוואַרג-ראיאָנענ פונ פססר. עס האנדלט זיכ וועגנ שאפג א נייַע אייַזנבאנ-נעצ צווישנ דעמ מיזרעכ אונ דעמ מייַרעוו פונ פססר. פארשטייט זיכ,

אז די אלטע קוואלנ פונ אָנזאמלונג קאָנענ ניט קלעקנ אפ דער דאָזיקער גראנדיעזער ארבעט.

אָבער דאָס איז ניט אלצ. דערצו דארפ מענ צוגעבנ יענעמ אומשטאנד, וואָס מאכמעס דעמ אומווירטשאפטלעכנ פירנ די ארבעט זײַנענ די פרינציפנ פונ ווירטשאפטלעכער אויסרעכענונג איינגאנצנ אונטערגעריסנ געוואָרנ אינ א גאנצע רײ אונטערנעמונגענ אונ ווירטשאפטלעכע אָרגאניזאציעס אונדזערע. עס איז א פאקט, אז אינ א רײ אונטערנעמונגענ אונ ווירטשאפטלעכע אָרגאניזאציעס האָט מענ שוינ לאנג אופגעהערט צו כעושבענענ, קאלקולירנ, צונויפשטעלנ באגרינדעטע באלאנסנ פונ די האכנאָסעס אונ הויצאָעס. עס איז א פאקט, אז אינ א רײ אונטערנעמונגענ אונ ווירטשאפטלעכע אָרגאניזאציעס זײַנענ די באגריפנ: „עקאָנאָמיע-רעזשימ", „פארקירצונג פונ ניט־פראָדוקטיווע הויצאָעס", „ראציאָנאליזירונג פונ דער פראָדוקציע" — לאנג שוינ ארויס פונ דער מאָדע. זיי רעכענענ אויס, ווײַזט אויס, דערויפ, אז דער מעלוכע־באנק „וועט אונדז אלציינס ארויסגעבנ די נייטיקע סומעס". עס איז א פאקט, אז די לעצטע צײַט האָט זיכ דער קערנקאָסט אינ א גאנצע רײ אונטערנעמונגענ גענומענ העכערנ, מע האָט זיי געגעבנ א פארגעבונג אראָפצוזעצנ דעמ קערנקאָסט אפ 10 אונ מער פראָצענט, אונ זיי העכערנ אימ. אונ וואָס איז אזוינס די אראָפזעצונג פונעמ קערנקאָסט? איר ווייסט, אז יעדער פראָצענט אראָפזעצונג פונעמ קערנקאָסט באטײַט אנ אָנזאמלונג אינווייניק אינ דער אינדוסטריע פונ 150–200 מיליאָנ רובל. קלאָר, אז העכערנ דעמ קערנקאָסט בא די דאָזיקע באדינגונגענ — באטײַט פארלירנ פאר דער אינדוסטריע אונ פאר דער גאנצער פאָלקווירטשאפט הונדערטער מיליאָנ רובל.

פונ דעמ אלעמ באקומט זיכ, אז מע קאָנ שוינ מער ניט אויסקומענ בלויז מיט דער לײַכטער אינדוסטריע אליינ, בלויז מיט די בודזשעט-אָנזאמלונגענ אליינ, בלויז מיט די האכנאָסעס פונ דער לאנדווירטשאפט אליינ. די לײַכטע אינדוסטריע שטעלט פאָר ביז גאָר א רײַכנ קוואל פונ אָנזאמלונג, אונ זי האָט איצט אלע שאנסנ זיכ צו אנטוויקלענ ווײַטער, אָבער דער דאָזיקער קוואל איז ניט אומויסשעפלעכ. די לאנדווירטשאפט שטעלט פאָר ניט קיינ ווייניקער רײַכנ קוואל פונ אָנזאמלונג, אָבער זי אליינ נייטיקט זיכ איצט, אינעמ פעריאָד פונ איר רעקאָנסטרוקציע, אינ פינאנציעלער הילפ מיצאד דער מעלוכע. וואָס איז שײַעכ די בודזשעט-אָנזאמלונגענ, ווייסט איר אליינ, אז זיי קאָנענ ניט אונ דארפנ ניט זײַנ אומבאגרענעצט. וואָס זשע פארבלײַבט? פארבלײַבט די שווערע אינדוסטריע. הייסט עס, אז מע דארפ זיכ דערשלאָגנ דערצו, אז די שווערע אינדוסטריע — אונ פריער פאר אלצ איר מאשינבויערישער טייל — זאָל אויכ

געבן אָנזאמלונגען. הייסט עס, אַז, פארשטארקנדיק און פאנאנדערוויקלענדיק די אלטע קוואלן פון אָנזאמלונג, דארף מען זיך דערשלאָגן, אַז די שווערע אינדוסטריע — און פריִער פאר אלץ די מאשינבויונג — זאָל אויך געבן אָנזאמלונג.

דערין באשטייט דער אויסוועג.

און וואָס פאָדערט זיך דערצו? פארניכטן די אומווירטשאפטלעכקייט, מאָביליזירן די אינערלעכע רעסורסן פון דער אינדוסטריע, איינפלאנצן און פארפעסטיקן די ווירטשאפטלעכע אויסרעכענונג אין אלע אונדזערע אונטערנעמונגען, סיסטעמאטיש אראָפּזעצן דעם קערנקאָסט, פארשטארקן די אינערלעך-אינדוסטריעלע אָנזאמלונג אין אלע אָן אויסנאם צווייגן פון דער אינדוסטריע.

אָט דאָס איז דער וועג צום אויסוועג.

אלזאָ, איינפלאנצן און פארפעסטיקן די ווירטשאפטלעכע אויסרעכענונג, אופהייבן די אינערלעך-אינדוסטריעלע אָנזאמלונג — אזא איז די אויפגאבע.

## VII

## אפּ א נייעם אויפן ארבעטן, אפּ א נייעם אויפן אָנפירן

אָט דאָס זיינען, כאוויירים, די נייע באדינגונגען פאר דער אנטוויקלונג פון אונדזער אינדוסטריע.

די באדייטונג פון די דאָזיקע נייע באדינגונגען באשטייט דערין, וואָס זיי שאפן פאר דער אינדוסטריע א נייע סיטואציע, וועלכע פאָדערט נייע מעטאָדן פון ארבעט, נייע מעטאָדן פון אָנפירונג.

אלזאָ:

א) קומט אויס, אזויארום, אז מע קאָן שוין מער ניט אויסרעכענען, ווי פריִער, אפּ א זעלבשטראָם פון ארבעטקראפט. קעדיי צו זיכערן די אינדוסטריע מיט ארבעטקראפט, דארף מען זי ווערבירן אפּ אן אָרגאניזירטן אויפן, דארף מען מעכאניזירן די ארבעט. מיינען, אז מע קאָן זיך באגיין אָן מעכאניזאציע בא אונדזערע ארבעט-טעמפּן און פראָדוציר־מאסשטאבן, — הייסט האָפן דערויף, אז מע קאָן אויסשעפן דעם יאם מיט א לעפל.

ב) קומט אויס, ווייטער, אז מע קאָן ווייטער ניט דולדן קיין פליסעווודיקייט פון דער ארבעטקראפט אין דער אינדוסטריע. קעדיי פּאָטער צו ווערן פון דעם דאָזיקן בייז, דארף מען אָרגאניזירן דעם ארבעטלוין אפּ

א נײַעם אופן און מאכן דעם באשטאנד ארבעטער אין די אונטערנעמונ־גען פאר א מער אָדער װייניקער באשטענדיקן.

ג) קומט אויס, װײַטער, אז מע קאָן װײַטער ניט דולדן קיין אנאָ־נימקע אין דער פּראָדוקציע. קעדיי פּאָטער צו װערן פון דעם דאָזיקן בייז, דארף מען אפ א נײַעם אופן אָרגאניזירן די ארבעט, דארף מען פאנאנ־דערשטעלן די קרעפטן אפ אזא אופן, אז יעדע גרופּע ארבעטער זאָל זײַן פאראנטוואָרטלעך פאר דער ארבעט, פאר די מעכאניזמען, פאר די װערק־שטעלן, פאר דער קוואליטעט פון דער ארבעט.

ד) קומט אויס, װײַטער, אז עס איז שוין מער ניט מעגלעך זיך באגיין, װי פריִער, מיט יענעם מינימום אַלטע אינזשעניר-טעכנישע קרעפטן, װאָס מיר האָבן געיארשנט פונעם בורזשואזן רוסלאנד. קעדיי אופצוהייבן די איצ־טיקע טעמפּן און מאסשטאבן פון דער פּראָדוקציע, דארף מען זיך דערשלאָגן דערצו, אז דער ארבעטער-קלאַס זאָל האָבן זײַנע אן אייגענע פּראָדוציר־טעכנישע אינטעליגענץ.

ה) קומט אויס, װײַטער, אז מע קאָן ניט, װי פריִער, װאלגערן אין איין קופּע אַלע ספּעציאַליסטן און אינזשעניר־טעכנישע קרעפטן פון דער אַלטער שול. קעדיי צו דיסקאָנטירן די געענדערטע סיטואציע, דארף מען ענדערן אונדזער פּאָליטיק און ארויסװײַזן דעם מאקסימום זאָרג בענוגייע יענע ספּעציאַליסטן און אינזשעניר-טעכנישע קרעפטן, װעלכע קערעװען זיך בעפּיירעשע אויס צו דער זײַט פונעם ארבעטער־קלאַס.

ו) קומט אויס, ענדלעך, אז מע קאָן ניט, װי פריִער, אויסקומען מיט די אַלטע קוואלן פון אָנזאמלונג. קעדיי צו זיכערן די װײַטערדיקע פאנאנ־דערװיקלונג פון דער אינדוסטריע און לאנדווירטשאפט, דארף מען זיך דערשלאָגן צו לאָזן אין גאנג נײַע קוואלן פון אָנזאמלונג, ליקווידירן די אומווירטשאפטלעכקײַט, אײַנפלאנצן ווירטשאפטלעכע אויסרעכענונג, אראָפּזעצן דעם קערנקאָסט און העכערן די אינערלעכ־אינדוסטריעלע אָנ־זאמלונג.

אָט דאָס זײַנען די נײַע באדינגונגען פאר דער אנטװיקלונג פון דער אינדוסטריע, װעלכע פּאָדערט נײַע מעטאָדן פון ארבעט, נײַע מעטאָדן פון אָנפירונג מיט דער ווירטשאפטלעכער בויונג.

װאָס פּאָדערט זיך, קעדיי אװעקצושטעלן די אָנפירונג אפ א נײַעם אופן?

דערצו פּאָדערט זיך, פריִער פאר אַלץ, אז אונדזערע ווירטשאפטלעכע אָנפירער זאָלן פארשטיין די נײַע סיטואציע, זאָלן קאָנקרעט אויסשטודירן די נײַע באדינגונגען פאר דער אנטװיקלונג פון דער אינדוסטריע און זאָלן איבערבויען זייער ארבעט אין העסקעם מיט די פּאָדערונגען פון דער נײַער סיטואציע.

דערצו פאָדערט זיך, ווײַטער, אז אונדזערע ווירטשאפטלעכע אָנפירער זאָלן אָנפירן מיט די אונטערנעמונגען ניט „ביכלאל", ניט „פון דער לופט", נאָר קאָנקרעט, זאכלעך, אז זיי זאָלן צוגיין צו יעדער פראגע ניט פונעם שטאנדפונקט פון אלגעמיינער פלוידערײַ, נאָר אפ א שטרענג זאכלעכן אויפן, אז זיי זאָלן זיך ניט באגרענעצן מיט ענטפערן אפ פאפירלעכע אָדער מיט אלגעמיינע פראזעס און לאָזונגען, נאָר זיי זאָלן ארײַן אין דער טעכניק פון דער זאך, זיי זאָלן ארײַנדרינגען אין די דעטאלן פון דער זאך, זיי זאָלן ארײַנדרינגען אין די „קליינינקייטן", ווײַל פון די „קליינינקייטן" ווערן איצט געבויט גרויסע זאכן.

דערצו פאָדערט זיך, ווײַטער, אז אונדזערע איצטיקע האמעטנע פארייניקונגען, וואָס האָבן צומאָל אין זייער באשטאנד 100—200 אונטערנעמונגען, — זאָל מען דעקאָנצענטרירן טייקעף און צעקלאפן אפ עטלעכע פארייניקונגען. פארשטייט זיך, אז א פּאָרזיצער פון א פארייניקונג, וועלכער האָט צו טאָן מיט א הונדערטס און מער זאוואָדן, קאָן ניט ווי געהעריק קענען די דאָזיקע זאוואָדן, זייערע מעגלעכקײַטן, זייער ארבעט. פארשטייט זיך, אז, ניט קענענדיק די זאוואָדן, איז ער ניט אימשטאנד אָנצופירן מיט זיי. הייסט עס, אז קעדיי צו געבן א מעגלעכקײַט די פּאָרזיצערס פון די פארייניקונגען ווי עס דארף צו זײַן אויסשטודירן די זאוואָדן און אָנפירן מיט זיי, דארף מען זיי אויסלאָדן פון די איבעריקע זאוואָדן, דארף מען צעקלאפן די פארייניקונג אפ עטלעכע פארייניקונגען און דערנעענטערן די פארייניקונגען צו די זאוואָדן.

דערצו פאָדערט זיך, ווײַטער, אז אונדזערע פארייניקונגען זאָלן ארײַנגיין פון קאָלעגיאלער פארוואלטונג צו א פארוואלטונג אן איינפּערזאָניקער. איצט איז די לאגע אזא, אז אין די קאָלעגיעס פון די פארייניקונגען זיצן צו 10—15 מענטשן און שרײַבן פאפירן, פירן א דיסקוסיע. פארוואלטן אזוי ווײַטער קאָן מען ניט, כאווירים. מע דארף מאכן א סאָף צו דער פאפירענער „אָנפירונג" און איבערשליסן זיך אפ א ווירקלעכער, זאכלעכער, באָלשעוויסטישער ארבעט. זאָל בעראָש פון דער פארייניקונג פארבלײַבן א פּאָרזיצער פון דער פארייניקונג און עטלעכע שטעלפארטרעטערס. דאָס וועט זײַן פולשטענדיק גענוג אפ צו פארוואלטן מיט דער פארייניקונג. די איבעריקע קאָלעגיע-מיטגלידער וואָלט בעסער געווען אראָפּלאָזן אונטן — אין די זאוואָדן און פאבריקן. דאָס וואָלט געווען אָן א שיר נוצלעכער אי פאר זיי אי פאר דער זאך.

דערצו פאָדערט זיך, ווײַטער, אז די פּאָרזיצערס פון די פארייניקונגען און זייערע שטעלפארטרעטער זאָלן וואָס אָפטער ארומפאָרן איבער די זאוואָדן, זאָלן וואָס לענגער פארבלײַבן דאָרט ארבעטן, זיך בעסער באקענען

מיט די זאוואָדישע טוער אונ זאָלנ ניט נאָר לערנענ די אָרטיקע מענטשנ, נאָר אויכ לערנענ זיכ בא זיי. מיינענ, אז מע קאָנ איצט אָנפירנ פונ קאנצעליאריע, זיצנדיק אינ קאָנטאָר, ווייט פונ די זאוואָדנ, — הייסט א טאָעס האָבנ. קעדיי אָנצופירנ מיט זאוואָדנ, דארפ מענ וואָס אָפטער קומענ אינ בארירונג מיט די טוער פונ די אונטערנעמונגענ, דארפ מענ האלטנ מיט זיי א לעבעדיקע פארבינדונג.

צולעצט, צוויי ווערטער וועגנ אונדזער פראָדוציר־פלאנ אפנ 1931 יאָר. עס זיינענ פאראנ אייניקע נעבנ-פארטייישע באלעבעסלעכ, וואָס פארזיכערנ, אז אונדזער פראָדוציר־פראָגראמ איז ניט רעאל, ניט אויספילבאר. דאָס איז א מינ שטשעדרינס „קלוגע שלייענס”, וועלכע זיינענ שטענדיק גרייט צו פארשפרייטנ ארומ זיכ די „ליידיקייט פונ קנאפנ סייכל”. צי איז אונדזער פראָדוציר־פראָגראמ רעאל? געוויס, יאָ! זי איז רעאל כאָטשבי דערפאר, וואָס בא אונדז זיינענ פאראנ אלע נייטיקע באדינגונגענ פאר איר פארווירקלעכונג. זי איז רעאל כאָטשבי דערפאר, וואָס איר אויספילונג הענגט איצט אָפּ אויסשליסלעכ פונ אונדז אליינ, פונ אונדזער קענענ אונ אונדזער וועלנ אויסנוצנ די רייכסטע מעגלעכקייטנ, וואָס זיינענ בא אונדז פאראנ. מיט וואָס זשע אנדערש קאָנ מענ דערקלערנ דעמ פאקט, וואָס א גאנצע ריי אונטערנעמונגענ אונ אינדוסטריע־צווייגנ האָבנ שוינ אריבערגעשטיגנ דעמ פלאנ? עס וואָלט נארישׁ געווענ צו מיינענ, אז דער פראָדוציר-פלאנ לאָזט זיכ אויס צו א רעשימע פונ ציפערנ אונ פארגעבונגענ. אינ דער ווירקלעכקייט איז דער פראָדוציר־פלאנ די לעבעדיקע אונ פראקטישע טעטיקייט פונ מיליאָנענ מענטשנ. די רעאלקייט פונ אונדזער פראָדוציר־פלאנ — דאָס זיינענ די מיליאָנענ ארבעטנדיקע, וועלכע שאפנ א נייַ לעבנ. די רעאלקייט פונ אונדזער פראָגראמ — דאָס זיינענ די לעבעדיקע מענטשנ, דאָס זיינענ מיר מיט אייכ, אונדזער ווילנ צו ארבעט, אונדזער גרייטקייט צו ארבעטנ אפּ א נייעמ אופנ, אונדזער אנטשיידנקייט אויסצופילנ דעמ פלאנ. צי איז זי פאראנ בא אונדז, די דאָזיקע אנטשיידנקייט? יאָ, פאראנ. הייסט עס, אז אונדזער פראָדוציר-פראָגראמ קאָנ אונ דארפ פארווירקלעכט ווערנ.

(דויערנדיקע אפּלאָדיסמענטנ.)

# וועגנ אײניקע פראגנ פונ דער געשיכטע פונעמ באָלשעוויזמ

א בריוו אינ דער רעדאקציע פונעמ זשורנאל „פראָלעטארסקאיא רעוואָליוציא“

געערטע כאווײרימ!

איכ פראָטעסטיר קאטעגאָריש קעגנ דעמ, וואָס סלוצקיס אנטיפארטײיִשער אונ האלב-טראָצקיסטישער ארטיקל „די באָלשעוויקעס וועגנ דער דײַטשישער סאָציִאל-דעמאָקראטיע אינעמ פעריִאָד פונ איר פארמילכאָמעדיקנ קריזיס“ איז אָפּגעדרוקט געוואָרנ אינעמ זשורנאל „פראָלעטארסקאיא רעוואָליוציא“ (נומ. 6, 1930 י.), ווי א דיסקוסיע-ארטיקל.

סלוצקי באהויפּט, אז לענינ (די באָלשעוויקעס) האָט ניט-דערשאצט די געפאר פונ צ ע נ ט ר י ז מ אינ דער דײַטשישער אונ ביכלאל אינ דער פארמילכאָמעדיקער סאָציִאל-דעמאָקראטיע, דאָס הײסט, ער האָט ניט-דערשאצט די געפאר פונ צוגעדעקטנ אָפּאָרטוניזמ, די געפאר פונ קאָמפּראָמיסלערײַ צומ אָפּאָרטוניזמ. אנדערש גערעדט, לויט סלוצקינ קומט אויס, אז לענינ (די באָלשעוויקעס) האָט ניט געפירט קײנ אומקאָמפּראָמיסלעכנ קאמפ קעגנ דעמ אָפּאָרטוניזמ, ווײַל ניט-דערשאצנ דעמ צענטריזמ הײסט אינ טאָכ גענומענ אָפּזאָגנ זיכ פונ פאנאנדערגעוויקלטנ קאמפ קעגנ דעמ אָפּאָרטוניזמ. עס קומט אויס, אזויארומ, אז לענינ איז אינעמ פעריִאָד פאר דער מילכאָמע נאָכ ניט געווענ קײנ עכטער באָלשעוויק, אז ערשט אינעמ פעריִאָד פונ דער אימפּעריאליסטישער מילכאָמע, אָדער אפילע באמ אויסגאנג פונ דער דאָזיקער מילכאָמע, איז לענינ געוואָרנ אנ עכטער באָלשעוויק. אזוי דערצײלט אינ זײַנ ארטיקל סלוצקי. אונ איר, אָנשטאָט צו שטעמפּלענ דעמ דאָזיקנ פריש-געבאקענעמ „היסטאָריקער“, ווי א רעכילעס-טרײַבער אונ פאלסיפיקאטער, לאָזט איר זיכ ארײַנ מיט אימ אינ א דיסקוסיע, איר גיט אימ א טריבונע. איכ קאָנ ניט ניט פּראָטעסטירנ קעגנ דעמ, וואָס סלוצקיס ארטיקל איז אינ אײַער זשורנאל אָפּגעדרוקט געוואָרנ ווי א דיסקוסיע-ארטיקל, ווײַל מע טאָר ניט פארוואנדלענ אינ אנ אָביעקט פונ דיסקוסיע די פראגע וועגנ לענינס ב אָ ל ש ע וו י ז מ, די פראגע וועגנ דעמ, צי האָט לענינ ג ע פ י ר ט א פּרינציפּיעלנ אומקאָמפּראָמיסלעכנ

קאמפ קעגנ דעמ צענטריזמ, אלס א געוויסנ מינ אָפּאָרטוניזמ, אָדער ער האָט אימ ניט געפירט, צי איז לענינ געווענ אנ עכטער באָלשעוויק אָדער ער איז אזא ניט געווענ.

אינ אײַער דערקלערונג „פונ דער רעדאקציע”, וואָס איז צוגעשיקט געוואָרנ אינ צק דעמ 20־טנ אָקטיאבער, אנערקענט איר, אז די רעדאקציע איז באגאנגענ א פעלער דערמיט, וואָס זי האָט אָפּגעדרוקט סלוצקיס ארטיקל ווי א דיסקוסיע-ארטיקל. דאָס איז, פארשטייט זיכ, גוט, ניט געקוקט דערופ, וואָס די דערקלערונג פונ דער רעדאקציע דערשײַנט מיט א גרויסער פארשפּעטיקונג. איר באגייט אָבער אינ אײַער דערקלערונג א נײַעמ פעלער, ווענ איר דעקלארירט, אז „די רעדאקציע האלט פאר פּאָליטיש העכסט אקטועל אונ נייטיק ווײַטער פאנאנדערצוארבעטנ אפ די שפּאלטנ פונ דער „פּראָלעטארסקאיא רעוואָליוציא” דעמ גאנצנ קרײַז פּראָבלעמענ, וואָס זײַנענ פארבונדנ מיט די קעגנזײַטיקע באציִונגענ צווישנ די באָלשעוויקעס מיטנ פארמילכאָמעדיקנ II אינטערנאציִאָנאל”. דאָס באטײַט, אז איר האָט בעדייע ווידעראמאָל ארײַנצוציִענ מענטשנ אינ א דיסקוסיע איבער פראגנ, וועלכע זײַנענ אקסיִאָמעס פונעמ באָלשעוויזמ. דאָס באטײַט, אז די פראגע וועגנ לענינס באָלשעוויזמ מײנט איר ווידעראמאָל צו פארוואנדלענ פונ אנ אקסיִאָמע אינ א פּראָבלעמ, וועלכע נייטיקט זיכ אינ „ווײַטערדיקנ פאנאנדערארבעטנ”. פארוואָס, אפ וואָס פאר א גרונט? אלעמענ איז באוווּסט, אז דער לעניניזמ איז געבוירנ געוואָרנ, איז אויסגעוואָקסנ אונ האָט זיכ פארשטארקט אינ אָנראכמאָנעסדיקנ קאמפ קעגנ דעמ אָפּאָרטוניזמ פונ אלע קאָלירנ, דערונטער אויכ קעגנ דעמ צענטריזמ אינ מײַרעוו (קאוטסקי[1]), קעגנ דעמ צענטריזמ בא אונדז (טראָצקי אונ אנדערע). דאָס קאָנענ ניט אָפּלייקענענ אפילע די דירעקטע פײַנט פונעמ באָלשעוויזמ. דאָס איז אנ אקסיִאָמע. אונ איר ציט אונדז אפ צוריק, פרווונדיק זיכ פארוואנדלענ די אקסיִאָמע אינ א פּראָבלעמ, וועלכע דארפ „ווײַטער פאנאנדערגעארבעט ווערנ”. פארוואָס? אפ וואָס פאר א גרונט? עפּשער אויס אומבאקאנטשאפט מיט דער געשיכטע פונעמ באָלשעוויזמ? עפּשער צוליב פוילנ ליבעראליזמ, קעדיי די סלוצקיס אונ די אנדערע שילער טראָצקיס זאָלנ ניט קאָנענ זאָגנ, אז מע פארמאכט זיי דאָס מויל? א גאנצ מעשונעדיקער ליבעראליזמ, וואָס ווערט דורכגעפירט אפנ כעושבנ פונ די בלוטיקע אינטערעסנ פונעמ באָלשעוויזמ...

וואָס אייגנטלעכ האלט די רעדאקציע פאר אזוינס, וואָס איז ווערט דיסקוסיִאָנעל באטראכט צו ווערנ אינ סלוצקיס ארטיקל?

1) סלוצקי באהויפּט, אז לענינ (די באָלשעוויקעס) האָט ניט געפירט קיינ ליניע אפ אנ אײַנרײַס, אפ א שפּאלטונג מיט די אָפּאָרטוניסטנ פונ דער

דײַטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, מיט די אָפּאָרטוניסטנ פונעמ II אינטער-נאציאָנאַל פונ פארמילכאָמעדיקנ פעריאָד. איר ווילט דיסקוסירנ קעגנ דעמ דאָזיקנ טראָצקיסטישנ טעזיס סלוצקיס. אָבער וואָס איז דאָ דיסקוטאבל? איז דענ ניט קלאָר, אז סלוצקי טרײַבט פּאָשעט רעכילעס אפ לענינענ, אפ די באָלשעוויקעס? רעכילעס דארפ מענ פארשטעמפּלענ, אָבער ניט פארוואנדלענ אינ קיינ אָביעקט פונ דיסקוסיע.

יעדער באָלשעוויק ווייסט, אויב ער איז ווירקלעכ א באָלשעוויק, אז לענינ האָט נאָכ לאנג פאר דער מילכאָמע, אנ ערעכ פונ די יאָרנ 1903 — 1904 אָנ, ווענ אינ רוסלאנד האָט זיכ אויסגעפורעמט די גרופּע באָלשעוויקעס אונ ווענ עס האָבנ צומ ערשטנ מאָל געלאָזט זיכ פילנ די לינקע אינ דער דײַטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע,— האָט לענינ געפירט א ליניע אפ אנ אײַנרײַס, אפ א שפּאלטונג מיט די אָפּאָרטוניסטנ אי בא אונדז, אינ דער רוסלענדישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פארטיי, אי דאָרט, אינעמ II אינטערנאציאָנאַל, באזונדערס אינ דער דײַטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. יעדער באָלשעוויק ווייסט, אז גראָד דערפאר האָבנ די באָלשעוויקעס שוינ דעמלט (1903 — 1905) זיכ דערוואָרבנ אינ די רייענ פונ די אָפּאָרטוניסטנ פונעמ II אינטערנאציאָנאַל דעמ בעקאָוועדיקנ נאָמענ פונ „שפּאלטערס” אונ „דעזאָרגאניזאטערס”. אָבער וואָס האָט געקאָנט טאָנ לענינ, וואָס האָבנ געקאָנט טאָנ די באָלשעוויקעס, אויב די לינקע סאָציאַל-דעמאָקראַטנ זײַנענ אינעמ II אינטערנאציאָנאַל אונ, פריִער פאר אלצ, אינ דער דײַטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע געווענ א שוואכע אונ אָנמעכטיקע גרופּע, אָרגאני-זאציאָנעל ניט קיינ אויסגעפורעמטע, אידעאָלאָגיש ניט קיינ אונטערגעשמידטע גרופּע, וואָס האָט מוירע אפילע ארויסצוזאָגנ דאָס וואָרט „אײַנרײַס”, „שפּאלטונג”? מע קאָנ דאָכ ניט פאָדערנ, אז לענינ, אז די באָלשעוויקעס זאָלנ פונ רוסלאנד ארויס אָרגאניזירנ פאר די לינקע א שפּאלטונג אינ די מײַרעוודיקע פארטייענ. איכ רייד שוינ ניט וועגנ דעמ, וואָס די אָרגאניזאציאָנעלע אונ די אידעאָלאָגישע שוואכקײַט איז געווענ א כאראַקטעריסטישער שטריכ פונ די לינקע סאָציאַל-דעמאָקראַטנ ניט נאָר אינעמ פארמילכאָמעדיקנ פעריאָד. ער, אָט-דער דאָזיקער נעגאטיווער שטריכ, איז, ווי באוווסט, פארבליבנ בא די לינקע אויכ אינעמ פעריאָד נאָכ דער מילכאָמע. אלעמענ איז באוווסט די אָפּשאצונג פונ די דײַטשישע לינקע סאָציאַל-דעמאָקראַטנ אינ לענינס באוווסטנ ארטיקל „וועגנ יוניוסעס בראָשור”[1], וואָס איז געשריבנ געוואָרנ אינ אָקטיאַבער 1916 יאָר, דאָס הייסט, העכער

1 יוניוס — ראָזע לוקסעמבורג, א לידער פונ די לינקע ס.-ד. אינ דער דײַטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע.

צוויי יאָר נאָכן אָנהייב פון דער מילכאָמע. קריטיקירנדיק א גאַנצע ריי ביז גאָר ערנסטע פּאָליטישע פעלערן פון די לינקע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין דייטשלאַנד, רעדט דאָרט לענין וועגן דער „שוואַכקייט פון אַלע דייטשישע לינקע, וואָס זיינען פון אַלע זייטן אַרומגע־פּלאָנטערט מיט דער נידערטרעכטיקער נעץ פון קאַוט־סקיאַנישער צוויִעס, פּעדאַנטישקייט, „גוטפריינטלעכקייט" צו די אָפּאָרטוניסטן", ער רעדט דאָרט וועגן דעם, אַז „יוניוס האָט זיך ניט פולשטענדיק באַפרייט פון דער „סוויווע" פון די דייטשישע, אפילו לינקע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וואָס האָבן מוירע פאַר א שפּאַלטונג, וואָס האָבן מוירע אַרויסצוזאָגן ביזן סאָף די רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען".

פון אַלע גרופּירונגען פונעם II אינטערנאַציאָנאַל זיינען די רוסישע באָלשעוויקעס דעמאָלט געווען די איינציקע גרופּירונג, וואָס איז, לויט איר אָרגאַניזאַציאָנעלער דערפאַרונג און אידעאָלאָגישער אונטערגעשמידטקייט, פייִק גע־ווען פאָרצונעמען עטוואָס ערנסטעס אינעם זין פון א דירעקטן איינרייס, פון א שפּאַלטונג מיט די אייגענע אָפּאָרטוניסטן אין דער אייגענער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. אָט ווען די סלוצקיס וואָלטן זיך געפּרוווט אפילו ניט דערווייזן, נאָר פּאָשעט זיך מעשאַער זיין, אַז לענין און די רוסישע באָלשעווי־קעס האָבן ניט אויסגענוצט זייער גאַנצע קראַפט אף צו אָרגאַניזירן א שפּאַלטונג מיט די אָפּאָרטוניסטן (פּלעכאַנאָוו, מאַרטאָוו, דאַן) און פאַרטרייבן די צענטריסטן (טראָצקי און די איבעריקע אָנהענגער פונעם אווגוסט־בלאָק), — אָט דעמאָלט וואָלט מען געקאָנט שטרייטן וועגן לענינס באָלשעוויזם, וועגן דעם באָלשעוויזם פון די באָלשעוויקעס. אָבער דאָס איז דאָך די מייסע, וואָס די סלוצקיס דערוועגן זיך ניט אפילו א פּיפּס צו טאָן לעטוויועס אזא ווילדער האַשאָרע. זיי דערוועגן זיך ניט דערפאַר, ווייל זיי ווייסן, אַז די אַלעמען באַוווּסטע פאַקטן פון דער אַנטשיידענער פּאָליטיק פון אָפּ־איינרייס מיט די אָפּאָרטוניסטן פון אַלע קאָלירן, וואָס די רוסישע באָלשעוויקעס האָבן דורכגעפירט (די יאָרן 1904 — 1912), שרייען גוואַלד קעגן אזא האַשאָרע. זיי דערוועגן זיך ניט דערפאַר, ווייל זיי ווייסן, אַז גלייך אף מאָרגן וועלן זיי צוגענעגלט ווערן צום שאַנד־סלופּ.

אָבער דאָ קומט אויף א פראַגע: צי האָבן די רוסישע באָלשעוויקעס געקאָנט פאַרווירקלעכן די שפּאַלטונג מיט זייערע אָפּאָרטוניסטן און צענטריסטן — קאָמפּראָמיסלער נאָך לאַנג פאַר דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע (די יאָרן 1904—1912), ניט פירנדיק גלייכצייטיק קיין ליניע אף אן איינרייס, קיין ליניע אף א שפּאַלטונג מיט די אָפּאָרטוניסטן און צענטריסטן פונעם II אינטערנאַצי־אָנאַל? ווער קאָן צווייפלען דערין, אַז די רוסישע באָלשעוויקעס האָבן געהאַלטן

זייער פּאָליטיק בענעגייע די אָפּאָרטוניסטנ אונ צענטריסטנ פאר א מוסטער פונ פּאָליטיק פאר די לינקע אינ מייִרעוו? ווער קאָנ צווייפלענ דערינ, אז די רוסישע באָלשעוויקעס האָבנ מיט אלע מעגלעכקייטנ געשטויסנ די לינקע סאָציִאַל־דעמאָקראטנ אינ מייִרעוו, באזונדערס די לינקע אינ דער דייטשישער סאָציִאַל־דעמאָקראטיע, אפ אנ אייַנרייַס, אפ א שפּאלטונג מיט זייערע אָפּאָרטוניסטנ אונ צענטריסטנ? עס איז ניט די שולד פונ לענינענ אונ פונ די רוסישע באָלשעוויקעס, אויב די לינקע סאָציִאַל־דעמאָקראטנ אינ מייִרעוו האָבנ זיכ ארויסגעוויזנ ניט רייַפ דערצו, אז זיי זאָלנ גיינ אינ די פוס־טריט פונ די רוסישע באָלשעוויקעס.

2) סלוצקי ווארפט אופ לענינענ אונ די באָלשעוויקעס, אז זיי האָבנ ניט געשטיצט די לינקע אינ דער דייַטשישער סאָציִאַל־דעמאָקראטיע אנט־שיידנ אונ ענערגיש, אז זיי האָבנ זיי געשטיצט בלויז מיט ערנסטע רע־זערוואציעס, אז די פּראקטיציִאָנעלע מאָטיווּנ האָבנ זיי געשטערט צו שטיצנ די לינקע ביזנ סאָפ. איר ווילט דיסקוטירנ קעגנ דעמ דאָזיקנ שארלאטא־נישנ אונ דורכויס פאלשנ פאָרוואורפ. אָבער וואָס איז דאָ אייגנטלעכ דיס־קוטאבל? צי איז דענ ניט קלאָר, אז סלוצקי מאנעווירט דאָ אונ סטארעט זיכ צודעקנ מיט א פאלשנ פאָרוואורפ קעגנ לענינענ אונ קעגנ די באָלשע־וויקעס די ווירקלעכע לעכער אינ דער פּאָזיציע פונ די לינקע אינ דייַטש־לאנד? צי איז דענ ניט קלאָר, אז די באָלשעוויקעס האָבנ ניט געקאָנט שטיצנ די לינקע אינ דייַטשלאנד, וועלכע האָבנ זיכ קעסיידער געוואקלט צווישנ באָלשעוויזמ אונ מענשעוויזמ, אָנ ערנסטע רעזערוואציעס, אָנ ערנסטער קריטיק פונ זייערע פעלערנ, ניט פאראטנדיק דעמ ארבעטער־קלאס אונ זייַנ רעוואָלוציע? די שווינדלערישע מאנעוורעס דארפ מענ פאר־שטעמפּלענ, אונ ניט פארוואנדלענ אינ קיינ אָביעקט פונ דיסקוסיע.

יאָ, די באָלשעוויקעס האָבנ געשטיצט די לינקע סאָציִאַל־דעמאָקראטנ אינ דייַטשלאנד בלויז מיט געוויסע ערנסטע רעזערוואציעס, קריטיקירנדיק זייערע האלב־מענשעוויסטישע פעלערנ. אָבער דערפאר דארפ מענ זיי בא־גריסנ אונ ניט מאכנ קיינ פאָרווורפנ.

צי זייַנענ פאראנ מענטשנ, וועלכע צווייפלענ דערינ?

לאָמיר זיכ ווענדנ צו די סאמע באקאנטע פאקטנ פונ דער געשיכטע.

א) אינ 1903 יאָר האָבנ זיכ ארויסגעוויזנ ערנסטע מיינונג־פארשיידנ־הייַטנ צווישנ די באָלשעוויקעס אונ מענשעוויקעס אינ רוסלאנד אינ דער פראגע וועגנ מיטגלידערשאפט אינ דער פארטיי. מיט זייער פאָרמולירונג וועגנ דער מיטגלידערשאפט אינ דער פארטיי האָבנ די באָלשעוויקעס גע־וואָלט שאפנ אנ אָרגאניזאציִאָנעלנ צוימ קעגנ דעמ אָנפלוס פונ ניט־פּראָ־לעטארישע עלעמענטנ אינ דער פארטיי אריַינ. די געפאר פונ אזא אָנפלוס

איז דעמלט געווענ מער ווי רעאַל, איבער דעם בורזשואַז־דעמאָקראַטישנ כאַראַקטער פונ דער רוסישער רעוואָליוציע. די רוסישע מענשעוויקעס האָבנ פאַרטיידיקט אַ קעגנזועצלעכע פּאָזיציע, וועלכע האָט ברייט געעפנט די טירנ פונ דער פּאַרטיי פאַר ניט־פּראָלעטאַרישע עלעמענטנ. איבער דער וויכטיקייט פונ די פראַגנ פונ דער רוסישער רעוואָליוציע פאַר דער אַלוועלטלעכער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג, האָבנ די מערעוו־אייראָפּעיִשע סאָציאַל־דעמאָקראַטנ באַשלאָסנ זיכ אַרייַנצומישנ אינ דעם איניענ. אַרייַנגעמישט האָבנ זיכ אויכ די לינקע סאָציאַל־דעמאָקראַטנ אינ דייַטשלאַנד, פּאַרווּס און ראָזע ליוקסעמבורג, די דעמלטיקע לידערס פונ די לינקע. איז וואָס זשע? זיי ביידע האָבנ זיכ אַרויסגעזאָגט קעגנ די באָלשעוויקעס. דערבייַ איז קעגנ די באָלשעוויקעס אַרויסגערוקט געוואָרנ אַ באַשולדיקונג אינ אולטראַ־צענטראַליזמ און אינ בלאַנקיסטישע טענדענצנ. שפּעטער האָבנ די מענשעוויקעס אונטערגעכאַפּט די דאָזיקע וווּלגאַרע און באַלעבעסדיקע עפּיטעטנ און האָבנ זיי צעטראָגנ איבער דער גאַנצער וועלט.

ב) אינ 1905 יאָר האָבנ זיכ פאַנאַנדערגעוויקלט מייַנונג־פאַרשיידנהייַטנ צווישנ די באָלשעוויקעס און די מענשעוויקעס אינ רוסלאַנד וועגנ דעם כאַראַקטער פונ דער רוסישער רעוואָליוציע. די באָלשעוויקעס האָבנ פאַרטיידיקט די אידיי פונ אַ בונד פונעם אַרבעטער־קלאַס מיטנ פּויערטומ בא דער העגעמאָניע פונעם פּראָלעטאַריאַט. די באָלשעוויקעס האָבנ באַהויפּט, אַז די זאַכ דאַרפ מענ פירנ צו אַ רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראַטישער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט און פּויערטומ אַזוי, אַז פונ דער רעוואָליוציע דער בורזשואַז־דעמאָקראַטישער זאָל מענ אַריבערגייַנ טייקעפּ צו אַ רעוואָליוציע אַ סאָציאַליסטישער, האָבנדיק געזיכערט די שטיצע מיצאַד דער דאָרפישער אָרעמשאַפט. די מענשעוויקעס אינ רוסלאַנד האָבנ אָפּגעוואָרפנ די אידיי פונ העגעמאָניע פונעם פּראָלעטאַריאַט אינ דער בורזשואַז־דעמאָקראַטישער רעוואָליוציע, אָנשטאָט דער פּאָליטיק פונ אַ בונד פונעם אַרבעטער־קלאַס מיטנ פּויערטומ האָבנ זיי בעסער געוואָלט אַ פּאָליטיק פונ אַ פאַרשטענדיקונג מיט דער ליבעראַלער בורזשואַזיע, און די רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראַטישע דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט און פונעמ פּויערטומ האָבנ זיי דערקלערט פאַר אַ רעאַקציאָנערער בלאַנקיסטישער סכעמע, וועלכע ווידערשפּרעכט דער אַנטוויקלונג פונ דער בורזשואַזער רעוואָליוציע. וויאַזוי האָבנ זיכ באַצויגנ צו די דאָזיקע שטרייַטנ די לינקע אינ דער דייַטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, פּאַרווּס און ראָזע ליוקסעמבורג? זיי האָבנ פאַרפאַסט אַנ אוטאָפּישע און האַלב־מענשעוויסטישע סכעמע פונ דער פּערמאַנענטער רעוואָליוציע (אַ פאַרקריפּלטע שילדערונג פונ מאַרקס סכעמע פונ דער רעוואָליוציע), וואָס איז אָפּ דורכ און דורכגעדרונגענ מיטנ מענשעוויסטישנ אָפּלייי־

קענען די פּאָליטיק פון א בונד צװישן דעם ארבעטער-קלאס מיטן פױערטום, און זײ האָבן זי קעגנגעשטעלט דער באָלשעװיסטישער סכעמע פון דער רעװאָלוציאָנער־דעמאָקראטישער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאַט און פּױערטום. שפּעטער האָט די דאָזיקע האַלב־מענשעװיסטישע סכעמע פון דער פּערמאנענטער רעװאָלוציע אױפגעכאפּט טראָצקי (טײלװײַז מארטאָװ) און פארװאנדלט זי אין א געװער פון קאמף קעגן דעם לעניניזם.

ג) אינעם פּעריאָד פאר דער מילכאָמע איז אין די פּארטײען פונעם II אינטערנאציאָנאל ארױסגעטראָטן אױף דער סצענע, אלס אײנע פון די אקטועלסטע פראגן, די נאציאָנאַל-קאָלאָניאַלע פראגע, די פראגע װעגן די אונטערדריקטע נאציעס און קאָלאָניעס, די פראגע װעגן דער באפרײַונג פון די אונטערדריקטע נאציעס און קאָלאָניעס, די פראגע װעגן די װעגן פון קאמף קעגן דעם אימפּעריאליזם, די פראגע װעגן די װעגן פון אראָפּװארפן דעם אימפּעריאליזם. אין די אינטערעסן פון פאנאנדערװיקלען די פּראָלעטארישע רעװאָלוציע און ארומרינגלען דעם אימפּעריאליזם האָבן די באָלשעװיקעס פאָרגעלײגט א פּאָליטיק פון שטיצן די באפרײַונג־באַװעגונג פון די אונטערדריקטע נאציעס און קאָלאָניעס אױף דער באזע פון דער זעלבסטבאשטימונג פון די נאציעס און זײ האָבן אנטװיקלט א סכעמע פון אן אײנהײַטלעכן פראָנט צװישן דער פּראָלעטארישער רעװאָלוציע פון די פאָרגעשריטענע לענדער און דער רעװאָלוציאָנער־באפרײַערישער באַװעגונג פון די פעלקער פון די קאָלאָניעס און אונטערדריקטע לענדער. די אָפּאָרטוניסטן פון אלע לענדער, די סאָציאַל-שאָװיניסטן און סאָציאַל-אימפּעריאליסטן פון אלע לענדער האָבן טײקעף אין צוזאמענהאנג דערמיט אָנגעגורט די לענדן קעגן די באָלשעװיקעס. די באָלשעװיקעס האָט מען געהעצט, װי משוגענע הינט. װאָס פאר א פּאָזיציע האָבן דעמלט פארנומען די לינקע ס.־ד. אין מײַרעװ? זײ האָבן אנטװיקלט א האַלב-מענשעװיסטישע טעאָריע פון אימפּעריאליזם, זײ האָבן אָפּגעװאָרפן דעם פּרינציפּ פון זעלבסט-באשטימונג פון די נאציעס אין זײַן מארקסיסטישער אױפפאסונג (אױך ביז צום אָפּטײלן זיך און ארױסבילדן זעלבשטענדיקע מעלוכעס), זײ האָבן אָפּגעװאָרפן דעם טעזיס װעגן דער ערנסטער רעװאָלוציאָנערער באדײַטונג פון דער באפרײַונג-באַװעגונג פון די קאָלאָניעס און פון די אונטערדריקטע לענדער, זײ האָבן אָפּגעװאָרפן דעם טעזיס װעגן דער מעגלעכקײַט פון אן אײנהײַטלעכן פראָנט צװישן דער פּראָלעטארישער רעװאָלוציע און דער נאציאָנאַל-באפרײַערישער באַװעגונג און אָט־די גאנצע האַלב־מענשעװיסטישע קאשע, װעלכע איז א דורכױסיקע ניט־דערשאצונג פון דער נאציאָנאַל-קאָלאָניאַלער פראגע, האָבן זײ אנטקעגנגעשטעלט דער מארקסיסטישער סכעמע פון די באָלשעװיקעס. ס'איז באװוסט, אז די דאָזיקע

האלב־מענשעוויסטישע קאשע האָט דערנאָך אונטערגעכאפּט טראָצקי און ער האָט זי אויסגענוצט אלס געווער פון קאמף קעגן דעם לעניניזם.

אָט דאָס זיינען די אלעמען באוווסטע פעלערן פון די לינקע ס.־ד. אין דייטשלאנד.

איך רייד שוין ניט וועגן די אנדערע פעלערן פון די דייטשישע לינקע, וועלכע זיינען צעקריטיקירט געוואָרן אין לענינס אנטשפּרעכיקע ארטיקלען.

איך רייד אויך ניט וועגן די פעלערן, וועלכע זיי זיינען באגאנגענ באַם אָפּשאצן די פּאָליטיק פון די באָלשעוויקעס אינעם פּעריאָד פון דער אָקטיאבער־איבערקערעניש.

וועגן וואָס ריידן די דאָזיקע פעלערן פון די דייטשישע לינקע, גענומען פון דער געשיכטע פונעם פארמילכאָמעדיקן פּעריאָד, אויב ניט וועגן דעם, אז, ניט געקוקט אפ זייער לינקייט, האָבן זיך די לינקע ס.-ד. נאָך ניט געהאט באפרייט פונעם מענשעוויסטישן באגאזש?

געוויס, די לינקע אין דייטשלאנד האָבן געהאט ניט נאָר ערנסטע פעלערן. זיי האָבן אויך גרויסע און ערנסטע רעוואָליוציאָנערע מייסים. איך האָב אין זין א גאנצע ריי פארדינסטן זייערע און רעוואָליוציאָנערע ארויסטרעטונגען איבער פראגן פון דער אינערלעכער פּאָליטיק און, באַזונדערס, פונעם וואל-קאמף, איבער פראגן פון פארלאמענטישן און אויסער-פארלאמענטישן קאמף, וועגן אלגעמיינעם שטרייק, וועגן מילכאָמע, וועגן דער רעוואָליוציע פון 1905 יאָר אין רוסלאנד אאוו. טאקע דערפאר האָבן זיך די באָלשעוויקעס גערעכנט מיט זיי, ווי מיט לינקע, און האָבן זיי געשטיצט, געשטופּט זיי פאָרויס. אָבער דאָס שאפט ניט אָפּ און קאָן ניט אָפּשאפן יענעם פאקט, אז די לינקע ס.-ד. אין דייטשלאנד האָבן צוגלייך דערמיט געהאט א ריי ביז גאָר ערנסטע פּאָליטישע און טעאָרעטישע פעלערן, אז זיי האָבן זיך נאָך ניט געהאט באפרייט פון דעם מענשעוויסטישן באלאסט און זיי האָבן זיך דעריבער געניטיקט אין א ביז גאָר ערנסטער קריטיק מיצאד די באָלשעוויקעס.

איצט אורטיילט אליין, צי האָבן לענין און די באָלשעוויקעס געקאָנט שטיצן די לינקע ס.-ד. אין מיינען אָן ערנסטע רעזערוואציעס, אָן ערנסטער קריטיק פון זייערע פעלערן, ניט פאראטנדיק די אינטערעסן פונעם ארבעטער־קלאס, ניט פאראטנדיק די אינטערעסן פון דער רעוואָליוציע, ניט פאראטנדיק דעם קאָמוניזם?

איז דען ניט קלאָר, אז ווען סלוצקי ווארפט פאָר לענינען און די באָלשעוויקעס דאָס, איבער וואָס ער וואָלט זיי געדארפט באגריסן, ווען ער וואָלט געווען א באָלשעוויק,—דעמאסקירט ער זיך ביזן סאָף אלס האלבער מענשעוויק, אלס פארמאסקירטער טראָצקיסט?

סלוצקי מאכט די האשאָרע, אז לענינ אונ די באָלשעוויקעס זייַנענ אינ זייער אָפּשאצונג פונ די לינקע אינ מייַרעוו ארויסגעגאנגענ פונ זייערע פראקציאָנעלע מאָטיווּנ, אז די רוסישע באָלשעוויקעס האָבנ, הייסט עס, מאקריוו געווענ די גרויסע זאכ פונ דער אינטערנאציאָנאלער רעוואָליוציע פאר די אינטערעסנ פונ זייער פראקציע. עס איז קוימ נייטיק צו דערווייַזנ, אז קיינ זאכ קאָנ ניט זייַנ באנאלער אונ נידערטרעכטיקער פונ אזא האשאָרע. קיינ זאכ קאָנ ניט זייַנ באנאלער, ווייַל אפילע די סאמע גרעסטע פאסקודניאקעס פונ צווישנ די מענשעוויקעס הייבנ אָנ צו פאר־שטיינ, אז די רוסישע רעוואָליוציע איז ניט קיינ פריוואטע זאכ פונ די רוסנ, אז זי איז, פארקערט, א זאכ פונעמ ארבעטער־קלאס פונ דער גאנ־צער וועלט, א זאכ פונ דער אלוועלטלעכער פראָלעטארישער רעוואָליוציע. עס קאָנ ניט זייַנ קיינ מער נידערטרעכטיקע זאכ דערפאר, ווייַל אפילע די פראָפעסיאָנעלע רעכילעס־טרייַבער פונעמ II אינטערנאציאָנאל הייבנ אָנ צו פארשטיינ, אז דער קאָנסעקווענטער אונ בינז טאָפּ רעוואָליוציאָנערער אינטערנאציאָנאליזמ פונ די באָלשעוויקעס איז א מוסטער פונ פראָלעטארישנ אינטערנאציאָנאליזמ פאר די ארבעטער פונ אלע לענדער.

יאָ, די רוסישע באָלשעוויקעס האָבנ ארויסגערוקט אפנ פאָדערגרונט די קארדינאלע פראגנ פונ דער רוסישער רעוואָליוציע, ווי, אשטייגער, די פראגנ וועגנ דער פארטיי, וועגנ דער באציִונג פונ די מארקסיסטנ צו דער בורזשואז-דעמאָקראטישער רעוואָליוציע, וועגנ דעמ בונד צווישנ ארבעטער-קלאס מיטנ פויערטומ, וועגנ דער העגעמאָניע פונעמ פראָלעטא־ריאט, וועגנ פארלאמענטישנ אונ אויסער־פארלאמענטישנ קאמפ, וועגנ אל־געמיינעמ שטרייַק, וועגנ דעמ אריבערוואקסנ פונ דער בורזשואז־דעמאָק־ראטישער רעוואָליוציע אינ א סאָציאליסטישער, וועגנ דער דיקטאטור פונעמ פראָלעטאריאט, וועגנ אימפעריאליזמ, וועגנ דער זעלבסטבאשטימונג פונ די נאציעס, וועגנ דער באפרייַונג־באוועגונג פונ די אונטערדריקטע נאציעס אונ קאָלאָניעס, וועגנ דער פאָליטיק פונ שטיצנ די דאָזיקע באוועגונג אדג. זיי האָבנ ארויסגערוקט די דאָזיקע פראגנ ווי א פרווו־שטיינ, אפ וועלכנ זיי האָבנ דורכגעקאָנטראָלירט די רעוואָליוציאָנערע אויסגעהאלטנקייַט פונ די לינקע ס.־ד. אינ מייַרעוו. צי האָבנ זיי געהאט דערופ רעכט? יאָ, זיי האָבנ געהאט. ניט נאָר זיי האָבנ געהאט, נאָר זיי זייַנענ מעכויעוו געווענ צו טאָנ אזוי. זיי זייַנענ מעכויעוו געווענ צו טאָנ אזוי דערפאר, ווייַל די אלע פראגנ זייַנענ צוגלייַכ דערמיט געווענ קארדינאלע פראגנ פונ דער וועלט-רעוואָליוציע, וואָס צו אירע אופגאבנ האָבנ די באָלשעוויקעס אונטערגעאָרדנט זייער פאָליטיק, זייער טאקטיק. זיי זייַנענ מעכויעוו געווענ צו טאָנ אזוי דערפאר, ווייַל נאָר אפ אזעלכע פראגנ האָט מענ געקאָנט ווי געהעריק דורכקאָנטראָלירנ די רעוואָליוציאָ־

נערקײט פונ די אָדער יענע גרופּירונגענ פונעמ II אינטערנאציאָנאל. פרעגט זיכ, אינ וואָס זשע באשטײט דאָ די „פראקציאָנעלקײט" פונ די רוסישע באָלשעוויקעס אונ וואָס פאר א שײכעס האָבנ אהערצו „פראקציאָנעלע" מאָטיוונ?

לענינ האָט נאָכ אינ 1902 יאָר געשריבנ אינ זײנ בראָשור „וואָס דארפ מענ טאָנ?", אז „די געשיכטע האָט איצט אוועקגעשטעלט פאר אונדז א נאָענטסטע אופגאבע, וואָס איז די סאמע רעוואָליוציאָנערע פונ אלע נאָענטסטע אופגאבנ פונעמ פראָלעטאריאט פונ אוועלכנ-עס-איז אנדערנ לאנד", אז „די פארווירקלעכונג פונ דער דאָזיקער אופגאבע, די צעשטערונג פונ דער סאמע מעכטיקער פעסטונג ניט נאָר פונ דער אײראָפײִשער, נאָר אויכ פונ דער אזיאטישער רעאקציע וואָלט געמאכט דעמ רוסישנ פראָלעטאריאט פארנ אוואנגארד פונעמ אינטערנאציאָנאלנ רעוואָליוציאָנערנ פראָלעטאריאט". פונ זינט עס איז דערשינענ די בראָשור „וואָס דארפ מענ טאָנ?" איז אוועק 30 יאָר. קײנער דערוועגט זיכ ניט אָפּצולײקענענ, אז די געשעענישנ פאר דעמ דאָזיקנ פעריאָד האָבנ גלענצנדיק באשטעטיקט לענינס ווערטער. אָבער צי דרינגט ניט ארויס דערפונ, אז די רוסישע רעוואָליוציע איז געווענ (אונ פארבלײבט) דער קנופּ-פּונקט פונ דער וועלט-רעוואָליוציע, אז די קארדינאלע פראגנ פונ דער רוסישער רעוואָליוציע זײנענ געווענ צוגלײכ דערמיט (אונ זײנענ איצט) קארדינאלע פראגנ פונ דער וועלט-רעוואָליוציע?

איז דענ ניט קלאָר, אז נאָר אפ אזוינע קארדינאלע פראגנ האָט מענ געקאָנט ווי געהעריק דורכקאָנטראָלירנ די רעוואָליוציאָנערקײט פונ די לינקע ס.-ד. אינ מײרעוו?

איז דענ ניט קלאָר, אז די מענטשנ, וועלכע באטראכטנ די דאָזיקע פראגנ, ווי פראגנ „פראקציאָנעלע", — דעמאסקירנ זיכ ביזנ סאָפ, ווי באנאלע אונ איבערגעבוירענע מענטשנ?

3) סלוצקי באהויפּט, אז עס איז נאָכ ניט געפונענ געוואָרנ קײנ גענוגנע צאָל אָפיציעלע דאָקומענטנ, וואָס זאָלנ אײדעס זאָגנ וועגנ דעמ אנטשײדענעמ אונ אומקאָמפּראָמיסלעכנ קאמפ פונ לענינענ (פונ די באָלשעוויקעס) קעגנ דעמ צענטריזמ. מיט דעמ דאָזיקנ ביוראָקראטישנ טעזיס אָפּערירט ער, ווי מיט אנ אײַזנפעסטנ ארגומענט לעטויוועס דער האנאָכע, אז לענינ (די באָלשעוויקעס) האָט, הײסט עס, ניט-דערשאצט די געפאר פונ צענטריזמ אינעמ II אינטערנאציאָנאל. איר נעמט זיכ דיסקוסירנ קעגנ אזא פלוידערײ, קעגנ דער דאָזיקער שווינדלערישער פּילפּוליסטיק. אָבער וואָס

איז דאָ אייגנטלעך דיסקוטאבל? איז דען ניט קלאָר אזוי אויך, אז מיט די רייד וועגן דאָקומענטן באמיט זיך סלוצקי צוצודעקן דעם דאלעס און די פאלשקייט פון זיין אזויגערופענער איינשטעלונג?

סלוצקי האלט די עקזיסטירנדיקע פארטיי־דאָקומענטן פאר ניט גענוג. פארוואָס, אף וואָס פאר א גרונט? זיינען דען ניט גענוג די אלעמען באווסטע דאָקומענטן לויט דער ליניע פונעם II אינטערנאציאָנאל, פונקט ווי לויט דער ליניע פונעם אינערלעך-פארטייישן קאמף אין דער רוסלענדישער סאָציאל-דעמאָקראטיע, זיינען דען די דאָזיקע דאָקומענטן ניט גענוג, קעדיי מיט פולשטענדיקער קלאָרקייט צו דעמאָנסטרירן די רעוואָליוציאָנערע אומקאָמפּראָמיסלעכקייט פון לענינען און פון די באָלשעוויקעס אין זייער קאמף קעגן די אָפּאָרטוניסטן און צענטריסטן? צי איז סלוצקי ביכלאל באקאנט מיט די דאָזיקע דאָקומענטן? וואָס נאָך פאר א דאָקומענטן דארף ער האָבן?

לאָמיר דערלאָזן, אז אכוץ די שוין באווסטע דאָקומענטן וועט מען געפינען א היפּן אנדערע דאָקומענטן אין דער פאָרם, לאָמיר זאָגן, פון רעזאָליוציעס פון די באָלשעוויקעס, וועלכע באהאנדלען אן איבעריק מאָל די נייטיקייט צו פארניכטן דעם צענטריזם. צי באטייט דאָס, אז דאָס פאראנענזיין בלויז פון פאפירענע דאָקומענטן איז גענוג אף צו דעמאָנסטרירן דיווירקלעכע רעוואָליוציאָנערקייט און ווירקלעכע אומקאָמפּראָמיסלעכקייט פון די באָלשעוויקעס בענעגייע דעם צענטריזם? ווער זשע, אויסער האָפענונגלאָזע ביוראָקראטן, קאָן זיך פארלאָזן בלויז אף פאפירענע דאָקומענטן אליין? ווער זשע, אויסער ארכיוו-שטשורעס, פארשטייט ניט, אז פארטייען און לידערס דארף מען קאָנטראָלירן לויט זייערע מעשים, פריער פון אלץ, און ניט לויט זייערע דעקלאראציעס? די געשיכטע ווייס פון ניט ווייניק סאָציאליסטן, וועלכע פלעגן מיט גרייטקייט אונטערשרייבן וועלכע איר ווילט רעוואָליוציאָנערע רעזאָליוציעס, קעדיי פּאָטער צו ווערן פון די דערעסנדיקע קריטיקער. אָבער דאָס באטייט ניט, אז זיי פלעגן דורכפירן אין לעבן די דאָזיקע רעזאָליוציעס. די געשיכטע ווייס, ווייטער, פון ניט ווייניק סאָציאליסטן, וועלכע פלעגן מיט שוים אף די ליפּן פאָדערן פון די ארבעטער־פארטייען פון אנדערע לענדער די סאמע רעוואָליוציאָנערסטע אקציעס, וואָס עס קאָן נאָר זיין. אָבער דאָס באטייט נאָך ניט, אז זיי פלעגן ניט קאפּיטולירן אין זייער אייגענער פארטיי אָדער אין זייער אייגענעם לאנד פאר זייערע אָפּאָרטוניסטן, פאר זייער בורזשואזיע. צי ניט דערפאר האָט אונדז לענין געלערנט צו קאָנטראָלירן רעוואָליוציאָנערע פארטייען, שטרעמונגען, לידערס ניט לויט זייערע דעקלאראציעס און רעזאָליוציעס, נאָר לויט זייערע מעשים?

איז דען ניט קלאָר, אז אויב סלוצקי האָט אינדערעמעסן געוואָלט דורכקאָנטראָלירן די אומקאָמפּראָמיסלעכקייט פון לענינען און פון די באָלשעווי-

קעס אינ זייער באציִונג צומ צענטריזמ, האָט ער אלס גרונט פונ זײַנ ארטיקל געדארפט לייגנ ניט קיינ אײנצלנע דאָקומענטנ אונ צוויי—דרײַ פּערזענלעכע בריוו, נאָר דאָס דורכקאָנטראָלירנ די באָלשעוויקעס לויט זייערע מײַסימ, לויט זייער געשיכטע, לויט זייערע האנדלונגענ? איז דענ בא אונדז, אינ דער רוסלענדישער סאָציִאל-דעמאָקראטיע, ניט געווענ קיינ אָפּאָרטוניסטנ, קיינ צענטריסטנ? האָבנ דענ די באָלשעוויקעס ניט געפירט קיינ אנטשיידענעמ אונ אומקאָמפּראָמיסלעכנ קאמפ קעגנ די דאָזיקע אלע שטרעמונגענ? זײַנענ דענ די דאָזיקע שטרעמונגענ ניט געווענ פארבונדנ סײַ אידייִש סײַ אָרגאניזאציִאָנעל מיט די אָפּאָרטוניסטנ אונ צענטריסטנ אינ מײַרעוו? האָבנ דענ די באָלשעוויקעס ניט צעגראָמירט די אָפּאָרטוניסטנ אונ צענטריסטנ אזוי, ווי עס האָט זיי ניט גראָמירט קיינ איינ לינקע גרופּע אינ דער וועלט? וויאזוי קאָנ מענ נאָכ דעמ אלעמ זאָגנ, אז לענינ אונ די באָלשעוויקעס האָבנ ניט דערשאצט די געפאר פונ צענטריזמ? פארוואָס האָט סלוצקי איגנאָרירט די דאָזיקע פאקטנ, וועלכע האָבנ אנ אנטשיידנדיקע באדײַטונג פאר דער כאראקטעריסטיק פונ די באָלשעוויקעס? פארוואָס האָט ער ניט אויסגענוצט דעמ סאמע זיכערנ מעטאָד פונ דורכקאָנטראָלירנ לענינענ אונ די באָלשעוויקעס לויט זייערע מײַסימ, לויט זייערע האנדלונגענ? פארוואָס האָט ער בעסער אויסגעקליבנ דעמ ווייניק זיכערנ מעטאָד פונ גריבלענ זיכ אינ צופעליק צוגעקליבענע פאפירנ?

דערפאר, ווײַל דאָס ווענדנ זיכ צומ מער זיכערנ מעטאָד פונ דורכקאָנטראָלירנ די באָלשעוויקעס לויט זייערע מײַסימ וואָלט אינ איינ אויגנבליק איבערגעקערט מיטנ קאָפּ אראָפּ די גאנצע אײַנשטעלונג סלוצקיס.

דערפאר, ווײַל די דורכקאָנטראָלירונג פונ די באָלשעוויקעס לויט זייערע מײַסימ וואָלט באוויזנ, אז די באָלשעוויקעס זײַנענ די אײנציקע אינ דער וועלט רעוואָליוציִאָנערע אָרגאניזאציע, וועלכע האָט ביזנ סאָפּ צעגראָמירט די אָפּאָרטוניסטנ אונ צענטריסטנ אונ ארויסגעטריבנ זיי פונ דער פארטיי.

דערפאר, ווײַל דאָס ווענדנ זיכ צו דיווירקלעכע מײַסימ אונ צו דער ווירקלעכער געשיכטע פונ די באָלשעוויקעס וואָלט באוויזנ, אז סלוצקיס לערער — די טראָצקיסטנ זײַנענ געווענ די הויפּט- אונ גרונט-גרופּע, וואָס האָט געפלאנצט אינ רוסלאנד דעמ צענטריזמ אונ וואָס האָט דערצו געשאפנ א ספּעציִעלע אָרגאניזאציע, אלס נעסט פונעמ צענטריזמ, אינ געשטאלט פונעמ אווגוסט־בלאָק.

דערפאר, ווײַל דאָס דורכקאָנטראָלירנ די באָלשעוויקעס לויט זייערע מײַסימ וואָלט ענדגילטיק דעמאסקירט סלוצקינ אלס פאלסיפיקאטער פונ דער געשיכטע פונ אונדזער פארטיי, וועלכער פרווט זיכ צודעקנ דעמ צענטריזמ

פונעמ טראָצקיזמ אינעמ פארמ־לכאָמעדיקנ פּעריאָד מיט רעכ־לעסדיקע באַשולדיקונגענ קעגנ לענינענ אונ די באָלשעוויקעס אינ ניט־דערשאצנ די געפאר פונעמ צענטריזמ.

אָט ווי עס האלט, כאווערימ רעדאקטאָרנ, מיט סלוצקינ אונ מיט זײַנ ארטיקל.

איר זעט, אז די רעדאקציע איז באגאנגענ א פעלער, דערלאָזנדיק א דיסקוסיע מיט א פאלסיפיקאטער פונ דער געשיכטע פונ אונדזער פארטיי.

וואָס האָט געקאָנט שטויסנ די רעדאקציע אפ דעמ דאָזיקנ ניט־ריכטיקנ וועג? איכ מיינ, אז אפ דעמ דאָזיקנ וועג האָט זי געשטויסנ דער פוילער ליבעראליזמ, וועלכער האָט איצט א געוויסע פארשפּרייטונג צווישנ איינ טייל באָלשעוויקעס. אייניקע באָלשעוויקעס מיינענ, אז דער טראָצקיזמ איז א פראקציע פונעמ קאָמוניזמ, עמעס, אזא, וואָס באגייט פעלערנ, וואָס טוט אָפ ניט ווייניק נארישקייטנ, צומאָל אפילע אנטיסאָוועטישע, אָבער דאָכ א פראקציע פונעמ קאָמוניזמ. פונדאנענ נעמט זיכ דער געוויסער ליבעראליזמ בענעגייע די טראָצקיסטנ אונ די טראָצקיסטיש־דענקענדיקע מענטשנ. עס איז קוימ נייטיק צו דערווײַזנ, אז אזא קוק אפנ טראָצקיזמ איז טיפ פעלערהאפט אונ שעדלעכ. אינדערעמעסנ האָט דער טראָצקיזמ לאנג שוינ אופגעהערט צו זײַנ א פראקציע פונעמ קאָמוניזמ. אינדערעמעסנ איז דער טראָצקיזמ א פאָדערשטער אָטריאד פונ דער קאָנטררעוואָליוציאָנערער בורזשואזיע, וועלכע פירט א קאמפ קעגנ דעמ קאָמוניזמ, קעגנ דער ראטנמאכט, קעגנ דער בויונג פונעמ סאָציאליזמ אינ פססר.

ווער האָט געגעבנ דער קאָנטררעוואָליוציאָנערער בורזשואזיע א גײַסטיק געווער קעגנ באָלשעוויזמ אינ דער פאָרמ פונעמ טעזיס וועגנ דער אומעגלעכקײַט אויסצובויענ דעמ סאָציאליזמ בא אונדז אינ לאנד, אינ דער פאָרמ פונעמ טעזיס וועגנ דער אומפארמײַדלעכקײַט פונ דער איבערגעבורט פונ די באָלשעוויקעס אדג.? דאָס דאָזיקע געווער האָט איר געגעבנ דער טראָצקיזמ. מע קאָנ ניט האלטנ פאר קיינ צופעליקײַט דעמ פאקט, וואָס אלע אנטיסאָוועטישע גרופּירונגענ אינ פססר האָבנ אינ זייערע פרווונ צו באגרינדנ די אומפארמײַדלעכקײַט פונ א קאמפ קעגנ דער ראטנמאכט זיכ פארופנ אפנ באוווסטנ טעזיס פונעמ טראָצקיזמ וועגנ דער אומעגלעכקײַט אויסצובויענ דעמ סאָציאליזמ אינ אונדזער לאנד, וועגנ דער אומפארמײַדלעכקײַט פונ דער איבערגעבורט פונ דער ראטנמאכט, וועגנ דער ווארשײַנלעכקײַט פונעמ צוריקקער צומ קאפּיטאליזמ.

ווער האָט געגעבנ דער קאָנטררעוואָליוציאָנערער בורזשואזיע אינ פססר א טאקטיש געווער אינ דער פאָרמ פונ פרווונ פונ אָפענע ארויסטרעטונגענ קעגנ דער ראטנמאכט? דאָס דאָזיקע געווער האָבנ איר געגעבנ די טראָצ־

קיסטנ, וועלכע האָבנ זיכ געפּרוווט אײַנאָרדענענ אַנטיסאָוועטישע דעמאָנסטראַציעס אינ מאָסקווע אונ אינ לענינגראַד דעמ 7-טנ נאָיאַבער 1927 יאָר. עס איז אַ פאַקט, אַז די אַנטיסאָוועטישע אַרויסטרעטונגענ פונ די טראָצקיסטנ האָבנ אויפגעהויבנ דעמ גײַסט בײַ דער בורזשואַזיע אונ האָבנ צעבונדנ די שעדיקערישע אַרבעט פונ די בורזשואַזע ספּעציאַליסטנ.

ווער האָט געגעבנ דער קאָנטררעוואָליוציאָנערער בורזשואַזיע אַנ אָרגאַניזאַציאָנעל געווער אינ דער פאָרמ פונ פּרווונ צו שאַפנ אונטערערדישע אַנטיסאָוועטישע אָרגאַניזאַציעס? דאָס דאָזיקע געווער האָבנ איר געגעבנ די טראָצקיסטנ, וועלכע האָבנ אָרגאַניזירט זייערע אַנ אייגענע אַנטיבאָלשעוויסטישע אומלעגאַלע גרופּע. עס איז אַ פאַקט, אַז די אונטערערדישע אַנטיסאָוועטישע אַרבעט פונ די טראָצקיסטנ האָט פאַרלײַכטערט די אָרגאַניזאַציאָנעלע אויספורעמונג פונ די אַנטיסאָוועטישע גרופּירונגענ אינ ססר.

דער טראָצקיזמ איז אַ פאָדערשטער אָטריאַד פונ דער קאָנטררעוואָליוציאָנערער בורזשואַזיע.

אָט פאַרוואָס ליבעראַליזמ בענעגייע צומ טראָצקיזמ, זאָל זײַנ אפילע אַ צעקלאַפּטנ אונ פאַרמאַסקירטנ, איז אַנ אומגעלומפּערטע נאַרישקײַט, וואָס גרענעצט מיט פאַרברעכנ, מיט פאַראַט צומ אַרבעטער-קלאַס.

אָט פאַרוואָס די פּרווונ פונ איייניקע „ליטעראַטערס” אונ „היסטאָריקער” דורכצושלעפּנ אַפ אַ קאָנטראַבאַנדע-אויפנ אינ אונדזער ליטעראַטור פאַרמאַסקירטנ טראָצקיסטישנ כלאַמ דאַרפנ באַגעגענענ מיצאַד די באָלשעוויקעס אַנ אַנטשיידענעמ ווידערשטאַנד.

אָט פאַרוואָס מע טאָר ניט דערלאָזנ קיינ ליטעראַרישע דיסקוסיע מיט די טראָצקיסטנ קאָנטראַבאַנדיסטנ.

מיר דאַכט זיכ, אַז די „היסטאָריקער” אונ „ליטעראַטערס” פונ דער קאַטעגאָריע טראָצקיסטישע קאָנטראַבאַנדיסטנ סטאַרענ זיכ דורכצופירנ זייער קאָנטראַבאַנדע-אַרבעט דערווײַל לויט צוויי ליניעס.

ערשטנס, סטאַרענ זיי זיכ דערווײַזנ, אַז אינעמ פעריאָד פאַר דער מילכאָמע האָט לענינ ניט-דערשאַצט די געפאַר פונעמ צענטריזמ, דערבײַ לאָזט מענ פאַר דעמ ניט דערפאַרענעמ לעזער זיכ אָנצושטויסנ, אַז לענינ איז, הייסט עס, נאָכ דעמלט ניט געווענ קיינ עכטער רעוואָליוציאָנער, אַז ער איז געוואָרנ אַזאַ ערשט נאָכ דער מילכאָמע, נאָכ דעמ, ווי ער האָט זיכ „איבערבאַוואָפנט” מיט טראָצקיס הילפ. אַלס טיפּישנ פאָרשטייער פונ דעמ מינ קאָנטראַבאַנדיסטנ קאָנ מענ רעכענענ סלוצקינ. מיר האָבנ אויבנ געזענ, אַז סלוצקי אונ זײַנ קאָמפּאַניע זײַנענ ניט ווערט, מע זאָל זיכ מיט זיי לאַנג אייסעקנ.

צווייטנס, סטאַרענ זיי זיכ דערווײַזנ, אַז לענינ האָט אינעמ פעריאָד פאַר דער מילכאָמע ניט פאַרשטאַנענ די נויטווענדיקײַט פונעמ אַריבערוואַקסנ

פונ דער בורזשואז-דעמאָקראטישער רעוואָליוציע אינ א רעוואָליוציע א סאָציִאליסטישער, דערבײַ לאָזט מענ פאר דעמ ניט דערפארענעמ לײענער זיכ אָנצושטויסנ, אז לענינ איז, הײסט עס, נאָכ ניט געווענ דעמלט קײנ עכטער באָלשעוויק, אז ער האָט פארשטאנענ די נויטווענדיקײַט פונ אזא ארי־בערוואקסנ ערשט נאָכ דער מילכאָמע, נאָכ דעמ, ווי ער האָט זיכ „איבערבאוואָפנט" מיט טראָצקיס הילפ. אלס טיפישנ פאָרשטײער פונ דעמ מינ קאָנטראבאנדיסטנ קאָנ מענ רעכענענ וואָלאָסעוויטשנ, דעמ אווטער פונעמ „קורס געשיכטע פונ אלקפ(ב)". עמעס, לענינ האָט נאָכ אינ 1905 יאָר געשריבנ, אז „פונ דער רעוואָליוציע דער דעמאָקראטישער וועלנ מיר טײקעפ אָנהײבנ אריבערגײנ, אונ פונקט לויט דער מאָס פונ אונדזער קראפט, דער קראפט פונעמ באוווסטזיניקנ אונ אָרגאניזירטנ פראָלעטאריאט, וועלנ מיר אָנהײבנ אריבערגײנ צו דער סאָציִאליסטישער רעוואָליוציע", אז „מיר זײַנענ פאר אנ אומופהערלעכער רעוואָליוציע", אז „מיר וועלנ זיכ ניט אָפשטעלנ אפנ האלבנ וועג". עמעס, פאקטנ אונ דאָקומענטנ פונ אנאלאָגישנ שניט וואָלט מענ געקאָנט געפינענ אינ לענינס ווערק אָנ א שיר. אָבער וואָס גײענ אָנ די וואָלאָסעוויטשעס די פאקטנ פונ לענינס לעבנ אונ טעטיקײַט? די וואָלאָסעוויטשעס שרײַבנ, קעדײ, צופארבנדיק זיכ אפנ באָלשעוויסטישנ קאָליר, דורכשלעפנ זײער אנטילעניניסטישע קאָנטראבאנדע, אָנלײַגנ אפ די באָלשעוויקעס אונ פאלסיפיצירנ די געשיכטע פונ דער באָלשעוויסטישער פארטײ.

איר זעט, אז די וואָלאָסעוויטשעס אונ די סלוצקיס זײַנענ ווערט אײנע די אנדערע.

אָט דאָס זײַנענ די „וועגנ אונ אומוועגנ" פונ די טראָצקיסטישע קאָנטראבאנדיסטנ.

איר פארשטײט אלײנ, אז עס איז ניט קײנ ארבעט פאר דער רעדאקציע צו פארלײַכטערנ די קאָנטראבאנדיסטישע טעטיקײַט פונ אזוינע מינע „היסטאָריקער" דורכ געבנ זײ א דיסקוסיע-טריבונע.

די אופגאבע פונ דער רעדאקציע באשטײט, לויט מײַנ מײנונג, אינ אופהײבנ די פראגנ פונ דער געשיכטע פונעמ באָלשעוויזמ אפ דער געהעריקער הײכ, אווקשטעלנ דאָס שטודירנ די געשיכטע פונ אונדזער פארטײ אפ וויסנשאפטלעכע, באָלשעוויסטישע רעלסנ אונ פארשארפנ די אופמערקזאמקײַט קעגנ די טראָצקיסטנ אונ אלערלײ אנדערע פאלסיפיקאטערס פונ דער געשיכטע פונ אונדזער פארטײ, סיסטעמאטיש אראָפרײַסנדיק פונ זײ די מאסקעס.

דאָס איז נאָכ מער נײטיק דערפאר, ווײַל אפילע אײניקע אונדזערע

היסטאָריקער,— איך רייד וועגן היסטאָריקער אָן גענדזנפיסלעך, וואָגן באָל־שעוויסטישע היסטאָריקער פון אונדזער פּאַרטיי, — זיינען ניט פריי פון פעלערן, וועלכע גיסן וואַסער אויף די מיל־רעדער פון די סלוצקיס און וואָלאָסעוויטשעס. קיין אויסנאַם איז דאָ ניט, צום באַדויערן, אויך דער כ' יאַראָסלאַווסקי, וואָס זיינע ביכלעך וועגן דער געשיכטע פון דער אַלקפּ(ב), ניט געקוקט אויף זייערע מייַלעס, אַנטהאַלטן אַ ריי פעלערן פון פּרינציפּיעלן און היסטאָרישן כאַראַקטער.

מיט קאָמ. גרוס י. סטאַלין.

„פּראָלעטאַרסקאַיאַ רעוואָליוציאַ“
נומ. 6 (113), 1931 י.

# די סאכאקלען פונעמ ערשטנ פינפיאָר

פאָרטראָג אפנ פאַריייניקטנ פלענומ פונ צק אונ צקק אלקפ(ב)
דעמ 7־טנ יאנוואר 1933 יאָר

I

## די אינטערנאציאָנאלע באדייטונג פונעמ פינפיאָר

כאווײרימ! ווענ עס האָט זיכ באוויזנ אפ דער וועלט דער פינפיאָריקער פלאנ, האָבנ מענטשנ קוימ זיכ פאָרגעשטעלט, אז דער פינפיאָר קאָנ האָבנ א קאָלאָסאלע אינטערנאציאָנאלע באדייטונג. פארקערט, א סאכ האָבנ געטראכט, אז דער פינפיאָר איז א פריוואטע זאכ פונעמ ראטנפארבאנד, א זאכ א וויכטיקע אונ אנ ערנסטע, אָבער דאָכ א פריוואטע, א נאציאָנאלע זאכ פונעמ ראטנפארבאנד.

די געשיכטע האָט, אָבער, באוויזנ, אז די אינטערנאציאָנאלע באדייטונג פונעמ פינפיאָר לאָזט זיכ ניט אויסמעסטנ. די געשיכטע האָט באוויזנ, אז דער פינפיאָר איז ניט קיינ פריוואטע זאכ פונעמ ראטנפארבאנד, נאָר די זאכ פונעמ גאנצנ אינטערנאציאָנאלנ פראָלעטאריאט.

נאָכ לאנג איידער עס האָט זיכ באוויזנ דער פינפיאָריקער פלאנ, אינעמ פעריאָד, ווענ מיר האָבנ געהאלטנ באמ ענדיקנ דעמ קאמפ קעגנ די אינטער־ווענטנ אונ זייערע אריבער אפ די רעלסנ פונווירטשאפטלעכער בויונג,— נאָכ אינ דעמ דאָזיקנ פעריאָד האָט לענינ געזאָגט, אז אונדזער ווירטשאפטלעכע בויונג האָט א טיפע אינטערנאציאָנאלע באדייטונג, אז יעדער טראָט פאָרויס פונ דער ראטנמאכט אפנ וועג פונ ווירטשאפטלעכער בויונג באגעגנט א טיפנ אָפקלאנג אינ די סאמע פארשיידנארטיקע שיכטנ פונ די קאפיטאליסטישע לענדער אונ צעשפאלט די מענטשנ אפ צוויי לאגערנ — א לאגער פונ אָנהענגער פונ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע אונ א לאגער פונ אירע קעגנער.

לענינ האָט דאנ געזאָגט:

„איצט ווייזנ מיר ארויס אונדזער הויפט־אופווירקונג אפ דער אינטערנאציאָנאלער רעוואָליוציע מיט אונדזער ווירטשאפטלעכער פאָליטיק. אלע קוקנ אפ דער סאָוועטישער רוסלענדישער רעפובליק, אלע ארבעטנדיקע אינ אלע לענדער פונ דער וועלט, אָנ שומ אויסנאמ אונ אָנ שומ גוזמע. דאָס איז דערגרייכט... אפ דער דאָזיקער ארענע איז דער קאמפ אריבער־געטראָגנ געוואָרנ אינ אלוועלטלעכנ מאסשטאב. וועלנ מיר לייזנ די דאָזיקע אופגאבע — האָבנ

> מיר דאַנ געװוּנעג אינ אינטערנאַציאָנאַלנ מאַסשטאַב אַפּ זיבער אונ ענדגילטיק. דעריבער באַקומענ פאַר אונדז די פראַגנ פונ װירטשאַפטלעכער בױונג א באַדײַטונג גאָר אַנ אױסשליסלעכע. אַפּ דעמ פראָנט דאַרפנ מיר אָפּהאַלטנ א זיג מיט א לאַנגזאַמער, ביסלעכװײַזער, — מיט א שנעלער טאָר מענ ניט, — נאָר מיט א קעסיידעדיקער העכערונג אונ באַװעגונג פאָרױס״. (זע ב. XXVI, ז. 410 — 411).

דאָס איז געזאָגט געװאָרנ אינ ·יענעמ פעריאָד, װענ מיר האָבנ געהאַלטנ באַמ פאַרענדיקנ די מילכאָמע קעגנ די אינטערװענטנ, װענ פונ מיליטערישנ קאַמפּ קעגנ קאַפּיטאַליזמ זײַנענ מיר אריבערגעגאַנגענ צומ קאַמפּ אַפּנ װירטשאַפטלעכנ פראָנט, צומ פעריאָד פונ װירטשאַפטלעכער בױונג.

פונ יענער צײַט אָנ זײַנענ אַװעק א סאַך יאָרנ, אונ יעדער טראָט פונ דער ראַטנמאַכט אַפּנ געביט פונ װירטשאַפטלעכער בױונג, יעדעס יאָר, יעדער קװאַרטל האָט גלענצנדיק באַשטעטיקט די ריכטיקײַט פונ די דאָזיקע װערטער כ׳ לענינס.

אָבער די סאַמע גלענצנדיקע באַשטעטיקונג פונ דער ריכטיקײַט פונ לענינס װערטער האָט געגעבנ דער פינפיאָריקער פּלאַנ פונ אונדזער בױונג, די אַנטשטײונג פונ דעמ דאָזיקנ פּלאַנ, זײַנ אַנטװיקלונג, זײַנ פאַרװירקלעכונג. אינדערעמעסנ, דאַכט זיך, אַז קײנ אײנ שריט אַפּנ װעג פונ װירטשאַפטלעכער בױונג אינ אונדזער לאַנד האָט ניט באַגעגנט אַזא אָפּקלאַנג אינ די סאַמע פאַרשײדנאַרטיקע שיכטנ פונ די קאַפּיטאַליסטישע לענדער פונ אײראָפּע, אַמעריקע, אַזיע, װי די פראַגע װעגנ דעמ פינפיאָריקנ פּלאַנ, װעגנ זײַנ אַנטװיקלונג, װעגנ זײַנ פאַרװירקלעכונג.

די ערשטע צײַט איז דער פינפיאָריקער פּלאַנ אופגענומענ געװאָרנ מיצאַד דער בורזשואַזיע אונ איר פרעסע מיט כױזעק. „פאַנטאַזיע״, „רײד פונ היץ״, „אוטאָפּיע״, — אַזױ האָבנ זײ א נאָמענ געגעבנ דאַנ אונדזער פינפיאָריקנ פּלאַנ. דערנאָך, װענ עס האָט אָנגעהױבנ קלאָר װערנ, אַז די פאַרװירקלעכונג פונעמ פינפיאָריקנ פּלאַנ גיט רעאַלע רעזולטאַטנ, — האָבנ זײ אָנגעהױבנ אַליאַרמירנ, באַהױפּטנדיק, אַז דער פינפיאָריקער פּלאַנ דראָעט דער עקזיסטענצ פונ די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, אַז די פאַרװירקלעכונג זײַנע װעט ברענגענ דערצו, אַז די אײראָפּײיִשע מערק װעלנ פאַרפולט װערנ מיט סכוירעס, אַז עס װעט פאַרשטאַרקט װערנ דער דעמפּינג אונ פאַרטיפט װערנ די אַרבעטלאָזיקײַט. דערנאָך, װענ אויך דער דאָזיקער טריוק, װאָס איז אויסגענוצט געװאָרנ קעגנ דער ראַטנמאַכט, האָט ניט געגעבנ די דערװאַרטע רעזולטאַטנ, — האָט זיך אָנגעהױבנ א סעריע רײַזעס קײנ מאָסקװע פונ פאַרשײדענע פאָרשטײער פונ אַלערלײ פירמעס, פרעסע־אָרגאַנענ, פונ אַלערלײ געזעלשאַפטנ אאַװ. מיטנ ציל צו דערזענ מיט די אײגענע אויגנ, — װאָס זשע טוט זיך, אײגנטלעך גערעדט, אינ מאָסקװע. איך רײד דאָ ניט װעגנ די אַרבעטער-

דעלעגאציעס, וואָס האָבנ גלײַכ פונ אָנהייב, ווענ עס האָט זיכ באוויזנ דער פינפיאָריקער פּלאנ, אויסגעדריקט זייער אנציקונג מיט דער איניציאַטיוו אונ מיט די דערפאָלגנ פונ דער ראטנמאכט אונ האָבנ ארויסגעוויזנ זייער גרייטקײַט צו אונטערשטיצנ דעמ ארבעטער-קלאס פונ פססר.

פונ דער צײַט אָנ טאקע האָט זיכ אָנגעהויבנ די שפּאלטונג פונ דער אזויגערופענער געזעלשאפטלעכער מיינונג, פונ דער בורזשואזער פּרעסע, פונ די בורזשואזע געזעלשאפטנ פונ אלערליי מינימ אאוו. איינע האָבנ באַהויפּט, אז דער פינפיאָריקער פּלאנ האָט געליטנ א פולשטענדיקנ קראכ אונ די באָלשעוויקעס שטייענ אפנ ראנד פונ אומקומ. אנדערע, פארקערט, האָבנ פארזיכערט, אז האגאמ די באָלשעוויקעס זײַנענ מיִעסע מענטשנ, — איז דאָכ מיטנ פינפיאָריקנ פּלאנ קומט בא זיי יאָ עפּעס ארויס אונ זיי וועלנ זיכ, מיסטאמע, דערשלאָגנ זייער ציל.

עס וועט עפּשער זײַנ ניט איבעריק, אויב איכ וועל ברענגענ מיינונגענ פונ פארשיידענע מינימ בורזשואזע פּרעסע-אָרגאנענ.

לאָמיר נעמענ, צומבײַשפּיל, די אמעריקאנער צײַטונג „ניו-יאָרק טײַמס“. סאָפ נאָיאבער 1932 יאָר שרײַבט די דאָזיקע צײַטונג:

„דער פינפיאָריקער אינדוסטריִעלער פּלאנ, וואָס האָט זיכ געשטעלט פאר א ציל צו מאכנ אנ ארויסרופ דעמ געפיל פונ פּראָפּאָרצ, וואָס שטרעבט צו זײַנ ציל „אומאָפּהענגיק פונ די הוצאָעס“, ווי מאָסקווע האָט זיכ אָפּט בארימט מיט שטאָלצ, איז אינ דער ווירקלעכקײַט ניט קיינ פּלאנ. דאָס איז ספּעקוליאציע“.

קומט אויס, אז דער פינפיאָר איז אפילע ניט קיינ פּלאנ, נאָר א פּוסטע ספּעקוליאציע. אונ אָט איז די מיינונג פונ דער ענגלישער בורזשואזער צײַטונג „דיילי טעלעגראפ“, וואָס איז געגעבנ געוואָרנ סאָפ נאָיאבער 1932 יאָר:

„אויב מע זאָל באטראכטנ דעמ פּלאנ, ווי א פּראָביר-שטיינ פאר דער „פּלאנירטער עקאָנאָמיק“, דארפנ מיר זאָגנ, אז ער האָט געליטנ א פולשטענדיקנ קראכ“.

די מיינונג פונ „ניו-יאָרק טײַמס“ אינ נאָיאבער 1932 יאָר:

„די קאָלעקטיוויזאציע איז שענדלעכ דורכגעפאלנ. זי האָט געבראכט רוסלאנד אפנ ראנד פונ הונגער“.

די מיינונג פונ דער בורזשואזער צײַטונג אינ פוילנ „גאזעטא פּאָלסקא“, געגעבנ זומער 1932 יאָר:

„די לאגע באווײַזט, אפּאָנעמ, אז די רעגירונג פונ די ראטנ איז מיט איר פּאָליטיק צו קאָלעקטיוויזירנ דאָס דאָרפ ארײַנ אינ א טעמפּנ ווינקל“.

די מיינונג פונ דער ענגלישער בורזשואזער צײַטונג „פינאנשיעל טײַמס“, געגעבנ אינ נאָיאבער 1932 יאָר:

„סטאלינ אונ זײַנ פארטיי געפינענ זיכ אינ רעזולטאט פונ זייער פאָליטיק פאר א קראכ פונ דער סיסטעמ פונעמ פינפיאָריקנ פלאנ אונ פאר א דורכפאל פונ אלע אויפגאבנ, וואָס ער האָט געדארפט פארווירקלעכנ".

## די מיינונג פונעמ איטאליענישנ זשורנאל „פאָליטיקא":

„עס וואָלט געווענ אנ אבסורד צו מיינענ, אז פיר יאָר ארבעט פונ א פאָלק, וואָס באשטייט פונ 160 מיליאָנ מענטשנ, פיר יאָר איבערמענטשלעכע עקאָנאָמישע אונ פאָליטישע אָנשטרענגונג מיצאד א רעזשימ פונ אזא קראפט, ווי עס שטעלט מיט זיכ פאָר דער באָלשעוויסטישער רעזשימ, האָבנ גאָרניט געשאפנ. פארקערט, זיי האָבנ געשאפנ א סאכ... אונ, ניט געקוקט דערויפ, איז א קאטאסטראָפע פאראנ, זי איז א פאקט, וואָס איז באשיימפערלעכ פאר אלעמענ. דעריבער האָבנ זיכ איבערצײַגט פרײַנט אונ סאָנימ, באָלשעוויקעס אונ אנטיבאָלשעוויקעס, די אָפאָזיציאָנערנ פונ רעכטס אונ פונ לינקס".

## צולעצט, די מיינונג פונעמ אמעריקאנישנ בורזשואזנ זשורנאל „קערענט היסטאָרי":

„דער איבערזיכט פונ דער איצטיקער לאגע אינ רוסלאנד פירט, אזויארומ, צומ אויספיר, אז די פינפיאָריקע פראָגראמ איז דורכגעפאלנ סיי אינ באצוג צו די פראָקלאמירטע צילנ סיי אונ נאָכ גרינטלעכער אינ באצוג צו אירע סאָציאלע גרונט-פרינציפנ".

**אָט דאָס זײַנענ די אָפרופנ פונ איינ טייל פונ דער בורזשואזער פרעסע. עס לוינט קוימ צו קריטיקירנ די אווטאָרנ פונ די דאָזיקע מיינונגענ. איכ מיינ, אז עס לוינט ניט. עס לוינט ניט, ווײַל די דאָזיקע „הארטקעפיקע" מענטשנ געהערנ צו דעמ מינ אויסגעגראָבענע פונ מיטלאלטערלעכנ פעריאָד, וואָס פאקטנ האָבנ פאר זיי קיינ שומ באדײַטונג ניט אונ וואָס, ווי עס זאָל בא אונדז ניט פארווירקלעכט ווערנ דער פינפיאָריקער פלאנ, — וועלנ זיי אלצײַנס טײַנענ זייערס.**

**לאָמיר אריבערגייג צו די מיינונגענ פונ אנדערע פרעסע-אָרגאנענ, וואָס גייענ פונעמ זעלביקנ בורזשואזנ לאגער.**

**אָט איז די מיינונג פונ דער באוווסטער בורזשואזער צײַטונג אינ פראנקרײַכ „טאנ", געגעבנ אינ יאנוואר 1932 יאָר:**

„פססר האָט געוווּנענ דעמ ערשטנ טור, זיכ אינדוסטריאליזירנדיק אָנ דער הילפ פונעמ אויסלענדישנ קאפיטאל".

## די מיינונג פונעמ זעלביקנ „טאנ", געגעבנ זומער 1932 יאָר:

„דער קאָמוניזמ פארענדיקט מיט גיגאנטישע טעמפנ די רעקאָנסטרוקציע, בײַס די קאפיטאליסטישע אָרדענונג דערלויבט צו באוועגנ זיכ בלויז מיט לאנגזאמע טריט... אינ פראנקרײַכ, ווו דאָס ערד-אייגנטומ איז צעטיילט ביז אומענדלעכקייט צווישנ אייגצלנע אייגנטימער, איז אוממעגלעכ צו מעכאניזירנ די לאנדווירטשאפט; די ראטנ אָבער האָבנ, אינדוסטריאליזירנדיק די לאנדווירטשאפט, באוויזנ צו לייזנ די פראָבלעמ... אינעמ פארמעסט מיט אונדז האָבנ די באָלשעוויקעס זיכ ארויסגעוויזנ פאר זיגער".

## די מיינונג פונעמ ענגלישנ בורזשואזנ זשורנאל „ראונד טייבל":

„די דערגרייכונגען פונעם פינפיאָריקן פּלאַן זײַנען אַן איבעראַשנדיקע דערשײַנונג, די טראַקטער־זאַוואָדן אין כאַרקאָוו און סטאַלינגראַד, דער אווטאָמאָביל־זאַוואָד אמאָ אין מאָסקווע, דער אווטאָמאָביל־זאַוואָד אין ניזשני־נאָווגאָראָד, די דניעפּערשע הידראָ־עלעקטראָסטאַנציע, די גראַנדיעזע שטאָל־גוס־זאַוואָדן אין מאַגניטאָגאָרסק און קוזנעצק, אַ גאַנצע נעץ מאַשינבויערישע און כימישע זאַוואָדן אַפן אוראַל, וועלכער ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ סאָוועטישן רור,— אָט־די אַלע און אַנדערע אינדוסטריעלע דערגרייכונגען אינעם גאַנצן לאַנד זאָגן אייִדעס, אַז וואָס פאַר אַ שווערינקייטן עס זאָלן ניט זײַן, וואַקסט און שטאַרקט זיך די סאָוועטישע אינדוסטריע, ווי אַ גוט באַוואַסערט געוויקס... דער פינפיאָריקער פּלאַן האָט פאַרלייגט די יעסוידעס פון דער קומענדיקער אַנטוויקלונג און האָט אומגעהייער פאַרשטאַרקט די מאַכט פון ססר".

## די מיינונג פון דער ענגלישער בורזשואזער צײַטונג „פינאַנשיעל טײַמס":

„די דערפאָלגן, וואָס זײַנען דערגרייכט געוואָרן אין דער מאַשינבוי־אינדוסטריע, זײַנען אויסער יעדן צווייפל. דאָס לויבן די דאָזיקע דערפאָלגן אין דער פּרעסע און אין די רעדעס איז לאַכלוטן ניט אומבאַגרינדעט. מע דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז פריִער האָט רוסלאַנד פּראָדוצירט בלויז די סאַמע אײנפאַכע מאַשינעס און געצײַג. עמעס, אויך איצט וואַקסן די אַבסאָליוטע ציפערן פונעם אימפּאָרט פון מאַשינעס און אינסטרומענטן; אָבער דער פּראָפּאָרציאָנעלער כיילעק פון די אימפּאָרטירטע מאַשינעס אין פאַרגלײַך מיט יענע, וואָס זײַנען פּראָדוצירט געוואָרן אין ססר גופא, פאַרקלענערט זיך קעסיידער. באַ איצטיקער צײַט פּראָדוצירט ססר די גאַנצע אויסשטאַטונג, וואָס איז נייטיק פאַר זײַן מעטאַלורגישער און עלעקטרישער אינדוסטריע. ער האָט באַוויזן צו שאַפן זײַנע אַן אייגענע אווטאָמאָביל־אינדוסטריע. ער האָט געשאַפן די פּראָדוקציע פון געצײַג און אינסטרומענטן, וועלכע כאַפּט אַרום די גאַנצע גאַמע פון די סאַמע קליינע אינסטרומענטן פון גרויסער פּינקטלעכקייט ביז די סאַמע שווערע פּרעסן. וואָס איז שײַעך לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינעס, איז שוין ססר ניט אָפּהענגיק פונעם אימפּאָרט פון אויסלאַנד. צוזאַמען דערמיט נעמט אָן די ראַטן־רעגירונג מיטלען, אַז דאָס פאַרשפּעטיקן פון דער פּראָדוקציע פון קוילן און אײַזן זאָל ניט שטערן צו פאַרווירקלעכן דעם פינפיאָר אין פיר יאָר. עס איז קיין צווייפל ניט, אַז די נײַ־אויסגעבויטע קאָלאָסאַלע זאַוואָדן גאַראַנטירן אַ באַדײַטנדיקן וווּקס פון דער פּראָדוקציע פון דער שווערער אינדוסטריע".

## די מיינונג פון דער עסטרײַכישער בורזשואזער צײַטונג „נײַע פרײַע פּרעסע", געגעבן אין אָנהייב 1932 יאָר:

„דעם באָלשעוויזם קאָן מען שילטן, מע דאַרף אים אָבער קענען. דער פינפיאָר — דאָס איז אַ נײַער קאָלאָס, וועלכן מע מוז נעמען אין אַכט און, יעדנפאַלס, דיסקאָנטירן ווירטשאַפטלעך".

## די מיינונג פונעם ענגלישן קאַפּיטאַליסט גיבסאָן דזשאַרווי, פּאָרזיצער פונעם באַנק „יונײַטעד דאָמיניאָן", געגעבן אין אָקטיאַבער 1932 יאָר:

„איך וויל דערקלערן, אַז איך בין ניט קיין קאָמוניסט און ניט קיין באָלשעוויק, איך בין אַן אויסגעשפּראָכענער קאַפּיטאַליסט און אינדיווידואַליסט... רוסלאַנד רוקט זיך פאָרויס, בעת צופיל אונדזערע זאַוואָדן זײַנען אומטעטיק און אומגעפער 3 מיליאָן פון אונדזער פאָלק זוכט פאַרצווייפלט אַרבעט. דעם פינפיאָר האָט מען אויסגעלאַכט און מע האָט פאָרויסגעזאָגט זײַן דורכפאַל. נאָר איר קענט האַלטן פאַר אָנצווייפלדיק, אַז אין די באַדינגונגען פונעם פינפיאָריקן פּלאַן איז אויפגעטאָן געוואָרן מער, ווי עס איז געווען אָנגעמערקט... אין אַלע אינדוסטריעלע שטעט, וואָס איך האָב באַזוכט, אַנטשטייען נײַע ראַיאָנען, וואָס זײַנען אויסגעבויט

לויט א באשטימטנ פלאנ, מיט ברייטע גאסנ, באפוצטע מיט ביימער אונ סקווערנ, מיט הײַזער פונ סאמע מאָדערנעמ טיפ, מיט שולנ, שפיטאָלנ, ארבעטער־קלובנ, מיט די אומפארמײַדלעכע קינדער־יאסליעס אונ קינדער־הײַזער, ווו מע זאָרגט וועגנ די קינדער פונ די מוטערס, וואָס ארבעטנ... פרווט זיכ ניט אונטערשאצנ די רוסישע פלענער אונ מאכט ניט קיינ פעלערנ, האָפנדיק, אז די ראטנרעגירונג קאָנ דורכפאלנ... דאָס הײַנטיקע רוסלאנד איז א לאנד מיט א נעשאָמע אונ מיט אנ אידעאל. רוסלאנד איז א לאנד פונ וווּנדערלעכער אקטיווקײַט. איכ גלייב, אז רוסלאנדס שטרעבונגענ זײַנענ געזונטע... דאָס סאמע וויכטיקע באשטייט עפשער דערינ, וואָס די גאנצע יוגנט אונ די ארבעטער אינ רוסלאנד האָבנ איינ זאכ, וועלכע פעלט, צומ באדויערנ, הײַנט אינ די קאפיטאליסטישע לענדער, נעמלעכ — האָפענונג".

## די מיינונג פונעמ אמעריקאנישנ בורזשואזנ זשורנאל „ניישענ", געגעבנ אינ נאָיאבער 1932 יאָר:

„די פיר יאָר פונעמ פינפיאָריקנ פלאנ האָבנ מיט זיכ געבראכט בעעמעס *מערקווירדיקע דערגרייכונגענ*. דער ראטנפארבאנד האָט געארבעט מיט דער אינטענסיווקײַט פונ מילכאָמע־צײַט איבער דער שעפערישער אופגאבע אויסצובויענ די יעסוידעס פונ א נײַ לעבנ. *דאָס אויסזענ פונעמ לאנד בײַט זיכ בוכשטעבלעכ ניט צו דערקענענ*... דאָס איז ריכטיק בנוגע מאָסקווע מיט אירע הונדערטער נײַ־אספאלטירטע גאסנ אונ סקווערנ, נײַע געבײַדעס, נײַע פאָרשטעט אונ א קאָרדאָנ נײַע פאבריקנ בא אירע ראנדנ. דאָס איז ריכטיק אויכ בנוגע ווייניקער באדײַטנדיקע שטעט. נײַע שטעט זײַנענ אנטשטאנענ אינ סטעפעס אונ מידבאָריעס, ניט וועלכע־ניט־איז עטלעכע שטעט, נאָר אמווייניקסטנס 50 שטעט מיט א באפעלקערונג פונ 50 ביז 250 טויזנט מאנ. זיי אלע זײַנענ אנטשטאנענ די לעצטע פיר יאָר, יעדע פונ זיי איז א צענטער פונ א נײַער אונטערנעמונג אָדער פונ א ריי אונטערנעמונגענ, וואָס זײַנענ אויסגעבויט, כדי צו פאנאנדערארבעטנ די נאטירלעכע רעסורסנ. הונדערטער נײַע ראיאָנע עלעקטראָסטאנציעס אונ א גאנצע ריי גיגאנטנ, אזוינע ווי דניעפּערבוי, פארקערפּערנ ביסלעכווײַז אינ לעבנ לענינס פאָרמולע: „סאָציאליזמ איז ראטנמאכט פליוס עלעקטריפיקאציע"... דער ראטנפארבאנד האָט אָרגאניזירט א מאסנ־פראָדוקציע פונ אנ אומענדלעכער צאָל ארטיקלענ, וואָס רוסלאנד האָט זיי פריִער קיינמאָל ניט פראָדוצירט: טראקטערס, קאָמבײַנענ, הויכקוואליטאטיווע שטאָלנ, סינטעטישער קאוטשוק, צאפנלאגערס, מעכטיקע דיזעלס, טורבינעס מיט 50 טויזנט קווט., טעלעפאָנ־אויסשטאטונג, עלעקטרישע מאשינעס פאר דער בארג־אינדוסטריע, אעראָפלאנענ, אווטאָמאָבילנ, וועלאָסיפעדנ אונ עטלעכע הונדערט טיפנ נײַע מאשינעס... צומ ערשטנ מאָל אינ דער געשיכטע באקומט רוסלאנד ארויס אליומיני, מאגנעזיט, אפאטיטנ, יאָד, פאָטאש אונ א סאכ אנדערע ווערטפולע פראָדוקטנ. *די וועגווײַזנדיקע פונקטנ פונ סאָוועטישנ פלאכלאנד זײַנענ שוינ מער ניט קיינ צלאָמימ אונ קלויסטער־קופּאָלנ, נאָר טוווע־עלעוואטערס אונ סילאָס־טורעמס*. די קאָלווירטנ בויענ הײַזער, שטאלנ, כאזער־שטאלנ. עלעקטרע דרינגט ארײַנ אינ דאָרפ, ראדיאָ אונ צײַטונגענ האָבנ דאָס דאָרפ באהערשט. די ארבעטער לערנענ זיכ ארבעטנ אפ די נײַסטע מאשינעס. פויערשע יאטנ פראָדוצירנ אונ באדינענ לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס, וואָס זײַנענ גרעסער אונ קאָמפליצירטער, ווי דאָס, וואָס אמעריקע האָט ווענ־ניט־איז געזענ. *רוסלאנד הייבט אָנ „דענקענ מיט מאשינעס"*. רוסלאנד גייט שנעל אריבער פונ דער עפּאָכע פונ האָלצ צו דער עפּאָכע פונ אײַזנ, שטאָל, בעטאָנ אונ מאָטאָרנ".

## די מיינונג פונעמ „לינק"־רעפאָרמיסטישנ זשורנאל אינ ענגלאנד „פאָרווארד", געגעבנ אינ סענטיאבער 1932 יאָר:

„עס ווארפט זיך אין די אויגן די קאָלאָסאַלע ארבעט, וואָס קומט פאָר אין פססר. נייע זאוואָדן, נייע שולן, נייע קינאָ־טעאטערס, נייע קלובן, נייע קאָלאָסאַלע הייזער — אומעטום נייע בויונגען. א סאך פון זיי זיינען שוין פארענדיקט, אנדערע זיינען נאָך ארומגערינגלט מיט רישטעוואניעס. עס איז שווער צו דערציילן אן ענגלישן לייענער, וואָס ס'איז אופגעטאָן געוואָרן פאר די לעצטע צוויי יאָר און וואָס ווערט ווייטער געטאָן. מע דארף דאָס אלץ זען, קעדיי גלייבן דעריין. אונדזערע אייגענע דערגרייכונגען, וואָס מיר האָבן פארווירקלעכט בייס דער מילכאָמע, — זיינען א גאָרנישט אין פארגלייך דערמיט, וואָס עס ווערט אופגעטאָן אין פססר. די אמעריקאנער אנערקענען, אז אפילע אינעם פעריאָד פון סאמע האסטיקן שאפונג־ברען אין די מייַרעוו־שטאטן, איז דאָרטן ניט געווען אזוינס, וואָס זאָל זיין ענלעך אפ דער איצטיקער פיבערדיקער שעפערישער טעטיקייט אין פססר. פאר די לעצטע צוויי יאָר זיינען אין פססר פאָרגעקומען אזויפיל ענדערונגען, אז דו זאָגסט זיך ווייטער אָפּ פאָרצושטעלן זיך, וואָס זשע וועט זיין אינעם דאָזיקן לאנד אין נאָך 10 יאָר ארום... ווארפט ארויס פון קאָפּ די פאנטאסטישע שרעקלעכע געשיכטעס, וואָס עס דערציילן די ענגלישע צייטונגען, וועלכע לייגן אזוי אקשאָנעסדיק און אזוי אומגעלומפערט וועגן פססר. ווארפט אויך ארויס פון קאָפּ אינגאנצן אָט־דעם האלבן עמעס און די איינדרוקן, וואָס באזירן זיך אפן ביט־פארשטיין און וואָס געלאָזט אין גאנג האָבן זיי די דילעטאנטישע אינטעליגענטן, וועלכע קוקן אפ פססר פון אויבן אראָפּ דורך די ברילן פונעם מיטלקלאס, נאָר זיי האָבן ניט דעם מינדסטן באגריף וועגן דעם, וואָס דאָרט קומט פאָר... פססר בויט א נייע געזעלשאפט אפ געזונטע יעסוידעס. קעדיי צו פארווירקלעכן דעם דאָזיקן ציל, דארף מען ריזיקירן, דארף מען ארבעטן מיט ענטוזיאזם, מיט אזא ענערגיע, וואָס די וועלט האָט אזא ביז איצט ניט געקענט, מע דארף קעמפן קעגן די קאָלאָסאלסטע שוועריקייטן, וואָס זיינען אומפארמיידלעך בא דער שטרעבונג אויסצובויען דעם סאָציאליזם אין דעם גרויסן לאנד, וואָס איז איזאָלירט פון דער איבעריקער וועלט. נאָר, באזוכנדיק דאָס דאָזיקע לאנד צום צווייטן מאָל פאר צוויי יאָר, האָב איך באקומען דעם איינדרוק, אז עס גייט אפן וועג פון פעסטן פראָגרעס, עס פלאנירט, שאפט און בויט, און דאָס אלץ אין אזא מאסשטאב, וואָס איז א בוילעטער ארויס־רופ לויטן אדרעס פון דער פיינטלעכער קאפיטאליסטישער וועלט".

אזעלכע זיינען די פארשיידענע מיינונגען און די שפאלטונג אינעם לאגער פון די בורזשואזע קרייזן, וואָס אייניקע פון זיי זיינען פאר אויס־ראָטן פססר מיט זיין קלוימערשט דורכגעפאלענעם פינפיאָריקן פלאן, און די צווייטע זיינען, אפּאָנעם, פאר האנדל־מיטארבעטערשאפט מיט פססר, אויס־רעכענענדיק, מיסטאמע, דערופ, אז פון די דערפאָלגן פונעם פינפיאָריקן פלאן וועט מען קאָנען ציען פאר זיך געוויסע נוצן.

באזונדער שטייט די פראגע וועגן דער באציונג פונעם ארבעטער־קלאס פון די קאפיטאליסטישע לענדער צו דער פראגע וועגן דעם פינפיאָר, צו דער פראגע וועגן די דערפאָלגן פון דער סאָציאליסטישער בויונג אין פססר. מע וואָלט דאָ געקאָנט זיך באגרענעצן מיט ברענגען די מיינונג פון איינער פון די פילצאָליקע ארבעטער־דעלעגאציעס, וואָס קומען יעדעס יאָר צו פאָרן קיין פססר, זאָל זיין, צומביישפיל, פון דער בעלגישער ארבעטער־דעלעגא־ציע. די דאָזיקע מיינונג איז טיפיש פאר אלע אָן אויסנאם ארבעטער־דעלעגאציעס, אלציינס, צי עס האנדלט זיך וועגן ענגלישע אָדער פראנ־

צויזישע דעלעגאציעס, וועגנ דײַטשישע אָדער אמעריקאנישע, אָדער וועגנ דעלעגאציעס פונ אנדערע לענדער. אָט איז זי:

„מיר זײַנענ אנציקט פונ דער קאָלאָסאלער בויונג, וואָס מיר האָבנ באאָבאכטעט בייס אונדזער רײַזע. אינ מאָסקווע, ווי אינ מאקייעווקע, גאָרלאָווקע, כארקאָוו אונ לענינגראד, האָבנ מיר געקאָנט קאָנסטאטירנ, מיט וואָס פאר אנ ענטוזיאזמ מע ארבעט דאָרט. אלע מאשינעס זײַנענ פונ דער נײַסטער קאָנסטרוקציע. אינ די זאוואָדנ איז ריינ, א סאכ לופט אונ ליכט. מיר האָבנ געזענ, ווי אינ פססר גיט מענ די ארבעטער מעדיצינישע אונ סאניטארע הילפ. די ארבעטער־וווינונגענ זײַנענ אויסגעבויט נאָענט צו די זאוואָדנ. אינ די ארבעטער־שטעטלעכ זײַנענ אָרגאניזירט שולנ אונ יאסליעס; די קינדער זײַנענ ארומגערינגלט מיט דער סאמע גענויער זאָרג. מיר האָבנ געקאָנט זענ דעמ אונטערשייד צווישנ די אלטע אונ די נײַ־אויסגעבויטע זאוואָדנ, צווישנ די אלטע אונ די נײַע וווינונגענ. אלצ, וואָס מיר האָבנ געזענ, האָט אונדז געגעבנ א קלאָרע פאָרשטעלונג וועגנ דער קאָלאָסאלער קראפט פונ די ארבעטנדיקע, וואָס בויענ די נײַע געזעלשאפט אונטער דער אָנפירונג פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי. מיר האָבנ באאָבאכטעט אינ פססר א גרויסנ קולטורעלנ אופשטײַג, בייס אינ אנדערע לענדער הערשט א יערידע אינ אלע געביטנ, הערשט ארבעטלאָזיקײַט. מיר האָבנ געקאָנט זענ, וואָס פאר א מוירעדיקע שוועריקײַטנ די סאָוועטישע ארבעטנדיקע באגעגענענ אפ זייער וועג. דעריבער קאָנענ מיר נאָכ בעסער פארשטיינ די שטאָלצ, מיט וועלכער זיי ווײַזנ אונדז זייערע זיגנ. מיר זײַנענ איבערצײַגט, אז זיי וועלנ בײַקומענ אלע שטערונגענ".

אָט האָט איר די אינטערנאציאָנאלע באדײַטונג פונעמ פינפיאָר. עס איז געווענ פאר אונדז גענוג דורכצומאכנ די בויונג־ארבעט אינ משעכ פונ אוועלכע־ניט־איז 2—3 יאָר, עס איז געווענ גענוג צו ווײַזנ די ערשטע דערפאָלגנ פונעמ פינפיאָר, אז די גאנצע וועלט זאָל זיכ צעשפאלטנ אפ צוויי לאגערנ, אפ א לאגער מענטשנ, וואָס בילנ אפ אונדז, ניט מיד ווערנדיק, אונ אפ א לאגער מענטשנ, וואָס זײַנענ איבערראשט פונ די דערפאָלגנ פונעמ פינפיאָר, שוינ אָפּגערעדט דערפונ, וואָס עס איז פאראנ אונ עס פארשטארקט זיכ אונדזער אייגענער לאגער אינ דער גאנצער וועלט,—דער לאגער פונעמ ארבעטער־קלאס פונ די קאפיטאליסטישע לענדער, וואָס פרייט זיכ מיט די דערפאָלגנ פונעמ ארבעטער־קלאס פונ פססר אונ איז גרייט אימ צו שטיצנ צו דער שרעק פונ דער בורזשואזיע פונ דער גאנצער וועלט.

וואָס הייסט דאָס?

דאָס הייסט, אז די אינטערנאציאָנאלע באדײַטונג פונעמ פינפיאָר, די אינטערנאציאָנאלע באדײַטונג פונ זײַנע דערפאָלגנ אונ דעראָבערונגענ זײַנענ אויסער צווייפל.

דאָס הייסט, אז די קאפיטאליסטישע לענדער טראָגנ אינ זיכ די פראָלעטארישע רעוואָלוציע, אונ טאקע דערפאר, וואָס זיי טראָגנ אינ זיכ די פראָלעטארישע רעוואָלוציע, וואָלט די בורזשואזיע געוואָלט שעפנ אינ די דורכפאלנ פונעמ פינפיאָר א נײַעמ ארגומענט קעגנ דער רעוואָלוציע, אונ, פארקערט, דער פראָלעטאריאט באמיט זיכ צו שעפנ אונ ער שעפט ווירק־

לעכ אינ די דערפאָלגנ פונעמ פינפיאָר א נייַעמ ארגומענט פאר דער רעוואָליוציע, קעגנ דער בורזשואזיע פונ דער גאנצער וועלט.

**די דערפאָלגנ פונעמ פינפיאָר מאָביליזירנ די רעוואָליוציאָנערע קרעפטנ פונעמ ארבעטער-קלאס פונ אלע לענדער קעגנ דעמ קאפיטאליזמ**, — דאָס איז אנ אומבאשטרייַטבארער פאקט.

עס קאָנ ניט זייַנ קיינ צווייפל, אז די אינטערנאציאָנאלע רעוואָליוציאָנערע באדייַטונג פונעמ פינפיאָר איז בעעמעס ניט אויסצומעסטנ.

דעריבער דארפנ מיר מיט נאָכ מער אופמערקזאמקייַט זיכ באציִענ צו דער פראגע וועגנ דעמ פינפיאָר, וועגנ דעמ אינהאלט פונעמ פינפיאָר, וועגנ די גרונט-אופגאבנ פונעמ פינפיאָר.

דעריבער מוזנ מיר נאָכ זאָרגזאמער דורכאנאליזירנ די סאכאקלענ פונעמ פינפיאָר, די סאכאקלענ פונעמ אויספילנ און דורכפירנ אינ לעבנ דעמ פינפיאָריקנ פלאנ.

## II

## די גרונט-אופגאבע פונעמ פינפיאָריקנ פלאנ און דער וועג פונ זייַנ פארווירקלעכונג

מיר וועלנ אריבערגיינ צו דער פראגע וועגנ פינפיאָריקנ פלאנ אינ טאָכ.

וואָס איז אזוינס דער פינפיאָריקער פלאנ?

אינ וואָס איז באשטאנענ די גרונט-אופגאבע פונעמ פינפיאָריקנ פלאנ?

די גרונט-אופגאבע פונעמ פינפיאָר איז באשטאנענ אינ אריבערפירנ אונדזער לאנד מיט זייַנ אָפגעשטאנענער, צומאָל מיטלאלטערלעכער טעכניק — אפ די רעלסנ פונ דער נייַער, מאָדערנער טעכניק.

די גרונט-אופגאבע פונעמ פינפיאָר איז באשטאנענ אינ פארוואנדלענ פססר פונ אנ אגראר און אָנמעכטיק לאנד, וואָס איז אָפהענגיק פונ די קאפריזנ פונ די קאפיטאליסטישע לענדער, — אינ אנ אינדוסטריעל און מעכטיק לאנד, וואָס איז אינגאנצנ זעלבשטענדיק און אומאָפהענגיק פונ די קאפריזנ פונעמ וועלט-קאפיטאליזמ.

די גרונט-אופגאבע פונעמ פינפיאָר איז באשטאנענ דערינ, אז, פארוואנדלענדיק פססר אינ אנ אינדוסטריעל לאנד, — זאָל מענ ארויסשטויסנ ביזנ סאָפ די קאפיטאליסטישע עלעמענטנ, פארברייטערנ דעמ פראָנט פונ די סאָציאליסטישעווירטשאפט-פאָרמענ און שאפנ אנ עקאָנאָמישע באזע פאר דער פארניכטונג פונ די קלאסנ אינ פססר, פארנ אופבוי פונ דער סאָציאליסטישער געזעלשאפט.

די גרונט-אויפגאבע פונעם פינפיאָר איז באשטאנען אין שאפן בא אונדז אין לאנד אזא אינדוסטריע, וואָס זאָל פייִק זײַן צו איבערבאוואָפענען און רעאָרגאניזירן ניט בלויז די אינדוסטריע אינגאנצן גענומען, נאָר אויך דעם טראנספאָרט, אויך די לאנדווירטשאפט — אפ דער באזע פון סאָציאַליזם.

די גרונט־אויפגאבע פונעם פינפיאָר איז באשטאנען אין אריבערפירן די קליינע און צעברעקלטע לאנדווירטשאפט אפ די רעלסן פון גרויסער קאָלעקטיווער ווירטשאפט, זיכערן דערמיט גופע די עקאָנאָמישע באזע פונעם סאָציאַליזם אין דאָרף און אזוי־ארום ליקווידירן די מעגלעכקײַט אופצושטעלן דעם קאפיטאליזם אין פסר.

ענדלעך, איז די אויפגאבע פונעם פינפיאָריקן פלאן באשטאנען אין שאפן אין לאנד אלע נייטיקע טעכנישע און עקאָנאָמישע פאָרהאנאָכעס אפ מאקסימאל אופהייבן די שוצפייִקײַט פונעם לאנד, וואָס דאָס גיט א מעגלעכקײַט צו אָרגאניזירן אן אנטשיידענעם ווידערשטאנד קעגן אלע און אלערליי פּרווּוון פון א קריגס-אינטערווענץ פון אויסן, קעגן אלע און אלערליי פּרווּון פון א מילכאָמע-אָנפאל פון אויסן.

דורך וואָס איז דיקטירט געוואָרן די דאָזיקע גרונט-אויפגאבע פונעם פינפיאָר, מיט וואָס איז זי באגרינדעט געוואָרן?

מיט דער נייטיקײַט צו ליקווידירן די טעכניש-עקאָנאָמישע אָפגעשטאַנענקײַט פונעם ראטנפארבאנד, וואָס פארמישפּעט אים אפ א נעבעכדיקער עקזיסטענץ, מיט דער נייטיקײַט צו שאפן אין לאנד אזעלכע פאָרהאנאָכעס, וואָס זאָלן אים געבן א מעגלעכקײַט ניט בלויז צו דעריאָגן, נאָר מיט דער צײַט אויך אריבעריאָגן אין טעכניש-עקאָנאָמישער הינזיכט די פאָרגעשריטענע קאפיטאליסטישע לענדער.

מיט דעם מאָטיוו, אז די ראטנמאכט קאָן זיך ניט האלטן לאנג אפ דער באזע פון אן אָפּגעשטאנענער אינדוסטריע, אז בלויז די מאָדערנע גרויסע אינדוסטריע, וואָס ניט נאָר זי שטייט ניט אָפּ, נאָר זי קאָן מיט דער צײַט אריבערשטײַגן די אינדוסטריע פון די קאפיטאליסטישע לענדער, — קאָן דינען אלס ווירקלעכער און זיכערער פונדאמענט פאר דער ראטנמאכט.

מיט דעם מאָטיוו, אז די ראטנמאכט קאָן ניט לאנג באזירן זיך אפ צוויי קעגנזעצלעכע יעסוידעס, אפ א גרויסער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע, וואָס פארניכטעט די קאפיטאליסטישע עלעמענטן, און אפ א קליינער אינדיווידועלער פּויערשער ווירטשאפט, וואָס געבוירט קאפיטאליסטישע עלעמענטן.

מיט דעם מאָטיוו, אז קאָלזמאן אונטער דער לאנדווירטשאפט איז ניט אונטערגעפירט קיין באזע פון א גרויסער פּראָדוקציע, קאָלזמאן די

**קליינפויערשעווירטשאפטנ זיינענ ניט פארייניקט אינ גרויסע קאָלעקטיווע ווירטשאפטנ, — איז די געפאר, אז אינ פסטר זאָל צוריק אופגעשטעלט ווערנ דער קאפיטאליזמ, די סאמע רעאלע געפאר פונ אלע מעגלעכע געפארנ.**

**לענינ האָט געזאָגט:**

„די רעוואָליוציע האָט אופגעטאָנ דאָס, וואָס אינ עטלעכע כאדאָשימ האָט רוסלאנד לויט זייַנ פּאָליטישער אָרדענונג דעריאָגט די פאָרגעשריטענע לענדער.

אָבער דאָס איז ווייניק. די מילכאָמע איז אומדערבארעמדיק, זי שטעלט די פראגע מיט אָנראכמאָנעסדיקער שארפקייט: אָדער אומקומענ, אָדער דעריאָגנ די פאָרגעשריטענע לענדער אונ אריבעריאָגנ זיי אויכ עקאָנאָמיש... אומקומענ, אָדער מיט דער פולער שנעלקייט זיכ לאָזנ פאָרויס. אזוי האָט די פראגע געשטעלט די געשיכטע" (זע ב. XXI, ז. 191).

**לענינ האָט געזאָגט:**

„קאָלזמאנ מיר לעבנ אינ א קליינפויעריש לאנד, איז פארנ קאפיטאליזמ אינ רוסלאנד פאראנ א מער פעסטע עקאָנאָמישע באזע, איידער פארנ קאָמוניזמ. דאָס איז נייטיק צו פאר־געדענקענ. יעדער, וואָס האָט זיכ אופמערקזאמ צוגעקוקט צומ לעבנ פונ דאָרפ, אינ פארגלייַכ מיטנ לעבנ פונ שטאָט, ווייס, אז מיר האָבנ די וואָרצלענ פונעמ קאפיטאליזמ ניט ארויסגעריסנ אונ דעמ פונדאמענט, דעמ באָדנ באמ אינערלעכנ פייַנט ניט אונטערגעריסנ. דער פייַנט האלט זיכ אפ דער קליינער ווירטשאפט, אונ קעדיי אימ אונטערצורייַסנ, איז פאראנ איינ מיטל — אריבערפירנ די ווירטשאפט פונ לאנד, דערונטער אויכ די ערד־ארבעט, אפ א נייַער טעכני־שער באזע, אפ דער טעכנישער באזע פונ דער מאָדערנער גרויס־פּראָדוקציע... בלויז דאנ, ווענ דאָס לאנד וועט זייַנ עלעקטריפיצירט, ווענ אונטער דער אינדוסטריע, לאנדווירטשאפט אונ טראנספּאָרט וועט זייַנ אונטערגעפירט א טעכנישע באזע פונ דער מאָדערנער גרויס־אינדוסטריע, — בלויז דאנ וועלנ מיר זיגנ ענדגילטיק" (זע ב. XXVI, ז. 46 — 47).

**אָט די דאָזיקע האנאָכעס זייַנענ טאקע געלייגט געוואָרנ אינ גרונט פונ יענע מאָטיוונ פונ דער פארטיי, וואָס האָבנ געבראכט צומ אויסארבעטנ דעמ פינפיאָריקנ פלאנ, וואָס האָבנ געבראכט צומ באשטימענ די גרונט־אופגאבע פונעמ פינפיאָריקנ פלאנ.**

**אזוי האלט עס מיט דער גרונט־אופגאבע פונעמ פינפיאָר.**

**אָבער אָנהייבנ פארווירקלעכנ אזא גראנדיעזנ פלאנ קאָנ מענ ניט צעוואָרפענערהייט, פונ וואָס ס'מאכט זיכ אונטער דער האנט. קעדיי צו פארווירקלעכנ אזא פלאנ, דארפ מענ, קוידעמקאָל, געפינענ דעמ גרונט־רינג פונעמ פלאנ, וואָרעמ בלויז געפינענדיק דעמ גרונט־רינג אונ אָנכאפנ דיק זיכ פאר אימ, — האָט מענ געקאָנט ארויסציענ אלע איבעריקע רינגענ פונעמ פלאנ.**

**אינ וואָס זשע איז באשטאנענ דער גרונט־רינג פונעמ פינפיאָריקנ פלאנ?**

**דער גרונט־רינג פונעמ פינפיאָריקנ פלאנ איז באשטאנענ אינ דער שווערער אינדוסטריע מיט איר גרונט־קערנ — דער מאשינבויונג. וואָרעמ**

בלויז די שווערע אינדוסטריע איז אימשטאנד צו רעקאָנסטרויִרנ און שטעלנ אפ די פיס אי די אינדוסטריע אינגאנצנ גענומענ, אי דעמ טראנספּאָרט, אי די לאנדווירטשאפט. פונ איר האָט מענ עס געדארפט אָנהייבנ פאר־ווירקלעכנ דעמ פינפיאָר. הייסט עס, אז די אופשטעלונג פונ דער שווערער אינדוסטריע האָט מענ געדארפט לייגנ אינ גרונט פונ פארווירקלעכנ דעמ פינפיאָריקנ פלאנ.

מיר האָבנ בא לענינענ אָנווייזונגענ אויכ וועגנ דעמ איניענ.

„א רעטונג פאר רוסלאנד איז ניט בלויז א גוטע גערעטעניש אינ דער פויערשער ווירטשאפט,—דאָס איז נאָכ ווינציק,—אונ ניט בלויז א גוטער צושטאנד פונ דער לייכטער אינדוסטריע, וואָס שטעלט צו דעמ פויערטומ געברויכ־זאכנ,—דאָס איז נאָכ אויכ ווינציק,— אונדז איז נייטיק אויכ א שווערע אינדוסטריע... אָנ דער רעטונג פונ דער שווערער אינדוסטריע, אָנ איר אופשטעלונג, וועלנ מיר ניט קאָנענ אופבויענ קיינ שומ אינדוסטריע, אונ אָנ איר וועלנ מיר ביכלאל אומקומענ אלס זעלבשטענדיק לאנד... די שווערע אינ־דוסטריע נייטיקט זיכ אינ מעלוכע־סובסידיעס. אויב מיר וועלנ זיי ניט געפינענ, זיינענ מיר, אלס ציווילייזירטע מעלוכע — איכ זאָג שוינ ניט, אלס סאָציאַליסטישע — פארפאלנ" (זע ב. XXVII, ז. 349).

אָבער די אופשטעלונג אונ אנטוויקלונג פונ דער שווערער אינדוסטריע, באזונדערס אינ אזא אָפּגעשטאנענ אונ ניט רייכ לאנד, ווי אונדזער לאנד איז געווענ אינ אָנהייב פינפיאָר, איז די שווערסטע זאכ, וואָרעמ די שווע־רע אינדוסטריע פאָדערט, ווי באוווּסט, קאָלאָסאלע פינאנציעלע פארווענדונ־גענ אונ א געוויסנ מינימומ גענײטע טעכנישע קרעפטנ, וואָס אָנ דעמ איז, ביכלאל גערעדט, אומעגלעכ אופצושטעלנ די שווערע אינדוסטריע. צי האָט די פארטיי וועגנ דעמ געוווּסט אונ צי האָט זי זיכ אָפּגעגעבנ אינ דעמ א רעכענונג? יאָ, זי האָט געוווּסט. אונ ניט בלויז געוווּסט, נאָר געמאָלדנ וועגנ דעמ עפנטלעכ. די פארטיי האָט געוווּסט, אפ וואָס פאר אנ אויפנ די שווערע אינדוסטריע איז אויסגעבויט געוואָרנ אינ ענגלאנד, אינ דייטש־לאנד, אינ אמעריקע. זי האָט געוווּסט, אז די שווערע אינדוסטריע איז אינ די דאָזיקע לענדער אויסגעבויט געוואָרנ אָדער מיט דער הילפ פונ גרויסע האלוואָעס, אָדער דורכ בארויבעווענ אנדערע לענדער, אָדער מיט די ביידע וועגנ גלייכצייטיק. די פארטיי האָט געוווּסט, אז די דאָזיקע וועגנ זיינענ פאר אונדזער לאנד פארמאכט. אפ וואָס זשע האָט זי אויסגערעכנט? זי האָט אויסגערעכנט אפ די אייגענע קויכעס פונ אונדזער לאנד. זי האָט אויסגערעכנט אפ דעמ, אז, האָבנדיק א ראטנמאכט אונ שטיצנדיק זיכ אפ דער נאציאָנאליזאציע פונ דער ערד, פונ דער אינדוסט־ריע, פונעמ טראנספּאָרט, פונ די בענק, פונעמ האנדל, קאָנענ מיר דורכפירנ דעמ שטרענגסטנ עקאָנאָמיע־רעזשימ, קעדיי אָנזאמלענ גענוג מיטלענ, וואָס זיינענ נייטיק אפ אופשטעלנ אונ אנטוויקלענ די שווערע אינדוסטריע. די

פּארטיי האָט אָפנ געזאָגט, אז אָט־דער איניענ וועט פאָדערנ ערנסטע קאָרבאָנעס אונ אז מיר דארפנ גיינ אפ די דאָזיקע קאָרבאָנעס אָפנ אונ באוווסטזיניק, אויב מיר ווילנ זיכ דערשלאָגנ צומ ציל. די פּארטיי האָט אויסגערעכנט דאָס אופצוהייבנ מיט די אינערלעכע קויכעס פונ אונדזער לאנד אָנ פארשקלאפנדיקע קרעדיטנ אונ האלוואָעס פונ אויסנ.

אָט וואָס לענינ האָט מיקויעכ דעמ געזאָגט:

„מיר דארפנ זיכ באמיִענ אויסצובויענ א מעלוכע, ווו די ארבעטער זאָלנ אײַנהיטנ זייער אָנפירונג איבער די פויערימ, דעמ צוטרוי פונ די פויערימ צו זיי אונ זאָלנ דורכ גרעסטער עקאָנאָמיע פארטרײַבנ פונ זייערע געזעלשאפטלעכע פארהעלטענישנ יעטווידער שפור פונ וועלכנ־ניט־איז לוקסוס.

מיר דארפנ דערפירנ אונדזער מעלוכע־אפּאראט ביז מאקסימאלער עקאָנאָמיע. מיר דארפנ פארטרײַבנ פונ אימ אלע שפּורנ פונ לוקסוס, וואָס זײַנענ אינ אימ אזויפיל פארבליבנ פונעמ צארישנ רוסלאנד, פונ זײַנ ביוראָקראטיש־קאפּיטאליסטישנ אפּאראט.

צי וועט דאָס ניט זײַנ א קיניגרײַכ פונ פויערשער באגרענעצטקײַט?

ניינ. אויב מיר וועלנ אײַנהיטנ פארנ ארבעטער־קלאס די אָנפירונג איבערנ פויערטומ, וועלנ מיר באקומענ די מעגלעכקײַט פארנ פרײַז פונ דער גרעסטער אונ גרעסטער ווירט־שאפטלעכער עקאָנאָמיע אינ אונדזער מעלוכע צו דערשלאָגנ זיכ דערצו, אז יעטווידער מינדסטע אָפּשפּאָרונג זאָלנ מיר פארהיטנ אפ אנטוויקלענ אונדזער גרויסע מאשינ־אינדוסטריע, אפ אנטוויקלענ די עלעקטריפיקאציע, דעמ הידראָ־טאָרפ, אפ דערבויענ וואָלכאָווּבוי אונ אנדערע.

דערינ אונ בלויז דערינ וועט זײַנ אונדזער האָפענונג. בלויז דאנ וועלנ מיר זײַנ אימשטאנד אריבערצוזעצנ זיכ, רייִדנדיק פיגוראל, פונ איינ פערד אפנ צווייטנ, נעמלעכ, פונעמ פויערשנ, מוזשיקישנ, פאראָרעמטנ פערד, פונעמ פערד פונ עקאָנאָמיעס, וואָס זײַנענ געווענ אויסגערעכנט אפ א רויִנירט פויעריש לאנד,— אפ א פערד, וועלכנ עס זוכט אונ קאָנ ניט ניט זוכנ פאר זיכ דער פּראָלעטאריאט, אפנ פערד פונ דער גרויסער מאשינ־אינדו־סטריע, פונ עלעקטריפיקאציע, פונ וואָלכאָווּבוי אאוו.“ (זע ב. XXVII, ז. 417).

אריבערזעצנ זיכ פונעמ פאראָרעמטנ מוזשיקישנ פערד אפנ פערד פונ גרויסער מאשינ־אינדוסטריע,— אָט וואָס פאר א ציל די פּארטיי האָט פארפאָלגט, אויסארבעטנדיק דעמ פינפיאָריקנ פּלאנ אונ שטרעבנדיק אימ צו פארווירקלעכנ.

אײַנפירנ דעמ שטרענגסטנ עקאָנאָמיע-רעזשימ אונ אָנזאמלענ די מיטלענ, וואָס זײַנענ נייטיק אפ פינאנסירנ די אינדוסטריאליזירונג פונ אונדזער לאנד,— אָט אפ וואָס פאר א וועג מע האָט זיכ געדארפט שטעלנ, קעדיי זיכ דערשלאָגנ די אופשטעלונג פונ דער שווערער אינדוסטריע אונ די פארווירקלעכונג פונעמ פינפיאָריקנ פּלאנ.

א דרייסטע אופגאבע? א שווערער וועג? אָבער דערפאר טאקע הייסט אונדזער פּארטיי לענינשע פּארטיי, ווײַל זי האָט ניט קיינ רעכט מוירע צו האָבנ פאר שוועריקײַטנ.

נאָכ מער, די זיכערקײַט פונ דער פּארטיי אינ דער פארווירקלעכבארקײַט

פונעם פינפיאָר און דער גלויבן אין די קויכעס פונעם ארבעטער־קלאס זיינען געווען אזוי שטארק, אז די פארטיי האָט געפונען פאר מעגלעך צו שטעלן פאר זיך די אויפגאבע צו פארווירקלעכן די דאָזיקע שווערע זאך ניט אין פינף יאָר, ווי דאָס האָט געפאָדערט דער פינפיאָריקער פּלאַן, נאָר אין פיר יאָר, אייגנטלעך — אין פיר יאָר מיט דריי כאדאָשים, אויב צוגעבן דעם באזונדערן קווארטאל.

אָט אף דער דאָזיקער באזע איז עס געבוירן געוואָרן דער בארימטער לאָזונג: „דער פינפיאָר אין פיר יאָר".

און וואָס זעען מיר?

די פאקטן האָבן דערנאָך באוויזן, אז די פארטיי איז געווען גערעכט.

די פאקטן האָבן באוויזן, אז אָן דער דאָזיקער דרייסטקייט און גלויבן אין די קויכעס פונעם ארבעטער־קלאס וואָלט די פארטיי זיך ניט געקאָנט דערשלאָגן צו דעם ניצחון, מיט וועלכן מיר שטאָלצירן איצט מיט רעכט.

### III

## די סאכאקלען פונעם פינפיאָר אין פיר יאָר אין געביט פון דער אינדוסטריע

לאָמיר אריבערגיין איצינד צו דער פראגע וועגן די סאכאקלען פון פארווירקלעכן דעם פינפיאָריקן פּלאַן.

ווי זיינען די סאכאקלען פונעם פינפיאָר אין פיר יאָר אין געביט פון דער אינדוסטריע?

צי האָבן מיר זיך דערשלאָגן א ניצאָכן אף דעם דאָזיקן געביט?

יאָ, מיר האָבן זיך דערשלאָגן. און ניט נאָר זיך דערשלאָגן, נאָר מיר האָבן אויפגעטאָן מער, איידער מיר אליין האָבן זיך געריכט, איידער עס האָבן געקאָנט דערווארטן די סאמע היציקע קעפּ אין אונדזער פארטיי. דאָס לייקענען איצינד ניט אָפּ אפילע די סאָנים. ביפראט נאָך קאָנען דאָס ניט אָפּלייקענען אונדזערע פריינט.

מיר האָבן ניט געהאט קיין שווארצע מעטאלורגיע, די באזע פאר דער אינדוסטריאליזאציע פונעם לאנד. איצט האָבן מיר זי.

מיר האָבן ניט געהאט קיין טראקטער־אינדוסטריע. איצט האָבן מיר זי.

מיר האָבן ניט געהאט קיין אווטאָמאָביל-אינדוסטריע. איצט האָבן מיר זי.

מיר האָבן ניט געהאט קיין ווערקשטעל-בויונג. איצט האָבן מיר זי.

מיר האָבן ניט געהאט קיין ערנסטע און מאָדערנע כימישע אינדוסטריע. איצט האָבן מיר זי.

מיר האָבן ניט געהאט קייןווירקלעכע און ערנסטע אינדוסטריע אפּ פּראָדוצירן מאָדערנע לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס. איצט האָבן מיר זי.

מיר האָבן ניט געהאט קיין אוויאַציע־אינדוסטריע. איצט האָבן מיר זי.

אין הינזיכט פון פּראָדוצירן עלעקטרישע ענערגיע זיינען מיר געשטאַנען אפּן סאמע לעצטן אָרט. איצט האָבן מיר זיך ארויסגערוקט אפּ איינס פון די ערשטע ערטער.

אין הינזיכט פון פּראָדוצירן נאפט-פּראָדוקטן און קוילן זיינען מיר געשטאנען אפּן לעצטן אָרט. איצט האָבן מיר זיך ארויסגערוקט אפּ איינס פון די ערשטע ערטער.

מיר האָבן געהאט בלויז איין איינציקע קוילן־מעטאלורגישע באזע — אין אוקראַינע, און מיר פלעגן זיך מיט איר קוים ספּראווען. האָבן מיר זיך דערשלאָגן דערצו, אז ניט בלויז מיר האָבן אופגעהויבן די דאָזיקע באזע, נאָר מיר האָבן נאָך געשאפן א נייע קוילן־מעטאלורגישע באזע — אין מיזרעך, וואָס איז די שטאָלץ פון אונדזער לאנד.

מיר האָבן געהאט בלויז איין איינציקע באזע פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע — אין צאָפן פון אונדזער לאנד. האָבן מיר זיך דערשלאָגן, אז מיר וועלן האָבן אין דער נאָענטסטער צייט צוויי נייע באזעס פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע — אין מיטלאזיע און אין מייַרעוו־סיביר.

און ניט בלויז, וואָס מיר האָבן געשאפן די דאָזיקע נייע קאָלאָסאלע אינדוסטריע-צווייגן, נאָר מיר האָבן זיי געשאפן אין אזא מאסשטאב און אין אזא פארנעם, וואָס אין פארגלייַך מיט זיי ווערן בלאס די מאסשטאבן און דער פארנעם פון דער אייראָפּייִשער אינדוסטריע.

און דאָס אלץ האָט געבראַכט דערצו, אז די קאפּיטאליסטישע עלע־מענטן זיינען ארויסגעשטויסן געוואָרן פון דער אינדוסטריע ענדגילטיק און איינמאָל פאר אלעמאָל, און די סאָציאַליסטישע אינדוסטריע איז געוואָרן די איינציקע פאָרם פון דער אינדוסטריע אין פססר.

און דאָס אלץ האָט געבראַכט דערצו, אז אונדזער לאנד איז פון אן אגראר לאנד געוואָרן אן אינדוסטריעל לאנד, וואָרעם דער ספּעציפישער גע־וויכט פון דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע אין פארהעלטעניש צו דער לאנדווירטשאפטלעכער פּראָדוקציע האָט זיך אופגעהויבן פון 48% אין אָנהייב פינפיאָר (1928 י.) ביז 70% צום סאָפ פערטן יאָר פון פינפיאָר (1932 י.).

און דאָס אלץ האָט געבראַכט דערצו, אז צום סאָפ פערטן יאָר פון פינפיאָר האָט זיך אונדז איינגעגעבן אויסצופילן די פּראָגראַמע פון דער אל־געמיינער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע, וואָס איז געווען אויסגערעכנט אפּ פינף יאָר, — אפּ 93,7%, און אופהייבן דעם פארנעם פון דער אינדוסט־ריעלער פּראָדוקציע מער ווי אין ד ר יי מ אָ ל אין פארגלייַך מיטן פאר־

מילכאַמעדיקן ניוואָ און מער ווי אין צוויי מאָל אין פאַרגלייַך מיטן ניוואָ פון 1928 יאָר. וואָס אָנבאַלאַנגט דער פּראָדוציר-פּראָגראַם אין דער שווערער אינדוסטריע, האָבן מיר אויסגעפילט דעם פינפיאָריקן פּלאַן אַפ 108%. עמעס, דאָ פעלט אויס צום אויספילן די אַלגעמיינע פּראָגראַם פון פינפיאָר 6%. אָבער דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס איבער דעם, וואָס די שכייִנעסדיקע לענדער האָבן זיך אָפּגעזאָגט אונטערצושרייַבן מיט אונדז פּאַקטן וועגן ניט אָנפאַלן און אויך איבער די קאָמפּליקאַציעס אפן וויַיטן מיזרעך, איז אונדז אויסגעקומען, קעדיי צו פאַרשטאַרקן די לאַנד־שוץ, אפגיך איבערצושליסן אַ ריי זאַוואָדן אַף פּראָדוצירן מאָדערנע שוץ־געצייַג. נו, און ווייַל דאָס דאָזיקע איבערשליסן האָט געמוזט דורכגיין אַ געוויסן צוגרייט־פּעריאָד, האָט עס געבראַכט דערצו, אַז די דאָזיקע זאַוואָדן האָבן אופגעהערט אויסצואַרבעטן פּראָדוקציע אין פאַרלויף פון פיר כאָדאָשים, און דאָס האָט ניט געקאָנט ניט אָפּרופן זיך אַף דער אויספילונג פון דער אַלגעמיינער פּראָדוציר-פּראָגראַם לויטן פינפיאָריקן פּלאַן אין פאַר־לויף פון 1932 יאָר. די דאָזיקע אָפּעראַציע האָט געבראַכט דערצו, אַז מיר האָבן אינגאַנצן און פולשטענדיק פאַרפולט די בלויזן אין געביט פון שוץ-פייִקייַט פונעם לאַנד. אָבער זי האָט ניט געקאָנט ניט אָפּרופן זיך נעגאַ-טיוו אַף דער אויספילונג פון דער פּראָדוציר־פּראָגראַם לויטן פינפיאָריקן פּלאַן. עס קאָן קיין שום סאָפּעק ניט זייַן, אַז אָן דעם דאָזיקן צוגעקומע־נעם מאָמענט וואָלטן מיר ניט נאָר אויסגעפילט, נאָר מיר וואָלטן זיכער אריבערגעשטיגן דעם ציפער-טייל פונעם פינפיאָריקן פּלאַן.

ענדלעך, האָט דאָס אַלץ געבראַכט דערצו, אַז פון אַ לאַנד אַ שוואַכס און אַ ניט צוגעגרייטס צום באַשיצן זיך איז דער ראַטנפאַרבאַנד פאַרוואַנ־דלט געוואָרן אין אַ מעכטיק לאַנד אין זין פון שוצפייִקייַט, אין אַ לאַנד, וואָס איז גרייט צו אַלץ, וואָס ס'זאָל זיך ניט טרעפן, אין אַ לאַנד, וואָס איז פייִק צו פּראָדוצירן אין אַ מאַסן-מאַסשטאַב אַלע מאָדערנע שוץ־געצייַג און באַזאָרגן מיט זיי זייַן אַרמיי אין פאַל פון אַן אָנפאַל פון אויסן.

אָט דאָס זייַנען אין אַלגעמיין די סאַכאַקלען פונעם פינפיאָר אין פיר יאָר אַפן געביט פון דער אינדוסטריע.

איצט אורטיילט אַליין, וואָס פאַר אַ ווערט האָט נאָך דעם אַלעמ די פּלוידערייַ פון דער בורזשואַזער פּרעסע וועגן דעם „דורכפאַל“ פונעם פינפיאָר אַפן געביט פון דער אינדוסטריע.

און ווי האַלט עס מיט די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, וואָס לעבן אַצינד איבער אַ גרויזאַמען קריזיס, אין זין פון וווקס פון זייער אינדו־סטריעלער פּראָדוקציע?

אָט זייַנען די אַלעמען באַוווּסטע אָפיציעלע אָנגאַבן.

אינ דער צײַט, ווענ דער פארנעמ פונ דער אינדוסטריעלער פראָדוקציע אינ פססר איז צומ סאָפ 1932 יאָר *אויסגעוואקסנ* אינ פארגלײַכ מיטנ פארמילכאָמעדיקנ ניוואָ ביז 334%, איז דער פארנעמ פונ דער אינ־דוסטריעלער פראָדוקציע אינ די צאָפנ-אמעריקאנישע פאראייניקטע שטאטנ *געפאלנ* פאר דעמ זעלבנ פעריאָד ביז 84% פונעמ פארמילכאָמעדיקנ ניוואָ, אינ ענגלאנד — ביז 75%, אינ דײַטשלאנד — ביז 62%.

אינ דער צײַט, ווענ דער פארנעמ פונ דער אינדוסטריעלער פראָדוקציע אינ פססר איז *אויסגעוואקסנ* צומ סאָפ 1932 יאָר אינ פארגלײַכ מיטנ ניוואָ פונ 1928 יאָר ביז 219%, איז דער פארנעמ פונ דער אינדוסטריעלער פראָדוקציע אינ די צאָפנ-אמעריקאנישע פאראייניקטע שטאטנ *געפאלנ* פאר דעמ זעלבנ פעריאָד ביז 56%, אינ ענגלאנד — ביז 80%, אינ דײַטשלאנד — ביז 55%, אינ פוילנ — ביז 54%.

וועגנ וואָס ריידנ די דאָזיקע אָנגאבנ, אויב ניט וועגנ דעמ, אז די קאפיטאליסטישע סיסטעמ פונ דער אינדוסטריע האָט ניט אויסגעהאלטנ דעמ עקזאמענ אינעמ פארמעסט מיט דער סאָוועטישער סיסטעמ, אז די סאָוועטישע אינדוסטריע-סיסטעמ האָט אלע פאָרצוגנ אנטקעגנ דער קאפיטאליסטישער סיסטעמ.

זאָגט מענ אונדז, אז דאָס אלצ איז גוט, עס זײַנענ אויסגעבויט געוואָרנ א סאכ נײַע זאוואָדנ, עס זײַנענ געלייגט געוואָרנ די יעסוידעס פונ דער אינדוסטריאליזאציע. נאָר א סאכ בעסער וואָלט געווענ אָפצוזאָגנ זיכ פונ דער אינדוסטריאליזאציע-פאָליטיק, פונ דער פאָליטיק צו פארברייטערנ די פראָדוקציע פונ פראָדוציר־מיטלענ, אָדער, ווייניקסטנס, אָפרוקנ דאָס אינ הינטערגרונט, קעדיי פראָדוצירנ מער ציצ, שיכ, קליידער אונ אנדערע זאכנ פונ ברייטנ געברויכ. זאכנ פונ ברייטנ געברויכ איז פראָדוצירט געוואָרנ ווייניקער, איידער מע באדארפ, אונ דאָס שאפט געוויסע שוועריקײַטנ.

אָבער דאנ דארפ מענ וויסנ אונ זיכ אָפגעבנ א רעכענונג, צו וואָס עס וואָלט אונדז געבראכט אזא פאָליטיק פונ אָפרוקנ אפנ הינטערגרונט די אינדוסטריאליזאציע-אופגאבנ. געוויס, וואָלטנ מיר געווענ געקאָנט פונ די אָנדערהאלבנ מיליארד רובל וואליוטע, וואָס זײַנענ אויסגעגעבנ געוואָרנ אינעמ דאָזיקנ פעריאָד אפ אויסשטאטנ אונדזער שווערע אינדוסטריע, אָפלייגנ א העלפט אפ אימפאָרטירנ בוימוואָל, לעדער, וואָל, קאוטשוק אאוו. מיר וואָלטנ דאנ געהאט מער ציצ, שיכ, קליידער. אָבער דעמלט וואָלטנ מיר ניט געהאט ניט קיינ טראקטער-אינדוסטריע, ניט קיינ אווטאָמאָביל-אינדוסטריע, מיר וואָלטנ ניט געהאט קיינ וויפל-ניט־איז ערנסטע שווארצע מעטאלורגיע, מיר וואָלטנ ניט געהאט קיינ מעטאל אפ פראָדוצירנ מאשינעס, — אונ מיר וואָלטנ געווענ אומבאוואָפנט קעגנ דער קאפיטאליסטישער ארומ־

רינגלונג, וואָס איז באוואָפנט מיט דער נייַער טעכניק. מיר וואָלטן דאַן אָפּגענומען בא זיך די מעגלעכקייט צו באזאָרגן די לאנדווירטשאפט מיט טראקטערס און לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס,— דאָס הייסט, אז מיר וואָלטן געזעסן אָן ברויט. מיר וואָלטן בא זיך אָפּגענומען די מעגלעכקייט אָפּצוהאלטן א ניצאָכן איבער די קאפיטאליסטישע עלעמענטן אין לאנד,— דאָס הייסט, אז מיר וואָלטן אָן א שיר פארגרעסערט די שאנסן פאר דער רעסטאווראציע פונעם קאפיטאליזם. מיר וואָלטן דאַן ניט געהאט יענע מאָדערנע שוצמיטלען, וואָס אָן זיי איז אומעגלעך די מעלוכישע אומאָפּהענגי־קייט פונעם לאנד, וואָס אָן זיי ווערט דאָס לאנד פארוואנדלט אין אן אָב־יעקט פון מיליטערישע אָפּעראציעס פאר די אויסערלעכע סאָנים. אונדזער לאגע וואָלט דאַן געווען, מער אָדער ווייניקער, אנאלאָגיש צו דער לאגע פון דער איצטיקער כינע, וואָס האָט ניט קיין אייגענע שווערע אינדוסטריע, וואָס האָט ניט קיין אייגענע מיליטערישע אינדוסטריע, און ווער נאָר עס פוילט זיך ניט, רייַסט פון איר שטיקער.

מיט איין וואָרט, מיר וואָלטן אין אזא פאל געהאט א מילכאָמע-אינ־טערווענץ, ניט קיין פאקטן וועגן ניט-אָנפאלן, נאָר א מילכאָמע, א מיל־כאָמע א געפערלעכע און א שטערבלעכע, א מילכאָמע א בלוטיקע און אן אומגלייַכע, ווארעם אין דער דאָזיקער מילכאָמע וואָלטן מיר געווען קימאט אומבאוואָפנט קעגן סאָנים, וואָס האָבן אין זייער רעשוס אלע מאָדערנע אָנפאל-מיטלען.

אָט וואָס עס באקומט זיך, כאווירים.

עס איז קלאָר, אז א מעלוכע־מאכט, וואָס שעצט זיך, א פארטיי, וואָס שעצט זיך, האָט זיך ניט געקאָנט שטעלן אַפ אזא געפערלעכן שטאנד־פונקט.

און טאקע דערפאר, ווייַל די פארטיי האָט אָפּגעוואָרפן אזא אנטירע־וואָלוציאָנערע אייַנשטעלונג,— טאקע דערפאר האָט זי זיך דערשלאָגן אַן אנטשיידנדיקן ניצאָכן אינעם אויספילן דעם פינפיאָריקן פלאן אַפן געביט פון דער אינדוסטריע.

פארווירקלעכנדיק דעם פינפיאָר און אָרגאניזירנדיק דעם ניצאָכן אַפן געביט פון אינדוסטריעלער בויונג, האָט די פארטיי דורכגעפירט א פּאָליטיק פון העכסט פארגיכערטע אנטוויקלונג-טעמפּן אין דער אינדוסטריע, די פארטיי האָט ווי אונטערגעטריבן דאָס לאנד, פארגיכערנדיק זייַן לויף פאָרויס.

צי האָט ריכטיק געהאנדלט די פארטיי, דורכפירנדיק די פּאָליטיק פון העכסט-פארגיכערטע טעמפּן?

יאָ, אומבאדינגט ריכטיק.

מע קאָן ניט ניט אונטערטרייַבן א לאנד, וואָס איז אָפּגעשטאנען אַף

הונדערט יאָר און וואָס איבער זײַנ אָפּגעשטאַנענקײַט דראָעט אימ א טויט-געפאר. בלויז אפּ אזא אויפנ האָט מענ געקאָנט געבנ דעמ לאנד די מעגלעכקײַט אפּגיכ איבערצובאַוואָפענענ זיכ אפּ דער באזע פונ נײַער טעכניק און ארויסגיינ, ענדלעכ, אפנ ברייטנ שליאכ.

ווײַטער, מיר האָבנ ניט געקאָנט ויסנ, אינ וועלכנ טאָג וועלנ אפּ פססר אָנפאלנ די אימפעריאליסטנ און וועלנ איבערײַסנ אונדזער בויונג, און אז זיי האָבנ געקאָנט אָנפאלנ יעדנ מאָמענט, באנוצנדיק זיכ מיט דער טעכניש-עקאָנאָמישער שוואכקײַט פונ אונדזער לאנד, — דעריב האָט ניט געקאָנט זײַנ קיינ שום צווייפל. דעריבער איז די פארטיי געווענ געצוווּנגענ אונטערצוטרײַבנ דאָס לאנד, קעדיי ניט דורכלאָזנ די צײַט, אויסנוצנ ביזנ גרונט דעמ אָטעמ-איבערכאפּ און באווײַזנ צו שאפנ אינ פססר די יעסוידעס פונ אינדוסטריאליזאציע, וואָס שטעלנ פאָר די באזע פונ זײַנ מעכטיקײַט. די פארטיי האָט ניט געהאט קיינ מעגלעכקײַט צו ווארטנ און מאנעווירנ, און זי האָט געמוזט דורכפירנ די פּאָליטיק פונ העכסט-פארגיכערטע טעמפּנ.

ענדלעכ, האָט די פארטיי געמוזט מאכנ א סאָפּ אינ א ווי ווײַט מעגלעכ קורצער צײַט צו דער שוואכקײַט פונעמ לאנד אינ געביט פונ לאנדשוץ. די באדינגונגענ פונעמ מאָמענט, דער וווּקס פונ די באוואָפענונגענ אינ די קאפּיטאליסטישע לענדער, דער דורכפאל פונ דער אנטוואָפענונג-אידיי, דער האס פונ דער אינטערנאציאָנאלער בורזשואזיע צו פססר, — דאָס אלץ האָט געשטויסנ די פארטיי צו פאָרסירנ די פארשטארקונג פונ דער שוצפייִקײַט פונעמ לאנד, די יעסוידעס פונ זײַנ אומאָפּהענגיקײַט.

צי האָט אָבער די פארטיי געהאט א רעאלע מעגלעכקײַט צו פארווירקלעכנ די פּאָליטיק פונ העכסט-פארגיכערטע טעמפּנ? יאָ, זי האָט געהאט. זי האָט געהאט די דאָזיקע מעגלעכקײַט ניט בלויז דערפאר, וואָס זי האָט באוויזנ באצײַטנס צו צעוויגנ דאָס לאנד אינ גײַסט פונ שנעלנ באוועגנ זיכ פאָרויס, נאָר פריִער פאר אלץ דערפאר, ווײַל זי האָט אינ דער ברייטער נײַער בויונג זיכ געקאָנט אָנשפּארנ אפּ די אלטע אָדער באנײַטע זאוואָדנ און פאבריקנ, וועלכע די ארבעטער און דער אינזשעניר-טעכנישער פּערסאָנאל האָבנ שוינ געהאט באהערשט און וועלכע האָבנ דעריבער געגעבנ א מעגלעכקײַט צו פארווירקלעכנ די סאמע פארגיכערטע אנטוויקלונג-טעמפּנ.

אָט אפּ וואָס פאר א באזע עס זײַנענ בא אונדז אויסגעוואקסנ אינ פּעריאָד פונעמ ערשטנ פינפיאָר דער שנעלער אופשטײַג פונ דער נײַער בויונג, דער פּאטאָס פונ דער פאנאנדערגעוויקלטער בויונג, די העלדנ און שלאָגלער פונ די נײַ-בויונגענ, די פּראקטיק פונ שטורמישע אנטוויקלונג-טעמפּנ.

צי קאָנ מענ זאָגנ, אז אינעמ צווייטנ פינפיאָר וועט אויסקומענ דורכפירנ פונקט אזא פּאָליטיק פונ העכסט-פארגיכערטע טעמפּנ?

גיין, מע קאָן דאָס ניט זאָגן.

ערשטנס, אין רעזולטאַט פונעם דערפאָלגרײַכן דורכפירן דעם פינפיאָר האָבן מיר שוין אויסגעפירט אין גרונט זײַן הויפט-אויפגאַבע — אונטער-פירן א באַזע פון דער נײַער מאָדערנער טעכניק אונטער דער אינדוסטריע, טראַנספּאָרט, לאַנדווירטשאַפט. צי לוינט נאָך דעם אונטערטרײַבן און אונ-טעריאָגן דאָס לאַנד? קלאָר, אַז דערין איז איצט ניטאָ קיין נייטיקײַט.

צווייטנס, אין רעזולטאַט פונעם דערפאָלגרײַכן אויספילן דעם פינפיאָר האָט זיך אונדז שוין אײַנגעגעבן אופהייבן די שוצפייִקײַט פון לאַנד אויף דער געהעריקער הייך. צי לוינט נאָך דעם אונטערטרײַבן און אונטער-יאָגן דאָס לאַנד? קלאָר, אַז דערין איז איצט ניטאָ קיין נייטיקײַט.

צולעצט, אין רעזולטאַט פונעם דערפאָלגרײַכן אויספילן דעם פינפיאָר האָט זיך אונדז אײַנגעגעבן אויסצובויען צענדליקער און הונדערטער נײַע גרויסע זאַ-וואָדן און קאָמבינאַטן, וואָס האָבן א נײַע קאָמפּליצירטע טעכניק. דאָס הייסט, אַז אינעם אומפאַנג פון דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע אינעם צווייטן פינפיאָר וועלן די גרונט-ראָליע שפּילן שוין ניט די אַלטע זאַוואָדן, וואָס זייער טעכניק איז שוין באַהערשט, ווי דאָס איז געווען אינעם פּע-ריאָד פונעם ערשטן פינפיאָר, נאָר די נײַע זאַוואָדן, וואָס זייער טעכניק איז נאָך ניט באַהערשט און וועלכע מע דאַרף באַהערשן. אָבער דאָס באַ-הערשן די נײַע אונטערנעמונגען און די נײַע טעכניק שטעלט מיט זיך פאָר א סאַך מער שוועריקײַטן, איידער דאָס אויסנוצן די אַלטע אָדער באַנײַטע זאַוואָדן און פאַבריקן, וואָס זייער טעכניק איז שוין באַהערשט. דאָס פאָדערט מער צײַט, קעדיי אופצוהייבן די קוואַליפיקאַציע פון די אַר-בעטער און פונעם אינזשעניער-טעכנישן פּערסאָנאַל און באַקומען נײַע גע-ווינהײַטן, קעדיי פולשטענדיק אויסצונוצן די נײַע טעכניק. צי דען איז ניט קלאָר, נאָך דעם אַלעם, אַז ווען מיר וואָלטן אפילע געוואָלט, וואָלטן מיר ניט געקאָנט פאַרווירקלעכן אין פּעריאָד פונעם צווייטן פינפיאָר, באַ-זונדערס אין די ערשטע צוויי—דרײַ יאָר פונעם צווייטן פינפיאָר, די פּאָ-ליטיק פון די העכסט פאַרגיכערטע אַנטוויקלונג-טעמפּן.

אָט פאַרוואָס איך רעכן, אַז פאַרן צווייטן פינפיאָר וועלן מיר דאַרפן נעמען ווייניקער פאַרגיכערטע טעמפּן פון וווּקס פון דער אינדוסטריע-לער פּראָדוקציע. אין דעם פּעריאָד פונעם ערשטן פינפיאָר האָט דער יערלעכער צוווּקס פון דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע באַטראָפן אין דורכשניט 22%. איך רעכן, אַז פאַרן צווייטן פינפיאָר וועט אויסקומען צו נעמען אין דורכשניט 13—14 פּראָצ. יערלעכן צוווּקס פון דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע. פאַר די קאַפּיטאַליסטישע לענדער איז אַזא צוווּקס-טעמפּ פון דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע א ניט-דערגרייכבאַרער אידעאַל. און ניט

נאָר אזא צוּוואוּקס-טעמפּ פוּן דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע, — אפילע 5% יערלעכער דורכשניטלעכער צוּוואוּקס איז פאר זיי איצט א ניט-דערגרייכבארער אידעאל. דערוּף טאקע זיינען זיי קאפּיטאליסטישע לענדער. אן אנדער זאך איז דאָס סאָוועטן-לאנד מיט דער סאָוועטישער ווירטשאפט-סיסטעם. בא אונדזער ווירטשאפט-סיסטעם האָבן מיר די פולשטענדיקע מעגלעכקייט און מיר דארפן פארווירקלעכן 13—14 פּראָצ. יערלעכן צוּוואוּקס פון דער פּראָדוקציע, אלס מינימום.

אינעם פעריאָד פונעם ערשטן פינפיאָר האָבן מיר באוויזן צו אָרגאניזירן דעם ענטוזיאזם, דעם פּאטאָס פון דער נייער בויונג און האָבן זיך דערשלאָגן אנטשיידנדיקע דערפאָלגן. דאָס איז זייער גוט. אָבער איצט איז עס ניט גענוג. איצטער דארפן מיר דאָס דערגאנצן מיטן ענטוזיאזם, מיטן פּאטאָס צו באהערשן די נייע זאוואָדן און די נייע טעכניק, מיט אן ערנסטן פארגרעסערן די ארבעט-פּראָדוקטיווקייט, מיט אן ערנסטן פארקירצן דעם קערנקאָסט.

אָט דאָס איז איצט דער איקער.

וואָרעם נאָר אף דער דאָזיקער באזע קאָנען מיר זיך דערשלאָגן, אז, לאָמיר זאָגן, צו דער צווייטער העלפט פונעם צווייטן פינפיאָר זאָלן מיר נעמען א נייעם מעכטיקן שוווּנג סיי אין געביט פון דער בויונג סיי אויך אין געביט פון צוּוואוּקס פון דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע.

צולעצט, עטלעכע ווערטער וועגן די טעמפּן און די פּראָצענטן גופע פונעם יערלעכן פּראָדוקציע-צוּוואוּקס. אונדזערע אינדוסטריעלער פארנעמען זיך ווייניק מיט דער דאָזיקער פראגע. אָבער דאָס איז זייער אן אינטערעסאנטע פראגע. וואָס אזוינס זיינען פּראָצענטן פונעם פּראָדוקציע-צוּוואוּקס און וואָס אייגנטלעך שטעקט הינטער יעדן פּראָצענט צוּוואוּקס? לאָמיר נעמען, צום ביישפּיל, דאָס יאָר 1925, דעם אופשטעלונג-פעריאָד. דער יאָריקער צוּוואוּקס פון דער פּראָדוקציע איז דאן געווען 66%. די ברוטאָ-פּראָדוקציע פון דער אינדוסטריע האָט באטראָפן 7 700 מיליאָן רובל. 66% צוּוואוּקס האָט דאן באטראָפן אין אבסאָליוטע ציפער 3 מיליארד רובל מיט עפּעס. הייסט עס, אז יעדער פּראָצענט צוּוואוּקס האָט באטראָפן דאן 45 מיליאָן רובל. לאָמיר איצט נעמען דאָס יאָר 1928. ער האָט געגעבן 26% צוּוואוּקס, דה. קימאט אין דריי מאָל ווייניקער אין פּראָצענט-הינזיכט, איידער דאָס יאָר 1925. די ברוטאָ-פּראָדוקציע פון דער אינדוסטריע האָט דאן באטראָפן 15 500 מיליאָן רובל. דער גאנצער צוּוואוּקס פארן יאָר האָט באטראָפן אין אבסאָליוטע ציפער 3 280 מיליאָן רובל. הייסט עס, אז יעדער פּראָצענט צוּוואוּקס האָט דאן באטראָפן 126 מיליאָן רובל, דה. ער האָט באטראָפן קימאט אין דריי מאָל א גרעסערע סומע, ווי אין 1925 יאָר, ווען מיר האָבן געהאט 66% צוּוואוּקס. לאָמיר, צולעצט, נעמען דאָס יאָר 1931. דאָס יאָר האָט געגעבן

22% צוװוקס, דה. אין דרײַ מאָל װײניקער, װי אין 1925 יאָר. די ברוטאָ־פּראָדוקציע פון דער אינדוסטריע האָט דאַן באַטראָפן 30 800 מיליאָן רובל. דער גאַנצער צוװוקס האָט געגעבן אין אַבסאָליוטע ציפער 5 600 מיליאָן רובל מיט עפּעס. הייסט עס, אַז יעדער פּראָצענט צוװוקס האָט באַטראָפן העכער 250 מיליאָן רובל, דה. אין זעקס מאָל מער, װי אין 1925 יאָר, װען מיר האָבן געהאַט 66% צוװוקס, און אין צװײ מאָל מער, װי אין 1928 יאָר, װען מיר האָבן געהאַט 26 מיט עפּעס פּראָצענט צוװוקס.

װעגן װאָס רעדט דאָס אַלץ? װעגן דעם, אַז באַם דערלערנען די צוּװוקס־טעמפּן פון דער פּראָדוקציע קאָן מען זיך ניט באַגרענעצן מיט באַטראַכטן בלויז די אַלגעמיינע סומע צוװוקס־פּראָצענטן אַליין, — מע דאַרף נאָך װיסן, װאָס עס שטעקט הינטער יעדן פּראָצענט צוװוקס און װעלכע איז די אַלגעמיינע סומע פונעם יאָריקן פּראָדוקציע־צוװוקס. מיר נעמען, צום בײַשפּיל, פּאַרן 1933 יאָר 16% צוװוקס, דה. אין פיר מאָל װײניקער, װי אין 1925 יאָר. אָבער דאָס הייסט נאָך ניט, אַז דער פּראָדוקציע־צוװוקס פאַר דעם יאָר װעט אויך זײַן אין פיר מאָל װײניקער. דער פּראָדוקציע־צוװוקס אין 1925 יאָר אין אַבסאָליוטע ציפער האָט באַטראָפן 3 מיליאַרד מיט עפּעס, און יעדער פּראָצענט איז געװען 45 מיליאָן רובל. עס איז ניטאָ קיין גרונט צו צװײפלען דערין, אַז דער פּראָדוקציע־צוװוקס אין 1933 יאָר אין אַבסאָליוטע ציפער, באַ אַ נאָרמע פון 16% צוװוקס, װעט באַטרעפן ניט װײניקער פון 5 מיליאַרד רובל, דה. קימאַט צװײ מאָל אַזױפיל, װי אין 1925 יאָר, און יעדער פּראָצענט צוװוקס װעט באַטרעפן אַמװײניקסטן 320—340 מיליאָן רובל, דה. ער װעט באַטרעפן אַמװײניקסטן אין זיבן מאָל אַ גרעסערע סומע, װי יעדער פּראָצענט צוװוקס אין 1925 יאָר.

אָט װאָס עס באַקומט זיך, כאַװײרים, אויב מע באַטראַכט די פראַגע װעגן די טעמפּן און צוװוקס־פּראָצענטן קאָנקרעט.

אָט אַזױ האַלט עס מיט די סאַכאַקלען פונעם פינפיאָר אין פיר יאָר אין געביט פון דער אינדוסטריע.

## IV

## די סאַכאַקלען פונעם פינפיאָר אין פיר יאָר אין געביט פון דער לאַנדװירטשאַפט

לאָמיר אַריבערגײן צו דער פראַגע װעגן די סאַכאַקלען פונעם פינפיאָר אין פיר יאָר אין געביט פון דער לאַנדװירטשאַפט.

דער פינפיאָר אין געביט פון דער לאַנדװירטשאַפט איז אַ פינפיאָר פון

קאָלעקטיוויזאַציע. פון וואָס איז אַרויסגעגאַנגען די פּאַרטיי, דורכפירנדיק די קאָלעקטיוויזאַציע ?

די פּאַרטיי איז אַרויסגעגאַנגען דערפון, אַז אָפּ צו פאַרפעסטיקן די דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט און אויסצובויען די סאָציאַליסטישע געזעל־שאַפט, איז, אַחוץ דער אינדוסטריאַליזאַציע, נאָך נייטיק אַריבערצוגיין פון דער דריבנער אינדיווידועלער פויערשער ווירטשאַפט צו אַ גרויסער קאָ־לעקטיווער לאַנדווירטשאַפט, אַ באַזאָרגטע מיט טראַקטאָרס און מאָדערנע לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינעס, אַלס די איינציקע פעסטע באַזע פון דער ראַטנמאַכט אין דאָרף.

די פּאַרטיי איז אַרויסגעגאַנגען דערפון, אַז אָן דער קאָלעקטיוויזאַציע איז אומעגלעך אַרויסצופירן אונדזער לאַנד אַפן ברייטן וועג פון אויסבויען דעם עקאָנאָמישן פונדאַמענט פון סאָציאַליזם, איז אומעגלעך צו באַפרייען דאָס פילמיליאָניקע אַרבעטנדיקע פויערטום פון דאַלעס און אומוויסנהייט.

לענין האָט געזאָגט, אַז

,,מיט דער קליינווירטשאַפט וועט מען פון דער נויט ניט אַרויסקריכן״ (זע ב. XXIV, ז. 540).

לענין האָט געזאָגט, אַז

,,אויב מיר וועלן אַפן אַלטן שטייגער זיצן אין די קליינע ווירטשאַפטן, כאָטש אַפילע אַלס פרייע בירגער אַף פרייער ערד, דראָעט אונדז סיי־ווי־סיי אַן אומפאַרמיידלעכער אומקום״ (זע ב. XX, ז. 417).

לענין האָט געזאָגט, אַז

,,בלויז מיט דער הילף פון דער געמיינזאַמער, אַרטעלישער, געמיינשאַפטלעכער מי קאָן מען אַרויסגיין פונעם טעמפּן ווינקל, אין וועלכן עס האָט אונדז פאַרטריבן די אימפּעריאַ־ליסטישע מילכאָמע״ (זע ב. XXIV, ז. 537).

לענין האָט געזאָגט, אַז

,,מע מוז אַריבערגיין צו געמיינזאַמער באַאַרבעטונג אין גרויסע מוסטערהאַפטע ווירט־שאַפטן; אָן דעם איז אומעגלעך אַרויסצוגיין פון יענעם כורבן, פון יענער מאַמעש פאַרצווייפלטער לאַגע, אין וועלכער רוסלאַנד געפינט זיך״ (זע ב. XX, ז. 418).

דערפון אַרויסגייענדיק, איז לענין געקומען צו פאָלגנדיקן גרונט־אויספיר:

,,בלויז אין דעם פאַל, ווען ס'וועט זיך איינגעבן אין דער ווירקלעכקייט צו באַווייזן די פויערים די מיילעס פונעם געזעלשאַפטלעכן, קאָלעקטיוון, געמיינשאַפטלעכן, אַרטעלישן באַאַר־בעטן די ערד, בלויז ווען עס וועט זיך איינגעבן צו העלפן דעם פויער, מיט דער הילף פון דער געמיינשאַפטלעכער, אַרטעלישער ווירטשאַפט, בלויז דאַן וועט דער אַרבעטער־קלאַס, וואָס האַלט אין זיינע הענט די מעלוכישע מאַכט, ווירקלעך דערווייזן דעם פויער זיין גערעכט־קייט, ווירקלעך צוציִען אַף זיין זייט פעסט און אַפּדערעמעסן די פילמיליאָניקע פויערשע מאַסע״ (זע ב. XXIV, ז. 579—580).

פונ די דאָזיקע האנאָכעס לענינס איז ארויסגעגאנגענ די פארטיי, דורכפירנדיק די פראָגראמ פונ קאָלעקטיוויזירנ די לאנדווירטשאפט, די פראָגראמ פונעמ פינפיאָר אינ געביט פונ דער לאנדווירטשאפט.

אינ צוזאמענהאנג דערמיט איז די אופגאבע פונעמ פינפיאָר אינ דער לאנדווירטשאפט באשטאנענ אינ דעמ, אז מע זאָל די צעשפליטערטע אונ דריבנע אינדיווידועלע פויערשע ווירטשאפטנ, וואָס האָבנ ניט די מעגלעכקייט אויסצונוצנ טראקטערס אונ מאָדערנע לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס, — פאראייניקנ אינ גרויסע קאָלעקטיווע ווירטשאפטנ, באוואָפנטע מיט אלע מאָדערנע געצייג פונ א הויכ אנטוויקלטער לאנדווירטשאפט, אונ די פרייע ערד באדעקנ מיט מוסטערהאפטע מעלוכישע ווירטשאפטנ, מיט ראטווירטנ.

די אופגאבע פונעמ פינפיאָר אינ דער לאנדווירטשאפט איז באשטאנענ דערינ, אז מע זאָל פארוואנדלענ פססר פונ א לאנד א קלײנפויערישעס אונ אנ אָפגעשטאנענס אינ א לאנד פונ גרויסער לאנדווירטשאפט, וואָס איז אָרגאניזירט אפ דער באזע פונ קאָלעקטיווער מי אונ וואָס גיט די גרעסטע סכוירעדיקייט.

וואָס האָט זיכ דערשלאָגנ די פארטיי, דורכפירנדיק די פראָגראמ פונעמ פינפיאָר אינ פיר יאָר אינ געביט פונ דער לאנדווירטשאפט? האָט זי אויסגעפילט די דאָזיקע פראָגראמ אָדער זי האָט געליטנ א קראכ?

די פארטיי האָט זיכ דערשלאָגנ, אז אינ משעכ פונ אוועלכע־ניט־איז דריי יאָר האָט זי באוויזנ צו אָרגאניזירנ העכער 200 טויזנט קאָלעקטיווע ווירטשאפטנ אונ בא 5 טויזנט ראטווירטנ פונ א טוועדיקער אונ פיציכטלערישער ריכטונג, אונ האָט זיכ דערשלאָגנ צוגלייכ דערמיט א פארברייטערונג פונ די פארזיי־שעטעכנ פאר 4 יאָר אפ 21 מיליאָנ העקטאר.

די פארטיי האָט זיכ דערשלאָגנ, אז די קאָלווירטנ פאראייניקנ איצט העכער 60% פויערשע ווירטשאפטנ אונ נעמענ ארומ העכער 70% פונ אלע פויערשע שעטעכנ, וואָס דאָס הייסט, אז דער פינפיאָר איז *אריבערגעשטיגנ אינ דריי מאָל*.

די פארטיי האָט זיכ דערשלאָגנ, אז אָנשטאָט 500—600 מיליאָנ פוד סכוירע-ברויט, וואָס מע פלעגט פארגרייטנ אינעמ פעריאָד, ווענ די אינדיווידועלע פויערשע ווירטשאפט האָט דאָמינירט, האָט זי איצט די מעגלעכקייט צו פארגרייטנ יעדעס יאָר 1 200—1 400 מיליאָנ פוד טבוע.

די פארטיי האָט זיכ דערשלאָגנ, אז דאָס באלעגופנטומ אלס קלאס איז צעגראָמירט, הגאמ עס איז נאָכ ניט דערשלאָגנ ביזנ סאָפ, דאָס האָרעפאשנע פויערטומ איז באפרייט פונ דער באלעגופישער פארשקלאפונג אונ עקספלואטאציע אונ אונטער דער ראטנמאכט איז אונטערגעפירט א פעסטע עקאָנאָמישע באזע אינ דאָרפ, די באזע פונ דער קאָלעקטיווער ווירטשאפט.

די פאַרטיי האָט זיך דערשלאָגן, אַז פּססר איז פון אַ לאַנד פון קליינ-פּויערשער ווירטשאַפט שוין איבערגעשטאַלטעט געוואָרן אין אַ לאַנד פון דער סאַמע גרעסטער לאַנדווירטשאַפט אין דער וועלט.

אָט דאָס זיינען אין אַלגעמיין די סאַכאַקלען פונעם פינפיאָר אין פיר יאָר אין געביט פון דער לאַנדווירטשאַפט.

איצט אורטיילט אַליין: וואָס איז ווערט נאָך דעם אַלעם די פּלאַ-פּלעריי פון דער בורזשואַזער פּרעסע וועגן „קראַך" פון דער קאָלעקטיוויזאַציע, וועגן „דורכפאַל" פונעם פינפיאָר אין געביט פון דער לאַנדווירטשאַפט.

און ווי איז די לאַגע מיט דער לאַנדווירטשאַפט אין די קאַפּיטאַ-ליסטישע לענדער, וואָס לעבן איצט איבער אַ גרויזאַמען לאַנדווירטשאַפטלעכן קריזיס?

אָט זיינען די אַלגעמיין-באַקאַנטע אָפיציעלע אָנגאַבן.

עס זיינען פאַרקירצט די פאַרזיי-שעטעכן אין די גרונטיקע ברויט-פּראָדוצירישע לענדער אַף 8—10 פּראָצ. עס זיינען פאַרקירצט די פאַרזיי-שעטעכן פון בוימוואָל אין די צאָפן-אַמעריקאַנישע פאַראייניקטע שטאַטן אַף 15%, פון צוקער-בורעקעס אין דייטשלאַנד און טשעכאָסלאָוואַקיע—אַף 22—30 פּראָצ., פון לײַן אין ליטע און לעטלאַנד — אַף 25—30 פּראָצ.

לויט די אָנגאַבן פונעם אַמעריקאַנישן לאַנדווירטשאַפטלעכן דעפּאַרטאַמענט, איז דער באַטרעף פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער ברוטאָ-פּראָדוקציע אין די צאָפן־אַמעריקאַנישע פאַראייניקטע שטאַטן געפאַלן פון 11 מיליאַרד דאָלאַר אין 1929 יאָר ביז 5 מיליאַרד אין 1932 יאָר, דה. מער ווי אַף 50%. דער באַטרעף פון דער ברוטאָ־פּראָדוקציע פון טוועץ איז דאָרט געפאַלן פון 1 288 מיליאָן דאָלאַר אין 1929 יאָר ביז 391 מיליאָן דאָלאַר אין 1932 יאָר, דה. מער ווי אַף 68%. לויט בוימוואָל איז דאָרט אויך אַ פאַרקלענערונג פון 1 389 מיליאָן דאָלאַר אין 1929 יאָר ביז 397 מיליאָן דאָלאַר אין 1932 יאָר, דה. אַ פאַרקלענערונג אַף העכער 70%.

צי ריידן דען ניט די דאָזיקע אַלע פאַקטן וועגן די מעלעס פון דער סאָוועטישער לאַנדווירטשאַפטלעכער סיסטעם לעגאַבע דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם? צי ריידן דען ניט די דאָזיקע אַלע פאַקטן וועגן דעם, אַז די קאָלווירטן זיינען אַ מער לעבנפייקע ווירטשאַפט-פאָרם, איידער די אינדי-ווידועלע און קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפטן?

מע זאָגט, אַז די קאָלווירטן און ראַטווירטן זיינען ניט אינגאַנצן רענ-טאַבל, אַז זיי שלינגען איין אַ יאַם מיטלען, אַז האַלטן אַזעלכע אונטערנע-מונגען האָט ניט קיין שום זין, אַז עס וואָלט געווען צוועקמעסיקער צו פאַנאַנדערלאָזן זיי, איבערלאָזנדיק בלויז די רענטאַבעלע פון זיי. נאָר אַזוי

ריידן קאָנען בלויז מענטשן, וואָס פארשטייען גאָרנישט אין פראגן פון פאָלקווירטשאפט, אין פראגן פון עקאָנאָמיק. העכער א העלפט טעקסטיל־אונטערנעמונגען זײַנען מיט עטלעכע יאָר צוריק געווען ניט רענטאבל. א טייל כאווירים אונדזערע האָבן אונדז דאן פאָרגעלייגט צו פארמאכן די דאָזיקע אונטערנעמונגען. וואָס וואָלט מיט אונדז געווען, ווען מיר וואָלטן זיי געפאָלגט? מיר וואָלטן באגאנגען דעם גרעסטן פארברעכן פארן לאנד, פארן ארבעטער־קלאס, ווײַל מיר וואָלטן דערמיט רויִנירט אונדזער שטײַגנדיקע אינדוסטריע. ווי זשע האָבן מיר דאן געטאָן? מיר האָבן אויסגעוואַרט העכער א יאָר און האָבן זיך דערשלאָגן דערצו, אז די גאנצע טעקסטיל־אינדוסטריע איז געוואָרן רענטאבל. און אונדזער אווטאָזאוואָד אין דער שטאָט גאָרקי? ער איז דאָך אויך דערווײַל ניט רענטאבל. וועט איר עפשער הייסן פארמאכן אים? אָדער אונדזער שווארצע מעטאלורגיע, וואָס איז אויך דערווײַל ניט רענטאבל? עפשער זאָלן מיר זי פארמאכן, כאווירים? אויב מע זאָל אזוי קוקן אף רענטאבלקײַט, וואָלטן מיר באדארפט אנטוויקלען מיט דער גאנצער שנעלקײַט בלויז אייניקע אינדוסטריע־צווײַגן, וואָס גיבן די גרעסטע רענטע, למשל,— די קאָנדיטערײַ־אינדוסטריע, די מיל־אינדוסטריע, די פארפומערישע, די טריקאָטאזש-אינדוסטריע, די אינדוסטריע פון קינדערשע שפּילצײַג א.א.וו. איך בין, פארשטייט זיך, ניט קעגן אנטוויקלען די דאָזיקע אינדוסטריע-צווײַגן. פארקערט, זיי דארפן אנטוויקלט ווערן, ווײַל אויך זיי זײַנען נייטיק דער באפעלקערונג. נאָר, ערשטנס, קאָנען זיי ניט אנטוויקלט ווערן אָן אויסשטאטונג און הייצווארג, וואָס די שווערע אינדוסטריע גיט זיי. צווייטנס, איז אף זיי אוממעגלעך צו באזירן די אינדוסטריאַליזאציע. אָט אין וואָס עס האנדלט זיך, כאווירים.

אף דער רענטאבלקײַט טאָר מען ניט קוקן אף א הענדלערישן אופן, פונעם שטאנדפונקט פון דער געגעבענער מינוט. די רענטאבלקײַט דארף מען נעמען פונעם שטאנדפונקט פון דער אלגעמיינער פאָלקווירטשאפט אינעם שניט פון עטלעכע יאָר. בלויז אזא שטאנדפונקט קאָן אָנגערופן ווערן א ווירקלעך לענינישער, א ווירקלעך מארקסיסטישער. און דער דאָזיקער שטאנדפונקט איז אָבליגאטעריש ניט בלויז בענעגייע דער אינדוסטריע, נאָר נאָך אין א גרעסערער מאָס — בענעגייע די קאָלווירטן און ראטווירטן. טוט נאָר א טראכט: אין אוועלכע דרײַ יאָר האָבן מיר געשאפן העכער 200 טויזנט קאָלווירטן און באַ 5 טויזנט ראטווירטן, ד.ה. מיר האָבן געשאפן אינגאנצן נײַע גרויסע אונטערנעמונגען, וואָס האָבן פונקט אזא באדײַטונג פאר דער לאנדווירטשאפט, ווי די זאוואָדן און פאבריקן פאר דער אינדוסטריע. רופט אָן א לאנד, וואָס זאָל האָבן באוויזן צו שאפן אין פארלויף פון דרײַ יאָר ניט 205 טויזנט נײַע גרויסע אונטערנעמונגען, נאָר כאָטש 25 טויזנט

אזוינע אונטערנעמונגענ. איר וועט ניט אָנרופנ, ווײַל ס'איז ניטאָ אונ ס'איז ניט געווענ אזא לאנד. אונ מיר האָבנ געשאפנ 205 טויזנט נײַע אונטערנעמונגענ אינ דער לאנדווירטשאפט. אונ אָט, ווײַזט זיכ ארויס, זײַענ פאראנ אפ דער וועלט מענטשנ, וואָס פאָדערנ, אז די דאָזיקע אונטערנעמונגענ זאָלנ מיטאמאָל ווערנ רענטאבל, אונ אויב זיי וועלנ ניט ווערנ מיטאמאָל רענטאבעלע, זאָל מענ זיי צעשטערנ אונ פאנאנדערלאָזנ. צי איז דענ ניט קלאָר, אז העראָסטראטס לאָרבער־קרענצ לאָזנ ניט שלאָפנ די דאָזיקע מער ווי מאָדנע מענטשנ?

ריידנדיק וועגנ דער ניט־רענטאבלקײַט פונ די קאָלווירטנ אונ ראט־ווירטנ, וויל איכ קלאל ניט זאָגנ, אז זיי זײַנענ אלע ניט קיינ רענטא־בעלע. ס'הייבט זיכ ניט אָנ! אלעמענ איז באוווּסט, אז שוינ איצט איז פאראנ א גאנצע ריי הויכ-רענטאבעלע קאָלווירטנ אונ ראטווירטנ. בא אונדז זײַנענ פאראנ טויזנטער קאָלווירטנ אונ צענדליקער ראטווירטנ, וואָס זײַנענ שוינ איצט פולקומ רענטאבל. די דאָזיקע קאָלווירטנ אונ ראטווירטנ זײַנענ די שטאָלצ פונ אונדזער פּארטיי, די שטאָלצ פונ דער ראטנמאכט. די קאָלווירטנ אונ ראטווירטנ זײַנענ, פארשטייט זיכ, ניט אומעטומ אײנציינע. צווישנ די קאָלווירטנ אונ ראטווירטנ זײַנענ פאראנ אלטע, נײַע אונ גאָר יונגע. דאָס זײַנענ נאָכ שוואכע, ניט אינגאנצנ אויסגעפורעמטע ווירטשאפט־לעכע אָרגאניזמענ. זיי לעבנ איבער אינ זייער אָרגאניזאציאָנעלער בויונג אומגעפער דעמ זעלבנ פּעריאָד, וואָס אונדזערע זאוואָדנ אונ פאבריקנ האָבנ איבערגעלעבט אינ די יאָרנ 1920—1921. עס פארשטייט זיכ, אז זיי קאָנענ נאָכ ניט זײַנ קיינ רענטאבעלע אינ דער מערהײַט זייערער. אָבער אז זיי וועלנ ווערנ רענטאבעלע אינ פארלויפ פונ 2—3 יאָר, פּונקט ווי עס זײַנענ געוואָרנ רענטאבל אונדזערע פאבריקנ אונ זאוואָדנ נאָכנ 1921 יאָר, — דעריג קאָנ ניט זײַנ קיינ שומ צווייפל. אָפּזאָגנ זיי אינ הילפּ אונ אונטערשטיצונג אפ דעמ גרונט, וואָס ניט אלע זײַנענ זיי רענטאבעלע אינ דער געגעבע־נער מינוט, — הייסט באגיינ דעמ גרעסטנ פארברעכנ קעגנ דעמ ארבעטער־קלאס אונ דעמ פּויערטומ. בלויז סאָנימ פונ פאָלק אונ קאָנטררעוואָלוציאָ־נערנ קאָנענ שטעלנ די פראגע וועגנ דער אומנייטיקײַט פונ די קאָלווירטנ אונ ראטווירטנ.

פארווירקלעכנדיק דעמ פינפיאָר אינ דער לאנדווירטשאפט, האָט די פּארטיי דורכגעפירט די קאָלעקטיוויזאציע מיט פארשנעלערטע טעמפּנ. צי האָט די פּארטיי ריכטיק געהאנדלט, דורכפירנדיק די פּאָליטיק פונ פאר־שנעלערטע קאָלעקטיוויזאציע-טעמפּנ? יאָ, אומבאדינגט ריכטיק, האגאמ דאָ זײַנענ ניט געווענ אויסגעמיטנ געוויסע פאלנ פונ איבערכאפּנ די מאָס. דורכפירנדיק די פּאָליטיק פונ ליקווידירנ דאָס באלעגופנטומ אלס קלאס

און אויסקאָרטשעווענדיק די באַלעגופּישע נעסטנ, האָט די פּאַרטיי ניט געקאָנט אָפּשטעלנ זיכ אינמיטנ וועג, — זי האָט געמוזט דערפירנ די דאָזיקע זאַכ ביזנ סאָפ.

דאָס איז ערשטנס.

צווייטנס, האָבנדיק טראַקטערס און לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינעס, פונ איינ זײַט, און באַנוצנדיק זיכ דערמיט, וואָס ס׳איז ניטאָ קיינ פּריוואַט־אייגנטום אַפּ דער ערד (נאַציאָנאַליזאַציע פונ דער ערד!), פונ דער צווייטער זײַט, האָט די פּאַרטיי געהאַט אַלע מעגלעכקײַטנ צו פאָרסירנ די קאָלעקטיוויזאַציע פונ דער לאַנדווירטשאַפט. און זי האָט זיכ ווירקלעכ דערשלאָגנ אינעם דאָזיקנ געביט דעמ גרעסטנ דערפאָלג, ווײַל זי האָט אַריבערגעשטיגנ די פּראָגראַמ פונעמ פינפיאָר אינ דער קאָלעקטיוויזאַציע אינ דרײַ מאָל.

צי באַטײַט דאָס, אַז מיר דאַרפנ דורכפירנ די פּאָליטיק פונ פאָרסירטע קאָלעקטיוויזאַציע-טעמפּנ אויכ אינעמ פּעריאָד פונ צווייטנ פינפיאָר? ניינ, עס באַטײַט ניט. די זאַכ באַשטייט דערינ, וואָס מיר האָבנ שוינ אינ גרונט פ א ר ע נ ד י ק ט די קאָלעקטיוויזאַציע פונ די גרונט-ראַיאָנענ פונ פּססר. הייסט עס, אַז מיר האָבנ אויפגעטאָנ אינעמ דאָזיקנ געביט מער, איידער מע האָט געקאָנט דערוואַרטנ. און ניט בלויז מיר האָבנ פאַרענדיקט אינ גרונט די קאָלעקטיוויזאַציע. מיר האָבנ זיכ דערשלאָגנ דערצו, אַז אינעמ באַוווסטזײַנ פונ דער קאָלאָסאַלער מערהײַט פויערטומ זײַנעג די קאָלווירטנ געוואָרנ די סאַמע אָנגעמבאַרע ווירטשאַפט־פאָרמ. דאָס איז אַ קאָלאָסאַלע דעראָבערונג, כאַווייריִמ. צי לוינט נאָכדעמ אָנצומאַכנ אַ היצ מיקויעכ שנעלע קאָלעקטיוויזאַציע־טעמפּנ? קלאָר, אַז עס לוינט ניט.

איצט שטייט די פראַגע שוינ ניט וועגנ פאַרשנעלערטע קאָלעקטיוויזאַציע-טעמפּנ און אַוואַדע שוינ ניט וועגנ דעמ — צי זאָלנ די קאָלווירטנ זײַנ אָדער ניט זײַנ, — די דאָזיקע פראַגע איז שוינ געלייזט פּאָזיטיוו. די קאָלווירטנ זײַנעג פאַרפעסטיקט, און דער וועג צו דער אַלטער, אינדיווידועלער ווירטשאַפט איז פאַרמאַכט ענדגילטיק. אַצינד איז די אויפגאַבע דערינ, אַז מע זאָל פאַרפעסטיקנ די קאָלווירטנ אָ ר ג א נ י ז א צ י אָ נ ע ל, אַרויסשמײַסנ פונ דאָרט די שעדיקערישע עלעמענטנ, צוקלײַבנ ווירקלעכע, דורכגעקאָנטראָלירטע באָלשעוויסטישע קאַדרעג פאַר די קאָלווירטנ און מאַכנ די קאָלווירטנ פאַר ווירקלעכ באָלשעוויסטישע.

אָט דאָס איז איצט דער איקער.

אַזוי האַלט עס מיטנ פינפיאָר אינ פיר יאָר אינ געביט פונ דער לאַנדווירטשאַפט.

## V

# די סאכאקלען פונעם פינפיאָר אין פיר יאָר אין געביט פון פארבעסערן די מאטעריעלע לאגע פון די ארבעטער און פויערים

איך האָב פריִער גערעדט וועגן די דערפאָלגן אין געביט פון דער אינדוסטריע און פון דער לאנדווירטשאפט, וועגן דעם אופשטייַג פון דער אינדוסטריע און פון דער לאנדווירטשאפט אין פססר. וואָס פאר א רעזול־טאטן האָבן זיך באקומען פון די דאָזיקע דערפאָלגן פונעם שטאנדפונקט פון פארבעסערן די מאטעריעלע לאגע פון די ארבעטער און פויערים? אין וואָס באשטייען די גרונט-רעזולטאטן פון אונדזערע דערפאָלגן אין גע־ביט פון דער אינדוסטריע און פון דער לאנדווירטשאפט פונעם שטאנדפונקט פון ראדיקאלן פארבעסערן די מאטעריעלע לאגע פון די ארבעטנדיקע?

זיי באשטייען, ערשטנס, אינעם פארניכטן די ארבעטלאָזי־קייַט און אין ליקווידירן צווישן די ארבעטער די אומזיכערקייַט אינעם מאָרגעדיקן טאָג.

זיי באשטייען, צווייטנס, אין ארומנעמען קימאט די גאנצע פויערשע אָרעמשאפט דורך דער קאָלווירטישער בויונג, אין ארונטערייַסן אף דער דאָזיקער באזע די פאנאנדערשיכטונג פונעם פויערטום אף באלעגופים און אָרעמפויערים און אינעם פארניכטן אין צוזאמענהאנג דערמיט די פאראָרעמטקייַט און דעם פאופעריזם אין דאָרף.

דאָס איז א ריזיקע דעראָבערונג, כאווײרים, וועגן וועלכער עס קאָן ניט טרוימען קיין איינ בורזשואזע מעלוכע, זאָל זי אפילע זייַן די סאמע „דעמאָקראטישסטע” מעלוכע.

בא אונדז, אין פססר, האָבן שוין די ארבעטער לאנג פארגעסן וועגן ארבעטלאָזיקייַט. מיט א יאָר דרייַ צוריק האָבן מיר געהאט בא אָנדערהאלבן מיליאָן ארבעטלאָזע. אָט איז שוין צוויי יאָר, ווי מיר האָבן פארניכטעט די ארבעטלאָזיקייַט. און די ארבעטער האָבן שוין באוויזן צו פארגעסן פאר דער צייַט וועגן ארבעטלאָזיקייַט, וועגן איר דרוק, וועגן אירע שוידערלעכ־קייַטן. טוט נאָר א קוק אף די קאפיטאליסטישע לענדער, וואָס פאר א שוידערלעכקייַטן קומען דאָרט פאָר אפן באָדן פון ארבעטלאָזיקייַט. אין די דאָזיקע לענדער איז איצט פאראן ניט ווייניקער ווי 30—40 מיליאָן ארבעטלאָזע. וואָס זייַנען דאָס פאר א מענטשן? וועגן זיי זאָגט מען, גע־ווייַנלעך, אז דאָס זייַנען „פארפאלענע מענטשן”.

יעדן טאָג רייַסן זיי זיך צו ארבעט, זוכן ארבעט, זייַנען גרייט אָנע־

מען קימאט יעדע באדינגונגען פון ארבעט, אָבער מע נעמט זיי ניט אַפּ ארבעט דערפאר, ווײַל זיי זײַנען „איבעריקע" מענטשן. און דאָס איז אין דער צײַט, ווען קאָלאָסאלע מאסן סכוירעס און פּראָדוקטן ווערן צעטרענצלט צוליב די קאפּריזן פון די געקאָליעטע לײַט, די זינדלעך פון קאפּיטאליסטן און פּריצים. די ארבעטלאָזע זאָגט מען אָפּ ארויסצוגעבן שפּײַז דערפאר, ווײַל זיי האָבן ניט מיט וואָס צו צאָלן פאר דער שפּײַז, מע זאָגט זיי אָפּ צו געבן א דאך איבערן קאָפּ דערפאר, ווײַל זיי האָבן ניט מיט וואָס צו צאָלן דירע־געלט. מיט וואָס און ווי לעבן זיי? זיי לעבן מיט נעבעכדיקע נעדאָוועס פונעם פּאָרעצס טיש, דערמיט, וואָס זיי גריבלען זיך אין מיסט־קאסטנס, ווו זיי געפינען צעפוילטע רעשטן שפּײַז, זיי וווינען אין די פּארוואָרפענע לעכער פון די גרויסע שטעט, און מערסטנטייל אין הײַזקעס הינטער דער שטאָט, וואָס די ארבעטלאָזע האָבן אפּגיך אופגעבויט פון קעסטלעך-ברעטער און פון קאָרע. אָבער דאָס איז נאָך ניט אלץ. פון דער ארבעטלאָזיקײַט לײַדן ניט נאָר די ארבעטלאָזע. פון איר לײַדן אויך די ארבעטער, וואָס האָבן ארבעט. זיי לײַדן, ווײַל די גרויסע צאָל ארבעט־לאָזע שאפט פאר זיי א ניט־שטאנדהאפטיקע לאגע אין דער פּראָדוקציע, אן אומזיכערקײַט אינעם מאָרגעדיקן טאָג. הײַנט ארבעטן זיי אין דער אונטערנעמונג, אָבער זיי זײַנען ניט זיכער, אז, אופכאפּנדיק זיך מאָרגן אינדערפרי, וועלן זיי זיך ניט דערוויסן, אז זיי זײַנען שוין אָפּגעזאָגט.

איינע פון די גרונט-דערגרעבערונגען פונעם פינפיאָר אין 4 יאָר באשטייט דערין, וואָס מיר האָבן פארניכטעט די ארבעטלאָזיקײַט און באפרײַט די ארבעטער פון פּסכר פון אירע שוידערלעכקײַטן.

דאָס זעלביקע דארף מען זאָגן וועגן די פּויערים. זיי האָבן אויך פאר־געסן וועגן דער פאנאנדערשיכטונג פון די פּויערים אָפּ באלעגופים און אָרעמפּויערים, וועגן דער עקספּלואטאציע פון דער אָרעמשאפט מיצאד די באלעגופים, וועגן דער רויִנירונג, וואָס פלעגט יעדן יאָר מאכן פאר בעטלערס הונדערטער טויזנטער און מיליאָנען פון דער אָרעמשאפט. מיט א 3—4 יאָר צוריק איז בא אונדז צווישן די פּויערים געווען אָרעמפּויערים ניט ווייניקער פון 30% פון דער גאנצער פּויערשער באפעלקערונג. דאָס האָט אויסגעמאכט מער ווי א צענדליק מיליאָן מענטשן. און נאָך פריִער, ביז דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, האָבן די אָרעמפּויערים אויסגעמאכט ניט ווייניקער ווי 60% פון דער פּויערשער באפעלקערונג. וואָס זײַנען אזוינס אָרעמפּויערים? דאָס זײַנען אזעלכע מענטשן, בא וועלכע עס פלעגט, געוויינלעך, פעלן כאר זייער ווירטשאפט אָדער זריע, אָדער א פערד, אָדער געצײַג, אָדער עס פלעגן פעלן אָט־די אלע זאכן צוזאמען גענומען. אָרעמפּויערים דאָס זײַנען אזעלכע מענטשן, וואָס האָבן געלעבט האלב-הונגערנדיק און וואָס זײַנען

אלס קלאל געווענ פארשקלאפט בא די באלעגופים, אונ אינ דער אלטער צײַט — סײַ בא די באלעגופים סײַ בא די פריצים. נאָכ גאָר ניט לאנג פלעגט בא אָנדערהאלבנ מיליאָנ אָדער גאנצע צוויי מיליאָנ אָרעמפויערימ יעדעס יאָר זיכ לאָזנ זוכנ פארדינסטנ אפ דאָרעמ — אפ צאָפנ-קאווקאז אונ אוקראינע, זיכ אָנדינגענ צו די באלעגופים, אונ נאָכ פריער — צו די באלעגופים אונ פריצים. נאָכ מער פלעגט קומענ פונ זײ יערלעכ צו די זאוואָדישע טויערנ, אונ פלעגט אָנפילנ די רייענ ארבעטלאָזע. אונ ניט נאָר אָרעמפויערימ האָבנ זיכ געפונענ אינ אזא לאגע, וואָס איז ניט מעקאנע צו זײַנ. א גוטע העלפט מיטלפויערימ האָט זיכ געפונענ אינ דער זעלבער נויטבאדערפטיקײַט אונ דאכקעס, ווי די אָרעמפויערימ. וועגנ דעמ אלצ האָבנ שוינ די פויערימ באוויזנ צו פארגעסנ.

וואָס האָט געגעבנ דער פינפיאָר אינ פיר יאָר די אָרעמפויערימ אונ די אונטערשטע שיכטנ מיטלפויערימ? ער האָט אונטערגעריסנ אונ צעקלאפט דאָס באלעגופנטומ אלס קלאס, באפרײַענדיק די אָרעמפויערימ אונ א גוטע העלפט מיטלפויערימ פונ באלעגופישער פארשקלאפונג. ער האָט זײ ארײַנגעצויגנ אינ די קאָלווירטנ אונ האָט באשאפנ פאר זײ א פעסטע לאגע. ער האָט פארניכטעט דערמיט גופע די מעגלעכקײַט פונ פאנאנדערשיכטונג פונעמ פויערטומ אפ עקספלואטאטערס — באלעגופימ אונ עקספלואטירטע — אָרעמפויערימ. ער האָט אופגעהויבנ די אָרעמשאפט אונ די אונטערשטע שיכטנ מיטלפויערימ אינ די קאָלווירטנ ביז דער לאגע פונ מענטשנ באזאָרגטע, פארניכטנדיק דערמיט גופע דעמ פראָצעס פונ רויִנירונג אונ פאופעריזאציע פונעמ פויערטומ. איצט האָבנ מיר שוינ ניט אזעלכע פאלנ, אז מיליאָנענ פויערימ זאָלנ זיכ אָפרײַסנ פונ זייערע ערטער אונ אוועקגיינ זוכנ פארדינסטנ אינ ווײַטע קאנטנ. קעדײ ארויסשלעפנ א פויער אפ ארבעטס ערגעץ-ווו, אויסער זײַנ אייגענעמ קאָלווירט, דארפ מענ איצט אונטערשרײַבנ אנ אָפמאכ מיטנ קאָלווירט אונ דערצו נאָכ באוואָרענענ דעמ קאָלווירטניק אנ אומזיסטע רײַזע מיט דער אײַזנבאנ. איצט האָבנ מיר שוינ ניט אזעלכע פאלנ, אז הונדערטער טויזנטער אונ מיליאָנענ פויערימ זאָלנ רויִנירט ווערנ אונ זאָלנ אָפשלאָגנ די שוועלנ פונ די פאבריקנ אונ זאוואָדנ. אזעלכע זאכנ זײַנענ געווענ, אָבער איצט איז שוינ לאנג פונ זײ קיינ זייכער ניט געבליבנ. איצט איז דער פויער — א באוואָרנטער באלעבאָס, א מיטגליד פונ קאָלווירט, וועלכער האָט אינ זײַנ רעשוס טראקטערס, לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס, זריִע־פאָנדנ, רעזערוו־פאָנדנ אאוו. אדג.

אָט וואָס דער פינפיאָר האָט געגעבנ דער אָרעמשאפט אונ די אונטערשטע שיכטנ מיטלפויערימ.

אָט אינ וואָס עס באשטייט דער טאָכ פונ די גרונטלעכע דעראָבערונ־

גען פונעם פינפיאָר אין געביט פון פארבעסערן די מאטעריעלע לאגע פון די ארבעטער און פויערים.

אין רעזולטאט פון אָט-די גרונטיקע דערגרייכונגען אין געביט פון פארבעסערן די מאטעריעלע לאגע פון די ארבעטער און פויערים, האָבן מיר פארן ערשטן פינפיאָר:

א) א וווקס פון דער צאָל ארבעטער און אָנגעשטעלטע אין דער גרויס־אינדוסטריע אין צוויי מאָל אין פארגלייך מיטן יאָר 1928, וואָס דאָס גיט אן איבערשטייגונג פונעם פינפיאָר־פּלאן אף 57%;

ב) א וווקס פון דער פאָלק-האכנאָסע, — הייסט עס, א וווקס פון די האכנאָסעס פון די ארבעטער און פון די פויערים, — וואָס האָט אין 1932 יאָר דערגרייכט ביז 45,1 מיליארד רובל, וואָס דאָס גיט א העכערונג אף 85% אין פארגלייך מיטן 1928 יאָר;

ג) א וווקס פונעם דורכשניטלעכ־יערלעכן ארבעטלוין פון די ארבעטער און אָנגעשטעלטע אין דער גרויס־אינדוסטריע אף 67% אין פארגלייך מיטן 1928 יאָר, וואָס דאָס גיט אן איבערשטייגונג פונעם פינפיאָר-פּלאן אף 18%;

ד) א וווקס פונעם פאָנד פון סאָציאַלער סטראכירונג אף 292% אין פארגלייך מיטן 1928 יאָר (4 120 מיליאָן רובל אין 1932 יאָר לעגאבע 1 050 מיליאָן רובל אין 1928 יאָר), וואָס דאָס גיט אן איבערשטייגונג פונעם פינפיאָר-פּלאן אף 111%;

ה) א וווקס פון דער געזעלשאפטלעכער דערנערונג, וואָס כאפט ארום העכער 70% ארבעטער פון די אנטשיידנדיקע צווייגן פון דער אינדוסטריע, וואָס דאָס גיט אן איבערשטייגונג פון דעם פינפיאָר־פּלאן אין זעקס מאָל.

געוויס, מיר האָבן זיך נאָך ניט דערשלאָגן, אז די מאטעריעלע באַדערפעניש פון די ארבעטער און פויערים זאָלן זיין פולשטענדיק באזאָרגט. און ס'איז א סאָפעק, צי וועלן מיר זיך דאָס דערשלאָגן אין די נאָענטסטע יאָרן. אָבער מיר האָבן אָן סאָפעק זיך דערשלאָגן, אז די מאטעריעלע לאגע פון די ארבעטער און פויערים ווערט בא אונדז פארבעסערט פון יאָר צו יאָר. דעריבן קאָנען צווייפלען עפשער נאָר פארביטערטע סאָנים פון דער ראטנמאכט, אָדער, עפשער, אייניקע פאָרשטייער פון דער בורזשואזער פרעסע, דערונטער אויך איין טייל קאָרעספּאָנדענטן פון דער דאָזיקער פרעסע אין מאָסקווע, וואָס פארשטייען אין דער עקאָנאָמיק פון די פעלקער און אין דער לאגע פון די ארבעטנדיקע קוים עטוואָס מער, איידער, לאָמיר זאָגן, דער אביסינישער קיניג אין העכערער מאטעמאטיק.

און ווי האלט עס מיט דער לאגע פון די ארבעטער און פויערים אין די קאפּיטאליסטישע לענדער?

אָט זיינען אָפיציעלע אָנגאבן.

עס איז קאַטאַסטראָפאַל אויסגעוואַקסן די צאָל אַרבעטלאָזע אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער. אין די צפון-אַמעריקאַנישע פאַראייניקטע שטאַטן איז, לויט די אָפיציעלע אָנגאַבן, בלויז אין דער באַאַרבעטנדיקער אינדוסטריע די צאָל באַשעפטיקטע אַרבעטער פאַרקלענערט געוואָרן פון 8,5 מיליאָן מענטשן אין 1928 יאָר ביז 5,5 מיליאָן אין 1932 יאָר, לויט די אָנגאַבן ווידער פון דער אַמעריקאַנער אַרבעט־פעדעראַציע דערגייט שוין די צאָל אַרבעטלאָזע אין די צפון־אַמעריקאַנישע פאַראייניקטע שטאַטן צום סאָף 1932 יאָר אין דער גאַנצער אינדוסטריע ביז 11 מיליאָן מענטשן. אין ענגלאַנד איז די צאָל אַרבעטלאָזע, לויט די אָנגאַבן פון דער אָפיציעלער סטאַטיסטיק, אויסגעוואַקסן פון 1 290 טויזנט אין 1928 יאָר ביז 2,8 מיליאָן מענטשן אין 1932 יאָר. אין דייטשלאַנד איז, לויט די אָפיציעלע אָנגאַבן, די צאָל אַרבעטלאָזע אויסגעוואַקסן פון 1 376 טויזנט אין 1928 יאָר ביז 5,5 מיליאָן אין 1932 יאָר. פונקט אַזאַ בילד זעען מיר אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, דערביי פאַרקלענערט, אַלס קלאַל, די אָפיציעלע סטאַטיסטיק די אָנגאַבן וועגן די אַרבעטלאָזע, וואָס זייער צאָל וואַקלט זיך אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער פון 35 ביז 40 מיליאָן מענטשן.

עס ווערט סיסטעמאַטיש דורכגעפירט אַן אַראָפּזעצונג פונעם אַרבעטלוין פון די אַרבעטער. לויט די אָפיציעלע אָנגאַבן איז די פאַרקלענערונג פונעם דורכשניטלעכ־כוידעשלעכן אַרבעטלוין אין די צפון־אַמעריקאַנישע פאַראייניקטע שטאַטן דערגאַנגען ביז 35% אין פאַרגלייך מיטן ניוואָ פון 1928 יאָר, אין ענגלאַנד פאַר דער זעלבער צייט — ביז 15%, און אין דייטשלאַנד אפילע ביז 50%. לויט די אויסרעכענונגען פון דער אַמעריקאַנישער אַרבעט־פעדעראַציע, האָבן די פאַרלוסטן פון די אַמעריקאַנישע אַרבעטער אין רעזולטאַט פון אַראָפּזעצן דעם אַרבעטלוין אין 1930/31 יאָר באַטראָפן העכער 35 מיליאַרד דאָלאַר.

עס זיינען באַדייטנדיק פאַרקלענערט געוואָרן די אַזוי אויך ניט־באַדייטנדיקע פאָנדן פון סטראַכירן די אַרבעטער אין ענגלאַנד און אין דייטשלאַנד. אין די צפון־אַמעריקאַנישע פאַראייניקטע שטאַטן און אין פראַנקרייך זיינען גאָר ניטאָ אָדער עס זיינען קימאַט ניטאָ קיין וועלכע־ניט־איז פאָרמען פון סטראַכירן די אַרבעטלאָזע, און איבער דעם וואַקסט קאָלאָסאַל די צאָל היימלאָזע אַרבעטער און פאַרוואָרלאָזטע קינדער, באַזונדערס אין די צפון-אַמעריקאַנישע פאַראייניקטע שטאַטן.

ניט בעסער האַלט עס מיט דער לאַגע פון די פויערשע מאַסן אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, ווו דער לאַנדווירטשאַפטלעכער קריזיס רייסט אַרונטער אין גרונט די פויערשע ווירטשאַפט און מאַכט פאַר בעטלער מיליאָנען רויִנירטע פויערים און פערמערס.

אַט דאָס זײַנען די סאכאקלענ פונעמ פינפיאָר אינ פיר יאָר אינ געביט פונ פארבעסערנ די מאטעריעלע לאגע פונ די ארבעטנדיקע פונ פססר.

## VI

## די סאכאקלענ פונעמ פינפיאָר אינ פיר יאָר אינ געביט פונ סכוירע־אומזאצ צווישנ שטאָט אונ דאָרפ

לאָמיר איצט אריבערגײנ צו דער פראגע וועגנ די סאכאקלענ פונעמ פינפיאָר אינ פיר יאָר אינ געביט פונ וווּקס פונעמ סכוירע־אומזאצ צווישנ שטאָט אונ דאָרפ.

דער ריזיקער וווּקס פונ דער פראָדוקציע פונ דער אינדוסטריע אונ פונ דער לאנדווירטשאפט, דער וווּקס פונ די סכוירעס־מויסרעס סײַ אינ דער אינדוסטריע סײַ אויכ אינ דער לאנדווירטשאפט, צולעצט, דער וווּקס פונ די באדערפענישנ פונ די ארבעטער אונ פויערימ, — דאָס אלץ האָט ניט געקאָנט ניט ברענגענ אונ עס האָט ווירקלעכ געבראכט צו אנ אופלעבונג אונ פאר־ברייטערונג פונעמ סכוירע־אומזאצ צווישנ שטאָט אונ דאָרפ.

דער פראָדוצירישער צוזאמענשלוס צווישנ שטאָט אונ דאָרפ איז די גרונט־פאָרמ פונ צוזאמענשלוס. אָבער בלויז דער פראָדוצירישער צוזאמענ־שלוס אליינ איז ניט גענוג. מע דארפ אימ דערגאנצנ מיט א סכוירע־צוזאמענ־שלוס, קעדיי די פארבינדונג צווישנ שטאָט אונ דאָרפ זאָל ווערנ א פעסטע אונ אומצערײַסלעכע. דאָס קאָנ מענ זיכ דערשלאָגנ בלויז דורכ פאנאנדער־וויקלענ דעמ סאָוועטישנ האנדל. עס וואָלט געווענ ניט ריכטיק צו מיינענ, אז דעמ סאָוועטישנ האנדל קאָנ מענ פאנאנדערוויקלענ דורכ אוועלכנ־עס־איז איינ קאנאל, צומבײַשפּיל, דורכ דער קאָאָפּעראציע. קעדיי צו פאנאנדערוויק־לענ דעמ סאָוועטישנ האנדל, מוז מענ אויסנוצנ אלע קאנאלנ: סײַ די קאָאָפּעראטיווע נעצ, סײַ די מעלוכישע האנדל־נעצ, סײַ דעמ קאָלווירטישנ האנדל.

אייניקע כאווײרימ מיינענ, אז דאָס פאנאנדערוויקלענ דעמ סאָוועטישנ האנדל, באזונדערס דאָס פאנאנדערוויקלענ דעמ קאָלווירטישנ האנדל, איז א צוריקקער צו דער ערשטער סטאדיע נעפּ. דאָס איז לאכלוטנ ניט ריכטיק.

צווישנ דעמ סאָוועטישנ האנדל, דערונטער דעמ קאָלווירטישנ האנדל, אונ דעמ האנדל פונ דער ערשטער סטאדיע נעפּ עקזיסטירט א ראדיקאלער אונטערשייד.

אינ דער ערשטער סטאדיע נעפּ האָבנ מיר דערלאָזנ אנ אופלעבונג פונ קאפּיטאליזמ, האָבנ מיר דערלאָזנ פריוואטנ סכוירע-אומזאצ, האָבנ מיר דער־לאָזנ „די טעטיקײַט" פונ פריוואטע הענדלער, קאפּיטאליסטנ, ספּעקוליאנטנ.

דאָס איז געווענ א מער ווייניקער פרײַער האנדל, וואָס איז געווענ

באגרענעצט בלויז דורך דער רעגולירנדיקער ראָליע פון דער מעלוכע. דעמלט האָט דער פריוואט־קאפיטאליסטישער סעקטער אינעם סכוירע־אומזאץ פונעם לאנד פארנומען א גאנץ גרויס אָרט. איך רייד שוין ניט וועגן דעם, אז דעמלט האָבן מיר ניט געהאט ניט אזא אנטוויקלטע אינדוסטריע, ווי איצט, מיר האָבן ניט געהאט ניט קיין קאָלווירטן, ניט קיין ראטווירטן, וואָס ארבעטן לויט א פלאן און וואָס גיבן אָפ אין רעשוס פון דער מעלוכע קאָלאָסאלע רעזערוון לאנדווירטשאפטלעכע פראָדוקטן און שטאָטישע פאבריקאטן.

צי דען קאָן מען זאָגן, אז בא אונדז איז איצט אויך אזא לאגע? געוויס, קאָן מען דאָס ניט זאָגן.

ערשטנס, דעם סאָוועטישן האנדל קאָן מען ניט שטעלן אפ איין ברעט מיטן האנדל פון דער ערשטער סטאדיע נעפ, זאָל זײַן אפילע א רעגולירטן דורך דער מעלוכע. אויב דער האנדל אין דער ערשטער סטאדיע נעפ האָט דערלאָזן אן אופלעבונג פון קאפיטאליזם און די פונקציאָנירונג פונעם פריוואט-קאפיטאליסטישן סעקטער אינעם סכוירע-אומזאץ, גייט דער סאָוועטישער האנדל ארויס פון אָפלייקענען סײַ דאָס סײַ יענץ. וואָס איז אזוינס סאָוועטישער האנדל? סאָוועטישער האנדל איז א האנדל אָן קאפיטאליסטן — קליינע און גרויסע, א האנדל אָן ספעקוליאנטן — קליינע און גרויסע. דאָס איז א באזונדער מין האנדל, וואָס ביז איצט האָט נאָך די געשיכטע ניט געוווּסט פון אזא און וואָס בלויז מיר, באָלשעוויקעס, פראקטיקירן אין די באדינגונגען פון דער סאָוועטישער אנטוויקלונג.

צווייטנס, מיר האָבן איצט א גענוג אנטוויקלטע מעלוכישע אינדוסטריע און א גאנצע סיסטעם קאָלווירטן און ראטווירטן, וואָס זיכערן דער מעלוכע קאָלאָסאלע רעזערוון לאנדווירטשאפטלעכע און אינדוסטריעלע סכוירעס אפ צו פאנאנדערוויקלען דעם סאָוועטישן האנדל. דאָס איז ניט געווען און עס האָט ניט געקאָנט זײַן אין די באדינגונגען פון דער ערשטער סטאדיע נעפ.

דריטנס, מיר האָבן זיך דערשלאָגן, אז פארן לעצטן פעריאָד האָבן מיר פולשטענדיק ארויסגעשלײַדערט פון סכוירע-אומזאץ די פריוואטע הענדלער, סאָכרים, פארמיטלער פון אלערליי מינים. געוויס, דאָס שליסט ניט אויס, אז עס קאָנען פונדאָסנײַ זיך באווײַזן אינעם סכוירע-אומזאץ, לויטן געזעץ פון אטאוויזם, פריוואטע הענדלער און ספעקוליאנטן, אויסנוצנדיק דערצו דאָס סאמע באקוועמע פעלד פאר זיי, נעמלעך — דעם קאָלווירטישן האנדל. נאָך מער, די קאָלווירטניקעס גופע זײַנען צומאָל באלאָנים צו לאָזן זיך ספעקולירן, וואָס עס פארשאפט זיי, פארשטייט זיך, ניט קיין קאָוועד. אָבער קעגן אָט־די דאָזיקע אומגעזונטע דערשײַנונגען האָבן מיר דעם געזעץ, וואָס די ראטנמאכט האָט ניט לאנג ארויסגעגעבן, וועגן די מיטלען פון איבערהאקן די ספעקוליאציע און באשטראָפן די ספעקוליאנטן. איר

ווייסט געוויס, אז דער דאָזיקער געזעץ ליידט ניט אַפּ באַזונדערער ווייכ־קייט. איר וועט געוויס פאַרשטיין, אז אזא געזעץ איז ניט געווען און האָט ניט געקאָנט זיין אין די באַדינגונגען פון דער ערשטער סטאַדיע נעפּ.

איר זעט, אז נאָכ דעם אַלעם ריידן וועגן א צוריקער צום האנדל פון דער ערשטער סטאַדיע נעפּ, — הייסט גאָרנישט, טאַקע לאַכלוטן גאָרנישט ניט פאַרשטיין אין אונדזער סאָוועטישער עקאָנאָמיק.

מע זאָגט אונדז, אז ס'איז אומעגלעכ צו פאַנאַנדערוויקלען דעם האנדל, וועגן ער איז אפילע א סאָוועטישער האנדל, אָן א געזונטער געלט-ווירט-שאַפט און א געזונטער וואַליוטע, אז מע דאַרף, פריִער פאַר אַלץ, היילן די געלט־ווירטשאַפט און אונדזער סאָוועטישע וואַליוטע, וואָס שטעלט מיט זיכ קלוימערשט ניט פאָר קיין שום ווערט. אזוי זאָגן אונדז די עקאָנאָמיסטן פון די קאַפּיטאַליסטישע לענדער. איכ מיין, אז די דאָזיקע געערטע עקאָ־נאָמיסטן פאַרשטייען אין פּאָליטישער עקאָנאָמיע ניט מער, לאָמיר זאָגן, איידער דער קענטערבעריער בישאָפּ אין אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע. ווי־אזוי קאָן מען באַהויפּטן, אז אונדזער סאָוועטישע וואַליוטע שטעלט מיט זיכ ניט פאָר קיין שום ווערט? צי דען איז דאָס ניט קיין פאַקט, אז פאַר דער דאָזיקער וואַליוטע האָבן מיר געבויט מאַגניטבוי, דניעפּערבוי, קוזנעצקבוי, סטאַלינגראַדער און כאַרקאָווער טראַקטער־זאַוואָדן, גאָרקער און מאָסקווער אויטאָמאָביל-זאַוואָדן, הונדערטער טויזנטער קאָלווירטן און טויזנ־טער ראַטווירטן? צי מיינען ניט די דאָזיקע הערן, אז אָט־די אַלע אונ־טערנעמונגען זיינען אויסגעבויט פון שטרוי, אָדער פון ליים, און ניט פון עמעסע מאַטעריאַלן, וואָס האָבן א באַשטימטן ווערט? מיט וואָס ווערט גאַראַנטירט די שטאַנדהאַפטיקייט פון דער סאָוועטישער וואַליוטע, אויב מיר זאָלן, פאַרשטייט זיכ, האָבן אינזינען דעם אָרגאַניזירטן מאַרק, וואָס האָט אַן אַנטשיידנדיקע באַדייטונג אינעם סכוירע-אומזאַץ פונעם לאַנד, און ניט דעם מאַרק דעם ניט-אָרגאַניזירטן, וואָס האָט בלויז אַן אונטערגעאָרדנטע באַדייטונג? געוויס, ניט נאָר מיטן גאָלד-רעזערוו. די שטאַנדהאַפטיקייט פון דער סאָוועטישער וואַליוטע ווערט גאַראַנטירט, פריִער פון אַלץ, מיט דער קאָלאָסאַלער צאָל סכוירע־מאַסן אין די הענט פון דער מעלוכע, וואָס ווערן געלאָזט אין סכוירע-אומזאַץ לויט שטאַנדהאַפטיקע פּרייזן. ווער פון די עקאָנאָמיסטן קאָן אָפּלייקענען, אז אזא גאַראַנטיע, וואָס האָט אַן אָרט נאָר אין פּססר, איז א מער רעאַלע גאַראַנטיע פאַר דער שטאַנדהאַפטיקייט פון דער וואַליוטע, איידער יעטווידער גאָלד־רעזערוו? צי וועלן ווען־עס־איז פאַרשטיין די עקאָנאָמיסטן פון די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, אז זיי האָבן זיכ ענדגיל־טיק פאַרפּלאָנטערט אין דער טעאָריע פון גאָלד-רעזערוו, אלס איינ־און־איינציקע גאַראַנטיע פאַר דער שטאַנדהאַפטיקייט פון דער וואַליוטע?

אזוי האלט עס מיט די פראגן, וואָס זיינען פארבונדן מיטן פאנאנדערוויקלען דעם סאָוועטישן האנדל.

וואָס האָבן מיר זיך דערשלאָגן אין רעזולטאט פון דורכפירן דעם פינפיאָר אין געביט פון פאנאנדערוויקלען דעם סאָוועטישן האנדל?

אלס סאכאקל פונעם פינפיאָר האָבן מיר:

א) א פארגרעסערונג פון דער פראָדוקציע פון דער ליכטער אינדוסטריע, וואָס איז געשטיגן ביז 187% אין פארגלייך מיטן 1923 יאָר;

ב) א וווקס פונעם דעטאלן קאָאָפעראטיוו-מעלוכישן האנדל-אומזאץ, וואָס באטרעפט איצט לויט די פרייזן פון 1932 יאָר 39,6 מיליארד רובל, ד. ה. א פארגרעסערונג פון דער סכוירע-מאסע אינעם דעטאל-האנדל ביז 175% לעגאבע דעם 1928 יאָר;

ג) א וווקס פון דער מעלוכיש-קאָאָפעראטיווער האנדל-נעץ אף 158 טויזנט קראָמען און מאגאזינען אין פארגלייך מיטן 1929 יאָר;

ד) א פאנאנדערוויקלונג פונעם קאָלווירטישן האנדל, וואָס פארגרעסערט זיך אלץ, און פון די לאנדווירטשאפטלעכע פארגרייטונגען פון באזונדערע מעלוכישע און קאָאָפעראטיווע אָרגאניזאציעס.

אָט דאָס זיינען די פאקטן.

גאָר אן אנדער בילד שטעלט מיט זיך פאָר די לאגע פונעם סכוירע-אומזאץ אינווייניק אין די קאפיטאליסטישע לענדער, ווו דער קריזיס האָט געבראכט צו א קאטאסטראָפאלער פארקלענערונג פונעם האנדל, צו א מאסנווייזן פארמאכן אונטערנעמונגען און צום רויניר קליינע און מיטעלע הענדלער, צום באנקראָט פון די גרויסע האנדל-פירמעס און צו א פארלעגערונג פון סכוירעס אין די האנדל-אונטערנעמונגען בא דעם קעסיידערדיקן פאלן פון דער קויף-פייקייט פון די ארבעטנדיקע מאסן.

אָט דאָס זיינען די סאכאקלען פונעם פינפיאָר אין פיר יאָר אין געביט פון אנטוויקלען דעם סכוירע-אומזאץ.

## VII

# די סאכאקלען פונעם פינפיאָר אין פיר יאָר אין געביט פון קאמף קעגן די רעשטן פון די פיינטלעכע קלאסן

אין סאכאקל פון פארווירקלעכן דעם פינפיאָר אין געביט פון דער אינדוסטריע, פון דער לאנדווירטשאפט און פון האנדל האָבן מיר פארפעסטיקט אין אלע ספערן פון דער פאָלקווירטשאפט דעם פרינציפ פון סאָציאליזם, ארויסטרייבנדיק פון דאָרטן די קאפיטאליסטישע עלעמענטן.

צו וואָס האָט דאָס געדאַרפט ברענגען בענעגייע די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן און צו וואָס האָט דאָס אין דערווירקלעכקייט געבראַכט?

דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז עס זײַנען אַרויסגעשטופּט געוואָרן פון דער קאָלייע די לעצטע רעשטן פון די שטאַרבנדיקע קלאַסן: די אינדוס-טריעלער און זייערע מעשאָרסים, די הענדלער און זייערע נאָכטאַנצער, די געוועזענע אדללײַט און גאלאָכים, די באַלעגופים און זייערע אונטער-לעקער, די געוועזענע ווײַסע אָפיצערן און אוריאַדניקעס, די געוועזענע פּאָליציאַנטן און זשאַנדאַרמען, אלע מינים בורזשואזע אינטעליגענטן פון שאָ-וויניסטישן שניט און אלע איבעריקע אַנטיסאָוועטישע עלעמענטן.

אַרויסגעשטויסן פון דער קאָלייע און צעוואָרפן איבערן גאַנצן פּססר, האָבן די דאָזיקע געוועזענע מענטשן זיך פאַגאַנדערגעפּויזעט איבער אונ-דזערע זאַוואָדן און פאַבריקן, איבער אונדזערע אַנשטאַלטן און האַנדל-אָרגאַניזאַציעס, איבער די אונטערנעמונגען פון אײַזנבאַן- און וואַסער-טראַנ-ספּאָרט און דערהויפּט — איבער די קאָלווירטן און ראַטווירטן. זיי האָבן זיך פאַנאַנדערגעפּויזעט און האָבן זיך אויסבאַהאַלטן דאָרט, אַרופשלעפּנדיק אַף זיך די מאַסקע פון „אַרבעטער“ און פון „פּויערים“, דערבײַ איז נאָך ווער פון זיי דורכגעקראָכן אַפילע אין דער פּאַרטיי.

מיט וואָס זײַנען זיי געקומען אהין? פאַרשטייט זיך, מיטן געפיל פון האַס צו דער ראַטנמאַכט, מיטן געפיל פון בייזער סינע צו די נײַע פאָר-מען ווירטשאַפט, שטייגער, קולטור.

גיין אין א דירעקטער אַטאַקע קעגן דער ראַטנמאַכט זײַנען שוין די דאָ-זיקע הערן ניט בעקויעכ. זיי און זייערע קלאַסן האָבן שוין עטלעכע מאָל געפּירט אזעלכע אַטאַקעס, אָבער זיי זײַנען צעקלאַפּט און צעזייט געוואָרן. דעריבער איז דאָס אייגנציקע, וואָס עס בלײַבט זיי צו טאָן, — דאָס איז פּאַס-קודיען און שעדיקן די אַרבעטער, די קאָלווירטניקעס, דער ראַטנמאַכט, דער פּאַרטיי. און זיי פּאַסקודיען וויפל זיי קענען נאָר, און טוען דאָס שטיל זיך אונטערגראָבנדיק. זיי צינדן אונטער סקלאַדן און ברעכן מאַשינעס. זיי אָרגאַניזירן סאַבאָטאַזש. זיי אָרגאַניזירן שעדיקערײַ אין די קאָלווירטן, אין די ראַטווירטן; אייניקע פון זיי, צווישן וועלכע עס געפינען זיך אויך געוויסע פּראָפעסאָרן, דערגייען דערבײַ אין זייער שעדיקערײַ-דראַנג דערצו, אַז זיי אימפּן אײַן די בעהיימעס אין די קאָלווירטן און ראַטווירטן די פּעסט, די סי-בירער פּעסט, זיי העלפן פאַרשפּרייטן צווישן די פערד מענינגיט אאַוו.

אָבער דער איקער איז ניט דערין. דער איקער אין דער „טעטיקײַט“ פון די דאָזיקע געוועזענע מענטשן באַשטייט דערין, וואָס זיי אָרגאַניזירן מאַסן-גנייוועס און גזיילעס פון מעלוכישן פאַרמעגן, פונעם קאָאָפּעראַטיוון פאַר-מעגן, פון קאָלווירטישן אייגנטום. גנייוועס און גזיילעס אין די פאַבריקן און

זאוואָדן, גנייוועס און גזיילעס פון אײַזנבאַן־פראכטן, גנייוועס און גזיילעס אין די סקלאַדן און האנדל־אונטערנעמונגען, — באַזונדערס גנייוועס און גזיילעס אין די ראַטווירטן און קאָלווירטן, — אָט דאָס איז די גרונט־פאָרם פון דער „טעטיקייט" פון די דאָזיקע גןעוועזענע מענטשן. זיי שפּירן, ווי מיט א קלאַסן־אינסטינקט, אז די באַזע פון דער סאָוועטישער ווירטשאַפט איז דאָס געזעלשאַפטלעכע אייגנטום, אז דאַפקע אָט־די דאָזיקע באַזע דאַרף מען צעוואַקלען, קעדיי אָפּטאָן מיִעסע זאכן דער ראַטנמאַכט, — און זיי באַמיִען זיך בעעמעס צעוואַקלען דאָס געזעלשאַפטלעכע אייגנטום דורך אָרגאַניזירן מאַסן־גנייוועס און גזיילעס.

צו אָרגאַניזירן די גזיילעס נוצן זיי אויס די פּריוואַט־אייגנטימערישע געוווינהייטן און איבערבלײַבעכצן בא די קאָלווירטניקעס, די נעכטיקע איינצלפויערים, און הײַנטיקע מיטגלידער פון קאָלווירטן. איר, אלס מאַרקסיסטן, דאַרפט וויסן, אז דער באַוווסטזײַן פון די מענטשן איז הינטערשטעליק אין זײַן אנטוויקלונג פון זייער פאַקטישער לאַגע. די קאָלווירטניקעס זײַנען לויט זייער לאַגע שוין ניט קיין איינצלפויערים, נאָר קאָלעקטיוויסטן, אָבער דער באַוווסטזײַן איז נאָך דערווײַל בא זיי דער אלטער, דער פּריוואַט־אייגנטימערישער. איז אָט נוצן אויס די געוועזענע מענטשן פון די רייען פון די עקספּלואַטאַטערישע קלאַסן די פּריוואַט־אייגנטימערישע געוווינהייטן פון די קאָלווירטניקעס, קעדיי צו אָרגאַניזירן דאָס צעגאַנוועןנען דאָס געזעלשאַפטלעכע פאַרמעגן און דערמיט צעוואַקלען ז׳י באַזע פון דער סאָוועטישער אָרדענונג — דאָס געזעלשאַפטלעכע אייגנטום.

פיל פון אונדזערע כאַווײרים קוקן גוטמוטיק אפ אזא מין דערשײַנונג, ניט פאַרשטייענדיק דעם זין און די באַדײַטונג פון די פאַקטן פון מאַסעווע גנייוועס און גזיילעס. ווי בלינדע, גייען זיי פאַרביי די דאָזיקע פאַקטן, מיינענדיק, אז „דאָ איז גאָר קיין באַזונדערס ניטאָ". אָבער זיי, די דאָזיקע כאַווײרים, האָבן א טיפן טאָעס. די באַזע פון אונדזער אָרדענונג איז דאָס געזעלשאַפטלעכע אייגנטום פּונקט אזוי, ווי די באַזע פון קאַפּיטאַליזם איז דאָס פּריוואַטע אייגנטום. אויב די קאַפּיטאַליסטן האָבן פּראָקלאַמירט דאָס פּריוואַט־אייגנטום פאַר הייליק און אומבאַרירלעך, און זיי האָבן זיך דערשלאָגן אין זייער צײַט די פאַרפעסטיקונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, דאַרפן מיר, קאָמוניסטן, נאָך מער פּראָקלאַמירן דאָס געזעלשאַפטלעכע אייגנטום פאַר הייליק און אומבאַרירלעך, קעדיי דערמיט גופע פאַרפעסטיקן די נײַע סאָציאַליסטישע פאָרמען פון דער ווירטשאַפט אין אלע געביטן פון פּראָדוקציע און האנדל. דערלאָזן גנייוועס און גזיילעס פונעם געזעלשאַפטלעכן אייגנטום, — אלצײנס צי גייט עס וועגן דעם מעלוכישן אייגנטום, אָדער וועגן קאָאָפּעראַטיוון און קאָלווירטישן אייגנטום, —

און פארבײַגײַן אזעלכע קאָנטררעוואָליוציאָנערע מיִעסע זאכן, — הײסט מיט־העלפן ארונטערײַסן די סאָוועטישע אָרדענונג, וואָס שטיצט זיך אפן געזעלשאפטלעכן אײגנטום, ווי אף איר באזע. דערפון איז ארויסגעגאנגען אונ־דזער סאָוועטישע רעגירונג, ווען זי האָט ארויסגעגעבן ניט לאנג דעם גע־זעץ וועגן אָפּהיטן דאָס געזעלשאפטלעכע אײגנטום. דער דאָזיקער געזעץ איז די באזע פון דער רעוואָליוציאָנערער געזעצלעכקײַט בא הײַנטיקן מאָ־מענט. און די פליכט אפן שטרענגסטן אויפן דורכצופירן אָט־דעם געזעץ איז לעבן איז דער סאמע ערשטער כויוו פון יעדן קאָמוניסט, פון יעדן אר־בעטער און קאָלווירטניק.

מע זאָגט, אז די רעוואָליוציאָנערע געזעצלעכקײַט פון אונדזער צײַט אונטערשײדט זיך מיט גאָרנישט פון דער רעוואָליוציאָנערער געזעצלעכ־קײַט פונעם ערשטן פעריאָד נעפּ, אז די רעוואָליוציאָנערע געזעצלעכקײַט פון אונדזער צײַט איז א צוריקער צו דער רעוואָליוציאָנערער געזעצלעכ־קײַט פונעם ערשטן פעריאָד נעפּ. דאָס איז לאכלוטן ניט ריכטיק. די רע־וואָליוציאָנערע געזעצלעכקײַט פונעם ערשטן פעריאָד נעפּ איז געווען גע־ווענדעט מיט איר שארף דערהויפּט קעגן די עקסטרעמקײַטן פון קריגס־קאָמו־ניזם, קעגן די „אומגעזעצלעכע" קאָנפיסקאציעס און שטײַערן. זי האָט גאראנטירט דעם פריוואטן באלעבאָס, דעם אײנצלפויער, דעם קאפּיטאליסט די אָפּגע־היטקײַט פון זײער פארמעגן באם באדינגונג, אז זײ וועלן אפן שטרענגסטן אויפן אָפּהיטן די סאָוועטישע געזעצן. גאָר אנדערש האלט עס מיט דער רעוואָליוציאָ־נערער געזעצלעכקײַט אין אונדזער צײַט. די רעוואָליוציאָנערע געזעצלע־כקײַט און אונדזער צײַט איז מיט איר שארף געווענדעט ניט קעגן די עקסטרעמקײַטן פון קריגס-קאָמוניזם, וואָס זײַנען שוין לאנג אין דער נאטור ניטאָ, נאָר קעגן די גאנאָווים און שעדיקער אין דער געזעלשאפטלעכער ווירט־שאפט, קעגן כוליגאנעס און רויבער פון געזעלשאפטלעכן אײגנטום. די גרונט־זאָרג פון דער רעוואָליוציאָנערער געזעצלעכקײַט אין אונדזער צײַט באשטײט, אלזאָ, אין אָפּהיטן דאָס געזעלשאפטלעכע אײגנטום, און ניט אין עפּעס אנדערש.

אָט פארוואָס דער קאמף פאר אָפּהיטן דאָס געזעלשאפטלעכע אײגנטום, דער קאמף מיט אלע מיטלען און אף אלע אויפאנים, וואָס עס גיבן אין אונ־דזער רעשות די געזעצן פון דער ראטנמאכט, — איז אײנע פון די גרונט־אופגאבן פון דער פארטײ.

א שטארקע און מעכטיקע דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט, — אָט וואָס מיר דארפן איצט, קעדײ צו צעשטויבן די לעצטע רעשטן פון די שטארבנ־דיקע קלאסן און צעקלאפּן זײערע גנייווישע קונצשטיק.

אײניקע כאוורים האָבן פארשטאנען דעם טעזיס וועגן פארניכטונג

פון די קלאסן, וועגן דער שאפונג פון אַן אָנקלאסעווער געזעלשאפט און וועגן דער אָפּשטארבונג פון דער מעלוכע, ווי אַ באַרעכטיקונג פאַר פוילקייט און גוטמוטיקייט, אַ באַרעכטיקונג פאַר דער קאָנטררעוואָליוציאָנערער טעאָריע וועגן דער אויסלעשונג פונעם קלאסנקאמף און אָפּשוואכונג פון דער מעלוכישער מאכט. עס איז ניטאָ וואָס צו ריידן, אַז אַזעלכע מענטשן קאָנען ניט האָבן קיין שום געמיינזאמעס מיט אונדזער פארטיי. דאָס זיינען איבערגעבוירענע אָדער צווייפּנעמדיקע, וועלכע מע דארף טרייבן פון דער פארטיי. די פארניכטונג פון די קלאסן ווערט דערגרייכט ניט דורך דער אויסלעשונג פונעם קלאסנקאמף, נאָר דורך זיין פארשטארקונג. די אָפּשטארבונג פון דער מעלוכע וועט קומען ניט דורך דער אָפּשוואכונג פון דער מעלוכע־מאכט, נאָר דורך איר מאקסימאלער פארשטארקונג, וואָס איז נייטיק, קעדיי צו דערשלאָגן די רעשטן פון די שטארבנדיקע קלאסן און אָרגאַניזירן די שוץ קעגן דער קאפּיטאליסטישער ארומרינגלונג, וואָס איז נאָך וויַיט ניט פארניכטעט און וועט נאָך ניט אַזוי גיך פארניכטעט ווערן.

אלס רעזולטאט פון פארווירקלעכן דעם פינפיאָר האָבן מיר זיך דערשלאָגן דערצו, אַז מיר האָבן ארויסגעשלאָגן ביזן סאָף די לעצטע רעשטן פון די פיינטלעכע קלאסן פון זייערע פּראָדוצירישע פּאָזיציעס, צעגראָמירט דאָס באלעגופנטום און צוגעגרייט אַ באָדן פאַר זיין פארניכטונג. אָט דאָס איז דער סאכאקל פונעם פינפיאָר אינן געביט פון קאמף קעגן די לעצטע אָטריאדן בורזשואזיע. אָבער דאָס איז ווייניק. די אויפגאבע באשטייט דערין, אַז מע זאָל ארויסשלאָגן די דאָזיקע געוועזענע מענטשן פון אונדזערע אייגענע אונטערנעמונגען און אנשטאלטן און ענדגילטיק זיי מאכן פאַר אומשעדלעך.

מע קאָן ניט זאָגן, אַז די דאָזיקע געוועזענע מענטשן זאָלן קאָנען עפּעס ענדערן אין דער איצטיקער לאגע פון פססר מיט זייערע שעדיקערישע און גנייווישע מאכינאציעס. זיי זיינען צו שוואך און אָנמעכטיק, קעדיי קעגנשטעלן זיך די מאָסמיטלען פון דער ראטנמאכט. אָבער אויב אונדזערע כאווֵיירים וועלן זיך ניט באוואָפענען מיט רעוואָליוציאָנערער וואכזאמקייט און וועלן ניט ארויסטרייבן פון דער פּראקטיק די באלעבעסלדיק־גוטמוטיקע באציִונג צו די פאקטן פון גנייוועס און גזיילעס פון געזעלשאפטלעכן אייגנטום, וועלן די געוועזענע מענטשן קאָנען אָנמאכן ניט ווייניק צאָרעס.

מע דארף האָבן איינזינען, אַז דער וווּקס פון דער מעכטיקייט פון דער סאָוועטישער מעלוכע וועט פארשטארקן דעם ווידערשטאנד פון די לעצטע רעשטן פון די שטארבנדיקע קלאסן. טאקע דערפאַר, וואָס זיי שטארבן און לעבן אויס די לעצטע טעג, וועלן זיי אריבערגיין פון איינע פאָרמען פון

אַנגריפ צו אנדערע, מער שארפערע פאָרמען פון אַנגריפ, אפעלירנדיק צו די אָפּ-געשטאנענע שיכטן פון דער באפעלקערונג און מאָביליזירנדיק זיי קעגן דער ראטנ־מאכט. עס איז ניטאָ אזא שמוץ און רעכילעס, וועלכע די דאָזיקע געוועזענע מענטשן וואָלטן ניט אַנגעווענדט קעגן דער ראטנמאכט און ארום וועלכע זיי וואָלטן ניט געפרוווט מאָביליזירן די אָפּגעשטאנענע עלעמענטן. אפ דעם דאָזיקן באָדן קאָנען אופלעבן און אָנהייבן רירן זיך די צעקלאפטע גרופעס פון די אלטע קאָנטררעוואָליוציאָנערע פארטייען — עסערן, מענשעוויקעס, בור־זשואזע נאציאָנאליסטן פונעם צענטער און פון די ראנד־געגנטן, עס קאָנען אופלעבן און אָנהייבן רירן זיך די שפליטערס פון די קאָנטררעוואָליוציאָ־נערע אָפּאָזיציאָנעלע עלעמענטן פון די טראָצקיסטן און רעכטע אָפּ־נייגלער. דאָס איז, פארשטייט זיך, ניט שרעקלעך. אָבער דאָס אלץ דארף מען האָבן אינזינען, אויב מיר ווילן מאכן א סאָף מיט די דאָזיקע עלע־מענטן שנעל און אָן באזונדערע קאָרבאָנעס.

אָט פארוואָס רעוואָליוציאָנערע וואכזאמקייט איז יענע מײַלע, וואָס איז באזונדערס נייטיק איצט פאר די באָלשעוויקעס.

## VIII

## אלגעמיינע אויספירן

אָט דאָס זײַנען די גרונט-סאכאקלען פונעם דורכפירן אין לעבן דעם פינפיאָר־פּלאן אין געביט פון דער אינדוסטריע און פון דער לאנדווירט־שאפט, אין געביט פון פארבעסערן דעם שטייגער פון די ארבעטנדיקע און פון אנטוויקלען דעם האנדל־אומזאץ, אין געביט פון פארפעסטיקן די ראטנמאכט און פאנאנדערוויקלען דעם קלאסנקאמף קעגן די רעשטן און איבערבלײַבעכצן פון די אָפּשטארבנדיקע קלאסן.

אָט דאָס זײַנען די דערפאָלגן און דעראָבערונגען פון דער ראטנמאכט אין די לעצטע פיר יאָר.

עס וואָלט געווען א טעות צו מיינען אפן גרונט פון די דאָזיקע דער־פאָלגן, אז בא אונדז איז אלץ קעשורע. געוויס איז בא אונדז נאָך ניט אלץ קעשורע. כעסרוינעס און פעלערן אין אונדזער ארבעט איז פאראן גענוג. אומווירטשאפטלעכקײַט און פלאָנטער איז נאָך אלץ פאראן אין און־דזער פראקטיק. איך קאָן זיך, ליידער, איצט ניט אָפּשטעלן אפ די כעסרוינעס און פעלערן, ווײַל די ראמען פונעם סאכאקל-פאָרטראָג, וואָס מע האָט מיך באופ־טראָגט צו מאכן, גיבן מיר ניט פאר דעם קיין פלאץ. אָבער עס האנדלט זיך איצט ניט וועגן דעם. עס האנדלט זיך וועגן דעם, וואָס, ניט געקוקט אפ די כעסרוינעס און פעלערן, וואָס קיינער לייקנט ניט, אז זיי זײַנען פאראן, האָבן מיר זיך דער-

שלאָגנ אזעלכע ערנסטע דערפאָלגנ, וואָס רופנ ארויס אנציקונג באמ ארבעטער־קלאס פונ דער גאנצער וועלט, מיר האָבנ זיכ דערשלאָגנ אזא ניצאָכנ, וואָס האָט בעעמעס אנ אלוועלטלעכ-היסטאָרישע באדייַטונג.

וואָס האָט געקאָנט שפּילנ אונ וואָס האָטווירקלעכ געשפּילט די הויפּט-ראָליע דערינ, וואָס, ניט געקוקט אפ די כעסרוינעס אונ פעלערנ, האָט די פּארטיי פונדעסטוועגנ זיכ דערשלאָגנ אנטשיידנדיקע דערפאָלגנ אינ דורכפירנ דעמ פינפיאָר אינ פיר יאָר?

ווו זייַנענ יענע גרונט-קויכעס, וואָס האָבנ אונדז געזיכערט דעמ דאָזיקנ היסטאָרישנ ניצאָכנ, ניט געקוקט אפ גאָרניט?

דאָס איז, פריִער פונ אלצ, די אקטיווקייַט אונ מעסירעסנעפעשדיקייַט, דער ענטוזיִאזמ אונ איניציִאטיוו פונ די מיליאָניקע מאסנ ארבעטער אונ קאָלווירטניקעס, וואָס האָבנ אנטוויקלט צוזאמענ מיט די אינזשעניער-טעכנישע קרעפטנ א קאָלאָסאלע ענערגיע אפ צו פאנאנדערוויקלענ דעמ סאָציִאליסטישנ געוועט אונ שלאָגלערייַ. עס קאָנ קיינ צווייפל ניט זייַנ, אז אָנ דעמ דאָזיקנ אומשטאנד וואָלטנ מיר ניט געקאָנט זיכ דערשלאָגנ צומ ציל, וואָלטנ מיר ניט געקאָנט א רוק טאָנ זיכ פאָרויס אפילע איינ שריט.

דאָס איז, צווייטנס, די פעסטע אָנפירונג פונ דער פּארטיי אונ פונ דער רעגירונג, וואָס האָבנ *גערופנ די מאסנ פאָרויס אונ וואָס האָבנ בייַגעקומענ אלע אונ אלערליי שוועריקייַטנ אפנ וועג צומ ציל.

דאָס איז, ענדלעכ, די באזונדערע מייַלעס אונ פאָרצוגנ פונ דער סאָוועטישער ווירטשאפט־סיסטעמ, וואָס האָט אינ זיכ קאָלאָסאלע מעגלעכקייַטנ, וועלכע זייַנענ נייטיק אפ בייַקומענ אלע אונ יעדערליי שוועריקייַטנ.

אָט דאָס זייַנענ די דרייַ גרונט־קויכעס, וואָס האָבנ באשטימט דעמ היסטאָרישנ זיג פונ פססר.

די אלגעמיינע אויספירנ:

1. די סאכאקלענ פונעמ פינפיאָר האָבנ אומגעוואָרפנ די באהויפּטונג פונ די בורזשואזע אונ סאָציִאל־דעמאָקראטישע טוער וועגנ דעמ, אז דער פינפיאָר-פּלאנ איז א פאנטאזיע, רייד פונ היצ, א טרוימ, וואָס לאָזט זיכ ניט פארווירקלעכנ. די סאכאקלענ פונעמ פינפיאָר האָבנ באוויזנ, אז דער פינפיאָר־פּלאנ איז שוינ פארווירקלעכט.

2. די סאכאקלענ פונעמ פינפיאָר האָבנ צעקלאפּט דעמ באוווסטנ בורזשואזנ „גלויבנ-סימבאָל“ דערינ, אז דער ארבעטער־קלאס איז ניט פייִק צו בויענ נייַעס, אז ער איז פייִק בלויז צו צעשטערנ דאָס אלטע. די סאכאקלענ פונעמ פינפיאָר האָבנ באוויזנ, אז דער ארבעטער־קלאס איז פייִק פונקט אזוי גוט צו בויענ נייַעס, ווי צו צעשטערנ דאָס אלטע.

3. די סאכאקלענ פונעמ פינפיאָר האָבנ צעקלאפּט דעמ טעזיס פונ די

סאָציאַל־דעמאָקראטנ ווענג דעמ, אז ס'איז אומעגלעכ אויסצובויענ דעמ סאָ־
ציאַליזמ אינ איינ, באזונדער גענומענ, לאנד. די סאכאקלענ פונעמ פינפ-
יאָר האָבנ באוויזנ, אז ס'איז פולקומ מעגלעכ אויסצובויענ אינ איינ לאנד
א סאָציאַליסטישע געזעלשאפט, ווייל דער עקאָנאָמישער פונדאמענט פונ אזא
געזעלשאפט איז שוינ אויסגעבויט אינ פססר.

4. די סאכאקלענ פונעמ פינפיאָר האָבנ אומגעוואָרפנ די באהויפּטונג
פונ די בורזשואזע עקאָנאָמיסטנ ווענג דעמ, אז די קאפּיטאליסטישע ווירט־
שאפט־סיסטעמ איז די בעסטע סיסטעמ, אז יעדע אנדערע ווירטשאפט-
סיסטעמ איז ניט פעסט און איז ניט פייִק אויסצוהאלטנ דעמ עקזאמענ
פאר די שוועריקייטנ פונ דער עקאָנאָמישער אנטוויקלונג. די סאכאקלענ פו-
נעמ פינפיאָר האָבנ באוויזנ, אז די קאפּיטאליסטישע ווירטשאפט-סיסטעמ
האלט ניט אויס און איז ניט פעסט, אז זי לעבט שוינ אָפּ איר צייט און
מוז אָפּטרעטנ איר אָרט אנ אנדערער, א העכערער, סאָוועטישער, סאָציאַ־
ליסטישער ווירטשאפט־סיסטעמ, אז די איינציקע ווירטשאפט-סיסטעמ, וואָס
האָט ניט מוירע פאר קריזיסנ און איז פייִק בייַצוקומענ די שוועריקייטנ,
וואָס זייַנענ ניט דערלייזבאר פארנ קאפּיטאליזמ — איז די סאָוועטישע ווירט־
שאפט־סיסטעמ.

5. ענדלעכ, די סאכאקלענ פונעמ פינפיאָר* האָבנ באוויזנ, אז די פּארטיי
איז אומבאזיגבאר, אויב זי ווייסט וווּהינ צו פירנ די זאכ און האָט ניט
מוירע פאר שוועריקייטנ.

(שטורמישע, לאנגדויערנדיקע אפּלאָדיסמענטנ, וואָס
גייענ איבער אינ אנ אָוואציע, דער זאל באגריסט שטיי־
ענדיקערהייט דעמ ח' סטאלינ.)

# װעגנ דער ארבעט אינ דאָרפ

רעדע אפנ פאריײניקטנ פלענום פונ צק און צקק אלקפ(ב)
דעמ 11־טנ יאנוואר 1933 יאָר

כאוויירים! איכ מיינ, אז די רעדנער האָבנ ריכטיק געשילדערט דעמ צושטאנד פונ דער פארטיי-ארבעט אינ דאָרפ, אירע כעסרוינעס, אירע מײַלעס, — באזונדערס אירע כעסרוינעס. אונ פונדעסטוועגנ, דוכט מיר, אז זיי האָבנ ניט געזאָגט דאָס סאמע וויכטיקסטע וועגנ די כעסרוינעס פונ אונדזער ארבעט אינ דאָרפ, זיי האָבנ ניט אופגעדעקט די וואָרצלענ פונ די דאָזיקע כעסרוינעס. אָט-די זײַט שטעלט אָבער פאר אונדז פאָר דעמ גרעסטנ אינטערעס. דערלויבט דעריבער ארויסצוזאָגנ מײַנ מיינונג וועגנ די כעסרוינעס פונ אונדזער ארבעט אינ דאָרפ, ארויסזאָגנ מיט דער גאנצער אָפנקײַט, וואָס איז אייגנטימלעכ פאר באָלשעוויקעס.

אינ וואָס באשטייט דער הויפט־כיסאָרנ פונ אונדזער ארבעט אינ דאָרפ פארנ לעצטנ יאָר, פאר 1932 יאָר?

דער הויפט-כיסאָרנ באשטייט דערינ, וואָס די ברויט־פארגרייטונגענ אינעמ דאָזיקנ יאָר זײַנענ בא אונדז דורכגעגאנגענ מיט גרעסערע שוועריקײַטנ, איידער אינ פאָריקנ יאָר, איידער אינ 1931 יאָר.

דערקלערנ דאָס מיטנ שלעכטנ צושטאנד פונ דער גערעטעניש קאָנ מענ בעשומויפנ ניט, ווײַל די גערעטעניש איז בא אונדז אינ דעמ יאָר געווענ ניט ערגער, נאָר בעסער, איידער אינ פאָריקנ יאָר. קיינער קאָנ ניט אָפלייקענענ, אז דער ברוטאָ-סכומ ארָאָפגענומענע טוווע אינ 1932 יאָר איז געווענ גרעסער איידער אינ 1931 יאָר, ווענ די טריקעניש אינ די 5 גרונט-ראיאָנענ פונ צאָפנ-מיזרעכ פססר האָט באדײַטנדיק פארקירצט דעמ ברויט-באלאנס פונ לאנד. געוויס, האָבנ מיר אינ 1932 יאָר געהאט אייניקע פארלוסטנ פונ דער גערעטעניש איבער די אומגינסטיקע קלימאטישע באדינגונגענ אפנ קובאנ אונ טערעק, ווי אויכ אינ אייניקע ראיאָנענ פונ אוקראינע. אָבער עס קאָנ קיינ סאָפעק ניט זײַנ, אז די דאָזיקע פארלוסטנ באטרעפנ ניט אפילע קיינ העלפט פונ יענע פארלוסטנ, וואָס זײַנענ געווענ אינ 1931 יאָר איבער דער פארטריקעניש אינ די צאָפנ־מיזרעכדיקע ראיאָנענ פונ פססר.

הייסט עס, אז אין 1932 יאָר איז בא אונדז געווען מער ברויט אין לאַנד, איידער אין 1931 יאָר. און פונדעסטוועגן, ניט געקוקט אַף דעם דאָזיקן אומשטאַנד, זײַנען בא אונדז די ברויט-פאַרגרייטונגען אין 1932 יאָר דורכגעגאַנגען מיט גרעסערע שוועריקייטן, איידער אין דעם פריִערדיקן יאָר.

וואָס איז דאָ די מײַסע? ווו זײַנען די סיבעס פונעם דאָזיקן כיסאָרן אין אונדזער אַרבעט? מיט וואָס איז צו דערקלערן אָט-די ניט אַנטשפּרעכיקײַט?

1) דאָס דערקלערט זיך פריִער פאַר אַלץ דערמיט, וואָס אונדזערע כאַווײרים אַף די ערטער, אונדזערע דאָרפישע טוער האָבן ניט פאַרשטאַנען צו דיסקאָנטירן די נײַע סיטואַציע אין דאָרף, וואָס האָט זיך געשאַפן מיטן פּראָקלאַמירן דעם קאָלווירטישן האַנדל מיט ברויט. און טאַקע דערפאַר, ווײַל זיי האָבן ניט דיסקאָנטירט די נײַע סיטואַציע, טאַקע דערפאַר האָבן זיי ניט געקענט זיך איבערבויען אַף אַ נײַעם אויפן, צוגעפּאַסט צו דער נײַער סיטואַציע. קאָלזמאַן עס איז ניט געווען קיין קאָלווירטישער האַנדל מיט ברויט, קאָלזמאַן עס איז ניט געווען קיין צווייערליי פּרײַזן אַף ברויט, מעלוכישע און מאַרקישע, — איז אין דאָרף געווען איין סיטואַציע. נאָכן פּראָקלאַמירן דעם קאָלווירטישן האַנדל מיט ברויט האָט זיך די סיטואַציע געמוזט שאַרף ענדערן, וואָרעם דאָס פּראָקלאַמירן דעם קאָלווירטישן האַנדל האָט באַטײַט לעגאַליזירן דעם מאַרק־פּרײַז אַף ברויט, אַ העכערן, איידער דער פּרײַז, וואָס די מעלוכע האָט אײַנגעשטעלט. עס איז גאָר ניטאָ וואָס צו דערווײַזן, אַז דער דאָזיקער אומשטאַנד האָט געדאַרפט שאַפן בא די פּויערים אַ געוויסע אײַנגעהאַלטנקייַט אין פּראַט פון אָפּגעבן ברויט דער מעלוכע. דער פּויער האָט געמאַכט אַזאַ כעזשבן: „עס איז פּראָקלאַמירט דער קאָלווירטישער האַנדל מיט ברויט, עס איז לעגאַליזירט דער מאַרק־פּרײַז, אַפן מאַרק קאָן איך פאַר דעם זעלבן סכום ברויט באַקומען מער, איידער באַם אָפּגעבן דאָס ברויט דער מעלוכע, — איז, הייסט עס, אויב איך בין ניט קיין נאַר, דאַרף איך דאָס ברויט אַ ביסל צוהאַלטן, אָפּגעבן דער מעלוכע וואָס ווייניקער, איבערלאָזן פאַרן קאָלווירטישן האַנדל וואָס מער און אַזויאַרום דערשלאָגן זיך, אַז איך זאָל אויסלייזן מער געלט פאַר דעם זעלבן סכום פּאַרקויפטן ברויט".

די סאַמע פּאַשעטע און נאַטירלעכע לאָגיק!

אָבער די צאָרע באַשטייט דערין, וואָס אונדזערע דאָרפישע טוער, אַלנפאַלס אַ סאַך פון זיי, האָבן ניט פאַרשטאַנען די דאָזיקע פּאַשעטע און נאַטירלעכע זאַך. קעדיי ניט אַראָפּרײַסן די פאַרגעבונגען פון דער ראַטנמאַכט, האָבן די קאָמוניסטן געדאַרפט בא דער דאָזיקער נײַער סיטואַציע שוין פון די ערשטע טעג פונעם שניט, נאָך אין יול כוידעש 1932 יאָר, — האָבן זיי געדאַרפט אַלמעגלעך פאַרשטאַרקן און אונטערטרײַבן די ברויט־פאַרגרייטונגען. דאָס האָט געפאָדערט די סיטואַציע. און ווי האָבן זיי גע־

האנדלט אין דער ווירקלעכקייט? אָנשטאָט אונטערטרייַבן די ברויט־פארגריי־טונגען, האָבן זיי אָנגעהויבן אונטערטרייַבן מיטן אויסבילדן פארשיידנערליי פּאָנדן, פארשטארקנדיק דערמיט גופע די אייַנגעהאַלטנקייט פון די ברויט־אָפּגעבער אין אויספילן זייערע פליכטן פאר דער מעלוכע. ניט האָבנדיק פארשטאנען די נייַע סיטואציע, האָבן זיי אָנגעהויבן מוירע צו האָבן ניט־דערפאר, וואָס די אייַנגעהאלטנקייט פון די פויערים אין אָפּגעבן דאָס ברויט קאָן פארהאמעווען די ברויט־פארגרייטונגען, נאָר זיי האָבן אָנגעהויבן מוירע צו האָבן, אז די פויערים וועט ניט אייַנפאלן צוצוהאלטן דאָס ברויט, קעדיי נאָכדעם ארויספירן עס אפּן מארק לויט דער ליניע פון קאָלווירטישן האנדל און אז זיי וועלן נאָך, כאָלילע, נעמען און אָפּגעבן דאָס גאנצע ברויט זייערס אפּ די עלעוואטערס.

מיט אנדערע ווערטער, אונדזערע דאָרפישע קאָמוניסטן, ווייניקסטנס די מערהייַט זייערע, האָבן צעקייַט דעם קאָלווירטישן האנדל פון זייַן פּאָזי־טיווער זייַט, זיי האָבן פארשטאנען און באנומען די פּאָזיטיווע זייַט זייַנע, זיי האָבן אָבער לאכלוטן ניט פארשטאנען און ניט באנומען די נעגאטיווע זייַטן פונעם קאָלווירטישן האנדל,— זיי האָבן ניט פארשטאנען, אז די נעגאטיווע זייַטן פונעם קאָלווירטישן האנדל קאָנען ברענגען גרויס שאָדן דער מעלוכע, אויב זיי, דה. די קאָמוניסטן, וועלן ניט אָנהייבן שוין די ערשטע טעג פון ארויפּנעמען די טוווע אונטערצוטרייַבן מיט אלע קויכעס די ברויט־פארגרייטונג־קאמפּאניע.

און דעם דאָזיקן פעלער האָבן דערלאָזן ניט בלויז די טוער אין די קאָל־ווירטן. עס האָבן אים דערלאָזן אויך די דירעקטערס פון די ראטווירטן, וואָס האָבן פארברעכעריש צוגעהאלטן דאָס ברויט, וואָס מע האָט געדארפט אָפּגעבן דער מעלוכע, און האָבן אָנגעהויבן צו פארקויפן אים אָן א זייַט לויט א העכערן פרייַז.

צי האָבן דער ראטפּאָלקאָם און דער צק אין זייער באוווסטער באשטי־מונג וועגן פאנאנדערוויקלען דעם קאָלווירטישן האנדל דיסקאָנטירט אָט־די נייַע סיטואציע, וואָס האָט זיך געשאפן אין פארבינדונג מיטן קאָלווירטישן ברויט־האנדל? יאָ, זיי האָבן זי דיסקאָנטירט. אין דער דאָזיקער באשטימונג ווערט קלאָר געזאָגט, אז דעם קאָלווירטישן האנדל מיט ברויט קאָן מען אָנהייבן ערשט נאָך דעם, ווי עס וועט אינגאנצן און פולשטענדיק זייַן אויסגעפילט דער פּלאן פון די ברויט־פארגרייטונגען און עס וועט אופגעזאמלט זייַן די זריע. דאָרט איז געזאָגט געוואָרן קלאָר, אז ערשט נאָכן ענדיקן די ברויט־פארגרייטונגען און דאָס פארשיטן די זריע, אן ערעך צום 15־טן יאנוואר 1933־טן יאָר, — ערשט נאָכן אויספילן די דאָזיקע באדינגונגען וועט מען קאָנען אָנהייבן דעם קאָלווירטישן האנדל מיט ברויט. מיט דער דאָזיקער באשטימונג זייערער האָבן דער ראטפּאָלקאָם און דער צק ווי געזאָגט און־

דזעדע דאָרפישע טוער: פארשטעלט ניט אײַער אופמערקזאמקײַט מיט דער זאָרג וועגנ פאָנדנ אונ וועגנ אלערליי רעזערוונ, פארלאָזט ניט די הויפט-אופגאבע, וויקלט פאנאנדער די ברויט־פארגרייטונגענ גלײַכ פונ די ערשטע טעג פונ שניט אונ פאָרסירט זיי, וואָרעם דער ערשטער געבאָט איז—אויספילנ דעם פלאנ פונ ברויט-פארגרייטונגענ, דער צווייטער געבאָט איז—פארשיטנ די זריִע, אונ ערשט נאָכנ אויספילנ די דאָזיקע באדינגונגענ קאָנט איר אָנהייבנ אונ פאנאנדערוויקלענ דעם קאָלווירטישנ האנדל מיט ברויט.

דער פעלער פונ דער פאָליטביוראָ פונ צק אונ פונעם ראטספאָלקאָם איז, מעגלעכ, באשטאנענ דערינ, וואָס זיי האָבנ ניט גענוג ענערגיש אונטערגעשטראָכנ די דאָזיקע זײַט פונעם איניענ אונ זיי האָבנ ניט גענוג הויכ געוואָרנט אונדזערע דאָרפישע טוער וועגנ די געפארנ, וואָס שטעקנ אינעם קאָלווירטישנ האנדל. אָבער, אז זיי האָבנ וועגנ די דאָזיקע געפארנ געוואָרנט, אונ גענוג קלאָר געוואָרנט,—דערינ קאָנ קיינ שום צווייפל ניט זײַנ. מע דארפ מודה זײַנ, אז דער צק אונ דער ראטספאָלקאָם האָבנ עטוואָס איבערגעשאצט די לעניניסטישע פארהארטעוועטקײַט אונ די ווײַטזעעוודיקײַט פונ אונדזערע טוער אפ די ערטער, ניט בלויז פונ די ראיאָנע טוער, נאָר אויכ פונ א ריי געגנטלעכע טוער.

. האָט מענ עפשער ניט געדארפט פראָקלאמירנ דעם קאָלווירטישנ האנדל מיט ברויט? איז דאָס עפשער געוועזנ א פעלער, באזונדערס, אויב מע זאָל האָבנ אינזינענ דעם אומשטאנד, וואָס דער קאָלווירטישער האנדל האָט אינ זיכ ניט בלויז פאָזיטיווע, נאָר אויכ אייניקע נעגאטיווע זײַטנ?

ניינ, דאָס איז ניט געווענ קיינ פעלער. קיינ איינ רעוואָליוציאָנער מאָסמיטל איז ניט גאראנטירט פונ אייניקע נעגאטיווע זײַטנ, אויב עס ווערט דורכגעפירט ניט ריכטיק. דאָס זעלבע דארפ מענ זאָגנ וועגנ קאָלווירטישנ האנדל מיט ברויט. דער קאָלווירטישער האנדל איז נייטיק אונ לוינבאר סײַ פארנ דאָרפ, סײַ פאר דער שטאָט, סײַ פארנ ארבעטער־קלאס, סײַ פארנ פויערטום. אונ טאקע דערפאר, וואָס ער איז לוינבאר, האָט מענ אים געדארפט אײַנפירנ.

וואָס האָבנ אינזינענ געהאט דער ראטספאָלקאָם אונ דער צק, אײַנפירנדיק דעם קאָלווירטישנ האנדל מיט ברויט?

פריִער פאר אלצ, פארברייטערנ די באזע פונעם סכוירע-אומזאצ צווישנ שטאָט אונ דאָרפ אונ פארבעסערנ די באזאָרגונג פונ די ארבעטער מיט לאנדווירטשאפטלעכע פראָדוקטנ, אונ פונ די פויערים—מיט שטאָטישע פאבריקאטנ. עס קאָנ קיינ סאָפעק ניט זײַנ, אז בלויז דער מעלוכישער אונ קאָאָפעראטיווער האנדל אליינ איז דערצו ניט גענוג. די דאָזיקע קאנאלנ פונ סכוירע־אומזאצ האָט מענ געדארפט דערגאנצנ מיט א נײַעם קאנאל—

מיטנ קאָלווירטישנ האנדל. אונ מיר האָבנ זיי דערגאנצט, אײַנפירנדיק דעמ קאָלווירטישנ האנדל.

זיי האָבנ אינזינענ געהאט, ווײַטער, מיט דער הילפ פונעמ קאָלוויר־טישנ ברויט-האנדל צו געבנ דעמ קאָלווירטניק א צוגאָב־קוואל פונ האכנאָסע אונ פארפעסטיקנ זײַנ עקאָנאָמישע לאגע.

זיי האָבנ אינזינענ געהאט, ענדלעכ, דורכ אײַנפירנ דעמ קאָלווירטישנ האנדל צו געבנ דעמ פויער א נײַעמ שטויס צו פארבעסערנ די ארבעט פונ די קאָלווירטנ סײַ לויט דער ליניע פונ פארזיי סײַ לויט דער ליניע פונ אראָפנעמ.

איר ווייסט, אז די דאָזיקע אלע מאָטיווג פונ ראטפאָלקאָמ אונ צק האָבנ זיכ אינגאנצנ אונ פולשטענדיק באשטעטיקט דורכ די פאקטנ פונעמ לעבנ פונ די קאָלווירטנ פאר דער לעצטער צײַט. די פארשטארקונג פונעמ פארפעסטיקונג-פראָצעס פונ די קאָלווירטנ, דאָס אָפשטעלנ די ארויסטריטנ פונ די קאָלווירטנ, דער אָנוואקסנדיקער דראנג פונ די איינצלפויערימ אינ די קאָלווירטנ ארײַנ, די שטרעבונג פונ די קאָלווירטניקעס אופצונעמענ נײַע מיטגלידער מיט א גרעסערנ אָפקלײַב, — אָט דאָס אלצ אונ פיל ענלעכעס רעדט מיט זיכערקײַט וועגנ דעמ, אז דער קאָלווירטישער האנדל האָט ניט בלויז ניט אָפגעשוואכט, נאָר פארקערט, ער האָט פארשטארקט אונ פאר־פעסטיקט די לאגע פונ די קאָלווירטנ.

הייסט עס, אז די דעפעקטנ פונ אונדזער ארבעט אינ דאָרפ ווערנ דערקלערט ניט מיטנ קאָלווירטישנ האנדל, נאָר מיטנ ניט-שטענדיק ריכטיקנ דורכפירנ אימ, מיטנ ניט-קענענ דיסקאָנטירנ די נײַע סיטואציע, מיטנ ניט־קענענ איבערבויענ די רייענ אנטשפרעכיק צו דער נײַער סיטואציע, וואָס איז געשאפנ געוואָרנ דורכנ דערקלערנ דעמ קאָלווירטישנ האנדל מיט ברויט.

2) די צווייטע סיבע פונ די פעלערנ פונ אונדזער ארבעט אינ דאָרפ באשטייט דערינ, וואָס אונדזערע כאוויירימ אפ די ערטער, — אונ ניט בלויז די דאָזיקע כאוויירימ, — האָבנ ניט פארשטאנענ די ענדערונג פונ די באַ־דינגונגענ פונ אונדזער ארבעט אינ דאָרפ, וועלכע איז פאָרגעקומענ אינ צו־זאמענהאנג מיט דער פארפעסטיקונג פונ דער הערשנדיקער לאגע פונ די קאָלווירטנ אינ די גרונטיקע טוווע-ראיאָנענ. מיר אלע פרייענ זיכ דערמיט, וואָס די קאָלווירטישע ווירטשאפט-פאָרמ איז געוואָרנ די הערשנדיקע פאָרמ אינ אונדזערע טוווע־ראיאָנענ. ניט אלע פארשטייענ אָבער, אז דער דאָזיקער אומשטאנד ניט ער פארקלענערט, נאָר ער פארגרעסערט אונדזערע זאָרגנ אונ אונדזער פאראנטוואָרטלעכקײַט אינעמ געביט פונ דער אנטוויקלונג פונ דער לאנדווירטשאפט. פילע מיינענ, אז וויבאלד עס איז דערגרייכט געוואָרנ, לאָמיר זאָגנ, 70 אָדער 80 פראָצ. קאָלעקטיוויזאציע אינ דעמ אָדער יענעמ

ראיאָנ, אינ דער אָדער יענער געגנט, איז שוינ דערמיט אלצ געגעבנ, אונ מיר קאָנענ לאָזנ די זאכ גייג מיטנ נאטירלעכנ גאנג, לאָזנ די זאכ מיטנ זעלבשטראָמ, מיינענדיק, אז די קאָלעקטיוויזאציע וועט אליינ אָפּטאָנ איר ארבעט, וועט אליינ אופהייבנ די לאנדווירטשאפט. אָבער דאָס איז א טיפער טאָעס, כאוויירימ. אינדערעמעסנ, דער אריבערגאנג צו דער קאָלעקטיווער ווירטשאפט, אלס פּרעוואלירנדיקער ווירטשאפט־פאָרמ, ניט ער פארקלענערט, נאָר ער פארגרעסערט אונדזערע זאָרגנ וועגנ דער לאנדווירטשאפט, ניט ער פארקלענערט, נאָר ער פארגרעסערט די אָנפירנדיקע ראָליע פונ די קאָמוניסטנ אינעמ אופהייבנ די לאנדווירטשאפט. דער זעלבשטראָמ איז איצט מער ווי ווענ־עס־איז געפערלעכ פאר דער אנטוויקלונג פונ דער לאנדווירטשאפט. דער זעלבשטראָמ קאָנ איצט אומברענגענ די גאנצע זאכ.

קאָלזמאנ אינ דאָרפ האָט פּרעוואלירט דער אינדיווידועלער באלעבאָס, האָט די פּארטיי געקאָנט באגרענעצנ איר אריינמישונג אינ דער אנטוויקלונג פונ דער לאנדווירטשאפט מיט איינצלנע אקטנ פונ הילפ, אייצע אָדער וואָרענונג. דאנ האָט דער איינצלפויער אליינ געדארפט זאָרגנ וועגנ זיינ ווירטשאפט. ווייל ער האָט ניט געהאט אפ ווועמענ ארופצוואלגערנ די פאראנטוואָרטלעכקייט פאר דער דאָזיקער ווירטשאפט, וואָס איז געווענ בלויז זיינ פּערזענלעכע ווירטשאפט, אונ עס איז ניט געווענ אפ וועמענ אויסצורעכענענ, אויסער זיכ אליינ. דאנ האָט דער איינצלפויער געדארפט אליינ זאָרגנ וועגנ פארזיי, וועגנ אראָפּנעמ, אונ ביכלאל וועגנ אלע פּראָצעסנ פונ דער לאנדווירטשאפטלעכער ארבעט, אויב ער האָט ניט געוואָלט בלייבנ אָנ ברויט אונ ווערנ א קאָרבנ פונ הונגער. מיטנ אריבערגיינ צו א קאָלעקטיווער ווירטשאפט האָט זיכ די לאגע וועזנטלעכ געענדערט. דער קאָלווירט איז ניט קיינ אינדיווידועלע ווירטשאפט. אזוי טאקע ריידנ איצט די קאָלווירטניקעס: „דער קאָלווירט איז מיינער אונ ניט מיינער, ער איז מיינער, אָבער צוזאמענ דערמיט געהערט ער איוואנענ, פּיליפּנ, מיכאילנ אונ אנדערע מיטגלידער פונ קאָלווירט, דער קאָלווירט איז אנ אלגעמיינער“. איצט קאָנ ער, דער קאָלווירטניק, דער נעכטיקער איינצלפויער אונ הייַנטיקער קאָלעקטיוויסט, — איצט קאָנ ער ארופוואלגערנ די פאראנטוואָרטלעכקייט אונ קאָנ אויסרעכענענ אפ אנדערע קאָלווירט־מיטגלידער, וויסנדיק, אז דער קאָלווירט וועט אימ ניט לאָזנ אָנ ברויט. דעריבער איז בא אימ, באמ קאָלווירטניק, געוואָרנ ווייניקער זאָרג, איידער בא דער אינדיווידועלער ווירטשאפט, ווייל די זאָרגנ אונ די פאראנטוואָרטלעכקייט פאר דער ווירטשאפט זיינענ איצטער פאנאנדערגעטיילט צווישנ אלע קאָלווירטניקעס.

וואָס זשע איז דערפונ געדרונגענ? געדרונגענ דערפונ איז, אז דער שווערפּונקט פונ דער פאראנטוואָרטלעכקייט פאר פירנ די ווירטשאפט האָט

זיך אצינד אריבערגערוקט פון די איינצלנע פויערים אף דער אָנפירונג פונעם קאָלווירט, אפן אָנפירנדיקן קערן פונעם קאָלווירט. זאָרגן וועגן דער ווירטשאפט און ראציאָנעל פירן די ארבעט פאָדערן איצט די פויערים ניט פון זיך אליין, נאָר פון דער אָנפירונג פונעם קאָלווירט, אָדער, ריכטיקער, ניט אזויפיל פון זיך אליין, וויפל פון דער אָנפירונג פונעם קאָלווירט. און וואָס באטײַט עס? דאָס באטײַט, אז די פארטיי קאָן זיך שוין איצט ניט באגרענעצן מיט איינצלנע אקטן פון ארײַנמישונג אין דעם פראָצעס פון דער לאנדווירטשאפטלעכער אנטוויקלונג. זי דארף איצט נעמען צו זיך אין די הענט די אָנפירונג מיט די קאָלווירטן, נעמען אף זיך די פאראנטוואָרט-לעכקײַט פאר דער ארבעט און העלפן די קאָלווירטניקעס פירן זייער ווירט-שאפט פאָרויס אף דער באזע פון די אָנגאבן פון דער וויסנשאפט און טעכניק.

אָבער דאָס איז ניט אלץ. דער קאָלווירט איז א גרויסע ווירטשאפט. א גרויסע ווירטשאפט קאָן מען אָבער ניט פירן אָן א פלאן. א גרויסע ווירטשאפט אין דער ערד-ארבעט, וואָס כאפט ארום הונדערטער, און צומאָל אויך טויזנטער הויפן, קאָן געפירט ווערן בלויז אין סיידער פון פלאנישער אָנפירונג. אָן דעם מוז זי אומקומען און צעפאלן ווערן. אָט האָט איר אײַך נאָך איין נײַעם באדינג בא דער קאָלווירטישער אָרדענונג, וואָס אונ-טערשיידט זיך ראדיקאל פון די באדינגונגען פון פירן די אינדיווידועלע דריבנע ווירטשאפט. צי קאָן מען לאָזן די פירונג פון אזא ווירטשאפט אף דעם, אזויגערופענעם, נאטירלעכן גאנג פון דער זאך, אפן זעלבשטראָם? קלאָר, אז מע קאָן ניט. קעדיי צו פירן אזא ווירטשאפט, דארף מען בא-זאָרגן דעם קאָלווירט מיט א געוויסן מינימום עלעמענטאר-גראמעטנע מענטשן, וואָס זײַנען פייִק צו פלאנירן די ווירטשאפט און פירן זי אף אן אָרגא-ניזירטן אופן. פארשטייט זיך, אז אָן א סיסטעמאטישער ארײַנמישונג מיצאד דער ראטנמאכט אין דער קאָלווירטישער בויונג, אָן איר סיסטע-מאטישער הילף איז אוועקשטעלן אזא ווירטשאפט אומעגלעך.

וואָס זשע דרינגט דערפון ארויס? דערפון דרינגט ארויס, אז די קאָל-ווירטישע אָרדענונג ניט זי פארקלענערט, נאָר זי פארגרעסערט די זאָרגן און די פאראנטוואָרטלעכקײַט פון דער פארטיי און פון דער רעגירונג בע-נעגייע דער אנטוויקלונג פון דער לאנדווירטשאפט. דערפון דרינגט ארויס, אז די פארטיי, אויב זי וויל אָנפירן מיט דער קאָלווירטישער באוועגונג, דארף זי ארײַן אין אלע דעטאלן פונעם קאָלווירטישן לעבן און פון דער קאָלווירטישער אָנפירונג. דערפון דרינגט ארויס, אז די פארטיי דארף ניט פארקלענערן, נאָר פארמערן אירע פארבינדונגען מיט די קאָלווירטן, אז זי דארף וויסן אלץ, וואָס עס קומט פאָר אין די קאָלווירטן, קעדיי בא-

ציַיטנס קומען צו הילף און פארהיטן די קאָלווירטן פון די געפארן, וואָס דראָען זיי.

וואָס זעען מיר אָבער אין דער ווירקלעכקייַט? אין דער ווירקלעכקייַט זעען מיר, אז א גאנצע ריי ראיאָנע און געגנטלעכע אָרגאניזאציעס זייַנען אָפּגעריסן פונעם לעבן פון די קאָלווירטן, פון זייערע פאָדערונגען. מענטשן זיצן אין די קאנצעליאריעס און סקריפען זעלבסטצופרידן מיט די פעדערס, ניט באמערקנדיק, אז די אנטוויקלונג פון די קאָלווירטן גייט פארביַי די ביוראָקראטישע קאנצעליאריעס. אין באזונדערע פאלן פלעגט די אָפּגעריסנקייַט פון די קאָלווירטן דערגייען דערצו, אז אייניקע מיטגלידער פון די קאנטישע אָרגאניזאציעס פלעגן זיך דערוויסן וועגן די איניאָניים פון די קאָלווירטן בא זיך אין קאנט ניט פון די אנטשפּרעכיקע ראיאָנע אָר־גאניזאציעס, נאָר פון מיטגלידער פון צק אין מאָסקווע. דאָס איז טרויעריק, אָבער דאָס איז א פאקט, כאווײַרים. דער אריבערגאנג פון אינדיווידועלער ווירטשאפט צו קאָלווירטן האָט געדארפט ברענגען צום פארשטארקן די אָנפירונג פון די קאָמוניסטן אין דאָרף. און אין דער ווירקלעכקייַט האָט דער דאָזיקער אריבערגאנג געבראכט אין א ריי פאלן דערצו, אז די קאָמוניסטן האָבן זיך בארויקט, אויספייַנענדיק זיך מיטן הויכן פּראָצענט קאָלעקטיוויזאציע, און האָבן געלאָזט גיין די זאך מיטן זעלבשטראָם, האָבן געלאָזט גיין די זאך מיטן נאטירלעכן גאנג. די פּראָבלעם פון פלאנישער אָנפירונג מיט דער קאָלווירטישער ווירטשאפט האָט געמוזט ברענגען צום פארשטארקן די אָנפירונג פון די קאָמוניסטן אין די קאָלווירטן. אין דער ווירקלעכקייַט אָבער האָט זיך אין א ריי פאלן באקומען, אז די קאָמוניסטן זייַנען ניט געוואָרן, און אין די קאָלווירטן זייַנען די רעדלפירער געווען געוועזענע ווייַסע אָפיצערן, געוועזענע פּעטליוראָווצעס און ביכלאל סאָנים פון די ארבעטער און פויערים.

אזוי האלט עס מיט דער צווייטער סיבע פון די כעסרוינעס פון אונדזער ארבעט אין דאָרף.

3) די דריטע סיבע פון די כעסרוינעס פון אונדזער ארבעט אין דאָרף באשטייט דערין, וואָס פיל כאווײַרים אונדזערע האָבן איבערגעשאצט די קאָלווירטן, אלס נייַע ווירטשאפט־פאָרם, זיי האָבן זיי איבערגעשאצט און פארוואנדלט אין אן איקאָנע. זיי האָבן באשלאָסן, אז וויבאלד עס זייַנען געגעבן קאָלווירטן, אלס סאָציאַליסטישע ווירטשאפט-פאָרם,— איז שוין דער־מיט געגעבן אלץ, איז שוין דערמיט געזיכערט די ריכטיקע געשעפט־פירונג פון די קאָלווירטן, די ריכטיקע פלאנירונג פון דער קאָלווירטישער ווירטשאפט, דאָס פארוואנדלען די קאָלווירטן אין מוסטערהאפטע סאָציאַליסטישע ווירטשאפטן. זיי האָבן ניט פארשטאנען, אז אינעם זין פון זייער אָרגא־

ניזאציאָנעלער אײַנאָרדענונג זײַנענ די קאָלווירטנ נאָכ אלצ שוואכ אונ ניי־טיקנ זיכ אינ ערנסטער הילפ מיצאד דער פארטיי סײַ אינעמ זינ פונ באַזאָרגנ זיי מיט דורכגעקאָנטראָלירטע באָלשעוויסטישע קאדרעג סײַ אינעמ זינ פונ דער לויפנדיקער אָנפירונג מיט די קאָלווירטישע איניאָנים. אָבער דאָס איז ניט אלצ, אונ אפילע ניט דער איקער. דער הויפט־כיסאָרנ באשטייט דאָ אינ דעמ, וואָס פיל כאוויירימ אונדזערע האָבנ איבערגעשאצט די קרעפטנ אונ די מעגלעכקײַטנ פונ די קאָלווירטנ גופע, אלס נײַע פאָרמ פונ אָרגאניזירנ די לאנדווירטשאפט. זיי האָבנ ניט פארשטאנענ, אז דער קאָלווירט פאר זיכ גענומענ, ניט געקוקט אפ דעמ, וואָס ער איז א סאָציאליסטישע ווירטשאפט-פאָרמ,—איז ער נאָכ ווײַט ניט גאראנטירט פונ אלערליי געפארנ אונ פונ דעמ, אז אינ דער אָנפירונג מיטנ קאָלווירט זאָלנ ניט ארײַנדרינגענ אלערליי קאָנטררעוואָליוציאָנערע עלעמענטנ, ער איז ניט גאראנטירט פונ דעמ, אז בא געוויסע באדינגונגענ קאָנענ די קאָלווירטנ אויסגענוצט ווערנ דורכ די אנטיסאָוועטישע עלעמענטנ פאר זייערע צילנ.

דער קאָלווירט איז א סאָציאליסטישע פאָרמ פונ ווירטשאפטלעכער אָרגאניזאציע, פונקט ווי די ראטנ זײַנענ א סאָציאליסטישע פאָרמ פונ פאָליטישער אָרגאניזאציע. סײַ די קאָלווירטנ סײַ די ראטנ זײַנענ די גרעסטע דעראָבערונג פונ אונדזער רעוואָליוציע, די גרעסטע דעראָבערונג פונעמ ארבעטער־קלאס. אָבער די קאָלווירטנ אונ די ראטנ זײַנענ בלויז א פאָרמ פונ אָרגאניזאציע, עמעס, א סאָציאליסטישע, אָבער דאָכ א פאָרמ פונ אָרגאניזאציע. אלצ איז אָפהענגיק דערפונ, וואָס פאר אנ אינהאלט עס וועט ארײַנגעגאָסנ ווערנ אינ דער דאָזיקער פאָרמ. מיר וויסנ פאלנ, ווענ די ראטנ פונ די ארבעטער־ אונ סאָלדאטנ־דעפוטאטנ האָבנ געשטיצט אפ א געוויסנ פעריאָד די קאָנטררעוואָליוציע קעגנ דער רעוואָליוציע. אזוי איז געוועזנ בא אונדז, אינ פסס״ר, לעמאָשל, אינ יול 1917 יאָר, ווענ מיט די ראטנ האָבנ אָנגעפירט די מענשעוויקעס אונ עסערנ אונ די ראטנ האָבנ פארדעקט די קאָנטררעוואָליוציע קעגנ דער רעוואָליוציע. אזוי איז געוועזנ אינ דײַטשלאנד סאָפ 1918 יאָר, ווענ מיט די ראטנ האָבנ אָנגעפירט די סאָציאל־דעמאָקראטנ אונ ווענ זיי האָבנ פארדעקט די קאָנטררעוואָליוציע קעגנ דער רעוואָליוציע. הייסט עס, אז די זאכ איז ניט בלויז אינ די ראטנ, אלס פאָרמ פונ אָרגאניזאציע, האגאמ די דאָזיקע פאָרמ גופע שטעלט מיט זיכ פאָר א קאָלאָסאלע רעוואָליוציאָנערע דעראָבערונג. די זאכ באשטייט, פריער פאר אלצ, אינ דעמ אינהאלט פונ דער ארבעט פונ די ראטנ, די זאכ באשטייט אינ דעמ כאראקטער פונ דער ארבעט פונ די ראטנ, די זאכ באשטייט אינ דעמ, ווער נעמלעכ עס פירט אָנ מיט די ראטנ, — רעוואָליוציאָנערנ אָדער קאָנטררעוואָליוציאָנערנ. דערמיט, אייגנטלעכ, דערקלערט זיכ

טאקע דער פאקט, וואָס די קאָנטררעוואָליוציאָנערן זאָגן זיך ניט שטענדיק ארויס קעגן די ראטן. עס איז, לעמאָשל, באוווסט, אז דער הויפט פון דער רוסישער קאָנטררעוואָליוציע מיליוקאָוו האָט בייסן קראָנשטאטער אופשטאנד זיך ארויסגעזאָגט פאר ראטן, נאָר אָן קאָמוניסטן. „ראטן אָן קאָמוניסטן“— אָט אזא איז דעמלט געווען דער לאָזונג פונעם הויפט פון דער רוסישער קאָנטררעוואָליוציע מיליוקאָוו. די קאָנטררעוואָליוציאָנערן האָבן פארשטאנען, אז די זאך איז ניט בלויז אין די ראטן גופע, נאָר פריער פון אלץ דערין, ווער וועט מיט זיי אָנפירן.

דאָס זעלבע דארף מען זאָגן וועגן די קאָלווירטן. די קאָלווירטן, אלס סאָציאליסטישע פאָרם פון אָרגאניזירן די ווירטשאפט, קאָנען באווייזן וווּנדער פון ווירטשאפטלעכער בויונג, אויב בעראָש פון זיי שטייען ווירקלעכע רע־וואָליוציאָנערן, באָלשעוויקעס, קאָמוניסטן. און פארקערט — די קאָלווירטן קאָנען פארוואנדלט ווערן אף א געוויסן פעריאָד אין א צודעק פאר אלערליי קאָנטררעוואָליוציאָנערע אופטוען, אויב אין די קאָלווירטן וועלן די רעדל-פירער זיין עסערן און מענשעוויקעס, פעטליורישע אָפיצערן און אנד. ווייס-גווארדייער, געוועזענע דעניקינצעס און קאָלטשאקאָווצעס. דערביי דארף מען האָבן אינזינען, אז די קאָלווירטן, אלס פאָרם פון אָרגאניזאציע, זיינען ניט בלויז ניט גאראנטירט דערפון, אז אין זיי וועלן ניט ארייַנדרינגען קיין אנטיסאָוועטישע עלעמענטן, נאָר זיי שטעלן אפילע פאָר די ערשטע צייט געוויסע באקוועמלעכקייטן פאר דעם, אז די קאָנטררעוואָליוציאָנערן זאָלן זיי צייטווייליק אויסנוצן. קאָלזמאן די פויערים האָבן געפירט אן אינדיווידועלע ווירטשאפט, — זיינען זיי געווען צעשפליטערט און אָפגעטיילט איינער פון אנדערן, און דעריבער האָבן די קאָנטררעוואָליוציאָנערע פלענער פון די אנטיסאָוועטישע עלעמענטן אין דער פויערשער סוויווע ניט געקאָנט געבן קיין גרויסן עפעקט. גאָר אן אנדער בילד באקומט זיך, ווען די פויערים גייען אריבער צו דער קאָלווירטישער ווירטשאפט. דאָ האָבן שוין די פוי-ערים אין געשטאלט פון די קאָלווירטן א פארטיקע פאָרם פון א מאסנ-אָרגאניזאציע. דעריבער קאָן דאָס ארייַנדרינגען פון די אנטיסאָוועטישע עלע-מענטן אין די קאָלווירטן און זייער אנטיסאָוועטישע טעטיקייט געבן א סאך א גרעסערן עפעקט. מע דארף רעכענען, אז דאָס אלץ נעמען אין אכט די אנטיסאָוועטישע עלעמענטן. עס איז באוווסט, אז איין טייל קאָנטררעוואָ-ליוציאָנערן, לעמאָשל, אף צאָפן־קאווקאז, באמיט זיך אליין צו שאפן עפעס ווי א מין קאָלווירטן, אויסנוצנדיק זיי אלס לעגאלן צודעק פאר זייערע אונטערערדישע אָרגאניזאציעס. עס איז אויך באוווסט, אז די אנטיסאָוועט־טישע עלעמענטן אין א ריי ראיאָנען, ווו זיי זיינען נאָך ניט דעמאסקירט און ניט צעגראָמירט, — גייען גערן אין די קאָלווירטן, זיי לויבן אפילע די

קאָלווירטנ, קעדיי צו שאפנ אינווייניק אין די קאָלווירטנ נעסטנ פונ א קאָנטררעוואָליוציאָנערער ארבעט. עס איז אויכ באוווסט, אז איינ טייל אנ־טיסאָוועטישע עלעמענטנ זאָגט זיכ אצינד אליינ ארויס פאר קאָלווירטנ, נאָר ביטניי, אז אינ די קאָלווירטנ זאָלנ נימ זיינ קיינ קאָמוניסטנ. „קאָלווירטנ אָנ קאָמוניסטנ" — אָט וואָס פאר א לאָזונג עס ווערט איצט אויסגעטראָגנ צווישנ די אנטיסאָוועטישע עלעמענטנ. הייסט עס, די זאכ באשטייט נימ בלויז אינ די קאָלווירטנ גופע, אלס סאָציאליסטישע פאָרמ פונ אָרגאני־זאציע, נאָר פריער פאר אלצ דערינ, וואָס פאר אנ אינהאלט עס ווערט ארייַנגעגאָסנ אינ דער דאָזיקער פאָרמ,—די זאכ באשטייט פריער פאר אלצ דערינ, ווער עס שטייט בעראָש פונ די קאָלווירטנ און ווער עס פירט מיט זיי אָנ.

פונ שטאנדפונקט פונ לעניניזמ זיינענ די קאָלווירטנ, פונקט ווי די ראטנ, גענומענע אלס פאָרמ פונ אָרגאניזאציע, א געווער, און בלויז א געווער. דאָס דאָזיקע געווער קאָנ מענ בא געוויסע באדינגונגענ ווענדנ קעגנ דער רעוואָליוציע. מע קאָנ עס ווענדנ קעגנ דער קאָנטררעוואָליוציע. עס קאָנ דינענ דעמ ארבעטער־קלאס און דעמ פויערטומ. עס קאָנ דינענ בא געוויסע באדינגונגענ די פיינט פונעמ ארבעטער־קלאס און פונעמ פוי־ערטומ. אלצ ווענדט זיכ אינ דעמ, אינ וועמעס הענט דאָס דאָזיקע געווער געפינט זיכ און קעגנ וועמענ עס וועט געצילט ווערנ.

דאָס הייבנ אָנ צו פארשטיינ די פיינט פונ די ארבעטער און פויערימ, געפירטע פונעמ קלאסנ-אינסטינקט.

דאָס פארשטייענ נאָכ ניט, צומ באדויערנ, אייניקע קאָמוניסטנ אונדזערע.

און טאקע דערפאר, ווייל אייניקע קאָמוניסטנ אונדזערע האָבנ ניט פאר־שטאנענ די דאָזיקע איינפאכע זאכ, — טאקע דערפאר האָבנ מיר אצינד אזא בילד, אז אינ א ריי קאָלווירטנ זיינענ די רעדלפירער גוט פארמאסקירטע אנטיסאָוועטישע עלעמענטנ, און זיי אָרגאניזירנ דאָרט שעדיקעריי און סאבאָ־טאזש.

4) די פערטע סיבע פונ די כעסרוינעס אינ אונדזער ארבעט אינ דאָרפ באשטייט אינ דעמ, וואָס א גאנצע ריי כאוויירימ אונדזערע אפ די ערטער ווייסנ ניט ווי איבערצובויענ דעמ פראָנט פונ קאמפ קעגנ דעמ באלעגופנ־טומ, וואָס זיי פארשטייענ ניט, אז דאָס פאָנעמ פונעמ קלאסנפיינט האָט זיכ געענדערט פאר דער לעצטער צייט, עס האָט זיכ געענדערט די טאק־טיק פונעמ קלאסנפיינט אינ דאָרפ און אז אינ העסקעמ דערמיט דארפ מענ ענדערנ אונדזער טאקטיק, קעדיי דערשלאָגנ זיכ דערפאָלג. דער סוינע האָט פארשטאנענ די געענדערטע סיטואציע, ער האָט פארשטאנענ די קראפט און די מעכטיקייט פונ דער נייער אָרדענונג אינ דאָרפ און, פארשטייענדיק דאָס,

האָט ער זיך איבערגעבויט, געענדערט זײַן טאַקטיק — ער איז אריבערגעגאַנגען פון דירעקטער אטאקע קעגן די קאָלווירטן צו ארבעטן דורך שטילן אונטערגראָבן זיך. מיר ווידער האָבן דאָס ניט פארשטאַנען, מיר האָבן די נײַע סיטואַציע ניט דערזען און מיר זוכן ווײַטער דעם קלאַסנפײַנט דאָרטן, ווו ער איז שוין ניטאָ, מיר פירן ווײַטער די אַלטע טאַקטיק פון פארייפאכטן קאַמף קעגן דעם באַלעגופנטום, אין דער צײַט, ווען זי, די דאָזיקע טאַקטיק, איז שוין לאַנג פאַרעלטערט געוואָרן.

מע זוכט דעם קלאַסנפײַנט אויסער די קאָלווירטן, מע זוכט אים אין געשטאַלט פון מענטשן מיט א כײַישער פיזיאָנאָמיע, מיט קאָלאָסאַלע צײַנער, מיט א דיקן האַלדז, מיט אַן „אָברעז" אין די הענט. מע זוכט דעם באַלעגופּ אזא, ווי מיר קענען אים פון די פלאַקאַטן. אָבער אזוינע באַלעגופים איז שוין לאַנג ניטאָ אפ דער אויבערפלעך. די איצטיקע באַלעגופים און די באַלעגופּישע נאָכטאנצער, די איצטיקע אנטיסאָוועטישע עלעמענטן אין דאָרף — דאָס זײַנען מערסטנטייל מענטשן „שטילע", „זיסינקע", קימאַט „הייליקע". זיי דארף מען ניט זוכן ווײַט פון קאָלווירט, זיי זיצן אין קאָלווירט גופא און פארנעמען דאָרט די שטעלעס פון שפּײַכלער־פארוואַלטערס, פון ווירטשאַפט-פארוואַלטערס, כעזשבנפירער, סעקרעטארן אאַוו. זיי וועלן קיינמאָל ניט זאָגן — „אראָפּ די קאָלווירטן". זיי זײַנען „פאר" די קאָלווירטן. אָבער זיי פירן אין די קאָלווירטן אזא סאַבאָטאַזש־ און שעדיקערײַ־ארבעט, אז די קאָלווירטן וועט פון זיי קיין גוטס ניט צוקומען. זיי וועלן קיינמאָל ניט זאָגן — „אראָפּ די ברויט-פארגרייטונגען". זיי זײַנען „פאר" די ברויט-פארגרייטונגען. זיי פארנעמען זיך „בלויז" מיט דעמאַגאָגיע און פאָדערן, אז דער קאָלווירט זאָל שאפן א פאָנד פאר פּיצוכט, וואָס זאָל זײַן אין דרײַ מאָל גרעסער, איידער דאָס פאָדערט זיך פאר דער זאך, אז דער קאָלווירט זאָל שאפן א סטראַכיר-פאָנד, וואָס זאָל זײַן אין דרײַ מאָל גרעסער, איידער דאָס פאָדערט זיך פאר דער זאך, אז דער קאָלווירט זאָל ארויסגעבן אפ געזעלשאפטלעכער דערנערונג פון 6 ביז 10 פונט ברויט א טאָג אפ אן ארבעטער אאַוו. עס פארשטייט זיך, אז נאָך אזוינע „פאָנדן" און ארויסגעבונגען אפ געזעלשאפטלעכער דערנערונג, נאָך אזא שווינדלערישער דעמאַגאָגיע מוז די ווירטשאפטלעכע מעכטיקײַט פונעם קאָלווירט אונטערגעריסן ווערן, און פאר די ברויט־פארגרייטונגען בלײַבט קיין אָרט ניט.

קעדיי צו דערקענען אזא געשיקטן סוינע און ניט לאָזן זיך פארפירן פון דער דעמאַגאָגיע, דארף מען באזיצן רעוואָלוציאָנערע וואַכזאַמקײַט, דארף מען באזיצן די פייִקײַט אראָפּצורײַסן די מאַסקע פונעם סוינע און באַווײַזן די קאָלווירטניקעס זײַן ווירקלעכן, קאָנטררעוואָלוציאָנערן פּאָנעם. צי האָבן מיר אָבער בא אונדז אין דאָרף פיל קאָמוניסטן, וואָס באזיצן די דאָ־

זיקע מײַלעס? עס טרעפט ניט זעלטן, אז די קאָמוניסטן ניט בלויז זיי דע-מאסקירן ניט אזוינע קלאסנפײַנט, נאָר פארקערט, זיי לאָזן זיך אליין פארפירן פון זייער שווינדלערישער דעמאגאָגיע און שלעפן זיך נאָך זיי.

ניט באמערקנדיק דעם קלאסנפײַנט אין זײַן נײַער מאסקע און ניט קע-נענדיק דעמאסקירן זײַנע שווינדלערישע מאכינאציעס, בארויִקן זיך אייניקע כאווײרים אונדזערע ניט זעלטן דערמיט, וואָס קיין באלעגופים איז שוין, קלומערשט, ניטאָ אפ דער וועלט, אז די אנטיסאָוועטישע עלעמענטן אין דאָרף זײַנען שוין פארניכטעט אין רעזולטאט פון דער פּאָליטיק צו ליק-ווידירן דאָס באלעגופנטום אלס קלאס און אז מע קאָן דעריבער שאָלעם מאכן מיט דער עקזיסטענץ פון „נייטראלע" קאָלווירטן, וואָס זײַנען ניט ניט קיין באָלשעוויסטישע, ניט קיין אנטיסאָוועטישע, נאָר וואָס וועלן מוזן אליין, אזוי צו זאָגן אפ א סטיכישן אופן, אריבערגיין אפ דער זײַט פון דער ראטנמאכט. אָבער דאָס איז א טיפער טאָעס, כאווײרים. די באלעגופים זײַ-נען צעקלאפט, אָבער זיי זײַנען נאָך ווײַט ניט אינגאנצן דערשלאָגן. נאָכ-מער,—זיי וועלן נאָך ניט אזוי גיך זײַן אינגאנצן דערשלאָגן, אויב די קאָמוניסטן וועלן גענעצן און זיך פילן געמיטלעך, מיינענדיק, אז די באלעגו-פים וועלן אליין אוועק אין קייווער אין סיידער אזוי צו זאָגן פון דער סטיכישער אנטוויקלונג זייערער. וואָס אָנבאלאנגט די „נייטראלע" קאָל-ווירטן, זײַנען אזעלכע ביכלאל ניטאָ און קאָנען ניט זײַן אין דער נאטור. „נייטראלע" קאָלווירטן—דאָס איז א פאנטאזיע פון מענטשן, וואָס האָבן אויגן, קעדיי גאָרנישט ניט צו זען. בא אזא שארפן קלאסנקאמף, ווי מיר האָבן בא אונדז איצט אין ראטנפארבאנד, פארבלײַבט ניט קיין אָרט פאר „נייטראלע" קאָלווירטן, בא אזא סיטואציע קאָנען די קאָלווירטן זײַן אָדער באָלשעוויסטישע, אָדער אנטיסאָוועטישע. און אויב מיר פירן ניט אָן אין די אָדער יענע קאָלווירטן, באטײַט עס, אז מיט זיי פירן אָן אנטי-סאָוועטישע עלעמענטן. דעריבער קאָן ניט זײַן קיין שום סאָפעק.

5) צולעצט, נאָך איינע סיבע פון די כעסרוינעס פון אונדזער ארבעט אין דאָרף. זי באשטייט, די דאָזיקע סיבע, אין ניט-דערשאצן די ראָליע און די פאראנטוואָרטלעכקײַט פון די קאָמוניסטן אין דער קאָלווירטישער בויונג, אין ניט-דערשאצן די ראָליע און די פאראנטוואָרטלעכקײַט פון די קאָמוניסטן אין די ברויט-פארגרייטונגען. ריידנדיק וועגן די שוועריקײַטן פון די ברויט-פארגרייטונגען, ווארפן די קאָמוניסטן, געוויינלעך, ארופ די פאראנטוואָרטלעכ-קײַט אפ די פויערים און טײַנען, אז אין אלץ זײַנען שולדיק די פויערים. אָבער דאָס איז אבסאָליוט ניט ריכטיק און בעפיירעש ניט יוישערדיק. די פויערים זײַנען דאָ ניט שײַעך. אויב עס האנדלט זיך וועגן פאראנטוואָרט-לעכקײַט און שולדיקײַט, פאלט די פאראנטוואָרטלעכקײַט אינגאנצן און פול-

שטענדיק אפ די קאָמוניסטן, און שולדיק זײַנען דאָ אין אלץ — נאָר מיר, קאָמוניסטן.

אין דער וועלט איז ניטאָ און עס איז ניט געווען אזא מעכטיקע און אויטאָריטעטע מאכט, ווי אונדזערע, די ראטנמאכט. אין דער וועלט איז ניטאָ און עס איז ניט געווען אזא מעכטיקע און אויטאָריטעטע פארטיי, ווי אונדזערע, די קאָמוניסטישע פארטיי. קיינער שטערט ניט און קאָן אונדז ניט שטערן צו פירן די קאָלווירטן אזוי, ווי דאָס פאָדערן די אינטערעסן פון די קאָלווירטן, די אינטערעסן פון דער מעלוכע. און אויב ניט שטענדיק גיט זיך אונדז אײַן צו פירן די קאָלווירטן אזוי, ווי עס פאָדערט דער לעניניזם, אויב מיר דערלאָזן ניט זעלטן א ריי גראָבע, אומפארצײַלעכע פעלערן, לאָמיר זאָגן, לויט דער ליניע פון די ברויט-פארגרייטונגען, זײַנען דעריג שולדיק מיר, און נאָר מיר.

מיר זײַנען שולדיק דעריג, וואָס מיר האָבן ניט דערזען די נעגאטיווע זײַטן פונעם קאָלווירטישן האנדל מיט ברויט און האָבן דערלאָזט א ריי זייער גראָבע פעלערן. מיר זײַנען שולדיק דעריג, וואָס א גאנצע ריי אָרגאניזאציעס אונדזערע האָט זיך אָפּגעריסן פון די קאָלווירטן, האָט זיך באַרויִקט און זיך געלאָזט מיט דער סטיכיע פון זעלבשטראָם. מיר זײַנען שולדיק דעריג, וואָס א גאנצע ריי כאווײרים אונדזערע שאצט נאָך אלץ איבער די קאָלווירטן, אלס פאָרם פון מאסן-אָרגאניזאציע, ניט פארשטייענדיק, אז דאָ גייט ניט אזויפיל אין דער פאָרם גופע, וויפל אין דעם, אז מע זאָל אליינ נעמען אפ זיך די אָנפירונג מיט די קאָלווירטן און ארויסוואַרפן פון דער אָנפירונג מיט די קאָלווירטן די אנטיסאָוועטישע עלעמענטן. מיר זײַנען שולדיק דעריג, וואָס מיר האָבן ניט דערזען די נײַע סיטואציע און האָבן פאר זיך ניט קלאָר געמאכט די נײַע טאקטיק פונעם קלאסנפײַנט, וואָס גראָבט זיך אונטער אין דער שטיל.

פרעגט זיך, וואָס זײַנען דאָ שײַעך די פויערים?

איך קען גאנצע גרופעס קאָלווירטן, וואָס אנטוויקלען זיך און בליִען, פילן אויס פּינקטלעך די פארגעבונגען פון דער מעלוכע און ווערן אלץ פעסטער אין ווירטשאפטלעכער הינזיכט פון טאָג צו טאָג. פון דער אנדערער זײַט, קען איך אויך אזוינע קאָלווירטן, וואָס געפינען זיך בישכיינעס מיט די דערמאָנטע קאָלווירטן און וואָס ווערן פארוועלקט און צעלייגט, ניט געקוקט אפ דעם, וואָס ביידע האָבן זיי די זעלבע גערעטעניש און די זעלבע אָביעקטיווע באדינגונגען. ווו ליגט דאָ די סיבע? די סיבע ליגט דאָ דעריג, וואָס מיט דער ערשטער גרופע קאָלווירטן פירן אָן עמעסע קאָמוניסטן, און מיט דער צווייטער גרופע פירן אָן „שליאפּעס", עמעס, מיט א פארטיי-בילעט אין קעשענע, אָבער פונדעסטוועגן „שליאפּעס".

פרעגט זיך, וואָס זײַנען דאָ שײַעך די פויערים?

א רעזולטאט פונ ניט־דערשאצנ די ראָליע אונ די פאראנטוואָרטלעכקײַט פונ די קאָמוניסטנ איז דאָס, וואָס ניט זעלטנ זוכט מענ די סיבע פונ די כעסרוינעס פונ אונדזער ארבעט אינ דאָרף ניט דאָרט, ווו מע דארפ זי זוכנ, אונ די כעסרוינעס פארבלײַבנ דעריבער ניט באזײַטיקט.

ניט אינ די פויערימ דארפ מענ זוכנ די סיבע פונ די שוועריקײַטנ פונ די ברויט־פארגרייטונגענ, נאָר אינ אונדז אליינ, אינ אונדזערע אייגענע רייענ. ווײַל מיר שטייענ בא דער מאכט, מיר האָבנ אינ אונדזער רעשוס די מיטלענ פונ דער מעלוכע, מיר זײַנענ בארופנ אָנצופירנ מיט די קאָל־ווירטנ אונ מיר דארפנ טראָגנ די פולע פאראנטוואָרטלעכקײַט פאר דער ארבעט אינ דאָרפ.

אָט דאָס זײַנענ די הויפּט־סיבעס, וואָס האָבנ באשטימט די כעסרוינעס פונ אונדזער ארבעט אינ דאָרפ.

מע קאָנ מיינענ, אז איך האָב אויסגעמאָלט א צו פינצטער בילד, אז בא אונדז באשטייט די גאנצע ארבעט אינ דאָרפ בלויז פונ איינע כעסרוינעס. אָבער דאָס איז, פארשטייט זיך, ניט ריכטיק. אינדערעמעסנ האָט אונדזער ארבעט אינ דאָרפ צוגלײַך מיט די דאָזיקע כעסרוינעס א גאנצע ריי זייער ערנסטע אונ אנטשיידענע דערגרייכונגענ. אָבער איך האָב שוינ געזאָגט אינ אָנהייב פונ מײַנ רעדע, אז אינ מײַנע אופגאבנ גייט ניט ארײַנ צו כאראקטערי־זירנ אונדזערע דערגרייכונגענ, אז איך האָב זיך גענומענ ריידנ בלויז וועגנ די כעסרוינעס פונ אונדזער ארבעט אינ דאָרפ.

צי קאָנ מענ פאריכטנ די דאָזיקע כעסרוינעס? יאָ, זיכער קאָנ מענ. צי וועלנ מיר זיי פאריכטנ די נאָענטסטע צײַט? יאָ, מיר וועלנ זיי זיכער פאריכטנ. דערינ קאָנ ניט זײַנ קיינ שום צווייפל.

איך מיינ, אז די פּאָליטאָפּטיילנ פונ די מטס אונ פונ די ראטווירטנ זײַנענ איינס פונ יענע אנטשיידנדיקע מיטלענ, וואָס מיט זייער הילפ וועט מענ קאָנענ באזײַטיקנ די דאָזיקע כעסרוינעס אינ סאמע קורצנ טערמינ.

(שטורמישע, לאנגדויערנדיקע אפּלאָדיסמענטנ.)

# רעדע אפנ ערשטנ אלפארבאנדישנ צוזאמענפאָר פונ די קאָלווירטניקעס־שלאָגלער

דעמ 19־טנ פעווראל 1933 יאָר

כאווייריִמ קאָלווירטניקעס אונ קאָלווירטניצעס! איכ האָב ניט גערעכנט ארויסצוטרעטנ אפ אייער צוזאמענפאָר. איכ האָב ניט גערעכנט, ווייל אינ די רעדעס פונ די אָראטערס, וואָס זיינענ ארויסגעטראָטנ ביז מיר, איז שוינ געזאָגט געוואָרנ אלצ, וואָס מע האָט געדארפט זאָגנ, — געזאָגט געוואָרנ גוט אונ טרעפלעכ. צי איז נאָכ קעדיי נאָכ דעמ ארויסצוטרעטנ? אָבער וויבאלד איר באשטייט, אונ די קראפט איז בא אייכ אינ די הענט (דויערנדיקע אפלאָדיסמענטנ), — בינ איכ מעכויעוו זיכ אונטערצוווארפנ.

איכ וועל זאָגנ עטלעכע ווערטער איבער באזונדערע פראגנ.

## 1

## דער וועג פונ די קאָלווירטנ — איז דער איינציק ריכטיקער וועג

די ערשטע פראגע — צי איז ריכטיק דער וועג, אפ וועלכנ ס'איז ארופגעטראָטנ דאָס קאָלווירטישע פויערטומ, צי איז ריכטיק דער קאָלווירטישער וועג?

די דאָזיקע פראגע איז ניט קיינ פראגע גלאט אינ דער וועלט אריינ. איר, שלאָגלער פונ די קאָלווירטנ, צווייפלט ניט מיסטאמע דערינ, אז די קאָלווירטנ שטייענ אפנ ריכטיקנ וועג. דעריבער איז מעגלעכ, אז די דאָזיקע פראגע וועט זיכ אייכ אויסדוכטנ פאר איבעריק. אָבער ניט אלע פויערימ דענקענ אזוי, ווי איר. צווישנ די פויערימ איז נאָכ פאראנ ניט ווייניק אזעלכע מענטשנ, דערונטער אויכ צווישנ די קאָלווירטניקעס, וואָס צווייפלענ אינ דער ריכטיקייט פונ דעמ קאָלווירטישנ וועג. אונ ס'איז דאָ גאָר ניטאָ וואָס צו וווּנדערנ זיכ. איינדערעמעסנ, הונדערטער יאָרנ האָבנ מענטשנ געלעבט אפנ אלטנ שטייגער, זיינענ געגאנגענ מיטנ אלטנ וועג, האָבנ

געבויגן דעם רוקן פארן באַלעגוף און פאָרעץ, פארן פראָצענטניק און ספעק־קוליאנט. מע קאָן ניט זאָגן, אז דעם דאָזיקן אַלטן, קאפּיטאַליסטישן וועג זאָלן די פויערים האָבן באַגיטיקט. אָבער ער, דער דאָזיקער אַלטער וועג, איז געווען א וועג אן אויסגעטראָטענער, א געוווינטער, און קיינער האָט נאָך ניט דערוויזן אין טאַט, אַז מע קאָן לעבן אַף עפּעס אן אנדער אויפן, אַף א בעסערן אויפן. ביפראט נאָך, אַז אין אַלע בורזשואזע לענדער לעבן נאָך מענטשן אַפן אַלטן שטייגער... און פּלוצעם רייסן זיך אַריין אין אַט־דעם אַלטן זומפּיקן לעבן די באָלשעוויקעס, זיי רייסן זיך אַריין, ווי א שטורעם, און זאָגן: שוין צייט אוועקוואַרפן דעם אַלטן וועג, שוין צייט אָנהייבן לעבן אַף א נייעם אויפן, אַף א קאָלווירטישן, שוין צייט אָנהייבן לעבן ניט אזוי, ווי אַלע לעבן אין די בורזשואזע לענדער, נאָר אַף א נייעם אויפן, אַף אן אַרטעלישן. אָבער וואָס איז דאָס פאַר א ניי לעבן, — ווער ווייסט עס. זאָל זיך עס אָקאָרשט ניט אויסלאָזן ערגער פון דעם אַלטן לעבן. יעדנפאַלס איז דער נייער וועג — אן אומגעוווינטער וועג, ניט קיין אויסגעטראָטענער און נאָך ניט איינגאַנצן קיין אויסגעפּאָרשטער. צי איז ניט בעסער צו פאַרבלייבן באַם אַלטן וועג? צי איז ניט בעסער אָפּוואַרטן מיטן אַריבערגיין אַפן נייעם, קאָלווירטישן וועג? לוינט עס צו ריזיקירן?

אָט וואָסערע ספּייקעס עס לאָזן איצט ניט רוען אַיין טייל פונעם האָרעפּאַשנעם פּויערטום.

צי דאַרפן מיר צעטרייבן די דאָזיקע ספּייקעס? צי דאַרפן מיר זיי אַרויסשטעלן, די דאָזיקע ספּייקעס, אַף דער ליכטיקער שיין און באַווייזן — וואָס פאַר א ווערט זיי האָבן? קלאָר, אַז מיר דאַרפן.

הייסט עס, אַז די פראַגע, וואָס איז אויבן געשטעלט געוואָרן, קאָן מען ניט אָנרופן א פראַגע גלאַט אין דער וועלט אַריין.

אַלזאָ, צי איז ריכטיק דער וועג, אַף וועלכן ס'האָט זיך געשטעלט דאָס קאָלווירטישע פּויערטום?

אייניקע כאַווײרים מיינען, אַז דאָס אַריבערגיין אַפן נייעם וועג, אַפן וועג פון די קאָלווירטן האָט זיך בא אונדז אָנגעהויבן מיט דריי יאָר צוריק. דאָס איז ריכטיק בלויז טיילווייז. פאַרשטייט זיך, אַז די מאַסעווע בוויגונג פון די קאָלווירטן האָט זיך בא אונדז אָנגעהויבן מיט דריי יאָר צוריק. דער דאָזיקער אַריבערגאַנג איז באַצייכנט געוואָרן, ווי באַוווּסט, מיטן צעגראָמירן דאָס באַלעגופּנטום און מיט א באַוועגונג פון די מיליאָניקע מאַסן אָרעמפּויערטום און מיטלפּויערים צו דער זייט פון די קאָלווירטן. דאָס אַלץ איז ריכטיק. אָבער קעדיי אָנצוהייבן דעם דאָזיקן מאַסן־אַריבערגאַנג צו די קאָלווירטן, האָט מען געדאַרפט האָבן אין די הענט אייניקע פּאָרויסיקע באַדינגונגען, וואָס אָן זיי איז, ביכלאַל גערעדט, ניט דענקבאַר קיין מאַסעווע

קאָלווירטישע באוועגונג. מע האָט געדארפט פריִער פאר אלץ האָבן די ראטנמאכט, וואָס האָט געהאָלפן און העלפט קעסיידער די פויערים צו שטעלן זיך אפן וועג פון די קאָלווירטן. מע האָט געדארפט, צווייטנס, ארויס־יאָגן די פריצים און די קאפיטאליסטן, אָפּנעמען בא זיי די זאוואָדן און די ערד און דערקלערן דאָס אלס אייגנטום פון פאָלק. מע האָט געדארפט, דריטנס, איינצוימען דאָס באלעגופנטום און אָפּנעמען בא אים די מאשינעס און די טראקטערס. מע האָט געדארפט, פערטנס, דערקלערן, אז מיט די מאשינעס און טראקטערס קאָנען זיך באנוצן בלויז די אָרעמפויערים און מיטלפויערים, וואָס זײַנען פאראייניקט אין קאָלווירטן. מע האָט געדארפט, צולעצט, אינדוסטריאַליזירן דאָס לאנד, אוועקשטעלן א נײַע טראקטער־אינ־דוסטריע, אויסבויען נײַע זאוואָדן פון לאנדווירטשאפטלעכער מאשינענבויונג, כדי קעדיי רייַך צו באזאָרגן מיט טראקטערס און מאשינעס דאָס קאָלווירטישע פויערטום. אָן די דאָזיקע פאָרויסיקע באדינגונגען איז ניט געווען וואָס צו טראכטן וועגן דעם מאסן־אריבערגאנג אפן וועג פון קאָלווירטן, וואָס איז אָנגעהויבן געוואָרן מיט דרײַ יאָר צוריק.

הייסט עס, אז כדי אריבערצוגיין אפן וועג פון קאָלווירטן, האָט מען געדארפט פריִער פון אלץ דורכמאכן די אָקטיאבער־רעוואָלוציע, אראָפּוואַרפן די קאפיטאליסטן און די פריצים, אָפּנעמען בא זיי די ערד און די זאוואָדן און אוועקשטעלן א נײַע אינדוסטריע.

פון דער אָקטיאבער־רעוואָלוציע האָט זיך טאקע אָנגעהויבן דער אריבערגאנג אפן נײַעם וועג, אפן וועג פון די קאָלווירטן. ער האָט זיך צע־וויקלט מיט א נײַער קראפט ערשט מיט דרײַ יאָר צוריק דערפאר, ווײַל צו יענער צײַט ערשט האָבן זיך געלאָזט פילן אין דער גאנצער ברייט די ווירטשאפטלעכע רעזולטאטן פון דער אָקטיאבער־רעוואָלוציע, ערשט צו יענער צײַט האָט זיך אײַנגעגעבן א רוק צו טאָן פאָרויס די אינדוסטריאַ־ליזאציע פונעם לאנד.

די געשיכטע פון די פעלקער ווייסט פון ניט ווייניק רעוואָלוציעס. זיי אונטערשיידן זיך פון דער אָקטיאבער־רעוואָלוציע דערמיט, וואָס זיי אלע זײַנען געווען איינזײַטיקע רעוואָלוציעס. איין פאָרם פון עקספּלואטירן די ארבעטנדיקע פלעגט פארביטן ווערן מיט א צווייטער פאָרם פון עקספּלוא־טירן, אָבער די עקספּלואטאציע גופא פלעגט בלײַבן. איינע עקספּלואטאטערס און אונטערדריקער פלעגן פארבײַטן אנדערע עקספּלואטאטערס און אונטער־דריקער, אָבער די עקספּלואטאטערס און אונטערדריקער גופא פלעגן בלײַבן. בלויז די אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט פאר זיך געשטעלט דעם ציל — פאר־ניכטן יעטווידע עקספּלואטאציע און ליקווידירן אלע און אלערליי עקספּלואטאטערס און אונטערדריקער.

די רעוואָליוציע פון די שקלאפן האָט ליקווידירט די שקלאפנבאזיצער און האָט אָפגעשאפט די שקלאפנבאזיצערישע פאָרם פון עקספלואטירן די ארבעטנדיקע. אָבער אָנשטאָט זיי האָט זי אוועקגעשטעלט די לײַבייגנטימער און די לײַבייגנטימערישע פאָרם פון עקספלואטירן די ארבעטנדיקע. איינע עקספלואטאטערס האָבן פארביטן אנדערע עקספלואטאטערס. בא דער שקלאפערײַ האָט דער „געזעץ" דערלויבט די שקלאפנבאזיצער צו דער־מאָרדן די שקלאפן. בא די לײַבייגנטימערישע פאָראָנדקעס האָט דער „גע־זעץ" דערלויבט די לײַבייגנטימער „בלויז" צו פארקויפן די לײַבייגענע.

די רעוואָליוציע פון די לײַבייגענע פויערים האָט ליקווידירט די לײַב־ייגנטימער און האָט אָפגעשאפט די לײַבייגנטימערישע פאָרם פון עקספלואטא־ציע. אָבער אָנשטאָט זיי האָט זי אוועקגעשטעלט די קאפיטאליסטן און פריצים, די קאפיטאליסטישע און פריצישע פאָרם פון עקספלואטירן די ארבעטנדיקע. איינע עקספלואטאטערס האָבן פארביטן אנדערע עקספלואטא־טערס. בא די לײַבייגנטימערישע פאָראָנדקעס האָט דער „געזעץ" דערלויבט צו פארקויפן די לײַבייגענע. בא די קאפיטאליסטישע פאָראָנדקעס דערלויבט דער „געזעץ" „בלויז" צו פארורטיילן די ארבעטנדיקע אף ארבעטלאָזיקײַט און פאראָרעמונג, אף רויִנירונג און הונגער־טויט.

בלויז אונדזער סאָוועטישע רעוואָליוציע, בלויז אונדזער אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט געשטעלט די פראגע אזוי, אז מע זאָל ניט פארבײַטן איינע עקספלואטאטערס אף אנדערע, ניט פארבײַטן איין פאָרם פון עקס־פלואטאציע אף אן אנדערער, — נאָר אויסוואָרצלען יעטווידע עקספלואטא־ציע, אויסוואָרצלען אלע און אלערליי עקספלואטאטערס, אלע און אלערליי גווירים און אונטערדריקער, אי די אלטע אי די נײַע. (לאנגדויערנדיקע אפלאָדיסמענטן.)

אָט פארוואָס די אָקטיאבער־רעוואָליוציע איז א פאָרויסיקער באדינג און א נייטיקע פאָרהאנאָכע פאר דעם, אז די פויערים זאָלן אריבערגיין אפן נײַעם, קאָלווירטישן וועג.

צי האָבן ריכטיק געהאנדלט די פויערים, שטיצנדיק די אָקטיאבער־רעוואָליוציע? יאָ, זיי האָבן ריכטיק געהאנדלט. זיי האָבן ריכטיק געהאנדלט, ווײַל די אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט זיי געהאָלפן אראָפּצושלײַדערן פון די פלייצעס די פריצים און די קאפיטאליסטן, די פראָצענטניקעס און די באלעגופים, די סאָכרים און ספעקוליאנטן.

אָבער דאָס איז בלויז איין זײַט פון דער פראגע. פארטרײַבן די אונטער־דריקער, פארטרײַבן די פריצים און קאפיטאליסטן, אײַנצוימען די באלעגופים און ספעקוליאנטן, — דאָס איז זייער גוט. אָבער דאָס איז ווייניק. קעדיי ענדגילטיק צו באפרײַען זיך פון די אלטע פענטעס, דערצו איז ניט גענוג

בלויז צו צעגראָמירנ די עקספלואטאטערס. דערצו דארפ מענ נאָכ אויסבויענ א נײַ לעבנ, אויסבויענ אזא לעבנ, וואָס זאָל געבנ א מעגלעכקײַט דעמ ארבעטנדיקנ פויער צו פארבעסערנ זײַנ מאטעריעלע אונ קולטורעלע לאגע אונ הייבנ זיכ העכער פונ טאָג צו טאָג, פונ יאָר צו יאָר. צוליב דעמ דארפ מענ אײַנפירנ א נײַע אָרדענונג אינ דאָרפ, די קאָלווירטישע אָרדענונג. דערינ באשטייט די צווייטע זײַט פונ דער פראגע.

מיט וואָס אונטערשיידט זיכ די אלטע אָרדענונג פונ דער נײַער, פונ דער קאָלווירטישער אָרדענונג?

בא דער אלטער אָרדענונג האָבנ די פויערימ געארבעט אײנציקווײַז, געארבעט מיט די אלטע אלטפרענקישע מעטאָדנ, מיט די אלטע ארבעט-געצײַג, געארבעט פאר די פריצימ אונ קאפיטאליסטנ, פאר די באלעגופימ אונ ספעקוליאנטנ, געארבעט, לעבנדיק האלב הונגערנדיק אונ בארײַכערנדיק אנדערע. בא דער נײַער, קאָלווירטישער אָרדענונג ארבעטנ די פויערימ געמיינזאמ, אפ אנ ארטעל־אויפנ, זיי ארבעטנ מיט נײַע געצײַג — מיט טראקטערס אונ לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס, זיי ארבעטנ פאר זיכ אונ פאר זייערע קאָלווירטנ, זיי לעבנ אָנ קאפיטאליסטנ אונ פריצימ, אָנ באלעגופימ אונ ספעקוליאנטנ, זיי ארבעטנ, קעדיי פונ טאָג צו טאָג צו פארבעסערנ זייער מאטעריעלע אונ קולטורעלע לאגע. דאָרט, בא דער אלטער אָרדענונג, — איז די רעגירונג א בורזשואזע אונ זי שטיצט די גווירימ קעגנ די ארבעטנדיקע פויערימ. דאָ, בא דער נײַער, קאָלווירטישער אָרדענונג, — איז די רעגירונג אנ ארבעטער־פויערשע אונ זי אונטערשטיצט די ארבעטער אונ פויערימ קעגנ אלע אונ אלערליי גווירימ. די אלטע אָרדענונג פירט צומ קאפיטאליזמ. די נײַע אָרדענונג — צומ סאָציאליזמ.

אָט האָט איר אײַכ צוויי וועגנ, א וועג א קאפיטאליסטישנ אונ א וועג א סאָציאליסטישנ, א וועג פאָרויס — צומ סאָציאליזמ, אונ א וועג צוריק — צומ קאפיטאליזמ.

עס זײַנענ פאראנ מענטשנ, וואָס מיינענ, אז מע קאָנ זיכ שטעלנ אפ עפעס א דריטנ וועג. באזונדערס גערנ כאפנ זיכ פארנ דאָזיקנ דריטנ וועג, וואָס איז קיינעמ ניט באוווסט, אייניקע וואקלדיקע כאווירימ, וואָס זײַנענ נאָכ ניט אינגאנצנ זיכער אינ דער ריכטיקײַט פונעמ קאָלווירטישנ וועג. זיי ווילנ, אז מיר זאָלנ זיכ אומקערנ צו דער אלטער אָרדענונג, מיר זאָלנ זיכ אומקערנ צו דער אינדיווידועלער ווירטשאפט, נאָר אָנ קאפיטאליסטנ אונ פריצימ. זיי ווילנ דערבײַ, מיר זאָלנ דערלאָזנ „בלויז" די באלעגופימ אונ אנדערע קליינע קאפיטאליסטנ, אלס א געזעצלעכע דערשײַנונג פונ אונדזער ווירטשאפטלעכער אָרדענונג. אינדערעמעסנ איז דאָס ניט קיינ דריטער וועג, נאָר דער צווייטער, — דער וועג צומ קאפיטאליזמ. ווײַל, וואָס הייסט

אומקערן זיך צו דער אינדיווידועלערווירטשאַפט און אופשטעלן דאָס באַ־לעגופנטום? דאָס הייסט אופשטעלן די באַלעגופישע קנעכטשאַפט, אופשטעלן די באַלעגופישע עקספּלואַטאַציע פונעם פּויערטום און געבן דעם באַלעגופ מאַכט. צי קאָן מען אָבער אופשטעלן דאָס באַלעגופנטום און אײַנהיטן גלײַכצײַטיק די ראַטנמאַכט? ניין, מע קאָן ניט. דאָס אופשטעלן דאָס באַ־לעגופנטום מוז ברענגען צום שאַפן א באַלעגופישע מאַכט און צו ליקווי־דירן די ראַטנמאַכט, — הייסט עס, עס מוז ברענגען צו דער אויסבילדונג פון א בורזשואַזער רעגירונג. און די אויסבילדונג פון א בורזשואַזער רע־גירונג מוז פון איר זײַט ברענגען צום אופשטעלן די פּריצים און קאַפּיטאַ־ליסטן, צום אופשטעלן דעם קאַפּיטאַליזם. דער אויבערופענער דריטער וועג איז אין דער ווירקלעכקײַט דער צווייטער וועג, דער וועג פון אומקערן זיך צוריק צום קאַפּיטאַליזם. טוט נאָר א פרעג בא די פּויערים, — צי ווילן זיי אופשטעלן די באַלעגופישע קנעכטשאַפט, אומקערן זיך צום קאַפּיטאַליזם, ליקווידירן די ראַטנמאַכט און אופשטעלן צוריק די מאַכט פון די פּריצים און קאַפּיטאַליסטן? טוט זיי נאָר א פרעג, וועט איר זיך דערוויסן, וואָס פאַר א וועג די מערהײַט אַרבעטנדיקע פּויערים האַלט פאַר דעם איינציק־ריכטיקן וועג.

הייסט עס, אז עס זײַנען פאַראַן בלויז צוויי וועגן: אָ ד ע ר פאָרויס, באַרג־אַרופ—צו דער נײַער, קאָלווירטישער אָרדענונג, אָ ד ע ר צוריק, באַרג־אַראָפּ—צו דער אַלטער, באַלעגופיש־קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג.

קיין דריטער וועג איז ניטאָ.

דאָס האָרעפּאַשנע פּויערטום האָט געהאַנדלט ריכטיק, ווען עס האָט אָפּגעוואָרפן דעם קאַפּיטאַליסטישן וועג און זיך געשטעלט אפן וועג פון דער קאָלווירטישער בויונג.

מע זאָגט, אז דער וועג פון די קאָלווירטן איז א ריכטיקער וועג, אָבער ער איז א שווערער. דאָס איז ריכטיק בלויז טיילווײַז. אוודאי, שוועריקײַטן זײַנען אפן דאָזיקן וועג פאַראַן. א גוט לעבן קומט ניט אומזיסט. אָבער די זאַך איז, וואָס די הויפּט־שוועריקײַטן איז מען שוין דורכגעגאַנגען, און די שוועריקײַטן, וואָס שטייען פאַר אײַך, פאַרדינען אפילו ניט, אז מע זאָל וועגן זיי ערנסט ריידן. יעדנפאַלס אין פאַרגלײַך מיט די שוועריקײַטן, וואָס די אַרבעטער האָבן איבערגעלעבט מיט א יאָר 10—15 צוריק, זענען אײַערע איצטיקע שוועריקײַטן, כאַווײַרים קאָלווירטניקעס, ווי א קינדער־שפּיל. אײַערע אָראַטערס זײַנען דאָ אַרויסגעטראָטן און האָבן געלויבט די אַרבעטער פון לענינגראַד, מאָסקווע, כאַרקאָוו, דאָנבאַס. זיי האָבן געזאָגט, אז בא זיי, בא די אַרבעטער, זײַנען פאַראַן דערגרייכונגען, און בא אײַך, בא די קאָלווירט־ניקעס, זײַנען א סאַך ווייניקער דערגרייכונגען. מיר דוכט זיך, אז אין די

רעדעס פונ אײַערע אָראטערס האָט זיכ געפילט אפילע א געוויסע כאוועריִשע קינע: דאָס הייסט, ווי גוט עס וואָלט געווענ, ווענ אויכ בא אונדז, בא די פויערימ-קאָלווירטניקעס, וואָלטנ געווענ פונקט אזוינע דערגרייכונגענ, ווי בא אײַכ, בא די ארבעטער פונ לענינגראד, מאָסקווע, דאָנבאס, כארקאָוו... דאָס אלצ איז גוט. ווייסט איר אָבער, וואָס די דאָזיקע דערגרייכונגענ האָבנ אָפגעקאָסט די ארבעטער פונ לענינגראד אונ מאָסקווע, וואָס פאר א לײדנ זיי האָבנ געהאט אויסצושטיינ, קעדיי צו דערשלאָגנ זיכ, ענדלעכ, צו די דאָזיקע דערגרייכונגענ? איכ וואָלט אײַכ געקאָנט דערציילנ אייניקע פאקטנ פונעמ לעבנ פונ די ארבעטער אינ 1918־טנ יאָר, ווענ מע האָט גאנצע וואָכנווײַז ניט ארויסגעגעבנ די ארבעטער קיינ שטיקל ברויט, שוינ אָפגערעדט פונ פלייש אונ אנדערע שפּײַז־פּראָדוקטנ. פאר די בעסטע צײַטנ האָט מענ דאנ גערעכנט יענע טעג, ווענ עס פלעגט זיכ אײַנגעבנ ארויסצוגעבנ די ארבעטער פונ לענינגראד אונ מאָסקווע צו אנ אכטל פונט שווארצ ברויט אונ דאָס אויכ אפ א העלפט מיט מאקוכע. אונ דאָס האָט געדויערט ניט קיינ כוידעש אונ ניט קיינ האלב יאָר, נאָר גאנצע צוויי יאָר. אָבער די ארבעטער האָבנ געליטנ אונ זײַנענ בא זיכ ניט אראָפגעפאלנ, ווײַל זיי האָבנ געוווּסט, אז עס וועלנ קומענ בעסערע צײַטנ אונ זיי וועלנ זיכ דערשלאָגנ אנטשיידנדיקע דערפאָלגנ. אונ וואָס זשע, — איר זעט, אז די ארבעטער האָבנ קיינ טאָעס ניט געהאט. פארגלײַכט נאָר אָקאָרשט אײַערע שוועריקײַטנ אונ לײדנ מיט די שוועריקײַטנ אונ לײדנ, וואָס די ארבעטער האָבנ איבערגעלעבט, וועט איר דערזענ, אז וועגנ זיי לוינט אפילע ניט צו ריידנ ערנסט.

וואָס פאָדערט זיכ, קעדיי א רוק צו טאָנ ווײַטער די קאָלווירטישע באַוועגונג אונ פאנאנדערוויקלענ אינ דער גאנצער ברייט די קאָלווירטישע בויונג?

דערצו פאָדערט זיכ פריִער פונ אלצ, אז די קאָלווירטנ זאָלנ האָבנ פולשטענדיק באוואָרנטע ערד, וואָס טויג צומ באארבעטנ. צי איז זי פאראנ בא אײַכ? יאָ, זי איז פאראנ. ס'איז באוווּסט, אז אלע בעסטע ערדנ זײַנענ איבערגעגעבנ געוואָרנ די קאָלווירטנ אונ זײַנענ שטארק פאר זיי פארפעסטיקט געוואָרנ. הייסט עס, אז די קאָלווירטניקעס קאָנענ באארבעטנ אונ פארבעסערנ די דאָזיקע ערד וויפל זיי גלוסט זיכ, ניט מוירע האָבנדיק, אז זי וועט פונ זיי אוועק אינ פרעמדע הענט.

דערצו פאָדערט זיכ, צווייטנס, אז די קאָלווירטניקעס זאָלנ קאָנענ זיכ באנוצנ מיט טראקטערס אונ מאשינעס. צי האָט איר זיי? יאָ, איר האָט. אלעמענ איז באוווּסט, אז אונדזערע טראקטער-זאוואָדנ אונ די זאוואָדנ פונ לאנדווירטשאפטלעכער מאשינבויונג ארבעטנ פריִער פונ אלצ אונ הויפּטזאכלעכ פאר די קאָלווירטנ, באזאָרגנדיק זיי מיט אלע מאָדערנע געצײַג.

דערצו פאָדערט זיך, ענדלעך, אז די רעגירונג זאָל שטיצן מיט אלע קויכעס די קאָלווירטישע פויערים אי מיט מענטשן אי מיט פינאנצן און זאָל ניט לאָזן די רעשטלעך פון די פײַנטלעכע קלאסן צעלייגן די קאָלווירטן. צי האָט איר אזא רעגירונג? יאָ, איר האָט. זי רופט זיך אָן ארבעטער־פויערישע ראטן־רעגירונג. רופט מיר אָן א לאנד, ווו די רעגירונג זאָל שטיצן ניט די קאפיטאליסטן און פריצים, ניט די באלעגופים און אנדערע גווירים, נאָר די ארבעטנדיקע פויערים. אפ דער וועלט איז ניטאָ און עס איז ניט געווען אזא לאנד. בלויז בא אונדז, אינ ראטנלאנד, עקזיסטירט א רעגירונג, וואָס שטייט מויערפעסט פאר די ארבעטער און פויערים־קאָלווירטניקעס, פאר אלע ארבעטנדיקע פונ שטאָט און דאָרפ קעגן אלע גווירים און עקספלואטאטערס. (לאנגדויערנדיקע אפלאָדיסמענטן.)

הייסט עס, אז איר האָט אלץ, קעדיי צו פאנאנדערוויקלען די קאָל־ווירטישע בויונג און דערשלאָגן זיך די פולשטענדיקע באפרײַונג פון די אלטע פענטעס.

פון אײַך פאָדערט זיך בלויז איינ זאך—ארבעטן ערלעך, טיילן די קאָל־ווירטישע האכנאָסעס לויט דער ארבעט, היטן דאָס קאָלווירטישע גוטס, היטן די טראקטערס און מאשינעס, איינשטעלן א גוטע אופפאסונג אפן פערד, אויספילן די פארגעבונגען פון אײַער ארבעטער־פויערשער מעלוכע, פאר־פעסטיקן די קאָלווירטן און ארויסשלײַדערן פון די קאָלווירטן באלעגופים און באלעגופישע נאָכטאנצער, וואָס האָבן זיך אהינ ארײַנגעשמוגלט.

איר ווערט, מינאסטאם, מאסקים זײַן מיט מיר, אז בײַקומען די דאָזיקע שוועריקײַטן, דה. ארבעטן ערלעך און היטן דאָס קאָלווירטישע גוטס,—איז גאָר ניט אזוי שווער. דערהויפט נאָך, אז די ארבעט גייט בא אײַך אצינד ניט פאר די גווירים און ניט פאר די עקספלואטאטערס, נאָר פאר זיך, פאר אײַערע אייגענע קאָלווירטן.

איר זעט, אז דער קאָלווירטישער וועג, דער וועג פון סאָציאליזם איז דער איינציק ריכטיקער וועג פאר די ארבעטנדיקע פויערים.

2

## אונדזער נאָענטסטע אופגאבע איז—מאכן אלע קאָלווירטניקעס פאר פארמעגלעכע

די צווייטע פראגע איז—וואָס האָבן מיר זיך דערשלאָגן אפן נײַעם וועג, אפ אונדזער קאָלווירטישן וועג און וואָס טראכטן מיר צו דערשלאָגן זיך אינ די נאָענטסטע 2—3 יאָר.

סאָציאַליזם איז א גוטע זאַך. א גליקלעכע סאָציאַליסטיש לעבן איז זיכער א גוטע זאַך. אָבער דאָס אַלץ איז א זאַך פון דער צוקונפט. די הויפּט־פראַגע באַשטייט איצט ניט אין דעם, וואָס מיר וועלן זיך דערשלאָגן אין דער צוקונפט. די הויפּט-פראַגע באַשטייט אין דעם, וואָס האָבן מיר זיך שוין דערשלאָגן אין דער קעגנוואַרט. דאָס פּויערטום האָט זיך געשטעלט אויפן קאָלווירטישן וועג. דאָס איז זייער גוט. אָבער וואָס האָט דאָס פּויערטום זיך דערשלאָגן אויפן דאָזיקן וועג? וואָס האָבן מיר זיך דערשלאָגן מאַמאָשעסדיק, גייענדיק מיטן קאָלווירטישן וועג?

מיר האָבן זיך דערשלאָגן דערצו, אַז מיר האָבן געהאָלפן די מיליאָניקע מאַסן אָרעמפּויערים אַרײַנטרעטן אין די קאָלווירטן. מיר האָבן זיך דערשלאָגן דערצו, אַז, אַרײַנטרעטנדיק אין די קאָלווירטן און באַנוצנדיק זיך דאָרטן מיט דער בעסטער ערד און מיט די בעסטע פּראָדוציר־געצײַג, האָבן די מיליאָניקע מאַסן אָרעמפּויערים זיך אויפגעהויבן ביזן ניוואָ פון מיטלפּויערים. מיר האָבן זיך דערשלאָגן דערצו, אַז די מיליאָניקע מאַסן אָרעמפּויערים, וואָס האָבן פריִער געלעבט האַלב הונגערנדיק, זײַנען איצט אין די קאָלווירטן געוואָרן מיטלפּויערים, זיי זײַנען געוואָרן מענטשן באַזאָרגטע. מיר האָבן זיך דערשלאָגן דערצו, אַז מיר האָבן אונטערגעריסן די פאַנאַנדערשיכטונג פון די פּויערים אויף אָרעמפּויערים און באַלעגופים, האָבן צעקלאַפּט די באַלעגופים און געהאָלפן די אָרעמפּויערים צו ווערן די באַלעבאַטים פון זייער אַרבעט אינווייניק אין די קאָלווירטן, צו ווערן מיטלפּויערים.

ווי איז געווען די לאַגע ביזן פאַנאַנדערוויקלען די קאָלווירטישע בויונג, מיט א יאָר 4 צוריק? עס פלעגן רײַך ווערן און שטײַגן די באַלעגופים. עס פלעגן פאַראָרעמט און רויִנירט ווערן די אָרעמפּויערים, אַרײַנפאַלנדיק אין פאַרשקלאַפונג צו די באַלעגופים. עס פלעגן זיך דראַפּען אַרויף-צו צו די באַלעגופים די מיטלפּויערים און פלעגן זיך יעדעס מאָל אַראָפּקײַקלען צוריק, פאַרפילנדיק די רייען פון די אָרעמפּויערים צו דער פרייד פון די באַלעגופים. עס איז ניט שווער אָנצושטויסן זיך, אַז פון דעם דאָזיקן גאַנצן ווירוואַר פלעגן געווינען בלויז די באַלעגופים, און עפּשער עמעצער פון די פאַרמעגלעכע. אויף יעדע 100 הויפן אין דאָרף האָט מען געקאָנט אָנציילן 4—5 באַלעגופּישע הויפן, 8 אָדער 10 הויפן פאַרמעגלעכע, א 45—50 הויפן מיטלפּויערשע און א 35 הויפן אָרעמפּויערשע. הייסט עס, אַז אַמווייניקסטנס 35% פון אַלע פּויערשע הויפן האָבן אויסגעמאַכט די אָרעמפּויערים, וואָס זײַנען געצוווּנגען געווען צו טראָגן דעם יאָך פון באַלעגופּישער פאַרשקלאַפונג. איך רייד שוין ניט וועגן די ווייניק מעכטיקע שיכטן מיטלפּויערים, וואָס האָבן באַטראָפן

מער פון א העלפט פונעם מיטלפויערטום און וואָס האָבן זיך וויניק וואָס אונטערשיידט לויט זייער לאגע פון די אָרעמפויערים און האָבן זיך געפונען אין דירעקטער אָפּהענגיקייט פון די באלעגופים.

פאנאנדערוויקלענדיק די קאָלווירטישע בויונג, האָבן מיר זיך דערשלאָגן דערצו, אז מיר האָבן פארניכטעט דעם דאָזיקן ווירוואר און אומגערעכטיקייט, מיר האָבן צעקלאפט די באלעגופישע פארשקלאפונג, מיר האָבן ארײַנגעצויגן די דאָזיקע גאנצע מאסע אָרעמפויערים אין די קאָלווירטן, מיר האָבן זיי דאָרטן געגעבן א געזיכערטע עקזיסטענץ און אופגעהויבן זיי ביזן ניוואָ פון מיטלפויערים, וואָס קאָנען זיך באנוצן מיט קאָלווירטישער ערד, מיט להאָטעס לעטויוועס די קאָלווירטן, מיט טראקטערס, מיט לאנדווירטשאפט-לעכע מאשינעס.

און וואָס הייסט דאָס? דאָס הייסט, אז ניט וויניקער פון 20 מיליאָן פויערשע באפעלקערונג, ניט וויניקער פון 20 מיליאָן אָרעמפויערים — האָט מען געראטעוועט פון דאלעס און רויִנירונג, געראטעוועט פון באלעגופישער פארשקלאפונג און פארוואנדלט, אדאנק די קאָלווירטן, אין מענטשן באזאָרגטע.

דאָס איז א גרויסע דערגרייכונג, כאוויירים. דאָס איז אזא דערגריי-כונג, וואָס די וועלט האָט נאָך ניט געוווּסט און וואָס קיין איין מעלוכע אין דער וועלט האָט נאָך ניט דערגרייכט.

אָט האָט איר די פראקטישע, די מאמאָשעסדיקע רעזולטאטן פון דער קאָלווירטישער בויונג, רעזולטאטן דערפון, וואָס דאָס פויערטום האָט זיך געשטעלט אפן וועג פון קאָלווירטן.

אָבער דאָס איז בלויז דער ערשטער שריט אונדזערער, די ערשטע דערגרייכונג אונדזערע אפן וועג פון קאָלווירטישער בויונג.

עס וואָלט געווען ניט ריכטיק צו מיינען, אז מיר דארפן זיך אָפּשטעלן אפ דעם דאָזיקן ערשטן שריט, אפ דער דאָזיקער ערשטער דערגרייכונג. ניין, כאוויירים, מיר קאָנען זיך ניט אָפּשטעלן אפ דער דאָזיקער דערגרייכונג. קעדיי זיך א רוק טאָן ווײַטער און ענדגילטיק פארפעסטיקן די קאָלווירטן, דארפן מיר מאכן דעם צווייטן שריט, מיר דארפן זיך דערשלאָגן צו א נײַער דערגרייכונג. אין וואָס באשטייט אָט-דער צווייטער שריט? ער באשטייט דערין, אז מע זאָל אופהייבן די קאָלווירטניקעס, — סײַ די געוועזענע אָרעמפויערים סײַ די געוועזענע מיטלפויערים, — נאָך העכער. ער באשטייט דערין, אז מע זאָל מאכן אלע קאָלווירטניקעס פאר פארמעגלעכע. יאָ, כאוויירים, פאר פארמעגלעכע. (דויערנדיקע אפלאָדיסמענטן.)

מיר האָבן זיך דערשלאָגן דערצו, אז אדאנק די קאָלווירטן האָבן מיר

אויפגעהויבנ די אָרעמפויערימ ביזנ ניוואָ פונ מיטלפויערימ. דאָס איז זייער גוט. אָבער דאָס איז ווייניק. מיר דאַרפנ זיכ איצט דערשלאָגנ דערצו, אַז מע זאָל מאַכנ נאָכ איינ שריט פאָרויס און העלפנ אַלע קאָלווירטניקעס, סײַ די געוועזענע אָרעמפויערימ סײַ די געוועזענע מיטלפויערימ,— אויפהייבנ זיכ ביזנ ניוואָ פונ פאַרמעגלעכע. דאָס קאָנ מענ זיכ דערשלאָגנ און מיר דאַרפנ זיכ דאָס דערשלאָגנ אומ יעדנ פרײַז. (דויערנדיקע אַפלאָדיסמענטנ.) בא אונדז איז איצט אַלצ פאַראַנ, קעדיי צו דערשלאָגנ זיכ אָט־דעמ ציל אונדזערנ. אונדזערע מאַשינעס און טראַקטערס ווערנ איצט אויסגענוצט שלעכט. אונדזער ערד ווערט באַאַרבעט ניט אַמבעסטנ. זאָל מענ נאָר פאַרבעסערנ דאָס אויסנוצנ די מאַשינעס און די טראַקטערס, זאָל מענ נאָר פאַרבעסערנ דאָס באַאַרבעטנ די ערד — און מיר וועלנ זיכ דערשלאָגנ דערצו, אַז מיר וועלנ פאַרגרעסערנ דעמ סכומ פונ אונדזערע פראָדוקטנ אינ צווייענ, אינ דרײַענ. און דאָס איז פולשטענדיק גענוג, קעדיי צו מאַכנ אַלע קאָלווירטניקעס פאַר פאַרמעגלעכע האָרעפאַשניקעס פונ די קאָלווירטי־שע פעלדער.

ווי איז פריער געווענ די לאַגע בענעגייע פאַרמעגלעכע? קעדיי צו ווערנ אַ פאַרמעגלעכער, האָט מענ געדאַרפט באַאַוולענ די אייגענע שכיי־נימ, מע האָט געדאַרפט זיי אָנ עקספלואַטיר טאָנ, געדאַרפט פאַרקויפנ זיי טײַערער, קויפנ בא זיי ביליקער, מע האָט געדאַרפט אָנדינגענ וועמענ-עס-איז פונ די באַטראַקעס, היפש אָנ עקספלואַטיר טאָנ זיי, אָנקלײַבנ אַ קאַפיטאַלכל און, פאַרפעסטיקנדיק זיכ,— דערנאָכ אַרײַנקריכנ צווישנ די באַלעגופימ. דערמיט, אייגנטלעכ, דערקלערט זיכ אויכ, וואָס די פאַרמעגלעכע פלעגנ פריער, בא דער אינדיווידועלער ווירטשאַפט, אַרויסרופנ אומצוטרוי און האַס בא די אָרעמפויערימ און מיטלפויערימ. איצט איז די לאַגע אַנ אַנדערע. איצט זײַנענ אויכ די באַדינגונגענ אַנדערע. קעדיי דער קאָלווירט־ניק זאָל ווערנ אַ פאַרמעגלעכער, פאָדערט זיכ איצט גאָרניט צו באַאַוולענ אָדער עקספלואַטירנ די אייגענע שכיינימ. און עס איז גאָר ניט לײַכט איצט צו עקספלואַטירנ וועמענ־עס־איז, ווײַל קיינ פריוואַט־אייגנטומ אויפ ערד אָדער קיינ אַרענדע איז בא אונדז מער ניטאָ, די מאַשינעס און טראַקטערס געהערנ צו דער מעלוכע, און מענטשנ, וואָס באַזיצנ קאַפיטאַל, זײַנענ איצט ניט אינ דער מאָדע אינ די קאָלווירטנ. געווענ אַזאַ מאָדע, אָבער זי איז שוינ אויפ אייביק פאַרשוווּנדנ. קעדיי די קאָלווירטניקעס זאָלנ ווערנ פאַרמעגלעכע, דערצו פאָדערט זיכ איצט בלויז איינ זאַכ — אַרבעטנ אינ קאָלווירט ערלעכ, ריכטיק אויסנוצנ די טראַקטערס און מאַשינעס, ריכטיק אויסנוצנ דאָס אַרבעט-פי, ריכטיק באַאַרבעטנ די ערד, אָפהיטנ דאָס קאָל־ווירטישע אייגנטומ.

צומאָל זאָגט מען: אויב סאָציאַליזם — איז צוליב וואָס נאָך ארבעטן? מיר האָבן פריִער געארבעט, מיר ארבעטן איצט, — צי איז שוין ניט צײַט אופהערן צו ארבעטן? אזעלכע ריידערײַען זײַנען, כאוויירים, איין גרונט ניט ריכטיק. דאָס איז א פילאָסאָפיע פון פוסטעפּאסניקעס, און ניט פון ערלעכע האָרעפּאשניקעס. דער סאָציאַליזם לייקנט גאָר ניט אָפּ די ארבעט. פארקערט, דער סאָציאַליזם בויט זיך אפּ ארבעט. סאָציאַליזם און ארבעט קאָן מען איינס פונעם אנדערן ניט אָפּטיילן. לענין, אונדזער גרויסער לערער, האָט געזאָגט: „ווער עס ארבעט ניט, יענער עסט ניט". וואָס באטײַט דאָס, קעגן וועמען זײַנען געווענדט לענינס ווערטער? קעגן די עקספּלואטאטערס, קעגן יענע, וואָס אליין ארבעטן זיי ניט און צווינגען אנדערע צו ארבעטן און וואָס ווערן רײַך אפּן כעזשבן פון אנדערע. און נאָך קעגן וועמען? קעגן יענע, וואָס אליין פוסטעפּאסעווען זיי און ווילן אָפּלעקן א ביינדל אפּן כעזשבן פון אנדערע. דער סאָציאַליזם פאָדערט — ניט אז מע זאָל פוסטעפּאסעווען, נאָר אז אלע מענטשן זאָלן ארבעטן ערלעך, זיי זאָלן ארבעטן ניט פאר אנדערע, ניט פאר די גווירים און עקספּלואטאטערס, נאָר פאר זיך, פאר דער געזעלשאפט. און אויב מיר וועלן ארבעטן ערלעך, אויב מיר וועלן ארבעטן פאר זיך, פאר אונדזערע קאָלווירטן, וועלן מיר זיך דערשלאָגן דערצו, אז אין אוועלכע 2 — 3 יאָר וועלן מיר אופהייבן אלע קאָלווירטניקעס, סײַ די געוועזענע אָרעמפּויערים סײַ די געוועזענע מיטלפּויערים, ביזן ניוואָ פון פארמעגלעכע, ביזן ניוואָ פון מענטשן, וואָס באנוצן זיך מיט א שעפע פּראָדוקטן און וואָס פירן א פולקום קולטורעל לעבן.

דערין באשטייט איצט אונדזער נאָענטסטע אופגאבע. דאָס וועלן מיר זיך קאָנען דערשלאָגן און דאָס מוזן מיר זיך דערשלאָגן אום יעדן פּרײַז. (דויערנדיקע אפּלאָדיסמענטן.)

## 3

## באזונדערע באמערקונגען

און איצט דערלויבט אריבערגיין צו אייניקע באזונדערע באמערקונגען.

פריִער פון אלץ, וועגן אונדזערע פּ א ר ט ײ ע ר אין דאָרף. צווישן אײַך זײַנען פאראן פּארטײיִשע, אָבער נאָך מער אומפּארטײיִשע. דאָס איז זייער גוט, וואָס אומפּארטײיִשע האָט זיך צונויפגעזאמלט אפּן צוזאמענפאָר מער, איידער פּארטײיִשע, ווײַל גראָד די אומפּארטײיִשע דארף מען פריִער פון אלץ צוציִען צו אונדזער איניען. עס זײַנען פאראן קאָמוניסטן, וואָס

גייען צו צו די אומפּאַרטייִישע קאַלווירטניקעס באָלשעוויסטיש. אָבער עס זײַנען פאַראַן אויך אַזעלכע, וואָס בלאָזן זיך מיט זייער פּאַרטייִישקייט און לאָזן ניט צו נאָענט די אומפּאַרטייִישע. דאָס איז ניט גוט און שעדלעך. דער קויעך פון די באָלשעוויקעס, דער קויעך פון די קאָמוניסטן באַשטייט דערין, וואָס זיי זײַנען פייִק אַרומצורינגלען אונדזער פּאַרטיי מיט מיליאָנען פונעם אומפּאַרטייִישן אַקטיוו. מיר, באָלשעוויקעס, וואָלטן ניט געהאַט די דערפאָלגן, וואָס מיר האָבן איצט, ווען מיר וואָלטן ניט געקענט געווינען אַף דער זײַט פון דער פּאַרטיי דעם צוטרוי פון די מיליאָנען אומפּאַרטייִישע אַרבעטער און פּויערים. און וואָס פאָדערט זיך צוליב דעם? צוליב דעם פאָדערט זיך, אַז די פּאַרטייִישע זאָלן זיך ניט אָפּצאַמען פון די אומפּאַרטייִישע, אַז די פּאַרטייִישע זאָלן זיך ניט פאַרשליסן אין זייער פּאַרטייִישער שאָלעכץ, אַז זיי זאָלן זיך ניט בלאָזן מיט זייער פּאַרטייִישקייט, נאָר זיי זאָלן זיך צוהערן צו דער שטים פון די אומפּאַרטייִישע, אַז זיי זאָלן ניט נאָר לערנען די אומפּאַרטייִישע, נאָר זיי זאָלן זיך אויך לערנען בא זיי.

מע דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז פּאַרטייִישע פאַלן ניט אַראָפּ פון הימל. מע דאַרף געדענקען, אַז אַלע פּאַרטייִישע זײַנען אַליין אַמאָל געווען אומפּאַרטייִישע. הײַנט איז ער אַן אומפּאַרטייִישער און מאָרגן וועט ער ווערן אַ פּאַרטייִישער. וואָס איז דאָ, אייגנטלעך, פאַראַן צו בלאָזן זיך? צווישן אונדז, אַלטע באָלשעוויקעס, וועט זיך געפינען ניט ווייניק מענטשן, וואָס אַרבעטן אין דער פּאַרטיי אַ יאָר 20—30. אָבער מיר אַליין זײַנען דאָך אויך געווען אַמאָל אומפּאַרטייִישע. וואָס וואָלט מיט אונדז געווען, ווען מיט אַ 20—30 יאָר צוריק וואָלטן די דעמאָלטיקע פּאַרטייער אונדז שלעכט באַהאַנדלט און וואָלטן אונדז ניט צוגעלאָזט צו דער פּאַרטיי? מעגלעך, אַז מיר וואָלטן דעמאָלט געווען דערווײַטערט פון דער פּאַרטיי אַף אַ צאָל יאָרן. און מיר, אַלטע באָלשעוויקעס, — זײַנען דאָך ניט די קלענסטע מענטשן, כאַווערים. (אַ פרײלעכע אָפּלעבונג. דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.)

אָט פאַרוואָס אונדזערע פּאַרטייער, די איצטיקע יונגע פּאַרטייער, וואָס פאַרײַסן צומאָל די נאָז אַקעגן די אומפּאַרטייִישע, דאַרפן דאָס אַלץ געדענקען, דאַרפן געדענקען, אַז ניט גרויסהאַלטערײַ, נאָר באַשיידנקייט איז אַ צירונג פאַר אַ באָלשעוויק.

איצט אייניקע ווערטער וועגן די פרויען, וועגן די קאָלווירטניצעס. די פרויען־פראַגע אין די קאָלווירטן איז, כאַווערים, אַ גרויסע פראַגע. איך ווייס, אַז פיל פון אײַך דערשאַצן ניט די פרויען און לאַכן אפילע אָפּ פון זיי. אָבער דאָס איז, כאַווערים, אַ פעלער, אַן ערנסטער

פעלער. דאָ האנדלט זיכ ניט בלויז וועגנ דעמ, וואָס די פרויענ באטרעפנ א העלפט פונ דער באפעלקערונג. די זאכ באשטייט פריער פונ אלצ דערינ, וואָס די קאָלווירטישע באוועגונג האָט ארויסגערוקט אפ אָנפירנדיקע שטעלעס א גאנצע רייע מערקווירדיקע און פייִקע פרויענ. טוט א קוק אפנ צוזאמענפאָר, אפ זייַנ צוזאמענשטעל, — און איר וועט דערזענ, אז די פרויענ האָבנ זיכ שוינ לאנג ארויסגערוקט פונ אָפגעשטאנענע אינ פאָרגעשריטענע. די פרויענ אינ די קאָלווירטנ זייַנענ א גרויסע קראפט. האלטנ די דאָזיקע קראפט פארהאמעוועט, הייסט באגיינ א פארברעכנ. אונדזער פליכט באשטייט דערינ, מע זאָל ארויסרוקנ פאָרויס די פרויענ אינ די קאָלווירטנ און לאָזנ די דאָזיקע קראפט אינ גאנג.

געוויס, בא דער ראטנמאכט איז דאָ ניט לאנג פאָרגעקומענ א קליינינקע מיספארשטייעניש מיט די קאָלווירטניצעס. עס האָט זיכ געהאנדלט וועגנ דער קו. אָבער איצט איז שוינ דער איניענ מיט דער קו רעגולירט, און די מיספארשטייעניש איז אָפגעפאלנ. (דויערנדיקע אפלאָדיסמענטנ.) מיר האָבנ זיכ דערשלאָגנ דערצו, אז די מערהייַט קאָלווירטניקעס האָבנ שוינ צו איינ קו אפ א הויפ. עס וועט דורכגיינ נאָכ א יאָר — צוויי, — און איר וועט ניט געפינענ קיינ איינ קאָלווירטניק, וואָס זאָל ניט האָבנ קיינ אייגענע קו. מיר, באָלשעוויקעס, וועלנ זיכ שוינ א סטארע טאָנ, אז אלע קאָלווירטניקעס זאָלנ בא אונדז האָבנ צו קו. (דויערנדיקע אפלאָדיסמענטנ.)

וואָס אָנבאלאנגט די קאָלווירטניצעס גופע, דארפנ זיי געדענקענ וועגנ דער קראפט און וועגנ דער באדייַטונג פונ די קאָלווירטנ פאר די פרויענ, זיי דארפנ געדענקענ, אז נאָר אינ קאָלווירט האָבנ זיי די מעגלעכקייַט צו שטעלנ זיכ אינ א גלייַכנ מאצעוו מיטנ מאנצבל. אָנ די קאָלווירטנ איז — אומגלייַכהייַט, אינ די קאָלווירטנ איז — גלייַכהייַט פונ די רעכט. זאָלנ וועגנ דעמ געדענקענ די כאווערטעס קאָלווירטניצעס און זאָלנ זיי אָפהיטנ די קאָלווירטישע אָרדענונג, ווי דאָס שווארצאפל פונ אויג. (דויערנדיקע אפלאָדיסמענטנ.)

צוויי ווערטער וועגנ די קאָמיוגיסטנ און קאָמיוגיסטקעס אינ די קאָלווירטנ. די יוגנט — דאָס איז אונדזער צוקונפט, אונדזער האָפענונג, כאוויירימ. די יוגנט דארפ פארבייַטנ אונדז, די אלטע. זי דארפ דערטראָגנ אונדזער פאָנ ביזנ זיגרייַכנ סאָפ. צווישנ די פויערימ זייַנענ פאראנ ניט ווייניק אלטע לייַט, וואָס זייַנענ באלעסטיקט מיט אנ אלטער לאסט, וואָס זייַנענ באלעסטיקט מיט געווינהייַטנ און זיכרוינעס וועגנ אלטנ לעבנ. עס איז פארשטענדלעכ, אז ניט שטענדיק גיט זיכ זיי אייַנ נאָכצוהאלטנ נאָכ דער פארטיי, נאָכ דער ראטנמאכט. גאָר אנדערש איז מיט אונדזער יוגנט.

זי איז פריי פון דער אלטער לאסט און זי באנעמט לייכטער פון אלץ די לע-
בינשע געבאָטן. און טאקע דערפאר, וואָס די יוגנט באנעמט די לענינשע גע-
באָטן לייכטער פון אלץ, טאקע דערפאר איז זי בארופן צו פירן פאָרויס
די הינטערשטעליקע און די וואקלדיקע. עמעס, איר פעלט אויס קענטעניש.
אָבער קענטעניש — דאָס איז א זאך, וואָס מע קאָן זיך איינשאפן. היינט
זיינען זיי ניטאָ, מאָרגן וועלן זיי זיין. דעריבער באשטייט די אופגאבע
דערין, אז מע זאָל זיך לערנען און נאָכאמאָל לערנען לעניניזם. כאוויירים
קאָמיוגיסטן און קאָמיוגיסטקעס! לערנט זיך באָלשעוויזם און פירט פאָרויס
די וואקלדיקע! פּלוידערט וואָס ווייניקער, ארבעט וואָס מער — און די אר-
בעט וועט בא אייך געוויס ארויסקומען. (אפּלאָדיסמענטן.)

איינעקע ווערטער וועגן די איינצלפויערים. וועגן די איינצלפויערים
האָט מען דאָ ווייניק גערעדט. אָבער דאָס הייסט נאָך ניט, אז זיי זיינען
שוין מער אפּ דער וועלט ניטאָ. ניין, עס הייסט ניט. איינצלפוי-
ערים איז פאראן און מע קאָן זיי פון כעזשבן ניט אראָפּוואַרפן,
ווייל זיי זיינען אונדזערע מאָרגנדיקע קאָלווירטניקעס. איך ווייס, אז איין
טייל איינצלפויערים איז דעמאָראליזירט געוואָרן ענדגילטיק און האָט
זיך אריינגעלאָזט אין ספּעקוליאציע. דערמיט, אפּאָנעם, דערקלערט זיך,
וואָס אונדזערע קאָלווירטניקעס נעמען אריין די איינצלפויערים אין בא-
שטאנד פון די קאָלווירטן מיט א גרויסן אָפּקלייב, און צומאָל נעמען
זיי זיי איינגאנצן ניט אריין. דאָס איז, געוויס, ריכטיק און קיין דערווי-
דערונגען קאָנען דאָ ניט זיין. אָבער עס איז פאראן א צווייטער, דער
גרעסטער טייל איינצלפויערים, וואָס האָט זיך ניט אריינגעלאָזט אין ספּעקו-
ליאציע, און וואָס פאַרדינט זיין ברויט מיט ערלעכער מי. די דאָזיקע איינצל-
פויערים וואָלטן עפּשער ניט געהאט קעגן אריינטרעטן אין קאָלווירט.
אָבער עס שטערן זיי, פון איין זייט, זייערע וואקלונגען מיקויעך דער ריכ-
טיקייט פונעם קאָלווירטישן וועג, און פון דער צווייטער זייט, — די פאַרבי-
טערונג, וואָס איז צווישן די קאָלווירטניקעס פאראן קעגן די איינצלפויערים.

געוויס, מע דארף פארשטיין די קאָלווירטניקעס און אריינגיין אין זייער
לאגע. פאר די יאָרן האָבן זיי זיך אָנגעליטן ניט ווייניק אוולעס און שפּאָט
מיצאד די איינצלפויערים. אָבער די אוולעס און שפּאָט דארפן דאָ ניט
האָבן קיין אנטשיידנדיקע באדייטונג. שלעכט איז יענער אָנפירער, וואָס
קען ניט פארגעסן קיין אוולעס און וואָס שטעלט זיינע געפילן העכער פון
די אינטערעסן פון דער קאָלווירטישער זאך. ווילט איר זיין אָנפירער,
דארפט איר קענען פארגעסן די אוולעס, וואָס איינצלנע איינצלפויערים האָבן
אייך אָנגעטאָן. מיט 2 יאָר צוריק האָב איך באקומען א בריוו פון דער
וואָלגע פון איינער א פּויערטע אן אלמאָנע. זי האָט זיך געקלאָגט, אז מע וויל

זי ניט אריַינעמען אין קאָלווירט, און האָט געפאָדערט פון מיר שטיצע. איך האָב אָנגעפרעגט דעם קאָלווירט. פון קאָלווירט האָט מען מיר געענטפערט, אז זיי קאָנען זי ניט אריַינעמען אין קאָלווירט, וויַיל זי האָט באַליידיקט א קאָלווירטישע פארזאמלונג. וואָס איז די מיַיסע? די מיַיסע איז, וואָס אפ א פארזאמלונג פון פויערים, ווו קאָלווירטניקעס האָבן גערופן די איינצלפויערים אריַינטרעטן אין קאָלווירט, האָט די דאָזיקע אלמאָנע, וויַיזט זיך ארויס, אלס ענטפער אפן רוף, אופגעהויבן דאָס קליידל און געזאָגט — נאט איַיך, אָט האָט איר א קאָלווירט. (פרייליכע אופלעבונג, געלעכטער.) ס'איז אָן סאָפעק, אז זי האָט זיך אופגעפירט ניט ריכטיק און האָט באליידיקט די פארזאמלונג. אָבער צי קאָן מען איר אָפזאָגן אָנצונעמען זי אין קאָלווירט, אויב זי האָט אין א יאָר ארום אופריכטיק כאראָטע געהאט און האָט אנערקענט איר פעלער? איך האלט, אז מע קאָן איר ניט אָפזאָגן. איך האָב טאקע אזוי אָנגעשריבן דעם קאָלווירט. האָט מען די אלמאָנע אריַינגענומען אין קאָלווירט. און וואָס זשע? עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז איצט ארבעט זי אין קאָלווירט ניט אין די לעצטע, נאָר אין די ערשטע רייען. (אפלאָדיסמענטן.)

אָט האָט איר איַיך נאָך איין ביַישפּיל, וואָס רעדט וועגן דעם, אז די אָנפירער, אויב זיי ווילן בלײַבן עמעסע אָנפירער, דארפן זיי קענען פארגעסן אוולעס, אויב דאָס פאָדערן די אינטערעסן פון דער זאך.

דאָס זעלבע דארף מען זאָגן וועגן די איינצלפויערים ביכלאל. איך בין ניט קעגן דעם, מע זאָל אריַינעמען אין די קאָלווירטן מיט אן אָפקליַיב. נאָר איך בין קעגן דעם, מע זאָל פארמאכן דעם וועג אין די קאָלווירטן פאר אלע איינצלפויערים, אָן אָפקליַיב. דאָס איז ניט אונדזערע, ניט קיין באָלשעוויסטישע פאָליטיק. די קאָלווירטניקעס דארפן ניט פארגעסן, אז זיי אליין זיַינען ניט לאנג געווען איינצלפויערים.

צולעצט, איייניקע ווערטער וועגן דעם בריוו פון די בעזענטשוקער קאָלווירטניקעס. דער דאָזיקער בריוו איז געווען אָפגעדרוקט, און מיסטאמע האָט איר אים געלייענט. דער בריוו איז זיכער א גוטער. ער זאָגט איידעס וועגן דעם, אז צווישן אונדזערע קאָלווירטניקעס איז פאַראן ניט ווייניק דערפארענע און באוווסטזיניקע אָרגאניזאטערס און אגיטאַטערס פון דער קאָלווירטישער זאך, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר די שטאָלץ פון אונדזער לאנד. אָבער אינעם בריוו איז פאראן איין אָרט ניט קיין ריכטיקס, מיט וועלכן מע קאָן בעשומויפן ניט מאסקים זיַין. די זאך באשטייט דערין, וואָס די בעזענטשוקער כאוויירים שילדערן זייער ארבעט אין קאָלווירט אלס באשיידענע און קימאט אומבאדיַיטנדיקע ארבעט, און די ארבעט פון די רעדנער און פירער, וועלכע האלטן צומאָל דריַי־ארשיניקע

רעדעס, — פאר א גרויסער אונ שעפערישער ארבעט. צי קאָנ מענ דערמיט מאסקימ זייַנ? ניינ, כאווײרימ, בעשומיפנ קאָנ מענ דערמיט ניט מאסקימ זייַנ. די בעזוענטשוקער כאווײרימ זייַנעו דאָ באגאנגענ א פעלער. מעגלעכ, אז זיי זייַנענ דעמ דאָזיקנ פעלער באגאנגענ פונ באשיידנקייַט. אָבער דערפונ הערט ניט אופ דער פעלער צו זייַנ א פעלער. עס זייַנענ שוינ אוועק די צייַטנ, ווענ די פירער האָבנ זיכ גערעכנט פאר די אײנציקע שעפער פונ דער געשיכטע, אונ די ארבעטער אונ פויערימ האָט מענ אינ כעזשבנ ניט אריַינגערעכנט. די שיקזאַלנ פונ די פעלקער אונ מעלוכעס באשליסנ איצט ניט נאָר די פירער, נאָר פריִער פאר אלצ אונ דעריקער די מיליאָניקע מאסנ ארבעטנדיקע. די ארבעטער אונ פויערימ, וואָס בויענ אָנ טומל אונ אָנ גע־פילדער זאוואָדנ אונ פאבריקנ, שאכטעס אונ אייַזנבאנענ, קאָלווירטנ אונ ראט־ווירטנ, וואָס שאפנ אלע ווילקייַטנ פונ לעבנ, וואָס שפייַזנ אונ באקליידנ די גאנצע וועלט, — אָט ווער עס זייַנענ די עמעסע העלדנ אונ שעפער פונעמ נייַעמ לעבנ. ווענג דעמ האָבנ, אפּאָנעמ, פארגעסנ אונדזערע בעזוענטשוקער כאווײרימ. עס איז ניט גוט, ווענ מענטשנ שאצנ איבער זייערע קרעפטנ אונ הייבנ זיכ אָנ בלאָזנ מיט זייערע פארדינסטנ. דאָס פירט צו בארימערייַ, אונ בארימערייַ איז ניט קיינ גוטע זאכ. אָבער נאָכ ערגער איז, ווענ מענטשנ הייבנ אָנ ניט־דערשאצנ זייערע קרעפטנ אונ זיי זעענ ניט, אז זייער „באשיידענע“ אונ „אומבאמערקבארע“ ארבעט איז אינדערעמעסנ א גרויסע שעפערישע ארבעט, וואָס אנטשיידט די שיקזאַלנ פונ דער געשיכטע.

איכ וואָלט געוואָלט, אז די בעזוענטשוקער כאווײרימ זאָלנ באוויליקנ די דאָזיקע קליינינקע אויסבעסערונג מייַנע צו זייער בריוו.

לאָמיר דערופ ענדיקנ, כאווײרימ.

(לאנג הערנ ניט אופ די אפּלאָדיסמענטנ, וואָס גייענ אריבער אינ אנ אָוואציע. אלע שטייענ אופ אונ באגריסנ דעמ כ׳ סטאַלינ. געשרייענ „הורא“. פונ זאל הערנ זיכ אויסגעשרייענ: „זאָל לעבנ דער כ׳ סטאַלינ, הורא! זאָל לעבנ דער פאָרגעשריטענער קאָלווירטניק! זאָל לעבנ אונ־דזער פירער כ׳ סטאַלינ!“)

# באריכט־פאָרטראָג דעמ XVII פארטיי־צוזאמענפאָר וועגנ דער ארבעט פונ צק אלקפ(ב)

דעמ 26־טנ יאנואר 1934 יאָר

## I

## דער דויערנדיקער קריזיס פונעמ אלוועלטלעכנ קאפיטאליזמ און די אויסערלעכע לאגע פונעמ ראטנפארבאנד

כאוויירימ! פונ זינט דעמ XVI צוזאמענפאָר איז אריבער העכער דריי יאָר. א פעריִאָד ניט זייער קיינ גרויסער. ער איז אָבער מער, ווי אוועלכער־ניט־איז אנדער פעריִאָד, אָנגעזעטיקט מיט אינהאלט. איכ מיינ, אז קיינ איינער פונ די פעריִאָדנ פונ לעצטנ יאָרצענדליק איז ניט געווענ אזוי רייכ אינ געשעענישנ, ווי דער דאָזיקער פעריִאָד.

אינעמ עקאָנאָמישנ געביט זיינענ די דאָזיקע יאָרנ געווענ יאָרנ פונ דויערנדיקנ עקאָנאָמישנ וועלט־קריזיס. דער קריזיס האָט ארומגעכאפט ניט בלויז די אינדוסטריע, נאָר אויכ די לאנדווירטשאפט אינגאנצנ גענומענ. דער קריזיס האָט געבושעוועט ניט בלויז אינ דער ספערע פונ פראָדוקציע אונ האנדל. ער האָט זיכ אריבערגעטראָגנ אויכ אינ דער ספערע פונ קרעדיט אונ געלט־צירקוליאציע און האָט איבערגעקערט מיטנ קאָפ אראָפ די קרעדיט־ און וואליוטע־באציִונגענ, וואָס זיינענ געווענ איינגעשטעלט צווישנ די לענדער. אויב פריִער האָט מענ נאָכ וו־ניט־ווו געשטריטנ — צי איז פאראנ אנ עקאָנאָמישער וועלט־קריזיס אָדער ניט, איז איצט שטרייט מענ שוינ ניט וועגנ דעמ, וואָרעמ צו קלאָר איז געוואָרנ דאָס פאראנענזיינ פונעמ קריזיס אונ זיינ פארוויסטנדיקע ווירקונג. איצט שטרייט מענ שוינ וועגנ א צווייטער זאכ — צי קאָנ מענ ארויסגיינ פונעמ קריזיס אָדער עס איז קיינ אויסוועג ניטאָ, אונ אויב עס איז יאָ פאראנ אנ אויסוועג, — איז אפ וועלכנ אויפנ זאָל מענ אימ פארווירקלעכנ.

אינעמ פאָליטישנ געביט זיינענ די דאָזיקע יאָרנ געווענ יאָרנ פונ ווייטערדיקער פארשארפונג פונ די באציִונגענ, סיי צווישנ די קאפיטאליסטישע לענדער סיי אינוויינִיק אינ די דאָזיקע לענדער. די מילכאָמע פונ יאפאָניע מיט כינע אונ די אָקופאציע פונ מאנדזשוריע, וועלכע האָבנ פארשארפט די

באציִונגען אפן ווײַטן מיזרעך; דער זיג פונעם פאשיזם אין דײַטשלאַנד און דער טריִומף פון דער רעוואַנש־אידיי, וואָס האָבן פארשארפט די באַציִונגען אין אייראָפּע; יאפּאָניעס און דײַטשלאַנדס ארויסטרעטן פון דער פעלקער־ליגע, וואָס האָט געגעבן א נײַעם שטויס דעם וווּקס פון די באַוואָפענונגען און דער צוגרייטונג צו דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע; די מאפּאָלע פונעם פאשיזם אין שפּאניע, וואָס ווײַזט אַן איבעריק מאָל, אז דער רעוואָליוציאָנערער קריזיס ווערט רײַף און אז דער פאשיזם איז ווײַט ניט אייביק, — אָט דאָס זײַנען די וויכטיקסטע פאקטן פונעם באריכט־פּעריאָד. קיין וווּנדער ניט, וואָס דער בורזשואזער פּאציפיזם גויסעסט, און די אנטוואָפענונג־טענדענצן ווערן אָפן און פּאָשעט פארביטן אפ טענדענצן פון באוואָפענונג און צוגאָב־באוואָפענונג.

צווישן אָט־די בושעוועדיקע כוואַליעס פון עקאָנאָמישע אופטרייסלונגען און מיליטעריש־פּאָליטישע קאטאסטראָפעס שטייט פססר באזונדער, ווי א פעלדז, אונז טוט ווײַטער זײַן ארבעט פון סאָציאַליסטישער בויונג און פון קאמף פאר אײַנהיטן דעם שאָלעם. אויב דאָרט, אין די קאפּיטאַליסטישע לענדער, בושעוועט נאָך אַלץ דער עקאָנאָמישער קריזיס, איז אין פססר גייט ווײַטער דער אופשטײַג סײַ אין געביט פון דער אינדוסטריע סײַ אין געביט פון דער לאַנדווירטשאפט. אויב דאָרט, אין די קאפּיטאַליסטישע לענדער, גייט א פיבערהאפטע צוגרייטונג צו א נײַער מילכאָמע צוליב איבער־פארטיילן פונדאָסנײַ די וועלט און די אײַנפלוס־ספערן, איז פססר פירט ווײַטער זײַן סיסטעמאטישן אקשאָנעסדיקן קאמף קעגן דער געפאר פון מיל־כאָמע און פאר שאָלעם, דערבײַ קאָן מען ניט זאָגן, אז די אָנשטרענ־גונגען פון פססר זאָלן אין דעם געביט ניט האָבן קיין שום דערפאָלג.

אזא איז דאָס אַלגעמיינע בילד פון דער צווישנפעלקערלעכער לאגע אינעם געגעבענעם מאָמענט.

לאָמיר אריבערגיין צו באטראכטן די גרונט־אָנגאבן וועגן דער עקאָנאָ־מישער און פּאָליטישער לאגע פון די קאפּיטאַליסטישע לענדער.

## 1. די באוועגונג פונעם עקאָנאָמישן קריזיס אין די קאפּיטאליסטישע לענדער

דער איצטיקער עקאָנאָמישער קריזיס אין די קאפּיטאַליסטישע לענדער אונטערשיידט זיך פון אַלע אנאַלאָגישע קריזיסן אגעוו דערמיט, וואָס ער איז דער סאמע דויערנדיקער און פארצויגענער. אויב פריִער פלעגן די קריזיסן אויסגעשעפּט ווערן אין 1—2 יאָר, איז דער איצטיקער קריזיס דויערט שוין אזוי דאָס פינפטע יאָר, פארוויסטנדיק יאָר נאָך יאָר די ווירט־

שאפט פון די קאפּיטאליסטישע לענדער און אויסזויגנדיק פון איר דאָס פעטס, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן אין די פאַבריקע יאָרן. קיין ווּנדער ניט, וואָס דער דאָזיקער קריזיס איז דער סאַמע שווערער פון אלע קריזיסן.

מיט וואָס איז צו דערקלערן אָט־דעם אומגעוויינלעך פארצויגענעם כאראקטער פון דעם היינטצייטיקן אינדוסטריעלן קריזיס?

דאָס דערקלערט זיך פריער פאר אלץ דערמיט, וואָס דער אינדוסטריעלער קריזיס האָט ארומגעכאפּט אלע אָן אויסנאַם קאפּיטאליסטישע לענדער און האָט דערמיט פארשווערט די מאנעוורירונג פון איינע לענדער אפּן כעזשבן פון אנדערע.

דאָס דערקלערט זיך, צווייטנס, דערמיט, וואָס דער אינדוסטריעלער קריזיס האָט זיך איבערגעפלאָכטן מיטן אגרארן קריזיס, וועלכער האָט ארומגעכאפּט אלע אָן אויסנאַם אגרארע און האלב־אגרארע לענדער, און דאָס האָט ניט געקאָנט ניט פארקאָמפּליצירן און פארטיפערן דעם אינדוסטריעלן קריזיס.

דאָס דערקלערט זיך, דריטנס, דערמיט, וואָס דער אגרארער קריזיס האָט זיך פארשטארקט פאר דער דאָזיקער צייט און האָט ארומגעכאפּט אלע צווייגן פון דער לאנדווירטשאפט, דערונטער אויך די פיצוכט, דערפירנדיק די לאנדווירטשאפט ביז דעגראדאציע, ביזן אריבערגיין פון מאשינעס צו האנט־ארבעט, ביזן פארבייטן דעם טראקטער אפּ א פערד, ביז א שארפן פארקירצן און צומאָל אויך ביזן פולשטענדיקן אָפּזאָגן זיך פון אָנווענדן קינסטלעכע באמיסטיקונג, און דאָס האָט נאָך מער פארצויגן דעם אינדוסט־ריעלן קריזיס.

דאָס דערקלערט זיך, פערטנס, דערמיט, וואָס די מאָנאָפּאָל־קארטעלן, וועלכע הערשן אין דער אינדוסטריע, באמיען זיך איינצוהיטן הויכע פרייזן אפּ די סכוירעס, — אָט־דער אומשטאנד מאכט דעם קריזיס באזונדערס קרענק־לעך און שטערט די סכוירע־רעזערוון זיך פאנאנדערגיין.

דאָס דערקלערט זיך, ענדלעך, דערמיט, — און דאָס איז דער איקער, — וואָס דער אינדוסטריעלער קריזיס האָט זיך צעשפּילט אין די באדינגונגען פונעם **אלגעמיינעם** קריזיס פון קאפּיטאליזם, ווען דער קאפּיטאליזם האָט שוין ניט און קאָן שוין ניט האָבן ניט אין די גרונט־מעלוכעס, ניט אין די קאָלאָניעס און אין די אָפּהענגיקע לענדער יענע קראפט און פעסטקייט, וועלכע ער האָט געהאט ביז דער מילכאָמע און ביז דער אָקטיאבער־רע־וואָליוציע, ווען די אינדוסטריע פון די קאפּיטאליסטישע לענדער האָט באַ־קומען בעירושע פון דער אימפּעריאליסטישער מילכאָמע א כראָניש ניט פולע אָנלאָדונג פון די אונטערנעמונגען און מיליאָניקע ארמייען ארבעט־לאָזע, פון וועלכע זי איז ניט בעקויעך מער זיך צו באפרייען.

אָט דאָס זײַנענ די אומשטענדנ, וואָס האָבנ באשטימט דעמ טיפ פארצויגענעמ כאראקטער פונעמ איצטיקנ אינדוסטריעלנ קריזיס.

מיט די זעלבע אומשטענדנ דערקלערט זיכ אויכ דער פאקט, וואָס דער קריזיס האָט זיכ ניט באגרענעצט מיט דער ספערע פונ פראָדוקציע אונ האנדל אונ האָט פארכאפט אויכ די קרעדיט-סיסטעמ, די וואליוטע, די ספערע פונ כויוו-פארפליכטונגענ אאוו., צעקלאפנדיק די באציִונגענ, וואָס האָבנ זיכ אײַנגעשטעלט לויט דער טראדיציע סײַ צווישנ באזונדערע לענדער סײַ צווישנ סאָציאלע גרופנ אינ באזונדערע לענדער.

א גרויסע ראָליע האָט דאָ אָפגעשפילט דאָס פאלנ פונ די פרײַזנ אפ סכוירעס. ניט געקוקט אפנ ווידערשטאנד פונ די מאָנאָפאָל-קארטעלנ, איז דאָס פאלנ פונ די פרײַזנ געוואקסנ מיט א סטיכישער קראפט, דערבײַ זײַנענ פריִער פאר אלצ אונ מער פאר אלצ געפאלנ די פרײַזנ אפ די סכוירעס פונ די ניט-אָרגאניזירטע סכוירע-באזיצער — פויערימ, האנטווערקער, קלײנע קאפיטאליסטנ, אונ בלויז ביסלעכווײַז אונ אינ א קלענערער מאָס זײַנענ די פרײַזנ געפאלנ אפ די סכוירעס פונ די אָרגאניזירטע סכוירע-באזיצער — פונ די קאפיטאליסטנ, וואָס זײַנענ פארייניקט אינ קארטעלנ. דאָס פאלנ פונ די פרײַזנ האָט געמאכט די לאגע פונ די באלכויוועס (אינדוסטריעלער, האנטווערקער, פויערימ אדג.) אומדערטרעגלעכ, אונ, פארקערט, די לאגע פונ די קרעדיטאָרנ אומגעהײער פריווילעגירט. אזא לאגע האָט געמוזט ברענגענ אונ האָט ווירקלעכ געבראכט צו א קאָלאָסאלנ באנקראָט פונ פירמעס אונ פונ באזונדערע אונטערנעמער. אינ פארלויפ פונ די לעצטע 3 יאָר זײַנענ אפנ דאָזיקנ באָדנ אומגעקומענ צענדליקער טויזנטער אקציאָנערע געזעלשאפטנ אינ די צאָפנ-אמעריקאנישע פארייניקטע שטאטנ, אינ דײַטשלאנד, אינ ענגלאנד, אינ פראנקרײַכ. נאָכ די באנקראָטנ פונ די אקציאָנערע געזעלשאפטנ איז געקומענ די אנטווערטונג פונ די וואליוטעס, וואָס האָט עטוואָס פארלײַכטערט די לאגע פונ די באלכויוועס. נאָכ דער אנטווערטונג פונ די וואליוטעס — דאָס פונ דער מעלוכע לעגאליזירטע ניט צאָלנ די כויוועס סײַ די אויסערלעכע סײַ די אינערלעכע. דער קראכ פונ אזעלכע בענק, ווי דער דארמשטאטער אונ דרעזדענער בענק אינ דײַטשלאנד, קרעדיט-אנשטאלט — אינ עסטרײַכ, אונ פונ אזעלכע קאָנצערנס, ווי קרייגערס קאָנצערנ אינ שוועדנ, דער אינסול-קאָנצערנ אינ די צאָפנ-אמעריקאנישע פארייניקטע שטאטנ אאוו. — איז אלעמענ באוווסט.

עס איז פארשטענדלעכ, אז נאָכ די דאָזיקע דערשײַנונגענ, וואָס האָבנ צעטרייסלט די יעסוידעס פונ דער קרעדיט-סיסטעמ, האָט געמוזט קומענ אונ איז ווירקלעכ געקומענ דאָס אופהערנ צאָלנ לויט קרעדיטנ אונ אויסלענדישע האלוואָעס, דאָס אופהערנ צאָלנ די צווישנאנטאנטישע כויוועס, דאָס אופ-

הערן עקספּאָרטירן קאַפּיטאַל, א נײַע פאַרקירצונג פונעם אויסערן־האַנדל, א נײַע פאַרקירצונג פונעם סכוירע־עקספּאָרט, א פאַרשטאַרקונג פונעם קאַמף פאַר אויסערלעכע מערק, א האַנדל־מילכאָמע צווישן לענדער און — א דעמ־פּינג. יאָ, כאַווײרים, א דעמפּינג. איך רייד ניט וועגן דעם סאָוועטישן קלוימערשטן דעמפּינג, וועגן וועלכן ס׳האָבן נאָך ביז גאָר ניט לאַנג געשריגן ביז הייזעריק ווערן אייניקע איידעלע דעפּוטאַטן פון די איידעלע פּאַר־לאַמענטן אין אייראָפּע און אַמעריקע. איך רייד וועגן דעם ווירקלעכן דעמפּינג, וועלכער ווערט איצט פּראַקטיקירט קימאַט דורך אַלע „ציוויליזירטע" מעלוכעס, וואָס וועגן דעם מאַכן, ווי כאַכאָמים, א שווײַג אָט־די מוטיקע און איידעלע דעפּוטאַטן.

עס איז אויך פאַרשטענדלעך, אַז די דאָזיקע צעשטערונג־דערשײַנונגען, וועלכע באַגלייטן דעם אינדוסטריעלן קריזיס, און וועלכע האָבן זיך פאַנאַנ־דערגעשפּילט אויסער דער פּראָדוקציע־ספערע, האָבן ניט געקאָנט פון זייער זײַט ניט ווירקן אויפן גאַנג פון דעם אינדוסטריעלן קריזיס אין זין פון פאַרשטאַרקן און פאַרקאָמפּליצירן אים.

אַזאַ איז דאָס אַלגעמיינע בילד פון דער באַוועגונג פונעם אינדוסט־ריעלן קריזיס.

אָט זײַנען אייניקע ציפערן פון אָפיציעלע מאַטעריאַלן, וואָס איליוס־טרירן די באַוועגונג פונעם אינדוסטריעלן קריזיס אין דעם באַריכט־פּעריאָד.

דער פאַרנעם פון דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע אין פּראָצענטן צום יאָר 1929:

| | 1929 | 1930 | 1931 | 1932 | 1933 |
|---|---|---|---|---|---|
| פּססר | 100,0 | 129,7 | 161,9 | 184,7 | 201,6 |
| צאַפּש | 100,0 | 80,7 | 68,1 | 53,8 | 64,9 |
| ענגלאַנד | 100·0 | 92,4 | 83,8 | 83,8 | 86,1 |
| דײַטשלאַנד | 100,0 | 88,3 | 71,7 | 59,8 | 66,8 |
| פראַנקרײַך | 100·0 | 100,7 | 89,2 | 69,1 | 77,4 |

די דאָזיקע טאַבעלע, ווי איר זעט, רעדט אַליין פאַר זיך.

אין דער צײַט, ווען די אינדוסטריע פון די גרונטלעכע קאַפּיטאַליסטישע לענדער איז געפאַלן פון יאָר צו יאָר אין פאַרגלײַך מיטן ניוואָ פון 1929

יאָר און ערשט אין 1933 יאָר האָט זי אָנגעהויבן עטוואָס קומען צו זיך און האָט נאָך פונדעסטוועגן ווײַט ניט דערגרייכט צום ניוואָ פון 1929, איז די אינדוסטריע פון פסשר געוואקסן פון יאָר צו יאָר און האָט איבערגע־לעבט א פראָצעס פון קעסיידערדיקן אופשטײַג.

אין דער צײַט, ווען די אינדוסטריע פון די גרונטלעכע קאפיטאליסטישע לענדער ווײַזט אין דורכשניט א פארקלענערונג פונעם פארנעם פון איר פראָדוקציע צום סאָף יאָר 1933 אין פארגלײַך מיטן ניוואָ פון 1929 אף 25% און מער, איז די אינדוסטריע פון פסשר אויסגעוואקסן פאר דער צײַט מער ווי אין צוויי מאָל, דה. מער ווי אף 100%. (אפלאָדיס־מענטן.)

עס קאָן זיך אויסדוכטן, אורטײלנדיק לויט דער דאָזיקער טאבעלע, אז פון די 4 קאפיטאליסטישע לענדער געפינט זיך ענגלאנד אין דער אמערסטן גינסטיקער לאגע. אָבער דאָס איז ניט אינגאנצן ריכטיק. אויב מע זאָל נע־מען די אינדוסטריע פון די דאָזיקע לענדער און פארגלײַכן זי מיט דעם פארמילכאָמעדיקן ניוואָ, וועט זיך דאָס בילד באקומען עטוואָס אן אנדערש. אָט איז די אנטשפרעכיקע טאבעלע.

דער פארנעם פון דער אינדוסטריעלער פראָדוקציע אין פראָצענטן צו דעם פארמילכאָמע־ניוואָ:

| | 1913 | 1929 | 1930 | 1931 | 1932 | 1933 |
|---|---|---|---|---|---|---|
| פסשר | 100 | 194,3 | 252,1 | 314,7 | 359,0 | 391,9 |
| צאפש | 100 | 170,2 | 137,3 | 115,9 | 91,4 | 110,2 |
| ענגלאנד | 100 | 99,1 | 91,5 | 83,0 | 82,5 | 85,2 |
| דײַטשלאנד | 100 | 113,0 | 99,8 | 81,0 | 67,6 | 75,4 |
| פראנקרײַך | 100 | 139,0 | 140,0 | 124,0 | 96,1 | 107,6 |

ווי איר זעט, האָט די אינדוסטריע פון ענגלאנד און פון דײַטשלאנד נאָך אלץ ניט דערגרייכט צום פארמילכאָמע־ניוואָ, אין דער צײַט, ווען די צאָפן־אמעריקאנישע פאראייניקטע שטאטן און פראנקרײַך האָבן אים אריבער־געשטיגן אף עטלעכע פראָצענט, און פסשר האָט אופגעהויבן — פארגרעסערט זײַן אינדוסטריעלע פראָדוקציע פארן דאָזיקן פעריאָד אין פארגלײַך מיטן פארמילכאָמע־ניוואָ מער ווי אף 290%. (אפלאָדיסמענטן.)

אָבער פון די דאָזיקע טאבעלעס דרינגט ארויס נאָך איין אויספיר.

אין דער צייט, ווען די אינדוסטריע פון די גרונטלעכע קאפּיטאליסטישע לענדער איז די גאנצע צייט געפאלן, אָנגעהויבן פונעם 1930 יאָר און באַזונדערס פונעם 1931 יאָר, און איז דערגאנגען אין 1932 יאָר ביזן פּונקט פון גרעסטן פאלן, — האָט זי אין 1933 אָנגעהויבן עטוואָס קומען צו זיך און זיך אויפהייבן. אויב מע זאָל נעמען די כוידעש־אָנגאבן פאר די יאָרן 1932 און 1933, באשטעטיקן זיי נאָך מער דעם דאָזיקן אויספיר, ווייל זיי זאָגן וועגן דעם, אז די אינדוסטריע פון די דאָזיקע לענדער, ניט געקוקט אַפ דער וואקלונג פון איר פּראָדוקציע אין פארלויף פונעם 1933 יאָר, האָט ניט ארויסגעוויזן קיין טענדענצ צו דערפירן די וואקלונג אַפ אראָפּ ביזן ניוואָ פונעם גרעסטן פאלן, וואָס איז געווען זומער 1932.

וואָס הייסט דאָס?

דאָס הייסט, אז די אינדוסטריע פון די גרונטלעכע קאפּיטאליסטישע לענדער איז שוין, ווייזט אויס, דורכגעגאנגען דעם פּונקט פון גרעסטן פאלן, צו וועלכן זי האָט זיך שוין מער ניט צוריקגעקערט אין פארלויף פונעם 1933 יאָר.

אייניקע זיינען גענייגט צוצושרייבן די דאָזיקע דערשיינונג דעם איינפלוס פון אויסשליסלעך קינסטלעכע פאקטאָרן, ווי אנערעכ דער קריג־ און אינפליאציע־קאָניונקטור. עס קאָן קיין סאָפעק ניט זיין, אז די קריג־ און אינפליאציע־קאָניונקטור שפּילט דאָ ניט קיין קליינע ראָליע. דאָס איז באַזונדערס ריכטיק בענעגייע יאפּאָניע, ווו דער דאָזיקער קינסטלעכער פאקטאָר איז די הויפּט־קראפט און באשליסנדיקע קראפט פון דער געוויסער אופלעבונג אין אייניקע, הויפּטזאכלעכ, מיליטערישע אינדוסטריע־צווייגן. עס וואָלט אָבער געווען א גראָבער פעלער צו דערקלערן אלץ מיט דער קריג־ און אינפליאציע־קאָניונקטור. אזא דערקלערונג איז ניט ריכטיק כאָטשבי דערפאר, וואָס די געוויסע איבערוקן אין דער אינדוסטריע, וועלכע איך האָב כאראקטעריזירט, באמערקן זיך ניט אין איינצלנע און צופעליקע ראיאָנען, נאָר אין אלע אָדער קימאט אין אלע אינדוסטריעלע לענדער, דערונטער אין די לענדער מיט א פעסטער וואליוטע. אפּאָנעם, אז צוגלייכ מיט דער קריג־ און אינפליאציע־קאָניונקטור איז דאָ פאראן אויכ די ווירקונג פון אינערלעכע עקאָנאָמישע קרעפטן פונעם קאפּיטאליזם.

דעם קאפּיטאליזם איז געלונגען עטוואָס צו פארלייכטערן די לאגע פון דער אינדוסטריע אפּן כעזשבן פון די ארבעטער — דורכ פארטיפערן זייער עקספּלואטאציע מיטן פארשטארקן די אינטענסיווקייט פון זייער ארבעט, אפּן כעזשבן פון די פערמערס — דורכ פירן א פּאָליטיק פון די סאמע נידעריקסטע פּרייזן אַפ די פּראָדוקטן פון זייער ארבעט, אַפ דער־

נערונג און טײלװײַז אפ רויװארג, אפנ כעזשבנ פונ די פויערים פונ די קאָלאָניעס און פונ די עקאָנאָמיש-שװאכע לענדער — דורכ א נאָכ גרעסערנ ארויפזעצנ די פרײַזנ אפ די פראָדוקטנ פונ זײער ארבעט, הויפטזאכלעכ, אפ רויװארג און דערנאָכ אפ דערנערונג.

צי הײסט עס, אז מיר האָבנ צו טאָנ מיט אנ אריבערגאנג פונעמ קריזיס צו א געװײנלעכער דעפרעסיע, װאָס ציט נאָכ זיכ א נײַעמ אופשטײַג און אופבלי פונ דער אינדוסטריע? נײנ, עס הײסט ניט. יעדנפאלס, אינ דער איצטיקער צײַט זײַנען ניט פאראנ אזעלכע אָנגאבנ, דירעקטע אָדער אומדירעקטע, װאָס זאָלנ רײדנ װעגנ אנ אָנקומענדיקנ אופשטײַג פונ דער אינדוסטריע אינ די קאפיטאליסטישע לענדער. נאָכמער, — אורטײלנדיק לויט אלצ, קאָנ גאָר אזעלכע אָנגאבנ ניט זײַנ, אלנפאלס אינ דער נאָענטסטער צײַט. עס קאָנ ניט זײַנ דערפאר, װײַל עס האלטנ נאָכ אינ װירקנ יענע אלע אומגינסטיקע באדינגונגענ, װאָס לאָזנ ניט דער אינדוסטריע פונ די קאפיטאליסטישע לענדער זיכ אופהײבנ װיפל-ניט-איז ערנסט בארג ארופ. עס האנדלט זיכ װעגנ דעמ דויערנדיקנ אלגעמײנעמ קריזיס פונעמ קאפיטאליזמ, װאָס אינ זײַנע אומשטענדנ קומט פאָר דער עקאָנאָמישער קריזיס, װעגנ א כראָנישנ ניט-פולנ אָנלאָדנ די אונטערנעמונגענ, װעגנ א כראָנישער מאסנװער ארבעטלאָזיקײַט, װעגנ אנ איבערפלעכטונג פונעמ אינדוסטריעלנ קריזיס מיטנ לאנדװירטשאפטלעכנ קריזיס, װעגנ דער אָפװעזנקײַט פונ א טענדענצ צו א װיפל־ניט־איז ערנסטער באנײַונג פונעמ גרונט-קאפיטאל, װאָס זאָגט אָנ געװײנלעכ דעמ אָנקומ פונ אנ אופשטײַג, אאװ. אדג.

אפאָנעמ, אז מיר האָבנ דאָ צו טאָנ מיט אנ אריבערגאנג פונעמ פונקט פונ גרעסטנ פאלנ פונ דער אינדוסטריע, פונעמ פונקט פונ דער גרעסטער טיפקײַט פונעמ אינדוסטריעלנ קריזיס — צו דעפרעסיע, אָבער צו א דעפרעסיע ניט קײנ געװײנלעכער, נאָר צו א דעפרעסיע פונ א באזונדערנ מינ, װאָס פירט ניט צו קײנ נײַעמ אופשטײַג און אופבלי פונ דער אינדוסטריע, אָבער װאָס קערט זי ניט אומ צוריק צומ פונקט פונ גרעסטנ פאלנ.

## 2. די פארשארפונג פונ דער פאָליטישער לאגע אינ די קאפיטאליסטישע לענדער

אלס רעזולטאט פונ דעמ פארצויגענעמ עקאָנאָמישנ קריזיס איז געקומענ אזא פארשארפונג פונ דער פאָליטישער לאגע אינ די קאפיטאליסטישע לענדער, — סײַ אינװײניק אינ די דאָזיקע לענדער סײַ אויכ צװישנ זײ, — װאָס איז נאָכ ביז איצט ניט געװענ.

די פארשטארקונג פונעם קאמף פאר די אויסערלעכע מערק, די פאר-ניכטונג פון די לעצטע רעשטן פון פרייַען האנדל, די פארבאָטערישע גרע-נעץ־אָפּצאָלן, די האנדל־מילכאָמע, די וואליוטעס־מילכאָמע, דער דעמפּינג און פיל אנדערע אנאלאָגישע מאָסמיטלען, וואָס דעמאָנסטרירן דעם עקסטרע־מען נאציאָנאליזם אין דער עקאָנאָמישער פּאָליטיק, האָבן ביז גאָר פארשארפט די באציִונגען צווישן די לענדער, האָבן געשאפן א באָדן פאר מילכאָמע-צוזאמענשטויסן און אוועקגעשטעלט אין טאָג־סיידער די מילכאָמע, אלס מיטל פון א נייַער איבערפארטיילונג פון דער וועלט און פון די אייַנ־פלוס-ספערן צום גונסטן פון די מער שטארקע מעלוכעס.

די מילכאָמע פון יאפּאָניע מיט כינע, די אָקופּאציע פון מאנדזשוריע, יאפּאָניעס ארויסטרעטן פון דער פעלקער־ליגע און דער מארש אין צאָפן־כינע — האָבן נאָך מער פארשארפט די לאגע. די פארשטארקונג פונעם קאמף פארן גרויסן אָקעאן און דער וווּקס פון די מיליטערישע יאם-באַוואָפענונגען אין יאפּאָניע, צאָפן-אמעריקאנישע פארייניקטע שטאטן, ענגלאנד און פראנקרייַך זייַנען א רעזולטאט פון דער דאָזיקער פארשארפונג.

דייַטשלאנדס ארויסטרעטן פון דער פעלקער-ליגע און דער געשפּענסט פון רעוואנש האָבן געגעבן א נייַעם שטויס צו א פארשארפונג פון דער לאגע און צו א וווּקס פון די באוואָפענונגען אין אייראָפּע.

ס'איז קיין וווּנדער ניט, וואָס דער בורזשואזער פּאציפיזם זשיפּעט איצט קוים, און די פּלוידערייַ וועגן אנטוואָפענונג ווערט פארביטן אף „זאכלעכע" שמועסן וועגן באוואָפענונג און צוגאָב-באוואָפענונג.

ווידער, ווי אין 1914 יאָר, רוקן זיך ארויס אפן ערשטן פּלאן די פּארטייען פון דעם קריגערישן אימפּעריאליזם, די פּארטייען פון מילכאָמע און רעוואנש.

עס גייט באשייַמפּערלעך צו א נייַער מילכאָמע.

עס פארשארפט זיך נאָך מער, צוליב דער ווירקונג פון די זעלבע פאקטאָרן, די אינערלעכע לאגע פון די קאפּיטאליסטישע לענדער. די פיר יאָר אינדוסטריעלער קריזיס האָבן אויסגעצערט און דערפירט צו פארצווייפ־לונג דעם ארבעטער־קלאס. די פיר יאָר לאנדווירטשאפטלעכער קריזיס האָבן ביז אף לעצט רויִנירט די ניט־פארמעגלעכע שיכטן פויערטום ניט בלויז אין די גרונטיקע קאפּיטאליסטישע לענדער, נאָר אויך — באזונדערס — אין די אָפּהענגיקע און קאָלאָניאַלע לענדער. עס איז א פאקט, אז, ניט געקוקט אף די קאָלערליי סטאטיסטישע קונצשטיק, וואָס זייער ציל איז צו פארמינערן די צאָל ארבעטלאָזע, דערגייט די צאָל ארבעטלאָזע, לויט די אָפיציעלע אָנגאבן פון די בורזשואזע אינסטיטוציעס, אין ענגלאנד ביז 3 מיליאָן, אין דייַטשלאנד ביז 5 מיליאָן, אין די צאָפן-אמעריקאנישע פארייַ־

ניקטע שטאטנ ביז 10 מיליאָנ, שוינ ניט ריידנדיק וועגנ די אנדערע לענדער פונ אייראָפּע. גיט נאָכ צו דערצו די טיילווײַז ארבעטלאָזע, וואָס זייער צאָל שטײַגט אריבער א צענדליק מיליאָנ, גיט צו די מיליאָניקע מאסנ רויִנירטע פויערימ, — וועט איר באקומענ א בעערעכדיק בילד פונ דער נויט אונ פארצווייפלונג פונ די ארבעטנדיקע מאסנ. די פאָלקמאסנ זײַנענ נאָכ ניט דערגאנגענ דערצו, אז זיי זאָלנ גיינ שטורעמענ דעמ קאפּיטאליזמ, נאָר אז די אידיי פונ שטורעמ ווערט רײַפ אינעמ באוווסטזײַנ פונ די מאסנ, — דעריִנ קאָנ מענ קוימ צווייפלענ. וועגנ דעמ ריידנ בוילעט כאָטשבי אזעלכע פאקטנ, ווי די שפּאנישע רעוואָליוציע, וואָס האָט אראָפּגעשלײַדערט דעמ רעזשימ פונ פאשיזמ, אונ דער וווקס פונ די סאָוועטישע ראיאָנענ אינ כינע, וואָס די פארייניקטע קאָנטררעוואָליוציע פונ דער כינעזישער אונ אויסלענדישער בורזשואזיע איז ניט אימשטאנד אימ אָפּצושטעלנ.

דערמיט, אייגנטלעכ, לאָזט זיכ טאקע דערקלערנ דער פאקט, וואָס די הערשנדיקע קלאסנ פונ די קאפּיטאליסטישע לענדער פארניכטנ זאָרגזאמ אָדער זיי מאכנ צונישט די לעצטע רעשטלעכ פארלאמענטאריזמ אונ בורזשואזע דעמאָקראטיע, וועלכע קאָנענ אויסגענוצט ווערנ דורכנ ארבעטער־קלאס אינ זײַנ קאמפ קעגנ די אונטערדריקער, וואָס זיי פארטרײַבנ אינ אונטערערד די קאָמוניסטישע פארטייענ אונ גייענ אריבער צו אָפנ טעראָריסטישע מעטאָדנ פונ אײַנהיטנ זייער דיקטאטור.

שאָוויניזמ אונ מילכאָמע-צוגרייטונג, אלס גרונט־עלעמענטנ פונ דער אויסערנ-פּאָליטיק, אײַנצוימונג פונ דעמ ארבעטער־קלאס אונ טעראָר אינ געביט פונ דער אינערלעכער פּאָליטיק, אלס נויטווענדיק מיטל אפ צו פארשטארקנ דאָס הינטערלאנד פונ די צוקינפטיקע קריג-פראָנטנ, — אָט וואָס עס באשעפטיקט איצט דערהויפּט די הײַנטצײַטיקע אימפּעריאליסטישע פּאָליטיקער.

ס'איז קיינ וווּנדער ניט, וואָס דער פאשיזמ איז איצט געוואָרנ די סאמע מאָדישע סכוירע צווישנ די קריגערישע בורזשואזע פּאָליטיקער. איכ רייד ניט נאָר וועגנ פאשיזמ ביכלאל, נאָר פריִער פונ אלצ וועגנ דעמ פאשיזמ פונ דײַטשישנ טיפּ, וואָס ווערט פאלש אָנגערופנ נאציִאָנאל־סאָציִאליזמ, ווײַל בא דער סאמע זאָרגזאמער באטראכטונג איז אומעגלעכ צו געפינענ אינ אימ אפילע אנ אטאָמ סאָציִאליזמ.

אינ דעמ דאָזיקנ צוזאמענהאנג דארפ מענ דעמ ניצאָכנ פונעמ פאשיזמ אינ דײַטשלאנד באטראכטנ ניט בלויז ווי א סימענ פונ דער שוואכקײַט פונ דעמ ארבעטער-קלאס אונ ווי א רעזולטאט פונעמ פאראט בענעגייע דעמ ארבעטער־קלאס מיצאד דער סאָציִאל-דעמאָקראטיע, וועלכע האָט אָפּגערייניקט דעמ וועג פארנ פאשיזמ. מע דארפ אימ אויכ באטראכטנ ווי א סימענ פונ

דער שוואכקייט פון דער בורזשואזיע, ווי א סימען דערפון, אז די בורזשואזיע איז שוין ניט בעקויעכ צו געוועלטיקן מיט די אלטע מעטאָדן פון פארלאמענטאריזם און בורזשואזער דעמאָקראטיע, און דעריבער איז זי געצוווּנגען אָנצוקומען אין דער אינערלעכער פּאָליטיק צו טעראָריסטישע פארוואלטונג־מעטאָדן, — ווי א סימען דערפון, אז זי איז ניט בעקויעכ מער צו געפינען אן אויסוועג פון דער איצטיקער לאגע אפ דער באזע פון פרידלעכער אויסערן־פּאָליטיק, און דעריבער איז זי געצוווּנגען אָנצוקומען צו מילכאָמע־פּאָליטיק.

אזא איז די לאגע.

ווי איר זעט, גייט עס צו א נייער אימפעריאליסטישער מילכאָמע, אלס אויסוועג פון דער איצטיקער לאגע.

געוויס, ס׳איז ניטאָ קיין גרונט צו רעכענען, אז די מילכאָמע קאָן געבן אווירקלעכן אויסוועג. פארקערט, זי מוז נאָך מער פארפּלאָנטערן די לאגע. נאָך מער, זי וועט געוויס צעבינדן די רעוואָליוציע און וועט שטעלן אונטער א פראגע די עצעם עקזיסטענץ פונעם קאפּיטאליזם אין א רייע לענדער, ווי דאָס איז פּאָרגעקומען אין גאנג פון דער ערשטער אימפּעריאליסטישער מילכאָמע. און אויב, ניט געקוקט אפ דער דערפארונג פון דער ערשטער אימפעריאליסטישער מילכאָמע, כאפּן זיך די בורזשואזע פּאָליטיקער פונדעסטוועגן אָן אָן דער מילכאָמע, ווי דער, וואָס טרינקט זיך, כאפּט זיך אָן אָן א שטרויעלע, הייסט עס, אז זיי האָבן זיך ענדגילטיק פארפּלאָנטערט, אז זיי זיינען ארייַנגעפאלן אין א טעמפּן ווינקל און זיינען גרייט צו פליען מיטן קאָפּ אראָפּ אין אָפּגרונט.

דעריבער איז ניט איבעריק צו באטראכטן אינקורצן די פּלענער פון אָרגאניזירן די מילכאָמע, וואָס ווערן איצט אויסגעטראָגן אין די קרייזן פון די בורזשואזע פּאָליטיקער.

איינע מיינען, אז א מילכאָמע דארף מען אָרגאניזירן קעגן איינער פון די גרויסע מעלוכעס. זיי מיינען צו דערלאנגען איר א פארניכטנדיקע מאפּאָלע און פאריכטן זייערע געשעפטן אפּ איר כעזשבן. לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אז זיי האָבן אָרגאניזירט אזא מילכאָמע. וואָס קאָן זיך דערפון באקומען? ווי באוווּסט, האָט מען בייס דער ערשטער אימפעריאליסטישער מילכאָמע אויך געוואָלט פארניכטן איינע פון די גרויסע מעלוכעס — דייטשלאנד און אָפּלעקן א ביינדל אפּ זיין כעזשבן. און וואָס האָט זיך דערפון באקומען? דייטשלאנד האָבן זיי ניט פארניכטעט, זיי האָבן נאָר אייַנגעפּלאנצט אין דייטשלאנד אזא האס צו די זיגער און האָבן געשאפן אזא רייכן באָדן פאר רעוואנש, אז ביז איצט קאָנען זיי נאָך ניט און וועלן נאָך, געוויס, אזוי גיך ניט קאָנען פארדייען דאָס פאסקודנע געקעכץ, וואָס זיי אליין טאקע האָבן פארקאָכט.

דערפאַר אָבער האָבנ זיי באַקומענ די צעגראָמירונג פונעם קאַפיטאַליזמ אינ רוסלאַנד, דעמ ניצאָכנ פונ דער פראָלעטאַרישער רעוואָליוציע אינ רוסלאַנד און — א קלאָרע זאַכ — דעמ ראַטנפאַרבאַנד. ווו איז די גאַראַנטיע, אז די צווייטע אימפעריאַליסטישע מילכאָמע וועט זיי געבנ „בעסערע" רעזולטאַטנ, ווי די ערשטע? צי וועט ניט ריכטיקער זייַנ צו מיינענ פאַרקערט?

אַנדערע מיינענ, אז א מילכאָמע דאַרפ מענ אָרגאַניזירנ קעגנ איינס פונ די לענדער, וואָס זייַנענ שוואַכ אינ מיליטערישער הינזיכט, נאָר זיי זייַנענ ברייט אינ הינזיכט פונ מאַרק, צומבייַשפיל — קעגנ כינע, וואָס דערצו נאָכ, ווייַזט זיכ אַרויס, קאָנ מענ זי ניט אָנרופנ מעלוכע אינעמ אייגנטלעכנ זינ פונ וואָרט, נאָר זי שטעלט מיט זיכ בלויז פאָר א „ניט־אָרגאַניזירטע טעריטאָריע", וואָס ביימיקט זיכ דערינ, אז עס זאָלנ זי פאַרכאַפנ שטאַרקע מעלוכעס. זיי ווילנ זי, ווייַזט אויס, ענדגילטיק צעטיילנ און פאַריכטנ זייערע געשעפטנ אפ איר כעזשבנ. לאָמיר זאָגנ, אז זיי האָבנ אָרגאַניזירט אַזאַ מילכאָמע. וואָס קאָנ זיכ דערפונ באַקומענ? ס'איז באַוווּסט, אז אינ אָנהייב XIX יה. האָט מענ אפ איטאַליע און דייַטשלאַנד געקוקט פונקט אַזוי, ווי מע קוקט איצט אפ כינע, דה. מע האָט זיי געהאַלטנ פאַר „ניט־אָרגאַניזירטע טעריטאָריעס", און ניט פאַר קיינ מעלוכעס, און מע האָט זיי פאַרשקלאַפט. און וואָס האָט זיכ דערפונ באַקומענ? דערפונ האָט זיכ באַקומענ, ווי באַוווּסט, א מילכאָמע פונ דייַטשלאַנד און איטאַליע פאַר אומאָפהענגיקייַט און א פאַראייניקונג פונ די דאָזיקע לענדער אינ זעלבשטענדיקע מעלוכעס. דערפונ האָט זיכ באַקומענ א פאַרשטאַרקונג פונעמ האַס צו די פאַרשקלאַפער אינ די הערצער בא די פעלקער פונ די דאָזיקע לענדער, און די רעזולטאַטנ פונ דעמ האַס זייַנענ נאָכ ביז איצט ניט ליקווידירט און וועלנ נאָכ, געוויס, ניט אַזוי גיכ ליקווידירט ווערנ. פרעגט זיכ: ווו איז די גאַראַנטיע, אז דאָס זעלבע וועט זיכ ניט באַקומענ אַלס רעזולטאַט פונ דער מילכאָמע פונ די אימפעריאַליסטנ קעגנ כינע?

די דריטע מיינענ, אז א מילכאָמע דאַרפ אָרגאַניזירנ א „העכערע ראַסע", לאָמיר זאָגנ, די דייַטשישע „ראַסע", קעגנ א „נידעריקערער ראַסע", פריִער פאַר אַלצ — קעגנ די סלאַוונ, אז נאָר אַזאַ מילכאָמע קאָנ געבנ אַנ אויסוועג פונ דער לאַגע, ווייַל די „העכערע ראַסע" איז באַרופנ צו באַפרוכפערנ די „נידעריקערע" און הערשנ איבער איר. לאָמיר זאָגנ, אז די דאָזיקע מעשונעדיקע טעאָריע, וואָס איז פונקט אַזוי ווייַט פונ וויסנשאַפט, ווי דער הימל פונ דער ערד, — לאָמיר זאָגנ, אז די דאָזיקע מעשונעדיקע טעאָריע האָט מענ אַריבערגעפירט אינ דער פראַקטיק. איז וואָס קאָנ זיכ דערפונ באַקומענ? עס איז באַוווּסט, אז דער אַלטער רוימ האָט פונקט אַזוי געקוקט אפ די אורעלטערנ פונ די הייַנטיקע דייַטשנ און פראַנצויזנ, ווי

עס קוקן איצט די פּאָרשטייער פון דער „העכערער ראסע“ אף די סלאווי־שע שוואַטים. עס איז באוווסט, אז דער אלטער רוים האָט זיי טרעטירט ווי א „נידעריקערע ראסע“, ווי „בארבארן“, וואָס זיינען בארופן צו זיין אין אייביקער אונטערטעניקייט צו דער „העכערער ראסע“ — צום „גרויסן רוים“, דערביי, — צווישן אונדז גערעדט, — האָט דער אלטער רוים געהאט דערצו א געוויסן גרונט, וואָס דאָס קאָן מען ניט זאָגן וועגן די פּאָרשטייער פון דער היינטיקער „העכערער ראסע“. (א דונער אפּלאָדיסמענטן.) וואָס זשע איז דערפון ארויסגעקומען? ארויסגעקומען איז דאָס, וואָס די ניט־רוימער, דהי. אלע „בארבארן“, האָבן זיך פאראייניקט קעגן דעם אלגעמיי־נעם סוינע און האָבן מיט א טראסק איבערגעקערט רוים. פרעגט זיך: ווו איז די גאראנטיע, אז די פּרעטענזיעס מיצאַד די פּאָרשטייער פון דער היינטיקער „העכערער ראסע“ וועלן ניט ברענגען צו די זעלבע טרויעריקע רעזולטאטן? ווו איז די גאראנטיע, אז די פאשיסטיש־ליטעראַרישע פּאָליטי־קער אין בערלין וועט מער אָפּגליקן, איידער די אלטע און אויסגע־פּרוּווטע דעראָבערער אין רוים? צי וועט ניט ריכטיקער זיין צו מיינען פאַרקערט?

צולעצט, די פערטע מיינען, אז א מילכאָמע דארף מען אָרגאניזירן קעגן פססר. זיי מיינען צו צעקלאפּן פססר, זיך איינטיילן מיט זיין טערי־טאָריע און אָפּלעקן א ביינדל אף זיין כעזשבן. עס וואָלט געווען א טאָעס צו מיינען, אז אזוי טראכטן נאָר איניקע מיליטערישע קרייזן אין יאפּאַניע. אונדז איז באוווסט, אז אזעלכע פּלענער ווערן אויסגעטראָגן אויך אין די קרייזן פון די פּאָליטישע אָנפירער פון אייניקע מעלוכעס אין אייראָפּע. לאָמיר זאָגן, אז די דאָזיקע הערן זיינען אריבער פון ווערטער צו טאט. איז וואָס קאָן זיך דערפון באקומען? מע קאָן קוים צווייפלען, אז די דאָזיקע מילכאָמע וועט זיין די סאמע געפערלעכע מילכאָמע פאר דער בורזשואזיע. זי וועט זיין די סאמע געפערלעכע ניט נאָר דערפאר, וואָס די פעלקער פון פססר וועלן זיך שלאָגן אף טויט פאר די דעראָבערונגען פון דער רעוואָליוציע. זי וועט זיין די סאמע געפערלעכע פאר דער בור־זשואזיע אויך דערפאר, וואָס די מילכאָמע וועט פּאָרקומען ניט נאָר אף די פראָנטן, נאָר אויך אין הינטערלאנד באם קעגנער. די בורזשואזיע מעג ניט צווייפלען, אז די פילצאָליקע פריינט פונעם ארבעטער־קלאס פון פססר אין אייראָפּע און אזיע וועלן זיך סטארען א קלאפּ טאָן אין הינטערלאנד זייערע אונ־טערדריקער, וואָס האָבן פארפירט א פארברעכערישע מילכאָמע קעגן דעם פאָטערלאנד פונעם ארבעטער־קלאס פון אלע לענדער. און זאָלן ניט פאריבל האָבן אף אונדז די הערן בורזשוא, אויב עס וועלן אפן צווייטן טאָג נאָך אזא מילכאָמע אויספעלן בא זיי איניקע קרויווישע פאר זיי רעגירונגען,

וואָס קיניגן בא הײַנטיקן טאָג בעשאָלעם מיט „זאָטס געגאָד״. (א דונער אפּלאָדיסמענטן.) איין מילכאָמע אזא קעגן פּססר איז שוין געווען, אויב איר ווערט זיך דערמאָנען, מיט 15 יאָר צוריק. ווי עס איז באוווּסט, האָט דער פון אלעמען געערטער טשערטשיל דעמלט אײַנגעהילט די דאָזיקע מילכאָמע אין א פּאָעטישער פאָרמול — „אינוואזיע פון 14 מעלוכעס״. איר געדענקט געוויס, אז די דאָזיקע מילכאָמע האָט באהעפט אלע ארבעטנדיקע פון אונדזער לאנד אין אן אײנהײַטלעכן לאגער פון מעסירעסנעפעשדיקע קעמפער, וואָס האָבן מיט זייער ברוסט פארטיידיקט זייער ארבעטער־פּויערשן פאָטערלאנד קעגן די אויסערלעכע סאָנים. איר ווייסט, מיט וואָס זי האָט זיך פארענדיקט. זי האָט זיך פארענדיקט מיט ארויסטרײַבן די אינטערווענטן פון אונדזער לאנד און מיט שאפן רעוואָליוציאָנערע „אקציע־קאָמיטעטן״ אין אייראָפּע. מע קאָן קוים צווייפלען, אז א צווייטע מילכאָמע קעגן פּססר וועט ברענגען צו דער פולער מאפּאָלע פון די אָנפאלנדיקע, צו א רעוואָליוציע אין א ריי לענדער פון אייראָפּע און אזיע און צו דער צעגראָמירונג פון די בורזשואז־פּריצישע רעגירונגען אין די דאָזיקע לענדער.

אָט דאָס זײַנען די מילכאָמע־פּלענער פון די בורזשואזע פּאָליטיקער, וואָס האָבן זיך פארפּלאָנטערט.

ווי איר זעט, גלאנצן זיי ניט ניט מיט קיין סייכל, ניט מיט קיין העלדישקײַט. (אפּלאָדיסמענטן.)

נאָר אויב די בורזשואזיע קלײַבט אויס דעם וועג פון מילכאָמע, איז דער ארבעטער־קלאס פון די קאפּיטאליסטישע לענדער, וואָס איז דערפירט ביז פארצווייפלונג דורכן 4־יאָריקן קריזיס און ארבעטלאָזיקייט, שטעלט זיך אפּן וועג פון רעוואָליוציע. דאָס הייסט, אז עס ווערט רײַף און עס וועט רײַף ווערן דער רעוואָליוציאָנערער קריזיס. און דער רעוואָליוציאָנערער קריזיס וועט אָנוואקסן אלץ שנעלער, וואָס מער עס וועט זיך פארפּלאָנטערן די בורזשואזיע אין אירע מילכאָמע־קאָמבינאציעס, וואָס אָפטער זי וועט אָנקומען צו טעראָריסטישע קאמפ־מעטאָדן קעגן דעם ארבעטער־קלאס און קעגן די ארבעטנדיקע פּויערים.

אייניקע כאווירים מיינען, אז וויבאלד עס איז פאראן א רעוואָליוציאָנערער קריזיס, מוז די בורזשואזיע ארײַנפאלן אין אן אויסוועגלאָזער לאגע, אז איר סאָף, הייסט עס, איז שוין פאָרויסבאשטימט, אז דער זיג פון דער רעוואָליוציע איז שוין דערמיט אליין געזיכערט און זיי בלײַבט נאָר איבער צו וואַרטן ביז די בורזשואזיע וועט פאלן און שרײַבן זיגערישע רעזאָליוציעס. דאָס איז א טיפער טאָעס. דער זיג פון דער רעוואָליוציע קומט קיינמאָל ניט אליין. אים דארף מען צוגרייטן און אויסקעמפן. אָבער צוגרייטן

און אויסקעמפן אים קאָן נאָר א שטארקע פּראָלעטארישע רעוואָליוציאָנערע פּארטיי. עס טרעפן מאָמענטן, ווען די לאגע איז א רעוואָליוציאָנערע, די מאכט פון דער בורזשואזיע טרייסלט זיך ביזן סאמע גרונט און דער זיג פון דער רעוואָליוציע קומט דאָך ניט, ווייל עס איז ניטאָ פאראן קיין רעוואָליוציאָנערע פּארטיי פון פּראָלעטאריאט, א גענוג שטארקע און אויטאָ־ריטעטע, אז זי זאָל קאָנען פירן נאָך זיך די מאסן און נעמען די מאכט אין אירע הענט. עס וואָלט געווען ניט קלוג צו מיינען, אז אזעלכע „פאלן" קאָנען ניט פּאסירן.

עס וואָלט ניט געשאדט אין צוזאמענהאנג דערמיט דערמאָנען לענינס נעוויִשע ווערטער וועגן רעוואָליוציאָנערן קריזיס, וואָס ער האָט געזאָגט אפן II קאָנגרעס פון קאָמינטערן:

„מיר זיינען איצט צוגעקומען צו דער פראגע וועגן רעוואָליוציאָנערן קריזיס, אלס גרונט פון אונדזער רעוואָליוציאָנערער טאט. און דאָ דארף מען, פריִער פאר אלץ, פארצייכע־נען צוויי פארשפּרייטע פעלערן. פון איין זייט, שילדערן די בורזשואזע עקאָנאָמיסטן דעם דאָזיקן קריזיס, אלס פּאָשעטן „אומרו", לויטן עלעגאנטן אויסדרוק פון די ענגלענדער. פון דער צווייטער זייט, באמיִען זיך צומאָל רעוואָליוציאָנערן דערווייזן, אז דער קריזיס איז אבסאָליוט אן אויסוועגלאָזער. דאָס איז א טעות. קיין אבסאָליוט אויסוועגלאָזע לאגעס טרעפן ניט. די בורזשואזיע פירט זיך אוף, ווי א כוצפּעדיקער רויבער, וואָס האָט פארלאָרן דעם קאָפּ, און טוט איין נארישקייט נאָך דער אנדערער, פארשארפנדיק די לאגע, פארשנעלערנדיק איר אייגענעם אומקום. דאָס אלץ איז אזוי. אָבער מע קאָן ניט „דערווייזן", אז עס איז ניטאָ אבסאָליוט קיין שום מעגלעכקייט, אז זי זאָל ניט איינשלעפערן אזא און אזא מינדער־הייט עקספּלואטירטע מיט אזעלכע און אזעלכע האנאָכעלעך, אז זי זאָל ניט דערשטיקן אזא און אזא באוועגונג אָדער אופשטאנד פון אזא און אזא טייל אונטערדריקטע און עקספּלו־אטירטע. פּרוּוון „דערווייזן" פאָרויס די „אבסאָליוטע" אויסוועגלאָזיקייט וואָלט געווען פּוסטער פּעדאנטיזם אָדער א שפּיל אין באגריפן און אין ווערטלעך. אן עמעסער „דערווייז" אין דער און אין ענלעכע פראגן קאָן זיין בלויז די פּראקטיק. די בורזשואזע אָרדענונג לעבט איבער אין דער גאנצער וועלט דעם גרעסטן רעוואָליוציאָנערן קריזיס. מע דארף איצט „דערווייזן" מיט דער פּראקטיק פון די רעוואָליוציאָנערע פּארטייען, אז זיי האָבן גענוג באוווּסטזיניקייט, אָרגאניזירטקייט, פארבינדונגען מיט די עקספּלואטירטע מאסן, אנטשיידנקייט, קענטשאפט אפ אויסנוצן דעם דאָזיקן קריזיס פאר א דערפאָלגרייכער, פאר א זיגרייכער רעוואָליוציע" (ל ע־נ י ן, XXV ב. 1920 יאָר, ז. 340 — 341).

## 3. די באציִונגען צווישן פעסער און די קאפּיטאליסטישע מעלוכעס

עס איז לייכט צו פארשטיין, ווי שווער עס איז געווען פעסער דורכ־צופירן זיין שאָלעם-פּאָליטיק אין דער דאָזיקער אטמאָספער, וואָס איז פארגיפטעט מיט די מיִאזמען פון מילכאָמע־קאָמבינאציעס.

אין די אומשטענדן פונעם דאָזיקן פארמילכאָמעדיקן שיידים-טאנץ,

וואָס האָט ארומגעכאפט א גאנצע ריי לענדער, האָט פססר פאר די דאָזיקע יאָרנ ניט אופגעהערט צו שטיינ פעסט אונ אומוואקלדיק אפ זײַנע שאָלעמ־פאָזיציעס, קעמפנדיק קעגנ דער מילכאָמע־געפאר, קעמפנדיק פאר אײַנהייטנ דעמ שאָלעמ, אנטקעגנקומענדיק די לענדער, וואָס זײַנענ אזוי אָדער אנדערש פאר אײַנהייטנ דעמ שאָלעמ, אופדעקנדיק אונ אראָפרײַסנדיק די מאסקע פונ די, וואָס גרייטנ צו, פראָוואָצירנ די מילכאָמע.

אפ וואָס האָט אויסגערעכנט פססר אינעמ דאָזיקנ שווערנ אונ קאָמפליצירטנ קאמפ פאר שאָלעמ?

א) אפ זײַנ וואקסנדיקערווירטשאפטלעכער אונ פאָליטישער מאכט.

ב) אפ דער מאָראלישער אונטערשטיצונג פונ די מיליאָניקע מאסנ פונעמ ארבעטער-קלאס פונ אלע לענדער, וועלכער איז בלוטיק פארינטערעסירט אינעמ אײַנהייטנ דעמ שאָלעמ.

ג) אפנ געזונטנ סייכל פונ די לענדער, וועלכע זײַנענ צוליב די אָדער יענע מאָטיוונ ניט פארינטערעסירט אינ ברעכנ דעמ שאָלעמ אונ ווילנ אנטוויקלענ האנדל־באציִונגענ מיט אזא פינקטלעכנ קאָנטראגענט, ווי פססר.

ד) ענדלעכ — אפ אונדזער רוממפולער ארמיי, וואָס איז גרייט צו באשיצנ דאָס לאנד פונ די אָנפאלנ פונ דרויסנ.

אפ דער דאָזיקער באזע איז אנטשטאנענ אונדזער קאמפאניע פאר שליסנ מיט די שכיינישע מעלוכעס א פאקט וועגנ ניט־אָנפאלנ אונ א פאקט וועגנ דעפינירנ דעמ אָנפאלנדיקנ צאד. איר ווייסט, אז די דאָזיקע קאמפאניע האָט געהאט דערפאָלג. ווי באוווסט, איז א פאקט וועגנ ניט־אָנפאלנ געשלאָסנ געוואָרנ ניט בלויז מיט דער מערהײַט מעלוכעס, וואָס געפינענ זיכ אינ שכיינעס מיט אונדז אינ מײַרעוו אונ אינ דאָרעמ, דערונטער אויכ מיט פינלאנד אונ מיט פוילנ, נאָר אויכ מיט אזוינע לענדער, ווי פראנקרײַכ, איטאליע, אונ דעמ פאקט וועגנ דעפינירנ דעמ אָנפאלנדיקנ צאד — מיט די זעלבע שכיינישע מעלוכעס, אײַנגעשלאָסנ אהער אויכ די קליינע אנטאנטע.

אפ דער זעלבער באזע האָט זיכ פארפעסטיקט די פרײַנטשאפט צווישנ פססר אונ טערקײַ, עס האָבנ זיכ פארבעסערט אונ זײַנענ געוואָרנ בעפיי־רעש צופרידנשטעליק די באציִונגענ צווישנ פססר אונ איטאליע, עס האָבנ זיכ פארבעסערט די באציִונגענ מיט פראנקרײַכ, פוילנ אונ מיט די אנדערע באלטישע מעלוכעס, עס זײַנענ אופגעשטעלט געוואָרנ די באציִונגענ מיט די צאָפנ־אמעריקאנישע פארייניקטע שטאטנ, כינע אאוו.

פונ דער ריי פאקטנ, וואָס שפיגלענ אָפ די דערפאָלגנ פונ דער שאָלעמ-פאָליטיק פונ פססר, דארפ מענ פארצייכענענ אונ אויסטיילנ צוויי פאקטנ, וואָס האָבנ זיכער אנ ערנסטע באדײַטונג.

1) איך האָב אינזינען, ערשטנס, דעם איבערבראָך צום גוטן, וואָס איז פאָרגעקומען די לעצטע צײַט אין די באַציִונגען צווישן פססר און פוילן, צווישן פססר און פראנקרײַך. ווי באוווּסט, זײַנען בא אונדז מיט פוילן פריִער געווען ניט קיין געהויבענע באַציִונגען. אין פוילן פלעגט מען דערמאָרדן פאָרשטייער פון אונדזער מעלוכע. פוילן האָט זיך באטראכט אלס באריער פון די מײַרעוו-מעלוכעס קעגן פססר. אף פוילן האָבן אויסגערעכנט אלע און אלערליי אימפעריאליסטן, ווי אף אן אוואנגארד אין פאל פון א מילכאָמע־אָנפאל אף פססר. ניט בעסער האָט עס געהאלטן מיט די באַציִונ-גען צווישן פססר און פראנקרײַך. עס איז גענוג צו דערמאָנען די פאקטן פון דער געשיכטע מיטן געריכט איבער ראמזינס שעדיקער-גרופע אין מאָסקווע, קעדיי אופשטעלן אין זיקאָרן דאָס בילד פון די קעגנזײַטיקע באַציִונ-גען צווישן פססר און פראנקרײַך. און אָט הייבן אָן די דאָזיקע אומגע-ווּנטשענע באַציִונגען ביסלעכווײַז פארשווינדן. זיי ווערן פארביטן מיט אנדערע באַציִונגען, וואָס מע קאָן זיי ניט אָנרופן אנדערש, ווי דערנענטע־רונג־באַציִונגען. עס האנדלט זיך ניט בלויז וועגן דעם, וואָס מיר האָבן אונטערגעשריבן א פאקט וועגן ניט-אָנפאלן מיט די דאָזיקע לענדער, האגאם, פאר זיך אליין גענומען, האָט דער פאקט אן אויסערסט ערנסטע באדײַ-טונג. עס האנדלט זיך פריִער פון אלץ וועגן דעם, וואָס די אטמאָספער, וועלכע איז געווען אָנגעשטעקט מיט קעגנזײַטיקן אומצוטרוי, הייבט אָן אויסצולײַטערן זיך. דאָס הייסט ניט, פארשטייט זיך, אז דעם דערנענטע-רונג-פּראָצעס, וואָס האָט זיך אָנגעמערקט, דארף מען באטראכטן אלס גענוג פעסטן, וואָס באוואָרנט דעם ענדגילטיקן דערפאָלג. אומדערווארטקײַטן און זיגזאגן אין דער פּאָליטיק, לעמאָשל, אין פוילן, ווו די אנטיסאָוועטישע שטימונגען זײַנען נאָך שטארק, קאָן מען נאָך ווײַט ניט רעכענען פאר אויסגעשלאָסן. נאָר אן איבערבראָך צום גוטן אין אונדזערע באַציִונגען, אומאָפּהענגיק פון זײַנע רעזולטאטן אין דער צוקונפט, — איז א פאקט, וואָס פארדינט, אז מע זאָל אים פארצייכענען און ארויסרוקן פאָרויס, אלס פאקטאָר צו פארבעסערן דעם שאָלעם-וועזן.

ווו איז די סיבע פונעם דאָזיקן איבערבראָך, מיט וואָס ווערט ער סטימולירט ?

קוידעמקאָל מיטן וווּקס פון דער קראפט און מעכטיקײַט פון פססר.

אין אונדזער צײַט איז ניט אָנגענומען צו רעכענען זיך מיט שוואכע,— מע רעכנט זיך בלויז מיט שטארקע. און דערנאָך — מיט אייניקע ענדע-רונגען אין דער פּאָליטיק פון דײַטשלאנד, וואָס שפּיגלען אָפּ דעם וווּקס פון די רעוואנשיסטישע און אימפעריאליסטישע שטימונגען אין דײַטשלאנד.

אייניקע דײַטשישע פּאָליטיקער זאָגן אין צוזאמענהאנג דערמיט, אז

פססר אָריִענטירט זיכ איצט אפ פראנקרייַכ אונ פוילנ, אז פונ א קעגנער פונעם ווערסאלער אָפמאכ איז ער געוואָרנ זייַנער אנ אָנהענגער, אז די דאָזיקע ענדערונג דערקלערט זיכ דערמיט, וואָס אינ דייַטשלאנד איז איינגעשטעלט דער פאשיסטישער רעזשים. דאָס איז ניט ריכטיק. פארשטייט זיכ, מיר זייַנענ ווייַט פונ צו זייַנ אנציקט פונעם פאשיסטישנ רעזשים אינ דייַטשלאנד. אָבער דאָ גייט ניט אינעם פאשיזמ, כאָטשבי דערפאר, וואָס דער פאשיזמ, לעמאָשל, אינ איטאליע האָט ניט געשטערט פססר איינצושטעלנ די בעסטע באציִונגענ מיטנ דאָזיקנ לאנד. עס גייט אויכ ניט אינ די קלומערשטע ענדערונגענ אינ אונדזער באציִונג צום ווערסאלער אָפמאכ. ניט מיר, וואָס האָבנ דורכגעמאכט די שאנד פונ בריסקער אָפמאכ, וועלנ גייִנ באזינגענ דעם ווערסאלער אָפמאכ. מיר זייַנענ ניט מאסקימ בלויז מיט דעמ, אז צוליב דעם דאָזיקנ אָפמאכ זאָל די וועלט אריינגעשליידערט ווערנ אינעם אָפגרונט פונ א נייַער מילכאָמע. דאָס זעלבע דארפ מענ זאָגנ וועגנ דער קלומערשטער איבעראָריִענטירונג פונ פססר. מיר האָבנ ניט געהאט קיינ אָריִענטאציע אפ דייַטשלאנד, פונקט ווי מיר האָבנ ניט קיינ אָריִענטאציע אפ פוילנ אונ פראנקרייַכ. מיר האָבנ זיכ אָריִענטירט אינ דער פארגאנגענהייַט אונ אָריִענטירנ זיכ אינ דער קעגנווארט אפ פססר אונ בלויז אפ פססר. (שטורמישע אפלאָדיסמענטנ.) אונ אויב די אינטערעסנ פונ פססר פאָדערנ א דערנעענטערונג מיט די אָדער יענע לענדער, וואָס זייַנענ ניט פארינטערעסירט אינ ברעכנ דעמ שאָלעמ, גייענ מיר דערופ איינ אָנ וואקלונגענ.

ניינ, ניט אינ דעמ גייט עס. עס גייט אינ דער ענדערונג פונ דייַטשלאנדס פאָליטיק. עס גייט אינ דעמ, וואָס נאָכ איידער די איצטיקע דייַטשישע פאָליטיקער זייַנענ געקומענ צו דער מאכט, באזונדערס אָבער נאָכ זייער קומענ — האָט זיכ אינ דייַטשלאנד אָנגעהויבנ א קאמפ צווישנ צוויי פאָליטישע ליניעס, צווישנ דער אלטער פאָליטיק, וואָס האָט באקומענ אנ אָפשפיגלונג אינ די באוווסטע אָפמאכנ פונ פססר מיט דייַטשלאנד, אונ דער „נייַער" פאָליטיק, וואָס דערמאָנט אינ גרונט די פאָליטיק פונעם געוועזענעם דייַטשישנ קייזער, וועלכער האָט איינ צייַט געהאט אָקופירט אוקראִינע אונ האָט פאָרגענומענ א מארש קעגנ לענינגראד, פארוואנדלענדיק די באלטישע לענדער אינ א פלאצדארמ פאר אזא מארש, דערבייַ באקומט די „נייַע" פאָליטיק בעפיירעש די אויבערהאנט איבער דער אלטער. מע קאָנ ניט האלטנ פאר קיינ צופעליקייַט דאָס, וואָס די לייַט פונ דער „נייַער" פאָליטיק נעמענ אינ אלצ די איבערוואָג, אונ די אָנהענגער פונ דער אלטער פאָליטיק זייַנענ אָפגעשטויסנ געוואָרנ. ניט צופעליק איז אויכ הוגענבערגס באוווסטע ארויסטרעטונג אינ לאָנדאָנ, פונקט ווי

ניט צופעליק עס זײַנען די ניט וויניקער באוווסטע דעקלאַראַציעס פון ראָזענבערגן, דעם אָנפירער פון דער אויסערן־פּאָליטיק פון דער רעגירנדי־קער פּאַרטיי אין דײַטשלאַנד. אָט אין וואָס עס האַנדלט זיך, כאַווײַרים.

2) איך האָב אינזינען, צווייטנס, דאָס אופשטעלן די נאָרמאַלע באַציִונגען צווישן פּסּסר און די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון־אמעריקע. עס קאָן קיין ספק ניט זײַן, אַז דער דאָזיקער אקט האָט אַן אויסערסט ערנסטע באַדײַטונג אין דער גאַנצער סיסטעם צווישנפעלקערלעכע באַציִונגען. עס גייט ניט בלויז אין דעם, וואָס ער הייבט אוף די שאַנסן פון אײַנהיטן דעם שאָלעם, וואָס ער פאַרבעסערט די באַציִונגען צווישן ביידע לענדער, פאַרפעסטיקט די האַנדל־פאַרבינדונגען צווישן זיי און שאַפט אַ באַזע פאַר קעגנזײַטיקער מיטאַרבעט. עס גייט אין דעם, וואָס ער גרענעצט אָפּ דאָס אַלטע, וועג די צפון־אמעריקאַנישע פאַראייניקטע שטאַטן האָבן זיך געקעכנט אין די פאַרשיידענע לענדער אַלס פעסטונג פאַר אַלערליי אַנטיסאָוועטישע טענדענצן, פון דעם נײַעם, וועג די דאָזיקע פעסטונג איז פרײַוויליק אַראָפּגענומען געוואָרן פונעם וועג צום קעגנזײַטיקן גונסטן פון ביידע לענדער.

אָט דאָס זײַנען די צוויי גרונט־פאַקטן, וואָס שפּיגלען אָפּ די דערפּאָלגן פון דער סאָוועטישער שאָלעם־פּאָליטיק.

עס וואָלט אָבער געווען ניט ריכטיק צו מיינען, אַז פאַרן באַריכט־פּעריאָד איז אַלץ געגאַנגען בא אונדז גלאַטיק. ניין, ווײַט ניט אַלץ איז בא אונדז געגאַנגען גלאַטיק.

דערמאָנט זיך כאָטשבי דעם דרוק מיצאַד ענגלאַנד, די עמבאַרגאָ, וואָס איז אַרופגעלייגט געוואָרן אוף אונדזער עקספּאָרט, דעם פּרווו אַרײַנצומישן זיך אין אונדזערע אינערלעכע איניאָנים און דורכצוטאַפּן אונדזז דערוף,— אויספּרוּוון די קראַפט פון אונדזער ווידערשטאַנד. עמעס, פונעם דאָזיקן פּרווו האָט זיך גאָרניט אויסגעלאָזט, און די עמבאַרגאָ איז דערנאָך אַראָפּ־גענומען געוואָרן, אָבער ניט קיין אָנגענעמער טאַם לאָזט זיך נאָך אַלץ פילן פון די דאָזיקע אָנפאַלן אין אַלץ, וואָס איז נעגייע די באַציִונגען צווישן ענגלאַנד און פּסּסר, דערונטער אויך אין די אונטערהאַנדלונגען וועגן אַ האַנדל־אָפּמאַך. און די דאָזיקע אָנפאַלן אוף פּסּסר קאָן מען ניט רעכענען פאַר קיין צופעליקײַט. עס איז באַוווסט, אַז אַ טייל ענגלישע קאָנסערוואַ־טערס קאָן ניט לעבן אָן אַזוינע אָנפאַלן. און טאַקע דערפאַר, ווײַל זיי זײַנען ניט קיין צופעליקע, דאַרפן מיר נעמען אין אַכט, אַז זיי וועלן ווײַ־טער אויך מאַכן אָנפאַלן אוף פּסּסר, שאַפן פאַרשיידנערליי געפאַרן, ברענגען אים שאָדן אאַז״וו.

מע מוז אויך האָבן אינזינען די באַציִונגען צווישן פּסּסר און יאַפּאָניע,

וואָס נייטיקנ זיכ אינ אנ ערנסטער פארבעסערונג. דאָס, וואָס יאפּאָניע האָט זיכ אָפּגעזאָגט אונטערצושרײַבנ א פּאַקט װעגנ ניט-אָנפאלנ, וואָס אינ אים נייטיקט זיכ יאפּאָניע ניט װייניקער, איידער פסםר, שטרײַכט אונטער אנ איבעריק מאָל, אז אפנ געביט פונ אונדזערע באציִונגענ איז ניט אלץ בעשאָלעמ. דאָס זעלבע דארפ מענ זאָגנ אויכ װעגנ דעמ איבערײַסנ די אונטערהאנדלונגענ װעגנ דער מיזרעכ-כינעזישער אײַזנבאנ, װאָס איז פאָרגעקומענ ניט צוליב דער שולד פונ פסםר, אונ אויכ װעגנ דעמ, װאָס די יאפּאָנישע אגענטנ טוענ אָפּ ניט-דערלאָזבארע מײַסימ אפ דער מיזרעכ-כינעזישער אײַזנבאנ, ארעסטירנ אומגעזעצלעכ די סאָװעטישע אָנגעשטעלטע אפ דער מיזרעכ-כינעזישער אײַזנבאנ אדג. איכ רייד שוינ ניט װעגנ דעמ, אז א טייל מיליטער-לײַט אינ יאפּאָניע פריידיקט אָפנ אינ דער פּרעסע די נויטװענדיקײַט פונ א מילכאָמע קעגנ פסםר אונ פונ פארכאפּנ פּרימאָריע, בא דער אָפּענער באגיטיקונג פונ א צווייטנ טייל מיליטער-לײַט, אונ די רעגירונג פונ יאפּאָניע, אָנשטאָט רופנ צו אָרדענונג די מילכאָמע-אונטערצינדער, מאכט זי דעמ אָנשטעל, אז איר איז דאָס ניט נעגייע. עס איז ניט שווער צו פארשטיינ, אז אזעלכע אומשטענדנ קאָנענ ניט ניט שאפנ קיינ אטמאָספער פונ אומרו אונ ניט-זיכערקײַט. פארשטייט זיכ, מיר װעלנ װײַטער אויכ אקשאָנעסדיק דורכפירנ א פּאָליטיק פונ שאָלעמ אונ שטרעבנ צו פארבעסערנ די באציִונגענ מיט יאפּאָניע, װײַל מיר װילנ פארבעסערנ די דאָזיקע באציִונגענ. אָבער ניט אלץ איז דאָ געװענדט אָנ אונדז. דעריבער דארפנ מיר צוזאמענ דערמיט אָנעמענ אלע מיטלענ, קעדיי צו פארהיטנ אונדזער לאנד פונ אומגעריכטקײַטנ אונ זײַנ גרייט צו באשיצנ עס פונ אנ אָנפאל. (שטורמישע אפּלאָדיסמענטנ.)

װי איר זעט, האָבנ מיר צוגלײַכ מיט די דערפאָלגנ אינ אונדזער שאָלעמ-פּאָליטיק אויכ א ריי נעגאטיװע דערשײַנונגענ.

אָט אזא איז די אויסערלעכע לאגע פונ פסםר.

אונדזער אויסערלעכע פּאָליטיק איז קלאָר. זי איז א פּאָליטיק פונ אײַנהיטנ דעמ שאָלעמ אונ פארשטארקנ די האנדל-באציִונגענ מיט אלע לענדער. פסםר טראכט ניט צו דראָענ װעמענ-ניט-איז, שוינ אָפּגערעדט װעגנ אָנפאלנ אפ װעמענ-ניט-איז. מיר זײַנענ פאר שאָלעמ אונ פארטיידיקנ דעמ שאָלעמ. אָבער מיר האָבנ ניט קיינ מוירע פאר קיינ סטראשונקעס אונ זײַנענ גרייט צו ענטפערנ מיט א קלאַפּ אפנ קלאַפּ פונ די מילכאָמע-אונטערצינדער. (שטורמישע אפּלאָדיסמענטנ.) װער עס װיל שאָלעמ אונ שטרעבט צו געשעפטלעכע פארבינדונגענ מיט אונדז, יענער װעט שטענדיק געפינענ בא אונדז אונטערשטיצונג. די אָבער, װאָס װעלנ זיכ פּרוּװנ אָנפאלנ אפ אונדזער לאנד,—װעלנ באקומענ א צעשמעטערנדיקנ װידערשטאנד, אזוי, אז

זיי זאָלן אפּ ווײַטער פארלירן דעם כיישעק צו שטעקן זייער כאזערשן שנוק אין אונדזער סאָוועטישן גאָרטן. (א דונער אפּלאָדיסמענטן.)

אָט אזא איז אונדזער אויסערלעכע פּאָליטיק. (א דונער אפּלאָ־דיסמענטן.)

די אופגאבע באשטייט דערין, אז מיר זאָלן דורכפירן אין לעבן אויך אפּ ווײַטער די דאָזיקע פּאָליטיק מיט דער גאנצער אײַנגעשפּארטקײַט און קאָנסעקווענטקײַט.

## II

## דער דויערנדיקער אופשטײַג פון דער פאָלקווירטשאפט און די אינערלעכע לאגע פון פססר

איך גיי אריבער צו דער פראגע וועגן דער אינערלעכער לאגע פון פססר.

פונעם שטאנדפונקט פון דער אינערלעכער לאגע פון פססר שטעלט דער באריכט־פעריאָד פאָר א בילד פון אן אופשטײַג, וואָס וויקלט זיך אלץ מער פאנאנדער, סײַ אין געביט פון דער פאָלקווירטשאפט סײַ אין געביט פון קולטור.

דער דאָזיקער אופשטײַג איז געווען ניט נאָר א פּאָשעטע קוואנטיטאטיווע אָנזאמלונג פון קויכעס. דער דאָזיקער אופשטײַג איז מערקווירדיק דערמיט, וואָס ער האָט ארײַנגעטראָגן פרינציפּיעלע ענדערונגען אין דער סטרוקטור פון פססר און האָט אפּ א ראדיקאלן אויפן געענדערט דאָס פּאָנעם פונעם לאנד.

פססר האָט זיך פארן דאָזיקן פעריאָד ראדיקאל איבערגעשטאלט, ער האָט אראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם אויסזען פון הינטערשטעליקײַט און מיטל־אלטער. פון א לאנד אן אגראַרס איז ער געוואָרן א לאנד אן אינדוס־טריעלס. פון א לאנד פון קליינער אינדיווידועלער לאנדווירטשאפט איז ער געוואָרן א לאנד פון קאָלעקטיווער גרויסער מעכאניזירטער לאנדווירט־שאפט. פון א לאנד א פינצטערס, פון אן אנאלפאבעטיש און קולטורלאָז לאנד איז ער געוואָרן — ריכטיקער, ווערט ער — א שריפטקענעוודיק און קול־טורעל לאנד, באדעקט מיט א ריזיקער נעץ הויכע, מיטעלע און נידעריקע שולן, וואָס פונקציאָנירן אפּ די שפראכן פון די נאציאָנאליטעטן פון פססר.

עס זײַנען געשאפן געוואָרן נײַע פראָדוציר־צווײַגן: ווערקשטעל־בויונג, אווטאָמאָביל־אינדוסטריע, טראקטער־אינדוסטריע, כימישע אינדוסטריע, מאָטאָר־בויונג, אעראָפּלאַן־בויונג, קאָמבײַן־בויונג, די פראָדוקציע פון מעכטיקע טור־בינעס און גענעראטערס, פון קוואליטאטיווע שטאָלן, פעראָשמעלצונג, פון סינטעטישן קאַוטשוק, אזאָט, קינסטלעכע פיברעס אאוו. אדג. (דויערנ־דיקע אפּלאָדיסמענטן.)

עס זײַנענ אויסגעבויט אונ געלאָזנ אינ גאנג פארנ דאָזיקנ פעריאָד טויזנטער נײַע פולשטענדיק מאָדערנע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגענ. עס זײַנענ אויסגעבויט אזעלכע גיגאנטנ ווי דניעפּערבוי, מאגניטבוי, קוזנעצקבוי, טשעליאבבוי, באָבריקי, אוראלמאשבוי, קראמאשבוי. עס זײַנענ רעקאָנ־סטרויִרט אפ דער באזע פונ נײַער טעכניק טויזנטער אלטע אונטערנעמונגענ. עס זײַנענ אויסגעבויט נײַע אונטערנעמונגענ אונ עס זײַנענ געשאפנ געוואָרנ אינדוסטריעלע נעסטנ אינ די נאציאָנאלע רעפובליקנ אונ אינ די ראנד־געגנטנ פונ פססר: אינ ווײַסרוסלאנד, אינ אוקראינע, אינ צאָפנ־קאווקאז, אינ טראנסקאווקאז, אינ מיטלאזיע, אינ קאזאקסטאנ, אינ בוריאט־מאָנגאָליע, אינ טאטאריע, באשקיריע, אפנ אוראל, אינ מיזרעכ־ אונ מײַרעוו־סיביר, אפנ ווײַטנ מיזרעכ אאזוו.

עס זײַנענ געשאפנ איבער 200 טויזנט קאָלווירטנ אונ 5 טויזנט ראט־ווירטנ מיט נײַע ראיאָנע צענטערס אונ אינדוסטריעלע פונקטנ פאר זיי.

עס זײַנענ אויסגעוואקסנ קימאט אפ א פוסט אָרט נײַע גרויסע שטעט מיט א גרויסע צאָל באפעלקערונג. עס זײַנענ זיכ קאָלאָסאל פאנאנדער־געוואקסנ די אלטע שטעט אונ אינדוסטריעלע פונקטנ.

עס איז געלייגט געוואָרנ דער פונדאמענט פונ אוראל־קוזנעצקער קאָמ־בינאט — א פארייניקונג פונ די קוזנעצקער קאָקסירנדיקע קוילנ מיט אוראלער אײַזנארצ. אזויארום קאָנ מענ האלטנ, אז די נײַע מעטאלורגישע באזע אפנ מיזרעכ איז פארוואנדלט געוואָרנ פונ א טרוים אינ א ווירקלעכקײַט.

עס איז געלייגט געוואָרנ דער פונדאמענט פונ א נײַע מעכטיקע נאפט־באזע אינ די ראיאָנענ פונ מײַרעוודיקנ אונ דאָרעמדיקנ שיפּועס פונ אוראלער בארג־רוקנ—אינ אוראלער געגנט, באשקיריע, קאזאקסטאנ.

עס איז קלאָר, אז די קאָלאָסאלע קאפיטאלע אינוועסטיציעס פונ דער מעלוכע אינ אלע צווײַגנ פונ דער פאָלקווירטשאפט, וואָס האָבנ פארנ בא־ריכט־פעריאָד באטראָפנ העכער 60 מיליארד רובל,—זײַנענ ניט אוועק אומ־זיסט אונ זיי הייבנ שוינ אָנ געבנ זייערע רעזולטאטנ.

אינ רעזולטאט פונ די דאָזיקע דערגרייכונגענ איז די פאָלק־האכנאָסע פונ פססר אויסגעוואקסנ פונ 29 מיליארד רובל אינ 1929 יאָר ביז 50 מיליארד אינ 1933 יאָר, בײַס די פאָלק־האכנאָסע אינ אלע אָנ אויסנאמ קאפיטאליסטישע לענדער איז פארנ זעלבנ פעריאָד קאָלאָסאל געפאלנ.

פארשטייט זיכ, אז די אלע דערגרייכונגענ אונ אָט־דער גאנצער אופ־שטײַג האָבנ געמוזט ברענגענ — אונ האָבנ ווירקלעכ געבראכט — צו דער ווײַטערדיקער פארפעסטיקונג פונ דער אינערלעכער לאגע פונ פססר.

וויאזוי האָבנ געקאָנט פאָרקומענ די דאָזיקע קאָלאָסאלע ענדערונגענ אינ אוועלכע 3—4 יאָר אפ דער טעריטאָריע פונ א ריזיקער מעלוכע מיט איר

אָפּגעשטאַנענער טעכניק, מיט איר אָפּגעשטאַנענער קולטור? איז דאָס ניט קיין נעס? דאָס וואָלט געווען אַ נעס, ווען די אַנטוויקלונג וואָלט געגאַנגען אַפּ דער באַזע פון קאַפּיטאַליזם און פון אינדיווידועלער קליינווירטשאַפט. אָבער דאָס קאָן ניט אָנגערופן ווערן אַ נעס, ווען מע האָט אינזינען, אַז די אַנטוויקלונג איז בא אונדז געגאַנגען אַפּן גרונט פון פּאַנאַנדערוויקלען די סאָציאַליסטישע בויונג.

פאַרשטייט זיך, אַז דער דאָזיקער גיגאַנטישער אופשטייג האָט געקאָנט פאַנאַנדערגעוויקלט ווערן בלויז אַפּ דער באַזע פון דער דערפאָלגרייכער בויונג פון סאָציאַליזם, אַפּ דער באַזע פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט פון צענדליקער מיליאָנען מענטשן, אַפּ דער באַזע פון די פאָרצוגן פּין דער סאָציאַליסטישער ווירטשאַפט־סיסטעם לעגאַבע דער קאַפּיטאַליסטישער און אינ־דיווידועל־פּויערשער סיסטעם.

עס איז דעריבער קיין וווּנדער ניט, וואָס דער קאָלאָסאַלער אופשטייג פון דער עקאָנאָמיק און קולטור פון פּססר פאַרן באַריכט־פּעריאָד האָט צוגלייך באַטייט די ליקווידאַציע פון די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן און דאָס אָפּשטויסן אין הינטערגרונט די אינדיווידועלע פּויערשע ווירטשאַפט. עס איז אַ פאַקט, אַז דאָס ספּעציפישע געוויכט פון דער סאָציאַליסטישער ווירטשאַפט־סיסטעם אין געביט פון דער אינדוסטריע באַטרעפט בא איצטי־קער צייט 99%, און אין דער לאַנדווירטשאַפט, אויב מע זאָל נעמען אין אַכט די פאַרזיי־שעטעכן פון די קערנער־קולטורן— 84,5%, דאַן, ווען אַפּן כיילעק פון דער אינדיווידועלער פּויערשער ווירטשאַפט קומט אויס אין־גאַנצן 15,5%.

קומט אויס, אַז די קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפט אין פּססר איז שוין ליקווידירט, און דער אינדיווידועל־פּויערשער סעקטער אין דאָרף איז אָפּ־געשטויסן אַפּ צווייטראַנגיקע פּאָזיציעס.

לענין האָט באַם איינפירן דעם נעפּ געזאָגט, אַז אין אונדזער לאַנד זיינען פאַראַן עלעמענטן פון 5 געזעלשאַפטלעך־עקאָנאָמישע טיפּן: 1) פּאַט־ריאַרכאַלע ווירטשאַפט (אין אַ באַדייטנדיקער מאָס נאַטורעלע ווירטשאַפט), 2) קליינסכוירעדיקע פּראָדוקציע (די מערהייט פּויערים פון די, וואָס פאַר־קויפן ברויט), 3) פּריוואַט־ווירטשאַפטלעכער קאַפּיטאַליזם, 4) מעלוכע־קאַפּי־טאַליזם, 5) סאָציאַליזם. לענין האָט געהאַלטן, אַז פון אָט־די אַלע טיפּן דאַרף סאָפקאָלסאָפּ דער הערשנדיקער ווערן דער סאָציאַליסטישער טיפּ. מיר קאָנען איצט זאָגן, אַז דער ערשטער, דריטער און פערטער געזעלשאַפטלעך־עקאָנאָמישע טיפּן עקזיסטירן שוין ניט, דער צווייטער געזעלשאַפטלעך־עקאָנאָמישער טיפּ איז אָפּגעשטויסן אַפּ צווייטראַנגיקע פּאָזיציעס, און דער פינפטער געזעלשאַפטלעך־עקאָנאָמישער טיפּ — דער סאָציאַליסטישער טיפּ —

איז די איינציק-הערשנדיקע און די איינציק-קאָמאנדירנדיקע קראפט אין דער גאנצער פאָלקווירטשאַפט. (שטורמישע, דויערנדיקע אפלאָדיס-מענטן.)

אזא איז דער סאַכאקל.

אין אָט-דעם סאכאקל ליגט דער יעסאָד פון דער פעסטקייט פון דער אינערלעכער לאגע פון פסםר, דער יעסאָד פון דער שטאנדהאפטיקייט פון זיינע אוואנגארדישע און הינטערלענדישע פּאָזיציעס אין דער סיטואציע פון קאפיטאליסטישער ארומרינגלונג.

לאָמיר אריבערגיין צו באטראכטן די קאָנקרעטע מאטעריאלן לויט באַזונדערע פראגן פון דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער לאגע פון ראטנפארבאנד.

## 1. דער אופשטייג פון דער אינדוסטריע

פון אלע צווייגן פון דער פאָלקווירטשאַפט איז בא אונדז שנעלער פון אלץ געוואקסן די אינדוסטריע. פארן באריכט-פעריאָד, דה. אָנגעהויבן פון 1930 יאָר, איז בא אונדז די אינדוסטריע אויסגעוואקסן מער ווי אין צוויי מאָל, נעמלעך, אפ 101,6%, און אין פארגלייך מיטן פארמילכאָמע-ניוואָ איז זי אויסגעוואקסן קימאט אין פיר מאָל, נעמלעך, אפ 291,9%.

דאָס באטייט, אז די אינדוסטריאליזאציע איז בא אונדז געגאנגען מיטן פולן דאמפ.

דער שנעלער וווקס פון אינדוסטריאליזאציע האָט געבראכט דערצו, אז אין דער ברוטאָ-פראָדוקציע פון דער גאנצער פאָלקווירטשאַפט האָט די פראָדוקציע פון דער אינדוסטריע פארנומען דאָס הערשנדיקע אָרט.

אָט איז די אנטשפרעכיקע טאבעלע.

**דאָס ספעציפישע געוויכט פון דער אינדוסטריע אין דער ברוטאָ-פראָדוקציע פון דער פאָלקווירטשאַפט אין פראָצענטן (לויט די פרייזן פון די יאָרן 1926/27):**

| | 1913 | 1929 | 1930 | 1931 | 1932 | 1933 |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 1. אינדוסטריע (אָן דער קליינער אינדוסטריע) | 42,1 | 54,5 | 61,6 | 66.7 | 70.7 | 70,4 |
| 2. לאנדווירטשאַפט | 57,9 | 45,5 | 38,4 | 33,3 | 29.3 | 29.6 |
| סאַכאקל | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 |

דאָס הייסט, אז אונדזער לאנד איז פעסט אונ ענדגילטיק געוואָרנ אנ אינדוסטריִעל לאנד.

אנ אנטשיידנדיקע באדייטונג אינ פראט פונ אינדוסטריאליזאציע האָט דער וווקס פונ דער פּראָדוקציע פונ פּראָדוציר־געצייג אונ פּראָדוציר־מיטלענ אינ דעמ אלגעמיינעמ פארנעמ פונ דער אנטוויקלונג פונ דער אינדוסטריע. די אָנגאבנ פארנ באריכט־פעריאָד באווייזנ, אז דאָס ספּעציפישע געוויכט פונ דעמ דאָזיקנ אָפּטייל אינ דעמ אלגעמיינעמ פארנעמ פונ דער אינדוסטריע האָט פארנומענ דאָס פּרעוואלירנדיקע אָרט.

אָט איז די אנטשפּרעכיקע טאבעלע:

דאָס ספּעציפישע געוויכט פונ דער פּראָדוקציע פונ צוויי גרונט־גרופּעס צווייגנ פונ דער גרויס־אינדוסטריע (לויט די פּרייזנ פונ 1926/27 י.):

| | די ברוטאָ־פּראָדוקציע (אינ מלרד. ר.) | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| | 1929 | 1930 | 1931 | 1932 | 1933 |
| די גאנצע גרויס־אינדוסטריע | 21,0 | 27,5 | 33,9 | 38,5 | 41,9 |
| דערונטער: | | | | | |
| גר. „א". פּראָדוציר־געצייג אונ פּראָדוציר־מיטלענ | 10,2 | 14,5 | 18,8 | 22,0 | 24,3 |
| גר. „ב". געברויכ־זאכנ | 10,8 | 13,0 | 15,1 | 16,5 | 17,6 |
| דאָס ספּעציפישע געוויכט | (אינ פּראָצענטנ) | | | | |
| גר. „א". פּראָדוציר־געצייג אונ פּראָדוציר־מיטלענ | 48,5 | 52,6 | 55,4 | 57,0 | 58,0 |
| גר. „ב". געברויכ־זאכנ | 51,5 | 47,4 | 44,6 | 43,0 | 42,0 |
| סאכאקל | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 |

די טאבעלע, ווי איר זעט, נייטיקט זיכ ניט אינ קיינ דערקלערונגענ.

אינ אונדזער לאנד, וואָס איז נאָכ אלצ יונג אינ טעכנישער הינזיכט, האָט די אינדוסטריע א ספּעציעלע אופגאבע. זי דארפ רעקאָנסטרויִרנ אפּ א נייער טעכנישער באזע ניט נאָר זיכ אליינ, ניט נאָר אלע צווייגנ פונ דער אינדוסטריע, דערונטער אויכ די לייכטע אינדוסטריע, די שפּייז־אינדוסטריע, די וואלד־אינדוסטריע. זי דארפ נאָכ רעקאָנסטרויִרנ אלע מינימ טראנס־

פּאָרט און אַלע צווייַגן פון דער לאַנדווירטשאַפט. זי קאָן אָבער אויספּילן די דאָזיקע אויפגאַבע בלויז אין דעם פאַל, אויב די מאַשינבויונג — דער גרונט־הייבער פון דער רעקאָנסטרוקציע פון דער פאָלקווירטשאַפט — וועט פאַרנעמען אין איר דאָס פּרעוואַלירנדיקע אָרט. די אָנגאַבן פאַרן באַריכט־פּעריאָד באַווייַזן, אַז די מאַשינבויונג האָט דעראָבערט בא אונדז די פירנדיקע ראָליע אין דעם אַלגעמיינעם פאַרנעם פון דער אינדוסטריע.

אָט איז די אַנטשפּרעכיקע טאַבעלע.

**דאָס ספּעציפישע געוויכט פון באַזונדערע צווייַגן פון דער אינדוסטריע אין פּראָצענטן צום סאַכאַקל פון דער ברוטאָ־פּראָדוקציע:**

| | פּסס"ר | | | |
|---|---|---|---|---|
| | 1913 | 1929 | 1932 | 1933 |
| שטיינקוילן־אינדוסטריע | 2,9 | 2,1 | 1,7 | 2,0 |
| קאָקס־אינדוסטריע | 0,8 | 0,4 | 0,5 | 0,6 |
| אינדוסטריע פון נאַפט־אַרויסבאַקום | 1,9 | 1,8 | 1,5 | 1,4 |
| אינדוסטריע פון נאַפט־באַאַרבעטונג | 2,3 | 2,5 | 2,9 | 2,6 |
| שוואַרצע מעטאַלורגיע | ניטאָ קיין יעדיעס | 4,5 | 3,7 | 4,0 |
| קאָלירטע מעטאַלורגיע | „ | 1,5 | 1,3 | 1,2 |
| מאַשינבויונג | 11,0 | 14,8 | 25,0 | 26,1 |
| גרונטיקע כימיע | 0,8 | 0,6 | 0,8 | 0,9 |
| בוימוואָל־אינדוסטריע | 18,3 | 15,2 | 7,6 | 7,3 |
| וואָל־אינדוסטריע | 3,1 | 3,1 | 1,9 | 1,8 |

דאָס הייסט, אַז די אינדוסטריע אונדזערע אַנטוויקלט זיך אַף אַ געזונטער באַזע, און דער שליסל פון דער רעקאָנסטרוקציע — די מאַשינבויונג — געפינט זיך אינגאַנצן בא אונדז אין די הענט. ס'איז בלויז נייטיק, אַז ער זאָל אויסגענוצט ווערן געניט, ראַציאָנעל.

אַ אינטערעסאַנט בילד דעקט אויף די אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע פאַרן באַריכט־פּעריאָד לויט די סאָציאַלע סעקטערס.

אָט איז די אנטשפּרעכיקע טאבעלע.

## די ברוטאָ־פּראָדוקציע פונ דער גרויס־אינדוסטריע לויט די סאָציאלע סעקטערס (לויט די פּרייזנ פונ 1926/27 י.):

| | די ברוטאָ־פּראָדוקציע (אינ מיליאָנענ רובל) | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| | 1929 | 1930 | 1931 | 1932 | 1933 |
| די גאנצע פּראָדוקציע | 21 025 | 27 477 | 33 903 | 38 464 | 41 968 |
| דערונטער: | | | | | |
| I. די פּארגעזעלשאפטלעכטע אינדוסטריע | 20 891 | 27 402 | ניטאָ קיינ יעדיעס | 38 436 | 41 940 |
| דערונטער: | | | | | |
| א) די מעלוכע־אינדוסטריע | 19 143 | 24 989 | „ | 35 587 | 38 932 |
| ב) די קאָאָפּעראטיווע אינדוסטריע | 1 748 | 2 413 | „ | 2 849 | 3 008 |
| II. די פּריוואטע אינדוסטריע | 134 | 75 | „ | 28 | 28 |
| | (אינ פּראָצענטנ) | | | | |
| די גאנצע פּראָדוקציע | 100 | 100 | 100 | 100 | 100 |
| דערונטער: | | | | | |
| I. די פּארגעזעלשאפטלעכטע אינדוסטריע | 99,4 | 99,7 | ניטאָ קיינ יעדיעס | 99,93 | 99,93 |
| דערונטער: | | | | | |
| א) די מעלוכע־אינדוסטריע | 91,1 | 90,9 | „ | 92,52 | 92,76 |
| ב) די קאָאָפּעראטיווע אינדוסטריע | 8,3 | 8,8 | „ | 7,41 | 7,17 |
| II. די פּריוואטע אינדוסטריע | 0,6 | 0,3 | „ | 0,07 | 0,07 |

פונ דער דאָזיקער טאבעלע איז צו זענ, אז צו די קאפּיטאליסטישע עלעמענטנ אינ דער אינדוסטריע האָט מענ שוינ געמאכט א סאָפ, אונ די סאָציאליסטישע ווירטשאפט־סיסטעמ איז איצט די איינציקע אונ מאָנאָפּאָלע סיסטעמ אינ אונדזער אינדוסטריע. (אפּלאָדיסמענטנ.)

אָבער פונ אלע דערגרייכונגענ פונ דער אינדוסטריע, וואָס זי האָט דעראָבערט פארנ באריכט־פּעריאָד, דארפ מענ רעכענענ פאר דער סאמע וויכטיקער דערגרייכונג דעמ פאקט, וואָס זי האָט פאר דער דאָזיקער צייט באוויזנ צו דערציענ אונ אויסשמידנ טויזנטער נייע מענטשנ אונ נייע אָנ־פירער פונ דער אינדוסטריע, גאנצע שיכטנ נייע אינזשעניערנ אונ טעכני־קער, הונדערטער טויזנטער יונגע קוואליפיצירטע ארבעטער, וואָס האָבנ

באהערשט די נײַע טעכניק און וואָס האָבן א רוק געטאָן פאָרויס אונדזער סאָציאַליסטישע אינדוסטריע. עס קאָן קיין ספק ניט זײַן, אז אָן די דאָזיקע מענטשן וואָלט די אינדוסטריע ניט געקאָנט האָבן די דערפאָלגן, וואָס זי האָט איצט און מיט וועלכע זי האָט רעכט צו שטאָלצירן. די אָנגאבן באַווײַזן, אז פארן באריכט-פעריאָד האָט די אינדוסטריע ארויסגעלאָזן פאר דער פּראָדוקציע פון די שולן פון פאבריק־זאַוואָדישער שילערײַ בא 800 טויזנט מער אָדער ווייניקער קוואַליפיצירטע ארבעטער, און פון די טעכהויכשולן, הויכ־שולן און טעכניקומען — העכער 180 טויזנט אינזשעניערן און טעכניקער. אויב עס איז ריכטיק, אז די קאדערן־פּראָבלעם איז די סאמע ערנסטע פּראָבלעם פון אונדזער אנטוויקלונג, דארף מען אנערקענען, אז אונדזער אינדוסטריע הייבט אָן ערנסט צו באהערשן די דאָזיקע פּראָבלעם.

אָט דאָס זײַנען די גרונט־דערגרייכונגען פון אונדזער אינדוסטריע.

עס וואָלט אָבער געווען ניט ריכטיק צו מיינען, אז די אינדוסטריע האָט געהאט בלויז דערפאָלגן. ניין, זי האָט אויך אירע פעלערן. די הויפּט־פעלערן זײַנען:

א) די דויערנדיקע אָפּגעשטאנענקײַט פון דער שווארצער מעטאלורגיע;

ב) די ניט-אײַנגעאָרדנטקײַט פון דער קאָלירטער מעטאלורגיע;

ג) דאָס ניט־דערשאצן די אויסערסט ערנסטע באדײַטונג, וואָס עס האָט אינעם אלגעמיינעם הייצווארג-באלאנס פונעם לאנד די אנטוויקלונג פונעם ארויסבאקום פון אָרטיקע קוילן (בײַמאָסקווער ראיאָן, קאווקאז, אור־ראל, קאראגאנדא, מיטלאזיע, סיביר, ווײַטער מיזרעך, צפון־קאנט אאוו.);

ד) דאָס, וואָס עס איז ניטאָ קיין געהעריקע אויפמערקזאמקײַט צו דער פראגע פון אָרגאניזירן א נײַע נאפט-באזע אין די ראיאָנען פון אוראל, באשקיריע, עמבא;

ה) דאָס, וואָס עס איז ניטאָ קיין ערנסטע זאָרג וועגן פאנאנדערוויקלען די פּראָדוקציע פון סכוירעס פארן ברייטן געברויך סײַ אין דער לײַכטער אינדוסטריע און שפּײַז־אינדוסטריע סײַ אין דער וואלד־אינדוסטריע;

ו) דאָס, וואָס עס איז ניטאָ קיין געהעריקע אויפמערקזאמקײַט צו דער פראגע וועגן פאנאנדערוויקלען די אָרטיקע אינדוסטריע;

ז) די אבסאָליוט ניט־דערלאָזבארע באציִונג צו דער פראגע וועגן פארבעסערן די קוואליטעט פון דער פּראָדוקציע;

ט) די דויערנדיקע אָפּגעשטאנענקײַט אינעם פראט פון אויפהייבן די ארבעט-פּראָדוקטיוויקײַט, פון אראָפּזעצן דעם קערנקאָסט, פון אײַנגלײַדערן דעם ווירטשאפטלעכן אויסהאלט;

י) די נאָך אלץ ניט ליקווידירטע שלעכטע אָרגאניזירונג פון דער אר־בעט און פונעם ארבעטלוין, די אנאָנימקע אין דער ארבעט, די אויסגלײַ־כערײַ אין דער ארבעטלוין־סיסטעם;

כ) דער נאָך ווײַט ניט ליקווידירטער קאנצעליאריש־ביוראָ־קראטישער מעטאָד פון אָנפירונג אין די ווירטשאפטלעכע פאָלקאָמאטן און אין זייערע אָרגאנען, דערונטער אין די פאָלקאָמאטן פון דער לײַכ־טער אינדוסטריע און פון דער שפּײַז־אינדוסטריע.

עס איז קוים נייטיק צו דערקלערן די אבסאָליוטע נויטווענדיקײַט צו ליקווידירן אפ א דרינגענדיקן אופן די דאָזיקע פעלערן. די שווארצע און די קאָלירטע מעטאלורגיע האָבן, ווי באוווסט, ניט אויסגעפילט זייער פלאן אין פארלויף פונעם ערשטן פינפיאָר. זיי האָבן אים ניט אויסגעפילט אויך פארן ערשטן יאָר פון צווייטן פינפיאָר. אויב זיי וועלן אויך ווײַטער אָפּ־שטיין, קאָנען זיי זיך פארוואנדלען אין א טאָרמאָז פאר דער אינדוסטריע און אין א סיבע פון אירע דורכרײַסן. וואָס איז שײַך דעם שאפן נײַע באזעס פון דער קוילן־ און נאפט־אינדוסטריע, איז ניט שווער צו פאר־שטיין, אז אויב מיר וועלן ניט אויספילן די דאָזיקע דרינגענדיקע אופגאבע, קאָנען מיר אוועקזעצן אפ א זאמד-באָדן אי די אינדוסטריע אי דעם טראנס־פּאָרט. די פראגע וועגן סכוירעס פארן ברייטן געברויך און וועגן אנטוויק־לען די אָרטיקע אינדוסטריע, ווי אויך די פראגן וועגן פארבעסערן די קוואליטעט פון דער פּראָדוקציע, וועגן אופהייבן די ארבעט־פּראָדוקטיווקײַט, וועגן אראָפּזעצן דעם קערנקאָסט און אײַנגלידערן דעם ווירטשאפטלעכן אויסהאלט, — נייטיקן זיך אויך ניט אין קיין דערקלערונג. וואָס אָנבאלאנגט די שלעכטע אָרגאניזירונג פון דער ארבעט און פונעם ארבעטלוין און דעם קאנצעליאריש־ביוראָקראטישן מעטאָד פון אָנפירונג, נעסטעט זיך די דאָ־זיקע געפערלעכע קראנקײַט, ווי דאָס האָט באוויזן די געשיכטע מיט דאָנ־באס, ווי אויך מיט די אונטערנעמונגען פון דער לײַכטער אינדוסטריע און פון דער שפּײַז-אינדוסטריע, אין אלע אינדוסטריע־צווײַגן, טאָרמאָזירנדיק זייער אנטוויקלונג. אויב זי וועט ניט ליקווידירט ווערן, וועט די אינדו־סטריע הינקען אפביידע פיס.

די אָרדנטלעכע אופגאבן זײַנען:

1) אײַנהיטן פאר דער מאשינבויונג איר איצטיקע פירנדיקע ראָליע אין דער סיסטעם פון דער אינדוסטריע.

2) ליקווידירן די אָפּגעשטאנענקײַט פון דער שווארצער מעטאלורגיע.

3) ברענגען אין אָרדענונג די קאָלירטע מעטאלורגיע.

4) פאנאנדערוויקלען ביז גאָר דעם ארויסבאקום פון אָרטיקע קוילן. אין אלע שוין באוווסטע ראיאָנען, אָרגאניזירן נײַע ראיאָנען פון קוילן־

ארויסבאקום (לעמאָשל, אינעם בורייער ראיאָן פונעם ווײַטן מיזרעך), פארוואנדלען קוזבאס אין א צווייטן דאָנבאס. (דורכגעפירט אפּלאָ־דיסמענטן.)

5) נעמען זיך ערנסט אָרגאניזירן די נאפט־באזע אין די ראַיאָנען פון די מײַרעוודיקע און דאָרעמדיקע שיפּועס פונעם אוראלער בארג־רוקן.

6) פאנאנדערוויקלען די פּראָדוקציע פון סכוירעס פארן ברייטן גע־ברויך אין אלע ווירטשאפטלעכע פאַלקאָמאטן.

7) צעבינדן די אָרטיקע סאָוועטישע אינדוסטריע, געבן איר א מעגלעכקייט ארויסצוווײַזן איניציאטיוו אינעם פראט פון פּראָדוצירן סכוירעס פארן ברייטן געברויך און העלפן איר ווי ווײַט מעגלעך מיט רויוואַרג און מיטלען.

8) פארבעסערן די קוואליטעט פון די סכוירעס, וואָס ווערן ארויסגע־לאָזן, אופהערן ארויסלאָזן ניט־קאָמפּלעקטע פּראָדוקציע און באשטראָפן יענע אלע כאוויירים, ניט שאנעוועדיק קיינ פּערזאָנען, וואָס ברעכן אָדער גייען ארום די געזעצן פון דער ראטנמאכט וועגן קוואליטעט און וועגן קאָמפּלעקטקייט פון דער פּראָדוקציע.

9) דערשלאָגן זיך א סיסטעמאטישן וווקס פון דער ארבעט־פּראָדוק־טיווקייט, פון אראָפּזעצן דעם קערנקאָסט און פון אײַנגלידערן דעם ווירט־שאפטלעכן אויסהאלט.

10) דערשלאָגן ביזן סאָף די אנאָנימקע אין דער ארבעט און די אויסגלײַכערײַ אין דער סיסטעם פון ארבעטלוין.

11) ליקווידירן דעם קאנצעליאריש־ביוראָקראטישן מעטאָד פון אָנפירונג אין אלע רינגען פון די ווירטשאפטלעכע פאַלקאָמאטן, דורכקאָנטראָלירנדיק סיסטעמאטיש, וויאזוי די אונטערשטע אָרגאנען פילן אויס די באשלוסן און די אָנווײַזונגען פון די אָנפירנדיקע צענטערס.

## 2. דער אופשטײַג פון דער לאנדווירטשאפט

עטוואָס אנדערש איז אוועק די אנטוויקלונג אין געביט פון דער לאנד־ווירטשאפט. אין א סאך מאָל לאנגזאמער, איידער אין דער אינדוסטריע, אָבער דאָך שנעלער, איידער אין דעם פּעריאָד, ווען עס האָט פּרעוואלירט די אינדיווידועלע ווירטשאפט, איז פארן באריכט־פּעריאָד אָנגעוואקסן דער אופשטײַג פון די גרונט־צווײַגן פון דער לאנדווירטשאפט. אינעם פּיצוכט־צווײַג ווידער האָבן מיר אפילע געהאט א פארקערטן פּראָצעס, — א פאלן פון דער צאָל פי, און ערשט אין 1933 יאָר, און דאָס

איז בלויז אין איין כאזיירים־צוכט, האָבן זיך אָנגעמערקט סימאָנים פון אופשטייג.

קלאָר, אז די קאָלאָסאלע שוועריקייטן פון פארייניקן די צעשפליטערטע קליינפויערשע ווירטשאפטן אין קאָלווירטן, די שווערע ארבעט צו שאפן קימאט אפ א פוסט אָרט א גרויסע צאָל גרויסע טוווע־ און פיצוכט־ווירט־שאפטן, און, ביכלאל, דער רעאָרגאניזאציע-פעריאָד פון איבערבויען און אריבערפירן די אינדיווידועלע לאנדווירטשאפט אפ נייע קאָלווירטישע רעלסן, וואָס פאָדערט א סאך צייט און גרויסע הויצאָעס, — אָט־די אלע פאקטאָרן האָבן אומפארמיידלעך פאָרויסבאשטימט סיי די לאנגזאמע טעמפן אינעם אופשטייג פון דער לאנדווירטשאפט סיי דעם פארהעלט־ניסמעסיק לאנגן פעריאָד פון יערידע אין דער אנטוויקלונג פון דער צאָל פי.

אין טאָך גענומען, איז דער באריכט-פעריאָד פאר דער לאנדווירטשאפט געווען ניט אזוי א פעריאָד פון שנעלן אופשטייג און מעכטיקן אופשוווּנג, ווי א פעריאָד פון שאפן די פאָרהאנאָכעס פאר אזא אופשטייג און אזא אופשוווּנג אין דער נאָענטסטער צוקונפט.

אויב מע זאָל נעמען די אָנגאבן וועגן וווּקס פון די פארזיי-שעטעכן פון אלע קולטורן, און דערנאָך באזונדער—פון די טעכנישע קולטורן, וועט די אנטוויקלונג פון דער לאנדווירטשאפט פארן באריכט-פעריאָד געשילדערט אפ אזא אויפן:

## פארזיי־שעטעכן פון אלע קולטורן אין פססר

| | אין מיליאָנען העקטאר | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | 1913 | 1929 | 1930 | 1931 | 1932 | 1933 |
| דער גאנצער פארזיי־שעטעך | 105,0 | 118,0 | 127,2 | 136,3 | 134,4 | 129,7 |
| דערונטער : | | | | | | |
| א) טוווּעס | 94,4 | 96,0 | 101,8 | 104,4 | 99,7 | 101,5 |
| ב) טעכנישע | 4,5 | 8,8 | 10,5 | 14,0 | 14,9 | 12,0 |
| ג) גערטנער־באשטאנעס | 3,8 | 7,6 | 8,0 | 9,1 | 9,2 | 8,6 |
| ד) פיטער | 2,1 | 5,0 | 6,5 | 8,8 | 10,6 | 7,3 |

## די פּאַרזױ־שעטעכן פֿון טעכנישע קולטורן אין פֿסס"ר:

| | אין מיליאָנען העקטאַר | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | 1913 | 1929 | 1930 | 1931 | 1932 | 1933 |
| בוימוואָל | 0,69 | 1,06 | 1,58 | 2,14 | 2,17 | 2,05 |
| לײַן (לאַנגפֿיבערדיקע) | 1,02 | 1,63 | 1,75 | 2,39 | 2,51 | 2,40 |
| צוקער־בוריקעס | 0,65 | 0,77 | 1,04 | 1,39 | 1,54 | 1,21 |
| אייל־געוויקסן | 2,00 | 5,20 | 5,22 | 7,55 | 7,98 | 5,79 |

די דאָזיקע טאַבעלעס שפּיגלען אָפּ צוויי גרונט־ליניעס אין דער לאַנדווירטשאַפֿט:

1) די ליניע אַלמעגלעך צו פֿאַרברייטערן די פּאַרזױ־שעטעכן אינעם פּעריאָד פֿון סאַמע ברען פֿון רעאָרגאַניזירן די לאַנדווירטשאַפֿט, ווען די קאָלווירטן פֿלעגן געשאַפֿן ווערן צענדליקער טויזנטערווײַז, ווען זיי פֿלעגן אַראָפּטרײַבן די באַלעגופֿים פֿון דער ערד, פֿלעגן פֿאַרכאַפּן די באַפֿרײַטע ערד און אַרײַנעמען זי אין די הענט;

2) די ליניע אָפּ אָפּזאָגן זיך פֿון סומאַרן פֿאַרברייטערן די פּאַרזױ־שעטעכן, די ליניע אָפּ איבערגיין פֿון אַ סומאַרער פֿאַרברייטערונג פֿון די שעטעכן צו אַ פֿאַרבעסערטער באַאַרבעטונג פֿון דער ערד, צום אײַנגלידערן אַ ריכטיקן זױ־פּאַרקער און שוואַרצבראַך, צום העכערן די גערעטנקײַט און, אויב דאָס וועט פֿאָדערן די פּראַקטיק, — צו אַ צײַטווײַליקער פֿאַרקלענערונג פֿון די עקזיסטירנדיקע פּאַרזױ־שעטעכן.

ווי באַוווּסט, איז די צווייטע ליניע, — די איינציק ריכטיקע ליניע אין דער לאַנדווירטשאַפֿט, — פּראָקלאַמירט געוואָרן אין 1932 יאָר, ווען דער רעאָרגאַניזיר־פּעריאָד אין דער לאַנדווירטשאַפֿט האָט געהאַלטן באַם סאָף און די פֿראַגע וועגן העכערן די גערעטנקײַט איז געוואָרן איינע פֿון די גרונט־פֿראַגן פֿאַרן אופֿשטײַג פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט.

אָבער די אָנגאַבן וועגן דעם וווּקס פֿון די פּאַרזױ־שעטעכן קאָן מען ניט האַלטן פֿאַר פֿולקום גענוגע צײַגערס פֿון דער אַנטוויקלונג פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט. עס טרעפֿט, אַז די שעטעכן וואַקסן, און די פּראָדוקציע וואַקסט ניט, אָדער אַפֿילע — אַז זי פֿאַלט, מאַכמעס דעם, וואָס די באַאַרבעטונג פֿון דער ערד האָט זיך פֿאַרערגערט און די גערעטנקײַט אָפּ אַן

איינס פונעם שעטעכ איז געפאלן. דעריבער מוז מען די אָנגאבן וועגן די שעטעכן דערגאנצן מיט אָנגאבן וועגן דער ברוטאָ-פּראָדוקציע.

אָט איז די אנטשפּרעכיקע טאבעלע.

די ברוטאָ-פּראָדוקציע פון די טווועס און טעכנישע קולטורן אין פסםר:

| | אין מיליאָנען צענטנער | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | 1913 | 1929 | 1930 | 1931 | 1932 | 1933 |
| טווועס | 801,0 | 717,4 | 835,4 | 694,8 | 698,7 | 898,0 |
| בוימוואָל (רויער) | 7,4 | 8,6 | 11,1 | 12,9 | 12,7 | 13,2 |
| לײַן (פיבערס) | 3,3 | 3,6 | 4,4 | 5,5 | 5,0 | 5,6 |
| צוקער-בורעקעס | 109,0 | 62,5 | 140,2 | 120,5 | 65,6 | 90,0 |
| אייל־געוויקסן | 21,5 | 35,8 | 36,2 | 51,0 | 45,5 | 46,0 |

פון דער דאָזיקער טאבעלע איז צו זען, אז די יאָרן פונעם גרעסטן ברעך אין דער רעאָרגאניזירונג פון דער לאנדווירטשאפט—די יאָרן 1931 און 1932—זײַנען געווען יאָרן פון דער גרעסטער פארקלענערונג פון דער פּראָדוקציע פון די טווועס־קולטורן.

פון דער דאָזיקער טאבעלע דרינגט ארויס, ווײַטער, אז לײַן און בוימוואָל, וואָס אין זייערע ראיאָנען איז די רעאָרגאניזאציע פון דער לאנדווירטשאפט געגאנגען מיט וויניקער שנעלע טעמפּן, האָבן קימאט אינגאנצן ניט געליטן און זיי זײַנען געגאנגען בארג-ארויף מער וויניקער גלײַכמעסיק און אומאָפּהענגיקלעך, אײַנהיטנדיק דעם הויכן ניוואָ פון זייער אנטוויקלונג.

פון דער דאָזיקער טאבעלע דרינגט ארויס, דריטנס, אז אין דער צײַט, ווען די אייל־קולטורן האָבן געליטן בלויז א געוויסע וואקלונג, אײַנהיטנדיק דעם הויכן ניוואָ פון זייער אנטוויקלונג אין פארגלײַך מיטן פארמילכאָמע-ניוואָ, האָבן די צוקער-בורעקעס, וואָס אין זייערע ראיאָנען האָבן זיך געמערקט די סאמע העכסטע טעמפּן פון רעאָרגאניזירן די לאנדווירטשאפט און וואָס זיי זײַנען די לעצטע ארײַנגעטראָטן אינעם רעאָרגאניזיר-פּעריאָד, — זיי האָבן געליטן די גרעסטע יערידע אינעם לעצטן יאָר פון דער רעאָרגאניזאציע, אין 1932 יאָר, האָבנדיק אראָפּגעזעצט די פּראָדוקציע נידעריקער פונעם פארמילכאָמע־ניוואָ.

פון דער דאָזיקער טאַבעלע דרינגט אַרויס, ענדלעך, אַז דאָס יאָר 1933 — דאָס ערשטע יאָר נאָכן פאַרענדיקן דעם רעאָרגאַניזיר-פעריאָד — איז אַן איבערבראָך־יאָר אין דער אַנטוויקלונג פון די טוועס און טעכנישע קולטורן.

דאָס הייסט, אַז פריִער פון אַלץ די טוועע־קולטורן, און נאָך זיי — די טעכ־נישע קולטורן וועלן פון איצט אָן גיין פעסט און זיכער צו אַ מעכטיקן אופשטײַג.

אַמערסטן קרענקלעך האָט איבערגעטראָגן דעם רעאָרגאַניזיר-פעריאָד דער פיצוכט-צווײַג פון דער לאַנדווירטשאַפט.

אָט איז די אַנטשפּרעכיקע טאַבעלע.

**די צאָל פי אין פסםר:**

| | אין מיליאָנען שטיק | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | 1916 | 1929 | 1930 | 1931 | 1932 | 1933 |
| א) פערד | 35,1 | 34,0 | 30,2 | 26,2 | 19,6 | 16,6 |
| ב) רינדער (גרויסע האָרנפי) | 58,9 | 68,1 | 52,5 | 47,9 | 40,7 | 33,6 |
| ג) שעפּסן און ציגן | 115,2 | 147,2 | 108,8 | 77,7 | 52,1 | 50,6 |
| ד) כאַזיירים | 20,3 | 20,9 | 13,6 | 14,4 | 11,6 | 12,2 |

פון דער דאָזיקער טאַבעלע איז צו זען, אַז לויט דער צאָל פי האָבן מיר פאַרן באַריכט-פעריאָד ניט קיין אופשטײַג, נאָר אַן אַלץ נאָך דויערנ־דיקע פאַרקלענערונג אין פאַרגלײַך מיטן פאַרמילכאָמע-ניוואָ. ווײַזט אויס, אַז, פון איין זײַט, דאָס, וואָס די פיצוכט-צווײַגן פון דער לאַנדווירטשאַפט זײַנען אַמערסטן געווען אָנגעזאַפּט מיט גרויס-באַלעבאָטישע עלעמענטן, און, פון דער צווייטער זײַט, אויך די פאַרשטאַרקטע באַלעבאָטישע אַגיטאַציע פאַר אויס־קוילען דאָס פי, וואָס האָט געהאַט אַ גינסטיקן באָדן אין די יאָרן פון דער רעאָרגאַניזאַציע, — האָבן געפונען זייער אָפּשפּיגלונג אין דער דאָזיקער טאַבעלע.

פון דער דאָזיקער טאַבעלע דרינגט, ווײַטער, אַרויס, אַז די פאַרקלענע־רונג פון דער צאָל פי האָט זיך אָנגעהויבן גלײַך פונעם ערשטן יאָר פון דער רעאָרגאַניזאַציע (1930 י.) און דויערט ביזן סאַמע 1933 יאָר, דערבײַ האָט די פאַרקלענערונג דערגרייכט דעם גרעסטן פאַרנעם אין די ערשטע דרײַ יאָר, און אין 1933 יאָר, אינעם ערשטן יאָר נאָך דעם, ווי ס׳האָט זיך פאַרענדיקט דער רעאָרגאַניזיר־פעריאָד, ווען די טוועע־קולטורן האָבן גענומען שטײַגן, איז דער פאַרנעם פון דער פאַרקלענערונג פון דער צאָל פי דערגאַנגען ביזן מינימום.

פון דער דאָזיקער טאבעלע דרינגט, ענדלעך, ארויס, אז אין דער כאזיירים־צוכט האָט זיך שוין אָנגעהויבן א פארקערטער פראָצעס, און אין 1933 יאָר האָבן זיך שוין אָנגעמערקט סימאָנים פון דירעקטן אופשטייַג.

דאָס הייסט, אז דאָס 1934 יאָר דארף און קאָן ווערן א יאָר פון איבערבראָך צו אן אופשטייַג אין דער גאנצער פיצוכט־ווירטשאפט.

ווי האָט זיך בא אונדז אנטוויקלט די קאָלעקטיוויזאציע פון די פויערשע ווירטשאפטן פארן באריכט-פעריאָד?

אָט איז די אנטשפרעכיקע טאבעלע.

## קאָלעקטיוויזאציע:

| | 1929 | 1930 | 1931 | 1932 | 1933 |
|---|---|---|---|---|---|
| די צאָל קאָלווירטן (אין טויזנטער) | 57,0 | 85,9 | 211,1 | 211,05 | 224,5 |
| די צאָל ווירטשאפטן אין די קאָלווירטן (אין מיליאָנען) | 1,0 | 6,0 | 13,0 | 14,9 | 15,2 |
| דער פראָצענט קאָלעקטיוויזאציע פון די פויערשע ווירטשאפטן | 3,9 | 23,6 | 52,7 | 61,5 | 65,0 |

און ווי איז געגאנגען די באוועגונג פון די פארזיי-שעטעכן פון טווע לויט די סעקטערס?

אָט איז די אנטשפרעכיקע טאבעלע.

## פארזיי־שעטעכן פון טווע־קולטורן לויט די סעקטערס:

| סעקטערס | פארזיי פון טווע-קולטורן אין מיליאָנען הא | | | | | אין פראָצענטן צום שעטעך פון 1933 י. |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | 1929 | 1930 | 1931 | 1932 | 1933 | |
| 1. ראטווירטן | 1,5 | 2,9 | 8,1 | 9,3 | 10,8 | 10,6 |
| 2. קאָלווירטן | 3,4 | 29,7 | 61,0 | 69,1 | 75,0 | 73,9 |
| 3. איינצלפויערים | 91,1 | 69,2 | 35,3 | 21,3 | 15,7 | 15,5 |
| דער גאנצער פארזיי פון די טווע-קולטורן אין פסטר | 96,0 | 101,8 | 104,4 | 99,7 | 101,5 | 100,0 |

ווענן וואָס ריידן די דאָזיקע טאַבעלעס?

זיי ריידן וועגן דעם, אַז דער רעאָרגאַניזיר־פּעריאָד פון דער לאַנד־ווירטשאַפט, ווען די צאָל קאָלווירטן און די צאָל מיטגלידער זייערע זײַנען געוואַקסן מיט ראַשיקע טעמפּן, איז שוין פאַרענדיקט, פאַרענדיקט נאָך אין 1932 י.

הייסט עס, אַז דער ווײַטערדיקער פּראָצעס פון קאָלעקטיוויזאַציע שטעלט מיט זיך פאָר אַ פּראָצעס פון ביסלעכווײַזן אַרײַנזויגן און איבערדערציִען די רעשטן אינדיווידועלע פויערשע ווירטשאַפטן אין די קאָלווירטן.

דאָס הייסט, אַז די קאָלווירטן האָבן געזיגט ענדגילטיק און אָן צוריקער.

(שטורמישע, דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.)

זיי ריידן, ווײַטער, וועגן דעם, אַז די ראַטווירטן און די קאָלווירטן באַזיצן צוזאַמען 84,5% פון אַלע טוווּ־שעטעכן אין פּססר.

דאָס הייסט, אַז די קאָלווירטן און די ראַטווירטן צוזאַמען זײַנען געוואָרן אַזאַ קראַפט, וואָס אַנטשיידט דעם גורל פון דער גאַנצער לאַנד־ווירטשאַפט און פון אַלע אירע צווײַגן.

זיי ריידן, ווײַטער, וועגן דעם, אַז די 65% פויערשע ווירטשאַפטן, וואָס זײַנען פאַראייניקט אין די קאָלווירטן, באַזיצן 73,9% פון אַלע פאַרזיי־שעטעכן פון טוווּ, בײַס די גאַנצע מאַסע איבערגעבליבענע אינדיווידועלע פויערשע ווירטשאַפטן, וואָס באַטרעפן 35% פון דער גאַנצער פויערשער באַפעלקערונג, באַזיצט בלויז 15,5% פון אַלע פאַרזיי־שעטעכן פון טוווּ.

אויב מע זאָל דערצו נאָך צוגעבן דעם פאַקט, אַז די קאָלווירטן האָבן אָפּגעליפערט אין 1933 יאָר דער מעלוכע לויט אַלע מינים ליפערונגען העכער אַ מיליארד פוד טוווּ, און די אינדיווידועלע פויערים, וואָס האָבן אויסגעפילט דעם פּלאַן אַפ אַלע 100% — האָבן אָפּגעליפערט אינגאַנצן בא 130 מיליאָן פוד, בײַס אין 1929/30 י. האָבן די אינדיווידועלע פויערים אָפּגעליפערט דער מעלוכע בא 780 מיליאָן פוד, און די קאָלווירטן ניט מער ווי 120 מיליאָן פוד, — דאַן וועט ווערן קלאָר, וואָס קלאָרער קאָן ניט זײַן, אַז די קאָלווירטן און די אינדיווידועלע פויערים האָבן פאַרן באַריכט־פּעריאָד פולשטענדיק זיך געביטן מיט די ראָליעס, דערבײַ זײַנען די קאָלווירטן פאַר דער דאָזיקער צײַט געוואָרן די הערשנדיקע קראַפט אין דער לאַנדווירטשאַפט, און די אינדיווידועלע פויערים — אַ צווייטראַנגיקע קראַפט, וואָס איז געצוווּנגען אונטערוואַרפן זיך און צופּאַסן זיך צו דער קאָלווירטישער אָרדענונג.

מע דאַרף אַנערקענען, אַז דאָס אַרבעטנדיקע פויערטום, אונדזער סאָוועטיש פויערטום האָט ענדגילטיק און אָן צוריקער זיך געשטעלט אונטער דער רויטער פאָן פונעם סאָציאַליזם. (דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.)

זאָלן פּלוידערן די עסעריש־מענשעוויסטישע און בורזשואַז־טראָצקיסטישע יענטעס, אַז דאָס פויערטום איז לויט דער נאַטור קאָנטררעוואָליוציאָנער, אַז

דאָס פויערטומ איז בארופנ אופצושטעלנ אינ פססר דעמ קאפּיטאליזמ, אז עס קאָנ ניט זייַנ קיינ פארבינדעטער פונעמ ארבעטער־קלאס אינעמ אופבוי פונעמ סאָציִאליזמ, אז אינ פססר איז אומעגלעכ אויסצובויענ דעמ סאָציִאַ־ליזמ. די פאקטנ זאָגנ, אז די דאָזיקע הערנ טרייַבנ רעכילעס אי אפ פססר אי אפנ סאָוועטישנ פויערטומ. די פאקטנ זאָגנ, אז אונדזער סאָוועטיש פויערטומ איז ענדגילטיק אוועקגעשווומענ פונ די ברעגנ פונעמ קאפּיטאליזמ אונ איז אוועק פאָרויס אינ בונד מיטנ ארבעטער־קלאס — צומ סאָציִאליזמ. די פאקטנ זאָגנ, אז מיר האָבנ שוינ אויסגעבויט דעמ פונדאמענט פונ דער סאָציִאליסטישער געזעלשאפט אינ פססר אונ אונדז בלייַבט בלויז איבער צו באקרוינענ אימ מיט די אויבערבויענ — אנ איניען, אָנ צווייפל, א סאכ א לייַכטערער, ווי דאָס אויסבויענ דעמ פונדאמענט פונ דער סאָציִאליסטישער געזעלשאפט.

די קראפט פונ די קאָלווירטנ אונ ראטווירטנ ווערט אָבער ניט אויס־געשעפּט מיטנ וווקס פונ זייער פארזיי־שעטעכ אונ פונ דער פּראָדוקציע. זי שפּיגלט זיכ אָפּ אויכ אינעמ וווקס פונ זייער טראקטער־פּארק, אינעמ וווקס פונ זייער מעכאניזירונג. עס איז קיינ שומ ספּפעק ניט, אז אינ דער דאָזיקער הינזיכט האָבנ אונדזערע קאָלווירטנ אונ ראטווירטנ א שפּרייַז געטאָנ ווייַט פאָרויס.

אָט איז די אנטשפּרעכיקע טאבעלע.

**דער טראקטער־פּארק אינ דער לאנדווירטשאפט פונ פססר (דיסקאָנטירנדיק די אמאָרטיזאציע):**

| | אינ טויזנטער שטיק | | | | | מעכטיקייַט אינ טויזנטער פערדקראפט | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | 1929 | 1930 | 1931 | 1932 | 1933 | 1929 | 1930 | 1931 | 1932 | 1933 |
| סאכאקל טראק־טערס | 34,9 | 72,1 | 125,3 | 148,5 | 204,1 | 391,4 | 1 003,5 | 1 850,0 | 2 225,0 | 3 100,0 |
| דערונטער: | | | | | | | | | | |
| א) טראקטערס אינ די מטס | 2,4 | 31,1 | 63,3 | 74,8 | 122,3 | 23,9 | 372,5 | 848,0 | 1 077,0 | 1 782,0 |
| ב) טראקטערס אינ די ראט־ווירטנ פונ אלע סיס־טעמענ | 9,7 | 27,7 | 51,5 | 64,0 | 81,8 | 123,4 | 483,1 | 892,0 | 1 043,0 | 1 318,0 |

הייסט עס, 204 טויזנט טראקטערס אונ 3 מיליאָנ 100 טויזנט פערד־קראפט פאר די קאָלווירטנ אונ ראטווירטנ. א קראפט, ווי איר זעט, ניט

קיין קליינע, וואָס איז פּייִק אויסצוקאָרטשעווען אַלע און אַלערליי וואָרצלען פונעם קאַפּיטאַליזם אין דאָרף. אַ קראַפט, וואָס שטייַגט אַריבער אין צוויי מאָל די צאָל טראַקטערס, וואָס וועגן איר האָט גערעדט אין זייַן צייַט לענין ווי וועגן אַ וויַיטער פּערספּעקטיוו.

וואָס אָנבאַלאַנגט דעם פּאַרק לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינעס אין די מאַשינטראַקטערשע סטאַנציעס און אין די ראַטווירטן פון פאָלקאָמראַטווירטן, זייַנען אָנגאַבן וועגן דעם פאַראַן אין די פאָלגנדיקע טאַבעלעס.

## אין די מטס:

| | 1930 | 1931 | 1932 | 1933 |
|---|---|---|---|---|
| קאָמבייַנען (טויזנטער שטיק) | 7 שטיק | 0,1 | 2,2 | 11,5 |
| מאָטאָרן און לאָקאָמאָבילן (טויזנטער שטיק) | 0,1 | 4,9 | 6,2 | 17,6 |
| קאָמפּליצירטע און האַלב-קאָמפּליצירטע דרעש-מאַשינעס (טויזנטער שטיק) | 2,9 | 27,8 | 37,0 | 50,0 |
| עלעקטראָ-אינסטאַליאַציעס פאַר דרעשונג | 168 | 268 | 551 | 1 283 |
| צאָל רעמאָנט-וואַרשטאַטן אין די מטס | 104 | 770 | 1 220 | 1 933 |
| פּראַכט-אויטאָמאָבילן (טויזנטער שטיק) | 0,2 | 1,0 | 6,0 | 13,5 |
| פּאַסאַזשיר-אויטאָמאָבילן (שטיק) | 17 | 191 | 245 | 2 800 |

## אין די ראַטווירטן פון פאָלקאָמראַטווירטן:

| | 1930 | 1931 | 1932 | 1933 |
|---|---|---|---|---|
| קאָמבייַנען (טויזנטער שטיק) | 1,7 | 6,3 | 11,9 | 13,5 |
| מאָטאָרן און לאָקאָמאָבילן (טויז. שטיק) | 0,3 | 0,7 | 1,2 | 2,5 |
| קאָמפּליצירטע און האַלב-קאָמפּליצירטע דרעש-מאַשינעס (טויז. שטיק) | 1,4 | 4,2 | 7,1 | 8,0 |
| עלעקטראָ-אינסטאַליאַציעס | 42 | 112 | 164 | 222 |
| רעמאָנט-וואַרשטאַטן: | | | | |
| א) פאַר קאַפּיטאַלן רעמאָנט | 72 | 133 | 208 | 302 |
| ב) מיטעלן רעמאָנט | 75 | 160 | 215 | 476 |
| ג) לויפנדיקן רעמאָנט | 205 | 310 | 578 | 1 166 |
| פּראַכט-אויטאָמאָבילן (טויז. שטיק) | 2,1 | 3,7 | 6,2 | 10,9 |
| פּאַסאַזשיר-אויטאָמאָבילן (שטיק) | 118 | 385 | 625 | 1 890 |

איך מיין, אז די דאָזיקע אָנגאבן ניימיקן זיך ניט אין קיין דערקלע־רונגען.

ניט קיין קליינע באדײַטונג האָט געהאט פארן אופשטײַג פון דער לאנדווירטשאפט אויך דאָס שאפן די פּאָליטאָפּטיילן פון די מטס און ראַט־ווירטן און דאָס באַזאָרגן די לאנדווירטשאפט מיט קוואליפיצירטע טוער. איצט אנערקענען אלע, אז די טוער פון די פּאָליטאָפּטיילן האָבן אָפּגע־שפּילט א קאָלאָסאלע ראָליע אינעם פארבעסערן די ארבעט פון די קאָל־ווירטן און ראטווירטן. עס איז באוווּסט, אז פארן באריכט-פעריאָד האָט דער צענטראל־קאָמיטעט פון דער פּארטיי געשיקט אין דאָרף אָפּ פארפעסטיקן די קאַדרען פון דער לאנדווירטשאפט העכער 23 טויזנט קאָמוניסטן, פון זיי ערד־טוער העכער 3 טויזנט, ראטווירטישע טוער העכער 2 טויזנט, טוער פון די פּאָליטאָפּטיילן פון די מטס העכער 13 טויזנט און טוער פון די פּאָליטאָפּטיילן פון די ראטווירטן העכער 5 טויזנט.

דאָס זעלבע דארף מען זאָגן וועגן דער באזאָרגונג פון די קאָלווירטן און ראטווירטן מיט נײַע אינזשעניער-טעכנישע און אגראָנאָמישע קרעפטן. עס איז באוווּסט, אז פארן באריכט־פעריאָד האָט מען אין דער לאנדווירט־שאפט געשיקט העכער 111 טויזנט טוער פון דער דאָזיקער גרופּע.

טראַקטאָריסטן, קאָמבײַנערס, שטורוואלער, שאָפערס זײַנען צוגעגרייט געוואָרן פארן באריכט־פעריאָד און געשיקט געוואָרן בלויז לויט דער פּאָלקאָמערדישער סיסטעם אליין העכער 1 מיליאָן 900 טויזנט מאַן.

צוגעגרייט און איבערגעגרייט פארן זעלבן פעריאָד פּאָרזיצערס און מיטגלידער פון די קאָלווירט-פארוואלטונגען, פעלדצוכט-בריגאדירן, פיצוכט־בריגאדירן, רעכענונג-פירער — העכער 1 מיליאָן 600 טויזנט.

דאָס איז, פארשטייט זיך, ווייניק פאר אונדזער לאנדווירטשאפט. אָבער דאָך איז עס עפּעס.

ווי איר זעט, האָט די מעלוכע געטאָן אלדאָס מעגלעכע, קעדיי צו פארלײַכטערן די ארבעט פון די אָרגאנען פון פּאָלקאָמערד און פּאָלקאָמ־ראטווירטן אינעם אָנפירן מיט דער קאָלווירטישער און ראטווירטישער בויונג.

צי קאָן מען זאָגן, אז די דאָזיקע מעגלעכקייטן זײַנען אף א געהע־ריקן אויפן אויסגענוצט געוואָרן?

צום באדויערן, קאָן מען דאָס ניט זאָגן.

אָנהייבן דערפון, וואָס די דאָזיקע פּאָלקאָמאטן זײַנען אָנגעשטעקט אין א גרעסערער מאָס, איידער אנדערע פּאָלקאָמאטן, מיט דער קראַנקייט פון ביוראָקראטיש-קאנצעליארישער באציִונג צו דער ארבעט. מע לייזט פראגן, אָבער מע טראכט ניט וועגן דעם, אז מע זאָל דורכקאָנטראָלירן די אויס־פילונג, רופן צו אָרדענונג די, וואָס ברעכן די אָנווײַזונגען און פאראָרדע־

נונגען פון די אָנפירנדיקע אָרגאַנען, אַרויסרוקן פאָרויס די ערלעכע און געוויסנהאַפטע אויספילער.

דאָס פאַראַנענזײַן פון אַ קאָלאָסאַלן פאַרק טראַקטערס און מאַשינעס פאַרפליכטעט, דוכט זיך, די ערד-אָרגאַנען צו האַלטן די דאָזיקע ווערטפולע מאַשינעס אין אָרדענונג, באַצײַטנס זיי רעמאָנטירן, אויסנוצן זיי בײַ דער אַרבעט מער אָדער ווייניקער ווי עס באַדאַרף צו זײַן. וואָס טוען זיי אױף דעם דאָזיקן געביט? צום באַדויערן, זייער ווייניק. דאָס היטן די טראַקטערס און מאַשינעס איז ניט צופרידנשטעליק. דער רעמאָנט איז אויך ניט קיין צופרידנשטעליקער, ווײַל ביז איצט וויל מען נאָך ניט פאַרשטיין, אַז דעם יעסאָד פון דעם רעמאָנט בילדעט דער לויפנדיקער און מיטעלער רעמאָנט, און ניט דער קאַפּיטאַלער. וואָס אָנבאַלאַנגט דעם אויסנוצן די טראַקטערס און מאַשינעס איז דער ניט-צופרידנשטעליקער צושטאַנד פון דעם דאָזיקן איניען אַזוי קלאָר און אַלגעמיין באַוווּסט, אַז ער נייטיקט זיך ניט אין קיין באַווײַזן.

איינע פון די אָרדנטלעכע אויפגאַבן פון דער לאַנדווירטשאַפט איז אײַנצופירן אַ ריכטיקן זיי-פּאַרקער, פאַרברייטערן דעם ריינעם שוואַרצבראָך, פאַרבעסערן דעם זריִע-ווײצן אין אַלע צווײַגן פון דער ערדאַרבעט. וואָס ווערט געטאָן אױף דעם דאָזיקן געביט? צום באַדויערן, דערווײַל נאָך זייער ווייניק. דער זריִע-ווײץ פון קערנער און בוימוואָל איז אַזוי פאַרפּלאָנטערט, אַז עס וועט נאָך לאַנג אויסקומען פאַנאַנדערצופּלאָנטערן אים.

איינס פון די ווירקלעכע מיטלען אױף אויפהייבן די געראָטנקײַט פון די טעכנישע קולטורן איז באַזאָרגן זיי מיט באַמיסטיקונג. וואָס ווערט געטאָן אױף דעם דאָזיקן געביט? דערווײַל — זייער ווייניק. באַמיסטיקונגען זײַנען פאַראַן, אָבער די אָרגאַנען פון פאָלקאָמערד ווייסן ניט ווי זיי אויפצונעמען, און אַז זיי נעמען זיי שוין אויף, ווײַזן זיי ניט אַרויס קיין זאָרג וועגן דעם, אַז מע זאָל זיי באַצײַטנס צושטעלן אױפן אָרט און ראַציאָנעל זיי אויסנוצן.

וועגן די ראַטווירטן דאַרף מען זאָגן, אַז זיי שטייען נאָך אַלץ ניט אױף דער הייך פון זייערע אויפגאַבן. איך בין ווײַט פון ניט-דערשאַצן די גרויסע רעוואָליוציאָניזירנדיקע באַדײַטונג פון אונדזערע ראַטווירטן. אָבער אויב מע זאָל פאַרגלײַכן די קאָלאָסאַלע אינוועסטיציעס פון דער מעלוכע אין די ראַטווירטן מיט די איצטיקע פאַקטישע רעזולטאַטן פון דער אַרבעט פון די ראַטווירטן, באַקומט זיך אַ קאָלאָסאַלע דיספּראָפּאָרץ ניט צוגונסטן די ראַטווירטן. די הויפּט-סיבע פון דער דאָזיקער דיספּראָפּאָרץ איז דאָס, וואָס אונדזערע טווּע־ראַטווירטן זײַנען צו האַמעטנע, די דירעקטערס ספּראַווען זיך ניט מיט די קאָלאָסאַלע ראַטווירטן, די ראַטווירטן גופא זײַנען צופיל ספּעציאַליזירט, זיי האָבן ניט קיין זיי־פּאַרקער און קיין שוואַרצבראָך, זיי

האָבן ניט אין זייער באשטאנד קיין פּיצוכט־עלעמענטן. עס איז אפּאָנעם נייטיק צו דעקאָנצענטרירן די ראטווירטסן און ליקווידירן זייער צו גרויסע ספּעציאליזירטקייט. מע קאָן מיינען, אז דער פאלקאָמראטווירטסן האָט רעכטצייטיק געשטעלט די דאָזיקע פראגע און זיך דערשלאָגן איר לייזונג. אָבער דאָס איז ניט ריכטיק. די פראגע איז געשטעלט און געלייזט געוואָרן לויט דער איניציאטיוו פון מענטשן, וואָס האָבן ניט קיין שום שייכעס צום פאלקאָמאט פון די ראטווירטסן.

צולעצט, די פראגע וועגן פּיצוכט. איך האָב שוין רעפערירט וועגן דער שווערער לאגע פון דער פּיצוכט. מע קאָן מיינען, אז אונדזערע ערד־אָרגאנען וועלן ארויס א פיבערהאפטע טעטיקייט אפ ליקווידירן דעם פּיצוכט־קריזיס, אז זיי מאכן אן אליארם, מאָביליזירן טוער און נעמען זיך שטורעמען די פּיצוכט־פּראָבלעם. צום באדויערן, איז אזוינס גאָרניט פאָרגעקומען און עס קומט ניט פאָר. ניט בלויז זיי מאכן ניט קיין אליארם וועגן דער שווערער לאגע פון דער פּיצוכט, נאָר — פארקערט — זיי סטארען זיך פארשמירן די פראגע, און צומאָל פרוּוון זיי זיך אין זייערע פאָרטראָגן אפילו ארויסבאהאלטן פון דער געזעלשאפטלעכער מיינונג פון לאנד דיווירקלעכע לאגע פון דער פּיצוכט, וואָס דאָס איז אבסאָליוט ניט דערלאָזבאר פאר באָלשעוויקעס. האָפן נאָך דעם, אז די ערד־אָרגאנען וועלן קאָנען ארויספירן אפן וועג און אופהייבן אפ דער געהעריקער הייך די פּיצוכט, — הייסט בויען אפ זאמד. די פּיצוכט דארפן נעמען אין זייערע הענט די גאנצע פארטיי, אלע אונדזערע טוער, די פארטייישע און ניט־פארטייישע, האָבנדיק אינזינען, אז די פּיצוכט־פּראָבלעם איז איצט פונקט אזא ערשט־רייִקע פּראָבלעם, ווי עס איז נעכטן געווען די טוווע־פּראָבלעם, וואָס איז שוין מיט דערפאָלג געלייזט געוואָרן. עס איז איבעריק צו דערווייזן, אז די סאָוועטישע מענטשן, וואָס האָבן ביַיגעקומען ניט איינע ערנסטע שטערונג אפן וועג צום ציל, וועלן קענען ביַיקומען אויך די דאָזיקע שטערונג. (א דונער אפּלאָדיסמענטן.)

אָט אזא איז די קורצע און וויַיט ניט פולע רעשימע פון די פעלערן, וואָס מע דארף ליקווידירן, און די רעשימע אופגאבן, וואָס מע דארף לייזן אין דער נאָענטסטער צייַט.

אָבער דער איניַען ווערט ניט אויסגעשעפּט מיט די דאָזיקע אופגאבן. עס זיַינען נאָך פאראן אנדערע אופגאבן לויט דער ליניע פון דער לאנד־ווירטשאפט, וואָס וועגן זיי וואָלט מען געדארפט זאָגן עטלעכע ווערטער.

מע דארף קוידעמקאָל האָבן אינזינען, אז די אלטע טיילונג פון אונדזערע געגנטן אפ אינדוסטריִעלע און אגרארע האָט זיך שוין אויסגעלעבט. בא אונדז זיַינען שוין מער ניטאָ קיין געגנטן אויסשליסלעך אגרארע,

וואָס זאָלנ באזאָרגנ מיט ברויט, פלייש, גרינס די אינדוסטריִעלע געגנטנ, ווי בא אונדז זײַנענ שוינ מער ניטאָ קיינ אויסשליסלעכ אינדוסטריִעלע געגנטנ, וואָס זאָלנ קאָנענ אויסרעכענענ אפ דעמ, אז זיי זאָלנ באקומענ אלע נייטיקע פראָדוקטנ פונ אויסנ, פונ אנדערע געגנטנ. די אנטוויקלונג פירט דערצו, אז אלע געגנטנ ווערנ בא אונדז מער אָדער ווייניקער אינ־דוסטריִעלע, און וואָס ווײַטער וועלנ זיי אלצ מער ווערנ אינדוסטריִעלע. דאָס באטײַט, אז אוקראַינע, צאָפנ־קאווקאז, די צענטראלע שווארצערדישע געגנט און אנדערע געוועזענע אגרארע ראיאָנענ קאָנענ שוינ מער ניט אָפגעבנ אָנ א זײַט, פאר די אינדוסטריִעלע צענטערס, אזויפיל פראָדוקטנ, וויפל זיי פלעגנ אָפגעבנ פריִער, ווײַל זיי זײַנענ געצוווּנגענ צו געבנ עסנ זייערע אייגענע שטעט און זייערע אייגענע ארבעטער, וואָס זייער צאָל וועט וואקסנ. אָבער דערפונ איז געדרונגענ, אז יעדע געגנט דארפ אײַנפירנ בא זיכ אנ אייגענע לאנדווירטשאפטלעכע באזע, קעדיי צו האָבנ אייגענע גרינס, אייגענע קארטאָפל, אייגענע פוטער, אייגענע מילכ און אינ דער אָהער יענער מאָס — אייגנ ברויט, אייגנ פלייש, — אויב זי וויל ניט ארײַנפאלנ אינ א שווערער לאגע. איר ווייסט, אז די דאָזיקע זאכ איז גאנצ מעגלעכ צו פארווירקלעכנ און דאָס ווערט שוינ איצט געטאָנ.

די אופגאבע איז דערפירנ די דאָזיקע זאכ ביזנ סאָפ אומ יעדנ פרײַז.

מע דארפ, ווײַטער, ווענדנ די אופמערקזאמקײַט אפ דעמ, אז די באַ־וווּסטע טיילונג פונ אונדזערע געגנטנ אפ געברויכערישע און פראָדוצירישע הייבט אויכ אָנ צו פארלירנ איר אויסשליסלעכנ כאראקטער. אזוינע „געברויכערישע” געגנטנ, ווי די מאָסקווער און גאָרקער, האָבנ האיאָר געגעבנ דער מעלוכע בא 80 מיליאָנ פוד ברויט. דאָס איז, פארשטייט זיכ, ניט קיינ קלייניקײַט. אינ דעמ אזויגערופענעמ געברויכערישנ פאס איז פאראנ בא 5 מיליאָנ העקטאר רויערד, וואָס זײַנענ באדעקט מיט קוסטעס. עס איז באוווּסט, אז דער קלימאט איז אינעמ דאָזיקנ פאס ניט קיינ שלעכטער, אטמאָספער־אָפזאצנ זײַנענ פאראנ ניט ווייניק, קיינ טריקענישנ טרעפנ ניט. אויב מע זאָל אָפרייניקנ די דאָזיקע ערד פונ די קוסטעס און דורכפירנ א ריי מאָסמיטלענ פונ אָרגאניזאציאָנעלנ כאראקטער, וועט מענ קאָנענ באַ־קומענ א קאָלאָסאלנ ראיאָנ טוווע־קולטורנ, וואָס קאָנ געבנ סכוירע־טוווע בא דער געוויינלעכ גרויסער גערעטנקײַט אינ די דאָזיקע ערטער — ניט ווייניקער, ווי עס גיט איצט נידערוואָלגע אָדער מיטלוואָלגע. דאָס וואָלט געווענ א גרויסע הילפ פאר די צאָפנדיקע אינדוסטריִעלע צענטערס.

עס איז קלאָר, אז די אופגאבע באשטייט אינ שאפנ אינ די ראיאָנענ פונעמ געברויכערישנ פאס א גרויסנ מאסיוו טוווע-קולטורנ.

צולעצט. די פראגע וועגנ קאמפ קעגנ טריקעניש אינ טראנסוואָלגע.

דאָס איינפלאנצן וועלדער און וואלד־שוצפּאסן אין די מיזרעך-ראיאָנען פון טראנסוואָלגע האָט א קאָלאָסאלע באדייטונג. די דאָזיקע ארבעט, ווי באַוווּסט, ווערט שוין געטאָן, האגאם מע קאָן ניט זאָגן, אז זי ווערט דורכגעפירט מיט גענוגער אינטענסיווקייט. וואָס אָנבאלאנגט דער באוואסערונג פון טראנסוואָלגע, — און דאָס איז דער איקער פונעם שטאנדפונקט פון קאמף קעגן טריקעניש, — טאָר מענ ניט דערלאָזן, אז דער דאָזיקער איניען זאָל פארציען ווערן אין דער לאנגער באנק. עמעס, ער איז א ביסל פארטאָרמאָזירט געוואָרן צוליב איניקע אויסערלעכע אומשטענדן, וואָס האָבן אָפּגעצויגן א מאסע קרעפטן און מיטלען. אָבער איצט איז שוין מער ניטאָ קיין גרונט אָפּצולייגן אים וייטער. מיר קאָנען זיך מער ניט באגיין אָן אן ערנסטער און אבסאָליוט סטאבילער, פרייער פון די וועטער-צופעליקייטן, באזע פון ברויט-פּראָדוקציע אף דער וואָלגע, וואָס גיט יערלעך א 200 מיליאָן פּוד סכוירע-טוווע. דאָס איז דורכויס נייטיק, אויב מע זאָל נעמען אין אכט דעם וווּקס פון די שטעט אף דער וואָלגע, פון איין זייט, און אלערליי מעגלעכקייטן פון קאָמפּליקאציעס אפן געביט פון צווישנפעלקערלעכע באציונגען, פון דער צווייטער זייט.

די אופגאבע באשטייט דעריך, אז מע זאָל זיך נעמען פאר דער ערנסטער ארבעט צו אָרגאניזירן די באוואסערונג פון טראנסוואָלגע. (א פּ ל אָ-דיסמענטן.)

## 3. דער אופשטייג פון דער מאטעריעלער לאגע און פון דער קולטור פון די ארבעטנדיקע

מיר האָבן אזויארום געשילדערט די לאגע פון אונדזער אינדוסטריע און לאנדווירטשאפט, זייער אנטוויקלונג פארן באריכט־פעריאָד, זייער צושטאנד אינעם געגעבענעם מאָמענט.

אין סאכאקל האָבן מיר:

א) א מעכטיקן אופשטייג פון דער פּראָדוקציע סיי אפן געביט פון דער אינדוסטריע סיי אפן געביט פון די גרונט-צווייגן פון דער לאנדווירטשאפט.

ב) אף דער באזע פונעם דאָזיקן אופשטייג — דעם ענדגילטיקן ניצאָכן פון דער סאָציאליסטישער ווירטשאפט-סיסטעם איבער דער קאפּיטאליסטישער סיסטעם סיי אין דער אינדוסטריע סיי אין דער לאנדווירטשאפט, די פארוואנדלונג פון דער סאָציאליסטישער סיסטעם אין דער איינציקער סיסטעם פון דער גאנצער פאָלקווירטשאפט, די ארויסשטויסונג פון די קאפּיטאליסטישע עלעמענטן פון אלע ספערן פון דער פאָלקווירטשאפט.

ג) דאָס, וואָס די קאָלאָסאלע מערהייט פון די איינצלפויערים איז

ענדגילטיק אוועק פון דער קליינסכוירעדיקער אינדיווידועלערווירט־שאפט, האט זיך פארייניקט אין קאלעקטיווע ווירטשאפטן אפ דער באזע פון קאלעקטיווער ארבעט און קאלעקטיוון אייגנטום אפ די פראדוציר־מיטלען, וואס די קאלעקטיווע ווירטשאפט האט אפגעהאלטן א פולשטענדיקן ניצחון איבער דער קליינסכוירעדיקער אינדיווידועלער ווירטשאפט.

ד) דעם שטייגנדיקן פראצעס פון ווייטערדיקער פארברייטערונג פון די קאלווירטן אפן כעזשבן פון די אינדיווידועלע ווירטשאפטן, וואס זייער צאל פאלט, אזויארום, פון כוידעש צו כוידעש און וועלכע ווערן, אין טאך גע־נומען, פארוואנדלט אין א הילף-קראפט פאר די קאלווירטן און ראטווירטן.

פארשטייט זיך, אז דער דאזיקער היסטארישער ניצאכן איבער די עקס-פלואטאטערס האט ניט געקאנט ניט ברענגען צו ראדיקאלע פארבעסערונגען אין דער מאטעריעלער לאגע און אינעם גאנצן לעבנשטייגער פון די ארבעטנ-דיקע.

די ליקווידירונג פון די פאראזיטישע קלאסן האט געבראכט דערצו, אז עס איז פארשוווּנדן די עקספלואטאציע פון מענטשן דורך מענטשן. די ארבעט פונעם ארבעטער און פויער איז באפרייט פון עקספלואטאציע. די האכנאָ־סעס, וואס די עקספלואטאטערס פלעגן ארויספרעסן פון דעם פאלקס ארבעט, פארבלייבן איצט בא די ארבעטנדיקע אין די הענט און ווערן אויסגענוצט טיילווייז אפ פארברייטערן די פראדוקציע און אפ צוציִען אין דער פראדוקציע נייע אטריאדן ארבעטנדיקע, טיילווייז — אפ העכערן די־רעקט די האכנאסעס פון די ארבעטער און פויערים.

עס איז פארשוואונדן די ארבעטלאזיקייט — דער אומגליק פונעם ארבע-טער-קלאס. אויב אין די בורזשואזע לענדער ליידן מיליאנען ארבעטלאזע נויט און יעסורים צוליב דעם, וואס עס איז ניטא קיין ארבעט, זיינען בא אונדז ניטא מער קיין ארבעטער, וואס זאלן ניט האבן קיין ארבעט און קיין פארדינסט.

מיט דער פארשווינדונג פון דער באלעגופישער פארשקלאפונג איז פאר-שוואונדן דער דאלעס אין דארף. יעטווידער פויער, קאלווירטניק אדער איינ-צלפויער, האט איצט די מעגלעכקייט צו לעבן ווי א מענטש, אויב ער וויל נאר ארבעטן ערלעך, און ניט פוסטעפאסעווען, ניט ארומשלעפן זיך און ניט צעשלעפן דאס קאלווירטישע גוטס.

די פארניכטונג פון דער עקספלואטאציע, די פארניכטונג פון דער אר-בעטלאזיקייט אין שטאט, די פארניכטונג פונעם דאלעס אין דארף — דאס זיינען אזוינע היסטארישע דערגרייכונגען אין דער מאטעריעלער לאגע פון די ארבעטנדיקע, וואס וועגן דעם קאנען אפילע ניט טרוימען די ארבעטער און פויערים פון די סאמע „דעמאקראטישע" בורזשואזע לענדער.

עס האָט זיך געענדערט דער אויסזען פון אונדזערע גרויסע שטעט און פון די אינדוסטריעלע צענטערס. דער אומפאַרמיידלעכער סימען פון די גרויסע שטעט אין די בורזשואזע לענדער זיינען די לעכער, די אזויגערופענע ארבעטער־קווארטאלן אין די פאָרשטעט, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר א הויפן פינצטערע, פייכטע, מערסטנטייל האלב־כאַרעווע קעלער־וווינונגען, ווו עס טוליעט זיך געווינלעך דער אומפאַרמעגלעכער אורעם, וואלגערנדיק זיך אין שמוץ און פארשילטנדיק זיין שיקזאל. די רעוואָליוציע אין פססר האָט געבראכט דערצו, אז די דאָזיקע לעכער זיינען בא אונדז פארשוואונדן. זיי זיינען פארביטן געוואָרן מיט ניי־אויסגעבויטע גוטע און ליכטיקע ארבעטער־קווארטאלן, דערביי זעען אויס אין א סאך פאלן די ארבעטער־קווארטאלן בא אונדז בעסער, איידער די צענטערס פון שטאָט.

נאָך מער האָט זיך געענדערט דער אויסזען פון דאָרף. דאָס אלטע דאָרף מיט זיין קלויסטער אפן אָנגעזעענסטן אָרט, מיט זיינע בעסטע הייזער פונעם אוריאדניק, גאלעך, באלעגופ אין פאָדערגרונט, מיט זיינע האלב־איינגעפאלענע כאלופקעס פון די פויערים אין הינטערגרונט — הייבט אָן פארשווינדן. אפן זיין אָרט טרעט ארויס דאָס נייע דאָרף מיט זיינע געזעלשאפטלעך־ווירטשאפטלעכע געביידעס, מיט זיינע קלובן, ראדיאָ, קינאָ, שולן, ביבליאָטעקן און יאסליעס, מיט זיינע טראקטערס, קאָמביינען, דרעשמאשינעס, אווטאָמאָבילן. עס זיינען פארשוואונדן די אלטע מעיוכעסדיקע פיגורן פונעם באלעגופ דעם עקספּלואטאטער, פונעם פּיאַצענטניק דעם בלוטזויגער, פונעם סויכער דעם ספעקוליאנט, פונעם פאָטערל דעם אוריאדניק. איצט זיינען די אָנגעזעענע מענטשן — די טוער פון די קאָלווירטן און ראטווירטן, פון די שולן און קלובן, די עלטסטע טראקטעריסטן און קאָמביינערס, די פעלדצוכט־ און פיצוכט־בריגאדירן, די בעסטע שלאָגלער און שלאָגלערנס פון די קאָלווירטישע פעלדער.

עס ווערט פארשוואונדן דער קעגנזאץ צווישן שטאָט און דאָרף. די שטאָט הערט אוף צו זיין בא די פויערים אין די אויגן א צענטער פון זייער עקספּלואטאציע. אלץ פעסטער ווערן די פעדעם פון ווירטשאפטלעכן און קולטורעלן צוזאמענשלוס צווישן שטאָט און דאָרף. פון שטאָט און פון איר אינדוסטריע באקומט איצט דאָס דאָרף הילף — טראקטערס, לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס, אווטאָמאָבילן, מענטשן, מיטלען. דערצו האָט דאָס דאָרף איצט אליין אן אייגענע אינדוסטריע אין דער פאָרם פון די מאשינטראקטערישע סטאנציעס, רעמאָנט־וואַרשטאטן, פון די אלערליי אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען בא די קאָלווירטן, קליינע עלעקטראָסטאנציעס אדג. דער קולטור־אָפּגרונט צווישן שטאָט און דאָרף ווערט פארשאָטן.

אָט דאָס זײַנען די גרונט־דערגרייכונגען פון די ארבעטנדיקע אפן גע־ביט פון פארבעסערן זייער מאטעריעלע לאגע, שטייגער, קולטור.

אפ דער באזע פון די דאָזיקע דערגרייכונגען האָבן מיר פארן באריכט־פּעריאָד:

א) א וווּקס פון דער פאָלק־האכנאָסע פון 35 מיליארד אין 1930 יאָר ביז 50 מיליארד אין 1933 יאָר, דערבײַ איז, אזויווי דער כיילעק פון די קאפיטאליסטישע עלעמענטן, דערונטער אויך פון די קאָנצעסיאָנערן, באַטרעפט אין דער פאָלק־האכנאָסע בא הײַנטיקן טאָג ווייניקער ווי א האלבן פּראָצענט, ווערט קימאט די גאנצע פאָלק־האכנאָסע פאנאנדערגעטיילט צווישן די ארבעטער און אָנגעשטעלטע, ארבעטנדיקע פויערים, קאָאָפּעראציע און מעלוכע.

ב) א וווּקס פון דער באפעלקערונג פון ראטנפארבאנד פון 160,5 מיליאָן מענטשן סאָף 1930 יאָר ביז 168 מיליאָן סאָף 1933 יאָר.

ג) א וווּקס פון דער צאָל ארבעטער און אָנגעשטעלטע פון 14 מיליאָן 530 טויזנט אין 1930 יאָר ביז 21 מיליאָן 883 טויזנט אין 1933 יאָר, דערבײַ איז די צאָל פערזאָנען פון פיזישער ארבעט געשטיגן פארן דאָזיקן פּעריאָד פון 9 מיליאָן 489 טויזנט ביז 13 מיליאָן 797 טויזנט, די צאָל ארבעטער פון דער גרויס־אינדוסטריע, דערונטער ארבעטער פון טראנספּאָרט, איז געשטיגן פון 5 מיליאָן 79 טויזנט ביז 6 מיליאָן 882 טויזנט מאן, די צאָל לאנדווירטשאפטלעכע ארבעטער — פון 1 מיליאָן 426 טויזנט ביז 2 מיליאָן 519 טויזנט מאן, און די צאָל ארבעטער און אָנגעשטעלטע פון האנדל — פון 814 טויזנט ביז 1 מיליאָן 497 טויזנט מאן.

ד) א וווּקס פונעם ארבעטלוין־פאָנד פון די ארבעטער און אָנגעשטעלטע פון 13 מיליארד 597 מיליאָן רובל אין 1930 יאָר ביז 34 מיליארד 280 מיליאָן רובל אין 1933 יאָר.

ה) א וווּקס פונעם דורכשניטלעכן יערלעכן ארבעטלוין פון די אינדוסטריע־ארבעטער פון 991 רובל אין 1930 ביז 1 טויזנט 519 רובל אין 1933 יאָר.

ו) א וווּקס פון דעם פאָנד פון סאָציאַלער סטראכירונג פון די ארבעטער און אָנגעשטעלטע פון 1 מיליארד 810 מיליאָן רובל אין 1930 יאָר ביז 4 מיליארד 610 מיליאָן רובל אין 1933 יאָר.

ז) דאָס אריבערפירן די גאנצע אינדוסטריע אפ דער אויבערפלעך פון דער ערד אפ א 7־שאָיקן ארבעטטאָג.

ט) הילף די פויערים מיצאד דער מעלוכע אין דער פאָרם פון אָרגאניזירן פאר זיי 2 טויזנט 860 מאשינטראקטערישע סטאנציעס, וווּהין עס איז ארײַנגעלייגט געוואָרן 2 מיליארד רובל.

י) הילף די פויערים מיצאַד דער מעלוכע אין דער פאָרם פון קרעדיט פאַר די קאָלווירטן אפ 1 מיליארד 600 מיליאָן רובל.

כ) הילף די פויערים מיצאַד דער מעלוכע אין דער פאָרם פון זריִע־ און דערנערונג־האַלוואָעס אינעם פאַרלויף פונעם באַריכט־פּעריִאָד אפ 262 מי־ליאָן פוד קערנער.

ל) הילף די ווייניק־פאַרמעגלעכע פויערים מיצאַד דער מעלוכע אין דער פאָרם פון שטײַערן־ און סטראַכיר־להאָטעס אפ 370 מיליאָן רובל.

וואָס אָנבאַלאַנגט דער קולטורעלער אַנטוויקלונג פון לאַנד, האָבן מיר פאַרן באַריכט־פּעריִאָד:

א) דאָס אײַנפירן אין גאַנצן פססר אַלגעמיינע אָבליגאַטערישע אָנפאַנג־בילדונג און א העכערונג פון דעם פּראָצענט שריפטקענעוודיקייט פון 67% סאָפ 1930 יאָר ביז 90% סאָפ 1933.

ב) א וווּקס פון דער צאָל שילער אין די שולן פון אַלע שטופעס פון 14 מיליאָן 358 טויזנט אין 1929 יאָר ביז 26 מיליאָן 419 טויזנט מאַן אין 1933 יאָר, דערונטער לויט דער אָנפאַנג־בילדונג — פון 11 מיליאָן 697 טויזנט ביז 19 מיליאָן 163 טויזנט, לויט דער מיטעלער בילדונג — פון 2 מיליאָן 453 טויזנט ביז 6 מיליאָן 674 טויזנט מאַן, לויט דער הויכער בילדונג — פון 207 טויזנט ביז 491 טויזנט מאַן.

ג) א וווּקס פון דער צאָל קינדער אין דער פאָרשול־בילדונג פון 838 טויזנט אין 1929 יאָר ביז 5 מיליאָן 917 טויזנט אין 1933 יאָר.

ד) א וווּקס פון דער צאָל הויכשולן, אַלגעמיינע און ספּעציִעלע, פון 91 אין 1914 יאָר ביז 600 אין 1933 יאָר.

ה) א וווּקס פון דער צאָל וויסנשאַפטלעך־פאָרשערישע אינסטיטוטן פון 400 אין 1929 יאָר ביז 840 אין 1933 יאָר.

ו) א וווּקס פון דער צאָל אַנשטאַלטן פון קלוב־טיפּ פון 32 טויזנט אין 1929 יאָר ביז 54 טויזנט אין 1933 יאָר.

ז) א וווּקס פון דער צאָל קינאָ־טעאַטערס, קינאָ־אינסטאַליאַציעס אין די קלובן און באַוועגלעכע קינאָ פון 9 טויזנט 800 אין 1929 יאָר ביז 29 טויזנט 200 אין 1933 יאָר.

ט) א וווּקס פונעם איינמאָליקן צײַטונג־טיראַזש פון 12 מיליאָן 500 טויזנט אין 1929 יאָר ביז 36 מיליאָן 500 טויזנט אין 1933 יאָר.

עס שאַדט עפּשער ניט צו פאַרצייכענען, אַז דאָס ספּעציפישע געוויכט פון די ארבעטער צווישן די, וואָס לערנען זיך אין די הויכשולן, באַ־טרעפט בא אונדז 51,4%, און דאָס ספּעציפישע געוויכט פון די ארבעטנ־דיקע פויערים — 16,5%, אין דער צײַט, ווען אין דײַטשלאַנד, לעמאָשל, האָט דאָס ספּעציפישע געוויכט פון די ארבעטער צווישן די סטודענטן אין

די הויכשולן באטראַפן אין 1932/33 לערניאָר סאכאקל 3,2%, און דאָס ספעציפישע געוויכט פון די קליינפויערים — סאכאקל 2,4%.

מע דארף פארצייכענען, אלס פריידיקן פאקט און אלס סימען פונעם וווקס פון דער קולטורעלקייט אין דאָרף, — דעם וווקס פון דער אקטיווקייט פון די פרויען-קאָלווירטניצעס אפן געביט פון געזעלשאפטלעך-אָרגאניזאטארישער ארבעט. עס איז, לעמאָשל, באוווסט אז פרויען-קאָלווירטניצעס זיינען בא היינטיקן טאָג פאָרזיצערס פון קאָלווירטן—בא 6 טויזנט, מיטגלידער פון קאָלווירט-פארוואלטונגען — העכער 60 טויזנט, בריגאדירן — 28 טויזנט, רינג-אָרגאניזאטערס — 100 טויזנט, פארוואלטערס פון קאָלווירטישע סכוירע-פערמעס — 9 טויזנט, טראקטעריסטן — 7 טויזנט. עס איז אייבעריק צו זאָגן, אז די דאָזיקע אָנגאבן זיינען ניט קיין פולע. אָבער אויך דאָס ווייניקע, וואָס איז פאראן אין די דאָזיקע אָנגאבן, רעדט גענוג בוילעט וועגן דעם גרויסן וווקס פון דער קולטורעלקייט אין דאָרף. דער דאָזיקער אומשטאנד האָט, כאווירים, א קאָלאָסאלע באדייטונג. ער האָט א קאָלאָסאלע באדייטונג דערפאר, ווייל די פרויען בילדן א העלפט פון דער באפעלקערונג בא אונדז אין לאנד, זיי בילדן א קאָלאָסאלע ארבעטארמיי און זיי זיינען בארופן צו דערציען אונדזערע קינדער, אונדזער צוקינפטיקן דאָר, ד. ה. אונדזער צוקונפט. אָט פארוואָס מיר קאָנען ניט דערלאָזן, אז די דאָזיקע קאָלאָסאלע ארמיי ארבעטנדיקע זאָל פארשווארצט ווערן אין פינצטערניש און אין אומוויסנקייט! אָט פארוואָס מיר דארפן באגריסן די שטייגנדיקע געזעלשאפטלעכע אקטיווקייט פון די ארבעטנדיקע פרויען און דאָס ארויסרוקן זיי אף אָנפירנדיקע פאָסטנס, אלס בעפיירעשן סימען פונעם וווקס פון אונדזער קולטורעלקייט. (דויערנדיקע אפלאָדיסמענטן.)

צולעצט, דארף מען פארצייכענען נאָך איין פאקט, אָבער שוין פון נעגאטיוון כאראקטער. איך מיין יענע ניט-דערלאָזבארע דערשיינונג, וואָס די פעדאגאָגישע און מעדיצינישע „פאקולטעטן" זיינען נאָך אלץ בא אונדז פארשטויסן. דאָס איז א גרויסער פעלער, וואָס גרענעצט מיט ברעכן די אינטערעסן פון דער מעלוכע. צום דאָזיקן פעלער מוז מען אומבאדינגט מאכן א סאָף. און וואָס גיכער דאָס וועט געטאָן ווערן, איז אלץ בעסער.

## 4. דער אופשטייג פונעם סכוירע-אומזאץ און דער טראנספאָרט

מיר האָבן אזויארום:

א) א וווקס פון דער אינדוסטריעלער פראָדוקציע, דערונטער פון דער פראָדוקציע פארן ברייטן געברויך;

ב) א וווּקס פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער פּראָדוקציע;

ג) א וווּקס פון די באַדערפעניִשן און פונעם נאָכפרעג אף פּראָדוקטן און פאבריקאטן מיצאד די ארבעטנדיקע מאסן פון שטאָט און דאָרף.

וואָס פּאָדערט זיך נאָך, קעדיי צונויפשליסן די דאָזיקע באַדינגונגען און זיכערן דער גאנצער מאסע געברויכער דאָס באַקומען די נייטיקע סכוירעס און פּראָדוקטן?

אייניקע כאַווירים מיינען, אז עס איז גענוג דאָס פאַראנענזייַן פון די דאָזיקע באַדינגונגען, קעדיי דאָס עקאָנאָמישע לעבן פון לאַנד זאָל אָנהייבן שלאָגן ווי א קוואַל. דאָס איז א טיפער טאָעס. מע קאָן זיך פאָרשטעלן, אז עס זייַנען פאראַן די דאָזיקע אַלע באַדינגונגען, אָבער אויב די סכוירע דערגייט ניט ביזן געברויכער, קאָן ניט דאָס עקאָנאָמישע לעבן ניט בלויז שלאָגן ווי א קוואַל, נאָר פאַרקערט, — עס וועט צערודערט און דעזאָרגאַניזירט ווערן ביזן גרונט. מע דארף, ענדלעך, פארשטיין, אז סכוירעס ווערן פּראָדוצירט סאָפּקאָלסאָף ניט צוליב פּראָדוקציע, נאָר פארן געברויך. בא אונדז פלעגן טרעפן פאַלן, ווען סכוירעס און פּראָדוקטן איז געווען ניט ווייניק, אָבער זיי פלעגן ניט בלויז ניט דערגיין ביזן געברויכער, נאָר זיי פלעגן יאָרנווייַז ניט אופהערן ארומצושפּאצירן אין די ביוראָקראַטישע הינטערגעסלעך פון דער אזויגערופענער סכוירע־דורכפירנדיקער נעץ — אָן א זייַט פונעם געברויכער. עס פארשטייט זיך, אז בא אזוינע באַדינגונגען האָבן די אינדוסטריע און די לאַנדווירטשאפט פאַרלאָרן יעטווידער סטימול צו פאַרברייטערן די פּראָדוקציע, די סכוירע־דורכפירנדיקע נעץ פלעגט פאַרלעגערט ווערן מיט סכוירעס, און די ארבעטער און פויערים פלעגן בלייַבן אָן סכוירעס און אָן פּראָדוקטן. און אַלס רעזולטאט דערפון — א צערודערונג פונעם עקאָנאָמישן לעבן פון לאַנד, ניט געקוקט אפן פאַראנענזייַן פון סכוירעס און פּראָדוקטן. קעדיי דאָס עקאָנאָמישע לעבן פון לאַנד זאָל קאָנען אָנהייבן שלאָגן ווי א קוואַל, און די אינדוסטריע און די לאַנדווירטשאפט זאָלן האָבן א סטימול צום ווייַטערדיקן וווּקס פון זייער פּראָדוקציע, דארף מען האָבן נאָך איין באַדינג, נעמלעך — א פאַנאַנדערגעוויקלטן ס כ ו י ר ע ־ א ו מ ז א צ צווישן שטאָט און דאָרף, צווישן די ראַיאָנען און געגנטן פון לאַנד, צווישן די פארשיידענע צווייַגן פון דער פאָלקווירטשאַפט. עס איז נייטיק, אז דאָס לאַנד זאָל זייַן באַדעקט מיט א רייַכער נעץ האנדל־באזעס, מאגאזינען, קראָמען. עס איז נייטיק, אז דורך די קאַנאַלן פון די דאָזיקע באזעס, מאגאזינען, קראָמען זאָלן אָן אופהער צירקולירן סכוירעס פון די פּראָדוציר־ערטער צום געברויכער. עס איז נייטיק, אז אינעם דאָזיקן וועזן זאָלן אַרייַנגעצויגן ווערן

אי די מעלוכישע האנדל-נעצ, אי די קאָאָפּעראַטיווע האנדל-נעצ, אי די אָרטיקע אינדוסטריע, אי די קאָלווירטנ, אי די איינצלפּויערים.

אָט דאָס טאקע הייסט בא אונדז פאנאנדערגעוויקלטער *סאָוועטישער האנדל*, א האנדל אָנ קאפּיטאליסטנ, א האנדל אָנ ספּעקוליאנטנ.

ווי איר זעט, איז דאָס פאנאנדערוויקלענ דעם סאָוועטישנ האנדל יענע אויסערסט אקטועלע אופגאבע, וואָס אָנ איר לייזונג איז אומעגלעכ צו באוועגנ זיכ ווײַטער פאָרויס.

אונ דאָכ, ניט געקוקט אפ דער פולער באשײַמפּערלעכקײַט פונעם דאָזיקנ עמעס, האָט די פּארטיי געהאט בײַצוקומענ פארנ באריכט-פּעריאָד א גאנצע ריי שטערונגענ אפנ וועג צום פאנאנדערוויקלענ דעם סאָוועטישנ האנדל, וועלכע מע וואָלט געקאָנט פאָרמולירנ, צוליב קורצקײַט, ווי א רעזולטאט דערפונ, וואָס בא א טייל קאָמוניסטנ איז אויסגעלינקט געוואָרנ דער סייכל אינ די פראגנ וועגנ דער נייטיקײַט אונ וועגנ דער באדײַטונג פונעם סאָוועטישנ האנדל.

לאָמיר אָנהייבנ דערפונ, וואָס אינ די רייענ פונ איינ טייל קאָמוניסטנ הערשט נאָכ אלצ א גײַוועדיקע, ביטלדיקע באציִונג צום האנדל ביכלאל, צום סאָוועטישנ האנדל ביפראט. די דאָזיקע, מישטיינסגעזאָגט, קאָמוניסטנ באטראכטנ דעם סאָוועטישנ האנדל אלס צווייטראנגיקע זאכ, וואָס האָט ניט קיינ ווערט, אונ די האנדל-טוער אלס פארפאלענע מענטשנ. די דאָזיקע מענטשנ פארשטייענ אפּאָנעם ניט, אז מיט זייער גײַוועדיקער באציִונג צום סאָוועטישנ האנדל דריקנ זיי אויס ניט קיינ באָלשעוויסטישע אָנשויונגענ, נאָר די אָנשויונגענ פונ אָפּגעקומענע פריצים, וואָס האָבנ א גרויסע אמביציע, נאָר זיי האָבנ ניט קיינ שום אמוניציע. (*אפּלאָדיסמענטנ.*) די דאָזיקע מענטשנ פארשטייענ ניט, אז דער סאָוועטישער האנדל איז אונדזערער, אנ אייגענער, באָלשעוויסטישער איניענ, אונ די האנדל-טוער, דערונטער אויכ די האנדל-אָנגעשטעלטע, אויב נאָר זיי ארבעטנ ערלעכ,—זײַנענ זיי דורכפירער פונ אונדזער, רעוואָליוציאָנערער, באָלשעוויסטישער ארבעט. (*אפּלאָדיסמענטנ.*) עס פארשטייט זיכ, אז די פּארטיי האָט געמוזט א ביסל א גראָמיר טאָנ די דאָזיקע, מישטיינסגעזאָגט, קאָמוניסטנ, אונ זייערע פּריצישע פאָרורטיילנ—ארײַנווארפנ אינ מיסטקאסטנ. (*דויערנדיקע אפּלאָדיסמענטנ.*)

מע האָט געמוזט בײַקומענ, ווײַטער, די פאָרורטיילנ פונ אנ אנדער מינ. עס האנדלט זיכ וועגנ דער לינקאטשישער פלוידערײַ, וואָס איז פארשפּרייט צווישנ א טייל טוער אונדזערע, אז דער סאָוועטישער האנדל איז קלוימערשט א דורכגעמאכטע סטאדיע, אז מיר דארפנ אָרגאניזירנ א דירעקטנ פּראָדוקטנ-אויסטויש, אז דאָס געלט וועט אינגיכנ אָפּגעשאפט ווערנ, ווײַל

עס איז קלוימערשט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איינפאַכע צערעכענונג־צייכנס, אַז עס איז ניטאָ וואָס צו אַנטוויקלען דעם האַנדל, אויב עס קלאַפּט שוין אין טיר דער דירעקטער פּראָדוקטן־אויסטויש. מע דאַרף פאַרצייכענען, אַז די דאָזיקע לינקאַטשיש־קליינבירגערלעכע פּלוידעריַי, וואָס ברענגט נוצן די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן, וועלכע שטרעבן אַראָפּצורייַסן דאָס פאַנאַנדערוויקלען דעם סאָוועטישן האַנדל, האָט אַן אָנגאַנג ניט בלויז צווישן אייניגע רויטע פּראָפעסאָרן, נאָר אויך צווישן אייניקע האַנדל־טוער. עס איז, פאַרשטייט זיך, לעכערלעך און טשיקאַווע, ווען די דאָזיקע מענטשן, וואָס זייַנען ניט פייִק צו אָרגאַניזירן דעם ביז גאָר איינפאַכן איניען פון סאָוועטישן האַנדל, פּלוידערן וועגן זייער גרייטקייַט צו אָרגאַניזירן דעם מער קאָמפּליצירטן און שווערן איניען פון דירעקטן פּראָדוקטן־אויסטויש. אָבער די דאָן־קיכאָטן הייסן טאַקע דערפאַר דאָן־קיכאָטן, ווייַל זיי האָבן ניט קיין עלעמענטאַרן לעבנ־כוש. די דאָזיקע מענטשן, וואָס זייַנען פונקט אַזוי ווייַט פון מאַרקסיזם, ווי דער הימל פון דער ערד, פאַרשטייען אַפּאָנעם ניט, אַז געלט וועט נאָך בא אונדז פאַרבלייַבן לאַנג, ביזן סאַמע פאַרענדיקן די ערשטע סטאַדיע פון קאָמוניזם, — די סאָציִאַליסטישע אַנטוויקלונג־סטאַדיע. זיי פאַרשטייען ניט, אַז געלט — דאָס איז יענער אינסטרומענט פון דער בורזשואַזער עקאָנאָמיק, וואָס די ראַטנמאַכט האָט גענומען צו זיך אין די הענט און האָט צוגעפּאַסט צו די אינטערעסן פונעם סאָציִאַליזם, קעדיי צו פאַנאַנדערוויקלען אין דער פולער מאָס דעם סאָוועטישן האַנדל און דערמיט גופא צוגרייטן די באַדינגונגען פאַרן דירעקטן פּראָדוקטן־אויסטויש. זיי פאַרשטייען ניט, אַז דער פּראָדוקטן־אויסטויש קאָן קומען בלויז צו פאַרנעמען דאָס אָרט און אין רעזולטאַט פון אַן אידעאַל־אָרגאַניזירטן סאָוועטישן האַנדל, וואָס בא אונדז איז דערפון קיין זייכער ניטאָ און וואָס וועט ניט אַזוי גיך זייַן בא אונדז. עס פאַרשטייט זיך, אַז, שטרעבנדיק צו אָרגאַניזירן דעם פאַנאַנדערגעוויקלטן סאָוועטישן האַנדל, האָט די פּאַרטיי געפונען פאַר נייטיק אַ גראָמיר טאָן אויך די דאָזיקע „לינקע" קריפּלס, און זייער קליינבירגערלעכע פּלוידעריַי — אַוועקלאָזן מיטן ווינט.

מע האָט, ווייַטער, געמוזט בייַקומען די אומגעזונטע געוווינהייַטן פון די האַנדל־טוער צו פאַנאַנדערטיילן מעכאַניש די סכוירעס, ליקווידירן די ביטלדיקע באַציִונג צו די פּאָדערונגען פונעם אַסאָרטימענט און צו די פּאָדערונגען פונעם געברויכער, ליקווידירן דאָס מעכאַנישע פאַרשיקן סכוירעס, די אַנאָנימקע אינעם האַנדל. צוליב דעם דאָזיקן ציל האָט מען געעפנט האַנדל־באַזעס, געגנטלעכע און צווישן־ראַיאָנע, געעפנט צענדליקער טויזנטער נייַע מאַגאַזינען און בייַדלעך.

ווייַטער, איז אויסגעקומען צו ליקווידירן די מאָנאָפּאָל־לאַגע פון דער

קאָאָפּעראַציע אַפן מאַרק, וואָס אין צוזאַמענהאַנג דערמיט האָט מען פאַרפליכטעט אַלע פּאָלקאָמאַטן אָנצוהייבן האַנדלען מיט זייערע אייגענע סכוירעס און דעם פּאָלקאָמבאַזאָרג — צו פאַנאַנדערוויקלען אַ ברייטן קאָמערציעלן האַנדל מיט ראַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן, און דאָס האָט געבראַכט, פון איין זײַט, אין סיידער פון געוועט, צו אַ פאַרבעסערונג פונעם האַנדל פון דער קאָאָפּעראַציע, און פון דער צווייטער זײַט — צו דער אַראָפּזעצונג פון די פּרײַזן אַפן מאַרק, צו דער געזונטמאַכונג פונעם מאַרק.

מע האָט פאַנאַנדערגעוויקלט אַ ברייטע נעץ גאָרקיכן מיט אַראָפּגעזעצטע פּרײַזן פאַר דער סכוירע, וואָס מע פאַרקויפט („געזעלשאַפטלעכע דערנערונג״), אָרגאַניזירט אָפּטיילן פאַר אַרבעטער-באַזאָרגונג („אָרסן״) בײַ די זאַוואָדן און פאַבריקן, אָפּגעפעסטיקט פון דער זאַוואָדישער באַזאָרגונג די עלעמענטן, וואָס האָבן ניט קיין שײַכעס צום זאַוואָד, דערבײַ האָט מען בלויז אין דער סיסטעם פונעם פּאָלקאָמאַט פון שווערער אינדוסטריע אַליין געמוזט אָפּפעסטיקן ניט ווייניקער ווי 500 טויזנט זײַטיקע עלעמענטן.

מע האָט אָרגאַניזירט אַן איינהײַטלעכן צענטראַליזירטן באַנק פאַר קורצ-טערמיניקן קרעדיט, — דעם מעלוכע-באַנק מיט 2 טויזנט 200 ראַיאָנע אָפּטיילונגען אַפ די ערטער, וואָס זײַנען פעיִק צו פינאַנסירן די האַנדל-אָפּעראַציעס.

אין רעזולטאַט פון די דאָזיקע מאָסמיטלען האָבן מיר פאַרן באַריכט-פעריאָד:

א) א וווּקס פון דער נעץ מאַגאַזינען און האַנדל־בײַדלעך פון 184 טויזנט 662 איינסן אין 1930 יאָר ביז 277 טויזנט 974 איינסן אין 1933 יאָר;

ב) אַ נײַ געשאַפענע נעץ געגנטלעכע האַנדל־באַזעס אין אַ צאָל פון 1 טויזנט 11 איינסן און צווישנראַיאָנע האַנדל-באַזעס אין אַ צאָל פון 864 איינסן;

ג) אַ נײַ געשאַפענע נעץ אָפּטיילן פאַר אַרבעטער-באַזאָרגונג אין אַ צאָל פון 1 טויזנט 600 איינסן;

ד) אַ וווּקס פון דער נעץ קאָמערציעלע מאַגאַזינען פאַר ברויט־האַנדל, וואָס כאַפּט אַרום בײַ הײַנטיקן טאָג 330 שטעט;

ה) אַ וווּקס פון דער נעץ גאָרקיכן פון געזעלשאַפטלעכער דערנערונג, וואָס כאַפּט איצט אַרום 19 מיליאָן 800 טויזנט געברויכער;

ו) אַ וווּקס פונעם סכוירע־אומזאַץ לויט דער מעלוכישער און קאָאָפּעראַטיווער ליניע, אײַנגעשלאָסן די גאָרקיכן פאַר געזעלשאַפטלעכער דערנערונג, פון 18 מיליאַרד 900 מיליאָן רובל אין 1930 יאָר ביז 49 מיליאַרד רובל אין 1933 יאָר.

עס וואָלט געווען אַ טעות צו מיינען, אַז די דאָזיקע גאַנצע פאַנאַנדערוויקלונג פונעם סאָוועטישן האַנדל איז גענוג, כדי צו באַפרידיקן די באַדערפענישן פון אונדזער עקאָנאָמיק. פאַרקערט, איצט ווערט מער, איידער ווען־עס־איז פריער, קלאָר, אַז דער איצטיקער צושטאַנד פונעם סכוירע־אום-

זאַצ קאָן ניט באַפרידיקן אונדזערע באַדערפענישן. דעריבער באַשטייט די אויפגאַבע דערין, אַז מע זאָל פאַנאַנדערוויקלען ווײַטער דעם סאָוועטישן האַנדל, אַרײַנציִען אין אים די אָרטיקע אינדוסטריע, פאַרשטאַרקן דעם קאָל־ווירטיש־פויערשן האַנדל און דערשלאָגן זיך נײַע אַנטשיידנדיקע דערפאָלגן אויפן געביט פון אויפהייבן דעם סאָוועטישן האַנדל.

עס איז אָבער נייטיק צו פאַרצייכענען, אַז מע קאָן זיך ניט באַגרע־נעצן בלויז מיט פאַנאַנדערוויקלען דעם סאָוועטישן האַנדל. אויב די אַנט־וויקלונג פון אונדזער עקאָנאָמיק שפּאַרט זיך אָן דער אַנטוויקלונג פונעם סכוירע־אומזאַץ, אָן דער אַנטוויקלונג פונעם סאָוועטישן האַנדל, איז די אַנטוויקלונג פונעם סאָוועטישן האַנדל שפּאַרט זיך ווידער אָן אָן דער אַנטוויקלונג פון אונדזער טראַנספּאָרט, סײַ דעם באַן־ און וואַסער־טראַנספּאָרט סײַ דעם אווטאָמאָביל־טראַנספּאָרט. עס קאָן פּאַסירן, אַז סכוירעס זײַנען פאַראַן, עס איז פאַראַן די פולע מעגלעכקײַט צו פאַנאַנדערוויקלען דעם סכוירע־אומזאַץ, אָבער דער טראַנספּאָרט שטייט אָפּ פון דער אַנטוויקלונג פונעם סכוירע־אומזאַץ און איז ניט בעקויעך צו פירן די פראַכטן. ווי באַוווּסט, טרעפט עס באַ אונדז אָפט יעדן טריט און שריט. דעריבער איז דער טראַנספּאָרט יענער שמאָל אָרט, וואָס אָן אים קאָן זיך ספּאָטיקען, און, אפשר, עס הייבט זיך שוין אָן ספּאָטיקען אונדזער גאַנצע עקאָנאָמיק, און, קודעמקאָל, אונדזער סכוירע־אומזאַץ.

עמעס, דער באַן־טראַנספּאָרט האָט פאַרגרעסערט זײַן פראַכט־אומזאַץ פון 133,9 מיליאַרד טאָן־קילאָמעטער אין 1930 יאָר ביז 172 מיליאַרד טאָן־קילאָמעטער אין 1933 יאָר. אָבער דאָס איז ווייניק, צו ווייניק פאַר אונדז, פאַר אונדזער עקאָנאָמיק.

דער וואַסער־טראַנספּאָרט האָט פאַרגרעסערט זײַן פראַכט־אומזאַץ פון 45,6 מיליאַרד טאָן־קילאָמעטער אין 1930 יאָר ביז 59,9 מיליאַרד טאָן־קילאָמעטער אין 1933 יאָר. אָבער דאָס איז ווייניק, צו ווייניק פאַר אונדזער עקאָנאָמיק.

איך רייד שוין ניט וועגן דעם אווטאָמאָביל־טראַנספּאָרט, וואָס זײַן פּאַרק האָט זיך פאַרגרעסערט פון 8 טויזנט 800 אווטאָמאָבילן (פראַכט־ און פּאַסאַ־זשיר־אווטאָמאָבילן) אין 1913 יאָר ביז 117 טויזנט 800 אווטאָמאָבילן אין סאָף 1933 יאָר. דאָס איז אַזוי ווייניק פאַר אונדזער פאָלקווירטשאַפט, אַז עס איז אַ כאַרפּע אפילו צו ריידן וועגן דעם.

עס קאָן קיין ספק ניט זײַן, אַז די דאָזיקע אַלע מינים טראַנספּאָרט וואָלטן געקאָנט אַרבעטן אַ סאַך בעסער, ווען די טראַנספּאָרט־אָרגאַנען וואָלטן ניט געקרענקט אויף דער באַוווּסטער קראַנקײַט, וואָס רופט זיך קאַנצעליאַריש־ביוראָקראַטישער מעטאָד פון אָנפירונג. דעריבער איז, אַכוץ דעם, וואָס מע דאַרף העלפן דעם טראַנספּאָרט מיט מענטשן און מיטלען, באַשטייט די

אופגאבע אינ אויסוואָרצלענ אינ די טראנספּאָרט-אָרגאנענ די ביוראָקראטיש־קאנצעליארישע באציִונג צו דער ארבעט, מאכנ זיי מער אָפּעראטיוו.

כאוויירימ! מיר האָבנ זיכ דערשלאָגנ דערצו, אז די גרונט-פראגנ פונ דער אינדוסטריע זײַנענ ריכטיק געלייזט געוואָרנ, אונ די אינדוסטריע שטייט איצט פעסט אפ די פיס. מיר האָבנ זיכ דערשלאָגנ דערצו, אז די גרונט־פראגנ פונ דער לאנדווירטשאפט זײַנענ אויכ ריכטיק געלייזט געוואָרנ, אונ די לאנדווירטשאפט — מיר קאָנענ דאָס איצט בעפיירעש זאָגנ — שטייט איצט אויכ פעסט אפ די פיס. אָבער מיר קאָנענ פארלירנ די דאָזיקע דערגרייכונגענ, אויב אונדזער סכוירע־אומזאצ וועט אָנהייבנ הינקענ, אונ דער טראנס־פּאָרט וועט הענגענ בא אונדז ווי א שטיינ אפ די פיס. דעריבער איז די אופגאבע צו פאנאנדערוויקלענ דעמ סכוירע־אומזאצ אונ צו פארבעסערנ אנטשיידנ דעמ טראנספּאָרט יענע אָרדנטלעכע אונ ביז גאָר אקטועלע אופ-גאבע, וואָס אָנ איר לייזונג קאָנענ מיר זיכ ניט באווענג פאָרויס.

## III

## די פארטיי

איכ גיי אריבער צו דער פראגע וועגנ דער פארטיי.

דער איצטיקער צוזאמענפאָר קומט פאָר אונטער דער פאָנ פונעמ פול-שטענדיקנ זיג פונ לעניניזמ, אונטער דער פאָנ פונ ליקווידירנ די רעשטנ פונ די אנטילעניניִשע גרופּירונגענ.

עס איז צעקלאפּט אונ צעשטרייט די אנטילעניניִשע גרופּע טראָצקיסטנ. אירע אָרגאניזאטערס דרייענ זיכ איצט ארומ אינ אויסלאנד אינ די הינטער־הויפנ פונ די בורזשואזע פארטייענ.

עס איז צעקלאפּט אונ צעשטרייט די אנטילעניניִשע גרופּע רעכטע אָפּ-נייגלער. אירע אָרגאניזאטערס האָבנ זיכ שוינ לאנג אָפּגעזאָגט פונ זייערע אָנשויונגענ אונ איצט באמִיִענ זיי זיכ אפ אלערליי אופנימ צו פארגלעטנ זייערע זינד פאר דער פארטיי.

עס זײַנענ צעקלאפּט אונ צעשטרייט די נאציאָנאל-אָפּנייגלערישע גרו־פּירונגענ. זייערע אָרגאניזאטערס האָבנ זיכ אָדער ענדגילטיק צונויפגעשמאָלצנ מיט דער אינטערווענציאָניסטישער עמיגראציע, אָדער זיי האָבנ אנערקענט זייערע זינד.

די מערהײַט אָנהענגער פונ די דאָזיקע אנטירעוואָליוציאָנערע גרופּעס איז געווענ געצוווּנגענ צו אנערקענענ די ריכטיקײַט פונ דער פארטיי-ליניִע אונ האָט קאפּיטולירט פאר דער פארטיי.

אויב אפן XV צוזאַמענפאָר איז נאָך אויסגעקומען צו דערווייַזן די ריכטיקייַט פון דער פּאַרטיי־ליניע און צו פירן א קאַמף קעגן געוויסע אַנטי־לעניניש גרופּירונגען, און אפן XVI צוזאַמענפאָר — דערשלאָגן די לעצטע אָנהענגער פון די דאָזיקע גרופּירונגען, איז אפּ דעם דאָזיקן צוזאַמענפאָר גאָר ניטאָ וואָס צו דערווייַזן, און עס איז אייגנטלעך ניטאָ וועמען צו שלאָגן. אַלע זעען, אז די פּאַרטיי־ליניע האָט געזיגט. (א דונער פון אַפּלאָדיס־מענטן.)

עס האָט געזיגט די פּאָליטיק פון אינדוסטריאַליזירן דאָס לאַנד. אירע רעזולטאַטן זייַנען איצט קלאָר פאַר אַלעמען. וואָס קאָן מען דערווידערן קעגן אָט־דעם פאַקט?

עס האָט געזיגט די פּאָליטיק פון ליקווידירן דאָס באַלעבאָטישקייט און פון דורכפירן קאָלעקטיוויזאַציע. אירע רעזולטאַטן זייַנען אויך קלאָר פאַר אַלעמען. וואָס קאָן מען דערווידערן קעגן אָט־דעם פאַקט?

עס איז דערוויזן געוואָרן אפּ דער דערפאַרונג פון אונדזער לאַנד, אז דער זיג פון סאָציאַליזם אין איין, באַזונדער גענומען לאַנד — איז פול־שטענדיק מעגלעך. וואָס קאָן מען דערווידערן קעגן אָט־דעם פאַקט?

קלאָר, אז די אַלע דערפאָלגן און, פריִער פאַר אַלץ, דער זיג פון פינפיאָר האָבן ענדגילטיק דעמאָראַליזירט און צעקלאַפּט אפּ פּיץ־פּיצלעך אַלע און אַלערליי אַנטי־לעניניש גרופּירונגען.

מע דאַרף אָנערקענען, אז די פּאַרטיי איז איצט באַהעפט אין איין גוס, ווי קיינמאָל ניט ביז איצט. (שטורמישע, לאַנגדויערנ־דיקע אַפּלאָדיסמענטן.)

## 1. פראַגן פון אידייִש־פּאָליטישער אָנפירונג

צי הייסט עס אָבער, אז דער קאַמף איז פאַרענדיקט און דער ווייַ־טערדיקער אָנגריף פון סאָציאַליזם פאַלט אָפּ, ווי אן איבעריקע זאַך?

ניין, עס הייסט ניט.

צי הייסט עס, אז בא אונדז אין דער פּאַרטיי איז אַלץ קעשורע, אז קיינע אָפּנייגן וועלן אין איר מער ניט זייַן און — הייסט עס — מע קאָן איצט רוען אפּ די לאָרבער־קרענצן?

ניין, עס הייסט ניט.

די סאָנים פון דער פּאַרטיי, די אָפּאָרטוניסטן פון אַלע קאָלירן, די נאַציאָנאַל־אָפּנייגלער פון יעדן מין — זייַנען צעקלאַפּט. אָבער די רעשטן פון זייער אידעאָלאָגיע לעבן נאָך אין די מויכעס פון באַזונדערע פּאַרטיי־מיט־גלידער און ניט זעלטן לאָזן זיי וועגן זיך הערן. די פּאַרטיי קאָן מען ניט

באטראכטן, ווי עפּעס א זאך, וואָס איז אָפּגעריסן פון די ארומיקע מענטשן. זי לעבט און קעמפט אינוויינוויק אין דער סוויווע, וואָס רינגלט זי ארום. קיין וואונדער ניט, וואָס אין דער פּארטיי דרינגען ניט זעלטן אריין פון דרויסן אומגעזונטע שטימונגען. און א באָדן פאר אזעלכע שטימונגען איז, אָן ספק, פאראן אין אונדזער לאנד, כאָטשבי דערפאר, וואָס בא אונדז עקזיסטירן נאָך אלץ געוויסע צווישנשיכטן פון דער באפעלקערונג סיי אין שטאָט סיי אין דאָרף, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר א סוויווע, וואָס שפּייזט אזעלכע שטימונגען.

די XVII קאָנפערענץ פון אונדזער פּארטיי האָט געזאָגט, אז איינע פון די פּאָליטישע גרונט-אופגאבן באַם פארווירקלעכן דעם צווייטן פינפיאָר באשטייט „אין בײַקומען די איבערבלײַבעכצן פונעם קאפּיטאליזם אין דער עקאָנאָמיק און אינעם באוווסטזײַן פון די מענטשן”. דאָס איז אן אבסאָליוט ריכטיקער געדאנק. אָבער צי קאָן מען דען זאָגן, אז מיר האָבן שוין בײַגעקומען אלע איבערבלײַבעכצן פונעם קאפּיטאליזם אין דער עקאָנאָמיק? ניין, מע קאָן דאָס ניט זאָגן. נאָך מער קאָן מען ניט זאָגן, אז מיר האָבן בײַגעקומען די איבערבלײַבעכצן פונעם קאפּיטאליזם אינעם באוווסטזײַן פון די מענטשן. מע קאָן דאָס ניט זאָגן ניט בלויז דערפאר, וואָס דער באוווסטזײַן פון די מענטשן שטייט אָפּ אין זײַן אנטוויקלונג פון זייער עקאָנאָמישער לאגע, נאָר אויך דערפאר, ווײַל עס עקזיסטירט נאָך אלץ א קאפּיטאליסטישע ארומרינגלונג, וואָס באמיט זיך אופצולעבן און צו שטיצן די איבערבלײַבעכצן פונעם קאפּיטאליזם אין דער עקאָנאָמיק און אינעם באוווסטזײַן פון די מענטשן אין פּססר און וואָס קעגן איר מוזן מיר, באָלשעוויקעס, די גאנצע צײַט האלטן דעם פּולווער טרוקן.

פארשטייט זיך, אז די דאָזיקע איבערבלײַבעכצן קאָנען ניט ניט זײַן א גינסטיקער באָדן פאר דער אופלעבונג פון דער אידעאָלאָגיע פון די צעקלאפּטע אנטי-לענינישע גרופּעס אין די מויכעס פון באזונדערע מיטגלידער פון אונדזער פּארטיי. גיט צו דערצו דעם ניט זייער הויכן טעאָרעטישן ניוואָ פון דער מערהײַט מיטגלידער פון אונדזער פּארטיי, די שוואכע אידעאָלאָגישע ארבעט פון די פּארטיי-אָרגאנען, די אָנגעלאָדנקײַט פון אונדזערע פּארטיי-טוער מיט ריין-פּראקטישער ארבעט, וואָס נעמט בא זיי אָפּ די מעגלעכקײַט צו דערגאנצן זייער טעאָרעטישן באגאזש, — און איר וועט פארשטיין, פונוואַנען עס נעמט זיך יענער פּלאָנטער אין א ריי פראגן פון לעניניזם אין די מויכעס בא באזונדערע פּארטיי-מיטגלידער, וועלכער דרינגט ניט זעלטן ארײַן אין אונדזער פּרעסע און פארלײַכטערט די אופלעבונג פון די רעשטן אידעאָלאָגיע פון די צעקלאפּטע אנטי-לענינישע גרופּעס.

אָט פארוואָס מע קאָן ניט זאָגן, אז דער קאמף איז פארענדיקט און

עס איז מער ניטאָ קיין נייטיקייט אין דער פּאָליטיק פון אָנגריף פונעם סאָציאַליזם.

מע וואָלט געקאָנט נעמען א ריי פראגן פונעם לעניניזם און דע־מאָנסטרירן מיט זיי — אף וויפל עס זײַנען נאָך לעבהאפט צווישן אייניקע פּארטיי־מיטגלידער די רעשטן אידעאָלאָגיע פון די צעקלאפּטע אנטילענינשע גרופּעס.

לאָמיר נעמען, צומבײַשפּיל, די פראגע וועגן אויסבויען די אָנקלאַסע־ווע סאָציאַליסטישע געזעלשאפט. די XVII פּארטיי־קאָנפערענצ האָט געזאָגט, אז מיר גייען צום שאפן אן אָנקלאסעווע, סאָציאַליסטישע גע־זעלשאפט. פארשטייט זיך, אז אן אָנקלאסעווע געזעלשאפט קאָן ניט קומען אין סיידער, אזוי צו זאָגן, פון זעלבשטראָם. מע דארף זי אויסקעמפן און אויסבויען מיט די אָנשטרענגונגען פון אלע ארבעטנדיקע — דורך פארשטארקן די אָרגאנען פון דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט, דורך פאנאנדערוויקלען דעם קלאסנקאמף, דורך פארניכטן די קלאסן, דורך ליקווידירן די רעשטן פון די קאפּיטאליסטישע קלאסן, אין שלאכטן קעגן די סאָנים סײַ קעגן די אינערלעכע סײַ קעגן די אויסערלעכע.

די זאך איז, דאכט זיך, קלאָר.

און דאָך, ווער ווייסט ניט באוווּסט, אז די פּראָקלאמירונג פון אָט־דעם קלאָרן און עלעמענטארן טעזיס פון לעניניזם האָט ארויסגערופן ניט קיין קליינעם פּלאָנטער אין די מויכעס און אומגעזונטע שטימונגען צווישן א טייל פּארטיי־מיטגלידער? דעם טעזיס וועגן אונדזער באוועגן זיך פּאָרויס צו דער אָנקלאסעווער געזעלשאפט, וואָס איז געגעבן געוואָרן ווי א לאָזונג, האָבן זיי באנומען ווי א סטיכישן פּראָצעס. און זיי האָבן געמאכט אזא כעזשבן: אויב אן אָנקלאסעווע געזעלשאפט, הייסט עס, — מע קאָן אָפּשוואכן דעם קלאסנקאמף, מע קאָן אָפּשוואכן די דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט און בכלל מאכן א סאָף צו דער מעלוכע, וואָס מוז סײַוויסײַ אָפּשטארבן אין דער נאָענטסטער צײַט. און זיי זײַנען ארײַנגעפאלן אין קעלבערנער היספּײַלעס פון דער דערווארטונג, אז אינגיכן וועלן ניט זײַן קיינע שום קלאסן, — הייסט עס, עס וועט ניט זײַן קיין קלאסנקאמף, — הייסט עס, עס וועלן ניט זײַן קיין דײַגעס און אגמעסנפעש, — הייסט עס, מע קאָן אוועק־לייגן דאָס געווער און גיין זיך לייגן שלאָפן — שלאָפן און ווארטן, ביז עס וועט קומען די אָנקלאסעווע געזעלשאפט. (אלגעמיינער געלעכטער פונעם גאנצן זאל.)

עס קאָן קיין ספק ניט זײַן, אז דער דאָזיקער פּלאָנטער אין די מויכעס און די דאָזיקע שטימונגען זײַנען, ווי צוויי טראָפּן וואסער, ענלעך אף די באוווּסטע אָנשויונגען פון די רעכטע אָפּנייגלער, לויט וועלכע דאָס

אלטע דארפ סטיכיש אריַינוואקסנ אינעמ נייַעמ, אונ אינ איינ שיינעמ פרימאָרגנ דארפנ מיר אומבאמערקט זיכ אופכאפנ אינ דער סאָציאַליסטישער געזעלשאפט.

ווי איר זעט, זייַנענ די רעשטנ אידעאָלאָגיע פונ די צעקלאפטע אנטי־לענינשע גרופעס פולשטענדיק פייִיק צו אופלעבונג אונ האָבנ נאָכ ווייַט ניט פארלאָרנ זייער לעבהאפטיקייַט.

פארשטייט זיכ, אז ווענ דער דאָזיקער פלאָנטער אינ די אָנשויונגענ אונ די דאָזיקע ניט־באָלשעוויסטישע שטימונגענ וואָלטנ באהערשט די מערהייַט פונ אונדזער פארטיי, וואָלט די פארטיי זיכ ארויסגעוויזנ א דעמאָביליזירטע אונ אנ אנטוואָפנטע.

לאָמיר נעמענ, ווייַטער, די פראגע וועגנ לאנדווירטשאפטלעכנ א ר ט ע ל אונ לאנדווירטשאפטלעכער ק אָ מ ו נ ע. איצט אנערקענענ אלע, אז דער ארטעל איז בא די איצטיקע באדינגונגענ די איינציק ריכטיקע פאָרמ פונ דער קאָלווירטישער באוועגונג. אונ דאָס איז אינגאנצנ פארשטענדלעכ: א) דער ארטעל פאָרט ריכטיק צונויפ די פערזענלעכע, שטייגערישע אינטערעסנ פונ די קאָלווירטניקעס מיט זייערע געזעלשאפטלעכע אינטערעסנ, ב) דער ארטעל פאסט געלונגענ צו די פערזענלעכע, שטייגערישע אינטערעסנ — צו די געזעלשאפטלעכע אינטערעסנ אונ דערמיט גופע פארגרינגערט ער די דערציִונג פונ די נעכטיקע איינצלפויערימ אינ גייַסט פונ קאָלעקטיוויזמ.

צומ אונטערשייד פונ ארטעל, ווו עס זייַנענ פארגעזעלשאפטלעכט בלויז די פראָדוציר־מיטלענ, זייַנענ אינ די קאָמונעס ביז דער לעצטער צייַט געווענ פארגעזעלשאפטלעכט ניט בלויז די פראָדוציר־מיטלענ, נאָר אויכ דער לעבנ־שטייגער פונ יעדנ קאָמונע־מיטגליד, דה. די קאָמונע־מיטגלידער האָבנ, צומ אונטערשייד פונ די ארטעל־מיטגלידער, ניט געהאט אינ זייער פערזענלעכנ באזיצ קיינ שטוב־אויפעס, קיינ קליינפי, קיינ בעהיימע, קיינ טוווע, קיינ בייַהויפישע ערד. דאָס באטייַט, אז אינ די קאָמונעס פלעגנ די פערזענלעכע, שטייגערישע אינטערעסנ פונ די מיטגלידער ניט אזויפיל דיסקאָנטירט אונ צונויפגעפאָרט ווערנ מיט די געזעלשאפטלעכע אינטערעסנ, וויפל זיי פלעגנ פארטויבט ווערנ דורכ די געזעלשאפטלעכע אינטערעסנ צוליב די אינטערעסנ פונ דער קליינבירגערלעכער אויסגלייַכערייַ. פארשטייט זיכ, אז אָט־דער אומשטאנד איז די סאמע שוואכע זייַט פונ די קאָמונעס. דערמיט, אייגנטלעכ, דערקלערט זיכ טאקע, וואָס די קאָמונעס האָבנ ניט קיינ גרויסע פארשפרייטונג אונ זיי באגעגענענ זיכ בלויז איינצלנע אונ צענדליקער. איבער דער זעלבער סיבע זייַנענ די קאָמונעס, קעדיי צו פארטיידיקנ זייער עקזיסטענצ אונ קעדיי ניט פאנאנדערפאלנ, געווענ געצוווּנגענ זיכ אָפצוזאָגנ פונ פארגעזעלשאפטלעכנ דעמ לעבנשטייגער, זיי הייבנ אָנ ארבעטנ לויט טעג

ארבעט, זיי האָבנ אָנגעהויבנ ארויסגעבנ טוווע אהיימ, זיי דערלויבנ אינ דער פערזענלעכער באַפעבאַטישקייַט שטוב-אויפעס, קליינפי, א בעהיימע אאוו., אָבער דערפונ דרינגט ארויס, אז די קאָמונעס זייַנעג פאקטיש אריבער אפנ סטאטוט פונ ארטעלנ. אונ דערינ איז קיינ שומ בייז ניטאָ, ווייַל דאָס פאָדערנ די אינטערעסנ פונ דער געזונטער אנטוויקלונג פונ דער מאסעווער קאָלווירטישער באוועגונג.

דאָס הייסט ניט, פארשטייט זיך, אז די קאָמונע איז ביכלאל ניט נייטיק, אז זי איז שוינ מער ניט די העכסטע פאָרמ פונ דער קאָלווירטישער באוועגונג. ניינ, די קאָמונע איז נייטיק אונ זי איז, פארשטייט זיך, די העכסטע פאָרמ פונ דער קאָלווירטישער באוועגונג, אָבער ניט די איצטיקע קאָמונע, וואָס איז אנטשטאנענ אפ דער באזע פונ ניט-אנטוויקלטער טעכניק אונ פונ מאנגל אינ פראָדוקטנ אונ וואָס גייט אליינ אריבער אפנ סטאטוט פונ אנ ארטעל, נאָר — די קינפטיקע קאָמונע, וואָס וועט אנטשטייַנ אפ דער באזע פונ א מער אנטוויקלטער טעכניק אונ פונ א שעפע פונ פראָדוקטנ. די איצטיקע לאנדווירטשאפטלעכע קאָמונע איז אנטשטאנענ אפ דער באזע פונ ווייניק אנטוויקלטער טעכניק אונ מאנגל פונ פראָדוקטנ. דערמיט, אייגנטלעך, דערקלערט זיך טאקע, וואָס זי האָט פראקטיקירט אויסגלייַכערייַ אונ האָט זיך ווייניק גערעכנט מיט די פערזענלעכע, לעבנשטייגערישע אינטערעסנ פונ אירע מיטגלידער, אונ דעריבער איז זי איצט געצוווּנגענ אריבערצוגייִנ אפנ סטאטוט פונ אנ ארטעל, וווּ עס ווערנ פארנינפטיק צונויפגעפּאָרט די פערזענלעכע אונ די געזעלשאפטלעכע אינטערעסנ פונ די קאָלווירטניקעס. די קינפטיקע קאָמונע וועט אויסוואקסנ פונעמ אנטוויקלטנ אונ פארמעגלעכנ ארטעל. די קינפטיקע לאנדווירטשאפטלעכע קאָמונע וועט אנטשטייַנ דעמלט, ווענ אפ די פעלדער אונ אינ די פערמעס פונ ארטעל וועט זייַנ א שעפע טוווע, פי, אויפעס, גרינס אונ אלערליי אנדערע פראָדוקטנ, ווענ בא די ארטעלנ וועלנ אייַנגעפירט ווערנ מעכאניזירטע וועשערייַענ, מאָדערנע גאָרקיכנ, ברויט־זאוואָדנ אאוו., ווענ דער קאָלווירטניק וועט דערזענ, אז אימ לוינט מער צו באקומענ פלייש אונ מילך פונ דער פערמע, איידער צו האלטנ אנ אייגענע בעהיימע אונ קליינפי, ווענ די קאָלווירטניצע וועט דערזענ, אז איר לוינט בעסער צו עסנ מיטיק אינ גאָרקיך, נעמענ ברויט פונעמ ברויט־זאוואָד אונ באקומענ געוואשענע וועש פונ דער געזעלשאפטלעכער וועשערייַ, איידער אליינ זיך צו באשעפטיקנ דערמיט. די קינפטיקע קאָמונע וועט אנטשטייַנ אפ דער באזע פונ א מער אנטוויקלטער טעכניק אונ א מער אנטוויקלטנ ארטעל, אפ דער באזע פונ א שעפע פונ פראָדוקטנ. ווענ וועט דאָס זייַנ? געוויס, ניט גיך. אָבער דאָס וועט זייַנ. עס וואָלט געווענ א פארברעכנ קינסטלעך צו פארשנעלערנ דעמ

פראָצעס פון אריבערוואקסן פונעם ארטעל אין דער קינפסטיקער קאָמונע. דאָס וואָלט צעמישט אַלע קאָרטן און וואָלט פארלײַכטערט די ארבעט פון אונדזערע סאָנים. דער פראָצעס פון אריבערוואקסן פונעם ארטעל אין דער קינפסטיקער קאָמונע דארף פאָרקומען ביסלעכווײַז, אפ וויפל אַלע קאָל־ווירטניקעס וועלן זיך איבערצײַגן אין דער נייטיקײַט פון אזא אריבערוואקסן.

אזוי האַלט עס מיט דער פראגע וועגן ארטעל און קאָמונע.

די זאך, וואָלט זיך געדוכט, איז א קלאָרע און קימאט אַן עלעמענטארע.

און דאָך איז צווישן איינע טייל פארטיי־מיטגלידער פאראן א היפּשער פּלאָנטער אין דער דאָזיקער פראגע. מע מיינט, אז, דערקלערנדיק דעם ארטעל פאר דער גרונט-פאָרם פון דער קאָלווירטישער באוועגונג, האָט די פּארטיי זיך דערוווּטערט פונעם סאָציאַליזם, איז אָפּגעטראָטן אפ צוריק פון דער קאָמונע, פון א העכערער פאָרם פון דער קאָלווירטישער באוועגונג — צו א נידעריקערער. פרעגט זיך, פארוואָס? דערפאר, ווײַזט זיך ארויס, ווײַל אין ארטעל איז ניטאָ קיין גלײַכהײַט, ווײַל דאָרט ווערט אָפּגעהיט דער אונטערשייד אין די באדערפענישן און אינעם פערזענלעכן לעבנשטייגער פון די ארטעל-מיטגלידער, אין דער צײַט, ווען אין דער קאָמונע איז פאראן גלײַכהײַט, ווײַל דאָרטן זײַנען אויסגעגלײַכט סײַ די באדערפענישן סײַ די פערזענלעכע לעבנשטייגערישע לאגע פון אירע מיטגלידער. אָבער, ערשטנס, זײַנען בא אונדז מער ניטאָ אזעלכע קאָמונעס, ווו עס זאָל עקזיסטירן א גלײַכונג, אן אויסגלײַכערײַ אפן געביט פון באדערפענישן און פון פערזענלעכן לעבנשטייגער. די פּראקטיק האָט באוויזן, אז די קאָמונעס וואָלטן געוויס אומגעקומען, ווען זיי וואָלטן זיך ניט אָפּגעזאָגט פון דער אויסגלײַכערײַ און וואָלטן ווירקלעך ניט אריבער אפן סטאטוס פון אן ארטעל. הייסט עס, אז ס'איז ניטאָ וואָס צו פארופן זיך אפ דעם, וואָס עס איז שוין ניטאָ אין דער נאטור. צווייטנס, איז יעדן לענינעץ באוווּסט, אויב נאָר ער איז אן עמעסער לענינעץ, אז די אויסגלײַכערײַ אפן געביט פון באדערפענישן און פון פערזענלעכן לעבנשטייגער איז א רעאקציאָנערע קלייןבירגערלעכע אומגעלומפּערטקײַט, וואָס פּאסט פאר אוועלכער-ניט-איז אורא̈לטער סעקטע אסקעטן, אָבער ניט פאר א סאָציאַליסטישער געזעלשאפט, וואָס איז אָרגאניזירט מארקסיסטיש, ווײַל מע קאָן ניט פאָדערן, אז בא אַלע מענטשן זאָלן זײַן איינע און די זעלבע באדערפענישן און געשמאקן, אז אַלע מענטשן אין זייער פערזענלעכן שטייגער זאָלן לעבן לויט איין מוסטער. און צולעצט: צי איז דען צווישן די ארבעטער ניט פארבליבן קיין אונטערשייד סײַ אין די באדערפענישן סײַ אין זייער פערזענלעכן לעבנשטייגער? צי באטײַט עס, אז די ארבעטער שטייען

ווייטער פונעם סאָציאַליזם, ווי די מיטגלידער פון די לאַנדווירטשאפטלעכע קאָמונעס?

די דאָזיקע מענטשן מיינען, אפּאָנעם, אז דער סאָציאַליזם פאָדערט אויסגלייכעריי, א גלייכונג, אַ ניוועלירונג פון די באדערפעניש און פונעם פּערזענלעכן לעבנשטייגער פון די מיטגלידער פון דער געזעלשאפט. עס איז גאָר ניטאָ וואָס צו ריידן, אז אזא האשאָרע האָט קיין שום שייכעס ניט צום מארקסיזם, צום לעניניזם. אונטער גלייכהייט פארשטייט דער מארקסיזם ניט אויסגלייכעריי אפּן געביט פון פּערזענלעכע באדערפעניש און לעבנשטייגער, נאָר די פארניכטונג פון קלאסן, דה. א) דאָס גלייכע באפרייען אלע ארבעטנדיקע פון עקספּלואטאציע נאָך דעם, ווי די קאפּיטאליסטן זיינען אראָפּגעוואָרפן און עקספּראָפּריִרט, ב) דאָס גלייכע אָפּשאפן פאר אלעמען דאָס פּריוואט־אייגנטום אפּ די פּראָדוציר־מיטלען נאָך דעם, ווי זיי זיינען איבערגעגעבן אין אייגנטום פון דער גאנצער געזעלשאפט, ג) די גלייכע פליכט פאר אלעמען צו ארבעטן לויט זייערע פייִקייטן און דאָס גלייכע רעכט פאר אלע ארבעטנדיקע צו באקומען דערפאר לויט זייער ארבעט (די סאָציאַליסטישע געזעלשאפט), ד) די גלייכע פליכט פאר אלעמען צו ארבעטן לויט זייערע פייִקייטן און דאָס גלייכע רעכט פון אלע ארבעטנדיקע צו באקומען דערפאר לויט זייערע באדערפעניש (די קאָמוניסטישע געזעלשאפט). דערביי גייט ארויס דער מארקסיזם דערפון, אז די גוסטן און באדערפעניש פון די מענטשן זיינען ניט און קאָנען ניט זיין איינע און די זעלבע און גלייכע לויט דער קוואליטעט אָדער קוואנטיטעט ניט אינעם פּעריאָד פון סאָציאַליזם, ניט אינעם פּעריאָד פון קאָמוניזם.

אָט האָט איר די מארקסיסטישע אופאסונג פון דער גלייכהייט.

קיין שום אנדער גלייכהייט האָט דער מארקסיזם ניט אנערקענט און אנערקענט ניט.

מאכן דערפון דעם אויספיר, אז דער סאָציאַליזם פאָדערט אויסגלייכעריי, גלייכונג, ניוועלירונג פון די באדערפעניש פון די מיטגלידער פון דער געזעלשאפט, ניוועלירונג פון זייערע גוסטן און פּערזענלעכן לעבנשטייגער, אז לויטן מארקסיזם דארפן אלע גיין אין איינע און די זעלבע אָנצוגן און עסן איינע און די זעלבע געריכטן, אין איין און דער זעלבער צאָל, — הייסט ריידן באנאלקייטן און טרייבן רעכילעס אפּן מארקסיזם.

שוין צייט צו באנעמען, אז דער מארקסיזם איז א פיינט פון אויסגלייכעריי. נאָך אינעם „מאניפעסט פון דער קאָמוניסטישער פּארטיי" האָבן מארקס און ענגעלס געשמיסן דעם פּרימיטיוון אוטאָפּישן סאָציאַליזם, אָנגערופן אים רעאקציאָנערער פאר זיין פּריידיקן „אלגעמיינעם אסקעטיזם און וואולגארע אויסגלייכעריי". אין זיין „אנטי־דיורינג" האָט ענגעלס געווידמעט א גאנצן

קאפיטל פון שנײַדיקער קריטיק דעם „ראדיקאלן אויסגלײַכערישן סאָציאַליזם”, וואָס דיורינג האָט אנטקעגנגעשטעלט קעגן מארקסיסטישן סאָציאַליזם.

„דער רעאלער אינהאלט פון דער פּראָלעטארישער פאָדערונג פון גלײַכהײַט, — האָט ענגעלס געזאָגט, — באשטייט אין דער פאָדערונג פון פארניכטן די קלאסן. יעדע פאָדערונג פון גלײַכהײַט, וואָס גייט ווײַטער דערפון, פירט אומפארמײַדלעך צו אומגעלומפּערטקײַט”.

דאָס זעלבע זאָגט לענין:

„ענגעלס איז געווען טויזנט מאָל גערעכט, ווען ער האָט געשריבן: דער באגריף גלײַכהײַט **אויסער** דער פארניכטונג פון די קלאסן איז דער סאמע נארישער און פוסטער פאָרורטייל. די בורזשואזע פּראָפעסאָרן האָבן פארן באגריף גלײַכהײַט געפרווט אונדז באשולדיקן דערין, אז מיר, קלוימערשט, ווילן איין מענטשן מאכן גלײַך צו א צווייטן. אין דעם דאָזיקן אומזין, וואָס זיי האָבן אליין צוגעטראכט, האָבן זיי געפרווט באשולדיקן די סאָציאַליסטן. אָבער זיי האָבן ניט געוווּסט, איבער זייער אמעראצעס, אז די סאָציאַליסטן — און נעמלעך די גרינדער פונעם מאָדערנעם וויסנשאפטלעכן סאָציאַליזם, מארקס און ענגעלס — האָבן געזאָגט: גלײַכהײַט איז א פוסטע פראזע, אויב מיטן וואָרט גלײַכהײַט זאָל מען ניט מיינען די פארניכטונג פון קלאסן. די קלאסן ווילן מיר פארניכטן, אין דער דאָזיקער הינזיכט זײַנען מיר פאר גלײַכהײַט. אָבער פּרעטענדירן דערויף, אז מיר ווילן אלע מענטשן מאכן גלײַך איינעם צום אנדערן, איז די סאמע פוסטע פראזע און נארישע אויסטראכטעניש פון אן אינטעליגענט” (לענינס רעדע „וועגן דעם אָפּנארן דאָס פאָלק מיט לאָזונגען פון פרײַהײַט און גלײַכהײַט”).

דאכט זיך, קלאָר.

די בורזשואזע שרײַבער שילדערן גערן דעם מארקסיסטישן סאָציאַליזם, ווי אן אלטע צארישע קאזארמע, ווו אלץ איז אונטערגעוואָרפן דעם „פּרינציפּ” פון אויסגלײַכערײַ. אָבער די מארקסיסטן קאָנען ניט זײַן פאראנטוואָרטלעך פאר דער אמעראצעס און טעמפּקײַט פון די בורזשואזע שרײַבער.

עס קאָן קיין ספק ניט זײַן, אז דער דאָזיקער פּלאָנטער אין די אָנשויונגען בא באזונדערע פּארטיי־מיטגלידער וועגן מארקסיסטישן סאָציאַליזם און די היספּײַלעס פאר די אויסגלײַכערישע טענדענצן פון די לאנדווירטשאפטלעכע קאָמונעס זײַנען ענלעך, ווי צוויי טראָפּן וואסער, אף די קליינבירגערלעכע אָנשויונגען פון אונדזערע ליבקאטשישע קרומע קעפּ, בא וועמען די אידעאליזאציע פון די לאנדווירטשאפטלעכע קאָמונעס איז אײַנצײַט דערגאנגען דערצו, אז זיי האָבן זיך געפרווט אײַנפלאנצן קאָמונעס אפילע אין די זאוואָדן און פאבריקן, ווו די קוואליפיצירטע און ניט־קוואליפיצירטע ארבעטער, ארבעטנדיק יעדערער לויט זײַן פּראָפעסיע, האָבן געדארפט אָפּגעבן דעם ארבעטלוין אין אלגעמיינעם קעסל און טיילן אים דערנאָך גלײַך אף גלײַך. עס איז באוווּסט, וואָס פאר א שאָדן עס האָבן געבראכט אונדזער אינדוסטריע אָט־די אויסגלײַכעריש־יינגלשע איבונגען פון די „לינקע” קרומע קעפּ.

ווי איר זעט, האָבן די ־רעשטנ אידעאָלאָגיע פון די צעקלאַפּטע אַנטי־פּאַרטייִשע גרופּעס אַ גאַנץ גרויסע לעבהאַפטיקייט.

פאַרשטייט זיך, אַז ווען די דאָזיקע לינקאַטשישע אָנשויונגען וואָלטן טריומפירט אין דער פאַרטיי, וואָלט די פאַרטיי אויפגעהערט צו זײַן אַ מאַרקסיסטישע, און די קאָלווירטישע באַוועגונג וואָלט ביז אף לעצט דעזאָרגאַניזירט געוואָרן.

אָדער, צומבײַשפּיל, לאָמיר נעמען די פראַגע וועגן דעם לאָזונג: „מאַכן אַלע קאָלווירטניקעס פאַר פאַרמעגלעכע“. דער דאָזי־קער לאָזונג האָט אַ שײַכעס ניט בלויז צו די קאָלווירטניקעס. ער האָט נאָך מער שײַכעס צו די ארבעטער, ווײַל מיר ווילן מאַכן אַלע ארבעטער פאַר פאַרמעגלעכע, — פאַר מענטשן, וואָס פירן אַ פאַרמעגלעך און פולשטענ־דיק קולטורעל לעבן.

וואָלט זיך געדוכט, אַז די זאַך איז אַ קלאָרע. מע וואָלט ניט באַ־דאַרפט אַראָפּוואַרפן דעם קאַפּיטאַליזם אין אָקטיאַבער 1917 און בויען דעם סאָציאַליזם אין מעשעך פון אַ ריי יאָרן, אויב מיר ווען זיך ניט דער־שלאָגן דערצו, אַז מענטשן זאָלן בא אונדז לעבן אין ווילטיק. סאָציאַליזם באַטײַט ניט דאַלעס און דאַכקעס, נאָר פאַרניכטן דעם דאַלעס און דאַכקעס, אָרגאַניזירן אַ פאַרמעגלעך און קולטורעל לעבן פאַר אַלע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט.

און פונדעסטוועגן האָט דער דאָזיקער קלאָרער און אין טאָך געװוינטער עלעמענטאַרער לאָזונג אַרויסגערופן אַ גאַנצע ריי ספּייקעס, אַ פּלאָנטער און מישמאַש צווישן אײַן טייל פּאַרטיי־מיטגלידער. צי איז ניט דער דאָזיקער לאָזונג, זאָגן זיי, אַ צוריקער צום אַלטן לאָזונג: „באַרײַכערט זיך“, וואָס די פּאַרטיי האָט אָפּגעוואָרפן? אויב אַלע וועלן ווערן פאַרמעגלעכע, טײַנען זיי ווײַטער, און די אָרעמשאַפט וועט שוין מער ניט עקזיסטירן, — איז אף וועמען זשע וועלן מיר, באָלשעוויקעס, זיך שטיצן אין אונדזער ארבעט, ווי זשע וועלן מיר ארבעטן אָן דער אָרעמשאַפט?

דאָס איז עפּשער לעכערלעך, אָבער די עקזיסטענץ פון אַזעלכע נאַ־יווע און אַנטי־לעניניסטישע אָנשויונגען צווישן אַ טייל פּאַרטיי־מיטגלידער איז אַן אָנצווייפלדיקער פאַקט, וואָס מע קאָן ניט זיך ניט רעכענען מיט אים.

די דאָזיקע מענטשן פאַרשטייען ניט, אַפּאָנעם, אַז צווישן דעם לאָזונג „באַרײַכערט זיך“ און דעם לאָזונג „מאַכן אַלע קאָלווירטניקעס פאַר פאַר־מעגלעכע“ ליגט אַ גאַנצער טהאָם. ערשטנס, באַרײַכערן זיך קאָנען נאָר איינצלנע פּערזאָנען אָדער גרופּעס, אין דער צײַט, ווען דער לאָזונג וועגן אַ פאַרמעגלעך לעבן האָט אַ שײַכעס ניט צו איינצלנע פּערזאָנען אָדער גרופּעס, נאָר צו אַלע קאָלווירטניקעס. צווייטנס, די איינצלנע

פערזאָנען אָדער גרופּעס באַרייַכערן זיך צוליב דעם, קעדיי צו אונטער־טעניקן די איבעריקע מענטשן און עקספּלואַטירן זיי, אין דער צײַט, ווען דער לאָזונג וועגן א פּאַרמעגלעכן לעבן פון אַלע קאָלווירטניקעס, בא דער אָנוועזנקײַט פון דער פּאַרגעזעלשאַפטלעכונג פון די פּראָדוציר־מיטלען אין די קאָלווירטן, שליסט אויס יעטווידער מעגלעכקײַט פון עקספּלואַטירן איינער דעם אנדערן. דריטנס, דער לאָזונג „באַרייַכערט זיך" איז געגעבן געוואָרן אינעם פּעריאָד פון דער אָנפאַנג־סטאַדיע פון נעפּ, ווען דער קאַ־פּיטאַליזם האָט זיך טיילווייז אופגעשטעלט, ווען די באַלעגופים זײַנען גע־ווען אין קראַפט, ווען אין לאַנד האָט פּרעוואַלירט די אינדיווידועלע פּויערשע ווירטשאַפט, און די קאָלווירטישע ווירטשאַפט האָט זיך געפונען אין עמ־בריאָנאַלן צושטאַנד, דער לאָזונג אָבער „מאַכן אַלע קאָלווירטניקעס פאַר פּאַרמעגלעכע" איז געגעבן געוואָרן אין דער לעצטער סטאַדיע פון נעפּ, ווען די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן אין דער אינדוסטריע זײַנען פאַרניכטעט, די באַלעגופים אין דאָרף זײַנען צעשמעטערט, די אינדיווידועלע פּויערשע ווירט־שאַפט איז אָפּגעשטויסן אין הינטערגרונט, און די קאָלווירטן זײַנען פאַר־וואַנדלט אין דער הערשנדיקער פאָרם פון דער לאַנדווירטשאַפט. איך רייד שוין ניט וועגן דעם, אז דער לאָזונג „מאַכן אַלע קאָלווירטניקעס פאַר פּאַרמעגלעכע" איז געגעבן ניט איזאָלירט, נאָר אין ענגסטער פאַרבינדונג מיטן לאָזונג „מאַכן די קאָלווירטן פאַר באָלשעוויסטישע".

איז דען ניט קלאָר, אז דער לאָזונג „באַרייַכערט זיך" האָט אין טאָג גענומען באַטײַט א רוף — אופצושטעלן דעם קאַפּיטאַליזם, דאַן, ווען דער לאָזונג „מאַכן אַלע קאָלווירטניקעס פאַר פּאַרמעגלעכע" באַטײַט א רוף — דערשלאָגן די לעצטע רעשטן קאַפּיטאַליזם דורך פאַרשטאַרקן די עקאָנאָמישע מאַכט פון די קאָלווירטן און דורך פאַרוואַנדלען אַלע קאָל־ווירטניקעס אין פּאַרמעגלעכע האָרעפּאַשניקעס? (אויסגעשרייען: „ריכטיק!")

איז דען ניט קלאָר, אז צווישן די דאָזיקע לאָזונגען איז ניטאָ און קאָן ניט זײַן קיין שום געמיינזאַמעס? (אויסגעשרייען: „ריכטיק!")

וואָס אָנבאַלאַנגט דאָס, וואָס אָן דער עקזיסטענץ פון דער אָרעמשאַפט איז ניט מעגלעך קלוימערשט ניט קיין באָלשעוויסטישע אַרבעט, ניט דער סאָציאַליזם, איז דאָס אזא נאַרישקײַט, וועגן וועלכער עס איז אפילע ניט באַקוועם צו ריידן. די לענינצעס שטיצן זיך אף דער אָרעמשאַפט, ווען עס זײַנען פאַראַן קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן און עס איז פאַראַן אן אָרעמ־שאַפט, וועלכע די קאַפּיטאַליסטן עקספּלואַטירן. אָבער ווען די קאַפּיטאַליס־טישע עלעמענטן זײַנען צעגראָמירט, און די אָרעמשאַפט איז באַפרײַט פון עקספּלואַטאַציע, באַשטייט די אופגאַבע פון די לענינצעס ניט דערין, אז מע זאָל פאַרפעסטיקן און אײַנהיטן די אָרעמקײַט און אָרעמשאַפט, וואָס די

פאָרבאַדינגענ פונ זייער עקזיסטענצ זײַנענ שוינ פאַרניכטעט, נאָר דערינ, מע זאָל פאַרניכטנ די אָרעמקײַט און אופהייבנ די אָרעמשאַפט ביז א פאַרמעגלעכ לעבנ. עס וואָלט געווענ נאַריש צו מיינענ, אז דער סאָציאַליזמ קאָנ אויסגעבויט ווערנ אפ דער באַזע פונ דאַלעס און דאַכקעס, אפ דער באַזע פונ פאַרקלענערנ די פערזענלעכע באַדערפענישנ און פונ אַראָפּזעצנ דעמ לעבנס-ניוואָ פונ די מענטשנ ביזנ לעבנס-ניוואָ פונ דער אָרעמשאַפט, וואָס דערצו נאָכ וויל זי אַליינ ניט מער פאַרבלײַבנ אנ אָרעמשאַפט און שפּאַרט ארופ צו א פאַרמעגלעכ לעבנ. ווער באַדאַרפ עס אזא, בימכּילע, סאָציאַליזמ? דאָס וואָלט געווענ ניט קיינ סאָציאַליזמ, נאָר א קאַריקאַטור אפנ סאָציאַליזמ. דער סאָציאַליזמ קאָנ אויסגעבויט ווערנ בלויז אפ דער באַזע פונ שטורמישנ וווּקס פונ די פּראָדוקטיווע קרעפטנ פונ דער געזעלשאַפט, אפ דער באַזע פונ א שעפע פּראָדוקטנ און סכוירעס, אפ דער באַזע פונ א פאַרמעגלעכ לעבנ פונ די ארבעטנדיקע, אפ דער באַזע פונעמ שטורמישנ וווּקס פונ קולטורעלקײַט. ווײַל דער סאָציאַליזמ, דער מאַרקסיסטישער סאָציאַליזמ, באַטײַט ניט קיינ פאַרקלענערונג פונ די פערזענלעכע באַדערפענישנ, נאָר זייער אַלזײַטיקע פאַרברייטערונג און אופבליִ, ניט קיינ באַגרעניצונג אָדער אנ אָפּזאָג פונ באַפרידיקנ די דאָזיקע באַדערפענישנ, נאָר אנ אַלזײַטיקע און פולשטענדיקע באַפרידיקונג פונ אַלע באַדערפענישנ פונ די קולטורעל-אַנטוויקלטע ארבעטנדיקע מענטשנ.

עס קאָנ קיינ ספק ניט זײַנ, אז אָט-דער פּלאָנטער אינ די אָנשויונגענ בא איינצלנע פּאַרטיי-מיטגלידער וועגנ אָרעמקײַט און פאַרמעגלעכקײַט איז אנ אָפּשפּיגלונג פונ די אָנשויונגענ פונ אונדזערע לינקאַטשישע קרומע קעפּ, וואָס אידעאַליזירנ די אָרעמשאַפט, ווי אנ אייביקע שטיצע פאַרנ באָלשעוויזמ בא אַלע און אַלערליי באַדינגונגענ, און וואָס באַטראַכטנ די קאָלווירטנ ווי אנ אַרענע פונ פאַרביטערטנ קלאַסנקאַמפּ.

ווי איר זעט, איז אויכ דאָ, אינ דער דאָזיקער פראַגע, פאַרלירנ נאָכ ניט זייער לעבהאַפטיקײַט די רעשטנ אידעאָלאָגיע פונ די צעקלאַפּטע אַנטי-פּאַרטייִשע גרופּעס.

פאַרשטייט זיכ, ווענ אזוינע מינע קרומקעפּיקע אָנשויונגענ וואָלטנ געזיגט אינ אונדזער פּאַרטיי, וואָלטנ די קאָלווירטנ ניט געהאַט די דערפאָלגנ, וואָס זיי האָבנ זיכ דערשלאָגנ די לעצטע צוויי יאָר, און זיי וואָלטנ זיכ צעפאַלנ אינ דער קירצסטער צײַט.

אָדער לאָמיר נעמענ, צומבײַשפּיל, די *נאַציאָנאַלע פראַגע*. אויכ דאָ, אפנ געביט פונ דער נאַציאָנאַלער פראַגע, פּונקט ווי אפנ געביט פונ אנדערע פראַגנ, איז בא איינ טייל פונ דער פּאַרטיי פאַראנ א פּלאָנטער אינ די אָנשויונגענ, וואָס שאַפט א געוויסע געפאַר. איכ האָב גערעדט וועגנ דער

לעבהאפטיקייט פון די איבערבלייַבעכצן פונעם קאפיטאליזם. מע דארף באַמערקן, אז די איבערבלייַבעכצן פונעם קאפיטאליזם אינעם באַוווסטזייַן פון די מענטשן זייַנען א סאך מער לעבהאפטיק אפן געביט פון דער נאציאָנאַלער פראגע, ווי אפּ אוועלכן־עס־איז אנדער געביט. זיי זייַנען מער לעבהאפטיק, ווייַל זיי האָבן די מעגלעכקייט גוט צו מאסקירן זיך אין א נאציאָנאַלן אָנצוג. א סאך מיינען, אז סקריפּניקס זינדיקן איז אן איינציקער פאַל, אן אויסנאַם פון קלאַל. דאָס איז ניט ריכטיק. סקריפּניקס זינדיקן און דאָס זינדיקן פון זייַן גרופּע אין אוקראַינע איז ניט קיין אויסנאַם. פּונקט אזעלכע אויסלינקענישן באמערקן זיך בא איינצלנע כאַווערים אויך אין אנדערע נאַציאָנאַלע רעפּובליקן.

וואָס באַטייַט דער אָפּנייג צום נאַציאָנאַליזם,—אַלציינס, צי עס האנדלט זיך וועגן אן אָפּנייג צום גרויסרוסישן נאַציאָנאַליזם אָדער וועגן אן אָפּנייג צום אָרטיקן נאַציאָנאַליזם? דער אָפּנייג צום נאַציאָנאַליזם איז א צופּאַסונג פון דער אינטערנאציאָנאַליסטישער פּאָליטיק פונעם ארבעטער־קלאַס צו דער נאַציאָנאַליסטישער פּאָליטיק פון דער בורזשואַזיע. דער אָפּנייג צום נאַציאָנאַליזם שפּיגלט אָפּ די פּרווּוון פון דער „אייגענער“, „נאַציאָנאַלער“ בורזשואַזיע אונטערצוריַיסן די ראטנ־אָרדענונג און אופצושטעלן דעם קאַפּיטאַליזם. ווי איר זעט, איז דער קוואַל בא ביידע אָפּנייגן — אן אַלגעמיינער. דאָס איז דער אָפּגאַנג פונעם לענינישן אינטערנאציאָנאַליזם. אויב איר ווילט האַלטן אונטערן פייַער ביידע אָפּנייגן, דארף מען, פריִער פאר אַלץ, שלאָגן איבער אָט־דעם קוואַל, איבער די, וואָס גייען אָפּ פונעם אינטערנאציאָנאַליזם — אַלציינס — צי עס האנדלט זיך דאָ וועגן אן אָפּנייג צום אָרטיקן נאַציאָנאַליזם אָדער וועגן אן אָפּנייג צום גרויסרוסישן נאַציאָנאַליזם. (שטורמישע אפּלאָדיסמענטן.)

מע אמפּערט זיך וועגן דעם, וואָס פאר אן אָפּנייג עס שטעלט פאָר די הויפּט־געפאר, צי דער אָפּנייג צום גרויסרוסישן נאַציאָנאַליזם אָדער דער אָפּנייג צום אָרטיקן נאַציאָנאַליזם? בא די הייַנטצייַטיקע באַדינגונגען איז דאָס א פאָרמעלע און דעריבער א פּוסטע אמפּערניש. עס וואָלט געווען נאַריש צו געבן א פאַרטיקן רעצעפּט וועגן דער הויפּט־געפאַר און ניט־הויפּט־געפאר, א רעצעפּט, וואָס זאָל טויגן פאר אַלע צייַטן און באַדינגונגען. אזעלכע רעצעפּטן זייַנען ביכלאַל ניטאָ אין דער נאַטור. די הויפּט־געפאר שטעלט מיט זיך פאָר דער אָפּנייג, קעגן וועלכן מע האָט אופגעהערט צו קעמפן און וועמען מע האָט אפּ אזא אויפן געלאָזט זיך פאַנאַנדערוואַקסן ביז א מעלוכישער געפאר. (דויערנדיקע אפּלאָדיסמענטן.)

אין אוקראַינע האָט נאָך ביז גאָר ניט לאַנג דער אָפּנייג צום אוקראַינישן נאַציאָנאַליזם ניט פאָרגעשטעלט קיין הויפּט־געפאר, אָבער ווען מע

האָט אופגעהערט קעגן אים צו קעמפן און מע האָט אים געלאָזט זיך פאַנאנדערוואקסן אפ אזויפיל, אז ער האָט זיך צוזאמענגעשלאָסן מיט די אינטערווענציאָניסטן, איז דער דאָזיקער אָפּנייג געוואָרן די הויפּט-געפאר. די פראגע וועגן דער הויפּט-געפאר אפן געביט פון דער נאציאָנאלער פראגע ווערט געלייזט ניט מיט פאָרמעלע פּוסטע אמפּערנישן, נאָר מיטן מארקסיסטישן אנאליז פון דער זאכלאגע אינעם געגעבענעם מאָמענט און מיטן דערלערנען די פעלערן, וואָס זיינען דערלאָזט געוואָרן אפ דעם דאָזיקן געביט.

דאָס זעלבע דארף מען זאָגן וועגן דעם רעכטן און „לינקן" אָפּנייג אין געביט פון דער אלגעמיינער פּאָליטיק. אויך דאָ, פונקט ווי אין אנדערע געביטן, איז פאראן ניט קיין קליינער פלאָנטער אין די אָנשויונגען בא איינצלנע מיטגלידער פון אונדזער פארטיי. צומאָל, פירנדיק א קאמף קעגן דעם רעכטן אָפּנייג, ציט מען אָפּ די האנט פונעם „לינקן" אָפּנייג און מע שוואכט אָפּ דעם קאמף קעגן אים, רעכענענדיק, אז ער איז ניט געפערלעך, אָדער ווייניק געפערלעך. דאָס איז אן ערנסטער און געפערלעכער טאָעס. דאָס איז א האנאָכע דעם „לינקן" אָפּנייג, וואָס איז ניט דערלאָזבאר פאר א פארטיי-מיטגליד. דאָס איז נאָך מער ניט דערלאָזבאר דערפאר, ווייל די לעצטע צייַט האָבן די „לינקע" זיך ענדגילטיק אראָפּגעקייַקלט אפ דער פּאָזיציע פון די רעכטע און אין טאָך אונטערשיידן זיי זיך שוין מיט גאָרניט פון זיי.

מיר האָבן שטענדיק דערקלערט, אז די „לינקע"—דאָס זייַנען די זעלבע רעכטע, וואָס מאסקירן זייער רעכטקייַט מיט לינקע פראזעס. איצט באַשטעטיקן די „לינקע" אליין די דאָזיקע דערקלערונג אונדזערע. נעמט די פאראיאָריקע נומערן פונעם טראָצקיסטישן „ביולעטען". וואָס פאָדערן און וועגן וואָס שרייַבן דאָרט די הערן טראָצקיסטן, אין וואָס דריקט זיך אויס זייער „לינקע" פּראָגראם? זיי פאָדערן: פאנאנדערלאָזן די ראַט-ווירטן, אלס ניט-רענטאבעלע, פאנאנדערלאָזן דעם גרעסטן טייל קאָלווירטן, אלס אופגעבלאָזענע, אָפּזאָגן זיך פון דער פּאָליטיק פון ליקווידירן דאָס באלעגופּנטום, אומקערן זיך צו דער קאָנצעסיע-פּאָליטיק און אָפּגעבן אין קאָנצעסיע א גאנצע ריי אונדזערע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, אלס ניט-רענטאבעלע.

אָט דאָס איז די פּראָגראם פון די מיִעסע פּאכדאָנים און קאפּיטוליאנטן, די קאָנטררעוואָליוציאָנערע פּראָגראם פון אופשטעלן דעם קאפּיטאליזם אין פּססר!

מיט וואָס שיידט זי זיך אונטער פון דער פּראָגראם פון די עקסט-רעכטע? קלאָר, אז מיט גאָרנישט. קומט אויס, אז די „לינקע" האָבן זיך אָפן פאַ־

רייניקט צו דער קאָנטררעוואָליוציאָנערער פּראָגראַם פון די רעכטע, קעדיי צו בילדן מיט זיי אַ בלאָק און קעדיי צו פירן אַ געמיינזאַמען קאַמף קעגן דער פּאַרטיי.

צי קאָן מען נאָך דעם זאָגן, אַז די „לינקע" זיינען ניט געפערלעך אָדער ווייניק געפערלעך? איז דען ניט קלאָר, אַז די מענטשן, וואָס זאָגן אַזאַ אומזין, גיסן וואַסער אויף די מיל־רעדער פון די פאַרביסענע סאָנים פונעם לענינגיזם?

ווי איר זעט, איז אויך דאָ, אויפן געביט פון די אָפּנייגן פון דער פּאַרטיי־ליניע, — אַלציינס, צי האַנדלט זיך עס וועגן אָפּנייגן אין דער אַלגעמיינער פּאָליטיק, אָדער וועגן אָפּנייגן אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע,— האָבן די איבערבלייבעכצן פונעם קאַפּיטאַליזם אינעם באַוווסטזיין פון די מענטשן, דערונטער אויך אינעם באַוווסטזיין פון איינצלנע מיטגלידער פון אונדזער פּאַרטיי — אַ גענוגע לעבהאַפטיקייט.

אָט דאָס זיינען איינציקע ערנסטע און אַקטועלע פראַגן פון אונדזער אידייִש־פּאָליטישער אַרבעט, איבער וועלכע עס איז אין איינצלנע שיכטן פון אונדזער פּאַרטיי פאַראַן אַ ניט־קלאָרקייט פון די אָנשויונגען, אַ פּלאָנטער אָדער גאָר אַ דירעקטע אָפּנייגונג פון לענינגיזם. און דאָס זיינען דאָך ניט די איינציקע פראַגן, אויף וועלכע מע וואָלט געקאָנט דעמאָנסטרירן דעם פּלאָנטער אין די אָנשויונגען בא איינצלנע פּאַרטיי־מיטגלידער.

צי קאָן מען נאָך דעם זאָגן, אַז בא אונדז אין דער פּאַרטיי איז אַלץ קעשורע?

קלאָר, אַז מע קאָן ניט.

אונדזערע אויפגאַבן אין געביט פון דער אידייִש־פּאָליטישער אַרבעט:

1) אויפהייבן דעם טעאָרעטישן ניוואָ פון דער פּאַרטיי אויף דער געהעריקער הייך;

2) פאַרשטאַרקן די אידעאָלאָגישע אַרבעט אין אַלע רינגען פון דער פּאַרטיי;

3) פירן אַן אומדערמידלעכע פּראָפּאַגאַנדע פונעם לענינגיזם אין די רייען פון דער פּאַרטיי;

4) דערציִען די פּאַרטאָרגאַניזאַציעס און דעם אומפּאַרטייִשן אַקטיוו, וואָס רינגלט זיי אַרום, אינעם גייסט פון לענינשן אינטערנאַציאָנאַליזם;

5) ניט פאַרשמירן, נאָר דרייסט קריטיקירן די אָפּנייגונגען פונעם מאַרקסיזם־לענינגיזם בא איינזיקע כאַווײַרים;

6) סיסטעמאַטיש דעמאַסקירן די אידעאָלאָגיע און די רעשטן אידעאָלאָגיע פון די שטרעמונגען, וואָס זיינען פיינטלעך דעם לענינגיזם.

## 2. פראגן פון אָרגאַניזאַציאָנעלער אָנפירונג

איך האָב גערעדט וועגן אונדזערע דערפאָלגן. גערעדט וועגן דעם זיג פון דער פּאַרטיי־ליניע סיי אפן געביט פון דער פאָלקווירטשאַפט און קולטור סיי אפן געביט פון בײַקומען די אנטילענינשע גרופּירונגען אין דער פּאַרטיי. איך האָב גערעדט וועגן דער אַלוועלטלעכ־היסטאָרישער באַדײַטונג פון אונדזער זיג. דאָס באַטײַט אָבער ניט, אַז דער זיג איז אָפּגעהאַלטן אומעטום און אין אַלצ און עס זײַנען שוין געלייזט אַלע פראגן. אַזעלכע דערפאָלגן און זיגן טרעפן ביכלאַל ניט אין דער נאַטור. ניט קיין געלייזטע פראגן און פאַרשיידנערליי בלויזן פאַרבלײַבט נאָך בא אונדז ניט ווייניק. מיר האָבן נאָך פאַר זיך א הויפן אופגאבן, וואָס פאָדערן זייער לייזונג. אָבער דאָס באַטײַט אָן סאָפעק, אַז דער גרעסטער טייל אַקטועלע אָרדנטלעכע אופגאבן איז שוין געלייזט מיט דערפאָלג, און אין דעם זין שטייט דער גרעסטער זיג פון אונדזער פּאַרטיי אויסער צווייפל.

נאָר אָט איז א פראגע: ווי־אַזוי איז געשאַפן געוואָרן דער דאָזיקער זיג, ווי־אַזוי איז ער דערגרייכט געוואָרן אין דער ווירקלעכקײַט, מיט וואָס פאַר א קאַמף, מיט וואָס פאַר אַן אָנשטרענגונגען?

אייניקע מיינען, אַז עס איז גענוג אויסצואַרבעטן א ריכטיקע פּאַרטיי־ליניע, פּראָקלאַמירן זי אפן קאָל פאַר אַלעמען, פאָרמולירן זי אין דער פאָרם פון אַלגעמיינע טעזיסן און רעזאָלוציעס און אָפּשטימען זי איינשטימיק, קעדיי דער זיג זאָל קומען פון זיך אַליין, אַזוי צו זאָגן, מיט זעלבשטראָם. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, ניט ריכטיק. דאָס איז א גרויסער טעות. אַזוי קאָנען דענקען בלויז פאַרפאַלענע ביוראָקראַטן און קאַנצעלאַריסטן. אינדערעמעסן זײַנען די דאָזיקע דערפאָלגן און זיגן באַקומען געוואָרן ניט אין אָרדענונג פון זעלבשטראָם, נאָר אין אָרדענונג פון פאַרביטערטן קאַמף פאַר דורכפירן די פּאַרטיי־ליניע. דער זיג קומט קיינמאָל ניט אַליין — געוויינלעך ברענגט מען אים צו שלעפּן. גוטע רעזאָלוציעס און דעקלאַראַציעס פאַר דער גענעראַלער ליניע פון דער פּאַרטיי — דאָס איז בלויז אַן אָנהייב פון דער ארבעט, ווײַל זיי באַטײַטן בלויז דעם פאַרלאַנג צו זיגן, אָבער ניט דעם זיג אַליין. נאָך דעם, ווי עס איז געגעבן די ריכטיקע ליניע, נאָך דעם, ווי עס איז געגעבן די ריכטיקע לייזונג פון דער פראגע, איז דער דערפאָלג אָפּהענגיק פון דער אָרגאַניזאַציאָנעלער ארבעט, פון אָרגאַניזירן דעם קאַמף פאַר דורכפירן אין לעבן די פּאַרטיי־ליניע, פונעם ריכטיקן אָפּקלײַבן די מענטשן, פונעם דורכקאָנטראָלירן ווי עס ווערן אויסגעפילט די באַשלוסן פון די אָנפירנדיקע אָרגאַנען. אָן דעם ריזיקירן די ריכטיקע פּאַרטיי־ליניע און די ריכטיקע באַשלוסן צו לײַדן אַן ערנסטן

שאָדנ. נאָכ מער: נאָכ דעמ, ווי עס איז געגעבנ די ריכטיקע פאָליטישע ליניע, לייזט די אָרגאניזאציאָנעלע ארבעט אלצ, דערונטער אויכ דעמ גורל פונ דער פאָליטישער ליניע גופע, — איר אויספילונג, אָדער איר דורכפאל.

אינדערעמעסנ איז דער זיג דערגרייכט אונ אויסגעקעמפט געוואָרנ דורכנ סיסטעמאטישנ אונ פארביטערטנ קאמפ קעגנ אלערליי שוועריקייטנ אפנ וועג פונ דורכפירנ די פארטיי-ליניע, דורכ בייקומענ די דאָזיקע שוועריקייטנ, דורכ מאָביליזירנ די פארטיי אונ דעמ ארבעטער-קלאס אפ בייצוקומענ די שוועריקייטנ, דורכ אָרגאניזירנ דעמ קאמפ פאר בייקומענ די שוועריקייטנ, דורכ ארויסנעמענ די טוער די טויגעניכטסנ אונ צוקלייבנ בעסערע, וואָס זיינענ פייִיק צו פירנ דעמ קאמפ קעגנ די שוועריקייטנ.

וואָס זיינענ דאָס פאר א שוועריקייטנ אונ ווו נעסטנ זיי זיכ?

די דאָזיקע שוועריקייטנ זיינענ שוועריקייטנ פונ אונדזער אָרגאניזאציאָנעלער ארבעט, שוועריקייטנ פונ אונדזער אָרגאניזאציאָנעלער אָנפירונג, זיי שטעקנ אינ אונדז גופע, אינ אונדזערע אָנפירנדיקע טוער, אינ אונדזערע אָרגאניזאציעס, אינ די אפאראטנ פונ אונדזערע פארטייִשע, סאָוועטישע, ווירטשאפטלעכע, פראָפאריינישע, קאָמיוגישע אונ אלערליי אנדערע אָרגאניזאציעס.

מע דארפ פארשטיינ, אז די קראפט אונ דער אווטאָריטעט פונ אונדזערע פארטייִש-סאָוועטישע, ווירטשאפטלעכע אונ אלערליי אנדערע אָרגאניזאציעס אונ פונ זייערע אָנפירער זיינענ אויסגעוואקסנ ביז אנ אומגעהערטנ גראד. אונ טאקע דערפאר, וואָס זייער קראפט אונ אווטאָריטעט זיינענ אויסגעוואקסנ ביז אנ אומגעהערטנ גראד, — איז פונ זייער ארבעט איצט אָפהענגיק אלצ אָדער קימאט אלצ. דאָס פארופנ זיכ אפ די אזויגערופענע אָביעקטיווע באדינגונגענ קאָנ מענ ניט בארעכטיקנ. נאָכ דעמ, ווי די ריכטיקייט פונ דער פאָליטישער פארטיי-ליניע איז באשטעטיקט דורכ דער דערפארונג פונ א ריי יאָרנ, אונ די גרייטקייט פונ די ארבעטער אונ פויערימ צו שטיצנ די דאָזיקע ליניע רופט מער ניט ארויס קיינ ספייקעס, — איז די ראָליע פונ די אזויגערופענע אָביעקטיווע באדינגונגענ דערפירט געוואָרנ ביזנ מינימומ, דאנ, ווענ די ראָליע פונ אונדזערע אָרגאניזאציעס אונ זייערע אָנפירער איז געוואָרנ אנ אנטשיידנדיקע, אנ אויסשליסלעכע. אונ וואָס באטייט עס? דאָס באטייט, אז די פאראנטוואָרטלעכקייט פאר אונדזערע דורכרייסנ אונ פאר די כעסרוינעס אינ דער ארבעט פאלט פונ היינט אָנ אפ נייִנ צענטל ניט אפ די „אָביעקטיווע" באדינגונגענ, נאָר אפ אונדז אליינ, אונ בלויז אפ אונדז.

מיר האָבנ אינ דער פארטיי העכער צוויי מיליאָנ מיטגלידער אונ קאנדידאטנ. מיר האָבנ אינ קאָמיוג העכער פיר מיליאָנ מיטגלידער אונ קאנדידאטנ. מיר האָבנ איבער דריי מיליאָנ ארבעטערשע אונ פויערישע קאָ-

רעספאָנדענטנ. אינ אָסאָאוויִאַכימ האָבנ מיר העכער 12 מיליאָנ מיטגלידער. אינ די פראָפאַריינענ—העכער 17 מיליאָנ מיטגלידער. אָט-די אָרגאַניזאַציעס האָבנ מיר צו פאַרדאַנקענ אונדזערע דערפאָלגנ. אונ אויב, ניט געקוקט אַפ דער אָנוועזנקייט פונ אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס אונ אַזעלכע מעגלעכקייטנ, וואָס פאַרלייכטערנ דאָס דערגרייכנ די דערפאָלגנ, האָבנ מיר ניט ווייניק כעסרוינעס אינ דער אַרבעט אונ ניט קיינ קליינע צאָל דורכפאַלנ, זיינענ שולדיק דעריִנ נאָר מיר, אונדזער אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעט, אונדזער שלעכטע אָרגאַניזאַציאָנעלע אָנפירונג.

ביוראָקראַטיזמ אונ קאַנצעליאַרשטשינע פונ די פאַרוואַלטונג-אַפאַראַטנ; פלוידערייַ וועגנ „אָנפירונג ביכלאַל" אָנשטאָט לעבעדיקער אונ קאָנקרעטער אָנפירונג; דער פונקציאָנאַלער געבוי פונ די אָרגאַניזאַציעס אונ דאָס פעלנ פונ פערזענלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט; די אַנאָנימקע אינ דער אַרבעט אונ די אויסגלייכערייַ אינ דער סיסטעמ פונעמ אַרבעטלוינ; אָפוועזנקייט פונ סיסטעמאַטישנ קאָנטראָלירנ די אויספילונג; מוירע פאַר זעלבסטקריטיק, — אָט ווו עס זיינענ די קוואַלנ פונ אונדזערע שוועריקייטנ, אָט ווו עס נעסטנ זיכ איצט אונדזערע שוועריקייטנ.

עס וואָלט געווענ נאַיִוו צו דענקענ, אַז מע קאָנ באַקעמפנ די דאָזיקע שוועריקייטנ מיט דער הילפ פונ רעזאָליוציעס אונ באַשטימונגענ. די ביוראָ-קראַטנ אונ קאַנצעליאַריסטנ האָבנ זיכ שוינ לאַנג אויסגעלערנט די קונסט מיט ווערטער צו דעמאָנסטרירנ טרייַהייט צו די באַשלוסנ פונ דער פאַרטיי אונ רעגירונג, אונ אינדערעמעסנ—אַוועקלייגנ זיי אונטערנ טישטעכ. קעדיי צו באַקעמפנ די דאָזיקע שוועריקייטנ, האָט מענ געדאַרפט ליקווידירנ די אָפגעשטאַנענקייט פונ אונדזער אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט לעגאַבע די פאָדע-רונגענ פונ דער פאָליטישער פאַרטיי-ליניע, מע האָט געדאַרפט אופהייבנ דעמ ניוואָ פונ דער אָרגאַניזאַציאָנעלער אָנפירונג אינ אַלע ספערעס פונ דער פאָלקווירטשאַפט ביזנ ניוואָ פונ דער פאָליטישער אָנפירונג, מע האָט זיכ געדאַרפט דערשלאָגנ, אַז אונדזער אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעט זאָל זיכערנ דאָס פראַקטישע דורכפירנ אינ לעבנ די פאָליטישע לאָזונגענ אונ באַשלוסנ פונ דער פאַרטיי.

קעדיי צו באַקעמפנ די דאָזיקע שוועריקייטנ אונ דערשלאָגנ זיכ צו דער-פאָלגנ, האָט מענ געדאַרפט אָ ר ג אַ נ י ז י ר נ דעמ קאַמפ אַפ בייַצוקומענ די דאָזיקע שוועריקייטנ, האָט מענ געדאַרפט אַרייַנציִענ די מאַסנ אַרבעטער אונ פויערימ אינ דעמ דאָזיקנ קאַמפ, האָט מענ געדאַרפט מאָביליזירנ די פאַרטיי גופע, האָט מענ געדאַרפט אָפרייניקנ די פאַרטיי אונ ווירטשאַפט-לעכע אָרגאַניזאַציעס פונ די אומזיכערע, ניט-שטאַנדהאַפטיקע, איבערגע-בוירענע עלעמענטנ.

וואָס האָט זיכ געפאָדערט צוליב דעמ?

מיר האָבן געדאַרפֿט אָרגאַניזירן:

1) די פֿאַנאַנדערוויקלונג פֿון דער זעלבסטקריטיק און דאָס אופֿדעקן די כעסרוינעס אין אונדזער אַרבעט;

2) די מאָביליזאַציע פֿון די פּאַרטייִשע, סאָוועטישע,ווירטשאַפֿטלעכע, פּראָפֿעסיאָנעלע און קאָמיוגישע אָרגאַניזאַציעס צום קאַמף קעגן די שוועריקייטן;

3) די מאָביליזאַציע פֿון די אַרבעטער־פּויערשע מאַסן צום קאַמף פֿאַר דורכפֿירן אין לעבן די לאָזונגען און די באַשלוסן פֿון דער פּאַרטיי און פֿון דער רעגירונג;

4) די פֿאַנאַנדערוויקלונג פֿונעם געוועט און שלאָגלערײַ צווישן די אַר־בעטנדיקע;

5) א ברייטע נעץ פֿון פּאָליטאָפּטיילן פֿון די מטס און ראַטווירטן און דאָס דערנעענטערן די פּאַרטייִש־סאָוועטישע אָנפֿירונג צום דאָרף;

6) די דעקאָנצענטרירונג פֿון די פֿאָלקאָמאַטן, הויפּט־פֿאַרוואַלטונגען און טרעסטן און דאָס דערנעענטערן די ווירטשאַפֿטלעכע אָנפֿירונג צו דער אונטערנעמונג;

7) דאָס פֿאַרניכטן די אַנאָנימקע אין דער אַרבעט און דאָס ליקווידירן די אויסגלײַכערײַ אין דער סיסטעם פֿון אַרבעטלוין;

8) דאָס פֿאַרניכטן די „פֿונקציאָנאַלקע", דאָס פֿאַרשטאַרקן די פּערזענ־לעכע פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט און די אײַנשטעלונג אַף ליקווידירן די קאָ־לעגיעס;

9) דאָס פֿאַרשטאַרקן דאָס קאָנטראָלירן די אויספֿילונג און די אײַנ־שטעלונג אַף רעאָרגאַניזירן די צקק און אַרבעטער־פּויערשע אינספּעקציע אין גײַסט פֿון ווײַטערדיקן פֿאַרשטאַרקן דאָס קאָנטראָלירן די אויספֿילונג;

10) דאָס איבערוקן די קוואַליפֿיצירטע טוער פֿון די קאַנצעלאַריעס נעענטער צו דער פּראָדוקציע;

11) דאָס דעמאַסקירן און אַרויסטרײַבן פֿון די פֿאַרוואַלטונג-אַפּאַראַטן די פֿאַרפֿאַלענע ביוראָקראַטן און קאַנצעלאַריסטן;

12) דאָס אַראָפּנעמען פֿון די פּאָסטנס די, וואָס ברעכן די באַשלוסן פֿון דער פּאַרטיי און רעגירונג, די אויגנפֿאַרבלענדער און פּלוידערער, און אַרויסרוקן אַף זייער אָרט נײַע מענטשן — מענטשן פֿון טאַט, וואָס זײַנען פֿייִק צו זיכערן די קאָנקרעטע אָנפֿירונג מיט דער אָנפֿאַרטרויטער אַרבעט און פֿאַרפֿעסטיקן די פּאַרטייִש-סאָוועטישע דיסציפּלין;

13) די רייניקונג פֿון די סאָוועטיש־ווירטשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציעס און די פֿאַרקירצונג פֿון זייערע שטאַטן;

14) צולעצט, דאָס אָפּרייניקן די פּאַרטיי פֿון אומזיכערע און איבער־געבוירענע מענטשן.

אָט דאָס זײַנען אין גרונט די מיטלען, וואָס די פּאַרטיי האָט געדאַרפט ארויסרוקן, קעדיי צו באַקעמפן די שוועריקייטן, אופהייבן דעם ניוואָ פון אונדזער אָרגאַניזאַציאָנעלער ארבעט ביזן ניוואָ פון דער פּאָליטישער אָנפירונג און זיכערן, אַזויארום, דאָס דורכפירן אין לעבן די פּאַרטיי־ליניע.

איר ווייסט, אַז דער צק פון אונדזער פּאַרטיי האָט טאַקע אַזוי געפּ'רט זײַן אָרגאַניזאַציאָנעלע ארבעט אין דעם באַריכט־פּעריאָד.

דער צק האָט זיך דערבײַ געהאַלטן בײַ לענינס גענײַאַלן געדאַנק וועגן דעם, אַז דער איקער אין דער אָרגאַניזאַציאָנעלער ארבעט איז — ד אָ ס צו־ קלײַבן די מענטשן און ד אָ ס קאָנטראָלירן די אויספירונג.

אין פּראַט פון צוקלײַבן מענטשן און אַראָפּנעמען די, וואָס האָבן זיך ניט באַרעכטיקט, וואָלט איך געוואָלט זאָגן עטלעכע ווערטער.

אויסער די פּאַרפּאַלענע ביוראָקראַטן און קאַנצעלאַריסטן, וואָס וועגן באַזײַטיקן זיי איז בײַ אונדז ניטאָ קיין שום מיינונג־פאַרשיידנהײַטן, זײַנען בײַ אונדז פאַראַן נאָך צוויי טיפּן טוער, וואָס האַמעווען אונדזער ארבעט, וואָס שטערן אונדזער ארבעט און לאָזן אונדז ניט באַוועגן זיך פאָרויס.

איין טיפּ טוער — דאָס זײַנען מענטשן מיט געוויסע פאַרדינסטן אין דער פאַרגאַנגענהײַט, מענטשן, וואָס זײַנען געוואָרן בײַ זיך גרויסע פּריצים, מענטשן, וואָס האַלטן, אַז די פּאַרטייאישע און סאָוועטישע געזעצן זײַנען גע־ שריבן ניט פאַר זיי, נאָר פאַר נאַראָנים. דאָס זײַנען די זעלבע מענטשן, וואָס האַלטן ניט פאַר זייער פליכט אויסצופילן די באַשלוסן פון דער פּאַרטיי און פון דער רעגירונג און וואָס צעשטערן, אַזויארום, די יעסוידעס פון דער פּאַרטייאישער און מעלוכישער דיסציפּלין. אַפּ וואָס רעכענען זיי אויס, ברעכנדיק די פּאַרטייאישע און סאָוועטישע געזעצן? זיי האָפן דערויף, אַז די ראַטנמאַכט וועט זיך ניט אַנטשליסן אָנצורירן זיי איבער זייערע אַלטע פאַרדינסטן. די דאָזיקע גײַוועדיקע גרויסע פּריצים מיינען, אַז זיי קאָן קיינער ניט פאַרבײַטן און אַז זיי קאָנען אומבאַשטראָפט ברעכן די באַשלוסן פון די אָנפירנדיקע אָרגאַנען. וואָס זאָל מען טאָן מיט אַזעלכע טוער? מע דאַרף זיי אָן וואַקלעניש אַראָפּנעמען פון די אָנפירנדיקע פּאָסטנס, ניט געקוקט אַפּ זייערע פאַרדינסטן אין דער פאַרגאַנגענהײַט. (א ו י ס ר ו פ ן: „ריכטיק!") מע דאַרף זיי אַראָפּנעמען פון דער ארבעט און אַרויסרוקן אַפּ קלענערע אַמטן און פאַרעפנטלעכן וועגן דעם אין דער פּרעסע. (א ו י ס ר ו פ ן: „ריכטיק!") דאָס איז נייטיק, קעדיי אַראָפּצושלאָגן דעם האָנאָר בײַ די דאָזיקע גײַוועדיקע גרויסע פּריצים־ביוראָקראַטן און אָוועקשטעלן זיי אַפּ זייער אָרט. דאָס איז נייטיק, קעדיי צו פאַרפעסטיקן די פּאַרטייאישע און סאָוועטישע דיסציפּלין אין אונדזער גאַנצער ארבעט. (א ו י ס ר ו פ ן: „ריכטיק!" א פּ ל אָ ד י ס מ ע נ ט ן.)

און איצט וועגן א צווייטן טיפ טוער. איך מיין דעם טיפ פלוידער־זעק, איך וואָלט געזאָגט, ערלעכע פלוידערזעק (געלעכטער), מענטשן ערלעכע, איבערגעגעבענע דער ראטנמאכט, וואָס זיינען אָבער ניט פייִק אָנצופירן, וואָס זיינען ניט פייִק וואָס עס איז צו אָרגאניזירן. פאראיאָרן האָב איך געהאט א שמועס מיט איינעם אזא כאווער, זייער א געערטער כאווער, אָבער א פארפאַלענער פלוידערזאק, וואָס איז פייִק צו דערטרינקען אין פלוידעריי יעטווידע לעבעדיקע ארבעט. אָט איז דער דאָזיקער שמועס:

איך: ווי האַלט בא אייך מיטן פארזיי?

ער: מיטן פארזיי, כאווער סטאלין? מיר האָבן זיך מאָביליזירט. (געלעכטער.)

איך: נו, איז וואָס?

ער: מיר האָבן אוועקגעשטעלט די פראגע זייער שארף. (געלעכטער.)

איך: נו, און וואָס ווייטער?

ער: פאראן בא אונדז אן איבערבראָך, כאווער סטאלין, אינגיכן וועט זיין אן איבערבראָך. (געלעכטער.)

איך: אָבער פאָרט?

ער: בא אונדז מערקט זיך א רוק פאָרויס. (געלעכטער.)

איך: אָבער פאָרט, ווי האַלט בא אייך מיטן פארזיי?

ער: מיטן פארזיי קומט בא אונדז דערווייל גאָרניט ארויס, כאווער סטאלין. (אלגעמיינער הילכיקער געלעכטער.)

אָט האָט איר אייך א פיזיאָנאָמיע פון א פלוידערזאק. זיי האָבן זיך מאָביליזירט, זיי האָבן אוועקגעשטעלט די פראגע זייער שארף, פאראן בא זיי אי אן איבערבראָך אי א רוק פאָרויס, און די ארבעט רירט זיך ניט פון אָרט.

ס'איז פונקט אזוי, ווי איינער אן אוקראַינישער ארבעטער האָט דאָ ניט לאנג כאראקטעריזירט דעם צושטאנד פון איינער אן אָרגאניזאציע, ווען מע האָט בא אים געפרעגט, צי עס איז פאראן א ליניע בא דער דאָזי־קער אָרגאניזאציע: „ס'הייסט, א ליניע... א ליניע איז, פארשטייט זיך, פאראן, נאָר קיין ארבעט זעט זיך ניט אָן". (אלגעמיינער געלעכ־טער.) קלאָר, אז די דאָזיקע אָרגאניזאציע האָט אויך אירע ערלעכע פלוי־דערזעק.

און ווען דו נעמסט אראָפּ פון פאָסטנס אזעלכע פלוידערזעק און שיקסט זיי אָפּ וואָס ווייטער פון אָפּעראטיווער ארבעט, צעפירן זיי די הענט און זיי שטוינען: „פארוואָס זשע נעמט מען אונדז אראָפּ? האָבן מיר דען ניט געטאָן אלץ, וואָס עס איז נייטיק פאר דער ארבעט, האָבן מיר דען ניט צונויפגערופן א שלאָגלער־צוזאמענפאָר, האָבן מיר דען אף דער קאָנפערענץ פון די שלאָגלער ניט פראָקלאמירט די לאָזונגען פון דער פארטיי

אונ פונ דער רעגירונג, האָבנ מיר דענ ניט אויסגעוויילט דעמ גאנצנ באַשטאנד פונ פּאָליטביוראָ פונ צק אינ ערנ־פּרעזידיום (*אַלגעמיינער געלעכטער*), האָבנ מיר דענ ניט אוועקגעשיקט א באגריסונג דעמ כ׳ סטאלינ,— איז וואָס זשע נאָכ ווילט איר פונ אונדז?" (*אַלגעמיינער הילכיקער געלעכטער*.)

וואָס טוט מענ מיט אָט־די פארפאלענע פּלוידערזעק? אויב מע זאָל זיי לאָזנ אפ אָפּעראטיווער ארבעט, זײַנענ זיי דאָכ פייִק צו דערטרינקענ יעטווידער לעבעדיקע זאכ אינ א שטראָמ וואסערדיקע אונ אומענדלעכע רעדעס. קלאָר, אז מע דארפ זיי אראָפּנעמענ פונ די אָנפירנדיקע פּאָסטנס אונ אוועקשטעלנ זיי אפ אנ אנדערער, ניט קיינ אָפּעראטיווער ארבעט. פאר פּלוידערזעק איז ניט קיינ אָרט אפ אָפּעראטיווער ארבעט. (*אויסגעשרייענ*: „ריכטיק!" *אפּלאָדיסמענטנ*.)

וועגנ דעמ, ווי דער צק האָט גערירכטעט דאָס צוקלײַבנ די מענטשנ אינ די סאָוועטישע אונ ווירטשאפטלעכע אָרגאניזאציעס אונ ווי ער האָט געפירט די ארבעט פונ פארשטארקנ דעמ קאָנטראָל איבער דער אויספילונג,— האָב איכ שוינ אינקורצנ רעפערירט. גענויער וועט אײַכ רעפערירנ וועגנ דעמ דער כאווער קאהאנאָוויטש באמ דריטנ פונקט פונ דער טאָג־אָרדענונג פונעמ צוזאמענפאָר.

וואָס אָנבאלאנגט דער ווײַטערדיקער ארבעט צו פארשטארקנ דעמ קאָנטראָל פונ דער אויספילונג, איז וועגנ דעמ וואָלט איכ געוואָלט זאָגנ עטלעכע ווערטער.

דאָס ריכטיקע אָרגאניזירנ דעמ קאָנטראָל פונ דער אויספילונג האָט אנ אנטשיידנדיקע באדײַטונג אינעמ קאמפ קעגנ ביוראָקראטיזמ אונ קאנצעליארשטשינע. צי ווערנ די באשלוסנ פונ די אָנפירנדיקע אָרגאניזאציעס דורכגעפירט אָדער די ביוראָקראטנ אונ קאנצעליאריסטנ פארשטעקנ זיי אונטערנ טישטעכ? ווערנ זיי דורכגעפירט ריכטיק אָדער זיי ווערנ פארקריפּלט? ארבעט דער אפּאראט אָרנטלעכ אונ אפ א באָלשעוויסטישנ אויפנ אָדער ער ארבעט אפ פוסט,— וועגנ דעמ אלצ קאָנ מענ זיכ דערוויסנ באצײַטנס בלויז אינ רעזולטאט פונ א גוט אוועקגעשטעלטנ קאָנטראָל פונ דער אויספילונג. א גוט אוועקגעשטעלטער קאָנטראָל פונ דער אויספילונג — דאָס איז יענער פּראָזשעקטער, וואָס העלפט מיט צו באלײַכטנ דעמ צושטאנד פונ דער ארבעט פונעמ אפּאראט צו יעטווידער צײַט אונ ארויסשלעפּנ אפ דער ליכטיקער שײַנ די ביוראָקראטנ אונ קאנצעליאריסטנ. מע קאָנ מיט זיכערקײַט זאָגנ, אז נײַנ צענטל פונ אונדזערע בלויזנ אונ דורכרײַסנ דערקלערנ זיכ דערמיט, וואָס עס פעלט אויס א ריכטיק אוועקגעשטעלטער קאָנטראָל פונ דער אויספילונג. ס׳קאָנ קיינ ספק ניט זײַנ, אז

ווען אזא קאָנטראָל פון דער אויספילונג וואָלט געווען, וואָלטן די בלויז און דורכרייסן געוויס אויסגעמיטן געוואָרן.

אָבער קעדיי דער קאָנטראָל פון דער אויספילונג זאָל דערגרייכן זיין ציל, זיינען נייטיק אמווייניקסטן צוויי באדינגונגען: ערשטנס,—אז דער קאָנטראָל פון דער אויספילונג זאָל זיין א סיסטעמאטישער, און ניט קיין עפּיזאָדישער; צווייטנס, — אז אין דער שפּיץ פונעם קאָנטראָלירן די אויספילונג זאָלן אין אַלע רינגען פון די פּארטיי-סאָוועטישע אוןווירטשאפטלעכע אָרגאניזאציעס שטיין ניט קיין צווייטראנגיקע פּערזאָנען, נאָר גענוג אווטאָריטעטע מענטשן, — די אָנפירער אליין פון דער אָרגאניזאציע.

די גרעסטע באדייטונג האָט דאָס ריכטיקע אָרגאניזירן דעם קאָנטראָל פון דער אויספילונג פאר די צענטראַלע אָנפירנדיקע אינסטיטוציעס. די ארבעטער-פויערשע אינספּעקציע קאָן ניט לויט איר אָרגאניזאציע באפרידיקן די פאָדערונגען פון א גוט אוועקגעשטעלטן קאָנטראָל פון דער אויספילונג. מיט עטלעכע יאָר צוריק, ווען אונדזער ווירטשאפטלעכע ארבעט איז געווען מער איינפאכ און ווייניקער צופרידנשטעליק און ווען מע האָט געקאָנט אויסרעכענען אפ דער מעגלעכקייט צו אינספּעקטירן די ארבעט פון אַלע פאָלקאָמאטן און פון אַלע ווירטשאפטלעכע אָרגאניזאציעס, איז די ארבעטער-פויערשע אינספּעקציע געווען אפן אָרט. אָבער איצט, ווען אונדזער ווירטשאפטלעכע ארבעט איז זיך צעוואָקסן און איז געוואָרן קאָמפּליצירטער, און ווען עס איז שוין ניטאָ מער ניט קיין נייטיקייט און ניט קיין מעגלעכקייט צו אינספּעקטירן זי פון איין צענטער, דארף די ארבעטער-פויערשע אינספּעקציע זיך איבערבויען. איצט דארפן מיר האָבן ניט קיין אינספּעקציע, נאָר א קאָנטראָל פון דער אויספילונג פון די באשלוסן פונעם צענטער, — מיר דארפן איצט האָבן א קאָנטראָל איבער דער אויספילונג פון די באשלוסן פונעם צענטער. מיר דארפן איצט האָבן אזא אָרגאניזאציע, וואָס זאָל, ניט נעמענדיק אפ זיך קיין אוניווערסאַלן ציל צו אינספּעקטירן אַלץ און אַלעמען, קאָנען קאָנצענטרירן איר גאנצע אופמערקזאמקייט אפ דער ארבעט פון קאָנטראָל, אפ דער ארבעט פון קאָנטראָלירן די אויספילונג פון די באשלוסן פון די צענטראַלע אנשטאלטן פון דער ראטנמאכט. אזא אָרגאניזאציע קאָן בלויז זיין א קאָמיסיע פון סאָוועטישן קאָנטראָל באם ראטפאָלקאָם פונעם פארבאנד סםר, וואָס ארבעט לויט די פאר-געבונגען פונעם ראטפאָלקאָם און האָט אפ די ערטער פאָרשטייער, אומאָפּהענגיקע פון די אָרטיקע אָרגאנען. און קעדיי זי זאָל האָבן גענוג אווטאָריטעט, קעדיי זי זאָל קאָנען אין א נייטיקן פאל צוציִען צו פאראנט-וואָרטלעכקייט יעטווידער פאראנטוואָרטלעכן טוער, — איז נייטיק, אז די קאנדידאטן פאר מיטגלידער אין דער קאָמיסיע פון סאָוועטישן קאָנטראָל

זאָלן אָנגעמערקט ווערן דורכן פּארטיי־צוזאמענפּאָר און זאָלן באשטעטיקט ווערן דורכן ראטספאַלקאָם און ציק פונעם פּארבאנד ססר. איך מיין, אז באר אזא אָרגאניזאציע וואָלט געקאָנט פּארפּעסטיקן דעם סאָוועטישן קאָנ־טראָל און די סאָוועטישע דיסציפּלין.

וואָס איז שייַעך דער צקק, איז זי, ווי באוווסט, געשאפן געוואָרן פריער פאר אלץ און דעריקער קעדיי ניט צו דערלאָזן קיין שפּאלטונג אין דער פּארטיי. איר ווייסט, אז א געפאר פון א שפּאלטונג האָט ווירקלעך עקזיס־טירט בא אונדז איין צייַט. איר ווייסט, אז דער צקק און אירע אָרגאני-זאציעס האָט זיך איינגעגעבן צו באזייַטיקן די געפאר פון א שפּאלטונג. אָבער איצט איז בא אונדז מער ניטאָ קיין געפאר פון א שפּאלטונג. דערפאר איז בא אונדז אָבער איצט פאראן א דרינגענדיקע נייטיקייַט אין אזא אָר־גאניזאציע, וואָס זאָל קאָנען קאָנצענטרירן איר הויפּט-אויפמערקזאמקייַט אף דער ארבעט פון קאָנטראָלירן די אויספירונג פון די באשלוסן פון דער פּארטיי און פון איר צענטראל-קאָמיטעט. אזא אָרגאניזאציע קאָן זייַן בלויז א קאָמיסיע פון פּארטייישן קאָנטראָל באם צק אלקפּ(ב), וועלכע ארבעט לויט די פאראָרדענונגען פון דער פּארטיי און פון איר צק און וועלכע האָט אף די ערטער פאָרשטייער, אומאָפּהענגיקע פון די אָרטיקע אָרגאניזאציעס. פארשטייט זיך, אז אזא פאראנטוואָרטלעכע אָרגאניזאציע דארף האָבן א גרויסן אויטאָריטעט. און קעדיי זי זאָל האָבן א גענוגן אויטאָריטעט, קעדיי זי זאָל קאָנען צוציִען צו פאראנטוואָרטלעכקייַט יעטווידער פארשולדיקטן פאראנט-וואָרטלעכן טוער, דערונטער אויך מיטגלידער פון צק, — איז נייטיק, אז די מיטגלידער פון דער דאָזיקער קאָמיסיע זאָל קאָנען אויסוויילן און אראָפּזעצן בלויז דער העכסטער אָרגאן פון דער פּארטיי — דער פּארטיי-צו־זאמענפּאָר. ס'קאָן קיין סאָפעק ניט זייַן, אז אזא אָרגאניזאציע וועט זייַן פולקום פייִק צו זיכערן דעם קאָנטראָל איבער דער אויספירונג פון די באשלוסן פון די צענטראלע פּארטיי-אָרגאנען און פארפעסטיקן די פּארטיי-דיסציפּלין.

אזוי האלט עס מיט די פראגן פון אָרגאניזאציִאָנעלער אָנפירונג.

אונדזערע אויפגאבן אין געביט פון דער אָרגאניזאציִאָנעלער ארבעט:

1) אויך ווייַטער צופּאסן אונדזער אָרגאניזאציִאָנעלע ארבעט צו די פאָדערונגען פון דער פּאָליטישער ליניע פון דער פּארטיי;

2) אויפהייבן די אָרגאניזאציִאָנעלע אָנפירונג ביזן ניוואָ פון דער פּאָ־ליטישער אָנפירונג;

3) דערשלאָגן זיך דערצו, אז די אָרגאניזאציִאָנעלע אָנפירונג זאָל פול־שטענדיק זיכערן דאָס דורכפירן אין לעבן די פּאָליטישע לאָזונגען און באשלוסן פון דער פּארטיי.

איכ ענדיק, כאווייִרימ, דעמ באריכט־פאָרטראָג.

וועלכע אויספירנ דרינגענ פונ אימ ארויס?

איצט אנערקענענ שוינ אלע, אז אונדזערע דערפאָלגנ זײַנענ גרויס און אומגעוויינלעכ. דאָס לאנד איז אינ א פארהעלטניסמעסיק קורצנ טערמינ אריבערגעפירט געוואָרנ אפּ די רעלסנ פונ אינדוסטריאליזאציע און קאָלעקטיוויזאציע. ס'איז מיט דערפאָלג פארווירקלעכט געוואָרנ דער ערשטער פינפיאָר. דאָס רופט ארויס א געפיל פונ שטאָלצ און פארשטארקט דעמ גלויבנ אינ די אייגענע קויכעס בא אונדזערע טוער. דאָס איז, פארשטייט זיכ, גוט. אָבער דערפאָלגנ האָבנ צומאָל אויכ זייער שאָטנדיקע זײַט. טיילמאָל רופנ זיי ארויס אייניקע געפארנ, וואָס, אויב מע זאָל זיי לאָזנ זיכ אנטוויקלענ,— קאָנענ זיי צעשרויפנ דעמ גאנצנ איניענ. ס'איז, צומבײַשפּיל, פאראנ א געפאר, אז בא אייניקע כאווייִרימ אונדזערע קאָנ אָנהייבנ שווינדלענ דער קאָפּ פונ אזוינע דערפאָלגנ. אזעלכע פאלנ פלעגנ בא אונדז טרעפנ, ווי באוווּסט. פאראנ א געפאר, אז עמעצ ווער פונ אונדזערע כאווייִרימ וועט, א פארשיקערטער פונ די דערפאָלגנ, אינגאנצנ זיכ פארגעסנ און וועט זיכ אָנהייבנ אײַנוויגנ מיט בארימערישע לידער, ווי, אשטייגער, אז „איצט איז פאר אונדז אלצ א קלייניקײַט”, אז „מיר קאָנענ וועמענ איר ווילט מיט די היטלענ פארווארפנ” אדג. דאָס איז קלאָר ניט אויסגעשלאָסנ, כאווייִרימ. קיינ זאכ איז ניט אזוי געפערלעכ, ווי אזעלכע שטימונגענ, ווײַל זיי אנטוואָפענענ די פארטיי און דעמאָביליזירנ אירע רייענ. אויב אזעלכע שטימונגענ זאָלנ אָנהייבנ הערשנ אינ אונדזער פארטיי, קאָנענ מיר בלײַבנ שטיינ פאר דער געפאר, אז אלע אונדזערע דערפאָלגנ זאָלנ אראָפּגעריסנ ווערנ. אוואדע האָבנ מיר דעמ ערשטנ פינפיאָר אויסגעפילט מיט דערפאָלג. דאָס איז ריכטיק. נאָר דערמיט איז די זאכ ניט פארענדיקט און קאָנ זיכ ניט ענדיקנ, כאווייִרימ. עס שטייט פאָר דער צווייטער פינפיאָר און אימ דארפ מענ אויכ אויספילנ און אויכ מיט דערפאָלג. איר ווייסט, אז די פלענער ווערנ אויסגעפילט אינ קאמפּ קעגנ שוועריקײַטנ, אינ גאנג פונ בײַקומענ שוועריקײַטנ. הייסט עס, שוועריקײַטנ וועלנ זײַנ, און ס'וועט אויכ זײַנ א קאמפּ קעגנ זיי. די ככ' מאָלאָטאָוו און קויבישעוו וועלנ אײַכ רעפערירנ וועגנ דעמ פלאנ פונעמ צווייטנ פינפיאָר. פונ זייערע פאָרטראָגנ וועט איר דערזענ, וואָס פאר א גרויסע שוועריקײַטנ אונדז שטייט פאָר בײַצוקומענ, קעדיי צו פארווירקלעכנ אָט־דעמ גראנדיעזנ פלאנ. הייסט עס, אז ניט אײַנוויגנ דארפ מענ די פארטיי, — נאָר אנטוויקלענ אינ איר די וואכזאמקײַט, ניט אײַנשלעפערנ זי, — נאָר האלטנ זי אינ א צושטאנד פונ שלאכט־גרייטקײַט, ניט אנטוואָפענענ, — נאָר באוואָפענענ, ניט דעמאָביליזירנ, — נאָר האלטנ זי אינ צושטאנד פונ מאָביליזאציע צוליב דער פארווירקלעכונג פונעמ צווייטנ פינפיאָר.

פונדאנענ קומט דער ערשטער אויספיר: ניט פארכלינעט ווערנ פונ די דערגרייכטע דערפּאָלגנ אונ זיכ ניט פארײַסנ.

מיר האָבנ זיכ דערשלאָגנ די דערפאָלגנ דערפאר, ווײַל מיר האָבנ געהאט א ריכטיקע אָנפירנדיקע ליניע פונ דער פּארטיי אונ האָבנ באוויזנ צו אָרגאניזירנ די מאסנ צומ דורכפירנ אינ לעבנ די דאָזיקע ליניע. ס'איז גאָר ניטאָ וואָס צו ריידנ, אז אָנ די דאָזיקע באדינגונגענ וואָלטנ מיר ניט געהאט יענע דערפאָלגנ, וואָס מיר האָבנ איצט אונ מיט וועלכע מיר שטאָלצירנ מיט רעכט. נאָר האָבנ א ריכטיקע ליניע אונ קענענ דורכפירנ זי אינ לעבנ — דאָס איז א גרויסע זעלטנקײַט אינעמ לעבנ פונ רעגירנדיקע פּארטייענ.

טוט א קוק אפ די ארומיקע לענדער: א סאכ וועט איר געפינענ רעגירנדיקע פּארטייענ, וואָס האָבנ א ריכטיקע ליניע אונ וואָס פירנ זי דורכ אינ לעבנ? אייגנטלעכ, זײַנענ איצט אינ דער וועלט ניטאָ אזעלכע פּארטייענ, ווײַל אלע לעבנ זיי אָנ פּערספּעקטיוונ, פּלאָנטערנ זיכ אינ כאאָס פונ קריזיס אונ זעענ ניט קיינ וועגנ אפ ארויסצוקריכנ פונ זומפּ. בלויז אונדזער פּארטיי ווייסט, וווהינ צו פירנ די ארבעט, אונ פירט זי פּאָרויס מיט דערפאָלג. וואָס פאר אנ אומשטאנד האָט אונדזער פּארטיי צו פארדאנקענ דעמ דאָזיקנ פּאָרצוג אירנ? דעמ אומשטאנד, וואָס זי איז א פּארטיי א מארקסיסטישע, א פּארטיי א לענינשע. זי האָט עס צו פארדאנקענ דעמ אומשטאנד, וואָס זי האלט זיכ אינ איר ארבעט בא דער לערע פונ מארקס, ענגעלס, לענינ. עס קאָנ קיינ סאָפעק ניט זײַנ, אז קאָלזמאנ מיר בלײַבנ טרײַ דער דאָזיקער לערע, קאָלזמאנ מיר פארמאָגנ דעמ דאָזיקנ קאָמפּאס, — וועלנ מיר האָבנ דערפאָלגנ אינ אונדזער ארבעט.

מע זאָגט, אז אינ מײַרעוו איז אינ אייניקע מעלוכעס שוינ פארניכטעט דער מארקסיזמ. מע זאָגט, אז פארניכטעט האָט אימ קלוימערשט די בורזשואז־נאציאָנאליסטישע שטרעמונג, וואָס הייסט פאשיזמ. דאָס זײַנענ, פארשטייט זיכ, פוסטע רייד. אזוי ריידנ קאָנענ בלויז מענטשנ, וואָס ווייסנ ניט קיינ געשיכטע. מארקסיזמ איז דער וויסנשאפטלעכער אויסדרוק פונ די גרונט־אינטערעסנ פונעמ ארבעטער־קלאס. קעדיי צו פארניכטנ דעמ מארקסיזמ, דארפ מענ פארניכטנ דעמ ארבעטער־קלאס. אונ פארניכטנ דעמ ארבעטער־קלאס איז אומעגלעכ. העכער 80 יאָר איז אריבער זינט דער מארקסיזמ איז ארויס אפ דער ארענע. פאר אָט־דער צײַט האָבנ צענדליקער אונ הונדערטער בורזשואזע רעגירונגענ געפּרוווט פארניכטנ דעמ מארקסיזמ. איז וואָס? בורזשואזע רעגירונגענ זײַנענ געקומענ אונ אוועקגעגאנגענ, אונ דער מארקסיזמ איז פארבליבנ. (שטורמישע אפּלאָדיסמענטנ.) נאָכ מער, — דער מארקסיזמ האָט זיכ דערשלאָגנ דערצו, אז ער האָט אָפּגעהאלטנ א פולשטענדיקנ

ניצאָכנ אינ איינ זעקסטכיילעק פונ דער וועלט, דערביי האָט ער זיכ דערשלאָגנ א ניצאָכנ אינ דעמ זעלבנ לאנד, ווו מע האָט געהאלטנ דעמ מארקסיזמ פאר ענדגילטיק פארניכטעט. (**שטורמישע אפּלאָדיסמענטנ.**) מע קאָנ ניט האלטנ פאר קיינ צופעליקייט דאָס, וואָס דאָס לאנד, ווו דער מארקסיזמ האָט אָפּגעהאלטנ א פולשטענדיקנ זיג, איז איצט דאָס איינציקע לאנד אינ דער וועלט, וואָס ווייסט ניט פונ קיינ קריזיסנ אונ ארבעטלאָזיקייט, בעת אינ אלע איבעריקע לענדער, דערונטער אויכ אינ די לענדער פונ פאשיזמ, הערשט שוינ אָט פיר יאָר קריזיס אונ ארבעטלאָזיקייט. ניינ, כאווירימ, דאָס איז ניט קיינ צופעליקייט. (**לאנגדויערנדיקע אפּלאָדיסמענטנ.**)

יאָ, כאווירימ, אונדזערע דערפאָלגנ האָבנ מיר צו פארדאנקענ דעמ אומשטאנד, וואָס מיר האָבנ געארבעט אונ געקעמפט אונטער דער פאָנ פונ מארקס, ענגעלס, לענינ.

פונדאנענ קומט דער צווייטער אויספיר: **בלייבנ טריי ביזנ סאָפ דער גרויסער פאָנ פונ מארקס, ענגעלס, לענינ.** (**אפּלאָדיסמענטנ.**)

דער ארבעטער־קלאס פונ פססר איז שטארק ניט בלויז דערמיט, וואָס ער פארמאָגט די אינ שלאכט אויסגעפּרוווטע לענינשע פארטיי. ער איז שטארק, וויטער, ניט בלויז דערמיט, וואָס ער האָט די אונטערשטיצונג פונ מיליאָניקע מאסנ ארבעטנדיקע פויערימ. ער איז שטארק אויכ דערמיט, וואָס אימ האלט אונטער אונ אימ העלפט מיט דער וועלט־פּראָלעטאריאט. דער ארבעטער־קלאס פונ פססר איז א טייל פונ דעמ אלוועלטלעכנ פּראָלעטאריאט, זיינ אוואנגארד־אָטריאד, אונ אונדזער רעפּובליק, — איז א קינד פונעמ וועלט־פּראָלעטאריאט. ס'קאָנ קיינ סאָפעק ניט זיינ, אז ווענ ער וואָלט ניט געהאט די אונטערשטיצונג מיצאד דעמ ארבעטער־קלאס פונ די קאפּיטאליסטישע לענדער, וואָלט ער ניט איינגעהאלטנ די מאכט אינ זיינע הענט, וואָלט ער ניט געזיכערט די באדינגונגענ פאר דער סאָציאליסטישער בויונג, — אלזאָ — וואָלט ער ניט געהאט יענע דערפאָלגנ, וועלכע ער האָט איצט. די אינטערנאציאָנאלע פארבינדונגענ פונ דעמ ארבעטער־קלאס פונ פססר מיט די ארבעטער פונ די קאפּיטאליסטישע לענדער, דער ברידערלעכער בונד פונ די ארבעטער פונ פססר מיט די ארבעטער פונ אלע לענדער, — אָט דאָס איז איינער פונ די ווינקל־שטיינער פונ דער קראפט אונ מעכטיקייט פונ דער רעפּובליק פונ די ראטנ. די ארבעטער אינ מערעוו זאָגנ, אז דער ארבעטער־קלאס פונ פססר איז די שלאָג־בריגאדע פונעמ אלוועלטלעכנ פּראָלעטאריאט. דאָס איז זייער גוט. דאָס באטייט, אז דער אלוועלטלעכער פּראָלעטאריאט איז גרייט אויכ וויטער צו שטיצנ דעמ ארבעטער־קלאס פונ פססר לויט זיינע קרעפטנ אונ מעגלעכקייטנ. אָבער דאָס

לייגט אפ אונדז ארופ ערנסטע פליכטנ. דאָס הייסט, אז מיר דארפנ באַרעכטיקנ מיט אונדזער ארבעט דעמ בעקאָוועדיקנ נאָמענ שלאָג־בריגאדע פונ די פּראָלעטאריער פונ אלע לענדער. דאָס פארפליכטעט אונדז צו ארבעטנ בעסער אונ קעמפנ בעסער פאר דעמ ענדגילטיקנ זיג פונעמ סאָציאַליזמ בא אונדז אינ לאנד, פארנ זיג פונעמ סאָציאַליזמ אינ אלע לענדער.

פונדאנענ קומט דער דריטער אויספיר: בלײַבנ טרײַ ביזנ סאָפ דער זאכ פונעמ פּראָלעטארישנ אינטערנאציאָנאליזמ, דער זאכ פונ ברידערלעכנ בונד צווישנ די פּראָלעטאריער פונ אלע לענדער. (אפּלאָדיסמענטנ.)

אָט דאָס זײַנענ די אויספירנ.

זאָל לעבנ די גרויסע אונ אומבאזיגבארע פאָנ פונ מארקס, ענגעלס, לענינ! (שטורמישע, לאנגדויערנדיקע אפּלאָדיסמענטנ פונעמ גאנצנ זאל. דער צוזאמענפאָר מאכט דעמ כ׳ סטאלינ אנ אָוואציע. געזאנג פונעמ „אינטערנאציאָנאל“. נאָכנ אויספילנ דעמ „אינטערנאציאָנאל“ ווערט די אָוואציע באנײַט מיט א נײַער קראפט. אויסגעשרייענ: „הורא סטאלינ“, „לעבנ זאָל סטאלינ“, „לעבנ זאָל דער צק פונ דער פּארטיי“.)

## אָנשטאָט א שלוסוואָרט

כאווײרימ! די דעבאטנ אפנ צוזאמענפאָר האָבנ באוויזנ די פולשטענדיקע איינהײַט אינ די אָנשויונגענ פונ אונדזערע פּארטיי־אָנפירער, מע קאָנ זאָגנ, אינ אלע פראגנ פונ דער פּארטיי־פּאָליטיק. קיינ שומ דערווידערונגענ קעגנ דעמ באריכט־פאָרטראָג, ווי איר ווייסט, זײַנענ ניט געווענ. עס האָט זיכ, הייסט עס, אנטפּלעקט אנ אויסערגעוויינלעכע אידייִש־פּאָליטישע אונ אָרגאניזאציאָנעלע באהעפטקײַט פונ די רייענ פונ אונדזער פּארטיי. (אפּלאָדיסמענטנ.) פרעגט זיכ, צי איז נאָכ דעמ פאראנ א נייטיקײַט אינ א שלוסוואָרט? איכ מיינ, אז ס׳איז ניטאָ אזא נייטיקײַט. דערלויבט מיר דעריבער אָפּצוזאָגנ זיכ פונ א שלוסוואָרט. (שטורמישע אָוואציע, דער גאנצער צוזאמענפאָר שטעלט זיכ אופ, א דונערדיקער „הורא“; קאָלעקטיווע אויסגעשרייענ: „זאָל לעבנ סטאלינ!“ שטייענדיק זינגט דער צוזאמענפאָר דעמ „אינטערנאציאָנאל“. נאָכנ אויספילנ דעמ אינטערנאציאָנאל ווערט ווידער באנײַט די אָוואציע. געשרייענ „הורא!“, „זאָל לעבנ סטאלינ!“, „זאָל לעבנ דער צק!“)

# דער שמועס מיטן ענגלישן שרײַבער ה. ד. אועלס

דעם 23־טן יול 1934 יאָר

אועלס. איך בין אײַך זייער דאנקבאר, מיסטער סטאלין, פאר דעם, וואָס איר האָט אײַנגעוויליקט מיך אופצונעמען. איך בין דאָ מיט א קורצער צײַט צוריק געווען אין די פאראייניקטע שטאטן, כ'האָב געהאט א דויערנדיקן שמועס מיטן פרעזידענט רוזוועלט און האָב זיך געפרוווט קלאָר מאכן, אין וואָס עס באשטייען זײַנע אָנפירנדיקע אידייען. איצט בין איך געקומען צו פאָרן צו אײַך, קעדיי אויסצופרעגן אײַך, וואָס איר טוט, קעדיי צו ענדערן די וועלט...

סטאלין. ניט גאָר קיין סאך...

אועלס. איך וואנדער ארום צומאָל איבער דער ווײַסער וועלט און קוק, ווי א פּאָשעטער מענטש, וואָס עס טוט זיך ארום מיר.

סטאלין. גרויסע טוער, אזעלכע ווי איר, זײַנען ניט קיין „פּאָשעטע מענטשן". געוויס, בלויז די געשיכטע וועט קאָנען באווײַזן אפ וויפל באדײַטנדיק עס איז דער אָדער יענער גרויסער טוער, אָבער, אלנפאלס, קוקט איר אפ דער וועלט ניט ווי א „פּאָשעטער מענטש".

אועלס. איך האָב גאָר ניט בעדייע צו מאכן זיך באשיידן. איך מיין צו זאָגן, אז איך שטרעב צו זען די וועלט מיט די אויגן פון א פּאָשעטן מענטשן, און ניט פון קיין פּארטייישן פּאָליטיקער אָדער פּאראנטוואָרטלעכן מעלוכע-טוער. מײַן רײַזע אין די פאראייניקטע שטאטן האָט געמאכט אפ מיר א דערשיטערנדיקן אײַנדרוק. עס פאלט אײַן די אלטע פינאנציעלע וועלט, עס בויט זיך אפ א נײַעם אופן איבער דאָס עקאָנאָמישע לעבן פון עם לאנד. לענין האָט געהאט געזאָגט, אז מע „דארף זיך לערנען האנדלען", לערנען זיך דאָס בא די קאפּיטאליסטן. איצט דארפן די קאפּיטאליסטן זיך לערנען בא אײַך באגרײַפן דעם גײַסט פון סאָציאליזם. מיר דוכט זיך, אז אין די פאראייניקטע שטאטן האנדלט זיך וועגן א טיפער רעאָרגאניזאציע, וועגן שאפן א פּלאנישע, דאָס הייסט א סאָציאליסטישע,ווירטשאפט. איר און רוזוועלט גייט ארויס פון צוויי פארשיידענע אויסגאנג-פונקטן. צי איז אָבער ניט פאראן קיין אידייִשער צוזאמענבונד, קיין אידייִשע קרויוועשאפט

צווישנ וואשינגטאָנ אונ מאָסקווע? מיר, לעמאָשל, האָט זיכ געוואָרפנ אינ די אויגנ אינ וואשינגטאָנ דאָס זעלביקע, וואָס עס קומט פאָר דאָ: די פארברייטערונג פונעמ פארוואלטערישנ אפאראט, די שאפונג פונ א ריי נײַע מעלוכישע רעגולירנדיקע אָרגאנענ, די אָרגאניזירונג פונ אנ אלצ ארומנעמענדיקנ געזעלשאפטלעכנ אמט. פונקט ווי בא אײַכ אינ לאנד, פעלט זיי אויס די קענטשאפט אָנצופירנ.

סטאלינ. די פארייניקטע שטאטנ פונ אמעריקע האָבנ אנ אנדער ציל, איידער מיר, אינ פסטר. דער ציל, וועלכנ עס פארפאָלגנ די אמעריקאנער, איז אנטשטאנענ אפנ באָדנ פונ עקאָנאָמישער אומאָרדענונג, פונ ווירטשאפטלעכנ קריזיס. די אמעריקאנער ווילנ פאָטער ווערנ פונעמ קריזיס אפנ יעסאָד פונ פריוואט־קאפיטאליסטישער טעטיקײַט, ניט ענדערנדיק די עקאָנאָמישע באזע. זיי שטרעבנ צו דערפירנ צומ מינימומ יענעמ כורבנ, יענעמ העזעק, וועלכע עס ברענגט די עקזיסטירנדיקע עקאָנאָמישע סיסטעמ. בא אונדז, ווידער, איז, ווי איר ווייסט, אפנ אָרט פונ דער צעשטערטער אלטער עקאָנאָמישער באזע געשאפנ געוואָרנ גאָר אנ אנדערע, א נײַע עקאָנאָמישע באזע. אפילע אויב יענע אמעריקאנער, וועגנ וועלכע איר רעדט, וועלנ זיכ טיילווײַז דערשלאָגנ זייער ציל, ד. ה. זיי וועלנ דערפירנ צומ מינימומ דעמ דאָזיקנ העזעק, איז אויכ אינ דעמ פאל וועלנ זיי ניט פארניכטנ די וואָרצלענ פונ יענער אנארכיע, וועלכע איז אייגנטימלעכ דער עקזיסטירנדיקער קאפיטאליסטישער סיסטעמ. זיי היטנ אײַנ יענע עקאָנאָמישע אָרדענונג, וועלכע מוז אומבאדינגט ברענגענ, קאָנ ניט ניט ברענגענ צו אנארכיע אינ דער פראָדוקציע. אזויארומ, וועט זיכ אינ בעסטנ פאל האנדלענ ניט וועגנ דער איבערבויונג פונ דער געזעלשאפט, ניט וועגנ דער פארניכטונג פונ דער אלטער געזעלשאפטלעכער אָרדענונג, וועלכע רופט ארויס אנארכיע אונ קריזיסנ, נאָר וועגנ דער באגרענעצונג פונ באזונדערע נעגאטיווע זײַטנ אירע, וועגנ דער באגרענעצונג פונ באזונדערע עקסצעסנ אירע. סוביעקטיוו טראכטנ עפשער די דאָזיקע אמעריקאנער, אז זיי בויענ איבער די געזעלשאפט, אָבער אָביעקטיוו ווערט די איצטיקע באזע פונ דער געזעלשאפט אײַנגעהיט בא זיי. דעריבער איז, אָביעקטיוו, וועט זיכ קיינ שומ איבערבויונג פונ דער געזעלשאפט ניט באקומענ.

עס וועט ניט זײַנ אויכ קיינ פלאנישע ווירטשאפט. ווײַל וואָס איז אזוינס א פלאנישע ווירטשאפט, וועלכע זײַנענ אייניקע סימאָנימ אירע? די פלאנישע ווירטשאפט שטרעבט צו פארניכטנ די ארבעטלאָזיקײַט. לאָמיר זיכ פאָרשטעלנ, אז עס וועט זיכ אײַנגעבנ, אײַנהיטנדיק די קאפיטאליסטישע אָרדענונג, צו דערפירנ די ארבעטלאָזיקײַט ביז א געוויסנ מינימומ. אָבער קיינ איינ קאפיטאליסט וועט דאָכ קיינמאָל אונ בעשומויפנ ניט מאסקימ

זייַנ אפ א פולשטענדיקער ליקווידאציע פונ דער ארבעטסלאָזיקייַט, אפ דער פארניכטונג פונ דער רעזערוו־ארמיי פונ ארבעטלאָזע, וואָס איר באשטימונג איז — דריקנ אפנ ארבעט-מארק, באזאָרגנ ביליקער באלויִנטע ארבעט-הענט. אָט האָט איר שוינ איינ ריס אינ דער „פלאנישער ווירטשאפט“ פונ דער בורזשואזער געזעלשאפט. ווייַטער, די פלאנישע ווירטשאפט זעצט פאָרויס, אז עס ווערט פארשטארקט די פראָדוקציע אינ יענע אינדוסטריע-צווייַגנ, וואָס זייערע פראָדוקטנ זייַנענ באזונדערס נייטיק פאר די פאָלקמאסנ. איר ווייסט אָבער, אז די פארברייטערונג פונ דער פראָדוקציע באמ קאפיטאליזמ קומט פאָר איבער גאָר אנדערע מאָטיוונ, אז דער קאפיטאל לאָזט זיכ אוועק אינ יענע ווירטשאפט־צווייַגנ, ווו עס איז באדייַטנדיקער די נאָרמע פונ רעוועכ. איר וועט קיינמאָל ניט צווינגענ דעמ קאפיטאליסט, אז ער זאָל זיכ אלייננ אָנמאכנ העזעק אונ זאָל מאסקימ זייַנ אפ א קלענערער נאָרמע פונ רעוועכ, אינ נאָמענ פונ באפרידיקנ די פאָלק־נויטנ. ניט האָבנדיק זיכ באפרייַט פונ די קאפיטאליסטנ, ניט האָבנדיק פאָטער געוואָרנ פונעמ פרינציפ פונ פריוואט-אייגנטומ אפ די פראָדוציר־מיטלענ, וועט איר ניט שאפנ קיינ פלאנישע ווירטשאפט.

א ו ע ל ס. איכ בינ אייַנשטימיק מיט פיל פונ דעמ, וואָס איר האָט געזאָגט. איכ וואָלט אָבער געוואָלט באטאָנענ, אז אויב א לאנד אינגאנצנ גענומענ נעמט אָנ דעמ פרינציפ פונ פלאנישער ווירטשאפט, אויב די רעגירונג הייבט אָנ ביסלעכווייַז, טריט נאָכ טריט, קאָנסעקווענט דורכפירנ דעמ דאָזיקנ פרינציפ, וועט, אינ לעצטנ סאכאקל, פארניכטעט ווערנ די פינאנצ־אָליגארכיע אונ עס וועט אייַנגעפירט ווערנ סאָציאליזמ אינ דעמ זינ, אינ וועלכנ מע פארשטייט אימ אינ דער ענגליש-זאקסישער וועלט. רוזוועלטס לאָזונגענ וועגנ דער „נייַער אָרדענונג“ האָבנ א קאָלאָסאלנ עפעקט אונ זיי זייַנענ, לויט מייַנ מיינונג, סאָציאליסטישע לאָזונגענ. מיר דאכט זיכ, אז אָנשטאָט צו באטאָנענ דעמ אנטאגאָניזמ צווישנ די צוויי וועלטנ, וואָלט מענ אינ דער איצטיקער סיטואציע געדארפט שטרעבנ אייַנצושטעלנ געמיינזאמקייַט פונ שפראכ צווישנ אלע קאָנסטרוקטיווע קויכעס.

ס ט א ל י נ. ווענ איכ רייד וועגנ דער אומעגלעכקייַט צו פארווירקלעכנ די פרינציפנ פונ דער פלאנישער ווירטשאפט, אייַנהיטנדיק די עקאָנאָמישע באזע פונעמ קאפיטאליזמ, וויל איכ דערמיט אינ קיינ שומ גראד ניט פארמינערנ די אויסגעצייכנטע פערזענלעכע אייגנשאפטנ פונ רוזוועלטנ — זייַנ איניציאטיוו, מוטיקייַט, אנטשלאָסנקייַט. עס איז אויסער צווייפל, אז פונ אלע קאפיטאנענ פונ דער מאָדערנער קאפיטאליסטישער וועלט איז רוזוועלט די סאמע שטארקע פיגור. איכ וואָלט דעריבער געוואָלט נאָכאמאָל באטאָנענ, אז מייַנ איבערצייַגונג אינ דער אומעגלעכקייַט פונ א פלאנישער ווירטשאפט

אין די באַדינגונגען פונעם קאַפּיטאַליזם באַטײַט קלאַל ניט קיין צווייפל אין די פּערזענלעכע פייִקייַטן, טאַלאַנט און מוטיקייַט פונעם פּרעזידענט רוזוועלט. אָבער דער סאַמע טאַלאַנטפולער אַרמייען־פירער, אויב די סיטואַציע איז פאַר אים ניט גינסטיק, קאָן ער זיך ניט דערשלאָגן יענעם ציל. וועגן וועלכן איר רעדט. טעאָרעטיש איז, פאַרשטייט זיך, ניט אויסגעשלאָסן, אַז מע קאָן, אין די באַדינגונגען פון קאַפּיטאַליזם, ביסלעכווײַז, טריט נאָך טריט, גיין צו דעם ציל, וועלכן איר רופט סאָציאַליזם אין דער ענגליש־זאַקסישער אויסטײַטשונג פונעם דאָזיקן וואָרט. אָבער וואָס וועט באַטײַטן דער דאָזיקער „סאָציאַליזם״? אין בעסטן פאַל — אַ געוויסע אײַנצוימונג פון די סאַמע ניט־געצוימטע איינצלנע פאָרשטייער פונעם קאַפּיטאַליסטישן פּראָפיט, אַ געוויסע פאַרשטאַרקונג פונעם רעגוליר־פּרינציפּ אין דער פאָלק־ווירטשאַפט. דאָס אַלץ איז גוט. אָבער ווי נאָר רוזוועלט אָדער אַוועלכער־עס־איז אַנדערער קאַפּיטאַן פון דער מאָדערנער בורזשואַזער וועלט וועט וועלן אונטערנעמען עטוואָס ערנסטעס קעגן די יסודידעס פונעם קאַפּיטאַליזם, וועט ער אומפאַרמײַדלעך לײַדן אַ פולשטענדיקן דורכפאַל. די בענק זײַנען דאָך ניט בײַ רוזוועלטן, די אינדוסטריע איז דאָך ניט בײַ אים, די גרויסע אונטערנעמונגען, די גרויסע עקאָנאָמיעס זײַנען דאָך ניט בײַ אים. דאָס אַלץ איז דאָך פּריוואַט־אייגנטום. און דער האַנדל־פלאָט — דאָס אַלץ איז אין די הענט בײַ פּריוואַטע באַלעבאַטים. און, צולעצט, די אַרמיי פון קוואַליפיצירטער אַרבעט, די אינזשעניערן, די טעכניקער, זיי זײַנען דאָך אויך ניט בײַ רוזוועלטן, נאָר בײַ פּריוואַטע באַלעבאַטים, זיי אַרבעטן פאַר זיי. מע טאָר ניט פאַרגעסן וועגן די פונקציעס פון דער מעלוכע אין דער בורזשואַזער וועלט. דאָס איז אַן אינסטיטוט צו אָרגאַניזירן די שוץ פונעם לאַנד, צו אָרגאַניזירן דאָס אָפּהיטן די „אָרדענונג״, אַן אַפּאַראַט צו זאַמלען שטײַערן. די ווירטשאַפט, ווידער, אינעם אייגנטלעכן זין איז קנאַפּ וואָס שײַך די קאַפּיטאַליסטישע מעלוכע, זי איז ניט בײַ איר אין די הענט. פאַרקערט, די מעלוכע געפינט זיך אין די הענט בײַ דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט. דעריבער האָב איך מורא, אַז, ניט געקוקט אויף זײַן גאַנצער ענערגיע און פייִקייַטן, וועט זיך רוזוועלט ניט דערשלאָגן יענעם ציל, וועגן וועלכן איר רעדט, אויב ער האָט ביכלאַל דעם דאָזיקן ציל. עפּשער, אין עטלעכע דורות אַרום וואָלט מען זיך געקאָנט עט־וואָס דערנענטערן צו דעם דאָזיקן ציל, אָבער איך פּערזענלעך האַלט דאָס אויך פאַר ווייניק גלויבלעך.

אועלס. איך גלייב פילײַכט שטאַרקער פון אײַך אין דער עקאָנאָמי־שער אינטערפּרעטאַציע פון פּאָליטיק. אַדאַנק די דערפינדונגען און דער מאָדערנער וויסנשאַפט זײַנען אַקטיוו געוואָרן קאָלאָסאַלע קויכעס, וועלכע פירן

צו א בעסערער אָרגאַניזירונג, צו א בעסערער פונקציאָנירונג פונעם מענטשלעכן קאָלעקטיוו, דה. צום סאָציִאַליזם. די אָרגאַניזירונג און רעגולירונג פון די אינדיווידועלע אַקטן איז געוואָרן א מעכאַנישע נויטווענדיקייַט, אומאָפּהענגיק פון די סאָציִאַלע טעאָריעס. אויב מע זאָל אָנהייבן פון מעלוכישן קאָנטראָל איבער די בענק, דערנאָך אַריבערגיין צו א קאָנטראָל איבערן טראַנספּאָרט, איבער דער שווערער אינדוסטריע, .איבער דער אינדוסטריע בכלל, איבערן האַנדל אאוו., וועט אזא אַלץ אַרומנעמענדיקער קאָנטראָל זייַן גלייכן צו מעלוכישן אייגנטום אף אַלע צווייַגן פון דער פאָלקווירטשאַפט. אָט דאָס טאַקע וועט זייַן א פּראָצעס פון סאָציִאַליזירונג. דער סאָציִאַליזם, פון איין זייַט, און דער אינדיווידואַליזם—פון דער אַנדערער זייַט, זייַנען דאָך ניט אַזוינע אַנטיפּאָדן, ווי שוואַרץ און ווייַס. צווישן זיי איז פאַראַן א סאַך צווישן־סטאַדיעס. עס איז פאַראַן אַן אינדיווידואַליזם, וואָס גרענעצט מיט באַנדיטיזם, און עס איז פאַראַן דיסציפּלינירטקייַט און אָרגאַניזירטקייַט, וואָס איז גלייכן צו סאָציִאַליזם. די פאַרווירקלעכונג פון דער פּלאַנישער ווירטשאַפט הענגט אָפּ אין א באַדייַטנדיקער מאָס פון די אָרגאַניזאַטאָרס פון דער ווירטשאַפט, פון דער קוואַליפיצירטער טעכנישער אינטעליגענץ, וועלכע מע קאָן, טריט נאָך טריט, געווינען אף דער זייַט פון די סאָציִאַליסטישע אָרגאַניזיר־פּרינציפּן, און דאָס איז דער סאַמע איקער. ווייַל — אַפריער אָרגאַניזירונג, דערנאָך סאָציִאַליזם. אָרגאַניזירונג איז דער סאַמע וויכטיקער פאַקטאָר. אָן אָרגאַניזירונג איז די אידיי פון סאָציִאַליזם סאַכאַקל בלויז אַן אידיי.

סטאַלין. קיין אומקאָמפּראָמיסלעכער קאָנטראַסט צווישן דעם אינדיווידום און דעם קאָלעקטיוו, צווישן די אינטערעסן פון דער איינצלנער פּערזענלעכקייַט און די אינטערעסן פונעם קאָלעקטיוו איז ניטאָ, דאַרף ניט זייַן. ער דאַרף ניט זייַן, ווייַל דער קאָלעקטיוויזם, דער סאָציִאַליזם לייקנט ניט אָפּ, נאָר ער פאָרט צונויף די אינדיווידועלע אינטערעסן מיט די אינטערעסן פונעם קאָלעקטיוו. דער סאָציִאַליזם קאָן זיך ניט אַבסטראַהירן פון די אינדיווידועלע אינטערעסן. געבן די סאַמע פולע באַפרידיקונג די דאָזיקע פּערזענלעכע אינטערעסן קאָן בלויז די סאָציִאַליסטישע געזעלשאַפט. נאָך מער, — די סאָציִאַליסטישע געזעלשאַפט שטעלט פאָר די איינציק-פעסטע גאַראַנטיע פון באַשיצן די אינטערעסן פון דער פּערזענלעכקייַט. אין דעם דאָזיקן זין איז קיין אומקאָמפּראָמיסלעכער קאָנטראַסט צווישן דעם „אינדיווידואַליזם” און דעם סאָציִאַליזם ניטאָ. אָבער צי דען קאָן מען לייקענען דעם קאָנטראַסט צווישן די קלאַסן, צווישן דעם קלאַס פאַרמעגלעכע, דעם קלאַס קאַפּיטאַליסטן, און דעם קלאַס אַרבעטנדיקע, דעם קלאַס פּראָלעטאַריער? פון איין זייַט, — א קלאַס פון פאַרמעגלעכע, וואָס אין זייַנע הענט

געפינען זיך די בענק, די זאוואָדן, די ארצ-גרובנס, דער טראנספּאָרט, די
פּלאנטאציעס אין די קאָלאָניעס. די דאָזיקע מענטשן זעען ניט קיין זאך,
אכוץ זייער אינטערעס, זייער שטרעבונג צו רעוועכ. זיי ווארפן זיך ניט
אונטער דעם ווילן פונעם קאָלעקטיוו, זיי שטרעבן אונטערצוווארפן יעטווי-
דער קאָלעקטיוו אונטער זייער ווילן. פון דער אנדערער זײַט, — א קלאס פון
אָרעמע, א קלאס פון עקספּלואטירטע, וועלכע האָבן ניט ניט קיין פאבריקן,
ניט קיין זאוואָדן, ניט קיין בענק, וועלכע זײַנען געצווונגען צו לעבן פו-
נעם פארקויפן זייער ארבעטקראפט די קאפּיטאליסטן און וועלכע האָבן ניט
קיין מעגלעכקײַט צו באפרידיקן די סאמע עלעמענטארע באדערפענישן זייערע.
וויאזוי קאָן מען שאָלעם מאכן צווישן אזוינע קעגנזעצלעכע אינטערעסן
און שטרעבונגען? אפ וויפל איך ווייס, האָט זיך רוזוועלט ניט אײַנגעגעבן
צו געפינען א וועג צום שאָלעם מאכן צווישן די דאָזיקע אינטערעסן. און,
ווי עס זאָגט די דערפארונג, איז דאָס גאָר אוממעגלעך. אגעוו, איר זײַט
באקאנט מיט דער לאגע אין די פאראייניקטע שטאטן בעסער פון מיר, ווײַל
איך בין אין די פאראייניקטע שטאטן פון אמעריקע ניט געווען און איך
שפּיר נאָך נאָך די אמעריקאנישע איניאָנים דעריקער לויט דער ליטעראטור.
אָבער איך האָב עפּעס א דערפארונג אינעם פּראט פון קאמף פארן סאָציא-
ליזם, און די דאָזיקע דערפארונג זאָגט מיר: אויב רוזוועלט וועט זיך פּרווון
ווירקלעך באפרידיקן די אינטערעסן פונעם קלאס פּראָלעטאריער אפן כעזשבן
פונעם קלאס קאפּיטאליסטן, וועלן אים די קאפּיטאליסטן פארבײַטן מיט אן
אנדער פּרעזידענט. די קאפּיטאליסטן וועלן זאָגן: פּרעזידענטן גייען אוועק
און קומען, און מיר, קאפּיטאליסטן, בלײַבן; אויב דער אָדער יענער פּרע-
זידענט פארטיידיקט ניט אונדזערע אינטערעסן, וועלן מיר געפינען אן אנ-
דערן. וואָס קאָן דער פּרעזידענט אנטקעגנשטעלן דעם ווילן פונעם קלאס
קאפּיטאליסטן?

א ו ע ל ס. איך דערווידער קעגן דער דאָזיקער סימפּליציסטישער (פאריינ-
פאכטער) קלאסיפיקאציע פון דער מענטשהײַט אפ אָרעמע און רײַכע. געוויס, עס
איז פאראן א קאטעגאָריע מענטשן, וועלכע שטרעבן אויסשליסלעך צו פּראָפיטירן.
אָבער צי דען האלט מען ניט די דאָזיקע מענטשן, פּונקט ווי דאָ, פאר א שטע-
רונג? צי דען איז אין מײַרעוו פאראן ווייניק מענטשן, פאר וועמען דער
פּראָפיט איז ניט קיין ציל, וועלכע פארמאָגן געוויסע מיטלען, ווילן זיי
אינוועסטירן, באקומען דערפון רעוועכ, אָבער קלאל ניט דערין זעען זיי
דעם ציל פון זייער טעטיקײַט? די דאָזיקע מענטשן באטראכטן די אינ-
וועסטירונג פון מיטלען ווי א ניט-באקוועמע נויטווענדיקײַט. איז דען פא-
ראן ווייניק טאלאנטפולע און איבערגעגעבענע אינזשעניערן, אָרגאניזאטערס
פון דער ווירטשאפט, וועמעס טעטיקײַט עס ווערט באוועגט דורך סטימולן

גאָר אַנדערע, איידער דער פּראָפּיט? לויט מײַן מיינונג, איז פאַראַן אַ פּיל־צאָליקער קלאַס פּאָשעט פּייִקע מענטשן, וועלכע האָבן דעם באַוווּסטזײַן פון דער אומבאַפרידיקנדיקײַט פון דער איצטיקער סיסטעם און זײַנען באַרופן צו שפּילן אַ גרויסע ראָליע אין דער צוקינפטיקער, סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. איך האָב זיך די לעצטע יאָרן פיל פאַרנומען און האָב פיל געטראַכט וועגן דער נייטיקײַט צו פּראָפּאַגאַנדירן די אידייען פון סאָציאַליזם און קאָסמאָפּאָליטיזם אין די ברייטע קרײַזן אינזשעניערן, פּליִער, אין די מיליטעריש־טעכנישע קרײַזן אאַוו. צוגיין צו די דאָזיקע קרײַזן מיט גראָדליניקער פּראָפּאַגאַנדע פון קלאַסנקאַמף איז צוועקלאָז. דאָס זײַנען קרײַזן, וואָס פאַרשטייען, אין וואָס פאַר אַ צושטאַנד עס געפינט זיך די וועלט, וועלכע ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ בלוטיקן זומפּ, אָבער די דאָזיקע קרײַזן האַלטן אײַער פּרימיטיווע אַנטאַגאָניזם פון קלאַסנקאַמף פאַר אַ נאָנסענס.

סטאַלין. איר דערווידערט קעגן אַ סימפּליציסטישער קלאַסיפיקאַציע פון די מענטשן אויף רײַכע און אָרעמע. געוויס, עס זײַנען פאַראַן מיטעלע שיכטן, עס איז פאַראַן אויך יענע טעכנישע אינטעליגענץ, וועגן וועלכער איר רעדט און צווישן וועלכער עס זײַנען פאַראַן זייער גוטע, זייער ערלעכע מענטשן. אין דער דאָזיקער סוויווע זײַנען פאַראַן אויך ניט קיין ערלעכע, שלעכטע מענטשן. פאַראַן אַלערליי. אָבער פריִער פון אַלץ טיילט זיך די מענטשלעכע געזעלשאַפט אויף רײַכע און אָרעמע, אויף פאַרמעגלעכע און עקספּלואַטירטע, און אַבסטראַהירן זיך פון דער דאָזיקער גרונט־צעטיילונג און פונעם ווידערשפּרוך צווישן די אָרעמע און רײַכע — הייסט אַבסטראַהירן זיך פונעם גרונט־פאַקט. איך לייקן ניט אָפּ, אַז עס זײַנען פאַראַן מיטעלע צווישנשיכטן, וואָס אָדער זיי שטעלן זיך אויף דער זײַט פון איינעם פון די דאָזיקע צוויי קלאַסן, וועלכע קעמפן צווישן זיך, אָדער זיי פאַרנעמען אין דעם דאָזיקן קאַמף אַ נייטראַלע אָדער אַ האַלב־נייטראַלע פּאָזיציע. אָבער, איך כאַזער איבער, אַז אַבסטראַהירן זיך פון דער דאָזיקער גרונטלעכער צעטיילונג פון דער געזעלשאַפט און פון דעם דאָזיקן גרונטלעכן קאַמף צווישן די צוויי גרונטלעכע קלאַסן — הייסט איגנאָרירן פאַקטן. דער דאָזיקער קאַמף גייט און וועט גיין. דער אויסגאַנג פונעם דאָזיקן קאַמף ווערט געלייזט דורכן קלאַס פּראָלעטאַריער, דורכן קלאַס אַרבעטנדיקע.

אועלס. אָבער צי דען איז פאַראַן וויניק ניט קיין אָרעמע מענטשן, וואָס אַרבעטן, און אַרבעטן פּראָדוקטיוו?

סטאַלין. געוויס, עס זײַנען פאַראַן אויך קליינע ערדבאַזיצערס, האַנטווערקער, קליינהענדלער, אָבער ניט די דאָזיקע מענטשן באַשטימען דעם שיקזאַל פון די לענדער, נאָר יענע אַרבעטנדיקע מאַסן, וועלכע פּראָדוצירן אַלדאָס נייטיקע פאַר דער געזעלשאַפט.

א ו ע ל ס. אָבער עס זײַנען דאָך פאראנ זײער פארשײדענע קאפּיטאליסטנ. עס זײַנען פאראנ אזוינע, װעלכע האלטנ בלויז אינ אײנ טראכטנ װעגנ פראָפיט, װעגנ אָנלעבנ זיך, עס זײַנען פאראנ אויך אזוינע, װעלכע זײַנען גרײט אפ קאָרבאָנעס. לעמאָשל — דער אלטער מאָרגאנ: אָט דער האָט געטראכט בלויז װעגנ רעװעך, ער איז פּראָסט פּאָשעט געװענ א פּאראזיט אפנ קערפּער פונ דער געזעלשאפט, ער האָט בלויז אקומולירט אינ זײַנע הענט רײַכטימער. אָבער אָט נעמט ראָקפעלערנ: ער איז א גלענצנדיקער אָרגאניזאטער, ער האָט געגעבנ א מוסטער פונ אָרגאניזירנ דעמ אָפּזאצ פונ נאפט, װאָס איז װערט נאָכגעטאָנ צו װערנ. אָדער פאָרד: פארשטײט זיך, פאָרד לאָזט זיך ניט נארנ, ער איז עגאָיִסטיש; אָבער צי דענ איז ער ניט קײנ לײַדנשאפטלעכער אָרגאניזאטער פונ דער ראציאָנעלער פּראָדוקציע, װאָס בא אימ לערנט איר זיך אויך? — איך װאָלט געװאָלט באטאָנענ, אז די לעצטע צײַט איז אינ די ענגליש-זאקסישע לענדער בענעגײע צו פּסטר פאָרגעקומענ אנ ערנסטער איבערבראָך אינ דער געזעלשאפטלעכער מײנונג. די סיבע דערפונ איז, אינ דער ערשטער רײ, די פּאָזיציע פונ יאפּאָניע אונ די געשעענישנ אינ דײַטשלאנד. עס זײַנען אָבער פאראנ אויך אנדערע סיבעס, װעלכע דרינגענ ניט ארויס בלויז פונ דער אינטערנאציאָנאלער פּאָליטיק אלײנ. עס איז פאראנ א סיבע א מער טיפע: דאָס, װאָס די ברײטע קרײַזנ האָבנ באנומענ דעמ פאקט, אז די סיסטעמ, װאָס איז באזירט אפ פּריװאטנ פּראָפיט, פאלט אײַנ. אונ אינ די דאָזיקע באדינגונגענ, דאכט זיך מיר, אז מע דארפ ניט ארויסשפּארנ דעמ אנטאגאָניזמ צװישנ די צװײ װעלטנ, נאָר שטרעבנ צונויפצופּאָרנ אלע קאָנסטרוקטיװע באװעגונגענ, אלע קאָנסטרוקטיװע קרעפטנ אינעמ מאקסימאל מעגלעכנ גראד. מיר דאכט זיך, אז איך בינ לינקער פונ אײַך, מיסטער סטאלינ, אז איך האלט, אז די װעלט איז שוינ נעענטער צוגעקומענ צומ אויסלעבנ די אלטע סיסטעמ.

ס ט א ל י נ. װענ איך רײד װעגנ די קאפּיטאליסטנ, װעלכע שטרעבנ בלויז צו פּראָפיט, צומ אָנלעבנ זיך, בינ איך דערמיט קלאל ניט אויסנ צו זאָגנ, אז דאָס זײַנען די ערגסטע מענטשנ, װאָס זײַנען גאָר צו קײנ שומ אנדער זאך ניט פײַיִק. פילע פונ זײ האָבנ, אויסער צװײפל, גרויסע אָרגאניזאטאָרישע פײַיִקײטנ, װעלכע איך מײנ גאָר ניט אָפּצולײקענענ. מיר, סאָװעטישע מענטשנ, לערנענ זיך פיל בא די קאפּיטאליסטנ. אויך מאָרגאנ, װעמענ איר גיט אזא נעגאטיװע כאראקטעריסטיק, איז, אָנ ספק, געװענ א גוטער, פײַיִקער אָרגאניזאטער. אָבער אויב איר רעדט װעגנ מענטשנ, װאָס זײַנען גרײט צו רעקאָנסטרויִרנ די װעלט, װעט איר זײ, פארשטײט זיך, ניט געפינענ צװישנ יענע, װעלכע דינענ מיט לײַב אונ לעבנ דעמ אי-ביענ פונ פּראָפיט. מיר אונ די דאָזיקע מענטשנ געפינענ זיך אפ קעגנזעצ-

לעכע פּאַליוסן. איר רעדט וועגן פּאַרדן. אוואדע איז ער א פּייַקער אָרגאַ־ניזאטער פון דער פּראָדוקציע. אָבער צי דען איז אַיך ניט באוווסט זייַן באציִונג צום ארבעטער־קלאַס. צי דען ווייסט איר ניט, וויפל ארבעטער ער ווארפט ארויס אומזיסט־אומנישט אפן גאס? דער קאפּיטאליסט איז צוגע־שמידט צום פּראָפיט, מע קאָן אים מיט קיינע קויכעס פונעם פּראָפיט ניט אָפּרייַסן. און דעם קאפּיטאליזם וועלן פארניכטן ניט די „אָרגאניזאטערס" פון דער פּראָדוקציע, ניט די טעכנישע אינטעליגענץ, נאָר דער ארבעטער־קלאַס, ווייַל דער דאָזיקער צווישנשיכט שפּילט ניט קיין זעלבשטענדיקע ראָליע. דער אינזשעניער, דער אָרגאניזאטער פון דער פּראָדוקציע ארבעט דאָך ניט אזוי, ווי ער וואָלט געוואָלט, נאָר אזוי ווי מע הייסט אים, ווי עס באפעלט דער אינטערעס פונעם באלעבאָס. עס זייַנען, פארשטייט זיך, פאראן אויסנאמען, עס זייַנען פאראן מענטשן פונעם דאָזיקן צווישנשיכט, וועלכע האָבן זיך באפרייַט פון דעם טשאד פון קאפּיטאליזם. די טעכנישע אינטעליגענץ קאָן, אין באשטימטע באדינגונגען, אופטאָן „וווּנדער", ברענ־גען דער מענטשהייַט קאָלאָסאלע נוצן. אָבער זי קאָן ברענגען אויך גרויסן שאָדן. מיר, סאָוועטישע מענטשן, האָבן אונדזער אייגענע, ניט קיין קליינע דערפארונג מיט דער טעכנישער אינטעליגענץ. נאָך דער אָקטיאבער־רעוואָ־ליוציע האָט א באשטימטער טייל פון דער טעכנישער אינטעליגענץ ניט געוואָלט זיך באטייליקן אין דער בויונג פון דער נייַער געזעלשאפט, ער האָט זיך קעגנגעשטעלט דער דאָזיקער בויונג, האָט זי סאבאָטירט. מיר האָבן מיט אלע קויכעס געשטרעבט אייַנצושליסן די טעכנישע אינטעליגענץ אין דער דאָזיקער בויונג, מיר זייַנען צוגעגאנגען צו איר אי אזוי אי אזוי. עס איז אוועק ניט ווייניק צייַט, איידער אונדזער טעכנישע אינטעליגענץ האָט זיך געשטעלט אפן וועג פון אקטיווער הילף דער נייַער אָרדענונג. איצט געפינט זיך דער בעסערער טייל אירער אין די ערשטע רייען פון דער בויונג פון דער סאָציאליסטישער געזעלשאפט. האָבנדיק די דאָזיקע דערפא־רונג, זייַנען מיר ווייַט פון אונטערשאצן סייַ די פּאָזיטיווע סייַ די נעגא־טיווע זייַטן פון דער טעכנישער אינטעליגענץ, און מיר ווייסן, אז זי קאָן סייַ אָנטאָן שאָדן סייַ אופטאָן „וווּנדער". פארשטייט זיך, די זאך וואָלט געווען אנ־דערש, ווען מע וואָלט געקאָנט מיט איין קלאַפּ אָפּרייַסן גייַסטיק די טעכ־נישע אינטעליגענץ פון דער קאפּיטאליסטישער וועלט. אָבער דאָס איז אן אוטאָפּיע. וועלן זיך דען געפינען א סאך מענטשן פון דער טעכנישער אינטעליגענץ, וואָס וועלן זיך אנטשליסן אייַנצורייַסן מיט דער בורזשואזער וועלט און נעמען זיך פאר דער רעקאָנסטרוקציע פון דער געזעלשאפט? ווי מיינט איר, ס'איז פאראן א סאך אזוינע מענטשן, לאָמיר זאָגן, אין ענג־לאנד, אין פראנקרייַך? ניין, עס איז פאראן ווייניק באלאָנים אייַנצו־

רײַסן מיט זייערע באַלעבאַטים און אָנהייבן די רעקאָנסטרוקציע פון דער וועלט!

אויסער דעם, צי דען קאָן מען אַרויסלאָזן פון אויג, אַז אַפּ איבער־צומאַכן די וועלט דאַרף מען האָבן די מאַכט? מיר דאַכט זיך, ה׳ אועלס, אַז איר אונטערשאַצט שטאַרק די פראַגע וועגן מאַכט, אַז זי פאַלט ביכלאַל אַרויס פון אײַער קאָנצעפּציע. ווײַל וואָס קאָנען אויפטאָן מענטשן אַפילו מיט די בעסטע ווינטשן, אויב זיי זײַנען ניט פייִק אָוועקצושטעלן די פראַגע וועגן נעמען די מאַכט און זיי האָבן ניט אין די הענט די מאַכט? זיי קאָנען, אין בעסטן פאַל, מיטווירקן יענעם נײַעם קלאַס, וואָס וועט נעמען די מאַכט, אָבער אַליין איבערקערן די וועלט קאָנען זיי ניט. דערצו פאָדערט זיך אַ גרויסער קלאַס, וואָס זאָל פאַרבײַטן דעם קלאַס קאַפּיטאַליסטן און זאָל ווערן פונקט אַזאַ פולמעכטיקער באַלעבאָס, ווי ער. אַזאַ קלאַס איז דער אַרבעטער־קלאַס. געוויס, מע דאַרף אָנעמען די הילף פון דער טעכנישער אינטעליגענץ און מע דאַרף אויך, פון דער אַנדערער זײַט, געבן איר הילף. אָבער מע דאַרף ניט מיינען, אַז זי, די טעכנישע אינטעליגענץ, קאָן שפּילן אַ זעלבשטענדיקע היסטאָרישע ראָליע. איבערמאַכן די וועלט איז אַ גרויסער, קאָמפּליצירטער און פּײַנלעכער פּראָצעס. פאַר דער דאָזיקער גרויסער אַרבעט פאָדערט זיך אַ גרויסער קלאַס. אַ גרויסע שיף שווימט גרויס.

אועלס. יאָ, קעדיי שווימען גרויס פאָדערט זיך אַ קאַפּיטאַן און אַ נאַוויגאַטער.

סטאַלין. ריכטיק, אָבער קעדיי שווימען גרויס פאָדערט זיך פריִער פון אַלץ אַ גרויסע שיף. וואָס איז אַזוינס אַ נאַוויגאַטער אָן אַ שיף? אַ מענטש אָן אַרבעט.

אועלס. די גרויסע שיף — דאָס איז די מענטשהײַט, און ניט אַ קלאַס.

סטאַלין. איר, ה׳ אועלס, גייט אַרויס, ווײַזט אויס, פון דער פאָראויסזעצונג, אַז אַלע מענטשן זײַנען גוט. און איך פאַרגעס ניט, אַז עס איז פאַראַן אַ סאַך שלעכטע מענטשן. איך גלייב ניט אין דער גוטסקײַט פון דער בורזשואזיע.

אועלס. איך דערמאָן זיך, ווי עס האָט געהאַלטן מיט דער טעכנישער אינטעליגענץ מיט עטלעכע יאָרצענדליק צוריק. דעמאָלט איז טעכנישע אינטעליגענץ געווען ווייניק, דערפאַר אָבער אַרבעט איז געווען אַ סאַך און יעדער אינזשעניער, טעכניקער, אינטעליגענט פלעגט געפינען אַן אָנווענדונג פאַר זײַנע קענטענישן. דעריבער איז דאָס געווען דער אַמווייניקסטן רעוואָלוציאָנערער קלאַס. איצט, ווידער, באַמערקט זיך אַן איבערפלוס פון

טעכנישער אינטעליגענצ, אונ די שטימונג אירע האָט זיכ שארפ געענדערט. דער קוואליפיצירטער אינטעליגענט, וועלכער וואָלט פריִער קיינמאָל ניט געוואָלט אפילע צוהערנ זיכ צו רעוואָליוציִאָנערע רייד, אינטערעסירט זיכ איצט מיט זיי זייער. מיט א קורצער צײַט צוריק בינ איכ געווענ אײַנגעלאדנ אפ א מיטיק פונ דער קיניגלעכער געזעלשאפט, אונדזער גרעסטער ענגלישער וויסנשאפטלעכער געזעלשאפט. דעם פאָרזיצערס רעדע איז געווענ א רעדע לעטויוועס סאָציִאלער פלאנירונג אונ וויסנשאפטלעכער פארוואלטונג. מיט א יאָר דרײַסיק צוריק וואָלט מענ דאָרט אפילע ניט געוואָלט הערנ דאָס, וואָס איכ רייד. אונ איצט שטייט אינ דער שפיצ פונ דער דאָזיקער געזעלשאפט א מענטש מיט רעוואָליוציִאָנערע אָנשויונגענ, וועלכער פאָדערט, אז די מענטשלעכע געזעלשאפט זאָל וויסנשאפטלעכ רעאָרגאניזירט ווערנ. אײַער פראָפאגאנדע פונ קלאסנקאמפ האָט זיכ ניט גערעכנט מיט די דאָזיקע פאקטנ. די שטימונגענ ענדערנ זיכ.

סטאלינ. יאָ, איכ ווייס עס, אונ דאָס דערקלערט זיכ דערמיט, וואָס די קאפיטאליסטישע געזעלשאפט געפינט זיכ איצט אינ א טעמפנ ווינקל. די קאפיטאליסטנ זוכנ אונ קאָנענ ניט געפינענ אזא אויסוועג פונ דעם דאָזיקנ טעמפנ ווינקל, וואָס זאָל זיכ לאָזנ צונויפפאָרנ מיט דער ווירדע פונ דעם דאָזיקנ קלאס, מיט די אינטערעסנ פונ דעם דאָזיקנ קלאס. זיי קאָנענ זיכ טיילווײַז ארויסדראפענ פונעם קריזיס אפ אלע פיר, אָבער אזא ארויסגאנג, דורכ וועלכנ זיי זאָלנ קאָנענ ארויסגיינ מיט א הויכ-אופגעהויבענעם קאָפ, אזא, וואָס זאָל ניט שטערנ אינ גרונט די אינטערעסנ פונעם קאפיטאליזם, קאָנענ זיי ניט געפינענ. דאָס פילנ, פארשטייט זיכ, די ברייטע קרײַזנ פונ דער טעכנישער אינטעליגענצ. א באדײַטנדיקער טייל אירער הייבט אָנ צו באנעמענ די געמיינזאמקײַט פונ די אינטערעסנ מיט יענעם קלאס, וועלכער איז פייִק אָנצוווײַזנ אנ אויסוועג פונעם טעמפנ ווינקל.

אועלס. איר, מיסטער סטאלינ, ווייסט בעסער, איידער עמעצער אנדערש, וואָס עס איז אזוינס א רעוואָליוציע, אונ דערבײַ אינ דער פראקטיק. צי שטייענ ווענ־עס־איז די מאסנ אופ אליינ? צי האלט איר ניט פאר א פעסטגעשטעלטנ עמעס דעמ פאקט, אז אלע רעוואָליוציעס ווערנ געמאכט דורכ א מינדערהײַט?

סטאלינ. פאר א רעוואָליוציע פאָדערט זיכ א פירנדיקע רעוואָליוציִאָנערע מינדערהײַט, אָבער די סאמע טאלאנטפולע, איבערגעגעבענע אונ ענערגישע מינדערהײַט וועט זײַנ הילפלאָז, אויב זי וועט זיכ ניט שטיצנ כאָטשבי אפ דער פאסיווער שטיצע פונ מיליאָנענ מענטשנ.

אועלס. כאָטשבי פאסיווער? עפשער, אונטערבאוווסטזיניקער?

סטאלינ. טיילווײַז אויכ אפ דער האלב־אינסטינקטיווער, אונ אפ דער

האַלב־באַוווּסטזיניקער אונטערשטיצונג, אָבער אָן דער אונטערשטיצונג פֿון מיליאָנען איז די סאַמע בעסטע מינדערהײַט הילפֿלאָז.

אועלס. איך שפּיר נאָך נאָך דער קאָמוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע אין מײַרעוו און מיר דאַכט זיך, אַז די דאָזיקע פּראָפּאַגאַנדע קלינגט אין די הײַנטצײַטיקע באַדינגונגען גאַנץ אַלטמאָדיש, ווײַל זי איז אַ פּראָפּאַגאַנדע פֿון געוואַלט־אַקטן. די דאָזיקע פּראָפּאַגאַנדע פֿון שטירצן איבערגוואַלד די געזעלשאַפֿטלעכע אָרדענונג איז געווען אַמפּלאַץ דאַן, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער אַבסאָליוטער הערשאַפֿט פֿון דער אָדער יענער טיראַניע. אָבער אין די הײַנטצײַטיקע באַדינגונגען, ווען די הערשנדיקע סיסטעם פֿאַלט אַלצײַנס אײַן און ווערט סײַווי צעלייגט, וואָלט מען געדאַרפֿט שטעלן דעם טראָפּ ניט אויף קיין אינסורעקציע, נאָר אויף עפֿעקטיווקייט, אויף קאָמפּעטענט־קייט, אויף פּראָדוקטיווקייט. די אינסורעקציע־נאָטקע שײַנט מיר צו זײַן פֿאַר־עלטערט. פֿונעם שטאַנדפּונקט פֿון די קאָנסטרוקטיוו דענקענדיקע מענטשן, זעט די קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע אויף מײַרעוו אויס צו זײַן אַ שטערונג.

סטאַלין. געוויס, די אַלטע סיסטעם פֿאַלט אײַן, ווערט צעלייגט. דאָס איז ריכטיק. אָבער ריכטיק איז אויך, אַז עס ווערן געמאַכט נײַע אָנ־שטרענגונגען מיט אַנדערע מעטאָדן, מיט אַלע מיטלען צו פֿאַרטיידיקן, צו ראַטעווען די דאָזיקע אונטערגייענדיקע סיסטעם. פֿון אַ ריכטיקער קאָנס־טאַטאַציע מאַכט איר ניט קיין ריכטיקן אויספֿיר. איר קאָנסטאַטירט ריכטיק, אַז די אַלטע וועלט פֿאַלט אײַן. אָבער איר זײַט ניט גערעכט, ווען איר מיינט, אַז זי וועט אַליין פֿון זיך אײַנפֿאַלן. ניין, דער פֿאַרבײַט פֿון איין געזעלשאַפֿטלעכער אָרדענונג דורך אַן אַנדער געזעלשאַפֿטלעכער אָרדענונג איז אַ קאָמפּליצירטער און אַ דויערנדיקער רעוואָלוציאָנערער פּראָצעס. דאָס איז ניט פּאָשעט אַ סטיכישער פּראָצעס, נאָר דאָס איז אַ קאַמף, דאָס איז אַ פּראָצעס, וועלכער איז פֿאַרבונדן מיט אַ צוזאַמענשטויס פֿון די קלאַסן. דער קאַפּיטאַליזם איז פֿאַרפֿוילט געוואָרן, מע טאָר אים אָבער ניט פֿאַר־גלײַכן פּאָשעט מיט אַ בוים, וואָס איז אַזויפֿיל פֿאַרפֿוילט, אַז ער מוז אַליין אומפֿאַלן אויף דער ערד. ניין, אַ רעוואָליוציע, דער פֿאַרבײַט פֿון איין געזעלשאַפֿטלעכער אָרדענונג דורך אַן אַנדערער, איז שטענדיק געווען אַ קאַמף, אַ קאַמף אַ פֿײַנלעכער און אַן אַכזאָריעסדיקער, אַ קאַמף אויף לעבן און טויט. און יעדעס מאָל, ווען די מענטשן פֿון דער נײַער וועלט פֿלעגן קומען צו דער מאַכט, איז זיי אויסגעקומען זיך צו פֿאַרטיידיקן קעגן די פּרוּוון פֿון דער אַלטער וועלט מיט קראַפֿט אומצוקערן די אַלטע אָרדענונג, זיי, די מענטשן פֿון דער נײַער וועלט, האָבן שטענדיק געמוזט זײַן אויף דער וואַך, זײַן גרייט צו געבן אַ ווידערשטאַנד די אַטענטאַטן פֿון דער אַלטער וועלט אויף דער נײַער אָרדענונג.

יאָ, איר זײַט גערעכט, ווען איר זאָגט, אז די אַלטע געזעלשאפטלעכע אָרדענונג פאלט איַין, זי וועט אָבער ניט אײַנפאלן אליין פון זיך. לאָמיר נעמען, למשל, דעם פאשיזם. דער פאשיזם איז א רעאקציאָנערע קראפט, וואָס פרווט זיך אײַנהיטן די אַלטע וועלט דורך גוואלדטאט. וואָס וועט איר טאָן מיט די פאשיסטן? אײַנריידן זיי? איבערצײַגן זיי? אָבער דאָס וועט דאָך אף זיי אין קיין מאָס ניט ווירקן. די קאָמוניסטן אידעאליזירן קלאל ניט דעם מעטאָד פון געוואלט. אָבער זיי, די קאָמוניסטן, ווילן ניט געטראָפן ווערן אומגעריכט, זיי קאָנען ניט אויסרעכענען דערויף, אז די אַלטע וועלט וועט אליין אוועק פון דער סצענע, זיי זעען, אז די אַלטע אָרדענונג פארטיידיקט זיך מיט קראפט, און דעריבער זאָגן די קאָמוניסטן צום ארבעטער־קלאס: גרייט זיך צו ענטפערן מיט קראפט אף קראפט, מאכט אזוי, אז די אומקומענדיקע אַלטע אָרדענונג זאָל אײַך ניט צעקוועטשן, דערלויבט איר ניט ארופצולייגן קייטן אף אײַערע הענט, מיט וועלכע איר וועט ארָאפווארפן די דאָזיקע אָרדענונג. ווי איר זעט, איז דער פּראָצעס פון פארבײַטן איין געזעלשאפטלעכע אָרדענונג דורך אן אנדערער פאר די קאָמוניסטן א פּראָצעס ניט פּאָשעט א סטיכישער און פרידלעכער, נאָר א פּראָצעס א קאָמפּליצירטער, א דויערנדיקער און אן איבערגוואלטיקער. די קאָמוניסטן קאָנען ניט ניט רעכענען זיך מיט פאקטן.

אוועלס. אָבער קוקט זיך צו צו דעם, וואָס עס קומט איצט פּאָר אין דער קאפּיטאליסטישער וועלט. דאָס איז דאָך ניט פּאָשעט א קראך פון דער אָרדענונג. דאָס איז אן אופרײַס פון רעאקציאָנערן גוואלדטאט, וואָס דעגענערירט אין דירעקטן גאנגסטעריזם. און מיר דאכט זיך, אז ווען עס האנדלט זיך וועגן קאָנפליקטן מיט די דאָזיקע רעאקציאָנערע און ניט־קלוגע גוואלדטוער, דארפן די סאָציאליסטן אפעלירן צום געזעץ און אָנשטאָט צו באטראכטן די פּאָליציי אלס סוינע, שטיצן זי אין איר קאמף קעגן די רעאקציאָנערן. מיר דאכט זיך, אז מע טאָר ניט פּאָשעט האנדלען מיט די מעטאָדן פונעם אַלטן, ניט־בייגעוודיקן אינסורעקציאָנעלן סאָציאליזם.

סטאַלין. די קאָמוניסטן גייען ארויס פון דער רײַכער היסטאָרישער דערפארונג, וועלכע לערנט, אז די אָפּגעלעבטע קלאסן גייען ניט אוועק פרײַוויליק פון דער היסטאָרישער סצענע. דערמאָנט אײַך די געשיכטע פון ענגלאנד אין XVII יאָרהונדערט. האָבן דען פילע ניט געזאָגט, אז די אַלטע געזעלשאפטלעכע אָרדענונג איז פארפוילט געוואָרן? אָבער צי דען האָט זיך פונדעסטוועגן ניט געפאָדערט קראָמוועל, כדי צו דערשלאָגן זי מיט קראפט ביזן סאָף?

אוועלס. קראָמוועל האָט געהאנדלט שטיצנדיק זיך אף דער קאָנסטיטוציע און אין נאָמען פון דער קאָנסטיטוציאָנעלער אָרדענונג.

סטאלין. אין נאָמען פון דער קאָנסטיטוציע האָט ער אָנגעווענדט געוואַלט, געקעפּט דעם קיניג, צעטריבן דעם פּאַרלאַמענט, ארעסטירט אייניקע, אָפּגעהאַקט די קעפּ בא אנדערע!

נאָר לאָמיר נעמען א ביישפּיל פון אונדזער געשיכטע. צי דען איז ניט קלאָר געווען אין משך פון א לאַנגער צייט, אז די צאַרישע אָרדע-נונג פוילט, אז זי פאַלט איין? וויפל בלוט אָבער האָט זיך פונדעסטוועגן געפאָדערט, קעדיי זי אראָפּצוּוואַרפן!

און די אָקטיאַבער-רעוואָלוציע? איז דען ווייניק געווען מענטשן, וואָס האָבן געוווּסט, אז נאָר מיר, די באָלשעוויקעס, ווייזן אָן דעם איינציק ריכטיקן אויסוועג? צי דען איז ניט פאַרשטענדלעך געווען, אז דער רוסישער קאַפּיטאַליזם איז פאַרפוילט? אָבער איר ווייסט, ווי גרויס עס איז געווען דער ווידערשטאַנד, וויפל בלוט עס איז פאַרגאָסן געוואָרן, קעדיי צו פאַר-טיידיקן די אָקטיאַבער-רעוואָלוציע קעגן אַלע פיינט, די אינערלעכע און די אויסערלעכע?

אָדער לאָמיר נעמען פראַנקרייך פון סאָף XVIII יאָרהונדערט. לאַנג פאַר דעם 1789 יאָר איז פאַר א סאַך קלאָר געווען, אָפּ ווי ווייט דורכגעפוילט עס זיינען די קיניגלעכע מאַכט, די לייבאייגנטימערישע פאָראָנדקעס. אָבער מע איז זיך ניט באַגאַנגען, מע האָט זיך ניט געקאָנט באַגיין אָן א פאָלק-אופשטאַנד, אָן א צוזאַמענשטויס צווישן די קלאַסן.

אין וואָס זשע באַשטייט די זאַך? די זאַך באַשטייט דערין, וואָס די קלאַסן, וועלכע דאַרפן אראָפּ פון דער היסטאָרישער סצענע, איבערצייגן זיך די לעצטע דערין, אז זייער ראָליע איז פאַרענדיקט. איבערצייגן זיי דערין איז אומעגלעך. זיי דאַכט זיך, אז די שפּאַלטן אין דער דורכגעפוילטער געביידע פון דער אַלטער אָרדענונג קאָן מען פאַרלאַטען, אז מע קאָן אָפּ-רעמאָנטירן און אָפּראַטעווען די איינפאַלנדיקע געביידע פון דער אַלטער אָרדענונג. דעריבער נעמען די אומקומענדיקע קלאַסן געווער אין די הענט און זיי הייבן אָן מיט אַלע מיטלען פאַרטיידיקן זייער עקזיסטענץ, אַלס הערשנדיקן קלאַס.

אועלס. אָבער אין שפּיץ פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלו-ציע איז געשטאַנען ניט ווייניק אַדוואָקאַטן.

סטאַלין. צי דען לייקנט איר אָפּ די ראָליע פון דער אינטעליגענץ אין די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען? צי דען איז די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע געווען אַן אַדוואָקאַטישע רעוואָלוציע, און ניט קיין פאָלק-רע-וואָלוציע, וועלכע האָט געזיגט, ווייל זי האָט אופגעהויבן קאָלאָסאַלע פאָלק-מאַסן קעגן דעם פעאָדאַליזם און פאַרטיידיקט די אינטערעסן פונעם דריטן שטאַנד? און צי דען האָבן די אַדוואָקאַטן פון צווישן די פירער פון דער

גרויסער פראנצויזישער רעוואָליוציע געהאנדלט לויט די געזעצן פון דער אַלטער אָרדענונג, צי דען האָבן זיי ניט איינגעפירט א נייע, א בור־זשואזע רעוואָליוציאָנערע געזעצלעכקייט?

די רייכע היסטאָרישע דערפארונג לערנט, אז פריווילעגירטע האָט ביז איצט קיין איין קלאס ניט אָפּגעטראָטן דעם וועג אן אנדער קלאס. עס איז ניטאָ אזא פּרעצעדענט אין דער וועלט־געשיכטע. און די קאָמוניסטן האָבן בא־נומען די דאָזיקע היסטאָרישע דערפארונג. די קאָמוניסטן וואָלטן באגריסט דעם פריוויליקן אוועקגאנג פון דער בורזשואזיע. אָבער אזא ווענדונג פון דער זאך איז אומגלויבלעך, ווי עס זאָגט די דערפארונג. דעריבער ווילן די קאָמוניסטן זיין גרייט צום ערגסטן און זיי רופן דעם ארבעטער־קלאס צו וואכזאמקייט, צו שלאכט־גרייטקייט. ווער דארף האָבן אן ארמייען־פירער, וואָס שלעפערט איין די וואכזאמקייט פון זיין ארמיי, אן ארמייען־פירער, וואָס פארשטייט ניט, אז דער קעגנער וועט זיך ניט אונטערגעבן, אז מע דארף אים דערשלאָגן ביזן סאָף? זיין אזא ארמייען־פירער הייסט אָפּנארן, פאראטן דעם ארבעטער־קלאס. אָט פארוואָס איך מיין, אז דאָס, וואָס אייך שיינט צו זיין אלטמאָדיש, איז אינדערעמעסן א מיטל פון רעוואָליוציאָנע־רער צוועקמעסיקייט פארן ארבעטער־קלאס.

**א ו ע ל ס.** איך לייקן קלאָר ניט אָפּ די נויטווענדיקייט פון געוואַלט, אָבער איך האַלט, אז די פאָרמען פון קאמף דארפן זיין מאקסימאל נאָענט צו יענע מעגלעכקייטן, וואָס ווערן געגעבן דורך די עקזיסטירנדיקע געזעצן, וועלכע מע דארף פארטיידיקן קעגן די רעאקציאָנערע אטענטאטן. די אלטע אָרדענונג דארף מען ניט דעזאָרגאניזירן שוין דערפאר, וואָס זי דעזאָרגאני־זירט זיך אין א גענוגער מאָס אליין. טאקע דערפאר דאכט זיך מיר, אז דער קאמף קעגן דער אָרדענונג, קעגן דעם געזעץ איז עטוואָס פארעלטער־טעס, אלטמאָדישעס. איבעריקנס, איך אוטריר אומישנע, קעדיי העלער ארויסצוברענגען דעם עמעס. איך קאָן פאָרמולירן מיין שטאנדפונקט אף אזא אויפן: ערשטנס, בין איך פאר אָרדענונג; צווייטנס, פאל איך אָן אף דער עקזיסטירנדיקער סיסטעם, אף וויפל זי זיכערט ניט די אָרדענונג; דריטנס, האַלט איך, אז דאָס פּראָפּאגאנדירן די אידייען פון קלאסנקאמף קאָן איזאָ־לירן פונעם סאָציאַליזם גראָד יענע געבילדעטע קרייזן, וועלכע זיינען נייטיק פארן סאָציאַליזם.

**ס ט א ל י ן.** קעדיי אופצוטאָן א גרויסע, ערנסטע געזעלשאפטלעכע זאך, איז נייטיק, אז עס זאָל זיין א הויפּט־קראפט, א שטיצע, א רעוואָליוציאָנע־רער קלאס. עס איז נייטיק, ווייטער, אז עס זאָל אָרגאניזירט זיין הילף פאר דער דאָזיקער הויפּט־קראפט מיצאד א באהילפיקער קראפט, וואָס אזא איז אינעם געגעבענעם פאל די פארטיי, וווהין עס וועלן ארײַן אויך די

בעסטע קרעפטנ פונ דער אינטעליגענצ. איר האָט נאָרוואָס גערעדט וועגנ די „געבילדעטע קרײַזנ". אָבער וואָס פאר א געבילדעטע מענטשנ האָט איר געמיינט? צי איז דענ ווייניק געווענ געבילדעטע מענטשנ אפ דער זײַט פונ דער אלטער אָרדענונג סײַ אינעם XVII יאָרהונדערט אינ ענגלאנד, סײַ אינעם סאָפ XVIII יאָרהונדערט אינ פראנקרײַכ, סײַ אינ דער עפּאָכע פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע אינ רוסלאנד? די אלטע אָרדענונג האָט געהאט אפ איר זײַט, בא זיכ אפ דינסט א סאכ הויכגעבילדעטע מענטשנ, וועלכע האָבנ פארטיידיקט די אלטע אָרדענונג, וועלכע זײַנענ געגאנגענ קעגנ דער נײַער אָרדענונג. בילדונג דאָס איז דאָכ א געווער, וואָס זײַנ עפעקט איז אָפּהענגיק דערפונ, ווער עס האלט עס אינ זײַנע הענט, וועמענ מע וויל מיט דעמ דאָזיקנ געווער א קלאפ טאָנ. געוויס, דעמ פראָלעטאריאט, דעמ סאָציאליזמ זײַנענ נייטיק הויכגעבילדעטע מענטשנ. עס איז דאָכ קלאָר, אז ניט קיינ אידיאָטנ קאָנענ מיטהעלפנ דעמ פראָלעטאריאט צו קעמפנ פארנ סאָציאליזמ, בויענ די נײַע געזעלשאפט. די ראָליע פונ דער אינטעליגענצ אונטערשאצ איכ ניט, פארקערט, איר ראָליע באטאָנ איכ. די זאכ באשטייט בלויז דערינ, וועגנ וואָס פאר אנ אינטעליגענצ עס האנדלט זיכ, ווײַל אינטעליגענטנ טרעפנ פארשיידענע.

**אועלס**. עס קאָנ ניט זײַנ קיינ רעוואָליוציע אָנ א ראדיקאלער אומענדערונג אינ דער סיסטעמ פונ פאָלקבילדונג. עס איז גענוג צו ברענגענ צוויי בײַשפּילנ: דעמ בײַשפּיל פונ דער דײַטשישער רעפּובליק, וועלכע האָט ניט אָנגערירט די אלטע בילדונג־סיסטעמ אונ איז דעריבער קיינמאָל ניט געוואָרנ קיינ רעפּובליק, אונ דעמ בײַשפּיל פונ דער ענגלישער לייבאָריסטישער פארטיי, בא וועלכער עס קלעקט ניט קיינ אנטשלאָסנקײַט צו באשטיינ אפ דער ראדיקאלער אומענדערונג פונ דער סיסטעמ פונ פאָלק־אופקלערונג.

**סטאלינ**. דאָס איז א ריכטיקע באמערקונג.

דערלויבט איצט צו ענטפערנ אפ אײַערע דרײַ פונקטנ.

ערשטנס, דער איקער פאר א רעוואָליוציע—דאָס איז דאָס פאראנענזײַנ פונ א סאָציאלער שטיצע. די דאָזיקע שטיצע פאר דער רעוואָליוציע איז דער ארבעטער־קלאס.

צווייטנס, איז נייטיק א באהילפיקע קראפט, דאָס, וואָס עס רופט זיכ בא די קאָמוניסטנ א פארטיי. אהער וועלנ ארײַנ אי די אינטעליגענטע ארבעטער אי יענע עלעמענטנ פונ דער טעכנישער אינטעליגענצ, וועלכע זײַנענ ענג פארבונדנ מיטנ ארבעטער־קלאס. די אינטעליגענצ קאָנ זײַנ שטארק נאָר אויב זי וועט זיכ פארייניקנ מיטנ ארבעטער־קלאס. אויב זי גייט קעגנ דעמ ארבעטער־קלאס, פארוואנדלט זי זיכ אינ א נישט.

דריטנס, איז נייטיק די מאכט, אלס הייבער פאר דער איבערגעשטאל־

טונג. די נײַע מאכט שאפט א נײַע געזעצלעכקײַט, א נײַע אָרדענונג, וואָס איז א רעוואָליוציאָנערע אָרדענונג.

איך בין ניט פאר יעדער אָרדענונג. איך בין פאר אזא אָרדענונג, וואָס אנטשפּרעכט די אינטערעסן פונעם ארבעטער-קלאס. אויב אָבער אייניקע געזעצן פון דער אלטער אָרדענונג קאָנען אויסגענוצט ווערן אין די אינטערעסן פון קאמף פאר דער נײַער אָרדענונג, דארף מען אויסנוצן אויך די אלטע געזעצלעכקײַט. קעגן אײַער טעזיס וועגן דעם, אז מע דארף אָנפאלן אף דער עקזיסטירנדיקער סיסטעם, אף וויפל זי זיכערט ניט די אָרדענונג, וואָס איז נייטיק פארן פאָלק, קאָן איך גאָרניט דערווידערן.

און צולעצט, זײַט איר ניט גערעכט, אויב איר מיינט, אז די קאָמוניסטן זײַנען פארליבט אין געוואלט. זיי וואָלטן זיך מיט פארגעניגן אָפּגעזאָגט פונעם געוואלט-מעטאָד, ווען די הערשנדיקע קלאסן וואָלטן אײַנגעשטימט אָפּצוטרעטן דאָס אָרט דעם ארבעטער-קלאס. אָבער די דערפארונג פון דער געשיכטע רעדט קעגן אזא האשאָרע.

אועלס. אין דער געשיכטע פון ענגלאנד איז פונדעסטוועגן געווען א בײַשפּיל, ווען איין קלאס האָט פרײַוויליק איבערגעגעבן די מאכט אן אנדער קלאס. אינעם פעריאָד צווישן די יאָרן 1830 און 1870 איז פאָרגעקומען, אָן שום פארביטערטן קאמף, א פּראָצעס פון פרײַוויליקן איבערגאנג פון דער מאכט פון דער אריסטאָקראטיע, וואָס איר אײַנפלוס איז נאָך צום סאָף XVIII יאָרהונדערט געווען זייער גרויס, צו דער בורזשואזיע, וועלכע איז געווען א סענטימענטאלע שטיצע פון דער מאָנארכיע. דער דאָזיקער איבערגאנג פון דער מאכט האָט דערנאָך געבראכט צום אײַנשטעלן די הערשאפט פון דער פינאנץ-אָליגארכיע.

סטאלין. אָבער איר זײַט אומבאמערקט אריבער פון די פראגן פון רעוואָליוציע צו פראגן פון רעפאָרמע. דאָס איז ניט איינס און דאָס זעלבע. צי מיינט איר ניט, אז אינעם פראט פון רעפאָרמען אין ענגלאנד אין XIX יאָרהונדערט האָט א גרויסע ראָליע געשפּילט די טשארטיסטישע באוועגונג?

אועלס. די טשארטיסטן האָבן קנאפּ וואָס אופגעטאָן און זײַנען פארשוואונדן אָן שום שפּור.

סטאלין. איך בין מיט אײַך ניט מאסקים. די טשארטיסטן און די שטרײַק-באוועגונג, וועלכע זיי האָבן אָרגאניזירט, האָבן געשפּילט א גרויסע ראָליע, האָבן געצוווּנגען די הערשנדיקע קלאסן צו גיין אף א ריי הא נאָכעס אין געביט פון דער וואל-סיסטעם, אין געביט פון ליקווידירן די אזוי-גערופענע „פוילע שטעטעלעך“, פון פארווירקלעכן אייניקע פונקטן פון דער „כארטיע“. דער טשארטיזם האָט געשפּילט זײַן ניט קליינע היסטאָרישע ראָליע און האָט

באוועגט איינ טייל פונ די הערשנדיקע קלאסנ צו גיינ אפ געוויסע האנאָכעס, אפ רעפאָרמענ, קעדיי אויסצומײַדנ גרויסע אופטרייסלונגענ. ביכלאל דארפ מענ זאָגנ, אז פונ אלע הערשנדיקע קלאסנ האָבנ זיכ די הערשנדיקע קלאסנ פונ ענגלאנד, אי די אריסטאָקראטיע אי די בורזשואזיע, ארויסגעוויזנ פאר די סאמע קלוגע, די סאמע בייגעוודיקע פונעמ שטאנדפונקט פונ זייערע קלאסנ־אינטערעסנ, פונעמ שטאנדפונקט פונ אײַנהיטנ זייער מאכט. לאָמיר נעמענ א בײַשפיל כאָטשבי פונ דער מאָדערנער געשיכטע: דעמ אלגעמיינעמ שטרײַק פונ 1926 יאָר אינ ענגלאנד. יעדע בורזשואזיע וואָלט, אינ אָנגעזיכט פונ די דאָזיקע געשעענישנ, ווענ דער גענעראל־ראט פונ די טרעד־יוניאָנענ האָט גערופנ צומ שטרײַק, פריִער פונ אלצ ארעסטירט די לידערס פונ די טרעד־יוניאָנענ. די ענגלישע בורזשואזיע האָט עס ניט געטאָנ אונ זי האָט געהאנדלט קלוג, פונעמ שטאנדפונקט פונ אירע אינטערעסנ. ניט אינ די פאראייניקטע שטאטנ פונ אמעריקע, ניט אינ דײַטשלאנד, ניט אינ פראנקרײַכ שטעל איכ זיכ ניט פאָר אזא מינ בייגעוודיקע קלאסנ-סטראטעגיע מיצאד דער בורזשואזיע. אינ די אינטערעסנ פונ פארפעסטיקנ איר הערשאפט האָבנ זיכ די הערשנדיקע קלאסנ פונ ענגלאנד קיינמאָל ניט אָפגעזאָגט פונ צו גיינ אפ קליינינקע האנאָכעס, אפ רעפאָרמענ. עס וואָלט אָבער געווענ א פעלער צו מיינענ, אז די דאָזיקע רעפאָרמענ שטעלנ פאָר מיט זיכ א רעוואָליוציע.

אועלס. איר זײַט א העכערע מיינונג וועגנ די הערשנדיקע קלאסנ פונ מײַנ לאנד, איידער איכ. אָבער צי איז ביכלאל גרויס דער אונטערשייד צווישנ א קליינער רעוואָליוציע אונ א גרויסער רעפאָרמע, צי זײַנענ ניט די רעפאָרמענ א קליינע רעוואָליוציע?

סטאלינ. אינ רעזולטאט פונ אנ אָנדראנג פונ אונטנ, פונ אנ אָנדראנג פונ די מאסנ קאָנ די בורזשואזיע צומאָל גיינ אפ די אָדער יענע טיילווײַזע רעפאָרמענ, פארבלײַבנדיק אפ דער באזע פונ דער עקזיסטירנדיקער געזעלשאפט־לעכ־עקאָנאָמישער אָרדענונג. טוענדיק אזוי, האלט זי, אז די דאָזיקע האנאָכעס זײַנענ נייטיק אינ די אינטערעסנ פונ אײַנהיטנ איר קלאסנ־הערשאפט. דערינ באשטייט דער טאָכ פונ די רעפאָרמענ. א רעוואָליוציע אָבער באטײַט דעמ איבערגאנג פונ דער מאכט פונ איינ קלאס צו אנ אנדערנ. דעריבער קאָנ מענ קיינ שומ רעפאָרמע ניט אָנרופנ רעוואָליוציע. אָט פארוואָס עס קומט ניט אויס אויסצורעכענענ דערופ, אז דער פארבײַט פונ די געזעלשאפטלעכע אָרדענונגענ זאָל קאָנענ פאָרקומענ אינ סיידער פונ אנ אומבאמערקבארנ איבערגאנג פונ איינ אָרדענונג צו דער צווייטער דורכ רעפאָרמענ, דורכ האנאָכעס מיצאד דעמ הערשנדיקנ קלאס.

אועלס. איכ בינ אײַכ זייער דאנקבאר פאר דעמ דאָזיקנ שמועס, וועלכער

האָט פאר מיר א קאָלאָסאלע באדײַטונג. געבנדיק מיר אײַערע דערקלערונגען, האָט איר זיך זיכער דערמאָנט וועגן דעם, וויאַזוי אײַך פלעגט אין די אונטערערדישע פּאררעוואָליוציאָנערע קרײַזלעך אויסקומען צו דערקלערן די יעסוידעס פון סאָציאַליזם. איצט זײַנען אין דער גאנצער וועלט פאראן בלויז צוויי פּערזענלעכקײַטן, וואָס צו זייער מיינונג, צו יעדן וואָרט זייערן הערט זיך צו מיליאָנען: איר און רוזוועלט. אנדערע קאָנען פּריידיקן וויפל זיי ווילן, וועט מען זיי ניט דרוקן און ניט הערן. איך קאָן נאָך ניט אָפּשאצן דאָס, וואָס עס איז אופגעטאָן געוואָרן אין אײַער לאנד, אין וועלכן איך בין ערשט נעכטן אָנגעקומען. אָבער איך האָב שוין געזען גליקלעכע פּנעמער פון געזונטע מענטשן, און איך ווייס, אז בא אײַך ווערט געטאָן עטוואָס זייער באדײַטנדיקס. דער קאָנטראסט אין פארגלײַך מיטן יאָר 1920 איז אַן איבערראשנדיקער.

סטאלין. מע וואָלט געקאָנט אופטאָן נאָך מער, ווען מיר, באָלשע־וויקעס, וואָלטן זײַן קליגער.

אועלס. ניין. ווען עס וואָלטן ביכלאל זײַן קליגער די מענטשלעכע וועזנס. עס וואָלט ניט געשאדט אויסצוטראכטן א פינפיאָר אָפּ צו רעקאָנסטרויִרן דעם מענטשלעכן מארך, וועלכן עס פעלן בעפיירעש א סאך טיילן, וואָס זײַנען נייטיק פאר א פולקומער סאָציאַלער אָרדענונג. (געלעכטער.)

סטאלין. קלײַבט איר זיך ניט באזוכן דעם צוזאמענפאָר פונעם פאר־באנד פון די סאָוועטישע שרײַבער?

אועלס. צום באדויערן, האָב איך פארשיידענע פארפליכטונגען, און איך וועל קאָנען פארבלײַבן אין פּססר בלויז א וואָך צײַט. איך בין גע־קומען צו פאָרן, קעדיי זיך צו באגעגענען מיט אײַך, און איך בין טיפ באפרידיקט מיט אונדזער שמועס. אָבער איך קלײַב זיך ריידן מיט יענע סאָוועטישע שרײַבער, מיט וועלכע איך וועל זיך קאָנען באגעגענען, וועגן דער מעגלעכ־קײַט, אז זיי זאָלן ארײַנטרעטן אין דעם פען־קלוב. דאָס איז אן אינטער־נאציאָנאלע שרײַבער־אָרגאניזאציע, אָרגאניזירט פון גאָלסוואָרסי, וואָס נאָך זײַן טויט בין איך געוואָרן דער פּאָרזיצער. די דאָזיקע אָרגאניזאציע איז נאָך א שוואכע, אָבער פונדעסטוועגן האָט זי סעקציעס אין פיל לענדער. און, וואָס עס איז נאָך וויכטיקער, די ארויסטרעטונגען פון אירע מיטגלידער ווערן ברייט באלויכטן אין דער פּרעסע. די דאָזיקע אָרגאניזאציע פאָדערט דאָס רעכט פרײַ אויסצודריקן אלע מיינונגען, אײַנגעשלאָסן די אָפּאָזיציאָנעלע. איך האָב בעדייע א שמועס צו טאָן אָפּ דער דאָזיקער טעמע מיט מאקסים גאָרקין. אָבער, איך ווייס ניט, צי קאָן דאָ געגעבן ווערן אזא ברייטע פרײַהײַט.

ס ט א ל י נ. דאָס רופט זיך בא אונדז, באָלשעוויקעס, „זעלבסטקריטיק“. זי ווערט ברייט אָנגעווענדט אין פּסקר.

אויב איר האָט װעלכע־עס־איז װוּנטשן, וועל איך אײַך גערן מיט־העלפן.

א ו ע ל ס. דאנקט.

ס ט א ל י נ. דאנקט פארן שמועס.

פארשריבן ק. א ו מ א נ ס ק י.

# זאַך־רעגיסטער

# נאָמענ-רעגיסטער

די רעגיסטערס צונויפגעשטעלט אין ייִדיש פון דער
10־טער רוסישער אויפלאגע — מ. איטקאָוויטש.

